*

# ווארשעווער שריפטן

*



1926 / 1927

ארויסגעגעבן דורך דעם ליטעראַטן-קלוב ביים פאַריין
פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין ווארשע

הויפּט־פאַרקויף:

Spółdzielnia Wyd.
„Kultur-Liga"
Warszawa
Leszno 40 m. 11
i
Kooperatywa
„Bicher"
Warszawa
Nalewki 2*a*

קאָאָפּעראַטיוו „ביכער"
וואַרשע, נאַלעווקי 2*a*
און
צענטר. ביכער־לאַגער
„קולטור־ליגע"
וואַרשע, לעשנאָ 40 וו. 11

№ 487

*„Warszewer Szriften", almanach wydany przez Klub Literatów przy Związku Literatów i Dziennikarzy Żydowskich w Warszawie, Tłomackie 13 m. 4.*
*1926 — 1927*

געזעצט: פאַרביאַזש און גרינבערג, נאַוואָליפּיע 30
געדרוקט: דרוקעריי הענדלער, דלוגאַ 26
איינגעבונדן: קאָאָפּעראַטיוו „איינבינדער", מילנע 8
*Druk. Hendlera, Warszawa, Długa 26*

די באַטייליקטע

שלום אש / ברוך אָליצקי / ל. אָליצקי / יצחק באַשעוויס / בעל־דמיון / משה בראָדערזאָן / שלמה גילבערט / דר. א. גליקסמאַן / משה גראָס / שמעון האָראָנטשיק / אברהם העשל / מ. וואַנ־ווילד / עוזר וואַרשאַווסקי / מאַקס ווײַנרײַך אברהם זאַק / שמואל זאַראָמב / י. י. טרונק / יצחק ליכטענשטײַן / קאַדיע מאָלאָדאָווסקי / יואל מאַסטבוים / אברהם מאָרעווסקי / פּרץ מאַרקיש / נחמן מייזיל / מנחם באָריישא / ה. ד. נאָמבערג / י. מ. ניימאַן / ז. סעגאַלאָ־וויטש / משה עקשטיין / אברהם משה פוקס — ווין / ח. ל. פוקס / לעאָ פינקעלשטיין / מנחם פלאַקסער / א. פּטאַשקין / יהושע פערלע / אהרן צייטלין / אלחנן צייטלין / אלטער קאַ־ציזנע / רחל ה. קאָרן / משה קולבאַק / יוסף קירמאַן / לעאָ קעניג / מלך ראַוויטש / בער י. ראָזען / שרה רייזען / ישראל שטערן / דר. יצחק שיפּער *

## דער סדר, צוגלייך זוכצעטל פון די „וואַרשעווער שריפטן" 1927/1926

*

פינצטער. א לאנגע צייט הערט זיך גארנישט און זעט זיך גארנישט. נאר די שווארצע, ענגע אן-ענד ליגט ארום און אויס איבער דעם גרובן, וואס הייסט אין דרויסן שאכט נומער דריי פון טאמקינס-טאן-קוילן-מינעס. פון דער ווייטנס הייבן זיך אן צו הערן אומהיימלעכע שטימען, רופן אין פארשידענע שפראכן, אויסגעשרייען: „גאס" און „העלף" אין פארשידענע לשונות

מען דערזעט פון דערווייטנס אויפ:ויכן ליכטלעך פון קוילנגרעבער אויף די היט. דא פלאמען זיי אויף, דא ווערן זיי ·לאשי ווי פארפירערישע פייערלעך).

## שטימען:

די ליכטער אויסלעשן, די ליכטער אויסלעשן — גאז קומען!

(די ליכטער ווערן אויסגעלאשן. ס'ווערט איינגאנצן פינצטער).

## די שטימען פון דערווייטנס:

האָ-האַ, האָ-האַ, האָ-האַ. ווער איז דאָרט?

## שטימען (ענטפערן):

דאָ דער וועג שאַכט נומער דריי.

(מען הערט, ווי טריט נענטערן זיך. אנגעקומענע קערבערס פילן-אויס א חלל).

## א שטים:

נאָך מיר, נאָך מיר! האלט אייך פעסט ביי די הענט — דאָ אי אן עפענונג.

## אַ שוואַכע שטים:

איך ווער דערשטיקט, איך ווער דערשטיקט. האָט ווער וואַסער?

(קיינער ענטפערט נישט)

## אַן אַנדערע שוואַכע שטים:

טרעט נישט אויף קיין מענטש.

## אַן אָפּענטפערנדע שטים:

ווער זעט דיך, פאַרשאָלטענער?

אַ וואָרנענדיקע שטים (אין גריכיש):

שלאָגט אייך נישט. געדענקט אין גאָט! אין אַזאַ צייט...

אַן אנדערע אָפּענטפערנדע שטים (אין רוסיש):

ווער פאַרשטייט דיין פאַרשאָלטענע שפּראַך?

(פויזע. טונקל. שווייגן).

נייע שטימען פון דערווייטנס:

מענטשן, מענטשן, מענטשן! איז ווער דאָרט? מענטשן!

אָפּענטפערנדע קולות:

מיר זענען דאָ, דאָ! שאַכט נומער דריי!

(אַן איינציק אָנגעצונדן ליכטל באַוויזט זיך װידער)

פיל שטימען (אין פאַרשידענע שפּראַכן. מישמאַש):

העי, דאָס ליכט אויסלעשן, גאַז קומען!

(דאָס ליכט ווערט באַלד אויסגעלאָשן).

אַ שרייענדיקע שטים:

שאַכט נומער פיר צוזאַמענגעשיט!

אנדערע שטימען (אָפּענטפערנדע, נאָך אים קומענדיק):

שאַכט נומער פיר צוזאַמענגעשיט, חברים.

נאָך אַנדערע:

מיר זענען פאַרשיט... פאַרשאָטענע...

נאָך אַנדערע:

פשוט פאַרשאָטענע... איר פאַרשטייט, פאַרשאָטענע...

אַ שטים (מאַכט אים נאָך):

יאָ, פשוט פאַרשאָטענע. וואָס האָסטו געוואָלט, אַז מיר זאָלן זיין געזאָלצענע?

איינער:

איך טרעט אויף אַ מענטשן, אויף אַ מענטשן טרעט איך.

(הפסקה. זעט-אויס, אַראָפּגעבויגן זיך אין אויפגעפינען ווער דער מענטש איז. שרייט אויס):

דער אַלטער סעווערין... האָט ווער וואַסער? ער פאַלט פון די הענט!

א צווייטע שטים:

ניין, עס איז נאַר דער פאַרשאָלטענער יאַפאַנטשיק. דו דערקענסט אים נישט? דער יאַפאָנטשיק איז עס. אַ שאָד אַ גוטן שלוק וואַסער!

אַ שטים:

אַ מענטש! סיי ווי סיי... וואָס איז אונז דער חלוק? אונז...
(פּ... אַן ערנסטער בּאַסאָווער שטים) און איך זאָג: שאַנעוועט, חברים, וואסער!

א צווייטער:

ער איז שוין איינמאָל גערעכט.

די פריערדיקע שטים (רופט):

גיט, חברים, אַ שלוק וואַסער אַלע מענטשן צו ראַטעווען ער פאַלט פון די הענט!

שטימען (מיט אַ מאָל).

נישטאָ קיין נאַראָנים.

דער גריך

(שרייט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, קריכנדיק זיך מיט אַלעמען).

אַנדערע:

שטיל זיך איין! עס ווערט דאָך אַ ריכטיקער גיהנום.

זייצעווס שטים:

ער זאָגט: יאַפאָנטשיק, און איך זאָג: דער אַלטער סעווערין. אָט טאַפּ איך דאָך זיין באָרד אָן. זיין האַרץ קלאַפּט נאָך. וואַסער! דערלאַנגט חברים, די פלאַש; ראַטעוועט אַ קריסטלעכע נשמה!
(קיינער רופט זיך נישט אָן).

זייצעווס שטים:

דער אַלטער גליטשט זיך פון די הענט. ווער האָט אַ פלאַש?
(מען הערט ווי ער שלאָגט זיך מיט ווערטער).

אַ צווייטער:

וואָס מיינסטו, איך ווייס נישט, וואָס וואַסער הייסט אין אַזאַ צייט וואָס האָסטו זיך אָנגעטשעפעט אָן מיר דווקא?

א צווייטע:

וואָס רייסטו, וואָס רייסטו? אַ, מענטשן, ער בייסט מיר אָ פינ־גער אָפּ.

שטימען:

מערדער, וואָס איר זענט!

(געשלעג, געהפּלפן).

אַ שטים:

— הינט! איך שווער, עס איז דער פאַרשאָלטענער רומענער. איך דערקען אים ביי די קודלעס האָר.

אנדערע:

אָ, אָ, אָ.

ייצעווס שטים:

חברים! חברים! חברים!

(אין רעש הערט קיינער ניט).

זייצעווס שטים:

מיט די שטיוול וועל איך האַקן איבער די קעפּ. איר וועט זיך איינשטילן, צי ניין? וואָס פאַר אַ טייוול איז אַריין אין אייך? מיר וועלן דאָך אַלע אַזוי אַרום אונטערגיין, איידער די ערשטע הילף וועט קומען. חברים! חברים! שטילט זיך איין. געדענקט, איר זענט מענטשן.

(קיינער הערט אים נישט).

זייצעווס שטים (העכער):

איר הינטישע זין, איר וועט זיך איינשטילן, צי ניין?

(מ'הערט ווי ער קאָפּעט מיט די פיס און שלאָגט אויף רעכטס און לינקס מיט פיס און הענט)

אין די פינצטער וועל איך אייך די בייכער איינקאָפּיען. ווייניק, וואָס מיר אַלע געפינען זיך אין אַ לאָך—ווילט איר אַ גיהנום מאַכן דערויס? מיר מוזן זיך דאָך ראַטעווען.

(דער עולם שטילט זיך נישט איין).

זייצעווס שטים (הויך):

הילף קומט! הילף קומט! הילף קומט!

שטימען (מיט א מאל):

וו? ווו?

זייצעוו:

זעט, ווי זיי האָבן זיך אָנגערופן. שטילט זיך איין, וועל איך אייך זאָגן.

(דער עולם שטילט זיך איין. זייצעוו רופט אין אן ערנסטן טאָן)

חברים, באַדענקט אייך. ווי די מייז האָט מען אונז אַריינגעכאַפּט אין איין גרוב. מיר מוזן זיך זען אַרויסצוראַטעווען. דאָס איז איצט די ערשטע זאַך.

שטימען:

ער איז דאָך גערעכט.

זייצעוו:

און איר וואָס טוט? איר רייסט זיך ביי די קעפּ, ווי הונגעריקע מייז, ווי פאַרשאָלטענע הינט, וואָס מען האָט צוזאַמענגעטריבן. אָדער מיר וועלן זיך אַלע ראַטעווען, אָדער מיר וועלן אַלע אונטערגיין.

שטימען:

ער איז דאָך גערעכט, הערט זיך איין.

זייצעוו:

מיר מוזן אויסהאַלטן ביז הילף וועט קומען. זיי זוכן, דאַכט זיך, אויבן. זיי ווייסן אונז נישט ווו צו געפינען. מיר מוזן צו וויסן געבן פון אונז. און איר וואָס טוט? רייסט זיך, ווי די משוגענע הינט! וועלן מיר זיך אַזוי-ארום העלפן?

שטימען:

ער איז גערעכט! רעד, זייצעוו. וואָס זאָלן מיר טון?

זייצעוו:

אַלע פאַר איינעם, איינער פאַר אַלע — ביז הילף וועט קומען. גוט?

שטימען:

גוט

א שטים:

און איך זאָג, חברים, שאַנעוועט וואַסער!

שטימען (מאַכן אים שטיל):

שווייג, דו פאַרשאָלטענער הונט!

זייצעוו (נאָכמאַל):

אַלע פאַר איינעם — איינער פאַר אַלע! נאָר אַזוי אַרום וועלן מיר זיך קאָנען אַרויסקריגן, אַנדערש וועלן מיר צעפּוילט ווערן לעבע-דיקערהייט.

א שטים:

אַן עלטסטן באַדאַרף מען מאַכן.

שטימען (נאָך אים):

אַן עלטסטן! אַן עלטסטן!

נאָך אַ שטים:

זייצעוו — אַן עלטסטער!

שטימען (כאַפּן אונטער).

זייצעוו! זייצעוו

זייצעוו:

ווילט איר מיך פאַר אַן עלטסטן — איז נאָר: אַלע פאַר איינעם, איינער פאַר אַלע! ווילט איר אַזוי?

שטימען:

יאָ, מיר ווילן!

זייצעוו:

שווערט, ביי לעבן און טויט, אַז: אַלע פאַר איינעם, איינער פאַר אַלע!

שטימען:

מיר שווערן ביי לעבן און טויט: אַלע פאַר איינעם, איינער פאַר אַלע!

זייצעוו:

ס׳גאַנצע וואַסער אין איין האַנט: חברים, גיט אָפּ דאָס וואַסער! ס׳גאַנצע וואַסער אונטער איין האַנט!

שטימען:

ס׳גאַנצע וואַסער אונטער איין האַנט!

זייצעוו:

מיר מוזן אויסהאַלטן ביז הילף וועט קומען. דערלאַנגט, חברים, דאָס וואַסער. דאָס וואַסער איז פאַר אַלע. יעדן איינעם נאָר אַ שלוק — דאָס לעבן צו דערהאַלטן. מיר ווייסן נישט, ווי לאַנג מיר וועלן דאָ מוזן זיצן. דעריום, חברים: ס׳גאַנצע וואַסער אונטער איין האַנט. — בין איך גערעכט, צי נישט?

שטימען:

גערעכט, זייצעוו, גערעכט.

(עס דערלאַנגען זיך פלעשער).

דאָ מייַן פלאַש! דא מיינע! דאָ — מיינע!

זייצעוו:

חברים, אַצינד הערט מיך אויס: דאָרט אין דרויסן זוכן זיי אונז צו ראַטעווען. זיי זוכן אונז אין די שאַכטן. די שאַכטן זענען פאַרשאָטן, און זיי ווייסן נישט, ווו מיר זענען. מיר מוזן זיי העלפן. מיר מוזן צו וויסן געבן, ווו מיר געפינען זיך. איך רוף־אַרויס פרייוויליקע! ווער וויל זיך לאָזן אין דער פינצטער, רעכטס, צו שאַכט 5? ווער וויל זיך לאָזן אויף אַלע פיר, קריכן, טאַפּן דעם וועג צו שאַכט נומער 5?

זייצעוו:

וואָס? קיינער רופט זיך נישט אָן? אַ, איר פאַרשאָלטענע הינט! פאַרסמטע מייז, אין כאַפּ־קעסטל אַריינגעפאַקט!

**אַ שוואַכע שטים** (פון דערווייטנס):

איך, איך —

ז ײ צ ע װ :

װער איז עס? רעדט הױך!

ד י ש װ אַ כ ע ש ט י ם :

איך, זאַסלושאַ.

ז ײ צ ע װ :

זאַסלושאַ! יאָ?

ז אַ ס ל ו ש אַ :

יאָ, זײצעװ.

ז ײ צ ע װ :

קענסט דעם װעג?

ז אַ ס ל ו ש אַ :

װי אַ בלינדער מױל קריך איך דאָרט. צען מאָל אַ טאָג, צװאַנציק מאָל אַ טאָג. װער װײסט װי לאַנג? װער קאָן צײלן די יאָרן? קען גישט נעדענקען... שיק, פעטערל, — שױן דערטאַפּן דעם װעג! װאָס די אױגן זעלן נישט דערזען — װעט שױן די נאָז דערשמעקן.

ז ײ צ ע װ :

גוט, זאַסלושאַ! גוט, זאַסלושאַ! זעט, חברים, קײנער זיך נישט אָנגעװפן, נאָר זאַסלושאַ. דאָ האָסטו אַ פלאַש װאַסער, אַ לאַבל ברױט און גײ, ברודער זאַסלושאַ, אין גאָטס נאָמען גײ, און ברענג הילף פאַר אונז, פאַרשאָטענע.

אַ נ ד ע ר ע ש ט י מ ע ן (רופן זיך שױן אָן):

איך אױך, איך אױך.

ד ע ר ג ר י ך :

איך קען װעג גוט... טרײב דאָרט מױלן...

כ י נ ע ז ע ר :

כי, כי, כי — מױלן, שאַכט זיבן. שיק מיך!

**זייצעוו:**

גוט, כינטשיק, גוט, גוט! נעם א פלעשל וואסער! און דו פּאַר-שאַלטענער, האָסט געזאָגט: אַ שאָד אַ שלוק וואַסער פאַר אַ כינעזישער נשמה, שפּמסטו זיך נישט, דו הינטישער זון? און גראָד דער כינטשיק וועט אונז ראַטעווען! גיי, ברודער כינטשיק, אין גאַס נאָמען! דו האָסט אַ לאַבל ברויט, אַ פלאַש וואַסער — און ברענג אונז הילף, אונז, פון גאָט פאַרשאָלטענע.

(דער כינטשיק קריכט צפּ).

**שטימען** (הערן זיך שוין פון אומעטום):

— פעטערל זייצעוו, שיק מיך!

— פעטערל זייצעוו, איך ווייס דעם וועג רעכטס!

— איך ווייס דעם וועג לינקס — בין דאָרט יעדן טאָג!

**אנדערע:**

זייצעוו! זייצעוו!

**זייצעוו:**

גיב נאָר אַ קוק, ווי זיי האָבן זיך צעלאָזט. האַלט-איין דעם צפּע-יט. — מען וועט אייך נאָך באַדאַרפן! די צרות, ברידערלעך. הייבן זיך ערשט אָן. און איצט, חברים, — אַלע מיטאַמאָל! לאָמיר זיי באַגלייטן מיט אַ געזאַנג! דערזען קענען זיי אונז נישט פון דרויסן, וועלן זיי אפשר דערהערן.

**אלע**

(לאָזן ברויט מיטאַמאָל אַ ווילד קוילאַ־יבן־ליד):

ראַרק! ראַרק! ראַרק!
די קויל איז שוואַרץ און האַרט...
ראַרק! ראַרק! ראַרק!

שמריה-משה דער דאָרפסגייער, אָנגעקליידט מיטן געל-פלאַמיקן טלית, וואָס דערלאַנגט ביי אים העכער די קני, באַקרוינט מיט די תפילין וואָס זענען שוין פון לאַנגן נוצן אָפּגעריבן-געל ביי די ברעגן ווי די פעל פון אַ פויק, שטייט ביים פענסטער און דאַוונט. דאָס פענסטער ווייזט דער שטוב דאָס שיטערקייט פון דעם סאָד פון פאַר-פרילינג הינטער אַ גאַזע פון אַ ראָזלעך שטיקל שחרית-הימל. די אויסגעקראָכענע ביימער-קעפּ זענען יום-טובדיק דורכגערויטלט קעגן דער אויפגייענדיקער זון, ווי דורך זייערע, נאָכן לאַנגן ווינטער פון פראָסט און הונגער, דורכזעעוו-דיקע לייבער וואָלט זיך באַשיינפּערלעך געזעען דאָס דורכגיסן פון אַ רויען אויפלעבנדיקן וויין-זאַפט. שמריה-משה באַטראַכט עס מיט די קיי-לעכיק-גרויסע אַרויסגעזעצטע אויגן אין רויטע רעמלעך פון איבערגע-קעטע וויעס, און אַ מחיהדיקער באַלזאַם גייט אים איבער דער ברוסט. ער איז זיך משער דאָס הייניטיאָריקע געוועטעניש אויף פּרות. כדי בעסער צו זעען, דריקט ער צו דאָס אַזוי אויך פלאַטשיקע פּנים צו דער שויב, ווי אַ פלעצל, און קוקט מיט ליבע צו „זיינע“ ביימער. זיין קליין מאָכיק בערדל, באַמעלט מיט ווייסן שטויב פון עלטער, קלייפּט צו דעם הויך פון זיין אָטעם אויף דער קילער פרימאָרגן-שויב. ער טוט זיך נאָך שטאַרקער אַ דריק צו דער שויב, אַז דער של-ראש זעצט זי שיר נישט אַרויס. כאַפּט ער זיך, שמריה-משה, אַז שוין צייט אָפּלעגן די תפילין. ער ציט אַראָפּ דעם של-ראש, און איידער ער וויקלט אים אַרום מיט די רציעות, טוט עס אים נאָכאַמאָל אַ צי צום פענסטער. אין שאָטן פון די שוואַרץ-גרויע ביימער-סקעלעטן פירט דאָרט הערשקע דאָס קעל-בעלע, אַ געלע מיט ווייסע לאַטקעס, אַראָפּצו צו דער טייך-לאָנקע, און ווערט נעלם הינטער דעם צווייליגג דיקשטאַמיקע דעמבעס-ביימער.

...אַ תכלית! — טראַכט שמריה-משה מיט רוגז: פּאַשען אַ קעלבל... אַ מיין וואָלט מען עס פאַרקויפט... אַזוי דאַרף מען דאָך דאָס ביסל מילך ביי דער קו אויסנאַרן... נאַר גיי!... אַז איך בין שוין היינט נישט קיין באַלעבאָס... אויס פּאַרדינער געוואָרן...

די לעצטע מחשבה פירט אים צוריק צום סאָד. דאָ איז ער באַ-לעבאָס. ער האָט דאָך דאָרט מער געבענטשט, ווי זי אין שטוב געטאָגט. און זיין בליק זייעט זיך מיט טאַטעשער ליבע דורך די ביימערשטאַמען איבער דעם לייכטן פרישן גרעזל, וואָס שלאָגט זיך שוין דורך אַ וועג

צווישן דעם פאַראַיאָריקן בלעטער-אָפּפאַל. דורך די נידעריקע קוסטיס ביים ראַנד זעט זיך, ווי דורך אַ רעשעטע, דער שמאָלער שיטיי וואָס הייבט זיך אַרויס ווי אַ רוקן. ער הייבט זיך שוין אָן אַ־ומזוימען ביי די ברעגן מיט צוויי שמאָלע גראָ־ווערנדיקע סטעזשקעלעך. שמריה־משה זיפצט שווער אָפּ, דרייט זיך אַוועק צום טיש און נעמט אויפגערעגט פאַרווישן די רציעות וואָס זענען שוין ערטער־ווייז פון עלטקייט שמאָל און אויך געדינט געוואָרן.

— גאָט וועסט! גאָט וועסט! — מורמלט ער באַזאָרגט און דער־טראַכט ווייטער:

...און וואָס וועט זיין, אַז מיטן פרי־יאָר, מיטן טרוקעניש אויף די וועגן, וועלן זיך ווידער אָנהייבן לאָזן די אָבאָזן... אָבאָזן און אָבאָזן אַ גאַנצן זומער... און דאָ הינטערן באַבלעטערטן סאָד, ווי הינטער אַ טוי־בע וואַנט, וועלן זיי זיך ווידער אָפּשטעלן אי־בערנעכטיקן, אינדערפרי — דער סאָד איז אַרומגעפּליקט ווי פון אַ הייִשעריק!...

אַ סקריפּ פון דער טיר הייבט אויף שמריה־משהן דעם קאָפּ. אַ יונגע, מילך־ און בלוטיקע גויע מיט אַ שראָלכן אויף דער האַנט פּילט אויס דעם חלל פון דער טיר. שמריה־משה, וואָס האָט שוין אַזוי לאַנג דאָס דאַרף נישט אָנגעקוקט, און קיין גויע פאַר די אויגן נישט געזען, ווערט איבערראַשט פון אַזאַ נישט געוויינטלעכן גאַסט אין שטוב. לויט איר פולער כאַזוכע איז ער זיך משער, אַז די גויע האָט דאָרט אַ האַלב שאָק אייער פאַרשטעקט. ער דערפרייט זיך: נישקשה, ער וועט איר ווייזן, ער קאָן נאָך היינט אויך אַ גראָשן פאַרדינען! און ער מאַכט שוין מיטן געדאַנק אַ שפּאַציר איבער די שטעטלדיקע הייזער: צו וועמען אַ שטייגער קאָן מען היינט אַריינטראָגן אייער אויף פסח?...

אָבער די גויע שלאָגט אים אַרויס די מחשבות פון קאָפּ:

— צי דאָ וווינט הערשקע דער דאַרפסגייער?

— און וואָס האָסטו מאַלאָדיצאַ, צו פאַרקויפן? — פרעגט ער צוריק.

— און ווער ביסטו, אַלטער? — ענטפערט זי אויך נישט, און שטעכט אים מיט אַ שאַרפן שפּיציקן בליק, ווי דער סאַרביסענער שפּיץ פון איר נעזל.

— הערשקעס טאַטע.

— עהע! — כאַפּט זיך די גויע, ווי אַט־דאָס האָט זי טאַקע געמיינט — ביסטו דאָך טאַקע דער זיידע...

שמריה־משה פאַרשטייט נישט, און זיין פּלאַטשיק פּנים מיט די גרויסע, אַרויסגעזעצטע, רויטבאַברעמטע אויגן באַק־מט דאָס אויסזען פון אַ סאָווע, וואָס מ'האָט אומגעריכט אַרויסגעטראָגן קעגן דער שיין פון דער זון.

— וואָס פאַרדרייסטו אַ קאָפּ?!.. — צעבייזערט ער זיך.

די גויע, ווי בישט איר מיינט מען, רוקט זיך פונדעסטוועגן אַריין נענטער. קעגן פענסטער פאַלט די שיין פון דער זון אויפן שראָלכגס פנימל. עס פאַרזשמורעט די אייגלעך, דרייט דאָס קעפל אַהין און אַהער און צעקוויטשעט זיך פּלוצים ווי אַ חזירל. די גויע זעצט זיך אַנידער נישט פרעגנדיק, אויפן בענקל נעבן טיר, שפּיליעט־אָפּ די גלעזערנע הייסע קנעפּלעך אויפן שוואַרצן שפּענצער, קערט ארויס אַן אָנגעגאָסענע ברוסט, ווי אַ ווייס־געלבלעכע דיניע, און שטופּט דעם קינד אַ ברוין־בלויע פּופּקע, ווי אַ דאַרע פייג, אַז דאָס זויגן הערט זיך איבערן גאַנצן חדר.

שמריה־משה דערדאַוונט בינו־לבינו אויף גיך, כדי ער זאָל קענען רעדן מיט דער גויע קלאָרע דיבור־ים, דערגרייכט צו „עלינו" און שפּייט אויס.

— אַז אַ קינד זויגט איז נישטאָ וואָס צו שפּייען, וואַרפט צו די גויע בייז, און וואַרט פונדעסטוועגן ביז דער ייד וועט פאַרענדיקן די תפילה.

איינגעפּאַקט דעם טלית און תפילין אין טלית־זאַק, פאַרשפּיליעט דעם פּ לטאָ ביז ארויף צום רויטן האַלדזטיכל, בלייבט שמריה־משה שטיין ווי אַ פלאָקן, און זאָגט:

— נו, אַצינדער רעד צו דער זאַך.

— זעסטו, זיידעלע, — הייבט אָן די גויע, זיך באַלעקנדיק די ליפּן צום רעדן: אַ שלעכטע זאַך איז געשעען מיט דיין זון... מיט הערשקען הייסט עס... ער האָט מיר פאַרפירט, זיידעשע, אָפּגענאַרט.. איבערגענעכטיקט ביי מיר... פאַרקראָכן אויף מיין געלעגער... אַ יונג ווייבל, דער מאַן אין אַמעריקע... האָב איך אים צוליב געטאָן דיין זון.. הערשקען... אַ קינד געבוירן געוואָרן, ווי דו זעסט... און ער, דער טאַ-

טע — דאָס דאַרף קוקט אים מער נישט אָן... פאַרגעסן גאָר אָן מיר..
אָס־וואָס! נישט רעכט אַזוי, זיידעשע, פון דיין זון... אמת?...
שמריה־משה מיניעט זיך אויפן פּנים, און ס׳הייבן אים אָן בריען די רויטע וויעס, ווי מע וואָלט זיי באַזאַלצן. זיי ווערן פייכט, פינטלעך, און ער שטאַמלט:
— דאָס קאָן נישט זיין! וואָס רעדסטו?!
די גויע טוט זיך אַ שטעל־אויף, די ברוסט רייסט זיך ווי אַ האַרטע גומע פון דעם שראַלכנס פיסקל, עס צעקוויטשעט זיך בייז, און זי צלמט זיך איבער דעמס קעפּעלע:
— בימע פּראַוודאַ!... דיין זון איז מיט מיר געשלאָפן... ווי די האָסט זיך נאָר וואָס געמאָליעט... דאָס קינד איז זיינס... דיינס אַן איי־ניקל, זיידעשע... ווי דו בינסט געשטאַנען נאָר וואָס פאַרן פּנים פון גאָט... בימע!...
אין אַלקער טוט זיך פּלוצים אַ צעיאָמער אַ קינד. דער אַלטער טוט אַ גיי צו דער אַלקער־טיר. אָבער עס שטויסט זיך שוין אָן אים אָן די שניר מיטן קינד אויף איין האַנד און מיטן שעפּעלע מילך אין דער צווייטער. דאָס שעפּעלע טוט אַ פליוך אַרויס די שומיקע מילך און פאַלט מיט אַ פליעסק אויף דער נאַס־פאַרווייסטער ערדענער פּאָדלאָגע. דאָס קינד רייסט זיך און זי, די שוואַרץ־גריבע, ביין־און־הויטיקע חנה־רחל, באַקוקט איצט דאָס אויסזען פון אַ לאַנג, דין אָנגעצינדן קינדל, וואָס פלאַקערט רויט און שוואַרץ פון דעם אייגענעם כעס. זי לויפט אָן אויף דער גויע מיט פאַרריסענע דראָטיקע ברעמען איבער אָנגעצונדענע אויגן, און מיט אַרויסגעקערטע ברוינע־בלויע ליפן איבער פאַרקריצטע ציין:
— וויז, וויז דיין בענקאַרט!
יענערס פּנים ווערט ווי אַן אויסגעשייערטע קופּערנע פּאַן. אירע ליפּנווינקלען שוימען־אויף. און מיט שוידערנדיקע, צאַרנדיקע הענט דעקט זי ברייט פונאַנדער דעם שראַלכנס פּנימל.
חנה־רחל דרייט זיך דערווייל אויס צום שווער מיט אַ פאַרוויטאָקט פּנים און באַצערטע הענט:
— וואָס שווייגט איר? שווער! זי מאַכט דאָך אַ בלבול אויף אונז!
שמריה־משה דערגענטערט זיך. די ווייבער בייגן איבער די קעפּ איבער די קינדער, און לויפן מיט עסנדיקע אויגן פון איינעם צום אַנדערן.

שמריה־משה זעט אַ קליין שראַלכן מיט אַ פּאַרריסן־שפּיציק נעזל, ווי ביי דער מאַמען, מיט אַ טעמפּן חזירישן בליק, אָבער דאָס קעפּל איז דעם באַדעקט מיט אַ געדיכט שלייערל פון זיידענע שוואַרצע הערעלעך, וואָס הייבן זיך שוין אָן צו קרייזלען — זיינע, הערשקעס האָר! פּונקט אַזעלכע הערעלעך ווי ביים איינִיקל, ביי בערעלע

— אוי! איך חלש! — שרייט חנה־רחל אויס, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ, און דאָס קינד גליטשט זיך איר שיר פון די הענט נישט אַרויס.

די גויע פאַרכאַפּט עט מיט אַ האַנט:

— עהע!

אָבער חנה־רחל שטאַרקט זיך איבער, טוט זי אַ ריס דאָס קינד צוריק פון איר האַנט, און צעשרייט זיך הייזעריק, ווי אין גאָרגל וואָלט זיך איר עפּעס איבערגעריסן:

— אַרויס! אַרויס פון מיין שטוב, דו קורווע!

— און הערשקע וועט נאָך דיך אַרויסיאָגן, פאַסקודנע פּרצוף דו! — ענטפערט די גויע שנאַהדיק און זיכער: לאָמיר אים נאָר אויפזוכן.

זי גייט געלאַסן אַרויס. חנה־רחל לויפט מיט אַ געיאָמער אין אַל־קער אַריין. שמריה־משה רעדט נישט אַרויס קיין וואָרט, ווערט איינגע־שרימפּן, און גייט צום פענצטער ווו ער איז פריער געשטאַנען. ער זעט ווי די גויע איז שטיין געבליבן, קוקט זיך אַרום אין סאָד, און לאָזט זיך פאַר אַמאָל מיט גיכע שפּרייזן צו דער טייך־לאָנקע. עס געדויערט נישט לאַנג, ווי די גויע שלעפּט שוין דאָס קעלבעלע פאַרן האַלדזשטריקל צו זיך, צו דער שטוב, און הערשקע שלעפּט עס צו זיך, פון דער שטוב. הערשקע בלייבט אַלע ווייַלע שטיין מיט די פיס צוריקגעשפּאַרט ווי מיט פלעקער, אין גייט איר סוף־כל־סוף נאָך. זיי דערנענטערן זיך, און שמריה־משה הערט ווי די גויע סטראַשעט מיט אַ קוויטש.

— צום קאָמענדאַנט וועל איך גיין מיט אַ אָנקלאָג!.. צום קאָ־מענדאַנט!... איך האָב נישט ווו אויף אַ שטיקל ברויט צו פאַרדינען... צוליב דיר, האַרצלאָזער, בין איך איינענק־און־אַליין אין דאָרף איבער־געבליבן... מיט די לייבלעכע נישט מיטגעגאַנגען...

און באַלד ווידער מיט גוטן:

— הערשקע טייערער!... הערשקע לייבלעכער!... הערשקע מיי־

נער!... איך האָב די אויגן אויסגעוויינט... ס'איז דאָך דיין קינדעלע... דיינס... איכל בלייבן ביי דיר, דיין „געזעצלעך" ווייבל באַדינען... די פּאַסקודנע..

זי רוקט זיך אַריין אין שטוב. הינטער איר דריגעט אַריין דאָס קעלבעלע. און הינטער זיי ביידע — הערשקע, האַלטנדיק מיט דער האַנט פעסט פאַרן שטריקל, ווי זי וואָלט געווען צוגעבונדן. צעמישט, מיט צעשראָקענע אויגן, ווי אַ מענטש אויפגעריסן פון שלאָף בעת אַ שריפה, בלייבט ער שטיין אונטערטעניק, ווי פאַרכאַפּט פון איבערראַשונג.

— גוֹ—וֹ—וֹ—אף!!.. — טוט אַ שפּרינג אַרויס פונם אַלקער חנה־רחל, כאַפּט דאָס ליידיקע שעפעלע פון דער פּאָדלאָגע, און טוט אים מיט דעם אַ זעץ איבערן קאָפּ. זיין היטל שפּרינגט אָפּ און באַווייזט זיין קוטשע־אַווע קאָפּ. אויפן שטערן, איבערן רעכטן אויג, קריכט־אָן אַ שוואַרץ־בלויע זשאַבע, ווערט געדיכטער, פולער, שוואַנגערט, און זעצט פאַר אַמאָל אויס מיט אַ בלוט־שפּריץ...

די גויע טוט אַ ליג אַראָפּ דאָס שראָלכן פון די הענט אין אַווינקל אויף דער פּאָדלאָגע, טוט אַ זוך מיט די אויגן, כאַפּט אַ האַנטוך, טונקט אים אין דער קוואָרט וואַסער וואָס שטייט אויפן טיש, און לייגט־צו צו הערשקעס שטערן. דאָס פרייגעלאָזענע קעלבעלע צעבריקעוועט זיך, און בלייבט שטיין מיט גלאַנציקע פאַרחידושטע אויגאַנעס איבערן שראָלכן. חנה־רחל, ווי זי איז צוריקגעפאַלן אַזוי שטייט זי אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אָן דער וואַנט, און וויינט אַריין אויפן קול אין די הענט, וואָס דעקן צו אַ רעאויגן, ווי יום־כּיפּור צו ליכט־בענטשן. דאָס צוויי־יעריקע בערעלע קומט אַריינצוקריכן פון אַלקער, דערזעט דעם טאַטן באַגאָסן מיט בלוט; די גויע וואָס פּאָרעט זיך אַרום אין קאָפּ; די וויינענדיקע מאַמע ביי דער וואַנט; דעם ליים־בלאַסן זיידן ביי דעם פענסטער מיטן רוקן אין שטוב אַריין, — ווערט ער צעמישט, ווייסט נישט צו וועמען זיך צו ווענדן, און שטייט אַזוי אויף אַלע פיר אַ רגע פאַרטראַכט־איבערראַשט. אָבער באַלד, ווי זיין פּנימל פאַרקרימט זיך שוין צו וויינען, ווערט ער צוגעשמידט מיט גרויסע פאַרוואונדערטע אויגן צום שראָלכן. און קריכט צו דעם צו. די קינדער קוקן זיך אָן ווי ברידערלעך. און דאָס קעלבעלע סאָלאָפּעט אויף זיי ביידן. פאַראַמאָל טוט דאָס קעלבעלע אַ שפּרונג אונטער, און אַנטלויפט מיט אַ קינדערשן

מעקען אין צלקער אריין. אין דרויסן, דאכט זיך, האָט דער שאָסיי זיך צעטאַנצט מיט זיינע שטיינער. די קינדער דערשרעקן און צעווייגען זיך ביידע פאַראַמאָל.

— אָבאָזן גייען... — שטאַמלט שמריה־משה, נישט ווייסנדיק וואָס ער מיינט דערמיט צו זאָגן.

הערשקע טוט זיך אַ ריס פון דער גויעס האַנט, און לויפט אַרויס. שמריה־משה זעט אים דורכן פענסטער לויפן אַזוי מיטן הוילן קאַטשעראַוון קאָפּ לענג אויס דער וועגן־קייט פון דעם אָבאָז. אַ צען טריט הינטער אים לויפט נאָך די גויע מיטן שראָלכן. און ביידע ווערן זיי פאַרהוילן פונם בליק, ווי דער האַרמידער פון אָבאָז וואָלט זיי איינגעשלונגען.

שמריה־משה דרייט זיך אויס אין שטוב אַריין. בערעלע ליאַרעמט און רייסט זיך מיט די הענטלעך נאָכן שראָלכן. חנה־רחל שעלט דעם מאַן, די גויע, „דעם ממזר“, און ס'איז נישט צו וויסן צי מיינט זי דעם שראָל, אָדער גאָר בערעלען, וואָס רייסט זיך אַזוי נאָך יענעם. זי ברעכט די הענט און רייסט זיך פאַרן קאָפּ.

— הערשקע איז אַוועק מיטן אָבאָז! —קלאַפּט אָן אָן שויב מיט בייז־פרייד די גויע: נישט איכל האָבן, נישט דו ווענכט האָבן, כאָלערא!...

אַ רגע שטייט איר שנאהדיק, פון בייזפרייד שיינענדיק פנים אין שויב, ווי אַ רויט נקמה־געלעכטער. און ווערט נעלם:

- כאָלערא!..

*

*

פאַרנאַכט שטייט שמריה־משה אויפן שאָסיי אַקייגן זיין שטיבל. ...ן, אום־מנחה־געדאַוונטער, צעבראָכן פון דעם פּאַסירונג און בלאַס פון פּאַסטן דעם גאַנצן טאָג. עס שטייט איצטער, דאָס שטיבל, נאָך פאַר־יתומטער ווי שטענדיק אונטער דעם גרין־מאָכיקן שטרויען־דעכל, און טוליעט זיך צום שיטערן סאָד, ווי אַ הינדל אונטער אַ פליגל פון אַן אויסגעצופּטער קוואָקע, אַז ס'נעמט אַזש אָן אַ רחמנות. די אָפּגעברענטע גאָרנדיקע מויער־מיל דאַלעבן, אויסגעמאָגערט און אויסגעצויגן ווי פון זיבן הונגער יאָר — און זי האָט דאָך געשפּייזט אַ וועלט! — קוקט מיט די פענסטער־לעכער אויפן שטיבל, ווי אַן אויסגעדייוורטע, צפּגע־

סמאַליעטע גאַנז. איר ווייסגעקאַלעכטער קאַנטאָר, דער אַמבאַר און די סטיינעס, וואָס זענען על־פי־נס פאַרבליבן — צאַעפּנט הפקר אין דער וועלט אַריין. לער און וויסט אַרום. אָבער אַריינגיין אין שטוב, ווו די שנור זיצט מיטן אייניקל, ווי אַן עגונה מיט אַ יתומל, איז נאָך שווערער. זאָלן זיי כאָטש קומען: ריווע־לאה מיט בתיהן פונם מצה־וואַרשטאַט און גיטל פון דער אַרבעט ביי דער באַן.

ער גלאָצט מיט די אויגן אַרויף־צו צו דער גרעבליע פון וואַנען זיי דאַרפן אָנקומען. די שיין ון דער זון, וואָס לאָזט זיך שוין אַראָפּ־נידערן, טונקלט אים אין די אויגן. אָבער אַז עס טוט זיך פונדערווייטנס אַ מיניע אין דער ראָזלעכער פאַרנאַכט־לופט עפּעס אַ שאָטן, ווי אַ גרוי־סער פלעק, ווייסט ער שוין זיכער, אַז דאָס גייען זיי. וואָרום ווער פאַר־בלאָנדזשעט היינט פון שטעטל ווער. ער האָט טאַקע נישט קיין טעות אויך. מיט גיכע שפּרייזן, וואָס פילן שוין די נאָנטקייט פון דער היים, נעענטערן זיך ריווע־לאה מיט בתיען מיט גיטלען. די באָבע מיט די אייניק־לעך אין די זייטן. ווי אַ דיקער הויכער פניאַק מיט שפּראָצן יונגע און בויגזאַמע. האָבן זיך באַגעגנט אַפּנים אויפן וועג.

- זע נאָר שמריה־משה, — פאַרווונדערט זיך די אַלטע מיט שרעק: עפּעס זעסטו דאָך אויס ווי נאָך אַ תענית!

שמריה־משה צוקט אונטער די פּלאַכע, שיטערע וואָנסעלעך, און טיילט זיי מיט:

— מ'האָט היינט אינדערפרי געכאַפּט הערשקען אין אָבאָז אַריין.

דער מזומן ווייבער שטייט אַן אויגנבליק „פאַרשאַלעמיעט" און טוט זיך אַ לאָז פ אַ ר אַ מ אָ ל, ווי איבערגעשראָקענע גענז, מיט אַן אויס־געבראָכענעם יאָמער אין שטוב אַריין.

שמריה־משה גייט זיי נאָך, שאָקלט מיטן קאָפּ, און בלייבט שטיין פאַרן אַריינגיין מיט אַ טרויעריקן בליק אויפן שטיבל. אונטער דער סטרעכע טוט אַ שימער די פאַרגלטע שטרוי, און פ אַ ר אַ מ אָ ל טוען זיך די פענסטער אַ צינד אָן פון שקיעה

עס דאַכט זיך אים, שמריה־משהן, דעם דאָרפסגייער, וואָס קען אין די קליינע אותיעלעך, אַז עמעצער האָט אונטער דער סטרעכע אַ בלאַנק געטאָן מיט אַ חלף, און אַ שטראָם בלוט האָט פאַרכוואַליעט די שויבן...

א קרבן-פסח... -- מורמלט ער אָן זינען
דאָס שטיבל יאָמערט.

---

אַן ערב-פסחדיקע שקיעה, וואָס שמעקט מיט יום־טוב און פרילינג האָט אויפגעהאָנגען אַ ראָזלעכע שיין אין אַלקער, וואָס איז פריש אָפּגעווייסט אין גרינעם און באַשאָטן מיט פרישער זאַמד די פּאָדלאָגע לכבוד פסח. דאָס טישל לעם איינציקן פענסטער, צווישן די מיט פריש שטרוי און איבערציעכץ שמעקעדיקע בעטן, איז שוין געדעקט מיט דער פסחדיקער דעק, און פאַרשפּרייט מיט אַ קלאָרן אויסגעלאַטעטן און אויסגעצערוועטן טישטוך מיט רויטע פּאַסן ביי די ברעגן. אַקעגן קליינעם שטייענדיקן שפּיגל אויפן טישל שטייט מיט באַרחיסע פיס גיטל, די יונגערע טאָכטער הערשקעס, אַ זיבעצניעריקע מאָגערע און שלאַנקע ברונעטין, געראָטן מיט איר שוואַרצחנעוודיקייט אין דער מאַמען אַריין. מיט די ברוינע אַנטבלויזטע הענט ביז די אַקסל פאַרשפּיליעט זי דאָס ווייסע סטאַניקל אויף דעם יונגן שטייפן בוזים, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרשליסן אין ענגשאַפט, און דריקט אַזוי בולט אַרויס מיט צוויי בערגלעך, אַז באַלד וועלן, דאַכט זיך, פּלאַצן די נעט. גיטל ציט מיט גוואַלד צו די קנעפּלעך צו די פיטעלקעס, דריקט איין מיט שטיפערישן כעס די בערגלעך, און וואָרנט זיי:

— קריכט נישט, אַז מ'הייסט נישט!

דאַביי לאָזט זי נישט אָפּ די אויגן, ווי פּלעמלעך, פונם שפּיגל, וועלכער קאָן איר אינגאַנצן נישט איינראַמען אין זיך, און זי מוז מחמת דעם, אָט זיך דערווייטערן אָט זיך דערנענטערן צו אים. זי דערזעט אין שפּיגל אירע ברוינע געטאָקט-שטייפע פיס ביז די קני פון אונטער דער ווייסער האַלקע אַרויס, און זי טוט ווילד אַ שפרונג אונטער מיט אַ טענצל:

— אויף אַזעלכע פיסעלעך אַ פּאָר זיידענע שוואַרצע זאָקן אַבי אָנצוטאָן — וואָלט כדאי געווען זיך אין זיי אָנצוקוקן!..

— משוגענע! הער שוין אויף, — שטערט איר אַ פאַרזייערטע שטים.

דאָס איז איר עלטערע שוועסטער בתיה, אַ דיקע, שאַטענע, פיר-אונצוואַנציקיעריקע מויד, וואָס זאָגט צו, אויף דער עלטער צו זיין אַ

לעבעדיק אָפּבּילד פון דער באָבע ריוות-לאה. זי זיצט איינגעקאָרטשעט מיט די קלעצערדיקע פיס אויף דער טאַבורעטע לעבן דער הרובע, וואָס איז אינדערפרי אויסגעהייצט געוואָרן עפּעס אָפּצוקאָכן, און דעם חמץ צו פאַרברענען.

— פוילע קאַץ! — ברוגזט זיך גיטל: ס'געפעלט דיר נישט, קוק נישט. זע נאָר — האָט זיך איינגעניאָרעט אין דער וואַרעמער הרובע אַריין, ווי אַן איינגעדעקטע זויערע דייזשע, און פוילט זיך אפילו דאָס העמד אָנצוטאָן.

פוילע קאַץ! פוילע קאַץ! — שפּעט איר בתיה איבער: ווען די וואָלסט דריי וואָכן נאָכאַנאַנד געקאַטשעט מצות אין וואַרשטאַט, און צע-בראָכן זיך דעם רוקן מיט אַלע ביינער... נאָר וואָס האָב איך מיט דיר צו רעדן!... שפּרינגענדיקע ציג...

זי קריכט שווער אַראָפּ פון דער טאַבורעטע און נעמט פון זיך אראָפּ-ציען דאָס העמד. גיטל באַטראַכט זייטיק איר אויסגעמוטשעטע אויפגע-פּוישטקייט און צעיורענע חייכלייביקייט. די ברוסטן הענגען איר אַראָפּ אַזוי נידעריק און אויסגעליידיקט, ווי גרויע צוזאַמענגעפּאָלטנע פּאַפּירע-נע לייקעס.

— כאַ—כאַ—כאַ! — צעלאַכט זיך גיטל, טענצלט אונטער, כאַפּט דאָס נייע קליידל פון די ווייס-פּאַרוסינענע זעקעלעך, וואָס זי האָט גע-קריגן כּוּנם „שאַץ" אַ מתּנה, ציט עס אַרויף איבערן קאָפּ, און רעדט פון קליידל אַרויס:

— איך האָב דיר אָבער געזאָגט: וואָס טויג דיר די וואַרשטאַטן אַ מיין וואָלסטו געוועז געגאַן מיט מיר צו דער באַן. מיינסט איך נייַ מיר דאָרט אַ סך אָן...

— קו-קו! — טוט זי אַ שטעק אַרויס אַ צעשויבערטן קאָפּ-האָר פֿון קליידל: דער אויפקוקער קוקט זיך אפילו נישט אום. כאַ—כאַ—כאַ, קוקט מער אין די אויגן אַריין ווי אויף די הענט... אַ פּאָדים דורכציען געדויערט אַ יאָר מיט אַ חודש. און אַז דער צוגספּירער קומט אַריין לויפט מען גיך-גיך מיט דער נאָדל, אַריין-אַרויס, אַריין-אַרויס.

— זיען זי, הער צוגספּירער, ווי שנעל איך אַרבּייט!

— חונדערבאַר! ווונדערבאַר! — עפּעס זי איבער דעם צוגספּירער מיט אַ געמאַכט גראָב קול: שאַדע זאָלכע פיינע הענדכען... ניכט וואַר!

— המם... ברומט בתיה, זיך נוזשנדיק פון דער שפּירונג פון פרישן קילן העמד אויפן אויסגעוואַרעמטן לייב: איך בין נישט קיין בריה צו סאָלדאַטן — מיינסט איך ווייס נישט... אין ווערקשטאַט האָט מען זיך געגוג אָנדערציילט פון די טיי־הייזער און קאַפּיינעס... זע, גיטל, דו נעם זיך גישט איבער מיטן קליידל... טאַמער עפּעס — וועט דיר די באָבע דורכטרייבן... זי האָט שוין גערעדט מיט מיר.

גיטל זיצט אַריבערגעבויגן איבער די קני, און פאַרשנורעוועט זיך די שיך. פון עגגשאַפט אַרום בוזים איז איר דאס בלוט אַנגעלאָפן אין פּנים, ווי זי וואָלט זיך אָנגעצונדן פאַר כעס.

— זעסטו, האָב איך טאַקע מורא! זאָגט זי מיט געשטיקטן שפּאָט, גלייכט זיך אויס, אָטעמט־אָפּ, און חזרט איבער מיט ערנסט און עקשנות:

— איך האָב קיין מורא נישט... איך בין שוין נישט קיין קינד... איך האָב אַ „שאַץ״ — איז וואָס? האָב איך מורא?!. וועסט שוין זען — אפילו היינט בייננאַכט וועט ער קומען צו מיר... ער האט מיר געבעטן... ער וויל מיר זען פאַרפּוצט...

— כאַ־כאַ־כאַ! — צעלאַכט זי זיך, מאַכנדיק שלייפלעך פון די שיך־בענדלעך, פאַרטיק! איצט דאַרף איך בלויז איינפלעכטן די רויטע לענטע אין די צעפּ. „אונד איך בין פיקס אונד פערטיק, ליבער שאַץ!״

— וואָס־זשע לאַכסטו שוין ווידער, משוגענע ציג?! — איז די עלטערע שוועסטער שוין גאָר אויפגערעגט.

— וואָס איך לאַך? — בלייבט גיטל שטיין, ווי זי וואָלט ווירקלעך געקומען אין פאַרלעגנהייט, און שיסט באַלד ווידער אויס: כאַ־כאַ־כאַ! דו ווייסט ווי ביי זיי, ביי די דייטשן, הייסט פּסח? אָסטערן הייסט ער! כאַ־כאַ־כאַ! אָסטערן! הערסט אַ נאָמען!

די קיכטיר שפּאַרט זיך אָפּ, אָבער זי איז פעסט פאַרקייטלט.

— קינדער, עפנט אויף! — באַפּעלט די באַבע: ס׳איז שפּעט. דער זיידע קלייבט זיך שוין אין בית־מדרש אַריין.

— גיטעניו, — איז זי מוסיף מיט פאַרדריסלעכן שפּאָט: אַז זי הייבט זיך אָן פּוצן, איז ווייסט זי נישט ווען אויפצוהערן.

— שוין, שוין! שפּרינגט גיטל אונטער און קייטלט אויף.

די באָבע קומט אַריין אין אַ ווייסן שערץ, וואָס זעט אויס אויף איר דיקער פיגור ווי אַ ווייס גאָזשיכל. זי האָט בדעה אָנצופאַלן אויף „דער שנורס צירונג״, ווי זי רופט גיטלען, הלמאי זי איז אַזוי שפּעט אַרויסגעקומען מיטן אָנטאָן זיך. אָבער אין איר בייזן, ערב־יום־טובדיק

פאַרטאַראַראַמטן בליק פאַלט אַריין „דער שוויגערס צירונג", ווי חנה-רחל רופט בתיהן, מיט דער האַלקע און האַלב-פאַרשנוי-עוועטע שיך, — לאָזט זי אויס צו גיטלען מיט גאָר עפּעס אַנדערש:

— זע נאָר, ווי דאָס האָט זיך „אויסגעפּאַצעוועט"! האָט גאָר פאַרגעסן, אַז דער טאַטע ווערט ערגעץ פאַרשוואַרצט אויף די וועגן... אָך און אַז ווײ...

— נאָר זי טשעפּעט זיך, די באָבע, איך ווייס נישט וואָס, — שלאָגט איר גיטל ברוגז איבער, און גייט אַריין אין שטוב.

אינמיטן דער יום-טובדיקער און אויפגעראָמטער מרה-שחורהדיקייט פון די רויט-געווייסטע שטוב-ווענט און געלבלעך באַזאַמדיקטע פאָדלאָגע שטייט, אויך אַזוי יום-טובדיק און מרה-שחורהדיק, דער זיידע, פאַרקנעפּלט די פאַלטאָ ביזן רויטן האַלזטיכל, די שטיוול פריש אויסגעשמירטע, שוין גרייט אַרויסצוגיין. עס שמעקט פון אים מרחק-אויפגעפּוישטקייט, און ס'פאַלט פון אים אַ שיין פון אַ יום-טובדיקן קבלת-פנים. אָבער דווקא איצטער וואַרפט זיך אין די אויגן דאָס סטילעוואַטעקייט פון זיין ווינקלדיקער פלייצע און דאָס מעליקייט פון בערדל. די ווייס זענען רויטער און בייזער.

...און דאָס איז אַלץ געוואָרן פאַר די לעצטע דריי וואָכן, וואָס מ'האָט דעם טאַטן צוגענומען אין אָבאָז אַריין, — פאַרטראַכט זיך גיטל און ווייל די באָבע האָט זיך ערשט געטשעפּעט צון איר, דער פילטזי אַ נטיה צום זיידן, און וויל אים זאָגן אַ נאָענט וואָרט:

— ווער האָט דיר אויסגעפּוצט די פאַלטאָ, זיידע?

— די מאַמע דיינע, ענטפערט ער באַזאָרגט, און גיט צו: אַ בת-טובים... הלואי וואָלט דיין טאַטע אַזוי געווען!...

גיטל פאַרשטייט נישט וואָס דאָס הייסט אַ בת-טובים. עס חידושן איר די לעצטע ווערטער, וואָס זענען אויס צו זיין אַ פאָרוואָרף דעם טאַטן און זי קוקט פאַרשנדיק נאָך דעם זיידן, ווי ער גייט אַרויס אין פאַרנאַכטיקן דרויסן אַריין.

מע דרייט אַרויס דעם לאָמפּ, וואָס זיין שיין-טעצל איז פאַרהילט מיט קאָלירטן פּאַפּראָס-פּאַפּיר און דער הענג-דראָט אַרומגעוויקלט מיט געקרייזלטע פּאַפּראָס-לאָקשן. די ווייבער בענטשן ליכט, עס ווערט יום-טובדיקער, אָבער אויך בולטער די מרה-שחורה. די מאַמע זיצט פאַרצאַגט

איז נישט אויפמערקזאם צום קינד, און דאָס ווייגט אַלע ווייל. בתיה איז מודיע, אַז ס'איז קיל, עס ציט פון טייך, רוקט זיך ווידער אַריין אין דער הרובע, און שווייגט דורך אַ מין מורליקן פון אַ קאָץ. די באָבע גייט אַריין און אַרויס פון סיך מיט רויט-נעצנדיקע אויגן. ס'הערט זיך ווי זי רייבט דאָרט חריין. און ס'איז נישט קלאָר, צי זענען איר די אויגן פאַרלאָפן פונם חריין, אָדער פון עפּעס אַנדערש. ערשט ווען זי זעצט זיך שוין אַנידער אין שטוב, וואַרפט זי אַן אָנצוהערעניש סתם אין דער וועלט אַריין:

— אַזוי פעלט אונז כריין צו היינטיקן סדר...

דאָס שטילקייט פון שטוב שלינגט איין דאָס אָנצוהערעניש, ווי אַ שוואָם מיטנע וואַסער, און ווערט שטרענגער, שווערער.

ביטלס אויפגעלעבטקייט שטיקט זיך אין דער ענגשאַפט פון דער שטימונג אַרום, און זי אַליין ווערט צעשפּרונגען פון דענערווירטקייט וואָס געפינט נישט קיין אויספלוס. זי איז שוין בייצייטנס אין דערוואַרטונג אויפן „שאָך", טאַפּט זיך אַלעמאָל מיט ציטעריקע פינגער ביים רויטן שלייפל אין די האָר, לויפט פון פענסטער צו פענסטער, ווי זי וואָלט געוווען דאָ אין אַ שטייג און אָטעמט פרייער אָפּ, ווען זי דערזעט דעם זיידן צוריק קומען פון דאַווענען.

— גוט יום-טוב! — ווינטשעוועט דער זיידע מיט אַזאַן אומעט אין קול, ווי ער וואָלט געזאָגט אַ גוטע וואָך, און שטעלט אַנידער אויפן טיש אַ גלעזעלע מיט בלאָטיקן חרוסת, ווי דער שוואַרצער זאַלב מיט וועלכן בתיה שמירט זיך דעם קרעץ צווישן די פינגער.

— גוט יום-טוב, גוט יאָר! — ענטפערן אַלע אין כאָר.

וואָס הערט זיך עפּעס אין בית-מדרש? — פרעגט ריווע-לאה.

די אַלטע מיינט, אפשר האָט מען דאָרט אין בית-מדרש גערעדט עפּעס פון זון אירן, פון הערשקען: אפשר איז דאָ עפּעס אַ ידיעה ביי לייטן; אָדער אפשר וועט שוין גאָר גאָט העלפן און די שלעכטע מלחמה וועט אַ סוף נעמען, אָבער דער אַלטער האָט וועגן דעם גאָרנישט צו דערציילן:

— וואָס זאָל זיך הערן? דעם בין-מדרש האָט מען דוקא אויסגעקאַלעכט אויף היינטיקן פסח, אַ רחבות!... יידישע זעלנער האָבן געדאַוונט...

— יאָ, — טוט די אַלטע אַ זיפץ, און שאָקלט מיטן קאָפּ קוינ־דיק אויף אים. דיר האָט אויך דער רבונו־של־עולם אויסגעקאָלעכט אויף היינטיקן פּסח...

— וואָרן, — נעמט שמריה־משה ארום דעם פּסחדיקן טיש מיט אַ טרויעריקן בליק: די וועלט איז געגליכן צון אַ מיל, וואָס לענגער מע שטייט אין איר, אַלץ פאַרמעליקטער ווערט מען. כאָטש געווען קענען אַ זעלנער פאַרבעטן צום סדר...

— פעלן דיר נאָך פרעמדע צרות צום טיש!... — שלאָגט אים איבער ריווע־לאה.

ווידער שווייגן אַלע. מע הייבט אָן פאַראווען דעם סדר. אָנגעשטרענגט, פייערלעך און מרה־שחורהדיק. דער זיידע פרעגט זיך אַליין די פיר קשיות פאַרטייטשט אויף יידיש. דאָ ברעכט די באָבע אויס מיט אַ יאָמער:

— אַך פאַרוואָס איז היינטיקער פּסח ביי אונז פאַרענדערט געוו...

— נו־אַ יומטוב! — ברומט שמריה־משה באַפעלעריש ברוגז, און ענטפערט איר:

— עבדים היינו לפרעה במצרים...

בערעלע וויל נישט איינזיצן, און די מאַמע טראָגט אים אריין אין אַלקער פאַרוויגן. די באָבע זאָגט נאָך דעם זיידן די הגדה, און באַקאָפּעט זי מיט טרערן. בתיה דרימלט. און גיטל פילט, אַז עס טראָגט איר אונטער. זי איז אויפגערייצט אויף אַלעמען און נאָך מער אויף זיך, ווייל זי פילט זיך שולדיק, וואָס אָט וואַלגערט זיך איצט ערגעץ ארום דער טאַטע, ווערט אויסגעריסן, און זי האָט אין זינען אַזעלכע זאַכן... ווי זי וואָלט זיך שוין מחיה געווען, װען זי פטרט אָפּ דעם סדר!

אָבער עס ווייזט אויס, אַז דער סדר איז נישט גאָר איר צו לאַסט. דער זיידע איילט זיך עפעס צו שטאַרק מיט דער הגדה, און די באָבע מיט דער מאַמען דערלאַנגען איינס נאָך ס׳אַנדערע דאָס עסן. און אָט גיסט שוין דער זיידע אָן דעם גרויסן גלעזערנעם בעכער, אליהו־הנביאס כוס, שטייט אויף מיטן אייגענעם בעכער אין האַנט, און ווייזט אָן בתיהן צו עפענען די טיר.

— לאָז גיין גיטל, — גוזשעט זי זיך פויל.

גיטל שפרינגט אויף לייכט און עפנט גאַנץ היפש די טיר. אַלע

דרייען אהין אויס די קעפ, ווו אליהו דארף אריינקומען. און דער אל־
טער טוט א זאג מיט א שטרענג־פייערלעכן נוסח

— שפוך חמתך על כל הגויים...

אין דעם מאמענט טוט זיך אין דער געעפנטער טיר א שטעל
אריין א רויט זעלנעריש פנים. גיטל טוט עס א שטופ אפ מיטן בוזים,
און זאגט, שוין פון דער צווייטער זייט טיר מיט א ציטריק קול:

— בתיה... דו וועסט שוין צומאכן... איך דארף ארויסגיין פאר
דער טיר...

אבער זי נארט קיינעם נישט אפ. אלע זענען איבערראשט. דער
אלטער פארגיסט מיט ציטריקער האנט דעם טישטוך, און שטעלט
אוועק דעם כוס. די ערשטע באקומט דאס לשון ריווע־לאה:

— דאס זענען דיינע גענג!.. — טייט זי מיט א שנאהדיקן פינ־
גער צו דער שנור אין הארץ אריין, און בריט איר מיט די אויגן, ווי
מיט אקריפ: איך האב דיר געווארנט — לאז זי בעסער גיין מיט מיר
צום ווערקשטאט, און נישט צום באן... צו די אלדאטן!.. נא... האסטו!..

חנה־רחל בלייבט זיצן אויסגעלאשן, און זאגט לאחר־יאושדיק:

— שוויגער! דאס איז זי אין איר זון אריין געראטן!.

— וואַ—אַ—אַ—ס? — לעכערט איר די שוויגער דעם אויער מיט
א קוויטש, און שפרינגט אויף ווי א פאס פון ארט: דו האסט נאך די
העזה?, דאס הארץ?! דו שיקסנא איינע!..

— בתיה, — באפעלט שמריה־משה, פארויסזעע דיק: גיי רוף אריין
גיטלען.

חנה־רחל קוקט נאך בתיהן, און אז יענע איז שוין הינטער דער
טיר, ווארפט זי א הרף־עינדיקן שנאה־בליק אויף דער שוויגער, און רעדט
צום טיש:

— איך, בערל שוחטס איינקל, בין נישט קיין שיקסנא, בין איך
נישט... לאז דער שווער זאגן... דאס איז אייער זונערו א שיקסעניק,
שוויגער!.. א ממזר האט ער אונז אריינגעבראכט אין שטוב אריין...

— און דו שווייגסט?! — טוט ריווע לאה א שנייד מיט א קוויטש
ווי מיט א חלף שמריה־משהס גארגל, און אז ער ענטפערט איר בלויז
מיט א זקנישן האלז־כארכל, טוט זי זיך א בייג אריבערן טיש, און
פארט אריין מיט פארבויגענע פינגער, ווי קראלן, דער שנור אין די

האָר אַריין. דער טיש מיט אַלץ מיט אַנאַנדער טוט זיך מיט קליגגעריי פון גלאָזוואַרג און פּלאַצעריי פון געשיר און גּפּעס אַ קער איבער — —

דער אַלטער צוקט מיט אַלע קנייטשן און קאָרטשן פון זיין אַלטן דאַרן פנים, מישט זיך נישט אריין, טוט אַ טיפן קרעכץ, הייבט זיך אויף און גייט אַרויס. אויף דער הויזנטיר קומט אים אָן אַנטקעגן בתיה...

איך זע זיי דאָ נישט, זיידע. ווייטער קויל איך מיר צו גיין.

— איך וועל זי שוין אויפזוכן.

ער דערווייטערט זיך אין סאָד אריין. די ביימער טונקלען ווי אַ נפּץ אין אַ טייך לבנה-שיין. אָבער גיטלען איז אין ערגעץ נישט צו זען. ער הערט זיך איין... שטיל. אפשר סיידן קאָן מען הערן אליהו-הנביאס טריט אין דער לופטן. פונדערווייטן דערטראָגט זיך דייטלעך דער רויש פון דעם וואַסער-פאַל פון טייך ביי די אויפגעהויבענע שליוזן. איינם רויש פון דער וואַסער דאַכט זיך עפּעס צו הערן נאָך אַ קלאַנג אַ האַרטערן. ער לאָזט זיך גיין אַהינצו. פאַר דעם שטאַמענצווייַלינג פון די דעמבעס-ביימער, ווו הערשקע האָט דאָס לעצטע מאָל געפּאַשעט דאָס קעלבעלע, בלייבט ער שטיין. און אויפן לבנה-באַלויכטענעם פּאַן פון דעם שטאַמענצווייַלינג, דערזעט ער אַ מענטשן-צווייַלינג צוגעפּרעסט פּנים-אל-פּנים, ווי צוזאַמענגעוואָקסן. אויפן טאָפּעלן פּראָפיל שפּילט אַ שיטערער וואַל פון צווייגן-שאָטנס.

— גיטל, — זאָגט ער ווייך, ווי מע לייגט-צו אַ האַנט אויף אַ ווונד פון אַ ליבן נפש: גיי שוין אַריין...

— אוי! — טוט גיטל אַ לייכטן איבעררא͏ַשטן קוויטש, און דער מענטשן-צווייַלינג שפּאַלט און צעשיידט זיך אין צוויי ריכטונגען.

שמריה-משה קוקט נאָך אַ ווײַלע גיטלען, וועגט-אָפּ, אריינצוגיין אין שטוב אָדער נישט, און קאָן זיך נישט באַשליסן. ס'איז שווער, אַזוי שווער! ער לאָזט זיך אַראָפּגיין מיטן לאַנקע טאָל, דערנענטערט זיך צו דער טוריע, און בלייבט שטיין ביי איר ברעג צוזאַמען מיט זיין שאָטן, ווי אַן איבערגעקערטער דלת.

דער טייך איז נישט רויק. ער לאָזט פון זיך אַרויס אַזעלכע משונהדיקע געשעפּטשערייען און פּליושקעט אַנגן ברעג. ווי ער וואָלט זיך געוואָרגן מיטן איינגעשלונגענעם הימל און זילבערנעם לבנה-זייל. ער וויגט זיך צוזאַמען מיט זיי, און וויל זיי אַרויסוואַרפן אויפן ברעג, פונווייטן רוישט אַריין אין אויער דער וויסער שוימיקער וואַסערפאַל, און

טראָגט אין זיך דייטלעך אַ געוויין פון יתומים, עגונות און טאַטע-מאַמעס, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע זין.

דער רויש שלעפערט איין.

— שמריה־משה! שמריה-משה! — דערטראָגט זיך ווי פון אונטערן באָדן ריוזע-לאהס קול, אָבער ער קאָן זיך פון אָרט נישט רירן, ווי ער וואָלט געווען פאַרכשופט. טרערן קאַפּען אים אַריבער די רויט-איבערגעקערטע ויעס, און פאַלן אין טייך אַריין.

— זיירע! זיי—דע! — רופט אים, ווי פון הימל אַראָפּ, גיטלס קלינגענדיק קול, אָבער ער קאָן די פיס נישט צופירן.

ס׳איז אַ ליל-שימורים!.. אַ ליל-שימורים!.. פאַלט אים אַ שטיל געמורמל פון כויל אַראָפּ, און ער פאַלט אַנידער אויפן פייכטן ברעג.

* *
*

אסרו-חג, ווען דער סאָד שטייט שוין אָנגעפיקעוועט מיט יונגע קליינע קנאָספּעלעך, אַ טרייסט און כרייד פאַרן אַלטן קראַנקן שמריה-משהן, שטייט ער, שמריה-משה, אַ געעלטערטער און צעבראָכענער, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן, פאַר זיין שטיבל. אויפן שאָסיי אַקעגן שטייט אַ גרויסער געפּאַרבטער דייטשער וואָגן. צוויי דייטשע זעלנער, איינער פון זיי גיטלס „שאַץ", העלפן אַרויסטראָגן און אויפלאָדעווען חנה-רחלס „מעבל". בעטגעוואַנד און כלים.

חנה-רחל קלייבט זיך אַריבער אין אַ גויאישער כאַטקע ערגעץ אין אַ הינטערשטער גאַס אין דער צווייטער זייט שטעטל.

חנה-רחל איז פאַרטרויט. בתיה, מיטן קינד אויף די הענט, שטעלט זיך לעבן זיידן, און הערט וואָס ער זאָגט איר אָן:

— זעסט דאָך, בתיה — מיר וועט שווער זיין זיך שלעפּן אַזש אַהינצו אויפן שטעקן מיט מיין פאַרקילטן פוס — איז ווען וועסטו נאָר צייט האָבן, קום צוגיין מיטן קינד. אַמאָל, ווען איך וועל מיר נאָר פילן אין די כחות, וועל איך מיר פאַרשלעפּן צו אייך אויך.

— בתיה! — קלאַפּט איר די באָבע אָן אין פענסטער, ווען די מאַמע איז פאַרפאָרעט מיטן קאָפּ אין וואָגן: למען-השם, זאָלסט אַלע טאָג ברענגען דאָס קינד אַהערצו.

זי עפנט דאָס פענסטער, און איז מוסיף:

— און נאַ דיר דעם טאַטנס טלית-און-תפילין. זאָלסט אים איבער-הענגען איבער בערעלעס צוקאָפּנס. הערסט?

די פיר רירט זיך און רודערט איף דעם שאָסיי. דאָס קעלבעלע, צו-געבינדן מיט אַ לאַנגן שטריק צום וואָגן, שפאַרט זיך איין נישט צו גיין און לויפט נאָך בעל-כרחו חען דער שטריק ציט אָן.

— ווערט געזונט און זייט געזונט! שווער, — געזעגנט זיך חנה־רחל: צוליב אייך האָב איך גאָרנישט... זייט נישט קיין גאַסט ביי אונז.

— גיי געזונט! — שאָקלט ער איר צוריק מיט אַ ציטעריקן קאָפּ און פינטלדיקע וויעס: היט מיר אָפּ דאָס קינד, חנה־רחל, דעם אייניציקן קדיש מיינעם.

זי כאַפּט דאָס קינד אויף די הענט, און דערווייטערט זיך, אויס-ברעכנדיק מיט אַ געוויין. בתיה גייט איר נאָך פאַמעלעך. נאָך לאַנגזאַ-מער שלעפּט זיך נאָך עזלעכע טריט דער שווער און בלייבט שטיין. פון פענסטער אַרויס קוקט נאָך טרויעריק די אַלטע עלנטע באָבע מיט פייערדיק טרוקענע אויגן. און פון שטאַל אַרויס לאָזט זיך הערן די קו מיט אַ תרעומותדיקן און בענקשאַפטלעכן:

— מו—ו—ו!..

---

נאַרטאָ: נאָך פאַר זונאויפגאַנג. די שייבלעך זענען מאַט באַהויכט מיט טוי נאַכט דער קילקייט אינדרויסן. דער חלל פון דער ברייטער אָבער נידעריקער כאַטקע איז אין איין גרויסער ווייכוואַרעמער אָנגעאָ-טעמטער שאָטנבאַלעס, אין וועלכן עס זייעט זיך דורך אין סאַמע מיטן אַריין וואַסער-שטראַליקע אין פלעקיקע באַגינענשיין. ס'איז דושנע, און דאָס דושנעקייט ווערט בעקיצלט פון מענטשלעכן אָטעם און כראָפּ, ווי פון נענזענע פעדערס. און דעַ וואַרט-אומגעריכט דערהערט זיך פון דרויסן דער קריי פון דעם קליי.עם יידישן פאַסטעכל, ווי פון אַ קראַנקן האָנטשיק:

— חנה-רחל, לאָזט אַרויס דאָס קעלבל!

חנה-רחל הייבט זיך אויף באַהיט און פאַמעלעך, כדי דאָס קינד

נישט אויפצוּוועקן, און כאַפּט אַרויף דאָס הינטערקליידל. אונטער אירע באַהיטעוודיקע, שלעפעריק-וואַרעמע העגט געגעצט הויך און טיף די „גאַנ-צע" דיקע טיר אין הויז אַריין, שאַרף און אָפּגעהאַקט — דאָס טירל אין שטאַל אַריין, און שרייענדיק, כמעט ווי אַ קרעכץ, טוט אַ געגעץ דער גרויסער שטאַל-טויער אינדרויסן אַרויס. דאָז קעלבל אין שטאַל. ווינקל דערהייבט אַ דרימלענדיק קעפל פון צווישן די איינגעקאָרטשעטע פיסלעך, און שפּרינגט פּאַראַמאָל אויף פון געלעגער. ווי אַ שטיפעריש יינגל אין טייך אַריין, אַזוי טוט עס דורכן אָפענעם טויער אַ שפרונג אַריין אין דער טאָג-ליכטיקייט און אָפּגעבאָדן אין שיין, הייבט עס אָן בריקעווען און אַרומטענצלען אַרום פּאַסטוכל.

— גוט מאָרגן, גוט יאָר! — ענטפערט חנה-רחל אויף דער באַ-גריסונג פון דעם יידישן פּאַסטוכל און פאַרבלענדעט פון ליכטיקייט אין דער רעם פונם אָפענעם טויער, באַטראַכט זיך דורך פאַרשפּונענער ברע-מען-נעץ זיין גאַנצן באָרווסן און שמאַטעדיקן עלנט.

— וואָס מאַכט עפּעס דעם שווערס קו? — פרעגט זי אים, מער מיט דער כוונה אָפּצוהאַלטן אים נאָך אַ רגע, און באַטראַכט דערווייל זיין אויסגעצויגן, דורכזעעוודיק, שוואַרץ-אָפּגעברענט פּנימל צווישן צוויי גרויסע גלייכליגנדיקע פּאות, ווי שטיקלעך שוואַרץ געוואַנט, מיט גרויסע חלום-אויגן, דורשטיקע איינצושלינגען וואָס מער רוים און שיין.

— וואָס? — ענטפערט פאַרחמט דער קליינער: זי פּאַשעט זיך.

...אַזוי ווערט פון דעם אָן אַ טאַטן!.. טראַכט חנה-רחל, פאַרמאַכט נגזאַם דעם טויער, און הערט זיך איין צו זיין סקריפּענדיקן קרעכצן, ווי ער וואָלט אויך באַדויערט דאָס פּאַסטוכל, וואָס מיט אַ דאַר שטיקל ברויט פון דער הויזנקעשענע און אַביסל בגנבה אָפּגעמאָלקענע מילך קומט עס נעבעך אָפּ דעם גאַנצן לאַנגן זומערדיקן טאָג.

חנה-רחל זיפצט-אָפּ און לייגט זיך צוריק אין בעט אַריין. אָבער איינשלאָפן קאָן זי שוין נישט מער. ווי אויסגערוט נאָכן שלאָף, לעגט זיך ערשט אויף איר שווערער דער יאָך פון זאָרגן, איבערלעבענישן און האַרצעסעניש. אַלץ מישט זיך איצט ביי איר אויס איניינעם: אי דאָס וואָס דער שווער, אַ קראַנקער ייד נעבעך, איז דאָרט אַליין אויף דער שוויגערס השגחה... און פּרנסה — וואָס?... קוים וואָס זיי „זשיווען" זיך אויס מיטן שטיקל קו!.. אי דאָס וואָס הערשל האָט איר און די קינדער

אַזוי אָפּגענאַרט... און זיך אַליין אַזוי ביטער באַשטראָפט!.. אי דאָס וואָס גיטל ברענגט אַזוי אָפט „מתּנות“, קומט אַלע אָוונט מיטן „שאַץ“, און מען וואַלגערט זיך אַרום ביז שפּעט אינם סעדל., און צולעצט — און דאָס איז טאַקע דאָס ערגסטע — בתּיה!.. וואָרום באמת, פאַר גיטלען איז זיך נישטאָ וואָס צו שרעקן. גיטל איז גענוג קלוג. זי איז נישט קיין קינד, זי זאָל נישט וויסן וואָס מען מעג און וואָט מען טאָר נישט... — מאַמע, פאַרלאָז זיך שוין אויף מיר אַליין!... — מאַמע, איך קאָן מיין שטעטל אַליין באַשטיין!... — אַזוי ענטפערט זי איר אָפּ ווען זי מוסרט איר וועגן דער אויפפירונג. אָבער איר, „דעם סטויפּ“, בתיהן, איר האָט מען נישט געטאָרט אַוועקנעמען פון דער באָבעס פאַרטוך. פון זינט „אַבראַמל“ איז געוואָרן אַהער אַן אַריינגייער, ברענגט איר „מתּנות“ און אַ האַלבע פּרנסה איז פון איר, איז זי גאָר אַן אַנדערע געוואָרן. עפּעס לעבעדיקער און רירעוודיקער גאָר. צינדט זיך גלייך אָן ווי נאָר דער „יידישער גוי“ קומט אַריין, און לאָזט זיך טאָן אַלץ, אַפילו פאַר דער מאַמען אין די אויגן. אַ בייזער טאָן זיך פאַר אים אין די אויגן — ווי קאָן מען דאָס? — אַז ער איז אַ פעלד־זשענדאַר!.. און פאַרשטייט דיר יעדער וואָרט!.. און רעדט יידיש ווי אַ וואַסער, ווי אַ ייד (אפשר איז ער טאַקע אַ ייד?... דער בראָך ווייסט עס!...), כאָטש דאָס פּנים איז אַ גויאישק, און רויט און גלאַנציק, ווי קאָלבאַס... און הינטער זיינע אויגן דערשרעקט זי זיך אויך קנאַפּ וואָס. שפּרינגט אַמאָל אַרויס מיט אַזאַ העזה, אַז אַזעלכעס וואָלט מען זיך אויף איר קיינמאָל נישט געריכט: — מאַמע, איך בין אַזוי ערלעך ווי דיין מאַן! (האָט זיך אַפּנים אונטערגעהערט דעמאָלס צום וויסטן סדר הינטער דער טיר, און ווייסט די גאַנצע שיינע מעשה... אַ בראָך צו די יאָרן!.. אַז דאָס מויל צענעמט זיך גאָרנישט צו רעדן פאַר אַ קינד אַ וואָרט וועגן דעם...) אַנגעמלטן האָט זי דאָך איר גאָר ווי מיט אַן אָקריפּ אָפּגעגאָסן: — מאַמע, — זאָגט זי: דו מיינסט, איך ווייס נישט וואָס דיר קרענקט... דו ביסט מיר מקנא... אַז דער טאַטע איז נישטאָ... — „סטויפּ!“ „ריווע־לאהביו“ — האָט זי דעמאָלס אַ געשריי געטאָן, אַ צעקאָכטע אַרויסגעלאָפן, און פון דער שוועל פאַרענדיקט: אפשר וואָלסטו שוין, ווי די באַבע, אַריינגעקראָכן מיט די נעגל דער מאַמען איי די האָר אַריין!?..

— — זי האָט איר געמוזט אָפּטרעטן!...

חנה־רחל ווערט רויט פאַר בושה, דרייט זיך איבער מיטן פּנים צו דער וואַנט, און טראַכט ווייטער:

... וואָרן איצט ווייסט זי דאָך שוין אַליין, אַז דער „סטויפּ" האָט איר געזאָגט אַן אמת... עס טרעפט זיך „אברײמל" קומט אַרײַן, טרעפט נישט בתיהן אין שטוב, אַוועקגעגאַנגען מיטן קינד צום זיידן, איז פאַר אים רעכט די מאַמע שטאָט דער טאָכטער. און זי, חנה-רחל, בערל שוחטס אייניקל, אַן אשת־איש, אַ מאַמע פון קינדער שוין צו דער חופּה, לאָזט זיך גלעטן, באַזונדער „פּילייכט האָבן זי איינען שמוגעל אונטער די קליידער", און אַנטלויפט נישט אפילו ווען אַ גראָבע האַנט כוט אַ דריק די איינגעשרומפּענע ברוסט. זי מוז זיך מודה זיין פאַר זיך אַליין: זי וואַרט שוין היינט אויף אים גלייך מיט איר, מיט דער טאָכטער, און טרייבט איר אַלץ צפטערער מיטן קינד צום זיידן... — אייער טאָכטער איז בליענד, אָבער טיילמאָל איז מיט אייך פיל אָנגענעמער... זי האָבן יידישן חן, — איז „אברײמל" מיט איר, דער מאַמע, גאַנץ אָפנהערציק. און וואָס ווייטער, ווערט ער אַלץ עזותדיקער — רופט איר „שלאָפן" אין סאָד... וואָס וועט זיין דערפון?.. הינטער אירע אויגן איז ער דאָך אויף־געוויס מיט דער טאָכטער אויך דאָס אייגענע... ער זאָל איר נאָר... גאָט אין הימל!„

— אָ־אָ־אָה! — געגעצט גיטל אַרויס פון געלעגער. דער געגעץ קלינגט מעטאַליש־העל און שפּיפּעריש־פריש אין דער נידריקער סטעליע אַרײַן. חו שאָטן טוליעט זיך דעם גאַנצן טאָג, ווי שטייענדיקער רויך, געשיצט פון דעם שטרויערנעם דאַך־דאַשעק וואָס איז טיף אַראָפּ־גערוקט איבער די פענסטערלעך־אויגן. זי דערשפּירט, גיטל, דעם זונ־אויפגאַנג דורך די קליינע פאַרדערשטע פענסטערלעך. און שפּרינגט לייכט אַריבער בתיהן פון בעט אַראָפּ. דאָרט ביים זיידן איז דער מזרח געווען פאַרשטעלט מיטן סאָד. דאָ זעט זי אים גאַלע טאָג. זי לויכט צום פענס־טערל. די אויגן טובלען זיך אין ראָזער שיין און ווערן גרעסער. פון הינטערן באַרג אַרויס ביים האָריזאָנט שאַרט זיך אַרויס אַ קײַלכיקע טונקל־רויטע קויל, און בלייבט ליגן אונטער דער ווינט־מיל דאָרט אויפן שפּיץ באַרג, ווי אַ גרויס איי אונטער אַ ריזיקן גרויען פויגל מיט צע־שפּרייטע, פאַרגליווערטע פליגל. ווייכע קנויליקע וואָלקנס ציִנדן זיך, ווי קופּער, און אַ האַלבער הימל ווערט ווי באַפּודערט מיט אַ רויטן אַש.

— אַ שריפה, מאַמע, ווײַלט זיך גיטל מיט אַן אויפגעלויכטן פּנים: מע דאַרף לויפן נאָך וואַסער.

זי טוט זיך שנעל אָן, לויפט אַרויס, פאָרעט זיך אין הייזל, און שטייט באַלד אינדרויסן בײַ דער אָפענער טיר לעם אַ רויכערנדיק סאַמאָוואַרל. ביז עס וועט אויפזידן, אָטעמט זי דערווײַל אַרײַן פרישע לופט און באַטראַכט די געגנט, אַרומשפּאַצירנדיק הין און צוריק. די כאַטקע, דײַטיק־אָפּגעזונדערט פון דער הינטערשטער קריסטלעכע מאָנאַסטיר־גאַס זעט אויס אַרויסגעוואָרפן, ווי אַ קרעציקער אין מיטן פעלד אַרויס, אַרײַנגעזונקען אין דרערד, פאַרשטעקט אונטער דעם אַראָפּגערוקטן שוואַרץ־שטרויענעם דאַך מיטן גרין־לײַמיקן רוקן, טוליעט זיך עס מיטן צוגעבויטן שטאַל אין שטעלכן צום סעדל. דאָס סעדל, אַרומגעצײַמט צוזאַמען מיטן גאָרטן מיט אַ געל־ברוינעם פון ריטלעך אויסגעפלאָכטענעם צוים, שטייט איצט, אום חודש איר, אין סאַמען מיטן בלי, ווי אָפּגעגאָסן מיט ווײַס־ראָזלעכע שוים קנוילן. ווײַטער זעט זיך אַ געל־און־ווײַס באַצאַצקעטע לאָנקע, און נאָך ווײַטער, באַלכסון, דער הויכער און געדיכטער סאָד פון פּיסטע ביימער אַרום דעם מאָנאַסטיר־קלויסטערל, וואָס שטעקט מיט אַ גרינעם שפּיץ, ווי אַ פּיפּקע, אין הימל אַרײַן. דער סאָד דאָרטן איז אָנגעשפּיקעוועט מיט קראָעשע נעסטן, און מאַסנווײַז הייבן זיי זיך פון דאָרט אַרויס, צו באַהערשן די גאַנצע געגנט מיט זייער קראַקען.

גיטל שטעלט זיך אָפּ בײַם סאַמאָוואַרל, זען צי ס׳האָט שוין אויפגעזאָטן, און פאַרקוקט זיך ווײַטער אויף דער געגנט קעגנאיבער זיך. דאָס נישט באַאַרבעטע פעלד איז ווילד פאַרוואָקסן. פון צווישן הויכע ווילדע קרײַטעכער איז שוין קוים צו באַמערקן אַ שמאָלע גרויע ליענטע פון דעם פאַרלעגענעם וועג, וווּ קיינער פאָרט היינט נישט פאַרבײַ. די שטאַרצנדיקע פאַרקוילטע סלופּעס פון דער אָפּגעברענטער שורה שײַערן, גלאַנצן מיט זייער קויל, ווי פעדערן פון קראָען. ווײַטער לאָזט זיך דאָס פעלד אַראָפּ אין אַ טאָל, פון וואַנען עס קוקט אַרויס אַ מאָגערער נאַקעטער צלם. און נאָך ווײַטער הייבט זיך אָן דאָס פעלד אַרויפצוהייבן, ווערט גרויער, ווי אויסגעקראָכן, דורכגעקראָכן, דורכגעשניטן מיט אַ זיגזאַגעדיקן גאַרטל פון אָקאָפּעס, דערגרייכט אַזוי באַרג־אַרויף ביז צום האָריזאָנט. די זון שטייט שוין דאָרט איצט אַ ווײַסע איבער די פליגל פון דער מיל.

— בתיה! ריר זיך שוין פון אָרט, — הערט זי דורך דער אָפּע־נער טיר ווי די מאַמע מונטערט דאָרט בתיהן: האָסט אַ פּנים פאַרגעסן אַז מע דאַרף דעם גאָרטן דערגראָבן.

יענע האָט אָבער פונדעסטוועגן נישט קיין חשק דערצו און מור־ליקעט פויל און בייז:

— לאָז צורו!

די פוילע קאַץ דראַפּעט זיך: צעלאַכט זיך גיטל און טראָגט אַריין דאָס זיגזגדיקע סאַמאָוואַרל אין שטוב, וואָס פּילט זיך אָן ווי מיטן געזאַנג פון אַ שירה בינען.

ערשט ווען גיטל שטייט שוין אָנגעשפּאַרט אָן פענסטער־ביישטידל מיט אַ גאָלדן־פינקלדיקע גלאָז טיי אין איין האַנט, און מיט אַ רייפטל ברויט געשמירט מיט האָניק־ערזאַץ אין דער צווייטער, הייבט זיך בתיה אָן אָנצוטאָן, און כאַפּט זיך צום עסן מיט נאָכנישט קיין פאַרשפּילעט קליידל.

אָפּגעפרישטיקט, קושט גיטל בערעלען אין שלאָף, און זאָגט אַ גוטן טאָג אויפן גאַנצן לאַנגן זומער־טאָג. חנה־רחל גייט אַרויס אויפן גאָרטן, און בתיה בלייבט אין שטוב ביז דאָס קינד וועט אויפשטיין, אָפּעסן, דאַמאָלס וועט זי אויך אונטערקומען. אָבער זי קומט נישט אונטער, און חנה־רחל אַרבעט אָפּ אַליין אין איין אָטעם ביז צוועלף אַ וייגער בערך. ערשט ווען די זון לעגט זיך איר אויף דער געבויגענער פּלייצע, ווי אַ געגליטער אייזן, אין דער מח גיסט זיך אָן מיט אַ שווערן בליי, גלייכט זי זיך אויס און ווישט אָפּ דאָס שווייסיק־נאַסע פּנים. זי גייט אין שטוב אַריין אָפּקאָכן עפּעס מיטאָג. סיי זי, סיי די טאָכטער קוקן שוין דעמאָלס אויס „אַבריימלען". אין דער צייט ווערט ער אָפּט פריי פון דעם דינסט, און קומט צוגיין. אין איינע שיקט דע־ריבער דער צווייטער אין מאַרק אַריין איינקויפן.

— אייערנעכטן בין איך געגאַנגען, — דערמאָנט זיך בתיה מיט צאָרן: גיי דו היינט.

חנה רחל גיט איר נאָך. נאָר איידער זי גייט אַרויס, איז זי איר מתרה:

— געדענק שטיס פלייש מיט אויגן, איך וועל דערציילן דער גאָבען!

— און איך וועל דערציילן דעם זיידן... — רייצט זיך די טאָכטער.

קומענדיק פון מאַרק אָנגעלאָדן מיט גרויפּן, ציבעלעס, אַלערליי אַנדערע קליייניקייטן און מיט אַ פולן פּאַק שטאָט-נייעס, טרעפט שוין טאַקע חנה-רחל דעם יידישן פעלד-זשאַנדאַר ביים טיש איבער אַ קאָלירט פלעשל מיט אַן אָנגעפילט גלעזל. לעבן דער טאַבורעטע, וועלכע איז מיטן גאַנצן דעקל פאַרשלינגען פון „אַבריימלס" פערדישן הינטן, קאַראַבקעט זיך בערעלע און וויל אַרויף אויפן „פעטערס" קני. בתיה שטייט ביי דעם פריפעטשאָק, פּרעגלט אייער אויף ווורשט, און מיט די באַלעבאָסטע-מעסיק פאַרלעגטע הענט הייבט זי אַזוי אַרויס די ברוסטן, ווי זי וואָלט זאָגן: וואָס טויג אייך דאָס געפּרעגלעכץ, אַז איך קאָן אייך דערלאַנגען „אָט-דאָס" אויפן טיש!... זי איז פאַרשוויצט און רויט, ווי אַ פעט קופּערן פענדל פון איינגעווייניק.

„אַבריימל" גיסט אָפּ חנה-רחלען מיט אַ ליכטיקן, שכורלעכן בליק. איר צופרידנקייט מיטן „גאַסט" גיסט זיך איר אויס אויפן גרינעם פּנים מיט אַ לייכטער ראָזלעכקייט, און אין די אויסגעלאָשענע אויגן מיט אַ ליכטיקן שימער. זי באַגריסט זיך מיט אים און וויל אַריינגיין אין אַ שמועס:

— הער...

— אברהם, זאָגט — אברהם, — העלפט ער איר אונטער.

— הער אברהם, — אָטעמט זי אָפּ פון אָנגעלאָפענער היץ און פון גאַנג: עפּעס האָב איך דאָרט געהערט גרויס נייעס אין מאַרק — מען וועט היינט שיסן אַ שפּיאָנקע אין דער אָרטסקאָמאַנדאַ! טאַקע אמת?

„אבריימל" שמייכלט, פאַרצערט פריער די פּאָרציע, וואָס בתיה דערלאַנגט אים, פאַרטרינקט מיט עטלעכע עכט-יידישע „לחיימס", און ערשט איצט דריקט ער אויס די דיקע פאַרפעצטע וואָנצעס מיט גרויס הנאה, צופרידן צו שטעלן די פרויען וואָס וואַרטן מיט אַזאַ שפּאַנענדיקער נייגיריקייט, און דערציילט מיט הפסקות:

— ווירקלעך, אין דעם דאָרף בודאָוואַלני, וואָס ליגט ערגעץ אין אַ וואַלד, האָט מען ענטדעקט רוסישע געפאַנגענע. זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי איין יונגער פּויערטע. די פּויערטע זעלבסט אָנערקענט

זיך פאַר שולדיק. זי איז אַליין, מיט אַ קליין קינד, עטוואָס קלענער פון אייער בערעלען. דער מאַן האָט איר אַוועקגעוואָרפן. אַליין אין דאָרף, דער שפּייז-פּאָרראַט האָט זיך אויסגעשעפּט — איז איר אויסגעקומען אַנטוועדער מיטן קינד פאַר הונגער אויסגיין, אָדער דאָס קינד אַליין לאָזן און גיין זוכן פאַרדינסט. און די געפאַנגענע האָבן איר אַלזאָ פון דער שרעקלעכער לאַגע געראַטעוועט. מיט איינעם וואָרט — מ'האָט דאָס ענטדעקט. דאָס קריגסגעריכט אָנערקענט נישט קיינע פאַרענטפערונגען. היינט אָוונט-צייט וועט זי געשאָסן ווערן.

ער בלייבט שטיין, פאַרדרייט אַ וואָנצע, און שמייכלט מיט דעם שמייכעלע וואָס האָט צו באַטייטן — און איך האָב נאָך שענערס צו דערציילן! און איידער די פרויען באַפרייען זיך פון איבעררעאַשונג צו זאָגן אַ וואָרט, פאַלט עס אים אַרויס פון מויל:

— זי ווערט געשאָסן דאָ היר ביי דעם קרייץ.

— גאָט מיינער! — דערשרעקט זיך חנה-רחל.

— דאָ אַקעגן, ביי דעם צלם?! — זאָגט אין אייגענעם טאָן בתיה.

— האָבן זיי קיין אַנגסט נישט, — באַרויקט זיי „אברײמל" מיט אַ שמייכל פון אַ שטאַרקן: די קוילן וועלן אַהער נישט טרעפן.

— מאמע, — זאָגט בתיה פאַרלוירן: איך האָב מורא. איך וועל דאָ נישט זיין. כ'וועל אַוועקגיין פאַרנאַכט מיטן קינד צום זיידן.

— גיי, אַז דו ווילסט, איז חנה-רחל ציפרידן אין דער האָפנונג, אַז „אברײמל" וועט קומען פאַרנאַכט-צו באַכאַמאַל.

— און זי בלייבן? — פרעגט אברהם מיט אַ רויט געלעכטער.

— יאָ, — קאָקעטירט חנה-רחל מיט איר מיסטיקייט: איך האָב נישט קיין אַנגסט בלייבן דאָ אַליין...

— אויב זי ווילן, — קומט אַ פאָרשלאָג: וועלן די פאַרנאַכט גיין מיט מיר צום קרייץ זען די עקזעקוציע. יאָ?

— ס'איז שרעקלעך, — טוט זי אַ שוידער, און שטימט איין: מיט אייך וועל איך גיין.

„אברײמל" הייבט זיך שווער אויף, און שפּאַרט אונטער מיט זיין שלאַנקער הייך די סטעליע. ביידע פרויען קוקן אויף אים מיט תאווה און באַוווּנדערונג. ער וואַרפט מבינותדיקע בליקן פון דער אויף

דער און שלאָגט לסוף פאָר בתיהן, צו גיין אַביסל אין סעדל אַריין „אָפּרוען". זיי גייען אַרויס. חנה־רחל פאַרבייסט די אונטערשטע ליפּ פון אייפערזוכט און שטעלט זיך קאָכן דעם מיטאָג. נאָר אַלעמאָל לאָזט זי איבער די קיך און לויפט צו די הינטערשטע פאַרשאָטנטע פינגסטערלעך וואָס גייען אַרויס אין סעדל אַריין. זי זעט זיי אָבער נישט דורך די שטאַמען פון די ביימער, און מיט אַ געפיל וואָס איז צוזאַמענגעמישט פון נקמה און שרעק טראַכט זי שאָקלענדיק מיטן קאָפּ: מיט דעם „סטויפּ" וועט אַן אומגליק געשען!.. זי פאַרשטייט זיך דען צו היטן... ער איז דאָך שיכּור איצטער...

צום מיטאָג, אין אַן אַנדערטהאַלבן שעה אַרום, זעצן זיך ביידע, די מאַמע מיט דער טאָכטער, ווי צוויי פרעמדע העַנער וואָס האָבן זיך נאָרוואָס צעממיטתט ביז בלוט און צעגייען זיך ברוגז. די טאָכטער, מיט אַ צעגליט פּנים מיט אַ נישט־געהעריק פאַרשפּיליעטער בלוזקע און ווילדצעפלאָשעטע האָר, לעגט איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַריין די אויגן אין דער שיסל און נעמט זיי פון דאָרט עקשנותדיק נישט אַרויס. די מאַמע ווידער זיצט איינגעשרימפּן, פאַרגרינט, ס'פּלאָנטערן זיך אירע אויסגעלאָשענע אויגן אין דער טאָכטערס האָר, ווי פאַרמאַטערטע שוואַרצע זשוקעס. זיי שטומען ביידע.

אָפּגעמיטאָגט, גייט בתיה תיכּף אַוועק מיט בערעלען צום זיידן. חנה־רחל גייט ווידער אַרויס אויפן גאָרטן. נאָר פאַרבייגייענדיק זאָמט זי זיך אַביסל לענגער אינם סעדל. זי קוקט אַרום אומעטום דעם באָדן, און זוכט די שפּורן פון בתיהן מיט „אים". אויף איין אָרט, ווו דאָס גראָז ליגט איינגעלעגט, שטעלט זי זיך אָפּ, און איר טויט־פאַרצווייפלטער בליק פּיזעט, ווי אַ וואָרים אין אַן אָפענעם קבר, איבער די צייכנס פון שוהרע מענטשלעכע קערפּערס. זי וועגט אויף דער וואָגשאָל פון השערה: וואָס איז דאָ געשען?.. איז דאָ כאָטש קיין אומגליק נישט געשען?...

ערשט די אַרבעט אין גאָרטן באַרויקט איר אַביסל. זי גלעט אַרום די אינדערפרי געמאַכטע בייט, וואָס איז שוין אויבנאויף גרוי געוואָרן אונטער די שטראַלן פון דער זון און קרישלט זיך אונטער דער באַרירונג פונם רידל. אין עטלעכע בייטן פאַרזעצט זי זריעה. אויף אַ פּאָר פרי־באַאַרבעטע בייטן שאַרט זי אַרום די ערשטע יונגע שפּראָצן. און ביסלעכווייז שפּראָצט אויך ביי איר אין האַרץ אַרויס אַ קנאָספּ פון האָפענונג: גאָט וועט העלפן, דער

גאָרטן וועט געראָטן דער סאָד וועט זיך אָנלאָדן מיט אַ סך פּרות. וועט מען זיך קאָנען דעם ווינטער דורכלעבן אָן „עמעצנס״ הילף!..

די זון הייבט זיך אָן אַראָפּלאָזן. חנה־רחל ווערט איבערגעיס אומרויק. גאָט ווייסט וואָס פון דער „פרעמדער״ הילף וועט אַרויסקומען! עפּעס זאָגט איר דאָס האַרץ שלעכטע נביאות... באַלד דאַרף קומען „אבריימל״. ניין. זי וועט נישט בלייבן מיט אים אַליין... בעסער שוין גיין מיט אים אַהינצו צום צלם. און דערווייל מסתּמא וועט זיך אונטעריאָגן עמעצער פון די קינדער. פרעג, צו וואָס האָט זיך עס איר גאָר פאַרגלוסט...

— אַלזאָ גייען מיר, גנעדיקע פרוי? — דערהערט זי זיין מעטאַלן קול, וואָס איז דאַכט זיך, אַזוי רויט ווי זיין פּנים.

— שוין, שוין, איך גיי, — כאַפּט זי זיך און איילט מיט גיכע טריט אין שטוב אַריין.

— דער פּאַטרול פירט איר שוין דאָרט מיטן וועג. נאָר מיר וועלן נאָך אָנקומען פאַר זיי. מיר גייען גלייך מיטן פעלד.

זיי לאָזן זיך גיין. אויפן וועג נעמט איר „אבריימל״ אונטערן אָרעם און שמייכלט צון איר:

— איר ברויכט מיר פיל דאַנקען, פרוי חנה־רחל: ס׳איז מיר שווער אָנגעקומען צו קריגן דאָס ערלויבעניש פיר איין ציווילע פּערזאָן בייצוזיין די עקזעקוציע.

— איך דאַנקע אינען, — שמייכלט זי צון אים צוריק, און דערשפּירט זיך פּאַראַמאָל אויפגערעגט־דערפרישט. ערשט איצט דערזעט זי, ווי גאָלדיק־ליכטיק ס׳איז אין פעלד. די מיל־פליגל אָקעגן זענען ווי אָפּגעטונקען אין גאָלד.

ביי דעם צלם טרעפן זיי צוויי זעלנער זיצנדיק מיט אַראָפּגעלאָזענע פיס אין אַ פריש־אויפגעגראָבענעם קבר. זיי ליגן אָנגעשפּאַרט מיט די עלנבויגנס אויף די שטילן פון רידלען און שמועסן רויק צווישן זיך. אַ קריסטוס קוקט אויף זיי אַראָפּ פונם צלם פון אונטער אַ קליין בלעכן דעכעלע. אַ קלייגע מענטשן־מחנה דערנענטערט זיך פון מערב־זייט צום טאָל. זיי בלייבן דאָרט שטיין איבערצוּוואַרטן די טשערדע, וואָס גייט שוין אַהיים. פון וועג דאָרט הייבט זיך אויף אַ געדיכטער שטויב, און פאַרשטעלט זיי. פּאַראַמאָל צינדט זיך אָן דער מערב, און דער

שטויב הענגט אין דער לופט ווי אַ ראָזע גאַזע. זיי קומען אַרויס ווי פון רויטן נעפל און דערנענטערן זיך מיט גיכע טריט. אַראָפּנירערנדיק אין טאָל ווערן זיי אויסגעלאָשן, גרוי. חנה־רחלען לויפט דורך אַ דריב־נער שוידער, ווי שרויט, איבערן גאַנצן לייב. זיי גייען פאַרביי. אַ צען זשאַנדאַרן ערנסטע און שווייגנדיקע מענטשן מיט די ביקסן ווערטיקאַל אין די הענט. אינמיטן, געקאָוועט די הענט, גייט אַ צעפּאַטלטע גויע. דאָס פּנים געל־בלוי, אונטער די אויגן שוואַרץ ווי קויל, און די אויגן ברע־נען רויט און ווילד, ווי ביין אַ רציחהדיקן משוגענעם. חנה־רחל ווערט בלאַס, צוקט מיט די ליפּן, און עסט זיך איין אין דער גויעס פּנים מיט די אויגן, ווי מיט פּיאַווקעס: דאָס פּנים איז איר היימיש! ווו האָט זי איר ערגעץ געזען?..

די עקזעקוציע גייט צו געאיילט. מע בינדט צו דער פּאַרמשפּטער מיט אַ שטריק אונטער דער ברוסט, מיט די באַפרייטע הענט אַרונטער, צום צלם. מע פאַרבינדט איר די אויגן מיט אַ רויטן טיכל.

איבערן טאָל אין דער הייך גיסט זיך אַ וואָלקן אָן מיט בלוט, און וואַרפט אַ בלוטיקע שיין אויף אַלץ וואָס שטייט דאָ. די גלאַנציקע רידלען ליגן אויף דרערד ווי רויטע שפּיגלען. חנה־רחלס אויגן טונקען זיך אין דעם רויטן טיכל אַרום דער פּאַרמשפּטערס אויגן, ווי אין אַ ריטשקע בלוט: ווער קאָן זי זיין?.. די סאָלדאַטן ביים קבר שפּרינגען אויף... עס קלינגט געווער...

— איינס!

— „גערשקאָ! זאַ טעביע וומירו... — טוט די כויערטע אַ קוויטש, ווי מען וואָלט איר דאָס האַרץ דורכגעלעכערט.

חנה־רחל טוט זיך אַ וואַקל אומצופאַלן...

— צוויי, דריי!

— טראַך! טראַך! טראַך!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מער זער זעט זי שוין נישט, חנה־רחל. נישט ווי מען באַגראָבט די טויטע, און נישט ווי די אויפגעפלאָשעטע קראָען פון דעם מאָנאַס־טיר־סאָד טראָגן זיך ווי אַ שוואַרצע כמאַרע־לייַעך איבערן טאָל, און שניידן די לופט מיט אַ שטאָלערנעם קראָ...

— אוי, מאַמעניו! סאַראַ שרעקלעך חלשות... — דערהערט זי אונטער אַ שרעקלעכן וויטאָג אין די שלייפן.

זי עפנט די אויגן, און קעגן דער שיין פון לעמפּל דערזעט זי איבער זיך ווי אין אַ נעפּל: „אַברײמלען", גיטלען מיטן „שאַך" און זיך אַליין, ווי זי ליגט אויפן בעט מיט אַ צעשפּיליעטן נאַסן בוזים...

---

שבעה-עשר בתמוז. גאָר פרי איז היינט דער העלפאַרביקער קאַ־חיאָר פון דעם פייגלגעזאַנג אין סאָד פאַרשוויגן געוואָרן, און ערגעץ אין דער ווייט האָט זיך פאַרצויגן דער אַשיקער פאָן פון אַ פאַרשלע־פערנדיקן זשאַבע-כאָר. די ברענענדיקע זונענשטראַלן דרינגען דורך יעדן מינדעסטן בלויז צווישן די בלעטער, קריכן אויפן גראָזיקן באָדן און זוכן אויף, ווי גרויסע פילהערנער, דעם פוילן קריך-גאַנג פון אַ אינזעקט. די לופט אונטער דעם גרינעם סכך פון בלעטער און פרות איז אַזוי דערהיצט און געפּרעסט, אַז ס'איז נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען.

חנה-רחל וואַלגערט זיך אַרום אונטער אַ שאָטן פון אַ בוים, רויט און פאַרשוויצט פון דושנעקייט, די בלויזקע צעשפּיליעט, און געפינט זיך קיין אָרט נישט. צו דער דערשטיקנדיקער דושנעקייט האָט זיך נאָך דער תענית גאָר גישט אויף קיין שפּילכל פאַרקליבן אונטערן האַרץ-לעפעלע, און נאָגט ווי אַ פּיאַווקע דאָס דערהיצטע פאַרשמאַכטע לייב, ביז ס'הייבט אָן טונקלען אין די אויגן און שרעקן מיט חלשות... זי קאָן דאָ אין סאָד לענגער נישט פאַרבלייבן. זי וועט גיין צום שווער אַביסל. אפשר וועט איר אויפן פרייען פעלד ווערן לייטער. און ווידער, באַלד וועט דאָך מסתמא קומען „אַברײמל" און וועט „פאַרשטינקען" די שטוב מיט טרפות, אַז ס'וועט זיך אַזש גלוסטן „האָדען"!.. אָבער ווי לאָזט מען דאָ איבער דעם „סטויפ" אַליין?..

זי גייט אַריין אין שטוב און טיילט-מיט מיט אַ פאָרשנדיקן בליק בתיהן:

— איך גיי צום זיידן...

דער „סטויפ" אָבער האָט זיך שוין פון פּראַקטיק אויסגעלערנט גישט אויסצוגעבן זיך, און שטעלט-אָן אַ פאַרחתמעט פּנים:

— ווילסט גיין, גיי. וואָס דארפסטו מיר דערציילן?!
און באַלד גיט זי צו:
— נאָר אַז דו גייסט, נעם שוין מיט פאַרייגווייגס בערעלעז אויך מיט זיך. דער זיידע וועט זיך פרעגן אויף אים...
— אַ מויד טאָר גישט בלייבן אַליין אין שטוב... — טוט איר די מאַמע צוווּיסן גיבן אַן אָנצוהערעניש, אַז זי פאַרשטייט שוין דווקא יאָ, וואָס זי מיינט מיטן צונעמען בערעלען פון שטוב.
— נעם אים מיט, — עקשנט זיך די מויד.
— איך וועל אים נישט נעמען, — שטאַמלט די מאַמע, זוכנדיק אַ תּרוץ קעגן וועלכן די טאָכטער זאָל נישט האָבן וואָס אָנצווּוענדן, און ס'זאָל בלייבן ביי דאָם איריקע: איך פאַסט דאָך. ביזן זיידן איז אַזאַ מהלך. דאָס קינד וועט דאָך ביז אַהין אויף די פיסלעך נישט קאָנען גיין. אויף די הענט, זאָל איך עס טראָגן? אַז קוים וואָס איך שלעפּ די אייגענע פיס!..
דאָס קאָן שוין בתיה נישט איבערשפּאַרן. זי פאַרשווייגט און וואַרטשעט בלויז בייז. חנה-רחל גייט אַרויס. זי לאָזט זיך מיט די פעלדער צום שוואַר און אָטעמט ווירקלעך אַביסל פרייער אָפּ. עס שמעקט מיט טריקנדיק גרינגס און צוגעברענטן בלומען-האָניק. דער הימל הענגט אי־בערן קאָפּ ווי אַ קופּאָל פון נייעם נישט-געפאַרבטן שוואַרץ - בלווילעכן בלעך, מיט אַ גרויסן קיילעכדיקן לאָך ערגעץ אין אַ גהינום אַריין, וואָס גיסט מיט פייער. די נישט-באַאַרבעטע פעלדער ליגן באַוואַקסן מיט שי־טערן ווילדוואוקס, ווי נאַקעטע באַהאָרטע בייכער, און שטעקן זייער שאַנד די האָריזאָנטן. בלויז די סעדער, וואָס טוליען זיך צו די גויאישע גאַסן, זעננען געדיכט ווי אַלע יאָר. אָבער אויך פון זיי זענען מיינסטנס אַוועק־געריסן שטיקער פּלויטן, און די שטאַמען פון זייערע ביימער רופן, ווי נאַקעטע פיס פון זונות, יעדן פאַרבייגייער. נאָר קיין פאַרבייגייער זעט מען נישט. אין דעם גאַנצן חלל אַרום זעט זיך נישט קיין באַוועגונג. בלויז אַ בין אָדער אַ קרעצפייגעלע פליט פאַרביי פויל און פאַרשמאַכט, און ווערט פאַרחלשט אויף אַ בלימל אָדער גרעזל.
— איין גאָט אין הימל! — מורמלט חנה-רחל: וואָס דאָ איז עס געוואָרן פאַר אַ וויסטעניש!..
פאַראַמאָל צעקלינגט זיך איר אין אויער אַ מעלאָדיע. אַן אמת־יידישער נגון. זי בלייבט שטיין. אין זכרון בליצט אויף אַ דערמאָנונג

פון לאַנגע-לאַנגאָנעדיקע צייטן. דער זיידע, בערל שוחט, פלעגט לערנען מיט אַזאַ ניגון. אָבער ווי קומט עס? איצטער אין דער מלחמה-צייט, אין דעם פלאָגעניש, ווען ווייבלעך אַפילו פאַרקויפן זיך שטילערהייט און אָפענערהייט פאַר פרנסה?! אינמיטן פעלד?! ס'האָט זיך איר אויסגעדאַכט. באמת, ס'קלינגט אַזוי אין די אויערן, ווי אַ טייך וואָלט דורך די אויערן דורכגעשטראָמט. ס'איז פון היץ... שאַ-נאַר! ווידער דאָס אייגענע. דאָס קויל קומט פון נאָענטן סעדל. זי וועט צוגיין אומישנע זען. און כאָטש ס'איז העלער מיטנטאָג, נאָר ווייל אָרום זעט מען נישט קיין לעבעדיקן נפש, איז דאָס סעדל איז אַזוי געדיכט, ווי אַ כמאַרע, דערנענטערט זי זיך מיט פאַמעלעכע לופטיקע טריט און מיט האַרץ-קלאַפּן. וואָס נענטער אַלץ דייטלעכער ווערט דאָס קול. אַזאַ ייִנג קלינגענדיק קול, אַז ס'צעגייט זיך איבער דער ברוסט און שטילט דעם הונגער. זי גנבעט זיך צווישן די ביימער, און בל בט שטיין פאַרגאַפט. עס פאַרכאַפּט איר דעם אָטעם, און זי קוקט מיט אַרויסגעזעצטע אויגן פון פאַרוווּנדערונג:

אַ נידריקער ברייטצעצווייגטער בוים האָט ווי ברונה אויסגעשטרעקט אַ דיקע צווייג, כּדי אונטערצוהאַלטן, ווי מיט אַ האַנט, דעם גרויסן אָפענעם ספר וואָס ליגט אויף איר צעעפנט; איבער דעם ספר שאַקלט זיך משה-דוד, דעם רבס ברודער, מיט אַ ליכטיק פנים פון נישט נאַטירליכן געגוס! דער בוים שיט אויף אים שייַן-פלעקן ווי גאָלדיק צוגעברוינטע מלינצעס! ער טענצלט אונטער, געקיצלט פון גייסטיקן פאַרגעניגן. און זינגט התלהבותדיק אַריין אין סאָד וואָס, הערט זיך צון אים צו מיט די טויזנטער גרינע בלעטלעך-אויערען פון זיינע ביימער-קעפּ...

איז דאָך נאָך די יידישער וועלט נישט אונטערגעגאַנגען!.. — לויפט דורך חנה-רחלען אַ רירנדיקע מחשבה, און גיט איר גלייכצייטיק אַ ביס מיטן צאָן פון חרטה: זי, בערל שוחטס אייניקל, אַן אשת-איש, אַ מאַמע פון מיידן צו דער חופּה!.. רבונו של עולם!. זי זאָל עס כאָטש מיט תעניתים קאָנען פאַרריכטן...

פלוצים טוט עס איר דריבנע אַ גרעגער אין אויער, און ס'הערט נישט אויף. חי ערגעץ ביים האָריזאָנט וואָלטן שטאָלערנע ציין געביסן דעם דיק-בלעכענעם הימל. דער קלאַפּנדיקער רויש פאַרגרעסערט זיך, ווערט נענטער, און קריכט אין מוח אַריין. צט, האָט אַפּנים משה-דודן

אויך געשטערט דעם רויש. ער איז שטיל געבליבן, פאַרהויבן דעם קאָפּ אינמיטן איבערמישן אַ בלעטל און קוקט זיך מיט פאַרבלאָנדזשעטע אויגן אַרום. און אפשר האָט ער גאָר איר דערשפּירט!.. זי רוקט זיך הינטער. ווײַלעכס אַרויס פון סעדל. דער טומלדיקער רויש פאַרגייסט איר דעם קאָפּ צום הימל אַרויף. אַ גרויסער שטאָלענער פויגל ווירעט דעם חלל אין אַ גלייכער ליניע איבער דעם סעדל. זי בלייבט שטיין נאָכקוקן דעם אַעראָפּלאַן, וואָס טוט אַלעמאָל אַ זילבערגלאַנץ קעגן דער זון ווי די אונטערשטע זייט פון אַ פויגל-פליגל, און דערהערט ווידעראַמאָל דורך דעם הודזשען וואָס פילט איצט אָן דעם גאַנצן פאַרשטיקטן חלל, דאָס רירנדיקע קלינגענדיקע זינגען פון דעם מתבודדיקן בית-המדרש-בחור. דער רויש שטאַרבט אָפּ הינטער די האָריזאָנטן, אַלץ פאַרביקער טרעט אַרויס דער זיסער גמרא ניגון...

— אַלץ פאַרגייט און גאָטס תורה באַשטייט... — מורמלט חנה-רחל פול מיט תשובה-רעיונות, לאָזט זיך גייז ווייטער, און באַשליסט אין האַרצן:

...מע דאַרף זיך פאַרן שווער אַביסל אָפּרעדן פון האַרץ...

דעם שווער טרעפט זי אין די העמדאַרבל, אין אַ יאַרמעלקע-ליגן אין סאָד אונטער אַ בוים, אונטערגעשפּרייט מיט אַ רעדנע און אונטערגעלייגט דעם קאָפּ מיט אַ יאַסיקל. זיין פּנים איז געל. דערזעען איר, מאַכט ער צו אַ קליין ספרל.

— ווי פילט איר זיך, שווער?

— ווי זאָל מען זיך פילן? ווי אַ קראַנקער מענטש אין אַ תענית.

— אוי! זיפצט ער אָפּ נאָך אַ רעגעלע: דו ווייסט כאָטש, אַז היינט איז שבעה-עשר-בתמוז? כ'האָב נעכטן צו דיר באַפוילן מיט בתיהן...

— וואָס הייסט? — באַליידיקט זיך חנה-רחל: וואָס מיינט דער שווער, אַז איך פאַסט נישט, חלילה, היינט?!

— טאַקע?! — איז דער אַלטער צופרידן, און שענקט איר אַ מילדן בליק פון די רויטע בייזע וויעס אַרויס: נו, פאַרוואָס האָסטו נישט מיטגענומען בערעלען אויך?

— דער שווער... ווייסט נישט?.. — שטאַמלט זי: ווי לאָזט מען עס איבער אַ מיידל אַליין...

· ביסט גערעכט, טאָכטער.. מיאוסע מעשיות דערציילט מען זיך

ה״נס אָן פון די מידלעך... גאָט זאָל שומר ומציל זיין!... און וואָס הערט זיך עפּעס ביי דיר?..

— ביי מיר?.. וואָס זאָל זיך הערן ביי מיר, שווער לעבן?... — שטאַמלט זי ווידער.

— זעץ דיך.

זי זעצט זיך און מאַכט זיך האַרץ:

וואָס זאָל זיך הערן?.. אודאי איז נישט דאָס וואָס ס'איז געווען... ווען מיר זענען געווען ביי אייך... אַז ס'איז נישטאָ קיין אויג וואָס זאָל אויפקוקן... אַז אַפילו קיין יידיש וואָרט הערט מען נישט צומאָל... איר הערט שווער, איך בין ערשט דורכגעגאַנגען דורך אַ סעדל... לערנט דאָרט אויפן קול דעם רבס ברודער... היינטיקע צייטן!.. אַ דערקוויקע-ניש זאָג איך אייך... דאָס האַרץ איז מיר ממש צעגאַנגען... נו, און וועגן דעם אַ... איז אַביסל מוז מ׳ן טאקע אויך... פּרנסה!.. טאַקע איך אליין אַ שטייגער... וואָס אמת איז אמת... נאָר זי, בתיה זאָל שוין טאַקע נאָר איין גאָט זיין דער שומר!.. איז שוין אינגאַנצן ארויס פון די האָ-לאָביעס... קיין ברעקל דרך-ארץ נישט...

— איי, איי! — קרעכצט דער אַלטער, און פאַרשטייט פון די רמזים „ווי עס האַלט אין דער וועלט״...

און חנה-רחל, קוים נאָר אויפגעעפנט דעם געשוויר, דריקט און דריקט אויף אים, און לאָזט ארויסרינען דאָס גאַנצע אומריינע אייטער וואָס האָט זיך אָנגעגנאָיעט פאַר דער גאַנצער צייט.

דער האַרציקער, אָפנהאַרציקער שמועס, אויף וויפיל ער קאָן נאָר זיין אָפנהארציק, מאַכט ווייך דאָס האַרץ, פאַרטרייבט דעם תענית, און עס מערקט זיך גאָרנישט ווי דער טאָג קויקלט זיך אַוועק אויף זיין הייסן בויך. ערשט ווען די זון הייבט זיך אָן זעצן, אידע רויטע ב־עמען ברעכן זיך אונטן צווישן די שטאַמען, און דאָס באָדנגראָז ווערט העל-דורכגעלויכטן, — כאַפּט זיך דער אלטער:

— שפּעט! שוין צייט כנחה דאַווענען.

חנה-רחל הויבט זיך אויף מיט דעם אַנטשידענעם באשלוס: זאָל זיך זיין וואָס עס וויל זיך! זי מוז איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף מאַכן דערצו... וועגן זיך איז אָפּגערעדט. זי וועט אים צו זיך נישט צולאָזן אַפילו. נאָר מיט בתיהן דאַרף מען זיך אויך אַנדערש אָנהייבן באַגיין...

אַז סע וועט באַשערט זײַן נישט צו שטאַרבן פֿון הונגער, וועט גאָט געבן אויף אַן אַנדער איפּן דאָס שטיקל ברויט!.. דער גאָרטן... דער סאָד... אַזאַ געראַנגל... ער איז געראַכט דער שווער...

— אָבער שווער, — ווענדעט זי זיך צו אים: זאָגט איר מיר צו, הייסט עס, אַז איר וועט אָנהייבן אָפּט קומען צו מיר?..

— אַוודאי, אַוודאי... אויף וויפֿיל דער אייבערשטער וועט נאָר געבן כוח... עפּעס אַ טענה... בשעת סכנה... אפֿשר הײַנט נאָך, באַלד נאָכן אָפּפּאַסטן... ווייסט דאָך, איך קאָן סײַ־ווי נאָך אַ תענית גאָרנישט עסן... אַ גלאָז טיי, עפּעס טועם זײַן... אַבי זי וועט זיך נאָר פֿאַרבײַגייענדיק אָהערצו־אַפּכאַפּן, גיטל...

חנה־רחל גייט אַוועק מיט אַ פֿאַרגרינגערט האַרץ, פֿול מיט האָפֿענונג. פֿון דעם תענית איז שוין קיין זכר נישטאָ. זי וואָלט דאַכט זיך, נאָך אַ וואָך אַ גאַנצע אָפּגעפּאַסט... גאָט זאָל איר נאָר מוחל זײַן די שווערע זינד... וואָרן, טאַקע, זי האָט געמעגט דעם מאַן דעם קאָפּ שפּאַלטן?.. אַ מאַנספּאַרשוין איז דאָך נישט קיין אשת־איש... וואָלט ער נאָר צוריקגעקומען... מיט קיין איין וואָרט וואָלט זי אים איצט נישט דערמאָנט וועגן דעם... בפֿירוש...

די פֿיס דינען איר פֿונדעסטוועגן נישט, מחמת שוואַכקייט, זי שטעלט זיך אָפּ, כאַפּט איבער דעם אָטעם, און פֿאַרענדיקט, גייענדיק ווײַטער, דעם רעיון:

... בפֿירוש, אַז „יענע" איז שוין די כפּרה געוואָרן!.. און דער „ממזר" וועט שוין אויך ערגעץ אויסגעריבן ווערן...

די אויסגייענדיקע שקיעה באַגיסט רויט איר בלאַס־גרין פּנים, און גיסט איר פֿאַראַמאָל אַר־ין אין בליק דײַטלעך און לעבעדיק דאָס שרעקלעכע בילד פֿון „יענעם" פּאָ־גראָם. דאָס האַרץ הייבט אָן האַסטיק קלאַפּן. די נערוון ווערן צערינעוועט. אין די אויגן פֿלעקט און שווינדעלט. זי זעצט זיך, כמעט פֿאַלנדיק, אויף דרערד, און פֿאַלט אַרײַן אין אַ האַלבן חלשות...

אַ קיל לײַכט ווינטל דערמינטערט איר. זי עפֿנט די אויגן. ס'איז שוין שטאַרק טונקל. פֿון מערב־זײַט קריכט־אָן אַ שוואַרצער דיקער וואָלקן. ערגעץ ווײַט פֿאָרן דו־ער־רעדער איבער הימל־שאָסייען. זי טרײַבט זיך מיט פֿאַרגיכטע שפּרייזן אַ היים. די כאַטקע, חדושלען, שטייט נאָך

מיט נאכטיק-שוואַרצע פענסטערלעך. אַ שרעקלעכער פּאָרגעפיל פאַר-צוויקט איר דאָס האַרץ. זי עפנט שטיל פון מורא די טיר, און בלייבט פאַר דער שטוב-פינסטערניש אויף דער שוועל.

— מאַמע! — דערפרייט זיך מיט איר בערעלע פון בעט ארויס.

זי גייט צו צון אים. פלוצים דעראַהנען אירע שאַרפע פאָרשנדיקע בליקן צוויי צעשוווּמענע סילועטן אויפן צווייטן בעט... איינער אַ גרוי-סער, אַ שווערער קריכט אויפן צווייטן, וואָס טוליעט זיך צון נאָכגיביק... עמעץ הייבט אָן סאָפּען ווי אַ צוגעדושעטער פאַרע-מאַשין...

— גוו—אַלד!!! — טוט זי אַ שפרונג צו, און מיט אַן אומנאַטיר-לעכער קראַפט, וואָס שאַפט זיך זעלטן אין אַ מענטשן בעת אַ שריפה, טוט זי אַ כאַפּ דעם אונטערשטן סילועט און אַ ריס פון אָרט מיט אַזאַ פענד, אַז יענער טוט ווי אַ זאַק מיט ביינער אַ טויבן זעץ אָן דער פאָדלאָגע.

אַ רעגעלע פאַרהאַלט אַלץ דעם אָטעם פון איבעראַשונג. ס'טוט אַ דונער. אַ רעגן קלאַפּט אָן מיט שיטערע פינגער אָן די שייבלעך. בע-רעלע קומט צו זיך און צעיאָמערט דערשראָקן, און חנה-רחל שטייט נאָך אַלץ ווי פאַרגליווערט מיט צענומענע הענט אין חושך אריין, און פילט עפּעס צעוואַלגערטס לעם די פיס. דאָ טוט דער גרויסער סילועט אַ שפרונג מיט אַ ריטש פון אַ גערייצטער חיה, און, טוט איר, חנה-רחלען, אַ טראָג, ווי אַ שפּענדל, אויפן בעט.

— פריער דיר, ווּעסטו דערנאָך לאָזן איר!.. — טוט איר אַ זעץ ווי מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ „אבריימלס" קול, און זי ווערט פאַר-חלשט אונטער זיין שווערן קערפּער.

בתיה ליגט נאָך אַלץ אויף דרערד מיט צענומענע נאַקעטע פיס' און צערויעט זיך פלוצים ביטער, קרענקלעך און האַרצרייסנדיק, ווי אַ קינד וואָס מ'האָט דעם אַ שרעקלעכע עולה אָפגעטאָן. בערעלע רייסט זיך אויף קולות. אין דאָס בעט סקריפּעט אונטער סאַפּנדיקע קערפּער און קרעכצט אריין אינמיטן — —

אין פינף מינוט שפּעטער עפנט זיך ווידער די טיר.

— וואָס איז עפּעס פינסטער?.. וואָס טוט זיך עס דאָ?.. — פרעגט דערשראָקן גיטלס קעלכל, און איז מוסיף: גיי אַריין, זיידע... ביסט דורכגענעצט...

אויף דעם פּאָלט אַ קראַכנדיקער דונער, דאַכט זיך, גלייך אין כאַטקע אַריין. אַ בליץ באַלייכט אַן אויגנבליק דאָס חדר... „אַברייםל" טוט אַ שפּרונג אָפּ פון דער האַלב-פאַרחלשטער, האַלב-נאַקעטער חנה-רחלען, מיט ווייסע פלעקן פון אונטערוועש פון די הויזן אַרויס. און פאַר די אויגן פון דעם אַלטן שמריה-משהן מיטן אייניקל גיטל, וואָס שטייען פאַרבלענדעטע אויף דער שוועל, ברענט רויט דאָס שרעקלעכע שענדלעכע בילד אין דער צוריקאַנגעשוואָמענער געדיכטער טינטישער פינסטערניש —

— ווי צו מיינע יונגע יאָר! — טוט האַרצרייסנדיק אַ געשריי גיטל און שפּרינגט אָפּ אויף-צוריק.

— ווי צו מיינע אַלטע יאָר! — טוט אַ קרעכץ דער אַלטער שמריה-משה. וויל אויך אָפּשפּרינגען אויף-צוריק, אָבער ער טוט אַ פאַל צו צום ביישטידל פון דער טיר און בלייבט אָנגעשפּאַרט ווי אַ קלאָץ.

ער פילט, אַז די גאַנצע זייט פון דעם פאַרקילטן פוס איז אים געליימט...

---

פאַרנאַכט. חשונדיקער טריבער רעגן וואַשט די פענסטער מיט טרערן, און קאָן זיי נישט דערוואַשן. די שייבלעך בלייבן גרוי מיטן גלאַנץ פון אַ בעלמע-אויג, און אין שטיבל איז טונקל. אַרום די ווענט און אינדערהויך אונטער דער סטעליע, וואָס זענען נישט געווייסט געוואָרן אויף די ימים-טובים, וויקלט זיך שאָטן ווי פאַרשטויבטע, פון שטויב דורכגעפרעסענע לייַלעכער. שפּינוועבס, פאַרדיקט מיט צונעשטאַנענעם שטויב, הענגט אַראָפּ אין די ווינקלען ווי גרויע שטריקלעך, אויפגעהאָנגען גלאַט אין דער וועלט אַריין, אָדער — פאַר עמעצן זיך אויפצוהענגען.

בערעלע זיצט אין דער מאַמעס בעט און קוקט פון דאָרט אין דעם טריבן דרויסן מיט גרויסע אויגן, און מיטן בליק פון אַ פאַרחלשטן דערוואַקסענעם מענטשן.

בתיה זיצט אויפן צווייטן בעט און זינגט מיט אַ אומזיניקן בליק אין דער שוואַרצער לאָך, וואָס די צוגעשטעלטע שאַפע צום אויוון האָט נאָך איבערגעלאָזט פונם פּיעקעליק. עפּעס אַן אימה קוקט פון דאָרט לאַקערנדיק אַרויס מיט טויזנטער באַוועגלעכע מאַנענקעס אייגעלעך ווי

שאַרפע נאָדלשפּיצן. זי דערלאַנגט פון מאָל צו מאָל מיט דער האַנט אַ גרויסן גרינעם ווינטערעפּל צום מויל, און גריזשעט פון אים נישט־באַוווסטזיניק טעמפּ, ווי אַ קו מעלה-גרהט. עס טראַכט זיך איר פויל אין צעשוואומענעם מוח: ווי זי איז היינט געווען ביי דער באָבען, ווי ד... קראַנקער געלימטער זיידע, ווען ער האָט איר פון בעט דערזעען, האָט אַ מיך געטאָן מיט דער געזונטער האַנט זי זאָל אַוועקגיין, אָבער די מחשבות גייען איר פאַרביי אָן וויי.

גיטל שטייט ביי דער שאַפע, וואָס שמעקט מיט שאַרפן עפּל־אַראָמאַט, און קוקט דורך אַ הינטערשט פענסטערל אין סאָד אַריין. דער סאָד איז שיטער, שיטער און מאָגער, און זיינע צווייגן זעען־אויס ווי בינטלעך איינגעצוויקטע ריטער. זי איז פאַרזינקען אין נאָענטע דערמאָנונגען, און פאַר איר באַוועגען און פאַרביקן דמיון שטייען־פאָר לעבעדיקע בילדער:

... אָן דאָרט אויף יענעם בוים קלעטערט די מאַמע פון צווייג אויף צווייג... צעראַצט דאָס פּנים און צעררייסט דאָס קלייד... און רייסט כלומרשט די איינציקע עפּל וואָס קאָנען נישט מיטן דראָנג דערלאַנגט ווערן, און נישט דורכן טרייסלען דעם בוים אַראָפּגעשיט ווערן... זיי די קינדער, שטייען מיט שרעקעדיקע הערצער און ליים־בלאַסע פּנימער, און בערעלע צאַפּלט:—מאַמע! מאַמעניו!.. אָבער זי, ווי אַ גזלן, טוט זיך אירס

— וואָס קאָן זיין ערגער פון ערגער... מער ווי איינמאָל שטאַרבט מען נישט!.. — —

... אָן דאָ, פון דער צווייג, טוט זי אַ שפּרונג אַראָפּ שטייענדיק, אַז ס׳דאַכט זיך, די פיס וועלן איר ווי פּלעקער אין בויך אַריין... — מאַמעלע! וואָס האָסטו געטאָן?!.. — איך מוז דעם „אומגליק” פון זיך אַרויסטרייבן... כאָטש פינדיינעזווען, גיטעלע... — — —

חנה־רחל קומט אַריין פון הויז מיט אַ ברעמיע האָלץ אויף דער ברוסט, און טוט איר אַ וואָרף פון זיך פאַר איין מאָל. דאָס האָלץ איז סענקעוואַטע ביז צום איין שטיקל, ווי ספּעציעל אָנגעלכעס אויסגעקליבן, זי קלויבט אויס די גרעסטע פּאָלינע און נעמט זי צעשפּאַלטן אויף שטיקלעך. איר פאַרגיכערט שווער אָטעמען שלינגט איין דעם גאַנצן חלל פון שטיבל. טיילמאָל רייסט זיך איר פון ברוסט אַ כאַרשאַרפּטער אוי, אָבער זי איז אינמיטן דער מלאכה נישט מפסיק. זי צעלייגט אַ

פייער אויפן פריפעטשיק, און שטעלט אויפזידן אַ גרויסן טשוהונענעם קעסל. באַלד שלעפט זי אַריין אַ גרויסע הילצערנע וואַנע, אַ פּאָרל וואַסער, און גרייט דאָס אַלץ צו לעבן איר בעט.

— ווידער, מאַמע?.. — רייסט זיך גיטל אַוועק פון פענסטער און טראָגט איבער בערעלען פון דער מאַמעס צו זיך אין בעט אַריין: ווערסט דאָך סוף-כל-סוף פאַרבלייבן אין דער וואַנע!..

זי טוט אַ פאַל אויפן געלעגער לעבן בערעלען און הייבט זיך אָן רייסן פאַרן קאָפּ:

— ווײ-ווײ צו אונזערע יאָר!.. ס'אַן אומגליק אונז האָט געטראָפן!..

— גיטעלע, מיין האַרציקע, מיין טייערע! — פאַלט צו איר צו די מאַמע און באַרויקט איר: זייַ שטילער, שרעק נישט איבער דאָס קינד... ווערסט דאָך... אַז מען קאָן לעבן אָן אַ ט טן... אַז מע קאָן האָבן אַן אַלטן קראַנקן זיידן, וואָס לאָזט אויף דער שוועל נישט אַרויף... קאָן מען לעבן אָן אַ מיזמען אויך..

גיטל דערשטיקט דאָס געוויין אין זיך, און די מאַמע מיט דער געליבטער טאָכטער האַלדזן זיך פעסט און שטיים אַרום, אַריינצוקנדיק מיט די לייבער איינע אין דער צווייטע. דאָס קינד צעוויינט זיך מיט מחשבהדיקע יבעררייסן. און בלייבט ווידער פאַרטראַכט־שטיל. בתיה, פאַרלעגט די הענט אויף די אויגן, קוקט דורך די פינגער.

עס פאַלט צו די נאַכט. קיינער האָט נישט אין זינען דעם לאָמפּ אָנצוצינדן. דאָס פייער אויפן פריפעטשיק, דורכן שוואַרצן ריס פון די ברענענדיקע סענקעס, זאַפּט-דורך דאָס חדר מיט אַ שוואַרץ־רויט־בלוטיקער שיין. אַלץ און אַלע שטומען. בלויז די אויפזידנדיקע וואַסער אין קעסל ברומט, זידט און בייזערט זיך. פון שטאַל מעקעט ווייענדיק דאָס קעלבל, און איז אומזיסט מודיע, אַז מ'האָט היינט פאַרגעסן דעם עסן צו געבן.

חנה־רחל נעמט מיט מוטשעניגע אַראָפּ דעם אויפגעזאָטענעם קעסל, און געבויגן ראַטשקעוועט זי זיך מיט דעם צו דער וואַנע, ווי זי וואָלט געקראָכן אויף אַלע פיר. גיטל קוקט זייטיק, באַצערט אויף איר אַרבעט און וואַגט נישט צולויפן איר העלפן. ווייל וואָס וועט דען אַרויסקומען? זי וועט, ווי אַלעמאָל, אַ געשריי טאָן מיט אַ ווילד-משוגענעם קוויטש.

— אַווע — עקן.

חנה־רחל קערט איבער, איין גאַט ווייסט מיט וואָס פאַרא כוחות, דאָס קעסל אין וואַנע אַריין. אַ געדיכטע פאַרע טוט אַ קנויל אַרויף און פאַרשלינגט דאָס חדר מיט מילכיקן נעפל. דאָס פייער אויפן פריפּעטשיק קוקט שוואַכער, מרה־שחורהדיק, ווי פאַרוויינט. ס'הערט זיך, ווי זי גיסט צו וואַסער, ווי זי טוט זיך שנעל אויס. עס טונקלט אין נעפל איר סילועט. זי שטעקט אַריין פרוונדיק אַ פוס אין וואַנע. טוט אַ טיפן אָבער פאַרשטיקטן ווייטאָגלעכן זיפץ, משמעות, דורך פאַרקלעמטע ציין, און פאַראַמאָל טוט אַ פליסק דאָס וואַסער פון וואַנע אַרויס, ווי עפּעס ווייכס וואָלט אין איר אַריינגעפאַלן. פון דער פאַרע איבער דער וואַנע שוואַרצט בלויז אַרויס אַ קאָפּ־האָר, ווי אַ טיבעפּלעק. עס הערט זיך, דאַכט זיך, פון דאָרט קיין אָטעם נישט.

— מאַמע! דו חלשסט? — טוט אַ שפּרונג צו גיטל.

— ניי־יין! -- ענטפערט עפּעס אַ פרעמדע שטים, שוואַך ווי אַ זיפץ, און פאַרחלשטער קאָפּ פאַלט אַריבער מיט אַ באַרשט נאַסע האָר איבערן ראַנד פון דעם וואַנע־צעקאָפּנס. אַ פּאָר אויגן קערן זיך איבער פאַרגלאָצט צו דער סטעליע, און אַ מויל עפנט זיך אויף ווי אַ שוואַרצער לאָך...

— חלשט?!

— ניי—יין... אַז כ'וועל אָנט...שוויגן ווע...רן... נאָך אַ ר...גע..: נאָך... אַ... ר...גע... — הערט גיטל ווי זי מורמלט קוים אַרויס, און וואַרט מיט שווערן אָטעם און קלאַפּנדיקן האַרץ.

— בתיה, העלף!!!

---

אין כאַטקע איז שטאָק־פינסטער. נאַכט, פאַרווייסט מיט בלענד פון ערשטן פּסלודיקן שניי, שטייט צוגעשפּאַרט אין ביידע זייטן צו די פענסטערלעך מיט תכריכימדיקע פלייצעס, און קאָן זיך אינעווייניק נישט אַריינשפּאַרן. איינע אַליין זיצט חנה־רחל וואָגיק אויף דער טאַבורעט לעם טיש. דער קאָפּ פאַרשטעקט צווישן צוויי פויסטן, וואָס דריקן ביינערדיקווייטיקלעך, ווי צום אויפוועקן פון חלשות, אויף די שלייפן. פון צייט צו צייט רייסט זיך פון האַרץ אַרויס אַ יאָמערלעך־ביטערער שלוכץ. מיט פאַרמאַכטע אויגן הערט זי זיך איין צום רוישן און קלינגען אין די אויערן, און האַלוצינירט:

... מע באקלאָגט דעם בר-מנן... ער ליגט, דער שווער, אויף דער פּאָדלאָגע... אונטערגעבעט מיט אַ ביסל שטרוי, און איבערגעדעקט מיט זיין לאַנגן אָפּגעקראָכענעם פּאַלטאָ... צעקאָפּנס, איבער ברענענדיקע ליכט, קלאָגן די שוויגער, די קינדער, בפרעלע... — — —

... און זי האָט אַפילו נישט זוכה געווען אַ ליכט צו שטעלן דעם שווער צוקאָפּנס!.. פאַר זיין שטילער, ליכטיקער, טויבישער נשמה...

זי שלוכצט-אויף, רייסט אַרויף דעם קאָפּ, צעשפרייט די הענט אין חושך אריין און הייבט אָן איינטעניקן אויפן קול:

— טייערער שווער! איצט זעט איר דאָך שוין מיט אייערע אויגן, אַז איך בין נישט שולדיק... נישט איך האָב עס געוואָלט, נישט איך האָב געדאַכט, אָנצוטאָן אייך דעם בזיון... טייערער שווער! איר ווייסט דאָך שוין איצטער, אַז איך האָב נאָר געוואָלט ראַטעווען מיין קינד, אייער אייניקל... און אונזער גאַנץ הויזגעזינט פון שאַנד און שמאַך... —

— רבונו-של-עולם! פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ ביטערע שטראָף?.. האָסט מיר מיין מאַן צוגענומען... מיין ליבן, שטילן שווער אין קראַנקהייט, און אין צרות, און אין בייזקייט אויף מיר און די קינדער צוגענומען... פאַר וואָס-זשע ווילסטו נישט צונעמען מיין נשמה אויך?! מיט די אַרבע-מיתות-בית-דין האָב איך זיך אַליין געמשפּט... און די „נשמה“.. האַלט זיך אין מיר ווי אין אַן אייזערנער שטייג... דו ווילסט זי גאָרנישט פאַרטיליקן...

זי רייסט זיך איבער מחמת אויספעלן פון אָטעם, און הערט זיך צו צו די אויסטערלישע עכאָדיקע קלאַנגען, וואָס בלאָנדזשען דאָ אַרום אין חלל, ווי נישט-קערפּערלעכע, גייסטיקע ישן. זי הערט זיך צו כמעט מיט פּחד, ווייל אירע אייגענע יללות און טענות קערן זיך צון איר אום ווי פון ערגעץ אַ פרעמדער וועלט... ווי גאָט וואָלט זיי נישט געוואָלט צונעמען... און זי פאַרגייט זיך אין אַ יאָמער אָן ווערטער, כּדי זיך און די פרעמדע קולות צו פאַרטויבן. די כאַטקע קלויבט אָן אין זיך דעם יאָמער, שטיקט זיך מיט אים, זאַפּט אים אַריין אין דער סטעליע, אין די ווענט, און צעיאָמערט זיך אַליין דורך אַלע אירע צוויאַונדרייסיק שייבעלעך אין שטילער, וויסטער, שנייאיקער געגנט אַריין. און קיין ענטפער קומט נישט פון ערגעץ. ווי דער גאַנצער געגנט וואָלט געווען אויסגעשטאָרבן. פאַראַמאָל טוט עמעץ עפּעס אַזוי יאָמערלעך אַ רוף

אַזוי נאָענט, אַזוי נאָענט. זי טוט אַ שפּרונג־אונטער פון איבערשרעק, ווי אונטערגעטראָגן פון אַן אויפּרייס. אָבער באַלד מאַרקירט זי:

...אַהאַ! דאָס קעלבל... האָט אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן...

דורכגענומען פון אַ בליציקער מחשבה, לויפט זי אַרויס אין שטאַל אַריין, דערטאַפּט זיך צום טויער, עפנט אים, און טוט מיט אַ שטעקן אַ טרייב דאָס קעלבל אינדרויסן אַרויס. אויסגעמאַטערט פון הונגער, וויל זיך דאָס קעלבל נישט רירן פון אָרט. אָבער נאָכן צווייטן שטאַרקן שמיץ:

— נאַ דיר!...

טוט עס אַ שפּרונג אונטער, מאַכט אַ האַלבן קרייז אַרום שטאַל, בלייבט שטיין מיט אַ האַלב אויסגעדרייטן קאָפּ, און בעט זיך:

— מע—ע—ע!... וואָס בין איך שולדיק?...

חנה־רחל יאָגט דעם אָן און ציילט דעם אָפּ נאָך עטלעכע שטעקנס פאַרן עקשנות. דאָס קעלבל ווערט ווילד, שפּרינגט אַרויס פון טויער, און לאָזט זיך לויפן אין דעם פלאַכן ווייכן שניי גלאַט אין דער וועלט אַריין. מיט אויפגעהויבענעם שטעקן לויפט חנה־רחל נאָך, זיך נישט אַרומקוקנדיק, און פאָכעט מיטן אויפגעוואָקסענעם בויך, ווי אַ זעגל מיט אויפגערודערטן לייוונט. עס באַפאַלן איר אַנגסטן. דער אייגענער פאַר־כאַפּטער אָטעם ברענט אין די נאָזלעכער. די ביינער נאָגן. און אונטער אין אַרום די דיכן שפּאַרט. ווי טעמפּ־פאַרקיילעכטע ברעך־אייזנס וואָלט געקראָכן אין בויך אַריין. אָבער זי לויפט אָן אָפּהאַלט. אין טאָל ביים צלם בלייבט דאָס קעלבל שטיין אַ שטיק פאָרויס, און דרייט ווידער אויס דעם קאָפּ אין דערוואַרטונג אויף חנה־רחלען און אין צווייפל: זאָל זיך עס אומקערן אַהיים אָדער נישט? חנה־רחל לויפט אָן, ווי אַ סאַפּענדיקע, קרעכצנדיקע דאַמף־מאַשין, און ס'פאַלן ווידער אַמאָל עטלעכע קלעפּ פון אירע לעצטע כחות אויפן איינגעשרומפּענעם קעלבל. ס'צעמעקעט זיך, ווי אַ וויינענדיק קינד, און לויפט דריבנע פאַר זיך באַרג־אַרויף. חנה־רחל נאָך. עס הייבט איר אָן טונקלען אין קאָפּ. דער שטעקן פאַלט איר אַרויס פון דער פאַרגליווערטער האַנט. דאָס קעלבל ווערט איר, ווי אַ פלעק, פאַרפאַלן פון די אויגן, און זי שפּאַנט שוין גלאַט אין דער וועלט אַריין אינגדערהויך, באַרג־אַרויף. זי שפּירט ווי אַרום די דיכן וואָלט מען מיט אַ שאַרפן מעסער אַ שניט געטאָן, און

דערנאָך דאָס פלייש מיט אַ האַנט אוועקגעטרעטן. זי פאַרקריצט די ציין. ביין, זי דאַרף נאָך לויפן... און אַהיים קומען... אפשר איצטער וועט עס שוין געשען...

זי דערגרייכט דעם שפּיץ באַרג און פאַלט צו מיט דער פלייצע צו דער וואַנט פון דער ווינטמיל. פאַראַמאָל שטעכן זיך איר אַריין אין די ברעמען דינע רויטע שפּיזן. זי שטרענגט אָן דעם בליק. דאָרט אונטן, אויפן שליאַך אַ פּנים, באַוועגט זיך אַ מחנהלע שאָטנס, טראָגן עפּעס אַ שמאָלס אַ לאַנגס, ווי אַ שיפל, אינדערהייך, און אונטן שוקלען זיך זיי נאָך צוויי אָנגעצונדענע לאַמטערנס. זי פאַרשטייט...

— שווע--ער!! — רייסט זיך איר אַרויס פון האַרץ אין דער נאַכט אַריין, און שטעכט אַריין ווי אַ שפּיז אין האָריזאָנט.

די לאַמטערנס בלייבן דאָרט שטיין פאַרגליווערט, ווי רויטע בלוט-פאַרלאָפענע אויגן פונם מלאך-המות, און דער כּחד טוט איר אַ קויקל אַראָפּ, ווי אַ באַלעם פונם באַרג.

מיט די רעשט צוזאַמענגענומענע כּחות שפּרייזט זי אַהיים, זיך אונטערשפּאַרנדיק אַלעמאָל מיט די פויסטן דעם בויך. זי פילט ווי מען שלעפּט איר אַרויס די קישקעס, און זיי שלעפּן זיך איר נאָך אויפן שניי און זי שעפּטשעט דורך פאַרקריצטע ציין:

— נאָך נישט?.. נאָך אַלץ נישט?.

צוגעקומען צו דער כאַטקע, גייט זי נישט גלייך אַריין אין שטוב. זוכט אויף אין שטאַל אַ רידל, און, קענען שיין פונם שנייאיקן דרויס. דורכן צעעפנטן טויער, נעמט זי גראָבן מיט גוסטדיקע כּחות אַ גריבל. ן

דאָס דורכגעשטרויטע קי-מיסט, לאָזט קוים אין זיך אַריין דעם רידל, און קוים-קוים וואָס זי דערגרייכט דעם באָדן.

פון ערגעץ דערנענטערט זיך אַ היימישער יאָמער, קומט שנעל צו צעפּ״אַלט האַסטיק די טירן, און באַלד באַווייזט זיך אין שטאַל גיטל מיטן לאָמפּ אין דער האַנט.

— וואָס? — טוסטו? — מאַמע?! —

— אַ קבֿרל... אַ קבֿרל גראָב איך, — שעפּטשעט זי, און פאַר־לירט דעם רידל. פיר מיר צום בעט...

זי פירט איר אונטערגעלענט מיט איין האַנט, און לאָזט איר פאַלן אויפן בעט. זי לאָזט נישט אַרויס, גיטל, קיין איין קלאַנג פון מויל.

אירע אויגן קוקן אויף דער מאַמען ווי צוויי שוואַרצע קוילן-אויגן פונם ווייסן פנים פון אַ שניי גולם. אַ שרעקלעכע השערה צעשניידט איר דעם מוח מיט אַ רויטפייערדיקן קרייץ-שניט:

..מאמע: ! משוגה — — —...

— טו מיר אויס, — שעפּטשעט די מאַמע מיט פאַרמאַכטע אויגן

זי שלעפּט אַראָפּ פון איר אַלץ ביזן לייב. דאָס ווייס איז הייס דורכגעווייקט מיט שווייס. דאָס האַרץ קלאַפּט און וואַרפט פון זיך אָפּ די ברוסטן. דער בויך פּאָכעט ווי אַ בלאָז-זאַק. און פון דעם היציקן נאַסן לייב הייבט זיך אויף אַ לייכטע פּאַרע מיט אַ ביטער-שאַרפן שווייס-ריח.

— גיטעלע, פאַרמאַך די טיר אויבן ריגל.

גיטל פּאָלגט שטום.

— גיטעלע פאַרהענג די פענסטער... מיט די קאָלדרעס... מיט די ליילעכער...

גיטל פאָלגט שטום.

— גיטעלע, טאַטער קומט בתיה... זאָלסטו איר נישט אַריינלאָזן... הערסט?

— איך הער.

דאָס פּנים צעקרימט זיך איר פון איבעריגעמעטיקטן ווייי. זי עפנט די אויגן און בלאָנדזשעט אום מיט זיי, עפעס זוכנדיק. זיי בלייבן שטיין אויפן מאַנס טלית-זאַק וואָס הענגט קעגנאיבער אויף דער וואַנט, און רעדט צו זיך אַליין:

— איך האָב נישט... קיין מאַן... וואָס טויג... מיר... זיין טלית?.. בערעלע.. וועט טראָגן... דעם זיידנס... טלית... אוי!...

— נעמ... אים... אַ... ראָפּ... גי... טע..לע..

גיטל שטרעקט אויס צעמישט די האַנט צום טלית:

— מאַ? — מע???

הנה-רחל אָטעמט שיף אָפּ, און רעדט גיך, ווי זי וואָלט זיך געאיילט:

— זאָלסט עס איינוויקלען אינם טלית... באַגראָבן אין שטאַל... איך... אוי!... אוי!... אוי!—וי! איכל באַלד מפּלען... אוי—וי!!!

איר קערפּער טוט פאַראַמאָל אַ שוידער, אַ דריי זיך ווי אַ צע-

האַקטער שלאַנג, אַ שפרונג-אונטער, גלייכט זיך אויס, ווי מען וואָלט דורך אים אַ שטאָלענעם שטאַב אַדורכגעצויגן, די קניעס שטעלן זיך אויף ווי דריי-קאַנטן און טוען זיך אַ צעשפרייט, ווי צוויי איינפאַלנדיקע קראַקוועס... גיטל דערזעט אין אוממענטשלעכער שרעק, ווי מיט אַ פליוך בלוט קריכט פון דער מאַמעס שויס אַרויס אַ טויט שוואַרץ קעפל — —

פאַרטאָג הייבט דאָס אויפגערודערטע הונגעריקע און אויסגעמוטשעטע קעלבל אויף דעם קאָפּ, פינקלט מיט די ווייסע ברעמען קעגן שוואַכער לאָמפּשיין, און טוט אַ מעקע, וואַרטשענדיק אויף עסן. און אַנטקעגן לעגט גיטל אַריין אין „קברל" אַ פאַרבלוטיקט פּעקעלע איינגעוויקלט אין טלית, פאַרשיט עס געאיילט מיטן קוי-מיסט און אַנטלויפט, נישט באַמערקנדיק, אַז אַ רויטע ציצה איז געבליבן אַרויסקוקן...

* * *

נאָך שבעה קומט ריווע-לאה צו דער שנור מבקר-חולה זיין. שוויגער און שנור בעטן זיך איבער. און עס בלייבט אָפּגערעדט:

— וואָס וועט מען לעבן אַזוי אָפּגעריסן איינס פון ס'אַנדערע...

— זי וועט זיך שוין בעסער אַריינקלייבן צום שווער...

— ביז גאָט וועט העלפן, וועט זיך דערבאַרעמען, און הערשקע וועט קומען...

— דערווייל זאָל „ער" זיין אַ גוטער מליץ כּאַר אונז אַלע...

יצחק באַשעוויס

# צוויי נאָוועלן

א. אייניקלעך. ב. א דאָרפס־קברן

# א

דער רבי ר׳ סענדער לוי קאַרוועד איז טאַקע געווען אַ לייבלעכער זון פון ר׳ דודל קאַרווערט און אַ רעכט אייניקל פון אַלטן בעלזער רב. אָבער אַז אַ ייד שכורט אַ גאַנץ לעבן, רעדט נישט אויס צו אַ מענטש קיין וואָרט, קוקט נישט אין קיין ספר און האַלט פאַרמאַכט די לאָדן ביי טאָג און ביי נאַכט, ווערט קיין עולם צו אים נישט פאָרן. מילא, איז אים טאַקע געבליבן בלויז דעם זיידנס האַלב-איינגעפאַלענע דירות, אַ הרובע מקוה, וווּ ס׳איז אַ מורא אַריינצוגיין אַפילו בייטאָג און עטלעכע דאָרפס-ווייבער, וואָס פלעגן קומען פון צייט צו צייט אַהער, אָפּגעבן קוויטלעך און געבן עפּעס געלד, אָדער מילך, פוטער צו גאָר עופות.

ר׳ סענדער לוי קאַרוועד, אַ הייכער, תמיד אין אַ פאַרפעטשטער יאַרמולקע, אין אַ צעריסענעם זיידענעם כאַלאַט, די פאות אויסגעקראַכט, מיט אַ לאַנגער, געדיכטער, פאַרטאַבאַקטער באָרד, מיט לאַנגע וואָנצעס, מיט געדיכטע ברעמען ווי בערשטלעך, מיט אַ לאַנגער, מרוקעוואַטער נאָז, וואָס איז אַראָפּצוצי ברוין-בלוי געווען און מיט גרויסע, רויטע, ברוגזע מיט בלוט-פאַרלאָפענע אויגן, האָט שוין געהאַט זיינס אַ יאָר זעכציק. דאָס ווייב, די רביצן, אַ יידענע אַ חכמה און אַ טאַנדזער קינד, האָט ער שוין לאַנג געשיקט אין דר׳ערד אַריין דורך זיין שטענדיקן כעס, ווייל זי, אַן איידל און קראַנק מענטש, האָט נישט געקענט פאַרליידן... יאָרן לאַנג איז זי געלעגן אייגנע אַליין און געקרענקט און אין דער גאַנצער צייט האָט ר׳ סענדער לוי קיין איין מאָל נישט צו איר אַריינגעקוקט: געוואָרטשעט, אַז זי מאַכט פון אים אַ תל און נישט פאַרשטאַנען וויפיל ס׳איז דער שעור צו פוילן לעבעדיקערהייט... יעדער זאַך מוז דאָך האָבן זיין שעור... אַז די רביצן איז סוף כל סוף געשטאָרבן, האָט ר׳ סענדער לוי זי באַלייט פיר איילן פאַר דער טיר, געהייסן דעם טומטום, דעם זון זיינעם ער זאָל אים דערלאַנגען אין גאַס אַרויס אַ גרויסע קופערנע קוואָרט וואַסער און ער האָט געזאָגט:

— פטור געוואָרן דאָס שלימזל... יעצט וואָלט איך נאָר פון דיר געדאַרפן לויז ווערן...

ער האָט מער נישט געלאָזט עפענען די לאָדן, געטענהט, אַז ס׳איז

גענוג פאַר אים די ליכטיקייט, וואָס קומט אַריין דורך די שפּאַלטן. אין שאַנק איז געשטאַנען תמיד פאַרשלאָסן אַ גאַנצער טאָפּ מיט אָקעוויט. אַז דער רבי איז דורשטיק געוואָרן, האָט ער אָנגעשעפּט פון טאָפּ אַ קאַזוע־גלאָז, עס אויסגעטרונקען ביזן דנאָ און ווידער טאָפּלט פאַרשלאָסן דאָס טירל פון שאַנק, האַסטיק און מיט רציחה, ווי אײנער זאָגט: פאַרשלאָסן און זאָל מיר נאָר קיינער דאָ נישט רירן!...

ווי אַלעמאָל נאָכן בראָנפן, איז דער רבי אַרייַנגעפאַלן אין צאָרן, געמרוקעט צו זיך אַליין און די אָדעריק־רויטע, פאַרלאָפענע און מאָנטנע ווייס־אַפּלען זיינע האָבן קרום און מיט חשד געקוקט צו די לאָדן־שפּאַלטן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז פון דאָרטן זאָל מען נישט קומען נעמען אין אים נקמה פאַר זיינע מעשים תעתועים, וועלכע קיין שום בעלזער קינד האָט זיך נאָך נישט דערלויבט. דערנאָך האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זיין צעריסענעם זיידענעם כאַלאַט, אַוועקגעוואָרפן אויף דער ערד דאָס שפּיציקע ספּאָדיקל, וועלכעס איז שטענדיק ביי אים פאַררוקט געווען איבער די אויגן, אַראָפּגעוואָרפן פון די פיס די גרויסע, שווערע, ברייטע שטיוואַנעס און זיך אויסגעצויגן אויפן דעמבענעם בעט שווער און גלייך, ווי מ'לייגט אַוועק אַ בר־מינן.

ער איז געלעגן אַזוי גאַנץ שעהן לאַנג, נישט גערירט זיך, מיט די גרויסע באָבע־נעגל, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון די רויטע זאָקן, אַרויף, דער לאַנגער, שמוציקער טלית־קטן איבערן גוף. פון צעקנעפּלטן, אומרייניגעם העמד האָט אַרויסגעקוקט אַ טונקל־אָפּגעקראָכענע האָריקייט, וואָס האָט זיך צונויפגעמישט מיט דער באָרד. ער האָט נישט גערירט מיט קיין אבר, דאָס בעט האָט נישט אַ סקריפּע געטון, נאָר די אויגן זיינע זענען צעעפנט געווען. דורך די בלוטיקע, פאַרבאַקן־טרעריקע בעלמעס האָבן פאַרבלאָנדזשעטע דורכגעקוקט קליינע, גרינלעך־צעגאָסענע אַפּלען. שטייענדיקע און ניכטערנע, מידע, ווי אין מיט וועג, טעמפּע און מיט לעצטע שטיקלעך שכל.

— הייסט עס, בהממם... אוהוממם...

ס'זענען געווען די איינציקע קולות, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט אַרויסגעלאָזט, פאַרדומפּענע און געגאַנגען זענען זיי נישט דורכן האַלז, נאָר פון גאַנצן פנים, וואָס איז לעצטנס שוואַרץ געווען ווי טשוגון, דורכגעגעסן מיט טאַבאַק, צעפאַלן אין האַרטע. פאַרגליווערטע

קנייטשן. פלוצלינג האָט מען אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. דער טומטום האָט שוין ווידער עפּעס געדאַרפן. וויפיל דער טאַטע האָט אים נישט געפּאַטשט פאַר זיין קריכן צו אים אַלעמאָל, האָט ער זיין געוווינהייט נישט געקאָנט גובר זיין. ווידער איז ער געשטאַנען ביי דער האַלב־געעפנטער טיר: אַ נידריקער, אַ דיקליכער, אין אַ לאַנגן איבערציער ביז צו דער ערד, אין פּאות ביז צו די אַקסלען און מיט אַ הויך, קליין יאַרמולקעלע אויפן סאַמע שפּיץ קאָפּ. אין די טיפע ווינקלען זיינע און גרויסע שוואַרצע אויגן, ווי ביי אַ פערד, איז געלעגן אַ שגעון.

— טאַטע?

— הוממם —

— לאה ציווקעווער האָט שוין ווידער געברענגט מילך... ווייס איך נישט וווהין זי צו גיסן...

— די דיניעצע איז פאַרליידיקט? — האָט דער רבי נישט גערירט מיט קיין מוסקול.

— יאָ.

— נו, און דער גרויסער טאָפּ?

— איך פאַרליידיקט — האָט דער טומטום אויסגעשטשירעט זיינע פערדישע, טיפע אויגן. — אַלץ איז פאַרליידיקט...

טאָג־טעגלעך איז ער געקומען מיט דער זעלבער פראַגע און כאָטש דער טומטום האָט געקאָכט עסן אין קיך, געקאָכט שיילן קאַרטאָפל און געקויפט מציאות אין מאַרק, האָט ער קיין שום מתנה נישט צוגעגומען ער זאָל פריער נישט פרעגן ביים טאַטן. אזוי האָט אים געהייסן דער שגעון, אַ פּנים... דער רבי האָט אים אָנגעקוקט צים וויפילסטן מאָל, שוין זיכער געוועזן, אַז ער וועט אים דאָס נישט אויס. האַקן פון קאָפּ קיינמאָל און ער האָט געזאָגט פול מיט יאוש אין אָן שום כחות:

— אויב ס'איז נישטאָ ווו, קויף אַ טאָפּ... הייס דער יידענע וואַרטן אַ ווײלע:

— אַזוי? קאָן איך גיין קויפן? — האָבן ביי דער ווילדער בריאה טיף און טונקל אַ גלאַנץ געטון די אויגן און ער האָט זיך דערפרייט. — נו, איז גוט!

ער האָט נאָך זיך פאַרהאַקט די טיר, געלאָפן אין דער יאַרמולקע אין מאַרק אַריין קויפן אַ טאָפּ, געגאַנגען פון געוועלב צו געוועלב און

נעדונגען זיך. די יידענע איז געזעסן אויף אַ בענקל, זיך איינגעקוקט אין די בערגער מיסט, וואָס האָבן אָנגעפילט די קיך, אַלעמאָל אויפגע־שפּרונגען פון אַן אַנדער מויז, וואָס האָט נישט קוקנדיק אויף דער ליכטיקייט פון טאָג, געאיילט פון לאָך צו לאָך, דערביי שווער געפּויקט מיט איר ווייך־פליישיקן, אָנגעפּאַשעטן בויך. פּלוצלינג האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַריינגעקומען דער רבי אַן אויסגעטוענער, ווי ר'איז געלעגן אויפן בעט. ער האָט געהאַט פאַרגעסן, אַז אין קיך וואַרט עמעץ און געגאַנגען אין קיך אַריין טון זיינס אַ באַדערפעניש. די יידענע האָט אויפגעציטערט, זיך אויפגעשטעלט און קוים־קוים וואָס זי האָט געקאָנט זיך דערביוווען אויפן איינציקן וואָרט:

— רבי!

— אַ, לאה צוויקעווער — האָט דער רבי זיך צו איר אויסגע־דרייט זייטיק און גאָרנישט נתפּעל געוואָרן. — נו, וואָס הערט זיך ביי אייך? וואָס מאַכט אייער מאַן? דוכט זיך, אַז ער איז עפּעס נישט געזונט געוועזן...

אין די לאַנגע האָריקע אויערן זיינע האָט געררישט, דער קאָפּ איז ווי אָנגעפילט געווען מיט זאַמד. די יידענע האָט אינגאַנצן אָנגע־הויבן ציטערן.

— דער רבי געדענקט נישט, אַז מיין מאַן איז געשטאָרבן?... דער רבי איז דאָך אַליין נאָכגעגאַנגען נאָך די לויה... ווי איז צו מיר נישט נעבעך... כ'האָב דאָך שוין אין דער צייט געדאַנזשעט צו באַגראָבן אַ מייד, ווי אַ רויז... ווי איז צו דער מאַמען!...

די יידענע האָט פאַרבראָכן די פינגער, געוווסט, אַז דער רבי ווייסט מער נישט ווו ר'איז אין דער וועלט און זיך עס בלויז גערעכנט פאַר אַ מצוה מהנה צו זיין ר' דוד קאַרוועס אַ זון... דער רבי האָט אַרויפגעלייגט אַ רויט־בלוילעכע האַנט אויפן שטערן, געקיקט גלייך אַקעגן זיך פון הינטער די געדיכטע ברעמען און אַז ער האָט זיך גאָרנישט דערמאָנט — האָט ער שטיל געעפנט די טיר און צוריק צו זיך אַריין.

— מילא... הייסט עס, אַז ר' נתן ציוויקעווער איז שוין אויף בעלמא־דקשוט... אַליין נאָכגעגאַנגען נאָך זיין לויה אפילו...

דער רבי האָט דאָס נישט געדענקט, פּלוצלינג זיך דערמאָנט, אַ

ער האָט אַמאָל געהאַט אַ טאָכטער דינה... איז זי געשטאָרבן, אַ פּנים... און דאָס געדענקט ער אויך נישט?... אָדער אפשר לעבט זי גאָר ערגעץ?... דינה... קען אפשר גאָר זיין, אַז אַ שוועסטער האָט ער געהאַט דינה?...

דעם רבין איז געשטאַנען פאַר די אויגן אַ נידריק ווייבל מיט רויטע בעקלעך און מיט גוטע, לוסטיקע אייגעלעך, געזען אפילו אירע קליינע, פוכיקע הענטלעך מיט צעשפּרייטע קליינע פינגער, ווי קעלבאַסלעך, געדענקט, אַז זי איז געווען אַן אייגענע... גאָר-גאָר אַ נאָנטע... דינהלע... דינהלע... זיינס אַ טאָכטער, וואָס איז דערנאָך מסתמא געשטאָרבן... אַז נישט וואָלט ער דאָך געוווּסט...

ער איז געשטאַנען אין מיטן שטוב אַ געבויגענער, די בולטע אויגן אויסגעשטשערעט צו דער ערד. אַז דער טומטום איז ווידער אַריינגעקומען אָנזאָגן די בשורה, אַז ער האָט געקויפט אַ גרויסן טאָפּ... אַזאַ גרויסן, ווי ס'וועט קענען אַריין וויפיל מילך מ'וועט נאָר ברענגען... האָט דער טאַטע אויפגעהויבן געלאַסן דעם קאָפּ אין דער שטויביקער טונקלקייט, געבראָמט עפּעס אַליין צו זיך און געזאָגט:

— ווען איז דינהס יאָרצייט?

— הע? ווע מענס? — האָט דער טומטום אויף אַ ווילדן אופן זיך אַ כאַפּ געטון ביים אויער. — דינהס? וואָסער דינהס?

ער האָט נישט געוווּסט פון קיין דינה, דער טומטום, שטאַרק צעמישט געוועזן פון דעם טאָפּ, וואָס ער האָט געקויפט און גיך געפינטעלט מיט זיינע גרויסע פערדישע אויגן. האָט דער טאַטע זיך צוריק אַוועקגעלייגט אויפן בעט, זיך אויסגעצויגן, דורכגעקוקט דורך זיינע בלוטיקע בעלמעס און געמורמלט:

— הייסט עס, בהממם... אומהוממם...

ס'איז געוואָרן טונקל, אינדרויסן איז צוגעפאַלן די נאַכט. די שטשורעס האָבן אָנגעהויבן קוויטשען פון זייערע לעכער, פּויקן אין דער ערד מיט אַ ווילדער, גבורהשער גיכקייט, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרפלאָנטערט. האָט דאָס דער רבי דערהערט, אָנגענומען אַ שווערן שטיוול ביי דער כאַליעווע און אַ וואָרף געטון אין דער שוואַרצקייט, כדי זיי איבערצושרעקן, אָדער גאָר איינער צו טרעפן.

— שטיל! בהממם! שטיל!...

# ב

נאָך אַ גאַנצן ווינטער קרענקען האָט פּרילינג דער רבי באַפוילן דעם טומטום, אַז ער זאָל אים אַרויספירן פאַרן הויז, כּדי אַ קוק צו טון אויף דער ליכטיקער וועלט. אַ זייט ביי אים איז בכלל געווען פּאַראַליזירט, אויפן קאָפּ זיינעם איז געזעסן אַ הויכע, שפּיציקע, פאַרפעדערטע יאַרמלקע. די אויגן זיינע, טיף אַריינגעזעצטע און אויסגעלאָשענע, האָבן געקוקט פאַר זיך שטייענדיק און מאַט, ווי זיי וואָלטן גאָרנישט נישט געזען. אָנגעטון איז ער געווען אין אַ שוואַרצן, צעריסענעם כאַלאַט, באָרד און פּאות — האַלב אויסגעקראָכן און צעשויבערט. דער רבי איז געשטאַנען אָנגעלענט אין דער טיר פון הויז, האָט אָנגעשפּאַרט די רויטע, סויטע הענט אין אַן אַלטן שטעקן און אינגאַנצן האָט ער אויסגעזען, ווי מ׳וואָלט אים אַרויסגעפירט, כּדי צו ווייזן פאַר דער שטאָט. נעבן אים איז געשטאַנען דער טומטום. ער האָט אָנגעשטעלט זיינע גרויסע, בולטע, פערדישע אויגן אויף אַ פּינטעלע אַקעגנאיבער, אויסגעשפּיצט די אויערן, ווי ער זאָל זיך צוהערן צו אַ ווייטן, אומבאַשטימטן שאָרך און ער האָט אַלעמאָל געעפנט דאָס מויל און ביסלעכווייז עס צוריק צוגעמאַכט, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ער האַלט זיך איין. צום סוף האָט ער געזאָגט:

— טאַטע?

— וואָס איז? — האָט דער טאַטע קרום און בלוטיק געקוקט ערגעץ אין דער ווייט, וווּ ס׳איז געשטאַנען אַ ברונעם און מיידלעך האָבן געשעפּט וואַסער. — וואָס איז שוין ווידער?

— גאָרנישט, טאַטע — האָט דער טומטום אַוועקגעקוקט אין אַן אַנדער זייט. — כ׳מיין עס אַקעגן דעם... אַזאַ מרה־שחורה ליגט אויף דער וועלט, הע, טאַטע? די אפּיקורסים זאָגן, אַז דער זיידע ר׳ שלום האָט אויך גאָרנישט נישט געוווּסט, הע?...

נישט דער רבי אין נישט אַנדערע האָבן געוווּסט, וואָס עס איז געשען מיטן טומטום. אין משך פון ווינטער האָט ער אויפגעהערט קומען אין בית־המדרש אַריין, האָט אויפגעהערט קויפן מציאות אויפן מאַרק, האָט זיך מער נישט אומגעקוקט אויף די ווייבער, וואָס ברענגען מתּנות און איז אָפּגעלעגן גאַנצע טעג אין נעכט אין קיך אויפן באַנק־

ברעט און געשוויגן: — צוגענומען שטיקלעך שמות נאָענט צו די ברע-מען, געלייענט אין אַלע פיר זייטן און באַהאַלטן אין די הויזן־קעשע־נעס. אז נישט פלעגט ער בייסן די נעגל פון די פינגער אַזוי טיף און מיט אַזאַ עקשנות, אַז בלוט איז גערינען. אַמאָל דער גאַ צו צר באַלע־באָס אין שטוב, — האָט ער איצט זיך אַרומגעדרייט, ווי אַ פרעמדער, האָט געכאַפּט פליגן אויף דער וואַנט און זיי אַריינגעוואָרפן אין דער מילך, כדי זיי זאָלן זיך דאָרטן טרענקען. אין שטעטל האָט מען גע-רעדט, אַז ביים רבין אין שטוב זיצט אַ קלפּה און אַז דער טומטום פירט מיט איר עסקים... דער איינציקער מענטש, וואָס פלעגט נאָך אַמאָל אַריינקומען אין שטוב אַריין, איז געווען אַ געבויגענע יידענע אין אַ שוואַרצן ברייטן זשאַקעט, אַ שטיקל קרובהטע דעם רבינס, וואָס האָט געוווינט אין אַ נאָענט שטעטל. זי האָט געלעבט דערפון, וואָס מ'האָט איר געשיקט קצבה פון בעלזער הויף, האָט געשמט פאַר אַ מרה־שחורהניצע. מ'האָט אויף איר דערציילט, אַז מיידלווייז איז אין איר געווען אַ דיבוק און אַז ביזן היינטיקן טאָג בלאָנדזשעט זי אַרום אויפן בית־החיים און קאָן נישט געפינען ווערן צי לעבט זי, אָדער זי איז גאָר אויפן עולם־הדמיון... לעצטנס פלעגט זי אַלץ אָפטער קומען אַהער, פלעגט גיין דאַוונען אין עזרת־נשים אַ שטיק איידער ס'איז טאָג געוואָרן און דערנאָך אַהיימגיין צום רבין און דאָרט אָפּזיצן שעהן לאַנג. זי האָט דאָרטן געגעסן איר טרוקן ברויט און זאַלץ, געשטריקט אַ זאָק און פלעגט איינטעניהן מיטן טומטום, אַז די צייטן פון משיחן זענען שוין גאָר גאָר נאָענט... צום סוף האָט זי גאָר גענומען אים רעדן אַ שידוך. די כלה, אַ קרובה, האָט געוווינט אין רוסלאַנד ביים טאַלנער רבין, נאָר די אַלטע האָט געזאָלט נאָך איר שרייבן... דער טומטום איז געזעסן אַקעגנאיבער אַ פּאַרטראַכטער, האָט נישט אויפגע-הערט נערוועז צו זוכן שפּורן פון האָר אויף זיין נאַקעטער גאָמבע. דורך זיינע טיפע, מבולבלדיקע ווינקלען האָט זיך דורכגעזען די סאַמע מרה־שחורה און די ווילדע רעיונות, וואָס קוים כאַפּן זיי אַן אַזעלכע לייט, לאָזן זיי, די הוריות, מער נישט אָפּ.

— הע? ווי? — האָט ער זיך אַלעמאָל אָנגעכאַפּט ביים אויער. — מומע... כ'מיין עס אַקעגן דעם... צו וואָס דאַרף איך זי דען? הע? אַז כ'בין אַ טומטום...

ער טומטום איז אויפגעשטאַנען, דערמאָנט זיך, אַז ר׳איז שוין לאַנג נישט געווען ביים טאַטן. דער רבי איז געשטאַנען אין מיט שטיב אין טלית־קטן און אין די רויטע זאָקן. ער האָט זיך צוגעהאַלטן ביים קאָפּ פון בעט, מיד געווען פון קלאַפּן אין דער וואַנט נאָכן זון און זיינע האַרטע פייכטע וואָנסעס האָבן אַזש געציטערט פון צאָרן און פאַראַכטונג צו דעם פרא־אדם, וואָס פאַרלאָזט אים, ווען ער דאַרף אים אַמנויטיקסטן.

— אַנו, שוין אַ שידוך געטון? — האָט דער רבי אויפגעהויבן אַ ברעם מיט ביידע פינגער און דאָס איינציקע אויג זיינס האָט געקוקט פאַרווירט און באַצערט. — אנדרוגינוס!

ער האָט אָפּגעמאָסטן דעם טומטום פון אויבן אַראָפּ, פון אונטן אַרויף, געזען דעם שגעון אין די טיפע קנייטשן פון זיינע האָר, טעמפּ געפילט די טויבע שרעק, אַז דער טומטום וועט סוף־כל־סוף ערגעץ אַוועק און אים איבערלאָזן אַלוין אַ קראַנקן, אַ געליימטן און אָן אַ שלוק אָקאָוויט... שוין איצט פלעגט דער טומטום פאַרשווינדן אויף גאַנצע טעג. ער פלעגט אַרויפקריכן אויפן בית־המדרש־בוידעם, זיך דאָרטן פאַרהוזמערט מיטן שווערן ריגל, געזוכט אַלטע סדורים צווישן די בערגער פאַרשטויבטע שמות. אַראָפּקומען פון דאָרטן מיט פעך־אָפּגעריבענע מזוזות, רצועות און אויסגעטרוקנטע בתים פון תפילין. ער האָט דאָס אַלץ באַהאַלטן אין קופערט. אַן אַנדערש מאָל איז ער אַוועק אויפן ווישניצער וועג ער האָט זיך דאָרטן געזוימט גאַנצע עטלעכע טעג. צוריקגעקומען איז ער אַן אָפּגעריסענער, אַן אויסגעשמירטער, אַן אָפּגעמאָגערטער, מיט שטיפל אינגאַנצן אויסגע־רייטע פון שלעפן זיך. אין דער האַנט האָט ער געטראָגן אַ הויכן, סענקאַטע שטעקן, וועלכע ס׳טראָגן נאָר יידן, וואָס גייען אויף דער מדינה. ער איז אַריין צום פאָטער אַ צעכראַסטעטער, אַ פרעמדער. ער האָט געריבן די אויגן, מער נישט געקענט דערזען אין חשך, וואָס דאָ טוט זיך און ער האָט גערעדט אין דער וועלט אַריין, מסופק צי ס׳איז עמעץ דאָ אין שטוב.

— טאַטע? — הע? — כ׳בין געווען אין ווישניצע, בין איך געווען... אַ יריד איז דאָרטן געווען... כ׳האָב געוואָלט איינקויפן אַ סך סחורות, נאָר כ׳האָב נישט געהאַט ביי מיר קיין געלד... הע?...

דער טומטום האָט געוואָרט, נאָר ער האָט קיין שום תשובה נישט דער־

הערט. דער אַלטער, אַן אויסגעניכטערטער, איז געלעגן שטום, מיט צע־עפנטע, שטייענדיקע אויגן, געשחיגן מיט עקשנות און מיט דער מורא־דיקער החלטה קיין איין וואָרט נישט צו ענטפערן: פאַרצאַרט פון היץ און חלשת־הלב, איבערגעפרעגט און מיט פאַרהאַקטע ציין. דער טומטום איז נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען. אַרײַנגעשטעקט די האַנט אין דער הויזן־קעשענע, ווי ער וואָלט געוואָלט עפעס פון דאָרטן אַרויסנעמען צו ווײַזן. און פּלוצלינג איז ער שטאַרק אין כּעס געוואָרן. ס'האָט אים אַזש ווי אַ ביס געטון הינטער דער קני.

— ענטפערסט נישט? — נו, ענטפער נישט! קענסט אַזוי ליגן, וויפיל דו ווילסט!... העט? דו מיינסט, אַז ווײַל כ'בין אַ טומטום, בין איך שוין קיין מענטש נישט?... כ'וויל נאָך חתונה האָבן אויך... הע? איך קען תיכף חתונה, קען איך!...

דער טומטום איז אַוועק זוכן די מומען, ער האָט זי אָבער נישט געפונען אין קיך און נישט אין דער ווײַבער־שול, און ער איז געגאַנגען זי זוכן אויפן בית־עולם. ער האָט געקויפט אין אַ געוועלבל אַ בייגעלע פּאַפּיר, געקויפט אַפילו אַ בלײַפעדער און געוואָלט, אַז דער בריוו קיין רוסלאַנד זאָל נאָך הײַנט אַוועקגיין... ער האָט זיך געשלעפּט אָן כּוחות אויפן געלן זאַמד, וואָס פירט צום בית־עלמין, אויפן וועג איז אים אַראָפּ געפאַלן אַ פּאָדעשווע. די אַלטע איז ווי אויסגערינען. דער טומטום איז נעקראָכן פון מצבה צו מצבה, געלייענט די נעמען פון אַלטע נפטרים, געקראַצט דעם מעך אויף די שטיינער. צום סוף איז ער צוגעקראָכן צו זײַן מאַמעס קבר. קיין מצבה איז דאָרט נישט געווען, ס'איז בלויז גע־לעגן אַ גרויסער, פירעקיקער שטיין. דער טומטום האָט זיך אַוועקגעזעצט אָנגעשטעלט די אויגן אין דער ווײַטקייט.

— מאַמע, מאַמע! ווו ביזטו, מאַמע, העט? — דו, מאַמע, פילסט אין דער ערד און איך בין אַ טומטום... דער טאַטע וועט אויך לאַנג שוין נישט אָנטרײַבן...

ס'איז געוואָרן טונקל, דער הימל האָט זיך פאַרוואָלקנט ווי צום רעגענען, די מצבות זענען געוואָרן מאָדנע שטיל, אָנגעלאָדן, ווי אין דערוואַרטונג, און גרעל־ווײַס... עטלעכע געציילטע קראָען, גרויסע און שווערע, זענען געפלויגן פון בוים צו בוים, געצאַפּלט מיט די פליגל, אַלעמאָל אַ פאַל געטון אַראָפּ און דערבײַ אַ שטילן קראַקע געטון. דער

טומטום האָט זיך אומגעקוקט, איבערגעציילט די ציצות, געפּינען, אַז ער האָט בלויז זיבן פעדים אָנשטאָט אַכט און זיך געלאָזט גיין אַהיים.

— רוחות — האָט ער געדעדט צו זיך אַליין. — טמאים...

ער איז אַהיימגעקומען, ווען ס׳איז שוין לאַנג נאַכט געווען. אין קיך איז געווען חושך־פינסטער. אויפן טיש איז געשטאַנען שטיל אַ פרעמדע הין, אַ גרויסע, אַן אָנגעבלאָזענע און אַ קיילעכיקע... דער טומטום איז צו צו דער טיר פון טאַטנס שטוב, לאַנג זיך איינגעהערט. ס׳איז דאָרטן פּויט שטיל געווען, ווי אין דירות, אין וועלכע מ׳וווינט נישט פון לאַנג. דער טומטום האָט אַ ווײַלע צוגעמאַכט די אויגן, געוואַרט און זיי ווידער געעפנט. ער איז איצט מאָדנע טעמפּ געווען, סתם־אַזוי געעפנט די טיר און גערופן:

— טאַטע, שלאָפסט, טאַטע?

דער טומטום איז צו צום בעט. ס׳בעט איז געווען ליידיק. צוריקגייענדיק אָבער האָט ער זיך אין עפּעס אָנגעשטויסן. דער רבי איז אַראָפּגעהאָנגען פון סופיט, אונטער זיינע פיס האָט זיך געוואַלגערט אַ בענקל. דער טומטום האָט זיך עטוואָס אָפּגערוקט, לאַנג זיך איינגעקוקט אינם לאַנגן, שוואַרצן פלעק, וואָס איז ווי געשטאַנען אין חשכות פאַרגליווערט און גלייך... דערנאָך איז ער אַרויס פון שטוב. אין דרויסן איז געשטאַנען אַ געדיכטע פינסטערניש און ס׳איז געפאַלן אַ דין, שטעכעדיק רעגנדל. אין אַן אַקעגנאיבערדיק געוועלבל האָט געברענט ווײַטלעך מיד און טונקל אַ קליין לעמפּל. הינטערן בופעט איז געשטאַנען אַ נידריק, דאַר ווייבל אין אַ ברייט שייטל און געשריבן מיט אַ לאַנגער בלייפעדער אויף אַ בוך. דער טומטום איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל.

ער האָט איין אויג צוגעמאַכט, דאָס אַנדערע אויג שטאַרק אויפגעריסן, אַז דאָס ווייס־אַפּל האָט זיך געזען גרויס און קײַלעכיק, ווי אַן אָפּגעשיילט האַרט איי. ער האָט זיך לאַנג איינגעקוקט אינם ווייבל. געזען, ווי זי ווערט בלייך פון פחד און רוקט זיך צוריק, — האָט ער ווי אויף צו להכעיס אַ זאָג געטון:

— אויפגעהאָנגען זיך, דער טאַטע... נו, ברוך דיין אמת...

ב

## אַ דאָרפס-קבֿרן

פּייװל איז מיד געװאָרן צו באַגראָבן אַלע עטלעכע טעג אַן אַנדער נפֿלע, הײַנט דאָס באַד גאַנצע טעג און צו הונגערן. נאָך דעם, װאָס ער האָט אַלע טאָג זיך געקריגט מיט אַן אַנדער באַלעבאָס, דער־מאָנט דעם פֿאַרשטאָרבענעם טאַטנס חטאים, אָנגעשלאָגן די טאָכטער זײַנע, די גרושה, איז ער אײנמאָל געקומען צו גײן אין קלײזל אַרײַן און מודיע געװעזן, אַז ער װעט פֿון הײַנט אָן לאָזן ליגן... זײ מעגן פֿרײ־הער פֿאַרפֿױלט װערן, די ציװוקעװער מתים, ביז ער װעט זיך צו זײ צורירן... ײדן מיט שפּיצעדיקע קירישע קאַפּעליטשלעך אױף די געגאָלטע קעפּ און מיט פּאהלעך, װי מײַזלשע עקלעך, האָבן אַזש געקראַצט אין די בערדלעך פֿון הנאה, געריצט זיך מיט דעם עובֿר־בטל און געטענהט:

— איז נישט... װעט השם יתברך אַזױ פֿירן, אַז מ'קען זיך באַגײן אָן דער. הע? עך-עך-עך!

פּײװל איז געזעסן בײַם קאָכעדיקן, לײמענעם אױװן אין קלײזל. דאָס פּנים זײַנס איז שװאַרץ געװעזן פֿון גרױס עסעניש, די רױטע טראַ־כאָם-אױגן מיט די געל-צורודערטע אַפּלען האָבן געקוקט אַקעגן זיך באַצערט, זשעדנע און פֿול מיט טענות צום רבונו של עולם, װאָס אים פּײװלען צו להכעיס, לעבן זײ אַלע, די דאָרפסלײַט, חוזקן אױס אים און קױקן זיך מיט זײַן בלוט. אַלײן נישט װיסנדיק װאָס צו טון פֿון גרױס עגמת נפֿש, האָט ער אױסגעטון די גרױסע שטיװל, געקראַצט די פֿיס ביז בלוט, געשפּיגן, געשאָלטן מיט טױטע קללות די גאַנצע װעלט און געטרינקען אָקאָװיט קװאָרטנװײַז: — געװישט די האַרטע, פֿײַכטע װאָנצעס מיט דער פֿױסט און אַלץ געהאַלטן אין אײן איבערחזרן:

— שטינקען װעלן זײ מעגן!... עך בין אױס קבֿרן!... אױס קבֿרן בין עך!...

ער האָט לאַנג געװאַרט, אָבער צום סוף זיך דערװאַרט. שבת פֿאַר נאַכט איז אָװעקגעפֿאַלן בײַ שניאור דעם מילך-ײד אַ קינד און אױסגע־הױכט די נשמה. אין ײדישן דערפֿל האָט זיך תּיכּף געמאַכט אַ בהלה. שניאור איז באַלד מאָרגן אינדערפֿרי געקומען צו לױפֿן צו פּײװלען און געשריגן, װי אַן אָקס, אַז אױב ער װעט נישט מקבר זײַן דאָס קינד

לאָזט ער אים אַ טויטן תיכף דאָ אין מקום קדוש. ער איז געווען אַ הויכער, אומגעלומפּערטער ייִד אין אַ גרויסן וואַטאָווען שפּענצער, אין הויכע שטיוול ווייט איבער די קניִען און אין אַ גרויסן באַנקאָווע הוט איבער די אויערן. זיין גרויסע לאַנגע נאָז און שוואַרצע, פון טרערן נאַסע באָרד, האָבן אַרויסגעשטאַרט אימהדיק. אַלע האָבן געוווּסט, אַז מיט שניאורן קאָן מען קיין חכמות נישט מאַכן: פאַלט ער אַריין אין כּעס, וועט ער אים פאַר אַ קאַליקע מאַכן, פּיוועלען... נאָר! איין פייוול איז נישט איבערגעשראָקן געוואָרן. ער האָט ווייטער רציחהדיק און פאַרביסן געקראַצט זיינע האָריקע פיס, יעדער מאָל געטון אַ שפּיי ווייט פון זיך און נישט אויפהויבנדיק דעם קאָפּ, האָט ער געהאָרטשעט:

— נו, אדרבה, לאָז אַ טויטן... עך בין אויס קבּרן! געזונט אייך באַגראָבן, געזונט!... באַגראָבן זאָלט איר שוין ווערן אַלע אויף איין מאָל!..

פייוול האָט זיך געעקשנט, דוקא געוואָלט אַן הוספה פאַר הייצן דאָס באָד, אויסגערכנט אַ גאַנץ צעטל מיט טענות, און געהאַלטן אין איין סטראַשען, אַז ער וועט פּלעמען... זאָל מען צו אים אַ סך נישט טענהן, ווייל אויב ער וועט פּלעמען וועט מען זען קראָקע... דער קול-טוס-פּרעזעס, אַ ייד אַ קצב אין אַ ריפּסענער קאַפּאָטע איבערן הויכן פּעטן בויך און אין אַ ברייטן, סאַמעטענעם קאַפּעלוש, אַזעלכער, וואָס ס'טראָגן בלויז שיינע יידן אין גאַליציען, איז געשטאַנען אָקעגנאיבער, זיך צוגעקוקט צום מחלוקת פונדערווייטנס, מעשה מכובד, וואָס ווייסט שוין, וואָס ער האָט צו טון, נאָר ער וויל פונדעסטוועגן פון אַ זייט הערן אויך דעם אַנדערן צד. בשעת מעשה האָט ער אַלעמאָל אָנגענומען אַ גרויע האָר אין זיין געל-אָפּגעבליאַקעוועטער באָרד, זיך לאַנג אין איר איינגעקוקט און אויף איר אַ בלאָז געטון. צום סוף איז ער צו צום טיש ער האָט אַרויסגענומען זיין ביינערן טאַבאַק-פּושקעלע, צוגעלייגט זיין פליישיקע, רויטע נאָז מיט די האָריקע נאָז-לעכער, זיך עטלעכע מאָל צעניסט און אין די פייכטע, פאַרטרערטע אויגן זיינע האָט אויפגעלויכטן די פרייד פונם גוטן וואָרט, וואָס ער גרייט זיך צו זאָגן.

— הער נאָר פייוול, עך מיין נישט קיין חוזק... באמת, דו מיינסט טאַקע אויף אַ וואָר, אַז אַ קבּרן איז עפּעס אַ מלאכה, ווי להבדיל עפּעס אַ שוסטער צי אַ שניידער?... דו ווייסט, אַז ווען עך וויל, זאָג איך משה קייזער, אַז ער זאָל נעמען אַ לאָפּאַטע, און שוין! — ? — כי-כי-כי.

חאָלסט געזען, נבלה, אַז פון אים וואָלט אויך דער בר-מנן נישט לעבעדיק געוואָרן... זאָל עך מער שוין אַזוי זוכה זיין צו דערלעבן משיחן !...

דער פּרעזעס האָט זיך צעלאַכט, צעהוסט זיך, געשפּיגן פון גרויס הנאה און זיך פאַרגאַנגען. דער דיקער קאַרק זיינער איז אָנגעלאָפן מיט בלוט. פייוול האָט דערפילט, אַז ער ווערט אינגאַנצן אויפגעקאָכט פון צאָרן, הענט און פיס האָבן ביי אים אָנגעהויבן ציטערן. פון זיינע צעהרוגטע טראַכטאָם-אויגן האָט ארויסגעקוקט אַ ווילדער כעס, אַ ווונדיקער און אַ מטורפדיקער...

— אַזוי ? — משה קייזער ? — נו, ווער האָלט אייך דען צו ? — עך נישט !.. זאָל עך אַזוי —

דער אַלטער האָט דערפילט, אַז ס'דערגייט אים אַזש צום האַרץ, זיך אָפּגעשאָקלט, ווי פון אַ ביס, אינסטינקטיוו אַ זוך געטון דאָס פלעשל אין הויזנקעשענע. גאָר אַז ער האָט דאָס פלעשל דאָרטן נישט געפונען, האָט ער מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן. דער טיפער צער און די יסורים, וואָס ווען זיי כאַפּן אָן דעם מענטש, לאָזן זיי אים מער נישט קיין מנוחה, ביז ער טוט זיך נישט אַ שאָדן אויפן גאַנצן לעבן — האָבן פייוולען אַ כאַפּ אָן געטון ביים סאַמע גאָרגל, אַ ברי געטון אין אַלע אברים. ער האָט אַזאַ קנאַק געטון מיט דער פויסט אין טיש, אַז צחישן עולם איז טויט שטיל געוואָרן, אַלע האָבן דערזען, אַז ס'וועט געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכס. ביי פייוולען איז גערינען דער שוים פון מויל איבער דער באָרד. דער געשריי איז אַרויס פון צווישן די לאַנגע פאַרפוילטע ציין אַ כאָרכלדיק גרינגער און אַזאַ מאויימדיק מוראדיקער, אַז ס'האָט פאַרכאַפּט ביים האַרץ.

— שיקסעניק ! — האָט ער געשריגן צום קולטור-פּרעזעס—עוכר-ישראל ! עך אַליין האָב דעך געזען ביי דער וואָיטשעכע !... עך אַליין ! עך — דעך, דו עוכר ישראל ! עך וועל עדות זאָגן ביי בית-דין, דו כלב איינער ! נואף !...

פייוול האָט זיך אַ ריס געטון שלאָגן. עטלעכע בלייכע יידלעך האָבן אים אָפּגעהאַלטן. פון דער נאָז איז ביי אים גערינען בלוט, גליווערדיקס און טונקלס, אויסגעמישט מיט טאַבאַק. אַ יונגערמאַנטשיק מיט

אַ געל קאָזע-בערדל און מיט גרינע, חוצפּהדיקע אייגעלעך פון אַ תּקיף האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט און געשריגן:

— לאָזט מעך! עך וועל אים דעם קאָפּ זאַטשמעלען! האַלטך מעך נישט, זאָג עך דער!!

אַלץ איז שוין געווען אָפּגעטון, דער גבאי איז אַרויס און אַ דראָע געטון פּיוולען מיט דער פויסט, זיין קצבישׁ פּנים איז אַזש בלוי געווען פון רציחה. דער צוזאָג, אַז ער וועט געבן אמתע טויט-קלעפּ האָט זיך אַ צינד געטון אין די פּאַרלאָפענע אויגן ווילד און אָן צוריק-האַלט. האָט פּיוול זיך צוריק אַוועקגעזעצט; ער האָט לאַנג געגראַבלט מיט אַן עק פון אַרבל אין דער נאָז, אַרויסבאַקומען פון דאָרטן וואָס מער שטיקער בלוט און ער האָט געלאַכט מיט בלוטיקע טרערן אין די אויגן.

— אַ מבין? אַזאַ נואף! אין אַ סטאָדאָלע האָב עך אים געטראָפן... ווי די כּלבים האָבן זיי זיך גענואפט, דער אַלטער מיט דער ערלית... כי-כי-כי, העז זאָל ער יעצט טון וואָס ער וויל! עך האָב נישט קיין מורא, האָב עך נישט... ניין!... סיי ווי סיי שוין נמאס געוואָרן...

פּיוול האָט זשעדנע זיך איינגעקוקט אין עולם, דוקא געוואָלט הערן, אַז ער האָט גאָרנישט וואָס מורא צו האָבן און אַז מ'וועט נישט שווייגן. אָבער גאַליציאַנער יידלעך האָבן זיך תּיכּף אַוועקגעדרייט, יראַ-שמימדיק פאַרצויגן די ברעמען, גענומען קרייזלען די פּאהלעך און די פאַרזיכטיקייט זיך נישט אַריינצומישן אין אַזעלכע זאַכן האָט פרום און עקשנותדיק אַראָפּגעקוקט פון זייערע תּמעוואַטע גנבישע פּנימער... האָט פּיוול זיך פאַרקרומט, ווי ער וואָלט אומגערן גענומען אַ ביטערע זאַך אין מויל, אַ שפּיי געטון מיט עקל און געוואָרטשעט:

— עך לאַך אויס אייך אַלע, לאַך עך! עך זענט אַלע די אייגענע, זענט עך!... גייטס! לאָמעך כאָטש אייער פּנים נישט אָנ-קוקן, לאָמעך!...

---

משה קייזער האָט מקבר געווען דאָס קינד. פּייוול איז אַליין געשטאַנען ביים קלייזל און עס צוגעזען. ס'האָט גערעגנט, אין שטעטל איז געשטאַנען אַ בלאָטע; די דריי ברייטע גריבער, ספּעציעל געמאַכט דערצו, אַז ס'זאָל אין זיי אָנרינען וואַסער, זענען פול געוואָרן, זיך צע-

גאָסן ווייט איבער די לײמיקע ברעגן. די הייזלעך, באַקלעבט מיט לײם, כדי ס'זאָל נישט אַרײנדרינגען די קעלט פון דרויסן, זענען געשטאַנען ביז צו די שוועלן אין זומפּ, טרויעריק געשפּיגלט זיך אין אים מיט אַלע לאַטעס אויף די מאָכיקע דעכלעך. ביי אַ קליין הייזעלע אויף אַ בערגל איז געשטאַנען משה קייזער, אַ קליין יידל אין אַ וואַטאָווע קאַפּאָטע אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שווערן, גרינעם גאַרטל אין אַ שפּיציק, פאַרבלאָזיקט קאַפּעליטשל און אין אַ רויטע פּאַטשיילע אויפן האַלז. ער האָט דאָס ערשטע מאָל זיך אָפּגעגעבן מיט אַזאַ מלאכה, בלייך געווען, געקוקט מיט צעשראָקענע אויגן צו פייוולען און געהאַלטן פעסט און מיט מורא אין די הענט דאָס שוואַרצע קעסטל מיטן בר־מנן. שניאור איז נאָכגעגאַנגען אַ געבויגענער, צוגעהאַלטן די אויגן און געכליפּעט. דאָס ווייב זיינס איז געלעגן שלאַף אין שטוב. נישט ווייט איז געשטאַנען דער קולטוס־פּרעזעס אין אַ גרינער קורטקע, וואָס האָט משונה נישט געפּאַסט צום ברייטן, רבנישן קאַפּעליטש. ער האָט אָנגעשפּאַרט זיין פעטע האַנט אינם שטעקן, וואָס ער האָט געהאַלטן, צוגעקוקט זיך צום ענין מעשה באַלעבאָס און באַפעלער. בלויז אַמאָל האָט ער געכאַפּט אַ בליק הינטערוויילעכץ צו פייוולען: אַ לוסטיקן, זיך רייצנדן בליק פון איינעם וואָס זאָגט:

— אַנו, עס דריקט דיך גוט?

— אם ירצה השם ביי דיר — האָט פייוול אים געשאָלטן מיט צאָרנדיקע בליקן. — נישט קשה, וועסט נישט אויסמיידן דעם מלאך המות...

פייוול האָט פאַרשטעקט די הענט אין די אַרבל, אַוועק אין קלויז. ער איז אָפּגעזעסן שעהן לאַנג ביים פענסטער, געגאַפּט זיך. אַהיימגעקומען איז ער ערשט נאָך מעריב. אין שטוב האָט זיך אומגעדרייט די גרושה, אַ נידריק, גרין ווייבל מיט אַ ברודיקע פאַטשיילע אויפן קאָפּ און אין אַ פּאָר גרויסע מענערישע שטיוול. דאָס לעמפּל איז געווען אַרײנגערוקט. אַליין האָט זי אָנגעטראָגן האָלץ פון דרויסן, פאַרשטעקט צווישן אויוון און געזיפצט. פייוול האָט אַ קראַץ געטון אין דער לינקער פאה, געוואָלט זאָגן, אַז דאָס האָלץ מאַכט אָן אַ פייכטקייט אין שטוב און אַליין נישט וויסנדיק ווי אַזוי דאָס איז געשען, האָט זיך אים פּלוצלינג אַרויסגעריסן:

— אַנו, כאָלעסט דאָ נאָך אַלץ? — ליג דאָ, ליג! — דיין טאַטע איז שוין אויס קברן! אויס! אפשר ווילסטו קען איך דעך באַגראָבן...

פייוול האָט זיך פאַרקרומט, ווי ער וואָלט עפּעס פאַרגעסן, זיך אָוועקגעזעצט, אויסגעשטשערעט אויף דער טאָכטער אַ פּאָר מצורעדיקע אויגן און געשוויגן. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז די וועלט שטייט נישט, אָט האָט ער יאָרן-לאַנג געהאַלטן אין איין מקבר זיין, יעצט טוט עס אויף זיין אָרט משה קייזער. עך, הייסט עס אַזוי גאָר... הכּל הבל...

דער אַלטער האָט אַראָפּגעצויגן די שטיוול, געזוכט לעכער, זיך צוגעהערט מיט אויסגעשפּיצטע אויערן. אונטערן בעט האָט זיך געהערט דאָס שאָרכן פון אַ מויז אין איר נאָרע. פייוול האָט פינסטער אַ קוק געטון אויף זיין טאָכטער, אַ וואָרטשע געטון:

— אַנו, ווייטער די מייז... גערעדט וועגן אַ קאַץ, געזאָגט וועגן אַ קאַץ און דו הערסט נישט... פרעסט צוזאַמען מיט די עכברים...

— אַז אַ קאַץ וועט זיך דאָ נישט האַלטן — האָט די גרושה אַ זיפץ געטון פון איר ווינקל, זיכער, אַז דער אַלטער הויבט זיך שוין אָן צו טשעפּען. — וויל נישט...

— אַזוי? זי וויל נישט? — האָט פייוול אַ קריץ געטון מיט די ציין און זיך צעלאַכט שטעכעדיק. — נו, איז וואָס? קאָנסטו זי נישט אַליין כאַפּן?...

וואָס?

- נעם איין אַ מיתה משונה! — האָט פייוול נישט אַראָפּגענומען פון איר זיינע טראַכאָם-אויגן, זי דורכגעדרינגען אַדורך-און-אַדורך. — עך וועל דעך באַלד לערנען... עך וועל דיר זאָרעז לערנען ווי אַזוי צו כאַפּן מייז... עך דאַרף דאָ נישט קיין שטשורעס!...

ער איז געזעסן אויף זיין אָרט שטום, געוואַרט ביז די גרושה איז זיך געגאַנגען לייגן און אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל. אין דער פינסטער האָט ער גענומען אַ שטעקן, אַוועקגעקניט ביים בעט און מיט ציטריקע הענט געוואַרט ביז די מויז וועט אַרויס פון איר נאָרע. ער האָט מיט געדולד און איבערגעגרעכנטקייט צוגעוואַרט ביז זי וועט קומען נענטער

און דאַמאָלס דערלאַנגט אַ קלאַפּ מיטן דראָנג. די מויז האָט אַ פּאָר צווייפלטן קוויטש געטון, איינעם און אַ פּאַרשטיקטן. די גרושה האָט זיך אַ וואָרף געטון אין בעט. די האָר זענען איר געשטאַנען פון שרעק, נאָר זי האָט מורא געהאַט זיך אָנצורופן. פייוול האָט אָנגעצונדן אַ ליכט, ארויסגעטראָגן די געפּגרטע מויז אין דרויסן, אויסגעקאָפּעט אַ גריבל, זי באַגראָבן און נישט אויפגעהערט וואָרטשען:

— עך דאַרף נישט קיין מייז, דאַרף עך נישט! ליג דאָ! פּויל!..

ווען שלמה האָט געעפנט די אויגן האָבן פון פענסטער, וואָס איז געווען פאַרשטעלט מיט טיקטור, דורכגעשיינט ליכטיקע גאָלד שפּאַרעס.

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, ווענדיק צוריקקוקן צו דער נאַכט. און געשען איז מיט אים די נאַכט דאָס זעלבע, וואָס אַלע נעכט. צום ערשט אַ געמיש פון אַלערליי געדאַנקען און איבערלעבענישן. שפּעטער האָבן אָנגעהויבן פאַרביישוועבן אָנפאָרמיקע שאָטנס אין אַ גרוי-פינצטערן אָפּגרונט. דערנאָך — אַ ווייטאָג ביז צום נישט-אויסהאַלטן, ביז צו משוגע ווערן, ווי ס'וואָלט זיך אונטערגעהויבן דאָס ווענטל פון מוח.

מיט אַ געליימט פאַרוווּנדערונג האָט ער אין האַלבן שלאָף געקוקט אויף די פייערדיקע פינטעלעך און שטערנדלעך, וואָס האָבן דאָ און דאָרט אָנגעהויבן אויפבליצן פאַר אים. און מער געדענקט ער נישט וואָס מיט אים איז געווען. ער איז ווידער אַריינגעפאַלן אין פינצטערן שלאָף, אין אַן אַרט פאַרגעסונג, וואָס טיילט אָפּ איין וועלט פון דער צווייטער.

ער איז אַראָפּ פון בעטל און אַראָפּגענומען די טיקטור, מיט וועלכער ער פאַרשטעלט יעדע נאַכט דאָס פענצטער, כּדי די דרויסן-ליכטיקייט זאָל אים נישט אָפּנאַרן ביים דורכפירן זיינע אָקולטיסטישע איבונגען. דאָס שטיבל איז פּלוצלינג פול געוואָרן מיט אַ שטאַרק בלענדענדיקער זון-ליכטיקייט.

ער האָט נישט געקאָנט מיט אַ מאָל עפענען די אויגן, און ער האָט זיך צוריקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעטל. דורכ'ן פענצטער האָט אין קליינעם צימערל אַריינגעפלאָסן אַ ים פרימאָרגן-ליכט, און אויף די חיים-געקאַלעכטע ווענט האָבן אָנגעהויבן בילדן זיך, שוועבן און פאַרשווינדן כּלערליי ליכטיקע געשטאַלטן.

די דאָזיקע ליכטיקייטן האָבן געהאַט די זעלבע פאָרמען, וואָס די זאַכן אין שלמהס שטיבל. אַ שטייגער: זיין קאַפּעלוש, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט אַנטקעגן בעטל — פון אָט דעם קאַפּעלוש איז אַוועקגעגאַנגען אויף דער וואַנט אַ צווייטער העל-ליכטיקער קאַפּעלוש... דאָס אויג האָט נישט אויסגעהאַלטן געגעבן אַ ציטער — און דער גיי-ענדיקער זונען-קאַפּעלוש איז פאַרשוווּנדן. אַזוי אויך דאָס בילד פון שטרענגן חריף, רבינו משה בן מיימון, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט. עס האָט זיך געבילדעט דערפון אַ ליכטיק לעבעדיק געשטאַלט

דאָס געשטאַלט האָט גענומען גיין, גאָר דאָס אויג האָט נישט אויסגע־האַלטן, געגעבן אַ ציטער — און דאָס געשטאַלט איז פאַרשוווּנדן.

— זיי דאַרפן באַלד קומען! — האָט שלמה זיך דערמאָנט. ער האָט זיך גיך אָנגעהויבן אָנטוען, פרייליך פון דער זון־ליכטיקייט אין זיין חייס־געקאַלעכטן שטיבל, פרייליך פון דעם גרויסן פרימאָרגן־הימל, וואָס האָט געקוקט אין זיין פענצטער, און פון דעם, וואָס יצחק דאַרף באַלד קומען, זיין חבר, מיט וועמען ער האָט פאָרגענומען צו זוכן דעם וועג, וואָס פירט צו די לעצטע געהיימנישן. יאָ, יצחק, און ער, יחיאל, דער מעדיום...

ער האָט פאַרגלייכט דאָס בעטל, צוגערוקט ביידע שטולן צום טישל און איז אַרויס, פאַרשליסנדיק נאָך זיך די טיר.

---

אין וואַלד האָט אָפגעקלונגען מיט יונגע קולות און פון די זומער־הייזלעך האָבן זיך געצויגן פירלעך צום צענער־צוג. אויף דער סטאַציע איז שוין געווען לעבעדיק. טייל זענען געזעסן אויף די בענק, לענג־אויס דער סטאַציע־געביידע, וואָס איז געווען אינגאַנצן אַרומגעפלאָכטן מיט בלעטער און צווייגן. טייל האָבן שפּאַצירט הין און' צוריק, שאָרכנדיק מיט די טריט איבערן דראָבנעם אָנגעשאָטענעם שטיין. די צוויי שינעס האָבן זיך אַוועקגעשניטן אין דער ליכטיקייט מיט אַ ווייס־שטאָלענעם בלאַנק.

שלמה איז געגאַנגען הין און צוריק און האָט אומגעדולדיק אָפגעוואַרט דעם צוג. עס זענען געגאַנגען פאַר אים עטלעכע יונגע לאַכעדיקע מיידלעך אין לייכט־העלע קליידלעך. ער האָט געוווּסט, אַז אָנפירן אַ מלחמה מיטן יצר הרע איז נאָך ערגער. און דערפאַר האָט ער זיי נישט אויסגעמיטן, נאָר לייכט דורכגעשוועבט מיטן בליק איבער זיי, און בכיוון אָנגעהויבן טראַכטן פון עפּעס אַנדערש. אָבער זיין טראַכטן איז געווען מעכאַניש. ער איז געווען דאָ, ביי די מיידלעך. זיין געדאַנק האָט געזען זייערע גלוסטיקע גלידער, זייערע ווייס־ליכטיקע לייבער. אַ היץ איז אים געקומען אין פנים אַריין און ער איז שטיין געבליבן — וואָס האָט ער זיך פאַרגעסן? ווי שפּעט איז? נאָך אַ האַלבע שעה צום צוג! ער וועט אַביסל אַראָפּ־גיין מיטן פעלד —

פון איין זייט ליניע האָט זיך געטונקלט דער וואַלד מיט די זו־

מער־ווינונגען. פון דער צווייטער זייט האָט זיך געשפרייט אַ גרויס פעלד. דאָרט האָט זיך געפּאַלדעוועט גאָל־צייטיקע תבואה און ס'האָט זיך געהערט דאָס שפּילנדיקע טשוישטשעריי פון פויגל אין דער שמע־קעדיקער ליכטיקייט.

שלמה האָט זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז. ער האָט געהאַט פאַר זיין בליק דאָס אומענדליכע פעלד און די צוויי שינעס, וואָס האָבן אַוועק־געבלאַנקט אין דער ווייטקייט. פון דער זייט פון דער סטאַציע איז גע־גאַנגען אַ געררויש און אַ געמיש פון מענטשלעכע קולות. שלמה האָט געקלערט:

— ער איינער גייט קיינן זיי אַלע! נאָר צי איז ער גערעכט? די ערד האָט דאָך גאָט באַשאַפן פאַרן מענטש! —

— זיי זענען שוין דאָ — האָט ער אויסגעשריגן אין געדאַנק — זיי זענען שוין געקומען, די מחשבות, פון בלוט און פלייש! ווען דער מענטש גייט נאָך זיינע פאַרלאַנגען, ווערט ער אַ געהאָרכזאַם פערדל, וואָס גייט אומעטום, ווו דער נישט גוטער לענקט מיט אים, ביז ער פאַלט באַרג־אַראָפּ.

דער ריטש פון לאָקאָמאָטיוו האָט איבערגעריסן זיינע געדאַנקען. דער צוג איז שוין געווען נאָענט. שלמה האָט געאיילט צו דער סטאַציע. יצחק איז געקומען, אָבער אַליין.

— ווו איז יחיאל?! — האָט שלמה געפרעגט.

— יחיאל וועט קומען מיטן צוועלפטער צוג.

— פאַרוואָס האָסטו נישט געטון ווי איך האָב דיר געזאָגט, — האָט זיך געבייזערט שלמה — האָסט געדאַרפט גיין צו אים גלייך אין דער פרי, נעמען אים און פאָרן!

— אַ מענטש איז נישט קיין זאַך, — האָט געענטפערט יצחק, — איך בין געקומען צו אים אינדערפרי, האָט ער מיך געהייסן פאָרן, און ער — האָט ער געזאָגט — וועט קומען מיטן צוועלפטער. איך האָב נישט געוואָלט שטאַרק צושטיין, ער זאָל נישט האָבן אַ חשד, אַז מיר ווילן אים דאָ היפּנאָטיזירן, וואָלט ער שוין אינגאַנצן נישט געקומען! זאָג נאָר, שלמה! דו ביסט נעכטן ביינאַכט געזעסן ביים טיש, אויסגעשיט אַ פודעלע זאַפּאַלקעס, איבערגעציילט און אויפגעשריבן: 34?

שלמה איז אויפגעשפרונגען, האָט גענומען אַ ביכל און אַרויסגעשאָקלט

פון דאָרט אַ פּאַפּיר. אויפן פּאַפּירל איז געשטאַנען געשריבן: „דינסטאָג 1 ביינאַכט. איך זיץ ביים טישל, שיט אויס א פודעלע זאַפּאַלקעס און ציילאיבער: 34!"

— אָבער פון וואַנען ווייסטו דאָס, יצחק, האַ?

יצחק האָט סודותדיק געשמייכלט.

— יחיאל האָט נעכטן געטון ווי דו האָסט אים אָנגעזאָגט. ער האָט אויפן געלעגער אין זיבען געהאַט, אַז ער וויל גיין צו דיר און דיך זעען, ביז ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן און ס'האָט זיך אים געחלומט, אַז ער שטייט נעבן אַ טישל. אופן טישל ברענט אַ לעמפּל. דו, שלמה, זיצסט ביים טישל, שיטסט אויס אַ פודעלע זאַפּאַלקעס, ציילסט איבער און שרייבסט אויף: 34. ער, יחיאל, האָט געוואָלט גיין צוריק, איז ער געבליבן שטיין אין דער פינצטער, ביי אַ פּלויט. ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אַז ער דאַרף גיין אהיים, און ער וואָלט, זאָגט ער, אַזוי געשטאַנען אייביק. נאָר עמיצער האָט אים אָנגענומען פאַר אַ האַנד — און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

— יאָ, און נאָך האָט מען אים אין חלום אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל אַזוינס מער נישט טון, ער קאָן שטאַרבן!

— זע, וואָס מיר האָבן היזק — האָט שלמהן פאַרדראָסן — וואָס דו ביסט נישט געקומען גלייך מיט אים! ער וואָלט דאָך געזען דאָס פּאַפּיר און וואָלט געגלויבט, איצט וועט ער זאָגן, אַז דו האָסט מיר פריער דערציילט, און איך האָב עס גלייך גענומען און אויפגעשריבן!—

— דאָס איז דאָך אַן אמתער אַרויסגאַנג פון אַסטראַל*)! — האָט יצחק געשטראָלט און נאָך אַ מינוט נאָכדענקען האָט ער צוגעגעבן:

— דער, וואָס דאַרף עס, האָט עס נישט און דער וואָס דאַרף עס גאָרנישט, וואָס גלויבט נישט דערין, האָט עס יאָ! —

די חברים זענען געגאַנגען אַראָפּ, מיטן פּלאַנט. אין דער ליכטיקער ווייטקייט האָט זיך צום הימל געהויבן אַ ווייס פּאַרע־וואָלקנדל. הינטער דעם האָט זיך געהויבן נאָך איינס און נאָך איינס.

— דער צוג!

*) אסטראל — דאס אמתע אויסזען פונם מענטש, געוועבט פון איידעלסטער מאַטעריע, נישט זעבאר פארן געווײנלעכן אויג.

מיט דעמדאָזיקן צוג איז געקומען יחיאל.

יחיאל האָט נישט אויפגעהערט צו באַוואונדערן דעם ווייכן וואַלד־דיגן, אונטער די פיס, די גרויסע שטילקייט, די זון־פלעקן צווישן די ביימער. שלמה און יצחק זענען געווען צופרידן, וואָס זיי האָבן דאָ יחיאלן אַזאַ גוטן מעדיום.

איצט זענען אַלע דריי געגאַנגען איבער דעם שטיקל פעלד, וווּ דער גרינער נאַטש פון קאַרטאָפלעס האָט שוין געבליט מיט ווייסע בלומען־קנעפלעך און דער געל־צייטיקער קאָרן האָט זיך שוין געבויגן מיט די שווערע זאַנגען. זיי זענען געגאַנגען צו שלמהס הייזל.

צוקומענדיק נאָענט צום שטיבל איז יחיאל געבליבן שטיין און פאַרטראַכט געקוקט צום פלויט, זאָגנדיק מיט אַ האַלבן שמייכל: „איך בין די נאַכט דאָ געשטאַנען!“.

שלמה מיט יצחק האָבן זיך איבערגעוויזן. ווען יחיאל איז אַריינגעקומען אין שטיבל, איז ער געבליבן שטיין פאַרטראַכט, ווי אונטן ביים פלויט, געקוקט צום טישל און צום קליינעם לעמפל, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט. ער האָט געפרעגט:

— שלמה, דו געדענקסט אַלץ, וואָס דו האָסט נעכטן ביי נאַכט געטון?

שלמה האָט אים געוויזן דאָס אָנגעשריבענע אויפן פּאַפּיר.

— יצחק האָט שוין דיר דערציילט און דו האָסט עס היינט איבערגעשריבן!

— איך שווער דיר, אַז איך האָב דאָס נעכטן איינס ביי נאַכט אויפגעשריבן! יצחק האָט קאַליע געמאַכט, וואָס ער איז געקומען פריער פון דיר! — איצט גלייבסטו נישט...

— איך גלייב... איך בין דאָ דאָס ערשטע מאָל, נאָר איך געדענק דאָס שטיבל פון חלום. אַזוי האָט עס טאַקע אויסגעזען!

— און איצט, יחיאל, וועסטו שוין גלייבן, אַז אַ מענטש איז נישט בלויז דער קערפּער, נאָר ס'איז אויך דאָ אין אים עפּעס העכערס, וואָס גייט אַרויס פון קערפּער, קאָן זיין אומעטום און זעט פון איין עק וועלט ביז צום צווייטן?!

*) מעדיום — אַ פּערזאָן, וועלכע פאַלט אַריין אין היפּנאָטישן שלאָף און נעמט אויף רעדונגען און קלאַנגען פון אַ צווייטער וועלט.

יצחקס אויגן האָבן געלויכטן מיט גלויבן. שלמה האָט זיך גע־שטעלט פאַר יחיאלן און גענומען רעדן מיט א ציטערדיק קול:

— הצר, יחיאל, ווען מיט מיר וואָלט אַזעלכעס געשען, וואָלט איך געקומען אַהער גאַנץ פרי, נאָך פאַר יצחקן, און וואָלט אַלץ גוט חוקר ודורש געווען!

יחיאל שמייכלט לייכט — און וואָס וואָלסטו געהאַט דערפון?!

שלמה הייבט אָן צו שפּאַנען צוטראָגענערהייט איבערן שטיבל — איינער האָט דעם לייטער, — קלערט ער — האָט ער נישט דעם ווילן, א צווייטער האָט דעם ווילן, האָט ער נישט דעם לייטער. און אַזוי בלייבן מיר אַלע אונטן, אין דער פינצטער!

— הער, שלמה, — רופט זיך דערווייל אָן יחיאל — פאַרדריי מיר נישט קיין קאָפּ! עסן האָסטו?

— כ'האָב ברויט מיט מילך, פלייש עס איך נישט!

— גיב אַהער! וואָס בינסטו דאָ געוואָרן א נזיר?!

יחיאל איז געזעסן ביים טישל, מיט אַפּעטיט געגעסן דאָס ברויט און נאָכגעטרונקען קאַלטע מילך. פון זיין אַרבעט, אַלס א פּשיסוועבייגער, האָט ער קוים געהאַט אויף דורכצולעבן. ער איז געווען פון די אַזויגערופענע באַוווסטזיניקע אַרבעטער, האָט אַביסל געלייענט און איז געקומען צום נישט־גלויבן.

אָפּגעגעסן, האָט יחיאל זיך געשטעלט ביים אָפענעם פענצטער און אַרויסגעקוקט אויפן פעלד.

— איר פילאָזאָפן — האָט ער זיך אָנגערופן — ענטפערט מיר אויף דעם, ווי אַזוי לאָזט גאָט צו אַזאַ עולה אויף זיין וועלט, אַז איינער זאָל דאָ זיין א גאַנצן זומער און עטעמען מיט פרישער לופט, און א צווייטער זאָל מוזן א גאַנצן זומער זיין אין דער רויכיקער פאַבריק און איינעטעמען שטרלעכע גאַזן!?

שלמה האָט אים אָנגעקוקט.

— הער, יחיאל, איך קאָן נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי גאָט האָט באַשאַפן די וועלט, און איך קאָן אויך נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי גאָט פירט די וועלט. ווען איך זאָל קאָנען פאַרשטיין, וואָלט איך קיין מענטש נישט געווען, נאָר אויך א גאָט!

יצחק איז געווען צופרידן מיט שלמהס ענטפער.

— עך, לאָזט מיך זיך בעסער אַנידערלייגן, — האָט יחיאל ביטול־דיק א מאַך געטון מיט דער האַנט, איז אָפּגעטראָטן פון פענצטער און זיך בהרחבה אויסגעצויגן אויפן בעטל אין זיין גאַנצער לענג.

שלמה האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַרן בעטל: — „יחיאל, דו קלערסט גאָרנישט אַריין אין דעם, וואָס מיט דיר איז פאָרגעקומען אין דער פאָ־ריקער נאַכט?!"

— וואָס האָב איך אַריינצוקלערן? — האָט זיך יחיאל פויל געצויגן און געגענעצט.

— נישט מיט יעדן געשעט אַזעלכעס, דו פאַרמאָגסט דאָך וווּנדער־לעכע אייגנשאַפטן!

— אַ וווּנדער וואָלט געווען, ווען דאָס געשעט מיט מיר אויף דער וואָך! — האָט זיך יחיאל געוועדט.

— ווען דו וועסט אַרבעטן, וועסטו דאָס זעלבע קאָנען מאַכן אויף דער וואַך אויך!

שלמה האָט, רעדנדיק אַזוי, זיך צוגעזעצט אויפן בעטל. ער האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ שוואַרץ פאָלירט פילקעלע און אָנגע־הויבן דרייען דערמיט פאַר יחיאלס אויגן.

— לאָזט מיך אָפּ! — האָט זיך יחיאל געבעטן.

שלמה האָט געדרייט מיטן פאָלירטן פילקעלע פאַר יחיאלס אויגן. יחיאלס אפּלען זענען קיילעכיק נאָכגעגאַנגען. די ברעמען זענען עטלעכע מאָל צוגעפאַלן, אויפגעעפנט זיך און די אַפּלען זענען אַלץ נאָכגעגאַנגען. די ברעמען זענען ענדלעך צוגעפאַלן און האָבן זיך שוין מער נישט גע־עפענט. שלמה האָט אַוועקגעלייגט דאָס פילקעלע, אָנגעהויבן פירן מיט זיינע פינגער איבער יחיאלס שטערן און שטיל, מאָנאָטאָן געברומט:

— שלאָף! שלאָף! שלאָף!

יחיאל האָט טיף אָפּגעאָטעמט. שלמה האָט זיך צו אים צוגעהערט:

— שלאָפסט?

יחיאל איז געלעגן, די אויגן צו, און אויף זיין לענגלעך פּנים האָט גערוט דער ערנסטער שאָטן פון אייביקייט. שלמה האָט זיך איבער אים אַריבערגעבויגן: — יחיאל, ענטפער מיר!

ס'האָט זיך געהערט אַן אומפאַרשטענדלעכער מורמל.

— רעד דייטלעכער!

דער שלאָפנדיקער האָט געענטפערט שטיל: — מײַן טאַטע.

— זײַן טאַטע איז שוין לאַנג טויט! יצחק, עפּעס הער איך נישט בײַ אים קײן אָטעם!

יצחק האָט זיך צוגעבויגן — „ער עטעמט נישט, וועק אים גלײַך אויף!"

שלמה האָט אָנגעהויבן מאַכן פּאַסן אין אַ פּאַרקערטער ריכטונג, מורמלענדיק: „כאַפּ דיך אויף!"

אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. יחיאל איז געבליבן ליגן, דאָס פּנים אויסגעשפּיצט, דער קערפּער — קאַלט און שטײַף. דאַן האָט זײַן היפּנאָטיזאַר, שלמה, אים אָנגעהויבן רופן הויך בײַם נאָמען. יחיאל האָט אַרויסגעלאָזט אַ טיפן זיפץ. ער האָט געעפנט די אויגן און ווילד זיך אַרומגעקוקט. בײדע חברים זענען גיך אָפּגעגאַנגען פון בעטל. יחיאל האָט זיך אויפגעזעצט. ער האָט געקוקט מיט אַ נישט־היגן בליק: — וואָס איז דאָ געווען מיט מיר? כ׳בין געשלאָפן.., כ׳האָב געזען אַ שרעקליכן חלום...

— וואָס האָט זיך דיר געחלומט? —

— כ׳בין געווען ערגעץ, כ׳ווייס נישט ווו. דאָרט זענען געשטאַנען אַ סך יידן אין טליתים, צווישן זיי מײַן טאַטע. איך האָב דערהערט אַ באַקאַנט קול רופט מיך, בין איך נאָכגעגאַנגען דאָס קול.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אויסגעשריגן: „דער קאָפּ טוט מיר וויי! שוין ווייטער היפּנאָטיזירט! איר פּאַרדרייט מיר נאָר דעם קאָפּ מיט אײַערע נאַרישקייטן! װי שפּעט איז?

— דרײַ!

— ווען גייט אָפּ דער צוג?

— פינף.

— כאָטש אַביסל זײַן אין וואַלד!

יחיאל איז צוגעגאַנגען צו דער טיר.

— וואַרט, מיר גייען אויך! — האָבן זיי אים נאָכגערופן.

יחיאל האָט אַ קלאַפּ־צו געגעבן מיט דער טיר און איז כמעט װי אַרויסגעלאָפן.

— ער איז אויף אונז בייז — האָט שלמה געזאָגט מיט באַדויער.

— אַ וווּנדערלעכע זאַך — איז יצחק נתפּעל געוואָרן — אין איין

מינוט חלומט ער שוין, זעט יידן אין טליתים, צווישן זיי זיין געשטאָרבע־נעם טאַטן. און ס'איז דאָך נישט קיין געוויינטלעכ ר שלאָף, אַז ער רעט און ענטפערט פון שלאָף אַרויס אויף פראַגן! האָט געהערט, ווי ער האָט גערעט: „מיין טאַטע, מיין טאַטע!"

— געוויס איז דער היפּנאָטישער שלאָף אַ סוד! אָבער וואָס האָבן מיר דערפון — האָט שלמה געטענהט — מיר אַליין האָבן נאָך גאָרנישט דערגרייכט!

— שוין? דו ווילסט אַריינגיין אין דער אייביקייט מיט אַ זייגערל אין האַנט, וואָס קלאַפּט אָפּ סעקונדן?!

שלמה האָט געשפּרייזט הין און צוריק איבערן שטיבל.

— לאָמיר אים אויפוועקן — האָט זיך יצחק אָנגערופן.

שלמה האָט בייז געענטפערט: ער, וואָס האָט אַזאַלכע איבערלע־בענישן, אויב מ'דאַרף אים נאָכיאָגן און איינרעדן, טאָ זאָל ער גיין פאַר־לוירן מיט אַלע איבריקע!

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען. פון פעלד איז געגאַנגען די ווירטן. זי האָט געטראָגן אַ לענגליך־פלאַך קישל מיט אויסגעגראָבענע קאַרטאָפלעס און אויף די קאַרטאָפלעס איז געלעגן דער גראָבּ־אייזן. זי האָט זיך אָפּ־געשטעלט און צוגעשאָקלט מיט איר ברוין געפאַלדע־וועט פנים:

- אַזוי, כאָטש אַ מאַנספּאַרשוין, אַבי נישט אַליין! אַליין איז נישט גוט. פאַר אַ יאָרן האָט ביי מיר אויך געוווינט אַ קאַוואַליער, זענען צו אים שטענדיק געקומען פאַניענקעס. און דער פאַן — האָט זי אָנגעוויזן אויף שלמהן — איז נאָר אַליין און אַליין. ס'איז נישט גוט אַליין. אַ מענטש דאַרף זיין מיט מענטשן!

זי איז פאַרבייגעגאַנגען.

— זי רעט צו מיר דאָס זעלבע יעדן טאָג! — האָט שלמה גע־לאַכט.

אויפן פעלד איז געלעגן אַ קו און האָט דרעמלענדיק געמעלה־גרהט. זיי זענען ווייט געגאַנגען איבערן פעלד, פיל גערעט און אויס־געגאָסן זייערע דורשטיק־פאַרבענקטע הערצער איינס פאַרן אַנדערן. יחיאלן האָבן זיי געטראָפן אַ ביין. אַן איבערגעשראָקענעם. ביידע, יצחק און יחיאל, זענען אַוועקגעפאָרן מיטן פינפער צוג אין שטאָט אַריין.

שלמהן האָט זיך נישט געגלוסט צוריקצוגיין אין זיין שטיבל, איז ער געבליבן אויף דער סטאַציע.

ער האָט מלחמה געהאַלטן מיט פרעמדע געדאַנקען, צעטריבן און פאַריאָגט זיי פון זיין מח. נאָר צו סייל האָט ער זיך דאָך צוגעהערט אײנטענהנדיק מיט זיך אַליין: „צו וואָס אַנטלויפן פון ערדישן לעבן, פון זינד? ווי דאָס פייער לייטערט דאָס גאָלד, אַזוי מאַכט זינד גרעסער דעם מענטש! ווען אדם האָט געזינדיקט האָט גאָט געזאָגט צו די מלאכים: „הן האדם היה כאחד ממנו לדעת טוב ורע!" —

---

אַלע פאַרנאַכט הייבט אָן די סטאַציע צו אָטעמען מיט לעבן. פּאָר. לעך שפּאַצירן הין און צוריק, שאָרכענדיק מיט די טריט אויפן דראָבנעם שטיין און עס קלינגען אָפּ אין דער ליכטיקייט יונג-מיידלישע קולות.

אַ גאַנצן טאָג באַהאַלט מען זיך פון דער היץ אין וואַלד, אין שאָטן פון די ביימער. מ'וויגט זיך און געפלאָכטענע האַמאַקעס, דרעמלענדיק אין דעם קרעפּטיק-פעטן ריח פון די נאָדל-ביימער.

די וואַנד פון דער סטאַציע-געביידע, ביז צו די פענצטער פון ערשטן שטאָק, איז געדיכט פאַרפלאָכטן מיט גרינוואַרג. אויף די בענקלעך-אויס דער וואַנט זיצן פּאָרלעך, וואָס זענען מיד געוואָרן פונם אַרום-שפּאַצירן.

די באַן דאַרף באַלד אָנקומען. דאָס ווייסט מען, ווייל מען זעט שוין לייבקען אַרומדרייען זיך אויף דער סטאַציע.

לייבקע איז אַ בחנמדיקער באַן-משרת. ער טראָגט אַן אַלט היטל פונם באַן-נאַטשעלניק מיט אַ רויטן קאַנט אַרום, וואָס פּאַסט אים נישט צו זיין שמאָל פּנים מיטן שוואַרצן בערדל און מיט די שוואַרץ-יידישע אויגן. זיין אַלט-גרויע קורטקע איז אַרומגעבונדן אין דער טאַליע מיט אַ דין שטריקל.

ער באַדינט דעם נאַטשאַלניקס ווייב, האַקט האָלץ, ברענגט וואַסער. ער באַדינט בחנם יעדן באַן-באַאַמטן אויף דער סטאַציע. און אַלץ, ווייל מען זאָגט אים צו, אַז ער וועט ווערן נאַטשאַלניק.

אין ווייטן ליכטיגן מהלך, ווו די צוויי שטאָל-שאַרפע שינעס פאַרלירן זיך, הייבט זיך אויף אַ קליין ווייס וואָלקנדל. אונטער דעם באַווייזט זיך אַ שוואַרץ פּינטל, וואָס האַלט זיך אין איין פאַרגרעסערן און דער-

נענטערן. לייבקע שטייט שוין ביים גלאָק, גלייך ווי אַ ווירע, און האַלט דאָס שטריקל אין האַנט, גרייט צו געבן דעם ערשטן קלינג. דער נאַטשאַלניק קומט אַרויס פון דער סטאַציע-געביידע. אַ דיקער, אַ רויטער און ווייסן אָנצוג, מיט די גאָלדענע קנעפּ און רויטן היטל.

לייבקע גיט איין קלינג. און באַלד לויפט ער און יאָגט אָפּ די שפּאַצירנדיקע פון די שינעס. ער גיט אַלע מאָל אַ קוק מיט די קינדיש-שיקלדיקע אויגן צום נאַטשאַלניק: — זעסט ווי איך אַרבעט?! — נאָר דער נאַטשאַלניק איז איצט שטאַרק פאַרנומען, און איז האַרט און שטרענג.

די באַן קומט אָן מיט אַן אייזערנעם געררויש און שטעלט זיך. פון די וואַגאָנען-פענצטערלעך קוקן אַרויס זון-רויטע פּנימער. לייבקע גיט צוויי קלינג, באַלד דערנאָך דריי, און דער צוג רירט. די וואַגאָנען ציען זיך אַוועק. אין דער ווייט שלענגלט זיך נאָך דער צוג.

שלמה זיצט אויף אַ באַנק. ווי אַ שטומער עדות צום לעבעדיקן געררויש אויף דער סטאַציע. אויף דער זעלבער באַנק זיצט אַ מיידל. אַ געטאָקטער פּרויען-קערפּער, אַ קינדיש בלייך פּנים. אין שלמהס מח שלאָגן זיך געדאַנקען:

— ער וועט זיך באַקאָנען מיטן מיידל!

— וואָס גייט ער טון? ער גייט פאַרלאָזן דאָס גרויסע, דאָס אייביקע?!

— נאַרישקייטן, אַ מענטש דאַרף זיין גאַנץ און מוז אַלץ דורכמאַכן! אַ מענטש דאַרף זיין שטאַרק און נישט מורא האָבן!

ער רופט הויך אויס:

— איך וועל זיין דרייסט. מ'קאָן זיך באַקענען פריילייןְ? דאָס מיידל שמייכלט.

— ביטע, מיין נאָמען איז ליזא בראָמבערג. מיר וווינען אין ראָוענס ווילע.

שלמה האָט זיך אויפגעשטעלט און דערלאַנגט די האַנד. צו דער באַנק זענען דערוייל צוגעקומען אַ מיידל מיט צוויי באַגלייטער. דאָס מיידל, פון אַ יאָר 18, אַ ברונעטקע מיט קורץ-געשוירענע האָר, אין אַ ברוין גימנאַזיע-קליידל, האָט מיט אַ שמייכל און מיט חשד געקוקט, דאָ אויף איר פריינדין, דאָ אויף שלמהן. דער יונגערער באַגלייטער, אַ דאַרער, בלייכער, מיט אַ קיילעכיק שפּיציק גאָמבעלע, ווי ביי אַ מיידל און

שוואַרצע, געדיכט־צוזאַמענגעוואַקסענע ברעמען, ענלעך צו דעם מיידל, וואָס האָט זיך מיט שלמהן באַקאַנט, — ווייזט אויס אַ ברודער. דער עלטערער, אַן אָפּגעטאָקט בחורל אין אַ געפּאַסטן אָנצוג מיט אַ דין, שאַרף נעזל, וואָס באַוועגט זיך און פּילט אַלץ און אַ באַהאַלטן כיטרע שמייכעלע אין די אויגן, ענלעך צום מיידל אין גימנאַזיע־קליידל, — ווייזט אויס אַ ברודער. דער עלטערער האָט געלאָסן אַרויסגערעדט: „אַלזאָ, מיר גייען!"

ליזאַ האָט זיך אומפּגעשטעלט.

— אַ שיינע! האָט זיין געדאַנק אים ווידער איינגערוימט — אַ שיינער פּרויען־קערפּער, דאָס פּנים קינדיש און בלייך!

ליזאַ האָט זיך געטון אַ שטילן פאַרנויג פאַר שלמהן און איר פּנים האָט זיך געווייכט אין אַ שמייכל. איר חברטע, דאָס מיידל אין גימנאַזיע־קליידל, האָט זיך איבערגעהינקען מיטן עלטערן פון די יונגע לייט. זי האָט אָנגענומען ליזאַס אָרעם און תאוויש הויך געלאַכט. זיי זענען אַוועק געגאַנגען.

— ליזאַ בראָמבערג! ראָזענס ווילע! — חזרט שלמה אין געדאַנק

— אָבער וואָס טוט ער?!

ער וויל נישט טראַכטן. דער גאָלדענער שטילער אָוונט האָט אים ווי צוגעשמידט צום אָרט און ווי אויסגעלליידיקט זיין מח פון געדאַנקען. די זון פאַלט נידעריק אַראָפּ אין מערב־זייט, אַ שווערע, אַ לויטער־גאָלדענע. די פעלדער האָבן אָנגעהויבן לייכטן. און עס האָבן אָנגעהויבן אין דער ווייט אויפדעקן, שטילע באַהאַלטענע פעלדער — פעלדער נישט־היגע.

אויף דער סטאַנציע איז שוין שיטערער. די בענק זענען ליידיק, נאָר עטלעכע יינגע פּאָרלעך גייען ווייט אַוועק מיט די שינעס. עס צעגיסט זיך ערגעץ אין שטילן גאָלדענעם פאַרנאַכט אַ בענקענדיק פרויען־געזאַנג.

לייבקע איילט פאַרביי. די פּיאות, דאָס בערדל גאָלדיק־באַלויכטן פון דער אונטערגייענדער זון.

---

אַלע נאַכט פלעגט שלמה גוט פאַרשטעלן מיט דער טיקטור דאָס פענצטער, לייגן די קישנס אַזוי, ער זאָל קענען ליגן, האַלב־זיצנדיק.

באַריאָגן די טאָג-געדאַנקען און קוקן דורכן מח צו יענע פאַרבאָרגענע וועלטן, ווו קיין מענטשלעך אויג קען נישט קוקן. אין יענער נאַכט אָבער האָט ער זיך גלייך געלייגט. ער האָט כסדר געזען דעם שיינעם געטאָקטן פרויען-קערפּער.

— ליזאַ בראַמבערג! ראָזענס ווילע! — האָט ער געחזרט אין געדאַנק און באַשלאָסן מאָרגן צו גיין אַהין. ער האָט אינגאַנצן געגליט, האָט לאַנג נישט געקאָנט איינשלאָפן, און איז אַריינגעפאַלן אין אַן אומרויקן שלאָף, בשעת וועלכן רוחות אין פרויען-געשטאַלט האָבן זיך באַוויזן פאַר אים, געקומען צו אים נאָענט, און ס'איז אים געוואָרן אַזוי שווער צו אָטעמען, אַזוי דריקנדיק שווער אויפן האַרץ, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף מיט כּוֹיט-שרעק. און ער איז ווייטער געשלאָפן, אַ זינדיקער, אַ מידער, ביז שפּעט אויפן טאָג.

---

אין ראָזענס ווי׳ - שטייט אַ גרין־געפאַרבט הייזל מיט אַ ווערענדע. די ווערענדע איז געדיכט פאַרטונקען און דונקעלען גרינוואַרג.

שלמה איז נישט דרייסט אַריינצוגיין, שטייט ער אונטער דער ווערענדע און קוקט אַריין דורך די בלעטער. עס איז אָפן אַ טיר. אַ ברויסע האַלב-דונקעלע שטוב. ליזאַ! ער דערקאָנט איר בלייך קינדיש געזיכט. זי פאָרעט זיך אַרום בלומען, וואָס שטייען אויפן טיש, פאַרריכט און מאַכט גלייך די בלעטלעך.

זי דערזעט שלמהן.

— אַך, אַ גאַסט! זיצן זי! זי פאַרבעט אים אין שטוב אַריין.

עס קומט אַריין פון אַ צווייט שטיבל אַן עלטערע פרוי, מיט אַ ליענגלעך טונקל איינגעשרומפּן פּנים. זי שמייכלט ליבלעך און גיט אַ שאָקל צו שלמהן מיטן קאָפּ.

— מאַמוניו, מיט דעם יונגנמאַן האָב איך מיך באַקאָנט נעכטן אויף דער סטאַציע. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל צו אונז אַריינקומען!

די אַלטע רעדט אויס אַ פּאָר פריינטלעכע ווערטער, גיט ווידער אַ ליבלעכן שאָקל מיטן קאָפּ צו שלמהן און גייט אוועק אין צווייטן שטיבל, ווייזט אויס, די קיך.

— ווי געפעלט אייך אונזער ווילע? אַלט-פרענקיש, ניין?!

— דערפאַר איז דאָ אָבער רויק. דאָס איז די גרעסטע מעלה פון אַ זומער-וווינונג!

איר ווילט אפשר גיין שפּאַצירן?

שלמה האָט פרייער אָפּגעאָטעמט.

— יאָ, אין אַזאַ שיינעם טאָג איז אַ שאָד אפילו אַ מינוט צו זיין אין אַ שטוב!

זיי גייען ביידע אויפן ווייכן וואַלד-געבעט, צווישן הויכע גלייכע נאָדל-בוימער. ער זעט איר אַראָפּגעלאָזטע האַנט מיטן ביכל און זיין געדאַנק אַנטפלעקט פאַר אים די קיילעכיקייט פון אירע גלידער, די ווייסע ליכטיקייט פון איר לייב.

די בוימער פון וואַלד הייבן זיך אָן צו שיטערן און עס זעט זיך שוין אַרויס דער גרויסער הימל. אויף אירע פראַגן ענטפערט ער איינצעלנע ווערטער. מיט גרינגע פיס, ווי אַ שכור, און מיט אַן אויפגעאַלטענעם אָטעם פון דערוואַרטן, שפּרייזט ער ביי איר זייט.

דער וואַלד איז שוין הינטער זיי. עס הייבן זיך אויף עטלעכע ווייסע זאַמד-בערגלעך און אַרום שפּרייטן זיך גרין-ליכטיקע שטילע פעלדער.

ליזאַ זיצט, אונטערגעשפּאַרט אַ האַנד. מיט דער צווייטער שיט זי דאָס קלאָרע זאַמד. איר קערפּער איז מיידלש-חנודיק אויסגעבויגן. פון דער געטלעכער מנוחה און שטילקייט אַרום, פון דער געטלעכער מנוחה און שטילקייט אין דעם מיידעלשן קערפּער — זיצט ער, ווי באַרוישט. ער נעמט זי אַרום.

אירע ליפּן שטאַמלען: — מיר האָבן זיך דאָך ערשט נעכטן באַקאַנט!

ער אָטעמט אין זיך דורשטיק אַריין דעם ריח פון איר וויס לייב.

---

זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען פון די בערגלעך. צווישן די בוימער זעט זיך אַ מיידל מיט צוויי בחורים. ס'איז די זעלבע וואָס נעכטן.

דאָס מיידל לויפט צו: — ליזאַ, וווּ ביזטו אַזוי לאַנג געווען?! — זי קוקט אויף שלמהן און לאַכט תאווהש.

דאָס מיידל, פּאָלע, איז געגאַנגען אָנגעטאָן ווי נעכטן, אין ברוינעם גימנאַזיע-קלייד, מיט אַ שטייף קעלנערל אַרום האַלז.

דער עלטערער פון די בחורים, פּאַלעס ברודער, האָט געשנאַפּט מיט זיין שאַרף נעזל און דאָס באַהאַלטענע כיטרע שמייכעלע אין זיינע אויגן האָט זיך היינט בולטער אַרויסגעזען. דער יונגערער, ליזאַס ברודער, האָט אויסגעשטרעקט שלמהן אַ האַנט, האָט דערביי צונויפגעצויגן זיינע געדיכטע ברעמען און טיף אין שלמהן אַריינגעקוקט.

אַלע האָבן זיך צוזעצט איף דער ווייך-געבעטער וואַלדיקער ערד. מען האָט געבעטן פּאַלען, זי זאָל עפּעס זינגען. פּאַלע האָט געזינגען אַ רוסיש לידל. דער יונגערער איז געשטאַנען, אַרויסגעשטעלט די ברוסט און געראָיכערט, געמענטשלט זיך פאַר פּאַלען. דער עלטערער איז געלעגן מיטן פּנים אַרויף, צום הימל צו און געהערט מעשה מבין.

שלמה האָט זיך אָנגערופן: — דאָס פריילן זינגט, דאַכט זיך, צו טרוקן!

פּאַלעס ברודער גיט אַ קוק אויף שלמהן מיט די גרינלעך-וואַסערדיקע אויגן, ציטערט מיטן שאַרפן נעזל און זיין מויל צוקרימט זיך אין אַ בייז שמייכעלע:

— אַזא מבין זענט איר דאָס אויף געזאַנג?

— אויף זינגען דאַרף מען נישט זיין קיין מבין, — ענטפערט שלמה — מען דאַרף הערן מיט די אויערן פון האַרץ!

— מיט די אויערן פון האַרץ! — חזרט דער עלטערער איבער שפּאָטיש. פּאַלע, קענטיק אַן אויפגערעגטע פון שלמהס באַמערקונגען, זאָגט דעם ברודער, אז זי וויל שוין גיין. שלמה בעט מ׳זאָל אים אַנטשולדיקן. דער ברודער קוקט אַוועק אין אַ זייט און רעדט קאַלט אַרויס:

— איר טרעט נישט באַלד יענעם אָן אויפן פוס און בעט נישט קיין אַנשולדיקונג!

פּאַלע בייזערט זיך כלומרשט אויפן ברודער — יעדער איז דאָך פריי אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג!

זיי האָבן זיך געזעגנט. ליזאַ שמייכלט צופרידן. אַז זיי זענען אַוועק, האָט זי זיך אָפּגערופן — זער גוט, רעכט אויף זיי, זיי ווייזן נאַר שטענדיק אַרויס זייער געלערנטקייט!

זיי זענען אַריין אין שטוב.

אין דער שטוב איז אַריינגעקומען ליזאַס מוטער. זי האָט געהאַלטן אַ קלאָר האַנטיכל און געווישט זיך די הענט.

— בעט זיצן! — האָט די פרוי צוגעשמייכלט מיט איר טונקל געפּאַלדעוועט פּנים און אירע אויגן האָבן ווייך צוגעבליאַסקעט. זי איז אַלץ געשטאַנען און געווישט זיך אָן רייַנעם האַנטיכל די שוין לאַנג טרוקענע הענט.

ליזאַ האָט אַרומגעקוקט, אַרומגעשמעקט די בלומען, וואָס זענען געשטאַנען אויפן טיש, און אַרומגעטאַפּט זיי מיט צאַרטע פינגער, גלייך. מאַכנדיק יעדעס בלעטעלע. אויף איר געזיכט האָט געלויכטן צופרידנקייט, און אַ שטיל מיידליש פאַרגעניגן האָט רויט געמאַכט די לעפּלעך פון אירע אויערן.

די מוטער האָט פאַרן אוועקגיין זיך אַנטשולדיקט — וואָס זאָלן

מיר טאָן? קיין גבירים זענען מיר נישט, מען מוז אַלץ טון אַליין
און זי איז אַריין אין צווייטן שטיבל.

---

אַהיים איז שלמה געקומען פאַר זון-אונטערגאַנג. ער איז געבליבן אויפן הויף און נישט אַריינגעגאַנגען צו זיך, און האָט זיך געזעצט אויפן קלאָץ נעבן דער סטאָדאָלע. פּודעל, דער הונט, וואָס איז געווען אָנגעבונדן אויף אַ קייט ביים טויער פון דער סטאָדאָלע, האָט זיך געריסן צו אים, מיינענדיק, אַז מ'גייט אים שוין אָפּבינדן. אַ גאַנצן טאָג איז ער געווען אָנגעבונדן אויף דער קייט, אַלע פאַרנאַכט האָט מען אים אַפּגעבונדן און ביינאַכט איז ער שוין אַרומגעלאָפן פריי.

פּודעל איז געשפּרונגען און האָט זיך כסדר געריסן פון דער קייט, ער האָט אַרויסגעלאָזט עטלעכע הויכע פאַרצווייפלטע בילן, אויסלאָזנדיק מיט אַ געוויין און אַ סקאָוויטש, ווי איינער זאָגט: „פאַרוואָס בינדסטו מיך שוין נישט אָפּ? ווייניק אַ גאַנצן טאָג געלעגן אָנגעבונדן אויף דער קייט?

די קו האָט מען שוין צוריקגעבראַכט פון פעלד, — איז זי געשטאַנען אין מיטן הויף איבער אַ גרויסן שאַף געשמאָלצענע פּאָמאָיע מיט קאַרטאָפלע-שאָלעכץ, און ווען זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָב פון איר פּיסק אַראָפּגערינען שליים-שנורן. אַזאַ שאַף האָט זי אַלע פאַרנאַכט אויסגעזופּט, איידער זי איז געגאַנגען אין שטאַל אויף נאַכט-לעגער ביי אַ צווייטן שאַף זענען געשטאַנען צוויי חזירים און געכלעפּטשעט אַ געשמאָלצענע פּאָמאָיע.

אויף די שטאַפּלען פון לייטער זענען געפלויגן הינער אַרויף צו זייער בוידעם-געלעגער. אַ קליין אויסגעפליקט הינדל, וואָס איז געשפרונגען פון איין שטאַפּל אויפן צווייטן, האָט פון לעצטן שטאַפּל באַדאַרפט געבן אַ שפּרונג און אַ פלי אַרויף ביז אין אָפענעם בוידעם-טירל אַריין, האָט עס אָבער נישט געקאָנט און ס'איז צוריק געפאַלן אויף דער ערד מיט אַ געשריי. אַ פּאָר פאַרשפּעטיקטע הינער זענען נאָך אַרומגעגאַנגען איבער די ווינקלען פון הויף און געזוכט קערנדלעך.

שלמהס ווירטין, די פויערטע, קומט דערווייל אָן דורך דער פורטקע פון גערטל מיט אַ פולן פאַרטוך אָנגעשניטענע גראָזן. זי גייט צו צו דער קי און טרייבט זי אין שטאַל אַריין: „אַלאָשאַ! אַלאָשאַ!

די קרומע שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון בלאַנקען אָפּ מיט גינגאָלד אויף די שייבלעך פון הייזל. עס קומט אַרויס דער ווירט, אַ הויכער גוי, מיט אַ ברוין הארט פנים און אַ ברודיקע טשופרינע. ער שטייט און טראַכט נישט, וואָס צו טון מיט זיך. ער גייט צו דער סטאָדאָלע. פידעל הויבט אָן קייגן אים צו שפרינגען און רייסן זיך פון דער קייט. ער בינדט אים אָפּ.

דער הונט שפרינגט אַרויף אויף אים און גיט אים אַ פּאָר מאָל אַ לעק אין פנים אַריין אויס דאַנקבאַרקייט. און, ווי ער האָט אים נאָר אָפּגעלאָזט, איז ער אין איין רגע אויסגעוועזן און אויסגעשמעקט אַלע ווינקלען פון הויף.

דער פויער שטעלט זיך אָפּ פאַר שלמהן.

— כ'וויל — זאָגט ער — דיך עפּעס פרעגן. נישט דאָס, וואָס איך דאַרף עס וויסן, נאָר—גלאַט אַזוי!

— פרעג!

— אָט דאָס וויל איך פרעגן, פּאַניע. איך וויל, פּאַניע קאָכאַני, דיך פרעגן, פאַרוואָס אַ שטייגער, פאַרשטעלסטו דיר אַלע נאַכט דאָס פענסטער?

שלמה שמייכלט — פאַרטאָג שיינט אַריין די זון, און אַז ס'איז צו ליכטיק אין שטוב קאָן מען נישט שלאָפן!

— טאָ ווער הייסט דיך שלאָפן ביז אין גרויסן טאָג אַריין? לייג דיך, ווען ס'ווערט נאַכט, און הייב דיך אויף, ווען ס'ווערט טאָג. די שטאָטישע — צולאַכט ער זיך — גייען מיט די קעפּ אַראָפּ מיט די פיס אַרויף. אָט וואָס פּאַניע!

און ער לאָזט זיך געזונט־לאַכנדיק צו דער שטאָט.

שוין עטלעכע וואָכן, ווי שלמה וווינט דאָ, און דאָס אַלץ, וואָס ער זעט דאָ איצט, איז אים ניי. גאַנצע טעג איז ער געזעסן איבער אַלטע ספרים און אָקולטישע ביכער. גאַנצע נעכט איז ער אויפגעזעסן אויף זיין געלעגער און געקוקט אין פאַרבאַרגענע וועלטן אַריין.

היינט, דעם ערשטן אָוונט, האָט ער געלעבט און געאָטעמט מיטן דאָרף.

אויף צומאָרגנס איז די מוטער שלמהן אַנטקעגן געקומען: ליזאַ איז אין וואַלד!

שלמה איז נישט געווען דרייסט באַלד אַרויסצוגיין. די מוטער שמייכלט, לאָזט אַראָפּ די אויגן פאַרשעמט, ווי אַ מיידל, און רופט זיך אָן:

— איך האָב אייך עפּעס געוואָלט פרעגן. איר האָט עלטערן?

ס׳האָט זיך געזעגן, אַז דאָ גרייט זיך עפּעס אַ האַנדל, נאָר אין קול האָט געציטערט אַזוי פיל מוטערלעכע ליבע, אַז שלמה האָט געהאַט אַפשיי און האָט אויף אַלעם געענטפערט ריכטיק.

די אַלטע האָט זיך פאַרטראַכט און געקוקט ווייט. עפּעס גרויסעס האָט אָפּגעגלאַנצט אין די אויגן פון דער מוטער, וואָס האָט געוועבט אַ חלום פון אַ צוקונפט פאַר איר קינד.

שלמה איז אַראָפּ פון דער וועראַנדע. ער איז געגאַנגען אין וואַלד אַריין. ער איז פּלוצלינג געבליבן שטיין און זיך געפרעגט: צי מיין איך טאַקע ערנסט מיט איר טאָכטער?!

ער האָט אָבער נישט קיין צייט צו טראַכטן. דער הימל איז ברייט און הויך, די היץ אין וואַלד שמעקט, דאָס בלוט אין די אָדערן לויפט גיך...

ליזאַ איז האַלב געלעגן אויף דער וואַלדיקער ערד און געליינט אַ ביכל. שלמה האָט אָנגעטיזן מיט דער האַנט אויף דער ערד, די ביימער, די גרעזער. אַלץ לעבט און רעדט און ס׳איז אַלע מאָל אַזוי ניי, אַזוי אינטערעסאַנט! וואָס דאַרף זי די אַלטע טויטע ביכער?

אויף דער וועראַנדע, צו דער וואַנט צו איז געשטאַנען אַ קאַנאַפּע. די אַלטע בעלקעס, האָט זיך געדאַכט, וואַקסן מיט מיט דעם גרינס, וואָס נעמט אַרום דאָס גאַנצע הייזל. אין איין זייט איז דאָס הייזל געשטאַנען

אַביסל אָראָפּגעזעצט. די ברעטער און קלעצער זענען געווען גראָב און ווייך. אינעווייניק, אין די שטובן, האָט געשוועבט אַ רויקע קילקייט.

אין טונקעלעם ווינקל פון דער וועראַנדע, אויף דער קאַנאַפּע, איז געווען שלמהס אָרט. עטלעכע וואָכן כּסדר איז ער דאָ האַלב-געלעגן, געזעסן און נישט געזען וואָס אַרום אים קומט פאָר. ער האָט נאָר געזען זיין ליזאַן, געטעטעמט מיט איר לייב און געפונען רו נעבן איר. געדאַנקען האָבן נישט געקאָנט צו אים דערגרייכן אַהער. עפּעס מוטערלעכעס האָט געטאָטעמט פון דעם מיידל.

זי האָט לאַנג געקוקט אויף אים מיט דער גרויסער שטילקייט פון אירע אויגן, און איר האַרץ האָט געערדט נאָר איין וואָרט: „שלמה״!

ווען די מוטער פלעגט אַרויסקומען אויף דער ווערענדע, האָט ליזאַ זיך נישט געהיט, נאָר שלמהן האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט, ווי ביי אַ גנב. די מוטער פלעגט שטיין איבער זיי פאַרטראַכט. פון איר טונקל געפאַלדעוועט פּנים האָט אַרויסגעשטראַלט מוטערלעכע ליבשאַפט און די אויגן האָבן געקוקט אין דער ווייט.

איינמאָל איז געקומען פּאָלע מיט איר ברודער. ער איז געזעסן, האָט געשמועסט מיט ליזאַן, און שלמהס רייד האָט ער מבטל געווען מיט זיין קוים געזעענעם, כיטרע-שטילן שמייכל. ליזאַ האָט דאָס באַמערקט. אויף להכעיס האָט זי זיך צוגערוקט נענטער צו שלמהן, געגלעט מיט דער האַנט די האָר פון זיין קאָפּ און קעציש-רויק געענטפערט פּאָלעס ברודער.

פּאָלע ווידער האָט געהאַלטן אַ בוך אונטערן אָרעם, איז געזעסן שטייף אָנגעצויגן און האָט געשוויגן. אין איין מאָמענט פון דעם שמועס האָט פּאָלעס ברודער פּאַטעטיש אויסגערופן צו שלמהן: — אייערע אויגן זענען פאַרנעפּלט. איר שלאָפט אין מיטן העלן טאָג!

— צווייערליי שלאָפן זענען פאַראַן — האָט שלמה געענטפערט — חען אַ גראָבער נפש שלאָפט, ליגט ער, ווי אַ קלאָץ, ער איז טויט! אַ העכערער מענטש דרעמלט לייכט, הערט אַלץ און פילט אַלץ, וואָס אַרום אים קומט פאָר, ער לעבט! אַזוי דרעמלען אויך די פעלדער אַלע פאַרנאַכט אונטערן ליכטיקן אָטעם פונם הימל.

פּאָלע מאַכט זיך נישט הערן, בלעטערט פראָפּעסאָריש דאָס בוך און פאַרציט די דינע יונגעלשע ליפּלעך.

— פאָפּיש! — שמייכלט פאָלעס ברודער גיפּטיק און שטעלט זיך אויף. פאָלע גיט אַ האַרט מענלעכן שטרעק אויס די האַנט צו ליזאַן און ווינשט איר, זי זאָל זיך גוט ווײַלן...

זיי זענען אַוועק. ליזאַ איז געזעסן נעבן שלמהן, און ער האָט באַלד אָן אַלץ פאַרגעסן.

---

דאָס לעמפּל אויפן טיש באַלייכט דאָס שטיבל מיט די ווייס-גע-קאַלכטע ווענט: דאָס פענצטער איז אויפגעפּראַלט. אָט פליט אַריין אַ זומער-פויגעלע, זשימעט, קלאַפּט זיך אָן אינם ברענענדיקן גלעזל און ווערט ערגעץ צוריק פאַרפאַלן אין דער נאַכט.

שלמה איז געזעסן ביים טישל און אַלערליי געדאַנקען האָבן זיך געטומלט אין זיין מח. ער איז אַראָפּגעפאַלן, ער זינדיקט!

— ואם מעט לך, והוסיף לך כהנה וכהנה — דערמאָנט ער זיך.

— דוד האָט נאָר געזינדיקט, ווייל ער האָט גענומען אַן אשת-איש און געהרגעט אַ מענטש!

— ולעת זקנת שלמה, — דערמאָנט ער זיך ווידער אַ פּסוק — נשיו הטו את לבבו וילך אחרי הבעלים.

— און אים שלמהן, האָט איין מיידל באַוויזן אָפּצונייגן פון זיין גרויסן וועג.

— נאַרישקייטן — באַרויקט ער זיך — ער האָט זיך נאָר אַביסל פאַרשפּילט, מער גאָרנישט!

ער האָט פאַרלאָשן דאָס לעמפּל, זיך געלייגט און באַלד איינ-געשלאָפן.

ווען שלמה האָט געעפנט די אויגן האָט דאָס גאַנצע שטיבל גע-ברענט מיט ליכטיקייטן. ער ליגט, געליימט פון פאַרוווּנדערונג, גיט אַ קוק דורכן פענצטער אין בלויען הימל אַריין און צעלאַכט זיך אויפן קול

— ס'איז דאָך שוין גרויסער טאָג!

אויף די ווייס-געקאַלכטע ווענט שפּילן פאַסן זון, און אין דער קרום לייכט אַ גאָלדענער זונען-שטויב. ער גיט אַ שפּרינג אַראָפּ פון בעטל.

ווען ער איז אַרויס האָט די זומער-ליכטיקייט מיט אַמאָל אויף אים בעגעבן אַזאַ זעץ, אַז ער האָט געמוזט פאַרמאַכן די אויגן. די זון, אַ קליינע

איז שוין געשטאַנען הויך מיטן הימל. אַלץ אַרום איז געשטאַנען און נישט געפּאָטשעט אין דער היץ. דאָס שטיק תּבואה איז געווען אומבאַוועגלעך מיט די פֿיל חייס-האָריקע קעפּלעך און האָט געשמעקט מיט געבאַקן ברויט.

די פֿיר שטייט שוין אויסגעשפּאַנט און ליידיק. ווייזט אויס, דער ווירט איז שוין געקומען פֿון שטאָט. אין שאָטן פֿון דער סטאָדאָלע ליגט פּודעל, דער הונט, מיט שכור-רויטע אויגן, צעריסן די מאָרדע און אַרויסגעשטעקט אַ ציטערדיקע, דין-רויטע צונג. די הינער זיצן, יעדע באַזונדער אין אויסגעגראָבענע גריבלעך, פֿאַרגלייזט די אויגעלעך און דרימלען, ווייזט אויס, זיי האָבן זיך שוין גענוג אָנגעלאָפֿן און אָנגעפּרעסן היינטיקן פֿרימאָרגן.

שלמה שטייט לאַנג אויף איין אָרט און קאָן זיך נישט אָפּרייסן פֿון דעם שטיק רויקן דאָרפֿישקייט און פֿון דער שטילער היץ אַרום. ער גייט פּאַמעלעך. די היץ שמעקט. דאָס פֿעלד איז ברייט און גלייך. ער וואַרפֿט זיך אַנידער אויפֿן גראָז.

ער ליגט אַזוי לאַנג, און פֿאַר זיינע אויגן גיסן אַראָפּ שטילע שטראָמען ליכטיקייט. ער שטעלט זיך אויף און גייט, ווי אַ שכּור. אָט איז ער שוין אין געסל, וואָס שניידט איבער און צעטיילט דעם וואַלד.

צווישן די הויכע שלאַנקע נאָדל-ביימער זעען זיך פֿאַרביקע הייזלעך מיט אָפֿענע פֿענצטער און וועראַנדעס. אין לאַנגן שמאָלן געסל זעט מען קיין מענטש נישט. דער ווייס-זאַמדיקער וועג ברענט אויף דער זון, אַלץ איז, ווי אָפּגעשטאָרבן. עס קרייט בלויז אַרויס פֿון ערגעץ ווו אַ הענדל.

אָנגעהאָנגען צווי קויבערס, איינעם פֿאָרנט, איינעם פֿון הינטן, גייט אַ יידל, אויפֿבערנגענדיק אַ שטויב מיט זיינע חייסע שטיוול.

אַ פּאָמעראַנץ, אַ שאָקאָלאַדע, אַ גוט קיכל!

ביידע קויבערס זענען צוזאַמענגעבונדן מיט אַ שטריקל, דאָס שטייפֿע שטריקל דריקט אַראָפּ דעם יידל איין אַקסל און בלאָזט אָן מיט אָדערן דעם האַלדז. ער שטעלט זיך אָפּ, אַראָפּנעמענדיק ביידע קויבערס אויף דער ערד. עס זעט זיך אַ ברוין-פֿאַרברענט פּנים און האַרטע, אויסגעבליאַקירטע האָר פֿונם שיטערן בערדל.

— אַ גוט פֿעקל שאָקאָלאַד! בעט ער זיך מיט בלוט-פֿאַרלאָפֿענע

אויגן. ער גלייכט זיך אויס און גיט זיך אַ ווישׁ מיטן אַרבל דעם שווייס פון פּנים.

דאָס יידל גייט ווייטער און די צוויי קויבערס דריקן אים אַראָפּ דעם איינעם אַקסל. שלמה קוקט אים נאָך מיט באַדויער. אָבער דער טאָג איז צו גרויס און ליכטיק, ער זאָל לאַנג וועגן דעם קלערן.

ווען שלמה איז געקומען אין ראָזענס ווילע, האָט שוין די זון אָנגעהויבן אַראָפּפאַלן צו מערב צו.

ליזא איז אים דאָס מאָל אַנטקעגן געקומען מיט עפּעס אַ געצוווּנגען שמייכעלע און האָט קרומלעך פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ.

איר מוטער איז היינט געשטאַנען אויף דער וועראַנדע לענגער, ווי אַלע מאָל, און געקוקט אויף שלמהן מיט מאָדנע טרויעריק-פאַרטראַכטע אויגן.

אין אָוונט פון יענעם טאָג, האָט שלמה אַהיימקומענדיק זיך גלייך געוואָרפן אויפן בעטל, מיד און געפייניקט פון צורייצטע געדאַנקען. פאַר זיינע אויגן שטייט ליזאַס בלייך געזיכט מיטן גענויטן שמייכעלע, מיט דער קרומלעך-פאַרביסענער אונטערשטער ליפּ, און איר מוטערס גלאַנציקע, טרויעריק-פאַרטראַכטע אויגן.

— צו וואָס האָט ער דאָס באַדאַרפט, דורך אים זאָל ליידן אַ מענטש? ער האָט דאָך זי נישט אָנגעהויבן ליב צו האָבן! ער האָט דאָך דאַמאָלס, אויף דער סטאַנציע, נאָר ליב געקריגן איר פרויען-קערפּער! —

ער איז איינגעשלאָפן. ווען ער האָט געעפנט די אויגן, האָט ער געזען אַרום זיך אַ געדיכטע פינצטערניש און געהערט אַ טיפע שטילקייט.

— ווו איז ער?

ער טאַפּט אָן מיט דער האַנט דאָס טישל, צינדט אָן דאָס לעמפּל. ער דערמאָנט זיך אָן אַלץ, און עס דאַכט זיך אים, אַז דאָס אַלץ, מיט ליזאַן, איז פאַרגעקומען שוין זייער לאַנג. ער עפנט דאָס פענצטער.

אַ ליכטיקע נאַכט, אַ וואַרעמע. די ליכטיקייט פון לעמפּל זעט אים אויס עפּעס קאַלט און פרעמד. ער גייט אַרויס.

דאָס הייזל שטייט, פאַרטוליעט אין פינצטערניש, נאָר דאָס איינע פענצטער איז אָפן, היימלעך און ליכטיק אין דער נאַכט אַריין. ער זעצט זיך אויף דער באַנק, וואָס נעבן הייזל.

די לבנה שווימט רויק אין ברייטע, גרוילעך-טונקעלע הימלען. מאָדנע איז די נאַכט מיט איר שטילער ליכטיקייט און באַהאַלטענע קולות.

דאָס שטיק תבואה שטייט אומבאַוועגליך, נאָר עפּעס אַ זילבער־דינער צסיק-צסאַק קלינגלט פון דאָרט אַרויס. פון ווייטע, האַלב-דונקעלע פעלדער גרעגערט אַ קרעפּטיק ברילן פון אַלערליי משונהדיקע קולות, דאָס שרייען זיך איבער באַהאַלטענע פינצטערע וואַסערן אין דער ברייטער נאכט אַריין.

אַ הונט, איינזאַם, און פון גאָר ווייט, בילט פּאַרעקשנט, אָן אויפהער. עס כאַפּן זיך אויף, פון דאָ, פון דאָרט, נאָך הינט. אַ גאַנצע סטאַיע הינט בילן און רייסן זיך. און עטליכע וואָיען צו זיי, בילן צו עפּעס אַזוינס אין דער נאַכט, וואָס נאָר הונט זעען עס!

שלמה פאַלט אַראָפּ אויף די קניען: גאָט, דו ביסט גרויס אין אָפענעם טאָג! דו ביסט נאָך גרעסער אין באַהאַלטענע פינצטערע נעכט.

ווען שלמה עפנט אויף צומאַרגנס די אויגן, איז זיין קליין שטיבל פאַרגאָסן מיט ליכטיקייט. ער פילט זיך עפּעס נישט גוט, ווי דער קאָפּ וואָלט אים ווי געטון, נאָר ער גייט אַראָפּ פון בעט און הייבט זיך אָן אָנטון.

ווען ער איז אַרויס אויפן הויף, איז דער ווירט, דער פויער, בעגאַנגען פון דער סטאַדאָלע, טראַגנדיק אין דער אָפענער האַנט עטלעכע אייער, גענומען גלייך פון די הינער. ער איז שוין געקומען צוריק פון דער שטאָט. ער האָט צו שלמהן גוטמוטיק געשמייכלט און איז אַריין אין שטוב.

נעבן דער סטאַדאָלע זענען עטלעכע הינער געשטאַנען און געפּויקט מיט די שנאָבלען אין אַ בלעכענעם בעקן אַריין, ווייזט אויס, ס'איז געווען דאָרט פאַר זיי אָנגעשיט זאָמען. פודעל, דער הונט, איז געווען אָפּגעלאָזט פון דער קייט, איז ער אַרומגעגאַנגען ביי די זייטן הויף און געזוכט עפּעס מיט דער מאָרדע אויף דער ערד. ווען ער איז געקומען נאָנט צו די הינער, איז ער געבליבן שטיין און געקוקט אויף זיי, ווי זיי עסן גיך און געשמאַק.

די הינער זענען מיט מורא אַוועקגעפלויגן. דער הונט האָט אַריינגעשטעקט די מאָרדע אין בעקן אַריין, געזוכט, געזוכט און אַוועקגעגאַנגען.

הינער זענען צוריק צו צום בעקן און ווידער אָנגעהויבן פּויקן מיט די שנאָבלען. פּודעל איז געבליבן שטיין, געקוקט צו זיי, און אָנגעהויבן צוצוגיין אלץ נענטער. די הינער זענען ווידער אַוועקגעשפּרונגען, דער הונט האָט ווידער אַריינגעשטעקט די מאָרדע אין בעקן, געזוכט געזוכט, ביז ער האָט פּלוצלינג געטון אַ ווילדן שפּרינג אָפּ אין דער ברייט און אַרויסגעלאָזט עטלעכע הוילע ביל אין דער לופט אַריין:

— איר באַשעפענישן מיט פעדערן, כ'ווייס בשום אופן נישט, וואָס איר עסט דאָ־ט!

שלמה האָט אָנגעהויבן גיין מיטן פעלד, דעם זעלבן וועג, ווי אַלע טאָג, נאָר אָפּגייענדיק אַ פּאָר צענדליק טריט, איז ער געבליבן שטיין. ניין, ער וועט היינט נישט גיין אַהין.

ער איז געגאַנגען צו דער סטאַציע. יעדער אָטעם האָט אים געגעבן מער כח, און ער האָט אָנגעהויבן גרינגער צו שפּרייזן.

אויף דער סטאַציע איז קיינער נישט געווען. אַביסל ווייטער אויף דער ליניע, האָבן עטלעכע אַרבעטער צוגעשטופּט איין וואַגאָן צום צווייטן. די וואַגאָנען זענען זיך צוזאַמענגעקומען. ס'האָט זיך געהערט אַ שווער נעקלאַפּעריי און אַ געקלינגעריי פון אייזן.

שלמה האָט זיך געזעצט אויף אַ באַנק.

— ווי ליכטיק — האָט ער געזאָגט צו זיך — די צייט האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין ס'וועט שוין קיינמאָל נישט ווערן אַנדערש! ער איז איינער אַליין, ליידיק, פריי, ווי די ליכטיקייט און די היץ, וואָס די זון צוגיסט איבערן גרויסן, ליכטיק־פוסטן הימל!

פון דער סטאַציע־געביידע קומט אַרויס לייבקע. ער שטעלט זיך שטייף, ווי דער נאַטשאַ"ניק, און שרייט צו די אַרבעטער, וואָס שטיין ביים וואַגאָן זאַרגלאָז, רעדנדיק צווישן זיך.

— ווילט עך אַרבעטן, אַרבעטס! ווען נישט קריג איך אַנדערע אויף אייער אָרט!

ער רעדט עס אַרויס מיט אַ ווייך מויל, אָן ציין, און דאָס שוואַרצע פאַרפלאָנטערטע בערדל טאַנצט אונטער. די אַרבעטער הילכן אַרויס מיט געלעכטער, און איינער רופט זיך אָן:

— נאַטשאַלניק — אַ שווערע אַרבעט, מען מוז אַביסל אָפּרוען! לייבקע לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און שמייכלט נאָכגיביק. די אַר בע

טער קומען צו נענטער. אײנער רופט זיך אָן, ער האָלט געהערט אַ פײנער נאַטשאַלניק, אמת?

אַ צװײטער זאָגט: אַז דער נאַטשאַלניק װעט שטאַרבן, װערט לײבקע גלײך נאַטשאַלניק!

לײבקע ענטפערט. דער נאַטשאַלניק װעט װערן אַ גענעראַל, װעל איך װערן נאַטשאַלניק.

די אַרבעטער לאַכן און שאָקלען צװישן זיך מיט די קעפּ: אַ גו־טער איז ער, לײבקע, װיל נישט, דער נאַטשאַלניק זאָל שטאַרבן!

לײבקע שטעלט זיך שטײף און רעדט באַפעלעריש: פירטס אַראָפּ די װאַגאָנעס פון דער ליניע!

װידער אַ געלעכטער צװישן חברה. אײנער רופט זיך אָן: — לײבקע, דײן מאַמע גײט!

— אױ־אױ! — קורטשעט זיך לײבקע אײן און לױפט אװעק הינ־טער די װאַגאָנען באַהאַלטן זיך. די אַרבעטער גײען צו די װאַגאָנען, שטײען דאָרט אַרום לײבקען און טשעפּען מיט אים. אײנער כאַפּט אים אָן בײם בערדל. לײבקע מאַכט אַ געװאַלט, רײסט זיך פון זײ אַרױס און לױפט צו דער סטאַציע־געבײדע, שעלטנדיק און אױסשטעלנדיק די פױסטן.

די אַרבעטער שטופּן בײדע װאַגאָנען אַװעק אױף אַ צװײטע ליניע. שלמה שטעלט זיך אױף און גײט איבער דער סטאַציע.

— אין אַזאַ גרױסן זומער־טאָג דאַרף מען זײן אַלײן, נישט צוגע־בונדן צו קײן שום פּרױ און צו קײן שום זאַך!

ס׳הערט זיך פון דער הײטנס אַ ריטמיש געקלאַפּעריי. אַ באַן קומט צו.

ס׳איז דאָך גאַרנישט די צײט פון אַ באַן־אָנקומען. ס׳מוז זײן אַ משא־צוג!

ס׳זעט זיך שױן דער שװאַרצער קערפּער פון לאָקאָמאָטיװ און ס׳הילכט אַרױס אַ ברײטער, דעמפּיקער, לאַנג־צעצױגענער פײף. דער נאַטשאַלניק גײט אַרױס פון דער סטאַציע־געבײדע און האַלט אַן אײזערן װאַלעקל. אַ צײכן פאַרן מאַשיניסט פונם משא צוג. ער שטעלט זיך מיט דער גאַנצער ברײטקײט נעבן די שינעס. די באַן קומט אָן. דער מאַשיניסט שטעקט אַרױס פון לאָקאָמאָטיװ אַ האַנט און כאַפּט דאָס װאַלעקל פון נאַטשאַלניקס

האַנט אַרויס. דער צוג איז ווייער אַ לאַנגער. די וואַגאָנען גייען אַדורך, שווער-קלאַפנדיק, אַזש די שינעס בויגן זיך אַראָפּ, פּישטשענדיק און קרעכצנדיק. די וואַגאָנען ציען פאַרביי, און עס ווערט ווידער ליידיק אויף דער סטאַציע. דעם צוג זעט מען שוין אינגאַנצן נישט, נאָר דער ווינט ברענגט נאָך צו, פון צייט צו צייט, דאָס ריטמיש-שווערע געקלאַפּעריי.

שלמה גייט הין און צוריק, שאַרכנדיק מיט די טריט אויפן דראָבנעם אָנגעשיטן שטיין — וווהין זאָל ער גיין? וואָס זאָל ער טון? ער האָט נישט ווו צו גיין, ער האָט נישט וואָס צו טון. ליידיק, הפקר, הייס! ס'איז אַזוי גוט!

די זון גייט אַלץ מער אַראָפּ צו מערב צו און די היץ האָט אָנגעהויבן אָטעמען מיט פאַרנאַכט-ווינט. פון דאָ און דאָרט ציען זיך שוין פאָרלעך צו דער סטאַציע. אַ זומער-אָוונט קומט אָן פון די פעלדער. אויפן סטאַציע-זייגער איז האַלב אַכט. באַלד קומט-אָן דער שפּאַציר-צוג פון וואַרשע. אָט גייט אַ יונג פּאָרל, כמעט נאָך קינדער. ער, אַ שילער, מיט שמאָל-געפּאַסטע הייזלעך: אַ היטל מיט אַ מעשל, אַ שמאָל פּנימל און שפּיציקע פייער-אייגעלעך. זי — אין די זעלבע יאָרן, אַ שלאַנק פרויען-קערפּערל, וואָס וואַקסט אויפן אויג; אַ בלייך פּנימל מיט חייכע חן-גריבעלעך און יונגע גרינלעכע אויגן, וואָס ברענען שוין מיט תאוה.

אויף דער סטאַציע ווערט לעבעדיק. ס'שפּאַצירן געאָרעמטע פּאָרלעך. מיט די שינעס, עס שפּאַרן זיך אַרויף וואָלקנדלעך, וואָס לייכטן אויף דער רויט-פאַרגייענדיקער אָוונט-זון. דער צוג פון וואַרשע קומט אָן. לייבקע קאָמאַנדעוועט, טרייבט אָפּ די שפּאַצירנדע פון די שינעס. דער נאַטשאַלניק, מיט די מעשענע קנעפּ, אין רויטן היטל, קומט אַרויס. לייבקע קוקט אים אין די אויגן אַריין, צי ער איז פון אים צופרידן, נאָר דער נאַטשאַלניק איז איצט שטייף און ערנסט.

ס'הילכט אויס אַ פייף, און דער צוג בלייבט שטיין מיט אַן אייזערנעם גערויש, שווער-סאָפּענדיק. לייבקע גיט איין קלינג. ס'ווערט אַ שטופעניש. פון די וואַגאָנען גייען אַראָפּ אויף דער סטאַציע פריש-אָנגעקומענע. לייבקע גיט צוויי, באַלד דערנאָך דריי קלינג, און דער צוג רירט ווייטער. די וואַגאָנען מיט די זון-רויטע פּנימער און אָפענע פענצטערלעך, ציען פאַרביי. דער צוג שלענגלט זיך אַוועק אין דער ווייט

די פריש-אָנגעקומענע גייען אַוועק, און אויף דער סטאַציע ווערט שיטערער.

אַרום לייבקען שטייט אַ חברה. איינער רופט זיך אָן: לייבקע, ס'איז אמת? מ'זאָגט דו עסט חזיר!

— דו זאָלסט אַזוי לעבן! איך בין אַ ייד! זעסט? — און ער שלעפט פון די הויזן אַרויס די ציצות.

— אַלע אין דערפרי זאָגט ער דאָך מיט דער מאַמען ברכה! —

— אַ ווויל יינגעלע!

— לייבקע, טאַנץ!

אַ מיידל גלעט אים איבערן אַרבל: טאַנץ לייבקע, טאַנץ, וועסטו זיין מיין חתן! לייבקע לאָזט אַראָפּ די אויגן פאַרשעמט און שמייכלט צופרידן.

— נו, טאַנץ-זשע!

לייבקע נעמט ביידע הענט אויף די באַקעס, טאַנצט, שמייכלט פון גרויס נחת און קוקט שיקלריק-קינדיש אויפן מיידל.

— לייבקע, דיין מאַמע גייט!

— אוי-אוי! — קורטשעט זיך לייבקע איין און לויפט אַוועק. ס'יאָגט אים נאָך אַ געלעכטער.

שלמה ווערט מיד שפּאַצירנדיק און ער זעצט זיך צוריק אויף אַ באַנק. ער זעט, ווי מיטן יינגן מיידעלע שפּאַצירט שוין איצט אַ גאַנצע גרופּע יינגע שילער אין געפּאַסטע הייזלעך. און נישט אומזיסט — איר יינגע קערפּערל איז פול פרויען-רייץ! שטאַרק איז איר כשוף, ווייל ס'איז נאָך דאָ אַזוי פיל קינדישעס אין איר.

די סטאַציע איז שוין אין גאַנצן ליידיק. די זון גייט אַלץ נידריקער. זי איז שוין צוויי מאָל אַזוי גרויס, און, אַ לויטער-גאָלדענע, קוקט זי שטיל אויף דער סטאַציע.

די גרופּע שילער מיטן יינגן מיידעלע גייען ווייט אַוועק, און אַז זיי קערן זיך נישט אום צוריק אויף דער סטאַציע, הייבט זיך שלמה אויף און לאָזט זיך נאָך זיי.

— נאָך וואָס גייט ער נאָך? — פרעגט ער זיך פּלוצלינג — גלאַט אַזוי... ער האָט ליב צו קוקן אויף אָט דעם יינגן קערפּערל!

ווידער האָט דאָס לעמפּל העל געברענט. דאָס פענצטער איז גע.

וויס אויפגעפראַלט אין דער שטילער נאַכט אריין. שלמה איז ביז האַלבער נאַכט געזעסן ביים טישל, דעם קאָפּ צווישןביידע פויסטן און צוריקגעקוקט צו די עטלעכע וואָכן, ווו ער איז געזעסן דאָרט אויף דער קאַנאַפּע, נעבן ליזאַן, געבונדן אין אַ תאווה-שכרות. די זעלבע תאווה האָט אים געיאָגט ווייטער, ביז ער איז נאָכגעגאַנגען נאָכן קליינעם מיידעלע היינטיקן אָוונט. אָט צו דעם פּירט עס!

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און ווי צו עמיצן הויך אַרויסגערעדט געגנוג, איך גיי צוריק!

נאָר שפּעטער, ווען ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן אין זיין ווילן אַוועק פון אים, איז ער אַראָפּ אין קעניגרייך פון טייוול. פרויען אין די נידריקסטע, ווילד-אויסגעלאַסנסטע פּאָזען, האָבן געראָיעט אַרום אים. ער האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך זייערע נאַרישקייטן, אָנטייל גענומען אין זייערע מיאוסע שפּילערייען, ביז ער האָט זיך באַהאָפטן מיט איינער פון זיי, און איבערגעלאָזט אַ טייל פון זיין מענטשלעכן „איך" אין די הענט פון די קליפּות.

ווען דער פרי-מאָרגן איז איבער אים געשטאַנען, אַ פרישער, אַ גאָלדענער, האָט ער געעפנט די אויגן. ער האָט זיך דערפילט שוואַך און אָפּגענאַרט. ער האָט זיך געשטאַרקט, אויפגעזעצט זיך, ווי עמיצן עוויזן אַ פויסט און אויסגעשריגן:

„וואַרט! מיר וועלן נאָך זען!"

נאכט. אין מיטן חדרל שטייט אַ טיש באַשטעלט מיט אַפּטייק-פלעשלעך און אַ נידריק אַראָפּגעדרייט לעמפּל. ביים עק טיש, צום בעט צו, זיצט דער שווער און זאָגט תהלים. קעלטער ליגט אין בעט מיט פאַר-מאַכטע אויגן. ווײַלנווייז דערכאַפּט ער זיך, עפנט די אויגן און דעמאָלט באַנעמט ער, אַז ער ליגט אין היץ און קען זיך לייכט אַרויסכאַפּן און אויסדערציילן, דאָס וואָס קיינער טאָר נישט וויסן — קוקט ער לאַנג און פאָרשנדיק אָן דעם לעבן טיש זיצנדיקן; ער וויל אַראָפּלייענען פון שווערס פּנים צי ער האָט נישט עפּעס אויסגעפּלאַפּלט — דעם שווערס פּנים אָבער איז אַראָפּגעלאָזט צום סדורל און עס הערט זיך בלויז דער מאָנאָטאָנער מרה-שהורהדיקער תהלים-ניגון.

און אַזוי ליגנדיק און שטאַרקנדיק זיך צו זיין וואַך, פאַרזינקט ער ווידער אין תהום פון היץ-קאָשמאַרן, דערנאָך קומט ער ווידער אויף אַ ווייל צו זיך און האָט ווייטער מורא, צי ער האָט נישט עפּעס אויסגע-פּלוידערט.

...די וואַנט פון שטיבל צו פוסנס פון קעלטערס בעט, איז נישטאָ מער. דאָרט ווו ביז היינט איז געווען אַ וואַנט, ציִען זיך איצט אַ ריי חדרים איינס נאָכן צווייטן, ציען זיך אייגס נאָכן אַנדערן שטובן, שטובן מיט אויפגעפּראַלטע טירן און דאָרט טיף אין לעצטן, לעצטן חדר, זיצט עמעץ ביי אַ טיש, דעם קאָפּ האַלט ער צווישן די אויפגעשטעלטע הענט, פאַרזינקען אין טראַכטונגען.

קוקט קעלטער פון זיין געלעגער גלייך אַהין און זעט: עמעץ אַ צווייטער קומט צו צו דעם, וואָס זיצט ביים טיש, בייגט זיך צו און זאָגט אים עפּעס... יענער דערהייבט דעם קאָפּ פון צווישן די אויפגעשטעלטע הענט, איז עס — צווייג, קעלטערס ווייבס, דינהס ערשטער מאַן. יאָ, דאָס איז צווייג. צווייג איז דאָך אָבער געשטאָרבן, ווי קומט ער דאָ אַהער? אַ פּנים ס'איז אמת; טויטע גייען אַרום נאָכן שטאַרבן.

אַ משפּט וויל ער צווייג, אַ משפּט מיט קעלטערן דערפאַר, וואָס ער מאַטערט דינהן.

„מיט וואָס מאַטער איך זיז" — טראַכט קעלטער.

— מיט וואָס דו מאַטערסט זי? — פרעגט צווייג אָפּ אויף קעל-טערס נישט אַרויסגערעדטער פראַגע

— זאָרגסט שאַר איר? — רעדט צווייג שוין הויך און גלייך זאָגט ער אַרויס דאָס, פאַר וואָס קעלטער ציטערט אַזוי:

— און פון וועמען טראָגט היה, מאַנדלס ווייב?

— פון וועמען? — פרעגט קעלטער איבער אַ צעצאַפּלטער — ווייס איך דען פון וועמען, פון מאַן אפשר.

— נעמט אים! — באַפעלט שמעק.

כאַפּט מען קעלטערן ביי די הענט און פיס. מ'לייגט אים אַרום דעם מיטלסטן סלופּ פון אַ קאַרוזעלע, נעמט זיך אַלץ דרייען, דרייען, די ביינער קנאַקן אַזש און די יסורים זענען אַזעלכע שרעקלעכע, אַזעלכע מאָרימדיקע.

---

טעג זענען קעלטערן געגאַנגען נישט כסדר, נאָר געיאָגט זיך צע-דולט, ווי די אייז קריעס אויף אַן אָנגעלאָזטן טייך — ער קומט אויף אַ מינוט צו זיך, דערבליקט די טאָג-שיין, אָדער נאַכט ביים אָנגעצונדענעם לעמפל און פאַרזינקט צוריק אין אויסטערלישע היך־זעונגען.

עפּעס איינמאָל, אַז קעלטער איז אויף אַ ווייל צו זיך געקומען, האָט ער דערבליקט אין שטוב הוהן. ער האָט צו איר עפּעס גערעדט און זי איז שטיל אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, אַרויסגעשלייכט ווי אַ שאָטן.

אהאַ! חוה איז דאָך געשטאָרבן, געשטאָרבן אין קימפּעט.

— ווען וועט זיין חוהס לויה?

— די לויה? פרעגט עפּעס אַ נישט דאָקטער צוריק — די לויה וועט באַלד זיין.

גייט קעלטער אַרויף און אַראָפּ פאַר מאַנדלס וווינונג. די קראָם-טירן זענען פאַרמאַכט. ס'זאַמלט זיך אַן עולם. דער הויכער שמאי קומט מיט דער זילבערנער חברה-קדישה פּושקע, מיכל דער שמש ברענגט ס'פּעקל תכריכים, לייבל איינבינדער און לייזער לעקעכבעקער ברענגען צו טראָגן די שוואַרצע מיטה, שטעלן זי אַוועק פאַר מאַנדלס טיר...

— דינה, וועסט נישט מיטביין צו חוהס לויה?

— דו גיי! — שפּריגנט איר שוועסטער דבורה אים אין די אויגן

— זי איז דאָך געווען דיין „ווייב“ —

אַלע לאַכן. דינהן טריפט פון האַלז בלוט און דער שווער שאָקלט פאַרצווייפלט דעם גרויען קאָפּ:

— צוליב דיין זינד פליסט דינהן בלוט פון מויל

---

ער האָט געעפנט די אויגן. אין פענצטער האָט געקוקט אַ ווינטער. דיקער זון-טאָג. עפּעס האָט זיך אים געפּלאָנטערט אין קאָפּ, אַז איצט דאַרף צו זיין שבת פאַרמיטאָג. ער האָט איצט נישט געפילט קיין שום יסורים אין גוף, בלויז אַ פאַרמאַטערטקייט, ווי אַ הינדעלע נאָך אָן פּצי־דערן, אַזוי געבעכדיק שוואַך האָט ער זיך געפילט. און עס האָט זיך אים אַזוי געוואָלט שטאַרבן, שטיל רויק איינשלאָפן און זיין געשטאָרבן, טויט, די אויגן האָבן זיך אים צוריק פאַרמאַכט.

נאָר ווען ער האָט געמיינט, אַז זיין איצטיקער רויק שוואַכער צושטאַנד איז — טויט, האָט ער מיט אַמאָל דערפילט אַ שאַרפן שטאָך־ ער האָט צוריק געעפנט די אויגן: איבער אים זענען געשטאַנען דער שווער און אַרנאָלד דער פעלדשער. דער שווער האָט געקוקט אויף זיין, קעלטערס, אַ שטיקל אָפּגעדעקטן לייב און אַרנאָלד האָט צוויי געמאַכט אַן איינשפּריצונג.

— איך בין דאָך געשטאָרבן!

— ס׳טוט דיר וויי? — פרעגט דער שווער!

— יאָ, ס׳טוט ווייי.

— אויב ס׳טוט אייך וויי, לעבט איר נאָך — זאָגט אַרנאָלד און לאַכט.

און דער שווער האָט פאַריבל:

— ביי אייך איז שטענדיק מיט ליצנות.

— פאַרוואָס לאָזט איר מיך נישט שטאַרבן!

— מיטן אייבערשטנס הילף, וועסטו געזונט ווערן — זאָגט דער שווער האַרציק — נו, זאָג — אמן.

נאָר קעלטער פלאַקערט שוין דערווייל אין היץ, דר׳זינקט אין תהום פון קאָשמאַרן און ווייסט שוין גאָר נישט, וואָס מ׳רעדט צו איט.

---

דינהס שטיפמוטער האָט קעלטערן צוגעטראָגן צום מוי. עפּעס אין אַ גלעזל. ער האָט אַוועקג דרייט דעם קאָפּ — נישט געוואָלט טרינקען.

— פאַרוואָס ווילסטו נישט? — חידושט זי זיך. — ס׳איז דאָך באַרן-יויך, גוטע באַרן-יויך.

— ניין, ס׳איז בלוט.

— וואָסער בלוט ווידער?

— דינהס בלוט...

— ביסט אַ קינד, — מוסרט די שטיפשוויגער גוטמוטיק — רעדסט נאַרישקייטן.

— כ׳ווייס, בלייבט ער ביי דאָס זייניקע. דאָס צאָלט איר מיר אָפּ, ווייל איך האָב זי דערהרגעט...

— טרינק ס׳ביסל ל ו ב י נ ג — בעט זיך די שוויגער. — דינה קומט באַלד אַריין;

ער אָבער איז זיכער, אַז דינה איז טויט און אַז דאָס גיט מען אים צו טרינקען איר בלוט.

אַביסל שפּעטער ברענגט די שטיפמוטער אַריינצופירן דינהן און פירט זי צו צו זיין בעט.

— זעסט, אָט איז זי! איצט וועסטו שוין טרינקען? קוקט ער אויף דינהן מיט זיינע פון היץ און קרעמפּן יסורים שוואַכע אויגן, דאַכט זיך אים, אַז איר פּנים, איז שרעקלעך ברייט און גרויס — געשוואָלן, ווערט אים קלאָר, אַז עפּעס איז איר געשען, דרייט ער אַוועק דעם קאָפּ, פאַר-מאַכט די אויגן און וויל נישט מער קוקן.

— — — אויף אַ טייך פאָרט אַ שיפל. דער טייך אַ ברייטער, אַ גרויסער איז געגליווערט. דאָס שיפל רירט זיך קוים, קוים. עמעץ פון ברעג שרייט צום שיפל:

— וועמען פירט איר דאָרט?

פון שיפל ענטפערט מען:

— אַ זינדיקן פירן מיר.

— וואָס פאַר אַ זינדיקן?

— אַ רוצח.

— וועמען האָט ער געהרגעט?

— אַ פרוי — צוויי פרויען.

— און ווו פירט איר אים?

— אין פייער־ים אריין.

— גוט, פירט אים אהין און ווארפט אים אין פייער־ים —

און דאס שיפל פארט, פארט, נאר רירט זיך נישט פון ארט. טעג נעכט פארגייען און דאס שיפל שלעפט זיך אלץ... א שטורעם ברעכט אויס. דער פארגליווערטער טייך צעפלאשעט זיך, די וועלן, ווי ווייכער קלעפיקער ליים, שליידערן ס'שיפל ארויף, אראפ, גאנץ הויך און טיף אראפ. די פארער קלאגן.

— מיר וועלן פארזינקען אין פארגליווערטן טייך.

און איינע א פרוי, דאכט זיך דינה, ברעכט די הענט:

— וואס טוט מען, וואס טוט מען...

און אן עלטערער מאן — דינהס פאטער — קומט פון ערגעץ זאגט האסטיק:

— קאלטע קאמפרעסן אויפן הארץ, האט דער דאקטאר געהייסן:

— — — און דאס שיפל שלעפט זיך, שלעפט זיך. אט דאכט זיך מ'קומט צו א ברעג און אט אנטלויפט דער ברעג. אזוי אן א שיער מאל באווייזט זיך דער ברעג און אנטלויפט צוריק, באווייזט זיך און אנטלויפט...

און אט, איז שוין נישט ווייט דער פייער־ים. א מאומדיקע היץ יאגט אנטקייגן — — גאך א רגע און קעלטער ווערט פארברענט.

און מיט אמאל ווערט קילער, קילער. אנגענעם ווערט און רויק. און עמעץ גאנץ ווייס און גאנץ נאענט, זאגט:

— אט אזוי! יעדע פאר מינוט א פרישן קאמפרעס.

*

די שוויגער האט אים אראפגעגעבן א לעפעלע מעדיצין און נאך געווונטשן:

— ס'זאל דיר זיין צו רפואה.

— דינה איז געשטארבן? — פרעגט ער.

— רעדסט שוין ווידער נארישקייטן — בייזערט זי זיך אפ, ווי איבער א קינד — זי איז אראפגעגאנגען, דינה, קומט מן־הסתם באלד צוריק.

ליגט ער א ווײַלע רויק, שווייגט — און באלד ווייטער:

— חוה איז געשטאָרבן?
— וואָסערע חוה?
— נו, חוה, חוה מאַנדל..
— פאַרוואָס עפעס זאָל זי זיין געשטאָרבן!
— פון קינפעט...
— חוה ריכט זיך דען אין קינפעט?
— נו, — — — אַך!
— וואָס זאָגסטו?—בעט זיך די שטיפשוויגער—זאָג, רעד ווייטער...
האָט ער גענומען רעדן...

ער האָט געפילט ווי ער פאַרלירט פון שוואַכקייט די מאַכט איבער זיין אייגן מויל. ס'מויל האָט זיך אים געעפנט און צוגעמאַכט, אַזוי דאַכט זיך באַוועגט. פון אונטער דער משא, וואָס איז געווען אויף אים אָנגעלייגט אין משך פון דער גאַנצער קרענק — האָט זיך איצט זיין צונג געפּלאָנטערט, ווי ביי אַ קינד, וואָס הייבט ערשט אָן צו קאָנען רעדן.

די שוויגער איז אַלץ ערנסטער געוואָרן. זי האָט געשטעלט פראַגן — ער האָט, אָן זיין מאַכט, אויף זיי געענטפערט. פאַרנעפּלט ווייס, האָט ער עפּעס פאַרשטאַנען, אַז ער רעדט איצט אַזעלכעס, וואָס ער דאַרף נישט רעדן, וואָס ער טאָר נישט אַראָפּדערציילן. אָבער ער איז געווען אַזוי שוואַך, אַזוי אומדערבאַרמיק שוואַך. צוליב זיין קינדערישער אומבאַהאָלפנקייט, איז אים אַלצדינג אויסגעקומען אַזוי פּראָסט, אַזוי קינדעריש פּראָסט און באַיוח לייכט — און ער האָט אַלץ פאַרציילט, אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען צווישן אים, קעלטערן, און חוה, אברהם מאַנדלס ווייב.

די שוויגער איז אויף אַ רגע אַוועק פון בעט. באַלד איז זי צוריק געקומען מיטן מאַן. זי האָט זיך געשטעלט פאָרויס, ווי ביז אַהער, זי האָט געפרעגט — קעלטער האָט געענטפערט.

— אַזוי... איז הייסט עס, דאָס פאָרגעקומען אין דער ווינגונג ביי חוהס שוועסטער, רעבעקע, ווען זי איז געווען אַוועקגעפאָרן?...
— און חוה — אין ווינפילטן חודש?...
— — — האָט ענק זאָגסטו צמאָל אַ פויער געטראָפן צוזאַמען און געסטראַשעט?...

אין דער „שוויגערס" בעלע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן צוויי פלע-

מעלעך. זי האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס ווייטערדיקע איבערפרעגן קעלטערן און מיט אַזאַ באַוועגונג זיך אַ קער געטון צו דעם, הינטער איר רוקן שטייענדיקן מאַן:

— נאַ, שוער, גיי אויך צו הערן אַ ביסל נחת פון דיין טאָכטערס מאַן.

קעלטער איז מיט אַמאָל האַסטיק־שאַרף שטיל געוואָרן.

— דו האָסט איצט גערעדט פון היץ, אָדער מיטן קלאָרן שכל? — פרעגט דער שווער.

קעלטער האָט גאָרנישט געענטפערט.

---

„אַ מיאוסע מעשה" — די דאָזיקע ווערטער, האָט קעלטער אין אַ באַזינענדיקער מינוט געהערט אַרויסקרעכצן פון שווער.

„אַ מיאוסע מעשה" — ווי אַ שאַרפער קלין, איז אים דאָס אין זיין פון היץ־פאַרמאַטערטן מוח אַריינגעדרינגען, דאָרט שטעקן געבליבן און גרויל־זויגענדיק געשפינען...

— בית־דין! מיין טאָכטערס מאַן האָט געזינדיקט מיט אַן אשת־איש...

פאַרקנייטשן זיך שטערנס, בערד ווערן פאַרטראַכטערהייט געקייט, און איינער מיט אַ ווייסער לאַנגער באָרד שטעלט זיך אויף און זאָגט קורץ, שאַרף און הויך:

— מיתה!

— „מיתה" — און אָט דער טויט, איז שוין גאָרנישט דערזעלבער ווי יענער, וואָס ער קעלטער, לעכצט אַזוי נאָך אים. דער טויט, וואָס דאָס וואָרט „מיתה" שטעלט מיט זיך פאָר, איז אַזעלכער, וואָס ביים בלויזן דערמאָנען זיך אין אים, לייפט אַ שוידער איבער די ביינער.

— מיתת בית־דין.

און דער פאָטער קעלטערס, דער אורח הגון מיט אַ קלומקל אונטערן אָרעם, מאַכט פאַריאושט מיטן קאָפּ:

— ביסט אַ לייט, גרשון, אַ וואַזשנער לייט.

אין דער דאָזיקער נאַכט, נאָכן אַראָפּרעדן, האָט קעלטער דווקא געוואָלט אַרויס פון בעט און לויפן אַראָפּ אין גאַס. מ'האָט געמוזט אַרויפבערנגען אַ פּייער אַ טרעגער, וואָס זאָל דעם היץ־קראַנקן צוהאַלטן, נישט אַרויסלאָזן אים פון בעט. צומאָרגנס, אַז דער דאָקטאָר איז אַרויפ-

געקומען, האָט דער קראַנקער ערשט געהאַט אדורכגעמאכט א נערוון־אַטאַק. איצט איז ער געלעגן אין קרעמפּן געבויגן, ווי א בייגל. דער דאָק־טאָר האָט געצויגן די פּלייצעס:

— נישט גוט, זייער נישט גוט.

---

דער דאָקטאָר האָט אים געטאַפּט ביים פּולס.

— און דער קאָפּ טוט אייך נאָך וויי?

דער דאָקטאָר האָט זיך נאָך א ווייל געפּאָרעט און לסוף צו־וויסנגעטון:

— פון געפאַר זענט איר שוין אַרויס. יאָ, איר בלייבט שוין א היגער...

און פון דאָקטאָרס פריינטלעך צופרידענעם בליק, האָט קעלטער זיך ערשט משער געווען, ווי גרויס די געפאַר איז געווען און אז איצט איז ער שוין אַרויס פון סכנה. פון געפאַר איז ער שוין אפשר טאַקע געווען אַרויס, אָבער קראַנק איז ער נאָך געווען, זייער קראַנק.

די נעכט זענען מיינסטנס אַריבער שלאָפלאָז און אַז ער איז שוין יאָ איינגעשלאָפן, האָט ער זיך דערנאָך אויפגעכאַפּט נישט טויט נישט לעבעדיק, שטיקנדיק זיך, ווי שטאַרקע פינגער וואָלטן אים דעם האַלז געוו רגן. און ס'האָט לאַנג געדויערט, ביז ער איז צו זיך געקומען און געקאָנט זיך קלאָר מאַכן, אַז פון דער אייגנטלעכער קרענק איז ער שוין אַרויס.

געלעגן איז ער איצט מיינסטנס איינער אַליין. די שוויגער האָט זיך פון יענעם טאָג אָן, ווען זי האָט פון אים דעם סוד אַרויסגעצויגן — זיך מער נישט באַוויזן. דינה, זיין פרוי, איז כמעט נישט צוגעגאַנגען צו זיין בעט, זי האָט אים בכלל אויסגעמיטן — דבורה, — דינהס יינגערע שוועסטער, דאָס מיידל מיטן „פּיסקל אויף שרויפן" — איז איצט געווען קעלטערס אָפּוואַרטערן, געטון האָט זי דאָס — ווי פאַר אַן אונטער־גע־וואָרפענעם ממזר, מיט א בייזן ברום: „גיכער, כ'האָב נישט קיין צייט דאָ צו שטיין". און דאָס איז נאָך געווען גוט: שעהן אַוועק האָט מען אים געלאָזט ליגן אָן צו צוגיין צו אים א קוק טון וואָס ער מאַכט.

פון די זייטיקע קורצע שמועסן און איבערגעכאַפּטע ווערטער איז קעלטער ביסלעכווייז דערגאַנגען, אַז דעמאָלט, ווען ער האָט „אַלץ אויס־

דערציילט", האָט עס דבורהן אַ טראָג געטון אַהין צו מאַנדלען אַ ביסל זיך אויסצוטענהן מיט חוהן פאַר דינהס עולה... דבורה האָט נישט אויפ הערט איבערצוחזרן, ווי דאָס פּאָרפאָלק מאַנדל, האָבן זיך נאָך איר אַוועקגיין געקריגט, אַזש אין דרויסן האָט מען געהערט... „זי", ס'הייסט חוה — דערציילט דבורה — איז באַלד צומאָרגנס אַוועקגעפאָרן, זוימט זיך שוין איבער צוויי וואָכן. מישמיעסט, „זי" איז דאָרט קראַנק געוואָרן און, לויט ווי מ'רעדט אין שטעטל (מיט קעלטערס „אויסדערציילן" קלינגט שוין ס'שטעטל) — האַלט זיך דאָס פּאָרפאָלק ביי גטן.

— וואָס דען — ענדיקט דבורה איר סיפור און שיקט אַ „בליקל" פון אירע קיילעכיקע שוואַרצע אויגן צום אין בעטליגנדיקן — ווער עס האָט נאָך אין זיך אַ האָר מענטשלעכקייט, וועט ביי זיך אין שטוב אַזעלכן נישט האַלטן...

און אַז דער שווער הייסט אַמאָל דבורהן גיין פאַרן קראַנקנס-וועגן אין דער אַפּטייק, פאָרט זי אַרויס:

— נאָך גיין פאַרן אויך — ס'וועט שוין גאָרנישט געשען.

ן צו דינהן זאָגט זי:

— האָסט גוט דערלעבט שוועסטער..

דערנאָך, איז איינמאָל אַזוי געווען: איטשע מאיר, חוהס שוועסטערס מאַן דער שטעטלריקער כלל-טוער — איז האַסטיק געקומען אַרויפצוגיין צו קעלטערן אין שטיבל און באַלד גענומען זידלען דינהס פאָטער, פאַרוואָס ער האָט געלאָזט אויף זיין, איטשע מאירס, שוועגערין, חוה מאַנדל, אַזאַ מיאוסן קלאַנג אין גאַס אַריין.

— איך האָב דען געלאָזט? — פאַרענטפערט זיך דער אַלטער — אַדרבא ר' איטשע מאיר, רעדט איר מיט אים — האָט ער אָנגעוויזן צום אין בעט ליגנדיקן.

- אַלץ זענט איר שולדיק — ליאַרמט איטשע מאיר.

— איר האָט אַ טעות — זאָגט דער שווער פאַרצאָגט — שולדיק איז דער יצר-הרע און — ער טוט אַ טיפן קרעכץ — מיין טאָכטערס אומגליק...

דער קהלשער „קאָכלעפל" האָט געשריגן, געזידלט דינהן מיט די גרעבסטע ווערטער — „נישט אַנדערש" — איז ער אַלע אין די פנימער געשפרונגען — איר ווילט אַזויערנאָך צווינגען מאַנדלען, ער זאָל ענק

יי קרענק באַצאָלן, אייער „תכשיט“ צוריק אויף די פיס שטעלן.

קעלטער האָט די אויגן פאַרמאַכט, ווי אין אַ חלשות־דרימל האָט נר געהערט איטשע מאירס דראָען דעם שווער, אַז ער וועט אים — אַלס צוגעוואַנדערטן אַהער אין דער מלחמה־צייט — לאָזן אַרויסשיקן ון שטאָט אין קייטן.

— ס'זאָל מיר כ'ווייס נישט וויפיל קאָסטן, מוז איך דאָס ביים וואַכמייסטער גערסטע אויספועלן.

— און זי, אייערע? — דערוועגט זיך דער שווער צו פרעגן.

— וואָסערע „זי“? — צעקוויטשעט זיך דער קאָכלעפל, אַזש ס'לעדנדל איבערן בלינדן פאַרמאַכטן אויג ציטערט אים — מיין שוועגערין איז אייך נישט קיין „זי“ — דלפון, שנאָרער וואָס איר זענט! מיין שוועגערין, איז אַן אָנגעזעענע באַלעבאָסטע, אַ נגידישע טאָכטער און אַ נגידס ווייב.

— איז דאָך דאָס חידוש נאָך גרעסער —

— איר זאָלט זיך גאָרנישט חידושן. איר הערט! — שרייט איטשע מאיר תקיפותדיק — שווייגן זאָלט איר, אַז נישט...

— ס'טראַשעט מיך נישט — זאָגט דער שווער צערודערט (דינה שטייט אַ בלאַסע מיט טרערן אין די אויגן) מיר זענען דאָך יידן. אדרבא רעדט איר מיט אים. סך הכל האָט ער דאָס גערעדט אין דער גרעסטער היץ... כ'מיין, וואָס זאָגט מען דאָרט? ביי „איר“ וואָס זאָגט מען?

— מיין שוועגערין איז נישט הי — אַ ביסל אַוועקגעפאָרן פאַר פאַרגעניגן וועגן...

פראַלט זיך אויף די טיר צו דער קעך, דבורה קומט אַריינצופליען, ווי אַ ווינט.

— „פאַר פאַרגעניגן“ איז זי אַוועקגעפאָרן? ניין, זאַפּואַשן די ינד איז זי געפאָרן. מ'ווייסט... אַ וועלט שלאָפט נישט!

און די געשרייען און זידלערייען, האָבן זיך אויפסניי אָנגעהויבן, אַזש די שכנים זענען געקומען האָרכן הינטער טיר און פענסטער.

*

יענעם אָוונט, נאָך איטשע מאירס אַוועקגיין, איז אין שטיבל נעווען שטיל און טרויעריק, ווי נאָכן אַרויסטראָגן אַ מת. אַז ס'איז טונקל

געוואָרן, האָט מען, ווי יעדן װוּנט, אָנגעצונדן דאָס לעמפל. דער אָוונט
האָט זיך געצויגן [שווייגנדיק און טריב. קעלטער האָט זיך אויפגע=
ועצט אין בעט. ער האָט דערבליקט דינהן זיצן ביים טיש, דעם קאָפּ
אויף די אויסגעשטעלטע עלנבויגנס. זי האָט שטאַר געקוקט אין לעמפל=
פלאַם, און אין איר קוקן איז געלעגן אַזאַ פאַרצווייפלונג, אַזאַ פאַר=
יאושטער צער און מרה=שחורה, אַז ווי מיט אַ מעסער, האָט עס קעל=
טערן אַ שניט געטון: ער האָט לסוף נישט אויסגעהאַלטן:
— דינה—האָט ער אָנגעהויבן. ער האָט איר נאָמען עטלעכע מאָל
איבערגעחזרט און זי האָט אַלץ נישט געהערט. נאָר אַז זי האָט ענדלעך
באַנומען, אַז מ׳רופט זי, האָט זי אַזוי שווער דעם קאָפּ אויסגעבויגן,
אים לאַנג און טריב אָנגעקוקט און איר קול האָט, ווי דורך אַן אָנגע=
זאַפּטן וואָלקן, אים אי געבעטן, אַי געמוסרט, אי שטרענג באַפוילן
— שווייג...

———

ווען מ׳איז אין שטוב בעוואַר געוואָרן, אַז חוה מאַנדל איז שוין
צוריק אַהיימגעקומען און דער מאַן קלערט גאָרנישט זיך צו געבן מיט
איר — איז די שטימונג ביי קעלטערן אין שטוב לייכטער ג וואָרן.
— כ׳האָב זי היינט געטראָפן, — דערציילט דבורה וועגן חוהן —
י זעט אַביסל שלעכט אויס; שפּאַצירט זיך שטאָלץ, מיט האָפערדיקייט,
ווי זי וואָלט דאָרט, וווּ זי האָט לעצטנס פאַרבראַכט, כ׳ווייס נישט וואָס
אויפגעטון. אַ קלייניקייט אַביסל — „אָפּגעווישט" די זינד.
דער שווער האָט זיך איצט ווידער מער ארויסגעוויזן, הינטער
דעם ווייבס וויסן אַרויסגעבראַנגט אַ פּאָר אייער, אַ שטיקל פּוטער און
צו קעלטערן האָט ער ווידער גערעדט פריינטלעך, נישט דערמאָנט קיין
פאַרגאַנגענעס. —
ס׳האָט זיך געלאָזט פאַרשטיין, אַז ער, דער דאָזיקער פרומער ייד,
וואָס האָט אין דער איצטיקער ביטערער מלחמה=צייט, שוין אַ סך פאַר=
בויגן פון זיין אָפּגעהיטנקייט, שלום געמאַכט מיט אַזעלכעס, וואָס אין
רויקער, נאָרמאַלער צייט, וואָלט ער עס בשום אופן נישט דערלאָזט, האָט
שוין דורך די צוויי דריי וואָכן, איינגעביסן דעם שטיין, וואָס דעם איי=
דעמס וידוי האָט אויף אים אַרויפגעקייקלט און וועלכער האָט די ערשטע
טעג אים שיער צעקוועטשט מיט זיין אומגעהער עבירה=משא; עס האָט

זיך אין אים שוין אביסל איבערגעברענט און קילער געוואָרן — איבש איז ער שוין באַלד גרייט צוריק צו בויען די חורבה, וואָס איז געבליבן פון יענער „שרפה", צוריקשטעלן דעם שלום-בית צווישן זיין טאָכטער און איר מאַן.

איינמאָל זענען שווער און איידעם געבליבן אַליין אין שטוב. ס'איז געווען אין אָוונט. דער שווער איז געזעסן ביים טיש און געקלערט. קעלטער — אין בעס, האָט זיך שטיל צוגעהערט צום שווערס לערנען. דער אַמאָל איז אַזוי באַקאַנטער גמרא-ניגון, האָט פאַרויגנד געזייערקט אויף זיין געמיט. ער האָט געטרינקען דעם מעלאַנכאָלישן גמרא - ניגון מיט אַלע זיינע רמ"ח אברים און ס'איז אים געווען גוט אויף דער נשמה.

ס'איז אַזוי פאַרגאַנגען אַ לענגערע ווייל. מיט אַמאָל פרעגט דער שווער:

— שלאָפסט ?

— ניין, כ'שלאָף נישט.

— און ביינאַכט שלאָפסטו ?

— טיילמאָל...

ס'האָט זיך צווישן זיי פאַרבינדן אַ שמועס. דער שווער האָט אים דערציילט, אַז בשעת זיין, קעלטערס קרענק, האָט מען פאַרזיינעטשוועגן אין בית-המדרש תהלים געזאָגט, און אַז דער פלעק - טיפוס האָט אין שטעטל אַ סך קרבנות צוגענומען: דער הויכער שמאַי לעבט שוין נישט, דער לעבט נישט, יענער לעבט נישט...

— אַנימלטן ערשט — דערציילט דער שווער — איז דיין שכן פון צווייטן הויז, דער שניידער, ווי האָט מען אים דאָס גערופן ? יאָ זאַנוול, זאַנוול-קיכן — אויך געשטאָרבן פון דעם חולאת...

און די מתים, השם ישמרנו, די דייטשן לאָזן נישט צו די חברה קדישא לייט, טון זייער רעכט. אין קאַסטנס פאַרקלאַפט מען די בר-מננס, באַגאָסן מיט קאַרבאָל; אַפילו מאַכן אַ לויה דערלויבן זיי נישט...

אַזוי, פון איינס אויף ס'צווייטע איז דער שווער אַרויפגעקומען אויף אַן אַנדערן שמועס.

— איך האָב מיר דיך נישט אויסגעקליבן אַלס מאַן פון מיין טאָכטער. ביז מיין אַהערקומען דאָ אין שטעטל, האָב איך דיך אַפילו נישט געקענט. ווען נישט דאָס אומגליק — די מלחמה — וואָלט אַלץ

אַנדערש געווען. איך וואָלט אויך נישט הי געזעסן און זיך אָפּגעגעבן מיט מלמדות... אָבער קיין עם הארץ ביסטו דאָך נישט, און דאָס טאַקע האָט מיך דעמאָלט, ביים דערקענען דיך אַלס מיין טאָכטערס מאַן, אַביסל באַרויקט... ווייסט דאָך וואָס די גמרא זאָגט!... און וואָס שייך עברות — קיינער איז פון זיי נישט פריי — — אוודאי אין דעם פאַל דאָ, איז עס הארבער, אפילו מיאוס... און איר, נעבעך, דינהס בושה... אָבער דעם שורש דערפון זע איך אין דעם, וואָס דו האָסט זיך ווייניק אָפּגעגעבן מיט זוכן פרנסה. אז דער קאָפּ איז פאַרנומען מיט דאגות חיונה, טשעפּעט זיך דער יצר־הרע אָפּ, ליגן נישט אין זין קיין נאַרישקייטן. פאַרשטייסט?...

אָפּגערוט זיך אַביסל, צופּגעכאַפּט עטלעכע מאָל הויך דעם אָטעם, אַ קרעכץ געטון און ווידער אָנגעהויבן:

— די תורה הקדושה האָט פּאַר אַלע געזאָרגט. אַ בעל-תשובה איז אויך עפּעס ווערט... אוודאי, די חרטה מוז זיין אַן אמתע פון גאַנצן האַרץ — — — ס'איז טאַקע נישט אַזוי לייכט, אַרויסצורייסן פון זין די פּלעכטע געוואוינהייטן, אָבער ס'איז דאָ אַן עצה: זיין אַ ייד, זין פאַרטון אין דאגות פרנסה, אין אַ פרייער צייט אַריינצוקוקן אַביסל אין אַ ספר, פאַרגעסן נאָך דערט טשעקאַווקייטן, נישט ווינציקער ווי אין די צייטונגען און היינטיקע ביכלעך — — — אוודאי, מ'דאַרף זיך פון די דאָזיקע זאכן אויך נישט אינגאַנצן דערווייטערן; מ'לעבט דאָך אין אַזאַ צייט, מ'קומט צווישן מענטשן, מ'וויל אַריינרעדן אַ וואָרט, אָבער דער עיקר — האַלט זיך אין צימל, נישט אַרומגיין מיט אַ פּוסטן קאָפּ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף דעם טאָג האָט קעלטער די לעצטע צייט שטאַרק אויסגעקוקט: ער וועט ענדלעך אַרויס פון בעט, ווו ער האָט אַזוי פיל וואָכן פאַרבראַכט — דער דאָקטאָר, אום אים אויפצומונטערן, האָט אַלץ דערמאָנט דעם נאָענטן טאָג, ווען ער וועט פון בעט אַרויס און גיין ווי אַלע מענטשן — אָבער דער גליקלעכער טאָג האָט לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן. אַ סך טעג און אפילו וואָכן זענען אַוועק און פון בעט האָט ער אַלץ נאָכנישט געקאָנט אויפשטיין — און אָט האָט ער זיך ענדלעך דערוואַרט. ער האָט זיך מיט גרויס שוועריקייט אָנגעטון, די ציטערדיקע

שוואַכע פיס געשטעלט אויף דער דיל און מיט דער הילף פון אַ שטעקן געוואַלט אַרומקריכן אין שטוב. ער איז באַלד מיד געוואָרן. ס׳בעט האָט אים נאָך געצויגן צו זיך, און אַז ער האָט זיך נאָך אַביסל געעקשנט, האָט אים געגומען שווינדלען, שוואַרצע רעדער זענען אים געגאַנגען פאַר די אויגן און מיט דינהס הילף האָט ער קוים צוריק געטראָגן צום בעט.

דבורה איז אַרויפגעקומען.

— דער דאָקטאָר האָט געהייסן אים געבן קאַרטאָפל, געריבענע קאַרטאָפל מיט מילך.

דערנאָך, אַז דבורה האָט קעלטערן צוגעטראָגן עפּעס צו טרונקען האָט זי ווידער דערציילט:

— דער טאַטע האָט קוים געפּועלט ביים פעלדשער ארנאָלד, אַז דאָס פאַרעווען די וווינונג דאָ זאָל ער אָפּלייגן ביז ס׳וועט וואַרעם ווערן.

די שטימונג אין שטוב איז איצט צו קעלטערן אַביסל וואַרעמער. אַפילו דבורה, שטעכט שוין נישט אַזוי נאָכאַנאַנד.

דער שווער איז אַרויפגעקומען.

— נו, — פרעגט ער, ווי זיין שטייגער, פריינטלעך — ביסט גע־ווען אַראָפּ פון בעט? ווי איז עס דיר געגאַנגען?

— דערוויל — שוואַך.

— נו, ס׳וועט זיך געבן. ביסלעכווייז — נאָך אַזאַ קרענק...

דער שווער האָט געברענגט אַ נייעס פון גאַס, אַז בישעק, זלמן בישעק, האָט געמסרט, אַז אַ ייד האָט אַרויסגעפירט פון שטאָט בראָנפן, איז אים דער זשאַנדאַר געגרסטע נאָכגעפאָרן און אַז ער האָט אים גע־כאַפּט הינטער דער שטאָט, האָט ער אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז דער ייד איז אים געשטאָרבן אונטער די הענט.

— אַ פרעמדער ייד... און געמסרט האָט אים בישעק, ווייל דער ייד האָט אים נישט געוואָלט געבן „לא־יחרץ״־געלט..

— כ׳האָב טאַקע עפּעס געהערט דערציילן, — זאָגט דינה.

— מיטן רימען האָט ער דעם ייד דערהרגעט, — קאָן זיך דער שווער נישט באַרויקן, — טויט געשלאָגן.

— הערשל גאָלד האָט דאָס אַביסל „איידעמס״ — שיקט דבורה קעלטערן צו אַ „בליקל״, מיינענדיק צו טשעפּען אים אין שייכות מיט

הוהן אין דעם וואַכמײַסטער גערסטע מיט חוהס שוועסטער רעבעקע...

— הײבסט שוין אָן מיט דײַנע חכמות!—בײזערט זיך דער פאָ־טער — גײ צהיים, די מומע דאַרף דיך.

אַן אײדעלער מענטש איז ער, דער שווער, אַן אײדעלער מענטש און אַן ערלעכער ייד.

דער שווער איז נאָך אַביסל געבליבן דאָ, געגעדט, דערציילט און ס׳האָט זיך געלאָזט זען, אז דאָס וויל ער מיט זײַן איצטיקן שמועסן פאַרווישן דעם רושם פון דבורהס שטעכווערטער.

דער שווער איז אַוועקגעגאַנגען מיט אַ וואַרעמען צוזאָג:

— כ׳וועל נאָך אין אָוונט אַרױפקומען.

ס׳האָט זיך אָנגערוקט דער פאַרנאַכט.

קעלטער איז געזעסן אין בעט, געקוקט אין פענצטער. דרויסן איז געפאַלן אַ שניי — שוין דער לעצטער שניי היי־יאָר — גרויסע ברייטע שניי־פלאַכטעס זענען זאַכט געפאַלן איינס נאָכן אַנדערן. געדיכט, שווער זענען זיי געווען און דאָך האָבן זיי מיט זיך מיטגע־בּרענגט אַן אָנזאָג פון פרילינג.

קעלטער האָט בעקוקט, ווי די שניי־פליטערלעך דרייען זיך, דרייען זיך אין דער לופט און פאַלן — און ער האָט דערביי געפילט אַ קינדישע הנאה, אַן אומשולדיק פאַרגעניגן, וואָס אַזוינס קאָן מען נאָר פילן נאָכן איבערקומען אַ סכנות־נפשותדיקע קראַנקהייט.

די גאַנצע באַדייטונג פון געזונט ווערן, פון כחות־צופלוס, האָט ער יעצט געפילט, און ס׳האָט אויף אים אַ ווײ געטון אַ מינוט פון זײַן קינדהייט. ער, אַ 4—5־יעריק יונגל, שטייט אויף אַ שטול ביים פענצ־טער, קוקט אויף די פאַלנדיקע שנייעלעך און ער פרעגט בײַ דער מוטער:

— מאמע, שנייעלעך זענען נשמות פון מלאכים!

— אין די מאַמע, נישט אויפהייבנדיק די אויגן פון איר זאָך, האָט זי שטריקט ענטפערט:

יאָ, מײַן קינד.

׳האָט אויף קעלטערן אַ הויך געטון עפּעס קינדיש־צאַרטעס, לאַנג, לאַנג איבערגעקלערטעס, אַזש די אויגן זענען אים פייכט געוואָרן.

---

אַ פרישע זון האָט פון בלויז אָנטפלעקטן הימל אַראָפגעלאָכט. דער פרילינג האָט זיך מיט זיין גאַנצער אייביקער נייקייט באַוויזן. איז קעלטער עלאַבעריק אַראָפגעגאַנגען פון די שטיגן פון זיין וווינונג און מיט אַן אומבאַהאָלפענעם שמייכל פון אַ נאָך נישט אינגאַנצן געזונטן גענומען גיין אין זוניקן דרויסן אריין.

ברייטע די גרינס הענדלערקע איז אָנגעקומען פון גאַס, אים באַגעגנט מיט אַ פריינטלעך וואָרט:

— אַ, געלויבט דער אין הימל! אַ סך האָבן עס נעבעך נישט דערלעבט. אַז זי האָט שוין געהאַלטן אין ווייטער גיין, האָט זי זיך מיט אַמאָל עפּעס דערמאָנט:

— איר ווייסט, דער רוצח גערסטע איז מער נישט הי, שוין גע־קומען אַן אַנדערער וואַכמייסטער, אַ הויכער אין ברילן — ווייזט אויס צו זיין אַ איידעלער מענטש.

אין דער זונשיין פּאַרפלייצטער גאַס האָבן קילע ווינטלעך אין פּאַרבייוווייען נאָך דערמאָנט, אַז דער ווינטער איז ערשט קוים אויף יענער זייט שטעטל... בערגער רעסטאָראַטאָר איז געשטאַנען ביי זיך אין די אָפענע שענק־טירן, נאָך אָנגעטון אין פעלץ, פילץ־שטיוול און מיט דעם וואָלענעם שאַל אַרום האַלז. קעלטערן האָט ער באַגעגנט מיט אמתער פרייד און מיט דער פולער ברכה

— ברוך רחמנא דעלמא...

און גלייך אויף יידיש:

— געלויבט דער איבערשטער — מ'זעט זיך...

דאָס קול בערגערס איז געווען שטאַרק הייזעריק, דאָס פּנים — בעל. די שווינדזוכט האָט זיך פון אים געגעבן שטאַרק צו דערקאָנען.

— אפשר ווילט איר זיך אַביסל צוזעצן? הייס איך אַרויסברענגען אַ שטול.

— ניין, — זאָגט קעלטער דאַנקבאַר, — זייט זיך נישט מטריח.

הענדל, די יידענע בערגערס, איז אַרויסגעקומען:

— אָ! — האָט זי קעלטערן באַגעגנט מיט אַ ברוך הבא און גלייך זיך געוואונדערט צום מאַן וועגן רעסטאָראַציע־ענינים:

— וואָס זאָגסטו נישט צו די כּפּרה? דאָס מיטאָג איז אים הייגט ווידער נישט געפאַלן, דעם פּריץ!

און צו קעלטערן:

— איר קאַנט אים דאָך פון דער היים — אַ גרויכער לייט דער בחור שניידער, הע?

אין דער קרייז־שטאָט־באָס האָט מען געפירט אַ פּאַרטיע געפּאַנגענע רוסישע זעלנער. יידן האָבן זיך געחידושט:

— זאָלן די שוין זיין פון דער פרישער אָפּענסיווע?...

בעתן דורכגיין פון די געפאַנגענע איז געוואָרן אַ געפּאַק אַרויס פון די שטובן. מאַנדל איז אַרויסגעקומען. חוה האָט זיך אויך געוויזן.

די געפאַנגענע זענען אַוועק. קעלטער האָט נישט ווילנדיק דער־הויבן די אויגן, אַ קוק געטון אַהין און זיך באַגעגנט מיט די בליקן פון פּאַר מענדלס געוועלב... אַ וויל האָבן זיי פון דאָרט פאַרחידושט אַהער־געקוקט. חוה איז זיך, איילִיק צוריק אריין אין געוועלב, מאַנדל — זאַכטער. אַ שטייגער: ער גייט אַריין, ווייל ס'ווילט זיך אים נישט שטיין אין דרויסן — און ס'האָט ביז אַהער, צו קעלטערן, אָפּגעשאָלט דער קלינג פון קראָם־גלאָק.

קעלטער איז געגאַנגען אַרויף גאַס. חוה איז נאָך געשטאַנען אינע־ווייניק ביי די שויבן־טירן. דערבליקנדיק אים, איז זי האַסטיק אָפּגעגאַנ־גען (דאַכט זיך מיט אַ שפּיי), מאַנדלס פּנים. האט זיך באַוויזן אין דער שויב מיט אַן אָפּשפּעטנדיקער מינע...

ער איז ווייטער געגאַנגען קעלטער... די פרישע אלמנה — זאַנוול קוכנס ווייב — איז אים אַנטקעגנגעקומען, צוגעוואָרפן שיער אַ האַס־בליק און שווייגנדיק זיך דערווייטערט.

אין מאַרק איז שוין געווען זומערדיק. דאָ, דאָרט זענען געשטאַ־נען רעדלעך שמועסערס. ביי לייביש בראָקער זענען די טרעפּלעך פון ווייַן־געשעפט געווען פול באַזעצט מיט ליידיקגייערס. עמיצנס האַנט פון די דאָרט זיצנדיקע, האָט אַנגעוויזן אויף קעלטערן, אַ קול — דאַכט זיך בישעקס — האָט צוגעשריגן:

— קומס נאָר אַהער, פיינער בחור!

ער איז געגאַנגען ווייטער, ווייטער, אַליין צו זיך געשמייכלט פון זיין אומבאַהאָלפענעם גאַנג. — און זיך לסוף צוגעזעצט אויף אַ באַנק.

ער איז לאַנג געזעסן, די זון האָט געוואָרעמט, ס'זענען פאַרביי־

געגאַנגען מענטשן. עפּעס אַ יידענע האָט אים געוואָרנט ער זאָל צהיימ־ניין: ס'איז נאָך צו קאַלט.

אויפן צווייטן טראָטואַר זענען אָנגעקומען שטשופּאַק, אים פון ביידע זייטן — בערל מעקלער און יעקל גלאָק.

— זעטס נאָר ווער עס זיצט דאָרט! — ווייזט בערל אָן אויף קעלטערן. שטשופּאַק שרייט צו:

— וואָס הערט זיך עפּעס אויף יענער וועלט?

יעקל גלאָק זאָגט צו שטשופּאַקן וועגן קעלטערן:

— אַ בעל־תאוהניק איז ער... כ'האָב גאָרנישט געוווסט...

— ס'איז נישט דיין עסק! — ענטפערט שטשופּאַק גלאָקן. און אַז זיי קומען צו, גיבן קעלטערן די הענט, האָבן זיי נישט וואָס צו רעדן, זאָגט שטשופּאַק כּתּם אום עפּעס צו זאָגן:

— איר האָט געהערט — חיימל הורוויץ איז אַ חתן געוואָרן מיט בוימגאָלדס טאָכטער — אויסגעכאַפּט שניידערן.

— אויך מיר אַ נייעס — זאָגט גלאָק. ער קוקט אַלץ אויף קעלטערן, מאַכט קענטיק הכּנות עפּעס אָנצוהייבן רעדן. קעלטערן איז עס שוין באַצייטנס נישט גיחא.

— קומטס! — מינטערט בערל — דער באַן־פּאַרשטייער וועט צוזעקניין...

ווי אַ זקן, אַ חלוש, אָנגעלענט אויפן שטעקעלע, איז קעלטער אַריינגעקראָכן אין דער זוניקער גאַס. מרדכי פענזעל — אַ האָלץ־סוחר אַ וואָלטעטיקער — וואַרפט צו קעלטערן אין פאַרבייגיין אָן זיך צופּאָר שטעלן.

— אויב איר האָט שוין יאָ ליב צו „פּאַרזוכן“ פון „פרעמדע טעפּלעך“, טאָ צו וואָס בעבעט איר דאָס דערנאָך אַראָפּ?

דער היימלאָזער בחור, דער געוועזענער „חלוץ“ קומט צו, דריקט קעלטערן שווייגנדיק די האַנט, קוקט אים אין די אויגן און גייט שטום אָפּ.

אַן אומצוטרוי האָט קעלטער דערפילט אין בחורס שווייגן און פון האָס דער אומצוטרוי געמט זיך, האָט ער אויך פאַרשטאַנען.

חוה — די „מעשה־חוה“, וואָס ער, קעלטער, האָט אַראָפּגערעדט

פון היץ — אַט, וואָס די סיבה איז פון אומצוטרוי צו אים פון ערלעכן בחור.

ס׳האַרץ איז אים איבערפולט געוואָרן.

און שטיל, ווי אַ תפילה בלחש, ביי וועלכער נאָר די נשמה באַוועגט זיך און די ליפּן בלייבן שטום, האָט ער גערעדט צו איר, וואָס איז איצט אַזוי ווייט פון אים און דאָך אַזוי נאָענט, נאָענט:

— חוה! אויב איך האָב זיך קעגן דיר פאַרשולדיקט, איז עס נישט מיין שולד. אָבער דיין „בושה" וועל איך טראָגן, מיט פאַרגעניגן וועל איך די בושה טראָגן אויף מיינע פּלייצעס.

— חוה, איך וועל אַוועקפאָרן ווייט פון דאַנען, אום מיין דאָ זיין זאָל דיר קיין שאָטן נישט געכטראָגן...

— חוה! — — —

און די פרישע אלמנה, נאָך דעם פון פלעק־טיפוס געשטאָרבענעם דאָרכס-גייער, דעם בראָנפן־טרינקער, שרייט פון איר פענסטער אַרויס גלייך קעל ערן אין פנים אַריין:

— נו, דאַרף איך נישט קיין טענות האָבן צום רבונו־של־עולם?!...

---

די זון האָט זיך זראָפּגעלאָזט צו מערב-צו. קעלטער איז שוין איינמאָל אין דער היים געווען און איז צוריק אַרויס אין גאַס. די צעשיינטע זון האָט אים נישט געלאָזט אין דער היים זיצן. פון די בעקער־שטובן האָט זיך געטראָגן געררויש און געזאַנגען פון די מצה-מאַכערס פאַר די טירן האָבן זיך יידענעס שכנטעס דורכגעשמועסט מכּח כשרן כלים...

לייזע לעקעכבעקער האָט איינגעטענהט מיט דעם אַלטן קריגער — אַ הויכער, לאַנג-וואָנסיקער, איינגעקאַלכטער פויער מיט אַ פענזעל אין האַנט — גערעדט צו אים פּראָסט יידיש:

— געדענק, מאָרגן, אם ירצה השם, אין דער פרי, זאָלסטו קומען צו מיר וויסן.

און אַרויף צום מאַרק צו, לויפן העגדום־פעגדום חדר־ייגגלעך מיט אויפגעפּראַלטע רעקלעך, פאַרשכורט פון פרילינג, פון נייע ווינטלעך.

זיצט ער, קעלטער, הינטער עמיצנס פענסטער, צופעליק אַוועקגע

ועצט זיך אויף אַ באַנק, זיצט, שעפּט אָטעם און פילט, אַז ער לעבט.

יאָ, ער לעבט און יונג איז ער נאָך; קוים אַריבער דרייסיק, און פרילינג איז איצט, זומער קומט נאָך, און דער דאָקטאָר זאָגט: נאָך אַזאַ קרענק ווערט מען ווי ניי געבוירן... און די זון זעצט זיך אַזוי פארביק מאָרגן וועט אודאי רעגענען — זאָל רעגענען! נאָכן רעגן וועט ווידער זיין זון און פרילינג.

און דער געדאַנק זיינער האָט זיך מיט אַמאָל אַזאַ קלאָר־ליכטיקן צי־אויס געטון, טיף און ברייט — אָט, די שטעטלדיקע אַרום אים, זייער פאַרהאַלטן, זייער אָפּשפּעטן... אפילו די גויט, וואָס האָט זיך איצט ווי־דער אין זיין שטוב אַריינגעכאַפּט — אַלץ האָט זיך פון אים אַ דערווייטער געטון. ער האָט אַלץ גאָר אַנדערש דערזען; מיטן זעלטענעם בליק פון אייביקייט האָט ער עס דערזען.

— — — ס'איז נישט געווען בלויז אַ ליבע־שפּיל צווישן אים קעלטערן, און חוהן. — דאָס איז געווען דער ציגז, וואָס די יוגנט צאָלט אָפּ דעם לעבן. זיין אין עלנט און איינזאַמקייט אָפּגעשווימענע יוגנט, די שלאָפלאָזע נעכט אין די גרויע בחורישע חדרימלעך; דאָס פאַרשמאַכטע באַלד פאַרוויאַנעסטע האַרץ האָט זיין פרילינג געזוכט, געזוכט, לאַנג געזוכט און געפונען: געפונען אין חוהן.

דאָס האָט די יוגנט, די שוין קיינמאָל צו אים נישט צוריקקערנ־דיקע יוגנט, זיך געזעגנט און אים אַזאַ ווײ־אוצר אין דער נשמה אי־בערגעלאָזט.

און גליקלעך איז דער, וועמען די יוגנט לאָזט אין האַרץ אַזאַ שאַץ, אום מיטן אָפּשיין פון זיין ליכט זיך צו וואַרעמען אין די לעבלעכע מיטל־יאָרן און קאַלטער עלטער.

און פלוצלינג האָט קעלטער אַזאַ ברויזנדיקע פרייד אין זיך דער־פילט. ער האָט די צופליסנדיקע כחות אין זיך דערשפּירט: ער איז אַ מאַן, געזונט און יונג!

מיט אַ דעם פריידיקן, שטאָלץ־מענטשלעכן באַוווסטזיין האָט קעל־טער זיך אויפגעהויבן פון בענקל און האָט מיט אַ רויקער זיכערקייט גענומען גיין קעגן די רויטע שטראַלן פון דער מערב־זון.

עוזר וואַרשאַווסקי

# ש נ י ט - צ י י ט

/קאַפּיטלען פון אַ ראָמאַן/

קאפיטל

# אין שכנות

ס׳איז געווען אַ שטאַרקער פרימאָרגן אין חודש אָב. פויערן מיט תבואה — פורן הויכע זאַנגען־בינטן, פורן סטויגעס היי; פירן, וואָס וויגן זיך די בייכער פאַר איבערצייטיקטע קערנער — זענען פון דאָרף אָנגעפאָרן, איבער זאָפּס־גאַס געגאַנגען. די לייטשן געצויגן, אַרום די רעדער אַלץ געמייסטרעוועט — פויערלעך, אַזוי ווי די צפון־לענדישע אַרום אַן אייזבאַרג פּאַרטאָן. אַ שוואַרצער ייד, אַ גראָער ייד, וואַקסט שוין אַריין אין תהום פון די דאָרפלייט — אַ זאַנג, אַ גצלע, ציט ער שוין פון די בונטן אַרויס, אַ קערן צוקייט ער: אַ־אַ־אַ, די ניין טעג אָפּגעמילכיקט, דעם תשעה־באב פאַרפאַסט... קומען מחשבות אין יידישע קעפּ אויף — פון מעזשערצערס דאַמף־מילן אויף טשערווינער וועג. טראַכטן פון תחונות וואָס דאַרפן אָט אָ זיך אויפשפּילן אין אייגענע הייזער, צי אין קרובהשע. און זיי רעדן מיט די פויערן פון מקח. גייען די בויערים האַרדע. אַ פּאַלץ אַ טיף ווינטערדיקער מיט פאַריעריקע קרירות אין די שפּאַלטן, רוילט איבער גוראַנער געסלעך — — ווי אַ גרימנע חיה וואָלט צו אַ לאַנג אויסגעהאַקטן וואַלד האַרדע אָנגעקומען. די פויערן האָבן סוחרים אייגענע, זיי פאַרקויפן נישט צו אַ פרעמדן. עס ציטערן אָבער די נעזער ביי די שוואַרצע יידן, ביי די גראָע יידן, עס שמעקט פון די פורן גערשט און ווייץ און קאָרן. עך, אַ שניט געווען היי־יאָר מיט מזל און מיט ברכה — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפן שמאָלן געסל, וואָס ווערט אויך גערופן: דעם רעשערנס גאַס, האָבן געלעבט צוויי בעלי־בתים אין גוראַנע. אַ הויז קעגנאיבער אַ הויז. זיידענע גאַרדינען אַקייגן פענצטער אין בלומען. צו די זיידענע גאַרדינען האָבן געפירט דריי קליינע שטיגעלעך. הילצערנע, אָפּגעשמירט אויף ברוין — ווי דאָס גאַנצע הויז. און צו די פענצטער אין בלומען האָבן זיך קירכלעך געהויבן זיבן שטיינערנע טרעפּ, ווייסע, תמיד אין גלאַנצן.

אין פאַן לודוויג ווישניעצקין, דעם קופּיעץ, האָט געברענט אַ היי־

ליקפּר כּעס צו שעיה וויינטרויב, זיין שכן פון דריבן; ער פלעגט נישט שטילן. נאָך זיין פאָטער — צום הייליקן זכר — אַרומגעפּלאָנצט מיט פּע־דער און וועלדער, נחלאות אָן שיעור. נאָך די עלטער־זיידעס — צום הייליקן זכר — ביז אין ווייטסטן, פאַרגעסנסטן דור אַריין, האָבן אַלע געטראָגן די שנאה אין הארצן צו שעיה ווייגטרויבס פאַרשאָלטענעם געזונד.

אין יענע צייטן, ווען שעיהס אַן עלטערזיידע איז אָנגעקומען אין דעם לאַנד מיט אַ טאָרבע אויפן אַקסל און אָפּגעשטעלט זיך, אַ גלגול פון יענעם אייביקן אַהאַסוער, ביקנדיק זיך צו דער ערד נידריקער און נידריקער פאַר דעם חסד פון האַר — האָט ווישניעצקיס אַן עלטערזיידע — צום הייליקן זכר — אַ שטויס געגעבן מיטן פוס אָן הכנעהדיקן גוף פון דעם בעטלער. איצטער קען ווישניעצקי, דער קופּיעץ, נישט אַדורכשלאָפן רויק זיינע נעכט, צוליב דעם נאָענטן שכנות פון יענעם בעטלערס אַן אור־אייניקל: שעיה וויינטרויב, דער יידישער קופּיעץ אין גורזנע.

כאָטש די גורלות האָבן מיט דער צייט אויסגעגלייכט אַביסל די פאַרהאַרוועטע פלייצע פון איינעם אין איינגעקנייטשט דעם שטאָלצן רוקן פון אַנדערן. כאָטש אין דער יוגנט האָבן ביידע צוזאַמען געדינט אין אַ סיבירער קאַזאַרמע און בריוו געשריבן, פיר יאָר דורכאַנאַנד, צום זעלביקן געסעלע אין גוראַנע. ווישניעצקי האָט פיר יאָר אָפּגעחלומט פון ווערן געגעראַל... און שעיה האָט אָפּגעדינט זיין צייט טרויעריק און מיט עקשנות: קיין פעלער האָט ער זיך נישט געוואָלט מאַכן...

איצטער — פאַרגאַנגען יענע העלע יאָרן. פאַרטאָן זיך אין מסחרים מיט לייב און לעבן. אין שטוב ביי שעיהן איז אויפגעוואַקסן אַ מיידל. די געשעפטן גייען גרויס. דאָס ווייב איז געשטאָרבן. און ווישניעצקי האָט זיין איינציקן זון געשיקט אין דער גרויסער שטאָט אַריין: זאָל ער דאָרט לערנען און פאַרגיטיקן די אַמאָליקע חלומות פון זיין פאָטער; זאָל ער ענדיקן די שולן, זאָל ער אַהיימקומען מיט אַ מעדאַל און באַשיינען מיט רום דעם נאָמען פון די ווישניעצקיס...

איצטער — פאַרלאָפן מיט גראָען דעק זענען די פענצטער פון די גאַרדינען און די בלומען. דערצווישן, אויפן רעשערנס געסל, האָבן זיך געטראָפן ביידע שכנים. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אָנגעקוקט זיך,

און געשאָקלט מיט די קעפּ. איין קאָפּ, אין אַ יידיש טוכן היטל, מיט אַ טונקל־גראָלעכער באָרד, אָנגעלענט אויף אַ זילבערנעם שטעקן — אַראָפּ־געבויגענער צו דער ערד. דער צווייטער קאָפּ, מיט ראַזירטע פעטע באַקן, מיט לאַנגע ווייס־בלאָנדע וואָנסעס — אַרויפגעהויבענער צום זוניקן פרי־מאָרגן. ווישניעצקי איז גאָר אויפגעלעבט. ער שטעקט אויס אַ האַנט קייגן זיין שכן, מיט אַן אויסגעצויגענעם ווייז־פינגער, פונקט ער וואָלט אים געוואָרנט, און אַ רעד געטאָן האָט ער אויף אַ פעסט קול, אַ זי־כערס און מיט חוזק:

— שאַיע, וועסט גיין, וועסט ווערן אַ העלד...

און ער האָט געשטעלט זיינע געפּוצטע שטיוועלעך אויף די שטיי־נערנע טרעפּ אַרויף מיט אַ הילכיקן טריט.

שעיה איז געוואָרן דערשראָקן. ער האָט גאָכגעקוקט דעם קריסט. ער האָט באַוווּנדערט דאָס הארץ וואָס צאַפּלט נישט אויף און ווערט נישט פול מיט אימה. „אמתז״ — האָט ער זיך געפרעגט — מסתמא, מסתמא איז אמת...

ער האָט זיך דערמאָנט פּלוצלינג פון ווייטע יאָרן. אַ קאַזאַרמע אַ קאַלט־לענדישע איז אין זיין זכרון אָפּערגעשווימען. פיר יאָר פון דער היים און פון ווייב און קינד אָפּגעטיילטע. און ער האָט געוואָלט מיט די זכרונות פון אַמאָל שטאַרקן זיין האַרץ, געוואָלט שפּירן זיך שטאַרק ווי דער שכן, אַ שפּאַר־טאָן מיט כוח די ברוסט, אַ שפּעט־טאָן דער וועלט מיט אַן אָפן פנים אין פנים אַריין און — או,כעט גיין זיך גרייטן אין וועג...

אָבער ער האָט זיך געוואַקלט אויף די פיס, דער ייד. זיין הויז דאָס ברוינע איז אים פאָרגעקומען ווי אַ נעסט; דערין זיין איינציקע טאָכטער, ווי אַ שוואַלב. און זיי פלאַטערן ביידע, ווי צווישן פעלדער אַ סטאָדאָלע אָפן פאַר די ווינטן...

און ער האָט געטראַכט: וועגן צוזאַמענגעמען די חשבונות, וועגן פאַרגלייכן, וועמען ער ברויך אָפּצוצאָלן אַ חוב און ווער ס׳איז אים שולדיק, וועגן קויפן אויפן ווינטער נישט אַ האַלב קערץ קאַרטאָפל, ווי ער האָט פריער געמיינט, אַ פערטעלע וועט גענוגן בכלל...

שעיה האָט זיך געשטאַרקט. און ער האָט זיך געטרייסט. דערווייל האָט

ער זיך געלאָזט אויף א הינטערוועגס צו דער דאָרפס-גאַס, אין נפתּלי טענענהאָלצס אייזנסקלאַד אַריין:

— נפתּלי, קומט היינט אולריך אין שטאָט אַריין?

נפתּלי טענענהאָלץ, אַ ייד מיט באָרד און פּאות, נאָר אַ גאַלאַנטער, אַ וועלטישער, האָט זיך צוגעבויגן צו זיין גאַסט און גערעדט צו אים אויף די גראָע האָר ביי זייט באַק — פּונקט ער וואָלט דער באָרד פאַרציילט:

— אַז אולריך וועט שוין היינט נישט קומען קיין גוראַנע... מחמת טאַקיש היינט, כּעלות השחר, איז ער און לאַאופער אין מיטטיק — אַלע דייטשן פון די קאָלאָניעס מיט ווייב און קינדער געווען ביי אים און געזאָגט, אַז זיי פאַ־ן קיין דייטשלאַנד געהאָר ווערן צו משפּחה... פאַרשטייסטו מיך?

שעיה האָט פאַרשטאַנען אים, — כאָטש די ידיעה האָט אים געחידושט און כאָטש עס איז אים אַלץ געוועזן קלאָר ווי דער טאָג.

— אוודאי... — האָט ער געענטפערט און איז אַרויס פון נפתּליס אייזנסקלאַד.

זרויסן זענען נאָך אַלץ די פויערן פון די פעלדער געגאָרן. די זון האָט געשיינט. נאָר טיף אַרונטער, ווו עס ציט זיך אַזעק דער „הויף" דעם רבינס זאָל לעבן — איז שוין אַ פּרי-האַרבסטיקער נעפּל געהאָנגען. נענטער האָט שמעון זילבערבאַרגערס געלע קאַמעניצע, ווי א פאַרשטיינערטער גראָז-באַרג, אַ שוואַרצע טיר געעפנט און אַרויסגעשיקט פון זיך אַ געשפּאַן צום דערשרעקן אַלע פייגל אין שטאָט. שעיה האָט געוואָלט צולויפן צו זיין ערשטן דאָזאָרס קאָטש און פרעגן: „וואָס מיינט ר' שמעון זילבערבאַרגער?" — ער האָט אָבער תיכּף זיך אויסגעזידלט אין רעיון: „דו נאַרישער ייד..." ער האָט צוגעשפּיליעט זיין מעלאַזשענע ראָק, האָט זיך אָנגענומען מיט עקשנות. איז געגאַנגען דעם אייגענעם וועג וואָס די פויערן-פורן זענען געגאַנגען. וואָלסט געזאָגט: אַ גראָער ייד גייט אויך דאָ אין שניט אַריין — — — —

צוויי הייזער נאָך נפתּלין איז משה-יעקובס אַלטער מויער געשטאַנען. און נאָך צוויי הייזער ווייטער האָט אַ געלער סטראַזשניק געדרייט זיך אויף וואַך פאַר דער וווינונג פון נאַטשעלניק-סטראַזש. דערנאָך איז געוועזן דער גרויסער מאַרק. דערנאָך אַ טונקל רינשטאָקל — די שול־

גאַס. ער האָט געעפנט אַ טיר. משולם דין האָט אים געבעטן זיצן. אויפן טיש זענען געלעגן אָפענע גמרות און צוגעמאַכטע. אַ גלאָז פון מילך מיט אַ פעטע פעלץ נאָך איז געשטאַנען. די דינ׳טע האָט עס צוגענומען פון טיש.

משולם האָט אויפמערקזאַם געמאַכט זיין װייב:

— פרומע, װעסט װאַרטן מיטן צװייטן גלאָז.

פרומע איז אַריינגעגאַנגען אין אַ זייטיקן חדר. משולם האָט געפרעגט דעם גאַסט:

— נו? װאָס װעסטו ברענגען גוטס, שעיה?

— משולם, — ענטפערט שעיה און זיין קול ציטערט שוין אויף די ספרים — משולם, איך װיל דיר איבערענטפערן מיין קינד...

משולם האָט אים אָנגעשריגן:

— װאָ—ע? הערסטו אויכעט װאָס מען רעדט?

— משולם, ס׳איז אמת. איך װייס נאָר נישט צי בין איך אַ לעבעדיקער מענטש, אָדער כ׳טראָג מיך שוין אַרום װי אַ בן-מות. עס מישט זיך מיר דער קאָפּ. װאָס טו איך?

אַ טיפן רושם האָט געמאַכט אויף דעם דין דער עקשנותדיקער, גלייבער ייד פון קעגנאיבער. דער ברייטפּלייציקער כוחר, נאָר װעמענס װערטער האָבן געציטערט. ער האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען זיינע באַזונדערע זאָרגן. ער האָט דעריבער װייטער אים אָנגעשריגן:

— טאָ װאָס איז דער מער מיט דיר, שעיה, װאָס דו האַלסט דיך שוין פאַר אַ בן-מות? װאָס איז דער מער מיט דיר מיין פאַר אַלע יידן, האַ? אַ, אַ, די װעלט גלוסט זיך צו מאַכן מחלוקת? אַ, אַ, ראובן האָט אַ טענה און שמעון האלט זיך פאַרן גרעסערן חכם? — איז, זייטך מוחל, האָטץ אַ ויכוח! אוודאי! װאָס דאָ װעלן זיי מאַכן פון אַ װעלט מיט שטעט װו עס װוינען אַזוי פיל לעבעדיקע נפשות און — להבדיל — װו מען אַקערט די פעלדער? זיי אַ ייד, שעיה.

װי אַ טויבער מענטש האָט שעיה װייטער גערעדט װי פריער:

— משולם, דו װייסט, איך האָב אַלע יאָרן געהאַנדלט, געלעבט, כּדי מיין איינציק קינד גוטס קענען טאָן. איצטער װעט זי מיר איבערבלייבן װי אַ טויב, אַ טויב אָן פליגל, װאָס קען נאָך נישט פליען. װאָס טו איך? אויף װעם לאָז איך זי איבער? משולם! — איך װעל זי לאָזן

אונטער דיין השגחה. דו וועסט אַכטונג געבן אויף איר, אויפן הויז. איך וועל דיר פאַרגיטיקן, חען השם יתברך וועט מיך אַהיימלאָזן בשלום — —

דער דין איז שוין געווען פול כעס. ער האָט געבלאָזן קײלעכלעך ריוך, פון אַ שוואַרצער פיפע אַרויס. ער האָט זיך געבייזערט:

— ייד, וואָס רעדסטו דאָ!

— וואָס איז? דו ווייסט גאָרנישט? — איך קער דאָך אין זאַפּאַס!

משולם האָט זיך גוואַלטיק אַ הויב געגעבן. זיין יאַרמעלקע האָט געגרייכט דעם סופים. אַ דאַרער, אַ שוואַרצער, האָט ער זיין חייטן קרוב באַטראַכט.

— שעיה, דו גייסט גישט... דו בלייבסט אין דער היים און ביזט אַליין דער טאַטע איבער דיין קינד..

— משולם, מעגסט מיר גלייבן. אין מאַגיסטראַט האָב איך אַליין געהערט זאָגן. און אַ הוזן, הערסטו פון די קאָלאָניעס זענען אַלע דייטשן אַנטלאָפן, קיין דייטשלאַנד — — —

— וואָס וועסטו מיר דערציילן מעשיות? דו גייסט נישט און אַ סוף!

— ווי אַזוי וועל איך נישט גיין? כ'ווייס אסור וואָס דו זאָגסט.

— דו ווייסט נישט, וועל איך דיר זאָגן: האַק דיר אָפּ אַ פינגער.. שנייד אָן אָדער... מאַך דיך פאַר אַ קאַליקע... — נאָר שטעל דיך נישט, אַזוי ווי איינער, וואָס וויל גיין מיט אייזנס איבער אַ פאַפירענער בריק...

אין שעיהן האָט זיך ווידעראמאָל אַ וועק געטאָן די צייט ווען ער איז נאָך געווען יונג. ווען די עלטערן האָבן געלעבט. ווען זיין עקשנות איז נאָך געווען ווי אַ יונג בוימעלע — און איצטער איז ער, ברוך השם, אַ בוים — אַ גראָער בוים, וואָס בויגט זיך אוודאי שויז נישט... ער האָט געענטפערט:

— משולם, אַ פעלער מאַכן קען איך נישט — — -

און ווידער מיט אַ ציטערנדיק קול:

— איך גיי אַהיים. איך ברויך אַלצדינג נאָכצוזען, איבערציילן, פאַרגלייכן. משולם, זאָג מיר צו, אַז דו וועסט האַלטן דיין אויג איבער מיין הויז. זאָג מיר צו, כדי איך זאָל קענען אוועקגיין מיט אַ קראַנק האַרץ, נאָר מיט אַ רויקן קאָפּ. משולם —

ביידע יידן האָבן זיך אַנידערגעזעצט ביים טיש. דער דין האָט גערעדט. צווישן זיי האָבן געפלאַטערט געלע בלעטער — דער האַרבסט פון דעם שול-גאַסישן טאָג, דעם שאָטנדיקן. אַ מעשׂנע חנוכּה-לאָמפּ האָט אַרונטערגעבליצט פון אַ וואַנט, ווי פון אַ מרחק. איר רויטער אָפּשיין האָט זיך געלייגט אויף די קעפּ פון די צוויי יידן, בעטנדיקע, אויפגערעגטע, נאָר מיט אַ פעסטן גלויבן און מיט בטחון:

— בעזרת השם יתברך!

קאַפּיטל 2.

## פּעטלאַק מסור

אויפן מאַרק איז אומגעגאַנגען שמעלעק טעלעגראַפס קול חזק ואיום. שמעלעק און זיין בכור, ביידע אָנגעלייגט די האַנט ביז אין האַלז מיט צייטונגען פול, האָבן געוועקט די שטאָט:

— אַ בלאַט פון דער פרי! אַ צייטונג נייס! אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע אין אינדיע! — — —

נאָר נידריקער אַ סך, און אַרומקוקנדיק גוט, צי מאַגיסטראַט זעט נישט — גיט שמעלקעלע צו:

— יידן! עס שטייט שוין אין די גאַזעטן אויכעט.

און ווו שמעלעק האָט נאָר אַ הויב געטאָן זיינס אַ שטיוול פלאַט, דאָרטן איז באַלד געוואָרן אַ פּעקל יידן מיט אַ בלאַט צייטונג און די מיילער: נבהל און נשתומם.

אַרום-אַרום צעיאָגן זיך תיכּף יינגלעך מיט ספרים אונטער די אַרבעלעך: די מלמדים האָבן זיי צושיקט אַהיים באַלד ווי זיי זענען געקומען.

משה-מיכאל דאָס לעדער-סוחרל האָט זיך געהיצט אין אַ פּנקל קעגן זיין שותּף זאַנוול-יחיאל, און אויפגעשפּילעט די לאַנגע וועסט, אַ שטייגער — לופט האָט אים אויסגעפּעלט:

אין אַ זייט, לעם דער גרויסער, קופּערנער פּלומפּ, האָט זיך אָפּגעשטעלט מאָרטשע וואַסערטרעגער מיט פולע עמערס וואַסער. די

טערס האָבן זיך געוואָרשלט איבער זיינע אַקסלען, אַזוי ווי שטאָלענע קעפּ אין חידושים.

פון זעלצערס הויפּ איז אָנגעלאָפן צו טאַנצן די אַלטע מירל, דאָס עלנטע מענטש פון שטאָט, און געטיפּעט אין מיטן מאַרק אַפּער מיט אירע ביינערנע פיסלעך.

די מאַרק־זיצערקעס, אָן קונים, האָבן פינגער געשטעקט צו זייערע מיילער און טשיפּעקלעך געריקט אָן.

אין גאַנץ אַליין, צווישן קופּקעס יידן אַ באַזונדער קופּקעלע, איז געשטאַנען מיט אַ צייטונג אין האַנט חיים גוי. אָנגעטאָן אין זיין גע־ווייבלעכן סטראָי: אַ פאַלטנדל צו די קני, די באָרפיסע פיס אין שטעק־שיך לעדערנע, אַ האַרטער קאַפּעליוש מיט געלבלעכע האָר אין די זייטן אין אַ ריזיקע באָרד, אַ שאַטינע, וועלכע האָט אויסגעזען פרעמד אויף זיין געליטשקן קליינ-פּנים — פּונקט ער וואָלט זי אָנגעטאָן אויף פּאַראַד. חיים גוי, דער משכיל פון שטעטל האָט נישט געקוקט, וואָס די צייטונג שרייבט — רק ער האָט גרינגשעצונג געוואָרפן איבער אַלע צעשראָקענע יידלעך און געלאַכט פון זייערע צעטראָגענע לענדן.

צווישן די זיצערקעס ביי די ברויט-בוידן איז אָבער אַלדינג שוין געווען פאַרענטפערט. זיי האָבן אַדורכגעשאַרט נעמען אין דער שטיל און מיט אַזא ניגון, ווי מען דערמאָנט אַ תושב פון עולם־אמת אַוועק... זיי האָבן נאָר אויף די פינגער געציילט:

— גרונם — — —

— חיים ישראלס בן־יחיד — — —

— יאַנקל וועלניקמאַכערס זון — — —

- און שעיהלע חיינטרויב?

יידענעס גיבן די טשיפּעקלעך אַ שאַר טיף אין די אויגן צו, ווייל אָט אָ קומט אָן פון שול־געסל אַפּער, טאַקע ער אַליין, שעיה קופּיעץ. די לייט מיט די צייטונגען רינגלען אים אַרום

— גוט מאָרגן, ר׳ שעיה..

— גוט מאָרגן, ר׳ פּנחס.

— איז אמת די מעשה, ר׳ שעיה?

— זייטס מיר געזונט און שטאַרק, יידן!... — רופט שעיה אויס און גייט אַרויס פון די רעדלעך.

שטייען זיי ווייטער, קריגט זיך שוין אונטער אויך דער סטאַרשע סטראַזשניק מיט אַן אַראָפּגעזעצטן הוט, מיט אויפגעשרויפטע וואָנצעס, און ער זשירעט ווי אַ געפּאַנצערטער אָדלער צו די שוואַרצע קאַפּאָט־לעך צו:...

— זאָג, כאַיעם, וואָס שוואַצן די יידלעך אַזוי — דער ראַבין גע־שטאָרבן?...

שעלטן אים די יידלעך תיכף אויס אין דער מחשבה, נאָר חיים גוי ענטפערט מיט אַ געלעכטערל:

— פּאַניע סטאַרשע, ווייסט נישט? — ס'אַ יאַריד!

אָבער משה־מיכאל, אויף וועמען קיינער חעס נישט זאָגן: ער האָט אַ האָז אין בוזעם שטעקן — קאָן זיך נישט איבערהעלטיקן און ער וואַרפט אויפן ווינט אַרויס:

— ראַבין, נישט ראַבין; נאָר מייז גייען פון די פעלדער...

הערט עס דער סטאַרשע. קוקט און הערט. פאַרשטייט, אַז דאָס יונגעמאַנטשיקל האָט אַ חכמהלע געזאָגט. איז אָבער נישט תופס דעם מיין... לאָזט ער נאָר דערפון אָפּ און נעמט ליבע־שט שפּייען אַרום אויף צוויי שטיינער די ברייט, און וואַרפן צאַרנדיקע בליקן, און מורמלען:

— מיאוסע זשידעס, פאַרשאָלטענע...

אין רעיון נעמט ער זיך פאָר אַזוי:

„נאָכצוקוקן זיי גוט. אויסשפּיאָנירן. וויסן, וואָס זיי פּלאַפּערן. נאָכמער — איצטער, הייגט, ווען אַזאַ וויכטיקע צייט הויבט זיך אָן אין די צען צאַרסקע גובערניעס — —"

טראַכטנדיק דערוועגנס, גייט ער אַראָפּ פון מיטן מאַרקפּלאַץ, ווי תמיד: אַ הויב דאָס היטל צום הימל, אַ שאָקל צו דער ערד, כסדר, מעשה־סטאַרשע. און שמעקט מיט די אויערן. און לאָזט זיי יום מאַגי־סטראַטנעם ווינקל, אויפצוזוכן פּעטלאַק, דעם מסור.

---

אין אַ וואָכנטאָג צו געפינען כאַם־לייזערן איז נישט פון די שווערע זאַכן. אָדער ער זיצט אויף דער באַנק פאַרן ראָטהויז, אָדער— אויפן הויף, ווו ס'ראָטהויז שטייט שוין באַזאַמען מיט צוויי פינצטערע

קעמערלעך, אַזוי װי אַ געדעכטפּאַרטיקע מאַמע מיט צװיי מיאוּסע טעכטערלעך.

צומיינסט אָבער זיצט ער דרויסן. ס׳איז עפּעס דאָך ס׳װיכטיקסטע װינקל אין שטאָט! אַראָפּציער לויפט משופּעדיק דאָס שמאָלע געסעלע ביז צום סאַמע אונטערשטן הייזעלע, פּישל פאַרבערס ירושה, אין װעלכן ס׳װוינען אייביק די װענטלעך פאַר טייכישן שכנות דערבײַ. און אַרויפציער פאַרלייגט אַ פּערטל פון גרויסן מאַרק דאָס קאָשטשעלנע גערטל און דעם מאָנאָפּאָל. זיצנדיק פאַרן ראָטהויז האַלט כאַם־לייזער פון דאָרטן דאָס אויג איבערן גאַנצן שטעטל — יאַרידן־צייט. אין פּראָסטע טעג זיצט ער סתם. דאָס פּנים פון אַן ערד־פאַרביקן בוים, װאָס כאָ׳עט זיך שוין פאַנאַנדער. גיפּן, נאָז, באָרד, אויגן — גראָבע, געשפּאָלטענע און פאַרגליװערטע, װי פאַרב אויף אַן אַלטן בילד. שטיװל, הויזן, בגד — בלאָ, פויערישע, צעקנייטשט און איינגעטרוקנט. אַ הוט — אַ באַרינקאָװן, מיטן שפּיץ, זומער צי װינטער. אַן אַלטער, אַ דורכגעטרונקענער, אַ דורכגעקילטער, אַ האַלב־צעפוילטער שוין, זיצט ער אויף דער באַנק און ציט דעך אַזוי הויך און קרעקעדיק, װי אַ קאַץ אַן איבערגעפרעסענע — סתם אַזוי. ליב האָט ער די באַנק פאַרן מאַגיסטראַט. לויפט פאַרבײַ אַ חדר־ייִנגל און טייטלט אים מיט מורא. מיידעלעך גייען אָנקוקן די שרעקלעכע ליים־קעפּ איבערן געזימס פון ראָטהויז אויפגעשטעלטע. קומען פויערן פאָדאַטעק צאָלן. גייען אַדורך באַיאָרטע.

אויף דער מאַגיסטראַטנער באַנק פאַרזאָרגט כאַם־לייזער אַלע זײַנע היימישע עסקים: קריגט זיך מיטן װײַב אין מיט בײדע יונגלעך, װאָס אַלע דריי זענען זיי נאָך זייער יונג דווקא. פאַרהאַנדלט מיט די מולערס, סטעלמאַכס, קאַפּלאַרעס. כסדר, דאָס גאַנצע יאָר איז בײַ אים פאַראַן צו פאַריכטן קוימענס, אײַן מויערן, און די טירן. צען הייזער פאַרמאָגט ער אין שטאָט, אַ חוץ — דעם חזיר־מאַרק, װאָס מאַגיסטראַט דינגט בײַ אים אויף אַ שטאָטיש טעאַטער אָפּצוקויפן.

פון װאַנעט עס קומען צו אים הייזער, װי אַזוי אָנגעקליבן די עשירותן — װייס קיינער נישט צו זאָגן. צענדליקער יאָרן שוין, אַז ער „פאַרברענגט" אין מאַגיסטראַט...

מען רופט אים: פּעטלאָק, װײַל אַלע זענען זיכער, אַז ער װעט

נישט שטאַרבן אין זיין אייגן בעט. און אויב נישט אויפן אייגענעם בעט, ווען מען אים אודאי הענגען מיט אַ פעטליע...

פויערן פון סביבה טיילן אים כבוד, אַז זיי קומען פאָדאַסטעק צאָלן. זיי דעקן אָפּ די נישט געקעמטע קעפּ און נייגן זיך פאַר אים, ווי פאַר אַ פּאָטער אַ גאָטס־זונישן. זיי זאָגן:

— דזען דאָברי קאָכאַני לייזאָריק — — —

ווארן זיי געדענקען נאָך גוט אַמאָליקע צייטן, ווען אַ פויער האָט געפּלעגט זיך אים אָקעגנצושטיין, און ער איז שפּעטער אַנטקומען געוואָרן מיט די שטיוול און מיטן צלם אויפן האַלז...

— דער לייזאָריק איז אודאי אַ כשוף־מאַכער — — —

רעדן נאָך איצט די דערפער וועגן אים.

די שבתים און ימים־טובים האָט ער פריי אַהיימצוגיין און טאָן, וואָס זיין האַרץ גלוסט. דעמאָלט קלויבט ער אויף שטיינער פאַר זיינע מויערן, זאמלט ציגל, גנבעט... דעמאָלט פירט ער זיינע צען קי און ציגן אויפן שלאָסבאַרג אַרויף, צו פּאַשען אויף בחנמדיק גראָז... דעמאָלט שלאָגט ער ווען ער ברויך צו שלאָגן. גייט אין דאָרף אַריין. טוט זיינע באַדערפנישן.

האָט ער בויטיק אין אַ וואָכיקן טאָג אַ קוק צו טאָן ביי זיינע הייזער — גייט ער אַוועק פון ראָטהויז־ווינקל און פאַרנאַכט ברענגט ער זיך שוין אַליין צוריק אין „הויף” אַריין שלאָפן...

צווישן קינדער האָט ער זיך דעם מוראדיקסטן שם איינגעהאַנדלט. צווישן אַלע חדר־גזלנים מיט די הונדערט קעפּ איז כאַם־לייזער פּעטלאַק נישט פון די לעצטע...

און זיין נאָמען איז דעם לעצטן זומער געגאַנגען נאָך טיפער און שווערצער. ס'איז געווען נאָך שבועות, ווען מאַגיסטראַט האָט צוליב טעאַטער־פּלאַנען געהייסן אויפגראָבן אַ שטיק חזיר־מאַרק אויף פראָבע... האָט מען ביים פאַנאַנדערוואַרפן די ערד — אַ טיף פעטע, און אפשר אויך ווילדע שלענג — געפונען אויך אַ סך צעפוילטע שקעלעטן פון מענטשן מיט זשאַווערגע צלמלעך, ווי דער האַלז געפינט זיך... אַלט און יונג איז געלאָפן מיט טשעקאַווער יראה אָנקוקן די שלענג און די מענטשן... אין חדר איז חיים־לייזער דאָס מאָל אַריבערגעוואַקסן אַלע הונדערט־קעפּיקע גזלנים — מיט גאַנצע צען שטיק...

און — ווייטער דעם לעצטן זומער, האָט מען אין יאָקלס פערד־שטאַלן געטראָפן איינמאָל צוואַנציק פערד אַוועקעלייגט ווי די קברים און פארסמט צו טויט. נו, איז יאָקל געקומען צו דער באַנק און, נאָך אַ שמועס מיט כאַם־לייזערן, איז פעטלאַק געגאנגען שווערן ביי שוואַרצע ליכט, אַז ער האָט אַליין געזען ווי העשל תבואה־סוחר האָט זיך אריי־געגנבעט אין יאָקלס שטאַלן מיט אַ פינט סם אונטערן אָרעם...

פון דענסטמאָל אָן רופט מען אים אָפגעקירצט און באַנייט:

— פעטלאַקל מסור! — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

געטראָפן אים זיצן אויף דער באַנק, איז דער סטאַרשע צוגע־שטאַנען צו אים מיט לשון אַזוי צו זאָגן:

— גראַזשדאַנין פיינשטיינער, אַ געזונטע „דיעלאָ“ האָסטו! און ברויכסט נאָר מח האָבן, קאָנסטו באַפרייט ווערן אויף אייביק...

כאַם־לייזער האָט יענעם גאַנצן מאָרגן געהאַלטן זיין אויג איבער אַ קופּע ציגעלעך, וואָס ליגן טאַקע אַראָפּציער, פאַר שמואל הינדעלעס הויז. זיינע האַלז־פעדעם האָבן געכריפּעט שוין ווי אַ גאַנצע האַטשע קעץ, איבערגעפרעסענע מיט ווערעם. ער האָט געזוכט תחבולות די ציגעלעך אַ וועקצוגענאַרן...

— גאָספּאָדין סטאַרשע, דו ווייסט דאָך — — —

מאַכט דער סטאַרשע סטראַזשניק פיגור. ער ציט זיך איין אין קאַפּטאַניק, באַגלעט די גרינגע שנירעלעך. שפּירט, ווי ער גייט דאָס אַצינדער אָנהויבן די גרויסע עפּאָכע פון איוואַן פּעטראָוויטש שאַבלוכין, סטאַרשע סטראַזשניק איבער דער אויעזדנער שטאָט ג־ראַנע... ער האָט גענומען רעדן גאָר ווי אַ גענעראַל, בשעת עס האַלט ביי דער שבועה:

— גראַזשדאַנין פיינשטיינער! ביזטו געטריי דעם עקסעלענצישן צאַר? ווילסטו איינשטעלן דיין לעבן און דאָס לעבן פון דיינע צען היי־זער פאַר דעם עקסעלענצישן צאַר? ביסטו אָנגעברייט איבערצונעמען אַ דיעלאָ, וואָס וועט דיר אַריינברענגען דרייערובעלדיקעס און וועסט דינען דעם עקסעלענצישן צאַר?

פעטלאַקל מסור האָט זיך אויפגעשטעלט אויף זיינע געפּלאַצטע קאָרעס, האָט אקעגנגעקוקט שאַבלוכינען. ער האָט געענטפערט מיט אַ גבירישן דרך־ארץ:

— גאָספּאָדין סטאַרשע סטראַזשניק, לאָז וויסן וואָס דו מיינסט.

— גראַזשדאַנין פּיינעס־ל־עֶר, וואָס — און איך לאָז דיר וויסן — — —

אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט כאַם-לייזער אויף אייביק פאַר־לאָזט זיינע „גלאַפּהייזער״ און אין מיטן העלן האָכן־טאָג זיך אָפּער־שפּאַצירט איבערי מאַרק.

קאַפּיטל 3.

## ביי דער קופּערנער פּלומפּ

אין שול-געסל איז געשטאַנען אַ הויז, אַן אַנטיקל — אויף הונ־דער צו זען. אַ פּאַרטערל, אַ שטאָקעלע, אַ פענצטערל מיט לאָדעלע. קליין און דאַר, ווי אַ מאָגער יידעלע. נאָר פון דעם הויז זענען זייט יאָרן אַרויסגעקומען די גבורי-ישראל: אַ שוחטל, אַ דין, אַ לייענער אין די תורה. היינט האָט דעם פּאַרטערס ביידע שטיבעלעך באַוווינט ר׳ שלום דער מורה-הוראה פון שטעטל. אין דער הויך, בשכנות מיט אַ דערפיש רבילע, האָט געוווינט זעליק דער זאָקנמאַכער, אַ זון פון בתיה.

דאָס שטיבעלע — אַ צאַצקע! נאָר צום עסן האָט תמיד אויסגע־פעלט דאָס, וואָס אין טאָפּ אַריין... די קינדער לויפן אַרום, ווי קינדער. אין דער היים — אַ זאָקנמאַשינדעלע, אַ קיילעכיקס, צום פענצטערל אָנגעשרויפּט. און אַ רעדל צום שפּולן.

זיצט זעליק ביים פענצטער און זיין יידענע דרייט ביים רעדל.

אַז זעליק איז ביים פענצטער און שפּולן, גרויסע, רויט־באַנוולנע, גרין־באַנוולנע, דרייען זיך איבער זיין קאָפּ און מאַשין־נאָדלען ברעכן זיך, אָדער פאַרציען זיך, אָדער צעשרייען זיך — אַזוי טרעפט פון דרויסן פענצטער אַ טויב קומט צו, אָדער אַ פויגל, און זיי שפּרינגען אויף דער שויב. מיט די פיסעלעך קלאַפּן, גלייך אַ שניי וואָלט אויף זייערע פליגעלעך געלעגן און אַרונטערשיטן ווילן זיי אים. אין מחשבות ווי אין באַנוול האָט זעליק זיך געשפּינען. דורך די געלאַטעטע שייבע־

לעך אַרױס צו די פֿײגל, אָדער צום לײדיקן הימל, האָט ער סמנים געגעבן. דער זעליקעלע האָט דאָס פֿאַרדראָסן זײער.

— היתּכן, — האָט זי געפֿרעגט — אַ װײַב זאָל ברױכן אַזױ שװער צו אַרבעטן?

און צוגײענדיק צום מאַשינדעלע, באַװײַזט זי, באַקלאָגט, די נאָדלען אומשולדיקע.

— גילדענע נעדעלעך, צען גראָשענע נעדעלעך, געװאַלט, איך װעל נישט איבערטראָגן: יעדן טאָג אַ נאָדל צו צעברעכן! — — —

גײט שױן זעליק פֿון פֿענצטער אַװעק און זײַן ײדענע זעצט זיך צו אױף זײַן אָרט. די זעליקעלע אַרבעט. די שפּולן באַנװל איבער איר קאָפּ דרײען זיך אין טאַנצן, נאָר קײן פֿױגל, דרױסן־שױב קומט נישט קלאַפּן מיט די פּיסקעלעך.

בײַם רעדל װײַטער, צעשטאָרגעט דאָס זעליקעלע באַלד דעם ערשטן מאָטעק באַנװל, אַזױ לױפֿט שױן זײַן װײַב צום רעדל באַװײַנען די קאַליע געמאַכטע פֿעדעם. זעט זעליק אײַן, אַז עס העלפֿט נישט: שױן מוז ער לױפֿן װאָרענען און װעקן...

זאָגט ער צו דער ײדענע אַזױ:

— צילע, די צײַט איז שױן געקומען!

הױבט זי קאַפּױער אַ שלאָפּטיכל, אַ פּאָר אױגן, און אַ שטיק נאָז, קוקט אים אָן אין פֿאַרפּעקגט:

— זעליקל, װער געקומען? װען געקומען?

— די צײַט איז געקומען מײַן װײַב! — רעדט ער שױן מיט שװאַרץ־געװאָרענע אױגן.

— װאָס רעדסטו און װאָס מײנסטו?

זעליק האָט אָנגעטאָן זײַן פּאַלטן און געגאַנגען צו דער טיר.

— מאַן, געװאַלט! װוּ גײסטו? דרײַ טױזנט זעקלעך איז נישט פֿאַרטיק צו קריגן מיט טױט... אַ מיטאָג דאַרף מען דאָך מאַכן; אַ —

— מײַן װײַב, — האָט זעליק געענטפֿערט — איך װײס גוט, אַז דו ביסט גערעכט; אָבער איך געהער נישט מער צו מיר! — און האָט זיך געלאָזט די הינטערשטע טרעפּלעך אַרונטער — צו װאָרענען, צו װעקן.

אין פֿאַרטער טרעפֿט ער דעם דין אין טיר.

— ר׳ משולם — ווענדעט ער זיך באַלד צו אים — ר׳ משולם א ברוינער קעמל גייט אַ־הער אין אונזער שטאָט!

— וואָ — ע?

זיין צונג איז לעדער, דאַרער לעדער! וואַסער וועט ליגן אַרום, נאָר קיינער וועט נישט קאָנען דאָס טרינקען! די שטאָט גנוה טוט רוישן — — —

דער דין האָט זיך צוגעהאַלטן דאָס מויל ער זאָל נישט אַ געשריי טאָן: משוגענער! ער האָט געקענט זעליקן, זיין שכן, אַ סך יאָרן שוין. ער האָט נישט געוואָלט מבייש זיין דעם אָרעמען זאָקנמאַכער. האָט ער אים געלאָזט שטיין אויף דער שוועל און אַליין איז ער אַריין אין זיין הדר.

ווידער האָט די דינסט אַרונטערגענומען פון טיש אַ פּאַרפּעצט גלאָז; ווידער האָט ער איר געזאָגט:

פּרומע, וועסט וואַרטן מיטן דריטן גלאָז.

פּרומע איז באַלד אַרויס פון זיין חדר.

און זעליק איז געגאַנגען אויפן מאַרק אַרויס. דאָרטן זענען כסדר צוגעקומען אַלטע און יונגע. ביי דער שטאָטישער פּלומפּ מיט מאָרטשע וואַסערטרעגער צוזאַמען איז געשטאַנען חנניה דער „וויראָבניק". צו זיי האָט זיך צוגעשטעלט זעליק, אַ דריטער.

די ערשטע צוויי האָבן געהאַלטן אין מיטן אַ שמועס.

— וואָס רעכנסטו טאָן? — האָט חנניה געפרעגט.

— וואָס על איך רעכענען? — האָט מאָרטשע געפרעגט — דיין קעלער איז איינגעם מיט מיינעם — אַזוי ווייט. וועסטו אַמאָל אַ בליק געבן, צי ד׳וועסט פרעגן אַמאָל: וואָס טאַכט מען? טאַ, אז מ׳נעמט, וועט מען גיין.

די קיבלעס וואַסער האָט מאָרטשע געהאַט אַרונטערגענומען פון די אייזערנע האַטשיקעס; זיי זענען געשטאַנען דערביי אויף דער קוּפּערנער פּלומפּ. די פּלומפּ האָט געפלאַקערט מיט אַ פייער. אויף דער פּלומפּ האָט זיך אַנידערגעזעצט חנניה, וועמען די פּלייצעס האָבן געשטאָכן אונטער זיין איינגעמעלטער וועסט, געאַרט האָט אים אָבער נאָר דער פוס:

„וואָס ציט ער מיאָ אַפּילוכן?" — האָט ער געטראַכט.

זעליק האָט אים געזאָגט אויפן אויער:

חנניה, דו ועסט אויפן פייער נישט ברענען — — —

שטייט חנניה אויף פון דער ברענענדיקער פלומפ און ציט אראָ־
די שטריק מיט אַ טענה:

— וואָס טוט זיך מיט דיר? זעסט די שטריק — היינט האָבן זיי
נאָך קאַ פּיצעלע מעל נישט צו די בעקערס אריינגעטראָגן, קאַ קרישעלע
זאַלץ נישט. כ׳בעט דיך, אַז ס׳זאָל זיין אמת וואָס מ׳שמועסט אַפילוכן,
וואָס וועל איך אליין טיען?

— חנניה, חנניה, ווער—ווער, נאָר דו ברויכסט אוודאי נישט צו
זינדיקן... — שטראָפט אים מאָרטשע תּיכּף אויס.

— אַזוי זאָגסט דו! און מיין פייגל וואָס ראכט זיך אַ ליאַדע
מינוט אין קימפּעט אַריין? און אַ צענט מויל פּרנסה צו גען? האַ?

זיי שטייען און רעדן, קומט דערוויייל צו אַ פערטער, משהלע דאָס
עסיקמאַכערל, חנניהס אַ גוטער פריינט.

— חנניה, שרייט ער — זעסטו גאָרנישט? קוק נאָר אהין!

## VII

## מאַניפעסטן

עס האָט זיך אַ וויג געטאָן די שטאָט. פון די מאַגיסטראַטנע טירן
האָט זיך בולטער אפּערגעריקט רער רוסישער אָדלער. עס האָט אים
אונטערגעשטופּט אליין דער רעשערן פּאַנקאָווסקי, און שוואַרצן פראַק
אין פּוֹלן פליך, מיטן זילבערנעם שווערטעלע ביי דער זייט. דער סטאַרשע
סטראַזשניק איז האַסטיק געקומען פון ערגעץ, אָנגעלייגט דעם הוט אין
דער קרום, ווי אַ קאָזאַק — ער איז פעלדפעבל אין דינסט.

מלחמה!

פון אַלע געסעלעך האָבן אַ שפּאַר געגעבן קעפּ, ווייסע, געלע,
בלאָע. שטום — נאָר מיט אויפגעריסענע אויגן, געשטויסן זיך, געשטופּט
זיך, ווי אין אַ צייט פון בהלה.

און פון ראָטהויז קומען שוין אַרויס: יאַנעק דער פויקער, סטאַשעק
דער אויסרופער, און מאַטשעק דער קלעפּער. אוועקגעשטעלט זיך אויף

מיטן מאַרק, בײַ דער שטאָטישער לאַמטער, צעפּויקט זי, צעבאַראַבאַ-
נעוועט. דערנאָך האָט גערופן דער אויסרופער

הײַ!

פון פּרײַסן איז אויפגעשטאַנען אַ קעניג צו אַ מלחמה מיט אונזער אַלמעכטיקן קיסר, דעם מאַיעסטאַטישן צאַר פון רוסלאַנד, קעניג פון פּוילן, פירשט פון פינלאַנד, און פּראָטש. דער גערמאַנישער הונט האָט געלאָזט וואַרפן אַ באַליידיקונג איבער רוסלאַנד. דעריבער האָט דער מאַיעסטאַטישער צאַר געלאָזט אונטערשרײַבן אַ באַפעל צו אַלע פעלקער אין זײַן צאַרסטוואָ. אַ גרויסן פירשט האָט ער געמאַכט פאַר אָנפירער איבער זײַנע אַרמייען. אין די געגנטן וווּ עס וועלן געמאַכט ווערן קריגס-הכנות, איז שוין דערקלערט באַלאַגערונגס-צושטאַנד. אַלערלײַ פאַרברעכנס וועלן געמשפּט ווערן פון אַ קריגסגעריכט. די לענסטע עבירה וועט ווערן געשטראָפט מיט טויט.

הײַ!

און דער פּויקער פּויקט; און די יידלעך ציטערן מיט די בערד;
און דער אויסרופער רופט ווײַטער:

הײַ!

אין די לופטן הויך פליט אום דער פויגל און אין די ערד טיף גראָבט זיך אײַן דער וואָרעם: — דאָס זענען די שפּיאָנען וואָס זענען פול אין די טויזנטער און זיי ווילן צופרעסן דאָס לאַנד, און די הייליקע ערד איבערגעבן דעם שונא. — דאָס זענען דעם גערמאַנערס צוהעלפערס, וואָס זענען פול אַרום די טײַכן דניעפּ און ווייסלאַ און זיי גלויבן נישט אין קריסטי. דעריבער האָט געלאָזט אונטערשרײַבן אַ באַפעל אונזער אַלמעכטיקער קיסר, דער מאַיעסטאַטישער צאַר פון רוסלאַנד, קעניג פון פּוילן, פירשט פון פינלאַנד, און פּראָטש. — אַז ביטער וועט זײַן דער משפּט איבער אַ שפּיאָן, אַ מאָשענניק, אַ געהיימען אונטערקויפער, אַ אומגלויביקן. און נישט בלויז אים, נאָר ווער עס וועט צוהעלפן אַזאַ איינעם, אָדער וועט קענען אַזאַ איינעם און נישט איבערענטפערן אויף די האַנט פון זײַנע געטרייע זשאַנדאַרן — וועט אויך ביטער זײַן זײַן סוף.

הײ!

אין דער פּויקער פּויקט; און די ײדלעך ציטערן מיט די בערד;
און דער אויסרופער רופט װײטער:

הײ!

גאָר באַזונדער האָט געלאָזט אונטערשרײבן אַ באַפעל אונ־זער אַלמאַכטיקער קיסר, דער מאַיעסטאַטנער צאַר פון רוסלאַנד, קעניג פון פּױלן, פירשט פון פינלאַנד, און פּראָטש. — װעגן אַ מאָביליזאַציע פון זאַפּאַס. אַלע מאַנסלײט, װאָס האָבן געדינט אין אַרמײ פון זײן מאַיעסטעט און זענען נאָך נישט אַריבער־די פערציק יאָר; און אַלע פערד, װאָס האָבן זאַפּאַסנע סמנים אױף די זאַדעס און זענען נאָך נישט אַריבער די זעקס יאָר. אַלע פעלקער אין דער רוסישער צאַרסטװאָ זאָלן גײן טאָן זײער חוב. װער עס געהערט, לױט עלטער, צום דרײ יאָריקן דינסט. װער עס האָט אַ רױטן בילעט. און װער עס זאָל זיך אײנשרײבן פרײװיליק אין די גרױסע צאַרישע אַרמײען.

הײ!

און דער פּױקער פּױקט; און די ײדלעך ציטערן מיט די בערד;
און דער אױסרופער רופט װײטער:

הײ!

אַ חוץ דעם אַלעם גנאָד און גערעכטיקײט האָט געלאָזט אינטערשרײבן אַ באַפעל אונזער אַלמאַכטיקער קיסר, דער מאַ־יעסטאַטנער צאַר פון רוסלאַנד, קעניג פון פּױלן, פירשט פון פינלאַנד, און פּראָטש. — צו פאַרניכטן אַלע שאַרפע געטראַנקען אין די גרענעצן פון זײן צאַרסטװאָ. װו עס זענען מאָנאָפּאָלן, אין שטאָט, צי אין דאָרף, — זאָל מען תּיכּף גראָבן גריבער און אױסגיסן אַלדן בראָנפן פון די פעסער אַרױס און פון די פלעשער. זעקסנײנציקער, זיבעצנזיבעציקער און זיבעצעפּציקער. נישט באַהאַלטן קײן אײנציקן טראָפּן. און װער ס'װעט װידער־שטײן דעם באַפעל װעט געמשפּט װערן אין קריגס געריכט. דער דערהױבענער צאַר שיקט אַ גרוס צו זײנע אונטערטאַנען.

הײ!

װי דער אױסרופער האָט פאַרענדיקט די בשורה פון אַ אַלמעכ־

טיקן הערשער צו זיין פאָלק, האָט דער קלעפּער מאַטשעק שוין געהאַט אַוועקגענומען זיין פּענזל פון אַלע ווינקלען מאַרק און פון זיי האָבן איצטער פייערדיקע אותיות אַ רעד געגעבן צום שטעטל.

פאַרהושט זענען אַלע קעפּ. פאַרשטומט אַלע פּאָלעס. אָבער גיך רייסט זיך פון דער צווישן אַרויס ווידער פראָצענטניק מיט אַ פּאַק וועקסלען אין האַנט, מיט פלאַמען אין פּנים. ער לויפט אַהין, אַהער, רייכט איינעם דעם קאָלנער, אַ צווייטן — די לאַצן, און טענהט:

— בעריש, גרונם, בונעם — כ'האָב דאָך ענקערע אונטערשריפטן! ענטפערט אים בונעם אַ שטילן תירוץ:

— ווידער, ווער חיים וואָס עס וועט נאָך ווערן — —

און ער האָט געטייטלט מיטן פינגער קיין מזרח און מערב.

---

באַלד האָבן זיך אַוועקגעשטעלט גויים פאַרן מאַנאָפּאָלנעם הויז — צו גראָבן גריבער. נאָך די אויסטערלישע פּאַפּירן, בשעת מען האָט געמיינט: שוין, עס עקט זיך אַ וועלט! — דערזען מיט אַמאָל ווי מענטשן שטעלן זיך אַנידער מיט שטיוול, מיט רידעל, און גייען טאָן אַזאַ פּשוטע מלאכה, ווי גראָבן ערד, — האָט מען אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. ס'איז געוואָרן לייכטער אַביסל. איז דאָך נישט קיין פעלד מיט האַרמאַטן אַנגע־שטעלט אויפן באַרג! און קינד און קייט האָט זיך צוגערוקט צו די גויים נענטער, אויסגעשטעלט זיך אין אַ ראַד מיט צוגלאָצטע נעזלעך, נשתומם נאָר מיט גלייכווערטלעך אַפילו... משה־מיכאלס שותף, אַזוי ווי אַן אויער, וואָס גאַרט צו האָבן גאָלע נייעס, האָט געפרעגט:

— ווי מיינט מען, וועלן זיי טאַקיש אויסגיסן אַ לעך?

פון דער שאלה ווערט צומיינסטן אָנגעצונדן וועלוול, דער היימי־שער ברענער. ער שרייט אים אָן:

— זיינוול פּחדן! און וועלכער לעבעדיקער מענטש וועט עס האָבן האַרץ קאַליע צו מאַכן איין איינציקע פּלאַש „יאַש", און מכּל שכּן אַ גאַנצע טון.

— איין טון? טינען! צען, פופציק, הונדערט... איך האָב אַליין געזען! — אַזוי שרייט אויף אַ צעטראָגענעם קול חיים דער קלעזמער.

איינס צוויי קומט דערווייל די גאַנצע פּאָליציע צוגיין מיט די

נאַטשאַלניקעס בראש. די אַרבעטאָרערס קויקלען פון מאָנאָפּאָל אַ סך פּעסער אַרויס. אויפגערודערטע ערד, אַרום גריבער געגראָבענע, ווי ביי אַ פרישן קבר ליגט שוואַרצערהייט. די נאַטשאַלניקעס, די סטראַזשניקעס די אַרבעטאַרערס, די יידן — אַלע זענען גלייך צערודערט. פּנימער גייען רויט, עפּעס אַ חרפה. איטלעכער פּאַס, וואָס איז בכוח דאָס טויטסטע פאָלק זעלנער מהיה מת'ם צו זיין, ווערט באַגלייט פון פאַרשידענע פּנימער; ווי אַ מת, ווען מען גייט אָט אָ אַרונטערלאָזן אין קבר אַריין. אָבער אַלע זענען זיי גלייך אין גאַרישקייט. פּאָוויאַטנער נאַטשאַלניק דער גרעסטער קאָפּ, טוט אַ קאָמאַנדע. זעמסקער נאַשאַלניק, אַ קלענערער קאָפּ, חזרט איבער. דערנאָך שוין שאַבלוכין, דערנאָך שוין די פּשוטע סטראַזשניקעס. וועלוול גיט אַ לעצט געשריי:

— היתכן ? — — — —

נאָר עס שפּרינגען שוין סקיוועס און שאַרפע משקה ברענט אין די לופט. עס רינט. די ערד זאַפּט איין גיך און מיט אַ סוויסטש, גלייך זי וואָלט געזויגן אַ פּלאַס. זי זופּט. עס צעמורמערט זיך איר מאָגן.

די פּעסער זענען אָן צאָל. דער גרוב איז שוין אַ סטאַוול. עס גייט שוין איבער. עס צערינט אויף די שטיינער. עס לויפן אָן די רינ-שטאָקן. מענטשן וואַרפן זיך אַנידער. צונגען קריכן קאַפּויער. עס לויפן יידן, עס לויפן קריסטן אָן, מיט שעפּערס. קינדער פּאַטשן מיט אָנגע-נעצטע הענטלעך, גיבן אַ לעק, פאַרדרייען די נעזלעך צוליב שטאַרקייט. די גאַסן רופן:

— בראָנפן !

— שפּערטעס !

— שעפּט אויף !

— קלויבט !

ביז אַ טשעקאַווע יידל, רחמיאל דער לאַנגער, האָט צעקייט איט-לעכס וואָרט ביי אַ פּאַפּיר, וואָס מאַטשיק דער קלעפּער האָט אויפגע-קלעפּט. זיינע אויערן זענען אים געוואָרן ווייס.

— יידן ! האָט ער גענומען שרייען — וואָס טוט עך ? מאָרגן — מאָרגן, דאַרף זיך שטעלן דער זאַפּאַס.

איז פאַרגאַנגען דער בראָנפן. אַזוי ווי באַפאַלענע מוראַשקעס זענען

ידן געלאָזן איבער די װינקלען מאַרק מיט משה־מיכאלן דעם רירעװ־
ריקן יונגנמאַנטשיק פון פאָרנט. װײַבער האָבן זיך די באַקן געקניפּט.
עס איז אויפגעגאַנגען אַ קלאָג.

קאַפּיטל 5.

## דאָס מלחמה־קינד

צומאָרגנס אין דער נאַכט. עס ראָיען באַנדעס אום צװישן דומפּן
פון פאַרשטויבטע לאַמטערנס און שטורקאַצן־רויך. עס קלינגט און
פּרומט. גלײַך בײַ אַן אומגעחײַנלעכער שרפה איז אַלט און יונג אוי די
פּלעצער. פון דער סביבה ברענגען אַלע װעגן פויערישע געשפּאַנען. יונ־
גע שגצים גײען מיט באַגלײטן זײערע פּאָטערס; און דזשאַדעס קומען
מיט, באַגלײטערס פון זין און אייניקלעך. פויערטעס אין מענערשע שטיװל.
גראָב לשון, קולות געזעגענישן, — טרעפן זיך אָן מיטן געװײן פון ײדן,
װי צװײ פרעמדע שטראָמען, אָבער זײ פליסן צוזאַמען אין איין ים אַרײן.
איטלעכער אויף זײַן אײגענעם נוסח, האָבן זײ זיך צונאַנדערגעמישט לעם
די שטרוי געבעטע „פּאָדװאָדעס״ װאָס װאַרטן אויף זײ, װי אויף פּאַרט־
יעס געבונדענע קעלבער, פאַרן שעכט־הויז... דאָרטן האָבן זיך די צװײ
לשונות שוין פאַרײניקט, און אַרומגענומען זיך, און געקלאַפּט זיך אין
די פּלײצעס, און גערופן זיך: „ברודער... בראַטשע...״ דערנאָך האָבן זײ
זיך אויפגעהויבן איבערן שטעטל, העכער די פינצטערע האָריזאָנטן —
אַזוי װי שאַריעס בלאָע פײגל, רויטע, גרינע, װײסע...

אויפגעזאָטן האָט דער מאַרק. װאָיטעס פון אַלע גמינעס. נאַטשאַל־
סטװאָ. פּאַפּירן־רשימות. מען רופט אַ נאָמען אין מיטן דער רויכיקער
האַלב־נאַכט — אַזוי רוקט זיך אַ פויער אין „פּאָדװאָדע״ אַרײן, אין אַ
קאָזשוך, מיטן הילצערנעם קעסטל. — אַזוי רוקט זיך אַ ײד אַרײן, פאַר־
װיקלט אין אַ בגד, אויך מיטן קעסטל. אָפּגעקומען אײנער פון אַ רשימה,
לײגט דער װאָיט אַװעק אַ שטרײך איבער זײַן נאָמען — מיט אַ סטאָ־
לאַרסקער בלײפעדער...

עס געזעגענען זיך אַלטע ײדן מיט דערװאַקסענע קינדער. די

קרובים האלזן דעם וואָגן. צו די ברעטער טשעפּו זיי זיך. וווּנטשן און וויינען. שטרויען פאַלן פון וואָגן אַרויס. אַ ייד פון די יידן בעט זיך:

— און גיי שוין אַהיים; לייג מיר די קינדער שלאָפן; ס׳לעצטע שטיקל נשמה ווילסטו ביי מיר נעמען?

אַ פויער פון די פויערן זוכט אַ שטערן:

— זעסטו נישט אַ שטערן, זאָכנאַ?

— נישטאָ פּאָטערל, נישטאָ...

— אַ שלעכטער סמן, זאָכנאַ...

און אַ וואַיס פון די וואָיטעס, אַרייִנגעזעצט אין וואָגן די גאַנצע רשימה פון זיין דאָרף — רופט צו אַ שכן אַריבער:

— פּאַווליצאָק, איך בין פּאַרטיק!

און אַ דזשאַד פון די דזשאַדעס צלמט זיך און קראַצט דעם פּאַטילאָק. מיט אַ ליידיק מויל דזשעמושעט ער

— גלייך... אַלע גלייך... מיר... זיי...

* * *

מיט אַ ביטערן כעס קריכט ווישניעצקי אין שטרוי אַריין. זיין זון, דער בן־יחיד איז נישט געקומען געזעגענען זיך, כאָטש ער האָט אים דעפּעשירט, ער זאָל אומבאַדינגט אַהיימפאָרן. איצט גייט ער אַליין אָן גרוסן, אָן ווונטשן, ווי אַ לעבעדיקער שטיין. ווישניעצקין דריקט דער קאָפּ אַרונטער, נישט אָנצוקוקן די אַרומקריכנדיקע געשטאַלטן, וועלכע וויינען, נעמען זיך אַרום, רופן: טאַטע! ברודער! און ס׳צוהיסט זיך אַזש דער פּאַן, וועג אין דעם אייגענעם וואָגן ברויך אויפצושטייגן אויף שפּיה, זיין פּיינטלעכער שכן פון אייביק. ער פּרווט דענסמאָל אונטערהאַנדלען מיטן רעשערן וועגן אַן אַנדערן פּלאַץ, אָבער פּאַן פּאַנקאָסקי, דער באַלעבאָס איבער די זעלנער פון גוראַנע זאָגט אים ברוגזדיק אָפּ:

— דאָ גייט עס נאָך די ליטערע, פּאַניע. דיין נאָמען הייבט זיך אָן מיט אַ ווע? — זיץ!..

ווערט ווישניעצקין קאַלעמוטנע. זיינע העלדישע דערוואַרטונגען קריגן אַ נעבעכדיקן אויסזען אין זיינע אייגענע אויגן. און ער דרייט זיך אַוועק פון שעיהן מיט אַ פוקסיש־פעלצענער פלייצע...

אויף דער אַנדערער זייט פון וואָגן שטייען שעיהס באַגלייטערס.

שעיה חיינטרויב וואָלט גערן געוויינט אויפן האַלז פון זיין טאָכטער; נאָר זיין עקשנות איז אים גובר. זיצט ער איין אַ געשטייפטער און רעדט גאָר צו דער פוקסענער פלייצע:

— יאָ, פאַניע, ביסט גערעכט; העלדן ברויך מען זיין...

שלום דין, דער אפּוטרופּס, שטעקט אין דער פינצטער אַ האָריקע ליפּ אויס און טרעפט אָן אויף האַרטע ברעטער... שטרוי...

פּערעלע שרייט אין וואָגן אַריין. איר קולעכל ווערט דערטרונקען אין ים טענער אויפן מאַרק.

עס רעשט דער מאַרק, ער דעמפט, ווי בשעת אַ מוראדיקן חלום.

חייטער אַוועק, צווישן נאַטשאַלסטוואָ, איז אַ ליכטיקערער קרייז דאָרטן צינדן זיך פּאַפּיראָסעלעך ביידע נאַטשאַלניקעס; דער פּאָוויאַטנער און דער סטראַזשנער. דאָרטן שפּרינגט ווי אַ הייזעריק שאַבלוכין מיט אַ שטורקאַץ. דער פּאָוויאַטנער גענעצט און טוט חיסן זיין חבר:

— היינט, די מענטשן; און איבערמאָרגן פּאַוועל אַנדרייאיטש — די פערד...

עס ברומען אַוועק שעהן. די רשימות זענען אויסגעשטרייכט פול פון די סטאָלאַרסקע בלייפעדערס. רופן גייען איין. אויפן מאַרק ווערט שטילער. הערט זיך אַ קול פון בית־מדרש אַרויס: אַ מנין יידן זינגט קאַפּיטלעך תהלים. ששכר שמש שאַרט אין קאַסטן שמות אַרום, פונקט ווי זיין עלטער־זיידע האָט זיך נוהג געווען בשעת אַן אַינטערגאַנג. דאָס ארון קודש איז געעפנט. אין עין־יעקב זוכט אַ בלינדער ייד עפּעס אַ פאַרהוילענעם מאמר מיט די שטומע פינגער. פערד און קי שטייען צו־פלאָשעט אין די שטאַלן. אויף געסלעך האַלטן זיך שוין אַרומגענומען הייסע, צעוויינטע ווייבער, ווי צו אַ טרויריקן מצוה-טאַנץ. די מאָרטשעכע גלעט אָן אויפהער איינעם פון איר מאָרטשעס עמער און וואָרנט אים,

— ער זאָל אים היטן אין וועג... גוט זאָל ער היטן... דערינען ליגט אַ ברויט פון פיר פונט... דערינען האָט זי פאַרפּאַקט אַלע זיינע העמדער — נעוואַשענע... די ווינטער־לייבלעך... טלית און תפלין...

און מאָרטשעס וואַסערטרעגער ענטפערט פון צווישן די מס׳ען אַרויס אַן איינציק וואָרט:

— שוין...

און קושט זיך מיטן חייב; און מיטן קליינוואַרג, וואָס שטייען

חי די קעץ, אויף די רעדער און ברעטלעך; און מיט חנניה דעם טרעגער.

— חנניה, — זאָגט ער צו אים — ווער נאָך זאָל אַכטונג געבן אויף מיין הויז, אַז נישט דו?

פלוצלינג איז געוואָרן אַ בילעריי פון צעוואָיעסטע הינט. שטורקאַצן ברענען.

— וויאָ!

ס'הויבט אָן גיין דער מאַרק.

---

ביים צווייטן הויז אין קאָליע־געסל אַריין האָבן געלויכטן אַ פּאָר שטיינער: די שייבלעך פון דבֿ־יהס קעלער־פענצטערל זענען אָנגעצונדן מיט אַ בלאָלעכן פעכער. אַדורכגייענדיק, בשעתן באַגלייטן דעם „זאַפּאַס", האָט זיך חנניה פאַרחוונדערט דורך דעם מאָדנעם פעכער אין זיין פענצטערל — ער האָט דאָס נישט פאַרשטאַנען... תיכף האָט ער אָפּגעזעגנט דעם גאַנצן „זאַפּאַס" אין מאָרטשען איינעם, געזאָגט אים: „פאָר געזונט און זאָלסט קומען!" — און אַראָפּגעלאָפן אין זיין שטוב.

ניין קינדער, פון זיבן יאָר ביז אַנדערהאַלבן, זענען געזעסן מיט שוואַרצע אויגלעך, ווי סאָווועלעך געפּאַנגענע, דערשראָקענע. אין בעט האָט זיך געדרייט אַ יידענע, מיט אויפגעלאָזטע קליידער, אין די זאָקן; דאָס ערד־פאַרביקע דעקל האָט זיך מיטגעדרייט אונטער איר. שטיל איז געווען. חנניה האָט באַלד דערהערט אַ וועבעריי. ער האָט אויפגעהויבן זיין קורץ בערדעלע צו דער סטעליע צו און געזען אַ שפּין. זיין כעס האָט זיך אָנגעפלאַקערט אין אים צו דער מיאוסער שפּין. ער האָט איר נישט פאַרגעסן דאָס פאַרברעך פון איר יוגנט: ווען זי האָט פייער געשלעפּט דאָס בית־המקדש צו פאַרברענען... ער האָט געקוקט שאַרף, מיטן בליק פון אַ נוקם. און צווישן די שפּינישע פעדעם האָט ער דערבליקט אייעלעך. ער האָט גלייך פאַרשטאַנען ווער די אייערלעך זענען. ער האָט גלייך תופס געווען דעם סדר פון שפּינישן ווערן. אַ כעס איז אָנגעקומען צו חנניהן. ער האָט זיך גענומען דרייען, עווער דרייען, חי זיין ווייב אפשר, צוליב דעם כעס. קיינמאָל האָט חנניה נישט געוווּסט פון אַזאַ געפיל. קיינמאָל נאָך האָט חנניה נישט געשפּירט עפּעס וואָס איז גלייך צו דעם געפיל. אָנגעצויגן איז געוואָרן

ווין פלייצעלע, דאָס טרעגערישע. זיין מויל האָט זיך געעפנט. זיינע ציי־נער האָבן געבליצט. אָס אָ, אָס אָ, רייסט ער זיך פונאַנדער. אָסאָ, אָסאָ, שפּרינגט אין אים אַריין אַ טיגער. היי, טרעגערניק, זאַק־מאַן, זעקסער־ניק און צען־גראָשעניק — ווערסטו צולאָזן די אייעלעך צו ווערן? — —

פאַרקראָכן איז, פון ערגעץ, פון וואַנעט איז, נאָך וואָס, און אין מיטן שוואַרצער נאַכט. קיין הינדן באַדאַרף נישט ערשט פייגל און קיין קרעכצן נישט: ס'איז נישט צום ערשטן מאָל — — —

דער מאַן איז געשטאַנען פון ווייטנס. ער האָט מלחמה געהאַלטן מיטן כעס. די שטריק האָט ער איינגעצויגן ארום אים, ביז פון זיין איי־נגענעם ברוסטקאַסטן האָט זיך גאָר אַרויס־געריסן אַ קרעכצערישער ווײַ! געשעאַנען און אַזאַ זינדיקן געדאַנק געטראַכט:

„עי, חנניה, חנניה; ווי דען זאָלסט נישט זיין אַ פּחדניק — לויף צו און גיב אַ קוועטש...“

ניין קינדער זענען געזעסן איבערן פייכטן קעלערל מים שוואַרצע אויגלעך, ווי סאָוועלעך, געפּאַנגענע, דערשראָקענע. און קוקנדיק איבער זיי האָט זיך דער טרעגער אָפּגעדאַכטן, אַז פון פייגלס בויך גנבעט מען זיך כסדר... ניין זיך אַרויסגעקריגן שוין... איצט גייט דאָס צענטע... שפּעטער קומט דאָס עלעפטע...

די שטריק האָבן געפּלאַצט אַרום זיין בויך. אויף איינעם פון די פיס איז אַן אָדער אָנגעלאָפן. חנניה האָט צום צווייטן מאָל אַ קרעכץ געטאָן.

דעמאָלט האָט אַ קול זיך פאַרטראָגן אין די שאָטנס פון קעלער. פעדעמער שפּינוועבס זענען געבליבן אַראָפּהענגען פון סטעליע, ווי די סמיטשקעס ביי שטאָטישע כלי־זמר. די ווענט האָבן אַ טרער אַרויסגע־געבן און חנניה האָט זי געזען אויפגלאַנצן צו זיך, ווי אין אַ בעקן, ווי דער פרומער בעקן אין בית־מדרש. זיין ווייבס בעט האָט זיך אַליין אַרום־געצויגן מיט אַ פאָרהאַנג. און שיר־המעלותן האָבן זיך אָנגעהאָנגען אי־בערן פאָרהאַנג. אשרי יושבי ביתך עוד יהללוך סלה. אַרום די פסוקים זענען פייגעלעך געפלויגן און זיי האָבן געפּישטשעט. האָט זיך חנניהן אָפּגעדאַכט ווי זיי רופן אים

— חנניה! חנניה!

האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון ביים בערדל און צעחידושט: עפּעס

אויסגעוואַקסן ברייטער אַ סך, איז עס, און לענגער... האָט ער גענומען ענטפערן צו די פייגל:

— שלום עליכם...

דערויף האָבן שוין אַכט רעדנדיקע קינדער אַ זינג געגעבן

- מזל טוב, טאַטע!

האָט ער צו יך, ווי געהעריק, אַרומגעבונדן זיך די שטריק און גענומען צוויי בלאַכענע קיבלעס צו גיין נאָך פרישן וואַסער.

* *
*

אין אַ הינטערשטאָטיש הייזעלע, אין אַ ניטאָריש שטיבעלע פון חאַנען דער בעל־בית איז אַנטלאָפן אַ פּאָר חדשים צוריק און איבער־געלאָזט אַ טראָגעדיק ווייב, אַן עגונה — האָט אין גלייכער צייט מרים געווינען אַ קינד. דער כאור פון עלעפטן טאָג אין אב האָט געוואַרט פאַרן פענצטער. לעבן בעט פון וויטאָג האָט זיך געפּאָרעט די הייבן, רחלע, די אַלטיטשקע אָפּנעמערין אין גוראַנע. זי האָט געטאָן אַלץ כדי פאַרלייכטערן דער געווינערין. נאָר ווען דאָס קינד איז געקומען אויף דער ליכטיקער שיין, איז די אָפּנעמערין געפאַלן אין חלשות. ביי מרימען אַליין האָבן זיך די אויגן אַרויסגעהויבן און מיט קאַלטן בליק האָבן זיי אונטער איר שויס אַריינטערגעקוקט. דאָרטן איז געלעגן אַ קאָפּ אָן אומגעװיינלעכער. ער האָט זיך געוויגן, גלייך אין אַ וואָגשאָל געשטעגען. אַ גאָמבע איז לאַנג און שפּיציק, ערגעץ אין קינדישן בייכל פאַראַנקערט געוועזן. אויף דער דאָזיקער גאָמבע איז שוין אויפגעגאַנגען דער סמן פון אַ באָרד. און איבערן שטערן, ווייט פון זיך, האָבן גע־שטעקט צוויי אומבאַוועגלעכע אויגן, קיילעכיקע, בולטע, ווי צוויי האַלבע לבנות. צווישן זיי האָט, ווי אַ קרוין, אַ ריזיקער קופּ געגליט זיך — ווי אַ של ראש פון פלייש, אַן איבערגעקאָכטער, איבערגעבוירענער.

דאָס געווין האָט נישט געפּישטשעט. נאָר אַ ברומעריי איז געגאַנגען דערפון, ווי פון אַ דערוואַקסענעם מענטש בשעת ער ברומט שטילער־הייט, פאַר זיך.

און בלויז דאָס בייכל און די העכטלעך פיסלעך זענען געווען פליין און רויט, גלייך צו אַלע קינדער ערשטגעבוירענע.

דער באור איז אנטלאָפן, מאָרגן איז שוין לאַנג אין צימער געפּסן, ווען רחלע איז אויפגעקומען פון חלשות. זי האָט זיך גיך דערהענט געוואַשן, און גלייך אַ קטיעשן פסוק — האָט זי געזאָגט דער מוטער:

— מירעס, האָסט געהאַט אַ פאַרזעניש — — —

און מרים האָט נישט פאַרבראָכן די שלאָפע הענט. מיט טרוקענע פלאַמען פון אַ באַליידיקטער פרוי און פון אַ געקרענקטער מאַמע, האָט זי געענטפערט.

— ניין, טייערע דבשה: דאָס מלחמה־קינד האָב איך געהאַט — —

אין פרימאָרגן באַלד איז גאַנץ שטעטל באַחוסט געוועזן וואָס עס האָט געטראָפן אין דער נאַכט. אַ האַלב שטעטל איז געלאָפן צום פאַרחאַרפענעם הייזל — דאָס מלחמה־קינד זען...

## קאַפּיטל 4

## „אויפן באַרג"

צומאָרגנס איז אין שטעטל אָנגעקומען אַ פּולק אוקראַינער שיסער די ביקסן און פערד אויסגעשטעלט פאַרן טייך. אַ רייע פּאַלאַטקעס אָנגעזעצט פון ברעג־אָן ביז צום משופּהדיקן בוימערייקן באַרג פון שפּאַצירגאָרטן אויף רעכטס, ביז די באָרוועסע ווענט פון שלאָס־באַרג — לינקס, ויבן, אויפן הויכן באַרג פון שלאָסבאַרג שטייען, ווי ריזיקע האָרבן, די, חורבות נאָך אַן אַלטן קעניגלעכן שלאָס. דערצווישן שטעקט נאָך ערגעץ אַ שטיק קופּערנע רער. דערצווישן נעסטן די נאַכט־פייגל. ימים טובים. בשעת ספר לייענען, פלעגן קלעטערן אַרויפצו יונגע בחורעמלעך מיט די מחזורים אונטערן אָרעם, עס איז דער ליבעס באַרג אין שטעטל. איבער זיינע אומצאָליקע טאָלן גייען די יונגען שפּאַצירן מיט די מיידן... אַ שושקעריי איז אין גראָז. . אָדער זיי וויזן בריהשאַפט און לויפן אַרויף, אָדער — קייקלען זיך אַראָפּ... עס איז אויך דער באַרג פון בענקען און איידעלען טראַכטן פאַר די מיוחסדיקע פּאַנעס פון שטעטל. ווי זיי לייענען אויס אַ נייעם בוך, אַזוי גייען זיי „צעגלידערן" דעם „העלד"

אינטער די ריינע הימלישע ספערן, איבער דעם וואַלדיקן טייך, אויף די חורבות פון שלאָסבאַרג!

„אין אים ליגן אַודאי הונדערטער אוצרות באַהאַלטן...״ — דערציילן זיך די אַלטע לייט.

זיצן אין יענעם פאַרמיטאָגס ביי דער חורבה מיידלעך אין ברוינעם ברוינע קליידלעך, פונקט ווי גרויסשטאָטישע קורסיסטקעס טראָגן, נאָר בלוזקעלעך — ווייסע. ווייך ווייסע. פרייטאָגצונאַכטישע. צעפלעך אַרומגענומען איבער די אויערן ווי קראַנצן. זיצן מאַלעריש. נידעריקער — העכער. פאַרבענקטע און אומעטיקע. העגט אויסגעלייגט איבער פאַרשטייגערטע ציגל, דיקע, אַלטמאָדישע. ביי שעיהס טעכטערל צוטערט נערוועז דאָס מיילעכל, אומרויק, ווי אַ קינד קורץ נאָך געוויין. אירע אויגן זענען ראָזעווע. איר חברטע איז אָבער אַ מעכטיק צעשטראַלטע. זי האַלט פאַרוואָרפן אירע לאַנגע פיס אַ קני איבער אַ קני. זי קוקט אַרונטער צום וואַסער, ווו זעלנערישע מונדירעלעך האָבן פריש דעם ברעג אויסגעפאַרבט. דאָס רייצט זי און וועקט אין איר שטאַרקע געפילן אויף. אירע דאַרע פיס הויבן אָן הוידען זיך בלחש, וואַרטנדיק — גלייך אַ קעמל פאַרן אויפזיצן. זי איז פאַרטראָגן אין לענדער. פרעמדע, אָבער אינטערעסאַנטע: די לענדער פון וואַנען די מונדירעלעך שטאַמען. און די געצעלטן וואָס זיי שטעלן אויף, און דער גלאַנץ פון זייערע ביקסןשפיזן אין קאַר זעלעלעך צעשטעלטע. איר נעזל בלאָזט זיך. זי רופט ראָש צו אַ פאַרקוקטן בחור אין די הימלען:

— מאָווסעי!

דער בחור, גלייך אַרויסגעוואָרפן פון גן-עדן, כאַפט זיך אויף פון דער פּאָזע און רופט צוריק מיט אַ מייסטערישער איבערראַשונג:

— אַ!

— זינגט „טשאַיקאַ״, זינגט...

עפנט מאָווסעי זיין מויל און דאָס סאַמעטן רעקעלע, און ער לאָזט אַדורכשווימען דורך זיי אַ „טשייקאַ״, וואָס גליטשט זיך צו ביי די אַלטמאָדישע ציגל, גאָרנישט — אַ סאַמעטענע קראָ, אַ פאַרכשופטע דורך דער נאַטורס שיינקייט... די מיידלעך זעען זי טאַקע גאַנץ קלאָר, ווי זי שטייגט אויף, די חלומענדיקע טשייקאָ, די ווונדערלעכע... מאָווסעי זינגט איין שטראָף, אַ צווייטע, און אַז ער צעזינגט זיך שטאַרק, ענדיקט ער

און הויבט תיכּף אָן פון ס'נײַ. אַזוי איינמאָל, צווייטמאָל, דרייטמאָל, דער קאָפּ קיין אויבן, די הענט אונטער זיך, איבערן פייכטלעכן גראָז געשפרייט, ווי אַ שטיקל געפּייניקטער. זיצט אַ שוואַרץ מיידל, אַ פלינקס, שמאָלע אויגעלעך, אַ נעזל, און גלעט אים. אירע פינגער קוויקן זיינע לאַנגע האָר. מאָווסעי ווערט דאַנקבאַר. ער כאַפּט אָפּער איין האַנט פון הינטן, און גלעט, גלעט: זיין ווייסן קאַפּעלוש, דעם בכבודן הוט פון אַ זומערדיקן פּאָעט אין אַ שטעטל צו גאַסט — און ער זינגט אַ פערט מאָל געטרייער און זיסער...

זעקס העכעלעך אַפּלאָדירן. פערעלע אַ פאַרטראַכטע, די שוואַרצע העלע — אַ פאַרליבטע, און דאָס מיידל מיט די איבערגעלייגטע קניען — אַ שטאָלצע. די לעצטע, פערעלעס נאָענטסטע חברטאָרן, איז די טאָנעבעריין אין דער גרופּע. ביים „צעגלידערן" די ביכער-העלדן, איז זי די שאַרפסטע. זי האָט די פרייסטע באַנעמונג צו חברים, וואָס קומען טיילמאָל פון דער פרעמד. זי איז פאַרטרויונגס-מאַן ביי אַלע חברטעס און רופן רופט מען זי: סאָניע.

סאָניע! — דער מעכטיקסטער אָפּעקט ביי דער שטעטלשער אינטעליגענץ. הייסן סאָניע איז שוין האַלב אַזוי גוט, ווי לעבן אין אַ גרויסער שטאָט, ווי טראָגן קורץ געשוירן די האָר, ווי זיין אַ חברטע פון אַ רעדנער — למשל, ווי זיין אַ קורסיסטקע... און בשעת די שוואַרצע לאָזט זיך רופן האַלב אויף בויליש און האַלב אויף יידיש: הענלע; פערעלע — פשוט יידיש; איז סאָניע זייער שטאָלץ, וואָס פאַר איר האָט דער גורל אויסגעזוכט אַזאַ עכטן אינטעליגענט-רוסיש נאָמען...

זיצן די מיידלעך. גערעדט אַביסלעע וועגן די פּאַסירונגען פון נעכטיקן טאָג און אויסגעהערט מאָווסעיס געזאַנג, ווערן זיי פאַרט דערציטערט. מחמת איבער אַלע זייטן נעמען פון די חורבות קאַפּויערקומען וועלנערישע הוטן און בנימינר לאַכעדיקע. די אוקראַינער וועלנער זענען אַליין אויך איבערראַשט אויף אַ פרעמדן באַרג, צווישן פּאָסטע ציגל, אַזעלכע שיינע מאַמזעלן, תּיכּף אָנגעליבטע — צו טרעפן. איינער גיט אַ געשריי:

— צדלערלעך!...

און וואָנצעס דרייען זיך שוין אַליינע.

די מיידלעך שפּרינגען אויף. פון פאַרנט — סאָניע, פון הינטן —

מאָרוסעי מיט אַ ווייסן קאַפּעלוש אין האַנט... האָט גאָר דערקענט דער מאָרוסעי, אַז אַ מלחמה איז געוואָרן אָנגעזאָגט צו אַ האַלבער וועלט...
ער האָט אַזש געציטערט איבער העלעס אַקסעלע:

— אוי, מיר זענען אַריינגעפאַלן — — —

און פאַ־נט פאַר סאָניען שטייט שוין אַ סאָלדאַט. בלאָע אויגן, בלאָנדע האָר. און בחורט זיך:

— באַרישניאַ... קראַסאַוויצאַ...

אָבער אַז ער האָט נאָר באַמערקט די ביכלעך, וועלכע זי האָט פעסט הינטערן אָרעם געהאַלטן, אַזוי איז פון אים באַלד דער שינעל אָפּגעלאָפן צען מייל... און אַרום זיין האַלז איז נאָך גאַנץ פריש צוגע־העקלט געשטאַנען דאָס שוואַרצע קראַגנדל פון אַ גימנאַזישער בלוזע...

— אַנטשולדיקט, וואָס לייענט איר? — האָט ער געפרעגט.

אַ פּאָר מינוטן שפּעטער האָבן זיי שוין גערעדט מיט שטאַרקע ווערטער וועגן ראַסקאָלניקאָוו, דעם „גייסטיקן מאַרטירער פון אַן עפּאָכע"...

נעבנטער האָבן אַנדערע זעלנער זיך געדראַפּעט. קעפּ — האַלב אָפּגעוווּנדערטע, שעמעדיקע. געדריידלט האָבן זיי אַ שטיק הונדערט וואָנ־צעלעך. און געפרעסן האָבן זיי די מיידלשע לופט...

צווישן זיי, איינער אַ בלאָנדער, אומעטיקער, אַ געדאַנק אַזאַ האָט געטראַכט:

„און וואָס איז?
קאָן זיין מאָרגן, איבערמאָרגן, שיסן, ווערן געשאָסן, אַ באַרגל זיין,— פאַר וואָס נישט? — — —"

דער ערשטער סאָלדאַט האָט זיך פאַרגעשטעלט און די פאַננעס האָבן זיך אַלע צוריקגעשטעלט מיט די נעמען. דערנאָך האָט ער זיי גע־געבן באַגלייט ביז דעם נידריקסטן ווינטל פון שלאָסבאַרג, די קו־וואַנט, וואָס איז אָנגערופן אַזוי צייט פּעטלאַקס אַ קו האָט זיך אויבן אויסגע־גליטשט און איז אונטן געבליבן ליגן אויף טריפה פלייש. געזעגנט זיך דאָרטן, איז דער סאָלדאַט צוריקגעגאַנגען זיין וועג.

אויפן צעגענטאַרנעם וועג, שמעסנדיק הייס — אין שטאָט באַלד צו הערן, שטעלט זיך סאָניע אָפּ און געמט ערשט אויף רעכט קוקן צו די באַזעלנערטע חורבות אַרויף. זי איז פול מיט התלהבות.

-- אָט זענען אינטערעסאַנטע מענטשן, נשמות, העלדן אויף מלחמה! — האָט זי געזאָגט מיט אַ שפּעטישן עלנבויגן צוטייטנדיק אויף מאָטסעיס חשבון...

אַזוי האָט שוין מאָטסעי אויך אָפּגעזעגנט אַלע מיידלעך און ער איז איבער דעם שול-הויף צו זיין בחורשער היים געגאַנגען — און די מ־ידלעך זענען אויך אַוועק, איטלעכע צו זיך.

אברהם זאַק

# אין מלכות פון פיבער

/נאָטיצן פון אַ טיפוס-קראַנקן/

געווען איז עס דאַן, ווען דער הונגער צוזאַמען מיט די מיאוסען פון מענטשן־ און פערד־נבלות אויף די שלאַכט־פעלדער האָבן געטראָגן פון שטאָט צו שטאָט פון דאָרף צו דאָרף די באַצילן פון עפּידעמיע און אויסטערגאַנג.

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט קאָפּ־ווייטאָג — אַ שאַרפער שניידיקער קאָפּ־ווייטאָג — גלייך ווי טויזנט טויט־פליגן וואָלטן באַפאַלן דעם מח און געלעכערט...

איך פאַל צו בעט.

איין טאָג, אַ צווייטער טאָג. מיט יעדער שעה ווערט עס שאַרפער, שניידיקער. דער ווייטאָג באַהערשט אויך אַנדערע טיילן פון קערפּער. ס'איז נישט סתם אַזוי עפּעס.

אויפן דריטן טאָג קאָנסטאַטירט אַ דאָקטאָר מיט דער געוויינלעכער געוואויגענער רויקייט:

— פלעק־פיבער!...

---

שפּיטאָל.

אַ פרעמדע אָפּגעשלאָסענע וועלט. אַרום די עטלעכע ווייסע שפּיטאָל־געביידעס אין עק שטאָט — אַ הויכער צוים פון שטעכיקן דראָט. און נישט נור דער צוים — עפּעס אַנדערש טיילט אָפּ פון דער אויסערלעכער וועלט — ווי אַ מחיצה פון טויט...

איך ליג אין אַ באַזונדער קאַמער. ווייס, זויבער. ווייסע ווענט. אַ ווייס געלעגער. אַ ווייסע באַרמהערציקע שוועסטער בלאָנדזשעט אַ מאָל אַריין. דורכן איינציקן פענצטער, ביים זייט פון מיין צוקאָפּנס, זעען זיך ביימער פון שפּיטאָל־גאָרטן.

ס'איז געווען פונקט חודש מאַי. די ביימער אַנטקעגן אָפענעם פענצטער האָבן צו־להכעיסדיק געגרינט, אַ שטיק הימל פון אויבן האָט צולהכעיסדיק געבלויט און פון ערגעץ אין גאָרטן האָט דער בעז אויף צולהכעיס געדופט, אַזוי שכּרותדיק געגאָסן אַראָמאַטן...

פריילינג אין שפּיטאָל! ס'וואָלט זיך אַזוי געוואָלט אַנטלויפן פון דאַנען, פון די קרעכצן און אויען הינטער דער וואַנט, פון די אייביקע ווייטאָגן — —

אָבער — מיט יעדער שעה ווערט דער געראַנגל אין מיינע געבליטער

הייסער אין שאַרפֿער. מחנות, מחנות באַצילן קלאַמערן זיך אינעווייניק אין גוף; דער געראַנגל צעפֿלאַקערט זיך אין יעטווערן אבֿר, ווי נאָר אַ טראָפּן בלוט, ווי נאָר אַ ברעקל חיות. און פֿון דער דאָזיקער מלחמה ברען איך אינגאַנצן. כ'בין אַ העלישע שריפֿה! 38, 39, 39 מיט פֿיר, מיט פֿינף, מיט זעקס... אָט הייבט זיך דאָס קוועקזילבער צו 40! —

עס רוקט זיך אָן די ערשטע נאַכט מײַנע אין שפּיטאָל.

אָן אימהדיקע טונקלקייט... גלײַך ווי אין טהרה־שטיבל אויף אַ בית־עולם...

איך זופּ דעם ווײַן, וואָס מ'דערלאַנגט מיר, — כ'גאַר נאָך אַביסל רו, אַביסל פֿאַרגעסנקייט; אָבער דער שלאָף איז אַוועק פֿון מיר אויף שטענדיק... איך וואַך, ווי עס וואַקסן כסדר די שאַרפֿע יסורים אין מיר, ווי עס וואַקסט אין מיר כסדר — אויף אַ רגע נישט אָפּלאָזנדיק — די מחשבה וועגן סוף...

ליג איך און הער זיך אײַן צו די אייגענע ווייטאָגן, צום קאָר־טשען זיך פֿונעם האַרץ... דערהער איך אַ ווייט געוויין אין דער נאַכט; אַ געוויין הינטער דעם דראָט־צוים, אַוודאי; אַ סך שטימען: אַ פּנים, געשטאָרבן עמעץ — און זײַנע נאָענטע ליגן עס אַצינד פֿאַרצווייפֿלטע הינטערן שפּיטאָל־צוים...

עס ווײַזט זיך אויף אַ רגע די דעזשור־שוועסטער: אַ רוסיש מיידל, אַ שלאַנקע, אַ בליענדיקע, מיט אַ יונגן פֿריילעכן פּנים.

— שוועסטער! כ'שפּיר זיך אַזוי איינזאַם. זיצט אַביסל נעבן מיר!

— כ'וועל זיך באַמיען, — ענטפֿערט זי, — כ'האָב גאַנצע 40 קראַנקע! כ'מוז איטלעכן געבן אַ רגע. אגבֿ... איינער איז כמעט אין אַגאָניע...

— איר הערט דאָס געוויין? — פֿרעג איך און ווײַז איר צום פֿענצטער, — ווער איז עס געשטאָרבן?

— ווער?... מ'שטאַרבט... — שמייכלט זי טרויעריק.

— אָבער... — גיט זי צו אין אַ ווײַלע אַרום: — זײַט רויק: איר וועט אַרויס פֿון דאַנען...

— יאָ, יאָ, איר טרייסט אַלעמען אַזוי מסתמא... אַ מעכאַנישע טרייסט... נאָר מילא... זיצט כאָטש אַ פּאָר מינוט, כ'בעט אײַך!

זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפֿן ראַנד פֿון מײַן בעט, אַ טאַפּ־

געטון מיין קאָפּ, געהיימניספול אַ דריק געטון מיט די ברעמען און אויסגערופן צו דער טיר צו:

— סטע—פאַן!

ס'איז אַריינגעקומען אן אַלטיטשקער שפּיטאָל־דינער מיט לאַנגע דיקע ברעמען, אַזוי, אַז זיינע אויגן זענען געווען טונקל פאַרשאָטנס. ער איז שטיין געבליבן ביי דער טיר און געהאָרכיאַם געוואַרט אויף באַפעל.

— גייט ברענגט תּיכף אייז! — האָט די שוועסטער אים באַפוילן.

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און דער דינער איז צוריקגעקומען קלימפּערנדיק מיט עפּעס אַ בלעכערנער כּלי.

די שוועסטער האָט זיך געפּאָרעט מיטן אייז אַרום מיין קאָפּ און איך האָב זי בעת מעשה אַ פרעג געטון:

— וויפל פּראָצענט טיפוס־קראַנקע שטאַרבן דאָ?...

זי האָט אַ שמייכל געטון און אויסגערופן:

— אַך, מיין גאָט! קלערט נישט וועגן טויט! —

ווי קאָן מען נישט קלערן, בעת "ער" שטייט אַזוי נאָענט פאַר די אויגן

— פאַרגעסט! — האָט זי באַפוילן.

ס'האָבן זיך געענדיקט די מינוטן און זי איז אַרויס: 40 טיפוס־קראַנקע גייען־אויס אין דער שפּיטאָל־איינזאַמקייט נאָך איר אַריינקומען אויף דער רגע...

ציט זיך אַזוי מיין ערשטע נאַכט אין שפּיטאָל ווי אַ חבוט הקבר... קיין רגע שלאָף. קיין רגע רו. לאַנגע איינזאַמע פּיין — — —

ערשט אויפן באַגינען האָט זיך די דעזשור־שוועסטער ווידער געוויזן: זי איז אַלץ געווען אַ בליענדע, אַ מונטערע, כאָטש אַ גאַנצע נאַכט איז זי אומגעגאַנגען פון חולה צו חולה. אַ חידוש, וואָס די שפּיטאָל־מרה שחורה פאַרטרייבט נישט איר שמייכל...

— נו, ווי שפּירט איר זיך? — גייט זי צו צו מיר, נעמט מיך אָן פאַרן פּולס און קוקט מיר גוטמוטיק אין די אויגן אַריין.

איך קוק אויפן רויטן קרייץ, וואָס אויף איר ברוסט, און זאָג:

— קריסטוס האָט אַזויפיל נישט געליטן וויפיל איך...

זי קוקט מיך אָן מיט אירע תּמיד שמייכלדיקע אויגן און זאָגט אין שפּאַס:

— דערפאַר וועט איר אָפּקומען פאַר אייערע אַלע זינד...

— כ׳באַדויער, שוועסטער, וואָס כ׳האָב צו חייניק געזינדיקט... איצט... ווער ווייסט?...

— נישקשה... — האַלט זי אונטער ווייטער איר שפּאַסיקן טאָן,— נישקשה, איר וועט נאָך זינדיקן... זייט רויק...

און באַלד זאָגט זי מיר שוין ערנסט:

— דער דאָקטאָר זאָגט, אַז די קראַנקהייט גייט בײַ אײַך דערווײַל נאָרמאַל. דאָס האַרץ איז גענוג שטאַרק.

— דערווײַל... אָבער צום קריזיס איז נאָך ווייט!

— ט יאָ, 10 טעג לערך.

— מײַן גאָט, 10 טעג! ווער ווייסט...

זי גיסט מיר אָן אַביסל חיין, דערלאַנגט מיר אַליין צום מויל און גייט צוריק אַרויס.

— כ׳וועל שפּעטער זיך אַרײַנרופֿן צו אײַך, — זאָגט זי בײַם אַרויסגיין.

קומט, קומט, שוועסטער!

---

מײַנע פֿרײַנט פֿון „יענער זײַט״ האָבן מיר געשיקט בלומען: רויטע פּלאַמיקע פּיאָנען. ס׳האָט מיך אין ערשטן אויגנבליק איבערגעשראָקן: אויפֿן זינען זענען מיר אַרויפֿגעקומען לויה-קרענץ... כ׳האָב געקוקט אויף די בלומען, וועלכע זענען געשטאַנען קעגנאיבער מײַן בעטל, מיט מאָדנע בליקן, מיט בליקן פֿון פֿאַרדאַכט... זיי זענען אויסערגעווייַנלעך רויט געווען, די בלומען, אין ערטערווײַז, צווישן די נאָך נישט גאַנץ אָנגעטאַנדער געוויקלטע בלעטלעך, האָט זיך עטוואָס טונקעלעס געבאָרגן...

גראָד דערזע איך שפּעטער דורך מײַן פֿענצטער ווי צוויי מענטשן אין אָפּגעריסענע בעל-מלאכהשע קליידער טראָגן זאַלבעטאַנד אַ טרומנע... אַ פּשוטע הילצערנע טרומנע פֿון ווייסע נישט-געפֿאַרבטע ברעטער... די טרומנע איז געווען אַ ליידיקע, ווייל מ׳האָט זי געטראָגן אויף די אַקסלען מיט אַ קאַנט אַראָפּ... פֿאַר וועמען זאָל עס זײַן?...

„בלומען... טרומנע...״ — האָט זיך מיר כּסדר אין קאָפּ געבאַמבלט...

וואָלטן אָבער דאָ געווען די, וועלכע האָבן די בלומען געשיקט!..

כ׳וואָלט אַזוי עלנט נישט געווען און די יסורים וואָלטן אפֿשר אַזוי שטאַרק

נישט געפּייניקט... ליגט אָבער אַ הויכער דראָט-צוים צווישן מיר און זיי, און קיינער קאָן קיין צוטריט נישט האָבן אַהער — צום אָרט פֿון פֿאַרשאָלטענע...

די דעזשור-שוועסטער האָט זיך געביטן. די איצטיקע — עפּעס אַן אַלטע בתולה מיט גרויע אויגן און קנייטשן אויפֿן שטערן — איז אַ חייניקער פֿריינטלעכע און איך זע זי אַ סך זעלטענער ווי יענע. סך-הכּל האָב איך זי געזען אין מיין קאַמער פֿאַרן גאַנצן טאָג אַ מאָל צוויי און דאָס אויף אַ רגע... אגב בין איך דורכן אַלט-טשקן דינער געוויר געוואָרן, אַז הינטער מיין וואַנט, אין דער אַלגעמיינער קאַמער, זענען פֿאַראַן צוויי חולאים, וואָס ראַנגלען זיך שוין מיטן טויט... גרעסערע „יחסנים" פֿון מיר, הייסט עס... זיצט זי מסתּמא כּסדר נעבן זיי, די דעזשור-שוועסטער, און ציילט זייערע לעצטע מינוטן...

ס'ווערט שוין פֿאַרנאַכט. די שפּיטאָל-תּפֿיסה ווערט שווערער, גרויזאַמער...

אין מיטן דערינען—אַ סיורפּריז! מיינע פֿריינט פֿון „יענער זייט" האָבן מיר געמאַכט אַן אמתן סיורפּריז (אפֿנים, זיי האָבן נישט געוואָלט בלויז יוצא-זיין מיט בלומען...):

עס עפֿנט זיך די טיר פֿון מיין קאַמער און ס'קומט אַריין עפּעס אַן אומבאַקאַנטע בארם־הערציקע שוועסטער — אַ יונג, שלאַנק מיידל מיט אַ פֿריש פּנים, אין אַ העלן פֿרילינגדיקן קאָסטיום. ס'האָט אויף מיר גלייך אַ ווייע-געטאָן מיט לעבן..

— כ'וועל דאָ זיין מיט אייך די גאַנצע צייט פֿון אייער קראַנקהייט, — זאָגט זי צו מיר ביים אַריינקומען.

— ספּעציעל צו מיר? — האָב איך זיך עפּעס נישט געגלויבט.

— ספּעציעל צו אייך, — ענטפֿערט זי, — אייערע פֿריינט האָבן מיך געשיקט אַהער.

כ'בין זייער גערירט געוואָרן. אין אויג האָט מיר עפּעס אַ בריי געטאָן... הייסט עס, מען פֿאַרגעסט מיך נישט... איך קוק אויפֿן מיידל — ס'איז דאָס גליק אַליין געקומען אין מיין פֿאַרלאָזענער איינזאַמקייט...

— כ'ליג דאָ, שוועסטער, ווי אַ הונט... קיינער קומט נישט אַריין... קיינער פֿרעגט נישט... קוים וואָס איך דערשריי זיך אַמאָל צום דינער..

— מ'קאָן דאָך אַהער נישט צוקומען צו אייך: ס'איז געשפּערט!—

דערקלערט זי מיר,—ס'האָבן מיך באַנלייט אַהער אַ גאַנצע גרופּע אייערע באַקאַנטע. אַלע גריסן אייך און ווינטשן אייך שנעל געזונט צו ווערן!

און זי רעכנט מיר דערביי אויס אַ גאַנצן צעטל נעמען, ווער עס איז אַלץ מיט איר אַהער מיטגעגאַנגען.

— אַ דאַנק... אַ דאַנק... מורמל איך אין פרייד דורך יסורים...

זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס זשאַקעטל, אַרויפגעצויגן דעם ווייסן שוועסטער-כאַלאַט און ווייסן שירץ מיטן רויטן קרייץ אויף דער ברוסט. זי איז באַלד היימיש געוואָרן און זיך גענומען צו מיר. קודם האָט זי זיך גענומען צו מיין געלעגער, וואָס איז אינגאַנצן צעקאָדערט געווען ווי אַ הויפן שמאַטעס. קעגנאיבער מיין בעטל איז געשטאַנען נאָך אַ בעט, אַ פּוסטע, פאַרבעט מיט אַ טונקל-גרוי'ער שפּיטאָל-קאָלדרע. האָט זי מיך אַ נעם-געטון ווי אַ קליין קינד און אַנידערגעלייגט קעגנאיבער. זי האָט עס געמאַכט זייער געשיקט און קונציק: האָט זיך אָנגעבויגן איבער מיר, געהייסן זיך אָננעמען מיט ביידע הענט אָן איר האַלז און דאַן האָט זי מיך אַ הייב-אויף געטון... דאָס ערשטע מאָל האָב איך דערפילט אין אַ פרוי אַזוי פיל פיזישע קראַפט!

צורעכט געמאַכט מיין געלעגער, האָט זי מיך צוריק איבערגעטראָגן אין מיין בעט אַריין.

— איצט וועל איך אייך אויסשמירן דאָס לייב מיט אַראָמאַט-עסיק, וועט איר זיך שפּירן אַ סך בעסער.

זי איז אַרויס אויף אַ וויילע אין דער אַפּטייק-אָפּטיילונג און צוריקגעקומען מיט אַ פלעשעלע.

זי האָט זיך ווידער צו מיר גענומען: אָן שום קווענקלעניש האָט זי מיך אינגאַנצן אַנטבלויזט און מאַסאַזשירט מיטן אַראָמאַט-עסיק פון אויבן ביז אַראָפּ. אויפן ברענענדיקן לייב האָט זיך צעשפּרייט אַ קילקייט, און די ווייטאָגן זענען בעת-מעשה ווי פאַרפאַלן געוואָרן.

געענדיקט, האָט זי מיך גוט איינגעדעקט אין דעם אויפגעפרישטן געלעגער.

זי האָט די הענט געוואַשן און זיך צוגעזעצט אויפן ראַנד פון מיין בעט.

כ'האָב דערשפּירט אַ היימלעכקייט, אַ זאָרג אַרום זיך און אַ דערלייכטערונג — גלייך ווי אַ האַלב-דערפרוירענער וואָלט זיך געוואַרעמט

אַרויס פון אונטער אַ באַרג שניי און מ'ברענגט אין דער וואַרים צוריק צום לעבן...

— איר ווייסט, שוועסטער איר זייט דאָ מיר דערשינען ווי אַ גוטער מלאך...

---

נאכט.

אין פענצטער צוקאָפּנס אַ געדיכטע שוואַרצקייט. אין דער הויך אויפן סופיט הענגט אַן עלעקטריש לעמפּל, אַרומגעהילט מיט אַ טוך, בדי די ליכטיקייט זאָל אַזוי נישט רייצן. צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן דערשפּיר איך זיך אין אַזאַ צושטאַנד, וואָס כ'קאָן נישט גענוי באַשטימען, צי ס'איז וואָר אָדער חלום... עפּעס נעבלט אין דער לופטן און משונהדיקע ווילדע אוזאָרן וויקלען זיך אַרום דעם מאַטן טונקעלן שיין. אין מח נעבלט אויך און ס'מישט זיך אַ געמיש פון פּיצלעך אָפּגעהאַקטע רעיונות אָן אַ מינדעסטן צוזאַמענהאַנג... כ'ליג איינגאַנצן ווי אונטער אַ שווערן פּרעס, וואָס דריקט מיך גרויזאַם און פּייניקט אכזריותדיק אַלע מיינע אברים...

איך ווייס נישט ווי לאַנג דער דאָזיקער צושטאַנד האָט געדויערט. נאָר פּלוצלינג איז ווי אַ שטראָם אַדורך איבער אַלע מיינע חושים און אין האַרצן האָב איך דערשפּירט אַ פאַרדעכטיקע שוואַכקייט. ס'איז מיר אַזש שווער געוואָרן צו אָטעמען. אויפן שטערן איז אַ קאַלטער שווייס אַרויסגעטראָטן.

כ'קוק זיך אַרום מיט צעשראָקענע אויגן.

קעגנאיבער אינם צווייטן בעט ליגט די באַרמהערציקע שוועסטער אין די זאַכן און דרימלט.

— שווע—סטער! — רוף איך אויס מיט אַ שוואַכן קול און מיט פּחד פאַר זיך אַליין...

זי שפּרינגט־אויף פלינק און גייט צו צו מיין בעט. זי נעמט מיך אָן מיט איין האַנט ביים פּולס און מיט דער צווייטער ביים קאָפּ.

— איר זייט אַליין שולדיק, — מוסרט זי מיך, — רק איר טראַכט איבער...

— ס'איז שווער צו ליגן און וואַרטן אויפן טויט...

— „סויט"!... „סויט"!... — קרימט זי מיר נאָך ווי מ'קרימט נאָך אַ קליין קינד, — איר טאָרט ווערן גאָרנישט קלערן! —

און באַלד גיט זי צו:

— איר וועט מוזן בלייבן אַ קליינע ווײַלע אַליין. כ'וועל זיך בלויז אַריינכאַפּן אין דער אַפּטייק.

זי איז טאַקע תּיכּף צוריקגעקומען אַ פּאַרסאַפּעטע מיט אַ קליין שאַכטעלע, פון וואַנען זי האָט אַרויסגענומען אַ קליין דין גלעזערן רערל מיט אַ פליסיקייט אינעווייניק:

די ערשטע איינשפּריצונג...

אָפּגעטון דאָס איריקע, האָט זיך די שוועסטער צוריק צוגעשפּאַרט אין איר בעט מיט אָפענע אויגן צו מיר צו.

— באַמיט זיך איינצושלאָפן, — זאָגט זי מיר.

איך פאַרמאַך די אויגן, טוליע זיך אין קישן, אָבער קיין שלאָף קומט נישט. „מסתמא — טראַכט איך — איז שוין נישט אַזוי פריילעך, ווען מ'כאַפּט זיך שוין צו איינשפּריצונגען... און וויפיל איז נאָך צום קריזיס!... וואָס וועלן שוין ברענגען די קומענדיקע טעג?"...

מײַנע געדאַנקען ווערן מיט אַמאָל איבערגעריסן:

ווידער אַ געוויין... אַזוי ווי געכצן... הינטערן דראָט-צוים דאָרט... אַ גאַנצע ריי שטימען מיטאַמאָל... און איין קול פון זיי איז אַזוי מאוים-דיק, אַזוי פאַרצווייפלט-ווילד, אַז כ'האָב אַזש אויפגעציטערט. ס'איז געווען דער אמת וויינענדיקער ניגון, מיט וועלכן מ'באַוויינט אַ געשטאָרבענעם...

„מ'שטאַרבט דאָ, אַפנים, אַלע טאָג... אַלע טאָג... — טראַכט איך — נישט אומזיסט האָט מען דאָ הײַנט אַ טרומנע געטראָגן"...

אַ געוואַלדיקע נאָגעניש האָט מײַן גאַנץ ווערן אַרומגעכאַפּט — אַ נאָגעניש און פּײַנלעכע בענקעניש... די גליענדיקע טונקלקייט אין קישן איז מיר געוואָרן אומדערטרעגלעך און כ'האָב דעם קאָפּ אויפגעהויבן מיט אויפגעריסענע בליקן.

די שוועסטער קענגנאיבער האָט ווידער געדרימלט.

— שוועסטער, כ'וועל אײַך ווידער נישט לאָזן רוען.

זי האָט זיך אַ זעץ-אויף געטון מיט באַהאַלטער מידיקייט:

— וואָס איז מיט אײַך?

— איר הערט, שוועסטער, ווי מ׳וויינט?...

— איז וואָס ארט אייך, אַז מ׳ווײנט?

— אָבער... מסתמא איז דאָ עמיץ געשטאָרבן... איר ווייסט נישט ווער?...

— אַ נפקא מינה ווער...

— אָט אָט... איר הערט?...

— איר דאַרפט זיך גאָרנישט צוהערן!

— אָבער ווער איז געשטאָרבן?

— כ׳ווייס... עפּעס אַן אַלטיטשקער...

— אויך אַ טיפוס-קראַנקער?...

— כ׳ווייס נישט.. ניין... עפּעס אַן אַלטיטשקער...

— און יונגע שטאַרבן דען נישט

— הערט אויף, איך בעט אייך! — האָט זי זיך ווי אַ מאַמע אַ בייזער געטון אויף מיר, — נאָר איר רעדט וועגן טויט! איר טאָרט עס בשום אופן נישט, פאַלגט מיך...

— גוט, כ׳וועל שוין מער נישט ריידן. אָבער, שוועסטער, איר מוזט זיצן נעבן מיר — אָט דאָ.

זי האָט זיך געדולדיק אויפגעהויבן פון איר געלעגער און זיך אַנידערגעזעצט אויפן ראַנד פון מיין בעט.

— ס׳איז מיר אַזוי אומעטיק, שוועסטער!

זי האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף מיין גליענדיקן שטערן.

— שוועסטער! קראַנקע זענען ווי קליינע קינדער... דערציילט מעשהלעך פון לעבן, וועל איך נישט טראַכטן פון טויט און וועל אפשר איינדרימלען...

און זי, די גוטע געדולדיקע שוועסטער, האָט מיר גענומען דערציילן וועגן עפּעס אַ „זשורפיקס״ ביי אירס אַ חברטע, וווּ מ׳האָט געטאַנצט און געהוליעט ביז אין ווייסן טאָג אַריין... זי האָט אויסגערעכנט אַלץ, וואָז מ׳האָט געשפּילט און וואָס מ׳האָט דאָרט געזונגען... איין ציגיינער-ראָמאַנס גייט איר פּשוט פון קאָפּ נישט אַרויס...

און אַזוי רעדנדיק הייבט זי אָן פלוצלינג אונטערברומען שטיל-שטיל, ווי מורא-האָבנדיק פאַר די שטומע שפּיטאָל-ווענט, טאַקע יענעם ציגיינער-ראָמאַנס:

פאַרגעס, מײַן פרײַנד, די לאַנג-פאַרשוועכטע פריידן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

———

אַ ליכטיקער פריילינגס-טאָג קוקט אַרײַן דורך מײַן פענצטער צו-קאָפּנס.

אין דער העלקייט און פרישקייט שפּיל איך נאָך שטאַרקער דאָס צולהכעיס-שפּיל מיט מיר, גלײַך ווי פרישע יונגע קינדער-פּנימלעך לאַכן אויס אַ קריפּל...

אויפן קאָפּ בײַ מיר ליגט היינט בסדר אַ גומענער אײַז-פּענכער; איך ברען אינגאַנצן, ווי אַ גיהנום האַלט זיך אין מיר צופלאַקערט. אין מח פליִערט, שרײַט, ווי הייסע גליענדיקע קוילן. די מחשבות גליטשן זיך אָנגעכטיק, שוואַך דורכן זכרון...

אַ קאָנסיליום פון דרײַ דאָקטוירים.

מײַן באַרמהערציקע שוועסטער שטייט בײַ דער זײַט און קוקט די דאָקטוירים גלײַך אין די אויגן אַרײַן.

זיי ציילן די טעג פון דער קראַנקהייט. דער קריזיס רוקט זיך נאָמעלעך און שווער...

— נו? — פרעג איך און קוק אויפן עלטערן דאָקטאָר דעם ברי-סמכא.

— גאָרנישט... — שמייכלט ער געהיימניספול, — אַזוי איז אײַך גאָר-נישט... אַ חוץ טיפוס...

דער עולם שמייכלט אָפּגעהאַקט...

איינער ציִענט עפּעס אַרײַן אין מײַן „קראַנקהייטס-לויף" און אַלע פאַרלאָזן מײַן קאַמער.

די שוועסטער באַגלייט זיי אַרויס און רעדט מיט זיי עפּעס אין קאָרידאָר.

— נו? — וויל איך בײַ איר נאָכדעם עפּעס דערגיין.

— די קראַנקהייט גייט נאָרמאַל, — ענטפערט זי

— דאָס זאָגט איר אַזוי, אָדער די דאָקטוירים? — פרעג איך גיסט האָבנדיק קיין צוטרוי צו אירע ווערטער.

— וואָס עפּעס איך? לאַכט זי — זיי, די דאָקטוירים...

— הלוואַי... — שמייכל איך טרויעריק און פאַרטראַכט זיך.

עפּעס גלויבט זיך נישט: צופיל האָבן זיי, יעדער איינער באַזונדער, מיין האַרץ אויסגעהערט...

— נישט געזאָרגט! — רייסט זי איבער מיינע געדאַנקען און גיסט אָן פון א פלאַש אין א גלאָז עפּעס א געלבלעכע פליסיקייט, — נאָכטרינקט אביסל „גראָך"*): דאָס האָט אייך היינט געשיקט אייערע א פריינדין...

איך טרינק און לעש אביסל דאָס ברענעניש אין מיר.

— ווער האָט עס געשיקט? — פרעג איך, כאָטש איך ווייס, ווער עס קאָן זיין מיין „פריינדין"...

— פריילין X... — ענטפערט זי, זי האָט מיך אגב געבעטן איין איבערצוגעבן פון איר א האַרציקן גרוס...

— א חידוש, קיין פאָר ווערטער האָט זי נישט מיטגעגעבן?

— איבריקנס... יאָ... אָבער כ'ווייס נישט, צי איר דאַרפט לייענען בריוו, ס'קאָן אייך נאָך אויפרעגן.

— ניין, שוועסטער, גיט מיר דאָס בריוול, כ'בעט אייך...

זי דערלאַנגט מיר א פאַרמאַכטן קאָנווערט.

כ'רייס אויף מיט די קראַנק-ציטערדיקע הענט און נעם לייענען.

דאָס איז, איי־גנטלעך, איר ערשטער בריוו צו מיר. ס'איז נישט אויסגעקומען ביז אַהער, זי זאָל מיר דאַרפן שרייבן.

איך לייען, לייען און שטוין:

כ'האָב באמת נישט געוואוסט אויף אַזוי פיל, אז איר מיידל-האַרץ איז בלויז פאַרנומען מיט מיר... כ'האָב גאָר קיינמאָל נישט געמיינט אַזוי ערנסט... אוודאי מוז זי איצט כסדר אומגיין א פאַרטראַכטע, אַ פאַרקלעמטע... אין די אָוונטן מוז זי קיין אָרט נישט געפינען פון בענקעניש...

ווי מ'פאַרשטייט נישט אַמאָל א פרויען-האַרץ! — — —

זי שרייבט צום סוף:

„איך שיק אייך דאָ „גראָך" — אַליין צוגעגרייט. כ'האָב אריינגעהויכט דערין געזונט און לעבן... טרינקט און שטאַרקט זיך און קעמפט ווי א בראַווער העלד מיט אייערע פיינד — די באַצילן... באַזיגט זיי וואָס גיכער: עס וואַרטן אַזעלכע בלויע אָוונטן... אַזאַ פרעכטיקער פרילינג האָט זיך צעבליט!"..

*) ווייַן צענומען מיט געלכלעך פון אייער, דינט אַלס שטאַרקונגס-מיטל.

מיינע הענט מיטן בריוו פאַלן פאַרחלשט אויף דעם צודעק. אין קאָפּ מישט זיך פון אָנשטרענגונג. בלויז איין געדאַנק איז געבליבן שטעקן: „ב'האָב דאָך נישט געמיינט אַזוי ערנסט" — — —

— כ'בעט אייך, וואַרפט אַוועק דעם בריוו! — רייסט מיך איבער די שוועסטער און נעמט צו ביי מיר דעם בריוו מיטן קאָנווערט, — איך האָב אייך עס נישט געט[illegible]ז געבן: עס רעגט אייך אויף.

איך רעד קיין וואָרט נישט אַנטקעגן. איך שטום און שווייג. אין דער רגע שפּיר איך נישט אַזוי די ברענענדע יסורים פון גוף ווי די פלאַנגדיקע בענקעניש פון דער גשמה... איך וואַרף אַ בליק צום פענצטער ערג ץ איז אַ ליכטיקע, אַ העלע, גליקלעכע וועלט — — —

— מער וועל איך אייך קיין בריוו נישט ברענגען, — זאָגט די שוועסטער און זעצט זיך אויפן ראַנד פון מיין בעט. — כ'וועל זאַמלען אַלע בריוו און שפּעטער, אַז איר וועט געזונט ווערן, וועל איך אייך אָפּגעבן דעם גאַנצן אַרכיוו... האָט קיין מורא נישט, כ'קאָן האַלטן סעקרעטס...

— און טאָמער נישט? — פרעג איך.

— טאָמער וועל איך אייך שפּעטער נישט אָפּגעבן?

— ניין, טאָמער וועל איך נישט געזונט ווערן?...

— לאָזט אָפּ דערמיט! איר דאַרפט נאָר קלערן, אַז איר וועט געזונט ווערן. אָט איך בין געווען אַ „מאַלאָדיעץ"!

און דערביי דערציילט זי מיר, אַז אויך זי האָט דורכגעמאַכט די־זעלביקע קראַנקהייט — האָט זיך אין אַ שפּיטאָל פון קראַנקע אָנגעשטעקט — און גאָרנישט! איבערגעקומען!

— אָט זעט מיינע האָר, — טוט זי אַ נייג אַראָפּ צו מיר איר קאָפּ און נעמט אַראָפּ אויף אַ ווייל איר שוועסטער־טיכל: — די האָר זענען נאָך קורץ ווי ביי אַ יונגל. בעת דער קראַנקהייט האָט מען מיך אָפּגעשוירן ווי אַ שעפּס; ביז די קני זענען זיי געווען. כ'האָב אַזוי פיל געוויינט נאָך זיי... נור מילא, איצט וועלן זיי אָפּוואַקסן נאָך לענגער ווי פריער. נישט געזאָרגט!

איך האָב וועגן אירע ווערטער ווייניק געקלערט, כאָטש איר איז שטאַרק געלעגן מיך אַביסל אויפצומונטערן. דאָס האַרץ איז שיער נישט צעריסן געוואָרן פאַר נאָגעניש, שפּירנדיק הינטערן פענצטער אַזאַ פרי־

לינגדיקע וועלט, פון וואַנען עס קאָנען קומען אַזעלכע האַרציקע גרוס, ווי פון מיין פריינדין. — —

כ'בין אַזוי אַ גאַנצן טאָג געלעגן אַן אומעטיקער, אַ שווייגעדיקער און בלויז געקאָרטשעט זיך אין יסורים — קערפּערליכע און נשמהדיקע.

דער טאָג איז ביסלעכווייז געוואָרן מאַטער. פון די ווינקלען האָט זיך גענומען גנבהנען אַ טונקלקייט. ס'איז אָנגעקומען דער אָוונט מיט זיינע שווערע האַמעטנע שאָטנס, וועלכע טראָגן אין זיך פאַרבאָרגענעס... ס'האָט ווי נעכטן און אייער-נעכטן אין אָוונט גענומען עפּזן אינדע הויך דאָס עלעקטרישע אויג, אַ קאַלטס און שרייעדיקס, געשיצט מיט טוך אַזוי אַז די ליכטיקייט איז אויך געווען אַ שאָטנדיקע.

— שוועסטער! —

זי האָט זיך באַלד נעבן מיר אַנידערגעזעצט ווי אַ געהאָרכזאַמער שקלאַף פאַר זיין האַר און געביטער. כ'האָב בכלל באַמערקט, אַז נאָכן קאָנסיליום שפּירט זי מיר נאָך אַ סך וואַכזאַמער...

— וואָס פאַרלאַנגט איר? — פרעגט זי.

— גיט מיר, ביטע, פּאַפּיר און בלייפעדער.

— וואָס, איר גייט שרייבן בריוו? כ'וועל אייך פאַר קיין פאַל נישט לאָזן!

— ניין, שוועסטער, נישט קיין בריוו. כ'פאַרזיכער אייך... כ'מוז נאָך היינט אָנשרייבן אַ פּאָר ווערטער...

— צו וואָס? האָט זי מיך געפרווט אָפּרעדן. — איבעריקנס, היינט ווען איר צופיל אָנגעשטרענגט. איר וועט עס מאָרגן איינדערפרי...

— ניין, מאָרגן ווייס איך נישט צי כ'וועל קאָנען... כ'שפּיר עס...

— אָבער...

— כ'מוז, שוועסטער...

זי האָט מיר דערלאַנגט פּאַפּיר מיט אַ בלייפעדער, און אַליין האָט אונטערגעהאַלטן אַ בוך אונטער מיין פּאַפּיר. ס'זאָל מיר מעגליך זיין צו שרייבן.

מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָב איך געשריבן. מיינע אויגן האָבן קוים געזען די נערוועזע נישט-רעגלמעסיקע בוכשטאַבן... כ'האָב געהאַט ווייטער אַ סך צו שרייבן; אָבער אַלע ווײַלע פלעגט מיין האַנט אַ פאַר

הלבע אַראָפּפאַלן אויפן צודעק. כ׳האָב קוים געשריבן אָנגעהאַקטע ווער־טער, גלייך ווי אין טעלעגראַמען...

פאַרלאַנגען... שטיקלעך פון מיין ווילן...

— גענוג! גענוג! — באַפעלט די שוועסטער.

— טאָ גיט מיר אַקאָנווערט.

זי האָט עס מיר באַזאָרגט.

כ׳האָב אַריינגעלייגט דאָס אָנגעשריבענע אין קאָנווערט און אָנגע־שריבן דערויף: „עפענען אין פאַל פון מיין טויט”...

— נאָט גיט עס מאָרגן איבער דעם דאָקטאָר, ער איז אויסער־מיין דאָקטאָר אויך מיין באַקאַנטער.

די שוועסטער לייענט איבער דעם אָנשריפט אויפן קאָנווערט און שמייכלט טרויעריק.

— אַ נאַרישקייט... — זאָגט זי. — אויב איר ווילט דווקא, קאָן איך עס מאָרגן אינדערפרי איבערגעבן דעם דאָקטאָר. אָבער איר וועט עס שפּעטער אַליין מיט אייערע אייגענע הענט עפענען..

דערביי האָט זי דעם קאָנווערט זאָרגלעך באַהאַלטן אין בוך אַריין.

„וואָס אייגנטלעך — טראַכט איך — גייט מיר אָן וואָס דאַן וועט זיין?... וואָס איז מיר די נפקא מינה? וואָס און ווער קאָן מיך אַרן שפּעטער?... אָבער ניין! עס ווילט זיך דורכאויס איבערלאָזן עפּעס אַ וואָרט, אַ צייכן פון מיין ווילן”...

אַזוי האָב איך מיט זיך אַליין געריידט אין געדאַנק נאָכן איבער־געבן דער שוועסטער דעם קאָנווערט, און כ׳בין צופרידן געווען, וואָס כ׳האָב דאָס שוין געטון.

---

אַ זייער שווערע נאַכט האָט זיך אָנגערוקט. כ׳בין געלעגן צווישן דרימל און וואַך און נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. די שוועסטער איז פון מיין בעט נישט אָפּגעטראָטן און אָפט צוגעלייגט פרישע שטיק־לעך אייז אינם גומענעם פענכער אויף מיין קאָפּ. אַלע ווײַלע האָט זי מיין פולס געפרווט. מיר האָט זיך אָבער יעדע מינוט אויסגעדוכט, אַז זי איז נישטאָ און כ׳פלעג די האַלב־פאַרמאַכטע אויגן אויפרייסן מיט אַ פראַגע:

— שוועסטער?

— כ'בין נעבן אייך.

— כ'בעט אייך, גייט נישט אוועק...

יענע האָט גאָר אין זינען נישט געהאַט אַחעקצוגיין.

זי לייגט די האַנט אויף מיין האַרץ, האַלט אַזוי אַ ווײַלע און פרעגט:

— איר וועט אפשר עפּעס טרינקען

זי וואַרט נישט אויף מיין ענטפער און רוקט מיר אַ גלאָז צו די ליפּן.

זיך זופּ איבערגעאַלד און שפּיר לחלוטין נישט וואָס איך טרינק אין מויל — אַזאַ נישטגוטקייט, אַזאַ איבלדיקייט! אומעטום ברעכט, שטעכט און שרפהט. דער מוח ברענט אינעווייניק ווי אַ שטיק אָנגע־גליטער קויל.

די שוועסטער נעמט זיך פּאָרען ביי אַן אַפּטייק־שאַכטל, נעמט עפּעס אַרויס פון דאָרט און דאַן פאַרשאַרט זי מיר דעם אַרבל פון העמד ביז אַרויף צום מוסקול. כ'שפּיר טיף אין לייב די נאָדל...

מסתמא איז שוין גוט צרהדיק... — זאָג איך שטיל.

— גאָרנישט צרהדיק... איר האָט מיר נישט געפאָלגט און זיך אויפגערעגט צוליבן בריוו... צוליבן שרייבן... איר פאַרשטייט?

— ווי איז דער פּולס? — פרעג איך.

— פּולס־שמולס... — קרימט זי מיר איבער — ס'איז אין בעס־טער אָרדנונג... דער עיקר — רויק... רויק! איר הערט?

אַ לאַנגער שווייגן. כ'ליג מיט אָפענע ברענענדיקע אויגן.

— שוועסטער! — רייס איך איבער די שטילקייט.

— וואָס?

— כ'וויל אייך עפּעס בעטן...

— וואָס אַ שטייגער?

— איר זענט דאָך שטענדיק אין די שפּיטאָלן. זענט איר שוין ביי־געווען דעם טויט פון טיפוס־קראַנקע?

— ביי־געווען...

— דויערט לאַנג די אַגאָניע?

— מיין גאָט! הערט אויף מיט אייערע געדאַנקען!

— כ'בעט אייך... זאָגט עס מיר... ס'דויערט לאַנג?...

— ווי ביי ווענען... ס׳ווענדט זיך אָן א הארץ... אָבער לאָזט אָפּ מיט די רייד!

כ׳האָב צו אייך א בקשה...

– ווידער א בקשה? וואָס אזוינס?

— איר וועט אָבער זיין א בראַוו מיידל?...

— כ׳פארשטיי אייך נישט. רעדט דייטליכער.

— אויב איר וועט עס מיר פריער צוזאָגן צו טון, וועל איך אייך זאָגן.

— פאָרויס זאָג איך גישט צו. ווער ווייסט וואָס אייך קאָן איינפאַלן?... אויב כ׳וועל קאָנען, וועל איך זיכער טון אַלצדינג פאַר אייער טובה ווענן.

— זיכער פאַר מיין טובה ווענן..

— זאָגט שוין וואָס..

— נו, אויב...

– וואָס אויב? רעדט...

— אויב... אויב ס׳וועט שוין קיין האָפנונג נישט זיין... איר פאַרשטייט... צום סוף... זאָלט איר מיר געבן דאן עפעס אזוינס, וואָס זאָל פאַרגיכערן דעם סוף... איר זאָגט מיר צו?...

— דרייט נישט קיין קאָפּ!... איר וועט געזונט ווערן...

— אָבער טאָמער... טאָמער... זאָגט איר צו?...

— ניין, כ׳זאָג נישט צו... כ׳האָב נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן קיינעם אַזוינס נישט געטון...

— אָבער, שוועסטער... אויב ס׳איז גראָד א טובה?... אויב א מענטש פייניקט זיך שוין אומזיסט־אומגישט?...

— ניין! — רופט זי אויס קאַטעגאָריש, — כ׳בין נישט אַזאַ גוטע. אַזעלכע טובות טו איך נישט...

און אין א ווײַלע אַרום גיט זי צו:

— געדענקט, איר פאָלגט מיר נישט. אין יעדערער קראַנקהייט איז דאָס וויכטיקסטע — נישט איבערצוקלערן, און איר... ס׳אַרא משונהדיקסטע רעיונות! אָט לייגט זיך בעסער, כ׳וועל אייך איבערדרייען דאָס קישן. פאַרמאַכט די אויגן. ס׳איז שוין צוויי ביי נאַכט. נאָך דער איינשפריצונג וועט איר אֶפשר איינשלאָפן.

— שוועסטער! איך ליג אָבער אין סאַמע קראַטער פון אַ ווולקאַן...

זי האָט צורעכט געמאַכט מיין געלעגער, באַקוועמער געמאַכט, בויגעלייגט נאָך אייז אין גומי־פּענכער אויף מיין קאָפּ און אַליין האָט זי, זיצנדיק נעבן מיר, זיך אָנגעלענט מיטן קאָפּ אָן טישל ביי מיין צוקאָפּנס.

אָבער אַנטשלאָפן געוואָרן איז זי, נישט איך...

כ'האָב מיין ברענענדיקן קאָפּ צוגעטוליעט צו איר קני, ווי וועלנדיק געפינען אַ שוץ פון מיין גרענעצלאָזער פּיין — — —

---

...עס טראָגט מיך עפּעס אין אַ תוהו ובהו... גיהנום... חושך... כ'ווער געטראָגן פון עפּעס אַ ריזיקער מאַכט... כ'האָב אינגאַנצן קיין ווילן נישט...

פון דערדאָזיקער ווינטקייט האָט זיך גענומען אויסוויקלען אַ שפּיל

אַ טייוולשע שפּיל! — — — — — — — — — — — — — —

---

...איך ליג ווי אין עפּעס אַ קעניגליכן ווייכן געלעגער. ארום — נעפּל, הייסער גליענדיקער נעפּל, ווי אָטעם פון לאַווע. אין דער נישט־קלאָרקייט שווימט אַלע ווייל אַ פרויען־געשטאַלט, דאָ נענטער, דאָ ווייטער. איך רעד פאַרשמאַכט מיינע רייד און זי ענטפערט ווי אַ בת־קול, ווי אַ גייסט פון די הימלען געשיקט... ווייל זען זע איך זי נישט קלאָר — אין שלייער פון נעפּל איז זי איינגעהילט... זי רעדט אַזוי לאַנגזאַם ציענדיק די ווערטער, מיט דער מאַיעסטעטישקייט פון אַ מלאך...

וואָס איז די וועלט? — וואַרף איך אַ פראַגע צו איר. וואָס איך זע זי נישט קלאָר און וואָס כ'פאַרנעם בלויז איר קול, — וואָס איז די וועלט אַרום און אַרום?

און איבער מיין קאָפּ דערהער איך איר שטים — אַזוי פאַמעליך און צוצויגן ווי אַ ליד:

די וועלט? — אַ פּעדערל איז די וועלט... אַ פּעדערל, וואָס שווימט אין דער לופטן... אַ גרינג פּעדערל אין דעם אומענדליכן חלל פון דער אייביקייט... אין דער אומבאַוווסטקייט...

און בעת מעשה דערזע איך טאַקע באַשיינפּערלעך:

א העל-באַלויכטענער ליפּטיקער רוים און אין מיטן בלאָנדזשעט און וויגט זיך אַ קליין, גרינג פעדערל — — —

— און „ער"... — שפּינט ווייטער דער בת קול איבער מיר, — „ער" זיצט זיך ערגעץ אין דער אייביקייט, אין הימלישע שלייערן פאַר־הוילן, און גנענעט פאַר לאנגווייל... „ער" קוקט אויף די פעדערלעך, וואָס קייקלען זיך אין גרענעצלאָזן שטח דורך זיין מחשבה, און געניעט.. די קייקלען זיך, קאָלעין זיך, דערגייען ביז אַ גרענעץ, ביז זיין—אָטעם און קערן זיך ווידער אום... און אזוי כסדר, און אזוי כסדר — — — ס'איז אַ נאַרישע שפּיל! — קלערט „ער" און גענעצט ווייטער אין אומ־ענדליכן שטח — — —

די לעצטע ווערטער האָב איך אזוי דייטליך געהערט; כ'האָב געשפּירט, אַז זי האָט זיך האַרט איבער מיר אנגעבויגן און אין סאַמע אויער עס מיר ארייגעזאָגט:

א נאַרישע שפּיל! — — —

איך קוק זיך ארום, וויל דורכדרינגען דעם נעפל און דייטליכער דערזען. איך פיל זיך ווי ערב אַ גרויסער געשעעניש, וואָס מאַכט הייליק...

אָבער פארוואָס זע איך נישט די, וואָס רעדט צו מיר? פארוואָס ווייזט זי מיר נישט איר פּנים?...

איך זע זי נישט, — אָבער איך פיל איר הויך, איר אָטעם אָט אָט, דוכט זיך, וועט זי זיך אנטפּלעקן פאר מיר אינגאַנצן...

אָט ווערט טאַקע קענטיקער איר געשטאַלט, גלייך ווי דער נעפל ארום איר וואָלט שיטערער געוואָרן דורך איר ליכטעקייט. לחלוטין דייטליך זע איך זי אלץ נישט. ווי גוט וואָלט עס געווען ווען איך דערזע זי אָן די שלייערס — זי, וואָס זי רעדט צו מיר.

איך קוק אויפן העלן פלעק אינם נעפל, וווּ איר געשטאַלט איז, און קאָן מיינע אויגן צונויפמען מיטן דמיון נישט אָפּרייסן.

— וואָס איז דאָס גליק? — פרעג איך, אַליין נישט וויסנדיק צוליב וואָס, פונקט ווי כ'האָב פריער נישט געוווּסט שטענדיק די ערשטע פראגע, און איך גאַר מיטן גאַנצן וועזן צו איר דורכן נעפל,

און אַ מאָדנע זאַך: זי בייגט זיך צו צו מיר און — דערווייטערט זיך, גענענט זיך און דערווייטערט זיך. אַזוי כסדר:

— דאָס גליק קומט צום סוף, — הער איך איר לאַנגזאַמע שטים.

איך שלינג דורשטיק די קלאַנגען... און ווידער: אָט, דוכט זיך, איז זי שוין האַרט נעבן מיר; איך שטרעק שוין אויס מיין האַנט צו איר, כ׳וויל זי באַרירן מיט מיינע ברענענדיקע פינגער — רוקט זי זיך ווידער פון מיר אָפּ ווי אַ שאָטן — — —

אַך! — רוף איך אויס אַ פאַרשמאַכטער, — ווען וועסטו שוין בלייבן נעבן מיר? כ׳גיי אויס פון בענקען — — דערווייטער זיך נישט! לאָז אַ פאַל טון אויף דיין האַלדז! — — —

— דאָס גליק קומט צום סוף! — דערהער איך ווידער איר שטים, נאָך לאַנגזאַמער ווי פריער. — בעת דער פאָדים פון לעבן איז שוין צעריסן, קומט דאָס גליק...

כ׳פאַרגעס אין לעכצעניש אירע רייד און שפּיר, אַז אָט באַלד, אָט באַלד גענענט זיך עס, — די מינוט פון אמתן גליק! באַלד, באַלד!...

...עס קוקן אויף איר בעטנדיק מיינע בליקן און איך ברענג אַרויס צו איר, ווי זינגענדיק, עפּעס אַ פּערז, — אַ פּערז פון די שול־יאָרן, וואָס כ׳האָב שוין, אייגנטלעך, לאַנג פאַרגעסן, נאָר די ווערטער פליסן פון זיך אַליין אַרויס פון אַ פאַרבאָרגן קעמערל אין זכרון; — ס׳איז עפּעס אַ משל מיט אַ פויער, וואָס אַ גאַנץ לעבן האָט ער געאַקערט און געזייט, געזייט און געאַקערט, און געפּלאָגט זיך און נישט געוווּסט דערפון דעם שכל, געהונגערט און נישט געוווּסט דערפון דעם שכל... ביזן טיפן עלטער האָט ער געליטן און געפרעגט: „וואָס איז דערפון דער שכל?“ אַז ר׳האָט די אויגן צוגעמאַכט, איז ער אין גרוב ערשט געקומען צום שכל — — —

אַזוי ענדיקט זיך דער משל—

— צום סוף איז ער געקומען צום שכל — — זאָגט זי נאָך מיין לעצטע פראַזע, און בעת מעשה שפּיר איך ווי דער נעפּל ווערט צוריק געדיכטער. ס׳ווערט אַזוי ענג ווי אין יענער גרוב, וווּ מ׳האָט יענעם פויער פאַרשאָטן — איך הער זי אויף אויף צו זען אַפילו ווי אַ שאָטן. אָבער פילן פיל איך זי נאָענט, גאָר נאָענט איז זי. איך שפּיר דעם רוכט פון איר אָטעם — און אָט — אָט לייגט זי אַרויף אירע הענט אויף מיינע אַקסלען — — —

אַ פלוצלינגער ריס אינעווייניק אין האַרץ — ווי עמיץ וואָלט מיט

אַ שאַרף מעסער דורכגעשניטן. עס עפנט זיך אַן אָפּגרונט: ווי דאָס האַרץ אינעווייניק — אַזוי ליגט פאַר מיינע אויגן די וועלט אַ צע־פליקטע... די וועלט אין געשטאַלט פון צעשמעטערטע בערג... און צווישן די צעשמעטערטע בערג, אין די טאָלן, פלאַקערן רויטע העלישע פלאַ־מען, ווי פייערדיקע טייכן... פייער און שוועבל!— פייער און שוועבל!...

און איך — איך ליג אין מיטן, אויף עפּעס אַ ברעג פונם אָפּגרונט — שוין „נאָך אַלעמען״ — און אינגאַנצן באַגאָסן פון פורפורנעם אָפּשיין שפּיר איך אינם צעריסענעם האַרץ —

ג ל י ק! — — —

אַזאַ גליק, וואָס כ׳האָב נאָך קיינמאָל ביז דאַן נישט געפילט.

דאָס העכסטע גליק — — —

---

...אך ווייס נישט פון ווען און פון וואַנען — איך ליג אין עפּעס אַ חדר אַ געפאַנגענער, צוגעשמידט צו אַ בעט. אין חדר דרייט זיך אום עפּעס אַ מכשפה מיט מאָדנע קנייטשן אויפן פּנים און שלעכטע רשעותפולע אויגן.

אָנגעטון איז זי אין ווייסע תכריכים ווי אַ מת און טרעט נישט אָפּ פון מיר. אַלע ווײַלע גייט זי צו צו מיין בעט, וווּ איך ליג אַ צו־געשמידטער, און דערלאַנגט מיר עפּעס אַ פליסיקייט אין אַ גלאָז. אָבער ניין! כ׳וויל בשום אופן נישט טרינקען! איך ווייס, אַז אינם גלאָז איז גיפט! זי וויל מיך פון דער וועלט אומברענגען, די מכשפה... מיט פאַר־אַכטונג שטויס איך אָפּ איר אויסגעשטרעקטע האַנט מיטן גלאָז, פאַר־קריצנדיק מיט די ציין; זי ווערט אָבער נישט נתפעל: אַ־ן אַ רגע אַרום דוקט זי מיר ווידער דאָס גלאָז צו די ליפּן און איך שטויס עס ווידער פון זיך—

איך ווייס, מען וויל מיך דאָ פאַרסמען!—

איך ווייס נישט, כ׳קאָן זיך נישט דערמאָנען, ווי אַזוי בין איך עס אַריינגעפאַלן אַהער, אין דער אינקוויזיציע־הייל, וווּ מ׳וויל מיך פון דער וועלט אומברענגען...

און זי, די מכשפה, איז נישט איינע: אָט טוט זי אַן עפן־אויף די טיר, טוט אַ רוף עמיצן און אין חדר באַווייזט זיך אַן אַלטער שד מיט אַ ווילד־באַוואַקסענעם פּנים, מיט גרויסע אויערן ווי ביי אַן אייזל,

און ביידע דערנענטערן זיך מיר, ביידע ווילן מיר דעם גיפט איינגעבן...

אָבער — ניין! כ׳מעג דאָ ליגן אַ געפאנגענער — צו מיר גייט נישט צו... איך פארקוועטש די פויסטן און טו זיך אַ זעץ־אייף 'עבוג־רענערהייט:

— פרוווט נאָר אָקאָרשט!...

און ביידע שפרינגען אָפּ פון מיר.

ס׳איז נאָך, אָבער נישט געענדיקט — אַ גאַנצע חבריא לויערט אויף מיר...

ס׳קומען באַלד אַריין נאָך צוויי פּאַרשוינען כּלומרשט אין געשטאַלט פון מיינע צוויי באַקאַנטע: איינעם קען איך שוין פון לאַנג — אַ פעלד־שער לויטן באַרוף... דער צווייטער פּאַרשוין איז אַ פּרוויענציזמער — כּלומרשט מיינע אַ באַקאַנטע באַרמהערציקע שוועסטער, וואָס איז אַמאָל אימגעגאַנגען אַרום מיינעם אַ קראַנקן חבר... ביידע שטעלן זיך אַנטקעגן מיר, און ער, מיין כּלומרשטער באַקאַנטער, האַלט אַ גלאָז מיט וואַסער־פליסיקייט און פרעגט מיך, אַנרופנדיק מיך ביים נאָמען:

— איר דערקענט מיך? כ׳בין דאָך אייער פריינט... כ׳בעט אייך, טרינקט אַביסל וואַסער... ריין וואַסער... נאַט, טרינקט!

איך ווייס אָבער זיכער, אַז דאָס איז אַן אונטערגעשטעלטע זאַך, קוק איך אים אָן פאַרשנדיק און שטרעק אויס די האַנט:

— גיט!

יענער קוקט מיך אָן און גיט מיר נישט־זיכער דאָס גלאָז...

— טר — ר — ראַך!... האָב איך אַ שמיץ געטאָן דאָס גלאָז אויף דער פּאַדלאָגע.

— סטייטש?! — בעט ער זיך — איר דערקענט מיך נישט?!

— איין באַנדע זייט איר! איר מיינט, איך ווייס נישט?...

עס האָט זיך אויך געפּרוווט ווענדן צו מיר מיט זיסע ריידעלעך די צווייטע; אָבער איין בליק מיינער אויף איר האָט זי תיכף אָפּגע־שטויסן... כע, כע, אַ צעקראָכענע באַבע און קריכט אויך אויף מיין לעבן!...

און אַזוי זענען אויך די דאָזיקע צוויי פאַרשוינען אַוועק מיט גאָרנישט...

אָבער ס׳איז נאָר נישט אַלץ געענדיקט:

עס דויערט נישט לאַנג און מ׳נעמט זיך ווידער צו מיר.

דאָס מאָל איז אַריינגעקימען אַן אנדער חברה־מאַן, אָנגעטון אין א ווייסן כאַלאַט, אין באַגלייטונג פון עטליכע אַנדערע פּאַרשוינען, אמתע בעל־הגלה־יונגען; מיט זיי אויך דער אַלטער שר מיטן פּאַרוואַקסענעם פּנים און די מכשפה.

חברה־מאַן אין ווייסן כאַלאַט איז אויך כלומרשט מיינער א באַקאַנטער... אָבער ווי קומט ער דאָ אַהער צווישן די אַלע פּאַרשוינען?... יענער איז גאָר א באַקאַנטער דאָקטאָר! ניין, מיך וועט איר נישט אָפּנאַרן!... איר מיינט זיך אפילו פּאַרשטעלן איז וועלכע מאַסקעס איר ווילט — כ׳וועל אייך דערקענען!..

דער חברה־מאַן אין ווייסן כאַלאַט האַלט אויך א גלאָז מיט א ווייסער פליסיקייט און ווייזט מיר, אַז ער אַליין טרינקט.

— אָט זעט, — זאָגט ער, — איך אַליין טרינק אויך און ס׳שאַדט מיר נישט; טרינקט פונס זעלבן גלאָז!

איך ווייס אָבער, אַז דאָ שטעקט עפּעס א „קונץ", א „שמד־שטיק"; כ׳פאַרשטיי, אַז ער האָט זיך שוין באַוואָרנט, דער סם זאָל אים נישט נעמען...

און כ׳שריי אויס אויפן קול:

— אַוועק! אַוועק פון מיר! סם! סם! סם!...

צום סוף זענען זיי אַלע אויף מיר אַרויפגעפאַלן, מיך אַרומגעוויקלט אין עפּעס א געלן כאַלאַט און ממש צוגעטראָגן אויף די הענט אין קאָרידאָר צו א קראַן.

מ׳האָט אָפּגעדרייט דעם קראַן און מיר געוויזן:

— נאַט, זעט! ריין וואַסער פליסט אין גלאָז אַריין, טרינקט!

איך נעם דאַן דאָס גלאָז, קוק, קוק דאַרויף: דוכט זיך עפּעס צו געדיכט וואַסער...

אַלע וואַרטן...

— נו?...

כ׳נעם פּאַרזיכטיק דאָס גלאָז צו די ליפּן

— ב־ר־ר־ר־ר!...

א נישט־גוטקייט אין מויל

כ׳פארמעסט זיך א שמיץ צו טון אָן דער ערד; זיי כאַפּן אָבער באַצייטנס דאָס גלאָז פון מיין האַנט אַרויס.

— ס׳טייטש? איר האָט דאָך אַלייז געזען: ריין וואַסער כּו׳ם קראַן!

— איך ווייס אייערע שטיק! איר האָט אויך דעם קראַן אָפּגעססט!

מ׳טראָגט מיך צוריק אויף מיין אָרט און אַלע לאַכן דערביי...

— לאַכט, לאַכט, ווילדע לצים, איר וועט מיך נישט סמען!...

---

**א שרפה..**

א געוואַלטיקער גרויזאַמער בראַנד צווישן הימל און ערד... עס ברענען געביידעס — א גאַנצער קוואַט געביירעס — און צונגען פייער חיקלען זיך אין דער לופטן. די לופט ברענט און בראָט...

איך ליג אין מיטן דער שרפה, אין עפּעס א ברענענדיקער געביידע, און כ׳קאָן זיך נישט ראַטעווען. כ׳קאָן מיך פון אָרט נישט רירן, חי כ׳וואָלט געווען צוגעשמידט צו עפּעס, און קיינער פון אַרומיקן טומלדיקן עולם געגענענט זיך נישט צו מיר, קיינער העלפט מיר נישט, קיינער שלעפט מיך נישט אַרויס, כאָטש אַלע זעען ווי איך ליג אין סאַמע האַרץ פון דער שרפה — און מיין לייב ב־ענט, מיין פּנים ברענט, מיינע געהירן ברענען!... פאַרוואָס זענען זיי אַלע אַזוי אכזריותדיק?

איך שפּיר: דאָס פייער פאַרצערט מיך באַלד אינגאַנצן. כ׳שטרעק אויס די הענט, איך ראַנגל זיך, איך רייס זיך מיט די לעצטע כּחות, כ׳וויל אַנטלויפן און כ׳קאָן נישט! די קולות פון די מענטשן אַרום, אונטער דער ברענענדיקער געביידע, זענען לאַכיקע, שפּאַסיקע, צולהכעיסדיקע... גלייך ווי איך וואָלט עס געווען א קרבן אויף א שייטער-הויפן צוליב אַלעמענס הנאה ווענן...

אָבער וווּ זענען די פייערלעשער? פאַרוואָס קומען זיי נישט לעשן? כ׳וואָלט זיך אינגאַנצן איינגעקאָרטשעט אונטער זייערע שפּריצן... כ׳וואָלט אונטערגעשטעלט מיינע אויגן, מיינע געהירן —

וואַסער! וואַסער!...

איך שריי. איך רוף מיט די לעצטע קרעפטן:

— מענטשן פון דער גאַנצער וועלט! — — —

כ׳פאַר עם דעמזעלבן ליאַרעם פון אומן... עס שלייכן געשטאַלטן

מיט רויט־באַלויכטענע פנימער — קיינער רופט זיך נישט אָפּ אויף מיין רוף...

אָבער פאַרוואָס דויערט דאָס גיהנום? זאָל שוין אַלץ פאַרוואַנדלט ווערן אין קויל און אַש! פאַרוואָס ציען זיך אַזוי די יסורים פון ברענען אָן אַ סוף, אָן אָן עק?... פאַרוואָס איז די געביידע נאָך גאַנץ? די ווענט די פענסטער — אַלץ גאַנץ? ס׳ברענט און ווערט נישט פאַרברענט... און איך אַליין — איך שרפֿ׳ז און ברען און — גיי נישט אויס...

איך שריי, איך רוף:

— מענטשן פון דער גאַנצער וועלט! — — —

איך שריי אַלץ העכער און העכער, נישט מיט מיין קול. איך וויל, עס זאָלן דערהערן מענטשן אַנדערע, נישט די, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום אונטן, די אַכזורים; זאָלן דערהערן מענטשן פון דערווייטנס און זאָלן זיי מיך אַרויסנעמען פון מיינע ווילדע פייניקער...

---

כ׳זע זיך ווידער אין אַ חדר, אַ געבונדענער אויף אַ בעט...

ס׳איז נאַכט. דורכן פענצטער קוקט אַריין אַ שטאַק־פינצטערניש.

כ׳ליג אַ פאַרחלשטער, מיט אַ טרוקענעם גומען. אין די אויער־קלינגען אָפּ עפּעס ווייטע טויבע קלאַנגען ווי עכאָס...

ווו בין איך דאָ? —

כ׳קוק זיך אַרום —

זי, די מכשפה איז ווידער דאָ!...

מיט אַ פינצטער פנים דרייט זי זיך אַרום איבערן חדר, קוקט אויף מיר, לויערט...

זי גייט צו צום טישל, גיסט עפּעס פון פלעשלעך, גיסט, מישט קלינגט מיט לעפעלעך, און דערדאָזיקער געקלימפּער איז אַ נישט־נאַטירלעכער, אַ ווילד־פרעמדער, און לסוף טראָגט זי מיר אונטער עפּעס צו די ליפּן...

— אַוועק, מכשפה! — רוף איך אויס אין צאָרן.

זי דערשרעקט זיך און רוקט זיך אָפּ פון מיין בעט.

— איר ווילט נישט, — זאָגט זי פאַרביסן, — דאַרף מען נישט, וועל איך אַליין טרינקען...

און דערביי נעמט זי דאָס גלאָז צום מויל און זופּט.

— „אַ בעלנות פון אַ מכשפה! — טראַכט איך, — האָט אַפילו פאַר זם קיין מורא נישט!“...

— וואַרט, וואַרט!.. — זאָג איך דראָענדיק.

זי מאַכט זיך אָבער נישט ה״רנדיק, דרייט זיך ווידער אום הין און צוריק איבערן חדר און ברומט אונטער עפּעס אַ מאָטיוו — אַ באַקאַנטער מאָטיוו, וואָס כ׳קאָן זיך נישט דערמאָנען ווו כ׳האָב אים געהערט:

„פאַרגעס, מיין פריינט“... — — — —

שפּעטער אַ ווײַלע בלייבט זי שטיין אין מיטן חדר און ווענדעט זיך צו מיר מיט אַ פראַגע:

— אפשר וועט איר פאָרט נעמען צביסל מילך?

איך קען שוין אירע מילך...

— ווייז! — זאָג איך. ס׳איז מיר בעת מעשה עפּעס איינגעפאַלן אַ געדאַנק...

— איר וועט טרינקען?

— טרינקען...

— אויף געוויס? —

— געוויס..

זי רוקט צו מיר דאָס גלאָז, אָבער האָט צו מיר קיין צוטרוי נישט און קוקט נאָך יעדע באַוועגונג מיינע...

— נענטער! — רוף איך אויס.

זי רוקט צו דאָס גלאָז מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט און אַליין שטייט זי פונדערווייטנס...

— נאָך נענטער!...

זי רוקט צו נאָך אביסל.

אַז זי איז שוין געווען האַרט נעבן מיין בעט האָב איך זי אַ כאַפּ געטאָן שנעל מיט דער רעכטער האַנט פאַר די האָר און מיט אַ געפּיל פון נקמה צוגעדריקט איר קאָפּ צום ראַנד פון בעט:

— סמען וועסטו מיך?... סמען?... האַ?...

די מכשפה האָט גענומען שרייען אויף אַ מסוכּענעם קול:

— סטעפּאַן! סטעפּאַן!

די מילך האָט זי פון שרעק אויף דער פאָדלאָגע אַראָפּגעלאָזן...

ס׳איז אַריינגעלאָפן דער אַלטער חילד-באַוואַקסענער שד און מין

געכאַפּט פאַר דער האַנט. ערשט דאַמאָלס האָט זי, איינגעבויגענערהייט, קוים באַפרייט אירע האָר פון מיינע פינגער...

און ווידער האָט זי גענומען אומשפּאַנען הין און צוריק, הין און צוריק, אונטערברומענדיק כסדר איר ניגונדל. און פון מיר די אויגן נישט אַראָפּגענומען.

וואָס האָט זי איצט אין זינען — ווייס איך נישט... ווען ס׳גיט מיר אָבער עמיץ אַנדערש מיט עפּעס אָפּצוגעצן די פאַרטריקנטע ליפּן! כ׳בין אַזוי פאַרחלשט, דער גומען אַזוי פאַרברענט!...

גערעדט האָט זי מיט מיר גאָרנישט. בלויז שטומערהייט האָט זי מיר פונדערווייטנס נאָכאַמאָל געוויזן, אַז זי אַליין טרינקט פון דער בלומרשטער מילך... איך האָב זיך אָבער מיט קיין וואָרט נישט אָפּגערופן.

שפּעטער האָט זי צורעכט געמאַכט קענגאיבער אַ געלעגער און זיך צוגעלייגט.

איך קוק זיך אַרום —

אויף דער פּאָדלאָגע, אין ווינקל, שטייען קוסטעס בלומען... אַזאַ אַכזריות! אַזאַ אַכזריות! דאָס האָט מען באַצייטנס אָנגעגרייט פאַר מיר. פאַר מיין לויה... אַזוי זיכער זענען זיי, די פּייניקער מיינע, אַז מ׳וועט מיך טויטן... איך קוק אויף די בלומען מיט אַזוי פיל ביטערניש, מיט אַזוי פיל פאַרדרוס! איך ווייס, איך ווייס: צווישן די בלעטעך טונקלט זיך און שוואַרצט זיך — ט ו י ט... אָט דערשפּיר איך ווי עס דרינגט אַריין אין מיר אַ דופט, אַ שאַרפער, אומהיימלעכער דופט, וואָס סמט די לונגען... אַ פאַרגיפטעטער דופט!... וואָס זענען עס פאַר בלומען?... אַכזרים. וואָס זענען עס פאַר אַ בלומען? — — —

ס׳נעמט מיך אָן אַזאַ נאַגעניש, אַזאַ פּיין... דורך אַלע וועגן, דורך אַלע אופנים זוכט מען מיין טויט... ווי קום איך דאָ אַהער? פאַרוואָס באַגרייט מען מיך נישט פון דאַנען?...

אין מיטן דערינען דערהער איך ווי די מכשפה קעגנאיבער הויבט אָן שווער צו אָטעמען און צו כאָרכלען. איר געזיכט, דוכט זיך, איז נאָך פינצטערער געוואָרן און האָט זיך אינגאַנצן אויסגעקרימט ווי ביי גסיסה... כ׳בין זיכער, אַז דאָס איז די ווירקונג פונם גיפט, וואָס זי האָט פריער

געטרונקען... טראָך איר בריהשקייט האָט עס איר אַ נעם-געטון!...

כע! כע! כע!...

כ׳גיב זיך אַ הייב-אונטער אין בעט און שריי אויס מיט אַ קול פון נצחון:

— אַ-הא, מכשפה! וועסט שוין איצט איננעמען אַ מיתה משונה!...

זי האָט נאָר חילד און צושויבערט דעם קאָפּ אַ הייב-געטון און אים צוריק אַראָפּגעלאָזט אויפן קישן.

---

... ווידער אַ טאָג פון ברענען... פון גרויזאַמער בראַנד...

איך זע זיך אינם זעלביקן חדר, וואָס שטענדיק, אינם זעלבן בעט צוגעשמידט און אַלץ אַרום שרפעט. קיין פלאַמען זע איך נישט, קיין רויך חיקלט זיך נישט — נאָר ס׳גליט, ס׳ברענט! פאַר די אויגן שלייכן זיך פאַרביי געשטאַלטן, וואָס כ׳חייס זיי נישט און דערקען זיי נישט. זיי רעדן עפּעס צווישן זיך, ושעסטיקולירן מיט די הענט; נאָר הערן הער איך קיין וואָרט נישט.

הינטערן אָפענעם פענסטער — אַ קאָפּ פון אַ זעלנער מיט אַ שפּיץ פון אַ ביקס. ביים סאַמע פאַראַפּעט שטייט ער, דער זעלנער. ער קוקט, קוקט אויף מיר און היט מיין יעדע באַוועגונג. —

דאָס היט ער מיך...

ס׳אַראַ נבלה פון מיינע פייניקער!

האָבן מיך אויסגעגעבן אַלס גרעסטן פיינט פון יעדער עקזיסטירנ-דיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג, אַלס אַ הויפּט פון אַ געהיימען קרייזל צישטערער — אַלס געפערלעכסטן בונטאַר... און דאַריבער האָט מען עס מיך פאַרשפּאַרט און הינטער מיין פענצטער וואַכט דער זעלנער מיטן ביקס...

און כ׳דערהער מיט אַמאָל חי עמיצער, וועמעס פנים איך זע נישט, נאָר וועמעס קול איך הער, הייבט אָן צו מיר רעדן צולהכעיסדיק, מיט גאַל:

— באַלד, באַלד וועט זיך שוין אָנהייבן די גרויסע פייערלעכע פּראָצעסיע... בראש פון דער פּראָצעסיע וועט מען טראָגן דיין קאָפּ צו שאַנד און צו שפּאָט... טרומייטן וועלן שאַלן... האַרמאַטן וועלן דונערן...

איך ווער אויסער זיך פון צאָרן און פאַרדרוס, און כ׳ווענד זיך צום זעלנער הינטערן אָפענעם פענצטער:

— גלייב זיי נישט. דאָס זעגען פּשוטע אימפּראָוויזאַטאָרן... כ׳בעט דיך, דערציי״ל עס דיינע עלטסטע... ס׳איז כּזב ושקר: כ׳בין נישט קיין בונטאַר... כ׳בין נאָר אַ סאָציאַליסט... אַ ראיה האָסטו: מ׳האָט מיך אַרויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט צום שטאָט־ראַט... אַלע האָבן עס... גאַנץ שטאָט ווייס עס... און בונטאַרן גייען דאָך נישט צו קיין וואַלן... ס׳אַליגן, אַ ליגן... דאָס ווילן „זיי״ מיך פון דער וועלט אומברענגען...

אַזוי רעד איך צום זעלנער מיט אַ יסורים־פולער שטים, ממש מיט תחנונים, און וויל אים אויפווייזן דעם בלבול, און וויל אים איבערצייגן, אַז מ׳האָט מיך אומזיסט פאַרשפאַרט...

דער זעלנער שטייט אָבער ווי אַ פאַרגליווערטער און שמייכלט קוים.

פּלוצלינג דערהער איך אַ ווייט געזאַנג און דאָס שפּילן פון אַן אָרקעסטער. איך שוידער־אויף.

ס׳דערנעענטערט זיך דאָס געזאַנג, ס׳דערנעענטערט זיך דאָס שפּילן...

כ׳הער־אויף צו זען דעם חדר, דאָס פענצטער, דעם זעלנער... אַ ים קעפּ!... אַ ים קעפּ ציט זיך, כוואַליעט זיך אין דער לופט... אין דער אָנגעגליטער ברענענדיקער לופט... מען זינגט און מען יובלט... איך ווייס אַליין נישט, צי ווער איך נאָכגעטראָגן, צי שוועב איך אַליין מיט מיין אייגענעם ווילן נאָך דעם מענטשן־המון — כ׳שפּיר נאָר, ווי די פּראָצעסיע ציט זיך, ציט זיך ווי אַ פינצטערער ים... אָט באַלד — האָב איך דאָס באַוווּסטזיין — וועט מען מיין קאָפּ נעמען אויבן־אָן... כ׳פיל שוין ווי עמיץ וואָלט מיך ביים האַלז געוואָרגן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

---

ווידער דערזעלבער חדר, דאָס זעלבע בעט...

פאַר די אויגן דרייט זיך הין און צוריק די סטרא אחרא: מיינע צייניקער.

הינטער דער וואַנט דערהער איך פּלוצלינג משונהדיקע קולות, אומגעלומפּערטע געוואַלטן.

כ׳דערקען היימישע שטימען...

האַ ? ?...

אָך, איך פאַרשטיי שוין: מיינע פריינט זענען גע׳חיס געקומען לסוף מיר צו הילף — האָט זיי אויך געטראָפן דערזעלביקער גורל וואָס מיר... מ׳פייניקט זיי, מ׳מאַטערט זיי...

וואָס ווייטער ווערן די קולות הינטער דער וואַנט אַלץ מאוימדיקער. אַ פּנים, די ערגסטע יסורים טוט מען זיי דאָרט אָן...

אָט דערזע איך טאַקע ווי דורך אַ נעפּל אַ פאַרבאָרגענע הייל, ב׳דערקען דאָ־ט אַלע מיינע נאָנטסטע... זיי ליגן איינציקווייז איינגעקלאַמערט אין כּאָרטוורן און כ׳טוט אָפּ איבער זיי די ווילדסטע מעשׂים. מען שניידט זיי אָפּ אבֿרים, מ׳פליקט זיי אויס די האָר פון קאָפּ, מ׳ברענט זיי דאָס לייב מיט אָ־געגליטע שפּיזלען... איבער די פּ־ויען באַגייט מען די נידריקסטע גע׳וואַלט-אַקטן... זייערע קולות שפּאַלטן אַזש די דיקע ווענט פון דער אינקוויזיציע-הייל...

און אַלץ דערפאַר, ווייל זיי זענען געקומען צו מיר — צו דעם „גרעסטן בונטאַר״...

איך שריי, איך ליאַרם, אַז זיי זענען לחלוטין אומשולדיק; אַז זיי זענען גאָט די נשמה שולדיק; איך רייס זיך פון בעט; אָבער מ׳לאָזט מיך נישט גיין צו זיי...

עס לאָזט מיך אָבער בשום אופן נישט ליגן אונטער זייערע קולות — איך פיל אַליין זייערע ווייטאָגן... איך פיל זיי ממש אין מיין גאַנצן גוף... כ׳נעם זיך רייסן מיט ווילדער קראַפט — איך מוז ראַטעווען זיי אין זיך!... כ׳שפּרינג אויף אַ ווילד-געוואָרענער אויפן בעט אין ווייל אַוועקטאַנצן צו זיי אין הייל אַריין, אויף יענער זייט וואַנט... ווייזט זיך אָבער גלייך זי, די מכשפה, וואָס הערט נישט אויף צו לווערן אויף מיין לעבן, און צוזאַמען מיט איר אַ גאַנצע כּת מיט לצים און שדים און מ׳וואַרפט זיך אויף מיר. איינער כאַפּט מיך פאַר אַ האַנט, דער צווייטער פאַר אַ פוס, דער דריטער פאַרן קאָפּ, און זי, די פאַרשאָלטענע, טאַנצט אַרויף צו מיר אויפן בעט און הענגט זיך אָן מיט ביידע הענט אַרום מיין האַלז...

אַ קורצער געראַנגל — כ׳בין אומגעפאַלן צוריק אויפן בעט. פאַרפאַלן, כ׳בין באַזיגט ווי אַ לאַם, כ׳בין ווידער אין זייער רשות...

ליג איך ווייטער אַ פאַרביטערטער, אינגאַנצן אַ צעבראָכענער און צעשלאָגענער... ברענענדיקע וווּנדן איבערן גאַנצן קערפּער...

און דאַרטן הינטער דער חאַנט — ווו ביסטו גערעכטיקייט! — הערן נישט אויף די ווילדס־ע מעשים..

איך שריי — מער קאָן איך נישט ווי שרייען:

— תּליִנים! חיות! דאָס אומשולדיק פאַרגאָסענע בלוט וועט פאַלן אויף אייערע קעפ!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

"דערזע פאַר זיך בלוצלינג אַ פּלויט ביי אַ חורבה. האַרט צוגע־טוליעט צום פּלויט שטייען אויסגעשטעלט אַלע מיינע נאָענטסטע. זיי שטיי־ען איינגעקאָרטשעטע, אויסגעפייניקטע, מיט צער־פולע פּנימער, מיט יסו־רימדיקע אויגן און וואַרטן אויף זייער גורל... כ'דערקען זיי אַלעמען אין זייער אומגליק, כאָטש די איבערגעטראָגענע יסורים האָבן געלייגט אַ פּינצ־טערן חותם אויף זייערע פּנימער: אָט שטייט מיין בעסטע עצה געבערין מאַ. דאָס V... ווי געענדערט זי איז געוואָרן! דערנעבן — דאָס מיידל, וואָס ליבט מיך שטענדיק, נאָר איך זי קיינמאָל נישט... בלאַס ווי דער טויט.. (אויך זי איז מיר געקומען העלפן, כאָטש כ'ווייס, אייגנטלעך נישט פאַר וועלכע מעשים־טובים, קנאַפּ שלאָפלאָזע נעכט האָט זי געהאַט צוליב מיר!...) אָן אַ זייט — זי, מיין פריינדין פון דער לעצטער צייט... נאָך איר — מיינער אַ נייער פריינד. נעבן אים — צוויי זקנהשע, צעבראָכענע פיגורן פון מיינע היימישע ד' אמות...

קעגנאיבער, אויף אַ היבשן מרחק, באַמערק איך אַ גאַנצע שורה זעלנער, או סגעשטעלט גלייך, ווי נישט לעבעדיקע.

כ'ווייס וואָס דאָ וועט באַלד פאָרקומען..

איך וויל צולויפן צום פּלויט... כ'וויל זיי באַרויקן... כ'וויל טרייסטן..

— שטייט! שטייט! שטייט! — שריי איך אין דער זייט פון די זעלנער...

אָבער —

— ט—ר—ר—ר—אַך!...

אַ קנאַלעריי פון ביקסן האָט געשפּאָלטן די לופט און אַלע ביים פּלויט זענען גלייכצייטיק אומגעפאַלן ווי אונטערגעהאַקטע ביימער אין וואַלד — —

— תּליִנים! רוצחים! — שריי איך נישט מיט מיין קול. — דאָס אומשולדיק פאַרגאָסענע בלוט וועט פאַלן אויף אייערע קעפ! —

---

נקמה...

מיך קאָנען „זיי" נישט טויטן: מען שיסט מיך — איך לעב! מען שטעכט מיך מיט שפיזן אין ברוסט — איך לעב! מיין ברוסט איז פול ווונדן — איך לעב!...

מיך קאָנען זיי נישט טויטן: כ'בין אַ גייסט! אויף מיין האַנט זענען אויסגעקריצט מיט בלוט צוויי ווערטער: „ג ר ו י ס ע ר  ג ײ ס ט"... איך זע בולט די רויטע פלאַמיקע אותיות... עס וואַקסט אין מיר דאָס האַרץ פון פרייד...

נקמה!...

הייליקע נקמה!...

כ'מוז זיך נוקם זיין פאַר דאָס שלעכטס...

כ'בין פריי פון גלך! אָט טו איך אַ פאָך מיט די הענט ווי מיט פליגל און שוועב אין דער לופטן... איך שוועב איבער פעלדער און ישובים, און קיינער האָט איבער מיר קיין שליטה נישט... כ'בין אַ שוועבנדיקער מלאך...

איך פלי! איך פלי!...

און פון דער הייך פלוך איך דאָס שלעכטס, שעלט איך דאָס רשעות דאָרט אויף דער ערד... איך פלוך — אונטער מיר אין דער נידער קראַכט עס און ס'ווערט חרוב... פון הייזער ווערן חורבות, פון גאַסן — קופעס שטיינער... און צווישן די חורבות פליען אום די שלעכ-טע — ווילד פון משוגעת, צעטומלט פון שרעק, און געפינען קיין אָרט נישט, קיין באַהעלטעניש...

און אָט קום איך צושוועבן צו די עטלעכע געביידעס, ווו מ'האָט מיך אַזוי לאַנג געפייניקט; ווו מ'האָט מיך געברענט און געבראָטן; ווו הינטער אַ פלויט האָט מען פאַרגאָסן דאָס אומשולדיק בלוט פון מיינע נאָענטסטע... זאָלן זיי זיך אָקאָרשט איצט צו מיר דערנענטערן!...

כ'בין אַליין אַריין אין דעמזעלבן חדר — דורכן אָפענעם פענצ-טער אַריינגעשוועבט, — אינם זעלבן בעט זיך געלייגט, ווו מ'האָט מיך געשמידט, געשטאָכן, געשאָסן — קומט, קומט אדרבה! פאַרמעסט זיך אויף אַ גייסט!...

אויף מיין ברוסט האַלט איך אָפן מיין האַנט מיט די בלוטיקע פלאַמיקע אותיות: „גרויסער גייסט" — —

אויף דער שוועל באַווייזן זיך דערשראָקענע פּנימער. זי די מכשפה, ציטערט ווי אַ בלאַט. דער אַלטער שד איז ווי איינגעקאָרטשעט געוואָרן אין דרייען. מ׳טוליעט זיך און מ׳כּרעסט זיך איינע צו די אַנ־דערע, מ׳קוקט אויף מיר פֿינדערווייטנס און קיין טריט פֿאָרויס!

— איצט ווייסט איר שוין — ווענד איך זיך צו זיי, — פֿאַרוואָס איך שטאַרב נישט? פֿאַרוואָס איר קאָנט מיך נישט טויטן? — נאַט זעט!

און כ׳האָב זיי מיט אַ מאַיעסטעטישן זשעסט אַ ווייז־געטון די האַנט מיט די בליטיקע פֿלאַמיקע אותיות...

איך זע — זיי ציטערן, זיי שווידערן און קאָנען קיין וואָרט נישט אויסרעדן.

איך שכּיר — כ׳האָב געזיגט! כ׳האָב מנצח געווען דאָס שלעכטס! און פֿון גרויס חדוה און באַגייסטערונג האָב איך גענומען זינגען...

כ׳האָב געזונגען אַזוי הייליק, אַזוי דערהויבן... קלאַנגען נאָך קלאַנגען... כ׳בין אינגאַנצן פֿאַרשכּורט געוואָרן...

דאָס איז געווען אַ ליד אָן ווערטער, אַ געזאַנג נישט פֿון ערד, נור פֿון הימל... דאָס איז געווען אַ ליד פֿון הייליקן נצחון, פֿון הייליקער נקמה — — —

כ׳האָב געזען באַשיינפּערלעך ווי בעת מיין זינגען האָבן זיי אַלע בײַ דער טיר געוויינט... אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און געוויינט... אפילו זי, די מכשפה, האָט אויך פֿאַרקריכט דאָס פּנים און אין איר גרויסע פֿאַרמאַכט אַנטקעגן מיר האָט זי געגאָסן מיט טרערן — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

---

...אַ מידע נאַכט איז אויף מיר אָנגעפֿאַלן. אַ שטימע פֿאַרהלשטע שוואַרצקייט אין פֿענצטער...

כ׳בין שוואַך און הילפֿלאָז ווי אַ גוססדיק קינד. כ׳קאָן אַזש די אויגן נישט האַלטן אָפֿן פֿון מידקייט. איך שפּיר — כ׳גיי אַנטשלאָפֿן ווערן, אינגאַנצן אַנטשלאָפֿן ווערן: דער קאָפּ, דאָס האַרץ, דער גוף — אויף שטענדיק...

ווי גרינג מיר ווערט בײַם אָנקום פֿון דער רו! ווי גוט!...

אָבער — די תּלינים! די תּלינים מיינע!
ווידער וואַקסן זיי אויס איבער מיר מיט זייערע שטעך־כלי זין
מיט זייערע אינקוויזיציע־מכשירים...
כ׳בעט זיך תחנונימדיק אין מחשבה:
— לאָזט מיך שטאַרבן... כ׳גיב זיך אייך אונטער...
אָבער ארויסרעדן דאָס קלעקט מיר נישט קיין קראַפט...
ס׳ארן מידע נאַכט! ס׳אַרנ שטומע, פאַרחלשטע שוואַרצקייט אינפ
פענצטער! — — — — — — — — — — — — — — —

---

...כ׳ליג אין עפּעס אַ קלעם — אַ מין טויט־אַפּאַראַט...
פינצטער. הושך. כ׳זע גאָרנישט. כ׳זע קיינעם נישט. ס׳רוישט.
ס׳גרילצט. ס׳שטיקט ביים אָטעם...
— טררררררררר!... — און שוין, איך פיל שוין נישט קיין
הענט.ביידע הענט ליגן פון ביידע זייטן אייסגעצוויגן, גלייך, אומבאַ־
וועגלעך — טויט!...
טררררררר!... — און שוין, איך פיל שוין נישט קיין פיס. ביידע
פיס פאַרגליווערט, אָן באַוועגונג, ווי שטיקער בליי — טויט!...
טררררררר!... — און שוין, די צונג ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ
באַוועג־אָזער זאַך, קיין ריר, כ׳פרווו עפּעס אויסריידן — כ׳קאָן נישט,
שטום — טויט!
עס בלייבט נאָר איבער, — אַזוי קלער איך בעת מעשה — בלויז
מח און האַרץ: דער קאָפּ קלערט נאָך און דאָס האַרץ פילט נאָך...
טררררררררר!...
טררררררררר!...
אין קאָפּ שווינדלט, שווינדלט... דאָס האַרץ צאַפּלט אינעווייניק
קאָרטשעט זיך...
טררררררררר!... — — — — — — — — — — — — —

---

...אַ פאַרנאַכטיקע טונקלקייט
איך זע: אַ ריזיקע מאַסע ציט זיך, ציט זיך איבער פאַרמרה־

שחורהטע טונקעלע גאַסן. אַ ים קעפּ! פּאַמעלעך, פּאַמעלעך וויגט זיך די מענטשן-מאַסע און שאַרט זיך אַלץ אַהין, אַהין, צום הינטער-דער-שטאָט-צו. אין סאַמע מיטן פון דער מאַסע, אין דער הייך, אויף אַקסלען, וויגט זיך אַ שוואַרצער קאַסטן — אַן אָרון! חיגט זיך אַרויף-אַראָפּ, אַרויף-אַראָפּ, ווי אויף כוואַליעס פון אַ טייך... און איך... איך ווו בין? איך שוועב, דוכט זיך, פון אויבן, ווי אַ געדאַנק, ווי אַ מחשבה.. כ'שפּיר נישט קיין קערפּער, קיין געשטאַלט... איך בין נאָר, אַ כּביכול, נשמה!...

אַך יאָ! אַזוי איז עס. אַזוי איז עס טאַקע: דאָס בין איך עס די נשמה פון דעם גוף, וואָס ליגט דאָ אינם אָרון... אָט דאָ אויף די אַקסלען אין מיטן דער מאַסע... דאָס איז עס מיין לוויה... דאָס באַגלייט מען מיך צו דער אייביקייט...

מיט אַמאָל דערשפּיר איך זיך אין אַ טיפעניש, אין אַ שטאַק-פינצטערקייט. כ'זע שוין גאָרנישט, גאָרנישט, כאָטש מיינע אויגן זענען אָפן... פון אויבן, פון איבער מיר, פאַרנעם איך נאָר עפּעס אַ טויבן קלאַנג: אַך יאָ, דאָס ליג איך עס איז גרוב און דאָס שיט מען עס רידלען ערד — —

און מערקווירדיק! — כאַפּ איך זיך בעת מעשה: — כ'בין דאָך שוין טויט — און כ'טראַכט!... דער געדאַנק פונקציאָנירט!... הייסט עס, אַז מ'קאָן אויך טראַכטן נאָכן טויט?..

און ווי איך קלער אַזוי און חידוש זיך אין דער שטאַק-פינצטערקייט, טוט זיך פּלוצלינג די ערד אונטער מיר אַ שפּאַלט-אויף מיט אַ געוואַלטיקער האַסטיקייט, אָבער שטיל, אָן גערויש און — — —

כאָ! כאָ! כ'הייב זיך אָן צו קייקלען באַרג-אַראָפּ באַרג-אַראָפּ אין אַ ריזיקן שפּוע, קייקל זיך, קייקל זיך, ביז איך בלייב ליגן אַ געקחו אין אַ כאָל.

איך שפּעל זיך אויף, רייב-אויס די אויגן — אַ פאַרנאַכטיקע מאַטע ליכטיקייט און אַ נידעריקער טונקל-בלויער הימל אַרום און אַרום.

איך שטוין: ווו בין איך דאָ אין דער וועלט? ווו?..

כ'קוק זיך אַרום און זוך מיט די בליקן אין אַלע זייטן. —

— האַ! האַ!

— הע! הע!

— האַ! האַ!

וואָס פאַר אַ קולות? וואָס פאַר אַ שטימען?
כ׳באַמערק:

פון דעמזעלביקן שפּוּע, פון וואַנען איך האָב זיך אָקאָרשט אַראָפּ. געקייקלט, קאָלערן זיך אַ גאַנצע גרופּע מתים... זיי קייקלען זיך, קייק. לען זיך, און אָט זענען זיי שוין אין טאָל נעבן מיר, און אַלע שטעלן זיך אויף די פיס און נעמען אויסרייבן די אויגן, פּונקט ווי איך פריער...

און וואונדער איבער וואונדער: כ׳דערקען אַלע מיינע פרייגט און באַנטע, וואָס מ׳האָט צוליב מיר געפייניקט און דערשאָסן הינטערן פּלויט.. בלויז פון דער זייט, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, איז געשטאַנען אַן על. טערער ייד, עגלעך צום געשטאַלט פון „ווילנער גאון", אין טלית און תפילין, — אויך אַן אַראָפּגעקאָלערטער — און ר׳האָט טרויעריק גע. שוויגן. צווישן מיינע פריינט איז אויך פאַראַן מיינער אַ נאָנטער חבר, וועלכער איז נישט לאַנג יונגערהייט פון דער וועלט אַוועק, און איצט זע איך אים דאָ אינם טאָל.

מיר פאַלן אַלע איינע די אַנדערע אויף די העלזער, אָרעמען זיך און קושן זיך, און בראַלן-אויף אין אַ ווילדן הפקרדיקן געלעכטער, וואָס פאַרהילכט אינם גאַנצן רוים אַרום און אַרום:

— כאַ! כאַ! כאַ! כאַ!

— כאָ! כאָ! כאָ! כאָ!

— כי! כי! כי! כי!

- כע! כע! כע! כע!

מיר האַלזן זיך נאָכאַמאָל, קושן זיך שטאַרקער ווילדער, און ווידער:

— כאַ! כאַ! כאַ! כאַ!..

פון אַרום און אַרום, פון דער טונקלקייט, איז אַן עכאָ געקומען:

-- כאַ—כאַ—כאַ—כאַ—כאַ...

מיר האַלטן זיך ביי די זייטן, בייגן זיך פון געלעכטער און דריי. ען און קייכן, קייכן, קייכן...

ס'האָט אונז אַלעמען ארומגענומען אַ ווילדקייט, אַ משוגענע פרייד וואָס האָט קיין גרענעץ נישט, וואָס האָט גאָר קיין נאָמען נישט אין מענטשלעכן לשון.

— נישטאָ קיין טויט!

— נישטאָ קיין טויט!

— נישטאָ קיין טויט!

מיר האָבן געטאַנצט און געליאַרעמט, געטאַנצט און געזונגען:

— נישטאָ קיין טויט!

— נישטאָ קיין טויט!

— נישטאָ קיין טויט!...

און אַז דער ע־שטעטער שגעון האָט מיך אָפּגעלאָזט און כ'האָב שוין געקריגן לענגערן אָטעם, האָב איך פּאַטעטיש זשעסטיקולירט מיט די הענט און געפרעדט מיט היץ, מיט התלהבות:

— אַ ליגן! אַ ליגן! אַ ליגן! דער טויט איז אַ ליגן! טויזנטער יאָרן לעבן מענטשן אויף דער ערד און שרעקן זיך, צייטערן פאַרן טויט אימת מות... גאַנצע דורות איז דער טויט געווען דער ערגסטער, דער גרויזאַמסטער שרעק־בילד פאַר די לעבעדיקע, און איצט, נאָכן פלומרשטן שטאַרבן, זעען מיר, אַז — אַ ליגן! אַ ליגן! ס'איז גאָר קיין טויט נישטאָ! אומזיסט אומנישט פייניקט זיך אַ וועלט אין אייביקן פחד פאַרן טויט — — —

און אַ צווייטער פון דער גרופּע „מתים“ — מיין פריינט דער מתבודד, מיט מלאכישער נשמה־ריינקייט, וועלכער איז בטבע גענייגט צו חקירה, האָט אָנגעהויבן מיט אַן אויפגעהויבענעם קול, מיט וועלכן ער איז קיינמאָל נישט געוווינט געווען צו רעדן:

— מיר זעען איצט דעם טראַגישן טעות, וואָס די חיסנשאַפט האָט געמאַכט. אָנהייבנדיק פון אַריסטאָטעלעס און ענדיקנדיק מיט קאַנט, האָבן אַלע געטאַפּט אין דער פינצטער ווי די בלינדע ווערים. ס'איז זיי קיינעם נישט געלונגען אַראָפּצורייסן דעם שלייער פון דער געהיימניש, וואָס הייסט לעבן... איצטער זעען מיר, מענטשן־ברידער, אַז טויט איז אַ אָפּנאַרונג פאַרן אויג, פאַרן מענטשלעכן געדאַנק אויף דער ערד; אַ לעבן באַדייט אומשטערבלעכקייט!...

און לסוף נאָך האָט דערדאָזיקער חקרז אונו דערקלערט וויסנ־שאַפטליך דעם גאַנצן רעטענישדיקן ענין.

— בעת אַ מענטש — זאָגט ער — שטאַרבט, לייגט מען אים אַריין אין אַ קבר, ד. ה. אין שיכט אָדער צוויי שיכטן טיף אין דער ערד; אָבער באַלד נאָכדעם, ווי די קברנים טוען אָפּ זייער אַרבעט, עפנט אויף פון אינעווייניק די ערד איר טראַכט און וואַרפט אַרויס דעם געשטאָר־בענעם — אייגנטלעך דעם איינגעשלאָפענעם — אויף יענער זייט פון די ערדישע גרעניצן, אין דאָ, אויף דער צווייטער זייט ערד, כאַפּט זיך דער מענטש אויף און וועבט ווייטער זיין לעבן — זיין אייביק לעבן... אַז איר ווילט קאָנט איר עס וויסנשאַפטלעך באַצייכענען מיטן נאָמען „די צווייטע געבורט”... איר פאַרשטייט? דאָס איז, אייגענטליך, אַן ענדערונג פון דער אַטמאָספערע, אַ גרינדלעכע איבערוועקסלונג...

ער וואָלט נאָך לאַנג, לאַנג גערעדט, דער דאָזיקער חקרן, אָבער קיינער פון ונז האָט קיין געדולד נישט מער. די פרייד ברויזט אַרויס פון אונז, ווי אַלטער ווייַן פון פלוצלינג געעפנטע פעסער, און הייבט אונז אין דער לופטן... און ווידער כאַפּן מיר זיך אַרום, שליסן זיך אין אַ ראָד און טאַנצן, און שפרינגען און זינגען:

— נישטאָ קיין טויט!

— נישטאָ קיין טויט!

— נישטאָ קיין טויט

אין מיטן טאַנצן באַמערק איך, ווי דער ייד אין טלית און תפילין שטייט נאָך אַלץ פונדערווייטנס ווי אַ מרה־שחורהניק, מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטן קאָפּ.

— העי, ר' ייד! — האַלט איך אָפּ דעם ראָד און נעם שרייען צו אים, — העי ר' ייד! קימט נאָר, וואָס זשע ווערט איר איצטער זאָגן? וו איז אייער יענע וועלט? וו איז אייער גן־עדן? ווו איז אייער גיהנום?... איצטער זעט, זעט; ס'איז בכלל גאָר נישטאָ קיין טויט! נישטאָ קיין טויט נישט פאַר צדיקים, נישט פאַר רשעים!..

אונזער מטורפער עולם טוט זיך פלוצלינג א לאָז צו אים און שלעפּט אים אויך אַריין אין רעדל, דעם איינזאַמען צדיק, און ס'הילכט און ס'קלינגט:

— נישטאָ קיין גיהנום!

— נישטאָ קיין גן-עדן!
— נישטאָ קיין טויט!...
— נישטאָ קיין טויט!...
— כאַ! כאַ! כאַ! כאַ! כאַ!
און פון מזרח און פון מערב, פון צפון און דרום איז צוריקגע-קומען דאָס עכאָ:
„כאַ-כאַ-כאַ-כאַ-כאַ...“

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ'ווייס נישט ווי אזוי ס'איז געשען — מיר זענען אַלע צעשיילט און אָפגעזונדערט געוואָרן איינער פון די אַנדערע. מסתמא, טראַכט איך, איז שוין דער גורל פון יעדערן, צו ווערן דאָ אָפּגעזונדערט... וואָרום, אין גרונט, פאַרוואָס זעט מען נישט די גאַנצע מאַסע גע-שטאָרבענע אין אַ משך פון דורות?... נישט אַנדערש — אַזאַ גורל: זײַן געזונדערטקייט...

די אָוונט-בלויקייט איז געוואָרן מיט יעדער רגע אַלץ טונקעלער און טונקעלער. כ'בין איינער אַליין צופוסנס פונעם ווי יקן באַרג, וועלכער שילט פונאַנדער די ווייט פון יענער זייט לעבן. —

ש-ש-ש-ש... אין די אויגן האָט מיר פּלוצלינג אַ בלענד-געטון: אויבן אין עטער איז אויפגעגאַנגען אַ גרויסער שטערן — אַ ריזיקער, פינקלדיקער באַל.

כ'דערהער אַ קול פון דערווייטנס אין דער טונקלקייט — אַ באַ-קאַנטער קול פון אַ גרויסן בעל-חלומות, וועלכער חלומט און טרוימט תמיד אויף דער ערד — אויף יענער זייט — וועגן אַ שיינעם ליכ-טיקן מאָרגן... דער קול איז אַ ווייטער — כ'ווייס נישט, פון דער אָדער פון יענער זייט — און כ'הער דייטלעך:

— דער דאָזיקער העלשטערן איז אונזער צוקונפט, דער ציל פון אונזער שטרעבן... היט אים און לאָז אים נישט אָפּ פון אויג!

די דאָזיקע ווערטער האָבן געקלונגען באַפעלעריש און כ'האָב זיך געשטעלט צו דינסט.

מיט מיין גאַנצן וועזן האָב איך זיך איינגעגראָבן אין דעם העל-שטערן און זיך ממש צונויפגעגאָסן מיט זיין גאָלדענער ליכטיקייט. די

דאָזיקע ליכטיקייט און גאָלדיקייט האָט מיך דורכגעדרונגען מיט הייליקייט און פרייד — פרייד, וואָס דערהייבט די נשמה ביז געטלעכקייט... דאָס ערשטע מאָל זע איך אַזאַ שיינקייט, דאָס ערשטע מאָל פיל איך אַזאַ הייליקע לויטערקייט... אַזוי נאָר קאָן טאַקע אויסזען דער חלום פון גאָלדענעם עתיד...

איך היט, דעם ה ע ל ־ ש ט ע ר ן, און קלאַמער זיך ממש אין זיינע שטראַלן...

כ'דערפיל אַ מידקייט...

כ'הייב זיך אָן צו שרעקן פאַר מיינע כחות.

פאַרוואָס בין איך אַליין? איינער אַליין? פאַרוואָס העלפט מיר קיינער נישט היטן דעם ה ע ל ־ ש ט ע ר ן...

כ'ווער מידער און מידער...

אַך! כ'האָב מורא, כ'וועל נישט זיין ביכולת...

כ'בין שוין אַזוי מיד... אַזוי מיד...

כ'וויל שרייען אין דער ווייטקייט; אָבער תוך־כדי־דבור רייסט זיך הי אָפּ פון מיר דער ה ע ל ־ ש ט ע ר ן און הייבט זיך אָן שנעל דערווייטערן אין דער עטערישער וויסטקייט... ער ווערט ווייטער, קלענער, איינגעשרומפּענער... די גאָלדיקייט ווערט מאַטער, טונקעלער... און אָט זעט ער שוין אויס, דער ה ע ל ־ ש ט ע ר ן, ווי אַ קליינער איינגעדאַרטער, פאַרפלעקטער קריבל. וואָס איז זיך אַליין שוין נישט בכח צו באַלייכטן...

כ'וואַקל זיך אויף די פיס פון שוואַכקייט; כ'פאַל אַריין אין טיפסטער פאַרצווייפלונג... וואָס וועט איצטער זיין?...

און פון ערגעץ, דורך דער פינצטערנישט דערהער איך ווידער דעם זעלבן קול פונעם גרויסן בעל־חלומות:

— אונזער ה ע ל ש ט ע ר ן! אונזער צוקונפט! אַ גאַנצע וועלט האָט דורות לאַנג געהאַרט אויף דעם דאָזיקן ה ע ל ־ ש ט ע ר ן און דו — ווען מ'האָט אָנגעטרויט צו היטן — האָסט אים אָפּגעלאָזט! האָסט אים גלאַט פאַרשווינדן!... גרויס איז דיין שאַנד! גרויס איז דיין שאַנד! וואָס זאָלן מיר איצטער טון אָן אַ צוקונפט? צו וואָס זאָלן מיר איצטער שטרעבן? — — — — — —

אין פון ערגעץ אַן אַנדער זייט ענטפערן דורך דער פינצטערניש אַנדערע שטימען פון מענטשן, וועלכע שטייען ביים רודער פון דער געזעלשאַפט:

– אַ שאַנד!

— אַ שאַנד!

— אַ שאַנד!

די שטימען ווערן דערווייטערט. קוים־קוים וואָס מ׳הערט זיי. שטילער און שטילער, אָבער פול פאַראַכטונג, הערט דאָס איינציקע וואָרט „שאַנד״... באַלד ווערן די ווייטע קולות אינגאַנצן אָפגעשטאָרבן...

טיפע, גרענצלאָזער צער — נשמהדיקער צער פון פאַרצווייפלונג...

עס לייגט זיך אויף מיר אַ שווערער, דריקנדיקער חושך. עס שטיקט מיך. איך קאָן קוים אָטעמען: דאָס ווערגט מיך די שאַנד, די גרויסע שאַנד... זי שטיקט מיך ווי אַ ריזיקע משא: אַ קליינינקייט, טראָגן אַ שאַנד לגבי אַ גאַנצער מענטשהייט! — — —

איך פאַל אום און געם כּוויזען אויף דער ערד ווי אַ וואָרים.

כ׳בלייב ליגן אין עפּעס אַ הצק. קלעפּיק. שטיקנדיק. איך אָטעם אַזוי שווער. אָבער כ׳האָב קיין תּרעומות נישט: כ׳בין עס ווערט, כ׳פאַר־דין עס!... אָט אַזוי וועל איך שוין מכתּמא דאָ ליגן און זינקען אין שמאַך און אין חרפּה... די גאַנצע וועלט וועט אייביק קלינגען מיט מיין גרויסער שאַנד...

כ׳בלייב דער קין־צייכן פון דער וועלט!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

---

.....ומבאשטימטקייט...

חושך איבער חושך.

איך זע נישט, איך הער נישט, איך שפּיר נישט...

גאָרנישט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳ווייס נישט וויפיל דאָס „גאָרנישט״ האָט געדויערט: מינוטן צי שעהן?...

---

א בלענדנדיקער שיין האָט מיינע אויגן אויפגעריסן. —
איך ליג אין אַ בעט און איבער מיר, כמעט איבערגעבויגן, שטייט א באַ־מהערציקע שוועסטער אין בלענדנד־ווייסן מיט אַ מונטער געזיכט.
ב׳דערקען: מ יי ן באַרמהערציקע שוועסטער!
איך קוק ווייטער און דערקען: הינטער מיר דאָס פענצטער, דאָס טישל מיט פלעשלעך רפואות, און אויף דער פּאָדלאָגע אין ווינקל — בלומען, גאַנצע ב׳נטן בלומען... אָך יאָ: דאָס זענען דאָך יענע בלומען... יענע בלומען, וואָס מיינע פריינט האָבן מיר געשיקט... און זיי איך נאָך די צוגעטשעפּעטע וויזיט־קאַרטעס...
צי בין איך נאָך אין שפּיטאָל? — — —
אויף דער פּאָדלאָגע און אויף דער וואַנט קעגניבער, וווּ די טיר איז — גאַנצע סנאָפּעס זון־שטראַלן! כ׳דריי אויס אַ שטומען בליק צום פענצטער — אַ הערלעך־זוניקער טאָג אין דרויסן...
כ׳פאַרשטיי דאָס אַלץ נישט.
— איר שלאָפט נישט? — פרעגט מיך לסוף די שוועסטער, קוקנ־דיק אויף מיר כסדר.
— ניין... — ע׳ספער איך.
איך שטעל אָפּ אויף איר מיינע בליקן, ווייל זי עפּעס פרעגן און שטאַמל:
— הם...הם... זאָג מיר...
און ווער אַנטשוויגן.
— פרעגט! — זאָגט די שוועסטער, נישט אַראָפּנעמענדיק פון מיר די אויגן.
איך קוק אויף איר און שטאַמל לסוף אַרויס
— הם... הם... זאָג... בין איך... בין איך נישט געשטאָרבן?...
אַ שמייכל צוגיסט זיך אויף איר פּנים:
— וואָס הייסט?... איצט וועט איר שוין לעבן...
— אָבער... אָבער... — שטאַמעל איך ווייטער: — בין איך קיינ־מאָל נישט געשטאָרבן?...
די שוועסטער שמייכלט אָכענער, זי לאַכט כמעט און ענטפערט:
— אוודאי נישט... איר רעדט דאָך מיט מיר!..

איך שטעל אָפּ אויף איר לענגער מיין האַלב־תּמעתּאָטן בליק און טראַכט זיך אַריין אין אירע רייד...

— איז שוין דער דאָקטאָר היינט געווען? פרעג איך מאַכטלאָזיק, פערמאָגנענדיק אַז טאָג־טעגלעך קומט אַהער דער שפּיטאָל־דאָקטאָר.

— נאָך נישט, — ענטפערט זי, — ער קומט פּונקט 10 אינדערפרי. ס'איז שוין האַלב־צען.

— וואָס פאַר אַ טאָג איז היינט? — פרעג איך ווייטער.

— היינט איז פרייטיק.

— איז שוין געווען שבועות?

— יאָ, שוין געווען...

אין מיטן דערינען נעמט זי אַרויס פון אונטער מיין אָרעם אַ טערמאָמעטער, וואָס כ'האָב נישט באַמערקט ווען זי האָט אים אַריינגעשטעקט. זי גיט אַ בליק און פאַרצייכנט.

כ'פּרוּוו רירן מיט אַ האַנט און קאָן קוים די מינדעסטע באַוועגונג מאַכן. ס'איז מיר אויך שווער צו רעדן.

— איר וועט שוין לעבן... איר וועט לעבן..

איך קוק אויף איר שטום און בעט זי מיט די אויגן, זי זאָל נאָך עפּעס רעדן. זי פאַרשטייט, אַפנים, מיין בליק און רעדט ווייטער:

— די פאַרגאַנגענע נאַכט איז געווען דער קריזיס... איר זייט אים אָבער אַ־בערגעקומען... מאַלאָדיעץ!...

„בין איך, הייסט עס, נישט געשטאָרבן?... — טראַכט איך בּיי זיך, — מערקווירדיק!... און וואָס איז מיט מיינע אַלע פריינט, מיט מיינע נאָנטסטע? — האָט מען זיי טאַקע דערשאָסן?..."

איך שטרענג זיך אָן און שטאַמל:

— הם... זאָג מיר... כ'בעט דיך... וואָס איז מיט מיינע פריינט?... לעבן זיי?...

די באַרמהערציקע שוועסטער האָט זיך שטיל צעלאַכט. —

— זיי לעבן! — רופט זי אויס, — זיי לעבן! ערשט היינט באַגינען איז מען שוין דאָ געווען הינטערן פאַרקאַן. כ'האָב זיי געזאָגט, אַז שוין, ס'איז שוין נאָך קריזיס און אַז איר וועט געזונט ווערן. זיי זענען ממש געווען גליקליך פון דער בשורה.

איך הער זיך איין אין אירע ווערטער און גלייב איר עפּעס נישט

וְאָן עס געמאָלט זיין, אַז מ'האָט זיי נישט דערשאָסן?... — פרעג איך פאַרהידושט.

זי צולאַכט זיך ווידער און באַרויקט מיך:

— ניין, ניין! כ'זאָג אייך זיכער, אַז אַלע לעבן! כ'שווער אייך ביי אַלעם הייליקן... ס'האָט זיך אייך מסתמא נאָר אויסגעוויזן...

און אין אַ ווײַלע אַרום גיט זי צו:

— אויב איר ווילט זיי זען, וועל איך זיי אייך ווייזן. זיי וועלן שפּעטער אַלע קומען אַהער.

— גוט! גיט! — האָב איך זיך אָן דעם אַנגעכאַפּט.

אירע ווערטער זענען מיר שוין אין קאָפּ אַריין: הייסט עס, אַז אַלצדינג איז כזב ושקר! ווי שיקט זיך עס?... הייסט עס?...

כ'האָב אַזש גענומען שמייכלען ביים דאָזיקן געדאַנק.

די שוועסטער באַמערקט עס און פרעגט:

— וואָס לאַכט איר?...

— גאָרנישט... גאָרנישט... פון זיך אַליין לאַך איך...

עס עפנט זיך די טיר און ס'קומט אַריין דער אָרדינאַטאָר פון שפּיטאָל -- מיין באַקאַנטער דאָקטאָר.

ר גריסט זיך דער שוועסטער און פרעגט

– נו, וואָס הערט זיך?...

זי שמייכלט אין טוט אויף מיר אַ ווייז:

— אדרבה, פרעגט דעם קראַנקן...

— ווי פילט איר זיך? — ווענדעט ער זיך צו מיר און קוקט אויף מיר מיט פאָרשנדיקע בליקן.

— איך לעב... — ענטפער איך קוים צו הערן — אדרבה, זאָגט איר מיר, ווי האַלט עס עפּעס דאָרט מיט דער וועלט?...

אָבער תיכף האָב איך זיך געכאַפּט און גראָסט געפרעגט:

— וואָס הערט זיך עפּעס נייעס?...

— די נייעס איז די, אַז איר וועט געזונט ווערן און כ'וועל אייך צוריקגעבן אייער פאַרמאַכטן בריוו...

אין דעם אויגנבליק האָב איך זיך דערמאָנט, אַז כ'האָב איִם איבערגעגעבן אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט דורך דער שוועסטער... די דאָזיקע שוועסטער האָט מיר חי און ווי געטון דעם מות... --

דער דאָקטאָר שטעלט מיר נאָך עטלעכע פראַגן, ווי בעת זײַן עק-זאַמען, פרעגט עפּעס אויך בײַ דער שוועסטער, און דאַן הייסט ער זיך געבן דעם „קראַנקהייטס-לויף" און שרייבט עפּעס אַריין אַהין.

ער האָט מיר געגעבן די האַנט צום געזעגענען זיך און דערבײַ געזאָגט

— אָבער פאַרוואָס האָט איר מיך אַזוי פיל געזידלט?...

כ׳קוק אים אָן פאַרוווּנדערט:

— ווער? איך?... ווען?...

די שוועסטער שיסט אויס אַ געלעכטער.

— גאָרנישט, גאַרנישט, — שמייכלט דער דאָקטאָר, — כ׳וועל אײַך זאָגן אַ צווייט מאָל. צום ווידערזעען!

נאָכן דאָקטאָרס אַוועקגיין האָט מיר די שוועסטער געוויזן וואָס דער דאָקטאָר האָט אָנגעשריבן אין דעם „קראַנקהייטס-לויף". כ׳קוק און לייען מיט די אויגן: „ערשטער טאָג פון קלאָרן פאַרשטאַנד"...

אַ היבשע ווײַלע האָב איך געשוויגן און געטראַכט וועגן דידאָזיקע אָנגעשריבענע ווערטער...

— לאַנג האָט עס געדויערט?...

— גאַנצע זיבן מעת-לעת זענט איר נישט געווען בײַם באַוווּסטזײַן...

און באַלד דאַרויף דערציילט זי מיר, אַז בעת די קאָנסיליום, מיט עטלעכע טעג צוריק, האָב איך די דאָקטוירים געזידלט מיט די ערגסטע ווערטער..

— וואָס האָב איך זיי געזאָגט? — פרעג איך.

— כ׳קאָן עס נישט איבערריידן... איך שעם זיך...

— וואָס רעדט איר! פאַרוואָס געדענק איך נישט?

— ווי קומט איר עס געדענקען? איר זענט דעמאָלט געווען נישקשהדיק משוגע...

— אָבער וואָס האָב איך פּאָרט געזאָגט אויף די דאָקטוירים?...

— זייער גראָבע ווערטער... פוי!... מיר זענען אַלע שיער נישט צופּלאַצט געוואָרן פון געלעכטער... מיר האָבן געהאַט אַן אמתן כּפּעק-סאַקל... אָבער — באַרויקט זי מיך — נעמט זיך נישט צום האַרצן, איר זענט דאָך געווען נישט פאַראַנטוואָרטלעך...

די שוועסטער בייגט זיך אָן איבער מיר און גיט מיר אַ קוש אין

שטערן. כ׳האָב עס אָנגענומען פאַר אַזוי נאַטירלעך, גלייך ווי עס וואָלט געקומען גאַנץ מעכאַניש, גלייך ווי אַ „באַנע״ קושט אַ קינד... ס׳איז מיר אויך אויסגעקומען זייער נאַטירלעך וואָס כ׳רעד צו איר כסדר פער „דו״... גלייך ווי זי וואָלט באמת געווען מיין „ניאַניע״ אָדער „דערצ־ערין״...

זי האָט מיר דאַן געגעבן אין אַ גלאָז וואַרעמע מילך צום טרינקען. כ׳ה״ב געפרוווט נעמען מיט דער האַנט דאָס לעפעלע — אומזיסטעך! די האַנט פאַלט פאַרחלשט תיכף צוריק צראָפּ. האָט זי מיך געקאָרמעט לעפעלווייז ווי מ׳קאָרמעט אַ קליין קינד... און קאָרמענענדיק, האָט זי מיר אויך אַזוי פאַרקוקט אין די אויגן אריין און אינסטינקטיוו אַליין אויך בעת מעשה מיט די ליפּן געמאַכט...

נאָכן טרינקען האָט זי מיך ווידער אַ קוש געטון, ווי איינער רעדט: „אַ וואויל געהאָרכזאַם קינד, עס טרינקט״...

דער אַלטיקשקער דינער עפנט די טיר און מעלדעט דער שוועסטער, אַז מ׳וואַרט אויף איר.

זי אַנטשולדיקט זיך פאַר מיר און גייט אַרויס.

דעם דינערס געשטאַלט איז מיר אַריין אין קאָפּ אַריין: ער ז... דאָס איז ער עס געווען איינער פון מיינע פייניקער... פונקט אַזוי האָט יענער „שד״ אויסגעזען... אָט דער אַלטיטשקער סטעפאַן — ער איז דאָך אַזאַ וואוילער, אַ מענטש אָן אַ גאַל ממש.. שטענדיק פּאָרעט ער זיך אַרום מיר בעת מ׳דארף נאָר — בייטאָג, ביי נאַכט ..

באַלד קומט צוריק אַריין די שוועסטער אַ מונטערע מיט אַ פרישן בוקעט בלומען.

— נאַט! — טראָגט זי מיר אונטער אונטער דער נאָז, — זעלטענע רויזן!...

זי טוט מיר אַ ווייז די וויזיט־קארטע — דאָס איז פון איינער פון די „דערשאָסענע״...

כ׳ווער געוואַלטיק איבערראַשט און אויפגעהייטערט.

— אפשר ווילט איר, — זאָגט זי, — קאָנט איר זיי אויך זע... אָס דאָ דורכן פענסטער... אַ גאַנצע גרופּע שטייט דאָ קעגנאיבער... כ׳האָב זיי אויסגעשטעלט ווי סאָלדאַטן... איר ווילט?...

— איך וויל! איך וויל!

— סטעפאַן! — רופט די שוועסטער.

ס׳קומט ווידער אַריין דער גוטער אַלטיטשקער דינער.

— העלף מיר, סטעפאַן, אונטערצוהייבן דעם קראַנקן צום פענ־טער. ביידע האָבן מיך זאַל־ענאַנד אַ נעם געטון און פאָרזיכטיק אונ־טערגעהויבן אַזוי, כ׳זאָל קאָנען זען קעגנאיבער דורכן אָפענעם פענצטער.

ס׳האָט מיך אַזש פאַר די אויגן אַ שווינדל געטון: אַך... מיינע פריינט... מיינע נאָנטע... אַלע שמייכלען און גריסן מיט די הענט... פאָ־כען מיט היט...

— גענוג... — בעט איך גערירט, — כ׳קאָן מער נישט...

מ׳לייגט מיך צוריק אין בעט אריין, כ׳בין אויפגערעגט און צע־טומלט פון פרייד...

— נו, זיי לעבן!... — פרעגט די שוועסטער.

כ׳האָב גאָרנישט געענטפערט; כ׳בין ווי שכור געווען.

— כ׳וואָלט נאָך, איינגעלעך, נישט געשטאָרבן אייך אויכרענגן דער מיט; אָבער כ׳האָב אייך געוואָלט ווייזן, אַז אַלע לעבן...

און זי איז טאַקע גערעכט געווען, די שוועסטער. דאָס ווייזן מיר די „דערשאָסענע", האָט ביי מיר צושלאָגן דעם לעצטן ספק.. ס׳איז זיכער הייסט עס, אז אַלצדינג איז געווען — ליגן! — היך פאַנטאַזיעס!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„ערשטער טאָג פון קלאָרן פארשטאַנד"..

---

לאַנגע שפּיטאָל־טעג האָבן זיך לאַנגזאַם געצויגן.

מיט יעדן טאָג בין איך געוואָרן קרעפטיקער. כ׳האָב שוין געקאָנט דאָס לעפעלע אַליין צום מויל טראָגן. כ׳פלעג שוין אויך קאָנען זיצן אָנגעשפּארטערהייט אָן קישן.

די טעג זענען געווען געוויינטלעכע טעג — „טעג פון קלאָ־ן פאַר־שטאַנד"... בלויז די נעכט... די נעכט זענען נאָך אַלץ געווען אימהדיקע דער שלאָף האָט זיך פון מיר אינגאַנצן אָפגעקערט. תמיד וואך, די אויגן זענען איינגעפאַלן פון שלאָפלאָזיקייט, און יסורים האָבן אַרומגערינגלט מיין גוף פון אַלע זייטן... און טאָמער פלעג איך שוין ווען־עס־איז פון גרויס אויסגעמאַטערטקייט אָנהייבן דרימלען, פלעגן מיך תיכף באַפאַלן אַזעלכע בייזע קאָשמאַרן, אַז כ׳פלעג גלייך צוריק די אויגן אויפרייסן.

— קאַרגט נישט קיין בראָם! פלעג איך זיך בייטאָג בעטן ביים דאָקטאָר.

אָבער וואָס און וויפיל דער דאָקטאָר זאָל נישט פאַרשרייבן — וואָלטן פלעג איך ביינאַכט האָבן אַ שעה פון רויקן שלאָף. ס'פלעגט מיר שוין לאַנג אויסקומען צו ליגן מיט אָפענע שטאַרע אויגן אין דער פינצטערניש און כ'פלעג זיך קוים דערוואַרטן אויף דער באַגינען-גרויקייט...

נאָר ווי שווער און פייַנליך די נעכט זענען נישט געווען — די טעג פלעגן מיך אויפמונטערן! ס'זענען גראָד כסדר געשטאַנען זוניקע יוני-טעג. פון אָפענעם פענצטער פלעגן אַרייַנדרינגען פרילינגדיקע זיסע ריחות פון בעז... און צוזאַמען מיט דער גרינקייט הינטער מיין פענצטער האָט זיך אויך אין מיר דאָס לעבן אויפסניי פונאַנדערגעבליט... עס האָט זיך אין מיר אויפגעוועקט אַזוי פיל האָפנונג, אַזוי פיל דערוואַרטונג... ס'האָט זיך מיר געדוכט, אַז איצט, בעת כ'וועל נאָר פון שפּיטאָל אַרויסגיין, וועט מיין לעבן אַוועקגיין איבער גאָר אַנדערע רעלסן... כ'וועל לעבן שפּעדיקער, ברויזנדיקער, פולער... כ'וועל אַלץ נעמען פון לעבן... פון רעכטס און פון לינקס...

די שוועסטער, מיט וועלכער כ'בין' נאָך אַלץ אויף „דו״, טרעט נישט אָפּ פון מיין בעט. אַדרבה, איצט, אַז כ'בין שוין אויפן וועג געזונט צו ווערן, איז זי געוואָרן נאָך מער צוגעבונדן צו מיר און אירע קושן זענען נאָך עפּטערע, און, דוכט זיך, אַ נ ד ע ר ש ווי פריער... איצט זענען זיי פרויאיש... יאָ, יאָ, פרויאיש... און איך אַליין — איך קוש זי שוין אויך... איך בייג זי אַראָפּ צו מיין קישן און קוש זי גלייך אין די ליפּן... כ'מיין, אַן אמת-זאַפטיק, צאַפּלדיק מיידל — פאַרוואָס זאָל איך זי נישט קושן?... עס פאַרשכורט מיך דער ריח פון אירע פרישע ליפּן... אַגב, טראַכט איך ביי זיך, — איצט, נאָך מיין קראַנקהייט, נעם איך דאָך אַ נ ד ע ר ש לעבן, טאָ זאָל דאָס זיין דער אָ נ ה י י ב פון דעם „אַנדערש זיין״...

מיין באַרמהערציקע שוועסטער וויל מיך איינמאָל אויספּרוּוון מכח מיינע באַציונגען צו אַנדערע מיידלעך.

— איר ווייסט? דאָס מיידל, וואָס האָט אייך געבראַכט די בלומען, כ'מיין פריילין X בענקט זייער שטאַרק נאָך אייך... זי פרעגט אַלץ, ווען וועט איר שוין אַרויסגיין פון שפּיטאָל?..

— דאָס איז קיין ראיה נישט, אַז זי בענקט נאָך מיר... ווילט זיך מיר עפּעס אָפּווענדן איר אויפמערקזאַמקייט פון יענעם מיידל.

— איך דערקען שוין... — לאָזט זי זיך נישט לייכט איבער־צייגן. — כ'דערקען שוין אָן אירע אויגן... אגב, קומט זי אָפטער פון אַלעמען הינטערן צוים...

— דאָך איז פון גוט פריינטשאַפט וועגן... — זאָג איך.

— אוודאי... — לאַכט זי, — איז דאָס נישט פון פייגטשאַפט, נאָר פון גוט־פריינטשאַפט... כ'פאַרשטיי זיך אויף אַזעלכע זאַכן...

איך קוק איר אַריין אין די אויגן און זע, אַז זי הערט אויף צו זיין פאַר מיר באַרמהערציקע שוועסטער און הייבט אָן צו זיין פ ר ו י...

„מיר זענען דאָ, אייגנטלעך, ווי אַ פּאָר פאָלק" — טראַכט איך מ'איז מיר נאָך נישט אויסגעקומען ביז איצט צו וואוינען ל ע ג אַ ל מיט אַ פרוי ביחידות אין אַ צימער... דער דאָזיקער געדאַנק האָט מיך מאָדנע געררייצט... יעדן אויף דער נאַכט פאַרהענגט זי אַקוראַט דאָס פענצטער: פאַרהילט אין דערהויך די עלעקטרישע לאָמפּ מיטן טוך (מיין געוועזענער „העל־שטערן", אוודאי!...), כדי די ליכטיקייט זאָל נישט רייסן די אויגן (צוליב דעם טוך איז, אוודאי, מיין „העל־שטערן" נאָכ־דעם איינגעשרומפּן און פינצטער געוואָרן...), אַמאָל לעשט זי אינגאַנצן אויס די עלעקטריע, פאַרמאַכט אונזער קאַמער אויפן קייטל — יאָ, יאָ, אויפן קייטל! — און, הייסט עס, שלאָפן! און היות ווי מיר פלעגט דאָך קיין שלאָף נאָך אַלץ נישט נעמען, די נערוון האָבן זיך געבונטעוועט, — פלעגט זי אָפּט וואַכן ביי מיין בעט. זיצנדיק, פלעגט זי מיד ווערן און זיך אַנלענען אָן מיין קישן. כ'פלעג דערפילן איר מיידלשן קערפּער — כ'בין שוין מיט דער צייט געווען ביכולת צו פילן... און אויך זי פלעגט שוין נישט אַנטשלאָפן ווערן...

שעהן לאַנגער סודען זיך אין זיכערער איינזאַמקייט...

דאָס איז שוין לחלוטין נישט געווען קיין גערייד ווי צווישן אַ חולה און אַ באַרמהאַרציקער שוועסטער.

איינמאָל, אין מיטן די צערטליכקייטן, איז מיר אויפגעקומען אין קאָפּ דער קאָנטראַסט צווישן מיר און איר. איך זאָג עס איר אַרויס:

— זע! איך — אַן אָפּגעצערטער, אַן אויסגעדאַרטער, אַ לאַנג־נישט־ראַזירטער... און דו — דער פרילינג אַליין!...

זי שמייכלט און ענטפערט:
— שפּעטער וועט איר דאָך אַנדערש אויסזען...
„זי קושט מיך, הייסט עס, אויפן חשבון פון שפּעטער"... — קלער איך — איך גראָד ווייס נישט, וואָס שפּעטער וועט זיין"...
אַזוי קלער איך, נאָר איך זאָג עס איר נישט: זי פאַרדינט נישט כ׳זאָל זי מיט וואָס עס איז פוגע בכבוד זיין. אָט, זאָל זי מיינען ביז וואַנען זי וועט מיינען...
איך זאָג עס איר נישט, אָבער זי גופא זאָגט עס צוויס מיט אַמאָל, לאַכנדיק:
— שפּעטער וועט איר מיך מסתמא אינגאַנצן פאַרגעסן...
— וואָס הייסט פאַרגעסן! — ענטפער איך — די אַרבעט פון אַ באַרמהערציקע שוועסטער איז אַ הייליקע! מיין גאַנץ לעבן וועל איך דיך געדענקען!
— יאָ, יאָ... — לאַכט זי נוטמוטיק, — איר וועט מיך טאַקע געדענקען... כ׳גלייב... אָבער — פונדערווייטנס...
דאָ האָט זי מיך געשטעלט אין דער קלעם.
כ׳חייס... כ׳ ייס... — האָב איך גענומען שטאַמלען. — כ׳חייס, אַז ווען נישט דו, וואָלטן שוין מיינע ביינער ווער ווייסט וו געווען... כ׳שווער דיר, מיין גאַנץ לעבן וועל איך דיך נישט פאַרגעסן! — האָב איך פאַרענדיקט מיט פּאַטאָס...
— יאָ, יאָ, אָבער...
כ׳האָב איר נישט געלאָזט ענדיקן — אירע ליפּן זענען אין מיטן דעדן געוואָרן פאַרנומען ..

---

די שוועסטער פירט מיך אַרויס יעדן טאָג אין שפּיטאָל־גאָרטן.
כ׳ליג אויף אַ טראָג־בעטל און שלינג דורשטיק שטיקער זון... כ׳טרינק הײלנדיקע ריחות...
— ווי גוט וואָס כ׳בין נישט געשטאָרבן! — זאָג איך צו דער שוועסטער, וואָס זיצט האַרט נעבן מיר אויפן גראָז. איך ווייז איר מיט דער האַנט אויף אַלץ, וואָס בליט אַרום אונז און גריגט: — צי וואָלטן עס מיינע אויגן געזען!

מיר רעדן און דערציילן זיך זייער אַ סך: איך איר — וועגן מיינע קאָשמאַרן, זי מיר — וועגן אירע באַאָבאַכטונגען אין די טעג, וואָס כ׳בין נישט געווען ביים באַוווסטזיין. עס אינטערעסירט מיך יעדער פּרט, יעדע קלייניקייט, וואָס זי דערציילט. אין אַ סך פּרטים דערקען איך אַ צוזאַמענהאַנג מיט מיינע קאָשמאַרן... זי דערציילט מיר, אַז כ׳בין זייער ווילד געוואָרן, פלעג וואַרפן אויף איר גלעזער, פלעשער, האָב זי איינמאָל ביי די האָר געפליקט און אַז קיין אַנדער נאָמען ווי „מכשפה" האָט זי פון מיר נישט געהערט... איך הער אויך געוואָר פון איר, אַז הינטער מיין פענצטער איז אַ פּאָר טעג געשטאַנען אַ זעלנער מיט אַ ביקס — דאָס האָט ער באַוואַכט אַ קראַנקן, וואָס מ׳האָט אהער געבראַכט פון דער שטאָט-תפיסה, און דער דאָזיקער זעלנער פלעגט זיך פון הינטערן פענצטער נישט אויפהערן צו וויצלען איבער מיר... איינמאָל דערציילט מיר ווייטער די שוועסטער, — בעת אַ סאַניטאַרע רעוויזיע אינם שפּיטאָל, איז מען אויך אין מיין קאַמער געווען. איינער פון דער קאָמיסיע, וועלכער האָט מיך גראָד געקענט, האָט זיך צו מיר געווענדעט מיט אַ פראַגע, וואָס איך מאַך. האָב איך תיכף אַ שאַר-אָפּ געטון דאָס העמד פון ברוסט און אויסגערופן:

— גאָט זעט, מ׳פייניקט מיך! מ׳שטעכט מיך!.

מיין ברוסט איז טאַקע געווען צושטאָכן פון די איינשפּריצונגס-נאַדלען... אפילו איצט נאָך, ליגנדיק אין גאָרטן, טוט מיר נאָך ווי דאָס-דאָזיקע אָרט אויפן לייב.

— בכלל — זאָגט זי — זייט איר געווען אַ מערקווירדיקער עקזעמפּלאַר אין גאַנצן שפּיטאָל. אייערע ווילדע קולות פלעגט מען הערן אין דער צענטער גאַס. איר פלעגט זיך רייסן ווי פון אַ שרפה... ס׳האָט שוין איינמאָל געהאַלטן דערביי, מ׳זאָל אייך אָנטון אַ משוגעים־העמד... איך אָבער האָב נישט געלאָזן... כ׳האָב גענומען אויף זיך די אחריות פאַר אייך... און דערפאַר טאַקע, ווייל איר האָט פאַרלוירן אַזויפיל כּחות, זייט איר נאָכן קריזיס אַזוי אָפּגעשוואַכט. די לעצטע נאַכט, די קריזיס-נאַכט, איז שוין געווען אַ מינוט, בעת מ׳האָט געמיינט, אַז... אַז שוין ... עה"ש !...

דער פּולס איז געוואָרן זייער שוואַך... דער אָטעם פאַרשווערט... מ׳האָט אָבער געמאַכט איין איינשפּריצונג, אַ צווייטע, און — מאָלאָדיעץ! איר האָט אויסגעהאַלטן!...

דערביי גיט זי מיר א קוש פאר „העלדישקייט":

— אָ, וואָס איך האָב פון אייך אויסגעשטאנען! — גיט זי צו.

— כ'שטעל מיר פאָר, שוועסטער!

— כ'ווייס נישט צי דו קאָנסט עס זיך אַלץ פאָרשטעלן... — שמייכלט זי האַלב-אומעטיק.

איך ווער שטאַרק גערירט פון אירע דערציילונגען; מיין דאנקבאַרקייט צו איר איז אָזוי אַ גרענעץ. כ'נעם אַרום איר קאָפּ, קוש איר אויגן. כ'פארגעטער כמעט די דאָזיקע פרויען-געשטאַלט, וואָס האָט מיך געהיט און אָפּגעהיט אויפן ראַנד פון אָפּגרונד... מיט וואָס? מיט וואָס קאָן איך איר אָפּדאַנקען? —

עס איז שוין געווען א רגע אין שפּיטאָל-גאָרטן, אויפן טראָג-בענקל, בעת כ'האָב זיך שיר-שיר נישט אַרויסגעכאַפּט:

— כ'האָב דיך ליב, מסירת-נפשדיק מיידל!...

די ווערטער זענען מיר שוין אויף דער צינג געלעגן; אָבער כ'האָב זיך קוים צוריקגעהאַלטן... „פרייהייט!" — האָט עפּעס געוואָרנט טיף אין מיר. — א ברייטע, פרייע וועלט וואַרט אויף דיר. געדענק! פאַרבינד זיך נישט מיט איינער..."

כ'האָב אין דער דאָזיקער רגע מורא געהאַט אַ וואָרט אויסצורעדן. כ'האָב זיך אַליין נישט געטרויט... כ'האָב געקוקט אויף איר און געשוויגן; כ'האָב געקוקט אויף דאָס ווייסע שוועסטער-טיכל, וואָס איז אַרום איר קאָפּ ווי אַ דיאַדעם, און געשוויגן..

כ'ווייס נישט, צי זי האָט מיך אין דער מינוט פאַרשטאַנען... זי איז געזעסן מיט אומעט־גלאַנציקע אויגן און כלומרשט אונטערגעברומט איר באַליבטן ציגיינער-ר מאַנס:

„פארגעס, מיין פריינט, די לאַנג־פאַרשוועכטע פריידן" — — —

* * *

אַ ווילע אויף גרינע בערגיקע ברעגעס פון אַ טייך, הינטער דער־זעלבער שטאָט.

כ'האָב שוין אויפגעהערט צו זיין „קינד"... כ'קאָן שוין אַליין עסן און טרינקען, אַליין שטיין און אַליין גיין...

כ'בין שוין, ווי די וועלט רופט עס: נאָרמאַלער מענטש... בלויז אין שטילע מינוטן, אין מינוטן פון פאַרטראַכטן־זיך, פיל איך דעם טיפן חותם, וואָס דאָס זקאָרשט־איבערגעלעבטע האָט געלייגט אויף מיר... עס פלאַנטערן זיך נאָך אין מיר די פאַנטאַסטישע וועלטן, די האַלוצינאַציעס און וויזיעס, וואָס ווירקן דוכט זיך, אַזוי רעאַל... איך טפיר, ווי זאַכן, וואָס זענען פון שטענדיק־אָן ביי מיר אַזוי קלאָר־פאַרציען זיך מיט אַ טונקעלן שלייער...

כ'קאָן אין די איינזאַמע מינוטן ווערן קיין אַנדערע זאַך נישט קלערן — די טיפע רעטעניש האָבן מיך אינגאַנצן באַהערשט... אַ נס, וואָס די איינזאַמע מינוטן זענען ביי מיר נישט אַזוי אָפט: עס באַזוכן מיך כסדר מיינע נאָענטע... אויך זי, מיין באַרמהערציקע שוועסטער, קומט נאָך יעדן טאָג צוגיין... זי קאָן זיך גאָרנישט אָפּזאָגן פון איר אַפּיטרופּסות איבער מיר... פון געוויינהייט העלפט זי מיר נאָך אין אַלץ צו: זי דעקלאַגט מיר דאָס, יענץ, נעמט מיך פאַר דער האַנט ביים גיין, גלייך ווי כ'וואָלט ערשט באמת די ערשטע טריט געמאַכט אויף גאָטס וועלט...

— וואָס היט איך נאָך אַזוי די באַרמהערציקע שוועסטער?.. — פרעגט מיך איינמאָל מיין פריינדין, וועלכע פלעגט עפּטער און מער ווי אַלע שטיין אונטערן דראָט־צוים פון שפּיטאָל... — דאַכט זיך, — זאָגט זי, — איר זייט שוין אַ זעלבשטענדיקער מענטש, קיין עין הרע...

כ'האָב פאַרשטאַנען וווהין זי צילט...

כ'האָב איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איר קומען איז גאַנץ נאַטירלעך; אַז איר זאָרג אַרום מיר איז געווען אַן איבערמענטשלעכע; אַז כ'פיל צו איר די טיפסטע דאַנקבאַרקייט.

— יאָ, זאָגט זי נישט צוטרויליך — כ'פאַרשטיי... אָבער זי היט אייך אויף שריט און טריט... דאָס ווערט שוין אַביסל פאַרד כטיק... אגב — גיט זי צו, — דערמאָן איך זיך, אַז אין שפּיטאָל האָט זי ביי מיר קיין בריוו נישט געוואָלט צונעמען...

— וואָס הייסט? מסתמא האָט מען מיר נישט געקאָנט איבערגעבן. כ'ווייס נישט, צי דאַן האָט מען נישט געקאָנט...

כ'האָב לסוף געזען, אַז מיר וועט נישט אַזוי לייכט זיין זי איבער־צייגן, אַז צווישן מיר און דער שוועסטער איז — גאָרנישט... איבע־ריגנס, כ'האָב מיר דערצו קיין שטאַרקע מי נישט געגעבן; אויך צווישן

מיר און איר, מיין פריינדין, זענען נאָך די באַציונגען ווייט נישט קיין קלאָרע; אמת, איר בריוו בעת מיין ליגן אין שפּיטאָל איז שוין אַן אָפענער ליבע-דאָקומענט; אירע אַנצוהערענישן בנוגע דער באַרמהערציקער שוועסטער קומען דאָך אויך פון דערזעלבער סבה... אָבער איך... איך ווייס נאָך נישט, אַז אונזערע באַגעגענישן פאַר מיין קראַנקהייט, דאַרפן אַזוי אויסגעטייטשט ווערן... אמת, דאָס זענען נישט געווען קיין סתם שפּאַצירן צווישן אַ בחור מיט אַ מיידל... אָבער צי דען מוז עס שוין זיין התחייבות?... ווער-ווייסט?... פוי, עס שרעקן מיך די דאָזיקע ווערטער!...

אין דער געגנוואַרט פון אַלעמען האָט זיך די שוועסטער צו מיר געהאַלטן גאַנץ קאַלט. דאָס איז פאַר אַלעמען נאַטירלעך געווען. זי פלעגט דערציילן מאַנכע קאָמישע זאַכן ווען מיין פאַרהאַלטן זיך בעת דער קראַנקהייט און אַלע פלעגן לאַכן. — איצט — זאָגט זי — האָב איך שוין פון אים נחת... כ׳דערצייל עס שוין אין פריידן...

מיין פריינדין האָט זיך בעת-מעשה געפילט זייער נישט-כאָקוועם. פון יוצא-ווען פלעגט זי אפילו שמייכלען; אָבער סיף אינעווייניק, האָב איך געוווסט, ליידט זי...

איינמאָל — ס׳איז געווען אַן אויסטערליש שטראַלנדיקער זומער-טאָג — איז די באַרמהערציקע שוועסטער מיך געקומען נעמען אין וואַלד אַריין שפּאַצירן.

קומט! קומט! — רופט זי אויס ביים דערשיינען מיט אַ באַפעל, גלייך ווי אַ באָנע צום קינד: קומט אין וואַלד! אין אַזאַ טאָג וועל איך אייך נישט לאָזן זיצן אין שטוב...

כ׳בין געגאַנגען.

זי איז געווען האַרט ביי מיין זייט און מיך געהאַלטן בראַוו אונטער-אָרעם. מיר זענען געגאַנגען דורך טאָלן און בערגלעך, דורך פעלד-שטעגן, צווישן הויכן גראָז.

אַזוי פיל גרינקייט, אַזוי פיל ווייסע, געלע, בלויע פעלד-בלימלעך אַזוי פיל הימל!...

מיר זענען אָנגעקומען אין וואַלד — אַ פריידיקע גרינע איינזאַמקייט...

דער דאָזיקער וואַלד-שפּאַציר איז געווען דער ווייטערדיקער פּאַראַדיים פון די לעצטע שפּיטאָל-טעג.

דער דאַזיקער פּאָדים איז אָבער לסוף איבערגעריסן געוואָרן:
כ'האָב זיך צוריק אַרײַנגעצויגן אין שטאָט אַרײַן. ס'האָבן מיך אַרומגערינגלט צופיל מענטשן. אַ פרישע, אַ באַנײַטע וועלט האָט זיך פאַר מיר געעפנט. אין נשמה — אַזוי פיל דורשט! אַזוי פיל אויפברויזונגען!...
און זי, די באַרמהערציקע שוועסטער, — כאָטש כ'האָב פאַר איר נאָר ברכות געהאַט — איז זי פאָרט געוואָרן בלויז אײנע [illegible] ידלי, פון דער פריידיקער וועלט.

— — — — — — — — — — — — — — —

וואַרשע, האַרבסט 1926.

אויפן זאַמדיקן וועג, פון אנטיקן בית-עולם אויפן קירצמייקאָס ביז צום אַקראָפּאָלים, גייען צוויי געשטאַלטן. ס'איז נישט לאַנג נאָך האַלבער נאַכט, די לבנה האָט ערשט אויפגעשיינט אויפן הימל און אין דער פייכטער טויאיקער לופט בלאָזט אַ קיל ווינטל פונם ים. די צוויי געשטאַלטן גייען שטיל נעבן אַנאַנדער, אַ יעדער פאַרטון אין זיינע אייגענע מחשבות. זיי טראָגן אַלט-גריכישן טראַכט. דער איינער — אַ דיקלעכער, מיט אַ פּליך, דער הינטערשטער טייל קאָפּ און די ברעגן זענען שיטער באַוואָקסן מיט האָר, אַ קורצע פלייִשיקע נאָז מיט חיהשע אויפגעשאַרצטע נאָז-לעכער. ער טראָגט אַן אַלטן צעריסענעם מאַנטל פון אַ פילאָזאָף, גייט באַריועס. בכלל איז דער דאָזיקער, דיקלעכער, ענלעכער צו אַ סאַטיר ווי צו דעם געשטאַלט פון אַ מענטשן. דער צווייטער, דער יינגערער, וואָס גייט נעבן אים, איז העכער. אַ שלאַנקע געשטאַלט, ווי פון אַ יינגן קריגס־העלד אויף די מצבות פון קיראַמייקאָס. די ליניען פון פנים זענען איידל, די ליפּן איבערן מויל עטוואָס אָפן, די לענגלעכע נאָז — שאַרף, ווי זי וואָלט געווען אויסגעטאָקט; אַ שפּיציק בערדל. איבער די פּלייצעס פאַרוואָרפן טראָגט ער אַ שטאַרק אָפּגעריבענעם מאַנטל. דער מאַנטל איז פון געפּנלדעוועסן פורפור און אַן עק פונם מאַנטל שלעפּט זיך אים קעניגלעך נאָך אויפן זאַמד. דער געלאָקטער קאָפּ איז אים באַקראַנצט מיט אַ געפלעכט פון ריסלעך, פון וועלכן עס איז שוין צראָפּגעפאַלן אַ יעדעס בלעטל.

די ביינאַכטיקע, ווי טונקעלע זייד מילדע אַטישע הימלען, ווערן וואָס אַ מאָל העלער באַלויכטן פון דער אויפשייַנענדיקער לבנה. דער זאַמד-וועג, אויף וועלכן די ביידע געשטאַלטן גייען, ווערט וואָס אַ מאָל מאַטער באַלויכטן און ער שיילט זיך אַרויס פון דער נאַכט, ווי אַ זילבערנער פּאַס. ס'איז טויט שטיל. פון יענער זייט אַקראָפּאָלים הערט זיך ווען-נישט-ווען אויפטויכן דאָס שוואַכע נישט-דייטלעכע גערויש פון דער ווייטער שטאָט, פונם מאָדערנעם אַטען.

די געשטאַלטן קומען צו צו אַ האַלב-צעלייגטן פּלויט, אַרום אַ ליידיקן פּלאַץ, אויף וועלכן ס'שטאַרט נאָר בלויז אַרויס אַ קוימען פון אַן אָפּגעברענטער חורבה. אויף דער זייט פּלויט, נעבן וועג, וואַקסט אַן איינזאַמער, גאַנץ אַלטער אויסגעטרוקנטער אָליווען-בוים. דער דאָזיקער עלנדער איינגעדאַרטער בוים, קוקט אויס ווי אַ תליה-בוים, אויף וועלכן

פיהענגט פארברעכער. הינטערן בוים רירט זיך א געשטאלט

דער יינגערער אינם פורפור-מאנטל דרייט קוים אויף דעם ״פ א קליינע דראבנע פרוי. זי איז כמעט ווי נישט אנוועזנדיק אין איר אלט-גריכישער הלבשה. זי גייט עטוואס איינגעבויגן ווי א בעטלערקע און האלט א שטעקן אין דער האנט. דער קאפ איז איר טיף איינגעהילט אין א טוך.

— קסאנטיפע, — זאגט דער יינגערער.

דער אלטער אין פילאזאפן-מאנטל שטעלט זיך אפ, נישט ווייל ער האט געהערט דעם יינגערנס קול, נאר פון פארזונקנקייט אין די אייגענע מחשבות.

קסאנטיפע בלייבט שטיין עטלעכע טריט פאר די מענער. „זיי מיר מוחל, סאקראטעס״, — פליסטערט זי מיט א שטיל און הייזעריק קול. איך האב דאס אנגערעדט מעלעטאסן, אז ער זאל דיך פארקלאגן. איבער מיר האסטו געמוזט אויסטרינקען דעם גיפט-בעכער. זיי מוחל. קסאנטיפע ביגט נאך מער איין איר געשטאלט, ווי זי וואלט אים וועלן פאלן צו די פיס.

סאקראטעס טוט א מאך מיט דער האנט. ער זאגט מיט א שמייכל:

— מיין קסאנטיפע. ווען מיר זענען ביידע געווען ביים לעבן, האסטו מיך נישט איינמאל אפגעגאסן מיט א שאף וואסער. איצטער ווען מיר זענען שוין טויזנטער יארן אין דער שאטן-וועלט, לאזטו מיך אויך נישט רויק דענקען.

סאקראטעס דרייט זיך אויס צום יינגערן, וואס שטייט די גאנצע צייט און שווייגט. מיין אלקיביאדעס, — זאגט ער געדולדיק, — זאג דעם דאזיקן ווייב, אז זי זאל מיך ענדלעך א מאל לאזן צו רו. כ׳האב קיינמאל נישט געהאט אויף איר קיין צארן. דער דעמאן פון די פילאזאפן איז גרויזאם אין זיין קאלטקייט און ער ליידט נישט דאס פייער פון צארן. שיקזאל, מיין אלקיביאדעס. טויזנטער יארן לעבן מיר שוין אין הויכער אייביקייט, אין דער שאטען-וועלט. אונזער דענקען איז פריי פון יעדער ליידנשאפט. פלוטאן, דער גאט פון טויט, איז דער איינציקער גאט, וואס איז נישט טויט. ער איז שטענדיק געווען דער פריינט פון דער פילאזאפיע, איר באשיצער. דאס וואסער פון סטיקס, איז דאס ריינסטע און קריסטאל ווייסער. כ׳האב נישט ליב די דאזיקע, וואס עס

טוט זיי האַנג און זיי זענען תמיד פול חרטה. דאָס ווייב איז תמיד פול חרטה, אַפילו אין דעם קרייז פון די אומשטערבלעכע איז עס פול מיט חרטה, דאָס ווייב איז דער פיינט פון דער אייביקייט. קום, מיין אַלקיביאַדעס, זאָל קסאַנטיפּע באַהיינען דאָ אירע קליינלעכקייטן, מיר וועלן גייען אין דער חרובער שטאָדט.

קסאַנטיפּע בייגט נאָך מער איין איר געשטאַלט, זי ליגט שוין כמעט אין גאַנצן אויסגעצויגן אויף דער ערד. זי הערט נישט אויף צו יאָמערן:

— זיי מוחל, סאָקראַטעס. מ׳האָט דיך פאַרמשפּט, ווייל דו האָסט נישט געגלייבט אין די געטער פון דער שטאָדט. ס׳אַ ליגן געווען. דו האָסט דאָך מקריב צו די שטאָדט־געטער, אומעטום, וווּ נאָר ס׳איז געשטאַנען אַ מזבח. זיי מיר מוחל..

סאָקראַטעס מאַכט אַ באַוועגונג ווייטער צו גייען, ער דרייט אויף דעם קאָפּ צו דער זייט פון קסאַנטיפּען.

— מיין קסאַנטיפּע, די געטער זענען טויט...

אַלקיביאַדעס גיט צו:

— דער פּאַרטענאָן אויפן אַקראָפּאָליס איז ליידיק, ער איז חרוב. נאָר אַ טייל פון דעם זיילן־גאַנג איז איבערגעבליבן. דאָס אינערלעכע הייליקטום איז אויפגעריסן. די מוטער פון אַטען, די אַטענאַ פּאַרטענאָס, דאָס געטלעכע ווערק פון אונזער פריינט פידיאַס, איז אויסגעוואַנדערט. אַלע געטער זענען אויסגעוואַנדערט. זיי זענען אַנטלאָפן, אַטענס געטער. מ׳זאָגט: זיי זענען אויסגעשטאָרבן אויף די וועגן פון דער וועלט.

קסאַנטיפּע ענדערט פּלוצלינג איר וויינענדיקע שטים, זי זאָגט טרוקן און גיפטיק:

— דו ליגסט, אַלקיביאַדעס. די געטער זענען נישט געשטאָרבן. וואָלטן זיי געווען טויט, וואָלט מען זיי געזען אין דער שאָטן־וועלט.

ערויף זאָגט אַלקיביאַדעס מיט אַ שטילן שמייכל:

— נאָר די מענטשן האָבן דאָס לעבן און דעם טויט: די שאָטן וועלט. די געטער האָבן דאָס לעבן, אָדער דאָס גאָרנישט. איצטער ווען זיי זענען נישט מער, די געטער, האָבן זיי דאָס גאָרנישט.

קסאַנטיפּע טוט אַ ברום.

דערויף באַמערקט סאָקראַטעס: שוין דער געטלעכער עכילאָו

האָט זיי געוואָרנט. צעוו, הגם דער פאָטער פון די געטער, איך זיין איבערגעיילטער ליידנשאַפט צו די ווייבער, האָט פון די ווייבער אי-בערגענומען זייער הויפט-חסרון, די אומבאַרעכנטקייט. זיין איבערגעייל-טע נקמה אין פראָמעטעוסן האָט מער געפּאַסט פאַר אַ ווייב, ווי פאַר אַ גאָט. דעריבער טאַקע איז פאַר דעם פאָטער פון די געטער פאַרהוילן געוואָרן זיין אייגענע צוקונפט. דער געטלעכער עסכילאָס לאָזט זאָגן דעם געבונדענעם פּראָמעטעוס

ער וועט מיך נאָך אַמאָל נייטיק האָבן,

דער הער פון די זעליקע, — הגם ער וואַרפט מיך איצטער
אין קייטן —

איך זאָל אים זאָגן, ווער עס וועט אים רויבן
דעם סצעפּטער פון זיין מאַכט.

קסאַנטיפּע, מיין אַלקיביאַדעס, האָט אָבער פון תמיד אָן געהאַט אַן אָפּנייגונג צו דער טראַגעדיע: זי האָט קיינמאָל נישט געהערט דעם אָראַקל פון די טראַגיקער. אויב זי פלעגט אַמאָל גייען אין טעאַטער, איז עס נאָר געווען אויף די קאָמעדיע-שטיק פון אַריסטאָפאַנעס, און דאָס אויך נאָר אויס נקמה צו מיר, כדי צו זעען ווי פאַר די אויגן פון די אַטענער, ווער איך אַרויסגעשטעלט אַלס שווינדלער און סאָפיסט. קום, אַלקיביאַדעס.

די ביידע מענער הייבן אָן אַוועקצוגיין.

קסאַנטיפּע קריכט פּאַמעלעך צוריק הינטערן בוים.

ווען די ביידע מענער זענען אָבער זענען שוין געווען ווייט אָפּגעגאַנגען, קסאַנטיפּעס שאָטן איז געווען פולשטענדיק פאַרשוואונדן פון זייער בליק און זיי האָבן זיך ביידע געזען אַליין אין דער קילער לבנה-נאַכט אויף די וויסטע פעלדער פאַר דער שטאָדט אַטען, רופט זיך אָן דער דיקלע-כער סאָקראַטעס צו זיין יונגטלעכן באַגלייטער:

— מיר זענען צוויי מתים, מיין אַלקיביאַדעס. איך, אַ טויטער פילאָזאָף, אַ געשטאָרבענער אומשטערבלעכער, און דו—אַ טויטער לעבע-מאַן. געדענקסטו נאָך אונז ביידע אין דער שלאַכט ביי פאָטעידאַיא? מיר האָבן נאָך האַלבער נאַכט פאַרלאָזט דעם טאָל פון די שאָטנס, און מיר גייען צום אַקראָפּאָליס, הגם מיר ווייסן אַז דאָרט איז שוין קיינער נישטאָ. מיר גייען צו די געטער, הגם מיר גלייבן נישט אין זיי, ווייסטו,

די ריכטער וואָס האָבן מיר פאַרמשפּט, זענען געווען גערעכט. מיר האָבן קיינמאָל נישט געגלייבט. נאָר אומגלייביקע ווילן נישט אָפּלאָזן דאָס געוועזענע און גייען צו די טויטע געטער. זאָל די ליבע צום אמת שטיין אין קעגנזאַץ צו די מתנות, מיט וועלכער פּראָמעטעוס האָט באַשאָנקען די מענטשן: מיט דעם גלויבן און דער האָפענונג? היינטער אַן עלענדן בוים שטייט דאָס ווייב קסאַנטיפּע. זי גלייבט נישט אין דיין אמת, אַלקיביאַדעס, אַז די געטער זענען טויט. זי האָט אַז איך וועל איר מוחל זיין, און גלייבט אין די געטער. איך ווייס נישט, צי זאָל איך לאַכן פון דעם דאָזיקן נאַרישן ווייב, וואָס ווייסט צומאָל נישט, אַז זי היט די מתנות פון פּראָמעטעוסן, צי זאָל איך מיך פאַרטראַכטן וועגן די פאַרשידענע האַנדל-וועגן פון די מענטשן. וואָס זאָגסטו דערצו אַלקיביאַדעס?

אַלקיביאַדעס באַטראַכט זיין אָפּגעריבענעם פּורפּור-מאַנטל און דאָס שטיק פּורפּור, וואָס שלעפּט זיך אים נאָך אויפן זאַמד, און אין אַ ווײַלע אַרום זאָגט ער:

— מיר זענען זעער, סאָקראַטעס, און די האָפענונג איז בלינד. קום. און זיי גייען ווייטער, פאַרזונקען אין טיפן שווייגן.

---

זיי קומען צו צום פּלאַץ פון טעזעאָן. דער פּלאַץ אין דער שפּעטער נאַכט איז פולשטענדיק לעער. די וויסטע זאַמדן זענען באַלויכטן מיט דעם שיין פון דער לבנה. די עטלעכע קליינע הייזלעך, די ערשטע הייזלעך פון דער מאָדערנער שטאָדט אַטען, הויערן פון דער ווייטנס ווי פינצטערע סאַרקאָפאַגן.

רעכטס, אין דער הויך אויפן אַקראָפּאָליס, אין נאַכט און לבנה-שיין, לייכטן זיך די חורבות פון מאַ־מאָרנע הייליקטימער פון די געטער.

אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ שטייט גאַנץ איינזאַם דער מקדש פון טעזעאָן, דער איינציקער טעמפּל, וואָס האָט זיך נאָך כמעט אינגאַנצן דערהאַלטן פון די אַלטע צייטן. מיט דעם דאָרישן זיילן-גאַנג, דעם דאַך און דער פאַרמויערטער צעלע שטייט דער דאָזיקער טעמפּל אויפן אָפּענעם ליידיקן פּלאַץ, ווי אַ לעבעדיקער עדות פון דער אַנטיקער וועלט, אַ כמאַרנער בנין.

פאַ־ן טעמפּל — אַ מזבח פאַר דער גאָטהייט.

סאָקראַטעס בלייבט שטיין.

אויף אַט אָ דעם פּלאַץ האָב איך פאַרשפּרייט די געדאַנקען פון דער וואָרהייט, — זאָגט ער מיט אַ זיפץ. — אומעטום אויף די וויסטע זאַמדן זענען געשטאַנען הייזער. ס'איז נישטאָ פון זיי קיין זכר. אַלדאָס מענטשלעכע פאַרגייט. קוק דיר אָן דעם טעזעאָן, אַלקיביאַדעס, האָט נאָך יענע צעללאַ נישט פאַרלאָזט דער גאָט אירער?

— איך לייד נישט די געטער,—זאָגט אַלקיביאַדעס פאַרביטערט.— די געטער זענען צו ווייבעריש, אום צו זיין אומשטערבלעך. איך גלייב נישט, אז ס'לעבט נאָך וועלכער עס איז גאָט אין אַטען.

— דו גלייבסט נישט אין דער אומשטערבלעכקייט פון די געטער, אַלקיביאַדעס. די שוואַכע שטערבלעכע קאַנטיפּע גלייבט מער אין דער אומשטערבלעכקייט, ווי די אומשטערבלעכע מענער פון אַטען.

אַלקיביאַדעס טוט אַ מאַך מיט דער האַנט:

— נאָר שטערבלעכע זענען אומשטערבלעך, נישט די אָלימפּישע געטער. אין יענער פאַרמויערטער צעללא פון טעזעאָן, אויב ס'איז דאָרט נישט צופעליק פאַרבליבן אַ מענטשלעכער בת, איז עס אַ דעמאָן, וואָס האלט זיך אויף אין דעם חרובן הייליקטום. די דעמאָנען זענען די פיינט פון די געטער. ווי די שאַקאַלן האַלטן זיי זיך אויף אין חרובע הייליקטימער.

— דו זידלסט די געטער פון דער שטאָדט, מיין אַלקיביאַדעס. איבער דעם גלויבן אין דעמאָנען, האָבן מיך די אַטענער פאַרמשפּט צום טויט. אין דעם גיפט־בעכער האָב איך אויסגעטרונקען די גרויסע רויקייט. איצט זענען די געטער סיי ווי סיי נישטאָ דאָ. קום, אַלקיביאַדעס, וועלן מיר אָנקוקן דעם מזבח פאַרן טעזעאָן. אויף דעם דאָזיקן מזבח האָב איך אָפט מקריב געווען.

— ס'איז שוין שפּעט אין דער נאכט — שמייכלט זיך אַלקיביאַדעס. — מיט טויזנטער יאָרן צוריק דאָט גונקט היינט אונזער פריינט אַגאַטאָן געפייערט מ־ט אַ סימפּאָזיאָן דעם זיג פון זיין ערשטער טראַגעדיע אין טעאַטער. געדענקסט עס נאָך?

דערויף זאָגט סאָקראַטעס:

— היינט קומען מיר זיך ווידער צוזאַמען. איך וויל נאָר פריער אַ קוק געבן אהין, צום טעזעאָן און צום מזבח, וואָס שטייט דאָרט.

דאָס רעדנדיק, דערווייטערט זיך סאָקראַטעס פון זיין באַגלייטער־

אין דער קאַלטער נאַכט גייט ער צו, איינער אַליין, איבער די זאַמדן, צום אומהיימלעכן בנין פונם טעזעאָן-טעמפּל. עס איז טיף אַנטבלויזט זיין איבערגעטריבן גרויסער שטערן, וואָס פאַרלויפט אַרויפצו-צו אין אַ פליך, זיין באָרד איז ווילד און צעקאָלטנט און זעט אויס, ווי זי וואָלט אים געווען צוגעקלעבט צו די קינבאַקן. ער הינקט אַ ביסל אונטער אין זיין צעריסענעם פילאָזאָפן-מאַנטל. די לבנה באַלייכט דעם דיקלעכן גוף סאָקראַטעסעס, וואָס דערנענטערט זיך צו צום טעמפּל.

אַלקיביאַדעס בלייבט שטיין אויפן וועג.

אין אַ קורצע צייט אַרום קומט סאָקראַטעס צוריק. זיינע טריט נען שלאַבעריק. ער בלייבט שטיין פאַר אַלקיביאַדעסן מיט אַן עטוואָס אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ:

— קום צום סימפּאָזיאָן פון די שאָטנס, אַלקיביאַדעס, — זאָגט ער דיער שטיל. מיר האָבן נישט וואָס צו טון אין אַטען. אין דעם זיילן-גאַנג פון טעזעאָן און אויפן מזבח טוען אָפּ די אַטענער זייערע געמיינסטע געבּרויכן. אין דעם דאָזיקן איבערגעבליבענעם געטער־הויז וווינט שוין זיכער נישט דער גאָט.

---

זיי זיצן אין דער קילער נאַכט אַלע צוזאַמען: אַפּאָלאָדאָראָס פון פאַלעראָן, אַגאַטאָן, אַריסטאָדעמאָס, פּאָזאַניאַס, פעדראָס, אַריסטאָפאַנעס, דער דאָקטאָר עריקסימאַכאָס. שפּעטער קומען צו סאָקראַטעס און אַלקיביאַדעס.

זיי זיצן אויף אַ קליין בערגל אונטער דעם אַקראָפּאָליס, צווישן אַרעאָפּאַג און דעם וועג, וואָס פירט צום דיאָניזאָס־טעאַטער. אויף דעם דאָזיקן בערגל, אין די ווילדע גרעזער, זעען זיך ווי־נישט־ווי פאַרוואָרלאָזטע, מיט מאָך באַוואָקסענע פעלזן: איבערבלייבענישן פון פונדאַמענטן פון אַנטיקע הייזער. אויף איינעם פון אָט די פעלזן, דער איינציקער זכרון פון דעם הויז ווי עס האָט געוווינט אַגאַטאָן און אין וועלכן עס זענען נאָך דאָ שפּורן פון טרעפּ — זיצט איצטער אין דער איינזאַמער לבנה־נאַכט די קליינע חבורה פון פריינט. דער קילער ווינט בלאָזט דורך זייערע מאַנטלען. עס קוקט אויס, ווי די דאָזיקע אָרעמע שאָטנס אויף די שטיינער אונטערן אַקראָפּאָליס וואָלטן געפרוירן. די

לבנה באַלייכט די היסטע נאַכט, די טעמפּלען אויפן אַקראָפּאָליס און די דאָזיקע איינזאַמע אַלטע גריכן אויפן שטיין.

— טייל אויס די קרענץ, אַגאַטאָן, באַפעל די שקלאַפן, זיי זאָלן אָנפילן די בעכער מיט וויין, — זאָגט אַריסטאָפאַנעס מיט שפּאָטיקער פייערלעכקייט, איבעררייסנדיק דאָס אַלגעמיינע שווייגן. — סימפּאָזיאָן. סאָקראַטעס וויל רעדן וועגן די געטער.

עריקסימאַכאָס האַקט אים איבער:

— דו האָסט דיך אויך נאָכן טויט נישט פאַרבעסערט, אַריסטאָפאַנעס. קוק, ווי אָרעם מיר זיצן, מיר אַמאָליקע, אויף אַ נישטיק איבערבלייבעניש פון אַגאַטאָנס הויז. וואָס ביסטו אַזוי אומעטיק, סאָקראַטעס? אַלקיביאַדעס זאָגט:

— סאָקראַטעס גריבלט זיך אין ספקות, צי איז אין קסאַנטיפּען נישט פאַראַן אַ מאָל מער חכמה, ווי אין סאָקראַטעסן. דאָס מאַכט אים אומעטיק. אַהערגייענדיק פון זיין קבר אויפן קיראַמייקאָס צי די שאָטנס פון זיינע אַלטע פריינט, האָט אונזער קלוגער סאָקראַטעס געטראָפן קסאַנטיפּען. דער אומשטערבלעכער סאָקראַטעס איז דאָרט, הינטער אַן עלענדן פּלויט, בייגעשטאַנען אַ וכוח מיט דעם ווייב קסאַנטיפּע וועגן די געטער. אירע ווערטער האָבן אומרויִק געמאַכט זיין גייסט. אין טעזעאָן-טעמפּל האָט אים אַ דעמאָן, וואָס וווינט דאָרט, געזאָגט וואָרהייטן, וואָס האָבן אים געמאַכט צווייפלען אין דער וואָרהייט.

אַריסטאָפאַנעס זאָגט דערויף:

— איך האָב פון תמיד אָן געוווּסט, אַז די דעמאָנען זענען אמתער ווי די געטער, און אַז קסאַנטיפּע איז קלוגער פון סאָקראַטעסן. זי איז ערלעכער. זי איז קלוגער שוין דערמיט, וואָס זי האָט געלערנט חכמה נישט ביי סאָקראַטעסן, נאָר ביי אַריסטאָפאַנעסן. זי האָט געהאָרכט דעם אָטעם פון דעם וועלט-שיקזאַל נישט אין די ווערק פון די טראַגיקער, נאָר ביי די קאָמעדיאַנטן; אין דער קאָמעדיע און אין דעם סאַטיר-שפּיל. די טראַגעדיע איז די אילוזיע פון די געטער, דאָרטן באַהייזן זיי כוחות, וועלכע זיי פאַרמאָגן נאָרנישט, די קאָמעדיע — די וועלט-חכמה פון דעם דעמאָן. נישט די געטלעכע דיאָטימאַ, קסאַנטיפּע איז די קלוגסטע פרוי.

אַגאַטאָן טוט זיך אַ הייב אויף פון זיין פּלאַץ, ער זאָגט שטיל און מיט אַ פאָרוווּרף:

— איך וויל דיך נישט באַליידיקן, מיין אַריסטאָפאַנעס. דו זיצסט אויף אַ שטיין פון מיין הויז און איך בין דיר שולדיק גאַסט-פריינדשאַפט. דו זידלסט די געטער, און דו זידלסט בייזוויליק די טראַגיקער. עס פּאַסט נישט פאַר אַן אומשטערבלעכן צו האָבן אַ קורצן זכרון: דו האָסט זעלבסט, אויף אַ סימפּאָזיאָן ביי מיר מודה געווען סאָקראַטעסן, אַז די דיכטער פון דער טראַגעדיע און דער קאָמעדיע זענען איין און די זעלביקע דיכטער.

אַריסטאָפאַנעס טוט אַ קוק אויפן שווייגנדיקן סאָקראַטעס, דאַן זאָגט ער שאַרף:

— ס׳איז דאַן געווען שפּעט אין דער נאַכט און איך בין געווען אָנגעטרונקען מיט וויין. די טראַגיקער זענען ליגנער. זיי זענען הוילע קונצנמאַכער. נאָר מיר, די קאָמיקער זאָגן דעם אמת.

פעדראָס, וואָס זיצט ביי דער זייט פון סאָקראַטעסן, גיט צו:

— אַריסטאָפאַנעס איז גערעכט. אפילו דער געטלעכער עסכילאָס, אונזער גרעסטער טראַגיקער, איז געווען אַ ליגנער.

צווישן די שאָטנס פון די אַלטע פריינט גייט דורך אַ באַוועגונג.

— צופוסנס פון דעם געטער־באַרג זידלסטו די דיכטער וואָס זענען באַגינסטיקט פון די געטער. דו זידלסט די געטער, פעדראָס. צעאוס וועט דונערן, — זאָגט אַריסטאָדעמאָס נישט אָן שרעק.

— זאָל ער דונערן, — ענטפערט פעדראָס. — מער קאָן ער נישט. די געטער זענען די אייגענע ליגנער, וואָס די טראַגיקער. זיי קענען נאָר שרעקן. זיי ווערן בייז, ווען מען זאָגט זיי דעם אמת.

אַריסטאָפאַנעסעס קול ווערט שאַרפער. עס שניידט די שטילע קילע נאַכט ווי מיט אַ מעסער:

— ווייל גערעדט, פעדראָס. סאָקראַטעסעס תּלמידים הייבן ענדלעך אָן צו פאַרשטיין אַריסטאָפאַנעסן. ביסט גערעכט. אפילו דער גרויסער עסכילאָס איז אַ ליגנער. אָט האָט ער געזאָגט, אַז נאָך די הערשאַפט פון די אָלימפּישע געטער, וועט קומען אַ נייער גאָט, פּראָמעטעוס. ניט מער אַ פיינט פון די מענטשן, ווי צעוס, נאָר זייער פריינט און באַשיצער. כּדי צו באַווייזן, אַז ס׳איז ערגעץ־וווּ דאָ אַ גאָט, וואָס איז

ניט דער פּיינט פון די מענטשן, האָט עככילאָס געטרייסט דאָס מענטשן־געפלעכט מיט פאַלשע הבטחות.

— זענען די געטער אונזערע פּיינט? — הערט זיך די פליס־טערנדיקע שטים פון דאָקטאָר עריקסימאַכאָס.

— זיי זענען אייערע פּיינט, איר מענער פון אַטען, ווערט אַריסטאָפאַנעסעס קול וואָס אַמאָל באַוועגטער. — בחנם זענען מיר מקריב אויף זייערע מזבחות. גאָר קיינמאָל האָט קיין גאָט נישט געטון די מינדסטע טובה פאַר אַ מענטשן. די געטער האָבן זיך צו ליב, אום צו קענען עמיצן ליבן. זאָגאַר צווישן זיך האַסן זיך די געטער און זענען תמיד אין אייביקן קאַמף. אפילו דער קאַמף פון די געטער איז אַ קליינלעכער. דער ליבנדיקער עראָס, וועלכן איר האָט אַלע אַ מאָל געריימט אויף דעם דאָזיקן אָרט, איז ניט קיין גאָט, נאָר אַ דעמאָן. ער איז שוין דערמיט נישט קיין גאָט, ווייל ער ליבט. צוגלייך מיט זייער שנאה צו די מענטשן, האַסן די געטער די ליבע, און די געטער שטראָפן די ליבנדיקע גלייך מיט די גרעסטע פאַרברעכער. ניין, עראָס איז נישט קיין גאָט. דער ליבנדיקער פּראָמעטעוס איז נאָר אַן אויסרייד, כדי אייך צו לאָזן אין פאַלשע האָפענונגען. ס'איז נישטאָ קיין ליבנדיקער גאָט.

אַלקיביאַדעס רייסט איבער:

— דו פאַרגעסט, מיין אַריסטאָפאַנעס, מיר זענען שוין טויזנטער יאָרן אין דער אונטערוועלט. פּראָמעטעוס דער מענטשן־גאָט, האָט געזאָלט קומען צו די מענטשן. אין די יאָרן ווי מיר זענען טויט, האָט אויף דער ערד־פלאַך געזאָלט פאָרקומען גרויסע געשעענישן. די געטער האָבן זיך געענדערט. ס'איז אפשר אין דער צווישן־צייט מקוים געוואָרן דאָס פּיקזאַל, און פּראָמעטעוס איז דער הער פון דער וועלט.

— די נביאה פון גרויסן עככילאָס. — ניט צו אַפּאָלאָדאָראָס פון פאַלעראָן.

דערויף דערציילט אַריסטאָפאַנעס:

— איך האָב געבלאָנדזשעט אין דער שאָטן־וועלט, לענג אויס דעם שווארצן סטיקס. איך האָב לאַנג געבלאָנדזשעט און איך בין געקומען ענדלעך אויף אַן אָרט, וו דאָס דאָזיקע כתים־וואַסער פליסט אין אַ פולשטענדיק וויסטער געגנט. צווישן די דערנער ביים ברעג פון

סטיקס האָב איך פּלוצלינג אָנגעטראָפֿן אַ נאַקעטן מענטשן, הוילע הויט און ביינער. ער איז געזעסן ביים ברעג און זיך איינגעקוקט אין די שוואַרץ־פֿליסנדיקע וואַסערן. „ווער ביסטו, דו אָרעמער שאָטן?“ — האָב איך אים געפֿרעגט. איך בין אַ באַרבאַר, — האָט ער געענטפֿערט, — איך בין געבוירן געוואָרן אויף דעם אינזל בריטאַניאַ. מיין לעבן לאַנג בין איך דאָרט געווען אַן עלנדער קאָמעדיאַנט. כדי אָנצוזאַמלען געלט, האָט דער דאָזיקער באַרבאַר געשריבן טעאַטער שטיק, אפֿילו טראַגעדיעס. אָפּצושפּעטן אויס די הימלישע געטער, לאָזט ער אין מיטן פֿון זיינע טראַגעדיעס אויפֿטרעטן סאַטירן און קלאָונען. זיינע פֿילאָזאָפֿן זענען געמיינע הויף־לצים. איינער פֿון זיינע טראַגישע קלאָונען האָט נעבן אַ קבר געפֿונען אַ שאַרבן־קאָפּ פֿון אַ הויף־לץ (ביי די דאָזיקע ווערטער ווענדט זיך אַריסטאָפֿאַנעס צו דער זייט פֿון סאָקראַטעסן) און מיט דעם דאָזיקן טויטן־קאָפּ געהאַט אַ געשפּרעך וועגן דער וועלט חכמה. דער דאָזיקער באַרבאַר האָט גערעדט שלעכט גריכיש און ביי־זווייליק געפֿעלשט די געשיכטע פֿון די מענטשן. איך האָב אים געפֿרעגט צי האָט ער נישט געהערט אַמאָל פֿון דעם דערוואַרטעטן פּראָמעטעוס. דאָס ביטערע געשפּעט האָט דערויף כּסדר גערעדט מיט משלים און אַלץ אויסגעמיטן צו געבן אַן ענטפֿער. ענדלעך האָט ער געזאָגט, אַז ערגעץ־וווּ אין אַן אומבאַדייטנדיק לאַנד האָט זיך באַוויזן איינער, אַ פּראָסטער בעל־מלאכה, וואָס האָט געזאָגט, דאָס ער איז דער זון פֿון די געטער און ער האָט געבראַכט פֿאַר די מענטשן די בשורה פֿון ליבע און באַרמהערציקייט. די קלוגע מענטשן האָבן זיך נאָר אויסגעלאַכט, אים אָנגעטון אין פּורפּור און אין אַ דערנער־קרוין, האָבן אים באַשפּיגן און געפּרייזט אַלס מלך. דערנאָך האָבן זיי אים אויפֿגעהאָנגען צוזאַמען מיט צוויי גנבים, און זאָגאַר איבער זיין תּליה אויפֿגעקלאַפּט אַ ברעטל מיט אַן אויפֿשריפֿט, אַז דאָ הענגט דער דערלייזער און דער מלך פֿון דער וועלט. ס'איז געווען זייער אַ גייסטרייכע קאָמעדיע. ער האָט נאָך צוגעגעבן: אַז די וועלט איז אַ טעאַטער, נאָר ווען מ'לאָזט די געטער אויפֿטרעטן אויף דער סצענע, זענען דאָס די ערגסטע שוישפּילער.

— איז דאָס ווירקלעך געווען אַ גאָט? — פֿרעגט פּאָזאַניאַס.

— איך גלייב אַז יאָ, — ענטפֿערט אַריסטאָפֿאַנעס, — דערביי האָט ער אַזוי שלעכט געשפּילט דאָס שפּיל פֿון פּראָמעטעוס און זיך גע־

ברענגט דערמיט אויף דער תליה. אויף דער תליה האָט נאָך דער דאָזיקער נאָיווערגאָט געדופן דעם הימלישן צעוס, ער זאָל אים העלפן. די געטער אָבער, ווי זייער טבע איז, קאָנען נישט העלפן און קאָנען נישט ליבן. דער הימלישער פאָטער האָט זיך אָפּגעווענדט פון דעם איינציקן גאָט, וואָס האָט נאָך געגלייבט אין די ווערטער פון די געטער. פאַר יוצא־וועגן האָט צעוס אַביסל געדונערט און באַוויזן זיינע אַסטראָנאָמישע קונץ־שטיק. אָט אַזוי העלפן און ליבן די געטער.

אַז אַריסטאָפאַנעס האָט געענדיקט, האָבן אַלע פריינט געשוויגן. בלויז דער דאָקטאָר עריקסימאַכאָס און אָפּאָלאָדאָראָס פון פאַלעראָן האָבן שטום געווענדט זייערע בליקן צו סאָקראַטעסן, ווי זיי וואָלטן דערוואַרט פון אים אַן ענטפער.

דער דיקלעכער גוף סאָקראַטעסעס באַוועגט זיך שווער אויפן שטיין. ער טוט אַ מאַך מיט דער האַנט, גלייך ער וויל עפּעס זאָגן. פּלוצלינג אָבער האַקט ער אָפּ אין מיטן, ער בלייבט שטיל זיצן: פון צווישן די פעלזן, אויף דער זייט פון אַרעאָפּאַג, הערט זיך אַ שוואַך אומעטיק געקלאָג, ווי אַ שאַקאַל וואָלט געוואָיעט.

— אַ שאָטן פון איינע פון דיינע פלייט־שפּילערינס, אַלקיביאַדעס, אָדער אַ טויטע זונה פון פּירעוס, — ווייצלט זיך אַריסטאָפאַנעס. זי זוכט דיך. זי האָט געהערט, אַז דו זיצסט צוזאַמען אויף אַ סימפּאָזיאָן מיט סאָקראַטעסן, איז זי געקומען הערן חכמה פון דעם חכם סאָקראַטעס.

סאָקראַטעס טוט ווידער אַ מאַך מיט דער האַנט. דאָס יאָמערלעכע קול צווישן די פעלזן דערנענטערט זיך. מ'הערט דייטלעך דאָס קול פון אַ מענטש:

— סאָקראַטעס, סאָקראַטעס, זיי מוחל...

— קסאַנטיפּע, — זאָגט שטיל אַלקיביאַדעס. אין זיין שטים קלינגט אומהיימלעכקייט.

סאָקראַטעס דרייט אויס דעם קאָפּ: אויף דעם שפּיץ פון בערגל, אויף די פעלזן, דראַפּעט זיך די קליינע געשטאַלט פון קסאַנטיפּען ווי אַ טונקעלער וואָרעם.

אַריסטאָפאַנעס רופט אויס מיט פרייד:

— קום אַהער, קסאַנטיפּע, האָב נישט קיין מורא — זאָגט ער און ווינקט צו קסאַנטיפּען מיט דער האַנט. — דו האָסט תמיד צום

ריכטיקסטן אָפּגעשאַצט סאָקראַטעסן. סאָקראַטעס איז אַ ליגנער, ער איז באַזיגט. פּראָמעטעוס איז געווען אַן עלנדער נאַר און האָט געגלייבט עסכילאָסן. ווען ער איז געקומען, האָט מען אים אויפגעהאָנגען צווישן צוויי גנבים. איך, דו און יענער נאָקעטער קאָמעדיאַנט אויף די ברעגן פון סטיקס, צו אונז געהער דער רום און די חכמה.

סאָקראַטעס הייבט אויף דעם קאָפּ, ער ווייזט מיט אַ פינגער אויף אַ רויטלעכן, קוים אָנזעעוודיקן מאָרגן־שטרייף, וואָס צ׳טערט אויף איבער די ברעג פון אַטיקאַ: מיר זענען טויטע, מיר געהערן צו דער שאָטן־וועלט. פּלוטאָן, אונזער גאָט, רופט. עס טאָר אונז נישט זען דער טאָג.

איבער דעם וועג, וואָס פירט צום דיאָנזאָס־טעאַטער, טויכט אויף דאָס געשטאַלט פון אַ מענטש.

— אַ שטערבלעכער אין אונזער נאָנטקייט, — זאָגט אַלקיביאַדעס.

— עס ליגט איבער אונז דאָס געזעץ פון די טויטע; מיר טאָרן זיך נישט געפינען אין דער נאָנטקייט פון אַ לעבעדיקן.

די שאָטנס דערווייטערן זיך שנעל פון די שטיינער אויפן בערגל.

איין אַריסטאָפאַנעס בלייבט איבער. ער שטייגט אַרויף אויף אַ פעלז, כדי בעסער צו זען די שאָטנס פון די אומשטערבלעכע, וואָס דערווייטערן זיך ראַש אויפן וועג צום קיראַמייקאָס. אויף יענער זייט, אויפן שפּוע, קלעטערט נאָך מיד קסאַנטיפּעס געשטאַלט. מ׳הערט זי שטיל יאָמערן, און ווידער דערנענטערט זיך איר קול:

— זיי מוחל, סאָקראַטעס! נישט איך, נישט איך...

אַריסטאָפאַנעס דערהייבט צו איר זיין האַנט. ווי אַן איינזאַמער גאָט שטייט זיין געשטאַלט אויפן פעלז. אין די לעצטע שעהן פון דער נאַכט, וואָס פאַרשווינדט, רופט זיין קול:

— ביי וועמען בעסטו פאַרגעבונג, קסאַנטיפּע! זע, ווי קאָמיש זיי נישטיק און ווי פול מיט פּחדנות עס זענען די אומשטערבלעכע! פּלוטאָנס קנעכט. נאָר די וואָס פאַרגייען, זענען פריי. אויף די וואָס פאַרגייען האָבן נישט קיין שליטה נישט די געטער, נישט דאָס שיקזאַל. גרויס זענען די וואָס פאַרגייען. קום, לאָמיר זיך צוזעען, מיין קסאַנטיפּע, פאַר ווער ס׳זענען אַנטלאָפן די גרעסטע מענער פון אַטען.

אַריסטאָפאַנעס נידערט אַראָפּ פונם פעלז און גייט צו צו קסאַנטיפּען. ער הייבט זי אויף פון דער ערד, און זי ציטערט אין גאַנצן

נעבן זיין זייט, דאָס שוואַכע ווייב. ער נעמט זי אָן פאר דער האַנט. אַזוי בלייבן זיי שטיין צוזאַמען, אַריסטאָפאַנעס און קסאַנטיפּע.

די הימלען איבער די בערג רויטלען זיך וואָס אַמאָל מער אין מאָרגן. דער מענטש אויפן וועג דערנענטערט זיך וואָס בולטער. עס איז אַן אַלטער מאַן, אַ באָרוויסער בעטלער, וואָס גייט אַהער. ער גייט פולשטענדיק אָפּגעריסן, און זיינע קניען זענען נאַקעט. ער גייט טריט ביי טריט אויפן וועג, און האַלט אין דער האַנט אַ לאַנגן שטעקן, אַזעלכן ווי ס'טראָגן די אַטישע ציגן־פּאַסטוכער.

ער לענקט זיינע טריט צום פעלזן אויף וועלכן ס'זענען ערשט געזעסן די אַלטע אַטענער.

צוקומענדיק צום פעלז, זעצט זיך דער אָרימער בעטלער אַנידער. די שמאַטעס אויף זיין גוף און די עטלעכע גרויע האָר אויפן קאָפּ, זענען אים נאַס פון טוי. ער רייבט זיך די אַלטע איינגעטרוקנטע הענט און קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן. די מזרח־הימלען ווערן ראָז ווי אַ בלאַסע רויז.

אַריסטאָפאַנעס און קסאַנטיפּע שטייען אַלץ אויף זייער אָרט.

דער אַלטער בעטלער, וואָס זיצט אויפן שטיין פון אַגאַטאָנס הויז, הייבט פאַמעלעך אָן זיינע שמאַטעס אויסצודרייניקן פון אומפלייט.

אַריסטאָפאַנעס לאַכט שטיל: דער קלענסטער לעבעדיקער האָט פאַריאָגט די גרעסטע טויטע. קום, קסאַנטיפּע!

ער נעמט זי אָן פאַר דער האַנט און פירט זי אַוועק אויפן וועג צום קיראַמייקאָס.

לוציוס אַננעאוס סענעקאַ, באַזיצער פֿון גרויסע לאַנד־גיטער, מיניסטער און הויף־מענטש ביי נעראָ, מלוה־ברבית און סטאָאישער פֿילאָזאָף, אומקערענדיק זיך אַהיים פֿון די קייזערלעכע פּאַלאַצן אויפֿן פּאַלאַטין, האָט ער נאָך געהאַט צו טון אַ שפּאָרע צייט אויפֿן פֿאָרום. זינט סואיליוס האָט אים עפֿנטלעך באַשולדיקט אין פֿעלשן צוואות און אין נעמען געוואַלטיק הויכע פּראָצענטער, האָבן אַ סך פֿון זיינע בעלי־חובות, אונטער דעם אויסרייד אַז זייערע שטרות זענען געפֿעלשט, זיך געפּרוּווט אַרויסצודרייען פֿון זייערע התחייבותן. די באַשולדיקונגען פֿון סואילוסן און די איבעריקע פֿיינט זיינע, האָט דער געטלעכער סענעקאַ אויפֿגענומען מיט עכט סטאָאישער נשמה־רויִקייט. ער האָט זיך דערמאָנט אָ דעם, ווי די אַטענער האָבן באַשולדיקט סאָקראַטעסן און ווי רויִק סאָקראַטעס איז געשטאָרבן. דאַגעגן אָבער איז דער פֿילאָזאָף אַרויס פֿון זיין אינערלעכן גלייכגעוויכט וואָס איז שייך דער העסלעכער ערמה פֿון זיינע בעלי־חובות. אַ חוץ דעם וואָס דאָס האָט אים געדראָט מיט אַ גרויסן געלד־שאָדן (מ'מוז צוגעבן: דער געטלעכער סענעקאַ האָט זיינע שוואַכקייטן צום גאָלד געהאַלטן פֿאַר אַן אמתע קראַנקהייט און אומפֿאַרשטענדלעכע שטראָף פֿון די געטער), האָט ער זיך נאָך מיט אויפֿגעבראַכטקייט פֿאַרטראַכט ווי די פֿיל מענטשן וואָס מ'זעט אויפֿן פֿאָרום און אין צירקוס זענען פֿול מיט שלעכטע מחשבות צו שאָדן איינער דעם אַנדערן, און עס איז נישטאָ קיין פֿרייד אונטער די אַלע וואָס טראָגן די טאָגאַ.

דער היינטיקער בעל־חוב זיינער, מיט וועלכן דער סטאָיקער סענעקאַ האָט געהאַט געלד־חשבונות אויפֿן פֿאָרום, איז געווען אַ הינקעדיקער פֿריי־געלאָזענער, דער גריך פּאַנדאַראָס. דער דאָזיקער פּאַנדאַראָס, מיט אַ באַזונדער כיטרעקייט וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר שקלאַפֿן און קאַליקעס, האָט נישט בלויז נישט געוואָלט באַצאָלן די פּראָצענטער, נאָר ער האָט זיך זאָגאַר באַמיט צו באַווייזן אַז די שטרות זיינע, וואָס געפֿינען זיך אינעם באַזיץ פֿונעם פֿילאָזאָף, זענען נישט אייגנהענטיק אונטערגעשריבן. דער גריך האָט זיך פֿאַר סענעקאַן געבויגן מיט הינטישער הכנעה (נישט קוקנדיק דערויף וואָס ער זעלבער האָט אויך געהאַט אַ באַדייטנדיק פֿאַרמעגן), אים געחנפֿעט, גערעדט שטיל, דערביי אָבער אויף קיין פֿאַל נישט געוואָלט באַצאָלן דעם חוב. סענעקאַ האָט אויף

אים געקוקט מיט פאַראַכטונג, אָבער נישט אָן פילאָזאָפישער מיטלייד: ווי די נשמה פון אַ מענטשן וואָס איר מקור איז אין די הויכסטע ספערן פון די פּלאַטאָנישע אידעען, קאָן דאָס אין דעם גוף פון אַ פּאַנדאַראָס דערנידעריקט ווערן צו אַזאַ שפלער מדרגה. די וועגן פון די געטער זענען וואונדערלעך. ביי דעם דאָזיקן בעל־חוב איז סענעקאַ גראָד פאַרבליבן אין זיין גאַנצער זעלישער רויקייט. ער האָט געהאַט ביי זיך אין דער ביבליאָטעק אַ געשריפט וואָס האָט מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט באַוויזן די התחייבותן פון דעם פרייגעלאָזענעם פּאַנדאַראָס. דעריבער האָט דער פילאָזאָף סענעקאַ מיט פילשטענדיקער אָביעקטיוויטעט געקאָנט באַטראַכטן אַ יעדע באַוועגונג פון דער דאָזיקער קליין־מוטיקער נשמה.

פון פאָרום איז ער געגאַנגען אַהיים

ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך, טריט ביי טריט; ער האָט געטראָגן אַן אַלטע אָפּגעריבענע טאָגאַ, מ׳זאָל זען, אַז דאָס גייט נישט קיין רייכער מאַן און אַ מיניסטער, נאָר איינער וואָס ווייסט, אַז רייכקייט און כבוד איז פאַרגענגלעך, אייביק איז בלויז דער פילאָזאָפישער געדאַנק און דאָס רויקע געמיט. אַ שטילער באַשיידענער פילאָזאָף. דער מיניסטער און פילאָזאָף סענעקאַ איז איצט געווען אין דער גליקזעליקער שטימונג פון דעם וועלט־אָרימסטן סטאָיקער און ער האָט זיך פאַרטראַכט וועגן שיקזאַל: ווי דורך אַן אומדערקלערבאַרע פיינדשאַפט צו דער פילאָזאָפיע, באַשערט טיילמאָל דאָס שיקזאַל דאָס לעבן פון אַ פילאָזאָף מיט לאַנד־גיטער און גאָלד; עס שמידט דעם פילאָזאָף מיט גאָלדענע קייטן ווי מען שמידט דעם געמיינסטן שקלאַף, און עס שטעלט זיך דערמיט ווי אַ מחיצה אויף דעם וועג, ווו עס גייט דער פילאָזאָף צו דער גרויסער רויקייט. ווען אונזער זענאָ איז געוואָר געוואָרן אַז זיין גאַנץ פאַרמעגן איז דערטרונקען געוואָרן אין ים, האָט ער געזאָגט: דאָס שיקזאַל וויל איך זאָל אומגעשטערט פילאָזאָפירן. ווי באַזיצלאָז עס זענען די געטער! פליסטערט צו זיך סענעקאַ. זיי האָבן נישט קיין לאַנד־גיטער און גערטנער און נעמען נישט קיין וואוכער־ציינזן אויפן פאָרום. ער האָט זיך צוגעשטויסן אין אַ געדראַנג פון שקלאַוון וואָס האָבן באַגלייט אַ דיקן אין פורפור געקליידטן פּאַטריציער, דעם באַקאַנטן קאַרגן קווינטוס מוציוס. אויפהייבנדיק די אויגן און קוקנדיק אַ ווײַלע אויף דעם גע־

דראַנג אַרום מוציוסן, האָט ער גענומען באַטראַכטן די בונטע באַוועגונג אויף די רוימישע גאַסן און דערביי זיך דערמאָנט ווי גליקלעך די גאַנצע איז געווען אין זיין פּאַס.

נאָך די פיל טעג עגמת־נפש פון זיינע בעלי־חובות, האָט דער היינטיקער טאָג נאָכן פאַרום, אָנגעהויבן צו ווערן פאַר סענעקאן אַן אמתער טאָג פון אַ באַזיצלאָזן סטאָיקער.

עס איז אים געקומען אויפן זינען זיין פריינט און תלמיד נאַוואַטוס.

נאַוואַטוס, אַ יינגער און זייער רייכער רוימער, האָט געוווינט אויף דער צפון־גרענעץ פון איטאַליען, אין זיינע לאַנד־גיטער. נאָך זייענדיק אין רוים, האָט נאַוואַטוס געהאַט באַציונגען צו דער סטאָישער שולע און זיך באַפריינדעט מיט סענעקאַן. איצטער האָט נאַוואַטוס געלעבט אין פולשטענדיקער איינזאַמקייט. זיין הויז אויס ווייסן מאַרמאָר איז געשטאַנען אויפן ברעג פון אַ שטילער און בלויער אָזיערע. ער האָט געלעבט אין גרויס רייכקייט און אַרומגערינגלט מיט שקלאַוון וואָס האָבן אים באַדינט ווי אַ יינגן גאָט. אים איז פאַרמיאוסט געוואָרן זיין רייכקייט. ער האָט געלייענט ביכער, געטראַכט וועגן די פאַרגענגלעכקייטן פון דער וועלט און פון זעלבסט־איבערדריסיקייט געפייניקט זיינע שקלאַוון. יעדע מינדעסטע קליינינקייט האָט אים אויפגעבראַכט אין צאָרן. דער יינגער סטאָיקער האָט נישט געהאַט קיין רויק געוויסן, און ער האָט זיך שריפטלעך באַריכות געוואָנדן קיין רוים צו זיין מייסטער סענעקא, ער זאָל אים אַן עצה געבן ווי אַזוי בייצוקומען די דאָזיקע געמיינע מידה פון כעס. סענעקא האָט עס געהאַלטן פאַר אַ געוויסנס־חוב בייצושטיין זיינע פריינט, איבערהויפּט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין פילאָזאָפישע עצות. ער האָט דעריבער אין אַ דריי ביכער לאַנגע אָפּהאַנדלונג אַרומגערעדט די אַלע סיבות וואָס ברענגען צו אָט אָ דער שענדלעכער און העסלעכער מידה און אויך געשריבן פאַרשידענע מאָראַלישע עצות ווי אַזוי דעם צאָרן צו באַהערשן. דאָס דאָזיקע ווערק געשריבן אַלס בריוו צו דעם יינגן נאַוואַטוס, האָט געזאָלט זיין נישט בלויז אַן ענטפער נאַוואַטוסן און אַן אומשטערבלעכער דענקמאָל פאַר אַלע דורות, נאָר סענעקא האָט זיך אויך אין דעם דאָזיקן בריוו באַמיט פאַר זיין אייגענער נשמה צו באַקומען אַ פעסטן אָנהאַלט. ער האָט אין אָט אָ דעם ווערק געזעען דעם שפּיגל פון זיין מאָראַלישן אני־מאמין. דאָ־ט האָט ער־

באַשריבן פאַרשידענע עפּיזאָדן פונם לעבן פון גרויסע מענער, כדי זייערע מעשים תּמיד צו האָבן פאַר די אויגן. אין די מעשים פון גרויסע מענער זעען מיר ווי ווייט מ׳קאָן מיט זעעלן־רויקייט דערגרייכן. דער הייַנטיקער זיג וואָס דער פילאָזאָף סענעקא האָט געהאַט איבער זיינע אייגענע מענטשלעכע שוואַכקייטן, וואָס איז שייך זיין בעל־חוב, דעם פרייגעלאָזענעם פאַנדאַראָס, האָט אים נאָך מער געשטאַרקט אין דער איבערצייגונג, אַז נאָר אַ דאַנק דער פילאָזאָפיע איז ער געבליבן אַזוי גלייכגילטיק און רויק צו דעם ביזוויליקן הינקעדיקן גריך. די פילאָזאָפיע איז אַ טרייסטנדיקע מוטער פאַר אירע קינדער, זי באַרויקט זייערע געמיטער. אין דער דאָזיקער מינוט האָט זיך נעראָס מיניסטער געפילט ווי אַ שטיל אימשולדיק קינד אין דעם שאָטן פון זיינע פילאָזאָפישע געדאַנקען. ער איז געווען האָפערדיק אין זיין וועלט־ביטול. נשמה־גרויסקייט געפינט זיך נישט ביי שלעכטע מענטשן. דיאָגאָנעס האָט ווי אַ חכם איבערגעטראָגן מיט געלאַסנקייט ווען עמיצער האָט אים אָנגעשפיגן אין פנים אַריין. ער האָט געזאָגט: איך בין נישט אין כעס.

ווען סענעקא האָט נאָך צוגעטראַכט עטלעכע וויכטיקע זאַכן, מיט וועלכע ער זאָל פאַרענדיקן זיין בריוו צו נאָוואַטוסן, האָט ער זיך געפינען פאַר זיין הויז.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דאָס פאַרמעגן פון דעם סטאָאיקער האָט באַטראָפן דריי הונדערט מיליאָן סעסטערצן און זיין הויז אין רוים איז געווען פראַכטפול און רייך, איז דאָך דאָס אַרבעט־צימער סענעקאַס די ביבליאָטעק זיינע, געווען זייער באַשיידן איינגעאָרדנט. אין זיין ביבליאָטעק האָט ער זיך געוואָלט זען נישט ווי קיין מאַן פון דער וועלט, דער באַרימטער, דער לערער, דער פריינד און מיניסטער פון נעראָ, נאָר ווי אַ פילאָזאָף, און ווי אַ פילאָזאָף האָט ער דאָרט געוואָלט לעבן. דער פילאָזאָף דאַרף פאַרלעבן נישט מער ווי אַ האַלבע סעסטערציע אַ טאָג, פלעגט סענעקא זאָגן, און הגם ער האָט דאָס לויט זיין פאַרמעגן און געזעלשאַפטלעכע שטעלונג נישט געקאָנט באַווייזן, האָט ער ווייניקסטנס אין דעם ביבליאָטעק־צימער, וווּ ער פלעגט פאַרברענגען איינזאַם מיט זיינע געדאַנקען, געוואָלט האָבן די אילוזיע, אַז ער איז נישט רייכער ווי סאָקראַטעס. דעריבער איז דאָס ביבליאָטעק־צימער סענעקאס געווען אַזוי באַשיידן, אָן דעם מינדעסטן לוקסוס, יאָ, כמעט אָרעם. מ׳האָט

געפילט אין צימער בלויז דעם ריח פון שטויב און פון פּאַרמעט. די ביכער-ראָלן זענען געלעגן אָנגעוואָרפן הויפנווייז איבער איינפאַכע שטיינערנע בענק און טישן, אַ סימן דער פילאָזאָף האָט נישט געקויפט קיין ביכער גלאַט זיי אָנצוקוקן, ווי אַנדערע וואָס קויפן זיך געמעלן און קאָרינטישע וואַזעס, נאָר ער האָט געזוכט אין די ביכער דעם רוף פון דער אייביקייט, דאָס רויקייט און גלייכגעוויכט פאַר זיין געמיט. אַזוי איז אויך דאָס ביבליאָטעק-צימער געווען ווייט אָפּגעלעגן פון אַלע אַנדערע חדרים אין הויז, כדי עס זאָל נישט צוקומען דערצו דאָס מינדעסטע גערויש פון דער וועלט. אין מיטן דעם גרויסן רוים, צווישן זיינע רייכטימער און שקלאַפן, האָט דער מיניסטער סענעקא געלעבט אין זיין ביבליאָטעק-צימער ווי דיאָגענעס אין זיין פאַס. ווי קלוג זענען די וואָס גייען אין די וועגן פון דער חכמה! דאָס איינציקע מעבל וואָס דער פילאָזאָף האָט באַנוצט אין אָט אָ דעם צימער איז געווען נישט מער ווי אַ פשוטער טיש און אַ מאַרמאָרנע שטול, אָן שום פאַרצירונגען און באַרעליעפן. יאָ, איין איינציק לוקסוס-שטיק האָט זיך געפונען אויף סענעקאַס אַרבעטס-טיש צווישן די פאַרשידענע ביכער-ראָלן און באַשריבענע פּאַרמעטן, נעמלעך: די אייל-לאָמפּ. זי איז געווען אויס בראָנז און האָט פאָרגעשטעלט זייער אַ ראַפינירט-סטיליזירטן ציטרינען-בוים. קליינע אייל-שאָלן האָבן אַרומגעהאָנגען ווי אויסגערייפטע פרוכטן צווישן די בראָנזענע צווייגן און גרין מאַרמאָרנע בלעטער. אונטערן שטאַם אין הויך-געוואַקסענעם גראָז האָט נאָך דער קינסטלער פאָרגעשטעלט אַ ליבע-שפּיל צווישן אַ קליינעם אַמאָר מיט דריי נאַקעטע נימפעס. דאָזיקע איינציקע לוקסוס-שטיק האָט סענעקאַ געהאַלטן אין זיין ביבליאָטעק נישט דערפאַר, אַז זיין אויג זאָל דערויף קוקן אין הנאה האָבן, נאָר גראָד אינם עראָטישן שפּיל צווישן דעם אַמאָר מיט די נימפעס האָט ער, סענעקא, דער סטאָיקער, אין דער איינזאַמקייט פון זיינע געדאַנקען תמיד געוואָלט האָבן פאַר זיך נישט בלויז די שוואַכקייטן פון די מענטשן, נאָר אויך די שוואַכקייטן פון די געטער.

ער איז איצטער מיט שטילע און פאַמעלעכע טריט אַריינגעקומען אין זיין ביבליאָטעק-צימער, האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר און צוזאַמענגערוקט די פאָרהאַנג איבער איר, כדי זיך פאָלקאָם אָפּצושליסן פון דער וועלט. דער קאָפּ זיינער איז פול געווען מיט דערהויבענע געדאַנקען, פול געמיט, פול אינערליכע רויקייט. די שענסטע פון אָט אָ די

געדאַנקען האָט ער בדעה געהאַט אַרײַנצופלעכטן אין דעם סוף פון זײַן בריוו צו נאָוואַטוסן. דער בריוו קעגן צאָרן. ער האָט אַרויסגענומען פון די טאַשן פון זײַן טאָגאַ, אַ קליין בענדל בריפן פון דעם אומשטערבלעכן עפיקור, וואָס ער פלעגט עס תמיד בײַ זיך צוטראָגן און ווי ער האָט ליב געהאַט אַרײַנצוקוקן סײַ בעת ער פלעגט שרײַבן זײַנע פילאָזאָפישע און מאָראַלישע טראַקטאַטן, און זאָגאַר סײַ ווען ער איז געזעסן צוזאַמען מיט נעראָן און גערעדט וועגן פאַרשידענע הויפישע און מלוכהשע ענינים. סענעקאַ האָט אויך אין זײַן אַרבעט אַלס נעראָס הויף-מיניסטער נישט פאַרגעסן זײַן נשמה, דער אומשטערבלעכער טײל אינם מענטשן! ער האָט זיך אָבער דערמאָנט אָן דעם גריך פאַנדאַראָס און האָט זיך מיישב געווען, אַז איידער ער זעצט זיך שרײַבן וואָלט גלײַכער געווען נאָך אַמאָל איבערצוקוקן דאָס געשריפט וואָס ווײַזט אַזוי אומצווייטײַטיק די התחייבותן פון אָט דעם פרײַ-געלאָזענעם. סענעקאַ האָט בדעה געהאַט אָט דאָס זייער חכמהדיקע געשריפט אײַנצוּוויקלען אין זײַן ליבלינגס-בוך פון עפיקור, כדי עס צו האָבן בײַ זיך מאָרגן אויפן פאָרום. מיט דער דאָזיקער טאַט האָט זיך דער פילאָזאָף געוואָלט פולשטענדיק אָפּשליסן פון אַלע זײַנע געלט-זאָרגן. ער האָט געוואָלט שרײַבן צו זײַן תלמיד נאָוואַטוס אין אַ שטימונג פון זעליקער גלײַכגעוויכט. חוץ נאָר די טוגנט אַליין שטייט הויך און דערהויבן און גאָרנישט איז גרויס, וואָס עס איז נישט צוגלײַך רויִק און לײַדנשאַפטלאָז.

בנעימות האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אויף דער שטול און אָנגעהויבן זיך אַרומצוקוקן צווישן די פאַרמעטן און די ביכער וואָס זענען געלעגן צעוואָרפן אויף זײַן טיש. באַלד איז ער אויפגעשפרונגען פון זײַן אָרט. דאָס בלאַסלעך-אַסקעטישע פנים זײַנס איז פלוצלינג פאַרלאָפן געוואָרן מיט בלוט.

דאָס געשריפט איז נישט געווען.

זייער נערוועז מיט ביידע הענט האָט ער אַרומגעניסטערט אין די הויפנס פון פאַרמעטן. פון אָרט צו אָרט האָט ער זיי געוואָרפן, וואָס אַמאָל אומרויִקער. ער האָט זיך אַ ביס געטאָן אויף די ליפן די פאַרב פון זײַן פנים האָט זיך איצטער כסדר געביטן, דאָ בלאַס, דאָ רויט.

ער האָט אַ שטאַרקן פאַטש געטאָן אין די הענט.

די טיר פון סענעקאַס ביבליאָטעק-צימער האָט זיך ראַש, דערבײַ-

ווייער שטיל געעפנט, אַ שקלאַוו איז געקומען צוגעצווילויפן אויף די שפּיץ נעגל, טיף זיך פאַרבויגן און געהאַרט אויף אַ באַפעל.

— ווער האָט דאָ פון טיש אַראָפּגענומען אַ באַשריבענעם פאַרמעט?! — איז סענעקאַ אַרויס מיט אַ געשריי, די קינבאַקן פון זיין לענגלעכן פּנים און די קאַלך-ווייסע ליפּן האָבן ביי אים געציטערט.

די געשטאַלט פונם שקלאַוו איז געוואָרן ווי איינגעשרומפּן, ער האָט געוווּסט, אַז עס איז נישט קיין שפּיל, ווען דער גרויסער סענעקאַ געפינט זיך אין אַזאַ מצב.

— איך ווייס נישט... האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט דער שקלאַוו

דער פילאָזאָף האָט זיך נאָך העכער צעשריגן, ער האָט געהאַקט מיט ביידע הענט אין די הויפענס פון ביכער-ראָלן וואָס זענען געלעגן אויפן טיש.

— דו הונט דו, דער הינקעדיקער פּאַנדאַראָס האָט דיך אונטערגעקויפט דו זאָלסט אים אַרויסגעבן דאָס שטיק פאַרמעט. אַזאַ געלטשאָדן! — האָט ער געשריגן — אַלע זענט איר איין כנופיא. איר געמיינע שקלאַוון-באַנדע.

דער שקלאַוו האָט געשטאַמלט:

— איך קאָן נישט קיין שום פּאַנדאַראָס, געטלעכער הער...

דער פילאָזאָף האָט וואָס אַמאָל רציחהדיקער געהאַקט מיט די הענט אין טיש אַריין, זיינע בלייכע אויסגעטרוקנטע ליפּצן האָבן זיך באַגאָסן מיט שוים.—גיב אָפּ דאָס שטיק פאַרמעט דו הונט דו,—האָט סענעקאַ אַרויסגעקייכט.

דער שקלאַוו האָט געציטערט ווי אַ בלאַט, ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס:

— איך בין אומשולדיק, געטליכער הער...

— דו רעדסט מיר נאָך אַקעגן?!—האָט דער פילאָזאָף אויסגעשריגן נישט מיט זיין קול. ער האָט מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט די בראָנזענע אייל-לאָמפּ וואָס אויפן טיש און מיט אַלע זייגע כוחות זי אַ שליידער געטון אויפן שקלאַוו.

ס'האָט זיך געהערט אַ שווערער קלאַפּ. דאָס קונסט-ווערק איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער מאָזאאיק-פּאָדלאָגע פונם ביבליאָטעק-צימער. דער שקלאַוו האָט זיך געטון אַ וואַקל און איז אומגעפאַלן ווי אַ סנאָפּ נעבן דעם

קונסט-ווערק. דער קאָפּ-שאַרבן זיינער איז געווען צוהאַקט. אַ שטראָם בלוט אויסגעמישט מיט מארך איז אַרויסגעפלאָסן פון דעם צעהאַקטן קאָפּ. דער שקלאַוו האָט זיך געוואָרפן אויף דער מאָזאַאיק-פּאָדלאָגע ווי אַ גע-שחטן קאַלב. אינם קונסט-ווערק האָט זיך בלויז אַ קליין אייל-שאָלעכל אָפּגעבראָכן, און דער אַמאָר האָט זיך אַ ביסל אָוועקגעבויגן אין דער זייט.

סענעקא האָט נאָך אַ קליינע ווײַלע אַרומגעוואָרפן די ביכער און די פּאַרמעטן, דאַן האָט ער מיט אַמאָל אויפגעשמייכלט

אויף דעם אָרט ווו ס׳איז געשטאַנען די בראָנזענע אייל-לאָמפּ איז געלעגן דאָס געזוכטע שטיק פּאַרמעט.

טיף אָפּעטעמענדיק האָט ער זיך אַנידערגעלאָזט אויף דער מאַר-מאָרנער שטול ווי נאָך אַ שווערע אַרבעט. מיט ביידע הענט זיינע, וואָס האָבן נאָך לייכט געציטערט, האָט ער אָנגענומען דעם געזוכטן פּאַרמעט און אים געלייענט.

ער האָט וואָס אַמאָל אַ דערלייכטערטער געשמייכלט און כסדר געלייענט אין דעם פּאַרמעט.

פּלוצלונג האָט ער אויפגעהויבן די אויגן פונם געשריפט און באַ-מערקט דעם געטייטן שקלאַוו. דער שקלאַוו איז געלעגן איצט רויק, ער האָט נאָר נאָך קוים באַוועגט מיט די פיס.

דער פילאָזאָף האָט געטון עטליכע מאָל אַ פּאַטש מיט די הענט.

צוויי שקלאַוון זענען שטיל אַריינגעקומען צו לויפן, זיי האָבן זיך טיף פאַרבייגט און געוואַרט.

— נעמטס אים אַרויס, — האָט דער פילאָזאָף באַפוילן. ער האָט זיך צומאָל נישט אומגעקוקט אויף זיי, נאָר ער האָט מיט אַ צופרידע-נעם שמייכל אויפן פנים כסדר באַקוקט דאָס געשריפט.

די שקלאַוון האָבן אויפגעכאַפּט דעם געטייטן פון דרערד און אים שנעל אַרויסגעטראָגן פונם ביבליאָטעק-צימער.

דער פילאָזאָף האָט פאַמעלעך צוזאַמענגעוויקלט דעם פּאַרמעט און אים אַריינגעשטעקט אין דעם בענדל שריפטן פון געטלעכן עפּיקור. דאַן האָט ער זיך גלייכגעזעצט אויף דער שטול, האָט זיך פאַרטראַכט און זיך גענומען שרייבן דעם סוף אין זיין בריף צו נאָוואַטוסן.

צווישן די פאַרשידענע עפּיזאָדן פון לעבן פון גרויסע מענער, וואָס סענעקא האָט דאָרט אַריינגעשריבן, אין צווישן די פאַרשידענע

דערהויבענע געדאַנקען, האָט ער זיך באַזונדער אָפּגעשטעלט אויף דעם פאָלגנדיקן געדאַנק (ער האָט אים געהאַלטן פאַר אומשטערבלעך):

— קיין זאַך באַווייזט נישט אַזוי דעם גייסט פון אַ מענטש, שרייבט ער צו נאָוואַטוסן, ווי אין אַלע געשעענישן קענען לעבן צו בלייבן רויק. אין די רעגיאָנען פון די שטערן איז נישטאָ קיין שטורעם און קיין ווירבל־ווינטן. דאָרט הערשט פולקאָמענע רויקייט.

ריפס, דער פלינקער הונט, מיט די שטענדיק אָנגעצונדענע גרינע אויגן, מיט די שאַרפע אויסגעשפּיצטע אויערן, פון טיף וועלפּישע הינט, איז כסדר אַרומגעלאָפן איבערן שטוב, דאָ קוויטשנדיק, דאָ פּישטשענדיק, ווי מען וואָלט אים אָנגעדרייט אַן אויער. אָט דאָס מין קוויטשען וואָלט אפשר ביי אַנדערע הינט געווען אַ קאַפּריז, ווייל מ'גיט, למשל, נישט קיין עסן, קיין געלעגער, אפשר איז קאַלט אָדער עס פעלט קאָמפּאַניע? נאָר דאָס אַלץ האָט ריפּסן נישט געפעלט. ער האָט געהאַט נעבן זיך אַ פעל פון אַ טיגער, וואָס האָט געשטאַמט פון סעקען דעם „אַלטן שוואָב", דער ערשטער, וואָס האָט דאָ געבויט די גלאָז־הוטע, און האָט עס איבערגעלאָזט פאַר די אַנדערע בוטנ־קעס פאַר אַ זכרון, — זאָלן זיך דאָרט וועכטער אָדער הינט אויספּאָפן אין די גרויסע ווינטער־נעכט. מילא, איז זיך דאָ ריפּס אין די לאַנגע נעכט געלעגן און אָפּגעלעקט די גראָבע נעגל פון די פיס אָדער געגענעצט.

עסן? עס האָט אים נישט געפעלט פון קיין פּינטשעווער קעז, פון קיין געוזענע מעגעלעך און כרעמזלעך, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן געשיקט פאַר מיר און פאַר אים צוזאַמען.

קאָמפּאַניע? אַך, דאָס האָט ער געהאַט אַזויפיל, אַז אַ סך מאָל איז ער געקומען אַן אויסגעמאַטערטער קראַנקער פון די נעכט און אַרונטער אונטערן בעט אַ דערהרגעטער. אָבער דאָס פּישטשען און קוויטשען זיינס איז געווען אַן אָנזאָג, אַז ציגיינער קומען אָן און זומער־ציגיינער זענען זיי.

וואָרום מיר האָבן אויך פאַרמאָגט ווינטער־ציגיינער, עס הייסט אַזעלכע, וואָס זענען אָפּגעלעגן גאַנצע ווינטערס ביי אונז מיט שפּילן אין שאַשקע, וואַרפן מעסערס און שיסן מיט פלאַמען פון מויל. פאַר די האָב איך קיין מורא נישט געהאַט, דען איך האָב זיי געהאַלטן שוין פאַר שכנים, האָב איך טאַקע אַלע פאָר נעכט פאַרשפּילט ביי זיי אַ פאָר רוסישע צענערלעך. אָדער אַ געשטאָכענעם פערציקער. דערפאַר האָב איך נעציטערט פאַר די, וואָס קומען־אָן צום זומער, ווייל די זענען אַרויפגעפאַלן אויף אונז, ווי אַ היישעריק, געבעטן האָבן זיי זיך אַ ביסל אַרבעט ביים אויוון, אָבער אויפן געדאַנק האָבן אָנגעהויבן אָנקומען בילדער וועגן געגנבעטע אינדיקעס, פערד און „אַוועקגעבלאָזענע שפּיגלען".

האָט אָבער ריפס דאָס גוט פאַרשטאַנען און ער האָט מיך געשלעפּט צום פענסטערל.

איך בין געלעגן אויפן אייזערנעם בעטל און מיט אַ שטיק ווייסן קאַלך האָב איך, ווי פאַראיאָרן, ווי פאַר צוויי יאָרן, געשמירט אויף רעכטס און לינקס, געמאַכט פּלענער פון נייע שטעלער, פון נייע סאָרטן פּלעשער, גאַנשאָרס, פעסלעך; ווארום דאָס איז געווען מיין אַרבעט פון זינט טאַטע-מאַמע האָבן מיך געבראַכט פאַר אויפזעער דאָ; אויף מיר זענען געלעגן די אַלע קלאָפּאָטן פון צונעמען און אָפּזאָגן מענטשן, שליסן קאָנטראַקטן און ברענגען דיניצעס, ווי אויסקלערן נייע מאָדעלן פון גלאָזוואַרג.

האָב איך אין די פאַר-פסח-טעג געאַרבעט אַרום די מאָדעלן און אָנגעוואָרפן אויף דער וואַנט פּלענער פון שטעלער, פון בוטליעס, פון גאַנשאָרעס, פון שיסלען פאַרן קינפטיקן זומער. ריפס האָט מיך אַ צי געטון ביי דער האַנט, ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן פאַרוואָס באַצי איך מיך צום אָנקומען פון ציגיינער אַזוי רויק. האָב איך געכאַפּט די קויל קאַלך און געטון אַזאַ קנאַל אין דער וואַנט אַריין, אַז זי איז אין איין מינוט צעשאָסן געוואָרן און אַליין בין איך אויפגעשפּרונגען, פאַרמאַכט אַן אויג און מיטן אַנדערן גענומען קוקן אין דער ווייטקייט אַריין ווי דורך אַ לאָרנעט.

דער שניי האָט געטאָפּיעט שנעל, פונקט ווי אַ משחית וואָלט פון אונטן אונטערגעלייגט אַ פייער-קעסל. קריעס אייז האָבן זיך מיט שטורם צעגאָסן און מיטגעבראַכט מיט זיך עפּעס אַ גרין צעשאָרעוועט וואַסער, וואָס איז זיך צעלאָפן איבער קאַנאַלן און רינשטאָקן, געצוואַלעוועט ווי אַ קעסל און געשפּריצט מיט אַ ווייסע שוים. פון דער בלייכער שאָפּע האָט זיך שוין געטראָגן דאָס ערשטע בלאָע רויכעלע פון אָנגעצונדענעם אויוון, עס האָט געשמעקט אין דער לופט מיט ליים, רויך און האָלץ און עס איז געוואָרן עפּעס היימלעך און זיס אויף דער נשמה.

און דאָרט ביים וועלדל איז שוין געשטאַנען דער טאַבון מיט די קליינע געפּגרטע פערדלעך, מיט די אָפּגעריסענע קינדער און מיט די ווייבער, וואָס האָבן צום זומער אַלעמאָל מיטגעבראַכט נייעם כשוף און

נייע גנבות. זיי האָבן אויך גיך אויסגעלאָדן פון די בוידן טעפּ, שפּילען, פאַנעס, שטיוול און סתם פּעק שמאַטעס.

דאַן האָט איינער אַ יינג מיט זילבערנע קנעפּ געכאַפּט אַ שטיק בלעך און אַ פּויק־געטון דריי מאָל, אַ צייכן, אַז ציגיינער זענען געקומען, אַ צווייטער האָט אַרויסגעשלעפּט אַ בלעכענע טרומפּייט און טרומייטערט ווי פון אַ הויל פאַס אַרויס. איך האָב אויך פון דער האַנט געמאַכט אַ טרומייט און אויך צו להכעיס אויסגעבלאָזן טרי לי ליאַ לי.

די ציגיינער האָבן נאָכגעשפּעט: טרי לי ליאַ ליאַ.

2.

איך בין געזעסן מיט צוויי פינגער אויפן שטערן און נישט געקאָנט פועלן ביי זיך וואָס צו טון, צי זאָל איך דאָס יאָר נאָך שליסן קאָנטראַקטן מיט די ברייט־הייזער יאַנג און מאַכלייד אויף אַלטע פּרייזן, צי זאָל איך אונטערטרייבן דעם אַלטן אָפּמאַך מיטן טשעך „קאָסאַק" חעגן שפּיגל־גלאָז? און יאָ, וואָס מאַכט מען מיטן פּריץ לאַגונסקי? האָב איך מיך געווענדעט מיט אַן עצה צו אונזער שכן דעם באַלעבאָס פון דער פיר־לאָכיקער טעפּעריי (פיר אויוונס), ר׳ יאָשע לייקאַך ר׳ יאָשע לייקאַך איז געווען אַ מענטש פון באַלעבאַטישן שטאַם, אַ זיסער, אַ בכבודיקער ייד מיט אַ פירעקעדיקן קאָפּ, וואָס האָט ווי אָפּגעשניטן אַ שטיק פון קלאָרן שטערן, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן אינטערן קאָפּ און האָט בלויז איבערגעלאָזן צוויי קלאָרע גלעזלעך פון ברילן אויף האָלאָבליעס.

ער האָט אין דער אמתן אויסגעזעען ווי אַ חזן, נאָר זינגען הויך האָט ער נישט געקאָנט, האָט ער אָבער אונטערגעזינגען מיט אַ זיס קולכל אין דער שטיל, אין דער עיקר האָט ער עס געטון, ווען ער האָט באַדאַרפט געבן עמעצן אַן עצה.

האָט ער מיר אַ סך מאָל געגעבן אַן עצה, וואָס איך זאָל טון מיט דעם פּריץ דעם אָנזעצער „חילטשינסקי", ווי אַזוי איך זאָל האַנדלען מיט דער שווייצאַרישער פירמע „גיפּס", וואָס שטעלט נישט צו צו דער צייט דעם צעמענט און גאַבריליאַקן דעם פּושערסקן טשעשעל־

סקי מייסטער, און ביי צאַפּט פּאַפּראַוועט די דיקע האָלאָבליעס מעשה חכם און אונטערגעבאָמקעט מיט א שאַרפן גמרא־נגון:

— און אַס האָסטו געמאַכט מיט טשעשליאַקן? און מיט גאַבריליאַקן? און מיט וויטשעכן? און מיטן ציגיינער שלעזיאַק?

וואָרום ר' יאָשע לייקאַך איז ווינטער דאָ נישט געווען. ער איז געזעסן אין שטאָט, געקוועטשט גלע ביכער זיינע צו הונדערט מאָל אַ בלאַט. באַשריבן די טישן מיט קרייד און מיט בלייפעדער, געשפּילט אין „סגלעפאָן" און געגענעצט.

זומער איז ער געקומען עסענען דעם טאָפּ און שיסל־אוצר. נישט ער אַליין, נאָר מיט אַ ווייב, אַ זיסע יידענע, מרת כאַשע באַשעלע האָט זי געהייסן, וואָס איז טעג מיט נעכט געווען פאַרפאָרעט מיט גרויסע ערדענע סאַגאַנעס און האָט אַליין, זאָל מיר מוחל זיין, געהאַט אַ פּנים אָנגעגאָסן מיט בלוט, ווי אַן ערדענער געפאַרבטער טאָפּ.

נעבן איר האָט זיך אויך געפּאָרעט אין מסחר מאַשעלע, אַ מיידל אַ בלאָנדס, מיט אַ זאַקענעם פאַרטוך און מיט אַ גראָבן מיטעלען פינגער שטענדיק צו פּויקן אין די שיסלען און סאַגאַנעס בעת דער קונה שטייט.

אָט דער מאַשעלען האָט מען מיר, כ'ווייס נישט פאַרוואָס, שטענדיק אַרויסגעפירט אין מיטן שטוב, מען האָט מיר דערציילט פון אירע רייכע שדוכים, פון אירע גרויסע מיידלשע מעלות און פון דעם, ווי פרום זי איז צו גאָט. נאָר איך, כ'ווייס נישט פאַרוואָס, האָב זיך שטענדיק אָפּגעטרייסלט אי פון אירע מיידלשע מעלות, אי פון איר פרומקייט, אי פון די גוטע שדוכים, וואָס מ'האָט איר גערעדט און בין איבערגעגאַנגען צום עצם ענין.

ערשט איצט, צום ערשטן מאָל אין דעם יאָר, האָב איך מיט דיפסן איבערגעטרעטן יאָשעס שוועל. עס איז מיר באמת גוט געוואָרן אויף דער נשמה, אַ בעל יועץ, אַ מענטש מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן, א כוחר און אַ בעל מנגן צוזאַמען.

גיב איך אַ ברייטן פאָר־אַרויס מיט דער האַנט:

— עליכם ועל בניכם!

פאַרזשמירעט יאָשע ביידע זיסע אייגעלעך, קוועטשט־איין דאָס דאַרע פלייצעלע און ענטפערט מיט אַ מזמור־לדוד־נגון:

— אַבי געלויבט השי״ת מיר האָבן ווידער דערלעבט אַ יאָר.

— און וואָס מאַכט עפּעס דער „יאָסעלע דער גליני־רזשי״? פרעג איך אויף עפּעס אַ מענטש זיינעם.

— געלויבט השי״ת בקו הבריאה.

— ווי גייט עס מיט כאָדאַקן?

— אַי, ער איז גאָר אַ וואוילער יינג.

— און יאָסקע „סאָרטירער״?

— אי אַי אַי!

— אַפּטשי!

אַ שטאַרקער, געזונטער ניכ־אויס, באַשפּריצט דאָס פּנים פון אַ מענטש אַ זיסן, אַ זיידענעם און טייערן, נאָר יאָשע, חס־ושלום, באַליידיקט זיך נישט. ער נעמט נאָר ארויס די רויטע פאַטשיילע זיינע און ווישט־אָפּ די שפּריצן, ווי מען ווישט זיך אָפּ פון מקוה־וואַסער און ער זאָגט בשלמות:

— אַבי מיר זעען שוין ווידער אין טעפּעריי. גאָט ברוך הוא איז אַ זן ומפרנס, ער שפּייזט מענטשן, חיות, שלאַנגען אַפילו פאַרגעסט ער נישט. — און גיט מיר דערביי אַ טאָפּ דעם דופק: טראַכט איך נישט אַמאָל דאָס יאָר צו ווערן אַ חתן? אָדער סתם, צי איך הער נישט, ווי מען רעדט מיר שדוכים? אַנטלויף איך ווי פעפער וואַקסט פון דעם שמועס און הייב אָן אַריינקלאַפּן פון דעם, ווי דאָס יאָר האָב איך דיניצעס צו שמעלצן גלאָז פאַרגרעסערט אויף טאָפּלט, און מערגל געקויפט צוויי מאָל אַזויפיל. נאָר וואָס טוט מען היינט מיט מענטשן? זאָל איך טאַקע נאָכאַמאָל צונעמען ציגיינער? קוועטשט זיך יאָשע גאַנץ לאַנג, ווי איבער אַ בלאָט גמרא און קומט צום באַשלוס, אַז ציגיינער דאָס יאָר לוינט זיך צו נעמען, מחמת אַרבעטער הייסן זיך געבן דאָס טאָפּלטע געלט. אַי, זאָגט ער, גנבות, מוז מען טאַקע אַ ביסל פאַרקוקן, ווייל דאָס, זאָגט ער, וואָס אַ ציגיינער קאָן אויסאַרבעטן, לוינט עס. נאָר וואָס דען? מען דאַרף מאַכן אַ שטיקל איבערטויש: ראָנדלען, למשל, דעם צלטן ציגיינער, גיב צו פירן ליים, פאַנען וואַרף־איבער צו קאָלירן דיניצעס אין קאַספּין שטעל אין וואַלד אַריין. פאַרשטיי איך צו שעצן יאָשעס גוטע חכמה, אַז דאָס מיינט ער צווישן די ציגיינער צו צעררייסן די אחדות פון גנבענען, גיב איך אים אַ פּאַטש אין פּלייצע:

— יאָ, גאָט איז גערעכט און ר׳ יאָשע איז אויך נישט פון די גנאַראָנים אַרויס.

איך וויל נאָך אויספרעגן יאָשען פון אַ סך פונקטן. דערהער איך אַ שאָס פון הוטצ. דאָס רופט מען מיך צום אויוון. און איך ענטפער מיט אַ שאָס פון מיין פּיסטויל, אַז איך גיי.

און דאָרט, פון דערווייטנס, שטייט שוין דער טאַבון מיט די קינדער, מען באַלאַקעט, מען רעדט, מען שרייט, מען הייבט די הענט: עס הערט זיך אַ שיסן מיט גלאָז, אַ טרומייטערן און אַ היצן זיך מיט ציגיינערישע געזאַנגען. דאָס טוט מען מיר אָן דעם כבוד.

איך פאַל אַריין אין טאַבון און דערקען קאַפּין דעם עלטסטן. אַ צ׳יגיינער אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ ברוינעם מענלעכן האַלז, איינגעפּאַסט אין אַ בלוי העמדל מיט אַ צעשאָטענעם קראַוואַט.

דאָס בערדל זיינס איז ערטערווייז געדיכט, ערטערווייז צעקאָשמעט. עס דערמאָנט אין עפּעס אַ יינג וועלדעלע, זיינע אויגן זענען רויקע און דריקן־אויס ציגיינערישע מעלאַנכאָליע, דער הוט צעבראָכן, דורכגעווייקט פון רעגנס אין די כאָלעוועס גלאַנצן.

אָט דער ציגיינער האָט שוין עטלעכע יאָר געשניטן האָלץ אין וואַלד און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קענען די אייגנשאַפטן פון יעדן בוים, וועלכער עס טויג בעסער פאַרן אויוון.

ער גיט מיר אַ דרייסטן פּאַטש אין האַנט:

— דאָברי דזיען, פּאַניק טי מאָי!

באַווייז איך נאָך אַ שטאַרקערן כח און ענטפער מיט אַזאַ פּאַטש:

— צאָ סליכאַטש?

אַז ער נעמט זיך אַזש בלאָזן אויף די פינגער, ווי מען וואָלט זיי אים אָפּגעבריט.

איך האָב אויסגעפרעגט קאַפּינען ווי ער איז געווען מיט זיינע בוידן דעם ווינטער.

האָט ער עפּעס אַ וויִיז־אָן געטון אויף מערב.

האָב איך אים ווידער געפרעגט מיט א ממזרישן ווונק, ווי איז עס אים דערגאַנגען „די אַרבעט״! ענטפערט ער

— אויף כפרות!

און דאַן נעמט ער מיך אַרום אַרום האַלז, הייבט אָן שפּאַצירן

היימיש און פרעגט מיך דריי זאכן: ערשטנס, צי האָב איך נישט אביסל ספּירט, צי קאָן איך אים נישט געבן קיין פּערציקער און צי וואָלט איך נישט צוגעזאָגט מען זיינס א מיידל צו דער ארבעט?

איך האָב קאַספּינען אָנגעקוקט, איך האָב מיך נישט געקאָנט דערמאָנען, אַז ער זאָל האָבן געהאַט חוץ א טאָכטער. אָבער אַלץ איינס.

קאַספּין נעמט מיך אָן פאַר די לאַצן פון קאָלנער און רעדט:

— אפשר דאַרפסטו צווייגן שלעפּן פון וואַלד? שישקעס קלויבן? טאָרף ברענגען? אָדער, הער, זי קאָן אויך כשוף מיט שלאַנגען און שפּילן אויף א פלייט.

ענטפער איך גאַנץ טרוקן:

— שישקעס קלויבן, האָלץ האַקן אָדער שלעפּן צווייגן — דאָס דאַרף איך. אָבער, הער, כשוף מיט שלאַנגען און שפּילן, דאָס רעכן מיר נישט אַריין אין קאָן.

קייכט קאַספּין:

— האָסטו גאָר פיינט כשוף? — און גיט אַ פייף מיט פיר פינגער אין מויל, אַז איך דערשרעק מיך.

עס קומט צו לויפן א קליין נפשל און פאַרנייגט זיך ביז די קני. איך בלייב האַלב צעמישט. עפּעס איז זי נישט פון יענעם מין ציגיינער־מיידלעך, וועלכע מען טרעפט אויף די בוידן. דער גרויסער מענלעכער קאָפּ האָר איז געקאַרבט, דאָ און דאָרט בליצט דורך א סטענגע און א שפּילקע, פונקט ווי די פריזור וואָלט זיין א געקינסטלטע, נאָר די גרויסע שוואַרץ־מנלאַנכאָלישע אַפּלען פון די אויגן, האָבן פאַרבאָרגן אין זיך עפּעס הייליקעס, איך וואָלט זאָגן, א ציגיינערישע תפילה

האָב איך גלייך זי אָנגענומען פאַרן צאַרטן הענטל:

— הער, זאָג איך, דאָ זאָגט מען, אַז דו קאָנסט שלעפּן זעק מיט שישקעס פון וואַלד, און ברעכן צווייגן קאָנסטו?

— געוויס קאָן איך, פּאַניק מיינער, יאָ, איך קאָן אפילו רעדן מיט שלאַנגען, שפּיען מיט בלומען און שפּילן, פּאַניק מיינער.

נעם איך מיין פינגער צו דער נאָז און זאָג ווידער וואָרנדיק:

— דו זאָלסט וויסן־ויין, שוועסטער מיינע, אַז דאָ דאַרף מען

ישט, נישט שפּייען מיט קיין פייער, נישט כּשופן מיט קיין שלאַנגען, נאָר פּראָסט און פּשוט אַרבעטן, באַשטייסטו?

— נו, פּאַניק, שוין, איך וועל טאַקע נאָר אַרבעטן, אַ סך אַר־בעטן.

— גוט, ניי ציגיינערן און זיי מצליח. — גיב איך איר אַ פּאַטש אין פּלייצע. נאָר ווי רופט מען דיך?

— ציגיינערין סאַקאַ.

— האַ, האַ!

ערשט איצט האָב איך שוין געהאַט געפּלאַצן דעם פולן קאַמפּלעט פון די מענטשן. האָב איך אויפן סוהרישן שכיינער אַרו־כגעגומ׳ן אַ פלאַש בראָנפן, געגאָסן און געקלאַפּט כּוס צו כּוס, דאָ צו ראָנדלען, דאָ צו קאַכפּינען, און פלוצלינג שלאָג איך זיך אָן מיט סאַקאַס גלעזל. איך בלייב אַ מינוט שטיין. פאַרוואָס קאָן איך נישט אָפּרייסן ניעט די בליקן, נישט דעם בעכער און נישט דעם געדאַנק פון סאַקאַס פיגור? און אַט־אָט מיש איך מיך אויס מיט די ציגיינער, איך הייב אָן פאַרגעסן ווער איך בין און ווער זיי, מיינע נגונים זענען זייערע נגונים, מיינע טענץ זענען זייערע טענץ און עפּעס הייבט־אָן אין מיר פּראָסט פּשוט צו כּרעלן אין האַרץ. פונקט ווי איך וואָלט ווערן אין אַ מינוט אַ שפּיל־פויגל. דער שפּיל־פויגל אָבער אין מיר צעוואַקסט זיך און שפּרינגט אַרום אין מיינע אַלע אברים. אַט דאָ איז ער אין די הענט און אַט דאָ אין די פיס און נאָר פלוצלינג פיל איך עפּעס אַ פאַרנעפּלטע שכרות־געשרייען און גע־זאַנגען: טרילי ליאַ ליאַ.

דער וואַלד כאַפּט אונטער:

— ליאַ טרי לי ליאַ!

3.

איך בין שוין געווען אַ בחור אינגאַנצן איינגעהילט אין באַלע־באַטישן טלייער פון דורכשניטלעכער חכמה און איינפאַך־באַלעבאַטישער תורה; אין מיין מוח איז געלעגן ווי פאַרזיגלט מיין היכער רבי, דער יאָרער לאַקש, מיט די זעקס קבצנישע קינדער, דאָס אַלטע בית־המדרש מיט אירע בטלנים, דער מאַרק און אירע טויטע סוחרים און עפּעס, וואָס

האָט שטענדיק גערופן אין מיר: „בין איך נישט אַמאָל איינער פון יענע, וואָס האָבן באַדאַרפט געבוירן ווע־ן אין אַ ציגיינער בוידן?"

האָט מיר אַ קעגן-געדאַנק אַ שלאָג געטון אין מוח: „וואָס הייסט עס עפּעס אַ ציגיינער-בוידן? דער ציגיינער איז אָן אַ גאָט, אָן אַ הויז און אָן אַ געטלעכער תּפילה. ער איז געגליכן צו די ווייכע ריטער, וואָס וואַקסן אין גרינעם געמויזעכץ פון פעלד. ווילסטו אויך ווערן אַ קינד פון דעם געמויזעכץ?

איז אָבער אויפגעשפּרונגען דער צווייטער געדאַנק און האָט אויסגעשריגן אויפן גאַנצן הויכן קול: „יאָ דו ביסט עס דער, וואָס דו האָסט בעדאַרפט געבוירן ווערן דאָרט". דער געדאַנק איז ביי מיר געוואָרן נאָך שטאַרקער, ווען איך פלעג זיצן אין דער טעפּעריי אַרויסקוקן אויף די בעלאַדעוועטע פורן מיט ט פּ, מיט געבלומטע שיסלען, און מאַשעלע איז אַרומגעלאָפן אַרום די פורן, געפּאַקט און אויסגעפּאַקט. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי געדענקט אין קיינעם נישט. און עפּעס האָב איך אין איר זאַקענעם פאַרטוך, אין דעם מיטלסטן פינגער, וואָס פּרובירט-אויס די טעפּ, געפּילט אָט די טויטע באַלעבאָסטע, וואָס וועט אַזוי ווי די מאַמע צינדן ליכט, נעמען חלה און צוואָגן קינדער מיט בעבעלע־יאַך.

עס האָט מיך געעקלט, פאַרדראָסן און אָפּגעשטויסן. איך האָב אָני געהויבן גיין אומרויק, פּונקט ווי מען וואָלט מיר אַ רעה געטון.

כאַשע באַשעלע איז דאָ צוגעקומען, האָט מיך אַוועקגענומען אין אַ זייט און אָנגעהויבן איינרעדן:

— זאָג מיר — האָט זי מיך אָנגעהויבן מוסרן — יעדער מענטש, וואָס לעבט אויף דער וועלט זוכט זיך אַ תּכלית. אפילו אַ פליג זוכט אויך אַ נעסט. פרעג איך דיך טאַקע, עס פאַלט דיר גאָרנישט איין זיך אומצוקוקן?

— נאָך צייט, צייט, כאַשעלע, — זאָג איך, — איך בין נאָך גאָר נישט קיין אַלטער בחור און וועל גישט פאַרשפּעטיקן אומצוקוקן זיך.

— נאָך צייט, זאָגט ער, — זאָגט זי צו מיר, ווי צו אַ דריטן, — דו ווייסט, זאָגט זי, ווער עס רעדט אַזוי? אַ ציגיינער.

— און וואָס איז אַ ציגיינער, קיין מענטש נישט?

— הא, — רופט זי שוין צו יאָשען, — הער כאָטש מיינע צרות.

אָט וואָס דאַרפֿן מיר אויסשטיין פֿלאָגן פֿון פֿרעמדע ציגיינער, אז אָן אייגענער מענטש רעדט אויך גוטס אויף ציגיינער.

נאָר יאָשע רעגט זיך נישט אויף און עס איז אים אייגנטלעך אַלץ איינס, צי איך רעד גוטס אויף ציגיינער אָדער שלעכטס, דער עיקר אָבער, הייבט ער אָן די זאַך פֿון אָנהייב אָן

ער הייבט אָן צו דערציילן פֿון דעם, אַז מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק האָט ער צוזאַמען מיט מיין זיידן געקויפט אַ וואַלד בשותּפות, און אַז די הוטע מיט דער טעפּעריי האָט אַמאָל געדאַרפֿט ווערן אַ שותּפות־געשעפֿט, איז דאָך דער שדוך זעלבסטפֿאַרשטענדלעך

איך פּרוביר דעם שמועס אַראָפּפֿירן אויף אַן אַנדער וועג. איז אָבער יאָשען נישט אַזוי לייכט אַראָפּצופֿירן פֿון וועג, פּטרט ער עס אָפּ לייכט און האַלט זיך ביי ס'זייניקע, אַז, אייגנטלעך, איז ער מיט מיין זיידן שני בשני און אַז מיין זיידע מיט זיין פֿאַטער זענען געווען גליד־שוועסטערן־קינדער. האָסטו דיר שוין ווידער קרובהשאַפֿט.

מען הייבט מיך אָן צוטשעפּען צו יחוס, צו קרובהשאַפֿט, און עפּעס פֿיל איך, אַז מען דריקט מיך צו צו דער וואַנט. עס ווערט מיר ענג דאָס זיצן דאָ.

אין דרויסן הייבט אָן ווערן טונקל, און מוראַדיק ווערט די ווייט־קייט דאָרט, וווּ עס שאָרעוועט דאָס צעלאָזטע וואַסער אין די רינשטאָקן, נאָר דאָ, וווּ עס ברענט פֿייער איז וואַרעם, און אַ דויטלעכע וואַרעמ־קייט באַגיסט דעם הויף אַרום דער טעפּעריי. עס גליען די טעפּ, די שיסלען, זיי זעען אויס ווי פֿאַנאַנדערגעבליטע רויזן.

די מענטשן גייען אַרום מיט ווייסע מיצן, ווי בעקערס. איינער גע־נעצט איז פֿאַלנ־שלאָפֿן אויף דער פּאָדלאָגע, דער צווייטער געגעצט און פֿאַלט נישט. און אָט גאָר ליגן דריי מענטשן אויף בענק אויסגעצויגן, זיי שלאָפֿן שוין נישט די דריטע נאַכט, און די הינט בילן אין דער רויטער נאַכט אַריין.

דאָרט אויפֿן הויף האָט זיך שוין די אַרבעט פֿאַרענדיקט.

די אָנגעלאַדעוועטע טעפּ־פֿורן זענען אַוועקגעלאָדן געוואָרן אין שטאָט אַריין. נאָר איין פֿור איז געשטאַנען אויסגעשפּאַנט; צעבראָכענע שאַרבנס און געפּלאַצטע טעפּ האָבן פֿון דער פֿור אַראָפּגעקוקט צוזאַמען מיט די פּאַסו אַראָפּגעהאַנגענעם שטרוי. מאַשעלע האָט שוין געהאַט זיך אָפּגע־

פאַרטיקט מיטן מסחר, האָט זי אַליין פאַנאַנדערגענומען די שאַרבנס, אַוועקגעוואָרפן זיי אין סמיעטניק, געכאַפּט דעם הויכן בעזעם און פאַרקערט דעם הויף, דערנאָך איז זי אַריינגעקומען און געזאָגט, ווי צו קיינעם נישט:

— מאַמע, איז די וועטשערע שוין אויפן סטראַגאַן?

און אַז די מאַמע האָט געזאָגט יאָ, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, אָפּגעטשעפּעט די לעדערנע קעשענע פון פאַרטוך און אויסגעציילט דאָס געלט פון פדיון פאַר אַ גאַנצן טאָג, און פון דעם פדיון, וואָס עס האָבן געבראַכט מענטשן פון ד—ער טאָפּיריד.

ערשט איצט האָט די מאַמע געוואָלט פאַרהיימישן אונדז ביידע דערמיט, וואָס זי האָט געפרעגט אַ וואָרט מיך און אַ וואָרט איר.

מאַשעלע האָט אויף אַלע אירע פראַגן געענטפערט מיט אַן „איך ווייס נישט", „איך האָב נישט געזען און נישט געהערט". און איך האָב געדאַנקט גאָט, וואָס אויף אַלע אירע פראַגן האָב איך געענטפערט מיט אַ הייבן מיט די אַקסלען.

נאָר פון צייט צו צייט האָב איך געכאַפּט אַ זייטיקן בליק צו זען ווי פרום און ערלעך זי ציילט אויס דאָס געלט און האָב דערביי אַ שמעק מיט דער נאָז געטון. וואָרום אויף דער נאַכט פון דאָנערשטאָג אויף פרייטאָג האָט פון איר שוין געשמעקט מיט באָבעלע־יאָך. אין דער מיט וואָך האָב איך געפילט אַ ריח פון ערדענע טעפּ, נאָר איך האָב ביידע מוחל געווען.

„באַלעבאַטיש קעלבל", האָב איך שטיל פאַר זיך אַרויסגעזיפגט און אַ פייף געטון: „ריפּס, קום"! און דערביי האָב איך אַ טראַכט געטון, אַז אָט באַלד וועל איך זען סאַקאַן. איז סאַקאַ שיין אָדער מיאוס? קליין אָדער גרויס? דאָס גייט מיך נישט אָן. דער עיקר איז, וואָס סאַקאַ קאָן מיט כּשוף אויף שלאַנגען און שפּילן. אַי וואָס גייט עס מיך אָן איר כּשוף און שפּילן? ווידער אַ פלאָנטער!

איך כאַפּ אָן ריפּסן ביי דער מאָרדע און זאָג די „יאָשעכץ" אַ גוטע נאַכט. אין דרויסן נעם איך אַרויס דעם פּיסטויל און שיס אויס דריי מאָל. איך שטאָלציר מיט דעם פּיסטויל — איך ווייס, אַז מען האָט פאַר אים גרויס מורא. פון הויטע באַקום איך אַז ענפּער דורך אַ פרומבייט — מען ווייסט, אַז איך גיי.

דערווייל אָבער טרעט איך אָפּ אין מיין שטיבל. אַ קליין פיר־עקעודיק צימערל מיט אַ גרויסן שטייענדיקן בליק־לאָכפּ אויף אַ בראָני־זענעם פוס.

אויפן קוימען ליגט אַ פּאַטעלניע מיט שמאַלץ. אַ לאַנגער טרוקע־נער ווורשט הענגט איבער דער פּאַטעלניע, גרייט אַראָפּצולאָזן זיך אויף איר. איז וואָס איז דאָ צו קלערן? מ׳נעמט דאָס מעסער און מען צעשניידט דעם ווורשט. הײַלך האָקט מען מיט דער גרויסער גזלנישער האַק. שוועבעלעך? מיט איין מינוט גיט ריכּס אַ פלי אַוועק אין פּראָפּאָ־גאַציע און ברענגט אין פּיסק זאַלץ און שוועבעלעך און אַלדינגס גוטס.

נאָר וואָס דען? נאָכן עסן פּעלט־אויס אַ מענטש, מיט וועמען אַ וואָרט צו רעדן פּעלט מען אויפן געלעגער, מען פאַרמאַכט די אויגן און מען געגעצט. אָבער ריפּס, דוכט זיך, חייס נאָך, צו וואָס מ׳מאכט צו די אויגן. ער פּילט כּכתבֿא, אַז דאָס גייט מען חלומען, אַ שטייגער, פון ציגיינער. גיט ער ביי יעדן פאַרמאַכן מיטן אויג אַזאַ קוויטש, אַז איך שפּרינג אויף, שריי אויס „כאַפּט דיך דער רוח” און גיי אַוועק אין היטע, און דאָרט צעפּלאַקערט זיך די אַרבעט אין פולן ברען.

עס זענען די ערשטע טעג היינט, ווי יעדער פון די געזעלן סטאַ־רעט זיך ביי דער אַרבעט צו געפעלן דעם באַלעבאָס.

גזשיבאָווסקי, דער הויכער בוטניק, האַלט אויף דער קופּערנער גילזע אַ רויטן צעבלאָזענעם פענכער, וואַרפט אים אַריין אין פאָרם און עס קומט אַרויס אַ רויטע שיסל.

סאַלמאַ פאַרעט זיך ביי אויסבלאָזן חיין־פּעסעלעך, גיט ער אַ גע־שריי „היי, קאַזמיר”! קומט צו לויפן אַ קליין אָפּגעריסן ציגיינערל און גיט אַ האַק אָפּ פון דער גילזע דאָס פּעסעלע און טראָגט עס אַוועק אויף דער חידלע אין קילן אויוון אַריין.

מ. דזשעיעווסקי שלייפט דאָס גלאָז און באַנקאָווסקי רייניקט די „סקאַזן” מיט עסיק.

פון די ציגיינער איז שוין קיינער נישט געווען. קאַספּי איז אַרומגעגאַנגען אין וואַלד, געטאַפּט די ביימער, וווּ מען קאָן אָנהייבן שניידן. ראָנדעל האָט געאַרבעט ביים קיל־אויוון. ער האָט מיט אַ לאַנגן שטעקן פאַנאַנדערגעוואָרפן דאָס גלאָז, אַזוי, אַז עס זאָל זיך וואָס גיכער אויסקילן. און סאָקאַ איז געווען פאַרנומען. זי איז כּסדר געלאָפן פון

װאלד אין שאָפּע און געליפּערט צווייגן און שישקעס. נאָר ווען זי האָט מיך דערזען איז זי שטיין געבליבן און זיך אַ נייג געטון:

— האַ האַ, פּאַניק מײנער!

— נו, ווי גייט עס די אַרבעט?

— ווי געשמירט.

— יאָ, דו ביסט באמת אַ ווילע מויד, סאַקאַ, — האָב איך איר אַ גלעט געטון איבערן קאָפּ. — באמת, נאָר אַ ווילע מויד איך בין פון דיר העכסט צופרידן.

5.

איך מוז מיך מודה זיין, אַז כאָטש איך האָב געהאַט באַשטימט, אַז דאָס ציגיינער-מיידל זאָל אַרבעטן מיט אַלעמען גלייך, האָב איך עפּעס גענומען מאַכן אויכנאַמען פאַר איר.

די סיבה דערצו איז געווען, וואָס סאַקאַ האָט אַ סך מאָל אָנגעכאַפּט מיין האַנט און געזאָגט מיט ציגיינערישער חניפה:

— הער, פּאַניק מיינער, חתן מיינער, כסתמא האָסטו אַ געליבטע, גיב די האַנט, גיב די האַנט, איך האָב דיר וואָס צו זאָגן, שיינע נביאות צו זאָגן...

עס האָט מיך אין די ערשטע מינוטן באַליידיקט איר באַרירונג. עס האָט אויפגעוועקט עפּעס אַ פרעמדקייט פון איר. אָבער ביסלעכווייז האָט מיר איר באַרירונג אָנגעהויבן צו געפעלן. נאָכמער, איך האָב אַ סך מאָל געפילט אין איר האַנט-באַרירונג עפּעס אַ באַזונדער פיינקייט, אָבער איך האָב איר געוואָלט ווייזן, אַז איך לאַך פון אירע „נביאותן", האָב איך אַלעמאָל איבערגעקערט די האַנט אַראָפּ. איינמאָל האָט זי אַ פּאַק-אָן געטון מיין האַנט:

— שטיי!

ריפּס האָט מיך אין דער מינוט אַ שלעפּ אָוועק געטון ביי דער פּאָלע. ער האָט מורא געהאַט, ווען עמעץ האָט זיך צופיל געשפּילט מיט מיין האַנט, בפרט אַ ציגיינער. נאָר סאַקאַן איז געלונגען איינצוהאלטן מיין האַנט, דורכצוקוקן יעדעס פינטעלע און ־ריכעלע. און פלוצלינג האָט זי אנגעהויבן הלכו ·

— יונגער יינג, יונגער יינג, דו ביסט פלינק ווי אַ הירש, פלינק און גרינג, זינג נאָר זינג!

און דאַן האָט זי גענומען מאַכן מיט די פינגער אויף רעכטס און לינקס:

— שיינער פויגל, פרייער פויגל, קלוגער פויגל, פליט הויך, פליט קרום, פליט נידעריק, גלייך און ווידער קרום.

און דאַן האָט זי אַרויסגענומען אַ בלעכן שפּיגעלע, אָפּגעשפּיגלט זיך און מיך:

— יאָ, קלינג, אָ, שיינער יינג, אָ, קלינג, זינג מיט מיר, אָ, זינג, וואַלד פריי, וואַלד אָפן, הימל-ליד, ערד-געזאַנג, שריי! „קאַזמי", דו האָסט די פלייט?

האָט קאַזמי, דער קליינער ציגיינער, געטאָן אַזאַ שפּרונג, אַז אין איין אויגנבליק איז ער איבער דריי וואַסער-גריבלעך און באַלד געקומען צו לויפן מיט אַ שוואַרצער פלייט.

סאַקאַ האָט מיך מוטערלעך אָנגענומען פאַר דער האַנט און צוגעפירט צו די ערשטע ביימער פון וואַלד. דאָ איז זי שטיין געבליבן און צוגענומען די פלייט צום מויל, געבלאָזן שטיל און מעלאַנכאָליש און פּלוצלינג זענען געקומען ע-אָס און נאָך-עכאָס, זיי האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט די מעלאַנכאָלישע טרעלן פון פלייט. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז פייגל פרייען זיך און קריגן זיך און האָבן התונה.

און איך בין געשטאַנען מיט פאַרשלאָסענע אויגן און איך האָב געפילט אין מיר עפּעס אַ זיסן פּחד, פּונקט ווי די טויערן פון מיין האַרץ האָלטן זיך עפענען און אַריינגעמען אין זיך דעם הימל מיט די שטערן און די גאַנצע וועלט.

6.

אַז סאַקאַ האָט פאַרענדיקט, האָט זי די האַנט מיט דער פלייט אָנגעשפּאַרט אויף מיין אַקסל, ווי אויף דעם אַקסל פון אַן אַלטן פריינט און געפרעגט:

— קאָנסטו אויך שפּילן?

סאַקאַ איז געווען קאַסקיס אַ טאָכטער נישט פון דעם ווייב, מיט וועלכער ער איז געפאָרן אין טאַבון.

אַלטע ציגיינערינס, קאָרטנוואַרפערינס, האָבן געזאָגט, אַז קאַסקי האָט זיך געפּאָרט מיט אַ וואַלד־מכשפה, איז פון איר אַרויסגעקומען סאַקאַ די שפּילערין אויף אַ פלייט. נאָר אין דער אמתן האָט זי געשטאַמט פון אַ רומענישן ציגיינער־שבט, וואָס האָט זיינע קינדער פון אייביק אָן געשיקט שפּילן אויף די הויפן. נאָר קאַסקיס פאָטער האָט געלעבט אין וועלדער און זיך באַשעפטיקט מיט כשוף. האָט קאַסקי אַליין טאַקע אַרויסגעוויזן מער בקיאות אין קענען דאָס לעבן פון וואַלד.

און סאַקאַ, ווייזט אויס, איז געווען אַ געמיש פון די ביידע. אין איר האָט געלעבט דער כח פון די רומענישע ציגיינערס צוזאַמען מיט די סודות פון קאַסקיס כשוף. און סאַקאַס שפּילן האָט עפעס מאָדנע געווירקט, פונקט ווי עמעץ וואָלט פון איר אַרויסגעשפּילט. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אָן דער פלייט וואָלטן זיך אויך פון איר אַזעלכע טענער געשאָטן.

איך בין געבליבן שטיין אַנטציקט, קוקנדיק אויף דעם ליכטיקן מרה־שחורה־גלאַנץ פון סאַקאַס אויגן. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי איז שכור און קאָן נישט רעדן און נישט לאַכן. איך האָב אָבער מיין אַנטציקונג באַהאַלטן און געכמורמלט מיט אַ געמאַכטער איראָניע:

— דו קאָנסט דען נאָר שפּילן! נאַרסט די וועלט, דו ציגיינערין איינע. נו גוט, כ׳וועל דיר געבן דערפאַר, הייסטו וואָס! וואַטע אויף אַ ווינטער־קאַפּאַן.

— האַ, האַ, וויל און גוט, — האָט זיך געפרייט סאַקאַ, — איך דאַנק איך קוש די האַנט.

זי האָט געוואָלט מיט כח מיר אַ קוש טון אין די שפּיץ פינגער. איך האָב זי לייכט אָפּגעשטויסן.

ערשט איצט איז נאָך עפעס געשען. סאַקאַ האָט מיך געוואָלט מהנה זיין, האָט זי מיר פאַרשלאָסן די אויגן און געגעבן אַריינצונעמען די פלייט אין מויל.

האָב איך דאָס געטון.

דאַן האָט זי געזאָגט: „בלאָז, קום!"

איך האָב געפאָלגט.

האָט סאַקאַ אַליין אויפגעהויבן רעגירן מיט די פינגער איבער דער פלייט און פון מיר אַליין האָב איך געפילט עפּעס אַ מין אינערלעכן אויפגאַנג פון נייע באַוואַגונגען, עכאָס, נאָך-עכאָס, קלאַנגען און ווידער-קלאַנגען. איך האָב מיך נישט געקאָנט איינהאַלטן. דער באַלעבאָס אין מיר איז שטאַרק געפאַלן. איך האָב אויסגעשטרעקט די הענט קינדיש:
סאַקאַ, סאַקאַ!

ז.

איך האָב אין דער נאַכט ריפּזן אָפּגעשטויסן פון זיך, איבערגע-לייגט די שלעכטע לאַנגווייליקע בריוו פון זיידן, דאָס זהר והזהר נישט צו שליסן קיין קאָנטראַקטן מיט דער פירמע מאַכלייד אויף די אַ״טע פרייזן אין, דער עיקר, למה״ש נישט צוצונעמען קיין ציגיינער צו דער אַרבעט, וואָרום די ציגיינער האָבן אים פאַראָרן אָפּגעטון אַ שפּיצל. זיי האָבן אין סוף-זומער צעהאַקט דריי קאַסטנס שויבן גלאָז דערפאַר, וואָס ע האָט זיי נישט געגעבן קיין ביר-געלט, אַ חוץ, וואָס זיי האָבן ג....ט. האָט ער פאַרזאָגט איינמאָל אויף שטענדיק קיין ציגיינער מער נישט צו דערלאָזן צו קיין אַרבעט. האָב איך אָבער די אַלע בריוו גע-וואָרפן פון האַנט און אַוועקגעלייגט זיך אויפן אייזערנעם בעטל, פאַר-מאַכט די אויגן און איבערגעגעבן זיך צו מיינע מחשבות.

קלאַנגען און נאָך-קלאַנגען, עכאָס און ווידער-קולות, סאַקאַס גרויסע אויגן מיט איר פלייט און קאַספּיס כשוף-פנים — אַלץ האָט זיך צונויפ-געמישט אין נעפּלהאַפטע געשטאַלטן, פאַר וועלכע איך האָב אי מורא געהאַט, אי געפרייט זיך. איך האָב דאָ ווי שטענדיק, געכאַפּט דאָס גרויסע שטיק קרייד און אויסגעמאָלט אויף דער וואַנט עפּעס אַ קאָפּ פון אַ פרוי מיט אַ פלייט. דאַן האָב איך דאָס אָפּגעמעקט און גענומען שרייבן ווערטער. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך אַזעלכע ווערטער געשריבן:

א.

„צו אַלע מיינע נאָענטע און ווייטע, צו די, וואָס האָבן אויערן צו הערן דאָס ליד פון אַן איינזאַם-גליקלעכן, פאַר זיי וועל איך מיינע פרייע געזאַנגען לאָזן הערן.

„איך וועל נישט רעדן פון בארג אראפ. אפגעמעקט זענען פאר מיר די תורות אין די געזאנגען, וואס זענען געהערט געווארן פון די בערג. איך וועל נישט אויסשרייען פון קיין טאל, איך האב פיינט געזאנגען פון דער נידער. איך וועל רעדן פון דיר און צו דיר, אָ, פרייע ערד פאר פרייע מענטשן. אזוי זאג איך דיר:

„איך וועל רעדן פון פרייען הארצן, אזוי ווילט זיך מיר.

„איך בין אויף מיין וועלטל געקומען ווי אן ארעמער שמעטערלינג, אראפגעפאלן אין א טאל צו געניסן און צו שטארבן. צו וואס און נאך וואס — וואס גייט עס אייך אן?

„טרויער, זאגט איר?

„עס איז בלויז אייער מרה-שחורה. האב איך היינט געוואנדערט איבער די קעפ פון זאפטיקע עפלביימער, האב איך נעכטן געשפּורט וויין-טרויבן-זאפט, און מארגן, אך, מארגן וועט איר זינגען מיין קבר-ליד און טרערן וועלן רינען פון די אויגן.

„א פריילעכער שמעטערלינג מיט א פלייט אין הארצן בין איך געבוירן און נאך אין מיינע בליטיקע וויקלעך האב איך זי אין האנט געהאלטן און געשלאגן מיט איר די וועלט.

„היי, היליקע ציגיינער פלייט, ווער קאן זאגן, אז דו ביסט נישט די, וואס דו האסט געדראפעט געבוירן ווערן? ווער?

„אין די טרערן פון מיין באלעבאטישער מרה-שחורה צעיאג איך מיט די טענער פון מיין שמחה און קומען-אן די בעסטע טעג פון מיין לאנגוויליקער זאג, אָ, דעמאלט צעשיס איך זיי מיט די שטראלן פון מיין פריילעכקייט.

„נעם די זיס-טרויעריקע פלייט, מיין פריינט. גיי אוועק מיט איר אין דער מ־ב־ און אויך דארט וועסטו שטילן פרימארגן געזינגען.

„א הייסער ווינט, געמישט מיט פלאמען פון זאמד, וועט ברענען דאס פנים. האב קיין מורא נישט, דו וועסט עס לעשן מיט די טענער פון דיין שמחה.

„א פינצטערע נאכט וועט זיך אוועקשטעלן ארום דיר מיט טיפן חושך, נעם ארויס די פלייט און פארגיס מיט געזאנג די פינצטערניש.

„עס וועט קומען א טאג, מיין פריינט, וואס דו וועסט פארגעסן אין די אלע באלעבאטישע ציפערן, וואס דו האסט צונויפגערעכנט פאר

אַנדערע און וואָס אַנדערע האָבן געחשבונט פאַר דיינעטוועגן, וויל דיך וועט אויפלעבן דער אָטעם פון דיין ציגײנערישקייט.

„עס וועט קומען אַ מינוט, מיין פריינט, וואָס דו אַליין וועסט צעשמעטערן די פּאַלאַצן פון די „באַרעכנטע", ווייל דו אַליין ביסט אַ שטיק פון ציגײנער־גליק. אַזוי זאָג איך אייך, אַ מענטש אָן אײנזאַם־גליקלעכער.

„אַזוי זינג איך מיין שמחה־ליד!"

ב.

„ניי צו צו דער ערשטער בעסטער חוה, מיין פריינט, און קוש אויס די טריט פון איר שלאָגישקייט.

„נישטאָ מער קיין שלאַנגען און קיין רייצנדע עפּל. נישטאָ מער דאָס, וואָס עס לאָקט און מאַכט זינדיקן. איך בין מוחל די שלאַנג, איך בין מוחל די לאָקנדע עפּל. אַזוי זאָג איך אייך.

„עס וועט קומען אַ טאָג, מיין פריינט, וואָס אונטער די קלאַנגען פון הייליקע האַרפן וועט איר „אייביקע ליבע" פּליסטערן. אַזוי זאָג איך אייך.

„עס וועט קומען אַ צייט, מיין פריינט, וואָס איר וועט אונטער די קלאַנגען פון אייער אייגענער שמחה אייער אייגענע ליבע געבוירן. אַזוי דערצייל איך אייך.

„אָ, אַ מאָל, אַ מאָל האָסטו דיין חוה געזען ביים ברעג טייך צוזאַמען מיט די שאָף און פאַסטוכער געשלאָסן, איך וויל זען צוריק דיין צאַרטע פאַסטוך־פרוי.

„אין ווילדן וואַלד וויל איך זי זען מיט צעשאָטענע האָר, מיט אָנטבלויזטע פיס און מיט ווילדע ליבעס־רופן.

„וואַרף אַוועק, אָ דו ליבע חוה מיינע, אָט די געציפּערטע חשבונות פון דיין באַלעבאַטישער מיזערנעקייט, דו דאַרפסט עס נישט מער.

„רייס אויס יעדן שפּור פון מיידלשער פּחדנות, פון מיידלשער געשלאָגנקייט, דו שרעקסט מער נישט דערפאַר.

„עס וועט קומען אַ טאָג, מיין פריינט, וואָס דו וועסט דיין חוה

אויף דער שויס פון פאַר גן-עדן-לעבן, דאָרט אויפן שפּיץ פֿאַלן חעסטו
יך זען. נישטאָ מער די כוזערלעכע מורא פאַרן צער פון קינד. נישטאָ
יער פחד פון חבלי לידה און פון אזא קינדער-האָבן, וואָס מאַכט זיך
קליין אין די אייגענע אויגן.

„חייל מיין פלייט, מיין פלייט צעטרייבט דיין פחדנותדיקייט, פליי
פלייט, מיין פלייט. אזוי זינג איך דאָס ליבע-ליד.“

ג.

„[illegible] ערשטן בעסטן גולן און קוש אויס די
טריט פון זיין גולנישקייט.

„נישטאָ אין מיין לעבן קיין אייביקע פאַרברעכער, פונקט ווי עס
איז נישטאָ קיין אייביקע נאכט.

„נעכטן האָב איך געזען א שלאַנג אָפּחיפּן דעם פּיסק פון קינדער-
בלוט, היינט זע איך זי דעם קאָפּ צום הימל פון די בלעטער טראָגן,
חער ווייס, אפשר בעט זי מחילה ביי וועמען?

„ס'וועט קומען א טאָג, מיין פריינט, וואָס דו וועסט קושן דיינע
שלאַנגען, פּונקט ווי דו קושסט דיינע קינדער.

„און טאַנצן וועסטו מיט דיינע בערן, פונקט ווי דו שליסט זיך
אין טאַנץ מיט דיינע געליבטע פרויען. אזוי זאָג איך אייך.

„אָ, א שלעכטן ווייטן חלום האָסטו געהאַט, מענטש. דו האָסט
צעזעצט דיינע פריינט און שונאים אין קאַנצעלאַריעס, דו האָסט דיר
געמאַכט א קעמערל פאַר א חכם באַזונדער, פאַר א נאַר באַזונדער. דעם
שטאָלצן האָסטו געהויבן, דעם געפאַלענעם האָסטו געוואָרפן. עס וועט
קומען א טאָג, מיין פריינט, וואָס דיינע אייגענע ציין וועלן צעבייסן די
ווענט פון דער באַגרענעצטקייט. אזוי זאָג איך אייך.

„א נגין, א משוגע-פריילעכער נגון האָט זיך צעשפּילט אין דיין
האַרצן און ער ה׳געט דיין באַגרענעצטקייט, א האָגל פון מלאָכישע
טרערן זענען באַפאַלן דיין ביוסט און געשלאָגן דיין פיינטלעכקייט. אזוי
דערצייל איך אייך.

„איך שליס אָפּ די אויגן, טראַכט פון יענעם בלינדן חושך, וואָס
וועט מיך אויף אייביק פאַרדעקן און לאַך.

„אָט נעכטן האָב איך צוזאַמען מיטן מאָרגנשטערן געשפּירט די ליכט פון פרימאָרגן־שיין, איצט פרעס איך צייטיקע שטראַלן פון דער בייטאָג-זון און ביינאַכט שלינג איך זיך אָן מיטן עלנט פון חושך און האָב דערפאַר קיין מורא נישט.

„איך פאַרשטיי מיין טויט, ווי איך פאַרשטיי דאָס פאַלן פון עפּלען ביי די טריט פון אייגענעם בוים.

„קיינער באַקלאָגט עס נישט, קיינער באַוויינט עס נישט, סיידן די טראָפּנס רעגן פון אייגענעם בוים, אַזוי זאָג איך אייך.

„אָ, אויסגעריסן זאָלן ווערן יענע הספּדים-מאַכער און קברנים, וואָס האָבן באַקלאָגט דעם חושך, זיי האָבן פאַרקריפּלט דאָס געזאַנג פון אַ שפּיל-פולער נאַכט.

„עס וועט קומען אַ טאָג, מיין פריינט, וואָס אייערע קלאָגער וועלן פאַרלעשן די געשטאָרבענע קנייטלעך פון יאָרציייט, צעברען די קדיש־שטענדערס. ניין, מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען דעם חלום פון אַ טונקעלער נאַכט. אַזוי זאָג איך אייך.

„נעם־זשע די פּליים, מיין פריינט, גיי אין דער מדבר פון אייביק חושך און זינג מיט מיט דער שטערבלעכקייט.

„נעם דאָס פּייפל, דערנענטער זיך צום ברענענדיקן כּדנר זאַר און חזר פאַרברענט אין דיין פריילעכקייט. אַזוי זאָג איך אייך, [illegible] אַן אייביק-פריילעכער, געבליבן מיט אַ ציגיינער־פּלייט אין האַרצן.

אַזוי זאָג איך אייך.

— — — — — — — — — — — — — — —

— כאַ כאַ, געבליבן מיט אַ ציגיינער-פּלייט אין האַרצן — האָב איך אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער, — און וואָס זאָגסטו דערצו עפּעס, ריפּע?! — שריי איך אויס צו ריפּען. שטייט ריפּס און דרייט מעלאַנכאָליש מיטן היידל, קוקט אויף דער וואַנט און בלעקט אַרויס אַ צונג.

.8

איך האָב אָנגעהויבן איבערצולעבן עפּעס אויסערגעוויינלעכעס. די בוטניקעס און בכלל מענטשן פון אַזייט האָבן מיך אויפגעהערט צו אינטערעסירן, די חשבונות זענען געגאַנגען שוואַך און די אַרבעט נאָך שוואַכער ווי די חשבונות.

סאקאָס פלייט, סאקאָס כשוף און סאקאָס פּנים זײַנען זיך צוזאַמענגעוואַקסן אין איין וועזן, עס האָט מיך אַוועקגעריסן פון מײַנע פליכטן, איך האָב אָנגעהויבן פײַנט קריגן יעדן מסחר-מענטש, יעדן אויסגערעכנטן געדאַנק און יעדע ציפער.

איך האָב אויסגעלאַכט די קאָנטראַקטן פון כײַנע פירמעס און מענטשן האָב איך אויסגעצאָלט אָדער מער אָדער ווייניקער וויפל זיי איז געקומען. און ווונדערלעך, אויפן זעלבן אופן האָב איך געפילט, אַז איך וויל מיך אַרײַנוואַרפן ציללאָז אין עפּעס אַ לעבן, עס מעג זײַן אין וואַסער-שטראָמען, עס מעג זײַן אין פײַער, צווישן בערג אָדער טיפע טאָלן. און נאָך מער, איך האָב געפילט, אַז די יאָרן מײַנע פּאַסן נישט צו מיר. איך בין אַ סך נאַרישער און קינדישער ווי אַנדערע טראַכטן.

בין איך באַגינען אַוועק מיט די ציגײַנער רײַסן ווילדע ריטער און פון זיי אויסשניצן פײַפלעך.

די ערשטע צײַט נאָך בין איך געלאָפן אין די שטיוול, שפּעטער האָב איך אויך די שטיוול אַראָפּגעוואָרפן פון זיך און אין די פרימאָרגנס געזעסן מיט די פיס אין קאַלטן וואַסער און געזוכט ריטער.

די ריטער האָב איך צעשניטן אין פײַפלעך, געלייגט זיך מיטן פּנים צום הימל, פאַרשלאָסן טיף די אויגן און געשפּילט אויף די פײַפלעך. און אָט האָב איך מיך געיאָגט מיט ציגײַנערלעך ווער אַ פריער עס וועט אַרײַנשפּרינגען אין די ליים-גריבער. דאָרט איז ארומגעקראָכן אַן אַלטער ציגײַנער קאָזובי ווי אַ חיה אויף אַלע פיר. און דער גרוב איז געווען אַזוי טיף, אַז עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ווער עס וועט אַרײַנשפּרינגען, מוז געהרגעט ווערן. איז לא די וואָס איך בין גליקלעך אַראָפּגעשפּרונגען, האָב איך מיך נאָך געפילט אונטן אַזוי פרײַ און איך האָב זיך גוט געפילט, וואָס איך באַד זיך אין ליים ביז איבער די קני.

קאָזובי איז אַרומגעקראָכן אויף אַלע פיר, געגראָבן ליים און אָנגעלאָדן יעדן מיט אַ טאַטשקע. האָט ער מיך אויך מכבד געווען מיט אַזאַ טאַטשקעלע צוליפּצושלעפּן עס אויף דער רושטאָוואַניע פון דער מויער.

דאָרט זענען געשטאַנען די מויערערס מיט די קעלניעס אין די הענט און באַוואָרפן מיט ליים די ציגל. אַ טייל האָבן אויף דער כני צעבראָכן ציגל. האָב איך אויך געבראָכן און געוואָרפן אויף רעכטס און לינקס. געשריגן. געפּײַפט מיט די פינגער אָדער גלאַט אַזוי געשריגן:

בו, בו, בו און מיין בו, בו, בו האָט אָפּגעהילכט אין די וועלדער, עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז נאָך אַ צווייטער פון מיר הילכט אָפּ אין די וועלדער. און ווידער האָב איך געבראָכן ציגל, געבראָכן און הנאה געהאַט פון דעם רויטן שטויב, וואָס די ציגל האָבן פון זיך אַרויסגעגעבן.

ביינאַכט האָב איך ליב געהאַט צו עסן מיט ציגיינער ברויט, הערינג און קוואַס. מאַמע האָט מיך גענומען לערנען כשוף, קיעטשן שיש־קעז, וואַלר־נאָדלען און גראָז און דערנאָך באַקומען עפּעס אַ גרינעם זאַפט צו שמירן כּלות די אויגן, כּדי זיי זאָלן נאָכלויפן בחורים.

איך האָב געקוואָלן פון דער אַרבעט און דערביי אַראָפּגעכאַפּט פון קאַספּין דעם הוט, אָנגעטאָן אויפן קאָפּ, אַ־ייסגעכאַפּט דאָס מעסע־ זיינס, זיך אָנגעשפּיגלט — איך האָב אויסגעזען נישט קשה פון אַ ציגיינער.

נאָר ריפּס איז געשטאַנען פון ווייטנס מיט אָנגעצונדענע אויגן, מיט אַ לאַנג ער אַרויסגעבלעקטער צונג און געטראַכט זיך מסתמא: „צי איז זיין באַלעבאָס משוגע אָדער חסר דעה?“

וואָרום ריפּס, דער באַלעבאַטישער הונט, וואָס איז ערצויגן געוואָרן אויף בכבודיקע וואָכנטעג און נאָך מער בכבודיקע שבתים און ימים־טובים, האָט דאָס נישט פאַרשטאַנען. — האָט ער אָנגעהויבן פירן מיט מיר אַ ברוגז און אפילו נישט עסן מיט מיר צוזאַמען.

און איבערהויפּט האָב איך אָנגעהויבן פילן פאַר איבעריק נאָכצוטראַכטן פון דעם אַלעמען, וואָס איך האָב געטון נעכטן.

זענע, מיר איינמאָל פרעמד געוואָרן די תפילין אויפן קאָפּ, האָב איך זיי, כ׳ווייס נישט פאַרוואָס, אַראָפּגענומען פון מיר און געטראַכט זיך: אַז גאָט וועט דאַרפן מיין נגין וועט ער אים געפינען אויף אַן אַנדער וועג. מיטן טלית־קטן האָב איך געטון איין קליינקייט: מיר זענען דערעסן געוואָרן די פיר גלייכע ציצית, האָב איך איינע אַראָפּגעריסן און דערנאָך די צווייטע, די דריטע און באַלד האָב איך צעריסן דעם גאַנצן טלית־קטן און איך האָב געפילט, אַז איך זינדיק נישט דערמיט.

און איבערהויפּט האָט מיך פאַרדראָסן דאָס, וואָס מען באַגראָבט אַ מענטשן אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ. איך האָב מיך געפרעגט: צי איז נישט שענער ווען עמעץ פאַלט אָן הילף ערגעץ אויף אַן אומבאַשטימטן פּלאַץ אָן אַ דאָקטאָר, אָן אַ הספד און אָן אַ קבר?

עס האָט זיך גערייכן אין מיר עפּעס א צילאָזער געיאַנק צו כאַפּן אין מויל אַריין אַ זילבערנע טרומייט און לויפן איבער אַלע מערק און פעלעדער און בלאָזן:

— אוי ווי גוט איז מיר, וואָס איך בין געבוירן געוואָרן.

דען וואָס האָט מיר געפעלט? אַז אַלע פרימאָרגן האָט מיר סאַקאַ אויסגעשפּילט אַזעלכע תפילות, אַז האַלבע טעג זענען מיר געשטאַנען טרערן אין די אויגן.

כנחהס האָט זי געגעבן אויסטערלישע. היינט מעריב האָבן מיר געדאַוונט בצבור מיט דער ציגיינער-קאַפעליע, באַנדורעס און באַלאַלײַקעס און רומענישע גיטאַרעס און ציגיינער-פידלען און אַ כך מאָל בין איך גאָרנישט אַהיימגעגאַנגען שלאָפן, איך בין געבליבן ליגן אויף קאַספּס קני, געטראַכט פון יענע פרישע ריטער און פון טאַטשקעס לײַם.

איך האָב אין דרימל אָפטמאָל געפילט ווי מען רייסט מיך בײַ דער נאָז, ווי מען זעצט זיך מיר רייטן אויפן האַלז, ווי מען טשיפּעט מיר בײַ דער קעשענע, נאָר דאָס אַלץ האָט מיך נישט געאַרט.

און אָפטמאָל טאַקע האָט קאַספּ געטאָן אַ־ין קלייניקייט: ער האָט צופירגענומען די קני פון אונטער מײַן קאָפּ, געלאָזט מיך ליגן אויפן פעלד און אָנגעהויבן אָפּצובינדן דעם פיסטויל, וואָס איז פון אייביק צו געווען צוגעבונדן צו מײַנע הויזן. איך האָב דאָס אָבער דערפילט, בין איך אויפגעשפרונגען און גענומען שיסן אין וואַלד אַריין גאָר אַזן אַ פּאַר וואָס. דאָס איז געווען אַ צייכן, אַז איך בין אויך אַ ציגיינער-קינד.

עס איז איינגעשלאָפן די נאַכט, אַ שטילע באַנדיטישע נאַכט, און וועלכער עס האָט זיך ווי געצייכנט געשפּענסטער פון מעסערס און ביקסן און מיר איז געווען גוט אויף דער נשמה, פּונקט ווי איך וואָלט היינט אויפסנײַ געבוירן געוואָרן.

.9

די יאָשזכע האָט מיר אַלץ כסדר דערעסן די יאָרן.

זי איז געזעסן מיט צוויי פינגער אויף דער באַק און געזיפצט מיר אין פּנים אַריין, פּונקט ווי איך וואָלט עפּעס בײַ איר אָפּגענומען.

וואָרום אין דער אמתן האָב איך מיך מיט מײַן געוויסן געשפּילט

גאַנץ רויק. איך האָב מיט מאַמע־ען קיינמאָל קיין שמועסן נישט געפירט און ממילא האָב איך איר נשמהלע נישט פאַרטשעפּעט.

איז אָבער די יאַשעכע געקומען אויף אַן אַנדערע המצאה און זי האָט אָנגעהויבן מיט אַן אַנדער וועג.

— צי ווייסט עך גאָר ווי דאָס קינד בענקט נאָך אים? — זאָגט זי איינמאָל האַלב צו יאַשען, האַלב צו מיר. — עס הייסט זי בענקט? זי קלאָגט אויס די אויגן.

שטעל איך אָן מײַן בליק:

— וואָס הייסט זי בענקט? און וואָס בין איך באמת שולדיק, וואָס יענע קלאָגט אויס די אויגן?

ענטפערט זי גאָר פּראָסט:

— רשע, וואָס דו ביסט! ווו איז עס געהערט געוואָרן, אַז אַ ייִנגל זאָל אַזוי מאַטערן אַ קינד? אין, באמת, וואָס פעלט עס איר, חס ושלום, עסן? אַ דירה? בעטגעוואַנט? צי בעטן גוטע?

הייבט מיר פּשוט אָן ציטערן די הויט.

— וואָס הייסט? — זאָג איך — נישט מיר פעלט דאָס עסן, צי די דירה, צי דאָס בעטגעוואַנט. נאָר וואָס דען? איך האָב נאָך צייט צו טראַכטן דערפון.

שרייט זי אויס בקול רם:

— דו גרויסער יונג דו! ווי לאַנג נאָך מיינסטו וועסטו עס שפּילן די ראָלע? דען אָט באַלד אָנזאָגט נאָך אַ פּאָר טעג קומט צו פאָרן דער טאַטע מיט דער מאַמע און דאָ וועט מען זען.

ווער איך געוווּיר, אַז צווישן דער יאַשעכע און מײַן לייטזעליקער מאַמען פירט זיך לעצטנס אַ ברייטע קאָרעספּאָנדענץ וועגן דעם, און אַז די מאַמע וועט קומען וועט שוין אַלץ גוט זײַן

פרײַטיק באַגינען קומט אָן צו פאָרן אַ ברייט געבעטע פור מיט טאַטע־מאַמע מיט אַ סקאָצל קימט.

מען הייבט אַראָפּנעמען פון דער פור די צוויי בעקנס קיכלעך און דעם גאַנצן קאָרשון־סאַק. וואָס איז? די מאַמע מיטן טאַטן זענען אַהערגעקומען דאָ פאַרווײַלן אַ פּאָר טעג, האָט מען מיטגענומען משקה מיט קיכלעך, אַ העלפט פאַר זיך, אַ העלפט פאַר יאַשען, כּדי עס זאָל נישט הייסן, אַז מען איז דאָ אומזיסט.

זיך פ״ל, אַז טאַטע־מאַמע וועלן מיך אויספּרעגן וועגן אַלץ. וואָרף איך קודם כּל אַראָפּ פון מיר דעם ציגיינער, וואַש מיך אָפּ און לאָז מיך אַריין צוריק אין אַ לאַנגן ט״ית־קטן מיט גראָבע ציצית, וועד נאַיוו פּאַ־שעמט און שמייכלדיק גוט.

שבת ביים עסן שלאָפט יאָשע אַרויס פון שאַנק, כ׳ווייס נישט פאַרוואָס, די גרויסע גמ״א קדושין און הייבט, ווי אומישנע, אָן באַמקען בקול רם מיטן וואָרט „המקדש״ אַזוי הויך, אַז דער טאַטע הייבט אָן נאָכבאַמקען, און יאָשע פרעגט מיך:

— דו האָסט געלערנט קדושין?

איך ענטפער אומבאַשטימט:

— יאָ.

— געדענקסטו דאָרט די סוגיא...?

איך ענטפער:

— ניין.

יאָשע גיט אַ זיפץ. עס באַפרידיקט אים נישט מיין ענטפער. ביים ער, ווי זיין שטייגער, איבער צו דעם, צי ווייס ער, אַז ער איז מיטן טאַטנס שווער שני בשני און צי ווייס ער דערפון, אַז ער טאָקע מיטן שווער האָבן ביידע בשותפות געקויפט די הוטע?

און אַז דער טאַטע זאָגט יאָ, פאַלט שוין די יאָשעכע אַריין מיט איר מאַנ׳ס־לשון:

— נו, אַוודאי, מיינע שונאים זאָלן אַזוי לעבן צי מיר דאַרפן זיין אַזוי ווייט איינער פון אַנדערן. און איטקע — זאָגט זי צו מיין מאַמען — אדרבה, זאָג, דו האָסט קיין עין הרע אַזאַ פאַרמעגן און איך בין אַן עושרטע. נאָר וואָס דען?...

און ביים „נאָר וואָס דען״ בלייבט זי שטיין מיט די אויגן צום סופיט און גיט אַ זיפץ.

יאָשע זיפצט אויך עפּעס נאָך, באַמקענדיק כּסדר קדושין־ווער־טער, נאָר דער טאַטע, וואָס ווייסט נישט גאַנץ גענוי, וואָס דאָ האַנדלט זיך, זינגט פּראָסט זמירות, צוקלאַפּנדיק מיט אַ גאָפּל אין אַ לעפל אַריין.

די יאָשעכע האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי זיך צו האַלטן. זי איז געווען דאָ גוט, דאָ בייז, דאָ פריילעך, דאָ טרויעריק, און פּלוצלינג

גאָר הייבט ער אָן זיך שושקען מיט דער מאַמען און צו ברענגען אײַנגעמאַכטס מיט זילבערנע לעפּעלעך.

אָט די זילבערנע לעפּעלעך האָב איך געקענט פֿון לאַנג, זיי זײַנען געזען אַרויסגערוקט אויף אַלע חתונות און שמחות פֿון יאָשעס הויזגעזונט. אַצינד זײַנען זיי שוין געשטאַנען נעבן מיר.

און אָט מאַקע האָט די יאָשעכע צוגעשטעלט אַ טעלערל מיר, אַ טעלערל מאַשעלען און געזאָגט מיט אַ קול, ווי מען רעדט צו היימישע קינדער:

— זאָל עס אײַך זײַן צום געזונט.

איך האָב אַ ציטער געטאָן — איך וואָלט מיך אין אַן אַנדער צײַט געכאַפּט צו מײַן פּיסטויל. בין איך אָבער געזעסן פֿאַר די גוטע טרײַע אויגן פֿון דער מאַמען, וואָס האָט מיך אונטערגעבעטן:

— עס, יואלטשע, כ׳בעט דיך, עס.

און איך האָב גענומען עפּעס צום מויל און פֿאַלש באַלעקט זיך. מאַשעלע איז געזעסן נישט ווײַט פֿון מיר און געשפּילט זיך מיט די פֿראַנזן פֿון טישטוך. און כאָטש עס איז שוין געווען אַ שטיק אין שבת אַרײַן, האָט נאָך פֿון איר געשמעקט מיט באָבעלעך־יויך און מיט ערדענע טעפּ. און עפּעס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אָט־אָט גייט זי וויינען: „נעם מיך, איך בין דאָך אַ כשר, כשר קינד“.

די סעודה פֿון בייטאָג האָט זיך פֿאַרענדיקט און פֿאַרנאַכט האָט די יאָשעכע אָנגעהויבן אַרויסנעמען פֿון שיפֿלאַד אַ ביסל אַלט צירונג, וואָס זי האָט געהאַט בדעה אַוועקצוגעבן מאַשעלען. זי האָט עס אַלע מאָל צוגעלייגט צו מאַשעלעס פּנים און די מאַמע האָט געזאָגט:

— גוט.

זי האָט געפֿרעגט די מאַמען אין דער שטיל אַזוי, אַז איך נאָר זאָל הערן, וואָס זי זאָגט צו איר קינד.

און די מאַמע האָט געזאָגט מיט אַ קוש אין שטערן:

— אַז לעבן זאָל זי!

זי האָט געפֿרעגט דער מאַמען, אַז איך זאָל הערן, צי זעט מען נאָך היינט אַזוינס אין שטאָט און די מאַמע האָט געענטפֿערט: „ניין“.

דערווײַל האָבן אָנגעהויבן אָנקומען מענטשן, אייגענע און

פרעמדע. איינער האָט זיך געטון אַ קראַץ אין פּלייצע אָן אויוון און געפרעגט:

— ר' יאָשע, ווי לאַנג איז עס, אַז איר האט שוין נישט תּחונה געמאַכט קיין קינד?

דער צווייטער האָט צוגעווינטשן:

— אויף שמחות און חתונה אי"ה.

און דער דריטער האָט סוים געטרונקען צו מיר מיט אַ הייכן לחיים, וואָס האָט מיך אי געשטאָכן, אי געשראָקן.

עס איז געוואָרן פרייליך, עס האָט אויסגעזען ווי אַ חתונה־שטימונג. גלעזלעך מיט גלעזלעך האָבן גענומען קלינגען, ווייבער מיט ווייבער האָבן זיך גענומען קושן, און חעי ווייסט. וואָס דאָ וואָלט געשען, ווען נישט דאָס, וואָס אין דער אייגענער נאַכט איז אָנגעקומען אַ שליח צום טאַטן פון זיידן, אַז ער זאָל קומען תּיכּף ומיד, ווייל אים וואַרט אָפּ „פעליקס“, דער טשעשעלסקי מייסטער, צום חשבון.

.10

אַ שאָס פון מיין פּיסטויל האָט אָפּגעהילכט. צומאָרגנס בין איך צוריק געקראָכן אין די לייט־גריבער, געקלעטערט אויף דער מויער און געבראָכן ציגל אויף דער קני.

ריפּסן האָב איך היינט אויף צו להכעיס אָנגעטון קאָספּיס ציגיינער־היט. ער האָט אים נישט געוואָלט טראָגן אויף זיך, האָב איך אָבער אים אויף כּוח אָנגעטון און אַראָפּגערוקט איבער די אויגן. איך האָב געשפּרונגען אין געפּייפט דורך די פינגער. נאָר שאַ, ווו איז סאַקאַ, וווּ

פאַרנאַכט בין איך געזעסן אויף דעם קיילעכיקן שטיין אין שאָפע, מיטגעגעסן מיט די ציגיינער הערינג מיט קאַרטאָפליעס און געטרונקען מיט קוסקן קוואַס. אַלעמאָל האָב איך דערביי אַרויסגענומען קאָספּיס ברייטע מעסער, אַ שפּיגל אָפּ זיך געטון: איך בין געווען נישט קשה שוואַרץ און אויסגעשמירט אין ליים.

די אַרבעט האָט געברענט. רויטע וואַזעס. גראַפינען, שיסלעך און טעסעלעך און הינטעלעך זענען געפלויגן פון רויטן אויוון אין קילן אויוון אַריין.

עס איז דער סעזאָן. פירן שטייען און וואַרטן אויף די אַלטע גלאָזזאַרגן, וואָס ווערן אַרויסגעכאַפּט פון פייער און ווערן באַלד געפּאַקט אין שטרוי.

איך האָב געגומען הכן מיט די אויגן סאַקאָן.

זי האָט געוואָרפן דעם לעצטן זאַק שישקעס פון די פלייצעס און איז געקומען צולויפן צו קאַספּין.

— טאַטע, האָסט געלאָזן פאַר מיר הערינג געבראָטענעם?

— גיי בראָט דיר אַליין, אָדער ווער אַליין געבראָטן, — גיט איר אַ שמיץ מיט אַ בייטשל דער יינגער ציגיינער רעץ.

— הערי, דו זאָלסט נישט וואגן, — הייב איך אויף די הענט צו רעצן, — אָדער איך וואַרף דיך אַרויס פון דאַנען.

— אָבער פאַרוואָס זענען מיר עס מחויב פאַר איר צו אַרבעטן?— שטעלט זיך אַוועק אַ ציגיינער נאָ באָק.

— אַז קראַפּירן זאָל זי.

— זאָל זי!

סאָקאַ האָט נישט געענטפערט. זי איז געוועזן צווישן די פרויען די שטילסטע, וואָס האָט זיך נישט געמישט אין קיין פּליאָטקעס אין ציגיינער-רכילות. שעלטן האָט זי נישט געקאָנט און קיין ביליקן כשוף האָט זי אויך נישט געוווסט. בחורים האָבן זי פיינט געהאַט, זי איז געווען צו פרעמד צו זיי, האָט מען אויף איר אַלע מאָל עפּעס אַ וואָרף געטאָן, ווי מען וואַרפט אויף אַ פיר-פיסיקן און זי איז אַלע ווילדע אונטערגעשפּרונגען. אצינד האָט זיך עפּעס סאָקאַ נעבן מיר געפּילט ווי אונטער אַ שוץ. דער ברייט-געקעמטער קאָפּ אירער האָט זיך אָנגעלענט אויף מיין אַקסל און די גרויסע אויגן, ווי צוגעגאָסענע מיט טונקעלען וויין, זענען געשטאַנען רויק. אין זיי האָט געגלאַנצט אַ תפילה. דער שבאָלער ווייבלעכער עלנבויגן איז געפאַלן אויף מיין אַקסל, ווי אויף אַן אייגענעם און זי האָט זיך געבעטן:

— וואָס ווילן זיי פון מיר?

— יאָ, וואָס ווילן זיי טאַקע פון דיר, — האָב איך איר מיטגעפילט, — נאָר האָב קיין מורא נישט. הער, קאַספּי, האָסטו אַ טאָכטער, הערסטו?

— הער, — זאָגט קאַספּי צו מיר מיט אַ פּאַטש אין פּלייצע,—

אדרבה, נעם זי דיר. דו מיינסט, אַז איך וויל פון דיר אַ חופּה? אָדער אַ גלח? אָדער גאָר ווייס איך וואָס? ניין, נעם זי דיר און גיי.

איך האָב שוין לאַנג געטראַכט דערפון, אַז אייגנטלעך וואָלט מען געמעגט די יאָשטשיקעס מיט זייערע איינגעפּינדעוועטע שרוכים ערגעץ אַראָפּלאָזן אין אַ זומפּ פון אַ טיפן ליים-גרוב, נאָר איך האָב געענט-פערט:

— וואָס טויג צו רעדן, קאַזשי, זאָלן ציגיינער בעסער טאַנצן. הצי, חברה, אָט דאָ האָט איר צוועלף געשטאָכענע פּערציקער, אויף יעדן קאָפּ אַ פּערציקער. ווער טאַנצט?

דער אַלטער ראָנדעל האָט מיטן גאַנצן אימפּעט אַ קלאַפּ געטון מיט אַלע פינף פינגער אויף דער באַנדורע.

נאָך אים קאַזשי אויף אַ רומענישער גיטאַרע און עס האָט איינער געצימבלט אויף אַ שטיק שינע און איינער אויף אַ בלעך, באַלד זענען נאָך האַלבע פּוזאַנעס, קלאַרנעטן און קעמלעך.

סאַקאַ האָט געשפּילט אויפן פליים. דאָס איז געווען אַ מעלאַנ-כאָליש-טרויעריק ליד, וואָס איז געפירט געוואָרן דורכן פליים און איז אינטערגעהאַלטן געוואָרן פון אַנדערע אינסטרומענטן. די ציגיינער האָבן צו ערשט אַלע געשפּילט, אָבער באַלד האָבן אַלע געוואָרפן די אינ-סטרומענטן. איינער האָט געגעבן אַ שפּרונג אַריבער איבערן צווייטן ווי אַ הירש, איינער האָט געטאַנצט אויפן בויך, איינער האָט זיך גע-רוקט אויף דער פּלייצע און איינער גאָר איז געשפּרונגען אין דער לופטן ווי אַ פיש. עס איז געוואָרן אַ מין ווילדער געטומל-טאַנץ פון קליינע און גרויסע און די פליים האָט געגאָסן טרעלן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז עמעץ ווערט שטאַרבן אין טאַנץ...

איך בין געזעסן אויפן שטיין און געקוקט אויף סאַקאַן. איך האָב דערקענט אין איר יענע טיפע צעוואָרעמטקייט פון אַ מענטש, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען פון אייגענעם לעבן אין שוועבט אַרום אין דער וועלט פון חלומות. איך בין האַלב געלעגן אויף דער ערד מיט דער פּיסטויל אין האַנט. עפּעס אַ פרייע פאַרגעסערישע זיסקייט האָט מיר פאַרגאָסן דאָס האַרץ. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך וואָלט איצט אַליין אַוועק-געגעבן פון זיך: די הויטע, די שויבן, די מענטשן, דאָס שטיבל מיינס

מיטן לאַנגן ווורשט און אַפילו די אייגענע קליידער וואָלט איך צעריסן אויף שטיקער, אַזוי פיינט האָב איך זיי געהאַט.

און אָט בין איך פּלוצלינג אויפגעשטאַנען און איבערגעשפּרונגען איבערן קליינעם ציגיינער קאָזבי. מיט רעצן האָב איך מיך אַ פּאָר מינוט געאַמפּערט און אימגעצאָרפן, קאַספּין האָב איך, כ'ווייס נישט פאַרוואָס, גענומען שטיקן בײַם האַלז, כאָטש נאָר אים צו דערשטיקן, אין בילד האָב איך ראַנגלען גענומען טראָגן ווי אַ קינד און סאָקאַן האָב איך געכאַפּט אויף דער פּלייצע און אַנטלאָפן מיט איר אין וואַלד אַריין.

און אין וואַלד האָב איך מיך גענומען דרייען אין טאַנץ מיט די ביימער אָדער צינדן שוועבעלעך און וואַרפן אין דער לופט, אָדער שיסן פאַר גאווהדיקער שמחה פון דעם פּיסטויל.

איך האָב געשאָסן מיט ווילדער צעלאָזטער פרייליכקייט, געצילט אין יאָשעס טעפּעריי אַריין, געצילט צו מאַשעלעס גרויע וואָכן־טעג און גלייכגילטיקע שבתים, געשאָסן אויף יאָשעס לייקאַכס גמרא קדושין און אויף כאַשעס באַשעלטעס פאַרוואָרגטע טעג.

פון דערהייטנס איז אָנגעקומען ריפס, געבעלן קניען און געבעטן מיך אויפהערן. האָב איך אים דערלאַנגט אַ קנאַל אין קאָפּ אַריין און ער איז בײַ מײַנע טריט געפאַלן.

.11

יאָ, איך האָב ריפסן דעם ליבסטן צום טויט געברענגט, איך טראַכט עס מיר גאַנץ אָפּט.

שיס דעם טרייסטן לעבנס־שומר אין דיין פרייליכקייט, עס איז קיין פאַרברעכן נישט מער.

איך זע אַ טאָג פאָרויס, וואָס פאַר שטערן אַ מינוט שמחה וועט מען באַצאָלן מיטן אייגענעם לוין, ווי פאַר הענגען אַ מענטש אין מיטן וואַלד.

אַזוי זאָג איך מיר.

און פאַר אָנרירן די פרייליכע סטרונע פון דיין לעבנס פידל וועט מען אַזוי פייניקן, ווי פאַר דערשטיקן דאָס לעבן פון צאַרטסטן קינד.

אזוי ווילט זיך מיר.

איך לעב אין אַ וואַלד פון לעבנס־ביימער, מיין פריינט, און טאַנץ אַרום זיי מיין איינזאַמען גורל־טאַנץ.

היינט האָב איך מיך געקושט מיט ציגיינער, מאָרגן האָב איך געטאַנצט מיט ביימער און איבערמאָרגן האָב איך באַקלאָגט אַ הונט. װער זאָגט, אַז מיין קלאָג איז קיין שמחה נישט?

אוי, אין אַ שטילן מדבר שלייכן מיינע טריט איבער אַ פיסטן אייזן זאַמד־װעג װו מען טרעפט דאָ־דאָרט אַ זאַמיק דערנדל. בלויז פאַרוואָס קושט עס נישט?

איך זע פאָר, מיין פריינט, אַ מינוט, וואָס דו אַליין וועסט צערייסן די ווענט פון דיין באַגרענעצטקייט, מיט אַ פידל אין האַנט וועסטו לויפן איבער דער מדבר און צעפליקן וועסטו יעדן וואָלקן, יעדן בליץ און שרעקלעכן דונער. ווי משה אין דער מדבר וועסטו גיין אַרום צעפלאַקערטן דאָרן, ברענען וועט ער, ברענען וועסטו און ביידע וועט איר נישט פאַרברענט ווערן.

נעם־זשע, מיין פריינט, דעם שיינעם פיסטויל און שיס אין דער גראָקייט אַריין. ציִ־אויס די ביקס פון פרייליכקייט און קנאַל אין דער מיזערנקייט.

נעם־אַרויס דאָס פייער פון לוסטיקייט און שיס אין חושך און אין פוסטקייט. אזוי זאָג איך אייך. אַ מענטש, אַן אייביק־לוסטיקער. אזוי זאָג איך אייך.

— — — — — — — — — — — — — — —

אזוי זאָג איך אייך, אַ מענטש, אַן אייביק־לוסטיקער. אין ריפּס? און די פאַרלאָזטע געשעענען פון הימל? אין יאָשע? האָב איך מיר פלוצלינג איבערגערעכנט אין אַלץ און אַלץ אָנגעטאָכט מיט דער האַנט

.12

אין דער אמתן האָב איך אָנגעהויבן פילן אַ נגיעה'ס מידקייט. איך האָב געפילט, אַז איך האָב אָנגעווירן דאָס פריערדיקע פנים און אַז איך בין אַ שטיק פון יענער חבֿ־ה, וואָס שלאָפן אין דער בויד אויסגעמישט מיט ברודיקע קינדער און לייזיקע הינט. און נאָכמער: איך האָב גע־

פילט, אַז מיינע געדאַנקען, וואָס זענען פריער פעיק געווען דו־כצוי־טראַכטן אַ זאַך מיט אַ סדר, זענען עפּעס ווי צעריסן איך קאָן פּלוצלינג נעמען יענעם קושן אָן אַ פּאַרוואָס, אָדער גאָר כאַפּן אַ מעסער, אָנצינדן אַ גרויס פייער און פּלוצלינג עס פאַרלעשן. איך האָב געקריגן אַ טבע צי בייזערן זיך און צו שעלטן און צו זאָגן זאַכן, וואָס נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. דער פרימאָרגן האָט מיך אַוועקגעריסן צו די סאַד־זעווקעס און טייכן רייסן ריטער און מאַכן פייפעלעך. מיט די פייפעלעך האָב איך גענומען אַרומקריכן גאַנצע טעג ביי די ברעגעס פון די טייכן אָדער אין וועלדער און, אויסגעפייפט לידער נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. און מאָדנע: ביים פייפן האָט מיר אָנגעהויבן צו קומען אַנ־דאַנקען אויפן קאָפּ, צי מיינט טאַקע יאָשע, אַז מען קאָן עס אַזוי זיצן ביי אַזאַ פייער און זיין אַזאַ לייטזעליקער מענטש ווי ער איז? און צי בכלל דאַרף מען אַזעלכע מענטש? און צי לאַכט נישט גאָט אַליין אויס כאַשע־באַשעלען מיט איר קעלבערן טעכטערל מאַשעלע?

ניין, גאָט וויל עס נישט. נאָר וואָס דען, יאָשע האָט עס אַזוי אַליין געמאכט. יאָ, יאָשע האָט אַליין געמאַכט אַזאַ נודנע וועלטל.

און דערום...

נעם די פליט, מיין פיינט, און שפּיל־אויס דאָס ליד פון דיין פרייליכקייט. כאַ כאַ, פונקט געזאָגט געוועריי אויף יאָשען.

.13

איך וואָלט נאָך געוויס דערגרייכט דעם העכסטן שפּיץ פון קאַספּיס חברה, נאָר עס האָט מיך וואָס אָפּגעהאַלטן. איך האָב דערהאַלטן אַ ידיעה, אַז מיין שאַרפער און שפּיציקער זיידע, ביי וועמען די הויטע ליגט אויף אַלע צען פינגער, דאַרף דאָ קומען זיך מיט מיר פאַנאַנדער־צורעכענען און אָפּנעמען חשבון פון דער אַרבעט. האָב איך מיר כסדר גענומען וואַשן די הענט מיט זייף, אַריינלאָזן זיך צוריק אין אַ פיר־עקעדיקן טלית קטן און אָנהענגען די תפילין אויפן קאָפּ.

איך האָב אָנגעהויבן קיטען אָפטער צו יאָשען און נישט גרויס זיין ביי זיך, ווי אין אַנדערע צייטן, נאָר עפּעס האָב איך מיך גענומען האַלטן אונטערטעניק.

אַ סך מאָל בין איך מיט מאַשעלען מיטגעשטאַנען אויפן הויף בײַ די שטאָסן טעפּ, געהאָלפן צופּרײַניקן דעם הויף פון שטרוי און אויספּרוּ־בירט מיטן מיטלסטן פינגער די שטאַרקייט זײַערע.

מאַשעלע האָט עס נישט פאַרשטאַנען. זי איז באַגאָסן געוועזן מיט אַן איבעראַשנדער רויטקייט אויפן פּנים און האָט כסדר מיר אינטער־דערלאַנגט די טעפּ מיר צו פאַרלייכטערן. נאָר כאַשע־באַשעלע, די צוואַנע יידענע, האָט אַלע מאָל אַ הייב אויף געטון דעם קאָפּ אין דער הייך מיט אַ קאָזאַצקע מינע:

— דו מיינסט, אַז דו וועסט זיך צופּוצן חעל איך דיר נישט צו־שטעלן קיין בענקעלע פאַרן זיידן, אַז דו לויפסט אַרום מיט ציגיינער?

אַ טיפער שטאָך איז מיר אַרײַן אין די ביינער, נאָר איך האָב נעשוויגן.

ין עטלעכע טעג אַרום בין איך געזעסן בײַ יאָשעס טעפּערײַ אין אַ באַלעבאַטישן דרימל.

אַ פּראָסטער מיטוואָך, יידן האָבן צייט, דער אויוון ברענט נישט, נאָר די מענטשן פּאַקן לאַנגזאַם די הויכע ערדענע סאַגאַנעס, פּאַקן איין אין זעק שטרוי, ווישן און רייבן צו עטלעכע מאָל איין זאַך און שמועסן אַ סך...

דער טאָג איז איינער פון יענע נודנע זומער־טעג, ווען עס פילט זיך עפּעס אַ ווילן צו דרימלען און שלאָפן אין באַלעבאַטישע חלומות. עס פילט זיך דער געבאַקענער דאַמף פון רויך און פון ערדענע טעפּ.

איך בין געזעסן מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און האַלב געזען די לאַנגע פּיאות שטרוי, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען פון די פורן. דאָרט איז געשטאַנען מאַשעלע מיטן פאַרטוך און האָט געסמאַרקעט. אַ הייס ווינטל האָט זיך געטראָגן פון דרויסן און געוועקט בײַ מיר עפּעס אַזעלכע אַלט־געבאַקענע געדאַנקען וועגן אַלטע חשבונות, וועגן נישט פינקטלעכע רע־כענונגען און וועגן דעם, אַז דער ציגיינער אין מיר וועט אַנטדעקט ווערן. עס האָט געטון פּלוצלינג אַ קלאַפּ דער גרויסער קליאַמקע־שלאָס פון יאָשעס טיר און מיין לייבישער זיידע מיט די לאַנגע בלאָנדע ברע־מען און בלויע אויגן איז אַרײַן מיט אַ ויצעקו:

— ר׳ יאָשע, אַ גאָט העלפט, איר האָט דאָ טשאַסעם נישט געזען דעם יינגאַטש מיינעם?

ר׳ יאָשע האָט מיט עפּעס אַ כשרן פינגער אָנגעוויזן אין מיין זייט, און די יאַשעכע האָט אויסגעשאָסן:

— נו, גוט טייקע, וואָס עך זענט געקומען, ר׳ שמחהלע, עס וועט זיין מיט אייך עפּעס איבערצוררעדן, — און געוואָרפן אַ בליק אויף מיר צו קילן די נקמה.

מיין זיידע האָט נישט געדאַרפט וואַרטן, ער האָט מיך גלייך מכבד געווען מיט אַזאַ פליק איבערן אויער, אַז איך האָב געמיינט, אַז איך האָב שוין דאָס אויער פאַרשפּילט:

— אַ דו ייִנגאַטש! אַזאַ תל מאַכט מען עס פון שפּיגל-גלאָז? און וווּ זעגען די בוטליעס? און דאָס טשעכישע שליבן-גלאַז? און שאַ, פון וואַנען נעמען זיך עס אַהער אַזויפיל ציגיינער?

איך וויל עפּעס רעדן, איך באַקום אָבער אַ צווייטן פּאַטש אין באַק, עס הייבן אָן גיין טרערן, איך שעם זיך צו וויינען. יאָשע גיט עפּעס אַ מחיהדיקן צי מיט די אַקסלען און די יאָשעכע רייצט זיך מיט מיר ווי אַ מכשפה:

— בע, סיק סיק, בע סיק סיק!

דער זיידע האָט מיך אַ שלעפּ געטאָן ביי דער האַנט איך זאָל מיט מיט אים צו די קאַסטנס און ביי יעדן קאַסטן האָט ער עפּעס אָנגעכאַפּט זיך ביי אַן אויער ווי אַ בעל־תפילה.

באַלד נאָכדעם האָט דער זיידע אַ געשריי געטאָן:

— ציגאַני, זלאָדזשעיע, שוין זאָלט עך אַוועק פון דאַנען!

און אָנגעהויבן אויסציילן פון לעדערנעם בייטל מיט רובלעס, האַלבע רובלעס און פערציקערס. און צו מיר האָט ער געזאָגט:

— מיט דיר וועל איך מיך שוין אָפּרעכענען אַן אַנדערש מאָל.

און אומזיסט האָבן זיך די ציגיינער געבעטן צו בלייבן כאָטש נאָך אַ פּאָר טעג. מיין לייבישער זיידע האָט זיי אַזוי צוגעשפּאַרט, אַז זיי האָבן געמוזט שוין נעבעך פּאַקן זיך. פאַרנאַכט זענען שוין געשטאַנען די בוידן געפּאַקטע ציגיינער, אויסגעמישט מיט פאַנען, מיט צינערנע קעסלען, מיט פעדערן-זעק. פון דאָרט האָבן רחמנותדיק אַראָפּגעקוקט קעפּ פון ברודיקע קינדער און ברודיקע הינט. עס האָט געשמעקט פון זיי מיט מיסט און טאַבעלע-מילך.

און אויך איך בין געשטאנען מיט אַ פּאַק באַלעבאַטישע וועש, אַ סידור, אַ פּאָר תּפילין און צוויי פּאָר סקאַרפּעטקעס.

איך האָב מיר נאָך באַדאַרפט געזעגענען מיט יאָשעס הויז־מע־טשן, כּדי זיי זאָלן מיר טאַקע נישט צושטעלן קיין אמת בענקשאַפט. בין איך אַריין כּמעט מיט אַ קינדיש שמייכעלע און געגעבן די האנט יאַשען; האָט יאָשע מיר אָפּדע־לאנגט אַ לאַנגע דאַרע האַנט, וואָס וועט מיר שוין קיינמאָל מער קיין עצה נישט געבן. מאַשעלע האָט זיך צוערשט אָפּגעווישט די נאָז, און זי האָט מיר צוגעזונגשן תּמעוואַטע:

— גוטע יאָרן אויף אייך, פּאַרטס געזונטערהייט. — ווייזט אויס זי האָט נישט פאַרשטאַנען אין וואָס עס האַנדלט זיך.

נאָר כאַשע־באַשעלע האָט זיך נישט געזעגנט. זי איז כּסדר נאָכ־געלאָפן ביז דער טיר ווי עס לויפט נאָך אַ קינד:

בע סיק סיק, בע סיק סיק!

— — — — — — — — — — — — — — —

עס איז צוגעפאַלן אַ נאַכט. אַ רויקע וואַרעמע נאַכט. צאַרטע בלו־מען ריחות פאַרגיסן די לופט פון הויטע מיט אַ מין פיינעם געשמאַק, וואָס ווערט אַלע ווילע דאָ שאַרפער, דאָ שוואַכער.

צווייערליי פורן רירן זיך אין וועג אַריין: אַ פור מיט געגנבעטע פאַנען און „געלקחנטע" קעסלען מיט אַ צוויבער־פלייט אין דער מיט.

און אַ פור מיט אַ סידור, טלית קטן און תּפילין און אַ פּאַק חשבונות.

ביידע פאָרן מיר און ביידע רוקן מיר זיך אָפּ שוין מער נישט צו זעען.

רבש"ע צי האָב איך נישט באַדאַרפט גיין אויף יענעם וועג? און צי איז די כשופדיקע ציגיינער־פלייט נישט געווען מיינע?

ה. ד. נאָמבערג

## ערשט קאַפּיטל

די טעראַסע פון גרויסן קאַפע-הויז אין בערלין איז געווען כמעט ליידיק, נאָר דאָ און דאָרט איז אַ טישל געווען באַזעצט, ווייל די צייט איז שוין געווען קגן אָסיען, דאָס וועטער איז געווען אומבאַשטימט, און אין דער לופט האָט זיך שוין געטראָגן אַ קילקייט, אַ פרעמדע, פרעמד-אָנגעקומענע. ביי איינעם אַזאַ טישל, אין מיטן פון פיל ליידיקע בענקלעך און טישלעך, וואָס אַ פאַרלאָזנקייט האָט געשוועבט איבער זיי, איז געזעסן אַ מענטש, וואָס מען האָט געקענט שאַצן אויף אַ יאָר 40, ד"ר פילאָזאָפיע בערעלזאָן איז געווען זיין נאָמען. ער האָט נישט ליב געהאַט צו זיצן צווישן אַן אומבאַקאַנטן המון, ער האָט זיך שטענדיק געפילט ווי פאַרלוירן אין אַ פול געפאַקטן קאַפע-הויז, אַ חוץ דעם האָט אים גראָד דאָ היינטיקע וועטער בגרייצט, און זיין פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפילט און האָט אים אַרויסגעריסן פון דער גלייכגילטיקייט און שווערקייט, וואָס האָבן אים די לעצטע צייט געדריקט. אָט ווען ער האָט אַזוי מיט זיין האַנט איבערגעווישט דעם סאָלידן שטערן און פאַמעלעכדיק אויסגעריבן די אויגן, האָבן זיך אין זיין מוח געטראָגן שטיקלעך אין ברעקלעך פון זכרונות, אָפּגעריסענע און צופלאַטענע, אַזוי ווי די דינע וואָלקנס אויבן, וואָס האָבן זיך גיך-גיך געיאָגט איבערן אומעטיקן הימל: זכרונות פון אַ שברי ת...עה, פון אַ יעלה תחנונינו, פון ווייסן רבישן אַטלאַס און פון ...ערריקטע הערצער, וואָס שרייען צום הימל פון זייער קלעם.

ער איז געזעסן מיט זיין ווייבל, וואָס האָט זיך אָבער קוים אַרויסגעזעצט נעבן אים. ער איז געווען פון די מענטשן, וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן: אַ פול-בלוטיקער יודישער ברונעטער טיפּ מיט אַ שוואַרצער, זער בכבודיקער באָרד און אַ לאַנגע גוט-אויסגעשניצטע נאָז. ער האָט פון זיין זיידן און עלטער-זיידעס געירשנט דאָס רבישע הדרת-פנים, און אין זייגע שוואַרצע אויגן האָט מאָדנע געפינקלט אַ ס...ויעריקייט, אַ פאַרווענטקייט פון אַ בן-יחיד. זי אָבער איז געווען אַ קליינע, אַביסל קרענקלעכע אויפן פנים. דאָס איינציקע וואָס מען האָט געקענט — נאָך אַ לאַנגער באַטראַכטונג — אַראָפּליינען פון איר פנים, איז געווען אַ שטאַרקע טיפּיש-ווייבערישע עקשנות, וואָס איז געלעגן טיף אויסגעקריצט אַרום דעם קליינעם מויל מיט די דינע אַפּגעבלאַקירטע ליפּן.

עפּעס אַזוי ווי אין אַ פֿיבער האָבן די געדאַנקען פּולסירט אין דעם קאָפּ פֿון דעם באַבאָ־דיקן מענטשן. אין אַזוינע מינוטן האָט אַלץ אַרום באַקומען פֿאַר אים אַ וואָג און אַ מיין: די פּנימער פֿון די מענטשן האָבן אַזוי פֿיל אויסגעדריקט, אַפֿילו זייער אָנזעעבן אין זייערע באַווע-גונגען האָבן געהאַט וואָס צו זאָגן, און פֿיל באַדייטונג איז געווען דאָס היינטיקע פֿייגעלע אויף דער גאַס, וואָס האָט עפּעס אויפֿגעפּיקט פֿון ברוק, און דער גאָלדענער צלם אויף דער גרויסער קירכע אַנטקעגנאיבער האָט זיך געדוכט צו שאָקלען, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ לעבעדיק גליד אין אַ לעבעדיקער וועלט, און אַן אומרויקייט האָט געוויינט פֿון די שאָטנס פֿון די הייזער, וואָס זענען געלאָפֿן איבער דער גאַס און זע-נען פֿאַרשווּנדן צוגלייך מיט די לויפֿנדיקע וואָלקנס אויבן. אַלץ איז געוואָרן לעבעדיקער, האָט געאָטעמט די לופֿט פֿון דער אייביקייט, און ער, דער לעבעדיקער מענטש מיט זיין וואַכנדיק אויג און געהירן, האָט זיך געפֿילט נעסטער, איינגעבאַקענער אין דער וועלט, — קוים־קוים אַ שפּאַן ווייט פֿון צו דערגרייכן איר לעצטן סוד, איר פֿאַרהוילענעם גאַנג.

— פֿאַר וואָס איז אונז נישט באַשערט צו זיין אַזוי ווי די וואָלקנס, וואָס קומען און גייען, וואָס נעמען זיך צוזאַמען פֿון שטויב פֿון דער ערד און צושפּילן זיך אין אַלערליי געשטאַלטן, און פֿאַרשווינדן ווידער און ווערן ווידער צו גאָרנישט, כּדי אויף דאָס ניי געבוירן צו ווערן? —

דאָס האָט ער שטיל גערעדט ווי פֿאַר זיך, אָבער ער האָט געוווּסט, אַז דאָס קליינע חייבערישע בעשעפֿעניש, וואָס נעבן אים, לוישט אויף זיינע, ווערטער, ער האָט געפֿילט איר אָנגעשטרענגטן בליק אויף זיך, כאָטש ער האָט אויף איר נישט געקוקט; די ווערטער זיינע — האָט ער געוווּסט — פֿאַרקלינגען נישט אין דער ליידיקייט. זיי ווערן אויפֿגעכאַפּט, איינגעפּ־עסט פֿון אַ ווילן אַן אויסגעזהאַלטענעם, וואָס אים האָט געפֿעלט.

ווייל דאָס קליינע ווייבעלע איז — אין זיין פֿאַריינזאַמטקייט — גע-ווען זיין איינציקער פֿאַרגעטערער. איר האָט ער דאָס צו פֿאַרדאַנקען, וואָס ער קאָן זיך אַמאָל דערהויבן איבער די נישטיקייט. ווייל וואָס איז ער דען פֿאַר די אַלע מענטשן, ער, ד״ר בערעלזאָן, מער ווי די באָרד זיינע, ווי דאָס אָנטועכץ, וואָס באַדעקט זיין גוף? — —

און בשעת ער האָט אַזוי גערעדט און געטראַכט, האָט ער געהאַלטן אין האַנט זיינע, גראַד די מיטן קידושין־ריגל אויפֿן טיש, אַ בכּבֿודיסט

און סאָלידע האַלט, אַ קליין ביסל האָריק, און די גלאַנציק-געשליפענע אויגן פון דעם קליינעם ווייבעלע האָבן געהאָפּטן אָן דער האַנט, זי האָט נישט געקענט אָפּרייסן איר בליק. שטאַרקער פון דער איבערלייגונג איז געווען איר חשק אָנצורירן די האַנט, ווייל זי איז אין איר מאַן געווען פאַרליבט ווי אַ יונג מיידל, און מיט יעדן טאָג איז די פאַרליבטקייט צוזאַמען מיט איר ראַשן אָפּוועלקן, נאָך געוואַקסן. איר האָט זיך געדוכט אַז זי שעמט זיך, אַז זי רויטלט זיך, ווען זי האָט מיט איר ווייכער האַנט געגלעט זיינע און געפילט די האָריקע באַרירונג.

זיין האַנט האָט אַ צוק געגעבן אונטער אירער, זיין אין דער אומבאַשטימטקייט בלאָנדזשענדיקער בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף איר מיט אַ פאַ־פרעמדקייט. אַ קליינע סעקונדע האָט דאָס געדויערט, זי האָט אָפּגעזיפצט און פאַרשעמט צוריקגעצויגן די האַנט. זי האָט פאַר זיך קיין שפּיגל נישט געהאַט, און זי האָט געקענט באַטראַכטן נאָר אַ טייל פון איר אויסערלעכקייט, די ליניע פון אירע פאַרוועלקטע בריסטן, אָבער דאָס איז גענוג געווען פאַר איר. מיט אַ קאַלטער אויסגערעכנטקייט האָט זיך פּלוצלינג אויסגעמאָלט דאָס צעשטערטע עראָטישע גלייכגעוויכט. זי האָט אים נאָכאַמאָל אָנגעקוקט מיט ענטציקונג און באַדויערן צוזאַמען: ער איז דאָך אַ בליענדיקער מאַן אין זיינע בעסטע יאָרן ! — —

אין ווי אויף צו להכעיס האָבן זיך גערוקט און גערוקט פון אַלע זייטן יונגע הייבערישע געשטאַלטן, שלאַנקע עלאַסטישע גופים, יעדע איינציקע מיט איר צוזאָג, זיי זענען געקומען צוזאַמען מיט מענער, אָדער זיי האָבן זיך אַליין קאָקעטיש דורכגעטראָגן, און נישט איינע פון זיי האָט פאַרמיטן זיך זאַט און פול אָנצוקוקן דעם באַבאָ־דיקן מענטשן. דאָס קליינע ווייבעלע איז געווען געפאַלן ביי זיך, און זי האָט פעסטער פאַרצויגן אירע ליפּן, און מיט נאָך מער עקשנות האָבן אירע אויגן געקוקט און זיי האָבן געפינקלט, אַזוי ווי גרינער געשליפענער שטאָל.

## צווייט קאַפּיטל

ד״ר בערעלזאָנס צוריקגעצויגנקייט אין זיך האָט געהאַט נאָך אַן אַנ- דער סיבה. ער האָט גראָד היינט דערהאַלטן אַ בריוו פון ר׳ יששכר בער-

אַ גוט באַזיצער אין מזרח-גאַליציע, וואָס איז געווען זיין באַהאַלטענער פריינד און אונטערשטיצער, זינט ער האָט פאַרלאָזט דאָס הויז פון זיין זיידן דעם רבין. (ד״ר בערעלזאָנס פאָטער איז געשטאָרבן ייגג, און ער איז דערצויגן געוואָרן אין זיין זיידנס הויז). דער בריוו האָט אים דערשיטערט נישט אַזוי ווייט מיט זיין אינהאַלט, ווי מיט די קענטיקע צייכן פון עלטער און פאַרגענגלעכקייט, וואָס האָבן זיך אַזוי שאַרף געלאָזט מערקן אין דער האַנטשריפט. די אַמאָל געטאַקטע, שטייפלעכע אותיותלעך מיט עלעגאַנטע פיינע פאַרציקלונגען, זענען איצט געווען אָנגעוואָרפן פון אַ ציטעריקער האַנט, און ערטערווייז האָט אַן אות, אַמאָל אַ וואָרט אַ גאַנצס, געפעלט. יידן אַזוי ווי ר׳ ישכר בער, תקיפים און זייער שטאַרקע ביי דער דעה אויב זיי קומען צו אַזאַ מדרגה פון געבראָכנקייט, טרייבן לאַנג נישט אָן, און זייערע טעג זענען געציילטע; פון דעם האָט די האַנטשריפט דערציילט און דער טאָן פון בריוו.

ער איז געווען געשריבן אויף אַלט-העברעיש, אָבער מערקווירדיק איז געווען, וואָס אין אים האָט געפעלט דער טראַדיציאָנעלער אויסדרוק „בעזרת השם״ (מיט גאָטס הילף). ער האָט דאָרט דערציילט פון זיין מצב נאָך די שרעקלעכע איבערלעבענישן פון דער לעצטער צייט. די קינדער זענען אַ טייל אומגעקומען אין דער צייט פון די מהומות, טייל זענען צעשפּרייט אויף דער וועלט, נאָר איין טאָכטער לעבט מיט אים, אַ האַלב משוגענע, און פון זיין פאַרמעגן איז אויך געוואָרן אַ תל, קוים וואָס ער האַלט זיך נאָך אין זיין גוט. און איך פיל, אַז עס פאַרלאָזן מיך מיינע כוחות, און איך וואַרט אויף דיר, די ליכט פון מיינע אויגן, דו זאָלסט קומען צו באַלייכטן די פינסטערניש. „ווען וועט דערשיינען דיין בּיך, וואָס מיין נשמה גייט אויס פון צו וואַרטן דערויף?״

ס׳וועט אויסגעלאָשן אַ לעבן און פאַרגייט אָן אַ ברעקל טרייסט— האָט דער בערעלזאָן געטראַכט, איבערחזרנדיק אין געדאַנק די לעצטע ווערטער פון דעם בריוו. עפּעס איז אים געוואָרן אומהיימלעך, און ער האָט זיך געפילט ווי שולדיק אין דער געבראָכנקייט פון דעם אַלטן פריינט זיינעם. און פאַרוואָס גראָד אין דעם בריף, — אפשר דער לעצטער פון דעם מענטש — פעלט, אַזוי ווי מיט אַ כיון, דאָס דערמאָנען פון גאָטס נאָמען?

ווייל ר׳ ישכר בער האָט קיינמאָל נישט צוגעלאָזט קיין געדאַנקען

וואָס זאָלן צושטערן זיין לעבן. ער האָט געגלויבט אָן רבין, און האָט אויך געגלויבט אָן זיין אייניקל דעם אפיקורס, אַז ער וועט ברענגען אַ גרויס ליכט אויף דער וועלט. נישט בחנם זענען די פּראָפעסאָרן אין בערן אַזוי נתפעל געוואָרן פון אים, אַז מען האָט אים דאָרטן געטראָגן אויף די הענט. אויף אלימלכן קאָן מען זיך פאַרלאָזן, האָט ער שטענ־דיק געטראַכט. ער פלעגט אים אויך די גאַנצע צייט פון זיין שטודיום אויסהאַלטן דאָרט מיט געלט. און ער האָט געוווּסט, אַז ער גרייט דאָרט צו עפּעס אַ וויכטיק בוך, וואָס דאַרף מאַכן אַן איבערקערעניש אין דער פילאָזאָפיע. עס האָט זיך געפילט אין דעם בריוו די מורא, אַז ער וועט אַוועקגיין פון דער וועלט און נישט דערלעבן דאָס גרויסע געשעעניש, ווען אלימלכס נאָמען וועט ווערן צעטראָגן איבער דער גאַנצער וועלט, און אַלע אומות, יידן און גויים צוזאַמען, וועלן דערזען אַ גרויסע ליכ־טיקייט.

ד״ר בערעלזאָן האָט אין די לעצטע יאָרן ווי געוואַרט אויף אַן אַנטפּלעקונג. די מלחמה צייט, וואָס איז פאַרביי ווי אַ וויסטער חלום און האָט אים צוגענומען זיינע בעסטע יאָרן, איז נישט געווען קיין צייט פון שאַפן און קאָנצענטרירונג. אָבער די מלחמה איז שוין דורך. איצט האָט מען די אַרבעט שוין נישט געטאָרט אָפּלייגן, האָט ער זיך געגרייט און האָט געוואַרט, אַז עס זאָל אים אַ ביי געבן אונטער די פליגל, און ער זאָל נעמען פאַרענדיקן זיין ווערק: „דער מענטש אין דער קאָסמאָס״, וואָס זאָל זיין דאָס ווערק פון זיין לעבן.

ד״ר בערלזאָן איז געווען פאַרטיפט אין מחשבות; עס האָט זיך אים דערמאָנט ר׳ בער, אַ הויכער געזונטער ייד, אַביסל אַ בעבויכטער, אַזוי ווי ער האָט אויסגעזען מיט אַ יאָר 20 צוריק, ווען ער, בערעלזאָן, איז ביי אים געווען צו גאַסט אויף זיין גוט, און זיי האָבן שפּאַצירט באַרג־אַרויף אין דער קאַרפּאַטישער לאַנדשאַפט צום וואַסער־פאַל צו, וואָס האָט זיך שוימיק געריסן אין אָפּגרונט אַראָפּ. אַ פרייד און אַ ליבשאַפט האָט זיך געטראָגן פון דעם ייד, וואָס האָט אים כסדר געטרייסט, און אים מיט די באַוועגונגען פון זיינע ברייטע שטאַרקע הענט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ס׳מאַכט נישט אויס, עס מוז גוט זיין און ס׳וועט גוט זיין און גאָט איז אַ פאָטער און לאָזט קיינעם נישט פאַלן.

— אָבי מען מיינט עס ערנסט — האָט ער דעמאָלט גערעט.

הויך, איבערשרייענדיק דאָס געוויש פון פאַלנדיקן וואַסער — אלימלך דאַרף מיר נישט זאָגן, איך ווייס ווער אלימלך איז, נישטאָ קיין סך אַזוינע ווי אלימלך, און דער זכות־אבות וואָס איז ווערט!...

ער איז דעמאָלט געשטאַנען שטיל און געקוקט אין אָפּגרונט אַריין, נאָר ווען ער האָט אויפגעהויבן זיין בליק, האָט ער אָנגעטראָפן אויף ר׳ ישכר בערס אויגן, וואָס האָבן אים באַטראַכט מיט ליבשאַפט און ענטציקונג.

— אלימלך וויל טאַקע אָנועקפאָרן? ער זאָל לעבן וועט האָבן גרויס שברת־הלב...

— דאָס איז נישט אויסצומיידן. עס מוז אַזוי זיין — האָט ער דעמאָלט געענטפערט קורץ.

ר׳ ישכר בער איז אַלץ געשטאַנען איבער אים אין זיינע געלע שטיוול און מיט גרויס הנאה געקוקט אויף דעם אייניקל, אין זיינע אויגן האָבן עפּעס געמאָנט:

— מיר זענען טאַקע פּראָסטע מענטשן — האָט ער פאַרשעמט אַרויסגערעדט, און אַן אומבאַהאָלפענער שמייכל האָט געשפּילט אויף זיין פּנים, און ער האָט דערביי גענומען שאָקלען זיין ריזיקע פיגור, ווי ביים לערנען — וואָס קענען מיר משיג זיין? כ׳האָב געוואָלט, אלימלך זאָל עפּעס זאָגן...

ר׳ ישכר בערן האָט זיך שטאַרק פאַרוואָרט אַ שטיקל תורה פון יענער זייט. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די טרוקנקייט פון אלימלכס ווערטער „אַזוי מוז עס זיין".

און אין דעם אייניקל האָט זיך דעמאָלט פּלוצלינג דערוועקט דער אינסטינקט פון זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס, וואָס האָט זיי געלערנט ווי אַזוי אומצוגיין זיך מיט ד. רשטיקע מענטשלעכע נשמות. ער האָט געזאָגט מיט דער פייערלעכקייט פון „תורה" ביים טיש:

— דאָס וואַסער שפּרינגט אין תהום אַריין צי ס׳וויל יאָ, צי ס׳וויל נישט, און פון די וואַסערלעך ווערן טייכן, און די טייכן גיסן זיך אין ים אַריין, און דער ים איז קיינמאָל נישט פול..

— „והים איננו מלא" — האָט ר׳ ישכר בער צוגעברומט און צוגעשאָקלט ערנסט מיט ן קאָפּ.

און נאָכדעם האָט אים ר׳ ישכר בער גענומען אַ היים און מען

האָט געטרונקען דעם שטאַרקן טרונק בראָנפן, יידן־חסידים זענען גע־קומען צוגיין, אָבער ער האָט קיינעם נישט צוגעלאָזט צו אלימלכן. ס'איז שוין געווען אַן אָפגערעסטע זאַך, א סוד צווישן זיי ביידע, און די יידן האָבן נישט געהערט אַהער... ר' ישכר בער איז געווען שטאַרק געריירט, וואָס ער איינער אַליין שטייט מיט אלימלכן און קיינער נישט מער...

אין אָט דער פריינט האָט זיך איצט גענומען אָפּרוקן צו די שאָטנס. די וועלט הייבט אָן צו ווערן לעכצרדיק און ווערמיק, סיידן א נייע גרויסע ליכטיקייט זאָל זי אויספילן.

* * *

צוויי אמען זענען אריינגעקומען אין קאַפע און האָבן גענומען א טישל געבן זיי. ביידע האָבן געקוקט צו זיין זייט, איינע האָט אָן צערי־מאָניעס געשמייכלט צו אים. ער האָט ווידער געפילט די צורייצונג פון בלוט, וואָס איז אים לעצטנס אזוי אָפט באַפאַלן.

אין דאָס קליינע הייבל האָט אלץ געמאָנט:

— מיר גייען א היים... ס'איז שפעט.

[ווען איך בין צוריקגעקומען נאָך דער מלחמה אין די וועלביקע ערטער, האָב איך אַנטאָשען מער נישט געפונען אין באָכאַטניצע, זי איז צוזאַמען מיט איר משפחה אין דער צייט פון דער מלחמה אַוועק ערגעץ ווייט אין רוסלאַנד, קיין סיביר. איך בין געשטאַנען ביי דעם ווייסן הויז און דורכגעווייטאָקט אין דער שטיל מיין פאַרלוסט. איך האָב געטראַכט, אַז מער וועט עס זיך שוין נישט איבערחזרן, אַזאַ ליבע וועט שוין מער נישט זיין. איך האָב זיך נאָכאַמאָל דערמאָנט אין אַ סך מאָמענטן פון אונזערע טעג.. איך ווייס, עס איז טרויעריק, ווען מען מוז אַראָפּגייען אין קעלער פון דער פאַרגאַנגענהייט און זוכן דאָרט אין די נשמה־אַרכיוון טייערסט פאַר דער געגנוואַרט... און דאָך ווערט אָפט אַזוי גוט אין פריילעך — אין אַ רעגן־טאָג, אין דער שווערסטער איינזאַמקייט עס ווערט וואַרעם און זוניק אויף דער נשמה ווען מען דערמאָנט זיך דאָס בעסטע, דעם רייך פון די יינגערע יאָרן...]

I

אין יענעם פרילינג האָב איך זיך באַוויזן זייער פרי אין קאָזיפּיערוש, אַזוי פרי, אַז בלאָנדזשענדיק איינמאָל אין וואַלד, וואָס ליגט אויף דעם וועג צו זאַגלאָבי, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף די איבערגעבליבענע רעשטלעך פון ווינטער. אין די קילסטע שאָטנס פון וואַלד איז נאָך געלעגן שניי, קליינע, מוטנע היפנס, פאַרשאָטן מיט געלע פאַרזשיאָרקן סכך־נאָדלען... צוגעפרעסט צו דער ערד איז דער שניי לאַנגזאַם אויסגעגאַנגען, און וואַלד האָט שוין געאָטעמט דער פרילינג. דורכן וואַלד האָט מען געזען אַ שטיק בלויקייט פון הימל און אַ גלאַנציקן ברייטן פאַס וואַסער פון ווייסל, וואָס האָט זיך האַסטיק און ערנסט געטראָגן צווישן די שוואַרצע פעלדער.

איך בין געווען אין שטעטל אַליין, מיט אַ מאָדנעם געפיל צום לעבן און צו זיך אַליין. נישט טרויעריק און נישט פריילעך, נאָר געוואַלדיק נייגעריק, וואָס איז צייטנווייז דערגאַנגען ביי מיר ביז צו אַ נאָגנדער אומרויקייט. איך בין נייגעריק געווען צו דער נאַטור, צו איר געבוירונג. דאָס געפיל האָט זיך שטענדיק געביטן: היינט האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז די נאַטור איז אַ קינד, מיין קינד... עס איז געבוירן געוואָרן באַלד נאָכן ערשטן וואַרעמען ווינט. איז אַ טאָג שפּעטער דאַכט

זיך מיר, איך האָב אַזאַ געפיל, אַז איך בין אַ קינד, װאָס די נאַטור
האָט נאָר װאָס געבוירן, אַ קינד מיט באַװוסטזיין, מיט גרויסע נייגע־
ריקע אויגן, מיט פיס, װאָס הערן נישט אויף צו שפּרייזן אין די פּייכטע
און אין די טרוקענע װאַנװאָזן .. איך האָב געזוכט דעם אָנהויב פון פרי־
לינג אין יעדן גראָז, אין יעדן װערעמל, װאָס איז געקראָכן אויף גאָטס
ערד, אין יעדן געשריי פון אַ פויגל.

אין שטעדטל האָט מען מער געזען מיין פּלייצע, װי מיין
פּנים, װייל איך פלעג כסדר אַװעקגיין, ארויסגיין פון שטעדטל, אַ מאָל
אויף מזרח, אַ מאָל אויף מערב, אויף צפון, אויף דרום — אין אַלע
װינקעלעך, װו די שטילקייט איז געבליבן שטילקייט.

אפשר האָט זיך אין דעם, צי אין יענעם טאָג אַ גרויסער געלער־
טער געפרייט מיט זיין נייער ערפינדונג... איך האָב זיך זיך געהאַט מיין
שמחה, דעם ערשטן װייסן שמעטערלינג, װאָס איך האָב דערזען, דעם
ערשטן מאַי-גלעקל... שלוחים, אָנזאָגערס, אַז די אַלטע נאַטור איז װיי־
טער יינג, װידער ליכטיק און קאָליריק. איך האָב באמת גענומען פאַר־
געסן די שטאָדט און אַלץ, און אַלץ מער זיך פאַרקליבן מיטן געדאַנק
אין דער אוראַלטער פאַרגאַנגענהייט; איך האָב זיך דערמאָנט אין אַלץ
װאָס עס איז געװען פריער פאַר מיר, פאַר מיין טאַטנס און פאַר מיין
זיידנס צייטן, אַלץ פון פריער: כאַאָס, שטילקייט, נאַטור, װילדקייט,
פויגל-געשריי און חיה-ברומעריי. איך האָב גענומען אַנדערש טראַכטן,
אַנדערש פילן און װער איז מיר אָנגעגאַנגען? װעמען בין איך אָנ־
געגאַנגען?

עס איז געװען געװען ארויסצוגיין, אַװעגיין, אָפּטיילען זיך פון
די מענטשן אין זייערע קאָנורעס-בנינים און דער גרויסער יום-טוב האָט
זיך שוין געלאָזט פילן און זען; אַלץ צוזאַמען און יעדעס װינקל באַ־
זונדער: די צעאַקערטע פעלדער און אַ קרומער רוקן פון אַ באַרג, װיס־
טע בערג-לאָנקעס, אַן איינזאַמער בוים ערגעץ-װו — אַלץ איז געװען
מיט זון באַגאָסן. זון אומעטום. דייטלעכער און זיכערער פלעגט זיך די
זון אויסלייגן אויף די העכערע ערטער, זי האָט אָבער אויך נישט גע־
קארגט קיין ליכט פאַר דער טיפסטער פלאַך פון טאָל.

עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי װאַרעמט זיך אַליין, די זון, די שטראַלן
גיען אויס זייערע געשטראַלטע גלידער און זיי טאַנצן און פינקלען אי־

בריליאַנטענע זיגזאַגן... שטראַלן — זילבערנע סקעלעטן פֿון פֿלאַמיקן זון־בית־עולם, דיאַמאַנטענע צאַפּלמצנטשעלעך, אויף יעדער שטיקל גלאָז, אין יעדן וואַזערל האָבן זיי די קונצן זייערע באַוויזן, זיי האָבן דורכגע־אָדערט מיט ליכט אַ שפּינוועבס און אין פּערל פֿאַרוואַנדלט די טראָפּנס טוי אויף גראָז און בלום.

און זאָל איך בלייבן דער פּאַרטרוימטער נאַר — איך האָב נישט איינמאָל געקושט די ערד...

איבערנאַכט פֿלעגט גראָז אויסוואַקסן, איבערראַשן זיך אַליין. איך האָב אַ סך מאָל מיינע געליבטע ערטער נישט דערקענט, צוליב דער נייער זאַפֿטיקער גרינקייט, וואָס פֿלעגט אימגעריכט שטיפֿעריש אַרויס־שפּרינגען פֿון דער דורכגעוואַרעמטער ערד. איך האָב זיך נישט אַ נ־מאָל געבייגט צו דער טייערער ערד.

דערנאָך האָט די זון געגומען ב־יען און בראָטן... זי האָט, ווי מיט אַ גלאָז־דימענט אויפגעשניטן אַלע שוואַנגערע קנאָספּן פֿון די עפּל־ביימער און פֿון די קאַשטאַנען־ביימער און עס איז אויעק אַ שטראָם פֿון בלומיק־דופֿטיקער ווייסקייט איבער אַלע קאַזימיעזשער סעדער, ווי עמעץ וואָלט באַהאַנגען די אַלע ביימער מיט חופּה־וועלאָנען.

איך האָב רויק געלעבט, געשמאַק געגעסן און געזונט געשלאָפֿן. מיין לעבן האָט זיך איינגעפּלאָנטערט אין פֿרילינג ווי אַ שמעטערלינג אין געדיכטע בלומען־קוסטעס, ווען עס ווייסט נישט אויף וועלכן בלומל פֿריער אַראָפּצופֿאַלן.

בעז, זשאַסמין, אַקאַציעס... אַלע בלומען האָב איך דורכגעפּלט, אַלע טעמים פֿון דער זון פֿאַרזוכט: ביים וואַסער וואַרעמט די זון אַנ־דערש, ווי אויף דעם שפּיץ פֿון באַרג. די זון האָט מיין פּנים אָפּגעברענט, און וואַסער פֿלעג איך זען מיין שוואַרצקייט, מיין ברוינע שוואַרצקייט, וועלכע פֿלעגט די קינדער שרעקן:

— ציגאַי, ציגיינער! פֿלעגן זיי מיר נאָכשרייען און מיך האָט עס געפֿרייט אין געפֿייט, ווייל די זון האָט עס געמאַכט איך זאָל אַזוי שוואַרץ ווערן, די זון — אַ שותּף צו מיין לייב.

נאָר מיט אַ מאָל בין איך אומרויִק געוואָרן. פֿון יעדן אַטאָם פֿון מיין קערפּער איז די אומרויִקייט געקומען. איך האָב גענומען בענקען די נאַטור האָט מיך אויפֿגעוועקט, די גערטנער מיט די פֿעלדער זענען

מיר חייניק געוואָרן, אַ באָ־וויסע מיידל, אַ שטיקל נאַקעט ווייב לייב פלעגט מיך רייצן און רופן...

איך האָב מיך דעמאָלט צו ווענען איך באַדאַרף איצט שרייבן, ווער עס באַדאַרף איצט זיין לעם מיר...

גוסטא...

מיין געליבטע, מיין כלה, אין שטאָדט פלעגן מיר זיך הייס קושן. איך האָב צו איר געשריבן:

„איך האָב נאָך קיינמאָל אַזוי נישט דורכגעלעבט די נאַטור, ווי איצט, צוזאַמען מיט אַלע ביימער האָט זיך מיין הארץ צעבליט... קום צופאָרן, גוסטאַ! דו מוזט איצט זיין לעם מיר, איך בענק נאָך דיר, נאָך דיין לייב און נאַקעטקייט, איך וועל קראַנק ווערן פון בענקשאַפט, אין אַזעלכע טעג און נעכט טאָרן מיר באַזונדער נישט זיין, איך וואַרט אויף דיר, קום צופאָרן!".

אין עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך אַן ענטפער באַקומען. א סך גוטע ווערטער האָט זי מיר געשריבן, זי האָט מיר געקושט אויפן פּאַ־פּיר... אָבער דער עיקר:

„פאַרשטייסט, מיין טייערער! די עקזאַמענעס פון דריטן סעמעסטער, וועלן נאָך דויערן א חודש צייט".

אין יענעם טאָג בין איך זייער טרויעריק געווען און איך האָב געשאָלטן די עקזאַמענעס פון אַלע סעמעסטערס.

II

דאָס דאָרף ב...טניצע, וואָס ליגט צוויי קילאָמעטער פון קאַז־מיערזש, איז אויסגעוואַקסן ביים ברעג פון ווייסל אין אַ פלאַנטער פון טאָל און באַרג.

איך פלעג דאָרט זייער אָפט בלאָנדזשען אויף מיינע שפּאַציר־גאַנגען. פון איין זייט באַרג און פון דער צווייטער זייט דער ברייטער ווייסל־פּאַס. אויף דעם שאָסיי א סך אַלטע אַקאַציעס, ליפּעס און אין עטלעכע ערטער — ווערבעס. אויפן שאָסיי פלעגן קינדער זיך שפּילן לעם וואַסער און אויפן וואַסער, אַנדערע פון זיי האָבן געכאַפּט פיש, קליינע יאַטלעך מיט פאַרשלאָפענע ערנסטע ליפּן... איך פלעג אויך אָפט באַמערקן צווישן די שטיפערס א פּנים, וואָס האָט מיך צוגעצויגן. שוין

נישט קיין קינד, א יונג מיידל מיט א ציטיקן בוזעם, איך האָב געוואָרפן א שמייכל און באַקומען א שמייכל.

דער שאָסיי האָט מיך אָנגעהויבן צו נייגערן און ציען. דער בלאָנדער קאָפּ מיט די גרויע אויגן האָט גערופן אומבאַוווסטערהייט. איך פלעג איצט אָנקומען אַהער אַלץ אָפטער, דאָך נישט אַלע מאָל געהאַט די געווונטשטע באַגעגעניש.

איינמאָל... א הייסער טאָג. נאָך מיטאָג. איך שפּריין ביים סאַמע ברעג אונטער די ווערבעס, וועלכע באַרירן מיט זייערע אַראָפּגעהאָנגענע צווייגן מיין קאָפּ. ביים ברעג וויגט זיך אין א צוגעבונדן שיפל די זעלבע. איך דערנענטער זיך און זי לויפט אַרויס פון שיפל, שמייכלט מיטן גאַנצן מויל, מיט אַלע ציין, מיט די גרויסע אויגן... און אַנטלויפט. „א באָרוועסע שיקסע", טראַכט איך און איך פיל זיך נישט באַנוגנט מיט דעם צוזאַמענניש, איך וואָלט וועלן פאַר איר געפינען א שענערן נאָמען: איך וואַרף מיט די אויגן און אַרום, מען זעט נישט קיינעם אויסער אונז צוויי. זי איז מיט זון באַגאָסן, אַליין א שטיק זון. אַנטלויפט און אַנטלויפט נישט. מאַך איך א האַסטיקערן טריט, נעמט זי אויך האַסטיקער לויפן.

נאָנט איז געשטאַנען אַן אַלטער געמויערטער שפּייכלער, פון ווייסן וואַפּנע־שטיין געבויט, שוין אַלט געוואָרן עטלעכע הונדערט יאָר און זעט שטענדיק אויס, ווי א נייער... איז זי צוגעלאָפן צו דער אָפענער טיר, פון שפּייכלער, איך גיי נאָך, באַהאַלט זי זיך אינעווייניק, איך גיי נאָך... מיין האַרץ קלאַפּט, מיין האַרץ שפּרינגט אין מיר. די גאַנצע געשיכטע זעט מיר אויס, ווי א כּישוף, ווי א פאַרפירעניש...

איך בין שוין אין שפּייכלער און איך זע דאָ קיינעם נישט. וואָס איז? וווּ איז זי אַהינגעקומען? איך האָב זי דאָך נאָר וואָס געזען, געזען די אויגן, וועלכע האָבן אויף מיר געקוקט מיט א מאָדנע נייגעריקייט. געזען די נאַקעטע פיס, דעם בוזעם, וועלכער האָט זיך אַזוי רייצנד געוואָרפן בעת זי איז אַנטלאָפן... מיט א מאָל דערהער איך א געלעכטער: זי זיצט אויבן אויפן צווייטן שטאָק פון שפּייכלער, אַזא בוידעם, קיין טרעפּ זענען נישטאָ, נאָר א לייטער און דעם לייטער האָט זי אַרויפגעשלעפּט אין דער הייך. איך פרעג:

צוליב וואָס ביסטו אַנטלאָפן?

— ווייל איך האָב געוואָלט, ענטפערט זי.

— און פאַרוואָס האָסטו צו מיר געשמייכלט?

— ווייל דער פאַן געפעלט מיר...

ס'איז געווען הויך, צו הויך אַ שפּרונג צו טאָן, נאָר פאַר דער פראַזע: „דער פאַן געפעלט מיר". איז זי דאָך ווערט געווען איך זאָל זי כאַפּן און אויסקושן.

— דו געפעלסט מיר אויך, הייב איך אָן דיפּלאָמאַטיש.

— נישט אמת!

— אמת, איך קום דאָ צוליב דיר יעדן טאָג — געכטן ביזטו נישט געווען, אייערנעכטן אויך נישט געווען, זעסט, איך ווייס, איך זוך דיך.

בשעת איך רעד, זע איך ווי אירע אויגן גייען נישט אַראָפּ פון מיר. איך ווייס נישט, וואָס דאָס באַדייט, נאָר מיין האַרץ שפּרינגט, איך מוז עס איינצוימען, ווי ווייט איך קאָן. ביידע: איך און די בלאָנדע, די באָ־וויסע, ביידע הערן מיר אויף צו רעדן — נישטאָ קיין ווערטער, זי קוקט גלייך אויף מיר און אַזוי פאַרגנדיק און קוקנדיק „לאָזט זי אַראָפּ דעם לייטער.

איך בין שוין זויבן לעם איר... פון מיינע אַלע ווערטער האָב איך בלויז אויסגעפונען איין פראַזע:

— פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן פון מיר?

איצטער ענטפערט זי שוין נישט: „ווייל דער פאַן געפעלט מיר", זי שווייגט און וואָס איך באַוויז צו באַמערקן: אונטער דער דינער בלוזקע צאַפּלט דאָס האַרץ ביי איר, ווי אַן געשראָקענער פויגל וואָלט זיך דאָרט ביי איר אין בוזעם באַהאַלט.

דאָ אויפן בוידעם פון אַלטן שפּייכלער...: שטרוי איז דאָ געלעגן, ברעטער, לעדער, בלעך און אַ באַרג וויסטע אייזנס, אָבער ס'איז אויך געווען אַ סך פריי פּלאַץ, זי זאָל זיך פּלוצלונג אָפּרייסן און נעמען לויפן, זי אַנטלויפט פון מיר מיט גרויסע, גרויע ברייט געעפנטע אויגן, געווען אַ רגע, איך האָב אַ טראַכט געגעבן, אַז זי איז משוגע... נאָר אַליין בין איך אויך געווען ווי צעמישט און איך האָב זי גענומען נאָכיאָגן, באַלד געכאַפּט, דער־ביי זענען מיר ביידע אומגעפאַלן, מיינע הענט האָבן זיך ארומגעוויקלט ארום איר. זי האָט זיך געראַנגלט, געריסן זיך פון מיר.

איך האָב געזוכט אירע ליפּן, װי אַ משוגענער דערבײַ געשטאַמלט אײן װאָרט:

— „קאָכאַם! קאָכאַם!"

לײַכט אָנגעטאָן איז זי געװען, אַזױ נאַנט איר לײַב, איר ברוסט, אײ־ע קני, צעלאָזענע האָר און אַ פלאַמיק פּנים. דער לעצטער פונק פון באַװוסטזײַן איז פאַרשװוּנדן געװאָרן... בײַ מיר און בײַ איר...

געװען נאָכמיטאָג־צײַט, אין טונקלען שפּיגלער זענען שטראַלן אַרײַנגעפאַלן פון דער זון. אױפן טײַך האָבן קינדער געשריגן, געשפּרונגען און זיך געבאָדן אין װאַסער... נאָר אױסער דעם קינדערישן רעש און געפילדער איז געװען אַרום אַ באַזונדערע שטילקײט, רויִקײט. די פּיערים זענען געװען אין פעלד. די גרױסע דערװאַקסענע מענטשן זענען װײַט געװען פון אונז או מיר זענען װײַט געװען פון זײ... עפּעס אַזױ װײַט און אַזױ אָפּגעזונדערט, פרעמד פאַר דער װעלט, אױסגעטײלט... אונטערן דאַך פון אַלטן אומהײמלעכן שפּײַכלער.

דאָס גליק קומט צײַטנװײַז אַזױ גיך און אומגעװאַרט, װי דער דונער... איך בין געװען איבעראַשט, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט פון דער איבעראַשונג... מײַן האַנט איז געלעגן אױף איר קאָפּ, מײַנע פינגער האָבן זיך געפּלאָנטערט אין אירע האָר און זי צו מיר האָט שעמעװדיק געשמײכלט. אײן מאָל, צװײ מאָל געפרעגט:

— דער פּאַן װעט פאַר קײנעם נישט דערצײלן?

— נײן! צו װאָס זאָל איך דערצײלן? און זאָג מיר מער נישט „פּאַן". איך בין נישט דײַן פּאַן, איך בין דײַן „קאָכאַני"... װי רופט מען דיך?

— אַנטאָשאַ... איך בין פון באָכאָטניצע, מײַן טאַטע איז דער װאָיט...

זי איז געװען אינטערטעניק און אונטערגעגעבן, װי זי װאָלט פון מיר טרײסט געװאַרט, גוטע װערטער געװאַרט. איך האָב נישט געקאַרגט קײן װערטער און נישט קײן קושן געקאַרגט. זי פלעגט אָפּענטפערן מיט אירע שטעכעדיקע צײנדלעך, זי האָט געריסן, װי אַ װעװיאָרקע... מײַנע...

מיר זענען בײדע יונג געװען, יונג, געזונט. נאָר אין פרײד פון זיך האָט מיך אױך שטאַרק געבײנערט, װאָס אַזאַ מײדל פון באָכאַטניצע

האָט זיך מיר אוועקגעשטעלט אין וועג מיט אַ שמייכל: „דער פּאַן געוועלט מיר". צוויי וועלטן זענען מיר געווען, זי האָט מיך נישט געוואוסט, נישט פאַרשטאַנען... מען דאַרף גאָרנישט פאַרשטיין דעם צווייטן, פילן באַדאַרף מען... איך האָב קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטן, איך האָב זיך געמוזט קאָנצענטרירן, אָפּגעבן מיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אַנטאָשען, אויסזוכן די געווינלעכסטע ווערטער פאַר איר, צופּאַסן זיך צו איר, זי זאָל נישט האָבן קיין חרטה, זי זאָל זיין רויק.

— דו האָסט שיינע אויגן, אַנטאָשאַ!

— דו ביסט אוודאי די שענסטע אין דאָרף.

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ שטיפעריש־קאָקעטיש, מיינע ווערטער האָט זי אויפגענומען מיט פרייד... איך האָב זיך געשפּילט מיט אירע פינגער, זיי זענען געווען איידל, ווי ביי אַ שטאָטיש מיידל. פון אַן אַזעלכע אַריסטאָקראַטישע ראַסע ביי די פוילישע פויערים, שלאַנקע, לאַנגע קערפּערס, אַ שטאָלצער בליק, יחסנים, אמתע יחסנים פון דער סאַמע־ערד. אַנטאָשאַ האָט אָנגעהערט צו אַזאַ שטאַם.

די שטערן זענען אין שפּייכלער געגאַנגען שנעלער, ווי די לאַנגזאַמע פּאַליעס פון ווייסל. דאָ זע איך צוויי פונקטן, וועלכע זענען געווען באַשטראַלט. אויף איין אָרט איז געלעגן אַ שטיק זון, וואָס איז אַריין דורכן בוידעם־פענצטערל און נאָנט לעם מיר, האַלב מיר, האַלב שיכור, אָן זינען, נאָר פול מיט פרייד פון באַפרייונג איז געלעגן אַנטאָשאַ, די פויערטע פון באָכאַטניצע. איין רונדע בריסטל דרייסט אָפּגעדעקט, זאָרגלאָז אָפּגעדעקט... עס האָט געלויכטן העל, עס האָט קאָנקורירט מיט דער זונס באַשטראַלטן פלעק...

איך האָב געזוכט דאָס לעבן, נאָכגעיאָגט און עס געכאַפּט אויף אַ בוידעם פון אַן אַלטן שפּייכלער. איך האָב זיך אַזוי ווי צוגויפּגעקנויט פון ליידנשאַפט און בענקשאַפט און ווען זי האָט ווידער דערפילט אויף איר לייב מיינע ליפּן האָט זי מיך האַסטיק אַרומגעכאַפּט מיט אירע הענט, אויסגעזען האָט זיך מיר אין יענער רגע, אַז די הענט וועלן מיך שוין קיינמאָל נישט אַרויסלאָזן...

III

ווען איך בין געגאַנגען צוריק איז שוין געווען פינצטער. אויפן שאָסיי אונטער די געדיכטעביימער האָט די פינצטערניש זיך פאַרטאָפּלט. נאָר ביי מיר אויף דער נשמה איז געווען הייכלער. איך געדענק, אַ עטלעכע מאָל בין איך אונטערגעשפּרונגען צו די ביימער, אָנגעכאַפּט זיך אָן אַ צווייג, אָפּגעריסן און דערנאָך אויף שטיקלעך געבראָכן... יאָ, אַ בוים, אַ גרויסן בוים אַרויסרייסן און אַוועקגיין מיט אים איבער דער וועלט, ווי מיט אַ שטאַנדאַרט.

דאָס האָט דער זומער מיר אָפּגעגעבן זיין חוב, אָן דער באַגעגעניש וואָלט דער זומער קיין זומער נישט געווען. איך האָב געשמייכלט צו זיך אין דער פינסטערניש, די צעביסענע ליפּן האָבן ווידער געוואָלט קושן, נאָכאמאָל אַרומנעמען דעם צאַפּלדיקן קערפּער... זי איז שוין אָבער געווען אין באָכאַטניצע... מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו באַגעגענען. איך האָב שוין געוואָרט אויף דעם, געוואָלט ווידער זען איר געשטאַלט... צי דען האָב איך פאַרגעסן? גרויע אויגן. בלאָנדע האָר דער אונטערשטער האַלבער פנים פאַרשפּיצט. ווען זי וואָלט געהאַט טונקעלע האָר, וואָלט זי אויסגעזען ווי אַ שפּאַניערין. באַרוויס... אָבער דאָס שטערט נישט צו דער גאַנצער האַרמאָניע. די נאַטור איז דאָך באַרוויס און נאַקעט. איך האָב זי באַזיגט, ווייל אזוי האָט געוואָלט דער זומער, אָבער אין הארצן האָב איך דרך-ארץ געהאַט פאַר איר, אפילו מורא געהאַט, ווי מען האָט מורא פאַר אַ שיינער יחסנטע.

איך בין לאַנג געזעסן אין יענעם אָוונט. אַרויסגעקוקט פון מיין פענצטער אויף די טונקעלע סעדער, צוגעהערט זיך צו דער נאַכט. אין אָנהייב יוני זינגט נאָך די נאַכטיגאַל, אָבער זעלטן און שוואַכער, ערגסטע קלאַנגען, איר מאַי-געזאַנג האָט זיך שוין געענדיקט. עס האָט שוין אָפּגעבליט. איצט קומט די צייט פון וואַקסן און צייטיק-ווערן. אין שטעטל האָט ווער געזונגען און אַ צווייטער ווער האָט געשפּילט אויף אַ מאַנדאַלינע... מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אין די אַלע שאָרכן און קלאַנגען פלאָנטערט זיך, ווי אַן עכאָ, עס זוימט זיך אַלץ מיט אַ קאָלירטן זוים מיט דעם קלאַנג: „אַנטאָשאַ“.

די גרויסע וועלט, דער כלל האָט זיך זיינע איבעראַשונגען און וונדער, דער וועלטס-פרייד קאָן ווערן אַלעמענס פרייד. דער יחיד באַ-

האַלט זיך מיט זיין גליק, די פרייד פון איינציקן בלייבט און מוז בלייבן בלויז פאַר אים אַליין. איך האָב איצט דורכגעלעבט מיין נאָכפרייד, וועלכע איז פיל מאָל גרעסער און טיפער ווי די פרייד גופא. אַ נאַכט־מאָטיל האָט זיך שוין עטלעכע מאָל אָנגעקלאַפּט אָן מיין שטערן, זאָל ער פליען קיין בזכאַטניצע און איבערגעבן אַנטאָשען מיין גרוס...

פאַרן שלאָף האָב איך אָנגעצונדן פייער אין מיין צימער און דעמאָלט האָב איך געפונען אויפן טיש אַ בריוו פון... גוסטאַ. עס האָט מיך נישט איבערראַשט. זי האָט אין איר בריוו גערעכנט די דאַטעס, ווען זי וועט פאַרטיק ווערן מיט אירע ענינים און ווען זי וועט קומען צו מיר. זי האָט אַלץ אויסגערעכנט: וואָס זי האָט געטון, אייערנעכטן געטון און וואָס זי וועט מאָרגן און איבערמאָרגן טון — איך האָב געלייענט און געפילט אַ געפיל, אַז איך האָב זייער נישט ליב קיין חשבונות.

אַ טאָג, אַ וואָך, צוויי וואָכן זענען אַוועק. איך פלעג זיך זייער אָפט באַגעגענען מיט אַנטאָשען. מיר האָבן געהאַט אונזער באַהעלטעניש. נישט ווייט פון זיין דאָרף, אויף דעם פלאַכער שאָסיי איז געשטאַנען אַן אַלטער סאָסנאָווער וואַלד, אויף דער קייט פון די בערג האָט דער וואַלד זיך געצויגן, אויף די רוקנס פון די בערג זענען אויסגעוואַקסן די ביימער. שטאָלצע, שלאַנקע און אויך קרומע געבויגענע ביימער. אַ קרומער וואַלד, וואָס האָט זיך ביי די שפּאַלטן פון די בערג כסדר איבערגעריסן און זיך ווידער אָנגעהויבן. מען האָט געמוזט דריי מאָל זיך אויפהייבן און דריי מאָל זיך אַראָפּלאָזן, כדי צו קומען צו אונזער באַרג, נאָר מיר האָבן ביידע גוט געדענקט דעם פּלאַץ און ביידע פלעגן מיר קומען שפּעט אין אָונט אַליין. פאָרזיכטיק ווי גנבים. איך פלעג קומען דורך די אַרומיקע בערג, מאַכן אַן אומזיסטן אומוועג — מען זאָל מיך נישט באַמערקן. איך בין געגאַנגען אין לבנה־נעכט און אין שוואַרצע נעכט... אין וואַלד איז שטענדיק פינצטער געווען. אונזער סיגנאַל: אַ פּאַטש אין די הענט. פלוצלינג וואַקסט זי אויס לעבן מיר אַ פאַרסאָפּעטע פון קריכן אויפן באַרג, זי רופט פרייליך אויס:

— יעסטעם!... איך בין דאָ..

זי האָט נישט קיין ווערטער. זי גנבעט זיך גלייך צו מיר און אָנשטאָט אַ באַגריסונג — אַ קוש. שפּעטער האָב איך זיך צוגעפּאַסט מער צו איר און זי צו מיר. איך האָב שוין גאַנץ גערולדיק אויסגעהערט אי־

רע מעשיות פֿון די דאָרפֿישע ענינים און איך פּלעג אויך רעדן, דער־
ציילן פּשוטע געשיכטעס; ווען איך זאָל אפֿילו וועלן רעדן פֿון מיינע
חקירות, זוכענישן, אומרוען... איז דאָס אַלץ אין מיר אַליין פֿאַרקלענערט
געוואָרן, צו גאָרנישט געוואָרן. איך האָב דורכגעלעבט אַ באַטיר־לעכע
פֿרייד, וואָס איינע אַ שיינע אַנטאָשאַ האָט מיך ליב באַקומען, זי איז
אַריין אין מיין נשמה מיט איר ליכטיקן קאָפּ, מיט איר שמייכל, מיט
איר שטענדיקן „קאָכאַם", „קאָכאַני".

אַ יתסנטע, אַ בת־יחידה, דעם וואָיטס טאָכטער. אַלע וואָיטעקס און
חיצעקס פֿון דאָרף האָבן די כּפּרה געגומט פֿאַר איר... און זי האָט זיך
אויסגעוויילט אַ ווילד־פֿרעמדן יידן... מיך. אָט אַזוי בין איך אומגעריכט
געוואָרן אַ קרובֿ מיט איר שטילן דאָרף, איך בין געוואָרן אַ קרובֿ צום
וואַלד, צו אַלע וועלדער, צו אַלע קוואַלן, די גרינע וועלט פֿון זומער
האָט מיך אַריינגענומען אין זיך, פֿון די פֿעלדער, פֿון די לאָנקעס האָבן
זיך דאָס אויסגעשטרעקט צו מיר אַ פּאָר שלאַנקע אָרעמס... עס האָט אַ
נאָמען מיין אויפֿוואַכונג, מיין מיטשטימונג מיטן לעבן, עס האָט אַ נאָ־
מען: „אַנטאָשאַ".

זי איז געווען אַ פֿרומע קריסטין, זי האָט ליב געהאַט דעם קאָש־
ציאָל מיט די צערעמאָניעס, זי האָט אַ סך מאָל וועגן דעם גערעדט, און
נאָך עפּעס: אין איר לעבן האָט פּאַסירט אַ געשעעניש, זי האָט געקענט
אַביסל לייענען, האָט זי אַ בערגעליינט אַ בוך, איין ביך „קוואָ וואַדיס"
פֿון שענקעוויטש. אַ יאָר צייט האָט זי דאָס ביך געליינט, העכער אַ יאָר
צייט. פּונקט, ווי אַ סקולפּטאָר, וואָס האַקט פֿון שטיין זיין אויסגעטרוימ־
טע געשטאַלט, אַזוי האָט זיך אַנטאָשאַ איינגעלעבט אין בוך און דאָס
בוך אין איר. זי האָט גערעדט פֿון די העלדן מיט איר גלויבן, מיט אַי־
רע נאַיווע, פּרימיטיווע ווערטער.

— דו ווייסט, זאָגט זי צו מיר, אַז די ערשטע קריסטן האָט מען
געברענט, לעבעדיק געברענט, צו די לייבן אַריינגעוואָרפֿן.

— אמת, אַנטאָשאַ!

— טאָ ווער אַ קריסט!

נישט איינמאָל האָב איך שוין געהערט פֿון איר אַזאַ בקשה.

וואָס האָט זי זיך אין קאָפּ אַריינגענומען?

מיט פֿאַרשידענע וועגן פּלעג איך אַוועקגיין פֿון דער דאָזיקער טע־

מע און אַמאָל פלעג איך נעמען דערציילן פון יידישן מאַרטירער-לעבן, איך האָב זיך געגרייסט מיט אונזערע צרות פאַר אַנטאָשען, איך פלעג אָפּשוואַכן אירע דערציילונגען, זי האָט מיר געגלייבט... מיר... וועמענס ליפּן זי פלעגט אַזוי ווילד צעבייסן. צום גליק פלעגן מיר קיין סך נישט רעדן וועגן די אַלע זאַכן, ווייל די זומער-נעכט זענען קורץ... האָ, האָ! די הענער קרייען שוין צום דריטן מאָל, דורך די ביימער בלייכט זיך שוין, ווייט-נאָענט בלייכט זיך שוין דער פרימאָרגן... אַנטאָשאַ ווערט פאַרשוווּנדן אונטער'ן באַרג. איך גיי צו זיך אהיים קיין קאַזמיערזש... איך? נישט איך... דער פרימאָרגן שפּרייזט בעטויט אויף די האַלב-פינצטערע שטעגן. דער פרימאָרגן שפּרייזט און וואַרפט געזאַנג און תפילה אויף רעכטס און אויף לינקס.

אַן אומצייטיקער טרעל פון אַ פויגל כאַפּט זיך אַריין אין באַגינען; אָט זענען די רויִנען פון אַלטן שלאָס און עפּעס גיט אַ נאָג ביים האַרצן: אַלץ וועט פאַרגיין און אַוועקגיין אין דער אייביקייט: איך, אַנטאָשאַ, אונזערע נעכט, די רויִנען פון אַלטן שלאָס וועלן אונז איבערלעבן.

זעלטן ווען איך פלעג זי זען בייטאָג. אויסער זונטאָג ווען זי פלעגט קומען מיטן טאַטן דעם וואָיט, אַ הויכער, אַ שלאַנקער פויער מיט אַזאַ שפּיציקן פּנים, ווי ביי איר, מיט די זעלבע גרויע אויגן. איך האָב מורא געהאַט פאַר אים, ער פלעגט קיינמאָל קיין שמייכל נישט געבן. זי פלעגט קומען אין קאָשציאָל מיט קאָלירטע סטענגעס באַהאַנגען... פאַר מיר איז זי געווען די שענסטע און נישט פאַר מיר אַליין, איך האָב געזען... שטענדיק איז זי געווען אַרומגערינגלט מיט גאַנצע מחנות דאָרפישע קאַוואַליערן, מען קוקט איר אין די אויגן, מען שמייכלט צו איר, נאָר זי איז האַלב ערנסט, זי שמייכלט צו אירע חברים מיט אַ מאָס, נישט צופיל און זי קוקט זיך שטענדיק אַרום. איך ווייס, וועמען זי זוכט מיט די אויגן, איך גיי פאַרביי זי זאָל מיך באַמערקן. איך באַווייז, אַז איך האָב זי באַמערקט און איך גיי ווייטער. ביינאַכט ווען איך וועל קומען צו איר אין וואַלד וועט זי מיר גלייך פרעגן, ווי זי האָט אויסגעזען אין איר קאָלירט קלייד.

איך וועל נישט קאָנען קיין שבחים אין גוטע ווערטער, נאָר זי באַנוגנט זיך נישט, זי פרעגט:

— און זאָשקאַ גראַסינסקאַ?

— און אלא קשיווינסקא?

— און מאנקא סטאל־ארסקא?

— ווער האט אויסגעזען שענער?

ווען איך דערווייז און באווייז מיט פאקטן, אז זי איז געווען די שענסטע, דעמאלט דערפיל איך דעם אמתן טעם פון אירע ליפן...

ע

אין שטעטל איז געווען א גרויסער יאריד, א זומערדיקער יאריד, אפגעפוצט מיט אלע גרינסן, מיט קאנטשיקעס אונטער די אויסגעשפאנטע פערדלעך, מיט יונגע עופות. א מארק מיט א טומל, מיט געשריי. שיכורע קריסטן און ניכטערע יידן. פון ווארשע, פון לובלין זענען אנגעפארן סוחרים מיט „אנטיקן": פארשידענע שטאפן, קאלירטע קאפ־טיכלעך, פאטשיילעס, באפוצעכץ צו קליידער, קרעלן, פאטש רקעס, שפילצייג פאר קינדער. עס קרייען בלעכערנע הענדלעך, עס שפילט, עס פייפט. אן אלטער פויער א בעטלער דרייט זיין אלטמאדישע געגשלע אין זינגט דערביי צו.

איך פלאנטער זיך אין טומל, צווישן די חייגער מיט די קוישן, צווישן די ראגאווער, קאנסקא־וואליער, און אפאליער פויערטעס. אזוי פיל קאלירן און קלאנגען, א לעבעדיקע פאטמע, און איך פיל זיך דא אויף דעם יריד, ווי א חתן, א קרוב צו די אלע פויערטעס, צו די הויפענס זומער, וואס מען האט געבראכט פון די דערפער. איך בין איינגעפלאנטערט מיט מיין גאנצער נשמה אין זייערע וועלדער, אין די זומפיקע שטעגן, איך בין פארליבט אין די חייסע בעראזעס, וואס זילבערן זיך ביי די שאסייען, איך בין פארליבט אין זייערס א טאכטער...

אנטאשא!

— ווי קומסטו אהער?

זי האט מיך אנגענומען פעסט ביים דעם עלנבויגן, ביז חייטאק מיך א דרוק געטון.

— איך בין געקומען...

זי לאכט מיט די גרויע אויגן, זי קוקט אריין אין מיר מיט די גרויע אויגן, זי קוקט נישט בלויז אויף מיר, זי נעמט ארום מיט אירע בליקן דעם גאנצן יאריד, ווי זי וואלט וועלן איינשלינגען די אלע שיינע זאכן, וועלכע זענען דא אויסגעשטעלט. איך באטראכט זי, איך באטראכט

מיין אַניוּ'טע, מיין כלה, מיין ווייב. שוין אַ סך טעג זי נישט געזען בייטאָג, נאָר אַלץ ביינאַכט, אונטער די אַלטע סאָסנעס. מיט אַ טאָג פריער בין איך דאָרטן געווען, איך דערמאָן מיך אַ קלייניקייט: ארויסגערעדט האָב איך זיך, אַז איך בין הונגעריק, האָט זי זיך האסטיק אראָפּגעקויקלט פון באַרג און געקומען צוריק מיט אַ שטיק שוואַרץ ברויט, מיט אַ שטיק קעז... הע! אַלע פרעסערס און אַלע פיין־שמעקערס פון פרעס מעגן מיך מקנא זיין, אַזאַ ברויט מיט קעז האָבן זיי נישט געגעסן, אַזאַ אַפּעטיט האָט נאָך קיינער נישט געהאַט, איצט דערמאָנט זיך מיר די נאַכט, נאָר זי זינגט עפּעס אריין אין מיינע אויערן:

— ווילסט מיר עפּעס קויפן?

— וואָס?

יאָ, היינט איז אַ יאַריד און זי וויל איך זאָל איר עפּעס קויפן. אַנטאָשען קויפן אַ מתנה! איך האָב שוין לאַנג וועגן דעם געטראַכט, אַ סך מאָל דאָס אין זינען געהאַט, נאָר שטענדיק מורא געהאַט, מען זאָל אין שטוב ביי איר נישט פרעגן: „פון וועמען?".

— וואָס ווילסטו אַנטאָשאַ? זאָג וואָס דו ווילסט...

— עפּעס...

און מיר נעמען זיך שאַרן פון טישל צו טישל. מיר קוקן אויף פאַרשידענע חפצים, אויף קאָלירטע סטענגעס, אויף אַלערליי קרעלן. פּלוצלינג קומען מיר צו צו אַ טישל מיט צלמים, גרעסערע און גאָר קליינע צלמים, אַ טישל מיט מאָדליטוועניקעס, מיט טשענסטאָכאָווער מעדאַליאָנען, הייליקע בילדער.. זי שטעלט זיך אָפּ ביי דעם טישל, נעמט נייגעריק קוקן און קלויבט אויס פאַר זיך אַ זילבערנעם צלמל אויפן האַלז צו טראָגן.

זי הייבט אויף צו מיר די אויגן:

— אָט דעם צלמל...

מיר איז מאָדנע אומעטיק געוואָרן אויף דער נשמה. אַ גליק, וואָס זי האָט זיך געווענדעט צום פאַרקויפער פרעגן ווי פיל ער קאָסט. אין האָב אפילו געהערט דעם ענטפער: דריי רובל... זי האָט זיך גענומען דינגען און איך האָב דערווייל געטראַכט: „אַ צלם"? „איך האָב נאָך זי רוח מיטן צלם", „איך האָב נאָך אַ סך פּרעטענזיעס צום צלם, איך בין אַ ייד..." אין דעם הייבט זי אויף אויף מיר די אויגן.

— דריי רובל, ער לאָזט נישט ביליקער...

איך האָב נישט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן, זי איז מיר טייער געווען:

— קום נאָר, אַנטאָשאַ!

איך האָב זי אָפּגערופן אַביסל אָן דער זייט און מיט ציטערדיקע הענט דערלאַנגט דריי זילבערנע רובל.

— זאָל מען נישט זען, אַז איך קויף דיר מתנות, גיי און באַצאָל אים. זי איז געלאָפן און געקומען באַלד צוריק אַ גליקליכע. דערנאָך האָבן מיר זיך אַרויסגערוקט פון שטעדטל. מיר זענען אַוועק אויף דעם נאַסטינעק, וואָס פירט צו זאַגלאַבע. מיר האָבן זיך אויפגעהויבן אויף אַ בארג כדי אין וואַלד אַריינצוגיין, מיר האָבן געלאָזן דעם גאַנצן יאַריד, וועלכער האָט אָנגעהויבן פון ווייטן. קריכנדיק אויף דעם בארג האָט זי זיך געפּלאָנטערט אין איר לאַנגן קלייד, זי האָט כסדר געלאַכט... איך האָב פּלוצלינג געפרעגט:

— וואָס וועסטו זאָגן אינדערהיים, ווען מען וועט דיך פרעגן, ווו דו האָסט דעם צלם גענומען?

— כ'וועל זאָגן: געפינען.

— צוליב אַ צלם וועסטו זאָגן ליגן?...

— און אַז מען זאָגט צוליב אַנדערע זאַכן ליגן?

— וועלכע אַנדערע זאַכן?

— זיי שרייען אויף מיר, אַז איך גיי מיט אַ זשיד, זאָג איך שטענדיק, אַז ניין. זיי רופן מיך „זשידאָווסקאַ קאָכאַנקאַ", שריי איך אַ ליגן.

אָט האַרץ האָט גענומען אימרויק קלאַפּן ביי מיר:

- זיי ווייסן שוין, אַנטאָשאַ! האָסט צרות צוליב מיר

זי האָט אַ קוק געגעבן אויף מיר מיט פאַרטרויונג, דערביי האָט זי עפּעס געזוכט אין דער פאַרפלאָנטערטער קעשענע פון איר קלייד, עפּעס אַרויסגענומען און שמייכלענדיק מיט אַ טרויעריקן שמייכל האָט זי מיר דערלאַנגט איר האַנט:

— נאַ!...

אַ קנויל האָר איז דאָס געווען. בלאָנדע האָר, אַנטאָשעס האָר.

איך קוק אויף די האָר און איך קוק אויף איר. זי שמייכלט...

— וואָס איז דאָס?

זי שמייכט אַלץ, ווי אַ באַזיגערין, ווי זי וואָלט אַ גרויסע זאַך אויפגעטון, אַ שמייכל אָן טריומף, אויפגעמונטערט פון איר אייגענער וואָרגלאָזיקייט און פון דעם, וואָס איך שטיי דאָ נעבן איר.

— דאָס האָט מיין טאַטע מיר אויסגעצופּט פון מיינע האָר. ער האָט מיך געשלאָגן צוליב דיר, איך זאָל מיט דיר נישט גיין.

— פאַרוואָס האָסטו מיך גאָרנישט דערציילט פריער?

— איך האָב מורא געהאַט, אַז דו וועסט אַנטלויפן פון מיר.

ווי זי איז מיר טייער געווען אין יענער רגע מיט איר פּשוטער אָפנהאַרציקייט. ווי איך האָב זי דעמאָלט געקושט און דאָס האַרץ האָט מיר שוין וויי געטון פאַר איר, ווייל איך האָב דערפילט אַ הילפלאָזיקייט אין מיין געפיל צו איר... וואָס וועט זיין ווען דער זומער וועט אַוועק? ווי נאָנט און דאָך ווי ווייט זי איז פון מיר די טייערע אַנטאָשאַ. דער בייזער טאַטע, דער וואַלד פון באַכאַטניצע איר דאָרף, דאָס צלמל פאַר וועלכן איך האָב היינט באַצאָלט, דאָס לעבן האָט אונז דערנענטערט און דאָס לעבן שטערט אונז.

האָסט דאָך נישט קיין מורא מיט מיר ווידער צו גיין?

— זאָל ער מיר אויסרייסן דעם גאַנצן קאָפּ האָר, איך וועל טון וואָס איך וויל.

עס איז שטיל געווען אין וואַלד, עס האָט זיך נישט געגלייבט, אַז דאָרטן נישט ווייט אין שטעטל קומט פאָר אַזאַ טומלדיקער יאַריד. אַ הייסער טאָג געווען. אַ מחנה זשוקעס האָבן געזשומעט אַרום אַ דעמבעבוים און געפרעסן די בלעטער פון די צווייגן. אַ קיקוק האָט גענומען שרייען און אַנטאָשאַ האָט זיך צעזונגען צום קוקוק מיט אַ פאָלקס-ליד אין וועלכער עס פרעגט זיך ביים פויגל, וויפיל יאָר עס איז נאָך צו דער חתונה און וויפיל יאָר עס איז צום טויט.

איך האָב זיך פאַרטראַכט, געזעסן נעבן איר און געטראַכט, אַז מיט דעם דאָרפס-מיידל וועט מיר זיך שווער זיין צו שיידן, איך וואָלט וועלן מיט איר בלייבן אויף שטענדיק, איך וואָלט וועלן טון פאַר איר אַ גוטע זאַך, זי זאָל זיין גליקלעך און ווען איך הייב אויף אויף איר מיינע אויגן, זע איך נישט קיין אומגליק אין איר בליק, זי זיצט און שפּילט זיך מיטן צלמל, אַ מאַטאָווער זילבערנער צלמל. זי גאָר. זי נעמט מיך שטראָפן פאַרוואָס איך בין שווייגעדיק.

— איך האָב צער, וואָס דיין טאַטע שלאָגט דיך.

— אַלע טאַטעס שלאָגן זייערע קינדער. און באַלד גיט זי צו:

— זאָל ער מיך שלאָגן און מיר וועלן זיך קושן.

ציען זיך צו מיר אירע אָרעמס, זייגן זיך איין אירע ליפּן אין מיינע... דאָס קנײנדל פון אומרו און ווייטאָג ווערט פאַרשווינדן, עס שטאַרבט אָפּ אין האַרצן. די וועלט, דער וואַלד אָטעמט פריי אָפּ, ווי איר באַזיגטער קערפּער גיט זיך אונטער...

V

גוסטאַ איז געקומען...

זי האָט אויסגעזען, ווי אַן אויסגעצופּטער פויגל. דאַר און בלייך פון דער שטאָט, פון איר לערנען. זי האָט געבראַכט אַ סך ביכער און אַ סך פּרעטענזיעס צו מיר: פאַרוואָס האָב איך נישט געשריבן, פאַרוואָס האָב איך זי נישט אָפּגעוואַרט ביי דער באַן און נאָך אַ סך „פאַרוואָסן״. זי פרעגט כסדר פרעגן און איך פלעג כסדר שווייגן. איך האָב געוויסט, אַז אויב איך וועל נעמען רעדן, וועל איך אַלץ מוזן זאָגן... יאָ, מען האָט שוין געמוזט רעדן, ווייל זי איז מיר פרעמד געוואָרן, אינגאַנצן פרעמד... עס איז אַ זינד, ווען מען האַלט זיך מיט פרעמדע מענטשן.

ווען מיר זענען איינמאָל אַרויף אויף דעם באַרג, וווּ דער רונדער טורעם שטייט, ווען מיר האָבן ביידע געוואָרפן אַ בליק אויף דער גאַנ־צער פּאַנאָראַמע, אויף די גרינע טאָלן, אויף די שאָטנס פון די פעל־דער, אויף דער ווייסל מיט זיינע גאָלדזאַמדיקע אינזעלעך, האָט זי זיך די ערשטע אָנגערופן:

— דאָ איז זייער שיין...

איך האָב געענטפערט:

— דו זעסט די שיינקייט, גוסטאַ, אָבער דאָס איז נאָך ווייניק...

— וואָס ווילסטו זאָגן?

— איך וויל זאָגן, אַז קוקן אויף דער שיינקייט אַליין איז נאָך ווייניק, מען דאַרף עס נעמען, צונויפגיסן זיך מיט דעם, ווי לעבן מיט לעבן.

— און דו?

עס איז געקומען דער מאָמענט, איך האָב אַלץ אויסגעזאָגט. איך האָב דערציילט וועגן אַנטאָשען, וועגן אונזערע נעכט, דערציילט און זיך

באַרימט, ווי זי האָט מיך פּשוט ליב, אָן קונצן, אָן עקזאַמענס, איך האָב נצריםז און געגלויבט דאָס דאָרפישע מיידל, מיט די שענסטע פאַרבן זי געמאָלט.

גוסטאַ איז געזעסן און געשוויגן, גוסטאַ איז געווען בלייך. עטלעכע מאָל האָט זי געוואָלט רעאַגירן, ענטפערן. נאָר איך האָב זי נישט געלאָזט רעדן, איך האָב געוווסט אַז צווישן אונז איז אַלץ געענדיקט, נישט דערפאַר, ווייל זי וועט איצט באַשטימט איבעררייסן מיט מיר, נאָר אויך דערפאַר, ווייל איך האָב דערזען, אַז זי איז מיר פרעמד.

ווען איך האָב דערציילט וועגן צלמל, האָט זי מיר געוואָלט אַ שטאָך געבן:

— דו! דו ביסט דאָך אַזאַ פייערדיקער נאַציאָנאַליסט, אַזאַ ייד...

איך בין גאָרנישט קיין פייערדיקער נאַציאָנאַליסט, איך בין אַ ייד, ווייל איך בין דאָס. איך וועל קיינמאָל קיין קריסט נישט ווערן, ווייל איך וועל קיינמאָל נישט קאָנען ווערן אויס ייד. איבעריקנס, איך ווייס נאָך נישט, צו מיר מוזן ביי יעדער טריט פון אונזער לעבן פאַרענטפערן נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע פראַגן, דאָס צלמל איז געווען איר פרייד, זי האָט עס געוואָלט, זי האָט דאָך מיר אַזוי פיל געגעבן...

ביי די ווערטער האָט זיך גוסטאַ האַסטיק אויפגעהויבן און גענומען שפּרייזן באַרג אַראָפּ, צום שטעטל. איך האָב געוווסט, אַז מיט דעם האָט זיך אונזער ליגנערישע נאָנטקייט געענדיקט...

איך בין נאָך לאַנג געזעסן אויפן באַרג, צוגעקוקט זיך, ווי אונטערן ווייסל באַהאַלט זיך די זון, רויט פון צאָרן, וואָס זי מוז אַוועקגיין. דערנאָך, ווען עס איז פינצטער געוואָרן, בין איך אַוועק דורך מיינע הינטערוועגן צו אַנטאָשען, דאָס איז געווען דער בעסטער וועג פון מיינע טעג.

דער זומער איז געגאַנגען, מען האָט געשניטן דעם צווייטן היי. איך האָב אין די הייסע טעג געוווסט, אַז אַנטאָשאַ אַרבעט איצט אין פעלד. מיין אַנטאָשאַ שאַרט צונויף דעם פרישן אָפּגעשניטענעם היי אויף זייער פעלד. זי שטייט אַ פאַרגאָסענע מיט זון, זי אַרבעט און פאַרטראַכט זיך... איך האָב געוווסט, אַז זי טראַכט פון מיר. און איך אויך... איך האָב אויפגעהערט צו זען מיין שטענדיקע וועלט, די אַלע באַקאַנטע וועלכע זענען אָנגעפאָרן צו פאַרברענגען דעם זומער אין קאַזמיערוש,

איך פֿלעג קומען צו זיי, גערעדט און פֿאַרבראַכט מיט זיי, נאָר אָן שום אינערלעכע פֿאַרבינדונג. מען האָט עפּעס געמורמלט וועגן מײַן שיקסע... איך פֿלעג עס פֿאַרשווײַגן. צו וואָס ענטפֿערן? מײַן פֿרייד, די פֿרייד פֿון באַקאַנטיצער וואַלד וועלן זיי צו גראָב פֿאַרשטיין, דעם טרייען בליק פֿון אַנטאָשעס אויגן, וועלכער פֿאַלט מיר אַראָפּ אין דער נשמה, ווי אַ שטראַלן־קנויל — זיי וועלן דאָס נישט פֿילן.

אין יעדע באַגעגעניש מיט איר איז געווען עפּעס אייביקייט, אָנהייב אָן סוף, פֿאַ געזאַנג... דאַכט זיך, אַ גרויסע שוואַרצע נאַכט אין וואַלד, טויזנטער צוגויפֿגעגאָסענע שוואַרצע הענט ציִען זיך צו מיר. צי איך אָבער אויס מײַן האַנט, איך באַריר אַנטאָשעס קאָפּ, איר פּנים, איר לײַב, איר שטײַפֿע ברוסט — ווערט די נאַכט אויס נאַכט. זי האָט קיין סך נישט געקאָנט רעדן, נאָר אין אירע האַלבע ווערטער, אין איר שווײַגן האָט זיך מער געגלייבט, ווי אין אַלעמענס ווערטער.

אָט אַזאַ פֿאַרגעסונג און דערנענטערונג צו דער נאַטור האָב איך דאָך לאַנג געזוכט: ס'איז כּמעט אַ שכּומע ליבע, ווײַל מיר קענען זיך מער, ווי מיר רעדן. איך ווייס, אַז זי האָט אַ סך צרות צוליב מיר, זי האָט אָבער נישט קיין פּרעטענזיעס, קיין פֿאָדערונג נישט, קיין שטראָף־רייד נישט, בלויז פֿון צײַט צו צײַט הער איך: „ווער אַ קריסט". כּאַרקוש איך די פּראַזע און אויס...

מען מורמלט אין שטעטל. עטלעכע ייִדן און איין קריסט האָבן מיך שוין געוואָרנט, מען האָט מיך געשראָקן, אַז די זאַך קאָן זיך ענדיקן מיט קלעפּ פֿאַר מיר, מיט אַ מעסער אַפֿילו. איך הער אויס און ענטפֿער כּמעט נישט, ווײַל נישט דאָס איז דער עיקר: דער עיקר איז פֿילן דעם בלוטיקן צובונד צו יענעם שטיקל וואַלד, וווּ מיר באַגעגענען זיך.

און מאָרגן... טאָפּלט־טײַער ווערט אַ געפֿיל צו אַ פֿרוי, ווען מען נעמט דיר שטערן, ווען דו ווייסט, אַז מען לויערט אויף דיר, מען גראָבט אַ גרוב פֿאַר דיר. איינמאָל זענען די שקצים פֿון באַקאַנטיצע געקומען בײַנאַכט קיין קאַזמיערזש, זיי האָבן געכאַפּט אין דער פֿינצטערניש איינעם אַ לעבניק אין אים גוט אָנגעבראָכן די ביינער, ווײַל זיי האָבן געמיינט אַז דאָס בין איך. אין שטעדטל האָט מען פֿון דעם שטאַרק געלאַכט און מיך האָט מען געעצהט זיך אָפּצוטראָגן, וואָס גיכער...

איך זאָל אַוועקגיין פון אַנטאָשען? פון זומער, פון לעבן? מיינע אויערן האָבן די עצות געהערט, מיין האַרץ האָט זיך אַפילו נישט צוגעהערט. אין דער צייט האָט אָנגעהויבן צו רעגענען. די הייסע זוניקע טעג האָבן צו לאַנג געדויערט, צו פיל אונז געבאַלעוועט... עס האָט אָנגעהויבן גיסן און גיסן. זומערדיקע רעגנס, צום ערשטן קורץ, שנעל, מיט אַ בליץ און מיט אַ דונער. דערנאָך האָט זיך דער הימל פאַרוואַנדלט אין איין שטיק גרויע צעווייקעניש.

מיינע ס'פּע גרינע טאָלן מיט דעם ווייסן פלאַטער פון שמעטערלינג, וואָס איז פון אייך געוואָרן? אויף דעם ראַנד פון מיין פענצטער איז שטענדיק געלעגן אַ שטיק זון... ווו איז דאָס צעהינגעקומען?

די וועגן האָבן זיך געבאָדן אין ליים און אין בלאָטע, די מענטשן האָבן זיך איינגעצייגן, די וועלט האָט איבערגעלעבט אַ חורבן.

עטלעכע טעג האָב איך זיך צוליב די רעגנס נישט באַגעגנט מיט אַנטאָשען און ווען אין איין פאַרנאַכט האָט אויפגעהערט צו גיסן, בין איך אַהין געלאָפן. איך בין געגאַנגען צו באַכאַטניצער וואַלד, אַ שטיק לויטע־ער הימל האָט זיך באַוויזן, די רויט־פאַרגייענדע זון האָט געכאַפּט אַ קוק אויף דער וועלט. איך האָב אָפּגעוואַרט ביז עס איז גוט פינצטער געוואָרן און דעמאָלט בין איך צו אונזער באַהעלטעניש צוגעקומען, איך האָב געוווסט, אַז אַנטאָשע וועט קומען, מיין האַרץ פלעגט מיך אין אַזעלכע פאַלן נישט נאַרן. עס האָט אַביסל געדויערט און איך בין אַרומגעגאַנגען אין פינצטערן וואַלד, אָפּגעשטעלט זיך און געכאַפּט יעדן שאָרך... געוואַרט אויף אַנטאָשעס טריט. אַ לאַנגע צייט האָב איך אַזוי געזאַפּט אין זיך די פייכטקייט, וואָס האָט זיך דאָ אָנגעזאַמלט פאַר די נאַסע טעג, אײַנגעאָטעמט אין זיך מיין געליבטן ריח פון די איבערגעשטאַנענע און ניי געבוירענע שוואָמען, דעם ריח פון סכך...

פלוצלינג: אַ לייכטער פּאַטשן מיט די הענט.

איך ענטפער מיט דאָס זעלביקע... און באַלד:

— יעזטעם!

זי איז שוין לעם מיר, אין מיינע אָרעמס. ס'איז פינצטער, איך זע זי קוים, איך פיל אָבער אַ האַרץ וואָס קלאַפּט לעם מיר פאַר מיר... נאָך נישט אָנגעפרייט זיך גענוג, דערשרעקן מיר זיך ביידע, ווייל עס געמען פאַלן טראָפּנס אויף אונז, עס נעמט ווידער רעגענען.

— אַלאַ באַגאַ! זאָגט זי אַרויס מיט אַ פאַרקלעמטן צער, פונקט זי די וועלט וועט באַלד אונטערגיין. נאָר דער רעגן דערשרעקט זיך נישט פאַר איר זיפץ, עס נעמט דראָבען און פויקן איבער די ביימער, איבער אונז, עס נעמט גיסן. מיר ווילן זיך באַשיצן אונטער אַן אַלטן בוים, נאָר ווען אויף די צווייגן זיינע זאַמלען זיך אַ סך רעגן־טראָפּנס, נעמט עס פאַלן אויף אינז.

— וואָס וועט זיין? אַנטאָשאַ! איך רעד אין איר פאַרצווייפלונג. איך וויל גיין אַהיים. עס וועט זיין שווער, די בערג זענען נאַס און גליטשיק, עס איז פינצטער.

רוקט זי זיך צו נענטער צו מיר, אירע נאַסע האָר באַרירן מיין שטערן, ווען איך בייג צו איר אַראָפּ מיין קאָפּ, איך באַריר איר פאַרנעצט פנים, איר האַלז. דער האַלז איז טרוקן און וואַרעם, איך דערפיל איר הייסן אָטעם. זי רעדט:

— וועסט נישט גיין אַהיים, מיר וועלן זיך באַהאַלטן אין אונזער שייער...

## VI

זאָל זיין אין שייער, זאָל זיין אין פייער. איך בין מיט איר גענאַנגען... ניין! נישט געגאַנגען, נאָר געקראָכן, ווייל ס׳איז געווען שטאָק־פינצטער, נאַס און גליטשיק און זי האָט דאָ אַזוי גענוי געוווסט דעם וועג, ווי אַ שטיין, ווי אַ וואָרצל פון אַ בוים, זי האָט מיך געהיט, געפירט און צוגעהאַלטן, אַראָפּגעפירט פון די בערג, דורכגעשפרייזט מיט מיר דעם שלאָפעדיקן דאָרף... דער רעגן האָט כסדר געזון דאָס זייגיקע, מיר זענען ביידע געווען דורכגענעצט און דורכגעווייקט. אין שייער האָט זי צוגעמאַכט פון אינעווייניק די ברייטע טיר, וועלכע האָט געהאַט אויף זיך אַזאַ הילצערנע קליאַמקע.

אַ געפרעסטער ריח פון פרישן היי האָט מיך אַרומגענומען. אַנטאָשע לאָזט נישט אָפּ מיין האַנט, זי פירט אַלץ העכער אויף דעם היי. העכער, נאָר איך ווייס נישט ווי הויך זי האָט מיך שוין אַרויפגעפירט, ווייל איך האַלט אין איין זינקען אין פוכיקן היי־באַרג. איך פאַל אום און זי פאַלט מיט מיר, מיר קריכן נאָך העכער, ביז מיר זעצן זיך אַוועק־

זי איז צופרידן מיט איר איינפאַל: מיר האָבן זיך געראַטעוועט פון רעגן און מיר זענען צוזאַמען. איך ווינדער זיך:

— אַזוי פיל היי ביי אייך אין שייער, אַנטאָשאַ

— דאָס איז נאָך נישט אינגאַנצן, אַ טייל איז געבליבן אין פעלד און איצט פוילט עס אונטערן רעגן, דער טאַטע איז בייז...

דערמאָנט זי דעם טאַטן, וועקט זיך אויף אין מיר אַן אומרויק געפיל פון פריעמדשאַפט און מורא צו דעם הויכן פויער מיט די גרויע אויגן. עס ווערט אומהיימלעך אויף דער נשמה. איך דערפיל די געדיכטע שוואַרצקייט פון דער נאסער נאכט, וואָס לויערט אונטער די ווענט פון שייער און ווען איך קוש איצט אַנטאָשען, זענען דאָס אָנגעשראָקענע קושן.

פלוצלינג אַ קלאַפּ אין טיר. ניין! ס'איז נישט דער ווינט, ווייל באַלד דערהערט זיך אַ בייזער: אַנטאָשאַ, עפן! זי דערקענט די ערשטע דעם טאַטנס קול. זי שפרינגט אויף און כאַפּט מיך אַרום: אָי, קאָכאַני מוי, דער טאַטע..." אין טיר קלאַפּט מען ווידער, איצטער שוין בייזער, ווי פריער, שטאַרקער. עס געדויערט אַ מינוט — אַנטאָשאַ האָט זיך שוין אָריענטירט:

— באַהאַלט זיך אונטערן היי, קאָמאַנדעוועט זי שטילערהייט, אָן אַ קול... אין אויער ברומט זי מיר דאָס אַריין: „באַהאַלט זיך אונטערן היי, טיפער גראָב זיך איין". איך פאָלג, איך גראָב זיך איין אין היי און זי פאַרשיט מיך אַלץ מער, אַלץ מער... איך פיל, ווי עס נעמט מיר פעלן אָטעם, די געטרוקנטע גראָזן קריכן מיר אין מויל, אין די אויערן און די אויגן...

שאַ... איך הער שוין גאָרנישט, איך פיל שוין גאָרנישט. אַנטאָשע האָט מיך צוגעפרעסט מיט אירע פיס און אַליין איז זי האַסטיק אַראָפּגעשפרונגען צו דער טיר... איך האָב געהערט, אַז מען רעדט דאָרט אונטן, מען שרייט, נאָר די ווערטער האָב איך נישט געכאַפּט... ביז עס איז שטיל געוואָרן, אַ טויזנט-יאָריקע מינוט האָט עס געדויערט, איך האָב זיך גענומען באַוועגן, גענומען אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם היי, געכאַפּט אַביסל לופט און מיט אָנגעשטרענגטע אויערן זיך צוגעהערט... שטיל-שטום. דער רעגן גיסט, אין אַ פויערישע שטאָל מעקעט יאָמערלעך אַ בהמה — צוגענומען ביי אַ קו אַ קעלבל.

צוגעפֿליגט אַ האַנט צו מײַן שטערן, עס איז נאַס פֿון שרעק־שווייס.
וואָס איז דאָ פֿאָרגעקומען? ווו איז אַנטאַשאַ!

שפּעטער האָב איך זיך גענומען רירן פֿון אָרט, איך שפּרײַז אַראָפּ פֿון הײ־באַרג, איך זינק און איך קריך קוים צו צו דער טיר. פֿאַרמאַכט. פֿון דרויסן פֿאַרמאַכט. בין איך געשטאַנען אַ רגע אַ צעטומלטער, ביז איך בין צוריק אַרויף אויף מײַן געלעגער. געמאַטערט זיך פֿון שרעק און אומאַוווּסטקייט. דערצו האָט זיך מיר נאָך אויסגעדוכט, אַז דער הײ איז פֿול מיט ווערעם, מיט מוראַשקעס און דאָס אַלץ קריכט מיר אין לײַב אַרײַן. איך האָב זיך געוואָרפֿן אין דעם הײ, ווי אין אַ קדחת, ביז איך האָב זיך באַרויִקט. עס איז געשען אַ נס: איך בין אײַנגעשלאָפֿן...

אינדערפֿרי האָט מיך ווער אַ טרייסל געטאָן. איך האָב אויפֿגעעפֿנט די אויגן. אַנטאַשאַ. זי איז נעבן מיר. און שייער רײַסן זיך אַרײַן פֿאַסן ליכט דורך די שפּאַלטן פֿון די ווענט. זי רעדט האַסטיק:

— אַלע זענען אַוועק אין פֿעלד, דער רעגן האָט אויפֿגעהערט.

— און דײַן טאַטע?

— ער האָט דיך געזוכט אין שייער, מיט אַ לאַמטער געקומען, געקראָכן אויף דעם הײ, געווען אַזוי נאָנט פֿון דיר... דאָס האָט מיך און דיך דער קליינער צלמל געראַטעוועט... יאָ... איך האָב עס אַ גאַנצע נאַכט געקישט און דערווײַל פֿאַרגעסט [illegible] אַלץ אויף דער וועלט און נעמט מיך קישן מיט אַ פֿרייד, וואָס האָט געקלעקט פֿאַר אונז ביידן.

אין דאָרף איז איצט קיינער נישטאָ. דאָך זענען מיר געווען פֿאָרזיכטיק.

צו ערשט איז זי אַרויס פֿון שייער, דערנאָך איך. ווען זי האָט מיך דערזען אויף דער ליכטיקער וועלט, האָט זי גענומען לאַכן, ביז דער ערד זיך געבויגן און געלאַכט. ווײַל איך האָב געהאַט אַן אויסזען: צו די נאַסע קליידער מײַנע האָט זיך צוגעקלעפּט אַ סך הײ, די קליידער אַליין זענען געווען אָן רחמנות צעקנייטשט, די האָר צעוואָרפֿן, אַפֿילו צום פּנים האָט זיך עפּעס צוגעקלעפּט. זאָל זי לאַכן. איך בין געלאָפֿן אַהיים זיך איבערטאָן, איך האָב אויף קיינעם נישט געוואָלט קוקן, נאָר אַלע האָבן געקוקט אויף מיר, מען האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס און געשמייכלט...

כ'האָב געהאַט אַן אויסזען...

עס זענען ווידער געקומען זוניקע טעג, זוניק און רויק. מען האָט אַראָפּגעפירט פון די פעלדער די וואָגנס. די פרוכטן אין די סעדער האָבן זיך געררויטלט. מען האָט זיך נאָך אַלץ געבאָדן אין טייך. ערגעץ־ווו פלעגן זיך די לעטניקעס צונויפזאַמלען, מען פלעגט זינגען, טאַנצן, שפּילן. איך בין אומעטום געווען און אומעטום מיטגעטראָגן מיט זיך מיין איינ־ציקע פרייד: אַנטאָשעס ליבע צו מיר און מיין געפיל צו איר.

מיר זענען לעצטנס פאַרזיכטיקער געוואָרן. אונזערע באַגעגעענישן האָבן מיר איבערגעטראָגן נאָך טיפער אין וואַלד. זי האָט מלחמה געפירט מיט איר שטוב, מיטן גאַנצן דאָרף געקעמפט צוליב מיר. איך האָב גענו־מען ערנסט טראַכטן, ווי זי צו באַשיצן. מאָדנע פאַנטאַזיעס פלעגן מיר קריכן אין קאָפּ: איך וועל זי אַרויסגנבענען פון דאַנענט, איך וועל אַנט־לויפן מיט איר אין אַ ווייט לאַנד, קיין אַמעריקע, קיין בראַזיליען, איך וועל ווערן אַ פויער, אַ פאַרמער, איך וועל אַקערן די ערד...

און נישט געחלומט האָט זיך מיר אין מיין פאַנטאַזירן, אַז דאָס אַלץ: דער זומער מיט די באַגעגעניש; אין וואַלד וועט זיך אַזוי פלוצ־לינג איבעררייסן אויף אייביק.

איך בין שפּעט באַנאַכט געגאַנגען צוריק פון באַכאַטניצע, אויף דעם וועג מיינעם האָב איך געטראַכט פון איר. איך האָב געטראַכט, אַז זי האָט מיך שטאַרק צוגעבונדן צו דער ערד, צו דער נאַטור, איך וואָלט זיך וועלן איינגאַנצן באַפרייען פון מיין נעכטן, פאַרגעסן די שטאָט, די ביכער, איך וואָלט זיך אַליין וועלן פאַרגעסן און וואַ־טן דעם קומענ־דיקן פרי־פרילינג, אַרויספאָרן מיטן אַקער־אייזן אין פעלד אַריין, אַרויס־פאָרן מיטן אַקער־אייזן.

וואָס טוט זיך דאָ אין שטעטל? אין דער צייט שלאָפן דאָך שוין אַלע. אין איצטער... אומעטום גרופּקעלעך מענטשן, שוואַרצע סילועטן אין לאַנגע קאַפּטנס, ווייבער פויערים, קליינע קינדער שטעלן אָן די אויערן און האָרכן זיך צו... וואָס איז געשען?

אַ מאָביליזאַציע...

מען ווייזט אָן אויף דער וואַנט... אַ פּלאַקאַט, אַלע מענער ביז דעם און דעם יאָר, אַלע דאַרפן זיך שטעלן — איך אויך... איך כאַפּ זיך אויף, ווי פון אַ לאַנגן שלאָף, איך האָב פאַרשלאָפן די גאַנצע וועלט מיר ליזא ספּטיק. די וועלט האָט מיך נישט אינטערעסירט, נאָר איצ

אינטערעסירט זיך די וועלט מיט מיר: איך באַדאַרף זיך דאָס שטעלן צו פאַרטיידיקן רוסלאַנד, נעמען אַ ביקס אין דער האַנט... איך? און וואָס וועט דאָ זיין מיטן זומער, מיט אַנטאָשען?

איך פלאָנטער זיך אין די גרופּעס; עפּעס שרעקט אין עפּעס ניי־נערט. מענטשן זענען ערנסט געוואָרן... אַ מלחמה, און אין דער זעלבער צייט גלייבן זיי נישט אין דעם, מען פּאָליטיקירט אויפן קאַזמיערזשער מאַרק, מען וויצלט זיך אין דער שוואַרצער נאַכט אַריין. איטשע בעל עגלה רופט זיך אָן:

— הע! מען סטראַשעט די וואַנצן, מאָרגן וועט זיך ניקאָלאַי אי־בערבעטן מיטן דייטשן קייזער, עס וועט גאָרנישט זיין.

מען איז שפּעט געגאַנגען שלאָפן, מען איז פרי אויפגעשטאַנען. ניקאָלאַי מיטן דייטשן קייזער האָבן זיך נישט איבערגעבעטן. פון אַלע שטעטלעך, פון אַלע דערפער זענען פורן געפאָרן מיט מענער, מען איז געפאָרן זיך „שטעלן". ווייבער האָבן געוויינט, מאַמעס האָבן געוויינט און קליינע קינדער האָבן געגלאָצט מיט די נייגיריקע אויגלעך, זיך צו אַלץ צוגעהערט.

איך בין געבליבן דער לעצטער אין שטעטל, נישט געוואָלט זיך שמידן, געוואַרט עפּעס אויף אַ נס... און יעדע פאַר שעה געלאָפן קיין באָכאָטניצע. איצט האָט דער אַנטאָשעס טאַטע ווייניקער אַכטונג געגעבן אויף איר, ער איז געווען פאַרנומען מיט דער מאָביליזאַציע.

זי איז געווען רויק, געהאַלטן זיך מונטער און יעדעס מאָל צוגע־געבן.

וועסט קומען צוריק צו מיר, וועסט קומען, איך גלייב דיר.

אין שטעטל האָט געררודערט. רוסישע זעלנער זענען אָנגעקומען. מען האָט דערציילט, אַז די עסטרייכער זענען שוין ביי זאַוויכאָסט. איך האָב שוין געמוזט אַוועק פון דאַנענט. זי איז גרוים ווייס אויפן שאָסיי מיך באַגלייטן און זיך געזעגענען. די פור איז לאַנגזאַם געפאָרן און מיר זענען נאָכגעגאַנגען.

וועסט קומען צוריק, קאָכאַני!

און שלום דער בעל עגלה שרייט:

— מירן פארשפעטיקן דעם צוג

איז אירע גרויע אויגן איז אַנגעלאָפן אַ טרער. א סוס, א וואָרט

בליק און נאָך אַ בליק. אַ פינגער האָט זי אַרייגענומען אין מויל ון דאַכט זיך, אַז זי האָט אים איינגעביסן.

די פויר רירט זיך. איך קוק איר נאָך, זי שטייט, ווי פאַרגליווערט ון רירט זיך נישט פון אָרט.

שלום דער בעל עגלה שטראָכט:

— מיט אַ שיקסע גאָר, אָי וועט מען קאַסטעווען אין גיהנום. אַ ידענע אַ פארשוין אויף דער פור רופט זיך אָן:

— זיי האָבן שוין דעם גיהנום אויף דער ערד די יינגעלייט... יר הייסט דען, וואָס דאָס איז אַזוינס מלחמה...

איך האָב אפילו געוואָלט פרעגן ביי דער יידענע, צי זי הייסט זאָס דאָס איז אזוינס מלחמה, נאָר אַנטאָשעס גרויע אויגן האָבן גע- שוועבט פאַר מיר און אַ בענקשאַפט האָט געשטיקט.

אין א צייט שפעטער בין איך געשטאַנען ביים קאָפּטינאַרמוס אין ועלנערישן מאַגאַזין. דער אונטעראָפיציר האָט מיר אַרויסגעגעבן אַ שי- נעל, א גרויס היטל און אַ פאָר שווערע זעלנערישע שטיוול. ווען איך האָב אויסגעטון מיינע ציווילע קליידער און אויסגעליידיקט מיינע קע- שענעס, האָב איך דעמאָלט געפונען אַ בינטעלע האָר, אַנטאָשעס האָר, וואָס דער טאַטע האָט אויסגעצופט פון איר קאָפּ, צוליב מיר... ווי אַ טויטער גאָלדענער זשוק האָט עס אויסגעזען... דער זומער האָט אַ שוועב נעטון פאַר די אויגן, דער באָכאַטניצער וואַלד, דער שייער, אוגזוערע נעכט, ווי טריי זי פלעגט מיך קוקן אין די אויגן, זי האָט מיך ליב גע- האַט... זי איינע.

און עס קאָן זיין, אַז אין דערזעלבער צייט האָט אַנטאָשאַ אַראָפּ- גענומען פון האַלז דעם זילבערנעם צלמל און געטראַכט פון מיר...

# I

דאָס געסל האָט נישט געהאַט קיין דורכגאַנג, און ס'האָט זיך האַלבקיילעכדיק און שווער־מאַסיוו געוועלבט, ווי אַן אַלטער, שטיינערנער קעלער. די נידריקע, פאַרצייטיקע שטיין־הייזלעך האָבן זיך ווי שוואַלבן־נעסטן געקלעבט איינס־אינס־אַנדערע, קרומע, מיט אַרויסגעשטעלטע טורעמלעך, האָרבאַטע דעכער און איינגעפאַלענע געזימסן, ווי איינגעפּלעטשטע נעזער, אויף די פענצטער, אַרויפגעזעצטע אויף די מויערן ווי ברילן, זענען געשטאַנען בלומען־טעפּ מיט האָריקע רויטע בלימלעך, וואָס האָבן שיטער געשפּראָצט אויף קרומע, אַלטע שטעכיקע קאָרינעס: אין איינעם פון די פענצטער האָט מען געקאָנט זען נעבן די בלומען אַן איינגעקנוילטע, געלע, אויסגעקראָכענע קאַץ, דרימלענדיק מיט פאַרקלעפּטע אויגן אין מידער, געלבלעכער האַרבסט־זון, און נעבן איר דעם גראָען קאָפּ האָר פון אַן אַלט, גאָל־צעקנייטשט פּריצה'לע, וואָס האָט געגלאַנצט ווי זילבער. ביי די ווענט פון אַ פאַרטונקלטער, זשאַוועריק־שוואַרצער אייזן־געביידע, באַוואַקסן מיט גראָזיקע שטעכערס, וווהין ס'זענען תמיד פאַרפאָרן צובראָכענע טראַמווייעס, אָפּגעריבענע, אויסגעדינטע, זענען געשטאַנען אַ צוויי־דריי בענק, צופּרעסענע, צעהויקערטע פון אַלטקייט, איינגעזינקען מיט די פיס אין דער ערד ביז די לענען. ס'האָט געשמעקט מיט דומפּיקן גערוך פון מענטשן־קנאָכן און שאַרבנס, וואָס מ'גראָבט אויס פון דער ערד און מען האָט געזען דאָ תמיד זיצן אָנגעבויגענע אויף שטעקנס, קליינע, געל־וואַקסענע, אַלטיטשקע, פון נאָענטן מושב זקנים. מיט ליידיקע, צעקנייטשטע הויזן, מיט די צינגער צווישן די געל־פאַררייכערטע, דינע ליפּן, וואָס זענען געווען פאַרזונקען צווישן נאָז און פאַרשפּיצטער שטעכיקער מאָרדעלע און מיט דריי זילבעריקע־הערלעך, ווי ציטערנדיקע נאָדלען אויף די גלאַטע, געלע קעפּ, ווי נעגלייזטע טעפּ, האָבן זיי געשלייכט אַהער, געפּאַפּקעט פון שוואַרץ־אויסגעברענטע, ליידיקע לולקעס. אין מיטן דרינען, אין זוניקער באַפויכטנקייט פון שטיינעריקער גאַס בלאָלעך פון הימל, האָט זיך אַן אָנגעבויגענער זקן אַנידערגעשטעלט און קרומלעך משתין געווען, ציטערנדיק מיטן גאַנצן גוף ווי אַ הושענא אין ווינט און מאַכנדיק כסדר מיטן קאָפּ: ניין, ניין, ניין.

מען האָט געזען דאָ ביים סוף פון פאַרשפּאַרטן־שטיין־געסל אַ צונויפגעקודלטע קופּע שאָטנדיקע ביימער, עפּעס אַנדערע ווי געוויינטלעך, אָנגעבויגענע ביז צו דער ערד, מיט אַרויסקריכנדיקע וואָרצלען און נעעפּנטע קאָרעס, און אויף די דאַרע צווייגן, נאַקעטע, אָן בלעטער, זענען געוואַקסן טפּעס זעלטענע געוויקסן, געלע ווי נאָכהענגענדיקע צעפּ, רויטע ווי גאָלדענע בעכער׳ס. און שוואַרצע, גרויסע ווי וואָראַנעס. אַ קליין אויסגעדינט בית־עלמינדל האָט זיך צווישן זיי באַהאַלטען און נעבן דעם דאָס טהרה־שטיבל.

וואָרצלען, ווי שוואַרצע און דאַר־געקרימטע שלאַנגען־לייבער האָבן זיך געשטרעקט, געבויגן און געקלעטערט, פאַרשפּינענדיק מיט גרין־זילבעריקער נעץ פון זייערע ברייטע און געשפּיצטע בלעטער, ווי גרינע פליגל איבער די קאַלטע און שוואַרץ־בלינדע שטיין־װענד פון דעם קליינעם, איןביימער־גרינס באַהאַלטענעם הייזל. דער שוואַרצער, צעבראָכענער דאַך, וואָס ס׳זענען אויף אים געלעגן שטיינער, שטיקלעך גלאָז, טשערפּיס, איז געווען ברוגז־קיילעכדיק און פאַרשפּיצט ווי אַ יאַרמולקע און ער האָט נישט געהאַט קיין קוימען, נאָר פון סאַמע שפּיץ האָט אַרויסגעשטעקט אַן אַלטער, מיט מאָך־באַוואַקסענער פלאָקן, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ הילצערנער קויל. ווייכגעפעדערטע פייגל־נעסטן האָבן זיך באַהאַלטן אין די שטיין־שפּאַרעס פון די אַראַלטע װענד, האַלב־איינגעזינקענע אין דער ערד.

אַן איינציקן פענצטע־ל, אַ האַלב־קיילעכדיקס ווי אַן אויג, מיט קרומע, פאַרזשאַווערטע שטראַלן־שטעבלעך, ווי ביי אַ מקום קדוש, האָט געקוקט מיט אַן איינציק ווייס־געפאַרבט, פאַרשטויבט שייבל, וואָס ס׳האָט געהאַט אין זיך עפּעס בלייך־לבנה־נאַכטיקס, אימהדיקס און קאַלטס, געקוקט פאַרגליווערט מיט ווייסער בלינדקייט, ווי אַן אויג מיט אַ בעלמע, אין זוניקער שנעלקייט צווישן גערויטלטע, פאַרפלאָנטערטע קוסטעס, צייטיק וויאַנענדיק בלעטער־וואַרג מיט באַהאַלטענע שאַרף־געשפּיצטע דערנער. אַ שווערער, אַלטער בוים מיט שוואַרץ־צוריסענעם שטאַם האָט מיט לאַנגע, דיקע און צעקרימטע צווייגן־הענד אַרומגענומען דאָס הייזל, געבייגט זיך איבער דעם, און אַן איינציקן, בלעטער־באַגרינטן צווייג אַרויפגעלעגט אויפן יאַרמולקע־דעכל מיט שווערן בייזן שאָטן. ביי דער זייט, נעבן דער אונטערשטער וואַנט, האָט זיך אַרויסגעהויבן אַן אַלט־שטיינערנער צופגעלו־

פעטער פאַרקאַן, פון אויבן אַרומגעצוימט מיט רויט-פאַ־זשאַווערטע, שטע־כיקע דראָטן. פון צווישן די שטיינער האָבן אַרויסגעשפּראָצט האָריקע גרעזער און דערנער, און אונטערן פאַרקאַן, פאַרזונקען צווישן אומקרויט און קוסטעס, האָבן זיך ווילד־געפלאָנטערט פאַרביק־לייכטנדיקע בלומען, באַגילדעטע פון זון־גלאַנץ און פייכטע פון ערד־מאַך. א טייל פון די האַרב־שמעקנדיקע בלומען זענען געווען גליענדיק־רויט און אויסגעהוילט מיט צונגען אין דער מיט, ווי גאָלדענע גלאָקן, אַנדערע, נידריקע ביי דער ערד, מיט געלע און בלאָע סאַמעטענע בלעטלעך, האָבן אויסגעזען ווי גרויסע פליגן מיט הערנער, וואָס ציטערן מיט די פליגל. ווילדע, פעך־שוואַרצע קנוילן, צעבליטע אויף רויטע דערנער, האָבן שוין אָפּגע־וואָרפן זייערע בלעטער און האָבן אַנטבלויזט האַלבע, האָריקע גופים, ווי אָפּגעפליקטע פייגל, ווידער אַנדערע, ווייסע, מיט שטייענדיקע שטעכערס ווי ביי אַ יעזש, און גרויסע ווי קעפּ האָבן פון שווערקייט געבויגט זיי־ערע העלזער, פולע און קילע, ביז צו דער ערד. שלענגלדיקע, גרינע, גאָלדיק־בלאָלעכע פליגל, האָריקע ווערים אין גראָב־ביכיקע, שוואַרצע שפּינען מיט דין־פאַרקרומטע פיס, זענען פאַוואָליע געקראָכן איבער די האָריקע בלעטער, טראָגנדיק זייערע געל־געפּינטלטע, רויט־קרעלענע בערג־לעך אויפן רוקן. קיילעכדיקע אויגן פון גרינע, שלאַנגלדיקע שרצים האָבן רויט־געפינקלט, ווי בלוט־טראָפּנס צווישן דער ווילדקייט פון די פאַר־פלאָנטערטע, גרעזער, וואָס האָבן אין זיך פאַרשלינגען די שטיל־פלאַמיקע קאָלירן פון די בלומען און זיי ווידער אויסגעאָטעמט מיט געדיכטער אָנגעוואָרפנקייט פון ציטערנדיקער פאַרב, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס אַלץ איז עפּעס אַן איינציק־לעבעדיקע חיה, א ווייכע און שווערע, ווי א טשערעפּאַכע, וואָס קריכט מיט גרין־גאָלדיקער און רויט געלער געפלעקטקייט. הייבט זיך אויף איין אָרט, און אַ שוואַרץ־ווייס געביילטן עיגל פון לעבעדיקן שאָטן־שפּיל, וואַקסט אָנגעבלאָזן אין דער הייך און פאַלט איין צופלעכטעט אין זיך, ווי ס'וואָלט איר שווער געווען צו אָטע־מען די קופּער־מאַטע זון־לופט, וואָס איז אַביסל טריב געשאָטנט אינטער אַ גריגלעכן הימל, פאַרטונקלט מיט אַ ציטערנדיקן און קרומלעכן שלייער ווי ביי אַ ליקוי־חמה. פון יענער זייט שטיין־פאַרקאַן איז שטום געשלאָפן דאָס אַלט־אויסגעדינטע בית־עולם מיט די געדיכט־אָנגעשטעלטע שטיין־מצבות, קרומע, איינגעזונקענע און האַלב־ליגנדיקע, פאַרשוואַרצטע מיט

אָפּגעריבענע אותיות, פאַרפלאָנטערטע צווישן ביימער און קוסטעס, עפעס ווי איבערבלייבענישן פון אַן אַנגעבויגענער און פאַרשטיינערטער עדה מענטשן, מיט האַלב־פיילעכדיק, אויסגעהאַקטע, מאָך־באַוואַקסענע קעפּ און צעפרעסענע אויגן־לעכער.

דאָס דאָזיקע בית־עלמינדל מיטן שטיינערנעם טהרה־שטיבל איז זיך אַזוי אומגעריכט געלעגן אין מיטן שטאָט, ווי אַ גרינער אינזל פון דער־הייטנס אַרומיק: שטעלט מיט נייע הויכע און גראָע שטאָט־הייזער, ווי מיט גרויסע קאַסטנס. און דער דאָזיקער פאַרגעסענער גרינער אינזל פון טויט, האָט מיט זיין שטומער און פאַרטרויערטער אַלטקייט צוגעצויגן דאָס מידע נפש, וואָס איז בטל געוואָרן אינעם געיעג פון די טעג, צוגע־וואָגט אָפּרו און פרייד אינעם אייביקן שלאָף פונעם שטויב, דאָרט אין דער קילער טיפעניש פון זיין איינגעווייד.

בעת אָבער דאָס פאַרצייטיקע בית־עלמינדל האָט צוליב אַלטקייט שוין נישט מער געזעטיקט זיין שוים מיטן שטויב פון די לעבעדיקע, האָט דאָס טהרה־שטיבל נאָך אַלץ געדינט פאַר דער לעצטער סטאַציע פון די מתים, וואָס מען האָט זיי דאָ, נאָכדעם ווי מען האָט זיי געטון זייער רעכט, אָפּגעפירט מיטן שוואַרצן וואָגן אַהין אויפן גרויסן בית־החיים, אונטער דער שטאָט.

און דאָ, צווישן די נאַקעטע, פיר שוואַרצע שטיין־ווענט פונעם טהרה־שטיבל, ווו ס'האָט זיך אַשיק גראָ געזיפּט קאַרגע טאָג־שיין פונעם היימישן־פאַרשטויבטן שייבל, האָט זיך געטראָגן דינער, פוילבלעך־זיסלעכער צעטעג, פאַרגליווערט פון ערדיש־פייכטער גרוב־קילקייט, האָבן זיך ביי רגל־דיק אָפּגעהויבן די נאַקעטע מתים מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און גע־עפנטע מיילער, ליגנדיק צעשטרעקט אויף די אַרויסוואַקסנדיקע מעופּע שטיין־בענק, גלייך זיי וואָלטן אַזוי רויק און פרידלעך געשלאָפן נאָך אַ געשמאַקן מרחץ. די נעז, שמאָלע, שאַרף פאַרשפּיצטע ווי מעסער־קלינגען און מיט פאַרקלעפּטע לעכלעך, זענען געווען אָנגעשטעלט מיט פאַרגלי־ווערניש צו דער סטעליע, די מויל־ווינקלען צעקרומט און האַלב־געעפנט אין אָנשטרענגעניש, ווי ס'האָט אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געוואָלט ניסן און קענען נישט. די מאַנסבילן זענען געווען שמאָל און לאַנג אויסגע־צויגן, ווי ברעטער, די קנעכערנע פויסטן פאַרשטיפט, אין קראַמף ווי פאַרמאַכטע צוואַנגען, בעת ביי די ווייבער, וואָס זענען געלעגן באַזונדער,

אָפּגעטיילט אונטער א וואַנד, אַ שוואַרצע און שטיינערן-פּייכטע, שווער אַרויסשטעקנדיק ווי פון אַ פינצטערן אָפּגרונט, זענען די צעלאָזטע און געשפּייטע האָר ווי אַ קופּע פאַרפּלאָנטערטע שטריקלעך, געווען צוגע-קלעבט צו די ליימיקע פּנימער און די בייכער זענען געווען הויך-אָנגע-טראָלן און קיילעכדיק געשפּאַנט, די פיס מערקווירדיק-קורץ, אַרויסשטעקנ-דיק ווי צוויי דישילס ביי אַ וואַסער-פאַס. ביי אַ טייל בר־מנס, וואָס האָבן זיך אַ מעשה אָנגעטון, זענען געווען די קעפּ איינגעפּלאַטשט ווי דנאָען פון אַלטע טעפּ. שוואַרצלעכע לעכער האָבן געגענעצט פון צעבראָכענע ש. רנס און אויף איינגעשרומפּענע, געל-וואַקסערנע העלזער האָט זיך געצייכנט אַ בלאָער ראָד, דער סימן פונם שטריק.

ביי די אומגעקומענע פון מערדער-האַנט זענען די העלזער געווען גלאַטיק דורכגעשניטן מיט געשאַרפטע מעסערס און האָבן נאָכגעהאָנגען מיט אַרויסקריכנדיקע צוויי העלפטן גאָרגלען, ווי ביי געשאָכטענע עופות. אַ שוואַרץ-פאַרבלוטיקטער קויש, געפלאָכטן פון ריטלעך, איז געווען אָנ־געפילט מיט די צעהאַקטע שטיקלעך פלייש פון אַ דערמאָרדעטן און אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק, זיי זאָלן נישט אַרויספאַלן. אַלטע לייט, וואָס זענען געשטאָרבן געזעטיקטע מיט יאָרן, זענען געווען ווייניק, איי־נער-צוויי, מיט זילבריק-ווייסע האָר-פינטלעך און פאַרשרומפּן-וואַקסענע פּנימער. זיי צופיסנס, אויף אַ שטיין-באַנק, אלע אינאיינעם, זענען געלעגן די בר־מנס פון די קינדער, פאַרקלענערטע, גרין-אַנגעבלאָזענע, מיט בראַנדיקע שוואַרץ-ווייסע, קעזיג-ווייכע פלעקן, ווי זייערע צעפרעסענע לונגען. ביי געווזענע זעלנער האָבן אַרויסגעשטעקט האַלבע, אונטערגע-האַקטע פיס ווי אָפּגעזעגטע צווייגן. ביי די אויסגעגאַנגענע פון הונגער, וואָס די קאַנאַלן האָבן זיי אויסגעשפּיגן, איז די הויט געווען האַרט-גע-שפּאַנט איבער די פאַרשפּיצטע קנאָכן, ווי שוואַרץ בלעך איבער סענקעס און די נעגל שאַרף און לאַנג ווי סאָסעס. די אָנגעדראָלענע גידים זענען געווען איינגעבעט מיט ווייך-געלע שמאַלץ-קישנס, ווי מיט ליימיקע נערגלעך, וואָס האָבן זיך בלאָלעך געררייכערט. פאַרקילטער בלוט-שוים, די רויטער שניי, האָט באַפאַרבט די בלייכע, דין-געצויגענע מויל-ווינקלען פון די משוגעים, מיט אויפגעריסענע, גרינע אויגן און צוגעקלעבטע האָר. פינטלעך אויף די שוואַרצע פּנימער. פון דער שטיינערנער סטעליע, וואָס איז געווען טונקל-געפלעקט ווי מיט צוקרומטע און משונהדיקע פּרצופים

פון פייכטן, שטיינערנעם באָדן, מיט צעריסענע לעכער, פון די האַלב-געעפנטע מתים מיילער, האָט טויב געאָטעמט די שלאָפנדיקע שטום-שווייגעניש פונם טויט, און אין דעם חלומדיקן גליווער פון תהום, וואָס האָט נישט קיין אָנהייב און קיין סוף, האָט מען פלוצים געהערט אַ קנאַקנדיק רייבן, אַ קייען פון ציין. פון דער האַלב-טונקלקייט האָבן זיך אַרויסגעהויבן צוויי מענטשישע געשטאַלטן פון לעבעדיקע, אַ גרויסער מיט אַ קליינעם, וואָס זענען געזעסן אויף לענגלעכן, אָנגעפילטן און צוגענאָגלטן ארון. זיי זענען געזעסן אין די בלויזע העמד-אַרבל, מיט קאַשקעטן אויף די קעפּ, און האָבן געגעסן אָנבייסן, שניידנדיק בנעימותדיק, מיט שאַרפע מעסערלעך, שטיקלעך קאַלבאַס אויף אַן אויסגעשפרייט פּאַפּירל, וואָס איז געלעגן אויף אַ קני.

— הערן זיי — האָט געזאָגט דער קליינער צום גרויסן — לייען זי מיר אַביסל זאַלץ. מיין ווייב פאַרגעסט מיר תמיד מיטצוגעבן אַביסל זאַלץ. איך זאָג אינען: דאָס ערגסטע איז, אז מען האָט אַ קאַרג ווייב. איך האָב דען געוואָלט חתונה האָבן? ניין! איך האָב נישט געוואָלט, ווי מען וויל נישט שטאַרבן. אָבער זי האָט מיך געשלעפּט. וויסן זיי, וואָס זי האָט געזאָגט? זי איז מעוברת!

— נו, איז זי דאָך טאַקע גערעכט געווען — האָט דער גרויסער געענטפערט.

— חלילה! ס׳איז געווען אַ ליגן, ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם! זי האָט מיך אָפּגענאַרט, פּשוט פאַרפירט.

— כי, כי, כאָ—כאָ—כאָ. אַ שיין שפּיצל אָפּגעטון איך, הער בלימל. כאָ—כאָ—כאָ כי—י — האָט דער גרויסער געלאַכט מיט זיין איבערשרעקנדיקן, האַלב-משוגענעם געלעכטער, וואָס האָט געקלונגען פון דער טיפער ברוסט אַרויס, ווי פון אַ פאַס, און ער האָט דערביי פעסט פאַרקוועטשטביידע אויגן, וואָס זענען געווען פאַרזונקען אין טיפע לעכער, אונטער אַריבערהענגענדיקע, געדיכט-באַוואַקסענע ברעמען-קנאָכן ווי שאָטנדיקע היילן אונטער מאָכיקע באַרג-שטיינער.

דער קליינער האָט ברוגז אַ רייב געטון מיט דער פויסט זיין רויטן קרום-פאַרוואַקסענעם האַלבן אויער, וואָס איז געווען ווי אַ צוגענייט שטיקל פרעמד פלייש, ענלעך צום נאָז-לעפל פון אַן אינדיק, און אָפּ-

— אַך, יאָ, יאָ, אַזוי זענען די װײַבער, אַלע.

ווי אַלע כּלי קודש האָט ער געהאַט אַ שטעכיק־באַוואַקסענע פּון טאַבאַק פאַרגעלטע און געפּלעקטע מאָרדע, אַ געלן, אויסגעקראָכענעם פליך, אַ קרומע, דאַרע, לאַנג־פאַרבויגענע נאָז, ווי אַ שופר, ברייטע און גראָבע ליפּן אונטער אַן אונטערגעהויבענער און געל־אויסגעקראָכענער וואָנצע, אַנטבלויזנדיק שוואַרצע ציין־פּיענקעס, ווי פאַרזשאַווערטע טשוועקעס, און די צו־ברייטע, פעטיקע און אויסגעטרעפּקעטע הויזן האָבן זיך כּסדר געררוקט און זענען קוים ביי דעם דיך געווען אונטערגעבונדן מיט אַ שטריקל. אָפּגעגעסן אָנבייסן, האָבן זיך די מתעסקים ווידער גענומען צו דער אַרבעט און הער בלימעל האָט געזאָגט:

— נו, נניכם געשפּילט זיך. נעמען זיי אָט דעם מת און לייגן זיי אים צו דער טיר, נעמען זיי אים ביי די פּיס, אַזוי. הערן זיי, ברויכן זיי פּילייכט אַ בילעט אין טעאַטער? איך קאָן אינען ביליק פאַרקויפן. איך בין אַ מאָל געווען אַ זינגער אין טעאַטער.

— ניין — האָט זיידענצייג געזאָגט, און ער האָט ווידער צוגעמאַכט ביידע אויגן. יענער האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ פאַרדראָסיק אייגל

— לאַנגזאַם, זי, הער זיידענצייג, זי ווערדן אים נאָך צעברעכן דעם קאָפּ. זי זענען נאָך נישט געוווינט צו דער אַרבעט. זיי מוסען זיך קויפען טאַבאַקע צום שמעקן, וועלען זיי נישט שפּירען דעם ריח פון די מתים. אָבער זי וועלען זיך שוין צוגעוויינען. ביי וואָס האָבען זיי פריער געאַרבייט?

— אין אַ האָלץ־וואַרשטאַט... קלעצער...

— אַזוי... איך האָב געגלייבט, זי זענען געווען אַ טעמפּל־זינגער, האָט ער געזאָגט און בטולדיק פאַרקרומט די שופר־נאָז. פּלוצים האָט ער גענומען ווינקען מיט אַ געבויגענעם, האָריקן פינגער, געלאָקט יענעם סודותדיק מיט אַ פינטלדיק אויג און צעקרימט שמייכעלע, אַהין אונטער דער וואַנד צו די ווייבער:

קומען זי אַהער... זי... מיין ווייב איז געגאַנגען איינקויפן אין מאַרק אַריין... וועלן מיר זיך פאָרען מיט די ווייבער... כע, כע, כע, קומען זי... קיינער וועט נישט וויסן... זיידנצייגן האָט אָנגעכאַפּט אַ טינקעלע ציטערנדיקע נייגעריקייט. ער האָט געפאָלגט אָן ווילן ווי אין חלום. יענער האָט אונטערגעהויבן אַ ווייבעריש מת און געזאָגט:

— אָט די דאַרף מען אַרייַנפּאַקן אין ארון, אָבער נאָר פּאַוואָליע, לאַנגזאַם, עס זאָל איר נישט פּלאַצן דער בויך. זעען זיי ווי אָנגעשוואָלן? דאָס איז אַ מיידל, אַ דערטראָנקענע, זי איז געלעגן אַ לאַנגע צייט אונטערן וואַסער, דאַנאָך איז זי אָנגעדראָלן און אַרויסגעשווומען פון אויבן, האָט מען זי אַרויסגעשלעפּט. זי האָט נאָך אַ פול מויל מיט זאַמד. גיבן זי נאָר אַהער דעם בעזים.

— נאָך גאָר אַ יינגע... — האָט זיידנצייג געזאָגט, קוקנדיק מיט צומישטע אויגן און פינצטער־צוקנייטשטן שטערן אויפן בר מנגס פּנים, וואָס איז געווען בלאָ און ווייך־צופּרעסן מיט לעכער, ווי אַ שוואָם.

— אַ, זיי זעען אַ חמור, זי! אויפן פּנים ווילן זיי דערקענען צי ס'איז אַ יינגע, צי אַן אַלטע? אָט דאָ דערקענט מען, כע, כע, כע...

ער האָט איבערגעקערט דעם מת מיטן פּנים אַראָפּ, ווי מען קערט איבער אַ ברעט, און ער האָט אַ פּאַטש געטאָן אין בלאָען, קאַלטן אונטער־חלק, בעת זיין אויסגעקראָכענע וואָנצע האָט ציטערנדיק און גרויליק אונטערגעשמייכלט.

משה זיידנצייג האָט אויך עפּעס קרומלעך געשמייכלט מיט צודרייסענע לעפּצן. אין זיין נשמה האָט פאַרגליווערט געהערשט די פינסטערניש פון דער שרעק, און טויב ווי דורך גאָרגלענדיקן וואַסער האָט זיין אויער פאַרנומען יענעמס הייזעריקע רייד:

— וואָס פאַרקרימען זי די נאָז? ס'פּילט זיך? וואָס דען ווילן זי, ס'זאָל שמעקן! מען געוווינט זיך שוין צו, אַלץ איז נאָר געוווינהייט, כע, כע, כע. זאָגן זיי מיר, איך בעטע, וואָס איז פאַר אַ חילוק צי זיי זעען אַ קצב אין אַ יאַטקע, ווו עס הענגען טויטע בהמות, אָדער אַ טויטן־וועכטער דאָ אין טהרה־שטיבל, ווו זיי אַרבעטן ביי די מתים? טויט איז טויט. ווי זאָגט מען אַ שפּריך־ווערטל: פּאַטש אַ מת אין ת... יאָ, יאָ.

און זיידנצייג האָט ווידער געהערט ווי יענער האָט ערגעץ אַ פליאַסקע געטון. מיטן גאַנצן טונקלען שרעק פאַר מתים, וואָס האָט געגליווערט אין זיין נשמה פון קינדווייז־אָן, האָט ער אַצינד געטראָגן די בר מנגס, וואָס האָבן זיך אָנגעטאַפּט האַרטלעך־קאַלט און פייכט ווי עפּעס אַ שימליקע וואַנד. ער האָט געשלעפּט פאַרשטייפטע פיס, צושטרעקט זיי אויפן שטיינערנעם טיש, געוואַשן זיי מיטן שטרויענעם האַרטן בע-

זימל, אָנגעקליידט אין תכריכים און איינגעפּאַקט אין די ארוגות. משה זיידנצייג האָט ברוגזלעך און פינצטער געשוויגן מיט זיינע אַריבערהענ־געגנדיקע, געדעכט־באַוואַקסענע, פאַרשטיינערטע ברעמען-קנאָכן. ער האָט געפילט, אַז דער אַנדערער דאָרט אין גראָען גליוּוער פון האַלב־טונקלען ווינקל פּאָרעט זיך ביי די ווייבערישע בר מנכס, פּאַטשט אונטער און טוט עפּעס זייער שרעקלעכס און גרויליקס. שווערער געשריי האָט זיך געריסן פון זיין האַרץ און איז שטום־דערוואָרגן געוואָרן אין האַלז. מען האָט געהערט דעם אַנדערנס רייד:

— אָט דאָס איז אַ נקבה. זעען זיי די מויד! איך האָב זי גע־קאָנט, אַ רעכטע סחורה געווען. וויסן זיי, זאָ איינע... מען האָט זי היינט געבראַכט פון שפּיטאָל. פע! אינגאַנצן פאַרפוילט, נעמען זיי און וואַשן זיי זי, איך קאָן זי נישט אָנקוקן.

איינגעדריקטע מכות מיט אָפענע מיילער האָבן זיך גערייטלט אויפן פאַרשטאַרטן, בלאָען לייב, מיט פעטע, רויטלעכע הייטלעך, גלאַנ־ציקע ווי גלעזערנע בעכערס. דאָס פּנים צווישן די צעלאָזענע און פאַר־קלעבטע האָר האָט נישט געהאַט קיין שום פאָרם. ס'איז געווען שוואַרצ־לעך־געבערגלט און געגריבלט, איבערגעצויגן מיט אַ טיפן, שוואַרץ־בלאָלעכן גלאַנץ, און ס'האָט דערמאָנט אַ קאַראַקולן היטל.

ידנצייג האָט אַ טיפן קרעכץ געטון פון באַדרענגעניש

— אָ, גאָט!

ער האָט געפילט, אַז דער שטערן שוויצט אים מיט קאַלטן אַנגסט־שווייס. עפּעס האָט זיך אים אַ מאָל גענומען אויסדוכטן, אַז ער אַליין איז שווער קרענק, אַ שטעכעניש, אַ דינס און באַהאַלטנס, בויערט אים אין דער ברוסט, ס'דריקט אים עפּעס אין בויך. דער מתעסק האָט אים בסדר געלאָדן די מתים אויפן אַקסל און זיידנצייג האָט זיי געטראָגן ערלעך און בשלימות מיטן אונטערגעשטעלטן עלנבויגן, ווי די קלעצער, וואָס ער פלעגט טראָגן דאָרט, אין קעלער-וואַרשטאַט בעת ער האָט נאָך געאַרבעט. אָבער די פאַרשטייפטע און קאַלטע משא פון די מתים האָט עפּעס נישט געהאַט קיין געוויכט, קיין ממשות. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי איז ליידיק, אויסגעהוילט. דער שכל האָט נישט משיג געווען, פאַרוואָס זי דריקט אַזוי, און די נשמה האָט זיך געבויגן אונטער איר גרויליקער

טויטער לאסט

— הער בלימעל, אפשר האָבן זיי אַ שמעק טאַבאַקע, באָרגן זיי מיר, עס איז מיר עפּעס נישט גוט אין מויל.

זיידענצייגס קול איז געווען וויינענדיק און הייזעריק—אָנגעזאַפּט מיט לעצטע תחנונים.

יענער האָט אים אָנגעקוקט מיט צופרידענער פאַרווּנדערונג, ווי געוויינטלעך אַ מענטש, וואָס האָט פריער געוווּסט, וואָס ס׳וועט זיין שפּעטער:

— ע, זיי ווילן שוין טאַבאַק שמעקן? אַ שלעכטער סימן. איך האָב מורא, אַז זיי וועלן זיך דאָ, ביי אונז, נישט לאַנג האַלטן. זיי וועלן דאָ, ביי אונז, נישט אויפעסן קיין פעסל זאַלץ. אַ יאָ, ניין, האַ? כע, כע, כע, דאָס מוז מען קענען, אונזער אַרבעט, יאָ, יאָ. אָבער זי וועלן זיך שוין אויסלערנען און ער האָט אויף קאַטאָוועס אַ גוט־ברוּ־דערישן באַך געטון זיידענצייגן מיטן פויסט אין בויך.

— ס׳איז דאָ אַ סך... ס׳איז צופיל. איך קאָן נישט... האָט זיידנ-צייג שטיל געזאָגט און צוגעווינקען מיט אַן אויג, גלייך ער וואָלט יע־נעם אויסגעזאָגט אויפן אויער עפּעס אַ גרויסן סוד.

— נו, יאָ, מען שטאַרבט היינטיקע צייטן אַ סך. וואָס איז דאָס חידוש? מענטשן קענען נישט לעבן, מען לאָזט נישט לעבן, מען ממיתט זיך. דער שוואַרצער וואָגן ברענגט אַלע מאָל נייע מתים, אָט באַלד, באַלד גייען מיר אויך אַ גאַנג. איך און איר, אָט אַ־דאָ וועלן מיר ליגן, אויפן טיש, כע, כע, כע... איר זעט ווו... ער האָט נאָענט צוגע־ריקט זיין קרומלעכע, אויסגעקראָכענע וואָנצע צו זיידנצייגס מויל און דריבנע אונטערגעלאַכט מיט אַ שטילן, פּיפּסענדיקן געלעכטרל, ווי פון אַ פייפל, וואָס איז דערוואָרגן געוואָרן אין דער שטילקייט, ווינקענדיק רערביי מיט א קיילעכדיק און רויט אייגל, ווי ביי אַ האָן:

— נו, זי הער — האָט ער ווייטער געזאָגט גאַנץ שטיל און קייכנדיק — נעמען זיי אָט דעם געהאָנגענעם און טוען זיי אים זיין רעכט. דאָס איז דער לעצטער, דער לעצטער...

אַז משה זיידנצייג האָט געטראָגן דאָס מת אויפן אַקסל, איז ער אַ רגע שטיין געבליבן. ער האָט אויפגעהויבן זיין פאַרטונקעלטן בליק און געזען פאַר זיך דעם בלאָען סימן פונם שטריק אויפן געהאָנגענעם האַלז, ווי ער שוועבט אין דער לופטן ווי אַ הויל, בלאָ רייפל. דער

מת האָט געהאַט אַ קורצן, צעקנייטשטן שטערן, באַוואַקסן מיט האַרטע, געדיכטע האָר, ענלעך צו זיין אייגענעם, זיידענצייגס שטערן. אַ פולע, שאַרף־האָריקע גראָ־רויטלעכע באָרד, עפעס אַ פרעמדע ווי אַ צוגעקלעבטע, האָט אַרומגעזיימט אַ קנעכערן, ערלעך און ליידענדיק פנים, וואָס ס׳איז שטאַרק באַקאַנט געווען, גאָר נאָענט, און פּלוצים האָט זיך זיידנצייגן אויסגעדאַכט אין נעפּליקן גליווער און מיט דער טיפער געוויסהייט פונם חלום, אַז דער לאַנגער, פאַשטייפטער בר מנן, וואָס ער טראָגט אויפן אַקסל, איז זיין אייגענער טאַטע, זיין טויטער טאַטע, וואָס איז נישט לאַנג געשטאָרבן, דאָרט אין קליינעם שטעטל, אין דער היים, און איז דאָרט נקבר געוואָרן, אויפן קליינעם היימישן בית־עולם, נעבן די קברים פון די זיידעס. —: זיי אָנגעברייט, מיין זון! דו לעבסט אַצינד אויף מיין אָרט און ס׳איז דיין צייט צו שטאַרבן — האָט דער טויטער טאַטע אויפן אַקסל געריעדט פון די פאַרמאַכטע ציין, וואָס האָבן זיך ביינערדיק געווייסט אונטער די קרום־לעך־צעעפנטע ליפצן. און אין זיידנצייגס נשמה האָט שטום געיאָמערט אַ טיפע קלאָג, די קלאָג פונם חלום:

אָ׳, טאַטע, כ׳בין נאָך נישט אָנגעברייט, כ׳בין נאָך נישט אָנגעברייט.

דער טאַטע איז געזעסן אויפן טיש. דעם צודרייטן, אָרעמען קאַפּאַלאַטש אויפן קאָפּ. די ערלעכע פאַרהאָרוועטע, קנעכערנע הענט צושפּרייט, מיט רויט־געבלייכטער באָרד, וואָס זי האָט געלויכטן אין גראָפאַרמעקטער האַלב־טונקלקייט, ווי אַ קנויליקער פלאַם. ס׳האָט געשמעקט פון אים מיט פלאַקס און מיט אויבסט, און זיינע שטומע אויגן, פול ישרנות און זאָרג, האָבן זיך געברוגזט געוווּנקען און געמאָנט עפעס, וואָס איז געלעגן מיט שווערקייט אויפן האַרץ און וואָס האָט אונטערגעטריבן צו איילן זיך ערגעץ און צו טאָן עפעס. די נשמה אָבער האָט זיך געראַנגלט אין תהום פון פינצטערניש און נישט געקאָנט משיג זיין דעם תוך פון זיין שטומען פאַרלאַנג:

— קום נענטער משה... קום נענטער...

## II

און אַז די לייטונג פונם ווילן האָט גענומען אָפּגיין מיט דערוואַכטן און פאַרשטאַרקטן טרויער פון דערשלאָגנקייט, האָט זיך דער ברייט־פּלייציקער מענטש משה זיידנצייג ווידער דערזען שפּאַנען אין גאַס, ברייטלעך, פּאַוואָליע, לענג־אויס די מויער־ווענט, די שוואַרץ־פאַרהאָרוועטע הענט שווער און ליידיק־גייעריש פאַרלייגט אויף הינטן און דעם בלאָען, האַרטן אַרבעטס־ראָק מיט ליידיקע אַרבל אויפגעהאָנגען אויף די אַקסלען, וואָס זענען געווען עקיק און פאַרשפּיצט ווי פעלזן. ס׳האָט געאָטעמט פון דעם בלאָען אַרבעטס־געוואַנד, שוואַרץ־געפלעקט און האַרט ווי פאַרזשאַווערטע בלעך, מיט אָפּגעשטאַנענעם שווייס, האָלץ־שטויב און קלעצער, קלעפּיקן קלייסטער, און יענעם אומבאַשטימטן, דומפּיקן ריח פון די טונקעלע ווערקשטאַטן, וואָס רופט אַרויס רחמנות אינאיינעם מיט שרעק. זיין קאָפּ איז געווען געבויגן און פאַרזונקן אין כוואַליענדיקן גאַסן־רעש און הילכיקן געפילדער פון קלאַפּנדיקע וואָגנס, וואָס האָבן אונטערגעטאַנצט אויף די בערגלדיקע ברוק־שטיינער, פון גרילצנדיקע טראַמס, וואָס האָבן לויפנדיק געקלינגען און ברילנדיקע אויטאָמאָבילס, וואָס זייערע דעכלעך האָבן שוואַרץ געגלאַנצט, ווי פליענדיקע שפּיגלען, איבער דער טויבקייט פון די פאַרקנייטשטע פנימער פון די פאַרבייגייערס, וואָס זענען געווען גראָ און טעמפּ ווי די מויערן־ווענט; איבער דעם וואַנדלדיקן שטראָם הייבנדיקע פיס און איבער דער טעמפּקייט פון גלאָזיקע בליקן, האָט געהויערט די שווערקייט פון קיילעכדיקע דאַך־קופּאָלס, די פרעמדקייט פון צוגעמאַכטע פענצטער, וואָס האָבן אין זייער טיף אָפּגעשפּיגלט די בלייערנע פאַרוואָלקנקייט פון די הימל־פּאַסן, ווי לענגלעכע שטיקער גראָ אייז.

משה זיידענצייג האָט אַ צי געטון דעם צוקנייטשטן שטערן אונטערן צוריסענעם היטל, און זיינע אומגעלומפּערטע פיס, וואָס האָבן קלאָציק אויסגעפילט די בלאָע הויזן, האָבן זיך ווייטער געהויבן. זיינע שיך, גרויסע, געלאַטעטע, באַשלאָגענע מיט טשוועקעס האָבן טרויעריק געקלאַפּט אויפן ברוק אָן אַנדערן טראָט, אַ באַשווערטן און פרעמדן, וואָס האָט זיך גאָר נישט אריינגעפּאַסט אַהער, אין דעם אײַלנדיקן טומל פון גרויסשטאָטישן גאַסן־געלייף.

זיינע אַרויסשטעקענדיקע באַקן־קנאָכן זענען געווען באַוואַקסן מיט
...ישט־געגאָלטע האָר־שטעכערס, שאַרפע און פאַרשפּיצטע ווי דערנער
וואָס וואַקסן אויף שטיינער, און זיינע ליידנדיקע צוויי קנייטשן, וואָס
האָבן זיך געשניטן קרום אַרום דער קיילעכדיקער און פעסטער גע־
שטיפּעלטער נאָז, ביז אַראָפּ איבער די נאָכהענגענדיקע, פאַרביטערטע
מויל־ווינקלען, זענען אַצינד געווען שאַטנדיקער און שוואַרצער־פאַרטיפטע
ווי תמיד, די עקיקע פּעלזן־אַקסלען האָבן זיך געהויבן און געבויגן,
גלייך זיי וואָלטן נאָך אַלץ געטראָגן די לאַסט פון די שווערע קלעצער.
דאָרט אין וואַרשטאַט. אָבער די אומגעוווינטע גרינגקייט, די ליידיקייט.
וואָס משה זיידנצווייג האָט געפילט אַצינד, האָט אים דערשראָקן. עפּעס
פעלט אים דאָרט אויף די אַקסלען, און פּלוצים האָט זיך אים געדאַכט,
אַז אינאיינעם מיט דער לאַסט פון די קלעצער איז פון זיי אויך אַראָפּ־
גענומען געוואָרן דער פול פונם לעבן. שולדיקייט און שווערע חרטה
אויף עפּעס, וואָס ס'איז אים נישט קלאָר געווען און וואָס ס'איז פאַר־
וואַנדלט געוואָרן אין שרעק, פאַרטויבטער שרעק, האָט שווער אַ קיל
געטון אין געמיט און ער האָט דערפילט אַ טעמפּן שטויס אין די אינגע־
ווייד. פון זיך אַליין האָט זיין שוואַרץ־קנאָכיקע האַנט אַ פיר געטון
איבערן פּנים, גלייך ער וואָלט זיך געוואָלט אָפּמינטערן, אָבווישן דאָס
שרעקיקע געפיל פון דער נשמה.

און גלייך ער וואָלט דאָ געווען איינער אַליין, אַ לעבעדיקער אין
מיטן פון די מענטשן־קופּעס אין גאַס, וואָס זענען פּלוצים פאַרוואַנדלט
געוואָרן אין גייענדיקע, הילצערנע פיגורן, וואָס שטויסן מיט הילצערנע
עלנבויגנס, איז ער שטיין געבליבן אין מיטן דרינען, מיטן עקשנות פון
אַן איינגעשפּאַרט פערד און מיט דער שטאַרקייט פון אַ פעלז, וואָס
די כוואַליעס שלאָגן זיך אין אים־אָן און צעברעכן. זיין ברייט מויל
האָט זיך צעקרומט אין פאַרביטערטער בייזקייט און ס'האָט אויסגעזען
ווי אַ שוואַרצער גרוב מיט צעריסענע ברעגעס און מיט האַלב־פאַר־
קוועטשטע אויגן אין די היילן־לעכער, גלייך זיי וואָלטן אים ווי געטון
פון קוקן צופיל אין דער זון, ווי ער האָט דאָס ליב געהאַט אָפּטמאָל
צו טון, האָט זיין שאַרפער בליק זיך איצט איינגעבויערט אויף דער
געלער קיילעכדיקייט פון עפּעס אַ פליכטוואַטן, נאַקעטן קאָפּ, וואָס האָט
זיך באַוויזן אין ראַם פון אַ טיר און וואָס פון זיין שיין האָט שפּיגל־

דיק אַראָפּגעגלאַנצט די אומדערבאַרמדיקע געוויסהייט, אויסבריִנדיק
מיט גליִענדיקער דערנער־שריפט, די געוויסהייט: פּועל בטל... איך גיי
אַרום ליידיק, איך גיי אַרום ליידיק...

דאָס פּולע, פּעמפּיקעוואַטע פּנים פון דעם דאָזיקן קאָפּ איז געווען
פריש געראַזירט און פעט־צוגעגלאַנצט ווי אַ פריש־געבאַקענער פּוטער־
קוכן און ס'האָט טאַקע געשמעקט פון אים מיט דעם נודנעם, איילעצ־
דיקן ריח פון פּוטערגעבעקס. דאָס קליינע ברוינלעכע נעזל, פּליישיק־
פּול, אָן לעכלעך, מיט אַ רויטלעכן פלעק אַרום דעם, וואָס האָט אויס־
געזען ווי אַ וואָרצל פון אַ ברוסט אונטער אַ קליין, שאַרף־געשניטן,
גראָ וואָנצעלע, וואָס איז געווען ווי צוגעקלעבט אין מיט פון אַ גראָ־
בער, פאַרקאַטשעטער, יידישער ליפּ. אין פעטלעכן מויל האָט געשטעקט
אַ גראָבער, לעדערנער ציגאַר, ענג, מיט תאוהדיקער הנאה, וואָס האָט
פאַרגרעסערט דעם פליישיקן פאַלד אויפן קאַרק, אַריבערהענגענדיק אי־
בערן קאָלנער פונם רייכן ראָק. ער איז פאַרשוואונדן און אַלע מאָל זיך
ווידער באַוויזן אויפן שוועל פון זיין קיל־טונקלער צירינג־קראָם מיט
אויסגעשפּיצטן, אָנגעפולטן און אונטערגעהויבענעם בייכל אונטער די
געשטרייפטע הויזן, וואָס ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ס'איז אויף דער צייט,
באַוויזן זיך מיט די קורצע, פולבלעכע פיסלעך און אַ פינקל געטון
צווישן די קלייענדיקע און האָריקע ווורשטל־פינגער מיט עפּעס אַ פייער־
שפּריצנדיקן איידלשטיין קעגן טאָג־ליכט, מבינותדיק דאָס אונטערגע־
טראָגן צו די קליינע, ווייס־ברעמענדיקע, גיריקע חזיר־אויגן וואָס האָבן
שוין נישט געהאַט אין זיך גאָר נישט קיין מענטשלעכעס און ווידער
פאַרשוואונדן.

משה זיידענצייג האָט אַריינגעקוקט אין דער צירינג־קראָם, געז־
זען דאָרט אין דער טונקלקייט, דעם שטילן בליאַסק פון זילבערנע
און גאָלדענע כלים אין די פּאָליצעס, דאָס געפינקל פון איידל־שטיינער
אין גלעזערנע טיש־קעסטלעך. דאַנאָך האָט ער באַטראַכט דעם גלאַנץ
פון די גאָלדענע קייטן, די זילבערנע לייכטערס אין שויפענצטער, די
גאָלדענע זייגערס, וואָס האָבן געהאָנגען אויף די אויערלעך און האָבן
זיך, גייענדיק, געהוידעט אַ ביסל, די בריליאַנטן, ווי ראָסע־טראָפּנס
האָבן געשפּריצט מיט זון־שטראַלן, די רויטע איידל־שטיינער האָבן גע־
ליט ווי בלוט־טראָפּנס. די גרינע, געלע און בלאָע שטיינער אין ד.

ריגגען זענען געווען דורכזיכטיק-קלאָר און די קאָלירן האָבן געפינקלט אין ציטערנדיקן רעגנבויגן, ווי וואַסער, וואָס שפּריצט קעגן דער זון — כּל ישראל ערבים זה בזה — איז פּלוצים ויידענצייגן געקומען אויפן זינען דער פּסוק פון פּרק און ער האָט אים איבערגעחזרט דריי מאָל פאַר זיך מיט דער פאַרטראַכטער און טויבער מינע פון אַ מענטשן, וואָס רעט צו זיך אַליין. אָבער געקוקט האָבן זיינע אויגן נאָך אַלץ באַהאַלטן קרום צו דעם צירונג-קרעמער, כאָטש יענער האָט שוין מיט אַ פאַרדעכטיק, זייטיק בליקל באַמערקט דעם אָפּגעריסענעם פאַרשויך ביים פענצטער און די פאַרזאָרגעניש וועגן דעם, האָט אַרויסגעשטויסן פון אים אַ געטאָפּלט הוסטל: ההם—פּרעהע—ע—ע.

ס'איז געווען אין דעם פעטלעכן הוסטל עפּעס שלעכטס און בייזס, גלייך ער וואָלט געהאָלט מיט דעם פאַרטרייבן דעם מענטש, ווי מען פאַרטרייבט אַ צודרינגלעכן הינט: כאַשאָל, און אויך עפּעס נייגיריקס און דערשראָקנס: ווער קאָן וויסן, ווער דאָס איז איינער אַזוינער היינטיקע צייטן? עפּעס אַ שלעפּער, אַ פאַרדעכטיקער פאַרשוין פון די ראַביחיניקעס, דין סאָציאַליסטן, וואָס ווילן פאַרכאַפּן, צונעמען אַלץ און זיך איינטיילן מיט די פאַרמעגנס, ווי מען ליינט דאָס אין די צייטונגען פון דאָרט, פון רוסלאַנד.

אין ויידענצייגס נאָז האָט ער אָבער דערקענט דאָס היימישע, דאָס יידישע. די שרעק האָט זיך תּיכּף געמינערט און פאַרגליווערט געוואָרן אין ברוגזן קנייטשל אין פולבלעכן גוידער, וואָס האָט זיך גראָ געשאָטנט מיט פאַרביטערטן נישט־ליידן זיך פון ברידער, וואָס ווילן זיך נישט קענען און טרעפן זיך פּלוצים, און אינייִנעם מיט דעם האָט זיך אָנגערוקט אויפן זינען עפּעס ווייטע שחיטות און הריגות, וואָס מען האָט געליינט וועגן זיי יעדן אינדערפרי, ביי דער שמעקעוודיקער קאַווע, אין די צייטונגען. און איצט האָט שוין די נייגיריקייט אַ ווענד־געטון דאָס סוחר־אויג גלייך אין ויידנצייגס פלאַמיקן בליק, און ס'האָט אַ פינטל געטון ניך עטלעכע מאָל, ווי ס'וואָלט זיך אָפּגעבריט אין יענעמס פייער. די באַזאָרגעניש האָט ווידער אַרויסגעשטויסן דאָס געטאָפּלטע הוסטל, אָבער ס'איז שוין געווען אַ שולדיקס און ווערגענדיקבּושהדיקס, וואָס ס'האָט בלאָז געמאַכט די פעטלעכע ליפּן און דאָס קליינע גענזל, דאָס זעלביקע, וואָס ס'איז געווען רויטלעך־פליישיק, ענלעך צו

יענע ברוסט־וואָרצלען, וואָס ער, דער רייכער באַלעבאָס, האָט מיט קייכענדיקן, קורצן אָטעם, ליב געהאַט מיט אַזאַ זינדיקער הנאה צו בייסן מיט די ציין די נאַקעטע לייבער פון די פולע, שמעקענדיקע ווייבער, וואָס זענען געזעסן ביי אים יעדע אויף אַ קני, דאָרט אין די באַהאַלטענע, גאָלדיק־בליצנדיקע נאַכט־קאַפעס, באַהאָנגענע מיט שווערע, רויט־פּלושענע פאָרהאַנגען אויף טיר און פענצטער, וואָס לאָזן נישט דורך מיט זייער דיקייט די סודות פון נאַכטיקער זינד, בעת דער שוימיקער וויין האָט זיך געבלעזלט אין די דין־פיסיקע, פערלדיקע גלעזער און דינע זיסע, ציגיינערישע פידל־קוויטשלעך האָבן צוגעשפּילט, גלייך אין אויער אַריין און אונטערגעהיצט די פרייד. און אַצינד האָט זיך דעם דאָזיקן רייכן, בייכלדיקן ייד אויסגעדאַכט, אַז משה זיידענצייגס בליק זעט אין דער פאַרבאָרגעניש, דרינגט דורך ווי אַ שאַרפער שפּיז זיין נישטיק און זינדיק לעבן און צינדט מיט זיין פלאַם דאָס פייער פון גיהנום. ס׳האָט זיך געוואָלט אים עפּעס מיט דעם שלעפּער, דעם אָרימאַן איבערבעטן, אונטערקויפן, געבן אַ נדבה און פטור ווערן פון זיין צודרינגלעכן בליק. אָבער זיידענצייגס שטערן איז געווען אַזוי פינצטער צעקנייטשט און פאַרשוואַרצט מיט צאָרנדיקן וואָלקן און זיינע צעריסענע ליפּן צעקרומט, עפּעס אין נקמהדיקן אומדערבאַרמדיקן שמייכל, אַז יענעם האָט אַ פּראָסטיקער גליוועער דורכגענומען די גערערים און ער האָט א ביסל אַ הויקער געטון די פּלייצע ווי אונטערן זעץ פון אַ מעכטיקן דונער.

---

וואָס האָט משה זיידענצייג געוואָלט פון אָט דעם סוחר, וועלכן ער האָט ליב געהאַט אַלע טאָג צו קומען באַטראַכטן מיט אָט די שרעקיקע אויגן זיינע, צופּיקלטע פון צאָרן, ווי די איידלשטיינער פון דעם רייכן שויפענצטער, נעבן וועלכן ער איז אַצינד געשטאַנען אַביסל פאַרבאָרגן אין וואַנד־ווינקל, דעם בלאָען, שוואַרץ־געפלעקטן און שטויביקן אַרבעטסראָק אויפגעהאָנגען אויף די אַקסל, בעת שיפּע גאָלדענע זון־געלקייט איז געפאַלן קרומלעך אויף דעם אַלעמען?

גאָר נישט האָט ער געוואָלט פון אים, כאָטש ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער האָט עפּעס צו רעדן מיט דעם פרעמדן, רייכן יידן, דעם

צירונג-הענדלער, און כאַטש אין האַרץ האָט ער געדעט מיט אים, גערעדט מיט זיין הייזעריקלעכן און צוברּאָכענעם ישרנות-קול, צוטייטלענדיק אפילו מיט אַ פינגער, יענע אַלע אומזיסטיקע, נאַרישע רייד, וואָס ברומען פונם האַרצן אַרויס און פאַרגייען אומגעהערטע ווי די קלויסטער-גלאָקן-קלאַנגען אין גרויסשטאָטישן געטומל — וואָס האָט ער גערעדט צו יענעם, בעת די נאָז-לעכער האָבן זיך ווי אָפּגרונטן שהאַרץ געטיפט פון ליידנדיקן און גערעכטן ירגזין? — וואָס מיין ברודער? אין דער פאַרטויבטקייט פון דיינע זאַטע טעג ווילן דיינע גערויטלטע און פעטע אויערן-לעפּלעך נישט נייגן זיך און נישט פאַרנעמען דעם צער-געשריי פון בלוט, דאָס בלוט פון דיינע ברידער די קדושים, וואָס קוועלט כאָרכלענדיק פון געלע, געקוילעטע העלזער, אונטער פאַרריסענע און געהייליקטע זילבערבערד, גראָ-האָריקע שאַרבנס און פאַרשפּיצטע נעזער, ווי מעסער-קלינגען? ווי קרבן-לעמער שטרעקן זיי אַקעגן די העלזער צום שונאס מעסער מיטן אַלטן שמע-ישראל אויף בלייכע ליפּן: קידוש השם! ס'איז זייער, זייער בלוט, וואָס איז גערונען געוואָרן אין דיינע אָדערן צו איילעצדיקן שמאַלץ, שטינקיקן צום געשפּעט פון די שונאים. ביסט פעט געוואָרן ישראל און האָסט פאַרגעסן אָן גאָט, הע, הע, הע! אָדער צי מיינסטו, דו אָבטריניקער, אַז גאָטס האַנט איז אַזוי קורץ, שלאַף, ווייךפליישיק און אָנמעכטיק ווי דיין אייגענע, וואָס ער זאָל נישט קאָנען מיט איר דערגרייכן צו דיין הזירישן פּיפּיק און נישט צוקוועטשן דאָרט אין אים, דיין עולם-הזהדיקע נשמה, די אָנגעפּילטע מיט ווימעלדיקע ווערעם, ווי אַ געפּגרטע קאַץ? אָ, ווי אַ קריכנדיקן און פעטן שנעק וועט ער דיין נישטיק לעבן צוטרעטן מיט זיין קלענסטן פינגער און די מאַכט פון זיין אויסגעשטרעקטן אָרעם וועט דיך דערגרייכן און פאַרלענדן ווי דאָס פייער פון סדום! וואַרף דיך אין שטויב דו רייכער פון ישראל! צערייס דיין געוואַנד און טו אָן אַ זאַק מיט אַש אויפן קאָפּ, וואָרום דער געשטאַנק פון דיינע זינד איז אויפגעשטיגן און די אומווירדיקייט פון דיינע מעשים האָבן דערגרייכט צום הימל. האָרך! שוין גרוילט זיין צאָרן אין ברומענדיקן דונער, וואָס וועט דיך טרעפן און צעשמעטערן ווי שטויב! ביק דיין קני, נייג דיין שטערן דו פאַרלוירענער...

אין מיטן אָבער פון די געהויבענע און וואָרהאַפטיקע געשרייען אין זיין האַרץ, זענען משה זיידענצייגס קלערענישן פּלוצים פאַרשטומט

געבליבן. ער האָט זיך אַ קרעק געטון, ג׳ייך ער וואָלט פאַרשלינגען אַ ביין. זיין נאַקן איניינעם מיט די אויגן-הייטלעך האָבן אַ ציטער גע-טון, ווי ביי אַ מענטש, וואָס ווערגט זיך און אַן אומגעזעענער קולאַק וואָלט אים פון אונטן אויפן קאַרק אַ שטויס-געטון. זיינע פאַרטיפטע היילן-אויגן האָבן זיך טונקל פאַרוואָלקנט מיט אומענדלעכן מידן טרויער. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז זיינע מוסר רעיונות זענען ליגנס, וואָס קומען בלויז פון דער פאַרביטערטקייט פון זיין געפריוווט האַרץ: פאַר-לוירענער? ער אַליין, משה זיידענצייג, איז דער פאַרלוירענער און זיינע טעג זענען אָנגעפילט מיט נישטיקייט, ווי פויקן מיט פאַרדאָרבענער לופט. ווו זענען זיי די מעשים טובים פון זיין חלק לעבן? ווו זענען זיי די גוטע ווערק פון זיינע ווילִיקע און מאַכטיקע הענט?

אין זיין דמיון האָט פלוצים אַ ווערבל געטון אַ בלינדער וואָלקן פון שטעכיקן האָלץ-שטויב, וואָס ס׳האָבן אין אים געקוויטשעט פליענדיקע זעגן-רעדער, ברייטע רומענס האָבן לויפנדיק געפּאַטשט, און ער האָט געהערט דאָס קרייענדיקע קול פון אַ פרעמדן מענטשן, דעם משגיח פון וואַרשטאַט, וואָס איז דעמאָלט, אין יענעם גראָען רעגן-טאָג, געשטאַנען פאַר די אויגן מיטן ברוינעם קעסעלע-הוט אויפן שפּיץ קאָפּ, דאָס וואָ-לענע לייבל געשפּאַנט איבערן בויך און צוטראָגנדיק די אויגן-גלעזער, וואָס זענען גאַכגעהאָנגען אויף אַ שוואַרץ בענדל אויפן האַלדז, מיט צוויי פינגער צו די אויגן, האָט ער געלייענט פון אַ צעטל די נעמען פון יענע אַרבעטאָרערס, וואָס ווערן אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. צווישן די נעמען האָט זיך געהערט אויסרופן אויך זיינעם: משה זיידענצייג, הילפסאַרבע-טער. און דעמאָלט טאַקע האָט ער אָנגעטון דאָס היטל, דעם אַרבעטס-ראָק אויף די אַקסלען און אַוועקגעשלייכט מיט נעכטיקע ליידיק-גייערישע שפּאַן. גאַנץ פּשוט איז דאָס אַלצדינג און אַזוי דערשרעקעדיק קלאָר האָט זיך איצט די דאָזיקע געוויסהייט געשפּרייט און געגליווערט אין מוח, און ס׳איז באין אופן נישט געווען פּטור צו ווערן פון דעם דאָזיקן שרעק-געדאַנק פון איבריקייט און שולדיקייט. דער געדאַנק פון אַ ליידיק-גייערישן מענטש, וואָס זיינע אַקסלען זענען באַשווערט מיטן חוב פון לעבן. און ס׳איז געווען אומזיסט דאָס אַרומשפּאַנען אין די גאַסן, פאַרגראָבן אין אומעט פון דער באַוועגלעכער און זשומענדיקער פּוסטעניש, וואָס האט נישט קיין ממשות. ס׳איז נישט געווען מער די געוויינטע שטילע

פרייד, בעת זיידענצווייג פלעגט אַ מאָל זיצן אויף דער רויטער באַנק, צווישן די מאָגערעביימלעך אין פּאַרק, צעפּיצלט שטיקלעך ברויט און געוואָרפן די פייגעלעך, וואָס זענען צוגעקומען ביז די פיס, אונטער־געטאַנצט אין אַ קופּע, געפּיקט מיט די שנאָבעלעך, געשלאָגן מיט די פליגל, אויסגעכאַפּט איינס ביים אַנדערן אַ ביסן, אַנטלאָפן און געזעצט זיך אויפן נאָגטן ביימל. טריבע און שווערע שטיקער שאָטנס האָבן זיך אַצינד געלייגט אויף דער נשמה ווי די שטיקער גראָע און געביילטע הימלען וואָס האָבן געהויערט איבער די דעכער, מיט זייער שווערער טרויעריקייט.

ס'איז געווען דער טרויער פונם אַרבעטנדיקן לאַסט-פערד, מיטן געוויכטן שווערן יאָך אויפן האַלז, וואָס איז פּלוצים שטיין געבליבן אויסגעשפּאַנט, אָפּהענטיק, אָן באַשטימונג, מיט אַראָפּהענגענדיקער ליפּ און קלאָציגע פיס.

זיידענצווייגס בליק האָט זיך אַלע מאָל אויפסניי פאַרטשעפּעט אין דער קופּערנער נעץ פון דראָטן אין דער לופטן, איבער די קעפּ, וואָס האָבן עפּעס ווי ענג געמאַכט דעם אָטעם, גלייך זיין נפש וואָלט זיך אין זיי געפּלאָנטערט אין לעצטער באַדרענגעניש, ווי אַ פליג, וואָס ווערט פאַרכאַפּט אין דער נעץ פון שפּינוועבס. די מינוטנע פרייקייט, צו וועלכער דאָס האַרץ פון די געקנעכטעטע גאַרט תמיד מיט אַזאַ הונגעריקער בענק־שאַפט, ווערט אויפגעפרעסן פון פאַרטונקלטער שרעס, די שרעק פאַרן טויטן-שאַרבן פון דער זאָרג, וואָס גלאָצט מיט זיינע שוואַרצע אויגן־לעכער פון די ווינקלען פון די מויערן, פון די ציפערבלאַטן פון די טורעם-זייגערס, פון אונטער די רעדער פון די לויפנדיקע טראַמס. די געדיכטע וואַלדיקע ברעמען-בינטלעך וועלבן זיך פינצטער איבער די איינגעזונקענע און טויטע אויגן, ווי פאַרלאָשענע קוילן, און מיט טעמפּער נודנעקייט אין דער נשמה לייענט מען די גאָלדענע שילדען אויף די קראָמען, די פאַרביקע פּלאַקאַטן אויף די ווענט. אָט איז אַ קו מיט פליגל און מיט אַ לאַכענדיקער מאָרדע. אַ נאַקעט מיידל מיט רויטע ליפּן זיצט רייטנדיק אויף אַ פלאַש וויין. עפּעס אַ געשטאַלט מיט הערנער אויפן שפּיציקן שטערן, מיט מענטשלעכע הענט און ציגענע פיס, דרייט מיטן תאווהדיקן ווידעלע און גאָלט זיך דאָס בערדל. לייבן שפּרינגען איבערן חלל פון אַ רייף. אַ גלח אין אַ יאַרמולקע מיט אַ ברייטער

.עזים־באָרד אַרום די רויטע בעקלעך, טרינקט שוימיג ביר פון אַ ביי־כיקן גלאָז, אַ שוואַרצער נעגער מיט אַ געפּרעסטער, ווייסער העמד־ברוסט ווינקט חוצפּהדיק מיט די געלע אויגן־ווייסלען און בלאָזט מיט אָנגעבלאָזענע באַקן אין אַ טראָמפּייטער. אַ פּאָר־פּאָלק מיט גרינע פּנימער טאַנצן צונויפגעוואַקסן, מיט פאַרפלאָכטענע פיס, ווי א צעקרומטער קוי־לעטש. מלחמה־קאַליקעס זענען געזעסן מיט די פּלייצעס צו די ווענט און אויסגעשטרעקט אייזערנע פיס איבערן וועג, אַז מען האָט געקאָנט איבער זיי פאַלן. מיט אונטערגעשטעלטע זעלנערישע, צעקנייטשטע היטלען קוקן זיי מיט בעטנדיקן און פאַרצאָרנטן בליק ווי געשלאָגענע הינט, גלייך אין די אויגן און בעטן מיט ציטערנ־דיקע, בלייכע שאַרבן־קעפּ אַ נדבה. אַ וואָגן מיט געקוילעטע קעלבלעך, רויטע און ווייסע, אָנגעוואָרפענע איינס אויפס אַנדערע מיט דער ווייכער שווערקייט פון טויט פלייש, האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער פאַרבלוטיקטער רויט־פּנימדיקער קצב האָט אַלע מאָל גענומען אַ קעלבל אויפן אַקסל און דאָס אַוועקגעטראָגן. די בלייכע צינגלעך, איינגעפּרעסט צווישן די ציין, האָבן אַרויסגעשטעקט פון די צעבלוטיקטע מיילער און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז צעקרומטע מאָרדלעך שמייכלען כיטרע און חוזקדיק, איין אויג האַלב־צוגעמאַכט און דאָס אַנדערע גרויס, בלוטיק און אָפן, פאַר־גליווערט אין טויטער פאַרוואונדערונג.

דער איילעצדיקער פעטלעך־קאַלטער ריח פונם טויט האָט זיידענ־ציינגן דערמאָנט אַן אַנדערן טויט, מיט אַנדערע מתים, נישט קיין קעלב־לעך, נאָר מענטשן, צומזיקטע, מיט צעהאַקטע שאַרבנס און אויפגעריסענע פּנימער, שוואַרץ־פאַרשמירטע פון אַלט־פאַרבאַקן בלוט, וואָס ער האָט דאָרט ערגעץ, אויפן שלאַכט־פעלד, בעת ער איז געווען אַ זעלנער, געטראָגן איבערגעוואָרפן אויף אַן אַקסל, אַז די צעשפּרייטע פינגער פון די טויטע האָבן פון אונטן געפּאַטשט צו זיינע פיס, גלייך זיי וואָלטן זיי געוואָלט אויפהאַלטן, און ער האָט זיי, איינעם נאָכן אַנ־דערן אַריינגעוואָרפן אין טויבן, הייכן גרוב, איינעם אויפן אַנדערן מיט שטומער, פלייישיקער משא. מיט גרויליקן גליווער האָבן זיך דערמאָנט די בר־מננס פונם טהרה־שטיבל, ווי ער האָט געטון זייער רעכט, און מיט זיי איינעם זענען אָנגעקומען אויפן זכרון די געבערגלטע קופּעס מתים פון די יידישע הרוגים, דאָרט פון די שחיטות, וואָס האַבן זיך

געוואַלגערט מיט אָפענע אויגן און מיט צעריסענע בייכער, וואָס ס׳האָט פון זיי געקוועלט די געדערעם ווי בינטלעך הייס-געקנוילטע שלאַנגען.

אין זיין צעפלאַמטן דמיון איז משה זיידענצייג געלאָפן אין באַ-דרענגעניש מיט די געיאָגטע. זיין שרעק-געשריי איז, אינאיינעם מיט די קולות פון די קרבנות, דערטאָרגן געוואָרן אונטער דער אומדערבאַרמדי־קער, גראָער טויבקייט פון די בלייערנע הימלען, געפאַלן אונטערן שונאס מעסער מיטן שמע ישראל אויף די ליפן און געשטאָרבן טויזנט מיתה־משונות אין די הריגות, וואָס האָבן פאַרפינצטערט די טעג מיט שוואַרץ-געקנוילטע רויך-חאַלקנס און געצונדן די נעכט מיט רויט-בלוטיקע שרפות ווי ביים חורבן ירושלים. און משה זיידנצייג האָט פאַרקוועטשט אַן אויג און דערנענטערט, פאַרגרעסערט ווי מען זעט אין אַ שפּאַקטיוו, האָט ער געזען ווי זיין אייגענער קאָפּ האָט זיך אַ בלייכער, אַן אָפּגעהאַקטער ווי אַ הייפּטל קרויט, געקייקלט מיט די קעפּ פון די קדושים אין ריגשטאָק.

מיט אומזיכערן און שאַרנדיקן טריט, ווי אַ מענטש וואָס גייט אויף אייז און האָט מורא, זיך נישט אויסצוגליטשן, שלייכט זיידענצייג אַהיים, דאָרט אין ענגן געסל אויפן פערטן פינצטערן שטאָק, עפנט שטיל און שולדיק די טיר, טוט אויס דאָס היטל און וואַרפט דאָס אַנידער אין ווינקל מיט בייזלעכער אומרויקייט, וואָס וואַקסט אַלץ שטאַרקער אין גע-מיט. דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די הענט און די קנאָכיקע פינגער פאַר-פלאָכטן אַרום שטערן, ווי דערנער, בלייבט ער זיצן ביים קליינעם טישל מיט דער ליידיקער פלאַש, וואָס שטייט אויף אים, אויספּילנדיק מיט דער ברייטקייט פון זיין פּלייצע די ענקייט פונעם חלל.

אָס ווייב זאָגט:

— ווו ביסטו געווען, משה?

— ווו האָב איך געזאָלט זיין? כ׳בין אין ערגעץ נישט געווען.

— האָסט עפּעס געפונען, משה? עפּעס אַרבעט, הא?

— וואָס האָב עך געזאָלט געפונען? גאָרנישט געפונען.

— אַזוי? נו, נו, עלן מאַ זעען, וואָס ס׳עט זיין דער סוף פון דיין ייִדיק-גיין.

זי פאָרעט זיך דאָרט אין פינצטערן ווינקל מיט האַלב - נאַקעטע, נאַסלעכע און רויטע הענט, וואָס שפּראָצט פון זיי, דאַכט זיך, דאָס בלוט און די געזונטקייט און דער געוויינטער, שטומער אַרבעטס-ווילן פון די

דינסטמיידן, וואָס פאַרדינגען זייער לעבן פאַרן שטיקל ברויט. פריער אין די רייכע באַלעבאַטישקייטן גוֹן די פרעמדע און דערנאָך אין דער איינזאַמער אָרעמקייט, ביי די אייגענע מאַנען און קינדער, אַרבעטן דאָך גאַנצע לעבן לאַנג אָן אָפּרו. איר שטערן איז קליין, עקיג און פאַר־וואַקסן מיט געדיכטער און האַרטער האָריקייט ווי ביי אים, משהן. די נאָז ברייט און צופלעטשט און דאָס מויל אויך ברייט און אַביסל צו־קרומט פון שטענדיקער פאַרביטערניש. אירע פולע אברים אָטעמען מיט קעלט, וואָרום די מינוטנע פרייד פון דער פליישלעכער וואַרעמקייט איז שוין פון זיי לאַנג אויסגעוועפּט געוואָרן, אָפּגעקילט. שווער, זייער שווער איז אַריבערצוטראָגן דעם ווייבס טעמפּן און צוגלייך מאָנענדיקן, שטומען בליק, דעם בליק פון אַ שטומער בהמה, וואָס דערוואַרט מען זאָל איר ברענגען צו עסן ווען מען דערנענטערט זיך צו איר.

ויידענצייג זאָגט:

— חיה, הער נאָר האָט מען קיינער נישט געזוכט דאָ, האַ?

דאָס ווייב איז אַ ביסל טויבלעך און זי ענטפערט נישט באַלד. שפּעטער אָבער זאָגט זי:

— ווער האָט געזאָלט זיין, ווען זוכסטו? קיינער איז נישט גע־ווען דאָ. וואָס טוט זיך עפּעס נייעס, משה? ווילסט טאַקע נישט אַרבעטן מער ביי די מתים, האַ?

— וואָס פאַר אַ מתים? ניין!

איר מאָנענדיקער בליק זוכט דערשראָקן זיינע אויגן. אָבער משה קוקט אַוועק. זיינע קנייטשן אַרום די מויל־ווינקלען פאַרטיפן זיך מיט שווערן שוואַרצן שאָטן און זיינע באַקן־ביינער בלייכן זיך פון אומבאַ־האָלפענעם שרעק, עפּעס נאַכטיקן, שווער חלומדיקן.

אויפן מאָגערן בעט מיט אַ גרוב אין מיטן, איז צעלייגט אַ בלאַט גע־קאַטשעט טייג, מיט ווייכע און אָרעמע לעכער און אונטערגעשפּרייט מיט אַ בלאַט צאַלטע צייטונג. ס'הערט זיך ווידער חיהס ברייט און איינ־געגעסן קול:

— ביזט געווען אין אַמט, משה?

— וואָסער „אַמט"?

אָט ווייסט ער נישט, וואָס מ'רעט צו אים, אין „פּאַלעסטינע־אַמט", מיין איך. מ'ר דאַכט זיך אַז די וועסט נאָך דול ווערן פון ליידיק־גייז

— געזען — ענטפערט זיידענצייג און טוט אַ מאַך מיט אַ האַנט
ווי עפּעס אַוועקצוואַרפן.

— נו, וואָס זאָגט מ'ין דאָרט? האַ—אַ—אַ?

גאָרנישט, זאָגט מען.

— וואָס הייסט, גאָרנישט? וואָס זשע וועט זיין דער סוף, וואָס זשע
וועט זיין דער תכלית? אַז קיין אַרבעט איז דאָ נישטאָ, מ'פאַרדינט נישט
קיין פרנסה. כ'האָב געהערט זאָגן אין פאַריין, אַז דאָרט, אין ארץ-ישראל
איז דאָ אַרבעט... אַ שטוב מיט אַ שטיקל גאָרטן, מ'אַרבעט איניינעם
אַ סך מענטשן אויפן פעלד און מ'האָט פון וואַנען צו לעבן. ס'איז אמת?
וואָס שווייגסטו, משה? האַ? וואָס טוסטו נישט עפּעס, מ'זאָל קאָנען אַוועק-
פאָרן, וואָס זיצט מען דאָ? משה, וואָס עט זיין דער סוף? וואָס וועט זיין
דער תכלית?

זיידענצייגס שטערן פאַרציט זיך מיט בלאָע, געשוואָלענע אָדערן
ווי געקרומטע ווערים. די ברעמען-בינטלעך איבער דער נאָז קומען זיך
ווידער צוזאַמען אין אַ פינצטערער געדיכטקייט ווי אַ וואַלד. נאָך אַלץ
די זעלבע איינגעגעסענע טענות פון „סוף" און „תכלית", וואָס די מאַמע
זיינע, די איבערגעבויגענע יידענע מיט דער בלאָער נאָז האָט אייביק
געטענהט דאָרט אין דער היים, ווען ער איז נאָך געווען אַ צען-יעריק
חדר־יינגל. נישט פטור צו ווערן פונם „סוף" און פונם „תכלית", וואָס
שלעפּט זיך דאָס גאַנצע לעבן נאָך, ווי דער שאָטן אונטער די פּלייצעס,
ביז צום קבר. און קאָטש דעם ווייבס טעמפּע און וואַכנדיקע רייד, וואָס
פאַלן ווי שווערע זאַמדיקע שטיינער אויפן זוניקן געביי פון זיין באַ-
האַלטענעם חלום, לייגן זיך ווי בלייערנע לאַסטן אויפן געמיט, פילט ער
פונדעסטוועגן, אַז דעם ווייבס טענה איז אַ גערעכטע, גערעכט, ווי די
ערלעכקייט פון זיין פראָסטן לעבן, וואָס שטייט פאַר זיין דמיון ווי אַ
בוים אין ווייטן פעלד, שטרעקט אויס פאַרחלשטע און בעטנדיקע הענט
צו זיין אומרויקער און פילגדיקער נשמה, מאָנענדיק אַ תיקון. ער הייבט
זיך אויף פונם בענקל, טוט אַ צי מיט ביידע הענט די הויזן אויפן בויך
און נעמט אַרומשפּרייזן איבער דער ענגקייט פונם שטיבל, אַהין און צו-
ריק, מיט די האַלב-קיילעכדיקע און אומרויקע, איילנדיקע טריט פון די
חיות, וואָס זענען פאַרשפאַרט אין די שטייגן און וואָס די פלוצימדיקע
נענקשאַפט צו דער פרייקייט באַפאַלט זיי מיט אַ מעכטיקן, טויבן דראַנג.

האָט ער דען שוין נישט געטון אַלצדינג, וואָס מען דאַרף, כדי וואָר צו מאַכן זיין געהייליקטן חלום? ער איז שוין געווען צום וויפילטן מאָל דאָרט, אין „אמט״, און דאָס אָפּגעפּיינטע, קרומנאָזיגע מיידל מיט דעם שוואַרץ-האָריק געקרייזלטן קעפּל ווי ביי אַ שאָף, האָט שוין פאַרשריבן אין בוך דאָרט אונטערן שמאָלן פענצטערל אַלצדינג, וואָס מען באַדאַרף: זי האָט געפּוצט מיט אַ פּיילעכל די לאַנגע בלאַסע נעגל, אויסגעהוילטע ווי טיי-לעפּעלעך; פאַרשריבן אַזוי און אַזוי. ער, משה זיידענצייג, אַן אַרבעטער, געזונט, חתונה געהאַט, אַ טאַטע פון צוויי קינדער, יינגלעך, חיל פאָרן קיין ארץ-ישראל. געלט האָט ער נישט. ער האָט גאָרנישט.

— מען וועט אייך שוין פאַרשטענדיקן מיט אַ בריף. מען מוז וואַרטן — האָט געזאָגט דאָס שאָפּנקעפּיקע דינגע מיידל, וואָס די גאולה ליגט אין אירע הענט — אַ שיינע גאולה.

— ווי לאַנג וואַרטן? דער ענטפער איז נישט געקומען און די אָפּ-געפּיינטע שטילקייט האָט אָפּגעשניטן אַלע טענות, וואָס האָבן זיך שוין געפלאָנטערט, אָנגעברייטע אין זיידענצייגס מח, אָבער דאָס שיב-פענס־טערל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אונטער דער נאָז, ווי אַ האַק-מעסער, און דער גאַנצער בטחון איז איבערגעהאַקט געוואָרן מיט דער שאַרף פון קעלט און פרעמדקייט.

— נו, יאָ, אַוודאי, מען דאַרף וואַרטן, מען וועט שוין זעען. מען דאַרף אָפּשפּאָרן אַביסל געלד פונם פאַרדינסט, פון דער אַרבעט, פון וואָ-סער אַרבעט? ער האָט דאָך אָנגעווירן זיין אַרבעטס-פּלאַץ.

די קאַלטע שרעק, וואָס קילט נאָך אַלץ אין פאַרביטערטן האַרץ, גרוילט אויס אַ שווערע דערמאַנונג, פון דער האַלב-טונקלקייט אין סטעליע־ווינקל, וואָס פלאַטערט איבערן קאָפּ, ווי אַ שטומע און פינצטערע פלע-דערמויז. ס'איז דער פחד פאַר די ליידיקע טעג, די פיין פון דער שליי-כענדיקער נויט...

— הע, חיה, שרייט זיידענצייג — ווו זענען ערגעץ די קינדער?

— די קינדער? וואָס ווייס איך? אין גאַס זענען זיי, מסתמא, אין גאַס.

## III

ווי אַ ייד, אַ פאַרטראַכטער לערנער, וואָס שפּאַרט אָן דעם עלענ-בויגן אויפן ספר און דעם קאָפּ אויף דער פלאַך פון דער האַנט, אַזוי

איז משה זיידענצייג געשטאַנען מיט אָנגעשפּאַרטן עלנבויגן אויפן ברע־טערנעם פּלויט און דעם קאָפּ אויף דער האַנד־פלאַך און אַריבערגעקוקט צו אַ קליין, ליידיק הייזל, וואָס איז געשטאַנען פון דער אַנדערער זייט פון קליינעם, אויסגעדינטן בית־עלמינדל און פון טהרה־שטיבל. זיידענצייג האָט אָנגעשטרענגט זיין מח, צו דערמאָנען זיך, צי האָט ער טאַקע דאָ, אין טהרה־שטיבל, געאַרבעט ביי די מתים, צי איז דאָס געווען בלויז אַ חלום, איינער פון יענע שווערע חלומות, וואָס מיר געדענקען נישט, צי האָט ער אונז פאַרוועבט אין גרויליקן פלאָנטער פון אָפּגרונט אין דער וואָך צי אין שלאָף. דאָס ליימיקע הייזל איז געווען דער באַוווין פונם מתעסק מיטן האַלבן פליישיקן אויער.

זיידענצייג האָט אים געזעען, דעם מתעסק, שטיין דאָרט אין קליינעם הייפל און זעגן האָלץ בשותפות מיטן גראָבלעכן ווייב זיינעם, וואָס איז געווען בלינד אויף אַן אויג. אַ שוואַרצע ציג מיט אַ ווייס בערדל האָט געציפּט גראָז אונטערן שטיינערנעם בית־עולם־פּאַרקאַן, וואָס אויף אים האָט אַצינד אַ רויטער האָן געקרייט מיט געשטרעקטן האַלז.. אונטערן נידריקן ווינשטיבל האָט זיך געשפּרייט אַ שטיקל גאָרטן. זיידענצייגס ברייטע נאָז האָט גיריק געשלינגען דעם האַרבן האַרבסט־ריח פון דעם שטיקל ערד, וואָס האָט אים דערמאָנט די היים. מען האָט געזעען די הינער אַרומגיין און פּיקן מיט די פאַרשפּיצטע שנאָבל אין דער ווייכער ערד. די אָסיענדיקע קרייטעכצער זענען שוין געווען פון איר אויסגעגראָבן, מיט באָרקעס און בולבעס האָט פון איר געשמעקט. גראָע שטאָט־פייגל האָבן זיך געשטעלט אויף די נידריקע ריטלעך ביים פּלויט. דאָ און דאָרט איז נאָך געהאָנגען אַ געל, פאַריינזאַמט האַרבסט־בלעטל אויף ווי. אין גאָרטן אַליין האָט מען נאָך אויך געזען, דאָ און דאָרט, געלע רעשטלעך פון אַן איבערגעבליבענער קרייטעכץ, וואָס איז נאָך נישט גע־ווען אויסגעגראָבן. אַ טיפע בענקשאַפט האָט אַרומגעכאַפּט דאָס געמיט, אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט צו יענעם שטיקל גאָרטן אונטערן טאַטנס צע־קרומטן שטיבל, דאָרט אין דער היים, מיט דעם צעבראָכענעם שינדל־דעכל, וואָס די האַלב־קיילעכדיקע בוידעם־פענצטערלעך האָבן אַראָפּגע־קוקט ווי אויגן, פונקט ווי די פענצטערלעך דאָ אויפן דאַך, פונם קליי־נעם שטיבל.

שטאַרקער האָט אַצינד די טרויעריקייט דורכגענומען דאָס פּילנ־

דיקע געמיט ביז טרערן. די געצאַקטע קלויסטער-שפּיצן האָבן זיך אומעטיק געשטאָכן אין הימל אַריין. אַ קאַטערינקע האָט הייזעריק געשפּילט. וואָס טוט ער דאָ? ווו געפינט ער זיך? איז דאָס ווידער אַמאָל נישט אַ וויסטער חלום, וואָס ס'איז נישטאָ אין אים דער בטחון צו דערוואַכן? אַ האַרטער בייזער חלום, וואָס פאַרשלינגט אין זיין פינצטערן אָפּגרונט דאָס לעבן און די יאָרן? ניין, ער, משה זיידענצייג, קער נישט אַהער. זיין אָרט אין לעבן איז דאָרט, אין שטעטלדיקן מאַרק מיט די צעבראָכענע און געלאַטעטע דעכלעך פון די צענויפגעשטופּטע, האָרבאַטע, בלאָ-געקאַלעכטע שטיבלעך, צווישן די יידן מיט די ווערטלדיקע און איינגעזינקענע אויגן מיט די צעפּליקטע, שוואַרצע, לאַנגע בעקעשעס און גוטמוטיקע, פאַרזאָרגטע בערד, די יידן, וואָס דרייען זיך לוידיק-גייעריש מיטן שטעקעלע אין האַנד, פּאַוואָליע אָן איילעניש, זיצן אויף די אויסגעטרעטענע שוועלן פון די לוידיקע געוועלבלעך, רעדן דברי תורה, זיפצן און קרעכצן, עסן אָרעם ברויט מיט ציבעלע, האָפן צו גאָט און וואַרטן אויף משיחן, וואָס דאַרף אָט-אָט, היינט-מאָרגן אָנקומען. אַהין קער ער? ניין! אויסגעריסן איז שוין פון דאָרט זיין שורש, אויסגעוואָרצלט איז ער פון יענער ערד, וואָס האָט אָנגעזאַפּט די פרייד פון זיינע קינדער-יאָרן און וואָס איר שוואַרצער שויס שפּייט היינט אויס מיט בייזקייט דאָס געביין פון זיינע פעטער. פאַרלוירן און פאַרוואָרפן אין ווייטער פרעמדעניש דרייט ער זיך דאָ, אין גרויסשטאָטישן טומלדיקן געפּילדער, ווי אַ טויבער אויף אַ חתונה, יאָ, פּונקט אַזוי!

פּלוצים בלייבט זיידענצייג שטיין. ער האָט ערגעץ אַ קוק געטון אין שפּיגל פון אַ פענצטער און עפּעס האָט ווי אַ בייטש אַ ברענענדיקן שמייס געטון איבער זיין פּנים, שאַרף און ווייטיקנדיק פון אָנמאַכטיקייט און בושה, ביזן בלוט. וואָס איז דאָס געווען? גאָרנישט, ער האָט אין שפּיגל דערזען, אַז דער דאַשיק פון זיין פאַרשטויבטן היטל איז צעריסן און איין העלפט הענגט נאָך, איבערגעבראָכן ווי אַ געבראָכענער פליגל. כהרף עין האָט משה זיידענצייג זיך דערזען אַ קליין יינגל באָרוועס, אין צעפּליקטן, צייגן רעקל, וואָס די מאַמע האָט איבערגענייט פון טאַטנס אַלטן שפּענצער, און אַ צעריסענער דאַשעק הענגט אייביק נאָך איבערן שטערן. דערזעלביקער דאַשעק, וואָס ער האָט דערזען אַצינד אין שפּיגל. ס'איז ערב יום-טוב. די מאַמע קאָלעכט מיטן אָפּגעריבענעם בערשטל די

קיך. איר פּאַטשיילע איז אויפגעבונען. די נאָז האָט אַ בלאָען פלעק קאַלך אויפן שפּיץ. מ׳הערט איר וויינענדיק קול:

— לייזער, נו לייזער, ס׳אַ מיאוסע זאַך פאַר מענטשן. אַזאַ געזונטער יינגאַטש גייט מיט אַ צעריסענעם דאַשעק, מ׳דאַרף גיין צו בערל יאַנקלס, קויפן אים אַ היטל, גיכער, מ׳וועט פאַרמאַכן די געחעלבן. זע נאָר, ווי ער שטייט און ס׳אַרט אים נישט, ווי די וואַנט. וואָס דומעסטו ווי אַ דולער? האַ? לייזער נו-זשע גיכער.

דער טאַטע איז געשטאַנען מיטן פּנים צום פענצטער, אַ קלומפּן שטעכיקע פאַראומערטע באָרד, ווי האַרטע רויטלעכע דערנער האָט זיך געזען אויף אַ באַק. אויף דער פּלייצע פונם צעפּליקטן, וואָכעדיקן שפּענצער האָט געגראָט אַן אויסגעטרעפּקעטע לאַטע. מ׳האָט געזען אַרום איר די ברייטע, ווייסע שטעך.

— נו, גאַי — האָט ער געזאָגט מיט זיין ברייטן, ציטערנדיקן קול

— עך לאָז דעך נישט גיין, אַז דו האָסט געלד, גיי קויף היטלעך, עך האָב נישט קיין געלד און עך דאַרף נישט קיין היטלאַך.

— ווי אַזוי זשע זאָל ער גיין דאַווענען, לייזער?

— אַזוי זאָל ער גיין, ווי אַזוי ער וויל, וואָס איז מיין עסק? ווער האָט מעך פאַרזאָרגט? ווער האָט מיר געקויפט היטלעך? מיין טאַטע אין קבר?

משה איז געגאַנגען דעמאָלט, ראש השנה, אין שול אַריין מיטן צעריסענעם דאַשעק און מיט אַ פלאַמענדיק פּנים, פון בושה. ער האָט געהאַלטן די אויגן פאַרגראָבן אין סידורל, איבער די שפּרינגענדיקע און פאַרמעקטע אותיות, גרויסע און פאַרשפּיצטע ווי טשוועקעס. די געשרייען ביים דאַווענען האָבן טויב געברומט אין זיינע אויערן, ווי גאָרגלדיק וואַסער. דאָס האַרץ האָט אין אים שטיל געוויינט פון מידן רחמנות.

אַצינד האָט ער געפילט יענעם טויבן,| גאָרגלענדיקן ברום אין די אויערן, און דאָס האַרץ האָט אין אים געוויינט פון רחמנות צו זיך אַליין. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן. ווי איז דאָס מעגלעך? גייט ער אַרום פון דעמאָלט אָן ביז היינט, מיט אַ צעריסענעם דאַשעק? אַלץ דערזעלביקער צעריסענער דאַשעק! ער האָט אַ צי געטון די הויט פונם קאָפּ, דאָס היטל האָט זיך אַביסל אַ הייב געטון אויפן צעקנייטשטן שטערן און באַלד זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט, ווי אַ שיפל, וואָס טוט זיך אַ הייב אויף כוואַליעס

און לאָזט זיך צוריק אַראָפּ. מערקווירדיק, ווי דער גורל פון אַ מענטש איז שוין באַשטימט פון די ערשטע יאָרן פון זיין לעבן. און ס׳האָט זיך אים שוין אַצינד געגלוסט, וועגן דעם דאָזיקן געדאַנק מיטן צעריסענעם דאַשעק צו שמייכלען: ווייס איך וואָס, ס׳איז גאָרנישט. עפּעס אַ נאַרישקייט און נישט מער. אָבער אַ שוואַרצן קילן און קלעביקן שאָטן האָט דער געדאַנק דאָך שוין געהאַט פאַרשפּרייט אין מח.

אין אַזוינע טעג לייגט זיך איבער דעם נאָגנדיקן און נעפּייניקטן האַרץ אַ שלייער פון טונקעלער רו. ער הייבט אויף די אויגן צו אַ פּערלמוטערנעם וואָלקן, וואָס איז אייגער אַליין מיט ראָז־לייכטנדיקער פּלייצע און געשטרעקטן שלאַנגען־קאָפּ, קערץ־גראָבע פיס, פּאַוואָליע ווי אַ שילדקרעט געקראָכן איבער געוועלבטער הימל־בלויקייט אין טיפער הייך. געלבלעכער, שפּעט־האַרבסטיקער זון־שיין האָט פּלוצים בלייך און גאָלדיק־מיד באַלייכטן אין דער העלפט די קוימענס פון די מויערן־דעכער. דער ווייזער פונם וויטלעכן טורם־זייגער האָט אויפגעבליצט ווי אַ גאָלדענע האַנד. מען האָט געזען פון דערווייטנס, ווי אַ גליענדיקן קאָפּ, דעם גאָלדענעם קופּאָל פון דעם אַלט־גראָען, פאַרלאָזענעם קייזער־פּאַלאַץ מיט דער גאָלדענער קרוין. אַראָפּגעשיינט האָט אַצינד פונם גאָלדענעם קופּאָל יענער פרייד־רוישיקער אָוונט, ווען משה זיידענצייג האָט זיך געטראָגן אין מיטן פונם שטראָמענדיקן מענטשן־ים אויף יענעם פּלאַץ, בעת רויטע פאָנען האָבן געוויעט איבער די שוואַרצע קעפּ כוואַליעס. זיין קולאַק איז ווי אַ האַק געוועזן געשטרעקט אין דער לופטן, צווישן אַלע געביילטע און צאָרנדיקע קולאַקעס. ווי אויף אַ זילבער־טאַץ האָבן קלינגענדיק געקנאַקט די שיסערייען פון די זעלנערישע ביקסן, פּולווער האָט זיסלעך געשמעקט אין דער נאָז, און מיט פלאַמענדיקע אויגן און אָפענעם מויל האָט זיך זיין שרייענדיק קול, ציטערנדיק פון יידישער ישרנות, אַריינגעפלאָכטן אין וויכער פון דערצאָרנטע קולות: פרייקייט, גלייכקייט, ברידערליכקייט! וואָס האָבן געראַישט ווי אַ וואַלד אין שטורעם־ווינט, דורכגעדרינגען די שווערע, שוואַרצע שטיין־מויערן פונם פּאַלאַץ, דערציטערט די הערצער פון די געקרוינטע הערשערס, אָפּווייסנדיק זייערע פּנימער מיט טויט־בלאַסקייט און פאַרשטאַרטקייט, ווי מיט אַ גיפּס, מיט באַדרענגעניש און פינסטערניש פון דער נאַכט, ווי מייז אין די כאַפּשטייגן. ערלעך און בשלימות האָט ער אונטערגעשטעלט זיין אַקסל צום

געבענטשטן ווערק פון דער איבערקערעניש, אויך ער, דער יידישער
ארבעטער, משה זיידענצייג. אומבאַקאַנט און פרעמד, אָבער גליענדיק
פון געטריישאַפט צו דער הייליקער זאַך פון באפרייונג, האָט ער זיך
געטראָגן פאַרטרונקען אין דעם ים פון קעפּ, צווישן די האַרטע, אויס־
געמאָגערטע און גרוי-צעקנייטשטע פנימער פון דער פרעמדער, צעשלי-
סענער מענטשן-מאַסע, וואָס האָבן ארויסגעבריליט די שווערע נויט פון
זייער לעבן, ארויסגעשלעפּט אין גאַס די בלוטיקע אָרעמקייט פון זייערע
ענגע, דומפּיקע שטוב-לעכער, די שוואַרצע פּיין פון זייער קנעכטישער
האָרעוואַניע, די צעקרומטע קרענק פון זייערע פאַרגרינטע קינדער, גע-
שלעפט מיט זיך די צעבראָכענע קנאָכן פון די צעשאָסענע זעלנער-קאַ-
ליקעס, דאָס פייער פון די הריגות און מלחמות, וואָס די געוועלטיקער
און מעכטיקע האָבן אָנגעצונדן, כדי צו זעטיקן מיט בלוט זייערע בייזע
הערצער, אומדערבאַרמדיקערע פון בלוט-דורשטיקע וועלף, געשלעפט און
געבריליט נקמה און פאַרגעלטונג.

אָט דאָ, אין הייסן אָטעם פון פלאַמענדיקער מענטשן-מאַסע האָט
אויך געפלאַמט זיינע, משה זיידענצייגס, נשמה מיטן צער פון די קנעכט,
מיטן צאָרן פון די געדערכטע, באַלאָדן מיטן עול פון מענטשלעכקייט און
אָנגעברייט, מקריב צו זיין אויך זיין בלוט פאַרן נצחון פון אמת און
גערעכטיקייט. זייער גיך אָבער איז דאָס שכרות פון דער פרייד אויסגע-
וועפּט געוואָרן. ס'איז געבליבן אַלץ ווי ס'איז געווען. און די וואָכעדי-
קייט האָט ווידער גענומען הויערן איבער זיינע טעג, קריכנדיקע און
באַשווערטע פון אומנוציקער, נמאסער אַרבעט צווישן די העלצער, שטויב
און קוויטשענדיקע זעגן, דאָרט ערגעץ אין פאַרשטופּטן, האַלב-פינצטערן
הויף-וואַרשטאַט מיט דעם געלן, עלעקטרישן וואַרשטאַט-לעמפל, וואָס
ס'האָט געברענט בייטאָג און געשיינט מיט געלער שווערקייט ווי דאָס
אויג פון דער נישטיקייט.

אַצינד אָבער איז דאָס אויך נישטאָ מער. זיינע ליידיק-גייערישע טריט
שלייכן מיד און אָן בטחון מיט דער לענג פון דער ברייטער, דעמערונג-
שטילער גאַס, צווישן ביימער, ווו דער בראָנזענער דיכטער און מענטשן-
פריינט זיצט צעשטרעקט אין אייביקייטס-שטול פון זיין בכבודן מאָנומענט
און קוקט אַראָפּ מיט חכמה און גוטסקייט פון זיין ברייטן שטערן אָפּגע-
זייסט פון פייגל-קויטי ס'איז געגאַנגען עפּעס אַ ייד אין אַ לאַנגן, שוואַרצן

פלאַשטש, אָפגעריבן און גרינלעך פון אַלטקייט מיט אויסגעטרעפקעטע און פאַרטאָלאַפּעטע פאָלעס, וואָס די יאָרן־אַלטע בלאָטע איז געווען אויף זיי האַרט און געל צוגעקלעבט ווי איינגעוואַקסענע קרעץ. אַ צודרייטער, סאַמעטענער, פעטיקער הוט איז געזעסן אויפן שפּיץ פון ניִשט־געשוירענעם קאָפּ. די גראָלעכע און האַרטע באָרד האָט זיך באַהאַלטן, איינגעפּאַקט צווישן די לאַצן פונם ראָק און די הענט זענען געווען אַריינגעשטעקט, איינע אין דעם אָרבל פון דער אַנדערער. פון דער געדיכטער האָריקייט פון זיין פּנים האָט זיך אַרויסגעשניטן אַ לאַנגע, בלייכע און קנעכערנע נאָז ווי אַ האָרן און אַ פּאָר אויגן, פינצטערע, איבערשרעקנדיקע, פול מיט נאַכטיקער שטומקייט, ווי די אויגן פון אַ נאַכט־פויגל האָבן געקוקט איבער איר, צו דער ערד. אַ ווייטוּענדיקע צוגעבונדענקייט און אָפּשיי האָט זיידענצייג געפילט צו אָט דער שוואַרצלעכער געשטאַלט, וואָס האָט זיך נישט געפּאַסט אַהער, צווישן די פרעמדע, הויכע מויערן און וואָס האָט זיך געשאַרט מיד, מיט גלייכגילטיקן און צוגלייך אומזיכערן טאַפּענדיקן טריט און איינגעבויגענעם קאָפּ, דאָס אָפּבילד פונם אייביקן נע־ונדניק אין גלות און מען האָט געזען באַשייגפּערלעך, אַז דער ייד פילט דאָס. ער פילט אַז אָט־אָט יאָגט אָן עמעצער, אַ נישט־גוטער, אַ שונא הינטער די פּלייצעס און טוט אַ קנאַק מיטן קולאַק אין קאַרק. דער ייד האָט זיך פאַרנומען אין זייטיקן געסל אַריין, אָבער שוין זענען אַקעגןגעקומען צוויי מענטשן, גויים, איינער אַ לאַנגער, אין אַ געלן גומי־מאַנטל מיט אַ בלאָנדער משופּרינע אויפן שטערן, די הענט אין די קעשענעס, און דער אַנדערער אַ קליינער, אַ הויקער, מיט קינדערישע דינע פּיסלעך און בייזע, שטעכיקע אייגלעך ווי צוועקעס, אין בלאָ־געגאָלטן קרומען פּרצוף. אויף זיין גרינעם הוט האָט אונטן געשטעקט ווי אַ שטייענדיק פענדל אַ בינטל האַרטע האָר, דאָס בערדל פון אַ געבערג־צאַפּ. ביידע גויים האָבן עפּעס האָפּערדיק און לאַכנדיק גערעט און שטויסנדיק זיך מיט די עלנבויגנס, זענען זיי געקומען אַלץ נענטער, נענטער.

דער ייד האָט זיי געוואָלט אויסמיידן, אָבער דער לאַנגער האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג, מיט צעשפּרייטע פיס און דער הויקער האָט צוגעקוועטשט איין אויג ווי מען צילט אויף אַ ביקס און פּלוצים האָט ויידנצייג געזען ווי דער הויקער טוט אַ שטרעק דעם קורצן, שפּיציקן קאָפּ און אַ שפּיי דעם יידן, גלייך אין פּנים אַריין. מען האָט געהערט

ביידנס הירושענדיקן געלעכטער, ווי דאָס הירושען פון פערד.

זיידענצייגן האָט אַ שטאָך געטון אין האַרץ. אַ פלאַמיקער צאָרן האָט אים גענומען ווארגן, איניינעם מיט בושה, גלייך דער הויקער וואָלט אים אַליין אָנגעשפּיגן אין פנים. די גראָ־געשפּאַנטע הויט איבער זיינע שאַרפע באַקן־קנאָכן, ווי העק, איז רויט און בלאַס געוואָרן. ער האָט אַ וואָרף געטון אַ קולאַק אין דער לופטן און זיך געלאָזט, אַרויי־בערלויפן דעם וועג. אַ טראַמוויי האָט אים אויפגעהאַלטן. אַז ער איז צוגעקומען אַהין, איז דער ייד שוין געווען ווייטער אַוועקגעגאַנגען מיט זיין שלייכענדיקן און איבערגעשראָקן־איילנדיקן געגנגל. מען האָט געזען, ווי זיין קאָפּ איז טיפער געבויגן ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט אויף דער ערד און די פּלייצע ציטערט. די צוויי גויים זענען שוין געווען איינגעשטיגן אין טראַמוויי, וואָס איז אַנטלאָפן אונטער דער נאָז. זיידענצייג איז שטיין געבליבן אין מיטן־דרינען מיטן געשטרעקטן קולאַק, אָפּגענאַרט, און בלייך, מיט פלאַמיקע פּאַרקוועטשטע אויגן אין די הייל־לעכער.

דער צוברעכערנער דאַשעק איז אים געווען אָנגערוקט אויף אַן אויער, זיין מויל איז געווען האַלב־אָפן און צוקרומט, גלייך אַ שטומער, דערוואָרגענער געשריי וואָלט זיך פון דעם געריסן און צום סוף אַרויס־געפּלאַצט:

— העי, העי, וואָסי? וואָס הייסט עפּעס דאָס? ווי זענען מיר ערגעץ אין אַ ווילדן וואַלד? צווישן ביייזע חיות? צווישן וועלף? צווישן שלאַנגען און עקדישן? — האָט ער אַ זאָג געטון צו די פאַרבייגייענ־דיקע אַ ווייזטויענדיק אַ גראָ־צעאַקערט פּנים מיט גרינלעכע צאָרן־קנייטשן און געבאָכטע זיך מיט ביידע קולאַקעס אין האַרץ אַריין — וואָסי, איר הינטישע זין? איר שפּייט אונז אין פּנים? אונז יידן, וואָס מיר האָבן אייך געשענקט געטער, לעבעדיקע, דערבאַרמדיקע אין די הימלען? וואָס מיר האָבן אייך געלערנט מענטשלעכקייט, יושר און ליבשאַפט? חזרים! געצנדינער, וואָס איר האָט אייך געוואַלגערט אין די וועלדער ווי ווילדע חיות, אָ, וואַרטס נאָר! עס וועט נאָך קומען דער טאָג פון לוין און באַצאָלונג! שווער וועט זיין די נקמה, וואָס אונזער אַלטער גאָט אין הימל וועט נעמען פון אייך. גיפטיקע ווערעם! עכברושים, וואָס איר זענט, אומווירדיק צו קאָנען זיין נאָמען! זיין מעכטיקער אָרעם וועט אייך דערגרייכן און אייך טייטן איידער איר וועט צייט האָבן צו

אַנטלויפן פאַר זיין צאָרן. זיין שטאַרקע האַנט וועט אייך צומאָלן ווי אַ מילשטיין. ווינטן וועלן אייער שטויב צובלאָזן און פון אייערע בייזע מעשים וועלן געבוירן ווערן שדים און רוחות!

זיידענצייגס וואָרט, די לאַסט פון די נביאים, האָט געפלאַמט אויף זיינע צוריסענע לעפצן, ווי גליענדיקע קוילן. זיינע שוואַרצע נאָז־לעכער האָבן זיך ווי בלאָז־זעק געבלאָזן אין גרימצאָרן. ער האָט געוואָרפן דעם געביילטן קולאַק ווי אַ דונער־שטיין אין דער לופטן און די אויגן האָבן געבליצט מיט פייער־פונקען: וואַרטס נאָר אויס — האָט ער געשריגן — איר אומריינע שרצים, וואָס איר דאָרשט נאָך אונזער בלוט. אייער מפּלה איז נאָענט און אייער שטראָף וועט זיין גרויס! מיט פאַרדאָרבע־ניש וועט איר געשלאָגן ווערן און פאַרלענדט וועט ווערן אייער געביין אין דער ערד, אייער זאָמען וועט אויסטרוקענען ווי אַ מדבר און אייער געדעכעניש וועט אָפּגעמעקט ווערן פון אונטער די הימלען. אָבער די קינדער פון ישראל וועלן אויפגעריכט ווערן מיט ישועות און נחמות, אונזערע הערצער וועלן טאַנצן פון פרייד און אונזערע נשמות וועלן דערהייכט ווערן אין עושר און כּבוד דאָרט, אין ארץ ישראל, אין דעם לאַנד פון אונזערע אבות הקדושים, וואָס גאָט האָט זיי געשוווירן צו ירשהנען די הייליקע ערד, וואָרום אונז האָט גאָט אויסדערוויילט, פאַר־שטייט איר מיך, צו טראָגן זיין געבאָט צווישן די פעלקער...

פלוצים איז זיין אָטעם אָפּגעהאַקט און דערוואָרגן געוואָרן, ווי ביי א האָן, וואָס איז אים נישט געראָטן דער קריי. זיין קאָפּ האָט אַ ציטער געטון. ער האָט דערפילט, שווערע, יינלעכע בושה אויפשטייגן אין זיין געמיט! וואָס שטייט ער עפּעס דאָ, אין מיטן גאַס און רעט „פראַזן“ ווי אַ משוגענער? פול מיט חרטה און אָפּשיי צו זיך צליין, צו זיין גאַנצן לעבן און צו יענעם יידן, וואָס איז אַוועקגעשלייכט מיט דער געבויגענער פלייצע און מיט דעם באַשפּיגענעם פּנים, האָט משה זיידענצייג אַליין אַצינד אַזוי אַוועקגעשלייכט, פּאַוואָלי, טרויעריק, דעם קאָפּ אבלדיק אַראָפּגעלאָזט, ווי מען גייט נאָך אַ לויה. וואָס האָט ער זיך עפּעס צודרשנט? די שנאה, וואָס ער האָט תמיד געפילט צו יענע אָפּגאַרנדיקע בחורים אין פאַריין, מיט די מיאוסע נעז, שוואַרצע, שטיי־ענדיקע שויבערס און שניפּסן ווי פליענדיקע פייגל, וואָס זייערע מוחות זענען ליידיק ווי די פּויקן און וואָס דרשענען מיט פּוסטע און קנאַקני־

דיקע רייד. ווי לײדיקע ניס, פייפערס, האָט אים אָצינד אַליין גע־טראָפן, ווי מען טוט זיך אַמאָל אַליין אַ ביס אין דער צונג. זיינע שאָטנ־דיקע קנייטשן, טיף איבער די מויל־ ווינקלען האָבן זיך נאָך שוואַרצער פאַרטיפט ווי געגראָבענע ריוועס, אָבער אין דער פיינלעכער שולדי־קייט פון דעם האָט זיך געמישט אַ געפיל פון גערעכטיקייט. ער האָט געגלייבט באמונה שלמה אין זיינע אויסשרייענדיקע רייד, וואָס זענען געקומען פון דער טיפסטער טיפעניש פון זיין לײדנדיק האַרץ, און וואָס האָט זיך אין די לעצטע יאָרן אָנגעפילט מיט ביטערניש ווי אַ כוס מיט סם. מעגלעך אָבער איז, אַז ער האָט גאָר אינגאַנצן נישט גערעדט און נישט געשריגן. די גאַנצע דרשה האָט ער נאָר געטראַכט אין זיין מוח, גערעדט ווי זיין טבע איז געווען צו זיך אַליין, אין זיין האַרץ, מיט די רייד פון די נביאים, וואָס ער האָט געדענקט פונם חדר און וואָס האָבן געלעבט אין דער טיפעניש פון זיינע געבליטן, ווי פיש אין ים.

IV

— קומטס נאָר אהער, יינגאַטשעס!

— ווו זענען מיר געווען? האַ? געוואַיעוועט? מ׳לויפט אַרום אין דרויסן, אַ יאָ?

אַזוי זאָגט משה זיידענצייג צו זיינע צוויי זין, קליינע פאַרגרינטע יינגעלעך מיט קלוגע, שוואַרצע און לײדנדיקע אויגן, גרויסע קעפּ און דינע פיסלעך, וואָס שטעקן אַרויס געל און ראַכיטיש־קרומלעך פון די אָפּגעריבענע, איבערגעניטשעוועטע הייזלעך, ווי שוועבעלעך. זיי האָבן נאַסע, פאַרשמירטע נעזלעך און פולע, קבצנישע בעקלעך, אָנגעגאָסענע פון ברויט און בולבעס, אָבער בלייכע און ווייכע ווי צוגעלעגערטע עפּל וואָס ליגן אין אַ זאַק, אין אַ קעלער, אָן לופט און אָן זון־שיין.

זיידענצייג נעמט די קינדער, איטליכס אויף אַ קני, עסט מיט זיי ביים טיש די אָרעמע וויעטשערע פון די בלעכענע טעלער, אַריינקוקנדיק בעת דעם אין אַ צייטונג. אַלע מאָל זאָגט ער:

— יאַנקעלע, דו קליין יינגעלע, וואָס עסטו נישט?

— בערעלע, קדיש מיינער, קוק אַריין אין שיסל אַריין. הערסט.

וואָס דער טאַטע זאָגט, כע, כע, כע, כ׳וועל אייך אָנפּאַטשן, שיינע חברה־לייט דאָס זענען. און פול מיט צערטלעכער טאַטעשער ליבשאַפט דריקן זיינע עלנבויגנס די צוויי קליינע ברואימלעך אויף די קני, נעענטער צו זיין לייב.

די ייִנגלעך דאַרפן נישט, מען זאָל זיי דערמאָנען. זיי עסן געשמאַק, קלאַפּן מיט אַפּעטיט די בלעכערנע לעפל אין שיסל, מיטן זעלביקן קלאַפּ פון טאַטע און מאַמע. דאָס געלע לאָמפּן־פלעמל באַשיינט מיט רויטלעכער שטילקייט די אָפענע און ערלעכע פנימער פון דער קליינער משפחה ביים פּראָסטן, האָלצערנעם טיש, דאָס פלעשל וואַסער איז פאַרלאָפן מיט ווייסער ראָסע, די אָרעמע מאכלים, קאַשע מיט יויך, שמעקן מיט ווייט פאַרלוירענער היימישקייט, און פונקט ווי דער טאַטע זיינער, שטרעקט זיידענצייג אַ פּאָר האָריקע און ברייט־פינגערדיקע, האָרעפּאַשנע הענט פון די בלויזע העמד־אַרבל אין אַ ברייטן ראָד און שנייט, צוטוליענדיק צו דער ברייטער האָריקער ברוסט, מיטן שאַרפן מעסער דאָס האַרטע אַלטגעבאַקענע און שמעקנדיקע ברויט. ער פאַרקוועטשט דערביי די ברייטע ליפן פון הנאה, אויך פונקט ווי זיין טאַטע פלעגט טון, און נאָר די געדיכטע ברוינלעכע באָרד, וואָס פאַקט איין דאָס פנים אין האַרטער האָריקייט, פעלט אים און ס׳פעלט אויך די יאַרמולקע אויפן קאָפּ. אָפּגעגעסן, ווערט דאָס געמיט אַביסל אויפגעלעבט און דער בליק שפּרייט זיך האָפערדיק. די איינגעוואָרצלטע גלייביקייט פון דורות ייִדן, שפּאַרט אַרויס דעם אַלטן, בטחונדיקן קרעכץ פונם טיפסטן האַרץ אַרויס: אָי... גאָט וועט שוין יאַקאָש העלפן.

כאָטש משה זיידענצייג איז אַ באַוווסטזיניקער און מיטן כוח פון די אָנגעליינטע בראָשורעס האָט ער שוין לאַנג אויפגעהערט צו גלייבן אין גאָט. ער ווייסט בפועל ממש, אַז דער הימל איז גאָר נישט קיין הימל, נאָר אַ נידריקייט בלויז, אַ פאַרטיפונג פון דער בלאָער לופט, און גאָט איז בלויז אַן איינרעדעניש פון די רבנים און גלחים, בכדי צו האַלטן די מענטשהייט אין דער פינצטערניש, ווי ס׳שטייט געשריבן אין די בראָשורעס. אָבער דעם דאָזיקן געדאַנק וואגט ער נישט צו קלערן. טיף אין דער נשמה בענטשט ער נאָכן עסן מיט הכנעהדיקער גלייביקייט אַרויפלייגנדיק די האַנטפלאַך אויפן בלויזן קאָפּ...

ווי דער שטייגער איז האָט זיידענצייג דערנאָך ליב זיך צו נעמען

צו דער באַלעבאַטישקייט. ער קלאַפּט אַריין אַ טשוואָק אין פוס פון הינ־קענדיקן טיש, מאַכט צורעכט עפּעס אַ קאַסטן, זעגט און האַקט מיט דער האַק. צום סוף נעמט ער זיך צו די קינדער. זיי ווייזן דעם טאַטן, ווי זיי לערנען „טורנען״ אין שול. זיי בייגן די קעפּלעך צו דער ערד, וואַרפן מיט די קליינע קולאַקעס אַהין און צוריק, און דער טאַטע קוועלט אָן פון תענוג מיט מידע און לייכטענדיקע אויגן:

— גוט אַזוי, זייער גוט אַזוי, שקצים! לערנט נאָר פליסיג „טור־נען״ און „ספּאָרט״, מען דאַרף פאַרשטייט איר מעך ממזרים קליינע וואָס איר זענט זיין געזונט און שטאַרק, וועט איר כוח האָבן צו אַר־בעטן, דאָרט אויף די פעלדער. איך וועל נישט מאַכן פון אייך קיין סוחרים און קיין מעקלערס, האָטס נישט קיין מורא. ביי מיר וועלן אויס־וואַקסן אַרבעטאַרערס, יינגאַטשעס, כע, כע, כע, איר וועט שוין האָבן אַ שענער לעבן ווי אייער טאַטע, יאָ, יאָ, ממזרים. איר וועט אַקערן און איר וועט זייען און איר וועט שניידן די תבואה...

ער טוט אַ צי די הויזן מיט ביידע הענט און ווערט אַנטשוויגן. ס׳דאַכט זיך אים ווידער, אַז ער רעט „פּראָזן״ און זיין ברייט, קנאָכיק פּנים ווערט ווידער ווייך פון מאַכטלאָזיקייט. ער ווערט אַביסל בייזלעך און ס׳דאַכט זיך אים, אַז בערעלע, דער עלטערער און בלייך־קרענקלע־כער מיט די גרויסע, אויסקאַלופּעטע גראָע אויגן איז עפּעס נישט מיט אַלעמען. דאָס יינגעלע שוויגט שטום מיט זיין טרויעריקער גרינקייט אויפן פאַרחלומטן נעזל.

— נו, וואָס איז? וואָס איז עפּעס נייעס שוין, האַ? וואָס איז גע־שען? שרייט דער טאַטע.

יאַנקעלע דערציילט, אַז בערעלע האָט געחלשט. ביידע זענען זיי געגאַנגען קוקן אין געסל צום קיילער, ווי מען שטעכט אָפּ אַ חזיר. יאַנ־קעלע האָט געקוקט מיט תענוג אָבער בערעלע האָט נישט געקענט זעען, ווי דאָס רויטע, הייסע בלוט זעצט אין שיסל אַריין פון דער געשטאָ־כענער ברוסט, ווו עס האָט נאָך געשטעקט דאָס מעסער ביז צום הענטל און ער האָט נישט געקאָנט הערן די געצויגענע, שוידערנדיקע קוויטשע־רייען פון דעם חזיר, וואָס מען האָט אַריינגערוקט אַ לעבעדיקן אין אַ קאָכעדיקן קעסל וואַסער, כדי אים אָפּצוקרילן די האָר, וואָס מען האָט נעשאַבן מיט אַ הילצערנעם ריסקאַל. דעם חזירס קליינע אייגלעך מיט

די חייסע ברעמען, וואָס זענען ענלעך צו די אויגן פון מענטשן, זענען געווען אָפן און האָבן געקוקט מיט גלאָזיקער, אוממאַכטיקער טויט-אַנגסט. דעם קינד איז, קוקנדיק אויף דעם, נישט-גוט געוואָרן. ער האָט פאַרלייגט דאָס קעפל ווי אַ קראַנק פייגעלע, און דאָס פנימל איז געוואָרן ווייס און דין ווי פאַפיר. אַציגט האָט דער טאַטע זיך מצער געווען און געזעען, חי בערעלע קוקט אַריין דאָרט עפעס אין אַ מעשה-ביכל, דאָס קעפל אָנגעשפאַרט ווי אַן אַלטער, אויף אַ פויסט:

— האַ, וואָס איז דאָס עפעס?

האָט זיך זיידענצייג צעבייזערט — עך האָט פיינט, אַז מען לייגט אַ סך אין די ביכער, ער לייענט שוין אויך, דער קליינער...

דער קליינער האָט העזהדיק אַ קרום געטון דאָס מויל:

— לאָז געמאַך...

אין זיידענצייגן האָט זיך אָנגעצונדן דער צאָרן ווי אַ רויטער פלאַם אויף דער שפיץ נאָז. ער האָט אַ שלעפ געטון דאָס קינד ביים הענטל, אַ זעץ געטון אים אויפן געזעסל, און כאָטש ער האָט געוווסט, אַז מען דאַרף דאָס נישט טון, אַז ס'איז נישט גוט און ס'איז נישט שיין, וייער נאַריש און גראָב, ס'איז סם המות פאַר די קינדער, האָט ער פונ-דעסטוועגן זיך גענומען קריגן מיטן ווייב, קלאַפן מיטן קולאַק אין טיש, ברעכן טעפ:

— כ'האָב געזאָגט, אַז מען זאָל אַכטונג טון אויף די קינדער, מען זאָל זיי נישט לאָזן גיין אַליין אין גאַס, האָב איך געזאָגט, צי ניין? האַ? ענטפער, וואָרום...

זיין פנים איז געווען בלאַס און פון זיינע גראָע אויגן, וואָס זענען חידער געווען פאַרזינקען אין די פינצטערע הייל-לעכער, האָבן געשאָסן בליצן. דאָס ווייב האָט אָקעגן געשטאַנצט ווי אַ צעשויבערטע, אָנגעבלאָזענע הין ווען זי שלאָגט זיך. איר טעמפ און ברייט קול איז אַצינד געווען דין-געצויגן ווי אַ קוויטשיקער פייפער:

— אָי, ווען כ'ווער שוין דיינע פטור, וואָלסט שוין געמעגט שטאַרבן, דו...

— שטאַרבן? דו זאָלסט שטאַרבן.

די קינדער, וואָס פלעגן פריער ביי אַזוינע סצענעס שרייען און חיינען אין ביטער-פאַרצאַפלטע שרעק, האָבן זיך שוין צוגעוווינט, גלייכ־

נילטיק צוגעקוקט זיך צו די שנאהדיקע, צערויטלטע פנימער פון טאַטע-
מאַמע און נישט געהערט שוין אַפילו די ווינסטע קללות. וואָס זייער
שאַרפקייט איז שוין געווען אָפּגעריבן, טעמפּ ווי שטומפּיק-געוואָרענע מע-
סער וואָס קענען שוין גאָרנישט שנײַדן נאָר די הענט.

אין געדיכטן, היימישן ליאַרם האָט זיך פּלוצים אויפגעפּראַלעט די
טיר, ס׳איז אַרײַנגעפלויגן אַ לאַנגע, דאַרע ייִדענע, מיט אַ צעפּאָרן
שייטל אויפן פויגל-קאָפּ, אַרײַנגעפאַלן מיט אַ פּאַליש און מיט צעשפּרייטע
הענט, ווי ייִדענעס, וואָס פאַלן אַרײַן אין שול, אויסבעטן אַ גוססן.

— טאַטעניו, ליובעניו, טייערער מענטש — האָט די ייִדענע גע-
שריגן מיט וויינענדיקן תּחינה-ניגון צו זיידענצייגן — איר זענט דאָך אַ
ייִד, אַ היימישער מענטש, קומט, לויפט, ראַטעוועט, העלפט, געוואַלט
על עך שרייען, מען וואַרפט אונז אַרויס פון דער דירה, אָי ווײ, גי-
כער, כ׳נעם חלשן.

כּהרף עין האָט משה זיידענצייג באַקומען אַ צעקנייטשטן שטערן
און נאָכהענגענדיקע סויל-ווינקלען. ער האָט אײַלענדיק אונטערגעגאַרטלט
די הויזן מיטן רימען, געכאַפּט דאָס היטל און איז אַוועק מיט דער ייִדענע.

רויט-פּנימדיקע גויים מיט שטעכיקע וואָנצעס, ווי בײַ בייזע קוי-
משערס אין די בלויזע העמד-אַרבל, האָבן געשלעפּט, געטראָגן און גע-
וואָרפן צעבראָכענע בעטלעך, שאַפעס, בענקלעך, ערגעץ פון פֿינצטערן
אָרעמען הינטערן-הויף-שטיבל, אַראָפּ פון די צעבראָכענע, האַלץ-טרעפּ
אין דרויסן אַרויס. אַ מענטש מיט אַן אויסגעקראָכענעם קאָפּ און אַ טרוקן-
גראָ פּנים, מיט שוואַרצע אויגן-לעכער, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ
טויטן-שאַרבן, דער ייִדענעס מאַן, האָט עפּעס געשריגן, געביידזערט זיך
און געבעטן מיט אַ כריפּלע, הייזעריק האַלז-קול, וואַרפנדיק אַ פּאָר
קנעכערנע הענט ווי שטעקנעס אין דער לופטן און געטענהט דעם זעל-
ביקן פּזמון:

— וואָס וואַרפן זיי? ווו אַהין זאָל מען זיך אהינטון? אז ס׳זאָל
שוין וואַרפן מיט זייערע ביינער פונם קבר אַרויס... פּאַוואָלי דעם טיש,
טוטס אכטונג אויפן בענקל, רויבערס, מען ברעכט, מען ברעכט, געוואַלט!

אָפּגעשליסענע קינדער מיט בלויזע, פאַרשפּיצטע קעפּלעך און
קרומע אַקסלען האָבן זיך געפּלאָנטערט פאַר די פיס פון די גרויסע, גע-
בראָכן פּיסקעס, געיענטשעט און אין פּייכטן. גראָען ווינקל האָט מען

געזעען ליגן אין קראַנקן-בעטל אַ קראַנק מיידל מיט טויטער - תכריכים-ווייסקייט אויפן פנים, מיט דינע, ווייסע ליפּן ווי ביינדלעך און רויטע פלעקן, ווי מאַלינעס אויף די שפּיץ באַקן-ביינער. צוויי געלע דורכזיכטיקע, לאַנגע הענט מיט לאַנגע, ווייסע פינגער ווי שטעקעלעך, האָבן געגראַבלט און פאַרקראַמפּט זיך אין דעם צעלעכערטן, גראָען קאָץ, װאָס האָט צוגעדעקט איר בינטל אויסגעגריבערטע קנאָכן און די אויגן, גרויסע, שוואַרצע אַרויסגעקאַלופּעטע, האָבן מיט טרוקענעם און גלאָזיקן בליק געקוקט צו דער סטעליע, גלייך דער גאַנצער עסק דאָ, וואָלט זיי נישט אָנגעגאַנגען.

— נו, וואָס וועט זיין מיט דער קראַנקער?

גוטע מענטשן האָטס רחמנות אויף מיין קראַנק קינד, ווו אַהין וועט איר זי וואַרפן?

די יידענע האָט זיך געבויגן איבערן בעטל מיט דער צעשטרעקטער קראַנקער, מיט יאָמערדיקן תחינה-נגון, ווי איבער אַ מת:

— טאָכטער מיינע, נעם מיך מיט אין דער ערד אַריין, אויף וועמען לאָזטו מיך איבער?

זיידענצייג איז אַ רגע שטיין געבליבן אָפּהענטיק, פאַרלוירן אין שוידערהאַפטיקן אָנבליק פון איינע פון יענע גרויל-סצענעס פון גרויסשטאָטישן עלנד, וואָס באַהאַלטן זיך אין די גראָע, פינסטערע הינטערהויף-לעכער פון דער אָרעמקייט. אַ מעכטיקע כוואַליע פון רחמנות און צאָרן איז אים באַפאַלן. זיינע פויסטן האָבן זיך צוגעדריקט און שרייענדיק האָט ער גענומען טענהן מיטן ברייט-ברוסטיקן, בלאָען פּאָליציייניק, וואָס האָט געהאַלטן איין האַנט אויפן הענטל פון שווערט, געטענהט און גערעט צו זיין מענטשלעכקייט, צו זיין יושר: וואָס הייסט עפּעס, מען נעמט און מען וואַרפט אַרויס מענטשן ביי נאַכט פון דער דירה, קראַנקע אָרעמע מענטשן! מען צעברעכט! מען מאַכט אַ תל פונם ביסל אָרעמקייט, מען טרייבט אַרויס אין דרויסן ווי די הינט! וואָס טוט זיך עפּעס דאָ! ס'איז דאָך עפּעס געווען אַ רעוואָלוציע, צי נישט? ס'זענען דאָך דאָ סאָציאַליסטישע מיניסטערס, צי נישט? ער וועט נישט שווייגן, ער קאָן זיך מיט דעם און מיט יענעם „געגאָסע", ער וועט לויפן, ער וועט פאַרקלאָגן. הינט זענט איר און נישט קיין מענטשן... ביידע וועלף.

דער פאליציייניק האט אנגעבלאזן די רויטע פיסקעס ווי צוויי וואראנצן:

— אויב מען רעדט נאך איין ווארט און מען באליידיקט די "וואך", סאקראמענט, פארשאלטענע יידן, אזוי פירט ער אלעמען אוועק און זעצט איין אין ארעסט. מאר־ר־ר־רש קיין גאליציע...

ס'האט נישט געהאלפן קיין טענהס און געבעט. מען האט די וויינערס ארויסגעווארפן און זיידענצייג האט געהאלפן באהאלטן די בעבעכעס מיט די צעבראכענע בעטלעך ערגעץ אין קעלער אריין, טראגנדיק די לייסטן גרינג ווי שטרוי אויף זיינע פעלזיקע אקסלען. די יידענע איז געשטאנען געקוקט, און געיאמערט:

— אוי, א געזונט אייך אין די ביינער אריין, טאטעלע מיינער, גוטער מענטש, וואס וואלטן מיר געטון אן אייך? ס'קומט אויס, זיך אויסצושטרעקן.

— נו, וויינט נישט מומע, מיר וועלן שוין זעען, עפעס צו טון, קומט, זייטשע מוחל, עך פארבייט אייך צו מיר אויף נאכטלעגער.

זיידענצייג האט גערעדט ברייטלעך־באלעבאטיש, פול מיט כבוד און געהויבנקייט.

די יידענע האט זיך נישט געלאזט טרייסטן:

— אי וויי, וואס רעדט איר, מענטש איינער, איר ווינט אליין אין א לאך, וווּ זאלן מיר זיך אהינטון, איר זענטאך אליין אן ארעמאן, וויי איז מיר.

— קומטס נאר, קומטס. רעדטס נישט קיין סך, ס'וועט שוין זיין רעכט. שאט, שרייט נישט אזוי.

און מען האט אריבערגעטראגן דאס בעטל מיט דער קראנקער צו זיידענצייגן אין שטיבל.

דער פרעמדער ייד איז באלד געזעסן אין מיטן דרינגען אויפן פארבינדענעם און הארטן טלומיק, אין מיטן דרינגען מיט אן אנגעשטעלטן און מידן שארבן־פנים, אויך אזוי גרא און פארלוירן ווי דער טלומיק גלייך ער וואלט געווארט אויפן באן, וואס דארף אים ערגעץ צוועקפירן רעדנדיק צו זיך אליין זיין פזמון:

— ס'זאל ווארפן מיט זייערע ביינער פונם קבר ארויס, העכער־ —

די יידענע האָט זיך שוין געפּאַרעט דאָרט אין קיך און מען האָט געהערט ווי זי רעט מיט זיידענצייגס ווייב:

— זייטשע מוחל, דאָס איז אייער טעפּל? ס'איז מיין טעפּל, פרעגט מיך בחרם, דאַכט זיך מיר, ס'איז מיינס, אַז דער קאָפּ דינט שוין נישט, וואָס פרעגט איר, צרות און צרות. אָי גאָטעניו, וואָס עט זיין דער סוף

— האַ, וואָס זאָגט איר? — מאַכט חיה אונטערשטעלנדיק אַ טויב-לעכן אויער.

זיידענצייג האָט אָפּגעטרעטן דער יידענע זיין בעט, געהאַמערט ברעטער, צונויפגעשטעלט די בענקלעך פּאַר געלעגער און די נאַכט-רו האָט ווי אַ קילער פויגל זיך געלעגט איבער דער מידקייט פון געפּלאַצטע מענטשלעכע פּנימער.

אָבער פּלוצים האָבן זיך ווידער דערהערט יאָמערלעכע און קוויטשיקע קולות פון ערגעץ, הפּנים פון אונטן, פונם קעלער. זיידענצייג האָט אַ האָרך געטון און איז גיך אַהין אַראָפּגעלאָפן, צום שוסטער, אין טונקע-לער פינסטערער קעלער-שטוב. אַ קליינע צעשויבערטע גויע מיט אַ שלאָפנדיק, פאַרשמירט קינדל אויף די הענט, וואָס זיינע באָרוועסע פיס-לעך זענען ווי געשטאַנען אויף דעם הויכן, טראָגנדיקן בויך, פאַרשפּיצט ביז אונטער דער גויעס איינגעקוועטשט, קעציש פּנים, האָט זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל. דער מאַן אירער דער שוסטער, איז ווי אַלע נאַכט אַהיימ-געקומען טויט־שכור און, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט ער גנש אָגן דאָס ווייב מיט דער געוואַלדיקער פויסט פון אונטן אַרויף, אין טראָגנ-דיקן בויך אַריין. ווי תמיד האָט זי געשריגן פון אַ צוקרומטן מויל-ווינקל, געוויינט מיט טרוקענע אויגן און גערעט צו זיידנצייגן:

— וואָס וועט ער שוין האָבן דערפון, אַז ער וועט מיך ממיתן, דער רוצח? איך שטעל אים אונטער דעם בויך און זאָג צו אים: נאַ, מערדער, הרגע דאָס נפש דאָרט, אינעווייניק.

— וואָסזשע טוט ער? — פרעגט זיידענצייג, דאָס מויל געעפנט אין דערשראָקענעם וווּנדער.

— ער הרגעט — ענטפערט די גויע.

דער שוסטער הערט אויס די טענה, טוט אַ כאַפּ זיין ווייב ביים שויבער, טוט זי אַ טלום, און שלעפּט זי אַרויס פון ווינקל·

— וואָס טוסטו, פאַר פּרעמדע מענטשן מיך באַרעדן, האַ? דו שטיק דר...

דער שוסטער שפּאַרט אונטער מיטן קאָפּ די סטעליע און זיין ברייטקייט ווי אַ מויער פילט אויס דאָס שטיבל. זיינע אָרבל זענען פאַרקאַטשעט איבער די האָריקע הענט, ווי דעמבעס. ער פּיפּקעט אַ לאַנגע לולקע ציביק, וואָס זעט אויס ווי אַן איבערגעקערטער טרומייטער מיט אַ פאַרצעלייענעם טאָפּ פון אונטן. אַ לאַנגע, ווייסע באָרד שפּרייט זיך ווי אַ פעכער איבער דער ברייטער ברוסט און פונם געוואלדיקן לייבן-קאָפּ, וואָס אויפן שפּיץ גלאַנצט אַ ווייסער פליך ווי אַ טעלער, הענגען אַראָפּ געדיכטע, ווייסע קודלעס האָר, ווי ביגטן פלאַקס. פון דער דאָזיקער ווייסער האָריקייט שטעקט אַרויס אַ מעכטיקע, קיילעכדיקע, האַרטע און רויטע נאָז מיט גריבער און בערגלעך ווי אַ רויטער קולאַק. אויף זיין גראָבן בויך איז אונטערגעשטעקט אַ גרין, לעדערן פאַרטוך.

— איך האָב דיר איינמאָל געזאָגט, זאָלסט נישט רעדן און זאָלסט טון, וואָס איך וויל — טענהט דער שוסטער און פויקט מיטן קולאַק דעם ווייב אַן הויכן בויך אַריין, ווי מען פויקט אין אַ קעסל-פּויק.

זיידענצייג טוט זיך אַ שטעל אַוועק פאַר דער גויעס בויך און צושפּרייט ביידע הענט, כדי זי צו באַשיצן. ער פּרוווט זיך אַריינלייגן אין שלום:

דאָס דאַרפט איר נישט צו טון, שכן! צוערשט דאַרף מען אָפּהיטן דאָס קינד. ס'איז גאָטס באַשעפעניש. וואָס האָט איר צו דעם? ס'איז דאָך נאָך נישט געבוירן געוואָרן אַפילו, איר פאַרשטייט?

— יאָ, יאָ, איך פאַרשטיי שוין, אַוודאי איז דאָס אמת — זאָגט דער שוסטער מיט זיין ברומענדיקן באַס.

— נו, זעט איר שוין, צו וואָסזשע ווילט איר הרגענען דאָס קינד?

— צו וואָס דאַרף איך דאָס? האַ, זאָגט אַליין צו וואָס? — פרעגט דער שוסטער מיט צעעפנטע פולע און תמעוואַטע ליפּן.

— וואָס הייסט צו וואָס? ס'איז דען אייערס?

— האַ, וואָס זאָגט איר? ס'איז נישט מיינס? וועמעגס דען אַ שטייגער איז דאָס? האַ, ווי?

און דער שוסטער טוט אַ שפּאַן פאָרויס מיט איין פוס. זיין געשוואָלן גראָב פּרצוף אין דער ווייסער האָריקייט, איז אַצינד בלאָ ווי אַ

מילך. די קליינע, רויט-געאָדערטע, פאַרגלאָסטע אייגלעך זענען האַלב צוגעקוועטשט ווי ביי אַ בייזן הונט.

— וועמענס? פרעג איך, וועמענס קינד? הע, ייד!

— איך מיין נישט דאָס — זאָגט זיידענצווייג מיט אַ הירושענדיקן געלעכטער. כאַ, כאַ, כאַ, כי, כאַ, אוודאי איז דאָס אייערס, וואָס דען, כאַ, כאַ, כאַ, אוודאי... איך מיין נאָר, אַז גאָט האָט דאָס באַשאַפן, אַ יאָ? האַ, נישט אמת? ס'איז גאָטס באַשעפעניש און איר האָט נישט קיין רעכט דאָס צו הרגענען, שכן!

— איך, איך האָב דאָס באַשאַפן. איך — שרייט דער שוסטער און באַכעט זיך מיט דער פויסט אין דער ברייטער ברוסט — ס'איז מיינס, זי! זי ה—ע—ר—ן! זי ייד!

— אָבער הרגענען טאָר איר דאָס נישט, איר פאַרשטייט!... וואָרום איך וועל אייך... הע, ס'איז דאַ אַ גאָט אין הימל צי נישט? וואָס? האַ, אַ יאָ ס'איז דאָ...

דער שוסטער דערשרעקט זיך אַביסל פאַר זיידנצווייגס בליק וואָס פלאַמט שוין ווידער אין זיינע טיפע, היילן-אויגן. ער ווערט שטיל. דערנאָך רוקט ער נענטער זיין בויך, ווי ער וואָלט געקאַטשעט אַ פאַס און פרעגט:

— וואָסזשע גייט דאָס אייך אָן, האַ, כ'מיין דער גאַנצער עסק. וואָס מישט איר אייך אַריין אין פרעמדע ענינים?

זיידנצווייג דרייט מיטן שווערן קאָפּ און פלאָנטערט מיט דער צונג, זוכט עפּעס אָן ענטפער, געפינט נישט, ווערט רויט פון באַדרענגעניש און זאָגט צום סוף: — מען טאָר נישט! גאָט האָט פאַרבאָטן צו טון שלעכטס מען דאַרף נאָר טון גוטס! איר פאַרשטייט?

— אָבער איך וויל טון וואָס ס'גלוסט זיך מיר — שרייט דער וייס-באָרדיקער שוסטער מיט תחנונימדיקן יושרדיקן קול, גלייך מען וואָלט אים געוואָלט באַראַבעווען, און כדי צו באַווייזן זיין ווילן און זיין רעכט, טוט ער אַ לעצטן שטויס מיטן קולאַק דעם ווייב אין בויך אַריין מיט אַזאַ כוח, אַז יענע טוט זיך אַ נייג ביז צו דער ערד. ער שלעפּט דאָס יאָמערנדיקע ווייב ביים שויבער און שרייט:

— ייד, האָסט מיר נישט צו זאָגן קיין דעות! איך טו, וואָס איך וויל. אַז איך וויל הרגענען, הרגע איך.

דער שוסטערקעס פנים ווערט פּ׳וצים ווייס ווי קאַלך, טרוקן-קנאַ-כיק און איינגעשרומפּן, באַלד גיסט זיך דאָס אָן מיט בלוטיקער רויטקייט און ס׳ווערט דערנאָך גרין און שטאַרק אָנגעשטרענגט. די ליפּן ציטערן, די אויגן קוועלן אַרויס פון די לעכער, זי שלינגט מיטן מויל און ס׳דאַכט זיך, אַז זי וויל צוריקכאַפּן, עפּעס איינשלינגען. ס׳דערהערט זיך דער ערשטער געצויגענער ווי-געשריי פונם געווינען: אָ—אָ - אָ!

און משה זיידענצווייג טוט זי אַ כאַפּ די געווינערין מיט ביידע הענט, לאָדט זי אָן אויפן אַקסל. ער טראָגט זי אַרויס פונם קעלער או שפּאַנענדיק די טרעפּ אַרויף, צו זיך אין שטיבל, פילט ער די שווער-קייט פונם מענטש אויף די אַקסלען, און אינייגעם מיט דעם דעם עול פון לעבן, — די לאַסט.

ער קוילערט זיך גייענדיק און זעט אויס, ווי ער וואָלט געשלעפּט הינטער זיך אויף אַ וועגעלע די פיר און זעכציק יאָר פון זיין לעבן. גראָבע, ווייכע פינגער האָט ער, ווי די קליסקעס, און אַ בויך, אין וועלכן ס׳מוזן וואַקסן באַדילעס פון קאַרטאָפל.

שוין דריי יאָר, ווי יאַנטשע מילנער איז אַן אלמן. זיצט ער אין דרויסן אויף דער מיל, האַלט אין קופּערט איינגעשלאָסן דאָס קוואַטירל-ווטער, וואָס ער קויפט זיך אַלע וואָך (ס׳איז ווינטער-צייט, די קי זענען קעלביק), און נעמט אַראָפּ דערפון מיט אַ לעפל אינדערפרי און פאַר-נאַכט, ווען די אַלטע אַנטאָניאָוואַ קאָכט אים אָפּ אַ שיסל ערפל אין די מונדירן.

אין די ווינטערדיקע נעכט, ווען דער טייך איז פאַרפרוירן און די קיך איז אָנגעפּאַקט מיט פויערים, וואָס וואַרטן ביז ס׳וועט אָנקומען אַביסל וואַסער און מ׳וועט פאַרטאָג אַ לאָז טאָן די מיל — קומט אַריין יאַנטשע מילנער אין באַרכענעם שפּענצער, לייגט זיך אויף דער פּאָדלאָגע אין דער מיט קיך, פאַררויכערט פון די היימישע פויערישע בלעטער און לאָזט זיך נאָכאַמאָל איבערדערציילן די אַלע מעשיות וועגן היי-יעריקן גערעטעניש און די אַלע רכילותן פון פויער צו פויער, וואָס מ׳האָט זיי שוין געהערט דאָ אין דער קיך אַ טויזנט מאָל און יעדעס מאָל שטרענגט מען אָן מויל און אויערן און מ׳גאַפט, גלייך מ׳וואָלט עס דאָ געהערט אויף אַ נאָווינע. מ׳כאַפּט אַזוי אַ דרימל קאָפּ צו קאָפּ, און דאָס קיכל ווייקט זיך אין מאַכאָרקע-רויך אַזוי לאַנג, ביז די אַלטע אַנטאָניאָוואַ וויקלט צונויף דאָס קנוילעכל וואָליטשקע און שלעפּט דעם באַלעבאָס פאַרן אַרבל:

— גאָספּאָדאַזשו, שלאָפן-גיין... גאָספּאָדאַזשו...

די אַנטאָניאָוואַ גייט אים נאָך פון הינטן מיט אַ ליכטל ביז אין דער לעצטער שטוב, וווּ עס שטייען די צוויי בעטן, איינס אויפגעבעט און דאָס אַנדערע נישט. שטייט זי אַזוי ביי דער טיר מיטן ליכטל אין האַנט, דער אַלטער טוט זיך אויס, זי ווייס נישט וואָס צו טאָן: אַוועק-גיין אָדער וואַרטן נאָך, איבערן שטוב לויפט אַרום אַ ווינט, וואָס פרווט לעשן דאָס ליכט. ביז דער אַלטער טוט אַ קרעכץ פון אונטער דער פערענע — און זי גייט אַרויס.

אויף דער אַלטער אַנטאָניאָוואַ קוקט ער קרום, יאַנטשע מילנער

ער האָט שוין נישט איינמאָל געטראַכט זי משלח צו זיין און אויף איר אָרט צונעמען איינע פון די פרישע רויטע שיקסעס אין דאָרף. נאָר די אַנטאָניאָווא זאָגט, אַז זי גייט נישט אַוועק פון דער מיל. דאָס ווינקל ביי דער קיך, וווּ עס ליגט איר רויטע פערענע מיטן קישן אין קראַטן און עס שטייט דאָס דריידל, אויף וועלכן זי ציט אויף דאָס וואָל אויף די שטענגלעך אין די ווינטער־נעכט, דאָס, זאָגט זי, איז אירס און פון דאַנען רירט זי זיך נישט כל זמן זי לעבט.

און די אַנטאָניאָוואַ פילט זיך אין דער קיך פון יאַנטשע מילנער, ווי ביי זיך אין דערהיים. פרייטאָגצונאַכטס, נאָכן עסן, ווען דער אַלטער שלאָפט שוין געשמאַק אויף די עלנבויגנס ביים טיש, דעמאָלט מאַכט זיך די אַנטאָניאָוואַ פייער אין קיך, קאָכט זיך אָפּ ערפּל, באַגיסט זיי מיט סמעטענע און עסט אַליין ביים שיין פון די קוילן, וואָס פאַלט אויף איר צערונצלט פנים.

די אַלטע אַנטאָניאָוואַ האָט אַ קליין יעזוסל, איינגערעמט אין אַ שוואַרץ, אָפּגעקראָכן רעמל, האַלט זי עס איינגעוויקלט אין אַ האַנטוך באַהאַלטן אונטערן קראַטענעם קישן. אַמאָל, שוין גאַנץ לאַנג, האָט זי עס געפּרוווט אויפהענגען אין ווינקל וואַנט איבערן געלעגער, איז אַריינגעקומען יאַנטשע מילנער און אויפגעקאָכטער!

— וואָס איז דאָ ביי מיר אין שטוב אַ תּפֿלה, צי וואָס?

פון דעמאָלט אָן האַלט זי עס באַהאַלטן און זי נעמט עס אַרויס יעדן אויפדערנאַכט פאַרן שלאָפן־גיין, גיט אַ קוק דערויף, אַ קוש און לייגט עס צוריק אַוועק. אין די פרייטאָג־צו־נאַכטסן, ווען די מיל רוט, קיין גוים אין קיך זענען נישטאָ און יאַנטשע מילנער שנאָרכט געשמאַק ביים טיש נאָך די פעטע געקעכטצן — דעמאָלט נעמט די אַלטע אַרויס דאָס בילדל און קוקט זיך איין דערין לענגער ווי שטענדיק. מיטאַמאָל נעמט זי אַוועק די אויגן פון יעזוסן און פאַרגראָבט זיי אין דעם גליענדיקן ליכט פון די קוילן אין קוימען. די קוילן צעפאַלן אונטער דעם בראַנד און פון צווישן זיי טויכן זיך אַרויס, ווי אויף דינע פייערדיקע שטעקעלעך — יאָרן פאַרלאָפענע און איינגעשרומפּענע, קוים וואָס מען דערקענט זיי. יאָרן ביים פריץ אויפן פאָלוואַרק.

אַנטאָני דער מאַן איז פאַראַבעק. אין די גרויסע באַגינענס שטייט

ער אויף, שפאַנט איין די פיר פריצישע לייבן „נאַ שפיץ" און קנאַלט אַרויס אין די אויפגעטויכטע דורשטיקע פעלדער אַריין. קיין זאַך איז טאַקע נישט אייגנס, נישט די קי און נישט דאָס גראָז און אפילו דאָס שטיקל כאַלופּע נישט, און אַמאָל שרייט זי די פריצטע און מאַכט קולות הלמאי מ'איז צו-פויל. אָבער — די בלומען-טעפּ אין די פּענצ-טער, די בלאַנקענדיקע פאַדלאָגע און — די זונטאָגס! אוי, די זונ-טאָגס! אויף די פריצישע פערד קנאַקט מען אַריין אין שטאָט אַריין און אויף צוריקוועגס פון קאָשטשאָל פאַרפאָרט מען „דאָ לייבושאַ", ווו דער קאָפּ נעמט שווינדלען פון די פיל־קאָליריקע בענדער אין סטענ-געס, פון די אַלערליי פאַרביקע געוואַנדער אויף קליידלעך, פון דעם קלעפּיקן, גלאַנציקן צוקערוואַרג און פון די האָניק־לעקעכער מיט די צוגעקלעפּטע פליגל פון אַ מלאך. די קינדער רייסן פאַר די פּאָלעס: מאַמע, קויף דאָס, מאַמע, קויף יענץ, און אַנטאָני טרעט דערווייל אָפּ אין שענק אַריין, מאַכט אַ כוסה און נאָך איינע, און אויף צוריקוועגס אין דאָרף אַריין קושט ער דאָס ווייב און קושט די קינדער — עפּעס גאָרנישט דע' אייגענער אָנגעכמורעטער וואָס שטענדיק.

די קוילן אין קוימען זענען שוין גאָלע אַש, טונקל, ברוין.

ער שטאַרבט. די ביידע מיידלעך פאַרווילט זיך קיין לאָדז און — ווי אין וואַסער אַריין... און זי די אַנטאָניאָווא קומט אָן צו יאַנטשע מיל-נער אין קיך אַריין.

ס'איז שוין פינצטער אין קיך. איר קאָפּ דריקט שווער אויפן גלאָז פון דעם יעזוסל מיטן אַלטן אָפּגעקראָכענעם רעמל.

---

יאַנטשע מילנער קריכט אַרום איבערן הויף, באַטאַפּט די פערד, וואָס זענען אויסגעשפּאַנט און שטעקן מיט די קעפּ אין די וועגענער, שטעלט זיך אָפּביים פאַרקאַן, וואָס איז באַהאָנגען מיט איבערגעדרייטע, ערדענע טעפּ צום טריקענען. יאַנטשע באַטראַכט די ערדענע טעפּ מיטן בוידעם אַרויף — אַ טרויעריקייט און אַ פּוסטקייט שלאָגט פון די ליי-דיקע טעפּ. דאָס ערגסטע איז מיט די שבתים, ווען קיין אַרבעט אין מיל איז נישטאָ. יאַנטשע שטייט אויף באַגינען, גייט אוועק אין שכנותדיקן דאָרף אַריין, ווו מ'דאַווגט מיט מנין, דערנאָך דער קידוש ביים קצב, און

צען אַזייגער אינדערפרי זיצט שוין יאַנטשע אַ געדאַווענטער, אַ געגעסע־נער — וואָס טוט מען ווייטער?

שבת בייטאָג, נאָכן שלאָף, זעצט ער זיך אַוועק מיט די געלע, באַרוועסע, באַפּיגצטע פיס אויף די קלעצער הינטער דער סטאָדאָלע און זאָגט ברכי נפשי. אָן דער קאַפּאָטע זיצט ער פאַרלייגט איין כאַר־וועסן פוס אויפן אַנדערן און האַקט אַזוי פסוק נאָך פסוק אין דעם ברכי נפשי אַריין, גלייך ווי ער וואָלט געוועןאַ גאַנצער פאַן בראַט מיט דעם טייטש פון די ווערטער און וואָלט געוווסט געניי וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

ביז איינמאָל אַ טאָג האָט יאַנטשע געמאַכט אַ קלימעקל פון זיין גרויסן רויטן שניפּטוך, אַריינגעלייגט דערין עטלעכע אייער, אַן אָפּגע־בראָטן לעבערל, אַ שטיק היימישן לעקעך און אַ פלעשל בראָנפן און איז דערמיט אַוועקגעגאַנגען. געלאָזן די פויערים מיט דער מיל מיט אַלץ מיטאַנאַנד. די אַנטאָניאָוואַ האָט ער אָנגעזאָגט, אַז אויף דער נאַכט זאָל זי אָפּקאָכן אַ שטיק שעפּס מיט קאַרטאָפל, און זי זאָל אויפרוימען ביידע שטובן מיטן אַלקער.

עס איז אַ זומערדיקער נאָך האַלבער טאָג. די וועגן זענען שטיל, שטויביק און זאַכט און דערציילן פון גרויסער מנוחה און רו, וואָס שפּרייט זיך דאָ איבער די דערפער און פאָלוואַרקעס. יאַנטשע גייט אַזוי איבערן שאָסיי, פאַרזונקען טיף אין זיך. ער ענטפערט נישט אויף די גוט־מאָרגנס פון די פאַרבייפאָרנדיקע פויערים. ווער קאָן דאָס איינ־פאַלן, אַז יאַנטשע גייט חתונה־האָבן, איצט, אין דעם זומערדיקן האַלבן טאָג, מיט ביילקע דעם קצבס טאָכטער, דאָ באַלד טאַקע, אין דעם שכנותדיקן דאָרף ריסעווע. מ'רעדט שוין לאַנג פון דעם שידוך. ס'האָט שוין אפילו געהאַלטן גאָר נאָנט, נאָר מ'איז זיך צעגאַנגען, ווייל דער קצב האָט געוואָלט, אַז יאַנטשע מילנער זאָל תיכף ומיד אָפּשרייבן אַ האַלבע מיל אויף זיין טאָכטערס נאָמען, און יאַנטשע האָט צוגעזאָגט, אַז ערשט לאחר מאה ועשרים שנה אין דער צוואה וועט ער איר איבער־לאָזן די האַלבע מיל. איז גאָרנישט געוואָרן. אָבער יאַנטשען האָט עס שוין נישט אָפּגעלאָזט, ער האָט קיין מנוחה נישט געהאַט נישט אין די נעכט און נישט אין די טעג. האָט ער זיך סוף כל סוף מיישב געווען:

— מיין כפרה אי׳דעס, מיט דער גאַנצער מיל, — און האָט גע־שיקט זאָגן דעם קצב ער זאָל באַשטימען אַ זמן־חתונה.

ביילקע איז אַ גרויסע, שטשאָקיקע דרייסיקיעריקע מויד, מיט רויטע צעקודלעטע האָר און מיט אויגן פון אַ שעפס. תחילת, ווען מ׳האָט איר דערציילט, אַז יאַנטשע מילנער פון דער קראָסעווע שדכנט זיך צו איר — האָט זי זיך אַזש אָוועקגעקוילערט פאַר געלעכטער:

— כאַ־כאַ־כאַ! אָט דער אַלטער נאַר! וואָס וועל איך מיט אים מאַכן? — האָט זי געשריגן.

אָבער די וואַסער־מיל, וואָס שטייט זיך ווי אַ פּאַלאַץ אָן אַ זייט פון שאָסיי, און דער פולער הויף מיט פערד, קי, קעלבער, שעפסן, גענז, און די וויאָרסטן־לאַנגע פעלדער מיט אייגן ברויט־ און זעמל־מעל, מיט אייגענע קאַרטאָפל און קרויט — דאָס אַלץ האָט זיך ווי אַ שפּין אַריינ־געדריוועט אין איר האַרצן אַריין. אונטער איר אַלט־מיידלשן שטאָלץ האָט געכּישופט און געלאָקט אַ פאַרבאָרגענער, פאַר זיך אַליין נישט קלאָרער פאַרלאַנג: ווערן מילנערין, באַלעבאָסטע איבער דעם כּל־טוב, איבערן הויף און איבערן געלט און איבער דער גאַנצער האָפטע פאַ־ראָבקעס.

און ווען יאַנטשע מילנער פלעגט דערנאָך קומען שבת דאַווענען צום קצב אין שטוב אַריין, האָט שוין ביילקע געכאַפּט אויף אים פאַר־באָרגענע בליקן און זיך נעטראַכט:

— אַזאַ מענטש, וואָס קאָן ער ברויכן, אַ מלאך אַליין, וועט זי זיך זיצן אויף דער מיל, פירן די גאָספּאָדאַרקע, און יעדן שבת בייטאָג וועט זי זיך אַהיימקומען קיין ריסעוו, ס׳וועלן זיך צונויפקומען די מיידן פון דאָרף, מ׳וועט זינגען און האָפּסלען, ווי שטענדיק, און — שוין, קיין זאַך וועט נישט האָבן געשען.

גייט זיך אַזוי יאַנטשע מילנער איבערן שטויביקן שאָסיי און איז נישט אַזוי אויפגערוימט, ווי עס דאַרף דאָס זיין אַ חתן, וואָס גייט צו זיין חתונה. צי ער טראַכט איצט פון זיין ערשט ווייב, מיט וועלכער ער האָט אָפּגעשטופּט אַזאַ שטיק וועלט, זיסע און ביטערע יאָר, צי ער טראַכט וועגן די אויסגעגעבענע קינדער און ציטערט זיי זאָלן נישט געוווירן וועגן דער האַלבער מיל, וואָס ער האָט אָפּגעשריבן עפּעס אַ מויד ניים לעבן צוליב זיין אייגענעם ווילטאָגס וועגן. מיטן רויטן שניפּטוך

אין האַנט, ווו ס'איז איינגעוויקלט אַן איי, אַ לעבערל, אַ שטיק לעקעך מיט אַ ביסל בראָנפן, שפּאַנט ער און פּאַלט ממש אונטער דער לאַסט פון זיין מאָדנע פּאַרנעפּלט געמיט.

— יאַנטשע, אויפגערוימטער! — רופט ער צו זיך אליין און נעמט שפּרייזן האַסטיקער. אָבער עס לייטערט זיך נישט אויס אינעווייניק, און אַ שווערער, אַן אָנגעכמורעטער, ווי ער וואָלט געברענגט צו שלעפּן אונטער זיך אויף אַ וועגעלע די פיר און זעכציק יאָר פון זיין לעבן, קומט ער אָן אין דאָרף אַריין.

דער קצב, דער מחותן, גייט אים אַנטקעגן מיט חניפה און מיט אָנגעגאָסענער צופרידנקייט:

— ברוך הבא, חתן!

יאַנטשע איז אַלץ כסדר פאַרלוירן. ער זיצט ביים קצב אין דער אויסגעקאַלכטער שטוב, אָנגעטאָן אין דעם אָלפּאַגענעם כאַלאַטל, אַרומגעגאַרטלט מיטן רויטן שניפּטוך. דערנעבן זיצט דער שוחט, דער מחותן, עטלעכע דאָרפסלייט, אַ מנין יידן.

ביילקעס שטיפמאַמע פאַרעט זיך, נאָר מ'חייפט נישט צי דאָס פאַרעניש איז מחמת ס'איז איר ניחא, וואָס זי פטרט שוין אַרויס די מויד פון שטוב אַרויס, אָדער דאָס האָפט זי אַליין אויך עפּעס צו געניסן פון דעם פעטן ביינדל, וואָס וועט צופאַלן דער משפחה אויף דער וואַסער-מיל.

אַ פּראָסטע, דאָרפישע חתונה, אָן כלי-זמרים, דאָס גאַנצע כלי-קודש איז דער שוחט, וואָס זאָגט טאַקע אַלע פרומע און שווערע פסוקים.

ביילקע כליפּעט. זי האָט זיך דערמאָנט אָן דער מאַמען, וואָס עס וואַקסט שוין אַזאַ געדיכט פעט גראָז אויף איר קבר.

אין דעם אייגענעם טאָג נאָך זיצט מען אויף אויף דער בריטשקע ון יאַנטשע פירט ביילקען אַריין אין דער מיל אַריין. אונטער די פיס ליגט פרישע, געשניטענע היי, וואָס פאַרשמעקט די בריטשקע. דער פרישער היי-געשמאַק דרינגט אַרויף יאַנטשען צום פנים און וואַשט אים, ווי מיט פריש, קוועלנדיק וואַסער; דרינגט אַריין דורך געדיכטע קנייטשן פון זיין צעקנאָדערט פנים ביז אין בלוט אַריין. זיינע אַלטע, געלע אויגן הייבן אָן שמייכלען אין ביילקעס זייט. ער קוקט זי אַזוי אָן מיט אַ צו-

געזשמורעט אײנל און גיט איר אַ טשוכע מיטן עלנבויגן אָן אַ זײט. ביילקע האַלט אראָפגעלאָזט דעם קאָפּ און לאַכט ערגעץ איז דער נידער מיט אירע גרויסע שעפּסענע אויגן.

עס איז געדיכט, מענטשלעך גליק, אַרויסגעבאַרט און אַרויסגעגנבעט מיט עפּעס אַ ביטערע שפּיצל ביי אימיצן, וואָס איז אַ שטרענגער בעל־הבית איבער דים.

---

דער אָווגט איז שוין געווען צוגעפאַלן, ווען יאַנטשע מילנער מיט זײן יונג ווײב ביילקע זענען מעשה־פריץ, ברייטלעך, פאַרפאָרן צו דער וואַסער־מיל. די אַנטאָניאָוואַ מיט די פאַראָבקעס פון מיל און פון די פעלדער זענען געווען פאַרזאַמלט אויפן הויף. יאַנטשע האָט בלויז גע־פרעגט די אַנטאָניאָוואַ צי די שטובן מיטן אַלקער זענען אויפגערוימט, ווי ער האָט געהייסן. די אַנטאָניאָוואַ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און אין דער אייגענער מינוט איז איר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, וואָס האָט זי פול געמאַכט מיט טרויער און דערשלאָגנקייט. זי איז אַריינגע־גאַנגען אין קיך צוריין, די הענט פאַרלייגט פון פאָרנט אויפן פאַרטוך, און עפּעס איז עס שוין נישט געווען מער די אייגענע קיך, וואָס מיט אַ שעה פריער. די קישן אין קראַטן, מיט די פערצנע, מיטן דריידל, מיטן צלם אונטערן קישן — דאָס גאַנצע פאַרמעג אירס האָט געקוקט אויף איר און צלע אינאיינעם זענען זיי געווען פאַרלאָזן, איבעריק, איינגע־בעטן, כאָטש נעם און גיי דיר דיין וועגס.

און אין די שטובן ביי דער וואַסער־מיל האָט מען צוריק אָנגע־הויבן באַקן חלות אויף שבת. און געטאָן האָט דאָס ביילקע, פאַר איר מאַן יאַנטשע מילנער. איבער די צוויי שטובן האָט אַרומגעפלאַטערט אַ פאָרעניש און אַ זאָרגעניש. ביילקע האָט פאַרלאַנגט נישט אַנדערש, אַז יאַנטשע זאָל פאָרן אין שטאָט אַריין און באַשטעלן ביים סטאָלער צוויי פרישע בעטן מיט אַ שאַנק. זי האָט זיך דאָס פאַרדינט, — האָט זי גע־טענהט. זי מעג אויך האָבן צו דער חתונה אַ פּאָר נייע בעטן, ווי עס פירט זיך ביי לייטן, און נישט שלאָפן אין די אַלטע, אָפּגעקראָכענע בעטיכעס, וואָס חער ווייסט ווי לאַנג זיי שטייען שוין.

יאַנטשע האָט אָפילו נישט פאַרשטאַנען צוליב וואָס מ׳דאַרף בחינם

פטרן געלט, בעת די אַלטע בעטן זענען נאָך גאָר גוטע בעטן און מ׳קען אין זיי גאַנץ געשמאַק שלאָפן. פונדעסטוועגן האָט ער ביילקען נישט געקענט אָפּזאָגן און איז געפאָרן אין שטאָט אַריין צום סטאָלער.

ס׳איז נישט מער געוועזן דער אייגענער יאַנטשע, וואָס מיט אַ חודש פריער. פונקט אַזוי ווי דעמאָלט איז אַלץ געפאַלן פון די הענט און קיין זאַך האָט קיין זין נישט געהאַט, נישט די מיל, נישט די מעסט־לעך, וואָס ער שיט אַראָפּ פון יעדן קערץ קאָרן אָדער גערשטן, נישט די פּאָר גילדן, וואָס ער נעמט אָפּ פון די פויערים און באַהאַלט זיי טיף אונטער די וועש אין קופערט. עס האָט אים אַלץ כסדר געטריבן פון די פּוסטע שטובן אין דער מיל אַריין, און פון מיל אויפן הויף אַרויס.

היינט געדענקט יאַנטשע מילנער, אַז ער איז מילנער. ער היט אָפּ די מיל מיט דער מינדעסטער קלייניקייט, די רעדער זאָלן זיין באַ־גאָסן מיט אייל און זאָלן נישט קרעכצן, די רימענס זאָלן זיך נישט רייסן, טאָרף זאָל זיין אָנגעגרייט אויפן ווינטער, און נייע „זאַסטאַווקעס״ צו פאַרצאָמען, אַז דאָס אייז זאָל נישט אונטערגראָבן די מיל. ער זאָרגט פאַר די פעלדער מ׳זאָל אַרונטערנעמען באַצייטנס, מ׳זאָל שערן דאָס וואָל פון די שעפסן, מ׳זאָל אונטערהאַקן די „פּאָרעמבעס״ אין וואַלד, אויסלייגן אין טיילן עס זאָל גרייט זיין פאַר די סוחרים פון שטאָט, וואָס וועלן אַראָפּפאָרן.

יאַנטשע איז פאַרפאָרעט און נאָך אַ שווערן טאָג מי פאַלט ער אַריין אַן אויסגעהונגערטער אין שטוב אַריין:

— ביילקע, האָסטו גרייט געמאַכט עפּעס איבערצובייסן?

און ביילקע לייגט אַוועק דעם גרויסן לאַבן ברויט, וואָס איז שוין אַלט פיר טעג און איז אַביסל פאַרזייערט, און די שיסל צוואָרעכץ מיט ציבל און די סמעטענע מיט די פרישע קאַרטאָפל, וואָס ציגדן אָן די שטוב מיט אַ פּאַרע, און דיביידע מענטשן שלינגען דאָס אַלץ מיט הונגער און מיט גליק און געדענקען נישט מער דאָס גרויסע שטיק ליידיקייט, וואָס האָט געלויערט צווישן זייערע לעבנס.

און שבת נאָכמיטאָג, ווען יאַנטשע מיט די פאַרקאַשערטע האָני־צעס, וואָס אַנטפּלעקן זיינע געלע, באַפּיגעטע, קלאָציקע פיס, קוילערט זיך אַוועק אין דער סטאָדאָלע אַריין צו כאַפּן אַ דרימל אויפן היי, דע־

מאָלט קעמט זיך ביילקע אויס, טוט אָן דאָס רויטע טיכל מיט די גרויסע פייערדיקע בלומען אויפן קאָפּ און גייט אַוועק צו אירע חברטאָרינס אין דאָרף אַריין, קיין ריסעווע.

אָבער עס זענען נישט מער די אייגענע מיידלעך, וואָס אַמאָל. עפּעס באַקוקן זיי זי אַלע און באַטאַפּן זי, באַטראַכטן איר אָנגעטוּעכץ, און איינע אַ מויד אין די אייגענע יאָרן, וואָס ביילקע, וואָס האָט זיך שוין אויסגעקוקט אירע אויגן נאָך אַ שטיקל יינג, רופט זיך אָפּ צו איר מיט גאַל:

— נו, ווייסטו, אַ מילנערין וואָלט זיך געמעגט אַביסל שענער אָנטאָן.

ביילקע פאַרלירט זיך און ענטפערט, אַז אויף די יום־טובים האָט איר יאַנטשע צוגעזאָגט צו מאַכן אַ נייעם ציצענעם שלאַפראָק. און אין האַרצן וויל זי שוין וואָס גיכער זיין אויף דער וואַסער־מיל. דאַכט זיך די אייגענע מיידלעך, אירע חברטאָרינס, און איצט גריזשען זיי און דערגייען איר די יאָר.

און נאָכן שלאָף קריכט יאַנטשע אַרויס פון היי אַ באַשמעקטער, אַ צעשויבערטער. מיט אַ באָרד, וואָס איז צונויפגעקנייטשט אין איין זייט און ער זעט אויס, ווי עס וואָלט אים נאָר געבליבן אַ האַלבע באָרד. ער וואַשט זיך אָפּ, טוט אָן די שווערע סאַרזשענע קאַפּאָטע און גייט אַרויס צום שאָסיי אַנטקעגן ביילקען, וואָס דאַרף אָנקומען פון ריסעווע.

און אַז ער דערזעט זי פונדערווייטנס, ווי זי שיילט זיך אַרויס פון די פאַרנאַכטיקע שאָטנס, וואָס נעמען זיך פאַרשפּרייטן איבערן שאָסיי — גיט ער אַ פּאַטש מיט די הענט פאַר שמחה און לאָזט אַרויס אַ קוויטש:

— ביילקע!

ביילקען טוט נאָך וויי דאָס באַהאַנדלען זי מצד די חברטאָרינס, רעדט זי גאָרנישט, אָבער שטומערהייט איז זי גליקלעך, וואָס אָט דאָ אַנטקעגן שטייט אַ וואַסער־מיל, ווי אַ פּאַלאַץ, און דאָרט האָט זי אַ שטוב אַן אייגענע, אַ בעט אַ קופּערט מיט וועש. און ביילקע טראַכט זיך: זי וועט שוין מער נישט גיין אין דאָרף אַריין. צו וואָס טויג איר

דאָס? פעלט דען ווי צו גיין שבת בייטאָג? צו וואָס טויג איר צו רייסן מענטשן די אויגן.

אין ווען יאַנטשע שלאָגט איר איבער דאָס שטילשווייגן:

— ביילקעלע, וואָס האָסטו עפּעס צוגעגרייט אויף שלש־סעודות?

כאַפּט זי זיך אויף און ענטפערט האַסטיק, מיט ברען, ווי זי וואָלט טאַקע ווען דעם געוועסס געטראַכט:

— דו ווייסט דאָך, אַ קאַלטער באָרשט שטייט אין קעלער..

יאַנטשע פילט זיך אָן ווי גרויס ער איז מיט נחת, שטעלט גיכע־רע שריט און גיט אַ צי ביילקען פאַרן אָרבל:

— קום, ביילקע...

און אינגיכן איז שוין דער שאָסיי ווידער ליידיק און שטיל. עס פאָרט נישט קיינער און גייט נישט קיינער. בלויז פון אַ זייט, פון דער וואַסער־מיל, טראָגט זיך אַ געל, טונקל ליכט, וואָס וואַרעמט דאָרט און שיצט אַ שווער, ציטעריק לעבן, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן און נעראַטעוועט אונטער דאַרע פיר ווענט פון אַ הילצערנער שטוב, מיט אַ „ייד“ מיט אַ קופּערט מיט ווען, מיט אַ קאַלטן באַרשט אויפן טיש...

---

און ווער זאָל זיך ריכטן, אַז יאַנטשע מילנער וועט אַזוי פּלוצ־לונג, אין אַזאַ ליכטיקן טאָג אַוועקגיין פון דער וועלט. און וועט שטיין לאָזן די מיל, וואָס לאָזט זיך אַרומרוישן מיט אַזעלכע זילבערנע וואַסערן בייטאָג און ביינאַכט, וועט שטיין לאָזן די אַלע פויערישע וועגענער אויפן הויף, וואָס ברענגען אָן קאָרן און ווייצן און גערשטן, איצט, הערבסט־צייט, שוין פון דעם נייעם שניט, און די אַלע גוים, וואָס פאַרעיפּושן די קיך מיט אַזאַ געדיכטן, צום קאָפּ שלאָגנדיקן מאַכאָרקע־רויך און וועלכע לויפן איצט אַרום און זוכן „יאַנקלען“ אים צו באַצאָלן דאָס מעסטל תבואה מאָל־געלט.

און „יאַנקל“ איז טאַקע נאָר וואָס אַוועקגעפאַלן אין אַלקער. אַן אַפּאָפּלעקסיע צי וואָס, מ'ווייס נישט. ביילקע האַקט זיך קאָפּ אָן וואַנט:

— וואָס וועל איך איצטער טאָן! — ריטשעט זי.

און די אַנטאָניאָווא שטייט ביי יאַנטשען צוקאָפּנס און צלמט זיך.

— אַזאַ דעמב אַ ייד! — שושקען זיך די יידן, וואָס זענען שוין

אָנגעקומען צו גיין פון דער אומגעגנט מיט ליכט, מיט שוואַרצע טיכער, מיט ווייסע שטיקער לייווַנט, מיט ווייסע פריש־געהובלעוועטע ברעטער.

יאַנטשע רוט אין אַזאַ רחבותדיקער צעשמייכלטקייט. די גוים אין די באַרכענע שפּענצערס מיט די באָרוועסע פיס פּלאָנטערן זיך איבער די שטובן, מישן זיך אויס מיט די יידן, וואָס פּאָרען זיך, מורמלען מיט די ליפּן און טייטלען אויף די גוים, אַז אייגנטלעך וואָלטן זיי געדאַרפט אַרויסגיין:

— צוליבן כבוד פון מת.

מיט דער קבורה האָט מען געוואַרט אויף יאַנטשעס צוויי זין, וואָס האָבן געדאַרפט אַראָפּקומען פון די שטעטלעך.

ביילקע איז אַרומגעגאַנגען אַ געליימטע און אומגליקלעכע. אונטער איר דיקער הויט האָט געפּיבערט אַ שרעק, נישט אַזוי ווייט פאַר דעם, וואָס איז שוין געשען, ווי פאַר דעם, וואָס דאַרף ערשט קומען.

און די זין זענען אַראָפּגעקומען, הויכע יונגעמאַנטשיקעס, געניטע סוחרים, פון זייערע פּנימער האָט זיך אַראָפּגעלייענט: חשבון. עפּעס האָבן זיי געהערט, אַז דעם טאַטן האָט זיך פאַרוואָלט חתונה האָבן אויף דער עלטער. ביילקען האָבן זיי ביז איצט נישט געהאַט געזען. זיי זענען אַריינגעלאָפן אין דער לעצטער שטוב, ווו יאַנטשע איז געלעגן אַראָפּגעהויבן, און די שטוב איז פול געוואָרן מיט ווינט, שטויב און טומל.

נאָך דער קבורה. מ׳זיצט שבעה. די זין דרייען זיך אַרום, נישטערן עפּעס, פאַרשן מיט די אויגן. ביילקע איז נכנע, דערשלאָגן, דערלאַנגט זיי אָנבייסנס אויף די נידעריקע שבעה־בענקעלעך. רעדט נישט צו קיינעם אַ וואָרט. יאַנטשעס זין, אירע שטיפקינדער, זענען אין איין עלטער מיט איר, אָדער אפשר נאָך עפּעס יינגער. און וואָס, זאָלן זיי טאַקע אויף איר רופן: מומע?..

די צונג נעמט זיך נישט אַרויסצורעדן אַ וואָרט. זיצט זי ביילקע אין קיך, לעבן קוימען, ווו די אַלטע אַנטאָניאָוואַ ציט נאָך אַלץ די קניילעכלעך וולִיטשקע אויף די שטענגלעך אַרויף. זיצט און שווייגט מיט אַזאַ געשרומפּן, נאָגנדיק שווייגן.

ביז איינמאָל איז דאָס שווייגן איבערגעריסן געוואָרן. די זין זענען אויפגעשטאַנען פון שבעה און אָנגעהויבן רעדן. און ווען ביילקע

האָט זיי איינמאָל אַריינדערלאַנגט דאָס אָנבייסן צום טיש, האָבן זיי זיך ביידע געגעבן אַ שטעל אויף, זי דורכגעבראָכט מיט די אויגן און מיט צוריקגעהאַלטענעם כּעס אַרויסגעציטערט:

— ווער זענט איר?

ביילקע האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ, אירע גרויסע שעפּסענע אויגן זענען נאָך גרעסער געוואָרן, און קוים וואָס זי האָט געקענט ענטפערן:

— ס'הייסט ווער איך בין? איך בין יאַנטשעס ווייב, בין איך!

— וואָן אַרויס פונדאַנעט, יאַנטשעס ווייב! מיר דאַרפן דאָ נישט קיין אומזיסטע פרעסערס! ירשענען ביסטו אַהער געקומען?!

און די צוויי הויכע יונגערמאַנטשיקעס, די געניטע סוחרים, האָבן אָנגעמאַכט אַ סומאַטאָכע אויף דער מיל, אַז ס'האָט זיך געטאָן חושך. ביילקע האָט שוין געהאַט ביילן אָנשטאָט אויגן פון וויינען. די שכנים, די גוים, האָבן זיך געפּרוווט איינשטעלן פאַר איר:

— אַזאַ שטילער מענטש, האָבן זיי געטענהט, — וואָס האָט איר צו איר?

אָבער ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן. איין יונגערמאַנטשיק איז צוגע־לאָפן צו דער קליידער־שאַנק, אַרויסגעוואָרפן ביילקעס מלבושים, גע־מאַכט דערפון אַ קנויל, און אינאיינעם מיט ביילקען אַרויסגעשטופּט אויפן הויף אַרויס.

און ביילקע איז געשטאַנען אויפן הויף צווישן די אויסגעשפּאַנטע פערד, וואָס האָבן גענישטערט מיט די קעפּ אין די וועגענער, אַרומ־געריגגלט פון פויערים מיט אויסגעקנאָרעטע פּנימער, וואָס האָבן גע־צויגן די פּייקעס און באַדויערט ביילקען, אירע יונגע יאָר, איר צע־בראָכן לעבן:

— וואָס וועט זי איצטער טאָן!

און ביילקע האָט טאַקע נישט געוווסט וואָס מ'הייבט אָן איצטער צו טאָן. זי איז געזעסן אויף איר פּעקל מלבושים אויפן הויף, דער קאָפּ איז איר געהאָנגען ווי אַ שטיק האָלץ צווישן די קניען. פאַר־נאַכט־צו האָט זי מיט אירע קוואַרע, פאַרביטערטע כּחות גענומען דאָס פּעקל און אַוועקגעגאַנגען צוריק אין דאָרף אַריין, קיין ריסצווע. פון

שאָסיי האָט זיך נאָך ביילקע איינמאָל אומגעקוקט אויף דער וואַסער־מיל, וואָס האָט שוין נישט מער אויסגעזען ווי אַ פּאַלאַץ, נאָר ווי אַ חורבה פון שאַנד און ווייטאָג.

און אין דעם שטעטלדיקן געריכט האָט זיך אינגיכן אָנגעהויבן דער משפט צווישן ביילקעס טאַטן דעם קצב מיט יאַנטשעס זין, די יונ־געמאַנטשיקעס, וועגן דער האַלבער מיל, וואָס יאַנטשע האָט אָפּגעשריבן ביים לעבן.

אַז פרוי קליינער קוקט אַרויס דורך די קלאָר-געפוצטע שויבן פון
אירע צימערן אין פאַבריקס-הויף אַריין, — זעט זי אַן אָנגעוואָר-
פענע קופּע צעשטויבטע קוילן און אַ מענטש אַן אויסגעפעצטער, אין אַ
בלויער בלוזע, קריכט מיט אַ לאָפּאַטע אין די געדערעם אַריין פון דער
ראָזיקער קופּע, ער שלעפט פון אינעווייניק די אָדערן און לאַדעוועט זיי
אין אַן אויסגעקרומט האַנט-וועגעלע, וואָס ס'קריפּעט און בייזערט זיך,
ווי אַ לעבעדיק נפש.

אַ גאַנצן טאָג שטייט ער אַזוי — דער אויסגעפעצטער מענטש
מיטן צעקודלעטן קאָפּ. ער פירט די אָנגעלאַדעוועטע וועגעלעך קוילן צו
די קעסלען, וואַרפט זיי דאָרט אַרויס, קומט ווידער צוריק און ראַצט
בסדר מיט דער אויסגעגלאַנצטער לאָפּאַטע, וואָס דערמאָנט אָן אַ הונגע-
ריקן מאָגן.

קוקט אַזוי פרוי קליינער שוין גאַנצע זיבן יאָר אין גרויען, אַרומ-
געצוימטן הויף אַריין, ווו די פאַרברודיקטע מויער פון דער פאַבריק האָט
זיך אָוועקגעשטעלט סאַמע אינדערמיט, ווי אַ גראָב-יונגישער מחותן, וואָס
קויפט זיך איין אין יחוס.

אַלע טאָג פון די גאַנצע זיבן יאָר זעט פרוי קליינער דעם שוואַרץ-
פאַרשטויבטן פּאַפּע-דאַך, ווו עס לויפן אַמאָל דורך צוויי קעץ, אָדער ווו
עס שטעלט זיך אַמאָל אָפּ אַ פויגל על פי טעות — טוט אַ פּישטש ער-
געץ אין דער וועלט אַריין און ווערט נעלם איבערן פּלויט אַריבער.

איז — אַז מען קוקט אַזוי זיבן יאָר אויף איין-און-דיזעלבע זאַך,
ווערט מיט דער צייט דער פּאַפּע-דאַך מיט די צוויי לויפנדיקע קעץ צע-
רינען. זוכט מען אַ ניי אָרט, ווו אָפּצושטעלן די פאַרגרעסערטע אַפּלען.
פאַרטשעפּעט זיך דער בליק אָן אַן אויסגעפּאַשעטן, ברייט-בייכיקן און
בכבודיקן קוימען, וואָס וואַקסט, דוכט זיך, פון טאָג צו טאָג העכער און
וואָס קאָן פונדעסטוועגן נישט דערגרייכן דעם הימל.

וווּנדערט זיך, טיילמאָל, פרוי קליינער. עפּעס געדענקט זי נישט
ווען ער איז אַזוי הויך אויסגעוואַקסן, דער קוימען.

ווען זי איז דאָ אַהערגעקומען צום ערשטן מאָל, איז ער געווען
קליין. דער רויך, וואָס האָט בסדר געשלאָגן פון זיין אָפן מויל, האָט
צוגעצויגן איר אויג. זי האָט ליב געהאַט צו קוקן אויף די קנוילן און
קנוילכעלעך, וואָס ער שפּייט אויס פון זיך.

איצט, נאָך זיבן יאָר קוקן, ווען פרוי קליינער האָט דערוויילגעבוירן צוויי קינדער זאָלן געזונט זיין און אין די שטיל-אויסגעבעטצימערן זענען צוגעקומען דריי פרעמדע דינסטן, פאַר וועלכע פרוי קליינער מוז אָנגרייטן טאָג-טעגלעך עסן, און האַלטן ביי זיך אַ בונט שליסלען פון שענק און קרעדענצן — איצט שטייט אַלץ דער אייגענער קוימען אויף זיין פריערדיקן אָרט: קאַלט, באַלעבאַטיש-אויסגערעכנט ווי אַן איינגעפונדעוועטער פריץ מיט אַ זאַטן בויך.

נישט זיין דאגה, וואָס זי, פאַני קליינער, קאָן נישט פאַרטראָגן זיינע פליישיקע אַרומגערייפטע ווענט, וואָס לאָזן נישט זען די וועלט אויף דער קעגנאיבערדיקער זייט.

מאַדאַם קליינער ווייסט, אַז דאָרט אויף דער קעגנאיבערדיקער זייט, איבערן פלויט אַריבער, ליגן פאַרמיסטיקטע ליים-גרובן. אין קליינע ענגע שטיבלעך וווינען פאַרפעצטע מענטשן מיט אויסגעשטאַרצטע קינבאַקן, מענטשן, וואָס פאַרשכורן דעם וואָך-לוין ביזן לעצטן גראָשן און פאַר גרויס מתיקות טאָרעט מען זיך מיט די ווייבער אין די בעטן און מען צוממיתט זיי ביז בלוט.

דאָס אַלץ ווייסט פאַני קליינער — דאָס הייב פון פאַבריקאַנט, וועלכע וווינט דאָ מחוץ דער שטאָט און שפייזט יענע פאַרפעצטע מענטשן, וואָס פאַרשכורן דעם וואָך-לוין.

אַמאָל אָבער, אין אַן אויסגערוטן זונטאָגדיקן טאָג הייבט זיך אויף פון יענע פאַרליימיקטע, ענגע שטיבלעך אַ צעשפּרייט, הפקרדיק געזאַנג, באַגלייט פון אַ צעצויגן האַרמאָניע-גרימפּלעריי און פון צעטאַנצטע שווערע שטיוואַליעס.

עפנט דעמאָלט פרוי קליינער אירע קלאָר-געפּוצטע פענסטער און לאָזט אַריין צו זיך דאָס צעטאַנצטע, פאַרשכורטע גרומפּלעריי, צוזאַמען מיטן לאַכעדיקן קוויטשען פון אויסגעוואַרמטע ווייבער.

אָט איז דאָס גרימפּלעריי אַריבער דעם יום-טובדיק-פאַרשלאָפענעם קוימען, אָט פאַלט עס אויף דער גרויסער קופּע קוילן-שטויב און אָט לייגט עס זיך אַוועק פאַר די אָפענע פענסטער פונם רייכן פאַבריקאַנט, וואָס זיצט איצט אין אַ וויג-שטיל און לייענט די מאָרגן-צייטונג...

זיין גלאַט-אויסגעראַזירט פנים איז קאַלט אַריינגעטאָן אין די לאַנגע שפּאַלטן. עס דוכט זיך, אַז ער הערט נישט, וואָס אַרום אים טוט

זיך. פרוווט זיין פרוי אין דער שטיל אַ זאָג טאָן — אַזוי מן הצד אַ זאָג טאָן:

— אַז דאָרט אויף יענער זייט קומען, ווו ס׳ווינען די אַרבעטער, טאַנצט מען אַצינד.

ענטפערט פאַן וולאַדיסלאַוו, נישט אָוועקנעמענדיק די שטייענדיקע אויגן פון בלאַט:

— אַז זאָלן זיי זיך דאָרט טאַנצן, די שכורים. וואָס אַרט עס עמיצן!

פאַרמאַכט פרוי קליינער די פענסטער, נעמט שליסן די שווער-צעלייגטע שענק. טיילט אויס עסן. שיקט אַראָפּ שפּאַצירן דאָס עלטסטע מיידעלע מיט דער „פאַננע"... דערנאָך גייט זי פון שטוב צו שטוב — גייט גיך, פּאַמעלעך און ווידער גיך. קוקט ווי אַזוי עס גייט צו דאָס אויפרוימען און דאָס קאָכן — און שווייגט.

נאָר אַז פון גרויס שווייגן גייט שוין איבער דאָס האַרץ, רופט זי זיך אָן צו דער אַלטער מוטער אירער, וואָס ציטערט מיטן פּנים:

— אַז דער קליינער יאַשיאָ — אָט דער קליינטשיקער, וואָס זויגט ביי דער אָם — האָט ביינאַכט עפּעס גרימאַסעט.

— ס׳וואָר? מאַריאַננאָ!

שטעלט זיך אָוועק מאַריאַננע, די גרויס-ברוסטיקע אַם, מיטן זאַטן מילכיקן פּנים — אַ צעלאַכטע פון דעם האַרמאָניע-גרימפּלעריי און ענט-פערט מיט אַ פאַרקנייטשטן אַקסל:

— אי, גדזשע טאַם! געזונט ווי אַ פישל...

— געזונט זאָגסטו, מאַריאַננע?

— געזונט, פּראָשע פּאַני, געזונט. — און שפּיצט אויס די אויערן מיט די צעלאַכטע ציין אַהין צו דער האַרמאָניע, אויף יענער זייט פ"ויט.

פאַן וולאַדיסלאַוו, דערוויל, הערט נישט, צי דער קליינער יאַשיאָ, איז יאָ געזונט, צי ער איז נישט געזונט. אָט האָט ער אָוועקגעלייגט איין צייטונג און גענומען זיך צו אַ צווייטער. זיינע קאַלטע, שטייענדיקע אויגן גליטשן זיך איבער די שמאָלע אָנגעשטאָפּטע שפּאַלטן, מיט אַ הונגע-ריקער גייגעריקייט.

ער מוז דאָס אַלץ דורכליינען, ווייל היינט איז זונטאָג. און זונטאָג איז דער איינציקער טאָג אין דער וואָך, ווען ער קאָן זיך רויק אָפּגעבן מיט זיך, דאָס הייסט מיט ליינען צייטונגען.

אין דער צייטונג זוכט פאַן וואלאדיסלאַוו ק ל יי נ ע ר קודם כל דאָס, וואָס אינטערעסירט אים, ס'הייסט מסחר־ידיעות מיט מסחר־אַרטיק־לען. אים אינטערעסירט פּאָליטיק אויך. אָבער אויף אַזויפיל אויף וויפל זי האָט אַ שייכות מיט זיין פאַבריק און מיט זיין מסחר.

די צייטונג איז ביי אים דער פּולס פון לעבן. ער קאָן נישט קיין מענטשן אויסער די סוחרים, מיט וועלכע ער האַנדלט, און אויסער די בריות מיט די פירמעס, וועלכע ער באַקומט פון זיינע קליענטן. מענטשן ליגן ביי אים אונטער דער אָפּגעדרוקטער פירמע פון דעם אָדער יענעם קליענט...

דעריבער רעדט צו אים אַזויפיל דאָס אָנגעשטאָפּטע בלאַט. ער ליינט אַלץ, פון דער ערשטער ביז דער לעצטער זייט... דער עיקר אָבער שטודירט ער אין דער צייטונג די אַלטע און נייע געזעץ־פּראָ־יעקטן וועגן שטייער.

ער, דער מענטש מיט פּרינציפּן, דער פאַבריקאַנט וואלאַדיסלאַוו קליינער, וואָס קען נישט קיין מענטשן, נאָר פירמעס — ער געדענקט אַלע פּאַראַגראַפן מיט אַלע פּונקטן, מיט אַלע טערמינען, ווען מען דאַרף צאָלן די שטייערן, וויפיל מען דאַרף צאָלן און ווי אַזוי מ'דאַרף צאָלן.

כאָטש דעם אמת געזאָגט וואָלט ער זיך אָן די אַלע ידיעות געקאָנט גאַנץ לייכט באַגיין. וואָרום דאָרט, אין דעם קאָנטאָר, וואָס געפינט זיך אונטער זיינע פינף אויסגעוואַרעמטע צימערן, זיצט אַ ייִנגערמאַן, אַ בוכהאַלטער, וואָס ליינט אויך די אייגענע צייטונגען און האָט אויך אַ שוואַכקייט צו געדענקען אַלע פּאַראַגראַפן מיט אַלע פּונקטן פון די שטייער־געזעצן.

איז אָבער פאַן וואַלאַדיסלאַוו אַ מענטש אַן עקשן. אַ מענטש, וואָס האָט ליב שטילערהייט צו טראַכטן, אַז ווען מ'זאָל א י ם לאָזן, וואָלטן די פינאַנסן פון דער מלוכה גאָר אַנדערש אויסגעזען. גויים זענען נישט מסוגל צו האָבן צו טאָן מיט פינאַנסן. איז אָט גלייבט נישט פאַן וואַלאַ־דיסלאַוו קיינעם. ס'הייסט ער גלייבט אַלעמען. וואָס איז דאָ נישט צו גלייבן?... נאָר גלייכער איז, אַז מען גלייבט קיינעם נישט און מען פאַרלאָזט זיך נישט אויף יענעם.

ער ווייסט, אַז הינטן אין דער קאָנטאָר איז פּונקט אַזוי, ווי אין

אַ קאַזאַרמע צווישן זעלנער. מען שטייט אויסגעצויגן און מען האָט מורא, אַזוי האָט פאַן וולאַדיסלאַוו איינגעפירט פון אָנהייב אָן...

ווייסט ער, אַז אַלץ וועט דאָרט ערליידיקט ווערן פּינקטלעך, מיט דער האָר. ס׳שאַדט אָבער נישט מיט איין אויג אַ קוק צו טאָן; גלאַט אַזוי, גאָר נישט צו מײנען... וואָס קאָן דען שאַטן, אַז אַן אויג קוקט... ווי זאָגט אַ פּויליש שפּריכווערטל:

— „פּאַנסקע אָקאָ קאָניאַ טוטשי״...

דערפאַר האָט ער אײנמיטן דער וואָך אַזוי חיײניק צײט צו פאַרגעמען זיך מיט זיך, ס׳הייסט מיט לײנען צײטונגען.

אַ מענעש, זאָגט ער, דאַרף זיין אַזוי ווי אַ זייגער, אַרבעטן און פּינקטלעך זיין... פּינקטלעכקייט איז די נשמה פון לעבן. ווען ער, פאַן וולאַדיסלאַוו, זאָל נישט זיין פּינקטלעך און נישט אַראָפּקומען אין געשעפט אַריין ביין אַ זייגער אינדערפרי, וואָלט ער נישט געווען ד אָ ס, וואָס ער איז און די פירמע וואָלט נישט געווען ד אָ ס וואָס זי איז.

זעצט ער זיך אַוועק אינדערפרי אין זיין פאַרמאַכטן קאַבינעט און פון די צוויי פאַרשטויבטע פענסטער, וואָס גייען אַרויס אין הויף אַריין, פירט ער אָן מיט די צעלאָפּענע טראַנסמיסיעס, מיט די פּופּצען פּאָר ברייט־הינטענדיקע פערד, מיט די אַלע וועגענער און מענטשן, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום און לעבן פון דאַנען.

אין דעם דאָזיקן קליינעם פאַרשטויבטן קאַבינעטל, ווו די זון האָט ליב אַריינצוקוקן אַ האַלבן טאָג, ווו די דריי טעלעפאָנען קלינגען, ווי הונגעריקע יינגע הינטלעך, דאָ — ביי די נעבל־פּאַסן, וואָס פאַלן אויף די טישן פון הויכן קוימען אין דרויסן — ווייסט פאַן וולאַדיסלאַוו וויפיל מענטשן עס אַרבעטן ביי אים אין פאַבריק; וויפיל סחורה עס ווערט אויסגעאַרבעס אַ טאָג; און וויפיל אייער די גאַנצע כאָפּטע היינער, וואָס דרייט זיך אַרום אויפן הויף לייגט אַ טאָג פאַר זיין הויזגעזינט, וואָס זיצט אויפן ערשטן שטאָק און קאָכט און באַקט און וואַשט און אַרבעט, פּונקט אַזוי ווי די לעדערנע פּאַסן אויף די רעדער.

עס גייט ווי אַ זייגער. פּונקט צוועלף קלינגט אַראָפּ דער טעלעפאָן און בעט אַרויף „דעם פאַן״ אויף צווייט־פרישטיק.

זיצט פאַן וולאַדיסלאַוו ביים גרויסן טיש מיט זיין ווייב, קינדער

און שוויגער — זיצט אַ פּאַרטועגער אין די חשבונות, וואָס זענען דאַרפ איבערגעבליבן אויפן שרייב-טיש ביי אים אין קאַבינעט.

ער זעט איצט קלאָר די ציפערן. ווייסט ווי יעדע איינע שטייט און פון וואַנען יעדע איינע נעמט זיך.

וויל זיין ווייב — די דראָבנע פּאַני קליינער מיטן צו-גרויסן בינט שליסלען — אים עפּעס פרעגן, עפּעס היימיע זאַכן. — וועגן שטוב און קינדער — פאַרפעלט איר דרייסטקייט. זי ווייסט, אַז איר מאַן טראָגט אויף זיך די גאַנצע שווערע משא, וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט פון די קלאָר-געפוצטע שויבן, האָט זי נישט דעם מוט צו קומען מיט אירע „קליינע״, ברויט־מיט־פוטער־טענות.

עסט מען שוייגעדיקערהייט. וואַרט מען, ער, דער באַלעבאָס פון שטוב זאָל זיך אָפּרופן דער ערשטער.

טרעפט, אַז זיין קאַנטיק מויל מיט די געשניטענע ווינקלען אַראָפּ, צעשמייכלט זיך. ער גייט עפּעס זאָגן. וואַרט די דראָבנע פּאַני קליי־נער. עס דוכט זיך, אַז אָט וועט זי הערן אַ נייעס. עפּעס אַ פרעמדס, נישט קיין היגס... ער זעט דאָך איצט אַזוי אויס, דער מאַן אירער, שפּיצט זי אויס דאָס קעפּל, אַזוי ווי אַ הינדל בשעת אַ סכנה...

רופט זיך אָן פּאַן וולאַדיסלאַוו, ווישנדיק מיט אַ סערוועטל די איינגעגעצטע אויבערשטע ליפּ, אַז:

— אומעטום מוז מען האָבן אָן אויג. דאַכט זיך — אַ קלייני־קייט. אָן אַרבעטער האָט באַהאַלטן אַ שטיקל קויל אונטער דער פּאָלע. דער טויער־היטער, דער אַלטער נאַר, דער צעטראָגענער גוי האָט אים שוין געהאַט כמעט ווי אַרויסגעלאָזן.

זיצט ער אַזוי — פּאַן קליינער — און קוקט אין הויף אַריין. זעט ער, אַז דער אַרבעטער האָט עפּעס אַ צו־הויכן בוזעם. ווי קומט צו אַן אַרבעטער אַזאַ הויכער בוזעם? הייסט ער אים צוריקרופן. און אַזוי שטילערהייט, גאַרנישט צו רעדן, נעמט ער אים אַפּויר אַ שטיק קויל. האַ? — איז שוין רעכט, אַז מען מוז אומעטום זיין... אַז טויזנט אויגן זענען ווייניק... עס גייט דען אין דעם שטיקל קויל?... אָבער פּרינציפּיעל טאָר עס נישט דערלאָזט ווערן.

מאַדאַם קליינער זעט אויס צו שמייכלען. מען קאָן נישט וויסן

געגוי. וואָס עס באַטייט דאָס קנייטשל, וואָס האָט זיך איר צעלייגט אויפן שטערן סאַמע איבער דער נאָז... אַ קלוגער וואָלט געזאָגט — אַזעלכער, וואָס קאָן מענטשלעכע פּנימער — אַז זי האָט גאָר בדעה צו וויינען.

אָבער פאַני קליינער וויינט נישט. עס שטייט אַ זוניקער דרויסן הינטער די פענסטער... ווער וויינט עס אין אַזעלכע טעג... דרייט זי נאָר אויס דעם קאָפּ און נישט ווילנדיק טרעפט זי זיך מיט דער אַלטער מאַמען, וואָס שאָקלט אַריין אין טישטוך אירע נחתדיקע מחשבות וועגן דעם געראָטענעם איידעם.

נאָכן עסן רוימען די דינסטן אַראָפּ פון טיש מיט אַ גאָפּל-מעסער-קלינגעריי און ווייך־לאַטשענדיק־טשאַפּעריי.

די גרויס-אברדיקע אַם שלעפּט אַרויס פון סטאַניק אַ ברייטע, ווייסע ברוסט און שטופּט זי דעם קליינעם אין מיילכל אַריין. דאָס עלטסטע מיידעלע זעצט זיך אַוועק צום טישל מיט אירע ליאַלקעס און רעדט עפּעס צו זיי. און מאַדאַם קליינער, אַ צונויפגעקנוילטע, דרייט זיך אַרום אַ פרעמדע איבער אירע צימערן. שליסט כסדר די שענק מיט די קרע-דענצן; באַפעלט עפּעס צו די דינסטן אין קיך אַריין, און הערט, ווי אויף יענער זייט פענסטער שטייט אַ טומל פון פורמאַנעס און פערד; אַ סקריפּצן פון נישט געשמירטע רעדער; און דורך דער וואַנט טראָגט זיך כסדר אַן איינגעגעסן זוייט הודזשען, וואָס דערמאָנט אָן אַ לאַנגן, שטילן ציין־ווייטאָק.

טראַכט פרוי קליינער, אַז אייגנטלעך איז אַלץ, וואָס זי זעט און הערט דאָ נישט מער ווי אַ גרויסע, גוט־געשמירטע מאַשין. מענטשן זענען דאָ נישט מער, ווי שרייפלעך. גרעסערע — קלענערע... אָבער שרייפלעך. פאַלט אָפּ איין שרייפל, פאַרטרעט מען עס מיט אַ צווייטס. פאַלן אָפּ צען שרייפלעך, פאַרטרעט מען זיי מיט צען אַנדערע.

איז אָט דוכט זיך איר, דער פרוי קליינער, אַז אין דער דאָזיקער גרויסער גוט-געשמירטער מאַשין מיט די לעדערנע פאַסן, מיט די אַלע פערד, וועגן און מענטשן — איז זי אויך נישט מער ווי אַ שרייפל, ווי אַ קליין, קליין רינגעלע. וועט עס אַרויספאַלן, וועט מען עס פאַר-טוישן מיט אַ צווייטס.

וואָרום, אַז מען זאָל אַזוי וועלן גוט אַ טראַכט טאָן, אויף אַן

אמת אַ טראַכט טאָן — וועט אויסקומען, אַז די גאַנצע פאַני קליינער דאָס ווייב פון דעם רייכן פאַבריקאַנט, וואָס האָט מיט אים צוויי קינ' דער און האַלט צו זיי דינסטן און זאָרגט וועגן כסדרדיקן עסן און שלאָפן — אַז די דאָזיקע פאַני קליינער איז נישט מער, ווי אַ דינסט דאָ. אַ דינסט נישט צום וואַשן ס'געפעס, נאָר אַ דינסט, וואָס איר היי- ליקער חוב איז צופרידנצושטעלן איינעם אַ מענטשן, אַ פרעמדן מענטשן וואָס זיין נאָמען איז וולאַדיסלאַוו קליינער.

פון גאָט און פון לייטן איז איר געגעבן געוואָרן די מיסיע צו זאָרגן — עס זאָל דעם דאָזיקן וולאַדיסלאַוו קליינער גוט זיין. ער זאָל האָבן וועש צו דער צייט, אַ קלאָר בעט צו דער צייט און אַ ווייב צו דער צייט.

גראָד איז דער דאָזיקער ווילד־פרעמדער וולאַדיסלאַוו קליינער איר מאַן. ס'האָט געקאָנט זיין אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ צענטער. טויזנטער אַנדערע האָבן דאָס געקאָנט זיין. זי וואָלט געבליבן די אייגענע אַנקע, נאָר מיט אַן אַנדערן צונאָמען.

איצט איז זי פאַני קליינער. אַ רייכע, האָט אַ פאַבריק מיט קוי- פעס קוילן, מיט פאַרמיסטיקטע שטאָלן. זי, די אַמאָליקע אַנקע, וואָס האָט געטראַכט אַליין, געוואָלט אַליין אָדער נישט געוואָלט אַליין.

היינט טראַכט זי מיט יענעמס געדאַנקען. היינט מוז זי וועלן, וואָס יענער וויל. פונקט אַזוי ווי די לעדערנע פאַסן אויף די רעדער, אָדער ווי די פערד, וואָס לאָזן זיך פירן מיטן ריר פון די לייצעס.

זי איז עמיצנס. זי איז אַ טייל פון דעם גרויסן, וואָס מען רופט:
— „פירמאַ וולאַדיסלאַוו קליינער."

הינטן, אין דעם קליינעם, ענגן קאַבינעט אַרומגעשטעקט מיט פאַ- פירן, טינטערס און טעלעפאָנען זיצט דער עמיצער, ס'הייסט די פירמע וולאַדיסלאַוו קליינער. און די דאָזיקע פירמע האָט צו שאַפן איבער אַלע טויטע און לעבעדיקע נפשות און אויך איבער איר, איבער דעם אַמאָ- ליקן מיידל אַנקע.

עס קומט איר אויס, אַז צווישן די אַלע פאַפירענע חשבונות, וואָס ליגן ביי אים אויפן טיש, ליגט אויך איר חשבון. אָט קוקט ער אין אים אריין. זוכט — צי עס קומט אים נישט אַמאָל אַ רעשט.

הייסט אָבער מאַדאַם קליינער, אַז זי איז אים גאָרנישט שולדיק.

זי האָט אים געבוירן צוויי קינדער. די קינדער האָט זי ליב. ס'זענען דאָך אירע קינדער. געמיינט האָט זי אָבער, אַז זי וועט די קינדער נישט געבוירן. ווען זי איז טראָגן געוואָרן מיטן ערשטן — האָט זי זיך געוואונדערט...

— ווי קומט עס?... דוכט זיך, אַז זי איז גאָרנישט געווען דער ביי. ער — אַלץ ער.

עס זענען געווען, געדענקט זי, קאַלטע נעכט. איבער דער וואַנט פון שלאָפצימער האָבן געהודזשעט די טראַנסמיסיעס. געהודזשעט אין זייערע בעטן אַריין. זי איז געלעגן אַ פאַרציטערטע, אַן איינגעקורטשעטע. איז געקומען איינער, נישט קיין היגער, עפּעס אַ ווייטער. און דעם דאָזיקן נישט־היגן, דעם דאָזיקן ווייטן האָט זי אָפּגעגעבן איר יונג לייב.

ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דער נישט-היגער האָט געהאַט צו באַצאָלן אַ חשבון פונקט אַזויפיל וויפיל ס'איז געקומען. נישט מער און נישט ווינציקער... ווייל:

— אַ מענטש מוז זיין פּינקטלעך. פּינקטלעכקייט איז די נשמה פון לעבן.

ביזן היינטיקן טאָג זאָגט זי אים גאָרנישט. די נעכט זענען ווייטער קאַלטע. ס'שמעקט מיט אויסגעסדרטע ציפערן. דורך דער וואַנט הודזשעט עס ווייטער. און מער, ווי אַ הוסטעלדיק שטימעלע:

— אַנקאָ — רוק דיך אַביסעלע — הערט זי נישט.

טיילמאָל דערטראָגט זיך דורך די אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן אַ צעוואָרעמט הירזשען פון אַ פערד, אַן אויפגעוועקט בילן פון אַ הינט — דוכט זיך איר, אַז ס'בייזערט זיך עמיצער, וואָס זי, דאָס אַמאָליקע מיידל אַנקע גיט זיך איבער אַ פרעמדן.

---

היינט איז אַ וואָכעדיקער אויפדערנאַכט. פאַן וולאַדיסלאַוו איז פריער אַרויפגעקומען פון ביוראָ. ס'איז נאָך אָוונטברויט. די קינדער שלאָפן שוין. דורך דער פאַרמאַכטער טיר הערן זיך זאַטע געלעכטערס פון די דינסטמיידן.

זיצט פאַן וולאַדיסלאַוו אין געצוימען, ליכטיקן עס־צימער אין

קוקט דורך די אַלע נאָטיצן און פּאַפּירלעך, וואָס דאָס פּערסאָנאַל גרייט אים יעדן אויפדערנאַכט צו.

ביים צווייטן עק טיש זיצט פרוי קליינער, אַ וואַרעמע מיט האַלב־נאַקעטע, פּאַררויטלטע הענט.

פון אַ דערבייאיק צימער קומט אַריין די אַלטע מאַמע מיטן צי־טערדיקן פּנים. זי זעצט זיך אַוועק אַקעגנאיבער איר טאָכטער און אונטערשפּאַרנדיק איר אויסגעצויגן שמאָל גאָמבקעלע אויף ביידע פלאַכן פון די הענט — שאָקלט זי אין זיי אַריין אַן אייביק מאָנאָטאָן שאָקלעניש.

דער זייגער קאָן האַלטן אַרום זיבן: אויף די בלויע שויבן האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַ שטילער, פרעסטלדיקער אויפדערנאַכט. אין פאַבריק־קוימען קוקט אַריין אַ שמאָל האַלב־רייף פון דער לבנה.

רופט זיך אָן פרוי קליינער — אַז ס'איז היינט זייער אַ שיינע נאַכט. איז אפשר וואָלט אַ יושר געווען ערגעץ־ווו אַראָפּצוגיין.

ווייזט אויס, אַז פאַן קליינער האָט נישט דערהערט, וואָס זיין פרוי האָט דאָרט שטיל אַריינגעברומט און דערפאַר נישט אויפגעהויבן די אויגן פון די פּאַפּירן מיט פּאַפּירלעך.

האָט מאַדאַם קליינער, שאַרנדיק מיט אַ פינגער אויפן טונקל־גע־בלומטן טישטוך, נאָכאַמאָל שטיל אַ ברום געטאָן:

— אַז ס'וואָלט אַ יושר געווען אַראָפּצוגיין אין... אַ קינאָ...

גראָד אין דער מינוט האָט זיך דער גרויסער שטיי־זייגער וואָס דערמאָנט אַן אַ בייזן גוי, צעקלונגען:

— וואָס עפּעס גיין אינמיטן דריגען?

פרוי קליינער האָט זיך אויסטערליש דערשראָקן. זי האָט נישט געוווּסט, ווער ס'האָט געענטפערט — דער שטיי־זייגער, צי דער מאַן.

די לבנה אין דרויסן האָט זיך העכער אַרויפגערוקט איבערן קוי־מען. דאָ אין שטוב — אין אַ ווינקל פון אַ שויב איז שטיין געבליבן אַ ציטערדיקער, גרין־בלוילעכער אָפּשיין פון איר.

ערשט איצט האָט פאַן וולאַדיסלאַוו נישט־ניחהדיק אַרויסגענומען ווינע שטייענדיקע אויגן פון די פּאַפּירלעך און געפרעגט מיט נישט קיין הויך קול:

— האַ, וואָס זאָגסטו, גיין? ווו גיין?

— כ׳ווייס, אַביסל. דו זיצסט אַזוי תמיד אין שטוב...

— ווער האָט נ׳קאָפּ צו גיין. אַז דו ווילסט, נעם די מאַמען און פאָר דיך אַביסל איבער. זאָל דאָרט העלענע הייסן שפּאַנען ס׳קעטשל.

דאָס שטוב־מיידל, מיטן נאָמען העלענע, וואָס האָט ליב אַריינצו־ניען די ליפּן ווען דער פּאָן רעדט צו איר — לויפט געשווינד צו צו אַ פענסטער און שרייט דורך אַ לופטשיק אין נאַכטלעכן הויף אַריין:

— מיכאַליע, שפּאַנען פאַר דער פּאַני.

שפּאַנט מיכאַל דעם יונגן אָגער: שפּאַנט גיך מיט אַ זמרל אונ־טער די בלאָנדע וואָנסעס; און איידער דער כמורנער שטיי־זייגער, וואָס ועט אויס ווי אַ בייזער גוי, האָט צייט נאָכאַמאָל צו פרעגן: — וואָס עפּעס גיין אינמיטן דרינגען! — טענצלט שוין דער אָגער אַרויס פון ברייט־צעעפנטן טויער ערגעץ אין גאַסן און געסלעך אַריין.

ער טענצלט האָפּערדיק, דער אָגער, אונטער מיכאַלס געזונטע, וואַרעמע הענט, וואָס האָבן ליב אָנצופירן ווען עס פאָרט די פּאַני „גאַ ספּאַצער.״

די פּאַני זיצט פאַרקנוילט אין אַ ווינקל. זי פילט די האַלב־אויס־געלאָשענע לעבעלעכקייט, וואָס גייט פון איר מאַמעס גרויס, אַלט־פּרענ־קיש פוטער.

זי רעדט נישט, נאָר קוקט אָנגעשטרענגט אין דער אויסגערייניק־טער, בלויער נאַכט אַריין, וואָס שמעקט מיט שטאָל. דער אָגער לייגט איבער די פיס גדלות׳דיק. מיכאַל סמאָטשקעט צו אים מיט זיינע זאַטע, אָנגעדראָלעטע ליפּ.

אָט פאָרט מען פאַרביי די נידריקע אַרבעטער-הייזלעך מיט די טונ־קעלע, פאַראייטערטע נאַפט-לעמפּלעך. אָט איז די שענק „ביים וואָלף״ מיט די פאַרהויכטע שויבן פון וואַנען עס טראָגט זיך אַ ריח פון ביר און פאַריילעצט חזיר-שמאַלץ.

די אויסגעפליישיקטע שיקסע, וואָס שטייט דאָ אונטערן בופעט, פּראַלט אויף די טיר און צוזאַמען מיט אַן אויסגעוואַרעמטער, ווייסער פּאַרע, פאַלט זי אַרויס אין דרויסן און שטופּט איר איבערגעוואַקסענעם בוזעם איינעם אַ פאַרסאָנקלטן פאַרשוין, וואָס וויגט זיך ווי אויף גומענע פיס און וואָרנט מיט אַ פינגער דער שיקסע פאַר דער נאָז.

מאַדאַם קליינער גייט דאָ טיילמאָל פאַרביי, אין זונטאָקדיקע פאַר

נאַכטן. זי הערט זיך דאָ איין מיט אַ צעשמייכלט-פאַרטרויערט האַרץ אין דעם הייזעריקן גרימפּלעריי פון די גאַפּט־שטיבלעך. עס אַרט זי נישט, וואָס דער וואַקלדיקער פאַרשוין קנעפּלט די גרויסע, אויסגעבוזמטע בלוז־קע פון דעד ביר-פאַרקויפערין.

דאָרט ביי איר אין די אויסגעוואַרעמטע, רויקע צימערן, ווו דאָס קול קלינגט אָפּ פרעמד און ברוגזלעך — דאָרט איז דער מאַן אירער איצט אויפגעשטאַנען נאָך זיין זונטאָגדיקן נאָכמיטאָג-דרימל. ער ציט זין איצט אויס און גענעצט רחבותדיק אין די פאַרשלאָפענע צימערן אַריין ער גענעצט איינמאָל און נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל אויפסניי.

איז — אז ער האָט זיך שוין גוט אויסגעגענעצט און אויסגעצויגן, הייסט ער דערלאַנגען טיי. נאָך דעם טיי הייסט ער זיך געבן עס. לעכע עפּל. שפּעטער טוט ער אַ גלעט דעם מיידעלע איבערן קעפּל און הייסט — עס זאָל עפּעס דעקלאַמירן פאַרן „טאַטוש". דערנאָך נעמט ער ווידער די צייטונג, אָדער רעדט מיט עמיצן דורכן טעלעפאָן. און אַז דאָס אַלץ איז שוין אָפּגעטאָן, גייט ער ערשט אַראָפּ אין שטאַל אַריין אַ קוק טאָן צו די פערד.

די מאַמע זיצט ביים טיש אַ פאַרקנעפּלטע ביז אַרויף. זי שאָקלט מיט איר צעקנייטשטע פּנים און טראַכט איר אייביק טראַכטעניש, אַז זי איז נישט ווערט דעם גרויסן חסד, וואָס זיין ליבער נאָמען טוט מיט איר איינציקער אַנקע.

און זי, אַנקע, קלינגט מיט די שליסלען, ווי אַלע טאָג פון אַ גאַנצער וואָך. זי גרייט צו עסן. ענטפערט עפּעס דעם עלטסטן קינד אויף אַ טענה און בשעת מעשה האָט זי אין זינען, אַז ס׳וואָלט גוט געווען עמיצער זאָל איצט אַרויפקומען. אַ באַקאַנטער. אַ גאַסט. צי סתם אַ פרעמדער.

האָט זי דאָך דאָ דורך די גאַנצע זיבן יאָר נישט געזען — עס זאָל עמיצער קומען, אַוועקזעצן זיך און טרינקען אַ גלאָז טיי.

קומען קומט נאָר אַמאָל אַ דאָקטאָר, אָדער די בכבודיקע פּאַני סטעפאַ[illegible]אַ, וואָס ברענגט אַ ניי דינסטמיידל.

גייען דאָ אַזויאַרום אַוועק די יום טובדיקע אויפדערנאַכטן. עס דאַכט זיך, אַז פון די ווענט ווייגט עמיצער אַרויס; אַז די טירן פון די פאַרמאַכטע שענק סקריפּן. טרעפט אַמאָל, אַז דעם פּאַן וולאַדיסלאַוו

ווערט שוין אויך לאַנגווײַליק. די צייטונגען ליגן שוין מידע. רופט ער זיך אָן, אַז אויב זי, אַנקע, וויל, קאָן ער זיך אַביסל איבערפאָרן מיט איר.

שרייט העלענע, דאָס דינסט-מיידל, אין הויף-אַריין. סמאָטשקעט מיכאַל צום אויסגערוטן אָגער. און ווידער פאָרט מען איבער גאַסן און געסלעך — די פאַני קליינער מיט איר מאַן וולאַדיסלאַוו.

מען פאָרט פונקט אַזוי ווי איצט. פאַרביי די שטיבלעך מיט די פאַרברודיקטע פענסטער. פאַרביי די מידע, אויסגעהויקערטע פאַרקאַנעס. מ׳גן פאָרט אַריין אין די גאַסן, ווו פון די מויערן פאַלט אַ צעפּראַלטע, הפקרדיקע ליכטיקייט, און ס׳קנוילט זיך אַ געמיש פון קינאָ־רעקלאַמעס מיט יום טובדיק אויסגערוטע מענטשן.

רופט זיך אָן פאַן וולאַדיסלאַוו, וואָס זיצט אַ גאַנצע צייט שווייגנ-דיק, אַז אייגנטלעך פאַרשטייט ער נישט, וואָס די מענטשן האָבן פון די קינאָס און וואָס עס קומט זיי אַרויס פון דעם דרענגען זיך אויף די טראָטואַרן.

ענטפערט פאַני קליינער:

— אַז נישט אַלע פאַרמאָגן אייגענע קעטשלעך מיט אייגענע פערד.

גיט פאַן וולאַדיסלאַוו אַ קוק מיט איין שטייענדיק אויג און בלייבט פאַרכמורעט.

שווייגט מען דערנאָך אַ צייט. מען שווייגט און מען קלערט, דוכט זיך, אָן געדאַנקען. סתם אַזוי. — אַ זיצן און אַ גאַפּיען זיך אין דער אויסגעלייגטער נאַכט אַריין; ביז עס גיט זיך נישט אינמיטן אַ שנייד פאַרביי עפּעס אַ צויאַנטע דראָזשקע מיט אַ וואַרם-צוגעטולעט פּאָרל, וואָס איז אַריינגעטאָן אין אַ פאַרטונקלט ער-און-זי-געשפּרעך.

דאַמאָלס גיט פאַן וולאַדיסלאַוו אַ וואָרף מיטן צווייטן שטייענדיקן אויג און רופט זיך אָן מיט אַ מין קוועטשן אונטער דער נאָז:

— אַז ס׳איז אים שווער צו פאַרשטיין פון וואַנען די דאָזיקע מענטשן האָבן אַזאַ צעהוליעט לעבן. אַז סך-הכל זענען די צייטן ביטערע. די שטייערן עסן אויף. טאַ, ווי קומט עס, וואָס מען צעלייגט זיך אַזוי אין צוויי-פערד-געשפּאַנטע דראָזשקעס? האַ, ווי קומט עס?

געענוי ווייסט ער נישט ווענען ער שטעלט די דאָזיקע קשיות — צי זיין ווייב, וואָס זיצט פאַרשטעקט די שפּיץ נאָז אין פוטער אַריין, צי-

דער פינסטערער וועלט, וואָס איז אַרומגעשטעלט מיט אָנגעכמורעטע מויערן און צעשריגענע קינאָ-רעקלאַמעס.

בשעת מעשה ווי ער פרעגט אַזוי און ווייסט נישט ווער ס'וועט אים ענטפערן — פאַלט אים איין, אַז מיכאַל דער סטאַנגרעט פאָרט עפּעס היינט צופיל צעלאָזן. קלאַפּט ער אים אַלע פּאָר מינוט אין דער שווייגעדיקער פּלייצע אַריין און דערמאָנט אים — ער זאָל פאָרן גע־לאַסן. געלאַסן. און צום ווייב רופט ער זיך אָן:

— אַז נישט אַלע פורמאַנעס קאָן מען אָנגעטרויען אַ פערד. מיט אַ פערד, זאָגט ער, דאַרף מען אומגיין, ווי מיט אַ קינד. אַט לויפט עס, דערשוויצט זיך און פאַרטיק אַ נירן-אָנצינדונג. ס'רוב כאַפּן פערד אַ פאַרקילונג אין די נירן. זאָל זי וויסן, אַנקע, אַז כאָטש ער, דער מאַן אירער, איז קיינמאָל קיין פערד־הענדלער נישט געווען — ווייסט ער פונדעסטוועגן וואָס עס הייסט אַ פערד.

מיכאַל דערווייל האַלט אין איין צוימען דעם אָגער. שרייט זיך איבער מיט אַנדערע פורמאַנעס: און פאַן וולאַדיסלאַוו פאַרגעסט נישט אַלע פּאָר מינוט אַרויסצובייגן זיך און וואָרענען:

— געלאַסן, געלאַסן.

פאָרט מען אַזוי געלאַסן גאַס-איין, גאַס-אויס. די פיס ווערן צופיל אויסגערוט און דעריבער שווער. ביז מען דערזעט זיך ווידער נעבן דער שענק „ביים וואָלף". עטלעכע פאַרשכורטע שאָטנס שרייען איינער אין אַנדערן אַריין. אָט עפּנט זיך דאָס הויכע טויער מיט דער קופּע קוילן־שטויב און שלינגט איין פערד, מיכאַלן און דאָס פאָרפאָלק קליינער.

פרוי אַנקע בלייבט מיד נאָך אַזאַ שפּאַציר. די נאַכט דערנאָך גייט פאַרביי האַלב אין שלאָף, האַלב אין חלום. פאַן וולאַדיסלאַוו פייפט מיט די נאָזלעכער ערגעץ אין עק־וועלט אַריין. דאָס הודזשען פון דער פאַ־בריק וואַרפט זיך ערגעץ דאָרט אויף אַ דאַך, ווי אַ נישט-גוטס.

דערפאַר איז דער מאַדאַם קליינער ליבער צו פאָרן מיט דער אַלטער מאַמען. די מאַמע רעדט גאָרנישט. קלערט דערווייל מאַדאַם קליינער. קלערט און קוקט אַזוי אויף די געזונטע, אויסגעגלייכטע פּליי־צעס פון בלאָנדן מיכאַל, וואָס וויגט זיך צוזאַמען מיטן רעגלמעסיקן טאַקט פון די פערדישע פאָדקאָוועס.

איז אָט געדענקט זיך אַ נאַרישקייט, הם, עפּעס אַ מאַדנע נאַריש־

קיים. מיכאל האָט געמאַכט אַ כּוסה. נישט מער, ווי איין כּוסה. איז פון דעם דאָזיקן גרויסן, געזונטן מיכאַל, וואָס זיצט איצט אויסגעצויגן, ווי אַ קייזער, געוואָרן אַ קליינער, ווייכער גוי.

האָט דער דאָזיקער קליינער, ווייכער גוי געריעט אַביסל אונטער דער נאָז און געקלאַפּט זיך אין האַרץ אַריין:

— אַז ער איז נישט שולדיק, ער טרינקט קיינמאָל נישט. נאָר אַ מענטש איז דאָך נישט מער, ווי אַ מענטש. אמת — ער איז אַ פורמאַן און זי, די פּאַני גאָספּאָדיני, איז אַ גאָלדענע פּאַני. העלענע, דאָס שטוב־מיידל, איז גאָרנישט ווערט, זי איז אַן אויסגעלאַסן שטיק. זאָל זי גיין צו אַלדי רוחות, העלענע. די פּאַני גאָספּאָדיני איז אַ גאָלדענע, פּאַני...

ער האָט זיך כּסדר געוויגט און כּסדר פּאַרוואָרפן אַראָפּ דעם בלאָנדן קאָפּ צו איר האַנט...

— זאָל זי אים לאָזן אַ קוש טאָן, די פּאַני גאָספּאָדיני.

איז וואָס־זשע האָט זי דעמאָלט געטאָן?

זי געדענקט, אַז זי איז געשטאַנען זייער גלייך. זי האָט אים גע־וואָלט געבן די האַנט, וואָס שאַדט עס, אַז ער וועט אַ קוש טאָן, דער גרויסער מיכאַל?

האָט זי אים געוואָלט דערלאַנגען די האַנט. ס׳הייסט, נישט דער־לאַנגען, נאָר אָנגעמען זיינע האָר... מאָדנע האָר האָט ער, דער מיכאַל... ווי קומט עס צו אַזאַ גרויסן, דעמבענעם פורמאַן אַזעלכע ווייך־פּאַלדיקע האָר? נאָך איצט שפּירט זי זיי צווישן די פינגער.

איז וואָס־זשע האָט ער עפּעס נאָך געזאָגט, דער מיכאַל?

זי קאָן זיך נישט דערמאָנען. ס׳הייסט, עפּעס געדענקט זי יאָ. נאָר די ווייסט נישט, ווי אַזוי ער האָט עס געזאָגט:

— וויעלמאָזשנאַ, צי — דראָגאַ...

זי געדענקט נישט.

נאָר מיכאַלן האָט מען דערנאָך אָפּגעזאָגט. באשר — מען טאָר נישט זיין שכּור ביי דער אַרבעט.

איז, הייסט עס, דערפאַר, וואָס ער איז געווען שכּור ביי דער אַר־בעט. נישט דערפאַר, וואָס ער האָט אַזעלכע ווייך־פּאַלדיקע האָר... הם... מאָדנע...

האָט זי געזאָגט דעם מאַן אירן, אַז מיכאַל האָט דאַמאָלס נישט

עצרבעט. געווען שוין נאָך דער אַרבעט. סאָ פאַרוואָס קומט אים אָפּ-גוזאָגן?

פאַן וולאַדיסלאַוו האָט געהאַלטן די אויגן פאַרשטעקט אין די גע-שעפטס-נאָטיצן. ער האָט כמעט ווי נישט געהערט, וואָס זיין ווייב וויל פון אים. נאָר אַז זי איז צוגעגאַנגען צו אים נאָענט און אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל — האָט ער זייער פאַמעלעך אויפגענומען דאָס פנים פון די ציפערן:

— איז וואָס-זשע ווילסטו?...

גאָרנישט וויל זי, זי האָט אים נאָר געוואָלט זאָגן, אַז העלענע, דאָס שטוב-מיידל, האָט געבעטן פאַר מיכאַלן.

— העלענע, דאָס שטוב-מיידל? — האָט זיך פאַן וולאַדיסלאַוו מאָדנע געוווּנדערט — ווי קומט העלענע צו מיכאַלן?...

— זיי זענען חתן-כלה..

— אַזוי, חתן-כלה... הם... און ווער הייסט אים זיין שכור ביי דער אַרבעט...

— ס'איז געווען נאָך דער אַרבעט...

— וואָס הייסט נאָך דער אַרבעט?...

— נאָך דער אַרבעט הייסט, אַז ער האָט שוין דאַמאָלס נישט געאַרבעט...

פאַן וולאַדיסלאַוו האָט, ווי זיין טבע איז געווען, אַ קוק געטאָן מיט איין אויג איבער די נאָטיצן אַריבער — אַביסל מיט חשד און אַ ביסל מיט נייגער...

— נישט ביי דער אַרבעט, זאָגסטו!?

— ניין, נישט ביי דער אַרבעט.

— זיכער?

— פאַרוואָס גלויבסטו נישט, וולאַדעק.

וולאַדעק איז שטיל געבליבן און עפּעס לאַנג, לאַנג געקוקט אין איין פאַפּירל אַריין...

איז אָט אַ דאַנק דעם, וואָס מיכאַל איז געווען שכור נישט ביי דער אַרבעט — איז ער געבליבן ווייטער סטאַנגרעט ביים פאַן וולאַדיסלאַוו קליינער.

פון דאַמאָלס אָן איז ער שטיל געוואָרן, דער מיכאַל. אַז ער

טרעפט זיך מיט דער פּאַני גאָספּאָדיני אויג אויף אויג, באַהאַלט ער דאָס פּנים. צו העלענע, דעם שטוב־מיידל, קומט ער אַרויף אַלע אויפדערנאַכט און רעדט פּאַמעלעך און לאַנג.

ערשט נעכטן האָט פּרוי קליינער געוואָלט גיין אין קיך. האָט זי דערהערט מיכאַלס פּאַמעלעכע באַריטאָן־שטימע. איז זי שטיין געבליבן, זי האָט אייגנטלעך געוואָלט צוריקגיין. נאָר פאָרט איז זי שטיין געבליבן הינטער דער טיר פון דער קיך.

מיכאַל האָט גערעדט וועגן אַ ווייס שטיבל, וועגן אַ ווייס־אויסגעקאַלעכט שטיבל מיט אַ סך בלומען־טעפּ אין די פענסטער.

האָט פּאַני קליינער נאָך נענטער זיך צוגערוקט צו דער טיר. זי, די פּאַני גאָספּאָדיני, וואָס פאַרמאָגט גרויסע, פּראַטירטע צימערן, נאָר אָן אַ סך בלומען־טעפּ אין די פענסטער.

האָט זי ווידער געהערט, ווי מיכאַל וואַרנט זיין כלה, אַז עס וועט נישט גוט זיין, אויב זי וועט זיך אָפּגעבן מיט אַן אַנדערן. זאָל זי נישט מיינען, העלענע, אַז עס וועט איר אַזוי גלאַט אָפּגיין... עפּעס האָט ער געהערט אַ מעשה מיטן מאַגאַזינער... און פאַרוואָס זאָל עס אַזוי זיין, פאַרוואָס?

אָט לאָז זי זען, העלענע, אַזאַ פּאַני גאָספּאָדיני. אַ טויב, אַ קיינצערינע. פאַרוואָס לערנט זי זיך נישט פון איר?

דער טעלעפאָן האָט זיך פּלוצלינג צעקלינגען. מאַדאַם קליינער האָט זיך געשווינד אַוועקגעשאַרט פון הינטער דער קיך־טיר און איז אַריין אין אַ צווייט צימער.

דאָרט איז זי אָבער באַפאַלן אַ ווילד־פרעמדע, פאַרשעמטע איינזאַמקייט, ענלעך צו יענעם געפיל, ווען מען דערפרייט זיך מיט עמיצן אויף דער גאַס, אָדער אין אַ פרעמדער שטאָט, און יענער ווייזט זיך אַרויס, איז גאָר אַן אומבאַקאַנטער.

אָט שטייט דאָרט עמיצער אין עס־צימער, שרייט עפּעס אַריין אין טעלעפאָן־רערל, ער שרייט אַזוי ווי ביי זיך אין שטוב — און דאָך דאַכט זיך איר, אַז יענער איז נישט קיין הינעדיקער.

עס וואונדערט זי דאָס זיכערע שטיין זיינס. דאָס געזעצטע, רויקע קול. ווי רעט מען עפּעס אַזוי צווישן פרעמדע פיר ווענט?...

נאָר אין דער איי[illegible]נער רגע ווייזט זיך אויס פרוי קליינער, וואָס

האָט אָנגעשפּאַרט דעם שטערן אָן אַ וויטרינע פון אַ פענסטער — אַז נישט יענער דאָרט ביים טעלעפאָן איז אַ פרעמדער, נאָר זי דאַ, שטייענדיק אַזוי ביי דער וויטרינע פון פענסטער.

ווי אַזוי קומט זי אייגנטלעך דאָ אַהער? און ווי איז עס מעגליך, וואָס זי איז אַ ווייב און הייסט מאַדאַם קליינער — און נישט אַנקע ראָטענבערג און אָט יענער דאָרט — איז איר מאַן. אַן אמתער מאַן. וואָס איז זיכער, אַז ער האָט זיינס אַן אייגן ווייב, פונקט אַזוי ווי ער איז זיכער, אַז ער האָט אַ פאַבריק מיט מאַשינען, מיט מענטשן, מיט פערד, וואָס וועלן אים קיינמאָל נישט אָפּנאַרן.

אָבער פאַרוואָס איז ער אַזוי זיכער? פאַרוואָס זאָל ער זיין אַזוי זיכער?... און דאָרט, אין קיך, זיצט מיכאַל, מיט זיינע ווייך־פאַלדיקע האָר. ער האָט נישט קיין מאַשינען און נישט קיין פערד און איז נ י ש ט זיכער...

— פאַרוואָס, מיכאַל?...

— צאָ, פראָשען פּאַני? — גיט זיך דער סטאַנגרעט אַ האַסטיקן דריי־אויס.

די האַלב־טויבע מאַמע, וואָס האָט די גאַנצע צייט געהאַט אין קאָפּ אַ געדאַנק אַזוי גרויס, ווי אַ קליין שטייענדיק ווייזערל — האָט זיך איך אַ ריר געטאָן און אַ פרעפל געטאָן מיט די ליפּן:

— האָסט עפּעס געזאָגט אַנקעשי?

— גאָרנישט... זאָל מיכאַל פאָרן... נאָר פּאַמעלעכער.

פאָרט מיכאַל פּאַמעלעכער. מאַדאַם קליינער קוקט דערווייל אויף די באַלויכטענע קינאָ־פּלאַקאַטן און קאָן זיי בשום אופן נישט איבערליינען.

עפּעס וויגן זיך מענטשליכע קעפּ, פאַרגרעסערטע און צעצויגענע — זיי וויגן זיך איבער די שילדן אַריבער. די שילדן ווידער — אויפגעשטעלטע, קאַנטיקע, פאַלן טיף אַראָפּ אויף פאַרגרעסערטע מענטשלעכע קעפּ. און צווישן דעם דאָזיקן אויסגעמישטן קנויל פון קעפּ און שילדן, שטופּט זיך, אַזוי ווי אַ דאָרפישע שיקסע אויף אַ שוועסטערס חתונה — אַ ווייס געקאַלעכט שטיבל מיט אַ סך אַ סך בלומען־טעפּ אין די פענסטער.

---

מאַדאַם קליינער איז געווען אין טעאַטער. געווען מיט איר מאַן פאַן וולאַדיסלאַוו. ער איז געזעסן אַ קאַלטער און געהאַט טענות, אַז דאָס שטיק געפעלט אים נישט.

וואָס האָט מען דערפון, אַז עמיצער קושט אַ פרעמד ווייב ? און וואָס וועט אים שוין אַרויסקומען, אַז דער מאַן וועט דערשטיקן ס׳ווייב, אָדער ס׳ווייב וועט פאַרסמן דעם מאַן ?

ווען ער זאָל האָבן אַ דעה, וואָלט ער אונטערגעבערענגט דאָס דאָזיקע מין טראַגעדיע־טעאַטער.

האָט מאַדאַם קליינער געענטפערט, אַז ער האָט באַדאַרפט זאָגן, ווו ער וויל גיין. איר, אַ שטייגער, געפעלט יאָ דאָס שטיק.

פאַן וולאַדיסלאַוו האָט מיט זיין זייטיק בליקל אַ קוק געטאָן אויף זיין פרוי און מיט בטול געקוועטשט אַ שפיץ אַקסל.

— אַז ער פאַרשטייט נישט, וואָס דאָ קאָן געפעלן. עפעס אַ נאַריש ווייבל האָט טענות צום מאַן, אַז ער האָט זי נישט ליב. און אַז מען האָט נישט ליב, מוז מען שפילן טעאַטער ?

ער האָט זיך כמעט געבייזערט, אַזוי ווי דער גאַנצער ענין זאָל אים פערזענלעך אָנגיין.

פרוי אַנקע האָט טריב אָפּערגעקוקט פון אונטער די האַלב־אַראָפּ־געלאָזטע ברעמען און געהאַט ס׳געפיל, אַז זי איז שולדיק, וואָס דער מאַן בייזערט זיך.

שפעטער, ווען זיי זענען איינגעזעסן אין קעטשל, האָבן ביידע אויפגעהערט רעדן און אַזוי אַוועקגעזעצט זיך, אַז ס׳איז אויסגעקומען — ביידע רוקן זיך אָפּ ווי ברוגזע.

איבער דער אויפגעשטעלטער בודע האָט געטריפט אַ דראָבנע רעגנדל, פאַרמישט מיט קליינע בייסנדיקע שנייעלעך.

זיי האָבן זיך אַריינגעגנבט, די שנייעלעך, אין קעטשל און אַוועק־געלייגט זיך אויף מאַן־און ווייבס ברוגזע פנימער.

מיכאַלס ברייט געזעס האָט זיך פויל און האַלב־פאַרשלאָפן געוויגט אויפן „קאָזשאַל" און אויסגעזען אויך עפעס ברוגזלעך.

פאַן וולאַדיסלאַוו האָט געדרייט מיטן קאָפּ און נישט צופרידן נעברוכט:

— מאַכט זיך אַ היגטישער וועג. די פערד וועלן אויסגעריסן ווערן

עטליכע פאַרשפעטיקטע יונגעלייט האָבן געקלאַפּט מיט שטעקנס איבער די טראָטואַרן. דער אָפּקלאַנג פון די איינצעלנע, האַרטע קלעפּ איז אומרויק געפאַלן אויף די פאַרשלאָפענע, גלאַנציקע שויבן אין די פענסטער

פלוצלינג האָבן די פאַרשפעטיקטע יונגעלייט אַלע מיט אַמאָל אַ לאַך אריין געטאָן אין שנייעדיקן רעגן אריין. פאַן וולאַדיסלאַוו האָט זיך נישט צופרידן אַ ריר געטאָן:

— ווי גוט ס׳איז זיי!

אין דער אייגענער מינוט האָט זיך מיט ברומענדיקער רוגזה פאַר-בייגעטראָגן אַן אויפגעלויכטענער אויטאָ. דער אָגער האָט אַ צאַפּל גע-טאָן און געהאַט בדעה אַ ריס זיך צו טאָן אין אַ זייט.

מיכאַל האָט זיך ראַפּטום אויפגעוועקט פון דרימל און אַרויס-שטעלנדיק די ברוסט אַרויס אין דער נאַכט אריין — האָט ער דעם אָגער געצוימט.

פאַן קליינער ווידער האָט נערוועז געקלאַפּט אין כטאַנגרעטס גרזעס אַריין און מיט אַ צו הויכער שטימע געוואָרנט:

— געלאַסן, מיכאַליע, געלאַסן.

דערנאָך ווען דער אויפגעלויכטענער אויטאָ איז שוין געווען ער-גען אויף יענער זייט נאַכט און מיכאַל איז געוואָרן געלאַסן, האָט זיך דער איבערגעשראָקענער פאַן קליינער אָנגערופן צום פאַרטונקלטן שטיק פוטער, וואָס איז געזעסן נעבן אים:

— אז דער מיכאַל איז אַ משוגענער פורמאַן, אז ער קאָן נישט פאָרן... אַ הונטשלעגער דאַרף ער זיין, נישט קיין פורמאַן...

דאָס פאַרטונקלטע שטיק פוטער האָט אָבער, ווייזט אויס, נישט געהערט דעם מאַנס טענות. און דער מאַן אויסרעדנדיק זיך ס׳האַרץ, איז ווידער געקומען צו דער מחשבה:

— אז עס מאַכט זיך אַ געהרגעטער וועג. אַז מען וועט דאַרפן די פערד פרישע פּאָדקאָווס אַרויפקלאַפּן. אז מאָרגן אינדערפרי מוז מען עס גלייך זאָגן דעם אַלטן פעלטע. אייגנטלעך דאַרף דער דאָזיקער אַלטער פעלטע אַליין עס געדענקען. ער איז דאָך דער ממונה איבער די שטאַלן. גאָר ביי פאַרלאָז דיך אויף מענטשן.

אזוי טראַכטנדיק האָט פאַן וולאַדיסלאַוו דערווייל פאַרגעסן, אז

נעבן אים זיצט איינע, וואָס איז אים שוין אַ ווייב זיבן יאָר. און אַז זי האָט אים שוין געבוירן צוויי קינדער.

זיצט זי דאָ איינע אַליין, אָן אים. זיצט און זעט דאָס וואַרעם אויסגעפוצטע טעאַטער, מיטן ענגן ריח פון פערפומירטע פרויען-אַקסלען און שטייף־אויסגעצויגענע מענער-גאָרסן.

איז עס אַ מאָדנע געשעעניש געווען — דאָס היינטיקע טעאַטער־שפיל. זי ווייסט נישט צי איז עס אַ צופאַל, צי האָט מען אומישנע געשטעלט אַזאַ שטיק, וואָס זאָל אינגאַנצן דערמאָנען איר לעבן. טאַקע איר אייגן לעבן מיט אַלע שליסלען און שליסעלעך, דינסטן און דינ־סטעלעך.

דער אייגענער פאַרנומענער מאַן. סוחרים, חשבונות, טעלעפאָנען, צווישן די סוחרים מיט די טעלעפאָנען דרייט זיך אַרום אַ פרוי, איינע אַליין דרייט זי זיך צווישן גרויסע. שווייגנדיקע קרעדענצן. קלינגט מיט בינטן שליסלען, שאַפט מיט דינסטן.

דער מאַן זעט נישט אירע דינגע, דורכזיכטיקע קליידער. ער האָט נישט קיין צייט. זי איז טאַקע, זאָגט ער, שיין, נאָר וואָס זאָל ער טון? ער איז נישט ביי זיך. ער איז עמיצנס. נו, האָט ער צייט גלאַט אַזוי אָרעקצוזעצן זיך און רעדן?

לאָזט זי אים אָפּ, די פרוי, און קוקט דורך די שויבן פונקט אַזוי ווי זי, אַנקע קליינער; מן הסתם זעט זי אויך אויפן הויף גרויסע קופעס מיט קוילן-שטויב, פאַרקאָפּטשעטע אַרבעטער אין בלויע בלוזעס און אַ גרויסן קוימען, וואָס פאַרשטעלט די ליים-גרובן מיט די אָנגעשכורטע מענער און ווייבער.

בוכהאַלטערס מיט פאַרשפיצטע נעז קומען מיט חשבונות, מיט בלייפעדערס אין די מיילער, פאַרחושטע פון די ציפערן. און זי, די שיינע פרוי, וואַרט.

אויף וואָס וואַרט אַזאַ שיינע פרוי אין זיידענע קליידער, וואָס דער מאַן ליבט זיך מיט ציפערן און האָט אַזוי פיל צייט פאַר די איינ־געגעסענע בוכהאַלטערס?

זי וואַרט — זאָגט זי — אויף אַ פויגל. אויף אַ גרויסן, ווייסן פויגל. געדויערט נישט לאַנג און ער קומט דער פויגל. ער קומט אין די גרויסע, אָנגעברוגזטע צימערן אַריין און דערזעט די שיינע פרוי. ער

דערזעט זי אינגאַנצן. פון מינדעסטן נעגעלע. מיט אַלע קליידער און קליידלעך. און האָט אַזוי פיל צייט, אַזויפיל פרייז פשוטע צייט.

טאָ פאַרוואָס געפעלט עס נישט דעם מאַן אירן

— האַ, פאַרוואָס געפעלט דיר נישט, וולאַדעק?

— קלערסט נאָך אַלץ פון טעאַטער? — וועקט זיך פאַן וולאַדיסלאַוו פון זיינע פאָדקאָווע- און פערד-חלומות.

— יאָ.

— פון וואָס איז דאָ אַזוי פיל צו קלערן? אַ געמיינע פרוי און פטור.

— ווער?

— אָט, יענע דאָרט. וועלכע אָרנטלעכע פרוי לאָזט עס איבער אַ מאַן און אַנטלויפט מיטן ערשטן בעסטן?

— אָבער וולאַדקו!

— נישטאָ קיין שום אָבער.

מאַדאַם קליינער ווערט שטיל. זי קורטשעט זיך טיף איין אין איר קאָלנער. איר דוכט זיך, אַז אויף דער שפיץ נאָז האָט זיך איר אַוועקגעשטעלט אַ פליג און בורטשעט

— בז... זז... אַן אָרנטלעכע פרוי. אַן אָרנטלעכע פרוי.

איז ווער, הייסט עס, יאָ אַן אָרנטלעכע פרוי? אָט האָט זי, אנקע קליינער, דעם פאַבריקאַנטס ווייב, געגעבן צו קושן די האַנט אַ פורמאַן. אָט האָט זי אים געגלעט די האָר... איז זי אַן אָרנטליכע. און יענע דאָרט, וואָס האָט געוואַרט דער מאַן זאָל אַמאָל צוקומען צום פענסטער ווו זי איז אָפּגעשטאַנען אירע יאָרן — יענע דאָרט איז נישט אָרנטלעך... סאָ ווו הייבט זיך אָן אָרנטלעכקייט און ווו נישט? און פון וואַנען ווייסט זי, אַז דער מאַן קלערט נישט אַצינד פון איר דאָס זעלבע, וואָס וועגן יענער פרוי?...

— האַ, וולאַדעק, פאַרוואָס זאָגסטו נישט? פאַרוואָס ביזטו אַזוי פאַרנומען, וולאַדעק?

אַ ווײַלע האָט זיך דער פרוי קליינער געדאַכט, אַז זי שרייט, און אַז דער מאַן, וואָס זיצט נעבן איר, וווּנדערט זיך אויף איר געשריי. האָט זיך אַזוי ווי פאַרלוירן אין דער אייגענער הויט. מיט אַ ציטער יק

גפּיל אונטער די ברוסטן האָט זי געוואַרט דער מאַן זאָל זי אַ פרעג טון, וואָס זי האָט זיך אַזוי צעשריגן?

נאָר פאַן וולאַדיסלאַוו האָט, ווייזט אויס, אין דער דאָזיקער מינוט געזען זיינע אויסגעפּאַשעטע פערד, ווי זיי שלעפּן געלאָדענע פירן מיט סחורה איף פייכטע, גליטשיקע בריקן.

מיכאַל דערווייל האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן דער פינסטערער גאַס און אַ געשריי טאָן מיט זיין ווייכן באַריטאָן:

— בראַמאַ!

קאָטש און פערד זענען געשטאַנען אַ ווייל און איינגעהערט זיך אין ווידער-קול, וואָס איז אַריבערגעפאַלן איבערן געמויערטן פאַרקאַן און אויפגעוועקט דאָרט דעם נאַכט-שומר.

דאָס טויער האָט זיך פאַרשלאָגן צעקרעכצט, ווי אַ זקן אויף אַ האַרט געלעגער, און אַריינגעלאָזט די אויפגעשפּיצטע מאָרדע פון אָגער, צוזאַמען מיטן קאַלטן, דורכגענעצטן קעטשל.

ערשט דאָ האָט זיך אונטער דער אויפגעשטעלטער „בודע" אַריינגעבויגן אַ צעשויבערטער קאָפּ און מיט אַ פאַרדומפּטן קול אַריינגעזאָגט:

— אַז אין שטאַל דאָרט איז אַוועקגעפאַלן אַ פערד.

— אַ פערד? וואָסער פערד? — האָט זיך פאַן וולאַדיסלאַוו נערוועז אַ דריי געטאָן אַזוי, אַז ער איז אויסגעקומען מיטן פּנים צו דער פרוי זיינער.

אין דער רגע האָט מאַדאַם קליינער געהאַט ס'געפּיל, אַז די פראַגע איז געווען געווענדעט צו איר און אַז דאָס איז זי שולדיק, וואָס אין שטאַל דאָרט איז אַוועקגעפאַלן אַ פערד.

— דער קאַשטאַן — האָט דער צעשויבערטער קאָפּ ווייטער אַריינגעברומט אין פינסטערן חלל פון דער אויפגעשטעלטער „בודע"; און איידער ער האָט ווידער געקריגן תשובה, האָט שוין מיכאַל פאַרהאַלטן דעם אָגער אינמיטן הויף, סאַמע נעבן דער פאַרשלאָפענער קופּע קוילן-שטויב.

פאַן וולאַדיסלאַוו איז גיך אַרויסגעשפּרונגען און צוזאַמען מיטן צעשויבערטן קאָפּ זענען ביידע פאַרפאַלן געבליבן ערגעץ אין דער פייכטער, האַלב-באַלויכטענער טונקלקייט פון הויף.

מאַדאַם קליינער האָט זיך דערפילט אָרעם. זי איז נאָך אַ ווייל

פוזעסן אַליין אונטער דער אויפגעשטעלטער „בודע" און נישט געוווּסט
בצי זאָל זי וואַרטן, צי זאָל זי אַרויפגיין אין שטוב אַריין אָן מאַן.

נאָר דער מאַן האָט זיך געזוימט. איז זי עפּעס אַ פאַרקלעמערטע
אויסגעזעסן פון קעטשל און מיט מידע טריט אַרויפגעגאַנגען אויף די
טונקעלע טרעפּ.

הינטער דער טיר פון הויז איז עמיצער מיט עמיצן געשטאַנען
און זייער שטיל אַריינגערעדט אין זיך. פרוי קליינער האָט דערפילט, אַז
דאָס שטייט איינע פון אירע דינסט־מיידלעך מיט אַ פאַרשפּעטיקטן פורמאַן,
אָדער מיטן מאַגאַזינער אַליין. נאָר ס'האָט זי נישט געאַרט. ווען שטערט
דען אַזאַ מין שטיין ביינאַכט הינטער די טרעפּ. פונדעסטוועגן האָט זי
פאַמעלעכער געמאַכט די טריט און — איבערטרעטנדיק פון איין שטיג
אויף דער צווייטער — האָט זי געהערט, ווי אונטן דאָרט געזעגנט מען
ז'ך איילנדיק און עטלעכע הויכע, פאַרביסענע קושן זענען געפאַלן סאַמע
נעבן אירע פיס.

האָט זי זיך שוין אָפּגעשטעלט. דאָס דינסט־מיידל האָט זי געטראָפן
שטיין אַ פאַרטראַכטע. ביידע האָבן זיך אין דער פינסטער אָנגערירט און
ביידע זענען שווייגנדיק אַריין אין שטוב.

שפּעטער, ווען מאַדאַם קליינער איז שוין געלעגן אין בעט, האָט
זי בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין — נאָך וואָס זי האָט זיך אָפּגע־
שטעלט. און פאַרוואָס האָבן ביידע געשוויגן ביי דער טיר. און ווי אַזוי
איז עס עפּעס געשען, וואָס וולאַדעק איז אַזוי גיך אַוועק אין שטאַל
אַריין... און אַז אַ פערד פאַלט אַוועק — איז וואָס? פעלן דען מענטשן
דאָרט אין שטאַל?

זי האָט געוואָלט אַראָפּשיקן געוואָר ווערן וואָס עס הערט זיך.
האָט זי נישט אַראָפּגעשיקט. פאַרוואָס האָט זי נישט אַראָפּגעשיקט?...

מוז זיין דערפאַר, וואָס זי איז געלעגן אין בעט און ס'איז געווען
פינסטער און ס'האָט זיך נישט געגלוסט אויסצוציען די האַנט צום גלעקל
איבעריקנס וויל זי טאַקע נישט אַראָפּשיקן.

זאָל ער דאָרט זיין נאָך האַלבע נאַכט אין די שטאַלן. אַז אים
איז ליב, איז איר ניחא. מן הסתם איז דאָך אַ פערד טייערער ווי אַ
שטוב, ווי קינדער.

אַז אַ פערד ווערט קראַנק גייט מען דערביי אום, ווי ביי אַ מענטש.

און אַז זי אַ שטייגער, זאָל אַצינד אַוועקפאַלן, וועט מען אויך אַזוי אומ־
גיין ביי איר? ווער קאָן דען וויסן, וואָס ביי אים איז טייערער — זי,
צי דאָס פערד...

אָט וועט ער אַרויפקומען. שפּעט. ווער ווייסט ווען. וועט מען פון
אים שפּירן שטאַל־ריח. אַזוי ווי מען שפּירט פון דעם אַלטן פעלטע. דער־
ווייל שלאָפט זי נישט. וואַרט. און העלענע, דאָס שטוב־מיידל, קושט זיך
מיט עמיצן הינטער די טרעפּ. וואָס אַרט עס אַזאַ העלענע, אַז אַ פערד
איז חולה געוואָרן?

הם. מאָדנע. מיט וועמען האָט זיך דאָס געקאָנט קושן העלענע, אַז
מיכאַל איז גאָר געזעסן אויפן „קאָזשאָל".

פרוי קליינער האָט אין דער פינסטערניש דערהערט שטילע סקרי־
פּענדיקע טריט. האַלב־דערשראָקן האָט זי געגעבן אַ צי אויס די פיס און
נישט מיט איר קול ראַפּטום געפרעגט:

— איז וואָס זשע מאַכט דאָס פערד?

— שלאָפסט נאָך נישט?

— ניין, און דאָס פערד?

— ס'פערד? שלאָפט שוין...

— וואָס הייסט?

— ס'איז עס בעסער... אַז מען טאָר זיך נישט פאַרלאָזן אויף
מענטשן.

— וואָס ווילסטו זאָגן?...

פרוי קליינער האָט צוריק איינגעצויגן די פיס. זי האָט פאַרשטאַ־
נען, אַז דער מאַן איז צופרידן. אָט, באַשטעטיקט זיך זיין אַלט ווערטל:

— „פּאַנסקע אָקאָ קאָניאַ טוטשי".

זי איז שטיל געבליבן הינטער דער נישט דערוואַרעמטער קאָלדרע
און געהערט, ווי דער מאַן רעט ערגעץ אין פינסטערן צימער אַריין:

— אַז דער קאַשטאַן איז געווען פאַרביי. אַז דער אַלטער פעטלע
איז נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט אים. אַז ער, דאָס הייסט פאַן
וולאַדיסלאַוו קליינער, איז דער איינציקער, וואָס ווייסט. אָט איז ער גע־
קומען, אַ קוק געטאָן. נישט מער, ווי אַ קוק געטאָן — און דערגאַנגען
וואָס דעם קאַשטאַן איז.

פאַן וולאַדיסלאַווס שטימע האָט געקלינגען וואַרעם. צו ערשט האָט

זיך געדאַכט, אַז ער בייזערט זיך. נאָר צי איז די פינסטערניש שולדיק געווען, צי האָט מאַדאַם קליינער אַזוי געוואָלט — נאָר איר מאַנס שטימע האָט איר אָנגעהויבן צו געפעלן. זי האָט געהערט ווי ער גייט שטיל איבערן צימער און דערנענטערט זיך וואָס אַמאָל מער צו איר בעט. קיין שטאָל־ריח שפּירט מען נישט. זאָל ער רעדן פון וואָס ער וויל, נאָר זאָל ער האָבן אַזאַ וואַרעמע שטימע, ווי איצט.

זי הערט ווי ס׳רוישן זיינע מלבושים. אָט לייגט ער אַוועק ס׳זייגערל אויפן נאַכט־טישל. זי פילט עפּעס אַ מאָדנע, שוין לאַנג נישט־געפילטע וואַרעמקייט.

— וולאַדעק, וולאַדקו! — וויל זי רופן. נאָר זי רופט נישט. מן הסתם הערט ער פון וואָס זי טראַכט, אַודאי הערט ער.

אָט טריט. דאָ, דאָ, נעבן איר... נאָר וואָס זאָל דאָס זיין — האָט זי זיך פאַרהערט? דאַכט זיך, אַז דאָס קול גייט שוין פון אַן אַנדערער זייט.

— זוכסט עפּעס, וולאַדעק

— ניין, כ׳לייג מיך. ?

— אַזוי... דו לייגסט דיך.

— יאָ, שוין צייט...

זיין קול גייט פון יענעם בעט. פאַרוואָס שטייט דאָס בעט אַזוי ווייט? און ווער האָט צוגענומען די טריט, וואָס האָבן דאָ אַזוי שטיל געטרעטן נעבן איר?... און פאַרוואָס איז דאָס קול צוריק האַרט געוואָרן?...

זאָל נאָר זיין שטיל. זוכט זיך, אַז עמיצער שרייט:

— בראַמאַ!...

אַ פרעמד קול. אַ פרעמדער פורמאַן שרייט צו אַ פרעמדן נאַכט־היטער.

---

צומאָרגנס האָבן זיך די שטוב־לייט געוואונדערט, פאַרוואָס ביי דער מאַדאַם זענען אַזעלכע אָנגעדראָלענע אויגן. די מאַמע מיטן ציטערדיקן פּנים האָט זיך אויך פאַרקוקט און זייער שטיל זיך אָנגערופן:

— אז ס׳וואָלט אַ יושר געווען זי, אַנקע, זאָל אַרויפגיין צו אַ

דאָקטאָר מיט די אויגן. שוין אַ פּאָר מאָל האָט זי באַמערקט, די אַלטע, אַז אַנקע האָט אָנגעדראָלענע אויגן.

— האַ, אַנקעשי, פון וואַנען נעמט זיך עס, אַנקעשי?

נאָר אַנקעשי ווייסט נישט. פון וואַנען זאָל זי וויסן? זי האָט, דוכט זיך, נישט געוויינט. זי האָט גאָר געוואָלט לאַכן. דעם קאַשטאַן איז שוין בעסער. ס׳איז אַלץ צוריק ווי געווען.

איצט שטייט ער שוין דאָרט אין שפּאַן. מיכאַל דרייט זיך נעבן אים און באַטראַכט אים, צוריק אַ געזונט פערד. ווי גוט גאָט פירט די וועלט.

פאַן וולאַדיסלאַוו זיצט שוין ביים ווייס־געדעקטן טיש און שמייכלט מיט זיינע גראָע, שטייענדיקע אויגן:

— אַז אומעטום מוז מען זיין אַליין. אַז אויף קיין מענטש טאָר מען זיך נישט פאַרלאָזן.

די מאַמע שאָקלט איר פּנים אין טישטוך אריין און בענטשט ווידער די מינוט, וואָס אַנקע האָט אַזאַ ליכטיק מזל. און מאַדאַם קליינער קלינגט אויפסניי מיטן גרויסן בינט שליסעלעך. אַלעמענס פּנימער זענען געמיטלעך אויסגעלייטערט — בלויז דאָס פּנים פון מאַדאַם קליינער איז אַביסל פאַרקרומט.

נאָר מאַלע אַ מענטשנס אַ פּנים איז אַמאָל פאַרקרומט...

# I

...אזא ריזיקער בלאָער הימל. אזא פוכקע טיפקייט רינגלט דיך אַרום, אַז נעם און קנוידער זיך אַריין און פאַרגיי אין איר; אַזאַ ווייט און ברייט געפעלד, אַז קוקנדיק, ווערן די אויגן מיד, פאַרחלשן — ווילן שלאָפן.

...מ׳גייט אַרויס אין פעלד. מ׳גלאָצט. אַ שטרויעלע אין מויל. מ׳דרייט זיך אַהער. אַהין.

און אין שטוב טראַגט זיך פריידע שווערלייביק אַרום איבער די גרוימע שטובן. שאָקלט מיטן גוידער. שנאָבלט. קרעכצט און שליקערצט.

...און אַ געזינדל פּאָרקעט זיך אַרום. עסט. שלאָפט.

אייגנטלעך האָט ער, נתן צוויבאַק, זיך אַליין דעם נחת פאַרשאַפט, אַריינגענומען צוויי מיידלעך און זיי פאַרשריבן אין גמינע אויף זיין נאָמען. געמאַכט פאַר אייגענע. זי, פריידע, האָט עס נישט געוואָלט:

—אַ מענט : זאָל הנאה האָבן צו האַלטן ביי זיך אַ שטוב מיט ווילד פרעמדע מענטשן.

האָט נתן דעמאָלט געענטפערט:

— קענסט האָבן אייגענע? — אדרבה. האָב!

האָבן די קינדער זיך געהאָדעוועט און נתן צוויבאַק איז כסדר אַרום זיי אַרומגעגאַנגען. גענישטערט. געזוכט, ווי ער וואָלט געוואָלט דערגיין:

— צי איז עפעס פאַראַן אַן ענלעכקייט פון די קינדער צו אים?

און אַז די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, געוואָרן עלטער, האָט זיך אַלצדינג אויסגעוועפט.

— פאָרט נישט אייגנס.

און אַ פאַרפרעמדקייט האָט זיך צעלייגט איבער דער שטוב, אַז עס האָט אים געטריבן פון שטוב אַרויס.

עס האָט אים געאַרט די לופּטיקייט אין די שטובן. די שטילקייט וועלכע איז געלעגן אין יעדן ווינקל.

נישט איינמאָל האָט זיך נתן צוויבאַק אָנגעשלאָגן אויף דעם, וואָס ביי אים אין די שטובן איז אַלץ איינגעשטעלט אויף אַן אָרט. נישט

גערירט. גאַנץ. אָט אַזוי ווי מען האָט עס אוועקגעשטעלט מיט יאָרן צוריק — אָט די אַלע חתונה-מתנות וועלכע ער האָט געקריגן.

— מ׳האָט עס אַוועקגעשטעלט און אַזוי שטייט עס. נעמט זיך אָן שטויב — פוצט מען עס אויס. בלאָזט מען עס אָפּ. און — עס שטייט ווייטער.

אַז עפּעס אַלץ דאָ איז אַזוי אַלט און צעיורט. אָט די אָפּגעקערטע ליידיקייט אַרום. אָט די איבערגעשטאַנענע זויערע שטילקייט האָט זיך כסדר אין אים אַזוי ווי אַ יערעכץ געבלעזלט.

— ווי גייט מען אַוועק דערפון?

אַן אַלט איינגעגעסן געפיל וואָס זיצט אין אים שוין פון גאַנץ לאַנג. טאָטשעט. נאָגט. הערט אויף און פלוצלינג כאַפּט עס ווידער אָן.

— פאַרקויפן ס׳גוט. פטור ווערן.

געבן די פרעמדע מיידלעך אַביסל געלט. זיי איינאָרדנען. און אַליין אַוועק. ארויס פון דאָרף. איינמאָל פאַר אַלעמאָל:

— אַז ס׳איז איינעם באַשערט צו פלאָנטערן זיך אין דער וועלט ווי אַ העק אַליין — איז אַליין. איינגאַנצן אַליין.

אַ שטיק לעבן האָט נתן צוויבאַק געדאַרפט אָפּלעבן אין ראַכיוווער הויף, וואָס ס׳איז אים געבליבן בירושה פון טאַטן, עס זאָל אים איצט קומען אויפן געדאַנק צו פאַרקויפן ס׳גוט.

איז וואָס אייגנטלעך געשען מיט נתנען, וואָס ס׳האָט אים געטון אַזאַ שלאָג צום האַרץ?

לעולם איז דער עצם געדאַנק צו פאַרקויפן ס׳גוט נישט קיין נייער. אין די הינטערגעדאַנקען זיינע, פאַרהוילן, פאַרשמירט, אָפּגעריסן און נישט קלאָר, טראָגט ער זיך שוין דערמיט אַרום פון שיינע צייטן.

עס האָט אים אָבער שטענדיק עפּעס וואָס אָפּגעהאַלטן. ס׳איז סוף כל סוף נישט פון די לייכטע זאַכן אַוועקצוגיין פון אַן אָרט ווו יעדעס שטיקל ערד איז היימיש. נאָנט, ווי מיט דער אייגענער האַנט געקנעטן. איבער פערציק יאָר מ׳זיצט אויף אַן אָרט. וואַרט מען טאַקע צעגויפגע-וואַקסן, אַריינגעוואָרצלט אינעם אָרט אַריין — אָט ווי ס׳וואַקסן זיך צעגויף וואָרצלען אין דער ערד. און נישט איינמאָל טאַקע, ביי אָט אַזאַ מטושטשן געדאַנק איז אים עפּעס אַלץ אַרום פלוצלינג געוואָרן ליב, נאָנט

און אַ פאַרהוילטע בענקשאַפט אַזאַ האָט אים געגומען נאָגן, אַז ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפונען.

ס׳איז אים עפּעס געווען אַ שאָד צו פאַרלאָזן די פּראָסטע פּאַראָבן קעס, ווי זיינע אייגענע שטיקער ערד, די ברוינע אָפּגעצערטע יונגע־מיס וועלכע ער האָט קליינערהייט, אויף די הויפּישע פערד זיך דורכגע־טריבן. דער אַלטער יאַן, וואָס האָט אים אַלס קינד אויפן פעלד אַרויס־געטראָגן און אין פרישן היי אַריינגעקנוילט. דאָס פאַרברודיקטע אָרעמע יידישע שטעטל וואָס ליגט אויף דער סאַמער נאָז פונם ראַכיווער הויף מיטן גאַנצן הימל אַרום און אַלץ וואָס דער הימל אַרום דעקט צו. אַ האַלב שטעטל מיטן יידישן און גוישן בית-עולם, די בריק — אַלץ ליגט אויף הויפישער ערד.

— אַ שטיק הימל, אַ שטיק ערד און אַ שטיק וואַסער.

איז נעם און פאַרלאָז דאָס אַלץ. גיי אַוועק. טראָג זיך, ווי אַ חאָלקן־שטיק אויפן אויסגערעגנטן הימל.

— וווהין?

— און אַוועק מוז מען. געגוג שוין. צי וואָס אָט די גאַנצע רחבות? וואָס דאַרף אַ מענטש? אײן מענטש? —

— אַ שטוב, פיר ווענט אייגענע, נאָנטע, ווי אײגענע קינדער...

— פאַרקויפן!

## II

אין „זוויאָנזעק זשעמיאַן" האָט מען שוין געשאַצט דאָס גוט וויפל, ס׳איז ווערט און פאַראיפּיל מען קאָן עס קויפן.

מ׳האָט ברייט אַרומגערעדט דעם שגעון פאַרוואָס נתן צוויבאַק פאַרקויפט ס׳גוט און, וואָס דאָס איז אים עפּעס איינגעפאַלן פונקט אין סאַמע מיטן שניט.

ען האָט אַרויסגעזאָגט כלערליי השערות און זיך געוויצלט.

מ׳האָט געוואוסט צו דערציילן אַז נתן צוויבאַק האָט עפּעס אין אַ שכנותדיקן הויף אַ נקבה וואָס האָט געהאַט פון אים אַ קינד. ער זאָל נאָכן פאַרקויפן ס׳גוט, זיך גטין מיטן ווייב און אַוועק קיין אויסלאַנד.

טייל האָבן געוואָלט האָבן אַז ס׳האָט אים צוגעדריקט דער לעצ־

טער קאָנפליקט מיט אָסטראָלענצקין. אָסטראָלענצקי זאָל אים האָבן באַ־פאַלן און בקול רם געזידלט און געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלייך. געזאָגט, אַז ער טויג צו גאָרנישט און אָפּגעחוזקט פון אים מיט זיינע קינדער אָן בויכווייטיק. ארויסגעקומען איז עס צוליב אַ טראַנזאַקציע פון פּאָספּאָר. זאָל זיך עס נתן גאָר שטאַרק האָבן גענומען צום האַרץ און פון דאַנעט וואַקסט עס דאָס משוגעת מיטן פּאַרקויפן ס׳גוט. ס׳האָט אים צוגעדריקט. ס׳מעסטל איז איבערגעגאַנגען.

— אַ זעלטנהייט פון אַ ייד — האָט וועסאָלאָווסקי, אַן אַלטער, כּרייט פּלייציקער פּעטער פריץ, מיט אַ רויטן קאַרק אויף דריי שטאָק, נעווישט די גראָע צעפּלאָשעטע וואָנסעס, וואָס זענען אים געהאָנגען איבערן מויל, ווי צוויי פּעטע פּראַגע-צייכנס — אַ זעלטנהייט פון אַ ייד. כ׳האָב ליב מיט אים צו האַנדלען. ער האָט פאַר אַ יאָרן געמאַכט אַ חזיר־ריי. נישט געדאַרפן נאָכגעבן דער האָלאָטע. הזיק אָנגעמאַכט און דעמאָ ראַליזירט ס׳גאַנצע פּעבל אַרום. אָבער אַן אָרנטלעכער מענטש איז ער. די מעשה דערפון איז געווען אַזאַ:

פּאַראַיאָרן, סאַמע שניט־צייט, האָבן די פּאַראָבקעס פון די אָרויִמיקע הייף מיט אַמאָל געפּאָדערט אַ הוספה: האָבן די פּריצים נישט גע־וואָלט נאָכגעבן. איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק. די פּויערים האָבן זיך גע־בונטעוועט. פּאָליציי האָט זיך אַריינגעמישט און ס׳איז שיער נישט געקו־מען צו אַ בלוט פּאַרגיסונג.

ביי איין נתנען האָט מען נישט געשטרייקט. ער האָט צו זיך גע־רופן דעם אַלטן יאַן און אים געהייסן איבערגעבן אַז ס׳וועט זיין ערליי־דיקט.

און די אַרבעט אין פּעלד איז נישט געוואָרן איבערגעריסן אויף אַ רגע נישט.

די פּאַראָבקעס האָבן דאָס טאַקע אויסגענוצט לגבי זייערע פּרי־צים.

דערנאָך איז אין „זוויאָנזעק זשעמיאַן" איבער דעם ענין פּאָרגע־קומען אַ גאַנצער משפּט. מ׳איז געווען אויף נתנען להשמיד ולהרוג. די יידן און די גוים.

איין וועסאָלאָווסקי וועלכער האָט אים דעמאָלט פּאַרטיידיקט.

— יידישע פּחדנות — האָט אַ לאַנגער מאָגערער גוי מיט אַ שיטער

זנעצל פלאַקסענע האָר אויפן נאַקעטן קאָפּ, שפּיציק אַרויסגעשטשירעט.

— וואָס אַרט עס אים, ער דאַרף עמעצן פאַרזאָרגן? — האָט אַ צווייטער אונטערגעהאַלטן.

און דער אַלטער וועסאָלאָווסקי האָט זיך געהיצט.

— נישט אמת. וואָס — וואָס, קיין פּחדן איז ער נישט. מ׳דאַרף קענען מודה זיין. אַזעלטנהייט פון אַ ייד.

אין מיטן דרינען איז אַריינגעקומען חאַסקל-בּרוך, אַ הויכער ברייטער ייד מיט אַן אָנגעדראָלענעם קאָפּ אויף וועלכן ס׳איז געזעסן אַ קליינטשיק טוכן היטעלע. ער האָט זייטיק אַריינגערוקט אַן אויער אין רעדל, איינגעהערט זיך אַ רגע און צעבּימבּלט מיט דער ברייטער טאַמבּאַקענער קייט וואָס איז אים געהאָנגען איבער דער לויזער וועסט:

— טאַקע אמת?

און איידער וואס ווען איז ער שוין געווען אין גאַס.

אין שטעטל האָט מען שוין גאַנץ גערעכט געשמועסט אַז נתן צוויבאַק פאַרקויפט ס׳גוט. גאָר אויף געוויס האָט קיינער נישט געקענט זאָגן. וואָס מ׳זאָל אַלץ נישט האָבן משער געווען איז דאָך געווען שווער ציגעפינען אַן אמתע האַרבע סיבה דערצו. נאָר דערווייל איז געווען וועגן וואָס צו רעדן. אין גערעדט האָט מען פאַרשידן.

מאַנכע האָבן באַדויערט:

— ווער ווייס ווער ס׳וועט עס אָפּקויפן. אַ נייער מלך, נייע גזרות. ס׳קאָן אמאָל האַלב ראכיוו חרוב מאַכן. טאַקע נישט קיין אָפּגעהיטענער ייד, נתן צוויבאַק, קומט נישט צום רב אויף כּשרות און האָט נישט פיינט ●ענע זיבן זאַכן, אָבּער נתן צוויבאַק האָט אַן אָפענע האַנט. ליגט נישט אויפן גראָשן. כאָטש ר׳האָט נישט קיין קינדער.

און צווישן די הויפּישע פאַרמיטלער האָט זיך געטומלט. עולם האָט געשוויצט. געמאַכט הייפּע שנעפּסלעך און פאַרביסן מיט פּולקעס. מען האָט זיך געגייט בייטלען. געגרייט זיך צו אַ פעטן מעקלער...

III

אַ גאַנצן פרימאָרגן האָט זיך נתן צוויבאַק אַרומגעפלאָנטערט איבערן הויף מיט פולע באַקן רוגזה. אין קאָפּ האָט זיך אים געדרייט

אַ מילכל. פאַרשידענע רעיונות. טו׳אַכטעניש. ער האָט זיך נישט געקענט קיין אָרט געפינען.

— יענער דרייט זיך נאָך אַרום און שפּירט אונטער די פיס יעדעס קריש ערד איידער ס׳איז נאָך פאַרקויפט געוואָרן און דאָ קריכט מען זיך שוין אַרום און מ׳נישטערט, ווי די ווערם, ווי די מייז. קוקן. טאַפּן. גייען אַוועק און קומען ווידער.

איבערן הויף האָט זיך חאַסקל-ברוך אַרומגעדרייט מיט נאָך עטלע-כע מעקלערס. געפירט אַלעמאָל אַן אַנדער פאַרשוין צום ווייזן. מ׳איז געקראָכן איבער די שפייכלער און איבער די שטאַלן מ׳האָט געציילט. געטאַפּט. געקוקט.

אייגענטלעך האָט דאָך נתן צוויבאַק געהייסן קומען אין הויף אַריין באַזען ס׳גוט. טאָ וואָס זשע האָט עס אים אַזוי געאַרט?

אָבער ביסלעכווייז האָט זיך נתן באַהערשט און אַ פאַרשרומפּענער אין זיך איז ער געגאַנגען פון אָרט צו אָרט ווו די מעקלערס האָבן פריער געקוקט און געטאַפּט, אָנגעיאָגט זיי, געפּרווט עפּעס ווייזן און צו ביסלעך זיך דורכגעשמועסט מיטן קונה.

נאָר איין זאַך האָט אים געבריט. עס האָט אים עפּעס ווי געאַרט הלמאי אַלץ אַרום אין הויף דערווייל גייט זיך כשורה. גאָרנישט.

...און הויף איז הויף, — האָט ער געטראַכט, — מ׳פירט די קי אויף פּאַשע. מ׳מעלקן זיי. און מ׳פירט זיי ווייטער אויף דער לאָנקע. פערד לויפן משוגנערווייז. קאָזשלען זיך אין זאַמד. שפּרינגען איבער שטאָק און איבער שטיין.

הינטע״ן באַריער האָבן שוואַרצע, סאַמעטענע, פון דער זון פאַ-לירטע זשרעבאַקעס געהאָצקעט. אויסגעשריגן אין דער וועלט אַריין נאַ-ריש־גאוהדיקע שלשלתן. און קינדער פון קאָלאָניע, וואָס פאַרברענגען דעם זומער אין ראַכיווער הויף האָבן נאָכגעשפּעט און געלאַכט.

אַז די מעקלערס זענען אַוועקגעגאַנגען האָט זיי נתן צוויבאַק אַרויסבאַגלייט פון הויף און אַליין איז ער אַרויס אויפן פעלד.

אָפּגעקאָסעטע פלאַכטעס פעלד, גראָ און שטעכיק זענען געלעגן נאַקעט, גאָל, אַזוי ווי קרום געשוירענע קעפּ פון אַלטע קוזקע-ווייבער ווי פאַרלוירענע זענען אבלדיק געלעגן געל-קוואַרע קאָרנבינטלעך, אויס-געטרוקנט פון דער זון און בינטלעך קאָרן זענען געפלויגן און דער

לופטן און סטאַגעס, קיילעכיקע, בייכיקע און הויכע זענען געוואַקסן הויך און העכער.

— ס׳אַ קאָרן הײנט, פּאַניע דזשעדזשיצו, — האָט יאַן, דער אַל-טער מאָגערער גוי — הכנעהדיק זיך אָפּגערופן. — שוין איינמאָל אַ קאָרן.

און אַז נתן האָט נישט געענטפערט, האָט יאַן אויפגעהויבן אַ בינטל און עס צוגעטראָגן צום וויין.

— איר זעט, פּאַניע דזשעדזשיצו?

— וויפיל מאָל האָסטו מיר שוין דאָס אָנגעזאָגט,— האָט נתן בייז-לעך אַ מרוקע געטון.

— אַז כ׳געדענק שוין נישט די צייט ווען אַזאַ גערעטעניש איז געווען. איז אַ וואונדער? די שפּייכלער וועלן זיך ברעכן. זאָל נאָר דער שניט אַריבער אַ טרוקענער.

נתן צוויבאַק האָט נישט געענטפערט. געשטאַנען שטום און פאַר-כמורעט געקוקט אין דער ווייטקייט אַריין. אַרומגענומען מיטן אויג דאָס גוט זיינס וואָס איז געלעגן אויסגעלייגט ווי אַ קאָבערעץ פאַר זיינע פיס פאַרבלענדט האָט ער אָפּגעשטעלט זיינע פייכטע פאַרלאָפענע אויגן, ווי די שויבן אין הערבסט און משוגעוואַטע געקוקט אויף די פּאַראָבקעס וואָס פלאָנטערן זיך פלעגמאַטיש, פויל אַרום און אויף די סטויגן, גע-קוקט ווי די בינטלעך הייבן זיך אויף אויף די שאַרפע פינגער פון די ווידלעס און לייגן זיך אויס גלייכע איינס נאָך איינס.

נתן האָט זיך אויסגעדרייט אָפּגעלאָזן, טעמפּ. און פּאַמעלעך גע-געגאַנגען צוריק אין הויף אַריין.

— אַ גערעטעניש הייער. נו נו, אַ גערעטעניש...

דער אַלטער יאַן איז געשטאַנען מיטן בינטל קאָרן אין האַנט און נאָכגעקוקט נתנען. קיין ריר האָט ער זיך נישט געטון. געשטאַנען ווי אַן אַלטער טרוקענער בוים אָן צווייגן אין אַ הייסן טאָג.

און אַז פון דער סטאָגע אַראָפּ האָט זיך אַ שיקסע צעלאַכט, האָט זיך יאַן האַסטיק אַ דריי אויס געטון און זיינע לענגלעך דינע און שטייף פאַרדרייטע וואָנסעס ווי די קאַצנווידעלעך, האָבן זיך גענומען רודערן:

— וואָס: דער געלעכטער?

און בינטלעך קאָרן האָבן זיך געהויבן אין דער לופטן, געלייגט זיך אויף דער סטאַגע אינם גלייכן ריטם פונם איינטעניקן ציילן:
— איינאונפופציק — איינס. איינאונפופציק — צוויי. פאַמעלעך. שלעפעריק, ווי דאָס נאַקעטע פעלד אונטער דער הייסער זון.

---

ביי מיטאָג איז נתן געזעסן אַ פאַרשוויגענער, מיט אַ פויסט אונ־טער דער גאָמבע און געמעלהגירהט וואָס מ'האָט דערלאַנגט צום טיש.
איז ביים טיש געווען שטיל ווי אין אַ מתים־שטיבל. מ'האָט גע־הערט יעדן שליוק יויך ווי ער רינט ערגעץ אַראָפּ טיף טיף דורך פאַר־שידענע אומוועגן, ביז צר קומט אַריין אין מאָגן.
די מיידלעך זענען געזעסן מיט די קעפּ אַריינגעבורעט אין די טעלערס אַריין און פויל, אָפּגעלאָזן צוגעטראָגן די לעפל צום מויל.
צייט עס האָט זיך אָנגעהויבן דער טאַרעראַם מיטן פאַרקויפן ס'גוט האָבן די מיידלעך עפּעס אַזוי ווי זיך אויסבאַהאַלטן. נישט געוויזן זיך פאַר דער ליכטיקער שיין. עס האָט זיי עפּעס געפּייניקט דאָס וואָס זיי זענען איינגנטלעך דאָ דאָס פינפטע ראָד פון וואָגן, נישט מען זאָגט זיי. נישט מען פרעגט זיי. גאָרנישט.
האָבן די מיידלעך זיך צוגעקוקט צו אַלעם דעם פון ווייטנס, צו־געהערט זיך, ווי דורך דער וואַנט און צווישן זיך אפילו, מורא געהאַט איינס פאַר ס'אַנדערע אויסצורעדן אַ וואָרט.
זיי האָבן געשוויגן. און די נאָנטע פאַרהיימישטקייט וואָס האָט זיך אין לויף פון יאָרן צווישן די מיידלעך אויסגעוועבט איז עפּעס אויך צערינען געוואָרן. און אין אומבאַהאָלפענער פאַרלוירנקייט האָבן די מיידלעך זיך געפּלאָנטערט, פאַרגעסן און פרעמד. אַריינגעקומען צום טיש אויף מיטאָג. אָפּגעגעסן — און צוריק נעלם געוואָרן.
נאָכן מיטאָג איז נתן אַריין אין קאַבינעט און מיטן פּנים אַראָפּ זיך אויסגעצויגן אויף דער קאַנאַפּע. ער האָט געוואָלט איינשלאָפן און האָט נישט געקענט. אין קאָפּ האָבן זיך אים געפּלאָנטערט, געשמירט פלעקן שט קלאָרע, עפּעס אַזעלכע אָפּגעריסענע ווי שטיקער אָנגעטונכץ.
עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַזאַ שווערקייט, אַזאַ רחמנות צו זיך אַליין אַז די הענט האָבן זיך ביי אים צעביילט און אויסגעקרומט זיך ווי אין שווערע קראַמפּן. און שרומפּנדיק ס'פּנים האָט ער אַ פאַרשטיקטן

קרעכץ־אָפּ געטון ווי בעת עס מאָלט זיך אין קאָפּ א שווער אומגליק מיט זיך אַליין און מ'וויל עס מיטן קרעכץ פאַריאָגן. ער האָט זיך אויפ־געריסן און אַרויס אויפן הויף. דאָס פּנים זיינס איז געווען צעקנוידערט, ווי א פריש איבערגעצויגן קישן ווען מען טאָרגלט עס אויס. און די אויגן זענען געווען פאַרלאָפן מיט רויטס ווי די בלוטסטראָפּנס.

די זון האָט זיך שוין גענייגט צום פאַרגיין. פון פעלד אַראָפּ האָבן די פאַראָבקעס זיך נישתוממדיק געשאַרט, ווי רעשטלעך נאָך א שלאַכט.

נתן איז געשטאַנען אַ פאַרגליווערטער און געקוקט אויפן אָפּגע־רייניקטן פעלד. עס האָט פאַר אים געבלענדט אָן אָפּגעקילטע פאַר־שוויצטע רויטקייט און א טעמפּע שטילקייט פון א געשטילטן רעש האָט זיך אים געגאָסן אין די אויערן אַריין.

פויל האָט ער א גלעט געטון דעם פערד. א רגע געלאָזט רוען זיין קורצע שווערע האַנט אויפן פערדס קאַרק און געגלאָצט שטאַר און שטייף איבערן אַרום, קנייטשנדיק דעם שטערן ווי ער וואָלט זיך איבער עפּעס געישובט, בלעטערנדיק אין קאָפּ —

— וואָס פריער?

און נישט געדענקענדיק וואָס ער טוט, האָט ער זיך אַריינגעזאָטלט אין דער ליניי‍קע.

אינם פריציש גרינעם קאַפּעלישל מיט דער פעדער, האָט ער ער־נעץ ווו געטריבן.

אין ווילדן האַסט האָבן די פערד געטרייבערט די ערד אונטער ווייערע פיס און א בראָער עסנדיקער שטויב מיט א געזונטן מיסט־ריח פון אויסגערוטע און אָנגעפּרעסטע פערד האָט זיך געהויבן איבערן גאַנצן וועג.

האָלציק און הויל האָט זיך די ליניי‍קע מיטאַמאָל צערעדלט אי־בער דער בריק.

דאָס טעמפּע האַקן פון די רעדער האָט אים אויפגעוועקט און ער האָט זיך געכאַפּט:

— ווו טרייבסטו, נתן?

א לייכט ווינטל האָט אים געפאָכעט פאַרן פּנים. אַדורכגערינען איבער זיין קורצן שווערן גוף.

טיף אין זיך האָט ער אָפּגעזיפצט און פאַמעלעך פויל אויסגעקע־

רעוועט אויף צוריק. אַ קליין רמודיק שמיצל צוגעמ׳אַרפן די פערד און געטריבן אויף גיך אַהיים.

עס איז שוין געווען פינסטערלעך. פון דער טונקלקייט אַרויס האָבן זיך ראַכיווער הייזלעך געצייכנט אָרים און פאַרחושכט ווי אַ קופּע צעבראָכענע שאַרבנס.

IV

אין אָוונט איז געקומען חאַסקל-ברוך מיט כאָנדזשינסקין, דעם אָזשעראָווער פּריץ, אַ בלאָנדער גוי מיט אַ פּאָר גראָבע פּעלענע בראָ-דאַווקע-וואָנסעלעך—אָפּגעהאַקטע, ווי די שווענצלעך פון גענעראַלסקע הינט.

דאָס גוט איז אים געפעלן געוואָרן, און ער וויל אַדורכקומען; געבן האַנטגעלט און אָפּרעדן ווען מ׳זאָל פאָרן אָפּשרייבן.

האָט זיך נתן צוויבאַק פאַרמאַכט מיט זיי ביי זיך אין קאַבינעט און זיי געזאָגט קורץ און שאַרף:

— אָן דינגעניש. אַזוי קאָסט עס. יאָ, ניין — פּטור.

האָט זיך כאָנדזשינסקי געפילט אַביסל באַליידיקט פונם טאָן. איז ער געזעסן מיט אַ פאַרביסענער ליפּ, קוקנדיק אויף נתנען געקנייטשט אין ברעם און אונטערגעקלאַפּט מיט אַ פיסל.

און נתן צוויבאַק איז געזעסן אַקעגנאיבער. געקוקט דעם גוי אין פּנים אַריין און געשוויגן.

ס׳האָט שיער געהאַלטן דערביי כאָנדזשינסקי זאָל זיך אויפ-הייבן און אַוועקגיין.

האָט חאַסקל-ברוך אַוועקגענומען כאָנדזשינסקין אין ווינקל אַריין און עפּעס אין אים אַריינגערעדט. כאָנדזשינסקי האָט זיך אַביסל גע-קווענקלט. געהויבן מיט די פּלייצעס און לסוף זיך אַוועקגעזעצט צום טיש און פאַררוקט די האַנט אין בוזעם אַריין:

— איז ווען פאָרן מיר קיין לובלין אָפּשרייבן?

— אַפילו שוין, — האָט נתן צוויבאַק קאַלט געענטפערט.

און בשעת כאָנדזשינסקי האָט געציילט דעם האַנט-געלט, איז חאַסקל ברוך געשטאַנען אַ צעיאַכמרטער און זיך געריבן די הענט:

— איר נעמט אַ מקח אויף מיר אַזאַ יאָר.

און אַרויסציענדיק פון דער הויזנקעשענע אַ פלעשל, האָט ער זיך

חייך צעקרומט און מיט קוראַזש געקלאַפּט מיטן פלעשל אין דער דלאָניע.

— איר זאָלט עס גוט פאַרברויכן — אַ גאַנץ גוטער מקח. גאָר אַ גוטער.

ער האָט נאָך מיט דערזעלבער צעשמאָלצנקייט אַריינגעדברט אין כאַנדזשינסקין און, אָנגיסנדיק אַ גלעזל האָט ער געמאַכט דעם ערשטן לחיים.

דערנאָך, אַז נתן צוויבאַק איז געבליבן אַליין, האָט ער באַזאַכט גלייכגע־לייגט די פּאַפּירלעך. ער איז געווען רויק. אַ קאַלטע אָפּגעטעמטקייט איז אים געלעגן אין די אויגן. וואַגיק, שווער זענען אים אַראָפּגעהאָנגען די ברוינלעך בלאָע בייטלען אונטער די אויגן אַזוי ווי ער וואָלט נאָר וואָס אויפגעשטאַנען פון אַ היץ־קרענק.

אַ ווײַלע איז ער געזעסן אין פּאָטעל, מיט די הענט אויף די אָנלענס און טיף געאָטעמט. ער איז אין תוך געווען צופרידן וואָס עס האָט זיך אַלץ אַזוי שנעל געשיקעוועט. געקומען אַ קונה. געזען. געגעבן האַנט־געלט און פאַרטיק, אַראָפּ פון מאַרק.

דערנאָך האָט ער מיט ביידע הענט ראַפּטום אַ שלאָג געטון אָן די אָנלענס פון פּאָטעל און זיך האַסטיק אויפגעשטעלט. אויסגעצויגן זיך די ביינער און אַרויס פון גאַבינעט. ער איז זיך געגאַנגען לייגן. אינדער־פרי האָט ער געדאַרפן אויפשטיין צו דער באַן קיין לובלין.

פאַרבייגייענדיק האָט ער אָנגעקלאַפּט ביי די מיידלעך אין שטוב.

די מיידלעך זענען נאָך נישט געשלאָפן. געזעסן ביים טיש איבערן לאָמפּ, די קעפּ פאַררוקט אין די פויסטן, אַריינגעטון אין ביכלעך.

נתן האָט זיך אָוועקגעזעצט. אַרומגעקוקט זיך און געשוויגן. גע־כאַפּט אַ קוק פרעגנדיק —

— וואָס לייענט עך?

און ווייטער שטיל געבליבן.

עס האָט זיך עפּעס נישט גערעדט. נאָר באַלד האָט ער מיטאַמאָל אָנגעהויבן:

— איר ווייסט דאָך שוין אוודאי — — כ׳טאַרקויף ס׳גוט. שוין אייגנטלעך פאַרקויפט, — האָט ער שטיל, זייטיק צוגעגעבן, — שוין

געגומען האַנטגעלט. מאָרגן פאָר איך קיין לובלין. אָפשרייבן. און מיר פאָרן ...וועק פון דאַנעט.

— מיר פאָרן אַזועק — האָט ער נאָכאַמאָל איבערגעחזרט — אוועק.

— וואוהין?

— וואוהין? — קודם קיין וואַרשע, מסתמא.

און שוין. ס'איז צוריק שטיל געוואָרן.

די מיידלעך זענען ווייטער געבליבן זיצן פאַרגראָבן אין די ביכ־לעך ווי זיי וואָלטן פאַרגעזעצט דאָס לייענען.

נתן האָט נאָך עפעס געפרווט מאַכן מיט די ליפּן, אָבער ס'איז נישט געגאַנגען. ס'האָט זיך נישט גערעדט. און אויפשטעלנדיק זיך האָט זיך נתן צוריבאַק אריינגעשאַרט אינדערמיט, צווישן די מיידלעך. זיי ארומגענומען מיט ביידע הענט און געגלעט זיי איבער די קעפ:

— ס'וועט גוט זיין. ס'וועט אוודאי גוט זיין.

און ר'איז אַרויס.

די מיידלעך זענען געזעסן פאַרגליווערטע. איינס דאָס אַנדערע אָנגעקוקט לאַנג לאַנג און די קעפּ האָבן זיך ביסלעכווייז, טראָפּנווייז בענענט איינער צום אַנדערן ביז זיי האָבן זיך צונויפגעשלאָגן.

און אַ שטיל אָפּגעהאַקט העשען איז זיך פאַרגאַנגען צווישן די צוויי מיידלעך, די צוויי נפשות וואָס ווייסן נישט ווער זיי זענען און צו וועמען זיי געהערן.

---

אין שלאָפשטוב האָט פריידע געוואַרט אויף נתנען. זי האָט גע־וואָלט מיט אים פאַרפירן אַ שמועס.

די גאַנצע צייט האָט פריידע נישט געפרווט אויסרעדן אַ וואָרט מיט נתנען. שוין נישט דאָס ערשטע מאָל ווי ס'באַפאַלט אים ס'משוגעת מיטן פאַרקויפן ס'גוט. זי איז נאָר אַרומגעגאַנגען אַ ביסל ביזלעך אָנגע־דרודלט און געשלוקערצט.

נאָר נאָכדעם ווי זי האָט געזען חאַסקל-ברוכן מיט כאָנדזשינסקין אַרומדרייען זיך אויפן הויף האָט זי פאַרשטאַנען, אַז דאָס מאָל וועט עס נישט אָפּגיין גלאַטיק. האָט זי באַשלאָסן צו פאַרפירן מיט אים אַ טענה. זי האָט עס נאָך געוואָלט טון נאָכן מיטאָג. אָבער די האָט זיך מיישב

געווען, אַז ס'וועט זיין בעסער בייגאַכט. און זי האָט געקלערט: מ'עט זיך דורכשמועסן. פּאַוואָליע דורכשמועסן זיך. אפשר וועט זי קענען פון אים אָפּטרייבן. דאָס משוגעת האָט זי דאָס איצטער געוואָרט אויף אים.

אַז נתן איז שוין געלעגן אין בעט האָט פריידע זיך צעקרעכצט, עטלעכע מאָל אָפּגעשלוקערצט און שטיל אַ פרעג געטון:

— נתן, דו שלאָפסט

— נתן!

און אַז נתן האָט, שטאָטס אַן ענטפער זיך אַ דריי געטון אויפן געלעגער, האָט זי אָנגעהויבן:

— וואָס אַ מענטש קאָן איינפאַלן. אַ מענטש זיצט אָפּ אַ לעבן אויף איין אָרט. און ביי אַזאַ גוטס. פאַלט אים איין אַ שמאַקעליינע אין קאָפּ אריין. פאַרקויפן און פּטור. פאָר, וואוּהין די אויגן טראָגן.

נתן האָט נישט געענטפערט. ער האָט פאַרביסן געשוויגן און גע-בויערט מיט די גראָע פאַרוואָסערטע אויגן דעם סופית

אָבער פריידע האָט אים נישט אָפּגעלאָזט:

— וואָסי, אַ מענטש לעבט אייביק? — איז דאָך דער עיקר ס'ביי-סעלע מנוחה. טאָ וואָס זשע קאָפּעסטו ס'ליילעך?

און אַז פריידע האָט געזען אַז ס'גייט נישט, האָט זי געפּרוווט זיך אויף אַן אַנדער פאָרטל. זי ט'אים גיין אויפס קאָפּ.

— שוין געגומען האַנט געלט?

— נתן, טאַקע כאַנדזשינסקי?

— פאר וויפיל? נתן!

— וואָס ווילסטו? — האָט זיך נתן אַ דריי געטון און איינגענורעט דעם קאָפּ אין קישן.

— כ'מעג דאָך אויך וויסן וואָס דו טוסט, — איז פריידע אַרויס פון די כּלים.

— נתן!

— כאַנדזשינסקי, כאַנדזשינסקי!

— שוין טאַקע געגומען האַנטגעלד?

— גענומען.

— און פאַרסט אָפּשרייבן?

נתן האָט שוין מער נישט געענטפערט, און פריידע האָט שוין מער נישט געפרעגט. געצופט אַ פאַרריסענעם נאָגל פון פוס. געקוקט נאַריש אומפאַרשטענדלעך אין מיט נאַכט פאַרגאָסענעם פענסטער און זעלטן געלאָזט זיך הערן מיט אַן אָפּגעריסענעם קרעכץ.

ביז טיף אין דער נאַכט אַריין האָט נתן נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. דורכן קאָפּ זענען געפלויגן בילדער, שטיקער בילדער אָפּגעריסענע, פאַרשמירטע, ווי מיט טינט פאַרגאָסן און צעריבן. און די בילדער זענען געפלויגן. ביי קיינס האָט ער זיך נישט געקענט אָפּשטעלן.

— וואָס אייגנטלעך האָב איך דאָ און וואָס ווער איך אָן?

ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן לאַנג שוין פאַרלאָפענע בילדער, זיי ווידער אויפגעפרישט אין זכרון און געלאָזט זיי ווייטער לויפן זוכנדיק אַלץ אַן ענטפער.

אָבער ביסלעכווייז האָט זיך אים דער קאָפּ פאַרגאָסן מיט אַ געדיכטער ווארימער שוואַרצקייט. אויף די פאַרמאַכטע לעפלען האָבן זיך אים געדרייט פיאָלעטע רעדער און צווישן זיי האָבן געבליצט, געפינקלט שאַרפע, דריי שפּיציקע זילבער־פליטערס וואס זענען צערינען און ווייטער אויפגעשווימען כסדר, כסדר — — —

---

מיטן טאָג צוגלייך האָט זיך נתן צוויבאַק אויפגעכאַפּט. אָנגעטון און אַרויס אויפן הויף. פאַר דער טיר האָט שוין געוואַרט די קאַרעטע אין צווייפאַכיקן געשפאַן, נאַשפּיץ. און דערנעבן — דער אַלטער יאַן.

— גוט מאָרגן פּאַניע דזשעדזשיצו. ס'איז אמת וואָס מען זאָגט, — האָט ער אַרויסגעשטאַמלט.

— אֱמת, — האָט נתן צוויבאַק פעסט געענטפערט, — כ'פאָר עס טאַקע שוין איצט אָפּשרייבן.

דער אַלטער יאַן האָט אַ ווײַלע געשוויגן. די אויגן זענען געווען רויטלעך און פייכט. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ טיכל פון קעשענע, אַ קוועטש געטון דערמיט איין אויג, ס'צווייטע און זיך צעשאָקלט מיטן אויסגעטרוקנטן קאָפּ:

— זעכציק יאָר דאָ אָפּגעלעבט.

די קאַרפּע האָט פלינק געפּעדלט איבער דער צעהויקערטער פלײַצע פון שאַסיי און נתן צזיבאַק האָט ווי מורא האָבנדיק זיך אומצוקוקן אויף צוריק, פאַרשטאַרט געקוקט פאָרויס אויפן לאַנגן שטויביקן וועג וואָס שניידט זיך צווישן וואַלד אַזוי ווי אַ שאַרפער שרונט איבער אַ געדיכטן שוואַרצן קאָפּ האָר.

### א.

פון מאָכיק גרינע פעלעכלעך אויף דעכעלעך און פלויטן
אויף נאַכטלעגער דער אומעט אין כאַטקעלע איז דאָ שוין.
ערגעץ טוקט אַ קאַניעצל דאָס קעפל אָפּ אין רויטן,
ווי אַן אויסגעשניטן צינגעלע, און ווערט צוריק פאַרלאָשן.

איך האָב אָנגעכאַפּט די מרה שחורה באָס אייטערל, באַם ווייכן,
און גענומען פון די ציצן מיט די ליפּן דאָרשטיק זויגן...
ווי אַ מאָלער, די לבנה נעמט די שייבעלעך פאַרבלייכן
און בלויט דעם דעמער-טינט אין טינטערלעך פון מיינע אויגן.

די באַלעבאָסטע שעלטנדיק צעבלאָזט אין הרובע קינדעלעך,
אַ ליכטיקייט, אַ בלאַסע רייסט זיך אינם טונקל
און פאַרטרייבט דעם אומעט מיד און דרימלענדיק אין ווינקל.

און שטילערהייט און אָוונטיק שעפּטשען מיינע קינדערלעך
פון דאָרפיש באַלעבאַטישקייט, פון קי, פון פערד, פון שטאַלן...
איינדרויסן ערשטע שנייעלעך ווי די זומער-פייגל פאַלן — — -

## ב.

די כאַטע ציטערט און נורעט זיך אין פוסטער,
הימלען שלעפעריקע וויקלען זיך אין טונקל־גרויע שאַלן,
און אַ פּרעסטעלע אַ צוציקל, אַ שטיפער אַ צענליטער
איז ניט אַלע פיר דאָס דערפעלע באַפאַלן.

איילן שליטנס שניידן פאַסן שניי ווי קעזן,
יאָגן נאָך זיי שלאַנגען אָנצובייסן זיי די קנעכל,
און ס׳פּרוווט אַ זאַווערוכע אי מיט גוטן, אי מיט בייזן
שוין אַ דראַפּע טאָן זיך אויף אַ סטרעכע אין אַ דעכל...

שאַטקעוועט מען קרויט צו זייערן אין פעסער
און ס׳קאָכט זיך מאַקאַך מיט קאַרטאָפליעס פולע טעפּ,
ס׳שטייען הונגעריק די שטיבלעך מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

און אם ירצה־השם, די צייט וועט ווערן בעסער,
(זאָל נאָר זיין חיונה פון דעם ליידיקן געוועלבל)
וועט מען איינצוזאַלצן אויפן ווינטער קוילענען אַ קעלבל.

## ג.

דאָס קלויסטערל האָט אויסגעקלונגען טעמפּיקע בים-באָמען
ווי אַ קאָוואַל וואָלט געשמידט דאָרט האַרטע אייזן-פּרענטעס
גייען שקצים אום מיט שיקסעס ווי די צווילינגען פון שטאַמצן
און ס׳וואַרפן זיך אויף קוטשמעס רעגנבויגנדיקע לענטעס.

און שנייען קלאָר-געוואַשענע צעפליען, ווי אַ פליקערין
וואָלט פעדערלעך צעשאָטן פונם פאַרטוך מיט איין שיט,
און בלאָטעס צוגעפרוירענע, צעביסענע אויף שטיקער
קוקן בלינד-פאַרבעלמעטע פון יאַרמעלקעס פון טריט..

לויפן פערדעלעך פון טראַקטן מיט אַ פינע אויפן מויל אָן,
שפּרינגען אונטער בלאָטע-בערגלעך הינטער קאָפּיטע און ראָז..
און ס׳שפּאַנט דער בידנער פויער, רויט-באַגאַרטלט, ברוין ווי יאָד,

מיטן זעקל שוויס און טרערן, ביים פּאָטערל צו פועלן
אַ מחילה און אַ ברכה, אַז ס׳זאָל אים איצט דאָס ניי-יאָר
ברענגען שלום אין דער כאַטע און אַ שפע אינם שייער.

דריי ביימלעך אויף א ברייטן ווייטן פעלד; זיי זעען אויס, ווי ארומגעוואיגטע באבלעטערטע צלמים.

דאס מיטלסטע ביימל — א סך העכער פון די זייטיקע.

פארנט — פיר בערגלעך מיסט, וואס רויכערן זיך עפּוואס און באוועגן זיך.

דער שטח צווישן די, אין איין שורה שטייענדיקע, ביימלעך און די בערגלעך מיסט — איז א שמאל סטעזשקעלע, וואס פירט פון ערגעץ אין ערגעץ.

נאר פארנט ליגט א הילצערנע קלעץ.

עס איז א קופּערנער רויטער פארנאכט פול מיט זאטער רויקייט, און אין נאנטן קארן גרילצן די גרילן און הייטעריקן.

עס מוז זיין א שבת אדער א זונטאג־פארנאכט, מחמת פון דערווייטנס שווימט אן א מילדער גלאקן־געקלאנג.

און אפשר האט עס א פארנאכט־ווינט די שטריק פון די פארבונדענע גלעקער־צונגען אפגעקניפּט — און ס'קלינגט אליין פון זיך.

אליין פון זיך.

ווען דער לעצטער קלאנג פארשווינדט — רוקן זיך גלייכצייטיק ארויס פון הינטער די מיסט־בערגלעך אפּויר פיר לאנגאויערדיקע לאפּי־טוטן־קעפּ מיט טאנצנדיקע אויגן און בערדלעך, און הייבן אן נייער ליד צו זינגען — דעם קווארטעט פון גפלעכטער.

לילית — אשמדאיס אייביק טרייע ווייב. דער סך־הכל פון ווייבלעכקייט, עלעגאַנץ און שלאַנקער שטאַלטנעקייט. אַ קוק — אַ בליץ. אַ וואָרט — אַ רענדל.!

מר׳ ציגנבאָק — איר איבערגעגעבענער דינער, געהיימער געליבטער פּאַזש, מחבר פון לירישע לילית־דיטיראַמבן, און „סתּו־ראָמאַנטישע נאַרישקייטן.

א—„איך״
ב—„בין״
ג—„גאָטס״
ד—„דלות״
) פיר בערדלדיקע קורצהערנערדיקע לאַפּיטוטלעך פון פאַר־שידענע קאָלירן און האַלטונגס־ניואַנסן. למשל: „איך״ איז געמיטלעך־אינדיווידועל; „בין״ — זשומענדיק־באַוועג־לעך; „גאָטס״ — שפּרינגענדיק־פרום; און דלות — נידערגעשלאָגן־באַשיידן.

שקר
שלים־מזל
) צוויי מיושבדיקע איינגעפינדע־עטע בעלי־דברס. דרך־ארץ פאַר זייערע גרויע האָר! שטאַט, פאַר די ווייסע בערד און גרינע פליכן!

ייִדל־פידל
בערל־באַס
פישל־פלייט
) דריי נע־ונדע קלעזמערלעך.

פּת—חון—פּה — ייִדיש־כינעזישער דיכטער, אומגעזעצלעכער אור־אור־אייניקל פון לי־טיי־פּע.

איקס־איגרעק — אַ נאַכטלעפּעניש ר״ל. בולוואַר־שהעמעל.

דער בראָדער זינגער — קענטיק אַ ווערטער־שכור.

די פיר לאַפּיטוטלעך (זינגען):

כי-כי-כי! כע-כע-כע! כאָ-כאָ-כאָ!
ס'קומט שוין, ס'קומט שוין אונזער שעה!
ס'פאַלט שוין אונזער איצט צו.
קומט אַרויס פון אונזער רו -
אונזער מלכּה — באָ-כאָ-כאָ
באַלד איז אונזער מלכּה דאָ!
כע-כע-כע! און כי-כי-כי!
שיין איז זי! און יונג איז זי!
יונג איז זי, און הויך און שלאַנק
ווי אַ דויך, ווי אַ געזאַנג.
כי-כי-כי און כע-כע-כע —
באַלד וועט קומען פּת--הון—פה,
פּת—הון—פה וועט קומען באַלד
פונם פעלד און פונם וואַלד.
וועט עס ווערן שטיל און שא
כע-כע-כע און כאַ-כאַ-כאַ!

א י ך —

אָפּגעקלונגען!

ב י ן —

אָפּגעזונגען!

ג אָ ט ס —

ווייסט איר נישט, ווי שפּעט עס איז?

ד ל ו ת —

כ'האָב פאַרזעצט פון לאַנג דעם זייגער —

א י ך —

ס'איז דאָך שוין זיין אַלטער שטייגער.

ב י ן (שפּרינגט אויף) —

ווער האָט מיר געטאָן אַ ביס?

איך —

שאָ׳ס, איך הער שוין! שאַ׳ט, איך הער שוין—
ס׳קלינגט שוין נאָענט איר שטימע זיס!

בין —

איך באַגעגנער שוין אירע טריט!

גאָטס —

עמיץ גייט מיט איר נאָך מיט!

דלות

קומען קומט מיר היינט צו הערשן —
היינט פאַלט אויס מיין נאכט און טאָג...

(שטעלט זיך אין מיטן פון אַלע)

איך

ס׳גייט, מסתמא, ציגנבאָק —
איר באַזינגער און באַגלייטער...

גאָטס

האָץ! האָץ! האָץ! האָץ-האָץ-האָץ!

בין

ווער נישט לענגער! ווער נישט ברייטער!
שריי נאָך נישט און ליאַרעם, גאָטס,
ביז עס וועט דיר נישט געלונגען
אמתדיק אַריבערשפּרינגען
אָט די קיילעכדיקע קלאָץ!

דלות

נו, אַצינדער לאָמיר זינגען:
איינס, און צוויי, און דריי, און פיר —
אויפמערקזאַמער! דעם כאָר איך פיר!

איך

ס׳איז נישטאָ דער בראָדער זינגער.

כ י

קאָן מען זיך באַגיין הײנט אָן אים

ר ל ו ת

אויפמערקזאַם! איך טײט שוין מיטן פינגער
זינגט ס'קבלת פנים!

## אַ ל ע פ י ר ל א פ י ט ו ט ל ע ך.

ס'האָט געקלונגען שוין דער גלעק —
באָם-באָם-באָם-באָם!
ווערט באַלד חושך, פינצטער שטאָק —
באָם-באָם-באָם-באָם!
עפנט זיך דער פּאַלאַץ ברייט
באָם-באָם-באָם-באָם!
גייען זיי שוין זאַלבעצווייט —
לילית און דער ציגנבאָק —
באָם-באָם-באָם-באָם!

זי — אין בלויען סאַמעט-קלייד —
באָם-באָב-באָם-באָם!
ער — מיט לאַקריץ-זיסע רייד —
באָם—באָם—באָם—באָם!
און זי שמייכלט שטילערהייט —
באָם—באָם—באָם—באָם!
ער — נישקשהדיק צעדרייט -
באָרד און פאות ברייט צעשפּרייט —
באָם—באָם—באָם—באָם!

ס'האָט דערעסן איר די שטוב —
באָם—באָם—באָם—באָם!
דאָרטן — זאָגט זי — איז אַ גריב —
באָם—באָם—באָם—באָם!

זיגד אויף יעדן טריט און שפּאַן —
באָם—באָם—באָם—באָם !
פער איז גאָרנישט דאָרט פּאַרהאַן —
אין דערעסן האָט דער מאַן —
באָם—באָם—באָם—באָם !

אַלט איז ער און גרוי און שוואַך —
באָם—באָם- באָם—באָם !
און ע  האָט שוין פּליי אַ סך —
באָם—באָם—באָם—באָם
און ער איז נישט גוט, נישט שלעכט —
באָם—באָם—באָם—באָם !
און די פּאַרב פון בלוט ניט עכט —
פּירכעס ער אין לאַנגע נעכט —
באָם—באָם—באָם—באָם !

קאָן נישט שטע׳ן רעכט אַ טראָט —
באָם—באָם—באָם—באָם
קרעכצט שוין אויף דער הויכער גאָט —
באָם—באָם—באָם באָם !
הייס נישט וואָס מען קאָכט און בראָט -
באָם—באָם—באָם—באָם !
מול איז ער מיט גרויס גענאָד —
איז אויף אים אַ גרויסער שאָד —
באָם—באָם -באָם—באָם !

(עס גייען דורך אויף דער סטעזשקע פּ ת — ח ו ן — פּ ה און א י ק ס- א י ג ר ע ק ; די לאַפּיטוטן פאַרשווינדן הינטער די בערגלעך)

א י ק ס · א י ג ר ע ק

איר הערט אין דער נאַטור די רעוואָלוציע-קלאַנגען
זיי פּעפּסן די נאַטור און סמיצן.

פּ ת – ח ו ן – פּ ה

זיי פלאַמען—די פאַרשלייערטע׳ פון זינדן־די דאַמען

אין נעצן פון דער זינד —

א י ק ס - א י ג ר ע ק

און קייט און קינד

פאַרנעמען די געזאַנגען...

(ביידע אפּ)

א י ך (רוקט זיך ארויס דער ערשטער)

זיי זענען שוין אדורכגעגאַנגען!

ב י ן

דער לאַנגער חברה־מאַן, וואָס מיטן צאָפּ?

ג אָ ט ס

דער כינעזער?

ד ל ו ת

די ביידע מיט די לאַנגע געווער!

ו, ווייטער – זינגען מיטן טראָפּ!

ד י פ י ר ל אַ פּ י ט ו ט ל ע ך:

ס׳האָט געקלונגען שוין דער גלאָס -

באָם—באָם—באָם—באָם!

ווערט באַלד הושך־פינצטער שטאָק —

באָם—באָם—באָם—באָם!

הערט מען ווי די שטילקייט שאַרכט —

באָם—באָם—באָם—באָם!

און די שטילקייט ליגט און האָרכט —

ווי דער אַלטער שלאָפט און שנאָרכט —

באָם—באָם—באָם—באָם!

ס׳איז דער אַלטער קראַנק און מיד —

באָם—באָם—באָם—באָם!

ליגט פון שלאָף, ווי צוגעשמידט —

באָם-באָם-באָם-באָם!
ליגן קוילן אָפּגעגליט —
באָם-באָם-באָם-באָם!
חלומט זיך אים אַ יאַריד —
אויפֿן הימל אַ יאַריד!
באָם-באָם-באָם-באָם!

דער בראָדער זינגער (קומט אָן פֿון רעכטס)

באָם-באָם-באָם-באָם!
כ׳בין געווען איצט אין אַ קראָם —
פּימסנהאָלץ איצט איינגעהאַנדלט —

איך

ווי האָסטו צרומגעוואַנדלט?

בין

האָבן מיר אויף דיר געוואַרט?

דער בראָדער זינגער

כ׳האָב געגעסן אַ-לאַ-קאַרט
מייזן-קישקעלעך אין שטאָט
אין אַ מילכיקער אכסניא.

גאָטס

ליבער גאָט! ליבער גאָט!

דלות

ווי מיר, ווי — כהא לחמא עניה!

דער בראָדער זינגער

מיט אַ שיינער „פּראַשער פּאַני" — —

איך

ס׳איז אַ סוד פֿאַר גאַנץ בראָד!

דער בראָדער זינגער

האָבן האָב איך דאָרט געטראָפֿן,

בײ אַ בורא פּרי הגפן,
קלעזמערלעך ידערשײַצטע דרײַ,
האָב איך זײ שױן בגילופֿין —
אַלע דרײַ אַהערגערופֿן
זײַן זאָל פֿרײלעך —

ג אָ ט ס

הלואַי!

ד ע ר ב ר אָ ד ע ר ז י נ ג ע ר

כ'האָב מיט זיך געבראַכט אַ שנעפּסל!

א י ך

האַ, אַ ביטערן?

ב י ן

אַ זיסן?

ד ע ר ב ר אָ ד ע ר ז י נ ג ע ר

פּימסנהאָלך... ס'איז ײַן קפּריסין...

ג אָ ט ס

װעט מען מקריב זײַן אַ שעפּסל!

ד ל ו ת

װעט מען קײלענען אַ מזפּסל!

ד ע ר ב ר אָ ד ע ר ז י נ ג ע ר

אַ זיפּ — פֿאַרביסן מיט אַ קלעפּס,
און פֿאַרביסן מיט אַ שװײַג!

ד ל ו ת

גרײט דאָס קלאַפּערדיק געצײַג!

א י

שװער צו זינגען: ס'װערט שױן פּײַכט
ס'פּאַלט דער טוי שױן אױפֿן גאָרגל...

גאָטס

כ׳הער פון ה׳ייטנס ברומט דער אָרגל —

בין

און מיר דוכט זיך עמיץ שלייכט!

איך

לייכטע טריט פון שווערע געסט...

בין

אָזאָ, זעסטו!... אָטאָ, זעסט!

גאָטס

נאָך דער קלינגעריי פון גלעקער —

איך

גייען אָנגעלייגטע געסט;
ס׳גייט שלים־מזל און דער שקר...

דער בראָדער זינגער

פון דעם הימל די גבאים —
פון דעם הימל פון דעם בלויעם!

(ס׳קומען אָן מיט מאַיעסטעטישער געלאַסנקייט שקר און שלים מזל — ציגן־פיס אין אָנגעטועכצן פון פריסטערס — שאָקלען מיט די בערד און קוקן זיך פאַרחידושט אום)

שטן

ווו, אַ שטייגער, זעגען מיר?

שלים־מזל

ניִשט קיין טויער, ניִשט קיין טיר!
נאָר די בוימער־צלמים — דריי —

שקר

צופיל הפקר, צופיל פריי —

ש ל י ם - מ ז

דאַרף מען ענדערן די תּנאים —
ס'זענען דאָ די בערגלעך פּיינע
פון דעם לעבעדיקן מיסט — —

ש ק ר

למשל, ווי אַזוי? — דהיינו?

ד ע ר  ב ר אָ ד ע ר  ז י נ ג ע ר

ברוכים, ברוכים הגבאים!

(אַלע לאַפּיטוטן מיט געבויגענע קעפּ זאָגן אים נאָך איינער נאָכן אַנדערן: „אַ ברוך אין די גבאים!")

ד ע ר  ב ר אָ ד ע ר  ז י נ ג ע ר

אין דעם נאָמען פון ניט-גוף
טוט אייך איצטער, און באַגריסט
אַ משפּחה לאַפּיטוטן,
אַז איר זאָלט מיט גליק און מזל
איר, אָ, שקר און שלים-מזל —
הערשן איבער אונז און אַלעס!
איך —

א י ך

און איך...

ב י ן

און בין...

ג אָ ט ס

און גאָטס!

ד ל ו ת

און דלות!...

ש ק ר

פאַר דעם אויפנעמען — אַ דאַנק
איז דעם נאָמען פון דעם א מ ת!

שלים-מזל

איך פאַרנעם עס,
ליבע פריינט —
אייער לויב איז מיר צום האַרצן
אייער יעדער לויב-געזאַנג —

דער בראָדער זינגער

אין דעם היינט, אין היינט — אין שוואַרצן
האָט געזוכט אייך עמיץ היינט...
האָט געזוכט אייך עמיץ דאָ —

שקר

יאָ!
האָט איר נישט געזען צומאָל
דאָ אדורכגיין דעם געזאַלבטן
פּתחון-פּה דעם לאַנגן דיכטער
און זיין דינער דעם געפּאַלבטן?

די לאַפּיטוטלעך

האָבן מיר געהערט זיין קול —
נישט געזען נאָר די געזיכטער...

שלים-מזל

אָט, ער האָט עס אונז פאַרבעטן
אַלס די עדות
אַלס די זיידעס
צו זיין קנס-מאָל דאָ אין טאָל...

שקר

וועט זיך אשמדאי דען גטן?

די לאַפּיטוטלעך

— זי פאַרלאַנגט עס און דורכויס
— און ער לאָזט זיך איבערבעטן.
— אויפן אַלטן קאָפּ זיך טרעטן...
— חרוב מאַכן היים און הויז!

דער בראָדער זינגער

און נישט דאָס איז נאָך דער עיקר

די לאַפּיטוטן

— און זי רייסט אים פּאַ ן, שטיקער
— און זי מאַכט אים נאָך צו שפּאָט —

שקר

ליבער גאָט! ליבער גאָט!

שלים-מזל

ווו איז דער — והוא ימשול בה?

דער בראָדער זינגער

זייער ווייט שוין! זייער ווייט!
ס׳איז דער מין בכלל נישטאָ
דער והוא ימשול — דער והוא ימשול —
איז אַ משל אָן אַ נמשל
ס׳איז אַ ווײַנשל נזיר אָן זאַפט,
ס׳איז אַ שנאָבלדיקער בשל
מיט אַ כח, מיט אַ קראַפט,
מיט אַ חושל נאָר צו פּראָשן,
נאָר די מושליע-פּרעש צו פרעסן
גאַנצע בלאָטיקע מעת-לעתן
און דאָס פּלאַשן-פּלייש פון פיש...

שקר

פיש-פיש-פיש! פיש-פיש-פיש!

שלים-מזל

אומפאַרשטענדלעך... צוקונפט-לשון...
איי, ווו נעמט מען אַלטע צייטן,
ווען געהאַט האָט מאָס און וואָג —
און דער גראַם צו פיש-קול — משקול!

דער בראָדער זינגער

ס׳וואָרט מיט כּלערליי באַדייטן,
אויסגעקלאַפּט, און אויסגעדראָשן
פון מאַעסטראָ ציגנבאָק!

די לאַפּיטוטן

אָטאָ טאַקע גייען זיי!

(דער קאָליר פון הימל און פון אָרום בייט זיך — אַזוי ווי אַ זילבערנער לופט-שטראָם וואָלט דעם חלל אַדורך. די ביימער ווערן טונקעלער, און זייערע קאָנטורן — די קאָנטורן פון צלמים בולטער, רעליעפער. עס שניידן זיך אויס אויף זיי, ווי אַ חלום געזען, נעקרייציקטע רויך-געשטאַלטן, וואָס באַוועגן מיט די אַראָפּגעלאָזטע און שטראַלן־באַקרוינטע קעפּ. שקר און שלים מזל מאַכן אַ פּאָר שריט צוריק, און גלעטן זיך מיושב׳דיק די בערד. די לאַפּיטוטן שטעלן זיך אין אַ רייע אויס: איך, בין, גאָטס, דלות, ווערן געליימט און גיסן זיך צוזאַמען מיט דער טבע. נאָר איין בראָדער זינגער, ווי נישט אים מיינט מען, שפּרייט אויס די הענט אַנטקעגן דער אנקומענדיקער לילית אין באַגלייטונג פונם ציגנבאָק).

ציגנבאָק

זייט פּאָרזיכטיק, צערייסט נישט אייער שלעפּ!

לילית

איך גיי אויף דר׳ערד
איר הערט? —
און ס׳דוכט זיך מיר—איך גיי אַראָפּ אויף טרעפּ...

ציגנבאָק.

אָ, לילית, מלכּה, אייערע געלאָקטע צעפּ
זיי זענען, ווי די שלאַנגען פון דער נאַכט,
וואָס נידערן די גלאַנצנדיקע קעפּ.
אין נאַכט אַראָפּ פאַרטראַכט...
און ס׳ציט זיך צאַרט צו זיי די ערד צעבלומט...

דער בראָדער זינגער

אַך, ס׳קאָצל קומט! אַך, ס׳קאָצל קומט!
מיר וואַרטן שוין אויף אייך —

שקר

וואָס שייך — מיט די הערצער איבערפולט.

שלים מזל

מיט אומגעדולד...
מיר האָבן שוין געמיינט — פאַרשפּעטיקט

לילית

איך בין די אומשולד פון די שולד
איך ביז די שולדיקייט פון קינד...

ציגנבאָק

מיין האַרין האָט זיך אָנגעזעטיקט
מיט דער זינד!

לילית

יאָ, יאָ, איך האָב זיך אָנגעזעטיקט מיט דער זינד,
און אַלט איז מיר געוואָרן אַלץ.
די זינד — די קרעלן אויף מיין האַלדז,
זיי שטיקן מיר מיין יונגע לייב,
זיי זויגן אויס מיין הייסע בלוט,
און כ׳ווייס נישט, וואו די טעג איך טרייב —
און כ׳ווייס נישט — — וואָס מען טוט...
איך בין אַ זילבערנער, אַ צאַרטער שוואַן!
(נישקשה — פון אַ זאָג!
דאָס זבנען ווערטער פון מאַעסטראָ ציגנבאָק...)
איך בין אַ זילבערנער אַ צאַרטער שוואַן
און ס׳איז מיין מאַן — אַ פערד אין זאָטל
שוין עובר בטל —
מיין אַשמדאי, מיין אַלטער מאָן...
שוין אויסגעטרוקנט איז זיין מאַרך און ביין,

אויסגעפאַלן אַלע ציין,
אויגן רויט פאַרטרערנט,
ער זיצט און לערנט,
און קען מיך נישט פאַרשטיין –
ווי אויך אַ הימל אויסגעשטערנט..

ציגנבאָק

ווערנד –
מיין האַרינטע איז בלוט־און־מילך און פול באַגערנגר,
און לעבנסלוסטיק, ווי אַ שטראַל
און ברויזנדיק, ווי אַ וואַסערפאַל,
וואָס רייסט זיך פון דער הויך אַראָפּ!
ווערנד –
מיין האַרין הויבט ערשט איצטער אָן.
געניסן פון באַן־טאָן..

לילית

איך ווייס נישט, אמת׳דיק, אויף וואָס צו בעטן
איך ווייס נישט וואָס צו טאָן?

שקר און שלימזל.

מען דאַרף זיך גט׳ן!

(מען הערט, ווי פתחון־פה מיטן איקס־איגרעק אמפערן זיך)

פתחון־פה

וואָס שלעפט איר מיך, איך בעט אייך, פאַרן צאָפּ!
לאָזט אָפּ –
אַ קינסטלער דאַרף דאָך נישט קיין הויב־אָט!

איקס־איגרעק

איך ווייס נישט, ווי־אַזוי עס אָנצוהויבן
ס׳איז אייער צאָפּ אַ פּרעכטיקער, אַ לאַנגער –

פתחון־פה

לאָזט אָפּ!
פאַרדרייט אייך אייער קאָפּ –

איך בין אַצינד נישט שוואַנגער!

איקס־איגרעק

הכלל, מיר גרייפן אָן —

(זיי גייען ביידע אַריין)

דער בראָדער זינגער

גוטנאָוונט, אויערהאָן,
גוטנאָוונט, ווייזלטיר!

פּת־חוֹן־פּה

גוטנאָוונט דיר, מיין שאַץ, מיין גאַזל!
גוטנאָוונט שקר און שלים־מזל!
גוטנאָוונט, פאַטער מיינער, און באַשיצער,
מאַעסטראָ ציגנבאָק!
דיין שיר — „דער נעכטיקער, באַשטראַלטער טאָג״
איז אויסגעצייכנט אָן אַ שיער —
איך האָב געלייענט דיינע לידער אויך צו איר,
צו אונזער מלכּה לילית
ס׳איז יעדע שורה דורכגעפילט איך פיל עס —
פּראַכטפולע געבענטשטע תּפלות
אויף זיי — די שכינה רוט...

ציגנבאָק

אויך דו ביזט גוט!

פּת־חוֹן־פּה

אָט די מינוט האָב איך אַ נייע ליד באַשאַפן
פאַר אונזער מלכּה׳ס כּבוד׳ס־וועגן
פאַר אונזער ליבע אָן די ברעגן
איך רייד נאָר אויס—מען דאַרף אויף נאָרנישט פרעגן
נאָר גאַפן:

(הוסט זיך אויס, און דעקלאַמירט)

עס ליגן שטראַלן אויסגעלייגט אויף שניי —

ווער זענען זיי? וואָס זענען זיי!
דאָס זענען מיין געליבטערס האָר —

דער שניי איז ווייס, דער שניי איז קלאָר,
און טויבן פליען דאָרט אַ פּאָר,
וואו זענען זיי פאַרפלויגן —
דאָס זענען מיין געליבטערס אויגן....

עס האָט די זון זיך הייס צעברענט
איר ליבע צו דעם שניי פאַרשווענדט —
דערקענט —
דערקענס איר מיין געליבטערס הענט!..

און דאָס, וואָס איז?
און דאָס, וואָס איז!
וואָס איז, ווי האָניק פרישער זיס!
אָ, מיין געליבטערס זיסע פיס!

און ס׳ליגט אין שניי געאָרעמט שטאַרק,
מיין העכסטער באַרג, מיין שענסטער באַרג,
אין שניי געאָרעמט צאַרט און ווייס,
ווי אין דעם בליעכץ פון דעם רייז —
מיין פו-דזי-יאַמאַ!

דערקענט איר דאָך, מסתמא,
ס׳איז דאָך מיין ליבע הייס און גרויס,
ס׳איז די געליבטע אין מיין שויס
מיין שוועסטער, און מיין כלה, און מיין מאַמע!
(אַלע פּאַטשן אין די הענט פון גרויס התלהבות)

לילית

נו, קען מיין מאַן אַזעלכעס עפּעס זאָגן!

ציגנבאָק

אַז יענעם ליגט אין קאָפּ דער מאַגן!

שקר

דער אמת רעדט אַרויס פון יעדן וואָרט!

שלים-מזל

און פודזי-יאַמאַ – ריכטיק אויפן שטעל און אָרט!

איקס-איגרעק

טעמפעראַמענט
און אייראָפּעיש אויסגעהאַלטן!

פּתחון-פּה (שטאָלץ)

מען דאַרף זיך, ווי די וועלט געשטאַלטן
מיט לייב און זעל! מיט פיס און הענט!
ס'איז לעצטנס מיר געוואָרן ליבער

דער בראָדער זינגער Vers libre

אָ, וויפל פייער! וויפל פלאַם!
איר האָט דאָך נאָך מסתם?

פּתחון-פּה

אַ ים!
נאָך איצטער בין איך מיט אַ נייעם מבול אומגענומען
פון געפילן –
איך בין אַצינד אַהער געקומען
חתונה צו שפּילן –

די לאַפּיטוטן

(ווי אויסגעכאַפּט פון גליוועצר)

מיר זענען גרייט!

פּתחון-פּה

און הוליען זאָל די וועלט

דער בראָדער זינגער

שוין באַשטעלט:
די פידל, באַס און פלייט!
זיי קומען באַלד! זיי גייען גיךן!

דער מסדר קידושין
פון די קושן
דער שדכן
און דער בדחן —
בין איך!

**לילית**

ווי דאַנקבאַר בין איך אייך! איך וועל עס ניט פאַרגעסן!
אָ, ווען איר ווייסט,
ווי אַשמדאי אין אוממאַכט שוויצט און שווייסט,
ווי ס'האָט דער אַלטער טייוול מיר דערעסן!

**דער בראָדער זינגער**

איר דאַרפט אַ נייעם טייוול האָבן..

**שלים מזל**

דעם אַלטן וויל מען תמיד אומגערעכט באַגראָבן!

**שקר**

ווייל אַלע מענטשן זענען ראָבן...

**דער בראָדער זינגער**

איר האָט אַ גראָבן טעות מיינע פריינט:
אָט לעבט דאָך דער מאַעסטראָ נאָך ביז היינט
און אין אַזעלכע אָוונטן און נעכט
ער פילט זיך גאָר ניט שלעכט,
אַלס הויזפריינט פון איר ליבן נאָמען

**ציגנבאָק**

אָמן! אָמן!

**דער בראָדער זינגער**

און אָט, אַ שטייגער, האָט איר דאָ אַ גרויס
פון אורשפרונג פונם שטות
איקס-איגרעק... פּתּ־חון־פּה...

**איקס-איגרעק**

עהע!

דער גראָדער זינגער

און אָט, אַ שטייגער, ווי איר זעט און הערט:
די הערן שקר און שלים מזל מיט די לאַנגע בערד —
זיי האָדעווען זיי אומגעשטערט
זינט ס׳איז אנטשטאַנען אונדזער ערד!

שקר

אַזוי איז עס באַשערט!

פּתּ—חון—פּה

מיר האָבן זיך פאַררעדט
פון זייטיקע און אָפּגעטראַכטע זאַכן
מען דאַרף זיך מאַכן גרייט
און גיכערהייט
די שמחה מאַכן!

ליליתּ

איך קען נישט מער — איך וועל פאַרשמאַכן —
וואו זענען זיי די כּלי זמר׳לעך? באַשפּילט?
מיר וואָלטן שוין די חופּה אָפּגעשפּילט
עס איז דער ערשטער שטערן שרן אין דרויסן
ער הענגט און קוועלט —
און אונדזער שמחה איז צו אויסן
וואו זענען זיי די כּלי זמר׳לעך צעשפּרייט? —
עס קומט שוין אָן די שעה:

די כּלי זמר׳לעך (אַלע)

— מיר זענען דאָ!

(ווי פון אונטער דער ערד אַרויס)

— יידל-פידל!
— בערל-באַס!
— פישל-פלייט!

פּתּ—חון—פּה

אַלע שכור... און צעדרייט!

דער בראָדער זינגער

ס׳שאַדט נישט; ס׳שאַדט ניט! גוט אַזוי
אַז באַגלעזלט — איז דאָך בעסער:
ווערט די פידל שאַרף — אַ מעסער;
ווערט דער באַס נאָך מער אין כעס
און צעהוליעט זיך — אַ שפּאַס;
און די ביינדלדיקע פּלייט
גיסט דאָך אייל פאַרליבטערד־הייט!
ס׳שאַדט נישט; ס׳שאַדט נישט; גוט אַזוי;
אָן אַ שנאַפּס איז ס׳לעבן — שטרוי,
אָן דעם לעבעדיקן טראָפּן
ליגט אַ האַרטער שטיין צוקאָפּן
און ס׳איז נעבעך ווי און ווינד
צו דאָס בידנע מענטשן־קינד!

די כלי זמרלעך

– זעט מען גלייך – דער מענטש איז קלאָר...
– זעט מען גלייך – דער מענטש איז ניכטער...
– זיינע ווערטער זענען וואָר
– קדשי קדשים און גאָר!

לילית

צינדט שוין אָן די חופּה־ליכטער!

(ביי די לאַפּיטוטן צינדן זיך אָן ליכט אין די הענט)

– גרייט זשע אָן מיין כלה־בעט —

שקר

ס׳איז געווען פון דעם גערעדט.

שלים מזל

אַלץ איז צוגעגרייט און פאַרטיק,
צוגעריכט שוין פיין און אַרטיק.
ס׳איז דאָך עפּעס נישט קיין שפּאַס
אַ ך כ ד י ן און אַלץ כ ד ת

## דער בראָדער זינגער

הויב זשע אָן דו, בערל-באַס;

(בערל-באַס הויבט אָן צו בראָמען אויף זיין כלי און דער בראָדער זינגער זינגט:)

אַלץ הימלען זענען קלאָר,
נאָר נישט קלאָר איז אונזער דור;
זאגט אַזוי אין מיטן גאַס
בערל באַס.

אַלץ איז טרויעריק ביז גאָר,
נאָר דער שקר איז די וואָר!
זינגט אַזוי אין מיטן גאַס
בערל באַס!

וואָס מען טאָר נישט, וואָס מען טאָר—
נאָר אַ ביסל; נאָר אַ האָר;
זינגט אַזוי אין מיטן גאַס
בערל באַס

חאָסטו כוחות; כוחות שפּאָר;
אָפּגעפּאַרטיקט — ווייטער פּאָר;
זינגט אַזוי אין מיטן גאַס
בערל באַס.

נאָר נישט טראַכטן — ווער געוואָר:
אַלץ איז שאָר-ירקות נאָר;
זינגט אַזוי אין מיטן גאַס
בערל באַס.

דאָס — איגגאַנגען; דאָס איז גאָר —
מזל טוב דער יונגער פּאָר;
זינגט אַזוי אין מיטן גאַס —
בערל באַס;

פת–חון–פה

כלה מיינע, איר זענט בלאַס!
אפשר הייסן חברה גיין?

לילית

ניין! חלילה! ניין! ניין! ניין!
ס'איז דאָך אמת! סאיז דאָך שיין!
הערט זיך צו, אָ, הערט זיך צו!

דער בראָדער זינגער

איצטער יידל, פידל דו!

(יידל-פידל נעמט זיך צו זיין כלי)

ערגיץ איז נישטאָ קיין רו.
ערגיץ איז נישטאָ קיין רו
ניין! ניין! ניין!
וויין, פידעלע וויין!

וואו באַהאַלט מען זיך, אָ, וואו?
אלע הערצער זענען צו?
ניין! ניין! ניין!
וויין, פידעלע, וויין!

לויף זשע, פלי זשע, מאַך און טו —
הארץ, אַ נאַריש קינד ביזט דו!
ניין! ניין! ניין!
וויין, פידעלע, וויין!

פת–חון–פה

אפשר הערט איר אויף צו קלאָגן?!
עפעס פריילעכס דאַרף מען זאָגן!

שקר

אויגן נעבעך טרערן-פולע
באַ דער בתולה — —

ש ל י ם  מ ז ל

טאָמער
הערט איר אויף דעם יאָמער!

ד ע ר  ב ר אָ ד ע ר  ז י נ ג ע ר

כדי די כלה צו באַחנען
דאַרף מען מאַכן זי צו וויינען;
זעסטו אָבער צום שלים מזל
האָסטו יידל נישט קיין מזל!
מעשה שטן... מעשה שטן
איז עס היינט דאָ נישט געראָטן!

פ ת-ח ו ן—פ ה

כ׳וויל מען זאָל פון ליבע שפּילן:
פון די געטלעכע געפילן —
ווי אַ חלום... פון-דער-ווייט

ש ק ר

אי פּאַר גאָט! און אי פּאַר לייט!

ש ל י ם  מ ז ל

איידל, דין און שיין, ווי זייד!

א י ק ס - א י ג ר ע ק

מיט אַן אינהאַלט! מיט באַדייט!
ווי די אייראָפּעער קענען,
עפּעס דאָסיקס — פון שאָפּענען!

ד ע ר  ב ר אָ ד ע ר  ז י נ ג ע ר

ובכן ר׳ פישל פלייט —
עפּיס לאָמיר זאַלבאַצווייט!
(פישל פלייט צעגיסט זיך אויף זיין אינסטרומענט)
גייען מענטשן זאַלבאַצווייט,
און מען אַקערט און מען זייט —
זינגט אַזוי ר׳ פישל פלייט
זאַלבאַצווייט!

און עס וואַקסט זיך שטילערהייט
בייט נאָך ביטל בייט נאָך בייט!
זינגט אַזוי ר׳ פישל פלייט —
זאַלבאַצווייט!

אין דער הויך און אין דער בריט
וועלדער, פעלדער אויסגעשפרייט!
זינגט אַזוי ר׳ פישל פלייט —
זאַלבאַצווייט!

און מען שניידט עס רייפערהייט,
מען געניסט אין פרייד און לייד!
זינגט אַזוי ר׳ פישל פלייט —
זאַלבאַצווייט!

שטייען וועלדער פוסטערהייט,
דורכגערעגנט, דורכגעשנייט!
זינגט אַזוי ר׳ פישל פלייט —
זאַלבאַצווייט!

(אומבאַמערקטערהייט נעמט דער בראָדער זינגער די לילית פאַרן האַנט און רוקט זיך מיט איר הינטערווײַלעכטס צוועק, נאָכזינגענדיק)

וואַקסט זיך אויף אַ בייט אַ קווייט,
נעמט מען זי געזונטערהייט...
זינגט אַזוי ר׳ פישל פלייט —
זאַלבאַצווייט!

גייט מען, זינגט מען זאַלבאַצווייט,
ווי אין דער גמרא שטייט!
זינגט אַזוי ר׳ פישל פלייט —
זאַלבאַצווייט!

פֿון דער נאַרישקייט באַגלייט, —
גייט מען, גייט מען גיכערהייט.
זינגט אַזוי ר׳ פֿישל פֿלייט —
זאַלבאַצווייט!

נאַריש זענען קלוגע רייד,
קלוג איז דער וואָס דאָס פֿאַרשטייט!
זינגט אַזוי ר׳ פֿישל פֿלייט —
זאַלבאַצווייט!

און מען גייט זיך, און מען גייט,
הערצער שכּור און דעפּרייט!
זינגט אַזוי ר׳ פֿישל פֿלייט —
זאַלבאַצווייט!

(פֿ י ש ל פֿ ל י י ט שפּילט ווייטער זיין נגון, נאָר דער ווידער־קלאַנג „זאַלבאַצווייט" איז שוין פֿאַרהילכט געוואָרן. ערשט, ווען פֿישל פֿלייט כאַפּט זיך, אַז מען זינגט נישט מיט — שטעלט ער זיך אָפּ. דער עולם הויבט אויף די קעפּ און דערזעט, אַז לילית און דער בראָדער זינגער זענען פֿאַרשוואונדן)

פּ ת — ח ו ן — פּ ה

אָ, מיין לילית! זון פֿון זונען!

א י ק ס א י ג ר ע ק

איז אַנטרונען דאָך מיט אים!

ש ק ר

ס׳איז פֿאַרשוואונדן שוין דיין שטים.

ש ל י ם מ ז ל

וואָס האָב איך דערפֿון געוואונען?
וואָס האָט מען פֿון אונדז געוואָלט?

א י ק ס ־ א י ג ר ע ק

אַלע פֿרויען דאַרף מען שטיקן!

די כלי זמרלעך

— עפּיס — עפּיס — עפּיס תּיקון!
— פֿאַר דעם שפּילן וואָס באַצאָלט!
— אונדזער מזל — גאָלד'נע גליקן —

פּת—חון—פּה

אָט אַ חתונה — אַ ליבע —
אָט אַ טרייַע פּרויען-האַרץ!
אַלע הימלען זענען טריבע
אַלע וואָלקנס זענען שוואַרץ!

איקס-איגרעק

(פּונקט צום גראַם)

ביטער, ביטער איז מיין שמאַרץ...

ציגנבאָק

נעבעך איך — וואָס וועל איך מאַכן!
סיידן אין די הויפּנס לאַכן?

(פּת—חון—פּה אַ רחמנות צו קוקן אויף אים — וויינט ביטער-לעך און גייט מיט שוואַכע, שוואַנקנדיקע טריט אַוועק. נאָך איך: איקס-איגרעק, מאַעסטראָ ציגנבאָק, שקר און שלים מזל, און צולעצט די כלי זמרלעך, שפּילנדיק אַ טרויע-ריקן ברוגז-טאַנץ. עס פֿאַרבלייבן נאָר די לאַפּיטוטן. עס קלינגט פֿון דער ווייטן דער גלאָק)

דלות

איי, האָט ער עס גוט געמאַכט!
וועט עס זיין אַ פֿלאַם אַ נאַכט.
לאָמיר זיי לכּבוד זינגען,
לאָמיר טאַנצן, לאָמיר שפּרינגען,
אַ וויוואַט —
דעם חתנס צד!

איך

גלאַט אַזוי און אָפּגעטאָקט!

ב י ן

נישט געמאָזלט! נישט געפּאַקט!

ג אָ ט ס

און ווי פּיין, אויף אונדז געזאָגט!
(זיי נעמען זיך פאַר די הענט און זינגען)

ד י  ל אַ פּ י ט ו ט ן

ס'האָט געקלונגען, שוין דער גלאָק —
באָם—באָם—באָם—באַם
ווערט באַלד חשך, פינסטער-שטאָק —
באָם—באָם—באָם—באָם!
עפנט זיך דער פּאַלאַץ ברייט —
באָם—באָם—באָם—באָט
גייען זיי שוין זאַלבאַצווייט —
ריידן זיי זיך זיסע רייד
באָם—באָם—באָם—באָם!

גייט מען אין דער נאַכט אַריין —
באָם—באָם—באָם—באָם!
אויסגעהילט פון לייד און פּיין —
באָם—באָם—באָם—באָם!
זינגט מען, טרינקט מען אַלטן וויין —
באָם—באָם—באָם—באָם!
ביז אין סאַמע טאָג אַריין —
ביז עס וועט שוין ליכטיק זיין —
באָם—באָם—באָם—באָם!
(פאָרהאַנג)

1921

* * *

סע זילבערט זיך אַזוי לויטער
די ווייבערישע הויט
סע איז אזוי צאַרט
די זיידענע הויט פון אַ פרוי.

אָבער אַזוי ברוין איז דאָס פלייש
פון איר תאוהדיק פנים
ווען אירע ציינער אַקערן אַזש
די דעמפיקע ליפן פון מאַן.

קאָנען אויגן נישט קושן מער
מיט וואַכעדיקע בליקן,
קאָנען הערצער נאָר צאַפלען, צאַפלען
און נישט זיך פרייען

אויף דער רויטער אויבערפלאַך פון די שטילע וואַסערן
פון מיין אומעט
איז אַרויסגעשווומען דיין דערטרונקענער,
שוואַרץ־געלאָקטער קאָפּ.

פון אַלע זייטן ציען די בוימער אויס צו דיר זייערע הענט,
באַהאָנגען מיטן שווערן גאָלד פון מיינע פּרות:
קום צו מיר!

קום צו מיר, איך וועל דיך אַרויסציען. פון דיין נאַסן קערפּער
וועלן וויינענדיקע טראָפּן צוריק־פאַלן אין דעם טייך פון מיין אומעט.

קום צו מיר! איז דיין נשמה אַ ווינט, וועלן מיר פון דיין אָטעם
אויף אַ פידל סטרונעס ציען.
איז דיין נשמה אַ קינד, וועלן מיר דיך, ווי אַ פייגעלע,
באַזעצן אונטער דער חופּה פון אַ גרינעם בלאַט אין די צווייגן.

נאָר דו ענטפערסט נישט.
די רינגען צעלויפן זיך איבערן שפּיגל
און צעשפּרייטן דיינע שוואַרצע האָר אויפן וואַסער.
דיין פּנים זע איך נישט: ער הויסט צום אָפּגרונט,
ער קוקט צום אָפּגרונט.

II

זומערן פאַרגייען אין די זיפצן פון זייער סוף,
שטילע האַרבסטן וויקלען־אויף זייערע באַגינענס אויף די וועגן. —
און די שלאָפסט.
מירטן, טרויבן און אַלאָע־בלעטער,
ווילדע קלעטער-פלאַנצן קרייזלען זיך אַרום דיין שלאָפנדיקן קאָפּ.
אָבער איינמאָל —
האָסטו, אין דעם בלויען שיין פון מיין ליבע
אויפגעמאַכט די אויגן.
צווישן די נאַכטיקע קוסטעס, אויף דער טונקעלער אָזערע
פון מיין אומעט,
האָט דורכגערוישט דער שוואַן
מיטן אויסגעצויגענעם האַלז פון מיין בענקשאַפט.
און פייגל, ווי פליענדיקע היעראָגליפן,
האָבן מיינע געהיימע חלומות דיר געשוועבט איבערן קאָפּ.
אָ, זיי געגריסט!

III

און אָט האָסטו זיך אַ ריר געטאָן אין דעם טונקעלען ווינקל
פון מיין האַרץ
און אָפּגעזיפצט.
אַ ווינט האָט דורכגעווייט דורך מיין פענסטער
און עס קלינגען די קריסטאָלן אַרום מיינע פּאַרלאָשענע לאָמפּן...
שלייך איך זיך צו צו דיין ווינקל
און נעם זיך בעטן ביי דיר, דו זאָלסט אויפשטיין:
דיינע פאַרמאַכטע אויגן האָבן אויסגעבלייכט דאָס אומגליק אויף מיין פּנים.
אין דער שיין פון טאָג, זע, שטיי איך איבער דיר,
גלייך אַ ליכט, וואָס שמעלצט זיך איבער אַ געשטאָרבענעם קאָפּ.
אָ שטיי אויף!
נאָר דו ליגסט מיט פאַרחתמעטן גליק אויף די וויעס און שווייגסט.
מיינע חלומות איבער דיר — די גרינע בלעטער — וויגן.
אַ חינטל האָט זיך אויסגעווייגט אויפן האַרץ פון אַ יאָדלע,
און דו זיפצט אָפּ אויף דעם גאָלדענעם בעט פון מיין האַרץ.

IV

אומדערבאַרעמדיקע!
ווייסע טעג גליטשן זיך אַראָפּ און שווימען אַוועק מיט די שוואַרצע
טייכן פון דער נאַכט

שעהן, מינוטן,
וואָס צעברעקלען זיך מיט אַ בראַזג פון גלאָז אויף שטיקלעך..
און נאָר אויף איין רגע מיינע פאַלט אויס די טיפע פרייד
פון דיין באַפרוכפערונג,
פון מיליאָנען רגעס, וואָס פליען צו דיר און שטויסן זיך קאָנוווּלסיוו
צו דעם אוצר פון דיין טראַכט.
איין איינציקער אויגנבליק טרינקט אויס מיינע טייכן,
וואָס שפיגלען אָפּ די זיבן הימלען פון מיין לעבן;
און דאַן
בליט אויף אין טאָל דער עפּלבוים,
וואָס זיין שאָטן פאָכעט קיל איבער מיין שלאָף
מיט די וואונדער פון מיינע זיבעציק יאָר — — —
ווייל אין דעם בליִען שיין פון מיינע חלומיר
אונטער דיינע צוגעשלאָסענע וויעס,
וואָס אין מיין האַרץ,
האָב איך אויף אייביק צוגעמאַכט די אויגן
און נאָר ווען דיינע ליפּן טוען אַ ציטער
דערוואַך איך ·
שטיי אויף!

## I

אין חשונ׳דיקע נעכט קומען דאַגות אָן,
ווי מידע פערד מיט שווערע קעפּ,
און שלעפּען זיך הינטער די פענסטער פון הייזער.
שלאָפן נישט חולאים און טראַכטן וועגן נאַסער ערד,
און אַלטע פילן פוילקייט אין די ביינער,
און מיידלעך ליגן מיט וואַכע פנים׳ער
אויף ווייסע הענט,
און שויבן פאַרבאַהאַלטן זיך אין נאַסע ווענט.

## II

אין רעגנדיק נעכט פאַרטראָג איך נישט קיין פענסטער ליכטיקע און קיין לאַמטערן.
גיי איך צו דער נידריקער טייל פון שטאָט אַראָפּ,
וואו ס׳וואוינען מיינע אָרימע תּלמידים.
און דאָרטן, בײַ אַ טאַפּטשאַן פאַרן מילכיקן געפּעס,
עס איך אָפּ מיט זיי אַ שוואַרצן לינזן-זופּ
און לייג זיך שלאָפן מיט דריי קעפּלאַך קליינינקע
(איינס אונטער אַנדערן ווי טרעפּ)
אונטער אַן אַלטן שעפּסן-פעל.
און ס׳לויפט דער רעגן מיט פיסלעך באָרוועסע איבערן דאַך
גאָר — נידעריק איבער אונזערע קעפּ.

## III

אין נעכט אַזוינע קאָן איינשלאָפן אַ פרוי נאָר לעם אַ קינד
ווען זיינע הענטלעך ליגן צוגעטוליעט צו איר ברוסט ווי קליינע הינטעלעך

און טאָמער נישט–ווערס זי ווי קינדער ווינען נאַקעטע אין גאַס,
און קלאַפּן אָן מיט פינגערלעך אַ סך אין שויב,
און בעטן זיך ס'זאָל זיי ברענגען אין אַ הויז.

IV

אין חשונ'דיקע נעכט איז מיין היימיש שטעטל גאָרנישט אַזוי ווייס
און מיין מאַמעס קבר טוט נישט אַזוי באַנג.
ס'צערינט דער הימל זיך
און ס'ווערט די ערד אַן אָפענע פאַר יעדער טר־ער.
אין בלעטלעך בײַ דער ערד
בעטן זיך אַליין צום טויט
און איך בעט אויך עפּעס מיט נאַס־געוואָרענעם געזיכט
אין שטילע רייד.

V

נעכט אַזוינע זענען אַלע יאָרצייט־נעכט,
און ס'ציטערן די שטערן, ווי אָנגעצונדענע מיט אָבל'דיקע הענט,
און ס'חלום'ען זיך מאַמעס אָפּגעשטאָרבענע אין פריער צייט.
זיי ברענגען צו אַ קראַנקן־בעט רפואות
און לאָזן פרייד אויף אַ גאַנץ יאָר
אָן אַנאיינציק אויסגערעדטן וואָרט

VI

גוט אין רעגנס האַרבסטיקע אַרומגיין אויף אַ טונקעלער גאַס
און לאָזן מיטלויפן דעם בליק
מיט וואָלקנס הינטער אַ משופּע'דיקן דאַך

און ווי דער רעגן, דראָבנינטשקע און אייביק לאַנג,
פלאַטערט זיך אויף הין און צ'ריק, אויף הין און צ'ריק
אַ פון לאַנג דערעסענער געדאַנק.
די פיס וועלן ממילא גיין שוין אין די קאַלוזשעס פון נעץ,
די הענט איןביידע קעשענעס פאַרזעצט...
און אַט אַזוי — ווי לאַנג ?
אייביק, ווי אַ דערעסענער געדאַנק...

VII

נאָך אין תמוז פאַלט אַמאָל אַ בלאַט אראָפּ פון בוים
און אַן אומגליק קומט צו פריער צייט
און ברענגט אַ מאָגערקייט צום לייב.
נעמט מען זיך מיט אים ביים האַנט,
ווי ארעסטאַנטן געמידט צוזאַמען אויף לאַנגן וועג,
וואָס גייען צו-פוס פאַמעלעך, ווי נישט בעצאָלטע בעלי-מלאכות
אומעטיק און מיד.
אין נעכט אַזוינע
בין איך אין אַ טונקעלער שטוב
צווישן ווייבער אויסגעמאַטערטע און צוגעפאַלענע צו דר'ערד,
וויל איך שרייען — הערט מען נישט מיין קול,
וויל איך לויפן פאָלגן נישט די פיס.
כאַפּ איך אויף זיך מיט אַן אָפּגעלייטן הארץ —
און ס'טרעטן מיינע פיס פאַמעלעך, ווי נישט באַצאָלטע בעלי-מלכות
אומעטיק און מיד.

א רענדל—מער, א רענדל—ווייניקער! די ליפן בלוי פון דאווענען און פאסטן;
נאר דלאַניעס בייסן דאַנקען גאָט. נו, וועט מען צײלן, חשבונען און לייזן;
די ביידעלעך — צעשטעלט, די מערק — צעכראַסטעט,
פון פאַרמעטן — די ווענט און דעכער — פון טליתים

ס'וועט זיין מיט גליק. מיט מזל און מיט ברכה!
מלאכים הייליקע פאַרשטעלטע וועלן קומען — הענדלער;
ב'אויף קלייטלעך אָרעמע, אויף וואָגשאָלן צעבראָכענע
וועט זיך א שיט טון גאָלד, וועלן זיך שיטן רענדלעך!

דעם ערשטן פדיון — אָפּגעשפּיגן דריי מאָל,
די לענדן אָנגעגורט, אויף קערק פאַררוקט די שטריימלען
און ווינטן אויף מזוזות, קושנדיק, זיך הענגען;

א רענדל — מער, א רענדל — ווייניקער!
די ביידעלעך — צעשטעלט, און דלאָניעס בייסן הייסער, הייסער,
פון פאַרמעטן — די ווענט, און דעכער פון טליתים!...

א רענדל — מער, א רענדל ווייניקער:
און פסוקים הייליקע אין מיילער פּאַשען זיך ווי ווייסע לעמער,
דער בונד מיט גאָט — פּאַרשניטן איז און דעמערט:
חער וועט דער ערשטער עובר זיין? ווער וועט דער ערשטער ווידערשפּעניקן?

נאָר ס'גראָבט דער חעג זיך, ווי א האַנט א דראָענדיקע אונטער
און שטרעקט זיך אויס צו יעדער ביידעלע, צו יעדער נאָרע;
אָי נישט פאַרהיט האָבן די אַלטע זאָרגנדיקע ווינטמילן,
אָי נישט פּאַרהיט האָט זייער שפּרוך קיין בייזע עין-הרע!...

עס גייען טעג געשוואָלענע אַזעלכע כמאַריקע,
און לאָזן זיך צו די פּאַרחלשטע געוועלבעלעך און מאַרקן,
ווי שוועבל וואָרעמער, ווי פּעך צעגליטער —

בטחון טייערער! פּאַרמשכנטע פּאַרזעצטע יאָרן —
אָי נישט פאַרהיט האָבן די אַלטע זאָרגעדיקע ווינטמילן,
אָי נישט פּאַרהיט האָט זייער שפּרוך קיין בייזע עין-הרע!...

ברידן צו אײַך, הענדלערס, טרעגערלײַט און לאַסט־פּערד,
פאַרליבטע א־נעם יאָך, געשוואָלענע פון האַוועך,
ס׳קומט אָן די כרײַטאָגדיקע נאַכט אויף יידישע פאַריאָגטע גאַסן
גלײַך ווי אַ בשורהדיקע שיף צו אויסגעבענקטע האַפנס!

אַ טענדלער קערט זיך אום מיט אַלטן פאַראַסאָל פאַרוואָרפן אויפן רוקן,
ער טרעט פון מאַרק אָפּ, ווי פון שלאַכט — פאַרשעמט, פאַרהאָרעוועט און מיד.
דעם שוויס פון דאַלדז האָט ווינט מיט שטויב און אָפּפאַל אָפּגעטרוקנט:
ס׳איז גוט דער טאָג, ס׳איז גוט די נאַכט און ער — אינמיטן!

צעקלאָטשעט און פאַרשטויבט די געלע קאָפּ די קוטשעראַווע
יי באָרד און ברעמען הענגען נאָך, ווי שורות פון געהיימע כתבן
נ׳די היטל צוגעלייגט איז, ווי אַ שוואַרצע קײַלעכיגע חתימה;

ס׳איז גוט, ס׳איז לײַכט אַ לאַסט־פּערד זײַן—אויף גאַסן אומגעפאַלן ליגן!
אָר ער באַטאַפּט דעם פאַראַסאָל פון אונטער פאָלעדיקע פליגל
און ציילט, און ציילט די ערשטע שבתדיקע שטערן אויפן הימל...

אָרעמעלייט און בעטלערס ציילן שוין די גראָשנס אין די הויזן.
זיי שיטן איבער זיי פון טאַש צו טאַש מיט קנוילן און מיט קניפּן;
עס פעלן הענט. די ברכה טריפט פון פולע הויפנס
מען פאַקעוועט די גרעשעלעך אין מיילער און אין ליפּן!

עס טראָגן קאַליקעס מיט שטאָלץ די פיס אויף אויסגעדרייטע הענט,
און ווייבער שלעפּן אויף די פּלייצעס שעלטנדיקע מיילער, —
ווי פלעדערמייז, ווי פינצטערע צעטריבענע מיט פּענט
אַהיים אויף שבת—קעניגן — זיי היילן זיך און יאָגן.

נאָר ביי אַ בלינדער וואַנט שלאָפט איין אַ בלינדער זקן,
אין בגדים ווייבערשע מיט אָנגעשטאָפּטע רויטע זאָקן
און וואַרט און וואַרט — ווער ווייסט אויף וואָס ער וואַרט?

ער ווייסט נישט — צי ס'איז טאָג, ער ווייסט נישט צי ס'איז נאַכט,
נאָר פון זיין שמאַטיק האַרץ אַ שילד אַ זשאַווערדיקע שרייט אין טאָג-אַרויס:
„— רחמנות ייִדן! גדן פאַר אַן אומגליקליכער בוגרות!...

פאַרברוינטע ציגל-פנימער און אויגן אויפגעפלאַקערט פון געווימל
און לאַנגע בערד, ווי אָפגעשיילטע שטיקער קאָרע;
זיי זיצן ביי די בערגלעך שמאַטעס, ווי ביי חורבות — די נביאים
און בלאָזן מיט די גראָבע ליפן טעפּעלעך ציקאָריע !..

און חייבער טעכטער שרייען, מאָרדעווען דאָס ביטער מזל,
אַרויסשפּרינגען זיך רייסן בריסט. און פנימער, ווי וועלט-געשטרייפטע מאַפּעס
עך, פייערטעפּ צעבלאָזענע אויף הינטערס! זיסע עולם-הזה!
ביינאַכט — וועלן זיך פּרעגלען בייכער צוליב עולם-הבא!

עס פּאַקן זיך צ ... ערד די קליימלעך צו אויף באַכט,
צעגויפגערוקט ווי רייען הייליקע גמראס פינצטערע פאַרמאַכטע,
און ווינטן קומען זיי נאָך בלעטערן, און ווינטן קומען זיי פאַרטייען;

אָ גרויסע טרויעריקע ערד! איך חייס —
— פון וואַרשע ביז ניו-יאָרק, נ'פון מאָסקווע ביז ירושלים
טראָגסטו די מערק די יידישע אויף זיך, ווי אַלטע פינצטערע קמיעות!

אָט זעגען זיי — פאַרפלאָנטערט אין געוועב פון דראָט און בלייַ!
זיי טראָגן אויף די ברייטע שטערנס — טראָפּנס ראָסט
און אויפן פּנים — פּחד ערלעכן פאַר גאָט און לייט
און אויף די הענט — פאַרשעמטע תּפילות אויף פּרנסה...

זייפּ עדערן זיך אויפן טאָ , — געדאַוונטע, פאַרפרי,
אָטג ייען זיי, אָט שטעלן זיי זיך, איינזאַם, אויס ביי קאַלטע ווענט;
ס׳איז קאַלט, ס׳איז קאַלט פאַרפרי. די ליפּן ציען זיך און פרירן,
אָט קלאַפּן זיי מיט פיס אָן שטיין, און רייבן אָפּ דעם פראָסט פון הענט...

אָט זעגען זיי. זיי טרעטן קיינמאָל נישט דעם וועג אָפּ פאַר טראַמווייען,
מיט קאַנען בלעכענע פון מילך פרימאָרגיק קלינגען זיי און שרייַע
אין מיט פון לויפיקן געוועב — צעשראָקענע, פאַרפרעסטע;

און ווען זיי לויפן זיך דעם וועג, בשלום, איבער
— פאַרסאַפּעט און צעפּיבערט
באַטאַפּן זיי די בערד און לויבן גאָט, וואָס טוט מיט יידן חסד...

מען גייט. מען גייט — פיר-הויקערדיקע טענדלערס, בעטלערס און שמאַטיאַרעס
פאַרוויגט דעם טענדלערשן געשריי, פאַרוויגט דעם שמאַטעדיקן איבל;
טאָלטשאָקן, מערק — מיט שמחה און מיט ליאַרעם —
אַרויסגעשיקט אויף שבת האָבן חסידים אין די שטיבלעך!

ס'וועט באַלד זיך אומאַרמען מיט גאָט דאָס אויסדערוויילטע פאָלק-ישראל
און אָטעמען אויף אים מיט שטינקענדיקן אַלטוואַרג, שמאַטעס און מיט גאָלדנס,
אָ קויף זיך, גאָט, ביי טענדלער דיינע הייליקע אָן אַלטן פאַראַסאָל
עס טראָגט אים איינער צ'ריק. ס'האָט דיין הבטחה אויפן מאַרק היינט ניט געגאָלטן!

עס דעמערן דאָרט בייכער מעכטיקע פון מערק מיט קלינגענדיקן מינץ.
מען לויפט ביינאַנד ווי שטשורעס שוואַרצע פון די אָפּטריטן
זיך פרוכטפערן פאַרפרי — מ'זאָל ניט מיט פייער אָנרירן דעם שבת.

אַ גאַנצע וואָך געשמאַכט, געזויגן קינדער און געצערטלט שקראַבעס
און איצט וועט באַלד דער ווינט מיט טויערן אַ קלאַפּ טאָן:
— „פאַרשאָלטענע! די נאַכט די פינצטערע איז ווייניק פינצטער!"

עס שלאָפן אין די שטעטעלעך די מערק און די וואַרשטאַטן
אַ שטילן שלאָף סיי שבת, סיי נ׳דערוואָכן,
די שאָפע בלויז איז וואַך פאַר שבתדיק טעאַטער
נ׳פּאָזשאַרנע פערד די ויידלען לוסטערן און פּאָכען!

די הייזלעך אויסגעטריקנט, דעכעלעך — דערוואָרעמט
עס שפּרינגען אָפּ די ווענט, ווי פון פאַרדאַרטע פעסער — רייפן,
נאָר ווי אַ פּאַווע שטייט פאַרטראַכט — די זשאַווערדיקע כאָמבע פון פאָזשאַרנע
און בענקט נאָך אַ געשמאַקער, נאָך אַ גרויסער שרפה.

כען וואַרט אויף אַ ציגיינער מיט אַ שמוּיביקביידל,
וואָס צאָלט פאַר אַלטע שמאַטעס אויערינגלעך פון בל
און פינגערלעך פון צין — צום האַנדל און צום בייטן, —

נאָר קיינער קומט נישט סיי-ווי-סיי!
פאַרוואַקסן איז מיט גראָז מיט בודזיקעס דער וועג
דער שבת בלויז קומט שטיל און גייט זיך עטיל אַוועק

אָ קליינע שטעטעלעך, פאַרטריבענע, פאַרלאָזטע
אויף הפקרן באַראָט פון ווינטן פון פאַרשייטע;
עס חלומען זיך יידן חזיר-האָר און קלאָפּשע
אַ נייענדיקע וואָך — פון זונטאָג ביז צו פרייטאָג.

מען קוקט אַ גאַנצע וואָך די אויגן אויס אויף וועגן,
און שבת איז אַ גאַסט, נ׳דער אויבערשטער — אַ טאַטע;
— עס גייען, שבת, דיך איצט פּראָסטע יידן אָרעמע באַגעגענעי
־יט אָרעם־שווארצן ברויט, מיט קאָרענע כאַלאַטלעך.

נאָר ליכטיק איז אין הייזער פון בענטשליכט פלאַטערדיקע
און וואַרעם איז אין קיך פון שבתדיק געקעכץ
און צוגעדעקט ווי מתים ליגט דאָס אַלטווארג מיט די שקראַבעס;

אָ שבתדיקע העמדער, — ציכטיקע פּאַרלאַטעטע
עס טריפט אין לייב אַ ווייטע פרייד און ס׳רייסט זיך שטיל אַ קרעכץ;
און ס׳לייגט זיך צו פאַרהאָרעוועטעביינער ווי אַ זיסער זאַלב דער שבת!..

די פּאָל אויף שבת נישט געשמירט. קיין ראָזשינקעס אויף קידוש נישט געלאָדן
נישט אָפּגעפּוצט דאָס מעש און הענגלייכטער אום פרייטאָג;
שוין לאַנג, שוין לאַנג — פּאַר קוילן און סנאַריאַדן
האָבן דאָס מעש צו זאָטלען צוגעבונדן קריגערישע רייטער

אין ווינקלען טונקעלע אין שטויביקע פּאַרוואָגלט
וועבט איין אַ שפּין אין דינעם טונקעלן געוועב
די פרייד די מיידלשע פון פרייטאָגדיקן צוואָגן,
פון פריש־פּאַרפלאָכטענע, פון ערב־שבתדיקע צעפּ..

וו איז דער ראָזשינקענער וויין? און אורחים טייערע וו זיינען?
עליכם שלום! שלום, בענטש־ליכט! שלום, יוירנדיקע ווייַנען!
און זמירות ביזן הימל. טענץ — געטופּטשעט!

עך טשובאַריקי טשובטשיקי, טשובטשיקי טשובטשיקי:
נישט אָפּגעשמירט די פּאָל. די לעמפּ ווי אינדערוואָכן.
און ס'זענען צו דער סעודה נישט געקומען קיין מלאכים!..

ביים שבתדיקן טיש זיצט מלכותדיק דער בעל־אכסניה
מיט צוועלף זין, ווי מיט די צוועלף שבטים;
— כל־ימי — ווי איר זעט — געזייט, געשניטן, ווי אַן עבד כנעני,
און אַלץ געטאָן אַזוי, ווי ס׳דאַרף צו טאָן אַ ייד אַ פּאָטער!

אָט ווי איר זעט מיך, קאָן איך אַלץ: יאַרידן, מערק,
און אָפּשינדן אַ פערד און זיין אַ טאַטע, פּאַניע.
כ׳בין אויף מיין לעבן שוין געוועזן אין אָדעס און אין אַמעריקע,
כ׳קאָן אויסמעלקן אַ קי, — איך בין געוואוינט צו האָרעוואַניע!

ער טינקט אין רויטן כריין די ווייסע שטיקער חלה
און קרעכצט און ניסט און גיסט מיט כריינעדיקע טרערן
און ציט געפּאַלדעוועט דעם אָטעם מיט פאַרענדערט קול:

אַ ביסל כריין איז עונג־שבת. להבדיל ווי אַ האַרבע בלאַט גמרא לערנען.
איך בין געוואוינט צו האָרע-וו-וואַניע. ווי איר זעט, אַזאַ משפחה. אַלע.
ווי מיינט איר — אַזאַ ייד ווי איך, וואָלט עפּעס אויפגעטאָן אין ארץ-ישראל?

די וועגט פון היי־לצן אָרעמע פאַרוופלקטע
באַצירט דאָס שטרענגע בילד פון ווילנער גאון;
דעם פאָסטנטרעגער וואָרטן אָפּגעריבענע פאַרדאַרטע שוועלן
און אויסגעטרוקנטע מזוזות בענקען נאָך אַ קוש פון אליהו...

ס׳איז שטויביק־גרין און געל פון אַלטן טרויער,
עס בעטן זיך ביי אַלטע לייט צו בריסט די אַלטע קעפּ,
נאָר ס׳קוקן אומעטיק אַראָפּ פון ווענט פון רויע
פאָר־טרעטן געלע — איינגעראַמט אין שוואַרצן קרעפּ.

און ס׳קרעכצן טאַטע־מאַמע זיך מיט אויגן איבער,
פאַרלייגטע הענט אויף קניען דאַרע ברעכן זיך און נאָיען
נ׳פון אויגן אויסגענאָגטע קייקלען טרערן זיך אַליין;

שוין זיבן יאָר אַוועק. שוין זיבן יאָר פאָריבער
אַ דעמב אַ יינג. אַ פאָר טעג נאָך די תנאים
ווער ווייסט ווי ס׳איז אַהינגעקומען דאָס געביין!...

די אַלטע זייגערס קלינגען דאָרט פאַרכריפּעט־כראָפּיק,
זיי שיטן אַלע שעהן אויס אינאיינעם אויף אַמאָל;
עס שלאָפט דער שבת אויפן טיש מיטלייכטער צוויי צוקאָפּנס
און טרינקט די גיכע כריפּעדיקע זייגער־רייד, ווי ווערטער פון אַ מלא.

ביים ווינקל־טיש דאָרט זיצט אַ זקנה מיטן טייטש־חומש אַליין.
זי קוקט זיך אויפן זייגער אום מיט מויל מיט אָפענעם — פאַוואָל
און טראַכט: ער וועט נאָך ביז צום אָוונט בלייבן שטיין
מ׳וועט אים נישט טאָרן אָנציען ביז נאָך הבדלה...

און לייענט ווייטער האַלטנדיק מיט דאַרער האַנט די בריל:
— „זענען מלאכים דריי געקומען בענטשן שרהס טראַכט
און עסן נישט פאַרזוכט. און לער געבליבן זענען טעפּ״...

ס׳איז קיינער, אַלטינקע, נישטאָ. ס׳איז אומעטיק און שטיל
געוועזן אַוועק. און טאָג נאָך טאָג און נאַכט נאָך נאַכט —
געבליבן זענען יאָר פאַרטרעטן איינגעראַמט אין שוואַרצן קרעפּ!

פאָרטרעטן טייערע געראַמט אין שוואַרצן קרעפּ
עזריאל און שלמה-בער — געראַטענע ווי איינער
— אָ, מיר פאַר אייערע פאַרשייטע קעפּ,
דער מאַמען אייערע פאַר די פאַרשפּילטע ביינער!

דער עלטערער עזריאל האָט אַכצן יאָר געענדיקט,
געאַרבעט שניידעריי און נאָך דער אַרבעט — גאַנצע שעהן פידל;
האָט זי, די מאַמע — אים געטענהט שטענדיק:
עזריאל, וואָס וועט זיין דער סוף פון שפּילן אויפן פידל?

אַזוי אַוועקגעשטעלט זיך שפּילן שפּייסצענאַכטס,
איז נישט אַוועקגעלייגט ביז זונטאָג אינדערפרי;
ביים פענצטער שטייט די גאַנצע גאַס פון קליין ביז גרויס;

און יעדער איינציקער האָט זיך געקוויקט דאָס האַרץ:
ער שפּילט שוין איינמאָל גוט דער שניידעריק עזריאל;
און נייען נייען מעג ער נייען פאַרן קייסער.

דער יינגערער דער שלמה־בער האָט נישט געוואָלט זיך לערנען
צו קיין מלאכה נישט גוסט־ט, געכאָוועט טויבן;
ס׳האָט קינדווייז אים אַ קו גענומען אויף די הערנער,
ווען ער האָט זיך אַמאָל אַזוי פאַרקוקט, פאַרקלערט פון אויבן!

זיי דרייען זיך נאָך איצט אַרום דעם דאַך די טויבן. הין און הער;
זיי זוכן אים, אַזעלכע ווייסינקע ווי שטערן;
נישטאָ עזריאל, נישטאָ קיין שלמה-בער
נו — זאָל אייך טייבעלעך דער אויבערשטער אַליין דערנערן!

דער טויבנשלאק? ער שטייט, ער שטייט פאַרקלערט.
דער רעגן גיסט אין אים אַריין אַ טרונק פאַר טויבן
און ס׳לאָזן אַמאָל ווינטן איבער אַ פאָר קערנער;

נישטאָ שוין טייבעלעך, נישטאָ שוין שלמה-בער,
פאַרקוקט, פאַרקלערט האָט ער זיך ערגעץ אויבן
האָט אים אַ בייזע קויל גענומען אויף די הערנער!

זיי האָבן ליב געהאַט אין דר׳היים זיך קריגן ביידע.
עזריאל בייזערט זיך אין שטוב. דאָס קול פאַרגייט אים,
און ס׳רייסט זיך שלמה-בער דאָס האַרץ אָפּ אויפן בוידעם
נאָר איינער וויל נישט אָפּטרעטן דעם צווייטי

— „הער שוין אויף — האָט שלמה-בער געשריגן צו עזריאלן
אַ קלעזמער ווער אויף חתונהס — ווערסטו שוין נייען אויך פאַרשפּאָרן;
צעטרייבסט דאָך מיר די פייגל מיט דיין נאַריש שפּילן —
ער שפּילט! ער שפּילט! און טויבן קאָנען זיך דערפאַר נישט פּאָרן!

חי נאָר די זון גייט אויף. ווי נאָר דער טאָג באַוויזט זיך — שוין!
ער זיצט שוין אויפן דאַך מיט וואַסער און פּאַפּשויען
און פון דער סטעליע שיט זיך ליים מיט שטויבן;

— ס׳טאַראָפּגיין פונעם דאַך? ס׳טאַראָפּגיין, שלמה-בערן!
איך מאַך פון דיר אַן ענדע! — שרייט עזריאל — הער!
און כאַפּט דערוויל אַליין אַ קוק, ווי ס׳פּאָרן זיך די טויבן!

נאָרביידע האָבן פּלוצלינג זיך פאַרשריבן אין אַ חברה,
פאַרלאָזט די טויבן. איינזאַם הענגט דער פידל;
און ביידע גייען ערגעץ אויף מאַניעווורעס,
און לערנען זיך צוזאַמען זינגען לידער.

מען סודעט זיך אַ גאַנצע נאַכט ביז אינדערפרי,
מען קומט אַלץ שפּעטער אין דער נאַכט, מען סודעט זיך אַלץ מער.
און איינער זאָגט דעם אַנדערן — חבר עזריאל,
'דער אַנדערער דעם ערשטן — חבר שלמה בער!

נאָר ס'בייזערט זיך עזריאל און מיט דער פוס ער האַקט:
דו זינגסט נישט, חבר שלמה-בער צום טאַקט,
דו מיינסט, אַז לידער זענען טויבן;

און חבר שלמה-בער כאַפּט נאָך אַ קוק צום דאַך פון אויבן
און הייבט פון אָנהייב אָן מיט טרערן אין דער גאַם:
„מיר שווערן צו פירן אַ הייליקן קאַמף"!

און ביידע, ביידע זענען זיי אַוועק:
מיר וועלן, מאַמע, קומען מאָרגן אינדערפרי;
האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געדאָכטן אַז מען וועקט:
— די קינדער! קינדער — שלמה־בער, עזריאל!...

אָ, שוואַרצע טעג! טאַטשאַנקעס פינצטערע! ס'איז ווייט? צי נאָנט?
זי וועט זיי גיין באַגעגענען אַנטקעגן — מיטן וועג'
אין שוואַרצן וואַלד ביים דניעפּער שטייט מאַכנאָ
און דרייצן אירע ליגן שוין געשאָכטענע ביים ברעג...

און ווער האָט דען געזען? און ווער האָט דען דערקענט?
און אפשר וועלן זיי נאָך קומען אינדערפרי?
אַ שוואַרצע פּליאַזשע, אַ געשאָכטענע ביים דניעפּר;

און אויפגעהאָנגען זענען אויף די ווענט:
— דאָ שלמה־בער און דאָ — עזריאל
פאָרטרעטן איינגעראַמט אין שוואַרצן קרעפּ!...

האָב איך דען נישט גערעדט צו זיי, ווי ס'רעדט אַ מאַמע צו די קינדער;
גערעט, געטענהט, — נאָכאַמאָל און ווידער —
געזינדיקט האָב איך מיט די רייד, געזינדיקט און פאַרזינדיקט:
— עזריאל! וואָס וועט זיי דער סוף פון שפּילן אויפן פידל?

געטענהט און גערעט, געבעטן און געביקט זיך
און גאָרנישט, גאָרנישט. ווי צו די ווענט די ט״ו. כּ״ו;
אויף שטריקלעך אָנגעטאָן זיי האָבן ביידע — ביקסן
און אויס. קיין פידל מער נישטאָ און מער נישטאָ קיין טויבן!

מיר וועלן קומען אינדערפרי צוריק אַהער:
עזריאל! עזריאל! ווו ביזטו, שלמה־בער?
דער מאַמען אייערע פאַר די פאַרשייטע קעפּ!

דער שבת קומט. דער שבת גייט אַוועק,
איך וועל אַרויסגיין זיי אַנטקעגן אויפן וועג
— פאַרטרעטן אייַנגעראַמט אין שוואַרצן קרעפּ!

צוואָס אַזויפיל שבת? שבת אַזויפיל און שטעטלעך קליינע?
אויף וויסטע מערק, אויף וועגן און אויף הויקערס?
עס שעמען זיך פּאַר אים די שטיבעלעך די ליימיקע —
ווי קוקן אַלע מיט די פענצטערלעך אַראָפּ, ווי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן!

עס שעמט אויף טישן זיך דאָס שוואַרצע ברויט דאָס אָרעמע
און הענגט פּאַרהאָרעוועטע שטילע, ווי פון אורחים;
אַ ווייסע טישטיכער, כאַלאַטלעך אויסגעבאַקן־קאָרענע,
צוואָס אַזויפיל שבת — טריבער טרויעריקער?...

אַזויפיל אומעט נאַיענדיקער, וויסטער.
ער שלאָפט אינמיטן גאַס. אינמיטן אַלע וועגן
און ס׳קאָן קייז שטערן פון דער נאַכט אים נישט דערוועקן;

נאָר ס׳האַווקען וואָכנטעג און רינשטאָקן, פּאַרריזטע: —
די פּאַלאַיז נישט געשמירט. דער טאָג — אַריינגעדרייט און קנאַפּ איז:
— צוואָס, צוואָס אַזויפיל שבת?..

די שטיבלעך זיצן אויף דער ערד, ווי ליידיקע ווי אַלטע טשעמאָדאַנעץ
און וואַרטן, וואַרטן עמיצס אַ באַזוך;
אפשר וועט זיי עמיצער אַוועקפירן פון דאַנעט,
אפשר וועט זיי עמיץ מיטנעמען מיט זיך!

שוין אַלע דאָ געווען. געווען מיט האַק, געווען מיט זאַק
און יעדער האָט געוועקט און יעדער האָט געוויגט;
געווען דער דייטש געווען דער קאָזאַק.
דער לעגיאָן געווען, געווען דער באָלשעוויק!

און איצט איז שטיל און וויסט. ס'וועט קיינער גאָר שוין נישט פאַרזאַמען.
דאָס יידיש הייליק אָרט נ'דער צווינטער שלאָפן זיך צוזאַמען
און רוקן זיך אין מאַרק מיט פאַרקנס אין דער גיך;

נו, זיצן שטיבעלעך ווי ליידיקע, ווי אַלטע טשעמאָדאַנעץ
און וואַרטן אפשר וועט זיי עמיצער אַוועקפירן פון דאַנעט,
אפשר וועט זיי עמיץ מיטנעמען מיט זיך!

אַן אַלטער ייד אַ זעכציקיעריקער זיך קלאַפּט אין האַרץ:
כ׳וועל מיט חלוצים גיין. כ׳בין אויך אַ יונגער חלוץ.
איך דאַרף נישט מערער ווי אַ שקאָרינקעלע אַ פּאַרדאַרטס
און גלייך מיט אַלע קאָן איך גראָבן ערד און האַקן האָלץ.

באַגראָבן האָב איך דאָ דאָס ווייב און קינדער זעקס,
די דייטשן אויפגעהאָנגען האָבן צוויי,
פּאָגראָמען האָבן לייבן צוויי דערהרגעט אונטערוועגס
און צוויי זענען געפאַלן אין דער רויטינקער אַרמיי

וואָ..יך געריט, , מיין אַלטן טלית קריעה:
מסתמא איז דיין רצון, גאָט, געווען אַזאַ,
איך זאָל צום סוף די פּיס באַשיטן מיט דיין הייליקן זאַמד

און איצט וועל איך מיט אַלע גייענדיקע גיין
נישטאָ שוין ווער ס׳זאָל מיינע ביינער אָפּטראָגן אהין,
בו, וועל איך אויף דער עלטער זיי אַוועקטראָגן אַליין!

זיי שלאָפֿן איינס נעם אַנדערן — די קליינע שינדלדיקע הייזעלעך,
ווי מידע טשערעדעס געפּינטלטע, געפּלעקטע;
אַ רעגנבויגן איבער זיי, גלייך ווי אַ בייטש אַ גאָלדענע זיך קרייזלט,
נ'זיי הערן נישט, ווי טייכלעך קיצלען זיי, ווי טייכעלעך זיי וועקן...

אַ וואַסערל אַ שמאָלס אין אַ באַוואַקסענער, פֿאַרדרעמלטער אָקאָפּע,
ביי זייטן — ביימלעך, איינזאַם, אין באַראַשקענע בעקעשעס;
עס הערט אַ פּראַטש פֿון דאָרט, אַ פּראַטש זיך קלאָפּן,
— ווער איז? סאָלדאַטן איינגעבויגענע דאָרט וואַשן, וואַשן וועש זיך...

ס'זאָל זויבער זיין די העמד די אָרעמע, ס'זאָל זויבער זיין און ליכטיק;
סאָלדאַטן איינזאַמע, פֿאַרפּירטע און פֿאַרפֿאַלענע,
אָי, נעם דיר, קינד, אַראָפּ אַ מוסר אין זיין ליבן נאָמען!

אַ שיינעם פּנים האָט די וועלט, — פֿאַרפּירער און פֿאַרפּירטע —
אַז לאָז זיי שוין דער אויבערשטער אַליין, מיט זיין גענאָד ממלא זיין,
ס'זאָל שלום ווערן אויף דער וועלט, אויף אַלע — אָמן.

עס רויכערט זיך דאָס מיסט אויף פֿעלדער אָפּגעשוירענע,
ס׳איז גרין און געל, און ווייט, און בערגלדיק;
עס גייען וואָגנס ליידיקע מיט שווייגנדיקע פּויערן
און ס׳שטייגן זיך די בערג קאַרטאָפֿלעס איבער מיט די בערעקעס.

אָט קומען מיטן וועג אָן שיקסעס — ווייס־געפּאַרטוכטע,
קאָסינקעס פֿלאַטערן זויף מיילער ליימענע פֿון וואַסער־קריגן,
אַ באָנשאַ לאָזט פֿון ערגעץ זיך אַראָפּ אין פֿעלד אויף רויטער פֿוס עפּעס דערפֿאַראַכטן
און טרייסלט אויס, ווי שטיקלעך וועש, די ווייסע פּאַרטוכדיקע פֿליגל...

נאָר ביי דעם אייזנוועג, באַזייט, פֿאַרט מיט דער אַקס אַ ייד אַן עלטערער,
זיך אויסשמעקן די וואָך פּרנסה פֿון אַ דאָרף אין אַנדערן
און טראַכט זיך, וויאָקנדיק, צום פֿערד צום קוים־קוים טרעטנדיקן:

— ס׳אָ פּחד גדול אָט אַזוי זיך סתם נ׳דער וועלט אַריין...
מען זאָגט, אַז יידן פֿאָרן איצטער פֿראַנק און פֿריי אין גאַנצן לאַנד אַריין,
פֿאַרטייטש מיר, קינד,—וואָס טוט אַ ייד אַזאַ אין מאָסקווע און אין פּעטערבורג?

דעם שליאַך דעםברייטן זעגן אַרבעטסלאָזע קינדער פון גאַרבאַרעס
עס וויקלען נעכט זיך אַרום פיס. און נעגל — רויבעריש פאַרטייעט;
צעטראַסקעט זענען הענט, עס קריכט דער טאָג אין לייב דורך רויטע שפאַרעס.
ער קריכט און פאלט און טייעט..

זיי שוועבן אויף די וויסטע גאַסן אָן, ווי רויב־פויגל פאַרקרומטע אָן געפעכער
אויף נעסטן איינגעשלאָפענע מיט האַרבסט פאַרלאַטעט;
אָ שטיבלעך תחנודיקע, אומעטיקע דעכער,
קאַשקעטן אָנגערוקטע, אויגן קאָסע — סוקעוואַטע!

פאַריזטע שמאַטעס. אָפגעפליקטע מאַנטלען
און אַלטע שקראַבעס-שיך, ווי צײנקאַסטנס מיט דראָט געבונדן
קייען רויטן פיין און צאָרן רויטן׳

אָ ברידער, מיינע ברידער, טרויעריקע וואַגאַבונדן;
עס האָבן ווינטן הפקרע צום גוטס, צום גוטס דערמאָנט אייך
און ס׳בלאָנקעט, ווי אַ זעלבסטמערדער צווישן אייך דער טויט...

זיי גייען אויף פאַרשטעכן זיך אין ווייטע האָריזאָנטן,
זיך אויפהענגען אין הימל הויך — פון קיינעם נישט באַגלייט,
— כ׳וועל גיין מיט אייך! איך וויל מיט אייך אַ רעוועדיקן מאָן טאָן
ב׳אויף דלאָניעס ביינערדיקע ברענגען בלוט און ברויט.

געזיכטן ביינעריק, ווי אַקעראייזנס שאַרפע.
ס׳הייבן זיך נעכט אויף זיי געלייגט ווי שוואַרצע טשערעדעס,
ס׳וועט די לבנה אַ געקוילעטע אויף דעכער היינט אַליין זיך וואַרפן
און וועגן וועלן גיין היינט אין דער הויך און אונטערערדיש.

זיי גייען ווייט. געשפאַנט. געבייטשיקטע מיט וועגן.
דעם טאָג זיי האַלטן ווי אַ צוים אין ציינער אויפגעוועקטע
און שלעפן ערגעץ ווייט די ערד, די ערד צו פיס געשמידטע.

זיי שטיבלעך אָרעמע! אנטוויינטע ביינעריקע דעכער
ווייט אָפן גאַסטפריינטלעך צו הייליקע פאַרברעכער
זיי וועלן קומען צוריק. זיי וועלן קומען מידע!

פיס אויף פיס ביי די פאַרשוויצטע פינצטערע וואַרשטאַטן,
עס קריכט אין אײער נישט אַריין דער אָפּגענאָגטער פּאָדעם;
היי, אַלטע קאַטאָנאַשניקעס — צום שטשאָבען און צום לאַטען,
— אַז אַ נאַדל מיט אַ נאָדל — אַט אַזוי בכבוד גדול!...

זיי זיצן פרייליך אויסגעזועצט — די אַלטע ביי דער אַרבעט,
ווי ביים משניות, זינגנדיק — מיט חשק, מיט הדר;
ווייסע בערד פאַרקאַשערטע אינאיינעם מיט די אַרבל,
— אָן אַ נאָדל, מיט אַ נאָדל — אַט אַזוי בכבוד גדול!...

טליתים און תכריכים, קיטלען און פּאָדראַסניקעס;
אין לאַנגע ווינטערדיקע נעכט — פון חושך און פון שנייען
און שטיקלעך פאָדעם איז די ציין — דעם שכל נישט פאַרנייען.

ויי בעטן גאָט, ס׳זאָל זיין ביי פּריצים אָפּטער חתונות
און איידימער אויף קעסט און קינדער אויף דער האָדע, —
— אַז אַ נאַדל מיט אַ נאָדל — אַט אַזוי בכבוד גדול!...

נאָר זייערע פאַרוויינטע קינדער זענען קראַנק, פאַרחלומט און ראַכיטיש,
זיי זענען בלאַס און האָבן דאַרע פיס;
מען נעמט זיי אין דער פרעמד אויף כאַווע און אויף חידוש
און מען לערנט זיי אויף ביישפּילן, אויף ביישפּילן — אומזיסט.

אָט זענען זיי, די זיבניעריקע פאַרחושטע מענער
מיט בייכער מאָגערע, מיט גרויסע קעפּ צעגליטע;
אָט זענען זיי די קראַנקע ווונדערקינדער — אָפּגעצערטע פּענאָמענען,
זיי קומען אויף דער ערד — דאָס לעבן אויסשפּילן אויף פידלען!...

אַ'ז וואַרפן זיך די פיבערדיקע קעפּ אויף ברוינע דעקעס,
ווי ס'וואַרפן מיט די קעפּ — אוּנטערגעשאָסענע און קראַנקע פייגל
און ס'הערן זיך די הימלען צו און ס'קאָרטשען זיך צונויף די שטרעקעס.

— נו, זעגט, נו, זעגט דאָס האַרץ מיט נאָגנדיקע בויגנס,
די טאַטעס נייען, ציילנדיק, די יאָרן מיט די נאָטן.
— אָן אַ נאָדל מיט אַ נאָדל — אָט אַזוי, בכבוד גדול!..

ערגעץ אין גרויסע שטעט, פאַררויכערטע מיט לעמפּ און דעמער,
רייטן זיי פאַרחלומטע פאַרצערטע קראַנקע ריטער —
אויף בינעס, בימות, פּלעצער און באַלעמער,
ווי בעטלער אין די הייסע טעג פון מאַרקן און יאַרידן...

אַ עפּעס ווייסן זיי, זיי שטאַמלען עפּעס אויס אין הינערפּלעטישן געדרעמל,
ס׳ וועט עפּעס העל און קלאָר און בלויז און כמאַריק;
היי, שניידערס, שוסטערס אָרעמע, פאַריאָגטע קרעמער,
ס׳איז גוט זיך ציקלען ערגעץ אין אַ שול, פאַרנאַכט, ביי מעריב!

עס בויגן זיך ביי זיי די מיילער אויס פון ציטערדיקע דרויבן,
און אויגן עפענען זיי לאַנגזאַם אויף מיט פיבער
און שיקלדיקע, גייען זיי ערגעץ צריק, צוריק...

און ס׳גיסט זיך כשוף, הייסער בריענדיקער צויבער,
און ס׳גיסט, און ס׳גיסט, און ס׳גיסט זיך איבער
ג׳ביי מעריב ערגעץ אין אַ שול, אַן אָרעם שניידערל זיך ציקלט...

פון בלויען אינדערפרי ביז בלויען שפּעט אין אָוונט,
מיט ניטפאַרמאַכטן מויל, וואָס מאָלט פאַר יעדן דורכגייער אַ ברכה —
און מיט פאַרשעמטע טאָרבעלעך — געהויקערט און נדבהדיק,
גייט אום פון הויף צו הויף די וויינענדיקע מוטער רחל...

אויף טרעפּ אויף מיסטיקע פון שוואַרצע קאָרידאָרן,
אין שמאַטעס, זעק און טראָלדן איינגעווינדעט,
זיצט די מאַמע רחל, רויכיק, ווי דער דאָרן
און בלאָזט אַ קאַפּ געשענקטע זופּ פאַר אירע קינדער.

און ווען מען עפנט מיט געשרייען אויף די טיר,
פאַרזעצט זי אין אַ ווינקל זיך פון פאַרעדיקער קיך
און שיילט קאַרטאָפל, שטיל, פאַר מאַלצייטן פון אירע קינדער...

זי שיילט און בענטשט און ווינטשעוועט און לינדערט,
און יעדער שאָלעכץ פאַלט אויף דר׳ערד מיט ברכה,
ווי שטיקער לייב מיט טרערן פון דער מוטער רחל...

זי קלויבט די שמאַטעס אויף אין מיסט פאַר קינדער אָרעמע,
און אין געוועש פאַר ווינדעלעך, זי אַזוי טרויעריק פאַרטאָן איז;
זי קלויבט, פאַר קינדער שבת־אויבסט מיט פינגער קאָרענע,
אָ, מאַמע אָרעמע, אָ, בעטל־ברקע־מאַדאָנע!

און די אין גרויסע שטעט, אויפן געלענק פון טראָטואַרן
זויגט זי אַ קינד מיט הוילע בריסט אין פראָסט פאַרקאָווערט;
זי וויינט צום טאָג, זי וויינט מיט העלע הענט מיט דאַרע
און בייסט פאַרבייגייער די פּאָלעס אויף נדבה...

און ווען פּס צינדן זיך פאַרנאַכט די פינגער אירע אָן,
ווי שבתדיקע ליכט, צעפלאַקערט און צעבלעטערט,
קומט גאָט צו איר צוגיין, ווי אַ פאַרליבטער מאַן פונם בית־מדרש;

— גוט־שבת, מלכּה אָרעמע! גוט־שבת, אָרעמע מאַדאָנע
נאָר ס׳גייט די מאַמע רחל נישט צום טיש, זי וויינט,
זי האָט נאָך אירע קינדער נישט אַנטווייגט...

אין אָוונט גייען מאַמעס אום אין הייזער פון געלערנטע,
זיי גייען שטיל, צענויפגעשרומפּענע, פאַרגעסענע;
זיי בעטן אָנשרייבן אַ בריוו צו קינדער, אויף דער עלטער,
און ריכטיק אָנשרייבן — אַמעריקאַנישע אַדרעסן.

נו, זעגט די הערצער, וווּנדערקינדער קראַנקע,
עס ציִען ערגעץ זיך די הענט, און פאַלן, פאַ‧ן — איינציקווייז;
לאַקירטע פּרעק און ליכט און פּיבערשע געטראַנקען,
עס וויינען מאַמעס אָרעמע, זיי וויינען, סתּם, ווייל ס'ווייגט זיך...

זיי בעטן שרייבן הויך, זיי זאָלן הערן —
און יעדער וואָרט באַוואַשן זיי מיט הייסע טרערן,
און שאָקלען צו מיט קעפּ צו יעדן אויסגעפּירטן אות,

„און שרייב מיר, טייער קינד, אַרויס —
צי אמת איז טאַקע אַזוי, פאַרקערט; —
— אַז דאָ איז טאָג, איז נאַכט, ביי אייך דאָרט, אין אַמעריקע ?“

הבדלה — אָפּגעמאַכט. פון פענצטער ווײַנט די וואָך אויף גאַס אַרויס שוין,
פון מאַרק צעקלונגען זיך די טויבע בעל־עגלהדיקע גלעקער;
אָ שטילע שבתדיקע נאַכט! די וואָכיק־וואָכיקע געררויש
שוין כוואַליען זיך ביי הײַזלעך. שוין גריזשען זיי און לעקן.

מען גייט שוין צ׳ריק אין מאַרק, מען עפנט שוין צוריק די קלייטלעך.
ס׳איז קאַלט, נו, וואַרעמט מען זיך בײַ דעם פּאַר פון טרויעריקע מײַלער;
אָ וועגט דעם אומעט, וועגט — אויף פונטן און אויף לויטן, —
ס׳אַזויפיל אומעט אויסגעשפּרייט — אויף וויאָרסטן אין אויף מײַלן;

און מיד, און דרייטמאָל מיד — פון אומנויטיקן שבת,
ווי פון צו גאַסט בײַ אַ פאַרזעסענע געליבטער כלה
און ס׳פּלעדערן זיך ווײַבער שוין מיט קוישן און יידן מיט בטחון, —

א גוטע וואָך! אַ גוטע וואָך! פאַריאָגטע קרעמער, טרעגער און קוראַפּעס!
ערגעץ אויף נויט און יאָך שוין אויפגעוועקט האָבן זיך גאַסן, ווי שאַקאַלן
א רענדל מער, אַ רענדל ווײַניקער! פאַרשעמטע ווײַנענדיקע וואָכנטעג!

1

דעם זומער ניינצן הונדערט זיבעצן איז בעקער
אַהיימגעפאָרן פון אַמעריקע קיין רוסלאַנד.
יאָ, וויקטאָר בעקער. מיטן ווייסן זיידן טיכעלע
אין קעשינקע אין אויבערשטן פון מאַנטל, מיט אַביינערנער
געשניצטער גאַלקע אויפן שטאָק פון שווארצן האָלץ
און מיטן יינגן ווייבל אויפן אָרים, אַכטונג געבנדיק
אַז פון די געלע שיך און ביזן נאַכלעסיקן הוט
זאָל אַלץ אַראָפּשיינען פון מאַן — איז וויקטאָר בעקער
געפאָרן זען די עלטערן אין היימישן וואָלין
און אפשר עפעס מער. געהייסן האָט עס — וויקטאָר
האָט זיך פאַרבענקט אַ היים, און ווייל דאָס באַנק-ביכל
האָט שוין געקענט דערלויבן, ווייל די קליענטעל
דעם ציין־דאָקטאָרס איז זומער נישט אין שטאָט
און ווייל ער האָט דעם יונגן ווייב געקומט פון לאַנג
אַ רייזע — וועט מען זיך אָוועקרייסן אויף נאָך אַ חודש,
און אָט וועט מירא, וואָס געדענקט נישט מער
דאָס לאַנד פון איר געבוירן, זיך באַקענען ווידער
מיט זיטן היימישע און אויך מיט וויקטאָרס היים.
און מירא ווידער האָט געהאַט איר אייגענעם
און שטילן חשבון: אמת טאַקי, אַז דאָס הויז,
דאָס לעבן און אפילו וויקטאָר פירט זיך ווי זי וויל
און זי האָט שוין כמעט פון אים אַרויסגעטריבן
דעם שטייגער און די זיטן פונם אויסלענדער,
דאָך איז נאָך אַלץ אין אים געבליבן אַ פאַרגראָבנקייט,
אַ אומבאַגרייפלעכע און שרעקעדיקע צייטנווייז,
און ווען ער קריכט אַריין אַמאָל אין ווייכן שטול
ביים שראַנק מיט פרעמדע ביכער, כאָטש ער עפנט נישט
דעם שראַנק אפילו, צאַמט ער זיך אַרום מיט עפעס,
וואָס לאָזט נישט צו — און מיראן איז נישט היימלעך.
מסתמא איז ער אַלץ נישט בייגעקומען נאָך

דעם װײטן צובונד — עפּעס ציט אים נאָך אַהין,
טאָ זאָל ער פאָרן, זיך באַרויקן, און מירא װײס —
ער װעט צוריקקומען אַ ניכטערער, און ס'װעט דערנאָך
איר לײכטער זײַן. פאַרפאַלן — װעט זי איבערקומען
די צװײ צי דרײַ חדשים אין אַ שמוציק שטעטל ערגעץ
און אױס! האָט זי געשפּילט דעם נײַגיר — גיכער שױן
זײַן הײם און עלטערן צו קענען, און פון דרויסן
געבּרענט מיט רײַזע־פיבער מער װי ער. געזען,
פאַרשטאַנען עס, און פילנדיק אין אײַנגעשטיקטן קלעם
פון נישט־באַגריפענע דערװאַרטונגען אַ טרױער
אױף מיראס טרײסט, װאָס לאָזט זיך אױף אַזאַ
נישט זיכערן און שװערן װעג — האָט װיקטאָר
געזוכט מיט ליבע איר באַצאָלן פאַר דעם אַנשטעל,
און בײדע אין דער ליכטיקער גענאַרערײַ
פון ליבשאַפט. איז מען אָפּגעפאָרן.

אָנגעקומען

אין שטעטל ראש־השנה־צײַט, זיך אָנגעפרײט,
נאָר מיט די ערשטע װאָכעדיקע טעג איז אױך אַװעק
דער חן פון שיסל בעגל־װאַסער, און די פרעמדקײט
פון שנור און שװיגער, בײדע מיטן שמײכל,
װאָס דאַרף עס בײקומען אַ שפּראַך און זיטן,
האָט זיך גענומען שאָטענען אױף מיראס פּנים.
האָט בעקער אײַנגעזען — ס'װעט גלײַכער זײַן
דאָס לאַנד באַרײַזן מיטן װײַב. געזען דעם ים
בײַם לאַנזשעראָן, די װײַסע בערג אין קרים,
געהערט די מוזיגען פון די טורעמס אין באַקו,
געפאָרן מיט דער שיף אַרויף דער װאָלגא, און כאָטש אַלץ,
װאָס ער האָט ערשט געזען, האָט אים געשמעקט
מיט בוך־בילדער פון יוגנט, האָט ער נישט געטײלט
דאָס גליק פון װײַב און ס'האָט אים קעגן װילן
געצױגן צו דער הײם צוריק. אין מיטן װעג
איז שױן געװאָרן קלאָר, אַז עפּעס קלײַבט זיך,

האָט ער פאַרקירעװעט אַ הײם און ביז מען האָט
דערשלאָגן זיך האָט שױן געברענט דער בירגער־קריג.
אין בײטעניש פון מיליטער און באַנדעס, צאָלן צינשן
און ציטערן פאַר יעדן טריט האָט בעקער זיך דערמאָנט,
אַז אין דער גאַנצער ראַנגלעניש פון װעלן בײקומען
די הײם אין אים האָט מירא דורכגעלאָזט אַ קלײניקײט:
פאַרגעסן אים פאַרבינדן מיטן נײעם לאַנד
דורך בירגערשאַפט, און נאָך אַ צענדליק יאָרן דאָרט
עהערט ער ערגעץ נישט און איז דער זעלבער יחסן דאָ,
גאָס יעדער ייד אין גאַס. — איז גוט אַזױ —
האָט ער געטראַכט, און טרײסטנדיק דאָס װײב,
העבױט דעם שלום צװישן שנור און שװיגער.
ג
נעבױט אױף לאַנג, װײל שױן געזען מקוים װערן
דאָס פאָרגעפיל בײם נאָכקוקן צום לעצטן מאָל
די נעבלדיקע ברעגן פון ניו־יאָרק, און שױן געװוּסט —
מען דאַרף זיך נעמען אײנלעבן. איז טאַקע אמת,
אַז אַלע װעגן זענען אָפּגעשניטן און ס'איז מער געפאַר
פאַר אים און מיראן זיך צו װעלן דורכרײסן,
װי בלײבן דאָ? קען זײן — ס'איז אמת. און קען זײן —
עס דאַרף זײן אמת. װײל אַזױ װיל בעקער
און װײל דעם טאַטנס פּנים און די בױמער
אין סאָד הינטערן הױז און מענטשן פון דער גאַס
זײ אַלע זאָגן אים — ער דאַרף דאָ בלײבן.
אָט שטײט ער בײ דער טיר פון דער אַלטאַנע,
דער אַלטער און צופױלטער, זעט די בױמער
אין שװאַרצער נאַקטקײט פון הערבסט — און שרעק
באַפאַלט אים. װי עס װאָלטן שױן פאַר זײנע אױגן
די אָנפאַלער געשטאַנען, הונגעריק און פרירנדיק,
און בױם נאָך בױם געהאַקט. אָט גײט ער
אין גאַס אַרױס, און יידן בערדיקע און װאָנצעדיקע —
אַמאָליקע חברים — טענהן שטױנענדיק אַרײן אין אים:

— וואָס זיצט נאָך וויקטאָר דאָ? און אין די אויגן
די אומבאַהאָלפנקייט פון שרעק, און אין די שטימען
דער סודותדיקער ציטער: נאָר דאָס שלעכטס — פון זיי,
פון דער פאַרשייטער הפקרדיקער יונגוואַרג,
וואָס ווערט אַ חורבן ברענגען! — הערט ער אויס
און טענהט איין אין מיראן, אַז מען קען נישט,
מען טאָר זיך ערשט נישט רירן. און אויף מאָרגן
געגאַנגען צום דענטיסט, וואָס איז געשטאַנען
שוין האַלב פאַרפאַקט אין וועג אַריין, געקויפט
דעם קאַבינעט, געהייסן אויפהענגען אַ שילד:
אַמעריקאַנער ציין-דאָקטאָר — און מעגן אַלע שטוינען,
נאָר וויקטאָר בלייבט.
און ס׳קומען שלעכטע טעג
אויף מיראן. צערטלעכער ווי אַלע מאָל איז איר
דער מאַן, אָבער די ערד איז פרעמד און אויך דאָס הויז —
נישט אירס, און ווייטער, אָפגעשלאָסענער איז ער,
ווי גאָר די איינגעשטיקטע בענקשאַפט פון די אַלע שעהן
אין וועלכן שטול איז פריי געוואָרן ערשט, אַרויס —
און דאָ איז ער דער באַלעבאָס. זי וועט נישט פרעגן:
— פאַרוואָס גייסטו אַוועק, וואָס פירסטו זיך אַרום
מיט די, פאַר וועלכע אַלע האָבן מורא? — דאָרט
אויף יענער זייט האָט זי געפירט און ער — געפאָלגט,
און דאָ — פירט ער. מער גאָרנישט. יאָ, ס׳טוט וויי,
און ס׳גייט נישט אויס אַפילו אין דער צערטלעכקייט
און ליבשאַפט אין די הענט זיינע, נאָר ס׳איז אַזוי,
און מירא איז געוואַקסן אין אַ לאַנד, וואָס לערנט אויס
אַראָפשלינגען אַ דורכפאַל. ביז אַ טאָג אַמאָל,
ווען טיר און לאָדן ווערן צוגעהאַקט און ס׳קנאַלט
די גאַס, און ס׳דאַכט זיך ווי פון קנאַלן טראָטן זיך
געשרייען. און מען זעט דאָס בלוט — מען הערט,
מען זעט, מען וואַרט... און אַז ער קומט צוריק
אַ בלייכער און אַ לעבעדיקער, און אַז מירא פילט

דאָס קינד זיינס, וואָס זי טראָגט — פאַרשטייט זי:
עס איז מלחמה, און איר מאַן איז אַ סאָלדאַט
זי צו באַשיצן — ווערט איר גוט אין אומבאַהאָלפנקייט,
און שטאָלצער, זיכערער בויגט זי דעם קאָפּ אַרונטער
צו אים — אַ שטילע לאַם, וואָס גיט זיך איבער.
און נאָך אַמאָל — און נישט פון אים, פון זייטיקע
דערוווסט זי זיך, וויפל חברים זיינע האָבן
מיט בלוט באַצאָלט — און וויקטאָר קומט אַ בלייכער
און לעבעדיקער — און אַ גלויבן וואַקסט אין מיראַן:
עס וועט קיין שלעכטס אים נישט געשען — עס וועט נישט,
עס טאָר נישט! און נישט זי אַליין — איר דאַכט:
עס גלויבן אַלע, און אויך ער אַליין, כאָטש בלייך
און טרויעריק, גלויבט אויך. פון ערגעץ ווו
דערגייט זי, אַז דער היימישער און גוטער נאָמען
פון מאַן אירן האָט דאָ אַמאָל געמיינט עפּעס פאַר מענטשן,
ס'דערמאָנען זיך איר צופעליקע רייד זיינע
פון וואָגלונגען, פון טורמעס — און מיט איינמאָל
פאַרשעמט זי זיך: פאַרוואָס האָט זי דעם וויקטאָרן
געשטערט אין זיינע טראַכטונגען אין וויכן שטיל?
און ווי אַ אָפּצאָל פאַר איר גוטסקייט קומען טעג
פון רו און זיכערקייט. עס קומט אַ מאַכט אַריין,
וואָס וויקטאָר רעדט זיך לייכט צונויף מיט איר:
האַלב-פוילישער, אַמעריקאַנער — איז ער דאָ און דאָרט,
און אָט איז ער אַ שטאָט-פירער, און ווען עס קומט
דער ברית ביי מיראַס ערשט־געבוירענעם, ווערט פול
דאָס הויז מיט אַזאַ מאָדנעם עולם — יונג און אַלט,
פאַרשייט און פרום, אפילו אָפיצירן פוילישע
פון שטאָט-קאָמאַנדע. און ס'קומט אויס, ווי ס'וואָלט
מיט איינמאָל שלום ווערן צווישן אַלע צדדים,
און אַלע פעדים פון דעם שלום ליגן אין די הענט
פון יונגן פאָטער דאָ, וואָס שפרייזט אַרום
אַ לייכטער מיטן בלייכן פּנים און אַ שמייכל

אין אויגן האַלב=פאַרזשמורעטע אָן ברילן — נאָך אַליין
כמעט אַ ייִנגל.

אויפגעשטאַנען נאָכן קימפּעט
און ס׳איז אַ אומגעריכטע פרייד געקומען:
אַליין פון זיך האָט וויקטאָר אָנגעהויבן רעדן,
אַז ס׳איז שוין צייט אַהיים צו פאָרן. אמת —
אָן פרייד גערעדט. ווי אין דער זיכערקייט
און שלום, וואָס אַרום, זאָל פּוסט ווערן פאַר אים
דאָס לעבן דאָ — ער האָט נישט וואָס צו טון דאָ מער
און מוז אַוועק מיט גאָרנישט. און נישט וויסנדיק
וואָס מיינט זיין טרויער, האָט אים מירא מיטגעפילט,
ווי זי זאָל וועלן מיטברענגען צוריק אַהיים
אַ צייכן אויף איר מאַן, אַז ער איז וויקטאָר,
אָן אַנדערער, פון טויזנט איינער, און ס׳טוט באַנג
צוריק אים איינשליסן אין דער טאָג=טעגלעכקייט,
וואָס וואַרט אויף אים. און זי האָט נישט געגלויבט
איר האַרץ, ווען אין דער שרעק פון נייעם קריג,
וואָס האָט זיך אָנגעהויבן און צושטערט די רייזע,
האָט זי דערפילט אַ פרייד פאַר אים. ס׳איז ווילד —
נאָר וואָס האָט מירא זיך צו שרעקן? גלויבט זי נישט
אין וויקטאָרן, אַז ס׳טאָר אים נישט געשען
קיין שלעכטס? און גלויבן אַלע נישט? און איצט,
ווען נישט איר מאַן איז קאָמיסאַר פון שפּייז=פאַרטייל
און זעט, אַז אַלעמען זאָל סטייען, וואָלטן זיי
זיך אויסגעגליכן, יונג און אַלט, און רו זאָל זיין
און פרידן? און אויך שפּעטער, ווען די נייע מאַכט,
צושלאָגן ערגעץ, האָט אויך דאָ געגומען אָפּטרעטן,
און מיט די זעלנער גלייך זענען געלאָפן אויך
די שטאָט=פירער, די שותפים וויקטאָרס אין רעגירן,
און ס׳האָבן שוין נישט פרעמדע איצט, נאָר טאַטע=מאַמע
גענומען בעטן זיך ביי אים: — אַנטלויף! — האָט מירא,
ווי אַ פאַרכשופטע, נאָך אַלץ געגלויבט אין אים

און נישט געזען, וואָס ווילן זיי פון אים.
שוין האָט מען איינגעפּאַקט די לעצטע פורן,
שוין גייען באַלד אַוועק די לעצטע זעלנער,
אויב נישט מיט זיי, איז מער קיין וועג נישטאָ.
און ס׳קומט — נישט־טויט נישט לעבעדיק — דער שווער,
דער אייביק רויקער און שטילער, מירא זעט,
ווי ס׳ציטערן די הענט און ליפּן זיינע אין געבעט:
— אַ טויזנט הענט וועט אָנווייזן אויף דיר...
און קיין רחמנות איז נישטאָ... — נישט אין די רייד
אין קול זיינעם הערט מירא, ווי דער אַלטער ציט
אַ שווערד איבערן זון און גרויס ווערן
די אויגן אירע, מיטן גאַנצן כח צו באַנעמען
דעם מאַן אירן, וואָס רעדט: — איך קען נישט, טאַטע!
און ווידער רעדט דער אַלטער. וועגן מעל און תבואה,
וואָס וויקטאָר האָט פאַרנומען, וועגן זעלנער־וואַך,
וואָס האָט באַגלייט אים, וועגן פויערים און גויים,
וואָס וועלן קומען מסרן, און רעדט פון גאָט:
גאָט היט נישט דעם, וואָס היט זיך נישט אַליין! —
און רעדט פון גאָטס געדולד, און טרערן שטעלן זיך
דעם אַלטן... אָבער וויקטאָר שטייט, עס ציטערט אים
די ליפּ די אונטערשטע, און מיט אַ טויטער בלייכקייט
די זעלבע ווערטער חזרט ער: — איך קען נישט, טאַטע!
און ס׳גייט אַוועק דער אַלטער. קלאַפּן שוין
די לעצטע פורן אויפן ברוק, און מירא קוקט
און וואַרט מיט שטומע אויגן אויף אַ וואָרט פון מאַן,
און וואָס ער זאָגט, איז נישט באַרויגונג,
נאָר ווערטער הוילע: — זעסט, דער טאַטע שרעקט זיך,
נאָר כ׳קען פון דאַנען נישט אַוועקגיין, וועלן מיר
דאָ בלייבן, מירא... גאָרנישט אין די רייד,
וואָס זאָל די שרעק פאַרטרייבן, אויב ס׳איז דאָ
נאָר זי פאַרשטייט עס און עס בלייבט אַזוי...

2

אַ גאַנצע נאַכט האָט מיראַ זיך געוועקט
און יעדן מאָל געפילט, ווי וויקטאָר שפּירנדיק
די אויגן אָירע, מאַכט זיך ווידער שלאָפנדיק.
אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געהערט באַוועגונג
אין שטאָט, און ווען דער תּמוז׳דיקער טאָג
האָט זיך מיט ערשטער בלייכקייט דורכגעזיפּט
אין לאָדן, האָט שוין וויקטאָר נישט באַהאַלטן מער
זיין וואַכיגקייט און שטיל געזאָגט צום ווייב:
— דו שלאָפסט נישט, מיראַ... — ניין, איך שלאָף.
נאָר דו האָסט נאָך קיין אויג נישט צוגעטון.
ער ענטפערט נישט אויף דעם. — האָסט מורא?
האָט דיך דער טאַטע אָנגעשראָקן מיט די רייד?
— איך ווייס נישט — ציטערט זי — און דו?
— איך וויל, דו זאָלסט נישט מורא האָבן.
דאַרפסט גלויבן, מיראַ. וואָס עס זאָל נישט זיין,
עס וועט גוט זיין. גלויבסט אין מיר? — איך גלויב.
— איז גוט... ער שווייגט אַ ווייל, און קוקנדיק
צום בלייכן ליכט פון לאָדן, רעדט ער שטיל:
— עס גייט אויף מיר אַ גרויסער טאָג היינט.
עס דאַרף מיט מיר געשען עפּעס, וואָס וועט
מיין לעבן אויפקלערן. וואָס — ווייס איך נישט.
נאָר עפּעס וועט געשען. האָסטו פאַרשטאַנען
דעם טאַטנס רייד פון גאָט און זיין געדולד
— נישט אַלץ פאַרשטאַנען — זאָגט זי און זי ציט
אַ האַנט צום אַקסל זיינעם. — דאָס וועט אויך
היינט קלאָר ווערן. נאָר גלויבן דאַרפסטו
און וועסט פאַרשטיין דערנאָך. — איך גלויב —
האָט זי זיך ציטערדיקער, העפטיקער געצויגן.
מ׳איז איינגעשלאָפן שוין אין העלן טאָג
און זיך נישט אויפגעוועקט ביז ס׳האָט דער טאַטע

אין טיר זיי אָנגעקלאפּט.

— מען דאַרף דיך, וויקטאָר

דורך נאַכט איז מיליטער אין שטאָט אריין,
און אין דער פרי האָט מען געפונען אויסגעקלעפּט
אַ מעלדונג אין דעם לשון זייערן, אין פּוילישן,
וואָס כאָטש דער זין פון איר איז קלאָר געווען,
איז מען געקומען פון געוואוינשאַפט בעטן וויקטאָרן,
ער זאָל פאַרטייטשן עס. מען האָט נאָך אַלץ געגלויבט
אין אים, כאָטש אין די אויגן זייערע איז שוין געווען
די שרעק, אַז איצט איז גלייכער זיך צו האַלטן
פון אים פון ווייטן. איז ער אויפן גאַס ארויס
און פון אַ פאַרקאַן פאַרגלייענט דעם באַפעל
צו בלייבן טריי, צו שליסן טיר און פענצטער
מיט זון־פאַרגאַנג, אַרויסצוגעבן די פאַרשווערער —
געלייענט רויק, אָבער קומענדיק צום סוף
זיך פּלוצלינג אָפּגעהאַקט, און אויפן פּנים,
דעם אָנגעשטרענגטן, ווי ער וואָלט זיך וועלן
דערמאָנען עפּעס, האָט זיך בלייך און רויט געמיניעט,
און ער איז שטום געוואָרן. שטומע און צושראָקענע,
האָט מען אים אָנגעקוקט: — וואָס נאָך שטייט דאָרט?
— מער גאָרנישט. — און די גרויסע ווערטער אונטן?
— ס'איז גאָרנישט. בלויז דער נאָמען. בלויז דער נאָמען
פון קאָמענדאַנט. — איז ווי זשע איז דער נאָמען?
און וויקטאָר, שוין מיט אויגן ווידער קלאָרע
און אויפגעלויכטענע, האָט פאַרגעלייענט שטיל
ווי פאַר זיך בלויז: — פּולקאָווניק פּירשט
וולאַדיסלאַוו מירסקי־מיראָסלאַווסקי.

— נו, און איצט...

וואָס שטייען מיר? — האָט ער געפרעגט. אָט קומט
אין שטוב אַריין צו אונז, וועט מען זיך דורכריידן...
מען האָט זיך אָנגעקוקט, נאָר ס'איז אין קול זיינעם
געווען אַזאַ דערהויבענע און שטילע זיכערקייט,

אַז מ׳איז אים נאָנגעגאַנגען אין דערוואַרטונג
פון עפּעס, וואָס נאָר ער אַליין קען וויסן.
אין טיר האָט מיראַ אים באַגעגנט, און איר אויך
האָט פון זיין פּנים אויפגעלויכטן עפּעס גוטס,
איז מען אַריין אין שטוב, געזעצט זיך שמועסן
און ס׳איז געוואָרן קלאָר, אַז וואָס עס בלייבט —
איז גיין צום קאָמענדאַנט מיט ברויט און זאַלץ.
איז ווער זאָל גיין? האָט וויקטאָר זיך אַ הויב געטון —
ער גייט... אַזוי? און דאָס איז גאָר די ביינעס,
וואָס ער האָט זיי צו זאָגן? האָט מען זיך פאַרדעכטיק
גענומען איבערקוקן, אָבער וויקטאָר איז געשטאַנען
און ציטערדיק, נאָר מיט אַ שמייכל, זיך געהאַלטן
ביי זיינס: — איך וועל דאָך אייך קיין רעה נישט טון.
און אַז איך זאָג — איך גיי — מסתמא ווייס איך.
האָט מען אים, מיט די פינגער טייטלענדיק, געלערנט:
— היות דאָס מיליטער איז אָנגעקומען אומגעריכט
און מ׳האָט זיי נישט געקענט אַרויס אַנטקעגן,
באַגריסט מען איצט דעם קאָמענדאַנט מיט ברויט
און זאַלץ און מען פאַרזיכערט, אַז זיין קומען
איז אַ ישועה פאַר דער שטאָט — אַזוי זאָל ער
אים זאָגן, דאָס אַליין און מער קיין וואָרט נישט.
און ער האָט אויסגעהערט און צוגעזאָגט.

עס האָט אַ שעה געדויערט ביז דער אַדיוטאַנט
האָט זיי די טיר געעפנט אין דער גרויסער עס־שטוב
צו וואָווע האָלצהענדלער, וואָס האָט פון לאַנג
זיין הויז געמוזט אָפּגעבן די קאָמענדאַנטן,
און מ׳האָט דערזען: ביים גרויסן טיש אין מיטן
געבויגן איבער אָנגעוואָרפענע פּאַפּירן, בלאָנד
און מ׳איז אַ שרונט פאַרקעמט — אַ קאָפּ, און שטום,
ווי קיינער זאָל נישט זיין אין צימער, אַ מינוט
און דריי, און ס׳רירט זיך נישט דער קאָפּ.

און אין דער טיר אַ מנין ייִדן רירט זיך נישט,
און פֿאַר זיי וויקטאָר. נישט קיין אָטעם,
קיין ציטער נישט. ווי לאַנג נאָך וועט דער מענטש
זיך האַלטן אָט אַזוי און נאָך אַ שטונדע וואַרטעניש
אין פּאָדער־צימער ווידער שפּילן דעם נישט־זעענדיקן!
פֿילט וויקטאָר, ווי עס ציען אים די קני — אָט באַלד —
און ער וועט מער נישט קענען איינשטיין.
אַ שפּרייז צום טיש, און אין פֿאַרציטערונג פֿון אַלע,
אַליין אַ צאַפּלדיקער, רופֿט ער: — פּאַניע פּולקאָווניקו!
דער קאָפּ, ווי אַ צושראָקענער, שפּרינגט אויף,
אַ העלער פּנים, הויכער שטערן און צוויי אויגן,
צוויי גראָע אויגן שיסן בייזקייט אויפֿן רעדנער —
און פּלוצלינג — אַ צומישטקייט אין די אויגן,
דער קאָפּ פֿאַרריסן, אַקסלען ציען זיך, די פֿויסטן
אויף די פֿאָרענטשעס אָנגעשפּאַרט פֿון שטול — — —
אַ רגע האַקט זיך וויקטאָר אָפּ, ווי ס'וואָלט דער קול
אין האַלז אים איינגעפֿראָרן, אָבער צווינגט זיך
און הויבט אָן ווידער אויסציילן די ווערטער
און נישט אַראָפּנעמען דאָס אויג פֿון יענעם. יענער קוקט
און קען נישט איינרוען. דאָס מויל צועפּנט
מיט ווייסע ציין ווי ביי אַ פֿרוי, שוין איז ער
האַלב־אויפֿגעשטאַנען — דאַכט זיך — ער וועט באַלד
אַ זאָג טון עפּעס. אָבער וויקטאָר ענדיקט, גייט צוריק
אויף הינטערווײַלעכס, און די נישט־געזאָגטע ווערטער,
ווי פֿון אַ אָפּגענאַרטן, בלייבן אין דער לופֿט
און הענגען שרעקעדיק איבער די קעפּ. און ווידער,
שוין שטייענדיק מיט אַלעמען, זאָגט וויקטאָר:
— דערלויבט איר אונז אַרויסגיין צו דער שטאָט
און אָנזאָגן, אַז אייער פֿירשטלעך גנאָד
האָט אונזער ברויט און זאַלץ באַוויליקט אָנצונעמען
און אייער שוץ איז איבער לעבן און פֿאַרמעגן?
אין שטול צוריק אַרײַנגעזעצט, שווייגט אַלץ

דער קאָמענדאַנט, נאָר אַלע זעען, ווי עס גייט
אים אויף און אָפּ די ברוסט, ווי אויגן קוקן בײז
און ווי ער צווינגט זיך אויסצופורימען אַ שמייכל,
אַ גאַליקן און קרומען, וויקטאָרן אין פּנים.
ס׳געלינגט אים, און זיין קול דערהערט זיך קלאָר
און שפּאָטיש: — זיכער קענט איהר אָנזאָגן דער שטאָט
פון אונזער פירשטלעך גנאָד. נאָר נישט פאַרגעסט
אויך אָנזאָגן, אַז אונזער גנאָד איז נישט פאַר די,
וואָס האָבן נעכ ן ערשט פאַררעטן אונז, און גלייכער
וועט זיין, איר זאָלט אַליין אַרויסגעבן די פיינט
פון אונזער פאָטערלאַנד... געזאָגט, און שטייף
דאָס פּנים אָנגעצויגן. וויקטאָר ענטפערט שטיל:
— מיר קענען נישט אַזעלכע. — איז דערלויבט
נישט אָנצונעמען אייער וואָרט? דאָס רעדט ער שוין
דירעקט צו וויקטאָרן און פרעגט: — זענט איר
דער פירער דאָ? — נישט פירער, פירשט. בלויז צופעליס
דער פּויליש-קענער, ר״ד פאַר אַלעמען די רייד
וואָס אַלע ווילן זאָגן. — לאַכט דער קאָמענדאַנט.
און לאַכט שוין אויפן קול: — בלויז פּויליש-קענער,
און ווייטער גאָרנישט? און ער שיסט מיט חוזק,
און וויקטאָר שטייט, שוין האַרט און איינגעפראָרן,
און קוקט דעם לאַכנדיקן אָן. האַקט אָפּ דער קאָמענדאַנט
דאָס לאַכן, הויבט זיך אויף און רופט: — פּאָרוטשניק,
פֿ רשרייבט די נעמען זייערע. — דער אַדיוטאַנט קומט צו.
און מיטן קלאַנג פון ערשטן נאָמען: וויקטאָר בעקער —
זיך אָפּגעקערט און איז אַרויס פון צימער.

קיין אויסרייד נישט, קיין טענה נישט צו אים,
ווען מ׳איז אַרויס אין דרויסן. אָנגעקוקט זיך
פאַריאושטע. און מיטן בליק זיך אָפּגעצאַמט
פון אים. ווי אים געלאָזן אויף אַ יענער זייט,
און מ׳איז אַוועק. דער טאַטע בלויז און ער —

זיי ביידע אויפן וועג אַ היים אַליין.
אַליין. און אויפן מיטן וועג דער טאַטע פרעגט:
וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען? — כ'ווייס נישט.
— ווער איז דער מענטש? — איך ווייס נישט, טאַטע.
— ער האָט דאָך נישט צו אַלעמען, צו דיר גערעדט.
— צו מיר גערעדט. איך האָב אַליין פאַרשפּילט,
איר אַלע — גאָרנישט. — כ'האָב געוויינט פאַר דיר...
— מיר גייען, טאַטע, נאָך אַ היים דערווייל...
אַ היים. און ביידע אויפן וועג אַ היים. אַליין.

3

זי שוין פאַרזיגלט איז דער אורטייל, ווי אַ שלאָס
האַלט שוין געהאָנגען אויף דער טיר ביי וויקטאָרן,
נאָר קיינער קומט נישט צושליסן דעם שלאָס,
און פריי די טיר, ווי עמיצער וואָלט מיט אַ כיון
דעם שלאָס נישט וועלן צושליסן, ווי מיט די שעהן
פון טאָג, וואָס רוקן זיך, וואָלט עמיצער אַ מענטש
די אויגן אויסגעקוקט אויף אַ געפאַנגענעם,
אַ לעבעדיקן אָדער בעסער גאָר אַ טויטן אין די הענט
פון זעלנער. ניין, מסתמא וואַרט נישט קיינער.
עס הענגט דער שלאָס און נישט פאַרמאַכט, ווייל זיכער
איז דער, וואָס האַלט דעם אורטייל און האָט צייט,
און שעהן רוקן זיך און קיינער קומט נישט
דעם שליסל איבערדרייען — דער, וואָס האַלט
דעם אורטייל, איילט זיך נישט. ער ווייס,
אַז דער געפאַנגענער וועט נישט אַנטלויפן ערגעץ,
און וואָס פאַרז׳גלט איז פאַרזיגלט — האָט ער צייט,
און קיינער איילט זיך נישט דעם שלאָס פאַרשליסן.

מ׳האָט אָפּגעגעסן וועטשערע, און ס׳איז דער תמוז-טאָג
נאָך אַלץ געשטאַנען מיט אַ רויטער זון אין מערב,
און ס׳איז געווען אַ מין פאַרזיכערונג אין איר,
אַז כל-זמן זי איז דאָ האָט גאָר דאָס שלעכטס
קיין שליטה נישט, און אַ פאַרלאַנג, זי זאָל זיך אָפּשיידן—
וועט אפשר לייכטער זיין אַרויסצורעדן דאָס,
וואָס האָט זיך איינגעשרומפּן אינם ליכט פין טאָג.
פאַרגאַנגען שוין די זון, און ס׳וויל דער טאָג
נאָך אַלץ נישט אָפּטרעטן ביז פון דער גאַס אַ זעלנער
שרייט אויס: — פאַרמאַכן טיר און לאָדן! צוגעמאַכט,
און ס׳ברענט דאָס רויכערדיקע לעמפּל, און עס שטיקט
אדער אָוונט, ון ערשט איצט באַהאַלטן זיך די רייד,

ווי אויסגעשעפט פון תמוז־טאָג. די יונגע שאַרן זיך
צו זיך אין צימער, מירא גייט צום קינד, און וויקטאָר
ביים פענצטער, וואָס איז אָפן אינווייניק, זעצט זיך
ווי ער וואָלט דאַרפן ציען אָטעם פון די שפּאַרעס
אין צוגעמאַכטע לאָדנס. קיינער קומט נישט
און קיינעם הערט מען נישט. ווער ס׳האָלט דעם אורטייל
האָט צייט און איילט זיך נישט. בלויז טאַטע־מאַמע
כסדר טאָפּטשען זיך אַרום אין עס־צימער ווי אין אַ שטייג:
וואָס קענען זיי נישט איינזיצן, וואָס הויבט זיי?

אַהאַ! געקומען ענדלעך! וויקטאָר הערט דעם קלונג
ביים טיר אין דרויסן, הערט דעם טאַטנס טריט
און רירט זיך נישט — עס וועט שוין קומען!
אַ פּראַל די טיר צו אים, אַ כוואַליע ליכט פון לאָמפּ,
דעם טאַטנס קול: — מען פרעגט זיך אויף דיר דאָ —
און איינגעהאַלטן. טריט ביי טריט גייט וויקטאָר:
ווער ס׳האָט געוואַרט, וועט וואַרטן נאָך אַ ווייל.

ביים טיש אין עס־צימער אַ וואַרטנדיקער שטייט
דער קאָמענדאַנט, אַ שמייכל אויפן פּנים און ער זאָגט:
— גוטן אָוונט, וויקטאָר!

בעקער

אַ גוטן אָוונט, פּירשט!

מירסקי

געוווּסט, אַז איך וועל קומען?

בעקער

ניין, דאָס נישט.
געוווּסט, מיר וועלן זיך באַגעגענען. נאָר ווער
ס׳וועט גיין צו וועמען — נישט אַזוי פאַרויסגעזען.

מירסקי

איז בין איך דאָ ביי דיר.

בעקער

איר זענט געקומען, פירשט.

מירסקי

אין אָט שטײ איך בײ דײן טיר און װער געאירצט
און װער געטיטלט און קײן האַנט מיר נישט דערלאַנגט
און נישט געבעטן זיצן און צו טאַטע־מאַמע נישט געזאָגט:
דאָס איז אַ חבר מײנער! האָב געמאַכט אַ טעות, הײסט עס,
און דאַרף זיך אָפּטראָגן צוריק?

בעקער

אַנטשולדיקט, פירשט!
איך האָב דערזען דעם קאָמענדאַנט און נישט געװוּסט
צי דאַרף איך אַ באַקאַנטן פון אַמאָל דערקענען.

מירסקי

ביסט דאָ שוין דרײ יאָר צײט אין קריג און אומרו
און נאָך נישט אויסגעפונען, אַז דער קאָמענדאַנט
פון אײן מאַכט װעט נישט גײן װיזיטן אָפּשטאַטן
צום קאָמיסאַר פון דער געװעזענער? דאָס קען
אַ חבר צו אַ חבר קומען.

בעקער

ביסט גערעכט, װלאַדיסלאַװ!
און דאָ האָסטו אַ האַנט און דאָ אַ שטול צום זיצן
און דאָס זענען די טאַטע־מאַמע מײנע. (גײט מען צ
מען דריקט זיך הענט, און בעקער זעט װי העלער
עס װערן טאַטע־מאַמעס פּנימער און האַלט
די האַנט פון גאַסט און העלפט אים זעצן זיך,
און יעדן מאָל, װען ער דערפילט אַ בליק פון זײ,
צושטראַלט ער. װײסטו, מאַמע גאָר? כ׳װעל אָנצינדן
דעם גרויסן לאָמפּ און שטעל דעם סאַמאָװאַר —
דו װעסט דאָך טרינקען טײ מיט אונז, נישט אמת? —
און זאָל דער מידער קריגסמאַן נאָך די טעג אין פעלד

ביסט לאַנג שוין פון דער היים? — זיך פילן היימיש
אין חברס הויז.
עס לאָמפּ געצונדן, ליכטיק)
מירסקי
און דאָך באַהאַלטסטו פון מיר עפּעס.
בעקער
איך?
מירסקי
ווי אַלע אייפּערזיכטיקע און יונגע מענער
בעקער
(לאַכט
און גייט אין צווייטן צימער, ברענגענדיק די פּרוי
ביים האַנט) דאָס איז דער פּירשט! אין דרויסן—קאָמענדאַנט
פון שטאָט, און דאָ ביי אונז אַן אַלטער חבר מיינער
מירסקי
(מיט אַ פּאַרנויג אַ מיליטערישן איר האַנט געקושט,
און רעדט צו איר אויף ענגליש. ער פּאַרענטפערט זיך
פּאַר שלעכטע צייטן, פּאַרן אומרו, זאָגט איר צו
מער פריילעכקייט אין צייטן בעסערע) הערסט, וויקטאָר!
איר מוזט אַרויסקומען צו אונז קיין וואַרשע.
בעקער
געוויס! אָט באַלד וועט מען זיך אויסקלייבן אַהיים
און אויפן וועג זיך אָפּשטעלן!
מירסקי
(מיט אַ צובייזערט פּנים)
עס רעדט זיך: אָפּשטעלן! אָט זאָל זיך נאָר מיין ווייב
דערוויסן, אַז זי קריגט דעם אמתן באַרימטן וויקטאָר,
וועט זי דיר ווייזן, וואָס עס מיינט — זיך אָפּשטעלן!
בעקער
(האַלט אַן דאָס לאַכן) גו, טאָ זייַ דערוויי!

(מען רעדט,
און ס'פלאָנטערט זיך דער שמועס לייכט און גליטשיק,
נאָר בעקער נעמט די אויגן נישט אראָפּ פון גאַסט,
שפּירט נאָך זיין יעדן וואָרט, און יענער אויך אַזוי
עס דאַכט זיך — ביידע שפּילן זיי אַ שפּיל אַזאַ
מיט ווערטער גאָרנישט-זאָגנדיקע. ביז די מוטער קומט,
און מירא העלפט איר מיטן סאַמאָוואַר. מען טרינקט
אין שטילקייט, וואַרטנדיק אויף נייע רייד)

מירסקי

(צולאַכט זיך ווי דערמאָנט אָן עפּעס פּלוצלינג)
כ'האָב זיך דערמאָנט, וואָס פאַר אַ מאָדנעם פּנים
האָסט אָנגעשטעלט אויף מיר היינט פרי. נו, זאָג —
איז דאָס נישט אַ געלעכטער. קומט אראָפּ
דער שיינער יוסף און באַשליסט — ער לאָזט זיך נישט
דערקענען צו זיין ברודער. הער אָן איינפאַל!

בעקער

דאָס מיינסטו זיך?

מירסקי

ניין, דיך מיין איך.

בעקער

האָסט געבראַכט אַ שלעכטן משל. ווייל דער שיינער פירשט
ביסטו אַליין און איך בין בלויז יהודה, דער
וואָס גייט פאַר זיינע ברידער בעטן.

מירסקי

גאָר אַזוי?

יהודה אַ געבויגענער און שפּריצט מיט גאווה!
(צום פאָטער) שטייט עס דאָרטן, אַז יהודה, יענער,
האָט זיך פאַר יוספן געשטעלט מיט אַזאַ חאָפּערדיקייט,
אַז ס'איז דער פירשט, דער מיצרישער, אַנטלאָפן וויינען,
פון שטומען כעס און נישט פון ווייטאָג?
(דער פאַטער, אַ צוטומלטער: —פון צער האָט ער געוויינט.)

בעקער

(די אויגן אויפן גאַסט) לאָז אָפּ דעם משל, מירסקי!
דו זעסט דאָך, ס'אַרא טעותן דו מאַכסט.

מירסקי

וואָס ווילסטו?
פאַרשעמען מיך דאָ פאַרן פאָטער? װעל איך דיר
באַווייזן, אַז דער משל טויג! האָט נישט יהודה
פאַרקויפט דעם ברודער קיין מצרים? און האָט דער יהודה
דאָס זעלבע נישט געטון מיט מיר? (צום פאָטער ריידנדיק)
עס איז געװען אַ צייט אַמאָל, ווען ער און איך —
מיר ביידע זענען גלייך געוועזן, ווי יענע ברידער
און איך וואָלט איצט אַליין געוועזן אַ קאָמיסאַר
ביי זיך אין שטאָט, צי אפשר ערגעץ אַנדערש גאָר,
און ס'וואָלט אַ קאָמענדאַנט געקומען — — ניין, נישט דאָס.
איז דאָס יהודהן—װיקטאָרן נישט אָנגעשטאַנען,
האָט ער פאַרטשאַדעט מיך, פאַרקויפט צו פּריצים,
איך זאָל אַליין אַ פריץ ווערן. אָבער מיט די קי
האָט עס פּאַסירט פאַרקערט: ביי מיר האָבן די זאַטע
די הונגעריקע אויפגעפרעסן. נו, ר' וויקטאָר,
װאָס זאָגסטו צו דעם משל איצט?

בעקער

(ווי איינגעצויגן)
גערעכט. דער משל שטימט מיט אַלע פּיטשעווקעס.

מירסקי

אַזוי גאָר? האָט ער נישט דערציילט קיין וואָרט פון מיר?
(ווי פון אַ כּעס געצונדן, זיך אַליין נישט הערנדיק)
און וואָס האָט דיך, צום טײַוול, דאָ געשלעפּט אַהער
אַזש פון אַמעריקע? ווער האָט דיך דאָ געדאַרפט?

בעקער

(פּרוּווט אַלץ נאָך אָנהאַלטן אַ שמייכל) זעסט דאָך —
מען דאַרף מיך דאָ. אַז נישט — ווו וואָלט אַצינד

אַ מידער קריגסמאַן קענען אָפּרוען ביים גלעזל טיי?

מ י ר ס ק י

איך וואָלט שוין אויסגעקומען אָן דיר.

ב ע ק ע ר

זענען דאָ

מסתּמא אַנדערע, וואָס דאַרפן מיך. און אויב נישט קיינער

דאַרף איך אַליין דאָ זיין.

מ י ר ס ק י

מיט אַ געזונטן קאָפּ

אין קראַנקן בעט?

ב ע ק ע ר

(שוין איינגעזען, אַז ס'וועט

דער שמייכל מער נישט העלפן, שאַרף און פּלוצלינג)

און דו — ווער האָט נאָך דיר געשיקט אַהער

אין קראַנקן בעט?

מ י ר ס ק י

מ'האָט מיך געהייסן גיין אַהער,

בין איך געגאַנגען. ווי דערהערט די נאַקעטקייט

פון די געזאָגטע ווערטער, כאַפּט זיך אויף און קוקט)

ב ע ק ע ר

און מיך האָט קיינער נישט געהייסן גיין. איך בין

אַליין געקומען און אַליין פאַרבליבן.

מ י ר ס ק י

כ'ווייס —

ווי עפּעס ברעכט זיך — זענט איר דאָ.

ב ע ק ע ר

מיר זענען.

(געזאָגט עס הארט, נאָר גלייך באַמערקט די שאָטנס

אויף פנימער פון טאַטע-מאַמע און צוריקגעכאַפּט

שוין ווייכער, אונטערטעניקער) דו שפּאַסט דאָך הלויז,

נישט אמת? אָט וועל איך דיר זאָגן. פון דער ווייט
האָט מיך פאַרגאַרט אָהער דער נייער מאָרגענשטערן,
ווי די פּאָעטן זאָגן. אָבער ווען די גאָרע פינצטערניש —
ווי ס׳וואָלטן ווידער די פּאָעטן זאָגן — האָט דעם מאָרגן
דעם וועג פאַרשטעלט, האָב איך זיך אומגעקוקט,
אַז מיין געזונטער קאָפּ איז נויטיק אויפצוהאַלטן
אַביסל לעבן און אַ ווינקל היים אין חורבן, וואָס אַרום.
און דאָס איז אַלץ.

מירסקי

און גאָרנישט מער?

בעקער

(אין זעלבן טאָן,
אַלץ ווייכער) אַז דעם מאָרגנשטערן זאָל זיך גלוסטן
אַרויסקומען, מוז זיין דאָך ווו אַ שוועל, אויף וועלכער
ער זאָל אַ שיין טון, און אַ שויב זיך אָפּצושלאָגן.
אַז נישט — וועט ער נישט וועלן קומען גאָר.

מירסקי

אַזוי?
און ווי געוויינלעך דאַרף די שוועל זיין דיינע.

בעקער

פאַרוואָס נישט מיינע?

מירסקי

(ענטפערט נישט) ביסטו געשטאַנען
און פאָכנדיק מיט ווייסע פענדלעך פאַרן שוועל
געוואַרט ביז ס׳וועט די קריגערישע וועלט צונויפקומען
דעם שטראַל פון מאָרגענשטערן אויף איר זוכן? איז זי
געקומען שוין, די וועלט?

בעקער

דאָס דאַרפסטו בעסער וויסן.

מירסקי

ווייל כ׳ווייס דעם קאָדעקס פון מלחמה, ווייסע פאָנען

און מאָרגנשטערן-לידער זענען זיס נאָר צווישן זיך,
און ווען אַ זייטיקער נעמט פּאָכן מיט די פּענדלעך
און שפּילן די מוזיק — איז גלייכער שוין באַצייטנס
אַ קדיש אויסצוזינגען. „קדיש" הייסט עס, יאָ?

ב ע ק ע ר

(שטיל) יאָ, קדיש הייסט עס. ניין, האָסט נישט געטראָפן.
אויב כ'האָב אַ פּאָן, אַ ווייסע צי אַן אַנדערע,
האָב איך זי דאָ, אין בוזים-קעשענע, באַהאַלטן
פאַר זיך אַליין. מיט דיר בין איך שוין לאַנג
פאַרזאָרגט. און איך אַליין באַהאַלט זיך אויך.
אין קעלער, אויב דו ווילסט, נישט ריטערלעך,
נישט לופטיק אויך, נאָר פאַרן ביסל לעבן זיכערער
דער קונץ איז איבערלעבן. אפשר וועט מען שפּעטער
אויך קענען פון דער בוזים-קעשענע אַרויסציִען
די פּאָן, די ווייסע צי די אַנדערע.

מ י ר ס ק י

איז הער איך דאָך
דאָס אַלטע ליד: דערלייזן זיך, דורך זין די וועלט.
דער אַלטער גלגול רעדט.

ב ע ק ע ר

דער אַלטער גלגול רעדט:
דערלייזן זיך, דורך זיך די וועלט — נישט גוט?

מ י ר ס ק י

איך ווייס נישט — אפשר גוט. (ער קוקט זיך אום)
ס'איז דושנע דאָ, נישט אמת? ווייסטו וואָס?
אָט לאָמיר זיך אַרויסלאָזן שפּאַצירן אויפן שטעטל.
עס ווילט זיך פלוידערן מיט דיר. וועסט גיין?
(די בליקן פון ארום באַמערקנדיק) איר וועט אים
דאָך אָנטרויען אויף מיר. איך וועל אים צושטעלן
צוריק. איז גוט?

(דער פּאָטער מורמלט וועגן צוטרוי
צום קאָמענדאַנט, די מוטער צאַפּלט: — קום נישט שפּעט!)
בעקער
איך גיי דאָך מיטן פירשט. דו דאַרפסט נישט וואַרטן,
גיי, מירא, לייג זיך צו דערווייל. אַ גוטע נאַכט!

4

אין דרויסן וואַרטן צוויי סאָלדאַטן. בעקער קוקט,
דער קאָמענדאַנט קערט אָפּ דעם קאָפּ. מען גייט,
און די סאָלדאַטן הינטן אויף אַ צענדליק טריט,
עס גייט אויך נאָך אַ יונגע לבנה און באַלייכט
אַ זייט פון גאַס מיט טראָטואַרן אויפגעריסענע
און אויסגעגראָבענע. פון הינטער לאָדנס ווי
שלאָגט דורך אַ שיין, נאָר אַנדערע זענען פאַרהאַקט
און ס'יאָגט מיט חורבה פון דער פינצטערניש.
עס קלאַפּן נאָר די טריט פוןביידע גייער און די טריט
פון די סאָלדאַטן הינטער זיי. זאָגט בעקער:
— אַ שיינע נאַכט, נישט אמת?

מירסקי

יאָ ס'איז שיין.

בעקער

אַ נאַכט ווי צוגעגרייט פאַר אַ שפּאַציר אַזאַ.
עס כאַפּט מיך אַזש אַ קנאה אָן צו דיר.

מירסקי

צו מיר?

בעקער

דו זעסט דאָך — מאַכט קען אַלץ. האָסט נאָר געדאַרפט
באַשליסן, אַז דו ווילסט שפּאַצירן גיין מיט מיר
אַליין ביינאַכט — און גלייך איז טיר און לאָדן
פאַרמאַכט, און שטיל און אַ לבנה שיינט. און טאָמער
ביסטו נאָך אַלץ נישט רויק — הייסטו מיטשיקן
אַ פּאָר סאָלדאַטן — און די שטילקייט איז געזיכערט
האָסטו געהערט די מעשה ווי דער קיסר שלאָפט?

מירסקי

כ'האָב נישט געהערט. (ער זאָגט עס, מיטן קאָפּ
נאָך אַלץ אַוועקגעקערט, נאָר אין דעם קול זיינעם

אַזוי פיל אומבאַהאָלפנקייט, אַז בעקער רעדט נישט מער.
מען גייט. מען שווייגט. ביז מירסקי פרעגט)
דו קענסט נישט צו מיר אַנדערש רעדן?

ב ע ק ע ר

צו וואָס? האָסט מיט אַן אמת דען געמיינט מיט מיר
צו שמועסן?

מ י ר ק י

וואָס דען האָט מיך געבראַכט צו דיר?

ב ע ק ע ר

דו מיינסט עס? נאָך אַ גאַנצן טאָג פון וואַרטן,
ווען ס'ליגט נישט מער אין דיינע הענט, ביסט
געקומען שמועסן מיט מיר?

מ י ר ס ק י

וואָלט אַנדערש זיין
ווען איך זאָל קומען פריער?

ב ע ק ע ר

ביסטו אויך גערעכט.
וואָס איז דער חילוק שוין — אַ שטונדע פריער,
א שטונ־ע שפּעטער — דיינע הענט זענען סיי ווי
נישט דיינע

מ י ר ס ק י

ביסט עס זיכער?

ב ע ק ע ר

דו דען נישט?
איך וויל זיך נישט גענאַרן, מירסקי, אפשר
באַהאַלטסטו חו געדאַנקען, וואָס איך ווייס נישט.
נאָר איך ווייס אויך עפּעס. און נישט דיין קומען
אין הויז אַפילו וועט מיך אָפּנאַרן.

מירסקי

ביסטו שוין פאַרטיק?

בעקער

צי זאָל איך גלויבן, אז עס וועט דיך אָפּהאַלטן
דאָס וואָרט פון שליאַכטשיץ מיך אַ היים צו ברענגען?

מירסקי

איך בעט דיר, וויקטאָר, לאָז עס אָפּ! מען דאַרף נישט.

בעקער

וואָס דען האָסטו דערוואַרט פון מיר, מיך פירנדיק?

מירסקי

איך פיר דיך נישט.

בעקער

איך ווייס. דו ווערסט אַליין געפיר
פון די, וואָס הינטער אונז, און פירסט מיך נאָך.
דאָס איז די קונץ פון מאַכט.

מירסקי

און דיין נקמה?

בעקער

אָט גייט דער כהן, פירט זיין קרבן, און עס פראַוועט
דער בייזער קרבן גאָר נקמה אויפן כהן. האָט אַליין
דעם חלף אָנגעשאַרפט, אַליין אין האַנט אריין דערלאַנגט,
און איצט, ווען ס׳ציטערן די ווייסע הענט ביים כהן,
מאַכט ער זיך לוסטיק איבער אים. איז ווייס איך דאָך.
האָסט דאָך דעם טאַטן מיינעם שוין דערקלערט:
איך בין דער שולדיקער אין דיין פאַרפעלונג,
איך דאַרף באַצאָלן פאַר מיין שולד, און דו ביסט בלויז
אַ ווערקצייג אין די הענט פון בלינדן פאַטום,
וואָס כ׳האָב אַליין אויף זיך גערופן. גוט! נו, גוט!
ביסט שוין פאַרענטפערט. וואָס זשע ווילסטו נאָך?

מירסקי

אַזוי? דו ווייסט שוין אַלץ? און גייסט אַ פּאַרטיקער
און טאָמער וויל איך זיך נישט אָנדינגען
פאַר אַ פּאָדריאַטשיק ביי די משה און די יאַנקלס
אויף צוצושטעלן זיי אַ נייעם הייליקן און מאַך
אַ קונץ, באַנוץ מיך מיט אַ תירוץ, לאָמיר זאָגן,
אַז ביסט אַ פרעמדער בירגער, כאָטש איך ווייס —
דו ביסט עס נישט און לאָז נישט דעם געריכט
דיך משפּטן און דרייסט זיך אויס צו להכעיס דיר.
דו וועסט דאָך בלייבן ווי אַ נאַר.

בעקער

אַ דאַנק דיר!
איז דאָס — דאָס איינציקע, וואָס דו האָסט צוגעטראַכט
אַ גאַנצן לאַנגן טאָג? דו מוזט דאָך האָבן נאָך
אַזעלכע איינפאַלן, און ס׳איז באמת גוט פון דיר.
די צרה איז מיט מיר אָבער — איך גלויב דיר נישט.
קען זיין — דו האָסט אַמאָל פון שווינדזיכטיקן קלויזניק
זיך אָנגעשטעקט מיט נאָך אַ קרענק — די פרעמדע שרעק
פאַר קין־צייכנס! אָבער דאָס, וואָס בינדט
די הענט דיינע איז שטאַרקער פון די אָנגעווייטע קרענק.

מירסקי

און ווי, אַז איך וועל צונעמען ביי דיר אויך דאָס —
דעם מאָנאָפּאָל אויף הייליקייט? און טאָמער
איז גאָר מיין זיידע אין פאַרשיקונג צי מיין ברודער
אויף קאַטאָרגע נישט ווייניקער פון אַלע דייניקע
מאַרטירער, הייליקער?

בעקער

(בלייבט שטיין און קוקט
אַרונטער צו דער ערד) ווי נאַריש! גיי איך דאָ
מיט דיר און ווייס, אַז מיינע פיס באַטרעטן
צום לעצטן מאָל די שטיינער פון דער גאַס,

און ווען איך זאָל נישט וויסן קיין ווייל, אַז דו
ווי איך ביסט אומבאַהאָלפן, וואָלט איך דאָך געדאַרפט
ווי יעדער ייד דיר פאַלן צו די פיס און בעטן
רחמנות אויף מיין הויז-געזינד און ס'וואָלט געווען
מיר לייכטער פון דעם וויסן, אַז איך האָב געטון
אויך דאָס, דאָס לעצטע. ווייס איך, קען איך נישט.
און דו — דו גייסט און דיסקוטירסט מיט מיר
דעם יחוס פון מאַרטירערשאַפט. פאַרשטיי:
דיין זיידע, דו — איר פירט מלחמה. איך מיין שווערד
און פאַנצער, אויב געהאַט ווען, האָב פון לאַנג
פאַרוואָרפן אויפן בוידעם. איך — פיר — גאָרנישט.
האָב נאָר געוואָלט אַ הויז, אַ היימיש ווינקל
פאַר זיך געפינען. נו, האָב איך פאַרשפילט.
צו וואָס ביסטו געקומען מיט אַ פאַלשער האָפנונג?
דו נאַרסט נישט מיך, נישט זיך. צו וואָס?

מ י ר ס ק י

איך בין געקומען זוכן הילף ביי דיר.

ב ע ק ע ר

ביי מיר?

מ י ר ס ק י

יאָ, איך ביי דיר.

ב ע ק ע ר

מיט וואָס קען איך דיר העלפן?

מ י ר ס ק י

האָסט רייד אַזעלכע. האָסט דאָך מיר אַליין געזאָגט:
איך האָב זיך אָנגעשטעקט מיט מורא פאַרן קין-צייכן
פון אים, פון דיר. האָסט דאָך געקענט אַמאָל
אַזוי באַזעצן זיך אין מיר, אַז איך זאָל איצט
דיין קול דערהערנדיק, אַ ציטער טון. קען ווייטער
באַזעץ דיך מיט דער קרענק אין מיר! יאָג אָן

א האַס צו דעם, וואָס בינדט מיך, איך זאָל קענען
אי דיך אי זיך באַפרייען.

בעקער

(נעמט דעם חבר אָן
ביים האַנט) וולאַדיסלאַוו, ס׳איז אַ שפּיל,
דו הערסט? נישט דו — דו דאַרפסט עס נישט.
און לאָז מיך גיין מיין וועג. איך דאַרף אַזוי.

מירסקי

זאָל זיין — אָט בין איך וואָס דו זאָגסט.
וועסט דאָך נישט גיין אַהיים אַצינד. סיי ווי
וועסטו מיט ווייב און קינד נישט נעכטיקן —
זיי וועלן דיך פאַרנעמען פריער. און אָט בעט איך דיך:
אָנשטאָט דער נאַכט געפאַנגען — זיי מיט מיר.
איז מיר נישט געבליבן דען ביי דיר אַ אָנדענק
פון יענע טעג און נעכט, וואָס האָבן אונז פאַרקניפּט?
איז לאָז מיר וויניקסטנס מיט דיר די שעהן ציילן.

בעקער

איך וועל דיר גאָרנישט זאָגן.

מירסקי

וועסט זיצן, שווייגן
און זיין מיט מיר.

בעקער

יענסט טון ווי דו פאַרשטייסט.

5

מען איז אַרײַן צוריק אין זעלבן הויז, אין עס-צימער.
נאָר איצטער האָבן זיך געזעסן אויף שטולן, אַ קאַנאַפּע
און ווענט אָן בילדער. בעקער בײַ דער שוועל
האָט שטיל אַ לאַך געטון.
מירסקי
כ'בין נישט דער ערשטער
דאָס הויז בײַם יידן צו פֿאַרנעמען. דײַנע האָבן עס
געטון נאָך פֿריער.
בעקער
ניין, איך מיין נישט דאָס.
מירסקי
װעסט זיצן? (זעצט מען זיך) װעסט טרינקען?
(דער דינער ברענגט אַ פֿלאַש מיט גלעזער)
װעסט רויכערן? (פֿאַררויכערט מען) װעסט אפֿשר
זיך איבערזעצן דאָ אַהער מיט מיר? (ער גייט
צו דער קאַנאַפּע, זעצט זיך, בעקער גראָבט זיך אײַן
אין צווייטן ווינקל, מיט די פֿיס אַרונטער,
דעם קאָפּ אַװעקגעדרייט פֿון דעם, וואָס רעדט)
איצט קענסטו שווײַגן. אָבער הערן װעסטו?
בעקער
אַז איכל קענען.
מירסקי
דאַרפֿסט נישט הערן אַלץ.
אָט וויפֿיל דו װעסט קענען. גוט? (ער שווײַגט
און גרייט זיך) איך וועל רעדן וועגן זיך.
קען זײַן, איך בין דערפֿאַר צו דיר געקומען הײַנט,
אַז איך זאָל ווידער קענען ציען אַ סך-הכּל
פֿון לעבן מײַנעם — אפֿשר ווידער איבערברעכן
אַ פֿאַלשן גאַנג....
בעקער
און אפֿשר דורכן האַס צו דעם

וואָס האָט געהערט דעם וידוי, לײכטער פון דער קרענק באַפרײען זיך.

מ י ר ס ק י

צי דורכן זעלבן האַס, קען זײן,
פאַרקניפּן זיך, איך ווײס נישט, וויקטאָר.
איך ווײס נאָר אײנס, אַז עמיצער פון אונז
מוז רעדן הײנט — איז אויב נישט דו, וועל איך
דער ערשטער זײן...

(ער הײבט זיך אויף,
צינדט אָן אַ פּאַפּיראָס און זעצט זיך ווידער,
אין באַלקן מיט די אויגן זוכנדיק די ווערטער.
ער פילט די אומנאַטירלעכקײט פון אָנהײבן
דערצײלן מיט אַמאָל דאָס לאַנג-פאַרגאַנגענע,
און צווינגט זיך: וועט ער אײנמאָל אָנהײבן,
וועט ער שוין רעדן)

אַז איך בין פון לאַזאַרעט
אַהײם געפאָרן — דיר געפאָלגט — בין איך געפאָרן
אויף שלום. גרײט געווען צו הערן רײד,
אַראָפּשלינגען און גוט מאַכן. נאָר זאָגן עס
דעם כח נישט געהאַט, און זײ האָבן אין מיר
געזען דעם פריערדיקן און מ׳האָט גאַנצע טעג
נישט אויפגעהערט דערמאָנען מיר דעם ברודער.
ביז כ׳האָב געזאָגט דעם טאַטן, אַז איך וויל
אַוועקפאָרן קײן אויסלאַנד לערנען — כ׳האָב געזען,
ער גלײבט מיר נישט און האָט קײן ברירה נישט.
און כ׳בין אוועק זיך אויסלײדן אויף אַ פאַרגעבונג.
שוין דאָס אַלײן, וואָס איך האָב אײנגעשטימט
צו בײגן זיך ווי דו — ווי דו פון חודש-געלט
פון טאַטנס לעבן — האָט מיר יעדע רגע אָנגעפילט
מיט ווערעמדיקײט. אָבער כ׳האָב געמוזט עס בײקומען,
ווײל כ׳בין געגאַנגען אויף אַ נײעם וועג

צו אייגענע, צו נאָנטע, און געהוסט, אַז דאָרט
וועל איך די וועלט אַן אַנדערע דערקענען. וואָס —
נישט גוט דעם נוסח איינגעהזרט?
בעקער
,אַ קוק געטון,
אַ שמייכל שטיל און ווידער אָפּגעקערט דעם קאָפּ)
מירסקי
האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט, כ'האָב דיך ביים וואָרט
געהאַלטן: בין איך אָנגעקומען אין דער שווייץ,
געגומען אויפזוכן דעם ברודערס פריינט, זיך צוהערן
און צוקלעפּן צו זיי — און כ'האָב געוואָלט
זיך צוקלעפּן, און — הימלדיקער נאַר דו — ווייסט,
מיט וואָס מ'האָט אויסגעבעט דעם וועג דורך אייגענע?
מיט גאַליקער נקמה, האָס פאַרביסענעם צו אַלץ,
מיט וואָס איך האָב געלעבט ביז דעמאָלט און פאַרדאַכט
צו יעדן טריט פון מיר, דעם נעכטיקן פאַררעטער
פון פאָלק און פאָטערלאַנד. האָב איך דאָס אויך
געמוזט אָראָפּשלינגען — אַ זינדיקער מוז ליידן —
נאָר שטאָט דעם אויסקוק אויף דער גייער וועלט,
איז אַלץ געוועזן האָס און גאַל. ווי ס'וואָלט
דאָס בלוט ביי זיי אויף גרין זיך אָפּגעפאַרבט,
און איך, וואָס איך האָב אויסגעראָטן אַלע בענקשאַפטן
פון זיך, האָב אָנגעהויבן בענקען. צו די מענטשן,
ביי וועלכע טרויער, מאָרד אפילו איז געווען
אין ליבשאַפט אויסגעוויקט, צו ברייטע סטעפּן,
וואָס זענען שוין אַליין געווען אַ פרייע וועלט,
און אויך צו ד״ר געבענקט, און אויך אין דיר
אין דיינע קאָמישע סענטימענטאַלע רייד דערזען
דאָס מענטשלעך-האַרציקע, וואָס איך האָב אויסגעלאַכט,
ווען ס'האָט געשטראָמט אויף מיר פון אַלע זייטן.
אזוי האָב איך דערקענט מיין פאָלק און פאָטערלאַנד,
דיין ליכטיקן, דיין זיסן צוזאָג. וויקטאָר, הערסט?

ב ע ק ע ר

איך ער.

מ י ר ס ק י

און כ׳האָב דיך פיינט געקראָגן.

קען זיין, אַז נישט דערפאַר אַזוי, ווייל דו
האָסט מיט דיין ראָזער ליכט פאַרשיקט מיך אין אַ הייל
פון גרינעם האַס, נאָר פאַר דער לויטערקייט אין דיר,
וואָס האָט אפילו אין דער גאַל פון זיידן מיינעם
און זיינע אייניקלעך געזען דעם צויבער-עלעקסיר,
וואָס וועט אַ וועלט פון האַס מיט ליבע אויפריכטן.
אַזוי פיל גלויבן! אָבער ס׳האָט נישט לאַנג גענומען —
און כ׳האָב געלאַכט פון דיר. איך האָב דערזען,
אַז צווישן די, אויף וועמען ס׳וועט זיך אויסגיסן
דער האַס אַמאָל, וועסטו דער ערשטער זיין —
און כ׳האָב געלאַכט, נקמה האָבנדיק אָן דיר.
שוין אָפּגעצאָלט דיר, וואָס? אָט טראַכט איך ערשט:
אַזוי פיל יידעס אונזערע האָבן דורך דורות לאַנג
אַזוי פיל יידעס דיינע שמיץ געטיילט — ווי האָט
דיין נאָז די הינטישע, דאָס נישט דערשמעקט,
אַז מיטן אויפקום פונם פריץ קומען ווידער שמיץ?
דו האָסט געזען — דער זון פון שונא גייט אַוועק
צו די, וואָס לערנען אים פאַרגעסן זיינע זיידעס,
און שטאָט צו העלפן זיי, פאַרלייגסטו זיך אויף אים,
ער זאָל זיך דוקא אומקערן צוריק און טון מיט דיר
דאָס זעלבע, וואָס די זיידעס. ענטפער מיר

ב ע ק ע ר

דו מיינסט עס מיך?

מ י ר ס ק י

דיך מיין איך, דיך.

ב ע ק ע ר

און איך דאַרף רעדן?

מ י ר ס ק י

**אויב דו קענסט.**

ב ע ק ע ר

איך קען אפשר. און דאַרף. (פאַרקוקט אין זיך און רעדט,
ווי ער זאָל רעדנדיק ערשט אויסטראַכטן די מעשה)
געווען אַמאָל אַ ייִנגל. האָט מען אים געשיקט
אין שקאָלע לערנען. דאָרט אין שקאָלע איינס געלערנט,
און אין דער היים אַן אַנדער זאַך. האָט מען אין שקאָלע
אים אויפגערופן איינמאָל צו דערציילן לויטן בוך
די העלדישקייטן פון אַ מענטש, וואָס האָט געהייסן
באָהדאַן כמעלניצקי. אָבער לויטן בוך פון שקאָלע
האָט ער געדאַרפט דעם מענטשן ליב האָבן, און לויטן בוך
דעם טאַטנס — פיינט האָבן. האָט ער געזאָגט:
ער ווייס נישט גאָרנישט וועגן מענטש באָהדאַן.
ביינאַכט, ווען טאַטע-מאַמע איז אַהיים געקומען,
האָט ער, אָנשטאָט אַ שטראָף, דערזען אַ צער און שטאָלץ
אויף זיי, און נאָך אַ טאָג פון מורא, אַ פאַרשעמטער
ערשט אָנגעהויבן כליפען אויפן קול: פאַרוואָס
האָט ער דעם כח נישט געהאַט דערציילן דאָרט
פון נעמיראָוו און פון טולטשין, פאַרוואָס האָט ער
דעם אמת מיט אַזאַ אומווירדיקייט פאַרשוויגן...
האָט אים דער טאַטע אויפן קאָפּ געגלעט
— האָסט גוט געטון, מיין זון. מען דאַרף נישט קיינעם
די מערדערייען פון די ייִדעס אויפוואַרפן,
ווייל אפשר ווילן זיי אַליין אָן דעם פאַרגעסן...
האָט ער געהערט דעם טאַטנס

און שפּעטער,
ווען ער האָט זיך געטראָפן מיט אַ אייניקל פון די,
וואָס האָבן נישט נאָר שמיץ געטיילט, נאָר אויך
דאָס בלוט פון זיינע ייִדעס צו דעם זעלבן מענטש
פאַר אויסלייז-געלט אַוועקגעגעבן, נישט דערמאָנט
דעם אייניקל די ייִדעס. נאָר פאַרקערט! ער האָט

געשפיגלט זיך אין אייניקל און פּאַר אַ מוסטער
גענומען אים... איך האָב גערעדט, דאַכט זיך...

מירסקי

און האָסט חרטה אויפן מוסטער?

בעקער

ניין. געווען אַזוי
און ס׳האָט געדאַרפט אַזוי צו זיין. רעד ווייטער.

מירסקי

דערפאַר געבענקט צו דיר, ווייל האָסט פאַרגעסן,
ווייל אויך אין בלוטיקן געדענקען קיין נקמה
פון קיינעם נישט געזוכט. דיך פיינט געהאַט,
געלאַכט נקמהדיק און דאָך געבענקט. אַזוי האָבן
די זיידעס אויך געבענקט נאָך די געשמיסענע
געשמיסן און געבענקט נאָך זיי... פאַרצייט —
כ׳האָב ווידער זיך פאַררעדט.

בעקער

קענסט ריידן.

מירסקי

און דאַן האָב איך זיך אויך געמוזט אַ לערן טון
פאַרגעסן, מוחל זיין באַהדאַנען. דו געדענקסט —
אַ הויף אַן אַלטער אין אוקראַינע, ווייסע ווענט,
אַ ווייסער דאָרף, אַקאַציעס ווייסע, אָוונט
און אויגן מילדע — — —

בעקער

יאָ, דו האָסט דערציילט.

מירסק

איז זי געקומען. אויך אַהין. צו מיר.
און איר איז עס געווען אומזיסט אַ שטראָף.
אין מיר האָט כאַטש געלעבט דער זיידע מיטן האַס,
איך האָב פאַרזינדיקט קעגן זיי, ביז אָפּגעקומען.

און זי האָט זייער האַס געפּילט אויף זיך אַליין
און נישט געוווּסט — פאַרוואָס. עס האָט געוואָרגן,
און איך, צו ווענען זי איז פון דער היים אַנטלאָפן,
בּין מיט די פרעמדע, מיט די פיינט אירע געוועזן.
נישט מער דער חתן פון די ווייסע נעכט — אַ שונא.
זי האָט בענומען זוכן פריינט אין דער קאָלאָניע
פון אירע רוסישע חברים, קומען שפּעט אַהיים
זיך אָפּקערן און וויינען. כ׳האָב פאַרשטאַנען:
זי האָט געדאַרפט אַ קינד געבוירן. און אָט דעמאָלט
איז אויף דער בּינע אויפגעשטיגן גאָר אַ זייטיקער,
אַ ווייטער מענטש און אונז געראַטעוועט. דער נאָמען
פון ווייטן מענטש געוועזן איז וויקטאָר.

בּעקער

פון דיר אַ צוגעטראַכטער.

מירסקי

בלויז אַ דורכגעטראַכטער.
זי אויך האָט דאָך געהאַט אַ פאָלק און פאָטערלאַנד,
זי אויך וואָלט וויקטאָר דאָך געזוכט באַקערן
און מוחל זיין באַהאַנדלען דורך זיין אייניקל —
פאַרוואָס קען איך נישט וויקטאָר זיין? נישט פּילנדיה
האָב איך גענומען רעדן דיינע רייד, דערמאָנט
דיין נאָמען אומגערן, דערציילט די שמועסן —
איך האָב געזען, אַז זי, ווי איך זוכט עפּעס
זיך אָנצוכאַפּן, און די רייד פון עמיצן אַ ווייטן,
איז אַ דערלייכטערונג, אַ אויסלייז. יעדער וואָרט
פון יענע צוויי חדשים איז צוריקגעקומען,
און וויקטאָר, פריער בלויז אַ מיטל, איז געוואָרן
אַ וועג און וועג-ווייזער. איך האָב געפּילט
ווי טיפער און דערהויבענער עס ווערט דער זין
פון דיינע רייד, וואָס איך האָב נאָכגערעדט,
ווי איך אַליין הייב אָן צו גלייבן און עס וואַקסט

אריבערביידן אַ געשטאַלט פון עמיצן, וואָס איך
האָב אויפגעבויט איבערן נאָמען: וויקטאָר! הערסט!
איך האָב געראַטעוועט דאָס נישט-געבוירן קינד,
געראַטעוועט די יונגע ליבע און געפונען
אַ נייעם גלויבן פאַר מיין פרוי, אין וועלכן
איך האָב אַליין געזוכט אַ שטאַרקונג, און דער גלויבן
האָט אונז געגעבן אַ איקאָנע: וויקטאָר!

בעקער

(אויפגעציטערט)

איך וויל נישט הערן דאָס!

מירסקי

געמיינט נישט דיך,
דעם צווייטן, וואָס אין דיר — דעם זיידן דיינעם,
און כ'האָב נישט איינמאָל דעמאָלט שוין געטראַכט,
אַז גראָד אַזוי האָט זיך די געטשנדינערישע וועלט
נעמוזט באַשאַפן איר איקאָנע פון דעם שטילן ייד
וואָס איז מיט פרעמדע רייד געקומען, און דערנאָך,
ווען זיי, די גויים, האָבן אָנגעהויבן גאַרן
נאָך פרידן, האָט מען זיך דערמאָנט אָן יענעם יידן
און זיינע פראָסטע רייד צו געטלעכקייט דערהויבן.
וואָס קוקסטו? ס'איז נישט אַזוי הייליק,
אַז דו זאָלסט דאַרפן שרעקן זיך דערפאַר. שוין דעמאָלט
האָב איך דאָס לעמפל אויל דיר נישט פאַרגונען
און דיך אין ווינקל האַלטנדיק פון ווייבס וועגן,
געזוכט ווי פטור ווערן פונם געטש. אָט וועל איך
דיך פרעגן עפעס: איר — כ'מיין יידן — האָט איר ליב
די געטער אייערע, דעם גאָט?...

בעקער

(נישט קוקנדיק צו אים,

צושראָקן) יאָ מסתמא...

מ י ר ס ק י

איך מײן — װען דו אַלײן
זאָלסט זײן דער זײדע בלױז און נישט דער אַנדערע —
װאָלסטו דאָך ליב געהאַט דײן גאָט?

ב ע ק ע ר

רעד װײטער!

מ י ר ס ק י

מיר — נישט. מיר האָבן פײנט די געטער אונזערע.
מיר בײגן זיך פאַר זײער כח, צאָלן צינשן,
נאָר קענען נישט פאַרטראָגן דעם געדאַנק, אַז עמיצער
זאָל זיך אַרײנמישן אין אונזער לעבן — האַסן דאָס,
פון װאָס מיר זענען אָפּהענגיק, די װײבער נישט,
נאָר מיר, די מענער, האָבן פײנט די געטער.

ב ע ק ע ר

װײל גאָט איז אױסער אײך, נישט אין אײך.

מ י ר ס ק י

דאָס מײנט, אַז װען איך זאָל זיך אָנשטעקן באמת
מיט אײער קרענק, װאָלט איך דיך ליב געהאַט.
געװיס... אָט בין איך דאָך צו דיר געקומען...
נאָר דעמאָלט האָב איך האַסנדיק געצאָלט דיר צינשן
און גרױס געמאַכט אין אירע אױגן, אָבער זי —
זי האָט דיך ליב געהאַט... (ער טראַכט) איך זאָג דיר ליגן,
װען מענטשן שטיקן זיך מיט רײד, װי איך אַצינד
מיט דיר, קומט אַלע מאָל דאָס קרומע װאָרט. נו, גוט.
װעל איך עס מאַכן קורץ. דו האַסט אַזױ געװועלטיקט
ביז גאָכן קינד — מײן ערשטן זון. דערנאָך —
פאַרגעסן, זי אַװעק אַהײם דאָס קינד צו האָדעװען,
און איך געבליבן װײטער און געקראָגן ברױו,
אין װעלכע כ׳האָב געזען דעם אױפגאַנג פון די קערנער,
װאָס כ׳האָב פאַרזײט — פון דײנע קערנער.

ס׳האָט מיך געשראָקן אָט די נײַע אָפּגעגרענעצטקייט,
אין װעלכער כ׳האָב געזען מײַן װײַב אַװעקגײן,
און דאָך איז מיר געװען אַ טרייסט, װאָס איך אַל
בין פאָרט נישט אײנער פון די מײניקע — אָט מוז איר
אַ פרעמדן גלויבן טײלן. לאַך נישט, װיקטאָר!

בעקער

איך לאַך נישט. הער בלויז, װי דו ראַנגלסט זיך.

מירסקי

נישט דעמאָלט. איצט אַזוי: און אויב עס קלינגט
מײַן קול מיט װײטאָג, איז עס נישט פון דעמאָלט — — —
װעל איך איבערשפרונגען אַלץ, װאָס איז שוין
פאַרשריבן איצט אין אַלע לערן־ביכער: לעגיאָן,
מלחמה, װידעראויפלעבונג, נקמה פאַר די דורות —
די גאַנצע פראָקלאַמאַציע־טינט, מיט װעלכער
ס׳איז פריש פאַרשריבן די געשיכטע. איך —
אָט װי דו קוקסט מיך אָן, טראָג אויך אויף זיך
אַ שטעמפּל פון נאַציאָנאַלן העלדנטום און — אײגנטום,
פאַרשטײט זיך. קוק זיך בעסער צו! דאָס רעדט צו דיר
פירשט דער און ד־ר, אַ אײניקל פון די און די,
װאָס האָט זײַן לעבן פאַרן פאָטערלאַנד געאָפּפערט
און מיט די העלדישקײטן אויף די שלאַכטפעלדער
א יפסניי באַקרוינט זײַן שטאַם און אויסגעקױפט
די זינד, װאָס ער איז אין זײַן יוגנט, אין דער נאַרישער,
באַגאַנגען קעגן אָנדענקען פון זײַנע זײדעס,
זאָל סאַלוטירט װערן דער העלד! הוראַ! װאָס קוקסטו,
װאָס שטעלסטו זיך נישט סאַלוטירן דעם באַפרײַער?

בעקער

(די האַנט צום שטערן צוגעלײגט, בלײבט שטײן
אויף דער קאַנאַפּע אויף די קני)

מ י ר ס ק י

ג׳ינוג! שוין פריי!

ב ע ק ע ר

(נעמט ווידער אונטער זיך די פיס און וואַרט)

מ י ר ס ק י

(לאַכט ביטערלעך און שווייגט אַ ווייל) ערשט קום
דו מענטש, וואָס האָט זיין גאָט נישט אויסער זיך,
נאָר אַין זיך, מיט דער ווייטער צוקונפטס־פּאָן
אין קעשענע באַהאַלטן — קום אין הויז צו מיר
און לערן אויס דעם העלד אַ פּראָסטע זאַך: ווי ווערט
אַ פעלקער-קריג צו פרידן אויסגעפּאָכטן אויפן פלאַץ,
דעם ענגן שטיקל פלאַץ מיט ווענט אַרום,
וו ס׳ווינען מאַן און ווייב, אַ מאַן וואָס האָט
זיין ווייב געקויפט מיט רייד וועגן באַפרייונג
פאַר אַלעמען (זאָגט איבער שטיל) פאַר אַלעמען, און ווייב
וואָס גייט אַרום ווי דער געוויסן פונם זיגער
און קאָרטשעט זיך אין שמומעניש, ווי זיין געוויסן.
דו קום און זאָג! נישט איך האָב דאָך גערעדט.
איך האָב געוווסט, ווי פרייהייט ווערט געקויפט,
און זיך געמאַטערט טעג און נעכט מיט איר
און וואָלט זיך דורכגעמאַטערט. יאָ, אויף אונזער האַרטן,
נאָר אמתדיקן שטייגער. האָט דאָך אויך די גריכין
געשלאָסן שלום מיטן רוימער, דעם באַזיגער אירן
ווי יעדע ווייב מאַכט שלום און אים ליב געהאַט.
ביסטו געקומען און אונז איינגערעדט די פוילע
און ליגנערישע מעשה אייערע פון פרידן צווישן וואָלף
און שעפּס. קום ברענג עס ערשט! אָט גייט אַרום
אַ שווער אין הויז, אַ שטאָלצער אין פאַרביסנקייט
פון זיין נצחון, און קומט יעדן טאָג אהיים אַזא,
ווי ער וואָלט אָקאָרשט נאָך אַמאָל באַזיגט דעם שונא.
עס גייט אַרום אַ שוואַגער מיט אַ פּנים פון מאַרטירער

ווי אַלע ליידן פון דעם שווער־געקויפטן זיג
וואָלט ער אַליין אויף זיינע פּלייצעס אויסגעטראָגן,
עס שפּילן קינדער אין מונדירלעך לויטן שניט
פון טאַטנס, און אָט קומט אַהיים דער מאַן אַליין,
די לאַנגע שאַבליע שלעפּנדיק נאָך זיך. דאָס קומט ער
זיך איצט געזעגענען פאַרן אַוועקגיין. וויפיל שטאָלץ
אויף פּנימער פון שוועסטער און שוויגער, שוועגערין
און קינדער! און ער גייט, דער מאַן, צו איר
אין לאַנד אַריין מלחמה פירן גייט ער, און זי שטייט
אַ קליינע, מיטן קאַשטאַן־קאָפּ געבויגן און די אויגן
האַלב צוגעמאַכט, און דאַרף אים קושן: גיי געזונט
און קום געזונט! און ווינטשן דאַרף זי אים!
ברענג זיג! פון דאָרטן, ווו ער גייט אַצינד,
פון היימלאַנד אירן ווינטשן אים: ברענג זיג!
און איבער אירע קאַשטאַן־לאָקן הייבט זיך אויף
אַ קאָפּ אַ שטומער, נישט געזעגנער פון קיינעם,
חוץ אים און איר, און ס׳פרעגט דער בלייכער קאָפּ:
האָב איך אויף דעם געבראַכט דעם שלום צווישן אייך,
אַז דו זאָלסט גיין מיט שווערד אויז פייער איי איר לאַנד?

בעקער

(באַהאַלט דעם קאָפּ צווישן די הענט, פאַרגראָבט אים)

מירסקי

איך פּרוווו אים ענטפערן: דו האָסט דאָך מיר געלערנט
מיין פאָלק און פאָטערלאַנד באַשיצן... פרעגט ער ווידער:
איז גייסטו ערשט צו זיין אַ שיצער בלויז פוי דיינס
און נישט באַצווינגען, נישט באַרויבן קיינעם

בעקער

(פון זיין באַהעלטעניש) האָט ער אַזוי גערעדט?

מירסקי

מיט דיינע ליפּן... און איר קאָפּ איז אַנגעשפּאַרט

אָן מײנעם, און די אויגן אײנגעגראָבן, און די ליפּן —
זײ קומען נישט צו מײנע, נישט אַ קוש געטון,
און אַלע האָבן עס געזען. אַוועק און זי געלאָזט
אַלײן אין האַס און דער פּאַרביסנקײט פון הויז
פאַר אַלעמען אויף איר צו טײטלען מיט די פינגער
און לערנען מיט די זין: די מאַמע איז אַ פרעמדע!
און אָט אָ עפּנט זיך די טיר און ס׳שלײכן זיך אַרײן
אַ צענדליק יידן און איך קוק נישט. ס׳פּאַסט נישט,
דער זיגער זאָל מיט גרײטקײט אויפנעמען!
ביז איך דערהער אַ קול און אָט אָ זע איך:
דער קאָפּ איז דאָ! אַ בלײכער, אויגן אָנגעשטעלט,
מיט אונטערטעניקע און שטילע ווערטער רעדט ער
און בעט זיך וועגן גנאָד בײ מיר און בײגט זיך,
נאָר אין געבויגנקײט איז שטאָלץ און חוזק
און פאָרוואורף און רחמנות אויפן מעכטיקן,
וואָס קען זײן מאַכט נישט ברעכן, און רחמנות
אויף די, וואָס ער האָט ליבנדיק פאַרלאָזט, פאַרראַטן...
אַ נאַקעטן האָסטו מיך אויסגעטון, און יעדער וואָרט
פון דיר האָט מיט מײן נאַקעטקײט געבריט,
און אומבאַהאָלפן-גאַריש איז געווען מײן לאַכן
אַנטקעגן דער געבויגנקײט פון דעם, וואָס זעט מיך.
דו ביסט אַוועק און איבער מיר איז זי געשטאַנען:
— האָסט אים דערקענט? דאָס איז ער דאָך! געקומען
דערמאָנען דיר! — און איך האָב שטיל קאַוויטשעט,
ווי אַ געשלאָגענער און אויף זײן שולד בעוווסטער הונט.
עס לוינט זיך דאָך אַ לעבן אָפּגעבן צו קענען
אַזוי נקמה נעמען! זאָל איך איצט מיט מײנע אײגענע
צען פינגער דיך דערווארגן — קענסטו גאָרנישט האָבן,
קענסט גאָרנישט האָבן קעגן מיר. האָסט מיך געמאַכט
צו נישט — און ס׳וועט זײן קוויט.

בעקער

האָסט שוין אַמאָל

געוואָלט. אויך וואַרגן. דעמאָלט אויך.
מ י ר ס ק י

ווען נישט
דיין קול, דער איינגעהאַלטענער און ציטערדיקער —
קען זיין איך וואָלט אויך איצט און אפשר דעמאָלט נאָך
געמאַכט אַ סוף. איצט קען איך נישט. דו זאָלסט אַליין
אַפילו צוטראָגן דעם האַלז מיר — קען איך נישט.
ווער ביסטו, וויקטאָר? האָסט זיך איינגעגעסן
אין לעבן מיינעם — וועסט מיט גוטן נישט אַוועק.
און אפשר וויל איך נישט זאָלסט אַוועק
אינגאַנצן. בלייב! נאָר לאָז מיר פריי ווערן,
מיט דיר און פריי פון דיר. ווי אין דער מעשה דיינער
דער וואָלף און שעפּס. באַווייז עס און וועסט ראַטעווען
דאָס לעבן — דיינס און מיינס און מער נאָך. רעד!

*　　　*
*

אין מיין בענקשאַפט צו דיר
האָב איך געלייקנט אין דיר –
פון ליבשאַפט צו דיר
האָב איך דיך געשאָלטן,
ווייל עס איז מיין ליבשאַפט צו דיר
געהאָנגען אין דער לופטן
ווי אַ הענגל ווייגטרויבן,
פון ווייגשטאָק אָפגעריסן,
די ערד נישט דערגרייכט –
ווייל איך בין געשיידט פון דיר
דורך מיינע זינד צו דיר.

*　　　*
*

איך ווייס נישט,
מסתמא ביסטו עס דער,
וואָס קומסט צו מיר
אין דער פרייד פון מיין ברויט־עסן,
וואָס איך פיל דיין אָטעם
ווי אַ דויערנדיקן קוש,
פון וואָס איך ווער
אַזוי שכור־זאַט
אַז איך לעג זיך אָן אָן דיר –
און ווער אַנדרעמלט.

*
*

אָ, ווען איך וועל דיך דערגרייכן,
אַז די זינדן מיינע לאַסטן נאָך אויף מיר
און איך בין ווי אַ שיפל,
וואָס טראָגט ניט זיך אויפן ים,
און ווען ס׳וועט דאָס שיפל אויסגעלאָדנט ווערן –
ווי וועל איך דיך דערגרייכן; –
אַז ס׳וועט דאָס ליידיק שיפל
און מיטן ים צוריקקערן...

* *
*

איר פרעגט, וואו ס׳איז מיין שמחה; –
איך האָב אַ ווינקעלע אַזאַ,
זיצן דאָרטן מיינע מוזיקאַנטן מיט פאַרגאַפטע מינעס,
האַלב פאַרשלאָפן, האַלב דרעמלנדיק־וואַך,
מיט פאַרשפיצטע אויערן און בליקן מידע פון קוקן אין דער ווייס
קעפ אַראָפגעלאָזטע באַמבלנדיק אין לופטן
יעדע רגע – נאָך נישט איינגעשלאָפן –
כאַפּן זיי זיך אויף
און דער־פילן אינסטרומענטן אין די הענט.
פידלען דריקן זייערע ברוסטן און סמיטשיק ווייטיקט זייערע פינגער,
באַסן גרויסע פאַרשטעלן זיי דאָס ליכט
און קלאַרנעטן בריען זיי די ליפּן.
פויקן שטייען אָן אַ זייט און טרייבן אָן אַ שרעק –
זש... זש... זש... זש...
הערשט דאָרט אַ שטילקייט אַזאַ,
וואָס וועט דוכט זיך פּלאַצן יעדע רגע

מיט אַ הילכיקן רעש – – – – – – – – – –
נישט איצט... נישט איצט... נישט איצט...
ס׳וועט דער זייגער דעמאָלס זיין צוועלף
און ס׳וועט קיין איינער נישט שלאָגן די שעה,
ווייל ס׳וועט אָנשטאָט די שעה פון טויט
קומען די הייליקע צייט.

*       *
*

דאָס ערשטע וואָרט מיינס איז געווען:
זאָל ווערן ליכטיק! —
און דאָס ליכט האָט מיר געזאָגט:
— „זיי! —
איך האָב אויסגעשפּרייט דעם הימל
און דער הימל האָט מיר געוויזן דעם וועג צו זיינע שטערן
איך האָב באַשאַפן די וועלט
און די וועלט האָט אויסגעשפּרייט דעם טעפּיך פון תשובה פאַר מיר
איך האָב באַשאַפן דאָס לעבן
און דאָס לעבן יאָגט נאָך דעם טויט
אַלץ ווייטער און ווייטער,
און איך גיי אים אייביק אַנטקעגן, אַנטקעגן.

*
*

פון וואַנען איז מיין טרער,
וואו איז דער קוואַל פון מיינע טרערן?
אָ, וואָלט איך דאָס געוואוסט –
כ׳וואָלט אַלע מיינע פליגל אויסגעשפּרייט
און געפלויגן דאָרט אַהין,
מיין קאָפּ איינגאַנצן

אין זייער הייליקייט
אונטערצוטויכן.

ווי שיין דו ביסט, מיין טרער!
ווי דער, וואָס האָט די שיינקייט באַשאַפן!
דעריבער אַז איך פיל זיין קומען, אָ ליכטיקע,
פאַרטראַכט איך זיך אין ווייטע פעלדער,
וואו סבּלים גאָטס׳ ווייצן.

*

*

די וועלט אַזוי גרויס
און מיין מאַמע איז ווייט —
ווער הערט מיך, ווען איך רוף זי
ווען דאָס ליכט ווערט פאַרלאָשן?
די וועלט אַזוי גרויס
און מאַמע ניטאָ דאָ.
ווי קום איך אַהער,
אין אָט אָ דעם גרוב?
די וועלט — אַזוי גרויס
און מיין מאַמע איז ערגיץ אַוועק.
זי איז אַמאָל דאָ געווען.
אין ווינקל דאָס ביסעלע שטרוי —
זי האָט עס מיר געלייגט אונטער׳ן קאָפּ.

*　　*

*

ווען איך רעד צו זיך אַליין —
לעשן שטערן זיך אויס,
טונקעלער הימל וויקלט זיך איין

און ספאַרשווינדט אין טומאַנען די ערד.
מײנע אויגן ווערן בלינד,
און טויב און לאָם און שטום און נישטאָ
ווערן אַלע מײנע אבֿרים.
מײן האַרץ רײסט זיך אַרויס אַנטלויפן פֿון מיר
און בלײַבט שטעקן אין מײן האַלז.
בלוט און אָטעם און אינגעווייד אין מיר
ציען זיך אַרויף און ווילן מיך דערווערגן – – –
– איך אָדער דו – – –
שוואַרצער אין־סוף –
ווי אַ קנויל
אין זײַן מויל
ס׳נישט אַרויסגערעדטע וואָרט.
און נישט דערהערט מײַן שווײַג –
איז נישטאָ...

## בלינדע אויגן

גייט ער אַרויף און אַראָפּ בײַ מײַן הויז
וואָס טובלט אײַנגאַנצן אין זונשײַן זיך אויס.
דרייט זיך אַהין און דרייט זיך אַהער
און שווערער ווי שווער
איז געזונקען זײַן קאָפּ —
דער בלינדער ברודער מײַנער
מיט צוגעמאַכטע פענסטער־לאָדן:
נאַכט!

שאַפּט ער אין די ווינקלען פון די ווענט:
„מײַנע זענען זיי — דערקענט...
ס׳געגאַרן אים נישט זײַנע דאַרע הענט,
וואָס שרײַען הויך אין זון־צעזונגענעם טאָג:
„כ׳האָב קיינמאָל נישט קיין ווײַן געטרונקען —
ווער האָט אויסגעטרונקען מיר דעם ווײַן
פון מײַנע אויגן? — —

הערן ס׳ מײַנע ווענט אין פאַרשעמען זיך
און שווײַגן שטיל
גאָר פון אויוון־ווינקל אַ לאַנג־פאַרשוויגענע גריל
פּישטשעט־אויס אַ ליד:
דאָס ליד פון בלינדע אויגן.

## אַ תּפילה פון אַ קליינוואוקסיק מיידל

די, צוויי־און־צוואַנציק יאָר, וואָס עפּענען די מיילער און די אויגן
מיט אַ שטיל געוויין און מיט אַ טענה
צו מיר —
שיק איך צוריק צו דיר,
מיין גאָט.

כ׳האָב נישט באַרירט מיט פינגערלעך פון פרייד זיי,
וויינען זיי און קלאָגן מיט פאַרטרוקנטע דונגען:
איך זאָל זיי געבן —
זייער נישט דערלעבטן לעבן.

עס רייסן איצט, אויף אַלע שויבן, פרילינגדיקע שמייכלען
און לאַכן חנעוודיק אַראָפּ צו מויערן און שטיינער,
וואָס ציען אויס די אַקסעל הויך און העכער — —
בין איך ערגער דען פון דעכער,
וואָס וואַקסן הויך אַרויף צו דיינע הימלען

אַ בוים לעבט הונדערט יאָר, און וואַקסט אַרויף אויף תּפֿכער, חנפֿער־
מיינע צוויי־און־צוואַנציק יאָר, ווי אַ שטילער זיידנפּעכער,
שפּרייט איך אויס פאַר דיר:
צעגלי זיי,
צעבלי זיי,
אָדער נעם זיי צו פון מיר...

# קוימענס

איבער אַלע דעכער
איבער אַלע טורעמס.
איבער צלמים פון קלויסטערס.
אויגן פון שטעט!
אויערן פון שטעט!
דער רויש פון רעדער
שטראָמט אין די גאַסען.
ווער האָט געשליידערט אויף ברוקן
דעם ברום פון דעם אייזן?
די בייכער פון אויוונס
רייסט אויף דער הונגער.
די מיילער פון אויוונס
דראָהען מיט מרידה.
לויפן צונגען, באַוואָלקנט מיט רויך,
מחנות צונגן אויף נעצן פון רעלסן
מיטן שוואַרצן ברויט
פון פאַבריקן.
ס׳צעקרעכצן זיך פלאַמען
אין פלאַקער פון אויוונס.
ס׳לאַרעמען רעדער.
ס׳רעשן שטאָלענע גופים.
ס׳הירזשען קוימענס פון שמחה.
און ס׳פלאַטערן פאָנען רויך
אויף די דעכער פון שטעט,
אויף די קעפּ פון די שטע[illegible]

נעזאַנגען פון שטעט!
פּיסשן פון שטעט!

## שפּאַנט איין די פערד!

שפּאַנט איין די פערד!
דער שטאַל איז פול מיט אומגעדולדיקן קלאַפּן פון קאָפּיטעס.
דער וואָגן קרעכצט אונטער דער שווערער משא
פון געצוואונגענעם שלאָף.
דער פייף פון בייטש בעט זיך
מען זאָל אים אויספייפן.
דער וועג האָט זיך פאַרבענקט
נאָכן האַסטיקן רויש,
נאָכן משוגענעם לויף פון די רעדער.

שפּאַנט איין די פערד

# אַרבעטער-קינדער

װען דער שטרייק האָט אויפגעגעסן
דעם לעצטן גראָשן פון אָפּשפּאָרונג,
גייען בלייכע קינדער פון אַרבעטער
אין די שטאָטישע שולן
הונגעריקערהייט

און אַז זיי קומען אויף מיטאָג אַהיים
און קיין שיסל געקעכץ
װאַרט זיי נישט אָפּ,
אַזוי ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן,
פרעגט זייער טרויעריקער שווייגן
די פאַרפינצטערטע טאַטעס:
„ביז װאַנען ?"

נאָר די קליינע קינדער אין די וויגן
רייסן זיך צו דער מאַמעס ברוסט.
װאָס איז טרוקן,
און פילן אָן דעם חושך פון קעלער-שטיבער
מיט געוויין

ביז, אויסגעמאַטערטע פון שרייען,
ווערן אַנטשוויגן די פיצלעך
מיטן זעלבן פאַרשטיינערטן צער
פון זייערע אומגליקלעכע מאַמעס
אין די פאַרוויינטע אויגעלעך.

אהרן צייטלין

# יוסף דילה־רינה

/ פּאָעמע /

1

## צען אויף אַ באַרג

אַ געפגרט איי
מיט אויערן ווי פאַרלייגטע רודערס —
אַ באַרג אין מדבר.

אויפן באַרג אין מדבר —
ניין,
הויכע ניין.
עפּעס דאַרף דאָ זיין
עפּעס ווילן דאָ די ניין
און דער צענטער?

דער צענטער איז דילה-רינה.
שטילער פאַר אַלע שטייט ער.
בראש פון אַלע וואַרט ער,
אַ גרייטער.

ביינער פון געשטאָרבענע מלאכי-שרת —
זיינע הענט.
זיינע תפילין — אַ רייטוואָגן.
איינגעשפּאַנט אין רייטוואָגן — אַן עקשן אַ של־ראש,
זעט אויס דער של־ראש ווי דער אויבערשטער האָן,
וואָס אַז ער שטעלט זיך פליגל פּאַטשי אויבנאָן —
ווערט אונטן טאָג.

דרייסיק טעג
שטייט אַזוי דער שטאַרסטער פון של־ראשן.
און גאָרנישט.
און גאָרנישט.

זיי שטייען, די ניין, ווי ליידיקע בעטלערשע היטלען,
ווו קיינער וואַרפט נישט אַריין קיין גראָשן.

דרייסיק טעג געפּאַסט.
דרייסיק טעג געמאַכט צירופים.
אין גרויסע פּרצופים
פון אייזערנע וואָלקנס
שטעקן זיי אויגן אַריין ווי קינזשאַלן.
ביגהס חוט־השדרה גיט אַ ציטער,
די מיטלסטע זייל —
וויל פאַלן!
און זי פאַלט נישט פאָרט.

לענדער איבערשטע
פינגערן פון קעגנאיבער,
וויבקען אָפּ און פאַרשווינדן.
מצרים־הינט קומען צולויפן,
בילן אָפּ און אַנטלויפן.
אַלץ ווי פריער! די וועלט
שטייט אויף איין אָרט.

די ערד האָט אָנגעטון אויף זיך אַ באַרג
דער באַרג האָט אָנגעטון ניין יידן מיט דילה־רינהן
די יידן האָבן אָנגעטון אויף זיך טליתים.
די טליתים וויינען.
ער קומט נישט.

זאַמדן לעבן אויף,
קומען־צו צו זיי אויף אַלע פיר,
קוקן בעטנדיק ווי געלע הינט —
און שטאַרבן ווידער.

עקדישן פינקלען אויף ווי שפיגלען, שטעלן זיך אויף,
גרויסע עקדישן.
שטעלן זיך אויף און לייגן זיך שלאָפן צוריק.
כשיח קומט נישט.

---

2

## ערד און ערוה

דרייסיק טעג אזוי.
אויף דעם איין און דרייסיקסטן טאָג —
שאַ, סמאַלטע פאָרט!

אַ באַרג האָט זי זיך אויפגעשטעלט
קעגנאיבער דעם באַרג פון די צען.
אַ באַרג — אַ שווימענדיקע מויער,
אַ באַרג, וואָס רוקט זיך צו,
אַ באַרג, וואָס רוקט זיך אָפּ.
ווי אַ קעמל זעט איר באַרג אויס,
ווי אַ קעמל באַהאָנגען מיט די טעפּיכער פון דמשק.

הויך און נאַקעט שטייט זי,
בלענדט מיט אירע גרויסע פיס
און מאַכט פאַמעלעך שאָקלען
אירע בריסט —
צוויי לענגלעכע שמאָלהאַלזיקע לאָגלען

באַקן זענען סמאַלטעס היפטן,
קיילעכדיקע, געוואַשענע.
אירע היפטן זענען קיל ווי פרילינג־שטערנס.
עס וואַקסן די קושאַקעס פון אירע האָר —

אירע האָר האָבן מיילע
סמאלטעס האָר זענען דורשטיס —
זיי זידן ווי מדבר-זאַמד

מיט פינגער צען
גיט זי, לילית, אַ פּאָך אַנטקעגן —
ליכט! בלוט! פליגלען!
ערד! ערוה! רעגן!
קושן! פרויען־האָר! סדום!
תּהום!

דילה־רינה —
צום באַרג געשמידט די פיס.
ער איז
דאָס געפענגעניש, דער געפאַנגענער אין די קייטן.

קאָפּ דילה־רינהס — אָפּגעקערט, אַרויפגעשרויפט.
באָרד און של־ראש — צו די וואָלקנס.
וואָלקנס רירן זיך נישט.
ווערן אייזן נער.
קאָפּ רירט זיך נישט
דילה־רינה איז באַרג אויף אַ באַרג.

אים העלפן די תּפילין־באַפאַנצערטע ניין.
יעדער איינער גייט אַראָפּציען אַ ספירה
אויפשפּונטן אַ פּאַס מיט הויכן ווין.
יהודים-שפּיזן הויבן זיך,

אותיות ווי וועלף

ברומען אַרויס פון די נאָרעס,
צירופים פוגם שם

נעמען זיך ביי הענט אָן,
גלגלים
קויקלען זיך הויך איבער אלעם.

הויבט לילית אָן:
„ווער מיין מאַן, דו ריינער דילה־רינה!
באַהעפט זיך מיט מיין טרייפקייט, מיט מיין בלוט, מיט מיין נידה —
און איך ווער א ריינע!
אָ האַר,
מיין וידוי
הער!
ווער
קען מיר נאָך געפעלן אזוי ווי דו?
ווו
זאָל טומאה גיין, אַז נישט צו קדושה?"

(די ניין אין זיך אריין: „חצופה!
א מויל אָן בושה!")

„לעש
מיין ברענענדיקן יש
און טויט מיך דורך באַהעפטונג!
דיין ריינקייט איז מיין האָפנונג —
איך בין אינגאַנצן עפנונג:
דו אליין נאָר
קענסט מיך לעשן —
דו איינער!"

דילה־רינהס חוט־השדרה־בוים וואַקלט זיך,
באַפעלט דער של־ראש פון אויבן קורץ:
„גלייך!"
אויבן אויפן בוים זיצט קאָפּ —

א פויגל פון אייזן.
בוים דערלאַנגט זיך אַ דערמאָן.
קריגט מורא פאַרן פויגלס אייזן.
פארשטייפט די צווייגן-הערנער, גלייכט זיך.

און פּלוצלינג ווייזט זיך
דאָס משיחל אין גלאָז.

---

3

## דאָס משיחל אין גלאָז

משיח דער נישט-געבוירענער זיצט אין גלאָז,
אין אַ גרויס גלאָז
פול יצירה־וואַסער בלאָס
און בליצן ווי די שווערדן.

אָן שיעור-קומה זיצט ער,
אַ קינד אַ נישט־געבוירנס און אָן אָרעמס,
אַ נאַס אָנאויגיק קעפּל,
און וואַרט צווישן די לויפנדיקע בליצן,
אין מיטן וואַסער.

אינדערווייטנס שווימט דאָס גלאָז,
אונטער די אייזערנע וואָלקנס שווימט עס,
גייט אויף און אָפּ ווי אַ שיפל,
מאַכט מיט זייטן ווי אַ פישל.

צווי בערג: אויף איינעם — לילית,
אויף דעם צווייטן אַנטקעגן — די צען,
און פונדערווייטנס דאָס קינד אין גלאָז
האַרט אונטער אייזערנע וואָלקנס.

וזאָגט דילה־רינה: „איך פריי זיך.“
זאָגט דילה־רינה: „ליכט איז צו מיר,
ער ווערט שוין אָנהויב —
אָט איז ער דאָ — נישט געבוירענערהייט!“

די תּלמידים זאָגן: „ מיר שטייען גרייט!
אַ רגע און אַ צווייטע —
מיר שטייען גרייטע!
אַ רגע און אַ צווייטע —
איז אויס סיגופים!
ציען מיר ס׳גלאָז צו
מיט צירופים!
משיח דאָס קינד וויל ברעכן ס׳גלאָז,
וויל אַרויס פון גלאָז —
האָט עס קיין אָרעמס נישט.
ווען מיר שענקען אָרעמס אים,
אים געבן פּרצוף“ —

דאָס קינד משיח שאָקלט מיטן בלינדן קעפּל.
דאָס גלאָז קלינגט.
אַן אייזערנער וואָלקן צולאַכט זיך.

דילה־רינה זאָגט: „אָט זענען מיר
אַ מנין העכסטע שוועלן,
העכסטע צען אויף דעם העכסטן באַרג,
און מיר וועלן
אַרויסנעמען דאָס קינד פון גלאָז
אָן טרייפער טראַכט פון אַן אשה
אָן אומריין בלוט פון אַן אשה

„משיח, דו דאַרפסט נישט געבוירן זיין —
וואַרט, אָט נעמען מיר דיך אַרויס!

סיט בלויזע תפילות –
פון גלאָז אַרויס;
אָן גלגול־מחילות
דורך בלוט און טראַכט;"

לילית הערט און לאַכט.

---

4

## אַ האַרץ דאַרף בלוט.

לילית דערלאַנגט אַ שפּרונג,
איר באַרג דערלאַנגט זיך אַ רוק,
איר פינגער דערלאַנגט אַ ווונק —
זי פאָרט צו דילה-ריינהן.

דילה-ריינה הויבט די הענט.
מיט די פינגער טריפט ער אוים,
ווי פון אַ קריגל,
טראָפּ נאָך טראָפּ, נקודותווייז,
די לענדן פון אַן עיגול
אַרום זיין באַרג.
לויפט ווי אַ ווערוריק
דער יונגער ראָד,
מוז לילית פאָרן אויף צוריק,
שטייט ווידער פון אַנטקייגן,
עלענד ווי אַ זונה,
וואָס מען האָט פאַריאָגט פון שטאָט.

עיגול איז דאָס האַרץ דער וועלטס,
און דילה-רינה — אין מיטן האַרץ,
ער און תלמידים אין מיטן האַרץ.

לילית זינגט: „אַ האַרץ דאַרף בלוט,
אַ האַרץ מוז אָפּשטאַרבן אָן בלוט —
און איך בין בלוט".

לילית זינגט: „געבורט דאַרף בלוט,
משיח מוז געבוירן זיין.
איך בין דאָס שענסטע ווייב, מיין יוסף,
דו — פון מאַנסבילן דער ריינסטער.
מיר ביידע — פרוכט און קווייט!
זיי דו מיין מאַן – און לאָמיר ס'קינד
געבוירן זאַלבעצווייט!"

דילה-רייגה זאָגט: „צי זעסטו נישט
בלינדע דו, דו זינדיקע?
דאָס קינד משיח איז שוין דאָ,
מיר נעמען עס אַרויס פון גלאָז,
און גאָט וועט זיך דערבאַרעמען,
מירן עס דערוואַרעמען,
דאָס גוטע קינד וועט אויסוואַקסן" —

מאַכט לילית: „גראָז!
און אייטל לופט!
עס וועט פאַרגיין ביים ערשטן בלאָז".
זינגט לילית: „ס'איז דיין חלום נאַר
אייער אַלעמענס חלום איז'ס.
עס וועט פאַרגיין, אָן רוק, אָן לענד,
אָן קאָפּ, אָן הענט,
אַז אַנדרוגינוסל איזס

און ווי אַ פרעשל שטאַרבט עס אָפּ

„איך, לילית, בין משיחס מאַמע
אין אויפן פאָטער זיינעם וואַרט איך,
און צום פאָטער גלוסט איך

וואָס זאָל אויפריגלען דעם ריגל
פון מיין טראַכט,
פון מיין נאַכט.
בלאָז אַוועק דעם עיגול, יוסף,
עם אַוועק דעם עיגול!"

---

5

## גלייך, שטייף, טיפער די טליתים!

אונטער די וואָלקנס שווימט דאָס גלאָז,
וואַסער, טרויער, בלינדע בליצן.

ווי לאַנג וועט עס דאָרט זיצן?
ווי לאַנג וועט ס'בלינדע קינד דאָרט זיצן?

דאַוונט!" — האָט באַפוילן דילה־רינה.
זיי דאַוונען — און דער עיגול לויפט.

לילית פאָרט צו צום עיגולס שוועל,
קאָן נישט אַריבער און פאָרט צוריק.
פון אומגעדולט ווערן די היפטן געל,
עס ברעכט זיך דאָס קלאָרע גענוק.
עס לאָזן די בריסט אַראָפּ די קעפּלעך
און קוקן צו די גרויסע פיס.
די גרויסע פיס, די ליכטיקע, די גלאַטע,
ווערן מאַט.
פיס גרויסע, מאַטע
ווי מאַטע לאָמפּן:

דאָס גלאָז שווימט, דאַכט זיך, צו די צען —
און גאָרנישט!
פון דערוווייטנס בלויז צו זען!

גענטער ווערט עס אויף אַ האָר נישט!
דאָס קעפּל דאָס נאַסע
הענגט אַזוי הילפלאָז אין וואַסער —
נישט גוט, נישט גוט!
די בליצן זענען עפּעס מבשר —
נאָר וואַסער איז נישט בלוט!

פאַלשע בליצן!
באַלייכטן גאָרנישט! אַלץ פאַרווישט!
נישט צו זען די ברעמען דעם קינדס,
דאַכט זיך ברעמען, דאַכט זיך — נישט!
אויגלעך — נישט געשניטן!
אַ קעפּל בלינד
ווי אַ שאָטן,
און וואַקלט זיך, ווי אין וויג
אַ פּלויט,
נישט געלעבט, נישט טויט!

דער עיגול אָבער לויפט פולאויגיק,
לויפט פולאויגיק און סלוגקיילעכדיק,
רעדט פולמיילעכדיג
און זאָגט אַזוי:
„מיין קאָפּ איז עק ביי מיר,
מיין עק איז קאָפּ ביי מיר.
איך בין מיר איך.
קיילעכדיק בין איך ווי דער פּליך
אויפן קאָפּ פון עלטסטער חכמה.
איך בין פאַרשלאָסן און גיי כסדר,
כסדר, כסדר,
פון זיך צו זיך אַ קלוגן גאַנג.
בין איינאונזעלביק און דאַרף נישט קיין קליידער.

„כ׳גיי — און גיי נישט פון זיך אַרויס,
גיי — און גיי נישט אין ערגעץ אַריין,
און פון מיר זאָלט איר זען, און ווי איך זאָל, אַזוי זאָלט איר זיין,
איר העלפערס ביין,
תּלמידים־וואַרטערס!
נישט גייט אַרויס און נישט גייט אַריין,
צו די פינגער שמידט־צו די פינגער,
צו די אויגן בינדט־צו די אויגן,
צו די פיס קניפּט־צו די פיס —
און אַזוי וועט איר משיחן
אויסדאַוונען, אויסוואַרמען, אויסמשיחן.

„נאָר נישט איילנדיק! נאָר נישט איילנדיק!
כּדי עק מיט קאָפּ צונויפבינדן,
אָט ווי איך,
איז געווּג צו ווערן קיילעכדיק.
קניפּט זיך צו צו זיך אַליין,
אָט ווי איך,
וועט איר צוציען דאָס גלאָז
מיט משיחן דאָס קינד
גלייך צו זיך
גלייך צו זיך,
טוט זיך שטאַרקן!
גלייך, פעסט, שטאַרק די קאַרקן!
ליינט, יהודים,
אויף דעם וואָגשאָל פון יהודים
אַלע ספירות!
און זייט ממשיך מער המשכות,
וויל די שכינה איז אין קלעם,
און דעם שם
מיט די צוויי־און־זיבציק אותיות
ביז שנאַנדער,

ציט פונאַנדער!
וואָרים ס׳לויערט דער נסיון!
רק געדאַוונט! און אָן ריר!
ציילט צירופים אין דער שטיל!
איינס, צוויי —
דריי, פיר —

„צענמאָל צוגעקניפטער — דו!
דו, דילה־רינה!
אויף דיר קוקט לילית די שרעקלעך־שיינע
פון קעגנאיבער.
ליגן רעדט זי, די אשה־סוטה,
וויל דיך גאָר פאַרפירן, יוסף,
וויל דיך מאַכן פאַר אַ חוטא!
וואָס דאַרף די נאַכט ביי דעם באַגינען?
וואָס קען באַגינען ביי נאַכט געפינען?
מיט א י ר וועסטו גאָרנישט געבוירן!
משיח איז שוין דאָ אין גלאָז״ —

טיף און טיפער ציט אַראָפּ
דעם טלית יוסף דילה־רינה.
פון אונטערן טלית פרעגט ער דומפּ:
„תּלמידים־אָפּוואַרטערס, וואָס איז עס?
שטייט אַ הויז — אַן אַלטס און אַ לאָמס.
פּייפּט אַ הונגעריקע מויז
אין יענעם הויז ·
וואָס איז עס?״

ענטפערן די וואַרטערס ניין,
די שטאַרע, בערדיקע ריזן ניין
„קראַנק און אַלט איז דער מענטש, באָטס הויז,
לילית פּייפּט א מויז־ליד אויס

איר געזאַנג איז פייף פון אַ מויז —
דאָס איז עס!

„נאָר וואָס איז מער?
אונזער געדולד — צי איר געפייף?
גלייך! שטייף!
מיר העלפן דיר! מיר העלפן דיר!"

---

6

## טענהט די אָרעמע לילית

זאָגט די אָרעמע לילית,
לילית די נישט-פאַרשטאַנענע,
לילית די נישט-פאַרנומענע,
די נישט-גענומענע:

„מיין מאַן האָב איך פאַרלאָזן
און צו דיר געקומען —
שטויסטו מיך אַוועק,
דו מיט דיינע פרומע.

„אַז איך האָב דערהערט
פון דיר און דיינע לייד
ווי איר שטייט אַזוי
זאַלבעצענט און וואַרט
אויף משיחס קומען —
האָב איך נישט געקלערט
און צו דיר געקומען".

„שטומען!" —
באַפעלט דילה-רינה פון אונטערן טלית.

זאָגט לילית: „איך קען נישט
אשמדאי, דעם אַלטן קונצנמאַכער,
מיט אַלע שדים שוין אויספאַרראַטן,
אויסגעזינדיקט
מיט אַלע יונגלעך די פּופּצניעריקע,
וואָס זעען קרי אין די נעכט, —
און פרעג: צי איז געהיילט מיין תאוה?
וואָס מער איך האָב געזינדיקט, יוסף,
אַלץ מער האָט מיין תאוה געאייטערט,
וואָס מער מיין תאוה האָט געאייטערט —
אַלץ קנאַפּער האָט געזעטיקט מיך
זייער אַלעמענס לייב,
וואָס קנאַפּער מיך האָט געזעטיקט זייער לייב —
אַלץ מער האָב איך באַגערט
צו אַ לייב אַזאַ ווי דיינעם,
צו אַ לייב ווי ווייראויך ריין.
ווונד און אָפּגרונט בין איך,
ווונד און אָפּגרונט שטיי איך דאָ פאַר דיר —
וואָס היילסטו נישט מיין ווונד,
מיין אָפּגרונט וואָס פאַרשיטסטו נישט
די הענט באַהאַלטסטו,
די הענט, וואָס דאַרפן מיך היילן?
אין טליתים ווי איז היילן
פאַרקריכט איר!

„אויב איר זייט הייליק ·
וואָס באַהאַלט איר די געזיכטער?
אויב דו ביסט הייליק —
וואָס שרעקסטו זיך פאַר טומאה, דילה־רינה?
וואָס נעמסטו מיך נישט אין דיין האַנט אַריין,
וואָס פירסטו מיך נישט אין דיין לאַנד אַריין,
דאָס לאַנד דאָס שטילע, ריינע?...

„דאָס קינד משיח! לאַנג
וואַרט איך, לילית, אויפן קינד
און — אויף מיין פאַרשווינדן!
חילאַנג איך האָב דאָס קינד נאָך נישט —
פאַרשווינד איך נישט,
קען איך נישט פאַרשווינדן!"

איר רעכטע ברוסט
נעמט זי אין דער רעכטער האַנט.
ווי אַ קינדס אַ קעפּל,
ווי אַ קינדס אַ יתום-קעפּל,
איז די ברוסט ביי איר אין האַנט.
קוקט זי
שטילערהייט,
רעדט זי
אַזוינע שטילע רייד:

כ'נעם מיין ברוסט
פאַר אַן עדות פון מיין פּיין.
ציטערן מיר די פינגער פון די פּיס —
זעסטו נישט.
זענען אומעטיק מיינע בריסט —
קוקסטו נישט.
אין מיר
ליגט דאָס קינד דאָס נישט-געבוירענע,
און דאָס נפלע אין גלאָז —
דיין נ ס י ו ן איז עס, יוסף!
דיין נסיון איז נישט לילית,
לילית איז דיין אמת ווייב.
אָן מיר איז גאַרנישט, יוסף!
איך בין
געשיקט צו דיר פון גאָט" —

„דו—געשיקט צו מיר פון גאָט!
שטעקט אַרויס דעם קאָפּ פון טלית
דילה-רינה,
קוקט פאַרחידושט,
און די ניין
שוידערן פלאַמענדיק אויף,
הויבן פויסטן ווי די שטיינער:

„שווייג, מכשפטע!
שווייג, לעסטער־ווייב!
זונה, שווייג!"

---

7

## סמאל שמאַטע.

סמאל איז אַוועק צו קליינע שדיכעס
מיט שטייפע בריסטלעך ווי די קאַשטאַנעס,
מיט שמאָלע געזעסן.
ער זינדיקט מיט זיי זיינע אַלטע דערעסענע זינד,
דערנאָך גרעבצט ער אָפּ ווי נאָך אַ שלעכטן עסן,
קלאַפּט אויס די באָרד אויפן ווייסן ווינט —
עך, עך,
ווי נעמט מען יאָרן, די באָרד איז גראָ —
און רעדט צו זיך משוגעוואַטע:
„שמאַטע דו, שמאַטע!
פאַרגעס די לילית, שלאַק, פאַרגעס!
נישטאָ מער, אַלטיטשקער, נישטאָ!
אַוועק צו די לייט אויפן תפילה-באַרג,
אַוועק צו חברה תפילהוואַרג,
און קומט נישט צוריק, כאָטש צערייס זיך אויף שטיקער

ווען ער איז שכּור —
לאָקערט ער ביי פּלויטן, כאַפּט אָן אין פאַרביילויף אַ ציג,
טייטלט איר אין די גלאַנציק-שמוציקע
בלאָטע-אויגעלעך אַריין: „צוריק!"
און שליידערט זי אויף הינטערוויילעכץ בייז אַחעק,
ווי שמשון — די אייזלשע באַק.

אין שטיין-פאַרחתמעטער געהיימער הייל
פאַרקריכט ווי אַ רעגנוואָרעם אשמדאי,
לעשט אויס די ליכט פון גאָלדענעם אייל,
קויבערט זיך צונויף,
פאַרמאַכט די אויגן און גיט אַ לויף
מיטן זכרון
צו ליליתן און צו איר לייב דעם קלאָרן.

ווער האָט געקאָנט זיך ריכטן?
אַן אויסטערלישע זאַך געשיט!
אַ דילה-רינה אָנגעשטאַנען,
מענטשן אויף א באַרג
— ווילן אַראָפּברענגען ליכטן
און לילית אין דער מיט!

גיין צו איר? זי וועט פאַריאָגן,
הייסן לויפן וווּ אויגן טראָגן —
חיות נישט זיכער!

ליגט ער לילית-לעכציק, כּרעפּלט: לילית, לילית!
לי—לי, לילית!"
און שטיל איז,
ווי עמיצער וואָלט אָפּגעדאַווענט זיינע לעצטע תּפילות,
און וואָלט געשטאָרבן,

און וואָלט נאָכן טויט אויף שפּיצפינגער געקומען צו גיין
מנחם-אָבל-זיין זיך אַליין.

---

8

## זי גייט שוין

די שעה פון רחמים איז אַראָפּ.
די וואָלקנס איבערן באַרג
שאָקלען זיך ווי זיפן.

די שעה פון רחמים איז אַראָפּ —
און ווינטן מיט פרישע ליפּן,
ווינטן מיט צופלאָשעטע בערד,
קומען פון הימל אויף דר'ערד
וי קעניגלעכע לויפערס.
ווי לויפן אַרום דעם באַרג
מיט ליפּן ווי פייפלען

די שעה פון רחמים איז אַראָפּ —
צו וועמען?

לילית זאָגט: צו מיר.
דילה רינה זאָגט: צו אונ

דילה רינה זאָגט: „אָט זינגן מיר!
אָס קריגן מיר
דאָס קינד פון גלאָז אַרויס.
דאָס קעפּל —
ס'וואָר, עס האָט אַ לאַך-געטאָן.
זיך אַ קער, אַ ווענד געטאָן!
צוביסלער! צוביסלעך!

בלייכן זיך ווי ליין
די ביין,
די הויכע ביין,
און זאָגן:
„אויסשפּראָצן וועלן הענט ביים קינד,
הענט ביים קינד און האָר ביים קינד —
און פיסלעך! און פיסלעך!"

לילית זאָגט: „אַ וווּנדער —
נישט יענץ וווּנדער, וואָס דו מיינסט!
איך האָב געוויינט,
איך האָב צו איר געבעטן.
זאָל זי מיין עדות זיין,
זאָל זי אַליין דיר זאָגן:
אָ הער, עס שמעקט
מיט טייך און מיט פאַרטאָגן,
מיט טרויב,
מיט יונגער טויב,
מיט היי אויף לאָנקעס!
נישט אַנדערש, אַז דאָס שטאַמט פון איר,
נישט אַנדערש, אַז דאָס גייט זי שוין
און קומען וועסטו באַלד צו מיר
פון די וועגן, ווי ד' בלאָנקעסט!"

---

9

## מאַך הייליק שלאַנגעז

שיינען וואָלקנס מיט נייער שיין,
עפּעס שניידט זיך איז זיי אַריין,
שווימט, שווימט —

און פייערט אַרויס,
ז'ייערט אַרויס ווי ייַנגער חיין

ליכט.
ליכט-טראָפּנס ריזיקע, בלאַנקע, זיסע.
פון ברעג פון הימל הענגט אַראָפּ
די מטרוניתא.
זי וויגט זיך ווי אויף אַ קייט:
שטעלט אויף די הענט ווי בלומען-בעכערס,
מאַכט שאָרכן ס'קלייד

זיבן רעדער שיין
רינגלען זי אַרום,
רעדערן זי אייז.

דילה-רינה קניט.
די תּלמידים קניען.
לילית גליט.
אירע אויגן פליען.

ווי אַן אָוונט-זון
מיט ים, דעם חתן, אונטערן אָרעם
נאָך דער געשטעלטער לבנה-חופּה
אַ מינוט פאַרן שלאָפנגיין —
אויסזען פון דער לילית:

ווי דורך אַ שפּיגל
קוקט די מטרוניתא
פון די קניערס אויפן עיגול,
פון עיגול אויפן קינד אין גלאָז
פון קינד אויף ליליתן.

אצילותן —
הויך איבער העכערס —
שאָטענען איבער איר
מיט איבערוועלטישע פעכערס

זי זאָגט: „אויב דו וועסט ווערט זיין
וועסטו דערהערט זיין!
שטיי אויף!
שטייט אויף!"

שטעלט דילה-רינה זיך אויף,
גאָך אים די ניין.
ער זאָגט: „איך הער!"

די מטרוניתא גיט אַ וואָרף
אַ ראָד אַהין, אַ ראָד אַהער
לייגט די רעדער אויס צופוסנס,
ווי זיבן הינט,
הינט רעגנבויגענע,
און די הענט אירע געהויבענע
פאַרשטעלן ס'פּנים איר
ווי זי וואָלט שבת-ליכט געבענטשט,
און צו דעם מענטש,
וואָס וויל משיחן אוז שטייט שוין גרייט,
גייט
איר וואָרט אזוי:

„ביסטו הייליק -
גיי מאַך הייליק שלאַנגען!
און ער נאָר, הער:
נישט איך בין, מענטש, אין גלות" —

— סאָ חער!
סאָ חער!

דילה-רינה האָט געפרעגט
די לילית האָט געלויכטן,
מטרוניתא האָט געזאָגט:

„דאָס ווייב, וואָס דיר אַנטקעגן —
לילית איז אין גלות.
ווילסט משיחן —
מוזטו אויסלייזן
נישט מיך, נאָר זי!"

— „אָ ט ד י!
און דאָס קינד אין גלאָז אַנטקעגן!"

— „דאָס קינד אין גלאָז איז גאַרנישט —
משיח קומט דורך בלוט!
וואָר האָט זי געזאָגט —
געשיקט איז זי פון גאָט!
נעם זי אַריין אין עיגול,
געבויר מיט איר דאָס קינד!"

שכור פּלאָנטערט זיך
דאָס גלאָז אונטער די וואָלקנס
ווי צום אויסגליטש גרייט.
מיט קרומע ציין
לאַכן בליצן,
דאָס וואַסער שמייכלט
ווי דורך געוויין —
און ס'ווערט קלענער ווי אַ טרער
דאָס משיחל אין וואַסער.

זי גיט די אַקסלען אָפּ דעם ווינט,
אַ וואָלקן כאַפּט זי אָן ביים קני:
איינס, צוויי — און זי
פאַרשווינדט.
הימלען נעמען זי אַריין.
זיבן רעדער ווי זיבן הינט
לויפן איר נאָך און בילן ליכט,
און וואַרפן פאַרב,
און אויס — נישטאָ.
נאָך זיי
שלעפט זיך אַוועק, ווי אַ לאָמער פויגל,
דאָס וואַסער-בלויע בליק-גלאָז.
וואָלקנס ווערן פאַרשלאָסן.
ווידער אייזן.
דער באַרג פון צען — פאַרלאָשן.
בלויז לילית ברענט,
ווי אַ פענסטער אָוונט-צייט,
צו דילה-רינהן געווענדט,
אויף אים פאַרטרויענדיק.
נאָר טרויעריק
קערט דילה-רינה דעם קאָפּ אַוועק.

די הויכע ניין,
די הויכע ווערטער ניין,
שרייען אויס: „נישטאָ משיח!"

דעם טלית לאָזט
דילה-רינה פאַלן,
און צו די הימלען רעט ער
בייז און שווער,
וואַרפט ווערטער

ווי אַ בוים די לעצטע בלעטער
איטלעך וואָרט — אַ טרער·

„כ׳קען נישט הייליק מאַכן שלאַנגען!
ניין!
איך קען שטייגן אָדער פאַלן!
לאָזט מיך שטייגן!
לאָזט!"

פון טיפסטן שווייגן,
פון אייזערנע הויכקייטן, קאַלט ווי פראָסט—
אַ קול:
„אויב אַזוי —
פאַל!"

---

10

## דאָס פאַלן

רייסט דילה-רינה דעם טלית אויף זיך,
רייסט דילה-רינה די האָר אויפן קאָפּ,
רייסט דילה-רינה זיין לייוונטן בגד.

ציט דער עיגול צונויף
זיינע קיילעכדיקע פאַלעס,
הייבט זיך אויף און גייט אַוועק.

די תּלמידים וואַרטן שוין אויף גאַרנישט.
ריידן גאָרנישט.
זאָל עס
זיין פון שרעק?

קומט אָן צושווימען אין דער לופט די שיף
פון אָנהייב נאַכט.
דילה־רינה לאַכט.
ער טוט־זיך נאַקעט אויס,
וואַרפט זיך דער לילית אַנטקעגן:
„איצט קום!
נעם אַרום,
בייס —
לאָמיר זיך בייסן!
ערוה! עבירה! ערוה!
פאַלן! רייסן!
בין איך געפאַלן —
וויל איך פאַלן טיפער נאָך,
אפשר איז דאָס פאַלן גוט!
זאָל קיינער מיין קבר נישט געפינען —
כ׳וויל ווערן באַגראָבן אין דיין בלוט!
אַרונטער —
איצט וויל איך אונטנסטע אונטנקייט.
עס בילן מיינע האָר צו דיר,
איך שטיי צום זיווג גרייט.
וואָס ווייגסטו? האָסט דאָך דאָס געוואָלט!
איצטער לאָמיך זיין דיין מאַן!
לילית מיך אַדורך! כ׳בין גאָרנישט
תפלות האָבן נישט געהאָלפן,
סיגופים, וואַרטונגען — אומזיסט!
מיסט!
ערוה! עבירה! ערוה!

„מיט דיין פעטער זויף
קוש מיין טייטלען-באָרד,
און מיט חתן-חלף-אויגן
חעל איך דיך באַגאַפן,

גרויס, הייס שפּילצייג!
אויף די הוילע קוילן פון דיינע קנז
זעץ מיך אַרויף —
און ברי!
מיט האָר פאַרדעק,
און שטאַרב איך אַוועק —
נישט וועק!"

דאָס הערנדיק
שעלטן די ביין דילה-רינהן:
„זאָל זיין אונזער וואָרט ווי די שופרות פון חרם
אונזער פלוך — אַזוי גוט ווי פאַרשטיינען!
אויסגעמעקט ווער פון גאָטס בוך!
שטאַרב, כופר, און זאָל דער געראָך
פון דיין גוף
זיין ווי געראָך פון אַ פערדס אַ נבלה!
מיר גייען אַוועק פון דיר, כלי, פאַראומריינטע כלי,
מיר גייען אַוועק מיט אַ פלוך!"

זיי גייען אַוועק —
די ריזן.
די שאָטנס פון זייערע לאַנגע טליתים
ציטערן איבערן וועג ווי די שפּיזן.
לאַכט דילה-רינה זיי נאָך:
„איר האָט מיך פאַרשטיינט!
ס'בלייבט לילית מיר נאָך" —
אָבער לילית וויינט.

---



## רילה רינה ליגט דערוואָרגן

„לילית, וואָס וויינסטו?
וואָס שטייסטו אַליין אויף דיין באַרג
וואָס קומסטו נישט צו,
וואָס וואַלקענען זיך דיינע בריסט,
וואָס ברעכטו די הענט?"

אַזוי פרעגט דילה־רינה —
און זי ענטפערט: „אומזיסט
פאַרביטן אויף דיר מיין פאַרנאַרישטן שד!
מיט ווייניק לייבער האָט לילית געזינדיקט?
וואָס גיסטו מיר? חטא?
משיחן וועלן מיר נישט געבוירן!
אונזער קינד וואָלט זיין אַ שרעטל,
וואָלט זיין אַ טכוירל!

„נישט בעטל!
מיין אָפּגרונד וועסטו נישט פאַרשיטן,
מיין וווּנד — נישט היילן.
אויפהייבן קענסטו מיך נישט —
דו ברענסט אַליין!
איך האָב געהאַט אַזאַ מין האָפנונג
און האָב זי אָנגעווווירן —
משיחן וועל'מיר נישט געבוירן!

„זאָל איך ווייטער גיין
צו אשמדאי, צו שדים און צו בעלי־קרי
צו אַלדי שוואַרצע אומעטיקע יאָר?
דו, משיח־ברעגער,

װאָס נעמסטו זיך די אויגן נישט אַרויס!
איך האָב דיך פֿיינט,
דו האָסט געגנאַרט!
פֿאַר מיין חרפּה נאַ דיר טויט —
שטאַרב!"

זי װערגט אים װיינענדיק,
װערגט מיט האָר, מיט הענט, מיט פֿיס און טרויער.
ער גאָפּלט אַריין די ציין פֿאַר װייטאָג
אין אירע בריסט —
זי װערגט אים שטאַרקער.
פֿון אירע בריסט לויפֿט
איר אָרט נישט —
זיין האַלז איז בלוי —
ער ליגט דערװאָרגן

דילה-רינה ליגט דערװאָרגן.

12

## לילית די אַלמנה.

נישט אויסגעהאַלטן
האָט ס'הארץ פֿון אשמדאי דעם אַלטן!
אַ הארץ האָט אַ גומען —
שלעכט, װען ס'טריקנט אַ הארץ!
איז ער געקומען!

עובר-בטלדיק זיך געשטעלט
קעגנאיבער די בערג עק װעלט,
דערזען דעם דערװאָרגענעם דילה-רינה
די װיינענדיסט לילית די שיינע.

און, אָן שטעקן געלפּנט,
פאַרוואונדערט און שוואַך,
אַ פרעג געטון שטיל מיט אַ בלעכערנעם קול,
מיט פאַרציטערטע הענט:
„לילית, וואָס ווייסטו?‟

שטייט זי צו א״ם מיטן רוקן.
גלאַנצט דער רוקן ווי רויבערשע מעסערס.
זי וויל נישט קוקן.

„האָסט בעסערס?
קום צוריק! כ׳בין דיר מוחל דיין גרייזן!
חער איבעראַנייס
מיין ווייב!‟

אַ דריי אויס צו אים דעם קאָפּ,
און מיט שווערער פאַראַכטונג,
מיט האַרבן טראָפּ:
„כ׳בלייב!‟

אויף זיין ערדענעם פּנים — גסיסה:

אין שטאָלערנעם אַרבל פון אַ וואָלקן
שטעקט אַריין אַ האַנט די מטרוניתא.

פון וואָלקענעם אַרבל
פלאַטערט איר פערל־האַנט
ציטערט אַרונטער
נידעריק, נידעריק,
רירט זי ביים נאַקן אָן,
גלעט.

„טאָכטער, איך ווייס,
אז דיין פיין בילט ווילד,
איך קען
דעם שוידער פון דיינע היפטן.
אַ דילה־רינה אַן אַנדערער,
אַ דילה־רינה פון שטרייטן,
פון הייליקע לעצטע געפעכטן,
ועט נאָך קומען אַ מאָל, האַרט ביים אויסלאָז פון צייטן,
אַהער עק וועלט!
און כאָטש ער וועט זוימען — דו וואַרט אויף אים צייטיי,
וואַרט לאַנגע געשלעכטן:
ער קומט!"

— „גייסט?"
פרוווט ראַטעווען זיין פרייד
אשמדאי צום לעצטן מאָל.

לילית זעצט זיך אין אַלמנהשאַפט אָן טרייסט.
זי ענטפערט נישט רייד,
זי ענטפערט שטאָל:

אויפן מאַן דעם רעכטן,
וואָס קען מיך פאַרקנעכטן,
וואָס וועט שעכטן
מיין תאווה מיט חלף אַלמעכטיק־גערעכטן,
דעם שטאַרקסטן פון אדמס געשלעכטן,
דעם האַר —
אויף אים —
זיץ איך און האַר!"

---

## גרויער רעגן

כ׳האָב ליב דעם גרויען רעגן —
דעם גרויען רעגן אויף אַלטע דעכער.
ס׳רייסט די בענקעניש צו וואָלקנס,
אויב נישט נאָך העכער...

ווי שטומע קינדער וויינען צווייגן
אויף קאַלטע וועגן —
און ס׳טרערט דאָס גוטע אויג
פון גרויען רעגן...

## ביינאַכטיק דאָרף

צום ראַנד פון רויטן דאָרף האָט צוגעשלייכט אַ פרוי,
אַ הויכע און אַ שטילע, ווי הויכער, שטילער שטיין —
און שלייערן געהיימע, האַלב־שוואַרצע און האַלב־בלויע,
געוואָרפן אויפן דאָרף, וואָס טרינקט זיך אין פאַרגיין.

אַ כאַטע נאָך אַ כאַטע פאַרשליסט די אַלטע ברעמען;
אין שייער, אויפ׳ן היי־געלעגער, צאַפּלט שטיל אַ פויער,
(מחשבות וועגן שטאָט־זונות לאָזט רו צו אויג נישט צו) —
און שטילקייט רוישט אין דאָרף ווי פליגן אין אַנ׳אויער...

## מיין קינד

אין צווייען גייען מיר,
מיר פריינט געטרייע,
אין צווייען זייען מיר
פרימאָרגנס נייע.

לבנות גאָלדענע
אין אויגן ריינע
שמייכלען ליכטיקע,
ווי הייגריך הייגע.

,ריגס-געצעלט ביי לאַדיקע. אַנטאָניוס און קלעאָפּאַטראַ זיצן אויף אַ געלעגער פון פּיל קישנס. קלעאָפּאַטראַ — אָנגעברוגזט. אַנטאָניוס האַלט זיין קאָפּ אויף איר שויס. אין זיין פּראָפּנעהאָנגענע האַנט — אַ ליידיקער בעכער. אין װינקל געצעלט זיצט אַ ברוין-הויטיק פּאַסטוכל מיט אַ ציגנפעל אויף די לענדן און שפּילט אויף אַ פּייפל. דאָס שפּילן הערט זיך נאָך פאַרן אויפצי).

פּאַסטוכל

(רייסט איבער דאָס שפּילן, חישט צו די ליפּן און קוקט אויפן אויסגעקערטן חיון-בעכער נעבן אים).

נישטאָ שוין מער קיין וויין. און די ליפּן זענען מיר טרוקן. מאַן מיט די רויטע האָר! דו האָסט שוין מער קיין וויין נישט? איך קאָן דיך, מאַן מיט די רויטע האָר! דו קומסט פון דעם לאַנד, וווּ מען רייבט זיך די קני מיט זאַפרען.

קלעאָפּאַטראַ

און ווּ האָט עס אַנטאָניוס אויסגעפינען אַזאַ יינגן זויפער? אַ פּכטן חבר צום געטראַנק.

אַנטאָניוס

הינטערן לאַגער האָט ער געפּאַשעט זיינע ציגן. האָב איך אים פאַרנאַרט אַהער. זאָג נאַר, קליין פּאַסטוכל, ווער איז דיין טאַטע?

פּאַסטוכל

איך האָב נישט קיין טאַטן. אַלע זענען מיינע טאַטעס, די וואָס זאָגן מיך אַרויף געכטיקן אויפן דאַך און איך פּאַשע דערפאַר זייערע ציגן. רופן מיך טאַקע די קינדער פון דאָרף: דעם ציגנבאָקס יינגל.

אַנטאָניוס

אויסגעצייכנט! זע, מיין ליבסטע, ס'איז אַן אוצר איך האָב אויס-געפינען! שענק כאָטש אים אַ שמייכל, אויב נישט מיר. און וואָס, מיין קליין פּאַסטוכל, זאָגט אויף דעם דער ציגנבאָק אַליין?

פּאַסטוכל

דער ציגנבאָק לעבט שוין נישט. אויף די עלטערע יאָרן זיך אָנ-געטרונקען מיט וויין, אַראָפּגעפאַלן פון באַרג און צעשאָטן זיינע ביינ-דער. ביי איך אויף זיין קבר און שפּיל אויף מיין פּייפל.

אנטאָני

װעסט אונז מיטנעמען אויף זײַן קבר?

פּאַסטוכל

אויב דו װעסט ברענגען װײַן אַ לאָגל, מאַן מיט די רויטע האָר! דו האָסט נישט אַזױפיל האָר אויפן קאָפּ, װיפל לאָגלען װײַן עס װערן דאָרט אויסגעטרונקען, און די לאָגלען — צעבראָכן אָן זײַן שטײנערנער מצבה.

קלעאָפּאַטראַ

און װער איז דײַן מאַמע, פּאַסטוכל?

פּאַסטוכל

אָ, מײַן מאַמען האָב איך ליב, נאָר איך דערקען זי נישט. איך קוק אויף די װײַבער און מײדן פון דאָרף און שמעק צו זײערע לײַבער, אפשר די? אפשר די? זײ זאָגן נישט אויס, און אַמאָל קוקן זײ אויף מיר אַזױ, אַז מיר דאַכט זיך: אַלע זענען מײַנע מאַמעס.

קלעאָפּאַטראַ

האָסט דײַן מאַמען נישט געקאָנט?

פּאַסטוכל

זי קומט צו מיר בײַ דער נאַכט אויפן דאַך אַרויף. אַ בלאַסע און אַ װאַרעמע. אָן אַ צודעק אויף איר שמעקעדיקן לײַב, װײַל זי גנבעט זיך אַרויס פון איר געלעגער. און איר לײַב שמעקט מיט פרישן מילך, און אירע האָר — מיט אַלטן װײַן. און זי נעמט מיך אַרום און דערװאַרעמט מיך. און איך טרינק מיך אָן מיט איר מילך און מיט איר װײַן און אַלע אינדערפרי בין איך זאַט און איך בין שכור.

אנטאָניוס

דערצײל, דערצײל, מײַן פּאַסטוכל! נישט שלאָג אים איבער, קלעאָפּאַטרע!

קריגסמאַן

(קומט אַרײַן. פּאַסטוכל דערשרעקט זיך און טוט אַ פאַל אַרויס הינטערן בעצעלט; דורכן פּאַרהאַנג)

אַנטאָניוס, די קריגסלײַט זענען גרײט.

אין פוילן וואָפן שטייען די קאָהאָרטעס
און ווארטן אויף דיין וואָרט און דיין באַפעל!

**א נ ט אָ נ י ו**

זיי ווארטן? — גוט. די שלאַכט וועט נישט אַנטלויפן
און קיינער וועט נישט אויסמיידן דעם טויט,
פון די, וואָס יאָגן זיך נאָך אים. נאָר איצט,
ווען כ׳ליג מיר דאָ צעלייגט אויף ווייכע קישנס,
מעג ווארטן די געשיכטע אין געשפּאַן.
איך האָב מיט איר אַן אָפּמאַך: איך בין אירער;
די רגע פרייד זאָל אָבער מיינע זיין.
דערלאַנג נאָך ווײַן, מיין ריטערליכער עראָס,
א קרוג מיט שטאַרקן זעלנערישן ווײַן!

(קריגסמאַן — אָפּ)

וווהין איז אונזער פאַסטוכל אַנטרונען?
כאַ-כאַ! ס׳איז אַ פערבלענדעניש געווען!
א ליבער גאַסט פון אויסגעטראַכטע וועלטן.
ס׳איז פיין! ס׳איז ווויל! מיט דיר, אָ, קלעאָפּאַטרע,
פאַרוואַנדלט זיך דאָס קריגס-פעלד אין אַ חלום
און די מלחמה — אין אַ שיכור-טאַנץ.

(חיפּ זי קושן).

**ק ל ע אָ פּ אַ ט ר אַ**

נישט ריר מיך אָן מיט דיינע ליפּן, רוימער!
א—ו, ווײַן-זויפער! זיי וויסן, כ׳האָב דיך פיינט!
מיין לייב איז אויך נאָר ווײַן פאַר דיר צום זויפן.
דו גיסט נישט נאָך מיין מינדעסטן פאַרלאַנג,
באַשטייסט נישט אויף מיין קלענסטו פאַרגעניגן!

**א נ ט אָ נ י ו ס**

אויב דאָס איז פאַרגעניגן — האַקן קעפּ,
דאַן נעם אַ שווערד און קום מיט מיר אין שלאַכטפעלד,
פאַרוואַנדל נישט אין שעכטהויז מיין געצעלט!

קלעאָפּאַטראַ

איך וויל זיין קאָפּ! זיין קאָפּ איך מוז באַקומען!
דו ווייסט דאָך, ווי געפּייניקט ווערט אַ פרוי,
ביים שוועל פון נישט געזעטיקטע פאַרלאַנגען.

אַנטאָניוס

איך ווייס. נאָר איינס איז דאָך פאַר מיר נישט קלאָר:
וואָס טויג זיין קאָפּ, ווען אָפּגעהאַקט פון קערפּער?
גלויב מיר, זיין קאָפּ איז צוגעפּאַסט צו אים,
דאָס איז אַ מאַן מיט קערפּערלעכע מעלות.
און אויב דו זאָגסט מיר נאָר: איך וויל זיין גוף, —
זיי זיכער: בלויז דעם קאָפּ וועסטו באַקומען.

קלעאָפּאַטר

פון דיר האָט מען, אַנטאָניוס, דערוואַרט
צו הערן מער ווי זעלנערישע חכמות.
און, אויב איך וויל זיין קאָפּ, איז עס דערפאַר,
ווייל ס'קלאָגט אים אָן זיין שוויגער אַלעקסאַנדראַ,
עס רייסט מיין האַרץ דער יאָמער פון אַ פרוי,
ווען דו ביסט טויב, באַשיצער פון די שוואַכע!

אַנטאָניוס

איך ווייס: זי קלאָגט אים אָן אין אַ פאַרברעך
וואָס קאָן נישט אָפּגיין גלאַט. זי שרייט, אַז הורדוס
האָט אומגעבראַכט איר זון — דעם כהן-גדול,
באַפוילן צו דערטרינקען אים אין שווים-באָד:
געוויס וואָלט דאָס געווען אַ רציחה.
צי קאָן אָבער די מוטער אירע חשדים
באַפעסטיקן מיט עדות און באַווייז?

קלעאָפּאַטראַ

באַדאַרפסטו קעגן הורדוסן באַווייזן
נאָך שטאַרקערע, ווי אַריסטאָבול'ס טויט?

אנטאָניוס

און אויב דאָס איז אַן אומגליקלעכער צופאַל
און הורדוס ווערט אַ קרבן פון איר חשד?
זאָל איך מיין האַנט אין ריינעם בלוט באַפלעקן?
מיין האַנט, וואָס האָט אים אָנגעטאָן די קרוין
זאָל אים זי אויסטאָן מיט זיין קאָפּ צוזאַמען?
צו איילִיק איז, מיין ליבסטע, דיין פאַרלאַנג!

קלעאָפּאַטראַ

איך גיב דיר נאָך אין וויכטיקערע זאַכן,
און איך פאַרלאַנג אַ קלייניקייט: — זיין קאָפּ;

אנטאָניוס

זיין קאָפּ און אויך אַ חלק לאַנד, פאַרשטייט זיך,
דעם טייל פון פּאַלמען־וואַלד און באַלזאַם־בוימער,
וואָס בלייבן אָן אַ יורש נאָך זיין טויט...

קלעאָפּאַטראַ

אַנטאָניוס, דער קעניג פון געקרוינטע
פאַרטיילט פאַרמעגנס מיט אַ ברייטער האַנט, —
פאַרוואָס זאָל קלעאָפּאַטראַ נישט געניסן?

אנטאָניוס

אָ־האָ, מיין גיפטיק שלענגעלע, ווי זיס,
ווי זיס עס איז צו האַלטן אין די אָרעמס
דאָס גרעסטע פון פאַרברעכנס אין דער וועלט,
וואָס אָטעמט איבער דיר מיט טויט און ליבע!
דערצייל, מיין קינד, דערצייל דעם זעלנער דיינעם,
פיל מאָל האָסטו מיט אָפּגעהאַקטע קעפּ
זיך אויסגעשמירט די פינגערלעך די צאַרטע?...
נישט איידל איז מיין זעלנעריש געשמאַק.

קלעאָפּאַטראַ

דו זאָגסט דאָך, אַז עס רייצט דיינע געבליטן,
דו זאָגסט דאָך, אַז די ליבע פלאַקערט אויף.
דאַי גיב מיר נאָך, און טו צוליב דעם זעלנער.

אַנטאָניוס

נישט נאָכגעבן איז אויך פון גרויסן ווערט.
עס רייצט נאָך מער דעם זעלנער...

קלעאָפּאַטרא

ביסט מיין שונא.
איך האָב דיך פיינט.

אַנטאָניוס

ווערסטו דיך איבערבעטן.

קלעאָפּאַטרא

ס'איז לאַנג צו וואַרטן.

אַנטאָניוס

הער, דו צאַרטע פרוי!
די פינגער מיינע — זעסט — ווי האַרטע צוואַנגען,
און דאָך, ווי ווייך זיי צערטלען דיך ביים האַלז.
חי מיינסטו, קינד מיינס, גרויס איז דער באַטרעף
דריק צו טון די פליגל פון דיין אָטעם
קיין האָן זאָל נישט אַ קריי־טון? שלאָף געזונט...
ביים דעק פון ליבע צאַפּלט זיך מיין האַס.
אין זומפּ פון תאוה ראַנגלט זיך מיין עקל.
דו האַלטסט זיי אָן ביים לעבן מיט דיין וואָרט.
און ווערסטו שלאַנג — דאַן קאָן איך טיגער ווערן.
דו ווילסט מיך בייסן? בייס!

(דריקט זי צוזאמען אין זיינע אָרעמס.)

קלעאָפּאַטראַ

איך ווער דערשטיקט,
צוברעכסט מיר מיינע קעניגלעכע ביינער
דעם אַלטו, דעם תּלמדאַישן קרישטאָל —

אַנטאָניוס

וואָס דו אַליין האָסט זיין געשיר צעבראָכן!
ווו זענען דיינע ברידער, קלעאָפּאַטראַ?
האָסט — ליבנדיק — זיי אָפּגעשיקט צום טויט?

קלעאָפּאַטראַ

דו ווייסט דאָך: ווען איך האָב ליב — דעם טויט איך.
דו דאַרפסט זיך שרעקן.

אַנטאָניוס

גיפטיק איז דיין ביס.
ביסט גרייט צו שענקען הורדוסן אַ שמייכל,
אום אויסצונאַרן פון מיין האַנט — זיין קאָפּ.
איך קען דיך ווויל. און דאָך — איך פיל מיך גליקלעך.
דו האַלטסט מיך וואַך ביים ברעג פון טיפן תהום,
איך קוק אַראָפּ — און ס׳שווינדלט פאַר די אויגן.
צי קאָן דען זיין נאָך שטאַרקער דאָס געטראַנק
פון זיסן גיפט, מיין שלענגעלע? איך ליב דיך!

קריגסמאַן

(קומט אריין מיט א קרוג ווין. ניסט אן אנטאניוסעס בעכער).

די לעגיאָנערן ווערן אומגעדולדיק.
מען טאָר צו לאַנג נישט אָנהאַלטן די פייל,
װאָס האַלט געשפּאַנט און לאָזט נישט אָפּ דעם בויגן.
אין דרייסיק ציילן, טויזנט מאַן אַ צייל,
דיך רופן אַלע זעכציק טויזנט אויגן!

אַנטאָניוס

איך ווייס, איך ווייס, מיין ריטערלעכער עראָס.

איך ווייס נאָך מער פון דיר, די גאַנצע וועלט,
פון אַלביאָן ביז כינאַ, פון די סקיטן
ביז אַפריקאַ, איז, כ׳לעבן, גאָרנישט ווערט,
ווען מען פאַרגלייכט זי מיט אַ וועלט אַ צווייטער,
דער וועלט פון מיין געצעלט אין זיבן שפּאַן.
אין יענער וועלט אַ זיגער — בין איך דאָ
אין שווערן קאַמף פאַר זיין אָדער נישט זיין,
און ליבער, זיסער, פיל  א י נ ט ע ר ע ס א נ ט ע ר
איז מיר דער קאַמף אויף טויט און לעבן דאָ,
ווי דאָרט מיט אייך צו זאַמלען לייכטע טריומפן.
גיי, עראָס, רוף מיר הורדוסן אריין!
(קריגסמאַן אָפּ)
דו וועסט שוין זיין צופרידן, קלעאָפּאַטראַ!

ק ל ע אָ פּ א ט ר א

כ׳וועל זיין צופרידן, האַלטנדיק זיין קאָפּ.
(גייט אריין הורדוס. אין באַשיידענע קליידער. אָן אַ שווערד. די קרוין האַלט ער אין דער האַנט. דעם קאָפּ שטאָלץ.)

ה ו ר ד ו ס

אַנטאָניוס, מיין הערשער, זיי באַגריסט.
אויך דו, מצרימס צירונג, קלעאָפּאַטראַ.
ס׳קומט אויס אַ מאַן צו שטיין אין גרויס געפאַר,
דאַן שטיצט אים זיין וואָפן און זיין האָפן.
איך האָב זיי ביידע נישט. איך שטיי פאַר דיר,
אַנטאָניוס, און קוק אין דיינע אויגן
אָן שרעק און אָן תחנונים — און איך וואַרט.
נאָר איידער עס וועט קלאָר ווערן מיין גורל —
איך לייג אַוועק מיין קרוין צו דיינע פיס,
יהודהס קרוין, וואָס דו האָסט מיר געשאָנקען
אין גוטן מיין, אַז הורדוס איז זי ווערט.
איך בין זי ווערט געווען כל-זמן דיין צוטרוי
צו מיר איז ווי אַ פעלזן-וואַנט געווען.
איך בין זי מער נישט ווערט, ווען אין דיין האַרצן

האָט זיך אַ חשד פאַרקליבן קעגן מיר.

אַנטאָניאָוס

צו איילֶיק ביסטו, קעניג פון יהודה,
פאַר דיין געביטער אויסצוטאָן די קרוין

הורדוס

וואָס טויג מיר קרוין, ווען איך האָב מער פאַרלוירן
די פעסטונג פון דיין צוטרוי און דיין פריינדשאַפט.
איך בין א קריגער וואָס פאַרשפּילט די שלאַכט,
דאָך בלייב איך מאַן ביי אַלע מיינע חושים.
און ווי אַ מאַן איצט מעסט איך מיין פאַרלוסט.
ווען ס׳גילטן שוין נישט מער די פּיל באַווייזן
פון הורדוסעס עקשנותדיקער טריישאַפט
אין שווערע שלאַכטן מיט די פיינט פון רוים,
ווען הפקר זענען הורדוסעס פאַרדינסטן
און טרייע הילף צו רוימישע חיילות
אין אַלע דיינע שווערע מדבר-געגנ,
ווען הורדוס האָט דערלעבט אַז פון א בלבול,
געבוירן אין אַ ווייבערישן קאָפּ
און אויסגעפּויקט דורך ווייבערישע צינגער
זאָל אונטערגיין די חשיבות פון זיין נאָמען —
דאַן איז נישטאָ קיין פריינטשאַפט אויף דער וועלט!
דאַן האָב איך נאָר די קרוין צו שפּאַס געטראָגן!
זי ברענט מיין שטערן, נעם זי דיר צוריק.

אַנטאָניוס

(טראַכט און באַשליסט. דערלאַנגט הורדוסן זיין בעכער)

טרינק, מלך הורדוס, טרינק פאַר מיין געזונט!

הורדוס

דערהויבענער אַנטאָניוס, איך טרינק.
קיין מלך מער. אַ מאַן וואָס איז געצוווּנגען
פאַרוועסערן די ביטערקייט פון גאַל.
(טרינקס)

# אַ נ ט אָ נ י ו ס

(צו קלעאָפּאַטרא)

זעסט, ליבסטע מיינע, דער, וואָס נעמט דעם בעכער
פון ריכטערס האַנט און טרינקט פון אים מיט צוטרוי—
דאַן ווייס: ביי דעם איז דאָס געוויסן ריין.

(פּילט ווידער אָן דעם בעכער)

איך טרינק פאַר דיין געזונט, מיין ליבעו' הורדוס.
און הער מיין אורטייל: שטאַרק דיך און רעגיר.
געוועלטיק ווידער אין דעם לאַנד יהודה,
אַזוי, ווי דו האָסט ביז אַהער געוועלטיקט.

(טוט אים אָן די קרוין)

עס ערליך איז די ווייבערישע צונג.
דאָך דאַרפן מיר קיין מענער זיך נישט רופן,
אויב אונזער פריינטשאַפט זאָל נישט גובר זיין.
זאָל רוים מיך משפטן, אויב כ'האָב פאַרזינדיקט
מיט דעם, וואָס איך געווין צוריק זיין פריינט,
און נאָך וועל איך ד י ר דאַנקען, קעניג הורדוס:
דערמאָנסט מיך אָן דער פליכט פון מאַן און רוימער.
דיין וואָרט האָט מיך פון הינערפלעט געוועקט.
אַ וו ע ק פון מיר, איר אויסגעצירטע קישנס,
חברים פון צעלאָזנקייט, אַוועק!
צ ו ם ש ל אַ כ ט באַוואָפנט וואַרטן לעגיאָנען —
א ן איך — וואָס טו איך דאָ, אין דעם געצעלט?
העי, עראָס! גיב מיין שווערד, מיין שילד, מיין העלם!

(קריגסמאַן לויפט אריין, דערלאַנגט אים זיין וואָפן, טוט אים אָן)

זאָג אָן די קריגסלייט, אַז דער פירער גייט:
דו, מלך הורדוס, בלייבסט מיין גאַסט מיין ליבער,
אויף קלעאָפּאַטראַס הענט לאָז איך דיך איבער.

(אַנטאָניוס פאַרלאָזט דאָס געצעלט. פאַנפאַרן, הייטע יובל-געשרייען. הורדוס און קלעאָ-פּאַטרא הערן זיך צו.)

הורדוס

אזוי נעמט אויף דער קערפער זיין נשמה,
וואָס גאָט האָט זי אַריינגעהויכט אין אים.

קלעאָפּאַטראַ

ער איז אַוועק צו זיי. באַלד קומט ער ווידער
מיט טויזנט פעדעם בינדט אים דאָס געצעלט...
באַוויליק דיך צו זעצן, קעניג הורדוס.

הורדוס

איך דאַנק, מצרימס צירונג! איך וועל שטיין.

קלעאָפּאַטראַ

ער פרוי איז שווער אויף מענער צו באַפעלן,
מיך הייסט אָבער מיין פליכט און איך באַפעל.

הורדוס

דעם מאַן איז ליב דער פּרויס באַפעל צו פאָלגן.

(זעצט זיך)

קלעאָפּאַטראַ

ניין, זעץ דיך, קעניג, נענטער נעבן מיר.
אָט דאָ, צעפּוסנס. קיינער זאָל נישט מיינען,
אז קעניג הורדוס האָט אויף מיר א האַרץ

הורדוס

מיין האַרץ איז פול מיט איידעלער אַנטציקונג
פאַר דיר, דעם גרעסטן וווּנדער פון דער וועלט,
דער צאַרטער פרוי, וואָס קיניגט איבער הערשער

קלעאָפּאַטראַ

ביזט העפלעך, קעניג, איך וואָלט אָבער וועלן
זאָלסט עפּעס פאַר פריינדלעכקייט דיין האַרץ.
א פרוי — איך זוך די שוץ פון שטאַרקע מענער.

הורדוס

אַנטאָניוס אַמבעסטן האָט באַוויזן,
װי שוואַך עס איז דער שטאַרקסטער קעגן דיר.

קלעאָפּאַטראַ

און דאָך בין איך זיך מודה, קעניג הורדוס:
איין מאַן האָט מיך באַזיגט. און דער — ביזטו.
כ׳בין גרייט געווען צו גלויבן אַלעקסאַנדראַן,
אַז גרויס איז, קעניג הורדוס, דיין פאַרברעכן.
נאָר הורדוס קומט אַריין און זעט און זיגט.
אַ מאַן ווי דו מוז בלייבן דער גערעכטער.

הורדוס

די קעניגן שאַצט איבער מיינע מעלות.

קלעאָפּאַטראַ

ניין, קעניג הורדוס, ניין! אַ מאַן ווי דו
פאַרדינט פון מיר די איידלסטע באַלוינונג
נאָך דעם, ווי איך האָב שלעכט פון אים געמיינט.
פאַרלאַנג נאָר און דיין שכר וועסטו באַקומען.

הורדוס

ווען אָפן איז דיין האַנד מיך צו באַגליקן,
פאַרלאַנג איך, אַלס אַ לוין פאַר מיינע לייד
אַ קוש צו טון די ברעגן פון דיין קלייד
און אויסגיין אין השתפכות פון אַנטציקונג.

קלעאָפּאַטראַ

צי ליגט אַ שטילער מיין אין קעניגס רייד?

הורדוס

צי קאָן איך מער פאַרלאַנגען?

קלעאָפּאַטראַ

וועל איך הערן.

הורדוס

פּאַרטרוי איך דיר מיין איידלסטן באַגער:
איך וויל, אַז קלעאָפּאַטראַ זאָל מיר שענקען
די גאָלדענע קמיעַ מיט איר בילד
צום אייביקן פאַרערן און געדענקען.

קלעאָפּאַטראַ

אָ, הורדוס, דו ביסט שטאַרק און דו ביסט מילד.
אַ מאַן אין שלאַכט, אַ יונגפרוי אין באַגערן.
(זי טוט אים אן איר קמיע און נעמט ארום זיין קא[illegible])
ווי לייכט וואָלסטו געקאָנט אויף מיין פאַרלאַנג
דער פירער פון מיין לאַנד און חייל ווערן.
און דאָס איז דאָך מיין חלום שוין פון לאַנג.
אַז הורדוס קאָן אַ פעסטונג נעמען — ווייס איך,
פאַראַן אָבער אַ פעסטונג אין מיין ברוסט,
אַ חייל — אָט די אָרעמס מיינע הייסע,
און זיי וואָלט הורדוס נאָכגעבן געמוזט.
(הורדוס באפרייט זיך לאנגזאם פון אי[illegible] ארעמס)

הורדוס

כ׳האָב נאָכגעגעבן, קעניגין, דו זעסט.
ווער קאָן דען מיט דיין גבורה זיך פאַרמעסטן!
פאַרשיכורט פון דעם אָטעם פון דיין לייב,
דיין אייביק טרייער דינער וועל איך בלייבן.

קלעאָפּאַטראַ

און דאָך, מיין קעניג, ציסטו זיך צוריק,
ווען כ׳עפן דיר דעם טויער פון גן־עדן.

הורדוס

כ׳האָב קיינמאָל נישט קיין צוטרוי צו מיין גליק,
דעריבער בין איך פאָרזיכטיק־באַשיידן.
אַ מלך פון יהודה איז דיין קנעכט
און גאָט האָט מיך געפירט אין זיינע וועגן,
און איידער מיינע בריקן איך צעברעך,
איך מוז ביי גאָט פון לאַנד אַן עצה פרעגן.

קלעאָפּאַטראַ

אָ, מענטש, דו מענטש, פאַרלאָזסט, וואָס דיר איז ליב
און וואַרפסט דיין גליק — אַ קרבן פאַרן נילוס.

הורדוס

פאַרגיב מיר, גרויסע קעניגין, פאַרגיב!
ביי מיר איז איצט די רעכטע צייט פון תפילה.

(הורדוס פאַרנייגט זיך און שלייכט זיך אַרויס פון געצעלט. קלעאָפּאַטראַ קוקט פאַר וווּנדערט צום אַרויסגאַנג. באַטראַכט אירע הענט און צעלאַכט זיך פלוצלינג.)

קלעאָפּאַטראַ

אָ, לעכערדיקע זעק! איר הענט מיט שפּאַלטן!
זיין קאָפּ געהאַלטן — נישט געקאָנט דערהאַלטן!

1

## שטיקערייען

ס'איז דורכגעשטאָכן מיט נאָדלען
דאָס האַרץ פון אַ יעדער שעה,
זי בלוטיקט מיטן טיפקאָליר פון רויטן זייד
אויף ווייסן, קילן לייוונטלייב.

און אויף דעם פרישן קבר פון אַ יעדן טאָג
וואַקסט אויס אַן אויסגעשטיקטע בלום.

פון צימערווינקלען קוי
צעוואָרפענע אויף טישטעכלעך און קישנס רישעליע
קעפּ
מיטליידיקע און וואַנזיניקע אויגן
אויף שמאָלע פלייצעס פון יונגע פרויען.

און יונגע יאָרן ליגן מיט די פּנימער באַהאַלטן
אין פעלד פון גילדענע זאַנגען אויף אַ סאַמעט דעק,
און טאָג און נאַכט
נאַכט און טאָג
שטיקט די צייט
מיט בלאָפּיאָלעטן אָדערנגעוועב
אויף די אויסגעבלייכטע, מידע פרויענהענט
די מוסטערן פון איינזאַמקייט און טרויער.

II

# קראַנקע קינדער

די שפּיציקע הויקערס פון קינדערישע שמאָלע פּלייצעס
שנײַדן זיך אַרײַן אין פרייד פון האָניקפולע זומערדיקע טעג,
ווי קרומע ווענט אין רויך אָטעמדיקע גאַסן.

פול מיט ווייסן פון טויט און אָנונג פון לעבן
שפּאַרט זיך אָן דער גרויסער קאָפּ אויפן דינעם שטענגעלע פון האַלז,
ווי גרין-געלער אַרבוז, וואָס הענגט איבער די פּלויטן
און ווערט געבלייכט פון ברענענדיקע היצן.
און הענט, וואָס זענען בײַנערדיק ווי גראַבליעס
און פאַר דעם קליינעם גוף צו לאַנג
שלעפּן זיך נאָך פון בײדע זײַטן, ווי צוויי צעבראָכענע פליגלען
פון אַ ווילדער גאַנז.

בײַ יעדן שפּרונג און לאַך פון די געזונטע קינדער
באַהאַלטן זיך אין שאָטן פון דעם קײַלעכדיקן שטערן
די גרויסע אויגן, ווי כּוסהלעך מיט ווײַן און גיפט.

ס׳טוליעט זיך פאַרשעמט צום האַרטן אָנלען פון דער באַנק
דער הויקער אָנגעשוואָלן פון די מענטשנס בליקן,
וואָס שלאָגן צו, ווי טשוועקעס צום צלם פון די גאַרטנבענק
דאָס קאַרלעוואַטע קינדערישע לײַב.

III

## אַ פּערציקיעריקע פרוי

ס'ווײַנט אַרײַן אין דער נאַכט פון איר פערציקסטן יאָר
דער אײנזאַמער שריט פון דער פרוי.

מיט דעם דינעם פאָדעם פון ערשטער גראָער האָר
איז אַרומגעוויקלט דער האַלז פון דער האָפנונג.

אַז די טיף אין זיך אַרײַנגעפאַלענע אויגן
ווי אַן אַרײַנגעדרייטער קנויט פון זיך לעשנדיקן לאָמפּ,
שרויפן זיך אַרײַן אין דעם פאַרויס,
פאַלט אויף זיי אַרויף די שווערע, שוואַרצע פלאַכטע פון דער שרעק.

ווי טאָפּאָליעס ביים וועג, וואָס רוקן זיך פון גיכע שריט אויף הינטן,
בלײַבן די קינדער אירע,
וועלכע זענען שוין פון לאַנג אַנטווײַנט פון מוטערס וויאַנענדיקן לײַב,
און דער, וואָס זי קושט זײַן שוועל מיט באָרוויסע פיס,
איצט ביים שיידוועג פון די יאָרן,
בלײַבט שטיין
ווי אַ ליכט אַ קאַלטע און אַ שטאָלצע
פון פרילינגגאַנגעצונדענעם קאַשטאַנבוים.

ס'איז דער גוף, דער צוגעווײַנטער אַנדערע צו דינען,
געוואָרן פלוצים, ווי אַ פרעמדע זאַך,
פון עמעצן צופעליק פאַרגעסן,
לייגט מען זי אַזוי פון איין ווינקל אין אַ צווייטן
און ס'וועט זי מער נישט קומען קײנמאָל מאָנען
דער בעל-הבית.

IV

## די אַלטע מאַמע

די אָפּגעלעבטע יאָרן, ווי אַ בינטל שמאַטעס,
ליִגט זי אונטער דעם קאָפּ אַ קישן,
אויף האַרטן טאַפּטשאַן אין דער שמאָלער קיך
און לאָזט דאָס אייגענע בעט,
דאָס בעט,
אויף וועלכן זי האָט נישט לאַנג געבוירן אירע קינדער
דעם יונגן ווייב פון יונגסטן זין,
נישט זאָגנדיק קיין וואָרט,
גלייך דאָס וואָלט שוין פון לאַנג געווען אָפּגערעדט אזוי.

די הענט, ווי אויסגעדרייטע, אָפּגעשיילטע צווייגן פון אַ בוים,
האַרט ווי ריבייזנס פון גראָבער אַרבעט,
אַנטלאָפן פון דעם אייגענעם לייב און שווערער איינזאַמקייט פון נאַכט,
ווי אָפּגעבריט מיט קראָפּיווע פון דאַרער אַלטקייט
און בלייבן הענגען אויף דעם ראַנד פון טאַפּטשאַן-ברעט.

איבער די אָפּענע, שמאָלע קברים פון די קנייטשן,
וואָס ציען זיך לענג-אויס, ברייט-איין פון לייב,
ווי ראָוועס אויסגעגראָבענע אין נאַסן פעלד,
שפּרינגט די שלאָפלאָזיקייט, ווי אַ פאַרשייטע מויז
און ווייזט אַ רויטע צונג דעם גוטן שלאָף.

די טויבע אויערן זויגן זיך אַריין, ווי פּיאַווקעס,
אין הייסן, אָנגעשוואָלענעם לייב פון נאַכט,
ביז וואַנען זיי דערהערן נישט פון י ע נ ע ר זייט טיר
דאָס תּאוּדיקע קרעכצן פונם בעט,
אויף וועלכן זי האָט געבוירן אירע קינדער.

## 1

אויף דיינע מויערן גייט וואַר אַרומעט אין אַ טלית.
ביינאַכט איבערן שטאָט איז ער אַליין אַ טרויעריקער אויף.
ער האָרכט: די אַלטע אָדערן פון שאַרע דורכהויפן און קלויזן
וואַכן, קלינגען, ווי אַ הייזעריקע האַרץ אַ שטויביקע.
דו ביסט אַ תהילים אויסגעלייגט פון ליים און אייזן;
אַ תפילה איז אַ יעדער שטיין, אַ ניגון יעדע — וואַנט,
ווען די לבנה רינט אַראָפּ אין דיינע געסלעך פון קבלה,
און ס'בלייכט אַרויס די נאַקעטע אין מיאוס-קאַלטע פּראַכט.
דיין פרייד איז טרויער — די פרייד פון טיפע בעסער
אין קאַפּעליע, יום-טובים זענען די לויות,
און טרייסט — די קלאָרע, לויכטנדיקע אָרעמקייט,
ווי שטילע זומער-נעפּלען אויף די ראָגן פון דער שטאָט.
דו ביסט אַ טונקעלע קמיע אייגעפּאַסט אין ליטע,
פאַרשריבן גרוי און אַלט אַרום מיט מאָך און מיט לישייעס;
אַ ספר איז אַ יעדער שטיין, אַ פּאַרמעט — יעדע וואַנט,
צעבלעטערט סודותדיק און אויפגעעפנט אינדערנאַכט,
ווען אויף דער אַלטער שול, אַ וואַסערטרעגער אַ געפראָרענער, —
דאָס בערדעלע פאַרקאַשערט, — שטייט און ציילט די שטערן.

# II

ביינאַכט איבערן שטאָט בין איך אַליין אַ טרויעריקער אויף:
נישטאָ קיין קלאַנג. עס גליווערן די הייזער — קופּעס שמאַטעס,
נאָר ערגעץ הויך אַ חלבדיקע ליכטל טריפט און פלאַטערט —
עס זיצט אַ בעל-מקובל איינגעוועבט אין בוידעם,
ווי אַ שפין, און ציט דעם גרויען פאָדעם פון זיין לעבן:
— איז ווער פאַראַן אַרום אין ווייטער, קאַלטער פוסטעניש,
וואָס מיר, פאַרטויבטע, הערן די פאַרלאָרענע געשרייען?
און ס'שטייט פאַר אים רזיאל בלייאיק אין דער טונקלקייט
מיט אַלטע, פאַרמעטענע פליגלען אָפּגעקראָכענע,
און אויגן — גריבער אָנגעפילט מיט זאַמד און שפינוועבס:
— ניטאָ. חוץ טרויער איז שוין גאָרנישט מער פאַראַן!...
דאָס ליכטל טריפט. עס האָרכט דער גרינער ייד פאַרשטיינערט
און זויגט דאָס פינסטערניש פון מלאכס אויגנלעכער,
און בוידעם איבער בוידעם עטעמט אָפּ — די לונגען
פון דער האָרביקער באַשעפעניש, וואָס דרימלט אין די בערג.
אָ, אפשר ביסטו, שטאָט, אַ חלום פון אַ בעל-מקובל,
חאָס שוועבט אַ גרויע זיינדערוועלט, ווי שפינוועבס אָנהייב יעסען

III

דו ביסט אַ תהילים אויסגעלייגט פון ליים און אייזן,
און דיינע אותיות וואַגלען, בלאָנדזשען אָפּגעקראָכענע:
יידן שטייפע, ווי די העלצער, ווייבער, ווי די לעבלעך ברויט;
קאַלטע, סודותדיקע בערד, די פּלייצעס אויסגעהאַמערטע,
און אויגן וואַקלענדיקע, לאַנגע, ווי די שיפלעך אין אַ טייך — — —
יידן דיינע ביי אַ זילבערדיקן הערינג שפּעט ביי נאַכט
שלאָגן זיך על חטא: אַ גאָט, מיר זינדיקן, מיר זינדיקן...
און די לבנה, ווי אַ ווייס אויג, אַדורך די שייבלעך גלאָצט —
דאָרט זילבערן זיך שמאַטעס אָנגעהאַנגען איבער שטריק,
די קינדער אין די בעטן — געלע, גליטשעוודיקע ווערעם,
און מוידן האַלב שוין אויסגעטאָן מיט לייבער, ווי די ברעטער — — —
שמאָלע, ווי די גאַסן זענען דיינע כמורנע יידן;
שטומע שטערנס, ווי די ברייטע, גליווערדיקע ווענט פון שול־הויף,
און ברעמען מאָכיקע, ווי דעכער איבער דיינע חורבות.
דו ביסט אַ תהילים אָנגעשריבן אויף די פעלדער,
און ווי אַ ראָב זינג איך פון דיר ביים שיין פון דער לבנה,
ווייל קיינמאָל איז די זון נישט אויפגעגאַנגען אין דער ליטע.

## IV

דיין פרייד איז טרויער — די פרייד פון טיפע בעסער
אין קאפעליע, א שווארצער איז דיין שטילער פרילינג.
בוימלעך וואקסן פונם מויער, גרעזער פון די ווענט;
דאס גרויע בליעכץ קריכט פארשלאפן פונם אלטן בוים
און בלאטיק שטייט דער קאלטער קראפעווע שוין ביי דער ערד,
נאר קויט און אייביק גליווערדיקע ווענט אין נעץ,
און ס׳טרעפט ביי נאכט, א ווינטל טוט א טריקן שטיין און דאך,
און א געשטאלט פון טראפנוואסער און לבנה־שיין
שלייכט דורך די גאסן זילבערלעך און ציטערדיק פארחלומט —
ס׳האט די ווילִיע קיל און נעפלדיק זיך אויפגעהויבן,
און פריש, און נאקעט-הויל, מיט לאנגע, וואסערדיקע הענט,
אריין אין שטאט. די בלינדע שייבלעך קוקן אויסגעקרימט,
די בריקלעך רונד איבערגעווארפן אויף די מויערן.
א, קיינער וועט נישט עפענען א טיר, ארויסשטעקן דעם קאפ
צו דער ווִיליע און איר דינער, בלויער נאקעטקייט.
עס שטויבען, ווי די בערג ארום, די מויערן מיט בערד,
און שטיל, און שטיל — — —

V

דו ביסט אַ טונקעלע קמיע איינגעפּאַסט אין ליטע,
און ס'טליען קוים געשטאַלטן אין דיין זומיקן גרונט:
די ווייסע, בלאַנקע גאונים גייענדיק פון ווייטער ליכט,
מיט ביינער שמאָלע, האַרטע, אויסגעשליפענע פון מי;
דאָס הייסע, רויטע העמדל פונם שטאָלענעם בונדיסט;
דער בלויער תלמיד זיצנדיק ביים גרויען בערגלסאָן,
און יידיש איז דער פּראָסטער קראַנץ פון דעמבנבלעטער
אויף די אַריינגאַנגען די היילִיק-וואָכיקע פון שטאָט.
דאָס גרויע יידיש איז דאָס ליכט, וואָס פינקלט אין די פענסטער — — —
אָ, ווי אַ גייער ביי אַן אַלטן ברונים אינטערוועגנס,
זיך איך דאָ און האָרך די רויע שטים פון יידיש.
און אפשר רוישט עס אַזוי שטאַרק דאָס בלוט אין מיינע גלידער:
איך בין די שטאָט! די טויזנט שמאָלע טירן צו דער וועלט,
די דעכער איבער דעכער צו דעם בלאָטיק-קאַלטן בלוי.
איך בין דער שוואַרצער פלאַם, וואָס לעקט דאָ הונגעריק די ווענט
און גליט אין שניידיק-שאַרפן אויג פון ליטוואַק אינדערפרעמד.
איך בין דאָס גרוי! איך בין דער שוואַרצער פלאַם! איך בין די שטאָט!

## VI

און אויף דער אַלטער שויל א וואַסערטרעגער אַ געפּראָרענער, —
דאָס בערדעלע פאַרקאַשערט, —. שטייט און ציילט די שטערן.

---

I

פיל פון מיינע ברידער דאָ
זענען אין די טעג ווי בערג גרוי אויפגעגאַנגען,
מחנות-ווייז פאַרלאָזט די היים.

ווינטן — אויפגעריסן מיט די זאַמדן פון דער ערד,
האָבן אָפּגעקערט פון זייערע פיס,
און געבליבן הענגען אויף צעוויגטעביימער אינם פעלד.

האָט איר געזען די פנימער פון פרויען,
אויסגעבלייכט אין טאָג
שטיינבלייבן ביים זייט פון וועג ?
ווי איינע איז פאָרויס געלאָפן
מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם טוך, ברעכנדיק די הענט געדופן
אין דער ווייט:

— עזריאל, עזריאל! —
און נישט געלאָזט זיך אומקערן אויף צוריק?

פיל פון מיינע ברידער דאָ
זענען אין די טעג ווי בערג גרוי אויפגעגאַנגען
מחנות-ווייז פאַרלאָזט די היים.

II

פייגל ציען — ווייס אָראָפּגעריסן פון דער הייך,
אַזוי נידעריק געצויגן מיט די העלזער צו דער ערד.
אפשר איז נאָך ווו געבליבן שפייז
פאַרן הונגעריקן האַרטן מויל?

ס׳דרייען ליידיק זיך די ווינט-מילן אין ווינט.

זקנים קומען אָן מיט די וועגען פון דער שטאָט
צו בייזע דערפער נאָך אַביסל מעל
מיט צונויפגעלייגטע זעק.

די תבואה האָט מען אויפגעזאַמלט פון דער ערד,
אָפגענומען און פארטראָגן פונם לאַנד —
טו׳ליען זיך די פעלדער — ווייט פאַרשניטן,
ווי שעפעלעך געשוירענע אין קאַלטן האַרבסט.

ס׳דרייען ליידיק זיך די ווינט-מילן אין ווינט.

III

די הייזער שטייען — לאָם, ווי פערד די פעל אַראָפּגעשונדן,
מיט די ציגל — רויט אַ פערגעשטאַרצט פונם טינק, דעם
אַראָפּגעריסענעם פון זיך,
און זונקען אַזוי נידעריק צו דר׳ערד.

ס׳עט אודאי דאָ אַרויסגיין ווי אַ מאַמע פון אַ טיר אָן אויפגעריסענער
און מיט פונאַנדערגענומענע הענט אַ געשריי טון אין דער גאַס:
„מיר גייען אויס!"

וועט אין אַנלויף זיך צונויפדרענגען די גאַנצע שטאָט
און מיטן נייגיר אין די אויגן באַוווּנדערן איר הונגער-משוגעת.
— ווער?

אַז דער טאָג האָט מיט דער מאַטקייט פון די שטיינער זיך געלייגט
היטן די שטילקייט פונם דורכגייערס טריט,
האָט קיינער ניש געוווּסט פון פיין, דער פאַרשלאָסענער אין יעדן הויז.

IV

אַ ברויטל פון שוואַרצן מעל, וואָס האָט נישט דערווויגן צווייַ פונט אפילו,
האָט מיין טאַטע פאַר דעם גאַנצן הויזגעזונט אויף אַכט חלקים
אויסגעטיילט —
און אָנבייסן פאַר אונז.

און אַז ס׳האָט די מאַמע אין דער שטיל אָפּגעגעבן איר חלק ברויט
די יינגסטע פון איר לייב,
פאַר די מיט ווייכע ביינדלעך נאָך, וואָס זענען געקראָכן אויף דער ערד,
און אַליין פון שוואַכקייט געמוזט זיך לייגן אינם בעט —
זענען מיר, די עלטערע פון שטוב, צוגעשטאַנען צו איר:
„מאַמע, עס אַליין, מאַמע!"

גאַנצע טעג זענען מיינע ברידערלעך געזעסן ביי דער מאַמען אויפן בעט
האָבן אירע זאָרגן אויפגעזופּט ביי זיי אין בלוט,
פון אירע רייד זענען אַלט געוואָרן זייערע פנימלעך און געל
און נישט געגלוסט האָט זיי זיך מער צו לויפן שפּילן אויפן הויף.
זענען זיי נישט איינמאָל אָן דער מאַמעס ווילן אַוועק
אין די גרויסע סקלאַדעס האָלץ
שפּענער קלויבן אין אַ זאַק,
שפּעטער זאָל די מאַמע אָפּקאָכן אויף נאַכט־עסן קאַרטאָפל אַ פּאָר
פאַר אַלעמען פון שטוב.

אין גרויען אויפדערנאַכט האָט די מאַמע ס׳האַרץ זיך אויסגעבלאָזן
אינם קאַלטן פייער פון דער קיך די שפּענער צו דערברענען
און נישט געקאָנט מיט אויפגעשוואָלענע אָדערן אין האַלז
דערוואַרעמען ס׳קאַלטע וואַסער אינם טאָפּ.
זענען די ברידערלעך מיינע, ווי לויזע זעק, צוגעפאַלן צו אירע פיס
און אַזוי איינגעשלאָפן אין די קליידער אויף דער ערד.

## V

אַז די שווערע האַנט דער נויטס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט
אויף אונזער קאָפּ,
זענען אַלע מיר, ווי פייגל אויפגעשוידערטע אין שרעק,
זיך צעלאָפן פון דער היים.
מיינע שוועסטערן, יינגע מיידלעך נאָך, מיט ווייסע צאַרטע הענט,
מיט צוגעקעמטע גלאַטע האָר, פאַרפלאָכטענע אין שוואַרצע צעפּ,
האָבן זיך פאַרדונגען אין דער פרעמד,
אונטער טירן פון אַ פרעמדן הויז.
מיינע ברידערלעך זענען נאָכגעלאָפן וועגענער אין גאַס
און נישט איינמאָל ביים אַראָפּכאַפּן אַ שטיקל קויל, אַ שטשאַפּע האָלץ,
אַ שמיץ געקריגן פון אַ בייטש,
אַז ס׳זענען זיי אויפגעלאָפן די פּנימער און הענט
מיט בלויע ריטלעך — אָדערן פון בלוט.

מיין טאַטע איז אַוועק אין אַ שטאָטישן שפּיטאָל
און מיין מאַמע האָט דעם צער מיטגענומען
פאַרשלאָסן אין דער ערד.

## VI

און וויפיל הייזער זענען שטייגעבליבן ווי אונזער הויז?

די שטומע ווענט, די וואָס טראָגן אין די ריפּן-ביינער פּרוכנע האָלץ,
האָבן די פייכטע באַלקנס אויף די אַקסלען נישט דערטראָגן
און שוואַרץ אַרויסגעדעמפּט פון זיך דעם טרויער.
האָט אויפגעהויבן אַ מגפה זיך אין לאַנד,
פּוּל געוואָרן זענען אַלע הייזער מיט העלזער צום געשריי,
אין די נעכט האָבן טירן פון די ריגלען זיך געריסן,
ליכט — אויפגעציטערטע אין חושך פון דער שרעק —
האָט מען אָנגעצונדן פאַרן טויט.

בייטאָג זענען פערד געפאַלן אין דער גאַס,
מיט פיס צונויפגעקלאַפּטע צו די שטיינער אויפן ברוק.

מאַמעס, די, וואָס זענען נאָך געבליבן מיט די קינדער ביי דער וויג,
אָבן זיי טויטערהייט פאַרוויגט.

און וויפיל הייזער זענען שטיינגעבליבן ווי אונזער הויז!

## VII

פון אויסגעליידיקטע שטובן האָט מען קראַנקע פון די טרעפ געטראָגן
און מיט דער היץ־פיבערונג — אין אַ פערמאַכטע פור
צו ווייסע בעטלעך פון שפיטאָל געב־ענגט.
זענען די קינדער פון אַ מאַמע אָנגעלאָפן צו די אייזערנע טויערן
פון די הויכע ווענט
און זיך געשלאָגן מיט די הענט אין קאָפּ:
— עפנט אונז, עפנט אונז,
לאָזט אונז קומען פאַר דער מאַמעס בעט!
לאָזט אונז אָנזען איר געזיכט!
עפנט אונז, עפנט אונז! —
נאָר דאָס פייער, וואָס האָט אָנגעצונדן זייער מוטערס לייב,
האָט שוין געברענט אין די מלבושים אונטער זיי
און מיטגענומען דאָס געבעט אינם רויך פון די אויסגעהייצטע
קוימענס פון שפיטאָל.
אויף דער גאַס, וואָס האָט שוין דאַמאָלס מיט דער נאַכט זיך אויפגעלייגט
און מיט דער שיפקייט פון די דעכער צו דער ערד נידעריק געפאַלן,
זענען די קינדער ביי אַ פרעמדער שוועל געבליבן איינגעקנוילט,
איינגעדרימלט אין געוויין...

VIII

גייט מיין טאַטע — אויסגעטון פון אַלע עולן,
אַ הויכער ייד, דאַר, מיט אויסגעשפּיצטע ביינער,
טראָגט דאָס פּנים אין דער זוניקייט פון טאָג־געל,
מיט גרינע קנייטשעלעך ביים מויל.

אין הויז, ווו מ'האָט די שטרוי־זעק פאַר דער טיר פאַרברענט אין אַש,
און די בעטן ווי גריבער אָפענע געלאָזט —
איז מיין טאַטע אומגעגאַנגען, אויסגעטון די שיך
דעם קאָפּ אַזוי פאַרהויבן אין דער זייט,
פאַרטראָגן פון דער ערד,
פון זיך אַרויס פאַרטראָגן אין דער וועלט,
האָט ער די אויגן זיינע איבער אונז געווענדט,
איבער אונז, איבער דעם שארית המגפה פון זיין הויז.

מיט וואָס וועלן מ'ר זיך צודעקן די נאַכט?
מיט וואָס וועלן מיר זיך זעטיקן צום שלאָף?

IX

די לעדן פון אונזער שטוב זעבען, ווי שערבלעך אויף אויגן פון אַ מת,
גאַנצע טעג געווען פאַרמאַכט.

אַריינגיין אין דער פוסטקייט,
אַ בליק טון אויף די הפקרדיקע קלומפּן פון דער ערד
און אויפרייסן די טירן פאַר דער זון,
וואָס וואַקסט אַזוי אין טאָג —
האָט זיך קיינעם נישט די האַנט געדרייסט!

זעבען די שטאַנגען־אייזן אויף די לאָדן געוואָרן מיט זשאַווערן פאַרשוואָלן,
געהאַלזט די פינצטערניש פון הויז,
אין דער בלינדער ליידיקייט פאַרהאַקט!

די מאַמע איז שוין טויט
און וועט שוין נישט צוריקקערן מיט די קינדער
זיך זעצן אויף דער ערד, פֿאַרגרינגערן דעם פיין,
און ס׳וועלן אינם צער נאָר הינט פֿאַרהונגערטע
וואָיען אין די נעכט, ווי קינדער אָן אַ היים
פֿאַר אונזער הויז...

X

שטום, ווי שטום עס ליגט אַ שטיין בײַ די טויערן פֿון די הייזער אין
דער גאַס,
זענען שטום געוואָרן אַלע פּנימער פֿון די מענטשן אין דער אויסגעבלייכ-
טער שרעק.
יעדנס האַרץ — דאָס האַרץ, וואָס האָט אין יעדערן געקלאַפּט
און נישט איינגעטויבט געוועזן מיט דער טעמפּקייט פֿון די הייזעריקע רייד,
דאָ׳ צוגעזען, ווי בלינדע פֿערד בּאַהאַנגענע מיט אַלטע זעק,
האָבּן אין אַ שוואַרצן אָרון שווער געשלעפּט די בר-מנן׳ס
פֿאַר די נידעריקע הייזער דורך די שמאָלע געסלעך
ביזן פֿרייען פֿעלד.

יִינגען — ריזן! אַזעלכע, וואָס וואָלטן זיך אין וועגענער געשפּאַנט
שלעפּן משאות מיט די פֿערד צוּ גלייך,
זענען דאָ געלעגן קראַנקע מיט געלע דאַרע הענט
און מיט דיקע אויפגעלאָפֿענע פֿיס
ביז די אויגן פֿונם קאָפּ.

אין אַ ווינקל פֿון דער צווייטער גאַס, האָבּן פֿייגעלעך געטאַנצט
מיט דינע פֿיסלעך
אַרום אַרומגעריסענע קנאָכן-ביינער, פֿאַרשלעפּט פֿון ערגעץ וואו,
און הונגעריק געפּיקט די פֿייכטע ערד.

X

אפשר זענען זיי געדעכט געווען, אַלע די, וואָס האָבן ווי אַ פּלייץ
אַריסגעטון זיך פונם אָרט
און אַלץ אויף הפקר דאָ געלאָזט?

דערפער זענען אָפּגעבערענט געוואָרן:
מיט דער טריקעניש אין גראָז האָט דאָס פייער זיך פאַרנומען
אויף לינקס און רעכט, לינקס און רעכטס,
און שוואַרץ פאַרסמאָלעט זענען בוימער אייגנצלנע געשטאַנען
געלאָשענע אין ווינט.

קלעפּ,
שווערע און אימהדיקע קלעפּ
זענען אומגעגאַנגען אין דער ערד,
אָפּגעהאַקט און טעמפּ,
און געבליבן צוגעהאַמערט צונ׳עם גרונט.
האָבן ווייבער אַלטע און זקנים מיט בערד צעשויבערט,
ווי גרויע פייגל, אויפגעטריבענע מיט שאַרפע פליגל אין דער לופט,
פאַרהאַקט די לעצטע טירן אינם פוסטן מאַרק
און געאיילט מיט שווערע פלאָנטערדיקע טריט אין אַ באַהעלטעניש פאַר זיך,
פאַרן לעצטן אָטעם אינם האַרץ.

אפשר זענען זיי געדעכט געווען, אַלע די, וואָס האָבן ווי אַ פּלייץ
אַריסגעטון זיך פונם אָרט
און אַלץ אויף הפקר דאָ געלאָזט?

XI

די נאַכט וועט אויפהויבן איר פּנים פון דער ערד,
זעז, ווי די גאַסן ליגן שוין פאַר׳חלש׳טע צעלייגט,

די מיילער באַ די ראָגן פון דער שטאָט, מיט צײַן פּאַרהאַקט –
נישט צו טרינקען מער די לערקייט פון פרימאָרגנס וואַסער קעלט –
וועט זי זיך אָפּקערן פּאַרביסן אין דער זייט – פּרירט!

ווער וועט האָדעוון אַ קינד, אַ יתומל אַ קליינס
וואָס שטרעקט די הענטלעך צו אַלעמען,
פון יעדער בריסט צו זויגן גרייט!

ווער וועט האָדעוון אַ קינד, אַ יתומל אַ קליינס!

אַז פּרעמדקייט פלאַטערט דאָ – אַ קראָ
מיט שוואַרצע פליגל אינם פרייען טאָג,
און וועט אַזוי נישט אָפּשטעלן זיך אַפילו אויף אַ בלעך
פון ערגעץ וואו אַן אָפּגעריסענער.

ווער וועט האָדעווען אַ קינד, אַ יתומל אַ קליינס!

XIII

פון די דעכער שטייגט דער טרויער אין דער גרויקייט פונם טאָג.
ווערזשע זעט דען, אַז באַם פלויט דאָרט זיצט מיין ברודערל אַ קראַנקס!
זיינע הענטלעך זענען האַלב שוין, אויסגעטרוקנט און פאַרגעלט,
און דאָס פּנימל, ווי קרויט – אויפגעפּאַלדעוועט און לויז. –
אָט וועט ס׳גופל באַלד צעפאַלן,
און ווערעם וועלן זיך צעקריכן פון זיין בויך.

ס׳גלאָצט די בלינדקייט פון די פענסטער דאָ אַרויס
און די גאַסן זענען וויסט, אויפגעלאָפענע און וויסט,
מיט די פנימער פאַרדרייט צו די פעלדער פון דער שטאָט. –
ווערזשע וועט פּאַרהאַלטן די מגפה אין איר גאַנג! –
אַז זי שפּאַנט פון אַלע שוועלן, לאָזט אין יעדן הויז אַ מת,

שטייען אָפן אַלע טירן פאַר די הוילע ווענט
און ס׳שפרייזט דער ווינט דורך זיי און שרייט:
קיינער זאָל קיין ליכט נישט אָנצינדן באַם צוקאָפּנס פון טויט!
וואוזשע זענען אַלע אויגן צו דערזעען זייער צער?
צו דערזען אַ ברודערל, אַ קראַנקס, וואָס טוליעט זיך באַם פלויט
צונויפגעדרייט ווי׳אַ קאַץ?

פון די דעכער שטייגט דער טרויער אין דער גרויקייט פונם טאָג.

XIV

דאָ פאַלן פון די פיס די מויערן און גייען ענגער זיך צונויף —
יעדע וויל דאָס האַרץ אונטערלענען מיט דער האַנט,
ס׳זאָל די שרעק, — אויפגעריסן אינם ווינט, —
נישט ווידער אומקערן פון וואו.

אַ, דאָרט פון וואַנען, ס׳האָט דאָס דונערן אַ גאַנצע נאַכט געקלאַפּט
און שטיל געוואָרן מיטן גרויען פונם טאָג,
איז דער הימל מאַט אַראָפּגעפאַלן, אין אַ נעפּל זיך צעלייגט.
שלאָגט אַ פייכקייט פון די ווענט אַרויס פון די גרויע אויסגעקרומטע ווענט
און ווי אויסגעוויינטע נאָך דעם רעגן קורטשען זיך די שטיינער אין דער ערד.

אַ מענש זאָל ווייזן זיך אין גאַס,
וואָלט אַ קויל אים דורכגעריסן פאַרן אויער
און ער וואָלט צוגעפאַלן צו דער וואַנט, מיטן גאַנצן לייב אין איר.
— — ?
הוזשעט זיך די שטילקייט נאָר — אויפגעוויגט אין די לויזע דראָטן פון דער הויך —
ס׳איז אַלץ אַרום פאַרהוילן פונם אויג.

## XV

צו וועלכע וועגט זיך וועגדן אויף אַריינגיין איבערנעכטיקן אַ נאַכט!
אַז די פיס האָבן מיט די פעלדער מיך פאַרטראָגן
אין אַ ווייט.
וואו ס'הענגען שוין די הימלען צו דער ערד אַראָפּ געהאָנגען,
און אָט־אָ־דאָ פאַר די זיך וואַלגערנדיקע ביימער־שטאַמען,
פאַר די פאַרשניטענע אין אויסגעהוילטן וואַלד,
מיט פיענעס ווייס אַפּערגעזעצט פון דר'ערד,
וועל איך דען אומוואָגלען באַ טאָג, באַ נאַכט,
און בלויז מיט שוואָמען אויפגעקליבענע
נאָך אויפהאַלטן מיין לייב.

צו וועלכע וועגט זיך וועגדן אויף אַריינגיין איבערנעכטיקן אַ נאַכט!

## XVI

מיט יעדן טאָג ווערט האַרטער אויף מיין לייב די הויט
כ'וועל אויפשטיין אינם האָריקן געשטאַלט
אַ גרוי שטיק ערד,
ווי גרוי און טעמפּ געוואָרן ס איז אין מיר דער צער,
און צוריק גיין אין דער שטאָט.

קברים, בערג. — ס'פּלייש פון מיינע ברידער
האָט אויפגעיוירן מיט דער ערד — שוואַרץ דעם גאַנצן וועג.
וועל איך צו יעדן קבר דעך צולייגן מיין קאָפּ —
און שרייען:
איך דער יינגסטער בין געבליבן לעבן אייך,
איינצער לעבן אייך!
די קויל, וואָס האָט זיך אָפּגעהאַקט אַן אייך ביים פאַלן,

איל אויפגיין אין מיין לייב.
אַז מיינע ביינער זענען נאָך געבליבן גאַנץ
וועט סיבערי אין זיי די שטומע קעלט פון אייער טויט.

## XVII

גראָזן האָבן שוין אַפּערגעשפּראָצט פון אונטער די שטיינער —
אויסגעגרינט די גאסן פון דער שטאָט.

אין פארוויסטונג זענען די הייזער ביז די קנעכלען-שוועלן
פארזונקענע געשטאנען אין דער ערד
אין איבער ווענט — פון רויך פארנומען—
האט די זון' א קיילעכדיקער פלאַם,
זיך געטראָגן אין דערהייך
האָט יעדע מויער, אַזאַ אויפגעשטעלטער גוף,
מיט אָפגענומענע הענט, גערעדט אַזוי:
„נעמט, ברענגט אונז מיט די זאַמדן פון דער ערד!
מיר ווילן מער נישט בלייבן דאָ אין פארשטיינערונג
מצבות פון אייער צער!" — — —

גראָזן האָבן שוין אויפגעשפּראָצט פון אונטער די שטיינער פון דער ערד—
אויסגעגרינט די גאסן פון דער שטאָט.

## XVIII

זאָלן וואנדערער אָנקומען אַהער,
ארויסגיין פון די וועגן די אויפגעשטויבטע
מיט גרויע זאמדן פון דער ווייט
און מידע צופאַלן צו דר'ערד —
ניין! אויפשטיין און אַריינגיין אין דער שטאָט!

ס'שטייען הפקר דאָ די מויערן צעעפנט, פראַנק און פריי
פאַר גרויע הימלען אין די טעג.

מאַמעס זענען מיט די קינדער אויף די הענט
אַנטלאָפן צו די וועלדער אין דער נאַכט,
און דאָ האָבן פייערן געברענט,
פייערן אין צאָרן — רויט צעצונדענע אין שרעק.
ווער האָט ראַטעווען געקאָנט, קראַנקע מיטנעמען מיט זיך

רעקט אָפּ די מידע פיס, איר וואַנדערער פון וועג!
איך זע, די קנעכלען אייערע זענען דיק —
פאַרלאָפן מיט די וועגן פון דער ווייט,
דער דורשט אין העלדזער — דרענגט!
נעמט אַראָפּ די שמאַטעס פון אייער לייב
און שפּאַנט מיט מיר דאָ — נאַקעט דורך דער שטאָט —
קיינער קומט דאָ נישט צוריק חוץ אונז!

מלך ראַוויטש

# דאס געזאַנג פֿון האס און פֿון ליבע צום יידישן פֿאלק

## די טעזע

ווען דער שיפּור איז נאָך ניכטער, פרימאָרגנדיק און כמורנע
ווען די זונה שלאָפט נאָך מיד און איר פּנים וויאַנעט גיך פון מינוט צו מינוט,

ווען די זון זיצט הויך אין הימל,
די קניען אונטער זיך געשפּאַרט, דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן, מיט דעם קיי־
לעכדיקן, גלאַנצנדיקן פּליך צו דער ערד געקערט,
און ס'פּאַרען די מענטשן מיט הונגער און ניכטערע מאָגנס.
דעמאָלט האָט דער יונג דער וויסטער, דער ווילדער אַלפּאָנס, דער שגעון
זיך נישט ווו אהין צו טון,
קומט ער גלאַט אַזוי צו גיין צו מיר אין שטוב אַריין,
און שטעלט זיך ביי דער טיר אַוועק און גלאָצט.
אַנטלויף איך באַלד פון זון און פענסטער,
און קוק אים אָן, דעם יונג שגעון,
און עס אַנטפּאַלט מיר באַלד אין האַרץ דאָס ביטל האָפּערדיקע בלוט,
און אין בלוט דער מאַמעס מילד,
און דאָס האַרץ אין ברוסט.
און דער שגעון —
מיט די פּלייצעס, מיט די מעכטיקע, אומעטיקע שטיקער גבורה, לעבע־
דיקערהייט אין הוילער לופט באַגראָבן,
מיט די אייזן־הענט, ווי די ערשטע צוואַנג פון דעם שלוסאַר גאָט גע־
קאָוועט,
שטייט און קראַצט זיך.
דערזע איך, אַז די וועלט באַלאַנגט צו אים, צו דעם שגעון, צו דעם ווילדן יונג,
מיט מיר און דיר צוזאַמען, דו מענטשל מיט די ברילן, דו קלוגער
און דו לאַכנדיקער, עס וועט דיר נישט דיין חכמה העלפן,
באַלאַנגסט צו אים!
— שלעכט — טראַכט איך, דאָ מוז מען שווינדלען, דאָ וועט מען אָן אַ שווינדל נישט אַנטרינען.

און איך נעם אויף זיכער. גיב אַ קלאַפּ אין פּלייצע:
— עך, ברודער-לעבן, גיב דיך נאָר אַ רוק אַוועק,
לאָז מיך נאָר אַ ווײַלינקע אין גאַס,
צו מײַן פאָלק, פאַרשטייסטו, ברודערקע, באַדאַרף איך עפּעס נויטיק האָבן.
— צו וועלכן פאָלק?
— עך, ברודערקע, דערקענסט נישט אָן מײַן פּרצוף? יידיש פאָלק, איך בין זײַן דיכטער.
— וואָס? פרעגט די צוואַנג פון מויל און די צוואַנגען פון די הענט עפע-נען זיך אויף.
איז מיר קאַלט געוואָרן, כ׳זוך די טירן מיט די אויגן און איך שווינדל ווייטער.
— עך, ברודערקע, דו ווייסט נישט גלויבן,
איך האָב מיך היינט פאַרטאָג אַ כאַפּ געטון ביי מײַנע קעשענעס.
יעדן אינדערפרי, ווי אַלע ברידער פון מײַן פאָלק, טראַכט איך וועגן גאָט און וועגן געלט.
איז מיר אויסגעגאַנגען ביז אַ לעצטן קלינגענדיקן גראָשן, דאָס קליינ-געלט פון דער לעבנס-פרייד
און דאָס גראָבע געלט פון גלויבן אויך.
ווייל איך, ווייסטו, ברודערקע, כאַפּן ביי מײַן פאָלק
אַ הלוואהלע פון אַביסל לעבנס-פרייד,
און אַ וועקסל וויל איך נעמען אויף אַ היפּשער סומע גלויבן.
— פאָ - אָ — אָ — לק? פאַרהאַקט זיך דאָס משוגענע מויל,
און די צוואַנגען פון די הענט עפענען זיך ברייט פונאַנדער,
און ער גיט אַ קוועטש די טעמפּע ליפּן, ווי אַ שאַרפע זויערקייט וואָלט אים פון די אינגעווייד אַרויסגעשפּאַרט.
שטייט ער, שטייט דער יונג שגעון, ווי אַ גאָריל-מאַלפּע צו דעם שפּרונג געגרייט
אויף מײַן אויסגעבלייכט דערשלאָגנקייט,
און ווי אַ שרעקן-פוּלהאָרן טרייסלט ער מיט ווילדן רעש
אַט אַזעלכע רייד:
— פאָלק, פּצ׳ל׳ק,

װערזשע איז דײַן פֿאָלק?
זענען דאָס אפשר די באַנקירן, באַנקירישער און געמײנער, װי די
אַנקירן פֿון דער איבעריקער װעלט? אין זײערע אָדערן
פֿליסנדיק גאָלד מיט געזונטעם שמאַלץ.
זענען דאָס אפשר די קורװעס, װאָס פֿאַרקױפֿן זײער ביליקן און גע־
מײנעם לײַב פֿאַר טײַערן געלט, געלט — —
אָדער זענען דאָס אפשר די בעטלערס, װאָס זענען בעטלערישער, װי
די אײדעלע, אַלטע גױשע בעטלער, װאָס קניען און בעטן
אַן אָרים שטיק ברױט, די ייִדישע שעלטן דאָך טױטע
ברעך די אין עול געבױגענע פֿאַרבײגײער, גיב זײ ברױט,
װילן זײ געלט, די בעטלערס דאַרפֿן נישט קײן ברױט,
װײַל מיט אַ לײַבן ברױט קען מען נישט רױק שטאַרבן,
אָבער מיט אַ בײַטל געלט אַרומגענומען שטאַרבט זיך זיס.
אָדער זענען דאָס אפשר די דיכטער, װאָס זענען דיכטערישער און
גרעסער און שטאַרצן אײַנזאַמער, װי דיכטער פֿון דער
איבעריקער װעלט?
אָדער אפשר די רױט־בעקלדיקע סטודענטן פֿון װין, בערלין און האַמ־
בורג, װאָס זיצן אין די באַנקן פֿון דער שװער פֿאַרסאַ־
פּעטער מענטשהײט.
אָדער גאָר די פֿאַבריקאַנטן פֿון בערלין, פֿון װין און האַמבורג מיט די
צילינדערס און טליתימלעך אױף די פֿעטע קאַרקעס אום
יום־כּיפּור, טאָמער איז דאָ פֿאָרט אַ גאָט. — —
אָדער גאָר די טעמפּע שנײַדערס פֿון ניו־יאָרק מיט די אױסגעקרומטע
האָזן־אױערן, די סימנים פֿון די יאַרמלקעס פֿון נײַנצן־
הונדערט יאָר.
אָדער גאָר די ברײטע װײַבער מיט די בריסטן, פּאָלעמיסקעס פֿון אױפֿ־
יװירנדיקן חלה־טײג?
אָדער די תּימנים מיט די לאַנגע נעזער און די שװאַרצע קרײַזל־
האָר?
אָדער די שװאַכע משוגעים, מײַנע ברידער, װאָס שװימען איבער ימים
און טרױמען אײנמאָל אױך צו װערן אָט אַזעלכע אָ תּימנים?
זענען דאָס די רעדאַקטאָרן פֿון די געלע צײַטונגען פֿון דער גאָרער װעלט?

אָדער די קאָמיסאַרטשיקעס פון מאָסקווע מיט די געלאָקטע, שוואַרצע
קעפּלעך, מיט די רויטע פלײשיקע לעפּצן. וו איז, וו איז
די מאַמע, וואָס האָט אַזױנס געהאַט ?
אויף דעם טרויעריקן פּנים פון דעם אידעאַל פון זעקס-מאָל זעקסטויזנט
יאָרן וועלט זיצן זיי מיט זייער הינטער-חלק.
בלייבט אַ ווײלע שטיל דער יונג שגעון.
גיט אַ זעץ, אָט סתּם אַזוי מיט אײנער פון די צוואַנגען צווײ
אין דאָס ציטערנדיקע מויל פון מיין דערשראָקנקייט.
רעדן זאָל איך, ענטפערן, אויפמאַכן דעם פּיסק.
— ווער פאָלק, וואָס פאָ — אָ — אָ — לק ? און ער יושעט ווייטער.
זענען דאָס אפשר די לייזיקע פאַרשוינען, וואָס כראָקען, שטינקען אינ-
דערפריאיק דורך אַלע פרילינגען אַדורך. טראָגן מיסטיק
פּעטס אויף די מלבושים, וויקלען פּעטס-שוואַרצע יריעות
אויף די בלאָטע-הענט, שאָקלען זיך אין די בית-המדרשלעך,
וואָס אָטעמען מיט פוילער היץ, ווי אַן אינדערפריאיק מויל
מיט קאַלעדיקע ציין ? אויף די קעפּ זענען באַוואַקסן זיי
מיט שטויביק-שוואַרצע הערלעך און מיט פּעדערן פון בײ
נאַכט. און אַ הײזעלע, אַ שוואַרצס איז אויף די קעפּ זיי
צוגעמויערט, ווינט אין דעם דאָס שוואַרצע שדל פון דעם
מסחר.
אָדער זענען דאָס די דעזערטערן פון אַלע נאַציאָנאַלע אַרמעען פון
דער וועלט, וואָס אַנטלויפן אין די שולן און פאַלן צו צום
עמוד, ווי די מערדערס, די אַמאַליקע, און ביי וואַסער
און ביי טרוקן ברויט שטאַרבפוילן זיי בעסער אַ לויזן-טויט
אויף די האַרטע שול-בענק.
אָדער זענען דאָס די מאַמעס מיט די לאַנגע, אָנגעשוואָלענע אויערן,
וואָס הענגען פון די קאָפּטיכלעך אַפיר, ווי אויערן פון הינט ?
אָדער זענען דאָס די פּליי-צעבּיסענע קינדער, וואָס הענגען וויינענדיקע,
נאַסע, ווי אײטערדיקע געשווירן אָן די געלע בריסטן פון
זייערע מוטערס ? דער וואַקסנדיקער שטאָלץ פון אייער
צוקונפט ?
אָדער זענען דאָס די אַלטע ווײבער מיט די צאָנלאָזע גאָמבעס און מיט

די האַלב=קויל=פּלייצעס, וואָס שעלטן די וועלט אַרום זיך:
אַ מכּה אויף זיי, אַ וויסטער בראָך אויף זיי! און הויזן,
ווי די לייז אויף זיי.

אָבער נאָך דעם טויט וועלן זיי זיך וואַלגערן אונטער דער ערד, וואַל=
גערן פרומע, גאָטפּאַרכטיקע ביז קיין ארץ=ישראל, טאָמער
איז אַ ווינקל אויף דער ערד פּאַרהאַן, וווּ עס קוואַקעט
נאָך נישט זייער צאָנלאָז, אומעטיק געבעט.

אָדער זענען די חזנים דאָס, וואָס רייסן זיך מיט פעטע קולות צו די
טויערן פון הימל? אַזאַ בלויער שבת-הימל ווערט מיט פעט=
פלעקן פאַרלאָפן, ווען עס רירט אים אָן די פעטקייט פון
זייער קול.

און דער יונג שגעון רייסט דאָס מויל מיינס אויף,
ברייטער, שטאַרקער,
ווי אַ העקער רייסט אַ סענקאַטע העלץ=קלאָץ אויף.
— ווזשע ווינט עס אָט דיין פאָלק, דיין פאַק?
חז, און פאַרוואָס?
אויף דער גאַנצער ערד שטייט נישט זייער וואָלד,
ווו האָבן זיי געבראָכן דאָס געהילץ צו זייערע שטעט?
און וועלכע שטעט האָבן זיי געבויט?
פאַרוואָס רעזידירן זיי ברייט אין דער גרעסטער שטאָט פון דער וועלט?
האָט אויסגערופן דען ווער ניו=יאָרק פאַר דער יידישער קרוינשטאָט?
זיי האָבן אַליין זיך גענומען די גרעסטע שטאָט פון דער וועלט!
פאַרוואָס קומט זיי די שטאָט, די גרעסטע שטאָט פון דער וועלט?
אויף דעם גאַנצן געטלעכן פעלד וואַקסט אין ערגעץ נישט זייער קאָרן.
אויף דעם גאַנצן בלויען ים שווימט אין ערגעץ נישט זייער שיף.
און קיין שום הויכער באַרג טראָגט זייער פעסטונג נישט!
שטיקט ער זיך אַ רגע, דער יונג שגעון,
און ווייטער פרעגט ער:
— און ווען עס מאַכט די ליפן אויף און רעדט, דיין פאָלק
אויף וועלכער שפּראַך רעדט עס?
וועלכער שפּראַך?
איז עס די שפּראַך אויף וועלכער יאַהוועה, דער מלך פון די סופרים,

האָט דעם חומש אָנגעשריבן,
און בושעוועט מיט אים, ווי מיט אַ בייטש פון אייזנריטער איבער אַלע דורות?
אָבער יאַהוועס לשון ווערט פאַרגעלט דאָך אויף די פּאַרמעט־בלעטער!
פון מייז ווערט עס צעקרישלט, פון מייז, וואָס ווינען אין דעם ארון־קודש.
אָדער איז דאָס אפשר דאָס פאַרפּלאָנטערטע וואָרט־געמיש פון די ש״ס־לאַבירינטן, קעלערס גרויזאַמע, דערטרונקענע אין טוכלען וואָרט־געדוך,
און מיט סתירות אָנגעלאָדן,
ווי דאָס לייב פון לונגען־קראַנקע איז מיט באַצילן פול.
אָדער איז דאָס דאָס שפּאַניאָלישע געשטאַמל פון דעם פאָלק, וואָס ווינט אין סאַלאָניקי און קאָנסטאַנטינאָפּל?
אָדער ענגליש, אָדער פּויליש, אָדער דייטש?
אָדער גאָר דאָס אויסגעבאָרגטע און צעדרייטע לשון,
וואָס מען האָט עס ביי די מעכטיקע גערמאַנען מיט זעקסהונדערט יאָר צוריק גאַנצערהייט גענומען, אַלס פאַנט פאַר די געבאָרגטע געלד־טאַלאַרן, און אַוועקגעשלעפּט צו ברעגעס פון דער ווייסלאַ און פון דניעפּר?
אָ, פאַראייוווייט און פאַרפּעצט איז עס געוואָרן, און די ווייסע שטאַמציין, די גערמאַנישע האָט מען אים אַרויסגעהאַקט.
אַרויסגעהאַקט די ווייסע שטאַמציין!
און זיין צוואַנג זיצט אין מיין מויל און קריצט אויף מיינע ציין.
און פּלוצים ווערט דאָס פּנים פון דעם יונג שגעון טיף צעקנייטשט און זומעטיק פאַרזאָרגט ער צלמט זיך און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, און מיט טאָפּלטער גבורה הויבט ער ווידער אָן:
— און ווער איז דער גאָט פון דיין פאָלק?
גאָט פון דיין פאָלק?
אויף קיין צלם הענגט ער נישט, געקרייציקט האָט ער פאַר דער וועלט זיך נישט.
ויצט גישט מיט די קניען הינטער זיך, הויט־און־ביינערדיק און מעטידירט נישט וועגן אַלע ווערמלעך, וועגן אַלע קלענסטע, און

טראַכט נישט פאַר דער קרעאַטור:

יאַהווע איז דאָ:
יאַהווע, דער קעניג פון דער וועלט, יאַהווע דער פרעסער!
זיין זון האָט ער צום קרייץ געשיקט, ער וויל הערשן אַליין, יאַהווע דער איינציקער!
און אַלע דיינע ברידער ווערן ווי אַן איינציק העליש פייער פון זיין נאָמען אָנגעצונדן,
אָבער ברענגען אים נישט קיינמאָל אויף די ליפּן,
און ברענען פאַראייניקט, רויטגליענדיק און האַסערפולט,
יאַהווע.
שפּרינגען אין די ווייסע זאַקן,
פאַרגלייזן מיט די אויגן,
די באַנקירן,
די זונות,
די דעזערטערן פון אַלע נאַציאָנאַלע אַרמעען פון דער וועלט,
די רויטהאָריקע און די שוואַרצהאָריקע דיכטער,
די רבנים,
אָנגעלאָפענע פון פרעמדן בלוט,
דער אָרימער שאַרבן, דיין שטיק צעבראָכענער אַלטער טאַטע און דיין קראַנקע מאַמע;

נאָר דו נישט, דו איינער נישט,
ביי דיר אָבער ברענט די קנאה צו די גלויביקע, כלינעט תאווה צו זייער גליק, ווי ביים יונגן פאַסטוך, ווען עס פּאָרן זיך די פערד אין פעלד.
און דו וועסט ליגן איינמאָל פאַר אים, אומגעריכט וועסטו ליגן, ליגן אויף אַלע פיר;

און אַז אָט די רויטע ווערטער
זענען אים אַראָפּגעפאַלן פון די ליפּן,
האָט ער אַ שפּיי געטון, אַ לאַנגן שפּיי,
ווי אַ ווייסע בייטש ארויס פון מויל,
ווי אַ שיכור, אַ בלוטיפּיקער נאָך אַ שאַרפן טרונק.
האָט ער אויסגעשטרעקט זיין פרעגנדיקע האַנט, זיין צוואַנג.

האָט זי מיין יידיש האַרץ נישט מער פאַרטראָגן קיין,
און איז אים אויף דער האַנט אַרויסגעשפּרונגען,
ווי אַ רויטע זשאַבע.
איין רגע איז זי רויק שטיין געבליבן אויף דער האַנט, אַ פאַרשטיינער־
טע פון שרעק
ווי אַ זשאַבע שפּעט פאַרנאַכט פון טײַך אַרויס.
באַלד האָט דאָס האַרץ גענומען סאַפּען, קוואַקען,
קוואַקען אַזוי וויינערלעך, וויינען אַזוי קוואַקענדיק — -- ווי אַ יידיש
האַרץ.

האָט דער יונג שגעון אויף מיר אַ גלאָץ געטון,
און ס'איז אים וואַנזיניק געוואָרן אין זיין וואַנזיניק געהירן.
האָט ער זיך דערבאַרעמט אויף מיין האַרץ, מיין יידיש־וויינענדיקס,
און — האָט -- פאַרמאַכט די פויסט,
און האָט מיין יידיש האַרץ צעקוועטשט,
ווי אַ קינד צעקוועטשק אָן עקל אַ וואָרעם אין דער האַנט,
אַזוי האָט ער אָן עקל מיין יידיש האַרץ צעקוועטשט.
און אין דעם לאָך, וווּ ס'איז געווען דאָס האַרץ,
דאָס האַרץ, וואָס האָט אַליין זיך פיינט געהאַט,
האָט גענומען ווילד־פלייש שפּאַרן,
איז געוואַקסן ווילד־האַרץ,
ווילד־האַרץ
אַזאַ האַרץ, וואָס קען נישט האַסן מער.
און כ'האָב מיין פּנים אויסגעקערט צו דער מיטאָגדיקער זון:
זון, מיין זון, אויף די כוואַליעס פון דיין ליכט,
שווימט דאָס לעבן פון דעם יחיד אין דער אייביקייט אַריין,
זון, מיין זון, אויף דיינע כוואַליעס
שווימט דאָס לעבן פון די פעלקער אין דער אייביקייט אַריי

איז מיר לייכט געוואָרן,
און אַ שלאָף, אַ טיפער איז אויף מיר געפאַלן,
מיט דעם יונג שגעון צוזאַמען, וואָס איז אויף מיר אַרויסגעפאַלן,
אויף מיין ברוסט און אויף מיין ווילד־האַרץ.

און ווייטער הייס איך גאָרגישט,
נאָר געווען איז אַ טאָג אָן שלאָ,
און ס'איז געוואָרן אָוונט.



טיף
אָ-
טעמט
נאַכט.

---

## אנטיטעזע

נאַכט,
דער שיכור שלאָפט נאָך ביי דער זונהס זייט,
קריכט זי פּאָרזיכטיק אַפיר פון אונטער אים און זוכט אין זיינע קע-
שענעס דאָס געלט, וואָס האָט זיך נאָך פארוואַלגערט.
דער אָנגעפּרעסענער, געלאָקטער יונגערמאַנטשיק וועקט זיך איבער, און
קריכט צום צווייטן מאָל צום הייסן ווייב.
די קעלנערס פון די גרויסע שטעט ציילן נאָך דאָס קליינגעלט פון
דער מענטשהייט.

און די גאַנצע איבעריקע וועלט שלאָפט.
די ערד אָטעמט טיף ביז צום טיפהייסן האַרץ.
איז דער יונג שגעון אויפגעשטאַנען מיטנאַכטיק און פאַרטאַמלט,
ווי די היץ, וואָס קומט צו פיבער-קראַנקע אין דער מיטן נאַכט.
ווייסלעך טונקלער שטראַל
פאַלט אויף אונז,
די לבנה, ווי אַ לאָמפּ אַן איינגעדרייטער, וואָס לייכט נאָך קוים.
גיט דער יונג שגעון שטאַרקער זיך אַ וואָרף אויף מיר,
און וואַלגערט מיך אַרום אַויף דעם האַרטן ווייגעלעגער פון געפּייניקטן געוויסן,

ווי דער שיכורער פֿאַרגוואַלטיקער, וואָס וואַלגערט מיט מיין שוועסטער
אויף דער ערד, וואָס איז מיט בלוט פֿאַרשיכורט, אויף
דער ערד פון אוקראַינע.
און אין מיין לייב וואַקסט פּרוכט פון ווילדן זון, פֿון דעם פֿאַרגוואַל־
טיקער.

וואַקסט אויף אַ וואָרט, באַרג אויף וואַקסט עס;
מיין
אָרעם
יידיש
פֿאָלק.
און אין די אויגן מיינע לייכט עס גלייך אַריין,
ווי דאָס אויג פון הרוג אויף זיין מערדער,
ווען ער טרעפט עס אָן, אַן אָפּנס און אַ לעבעדיקס מיט זיין לאַמטער
זוכנדיק נאָך געלט.
בלייבט דער מערדער שטיין, האָט צייט און קוקט.
קוקט אויף מיר, קוקט דאָס געהרגעטע אויג פון מיין פֿאָלק.
קוקט און רעדט צו מיר,
און דער יונג שגעון ליגט אויף מיר,
און מיין מויל איז אויסגעקרומט, אומגעפאַלן איז עס ווי אַ קרוג,
און עס נעמען כלאַפּען זיך די רייד פון אים, באַלד שווער מיט גרוי־
סע כוואַליעס און ווידער לייכט מיט שאַרפן גאַס און ווי־
דער מיד:

— אָ, כאָטש דיין הארץ איז ווילד־האַרץ איצט,
געוואַקסן אויף דעם אָרט פון יידיש־האַרץ,
וואַרף אַריין די פויסט אין אים, וועט ענטפערן דאָס בלוט פון אַלע
דיינע דורות!

וואַרף אַריין די פויסט, דעם שטיין אין טייך פון הארץ אַריין,
אין די דורות וועלן ענטפערן מיט דערמאָנונג, ווי מיט ווייטע, כליו־
פענדיקע טייכן־רינגען!

ליגט אויף מיר דער יונג שגעון מיט ביידע עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט,
די שטערן־הויט אַרויפגעשאַרט,
און איך רעד אַריין אין אים

און אַרויס פון מיין דערשלאָגנקייט:
— ווי אַ פרוכת האָב דעם שטערן איך אַרויפגעהויבן פון די אויגן,
און אין מוח האָט זיך מיר אַ דריי געטון,
ווי די ערד טוט זיך אַ דריי
פאַרטאָג צו זון.

דאָס געלע לייב פון די זונות פון דיין פאָלק איז באַצויגן מיט אַ צע-
קנייטשטער שטערן-הויט, איז קיינמאָל נישט קיין לייב גע-
ווען, נישט צו פרייד איז עס באַשאַפן, נאָר צו געבוירן
ווייפול לייב פון יידיש קינד.

און ווען אַזאַ לייב גייט צום מאַרק, גייט גאָט אַליין צום מאַרק.

און די בעטלערס פון דיין פאָלק האָט מען שוין נישט איינמאָל אַנ-
ציקיעריקע געשלעפט פון הקדש צו דער שחיטה
וואָס דאַרפן זיי ברויט? פון ברויט לעבט מען לענגער.
און זיי ווילן שטאַרבן — —

און די דיכטער פון דיין פאָלק ווערן האַנזיניק אין נעכט פון איינ-
זאַמקייט, ווייל זיי רעדן אויף אַ לשון, וואָס זייער קינד
באַנעמט נישט מער.

און ווען דאָס גרויסע, דיכטערישע וואָרט פאַלט פון זייער מויל, פאַלט
עס אויף דער זאַמדיקער ערד פון קיינעמס וואַרעם הארץ
און שטאַרבט, און קיינער באַגראָבט עס נישט אפילו אין
דעם אותיות-שטויב פון דעם שוואַרץ-פאַרגעסענעם בית-
עולם פון זייער פאָלקס געשריבן וואָרט — —

דערפאַר מאַך דו כאָטש אויף די טיר פון ריפן און פון בלוט צו דיין
הארץ פאַר זייער ליד.

און שענק זיי דו כאָטש דעם צווייפאַכן היינט,
פאַרוואַנדל די נאַכט אין אַ טאָג,
ווייל אַ מאָרגן פאַרמאָגן זיי נישט.

און די שניידערס פון ניו-יאָרק — —
אַז די ערד האָט זיי מיט גאַנצע שיפן אויף אַמאָל אַרויסגעשפיגן,
זענען זיי, ווי היישעריקן-מחנות באַפאַלן דעם שטיינער-הויפן פון ניו-
יאָרק, איינער ענלעך צו דעם צווייטן, איינער הונגעריקער
פון דעם צווייטן.

און ווי די פעטע גענז זענען די לייביקע ווייבער פון דיין פאָלק, זיי־
ער לייב און זייער פלייש וואַקסט, און דער שוחט מיט
זיין חלף וואַרט, נישט וועט ער זיי פאַרגעסן, נישט וועט
ער זיי פאַרבייגיין, די ברייטע, די לייביקע ווייבער פון
דיין פאָלק.

אָ, לאַך נישט פון דעם תימנים־טרוימער,
לאַך נישט פון דעם וואַנזיניקן טרוים, ווייל קיינער איז פון וואַנזין
נישט באַהיט, און מאָרגן קענסטו שוין זיין צווישן זיי —
מסתמא איז דער וואַנזין־ווי געוועזן גרויס אין זייער לייב און ווילד,
און איז אין בלוט אַריין ביי זיי,
אַז זיי זענען פרייוויליק געגאַנגען מיט זייער יונגען לייב צום שקלאַוון־
מאַרק פון די שאַסטען־בויער פאַר דער ענגלישער אימ־
פעריע.

און פלוצים שאַרפער ווי אין מיר.
— אָבער אין די מוחות פון די צייטונג־שמירער, מענטשהייט־פירער, וואָס
האַנדלען מיט יענעם אָרים נישט־דערליבטן, נישט־דערגע־
סענעם און נישט דערשלאָפענעם בלוט אויף די בירזשעס
פון קאָנגרעסן, טעגסטו רויק שפייען, ווי אין אַ שפיי־
קעסטל פון זאַמד,

און אין די פנימער פון די קאָמיסאַרטשיקעס;
זייערע רונדיקע בייכער און זייערע מאַניקירטע נעגאַלעך האָבן פיינט
די ליידנדיקע ערלעכקייט, וועלן דיך סיי ווי סיי אויפהענ־
גען, ווען דו וועסט קומען אין דעם קרייז פון זייער שטריק,
פון זייער וועלטן האָריזאָנט — — —

און די רעדאַקטאָרן פון אַלע טעלעגראַפן־אַגענטורן פון דער וועלט, און
די סטודענטן פון ווין, בערלין און האַמבורג שנייד אָפּ פון
שטאַס, ווי פרוכנע צווייגן, וואָס דאַרפן פאַלן,

מיסט פון אַלע רעוואָלוציעס און אַלע רענעסאַנס־עפּאָכן.
און די לייזיקע יידאַלעך לאָז איבער אין זייער מיסט. זע, ווי זייערע
רוקנס בויגן זיך טיפער און טיפער צו דער ערד, און די
פאות הענגען פון פנים אַראָפּ. באַלד וועלן זיי זיך אינ־
גאַנצן אַראָפּלאָזן אויף אַלע פיר און ווערן פאַרוואָרלאָזטע

חיות צוריק.

און חיות פאַרשטייסטו דאָך, דו ביזט דאָך אַ פריינט פון די חיות —

און די דעזערטערן, די דעגענעראַטן האָבן ווייכע שאַרבנס, וואָס הויבן זיך און פאַלן פון שרעק, ווי ביי זויגנדיקע קינדער. צווישן ווייבער איז זייער אָרט. און די ווייבער האַסן זיי פאַר זייער פולכנע ווייכקייט. פון זייער וואָרצל וועט קיין שטאַם נישט וואַקסן, נאָר טוכלע גליטשיקייט.

און די מאַמעס פון דיין פאָלק — הייליקע מאַמעס. אין שפּיגל פון זיין אייגן פנים האָט יאַהווע דעם מאַן געשאַפן, און אין שפּיגל פון מאַן האָט ער געשאַפן דאָס ווילדע, שיינע פנים פון זיין ווייב, פון חוהן, וואָס יעדער גליד אירער איז גליסטונג, יעדער פינגער פונקט אַזוי, ווי די בריסטן, ווי דער טויער פון די קומענדיקע דורות. אָבער אין שפּיגל פון די קראַנקע, געשוואָלענע הינט שאַפט ער דאָס פנים פון די מאַמעס פון דיין פאָלק.

און צום געוויין פון די פלייצעביסענע קינדער הער דיך איין אין די נעכט, הינטער לאָדנס פאַרמאַכטע, ווי יעמערלעך זיי וויינען. זיי זענען דאָך הונגעריק — און אָן די געלע בריסטן נאָגן זיי, ברודיק וואַסער נאָגן זיי ארויס פון דאָרט, און אין דער פרי האָבן זיי אַזעלכע רויטע אייגעלעך פון געוויין, און מיט די שמוציקע, קלעפּערדיקע הענטלעך פאַרשטעלן זיי זיך די שיין.

און אין די אַלטע ווייבער האָט זיך דער מוח פון צופיל קינדלען איבערגעבוינגן, ווי אַ שמעלצנדיק ליכט — און האָט זיך אויסגעטריפט און איז אויסגעלאָשן שלאָף.

און אַלע שבת אין פאַרנאַכט לייכט שטיל עס אויף, זייער פרוכנע לעבן אין שטילן גאָט-פון-אברהם-געוויין, ווי דאָס פרוכנע געהילץ לייכט עס אויף.

און אין דעם שלשלת פון די חזנישע תפילות שלענגלט זיך אַ קלאָג צו גאָט, וואָס האָט קיין ווערטער שוין נישט מער, ווי דאָס לעצטע, שטילע כליפּען פון אַ מוטער אויף דעם קבר פון איר קינד.

גלאָצט דער יונג שגעון, גלאָצט אויף מיר,
זיינע אויגן שטייען אומבאַוועגלעך אין מיינע אויגן טיף אַריינגע-
שפּיזטע, ווי אַ גרויסע, אויפגעמאַכטע שער.
און די קרוג, די אומגעפּאַלענע, מיינע אויסגעקרומטע ליפּן כליפּען
ווייטער:
— איי, דו מענטש, דו נאַר,
אויב נישט אויף שיפן, טאָ וווּזשע ווינט דיין אָרים פּאָלק?
אינמיטן ים איז זייער קעניגרייך,
דאָרט שלאָגט זיי נישט קיין פּאַלקע, שעלט זיי נישט קיין צונג.
און שטאָלצע הויבן דאָרט זיך אויף דעם ים די קעפּ ביי זיי,
כל זמן קיין לאַנד, קיין ערד, קיין שוואַרצע ערד באַווייזט זיך נישט.
אינמיטן ימים איז דאָס קעניגרייך, דאָס פרייע פון דיין פאָלק,
אינמיטן ימים, דאָרט ווו ס'איז קיין מענטשן-פוס געטרעטן נאָך — —
ווייל ווו אַ מענטשן-פוס איז שוין געטרעטן,
טאָר דיין פּאָלק נישט אומגיין אויף דער מילדער מאַמע ערד, נאָר אויף
שטעכיק דראָט פון האָס.
יוסף חיים ברענער האָט זיך איינגעשפּאַרט,
מיט זיינע גראָבע פיס האָט ער אויף דער ערד זיך אָנגעשפּאַרט,
און צו די גוים, וואָס אַרום האָט ער געזאָגט:
ברידער, אונזער ערד איז אייער ערד, און אייער ערד איז אונזער
ערד, לאָמיר זי צוזאַמען אַלע גראָבן מיט די אייזנס,
זייען מיט דעם קאָרן,
אונזער אַלעמענס די ערד, אונזער אַלעמענס דאָס ברויט, מיר אַלע
גלייכע טאַטעס פון דעם לעבן און גלייכע קינדער פון דעם
טויט.
האָבן זיי אים, יוסף חיים ברענערן ערנסט אויסגעהערט, אָנגעשאַרפט
די מעסערס און צעשניטן: ווי מען שניידט פינאַנדער אויף
באַזונדערע חלקים אין קיך אַ לעבעדיקן פיש;
האָבן זיך ברענערס צעשניטענע גלידער איינציקווייז געוואָרפן, און אויף
דעם זאַמד מיט בלוט געשריבן האָבן פינגער אָפּגעשניטע-
נע: מיר זענען גלייכע טאַטעס פון דעם לעבן, אָבער נישט
קיין גלייכע קינדער פון דעם טויט. — — —

און ווי דער טורם פון בבל איז דיין פאָלק,
אויף אַלע שפּראַכן קומט עס נישט צו גאָט,
אויף אַלע שפּראַכן רעדט עס
און אויף קיין שום שפּראַך פאַרשטייט מען עס דאָך נישט,
נאָר אויף דער קלינגענדיקער שפּראַך פון געלט.
און ס'איז נישט אמת, אַז אַ פּאַנט פאַר גאָלד־טאַלאַרן איז דאָס לשון
פון דיין פאָלק אין מזרח פון אייראָפּע,
ס'איז דער איינציקער פּראָצענט, יאָ, פּראָצענט, פאַר שטרוימען בלוט,
און פון עקל און פון בלוט־דערמאָנונג האָבן זיך די ווערטער איינגע־
קאָרטשעט אין דער ווייהיץ פון די מיילער, וואָס האָבן עס
גערעדט,
ווי בלעך פון דעכער, וואָס קאָרטשעט זיך און דרייט זיך אויס אין
פייער,
ווי אין ווײ.
אָבער צום האַר פון דיין פאָלק,
וואָס בלייבט דיר דען איבער מער
זיי אַ מענטש צו אים, אַ מענטש, וואָס נעמט נקמה ביז צום דריטן
און צום פערטן דור,
און רייס זיין לייב מיט צוואַנגען, אויסגעגליטע אין דעם פייער פון
אווטאָדאַפעען,
משפּט אים בייטאָג און שטראָף אים אין דער נאַכט,
אין דער פינסטערער נאַכט, ווען דו ביזט איינזאַם און ער איז נישטאָ —
ווייל ער איז געזעסן רויק אין זיין פאַרמעטענעם שיפל און געשווומען
דורך דעם ים פון בלוט, וואָס איז צו הייליקן זיין שם
געוואָרן אויסגעגאָסן,
ווייל ער האָט אין דעם בלינדן כישוף־קרייז פון תרי"ג מצוות,
דיינע ברידער, ווי אין אַ טומאַן געפירט
שוין העכער דריימאָל תרי"ג בלוטיקע יאָר.
ווייל זיינע רעבאָלעך זיצן ביי די מאָגערע, אומאויסגעשלאָפן־שלאַפע
בריסטן פון דיין פאָלק און זייגן
רויטע, שיטערע מילך.
רייסן זיי די ברוסט מיט זייערע קליינע הענטעלעך, מיט זייערע דינע

פינגערלעך, וואָס האָבן שוין זינט דורות זיבעציק זיך אין
קאַלטן וואַסער נישט גענעצט.

— — — — — — — —

דער לעצטער טראָפּן פון דער קרוג, דער אויסגעקערטער,
דאָס לעצטע וואָרט פון אויסגעקרומטע ליפּן
איז געפאַלן אין דער שאַטנדיקער פינסטערניש,
דער יונג שגעון איז אַנטשלאָפן,
כראָפּעט שווער אויף מיין געביין,
דעם קאָפּ פאַרבויגן אויף מיין אַקסל.
מיינע אויגן אויסגעשטשירעט, ווייס פון שרעק
אין דער ליידיקייט אַריין,
און פון דער סטעליע לאָזט זיך פּלוצים
פאַלן, ווי אַ גרויסע שפּין אויף אַ שפּינען־פאָדעם,
לאָזט זיך פאַלן אויף איר קרבן,
אַ ווייסע, פולכנע, אויסגעשטרעקטע, רבישע האַנט,
און לייגט זיך זאַנפט און שטיל אויף מיין מידן פּנים,
און הייבט אַ זאַנפטע אָן צו טריפן מיט ווייכע טראָפּנס שמאַלץ.
הויבט אָן גליען אונטער מיר די ערד,
און אויף מיר דאָס לייב פון יונג שגעון,
און עס גיט מיט מיר אַ ריס,
פאַלט דער יונג שגעון אין אַ בויגן, ביז אין ווינקל פון דער שטוב
פאַלט ער קרעכצנדיק אַראָפּ.
און דאָס ווייסע הענטל לייג איך אונטער מיינע פיס
ווי עס לייגן חדר־יינגלעך קנאַקן ניס.
קנאַקט זי באַלד אין אַלע קנעכעלעך די האַנט
די רבישע, די ווייסע, פולכנע האַנט,
אַזש דאָס ווילדהאַרץ איז פון וויי,
אַזש דאָס וויי־האַרץ איז פון ווילדער פרייד
אויפגעגאַנגען אין מיר, ווי אַ זון.
און אין — — שריט — — שריט האָב איך דערהערט,
שריט שווערע, שריט פון צוויי־טויזנט יאָר,
שריט שווערע, שריט פון צוויי־הונדערט לענדער,

שריט פון אַן אייביקייט אַרויס
אין אַן אייביקייט אַריין.
און אויף דער בריק איז מיין בליק געפאַלן,
און אויף דער בריק זענען פיס געשטאַנען,
שווערע, אין שמאַטעס געוויקלטע פיס,
די ווונדיקע פיס פון מיין וואַנדערפאָלק,
און געפאַלן איז מיין לייב, און געזוכט האָט מיין גייסט
דאָס וואָרט פון דער ליבע, ד'אָס איינציקע וואָרט,
און ס'האָבן די ליפן געפונען דאָס וואָרט
און האָבן זיך צוגערוקט שטילע
צו די שמאַטעס-געוויקלטע פיס,
און זענען זיך, ווי אַ קינד אין געוויין,
פאַרגאַנגען
אין אַן אָן-אָטעמדיק לאַנגען, טיפן קוש

האָט דער יונג שגעון זיך פון ווינקל אויפגעהויבן, צוגעקומען נענ-טער, אַ קאָפּ געטון מיר אינם שאַרבן, אַזש דאָס מויל האָט זיך פון פיס אַראָפּגעריסן, ווי אַ פּיאַווקע באַשיט מיט זאַלץ.

האָט דער יונג שגעון אויפגעמאַכט די טיר, — און פון דרויסן האָט אַ ווייַ געטון מיט קעלט.

און פון דער שוועל האָט ער צוריק אַ וואָרף געטון מיין יידיש האַרץ,

— הענט פאַרשפּייט ער, שמאַטעס קושט ער, נעם דיין האַרץ, די שמאַ-טע האַרץ צוריק!

האָב איך האַסטיק עס אַ כאַפּ געטון צוריק דאָס האַרץ, און קיין פונק פון לעבן איז אין אים נישט מער געווען, און מיט דער לעצטער קראַפט האָב איך צום יונג ׳שגעון נאָכגע-וואָרפן ווערטער:

— ווייסע הענט פון פירער טרעטן מיינע פיס, שוואַרצע פיס פון פאָלק קושן מיינע ליפּן.

זענען מיר געבליבן זאַלבאַדריט
דאָס טויטע האַרץ, דאָס יידישע, אויסגעגאַנגען, אָן אַ טראָפּן בלוט,

ווי אַ פיש אָן וואַסער אין די הענט פון יונג שגעות,
מיין קאָפּ
און איך
און אין מיר דאָס ווילדהאַרץ.
זענען מיר געגאַנגען זאַלבּאַדריט
געגאַנגען אין אַ טאַנץ,
אין אַן איינזאַמען, אין אַ טויט-שטילן,
אַן אויף איין-אָרטיקן, אַן אָן-איין-ריריקן
טאַנץ מיט אַלע חושים,
אין אַ ריקוד-הריקודים,
אין אַ טאַנץ פון אַלע טענץ,
פון דער וועלט אַרויס און פון זיך אַרויס,
אויף דער ווייסער, ווייטער פלאַך אַרויף, אויף דער ווייטער, דער
אומענדלעכער, דער פאַרשנייטער, ווייטער פלאַך פון דעם
פלימערדיקן ווילד-חלשות.

---

סינטעזע

די שוואַרצע פייגל, די נאַכטיקע שעהן
האָבן די גאַנצע נאַכט געפלאַטערט
איבער מיין ווילד-פאַרחלשטן קאָפּ,
און זענען באַגינען אַוועקגעפלויגן, פלאַטערנדיק, שרייענדיק כוואַ,
כוואַ, כוואַאַאַאַ.
האָט זיך פון ווילדן געשריי דער קאָפּ
אויפגעכאַפּט און האָט אין פענסטער דערזען
ליגן אַ כמירנעם טאָג,
אַ כמורנעם, רעגנדיקן טאָג, אַזוי ווי אַ גרויע קאַץ,
זי איז פון פענסטער-ברעט אַראָפּגעשפּרונגען און גענומען שפּאַנען
איבער מיין שטוב אויף אַלע ווייכע פיר לאַפּעס,
האָב איך אויך גענומען שפּאַנען מיט דער גרויער קאַץ,

איך אהין און זי אהער,
איך אהער און זי אהין, איך אהין און זי אהער
איז די פארצוויִיפלונג ווילד געשטיגן אין מיר,
איך אהער און זי אהין,
און ביי דעם קאָפּ האָב איך מיט ביידע הענט מיך אָנגעכאַפּט,
האָט ער זיך גלאַט פון האַלז אראָפּגענומען,
יוי א שווערער באַל אין מיינע הענט איז ער געבליבן.
האָט זיך צווייִמאָל ווילד ארומגעקוקט
און געָנומען רעדן.
ס׳האָט זיין ווישט, דער צעטיילטער אלעמאָל א דאסטיק צי געגעבן אָטעם,
מיט א ניגונדל האָט ער די ווערטער זיינע שטיל באַגלייט
און גערעדט אזעלכע רייד:
אָ, אפשר איז אויפגעשטאַנען דאָס בלוט פון כנענס אורפעלקער,
וואָס איז דרייטויזנט יאָרן לאַנג געווען באַגראָבן אין דער זאַמדיק ווייסער ציון־ערד!?
ווי ווייַן האָט זיך דאָס בלוט געשטאַרקט אין דעם קעלער פון דער ערד,
אין דרייטויזנט יאָרן צייט.
דאָס בלוט, אויף וועלכן דיין פאָלק האָט אויפגעבוי
די טויזנט יאָרן פון זיין מלכות!
אָ, אפשר שרייט עס שארף, דאָס בלוט פון יעזן הלף, וועלכער גליטשט זיך
אויף די העלזער פון דיין פאָלק!?
און אפשר ברומט עס פון יעדער פאַלקע־פייג
וואָס פאַלט אויף דער נאַקעטער שטייף
פון דעם ביינערנעם הפקר־שארבן פון דיין פאָלק!?
און אפשר פּלאַצט עס פון א יעדן ביקסן־מויל, וואָס וויל זיך איינפרעסן אין דיין פאָלקס אנטלויפנדיקן רוקן!?
ווייל ווי איז, ווי איז דען די זינד, וואָס האָט דיין פאָלק געטון,
אז זיין מוז עס, ווי ס׳איז אַן אַלטע מאַמע,
וואָס אירע זין, וואָס האָבן זיך אָן אירע ברוסטן זאַט־געזויגן,

דערפילן שאַפּנדיקע קראַפּט אין די מוסקולן,
גייען זיי אַוועק פאַרנאַכט אַמאָל
אָן אַ זיי־געזונט?
זיי גייען פריילעכע צו דער יונגפרוי וועלט
ווי די יונגען צו דער מויד.
און די יונג־פרוי־וועלט איז זשעדנע אויף זייער יונגען בלוט־געמיש.
ווערן זיי גרויס און באַרימט אויף דער וועלט.
אָבער אויף די רואינעס פון די אַמאָליקע דעכלעך
קריכט די משוגענע, אַלטע מאַמע פאָלק אַרום
און קלאָגט אויף אירע אַלטע יאָרן;
און ווען אַ פרעמדער דערבאַרעמט זיך אַמאָל,
און זעצט זיך אויף די שטויביקע בערגלעך פון אירע אַמאָליקע פּריזבעס
שטרעקט זי אויס אירע ביינערדיקע הענט צו דער וועלט,
און ווייזט אַהין, אַהין,
צו אירע באַרימטע זונען־זין, וואָס פלעגן ביי אירע בריסטן אַמאָל די קינדער־מילך צו זויגן. און ווי זי זאָגט עס, נעמט זי אירע אַלטע ברוסט אַרויס און ווייזט: גלויבסט עס נישט, פרעמדער מאַן, אָבער עס איז די זעלבע ברוסט, — —
און קיינער גלויבט איר נישט מער
דער משוגענער, אַלטער מאַמען, דיין פאָלק.
די אייגענע זין אַנטלויפן פון איר, פון דיין מאַמען, דיין פאָלק,
און די פרעמדע זין האַסן עס
אָ, וויאַזוי קאָן לעבן אַ פאָלק, וואָס ווערט אַזוי געהאַסט?
וויאַזוי קאָן לעבן אַ פאָלק, וואָס ווען עס מאַכט די אויגן אויף אין אַ פרילינגדיקן טאָג,
אויף גרינע פעלדער און בלויע טייכן,
דערפילט עס אויפן סאַמע שוואַרץ־אַפּל פון אויג
הענגען פּיאַווקעס פון האַס,
פון אויגן, וואָס זענען אייביק אויף אים געווענדט?
אויף דעם סאַמע שוואַרץ־אַפּל פון אויג הענגען פּיאַווקעס פון האַס.
אָ, אינמיטן פון די פעלקערס ווינטער בויען מיר אונזער הויז פון

## פֿאַרגייענדיק גליק

אויף געפּרווירענע טייכן פֿון פֿרייהייט בויען מיר עס,
אָבער די פֿעלקער אַרום אונז בויען אויף ערד,
אונטער דעם פֿראָסט און דעם שניי דערשמעקן זיי ערד און בויען אויף איר זייער גליק.
און ווען די פֿעלקערס פֿרילינג קומט,
פֿלייצט אויף אונזער טייך און דאָס גליק-הויז צערינט, און דער טייך ווערט אַ טייך פֿון בלוט,
אָבער זייער הויז שטייט געפֿונדעוועט און געפֿעסטיקט,
און אונז טראָגט דער טייך, דער רויטער טייך.
און ווען די פֿעלקער גייען צו פֿרייהייט,
די וועלדער שאַלן און וואַלן צופֿאַלן פֿאַר דעם באַפֿרייאונגס=ליד.
דאַן לאָזן זיי אונזער פֿאָלק מיט דעם ווייבער=פֿאָלק און דעם קינדער=פֿאָלק ביי זיך אין דער היים, צו שפּאָט און צו האַס.
און ווען זיי קומען פֿון קאַמף צוריק,
באַגלייט זיי אונזער אויג, דאָס מידע,
אָן פֿאַרשטענדניש גאַפֿט דאָס אויג, דאָס צונטער=רויטע,
וואָס האָט זיך אויפֿגעהויבן ערשט פֿון דעם געלעגער פֿון די טויטע,
פֿון קינדערלעך טויטע און פֿון אַלטע טאַטעס טויטע,
וואָס האָבן אויסגעשטרעקט די העלדזער ביי די גרינע שוועלן פֿון באַפֿרייטע פֿעלקערס פֿרילינג.
אָ, דאָס געזאַנג איז פֿון גרינע פֿעלדער און וועלדער,
און דאָס יונגע האַרץ איז פֿאַר ווייסע שיקסעס,
און דער שריט פֿון קאַמף איז פֿאַר באַפֿרייאונג,
און דער שריט פֿון זיג פֿאַר דעם טריומף.
נאָר פֿאַר אונזער פֿאָלק איז דער בעכער פֿון האַס געבליבן.
זשלאָקעט עס דעם האַס,
ווי דער בענקאַרט זשלאָקעט
פּאָמיעס פֿון רייכע טישן.
אָ, ס׳קאָן זיך בויען שוין די וועלט פֿון ליבע און געזאַנג און פּראַכטיקייל דאָס גרויסע, פֿולע, קיילעכדיקע שאַף פֿון האַס, וואָס איז אין וועג געשטאַנען, האָט מיין פֿאָלק דערזשלאָקעט ביז צום דנאָ.

און איינמאָל טרעפט,
אַז אין די פעלקערס אויגן צינדט זיך אָן דער אורמענטש,
און די פעלקערס הענט נעמען אייזן אָן
און גייען בערן, מענטש — אַקעגן מענטש,
בלוט צו טרינקען,
ווייל צוליב זיין ווילדקייט פירט דער מענטש מלחמות,
אַ שטיק ערד נעמט ער צו זיך, צוימט עס אַרום מיט דעם אומזיכט־
צוים פון גרעניץ,
כדי צו קענען עס מיט בלוט פאַרטיידיקן,
און מאַרקסיסטישע טעאָריעס זענען אויך אַזעלכע אמתן, ווי די קריגס־
בריוו פון צעזאַרן.
בלוט גייט טרינקען דער מענטש.
און דעמאָלט קאָן געשען,
אַז אין דעם אורמענטש־ליכט גייט אויך אונזער פאָלק,
פאַר־פיר־טויזנט־יעריק, אוראַלט,
אורמענטשלעך מיט אַלע פעלקער באַגלייך,
אָבער אינמיטן דער שמחה פון בלוט,
אינמיטן פון חיל, פון קריג און פון מוט,
הויבט די ערד אָן ברענען אונטער אונזערע פיס,
הויבט זי אָן שרייען העכער און העכער
מילאָנען טרעטן, טרעטן זיי זיכער,
און ווי ועם אומזיכערן רייטער דערפילט, דאָס פערד
און וואַרפט אים אַראָפּ,
דערפילט אונזער שריט די ערד,
און שרייט —
— איך בין נישט דיין, טרעט נישט אויף מיר,
גיי זוך דיר אַן אַנדער ערד,
אַן אַנדער ערד.
ביי מיין שוועסטער, דער ערד, וואָס ליגט דאָ דערנעבן, גיי פרעג! —
הויבן מיר די פיס, ביז צו די אַקסלען הויבן מיר זיי,
און לויפן, לויפן,
מיט צעפּלאָשעטע פּאָלעס זוכן ערד, ערד, אַן אַנדער ערד.

און ווי ס'בלייבט איינזאַם ברודער מענטש
צווישן אַלע זיינע ברידער,
אַזוי איינזאַם בלייבט אַ פאָלק
צווישן אַלע פעלקער,
איינזאַם, איינזאַם בלייבט אַ מענטש,
עסט מיט דיר ביים זעלבן טיש,
שטייט ביי איין וואַרשטאַט מיט דיר, בלוטיקט שווייס און שטינקט, ווי
דו,
שלאָפט מיט דיר אין זעלבן בעט,
און דעמזעלבן פרילינגס תאווה קאָפּעט איבער זייער ביידנס לייב,
און מאַכט אַ בערגל פרוכפּערדיקע ערד פון איר, צו געבוירן מענטש.
אָבער איינזאַם בלייבט ער, איינזאַם.
אַזוי ווינט ברודער פאָלק מיט ברודער פאָלק אויף איינער ערד,
איין טויט קאָפּעט איבער זייער ביידנס פעלד,
און איין זון לאַכט איבער זיי,
שלאָפן אין איין בעט פון ערד
אָבער ווען איין פאָלק שטייט אויף
פון זיין ווילדן וויי אינמיטן נאַכט,
בלייבט זיין שריי הענגען אין דער שוואַרצער לופט,
מוראדיק און שטאַר,
ווי אַ פויגל פאַר דעם רויב,
זוי דאָס נאַכט=געשריי פון אַ וויסטן טרוים אפיר.
מענער שטייען אָפּט אינמיטן גאַס און לאַכן,
לאַכן פון מענער, פון זייערע ברידער. די גוטע לאַכן און די שלעכטע
שלאָגן;
און ס'שטייען די מענער פון אונזער פאָלק,
שטייען געפּעגטעט; ווי מיט שטריק, מיט דעם געשריי פון ווייבער און
פון קינדער, וואָס בעטן זיך: אנטלויף, די קינדער ביי די
בריסט האָב אין זין!
חיינען די מענער פון אונזער פאָלק, וויינען אַן אוממאַכט=געוויין,
און נעמען מיט שמייכל אויף — בלאָטע פון קינדער אויף הייכע שטערנס
און קללות פון ווייבער אין אָפענע אויגן.

אָ, די חיה מענטש איז שוין אַזוי אויף דער וועלט געקומען,
מיט אַ קרייז אַרומגענומען,
מיט אַן ענגן האָריזאָנט.
און גאָט האָט זי נאָך צוגעשלאָגן
מיט אַן איבריק מאָס פון בלינדקייט.
און אָן זיין אייגן פאָלק שפּאַרט זיך אָן דער מענטש,
און גייט דעם וועג, וואָס שטרעקט זיך צווישן די צוויי פּאָלוסן פון נישט-זיין,
און רופט זיך אָן דאָס לעבן.
ענג אַרומגעוויקלט מיט דעם זיידנפאָדעם פון דעם האָריזאָנט.
אויף די פיר טעמפּע פיס פון זיין בעט שפּאַרט ער זיין לייביק לעבן אָן
און אָן די פיר טעמפּע דאָגמעס פון פאָלק שפּאַרט ער אָן זיין גייסט
דאָס לאַנד איז מיין.
דאָס לאַנד איז דיין, מיין ברודער,
דאָס לאַנד איז אונזער, מיר פאָלק,
דאָס לאַנד געהערט צו אונזער גאָט.
אָבער אָן וואָס זאָל מיין גייסט זיך אָנשפּאַרן?
אַלע טיילן פון מיין פאָלק זענען שלאַבעריק אַזוי,
שלאַבעריקע זענען זיי, ווי די גלידער פון אַ פּאַליקן,
גליטשיקע,
אויפגעשוואָלענע גלידער פון אַ האַלב-טויטן לייב.
איבער דער וועלט ליגט ער און גליד איבער גליד קאָנוולסירט.
אַלעמאָל אין אַן אַנדער טייל פון דער וועלט
אַלעמאָל אין אַן אַנדער עק פון דער צייט,
אָ, מיר פאָלק פון אייביקער פאַרגאַנגענהייט,
אָ, מיר פאָלק פון אייביקער צוקונפט-לאָזיקייט.
און בויען, בויט זיך אָן אונז די וועלט פון גוף,
איבער אַלע שטעט און דערפער קלינגט דער רוף,
וועלט,
גשמיות,
קלוגשאַפט,

גוף.
נאָר אונזער פאָלק האָט דעם אוצר פון גוף געביטן,
אויף די ירידים פון דער וועלטס יאָרהונדערטן
אויף דעם קליינגעלט פון גייסט,
וואָס קלינגט און פילדערט אומעטום.
און ס׳נעמט דער קאָפּ אַ פולע מאָס פון ווייטעק אָן,
פאַרמרוזשעט די אויגן,
און פּאַטעטיש נעמט ער דעקלאַמירן:
— אָ, דו ביזט שולדיק יאַהווע, יאַהווע,
נעם דיר די בערגער פונם גייסט צוריק,
וואָס ליגן ווי מיסט ביי די דינע ווענטלעך פון אונזער קאָרטן־הויז
פון פּאַפּירן גליק
נעם שנייד דיר אָפּ די הידראָצעפאַלישע קעפּ אונזערע,
און וועג זיי אויף דער וואָג פון דיין גערעכטיקייט,
און גיב אונז הענט און פיס אין דעמזעלבן געוויכט,
גראָבע, מוסקולארנע הענט,
הענט פון ארבעט אין דער וועלט פון ארבעט,
הענט פון קריג אין דער וועלט פון קריג,
הענט פון דער געדאַנקענלאָזיקייט!
ווי שטאָלערנע שפּיצן אין אַ מענטשלעכן גוף
וואַנדערן די אָפּגעריסענע ברעקלעך פון דער נשמה פון אונזער פאָלק
און ווו זיי קריכן אַפיר
דאָרט וואַקסט געשוויר;
ווו שטאָלערנע שפּיצן זוכן זיי דעם מאַגנעט,
זוכן דעם שטאַם,
אָבער ווו איז, ווו איז דער שטאַם?
ווו איז דער שטאַם, דער מאַגנעט?
אָ, צו אַלע פעלקער האָסטו געגעבן פּאַסן לאַנד פון דיין ערד,
צו אַלע פעלקער צו איין רינג ערד, איין האָריזאָנט.
און זעען זיי די בליונג אין פרילינג איז די בליונג זייער.
באַנעמען זיי די ערד,
אַזוי ווי אַ מאַן באַנעמט אַ ווייב, ווען זי וואַרפט אים קינדער פון

**איר לייב:**

רייטן זיי אום אויף דעם קאַרוסעל פון זייער ענגען האָריזאָנט,
שיכורע פון זאַטקייט און פון וויין,
איינמאָל ארום און נאָכאמאָל אַרום;
אָבער אונז, דיין פאָלק פון אַלע פעלקער
האָסטו אָנגעהאָנגען אַ קייט פון האָריזאָנטן אויף דעם האַלז:
ענגט די שפע פון אונזערע האָריזאָנטן פון אונזער האַלז אַראָפּ,
און אויף די אויערן צווייַ גרויסע, קיילעכדיקע האָריזאָנטן,
און אין דער לאַנגער נאָז אַ נאָזן־האָריזאָנט.
זיי רייטן אויף זייערע האָריזאָנטן
און אונזערע האָריזאָנטן רייטן אויף אונז.
זיי האָסטו געגעבן אַן אָרעם שטיק לאַנד
און אַנדערע נאָך אַ שטיק וואַסער דערצו.
אונז אָבער האָסטו געגעבן די גאַנצע ערד,
און אויסגעגאָסן פאַר אונז דעם גאַנצן ים,
כּדי מיר זאָלן שפּאַנען אייביק וואַנדערנדיק אויף איר,
אייביק זי מעסטן, די ערד,
אייביק אים איבערגיסן, דעם ים,
און קיינמאָל זיי נישט האָבן — — —
אָ, בעסער וואָלסטו אונז געגעבן אַ שטיק ערד, וואָס זאָל נישט אויס־
זעצן מיט צרעת, ווען אונזער אויסגעפייניקטער לייב לייגט זיך
מיד אויף איר אַנידער.
אָ, וואַקסן זאָל אויף איר אַן אָרעם און אַ זויער ברויט,
און רינען שטיל אַן אָרעם וואַסער זאָל אויף איר;
בעסער וואָלסטו אונז געגעבן אַ שטיק ערד, וואָס זאָל אַזוי פאַרוווּנ־
דיקט זיין, ווי מיר.
אפשר וואָלט עס ווערן אונז אַ פריינט.
אָ, גיב אונז, גיב אונז נאָך היינט אַן ערד,
א שטיק ערד, וואָס כאָטש אַרייַנגעזעצט צווישן אַנדער לאַנד,
איז עס דאָך געוועזן איינזאַם,
ווי מיר, אריינגעזעצטע אין דער איבעריקער מענטשהייט,
אפשר וועט עס אונז פאַרשטיין, אַט אַזאַ מין לאַנד, אַזאַ וויכט שטיק

ערד,

און וועט אַ חבר זיין מיט אונז.
און וועט אונז ליב באַקומען, ווי אַ הויקער האָט אַמאָל אַ בלינדע ליב.
און וועט מיט אונז צוזאַמען
בויען זיך אַן אָרימע און אַ שטילע וועלט.
אָדער איז נישטאָ אַזאַ שטיק ערד אויף דער אויבערפלאַך פון ערד
דאַן גיב עס אונז אונטער דער ערד,
און אונזער זון וועט זיין פון שוואַרצן ליכט,
און דינען וועלן מיר צום טויט,
טויט וועט זיין דער גאָט.
ער וועט אויפגיין יעדן טאָג איבער אונז,
מיט אַזויפיל פינסטערניש,
מיט וויפיל ליכטיקייט עס גייט
די זון אויף אויף דער ערד.
נאָר גיב אונז אַ שטיק ערד, וואָס זאָל נישט אייטעריק און נישט גע-
שוויריק ווערן,
ווען אונזער אָרימער סקעלעט לייגט זיך מיד אויף איר אַנידער.
און דער קאָפּ אין מיינע הענט
האָט דעם אָטעם אָפּגעכאַפּט,
דער וישט איז ביי אים
אַביסעלע פאַרטרוקנט שוין,
און די נאָז איז אַ פאַרשפּיצטע און אַ בלאַסע שוין ביי אים,
האָט זיך לענגער אויסגעצויגן,
און פאַרגלייזט די אויגן האָט ער,
און גענומען ווייטער דעקלאַמירן
— אָ, וואָרט צווישן אַלע ווילדע ווערטער,
אורוואָלט;
וואָס דיין אות, דאָס ערשטע איז אונזער ווייסולער נאָמען אין דער
וועלט;
יענער נאָמען, פון וועלכן דאָס מויל פון אַלע פעלקער נעמט פינען פון
האַס;

אָ, וואָרט,

דרייעקיק אין דיין באטייט,
מעכטיק; ווי די פּיראַמידעס פון מצרים; וואָס בוֹיענדיק זיי,
האָט דאָס קראַנקע מויל פון דעם פּירער פון דעם קנעכטן־פאָלק עס
אַרויסגעשטאַמלט,

אָבער אין זיין שטאַמלונג האָט ער נאָך
דעם היה, הוה און יהיה
אין אים אַריינגעפּרעסט,
אויף דיינע זעקס און צוואַנציק פּיס,
ווי אַ מעכטיקער וואָרעם, מיט אַ גלאַנצנדיקן רוקן און שניידנדיקע
שערן אין מויל,
קריכסטו מיר זעקס און צוואַנציק מאָל אין יעדער רגע פון מיין מויל
אַפּיר,
ווען עס זוכט דאָס וואָרט,
מאַכטלאָז, געדאַנקענלאָז, אין עמעצנס ווילן מיט שנירן געוויקלט,
ווי דעם זויג־קינדס ליפּן זוכן דעם מילך־וואָרצל פון רער ברוסט
אָ, וואָרט,
וואָס אַלע פעלקער רופן אין זייער תמימות און אין זייער פּראָסט־
יט:

גאָט — —
ביזטו דאָך צוויימאָל דרייצן, צוויימאָל גאָט,
יהוה.
אָבער אַ וואָרט ביזטו, אַ וואָרט,
דער דינער באַלקן, אָן וועלכן מיינע טרענקענדיקע ליפּן טשעפּען זיך
ווען איך פלייץ, ווי אַ שווימענדיקע האַק
גטגן דעם שטראָם
און געגן דער טיף
פון ווײ
יוד
הת
וואוו
הה!
נישט אין מיין נויט האָב איך צו דיר גערופן,

נישט אין מיין פרייד האָב איך גאָך דיר געבענקט,
נישט מיט דיין נאָמען אויף די ליפּן האָב איך אויפגעצויגן מיינע קינ=
דער,
נישט צו דיר האָב איך פאַרטרויט, ווען כ'בין געהען מיט נאַכט און
טויט אליין.

נאָר איצט וואַקסט אַ תּפילה פון מיר אַרויס,
ווי אַ דאָרן וואַקסט זי,
אַרום מיר און מיינע שלעפן,
און באַדעקט זיך מיט שטעכעדיקער בליט,
אָן בלעטער וואַקסט אַ טרוקענע תּפילה צום נישט=זיין,
אָ, דו ביזט דאָך דער האַר פון זיין און פון נישט=זיין!
דאָס זיין האָב איך דיר נישט געטרויט,
דערפאַר וועל איך מיט דאָפּלט=האַרבן גלויבן
דאָס נישט=זיין דיר איצט געטרויען.
טו גאָט, אַז פרוכפּערן זאָלן זיך נישט מער
די לענדן פון מיין פאָלק,
זאָל דאָס נאַכטלעכע פייער פון זיינע מיידן
זיין ווי דאָס פייער פון שייערן מיט הוילן שטרוי
וואָס ברענען אין דער נאַכט אַריין,
אין ווינט אַריין -- פּוסט.
אָ, זאָל די תּאווה זייערע טרוקן זיין,
ווי האָלץ אין זומערדיקער מיטאָג=זון.
צו וואָס זאָלן פרוכפּערדיק ווערן די שויסן, ווען זייער פרוכט דאַרף
וואַקסן פאַרטריבן פון גאָט, ווי דאָס געלע, בייערדיקע גראָז,
וואָס וואַקסט צווישן שטיינער אין גרויסע שטעט?
פאַרוואַנדל דעם רויזן=ריחדיקן זאַפט פון דער תּאווה אין שמוציק זאַלץ=
וואַסער!
און אומפרוכטבאַר מאַך די טראַכט פון דיינע שוואַרצע מיידן.
נעם אויך אונז אונטער דיין מעסער,
דו פעלקער=צעשטערער,
דו, מצרימס שטראָפער,
וואָס האָסט עס אָפּגעמעקט פון דער פלאַך פון דער ערד און פון

שפּיגל פון ים.

דו, וואָס רוים האָסטו געוואָרפן אין דעם אָפּגרונט פון פאַרגעסנקייט:
אָ, זאָל דער גורל-בײַן, וואָס וואַרפט מיט אונז
שוין אַזויפיל הונדערט יאָר
פאַלן אויף דער זייט, וואָס איז אינגאַנצן שוואַרץ,
און איר הותם וועט באַטייטן טויט.
צעשטער אונז
היה, הוה ויהיה.
אין פאַרגאַנגענהייט
געגנוואַרט
און צוקונפט
צעשטער אונז!
אונזער צייכן איז געווען,
אַ וועלט, אַ נייע אונטער דער הערשאַפט פון דעם גייסט,
נאָר מיר זענען מיד שוין, מיד און אָפּגעשוואַכט,
אונזער הויט-השדרה איז שוין בראָכיק און איז הויל,
פּרוּוו און גיב אַ קלאַפּ מיט דיין הערשער-רוט אויף איר,
וועסטו הערן ווי ער קלאַפּט, ווי אַ הוילע רייר.
און די הערשעפט פון גייסט איז ווייט נאָך, איז ווייט.
אונזער אויג, דאָס עובר-בטלדיקע זעט שוין מער נישט אַזוי ווייט.
כּל זמן מיר זענען יונג געווען איז אַלץ געווען גוט,
אָבער איצט?
קויף דיר אַן אַנדער פאָלק,
טעלקער זענען דאָ גענוג,
נעם צוריק די פינף שטיקער גאָלד, פאַר וועלכע דו האָסט
מיט דרייטויזנט יאָר צוריק אונז מיט בלוט און גייסט געקויפט.
דער קאַפּיטאַל איז גאַנץ,
און פּראָצענט —
דור-איין, דור-אויס האָבן מיר געצאָלט מיט בלוט.
קויף דיר אַן אַנדער פאָלק,
טו אים אָן דעם טלית פון דעם וועלט-אויסלייזער,
זאָל עס קריכן, ווי מיר

אונטער דעם טלית אויף אַלע פיר,
דער אויסלייזער זיין,
און אויף אונז אַלעמע און מידע
לאָז אַראָפּ דעם גורל אויף זיין שוואַרצער זייט-
סוף.
מיר לייזיקע קענען שוין מער נישט קיין וועלט=אויסלייזער זיין.
נעם אַראָפּ דעם שטאַלצן הותם פון אונזער שטאָלץ געוועזענעם שטערן,
אויף וועלכן עס שטייט געשריבן:
דאָס פאָלק האָט געבוירן דעם פּאָטער=דערלייזער משה און זיין זון
יעזו-קריסט.

און אַ חותם שטעל אַרויף אַזאַ:
דאָס פאָלק איז געוועזן אַמאָל אַ פאָלק.
און פּלוצים האָט דער קאָפּ
גענומען וואַרפן מיט די אויגן,
ווי ער וואָלט געזוכט נאָך הילף,
ווי ער וואָלט געשנאַפּט נאָך אָטעם.
געוואָרפן האָבן זיך די אויגן,
געוואָרפן און געדרייט,
ביז ז'האָבן, ווי די שרויבן
זיך אַרויסגעדרייט,
און זענען אָן אַ טראָפּן בלוט אויף דער ערד געפאַלן,
און דורך די לעכער האָט געשטאַרט
די פּוסטע הייל פון מות.
און ווי דאָס לעצטע בלוט פון אָדערן געשאָכטענע,
האָבן שנירל=ווייז געטריפט די לעצטע ווערטער פון דעם מוח:
אָ, דעריבער איז אַן איבעריקס אין מיינע אויגן, מיינע אויגן, די גע=
וועזענע, יעדעס אומשולדיקע שלמהלע,
וואָס ליגט אַ שרייענדיקס און וויינענדיקס ביי דער מאַמע בריינעס
ברוסט,
דעריבער איז אַן איבעריקס אין מיינע אויערן יעדעס אומשולדיקע
קולכל, וואָס קלינגט פונאַנדער מיט אַ לידל אין דעם ענגן
געסל, אינמיטן פרעמדן פרילינג,

זייל דער יאוש האָט אין יענעם אָרט פון מיין, נאָך נישט צעפּלעטן
שאַרבן, וואָס וועט אומאויפגעפּלעטערהייט שוין שטאַרבן,
ווו ביי מענטשן וועבט די האָפנונג און דאָס לעבן,
אויסגעבערענט אַ לאָך,
און סשלענגלט זיך אַ וואָרט פון דאָרט
מיט דעם רויך,
אונטערגאַנג.
איך זע אַ פעלד,
אַ וועלט מיט צלמים,
איך זע אַ וואַלד,
אַ וואַלד מיט צלמים,
זיבעצען מיליאָנען צלמים,
איך זע אַ באַרג, אַ גרויסן, גרויען באַרג,
און אויף דעם באַרג דער וואַלד מיט צלמים,
איך זע אַ פאָלק גיין באַרג אַרויף,
איך זע די ערשטע מענער ביי די ערשטע צלמים שוין,
איינער הענגט דעם אַנדערן, איינער שלאָגט דעם אַנדערן צום צלם צו,
און די אַנדערע גייען ווייטער.
איך זע, ווי די מענער פאַרשטאָפּן די מיילער פון די דערשראָקענע
ווייבער,
איך זע, ווי די חייבער פאַרשטאָפּן די מיילער פון די דערשראָקענע
קינדער,

און גייען ווייטער
צין באַרג אַריין, אין וואַלד אַריין, אין צלמים-וואַלד אַריין.
איך זע א מאַן,
דאָס פנים זיינס צום פאָלק געקערט,
ער גייט פאָראויס אין וואַלד אַריין
און זיינע שריטן אויף צוריק — — —
איך הער זיין וואָרט, זיין איינציק וואָרט
שמד —
שמד —
שמד —

ווער איז דער מאַן?
ווער איז דער מאַן?
מיין אייגן פּנים האָט דער מאַן, ווו זענען מיינע אויגן? ווו איז מיין פּנים דען?

מיין פּנים האָט דער מאַן. מיין פּנים.
האָט געזאָגט דער קאָפּ,
איז שווער געוואָרן,
האָט זיך פון די הענט אַרויסגעגליטשט
און זיך געקוילערט דורך דער שטוב,
ביי יעדן קוילער האָט די נאָז
אָנגעשלאָגן אָן דער בריק —
ביז אין ווינקל פון דער שטוב.

דאָרט איז ער געלעגן דרייהונדערט יאָר
ביז צו דעם יאָר זעקסטויזנט.
און אַז ס'איז געקומען דער טאָג און די שעה
זענען געקומען צוויי מענער צו גיין,
און אָנגעקלאַפּט אין דער אוראַלטער טיר.
האָט זיך דער קאָפּ געגעבן אַ ריר
און זיינע ליפּן האָבן געפרעגט:
— איז שוין די צייט און איר זענט געקומען נאָך מיר?
האָבן געענטפערט די בערדיקע מענער,
— מיין נאָמען איז אַרבעט.
— מיין נאָמען איז חכמה.
— מיר האָבן געבויט און האָבן דערבויט
די צווייטע מדרגה וועלט,
און אויף דער גרענעץ פון די צוויי וועלטן
האָבן מירביידע אויפגעשטעלט
אַ טויער, וואָס לאָזט אַריין, און לאָזט נישט מער קיינמאָל אַרויס.
און היינט איז דער טאָג, היינט וועט גיין דער מענטש
דורך דעם טויער פון דער צווייטער וועלט,
און דעם טויער האָבן מיר צוויי, מיר אַרבעט און מיר חכמה,

געהאַמערט פראָסט, ווי מיר זענען אַליין,
מיר אַרבעט און מיר חכמה,
און אַז מיר האָבן די פעלקער געציילט,
די פעלקער פאַר אונזער טויער
האָט אונז צו זיבעציק פעלקער געפעלט
איין פאָלק,
זענען מיר איצטער געקומען צו גיין,
צו נעמען דיין יידישן קאָפּ,
צו נעמען דיין קאָפּ און אַרויפשטעלן אים
אויף דעם טויערס העכסטן טורם,
און מיר וועלן שטיין, איינער רעכטס, איינער לינקס
און וועלן צו יעדן פאָלק, וואָס וועט גיין
דורך דעם טויער פון דער נייער וועלט
באַפעלן אַזוי:
דאָס אויבן איז דער יידישער קאָפּ
פון דיין ערשטן ברודער, דיין עלטסטן ברודער אין גייסט,
און דו ביזט דאָס צווייטע פאָלק,
און דו ביזט דאָס דריטע פאָלק,
און דו ביזט דאָס צענטע פאָלק,
און דו ביזט דאָס זיבעציקסטע פאָלק,
זיין גייסט האָט ער דיר געגעבן אַליין,
זיין בלוט האָסטו דיר גענומען אַליין,
שליס זיין צעבראָכן פּנים
אין דיין געזונטן האַרצן אַריין,
דיין זינד זאָל דיר פאַרגעבן זיין,
און דו זאָלסט אייביק אַ גוטער זיין.
און ס׳האָבן די בערדיקע מענער געחתמעט זייער האַרט,
אויף דעם שטערן פון יידישן קאָפּ, און האָבן אים ביידע געקושט,
האָט אויפגעלויכטן ער ווייס און גרויס און קלאָר,
דער יידישער שטערן
אין זעקסטן טויזנט יאָר.

1922 — 1926

# איך ליג אין שטויב און ראַנגל זיך.

איך ליג אין שטויב און ראַנגל זיך,
צוהילף איך רוף נישט מער.
מיין קערפּער אַ פאַרוואונדעטער
און בלוטיק רינט מיין טרער.

און אויבן אין די הימלען דאָרט
אין זוניקרייך, ווי שיין,
איך ליג אין שטויב און ראַנגל זיך
צוהילף ווער קומט צוגיין?

מיין נאָנטסטער, מיין טייערסטער
ליגט אויך אַזוי אין שטויב
די נויט האָט גלייך פאַרוואונדעט אונז
און נעמט אונז פאַר איר רויב.

# לעש ניט אויס מיין ליכט

לעש ניט אויס מיין ליכט פאַר מיינע זינד.
כ׳בין שוואַך און בלינד,
און שווים דורך ימען צער
אַ, גרויסער האַר,
פאַרנעם די מיין געבעט;
מיין האַרץ דורך טרערן רעדט
דערהער!
דערפיל, ווי שווער
איז זיין דאָ בלינד
און פול מיט זינד
און בלייבן ריין
ניט ווייסנדיק
וואוהינצו גיין.

* *

*

כ׳האָב צעשאָטן מיינע פערל
און דעם שניר צעריסן.
ווער וועט אויפקלייבן די פערל?
ווער וועט זיי אויפקלייבן
מיין נאָמען כאָטש פאַרשרייבן.
כ׳האָב צעשאָטן מיינע פערל
און זיך ניט באטראַכט.
ס׳האָט זיי עמיץ אויפגעקליבן
און פון מיר געלאַכט.

בעל דמיון

# דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט

/ אַ יאָר אַרבעט /

סוף פעברואַר, אָנהייב מערץ 1925, איז אין קליינע קרייזן פון וויסנשאַפטלער און קולטור-טוער אין בערלין, פוילן, ליטע, לעטלאַנד, אַמעריקע א. אז. וו. באַקאַנט געוואָרן נ. שטיפס מעמאָראַנדום „וועגן אַ יידישן אַקאַדעמישן אינסטיטוט" 1). אין דעם מעמאָראַנדום זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אַזוינע געדאַנקען: דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט איז נישט קיין „נאַציאָנאַלע" אונטערנעמונג לשם „נאַציאָנאַלע" אַמביציעס. ס'איז אַ פּראַקטישער מוז, וואָס שטאַמט פון דער גאָרער קולטור־ווירקלעכקייט פון דער יידישער מאַסע. מיר האָבן שוין איצט אַ ברייט־פאַרצווייגט יידיש שול־וועזן. געשאַפן פון דער יידישער מאַסע, דערהויפּט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. מיר האָבן שוין אויך אַן ערנסטן אָנהייב פון אַ וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אויף יידיש (יידישע פילאָלאָגיע, געשיכטע, עקאָנאָמיק, פּעדאַגאָגיק וכדומה), וואָס שטרעבט צו דינען דער יידישער מאַסע, און אַרבעט זיך אַרויף אויף אייגענע מעטאָדעס. ביידע גרופּעס פאַקטן באַווייזן, אַז מיר ווערן שוין רייף פאַר אַ יידישער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. אָבער די פּראַקטיק פון קולטור-פעלקער און אונזער אייגענע ווייזט אונז אויך, אַז אַזוי ווי ביז איצט, אומאָרגאַניזירט, אויף דער איניציאַטיוו און פאַראַנטוואָרטונג פון איינצלנע מענטשן, קאָן קיין ערנסטע, דויערנדיקע, צוועק־באַוווסטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט נישט געמאַכט ווערן: נישט די וויסנשאַפט.ער, וואָס שטאַמען כמעט אַלע פון די אָרעמסטע פאָלקס־טיילן, קאָנען זיך אָפּגעבן מיט זייער אַרבעט; נישט ס'לאָזן זיך ביי אַזאַ לאַגע פיקסירן און דורכזעצן די נייטיקע געזעלשאַפטלעכע צוועקן און וויסנשאַפטלעכע מעטאָדעס, וואָס זיי זענען די וויכטיקסטע באַרעכטיקונג פאַר אַ וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אויף יידיש. די דאָזיקע אַרבעט האָט דעם צוועק צו דינען דער יידישער מאַסע, קודם כל דער יידישער אַרבעטערשאַפט, העלפן איר אין איר שטרייט פאַר סאָציאַלער און קולטורעלער אויסלייזונג. זי האָט לחלוטין נישט צו טאָן מיט דער „חכמת היהדות". די „חכמת היהדות" איז אידעאָלאָגיש אַ פּראָדוקט פון דער יידישער אַסימילירטער בורזשואַזיע און אינטעליגענץ צו שטיצן זיי

1) שפעטער געדרוקט געווען, צוזאמען מיט „ווילנער טעזיסן", אין דער בראשור „די ארגאניזאציע פון דער יידישער וויסנשאפט" (ווילנע, 1925).

אין זייער שטרייט קעגן אידעישן און געזעלשאַפטלעכן אַנטיסעמיטיזם (אַפּאָלאָגעטיק), צו דערהאַלטן אַ „ליבעראַלע יידישקייט" ביי אַ דור, וואָס האָט שוין נישט קיין שום אינעווייניקסטן פאַרבונד מיט דעם יידישן פאָלק. מעטאָדאָלאָגיש איז די „חכמת היהדות" אַ גרופּע היסטאָרישע, מעטאַפיזישע דיסציפּלינעס, וואָס איר גאַנצער פּאַטאָס ליגט אין אַ פאַרגייסטיקטער פאַרגאַנגענהייס, זי האָט נישט קיין שום פאַרשטאַנד פאַר דער לעבעדיקער יידישער פאָלקס־ווירקלעכקייט מיט אירע סאָציאַלע און אַנדערע אינטערעסן. צום און צום איז די „חכמת היהדות" אַ מוזיי־וויסנשאַפט פאַר אַ קאַסטע אויסדערוויילטע און איז אין גרונט פיינטלעך די קולטור־אינטערעסן פון דער יידישער מאַסע, איר שפּראַך, איר לעבעדיקער סאָציאַלער און קולטור־שאַפונג.

די וויסנשאַפט אויף יידיש איז און דאַרף זיין פּונקט דער היפוך פון דער „חכמת היהדות", זי שפּייזט זיך אידעאָלאָגיש פון די סאָציאַלע און קולטור־אידעאַלן פון דער יידישער מאַסע און וויל איבערגעבן דער מאַסע די וויסנשאַפט אַלס אַ געווער אין האַנט פאַר אירע ווייטע און נאָנטע צוועקן. זי מוז דעריבער אַרבעטן מיט אַנדערע מעטאָדעס אויך, וואָס זאָלן שטימען מיט די נייע צוועקן, זי מוז אויך האָבן אַן אַנדערע געזעלשאַפטלעכע און מאַטעריעלע באַזע.

פאַרהיטן די געזעלשאַפטלעכע צוועקן פון דער נייער יידישער וויסנשאַפט, אויסאַרבעטן און דורכזעצן די נייע מעטאָדעס, שאַפן אַ מאַטעריעלע באַזע פאַר דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט און אַ העכערן קאָנטראָל — דאָס זענען די צוועקן פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

ממילא איז שוין אויך קלאָר, ווער זענען די בויער און מיטהעלפער. מיר קאָנען נישט אויסשטעלן אויף דער אינטעלעקטועלער מיטאַרבעט פון די „חכמי ישראל", אויף דער מאַטעריעלער שטיצע פון בור־זשואַזע „מעצענאַטן". די יידישע מאַסע קאָן און דאַרף דאָ זיך גופא העלפן; די יידישע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס פאַר שול־ און קולטור־וועזן דאַרפן איבערנעמען די גאַנצע זאַך אין זייערע הענט, געבן די נייטיקע אַרבעטס־מענטשן, גאַראַנטירן דעם ביודזשעט און זיכערן זיך די השפּעה.

בערך אַזוי זענען פאָרמולירט געוואָרן די צוועקן און די וועגן פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

אַז מ'קוקט זיך איצט אום צוריק אויף אַ יאָר אַרבעט פאַר דעם אינסטיטוט — איז קאָן מען זאָגן, אַז דער וועג איז בכלל געווען אַ ריכטיקער; די אויסזיכטן און מעגלעכקייטן האָבן זיך אָבער רעאַליזירט בלויז אַ קליינע טייל, און די גאַנצע זאַך שטייט נאָך איצט אין אָנהייב פון אַ שווערן שטרייט פאַר אָנערקענונג און פאַרווירקלעכונג.

ס'איז אין אַ היפשער מאָס מקוים געוואָרן די האָפענונג אויף דער יידישער מאַסע, דערהויפט אויף דער יידישער אַרבעטערשאַפט. ס'האָבן זיך אָפּגערופן קודם כל די אָרגאַניזירטע טיילן: די יידישע שול- און בילדונגס־אָרגאַניזאַציעס. שוין דעם 24 מערץ האָבן פאָרשטייער פון דעם צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט און פון דער בילדונגס־געזעלשאַפט אין ווילנע באַהאַנדלט די פראַגע, האָבן מיט באַגייסטערונג אָנגענומען דעם פּלאַן פון דעם אינסטיטוט און אויסגעטיילט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פאַר פּראַקטיש-אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבעט. זיי האָבן אויסגעאַרבעט איי־גענע צוגאָב־טעזיסן וועגן אינסטיטוט. דער ווילנער באַשלוס פון פאַר-אַנטוואָרטלעכע קולטור-אָרגאַניזאַציעס האָט מיטאַמאָל דערהויבן דעם טע־אָרעטישן פּלאַן צו דער מדרגה פון אַ זאַך, וואָס ליגט אויף דער ליניע פון דער גאָרער פּראַקטישער קולטור־אַרבעט; דער דאָזיקער באַשלוס האָט מעגלעך געמאַכט די ווייטערדיקע אַרבעט, וואָס ביז איצט האָט זי געטאָן בלויז אַ בערלינער איניציאַטיוו-גרופּע. מיט באַגייסטערונג איז אויך אָנגענומען געוואָרן דער פּלאַן פון דעם אינסטיטוט אויפן צווייטן יידישן שול־צונויפפאָר אין פּוילן (דעם 19—22 אַפּריל 1925). שפּעטער איז צו דעם פּלאַן צוגעשטאַנען די יידישע שול־אָרגאַניזאַציע אין לעט־לאַנד, יידישע קולטור-אָרגאַניזאַציעס אין ליטע, די יידישע קולטור־פע־דעראַציע אין רומעניע, קולטור־פאַריינען אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך, אַרגענטינע א. אז. וו. נאָך אַ געוויסער איינגעהאַלטנקייט האָט זיך אָפּ־גערופן אויך דער דערציונגס־דעפּאַרטאַמענט ביים „אַרבעטער־רינג" אין אַמעריקע, צוגעזאָגט אַ געוויסע שטיצע.

ס'האָט זיך אָפּגערופן די מאַסע גופא. ס'איז געענוג געווען צו מעלדן וועגן דער „קולטור־קאָרעספּאָנדענץ" (אַן אָרגאַן, וואָס איז דער-ווייל נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן, מחמת געלט־מאַנגל, אַזוי ווי אַ סך אַנדערע פּלענער). אַז ס'זאָלן אָנקומען פאָרשלאָגן וועגן קאָרעספּאָנדענץ און מיטאַרבעטערשאַפט פון פאָלקס־אינטעליגענץ און מאַסן־מענטשן, נישט

פון קיין פראָפעסיאָנעלע שרייבער. נאָך מער האָט זיך דאָס אַרויסגעוויזן, ווען די פילאָלאָגישע סעקציע אין ווילנע האָט זיך גענומען ווענדן צום ברייטערן עולם וועגן זאַמלען פאָלקלאָריסטישן און טערמינאָלאָגישן מאַטעריאַל. ס'איז געווען באמת אַ גליקלעכער געדאַנק, וואָרום חוץ דעם וויסנשאַפטלעכן ווערט פון די זאַמלונגען, האָט דאָס צום ערשטן מאָל געגעבן די מעגלעכקייט ברייטערע קרייזן צו פאַראינטערעסירן זיך און מיטצוהעלפן אין אַ וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. מיט דעם רעזולטאַט קאָן מען באמת צופרידן זיין: ביי היינטיקן טאָג האָט שוין ווילנע ביי 100 קאָרעספּאָנדענטן אין צענדליקער שטעט און שטעטלעך, וואָס ענטפערן סיסטעמאַטיש מיט ליבשאַפט און ערנסט אויף די אַנקעטעס וועגן פאָלקלאָר און טערמינאָלאָגיע. דערביי האָט זיך אגב אומדירעקט אַרויסגעשטעלט אַ הויכע קולטור־מדרגה פון אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן אפילו נישט קיין עלעמענטאַרע שול־בילדונג: ס'קומען אָן בריוו געשריבן אויף אַ קולטור-שפּראַך, מ'שיקט צו די טערמינאָלאָגיעס פון געוויסע אַרבעט־פאַכן מיט די געהעריקע האַנט־צייכענונגען א. אז. וו. קורץ, ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז פאַראַן אין דער מאַסע אַ היפשער קולטור־אַקטיוו, וואָס וויל מיטאַרבעטן און שטיצן אַ וויסנשאַפטלעכע אַרבעט.

ס'האָט זיך אויך זייער גיך באַשטעטיקט דער נעגאַטיווער טייל פון דעם־אָנגעמערקטן פּראָגראַם: ס'האָט זיך נישט אָפּגערופן קיין איין מענטש פון די פאַרמעגלעכע און געבילדעטע יידישע גרופּעס. די „חכמי ישראל" פאַרהאַלטן זיך צום אינסטיטוט מיט אַ קאַלטער העפלעכקייט; אַ סך מער אינטערעס צום אינסטיטוט באַווייזן קריסטלעכע געלערנטע. אָפּן נעגאַטיוו שטעלט זיך צו דער גאַנצער זאַך דער ציוניזם: דערווייל האַלט דאָס דאָרט ביי דעם צושטאַנד פון „טויט-פאַרשווייגן". ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז דער אָפיציעל־ציוניסטישער „היינט" און דער 50-פּראָצענטיקער ציוניסטישער „מאָמענט" (אין וואַרשע) — האָבן ביז היינט קיין איין שורה נישט געדרוקט וועגן אינסטיטוט, כאָטש מאַטעריאַל און אינפאָרמאַציע האָט מען זיי געשיקט נישט ווייניק און אַ סך מאָל דערמאָנט. די דאָזיקע רעדאַקציעס ווילן אפילו נישט שיקן זייערע צייטונגען דער „ביבליאָגראַפישער צענטראַלע" אין ווילנע, כאָטש זיי זענען

פראַקטיש אינטערעסירט אין די רשימות פון דער צענטראַלע. אייניקע מענטשן, וואָס זיי גופא האָבן געאַרבעט וויסנשאַפטלעך אויף יידיש, וואָס איצט אַרבעטן זיי אין פּאַלעסטינע, האָבן אפילו נישט געענטפערט אויף בריוו.

זייער גיך פאַר אַזאַ נייער זאַך, בערך אין 8 חדשים, האָט דער אינסטיטוט געוווּנען אַ היפּשן שטח אין די קרייזן, וואָס ער קאָן אויף זיי אויסשטעלן, און זיך פאַרזוערבט דאָרט אויטאָריטעט.

אָבער דאָ האָט זיך באַלד אַרויסגעשטעלט די גאָרע שוואַכקייט פון די דאָזיקע קרייזן און אייניקע אַנדערע מניעות.

מיט ענטוזיאַזם האָבן די וויכטיקסטע יידישע שול־אָרגאַניזאַציעס אין אייראָפּע אויפגענומען דעם פּלאַן פון דעם אינסטיטוט און אים צוגעזאָגט זייער אַקטיווע שטיצע. זיי גופא זענען אָבער געיאָגט און געכלאָגט, האָבן אויפצושטיין דורכאַנאַנד רדיפות פון אינעווייניק און אויסן, ראַנגלען זיך מיט דער ביטערסטער נויט, אַז זיי זאָלן קאָנען ערנסט העלפן אַ נייער זאַך. ספּעציעל דער עקאָנאָמישער קריזיס אין פּוילן רויבט צוועק די גאַנצע ענערגיע פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע צו דערהאַלטן ווי ס'נישט איז ביים לעבן די עקזיסטירנדיקע אַנשטאַלטן, און זי קאָן קיין סך נישט אויפטאָן פאַר דעם אינסטיטוט סיי מאַטעריעל, סיי אפילו אָרגאַניזאַציאָנעל. נישט קיין סך בעסער איז די לאַגע אין ליטע, לעטלאַנד, רומעניע.

גרעסערע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן זענען פאַראַן אין אַמעריקע, אָבער דאָ האָט דער אינסטיטוט נישט די פאַראינטערעסירטקייט, ממילא נישט די סימפּאַטיע, וואָס אין די אַלטע יידישע ישובים. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס אין אייראָפּע איז זי די זייל פון יידישע־קולטור־אַרבעט, האָט אין אַמעריקע גראָד צווישן דער פירערשאַפט אַ סך הינטערשטעליקע עלעמענטן, וואָס לעבן נאָך מיט נעפלדיקע אַסימילאַטאָריש־„קאָסמאָפּאָליטישע" באַגריפן פון פאַר צענדליק יאָר צוריק, און זיי און זייער פרעסע זענען אַן ערגסטער שטער פאַר יעדער יידישער קולטור־איניציאַטיוו. יידישע קולטור־אַרבעט איז נאָך אַלץ ביי זיי אַ מין קולטור־צדקה פאַר אַ „פינסטערער מאַסע". די דאָזיקע פירער פון דער „סאָציאַליסטישער השכלה" זענען נאָך נישט גאָר מושוה געוואָרן מיטן אַרבעטער־רינגס פאָלקסשולן אויף יידיש. וויסנשאַפט הייסט ביי זיי דאָס

ביסל צעקייטע פּאָפּולערכּץ, און אַ יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטי־
טוט איז ביי זיי אַ מרידה קעגן זייערע „אידעאַלן", אין בעסטן פאַל — אַן
אויסטראַכטעניש פון יוראָפּשע בטלנים.

די דאָזיקע עלעמענטן, ווי געזאָגט, זענען נאָך איצט זייער שטאַרק,
ממילא פאַרשטעלן זיי דעם וועג צו די יידישע מאַסן - אָרגאַניזאַציעס;
די פּאָר אויפריכטיקע קולטור-מענטשן אַפילו אין אַזאַ אָרגאַניזאַציע ווי
דער אַרבעטער-רינג (דערציונגס - דעפּאַרטאַמענט) זענען נישט אים־
שטאַנד דערוייל דורכצוזעצן אַ גרעסערע שטיצע פאַר דעם אינסטיטוט.

מ'מוז אָבער זאָגן, אַז הינטערשטעליק האָט זיך אַרויסגעוויזן אַפילו
דער טייל פאָלקס־אינטעליגענץ, וואָס אויף אים האָט מען אין פלוג געקאָנט
אויסשטעלן: די מענטשן, וואָס האָבן אַן אינטערעס פאַר וויסנשאַפט,
דער קולטורעלער טייל פון יידישע שרייבער, זשורנאַליסטן, לערער. די
פּאָפּולערכּץ האָט זיך דאָ אויך טיף איינגעגעסן; חוץ 2—3 מענטשן,
ווערט דאָ קיין ערנסטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט נישט געטאָן, און דער
אינסטיטוט האָט פון אָנהויב אָן געטראָפן געשוואָלענע אַמביציעס, באַליי־
דיקטע האָנאָרס און זעלטן ווען פאַרשטאַנד און אינטערעס. דערצו קומט
נאָך צו די שטימונג פון יאוש און קולטור־ליקווידאַציע, וואָס האָט אַרומ־
געכאַפּט און אָפּהענגיק געמאַכט גרויסע טיילן פון דער יידישער פאָלקס־
אינטעליגענץ (דערהויפּט מחמת דער אָפּגעשטעלטער אימיגראַציע), אַפילו
פון די בעסטע עלעמענטן. דער רעזולטאַט איז, אַז דער גרעסטער טייל
קולטור-אָרגאַניזאַציעס, וויסנשאַפט-מענטשן, שרייבער, קולטור - טוער אין
אַמעריקע האָבן אַפילו נישט געענטפערט אויף דעם אינסטיטוטס ווענדונג.
ערשט אין אָקטאָבער 1925 איז אין ניו־יאָרק געוואָרן אַן אַמעריקאַנער
סעקציע פון דעם אינסטיטוט מיט געציילטע עטלעכע מענטשן. די דאָזיקע
סעקציע האָט דעם פאַרדינסט, וואָס זי האָט געהאָלפן צו שטיצן די אויס־
גאַבע פון דער „יידישער פילאָלאָגיע" נומ. 4—6, דעם ערשטן באַנד
„שריפטן פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט" (לאַנדוי־בוך). די
אַרומיקע קולטור-לאַזיקייט און די יאוש-שטימונג איז אָבער אַזוי־
גרויס, אַז נישט די סעקציע שטעלט זיך גופא דערווייל וויכטיקערע
וויסנשאַפטלעכע צוועקן, נישט זי קאָן אַפילו שאַפן אַ גרעסערע מאַטער־
יעלע שטיצע פאַר דעם אינסטיטוט.

מיט מער סימפּאַטיע האָבן זיך פון די ווייטע ישובים אָפּגערופן

אייניקע קולטור־טוער אין אַרגענטינע, אין דרום־אַפריקע (די יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט אין יאָהאַנעסבורג), אָבער דאָס איז געשען באָר אין דער לעצטער צייט און קיין הילף האָט נאָך דער אינסטיטוט פון זיי נישט געקריגן.

נאָך אַ מערקווערדיקער פאַקט, וואָס ס'איז כדאי, ער זאָל פאַרצייכנט ווערן: דער עלטסטער צווייג פון דער נייער יידישער קולטור, די יידישע שענשרייבעריי, האָט זיך אַרויסגעשטעלט בלינד און טויב פאַר דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט; קיין איינער פון די אָנגעזעענע יידישע בעלעטריסטן, פּאָעטן האָט נישט באַוויזן פאַרן אינסטיטוט דעם מינדסטן אינטערעס.

פאַר דער בערלינער איניציאַטיוו־גרופּע און פאַר דער ווילנער קאָמיסיע איז שוין זייער גיך, אין דער ערשטער פּראָפּאַגאַנדע־סטאַדיע, קלאָר געוואָרן די סיטואַציע: ערנסטער אינטערעס און גרייטקייט מיטצוהעלפן ביי די אָרעמסטע, אינדיפערענטיזם ביי די רייכערע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, און יחידים ביי „פּראָמינענטע“ וויסנשאַפטלער, טוער. בכן מוז מען זוכן נייע וועגן, ריכטיקער, — זיך לאָזן אויף די אַלטע וועגן, וואָס מ'האָט זיי פריער געהאַט אָפּגעוואָרפן. מ'האָט זיך תחלת אָנגעמערקט אַזאַ סכעמע: פריער — די פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, צונויפרופן אַ גרויסן צונויפפאָר פון יידישע וויסנשאַפטלער מיט פאַרטרעטער פון קולטור־אָרגאַניזאַציעס, זיך צונויפרעדן מיט די אָרגאַניזאַציעס גופא, שאַפן די מאַטעריעלע באַזע, און דערנאָך ערשט צוטרעטן צו אַן אָרגאַניזירטער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. איצט איז קלאָר געוואָרן, אַז דער אינסטיטוט מוז גיין מיט דעם זעלבן שווערן וועג, וואָס דאָס יידישע שול־וועזן, וואָס אַנדערע קולטור־אויפטוען פון דער יידישער מאַסע: פריער זיך נעמען פאַר אַ פּראַקטישער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, און סיסטעמאַטיש, מיט דעם כוח, מיט דעם עפעקט פון דער דאָזיקער אַרבעט זיך דורכשלאָגן אַ וועג און צווינגען אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס צו שטיצן די אַרבעט. דאָס איז געווען דער גרונט־געדאַנק, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויף דער קליינער „פאָרבאַראַטונג“ דעם 7—12 אויגוסט 1925 אין בערלין *) די פאָרבאַראַטונג האָט אויך אָנגע־

*) זע: „פארבאראטונג וועגן דעם וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט“ 7 — 12 אויגוסט אין בערלין. בערלין 1925.

מערקט דעם פּלאַן פון דער אַרבעט, די איינטיילונג אין סעקציעס (פי-לאָלאָגישע, היסטאָרישע, עקאָנאָמישע, פּעדאַגאָגישע) און די פּאַראַנט-וואָרטלעכע טוער (סעקרעטאַרן), אַרויסגעבן „שריפטן פון דעם יידישן וויסנ-שאַפטלעכן אינסטיטוט", אַן אָרגאַן פאַר ערנסטער קולטור-אינפאָרמאַציע, פּראָפּאַגאַנדע, ליטעראַטור א. אַז. וו. איין זאַך האָט די פּאָרבאַראַטונג נישט געקאָנט פּאָרויסזען: מיט וואָסערע מיטלען וועט די אַרבעט געטאָן ווערן. אָבער דער דאָזיקער דעפעקט איז שוין געלעגן אין דעם עצם געדאַנק פון דעם נייעם וועג: די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט דאַרף אַריינ-ברענגען מיטלען, נישט פאַרקערט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער נייער וועג.

וואָס איז פאַר דעם האַלבן יאָר אויפגעטאָן געוואָרן? מער פאַר אַנדערע האָט אויפגעטאָן די פילאָלאָגישע סעקציע (אין ווילנע). אין ווילנע האָט זיך געפונען אַ שטאַרקע אידעישע גרופּע, מיט וויסן און געזעלשאַפטלעכער געניטקייט, מיט אַ פעסטער אַרבעטס-טראַדיציע און אָפּטימיזם, און זי האָט זיך ענערגיש גענומען פאַר דער אַרבעט. די סעקציע האָט געגרינדעט אַ ביבליאָגראַפישע צענטראַלע, וואָס זי זאָל רעגיסטרירן פון 1 יאַנואַר 1926 די יידישע דרוק-פּראָדוק-ציע (איינצל-אויסגאַבעס און פעריאָדיקאַ) אין דער גאַנצער וועלט, און אַרבעטן וועגן יידישער וויסנשאַפט אין אַלע שפּראַכן. די צענטראַלע האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט די וויכטיקסטע ביבליאָגראַפישע אינסטיטו-ציעס אין אייראָפּע, מיט אַנגעזעענע פאַכמענער, האָט אויסגעאַרבעט אירע אַרבעטס-פּרינציפּן און אַן אינסטרוקציע פאַר אירע קאָרעספּאָנדענטן (לי-טאָגראַפירט), האָט דורכגעפירט אַן אַכט-טאָגיקע פּראָבע - רעגיסטראַציע פון אַ טייל יידישער פּרעסע, האָט פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף צו פאַר-לעגער, רעדאַקציעס א. אַז. וו. און פון 1-טן יאַנואַר איז זי צוגעטרעטן צו אַ סיסטעמאַטישער אַרבעט. ביז סוף פעברואַר האָט זי שוין געהאַט פאַררעגיסטרירט 500 קאַרטלעך. אין דער זעלבער צייט האָט זי זיך צענויפגערעט מיט קאָרעספּאָנדענטן, וואָס זאָלן פירן די רעגיסטראַציע אין פאַרשידענע לענדער: אין אַמעריקע, אין ליטע, אין לעטלאַנד, אין אַרגענטינע א. אַז. וו. ס'פירן זיך אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ קאָרעס-פּאָנדענט אין ראַטן-פאַרבאַנד. מ'קאָן זאָגן, אַז די ביבליאָגראַפישע צענט-ראַלע איז שוין אַ געזונטער קערן פון אַ לעבעדיקער שטענדיקער אינס-טיטוציע. די ביבליאָגראַפישע צענטראַלע האָט בדעה נאָך דאָס יאָר 1926

אַרויסלאָזן דעם ערשטן ביבליאָגראַפישן ביולעטין פאַר דער ערשטער העלפט 1926.

די פילאָלאָגישע סעקציע האָט נאָך געגרינדעט ביי זיך צוויי קאָמיסיעס: אַן עטנאָגראַפישע (צוזאַמען מיט דער ווילנער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט) און אַ טערמינאָלאָגישע. די עטנאָגראַפישע קאָמיסיע האָט אויסגעאַרבעט און פאַרעפנטלעכט עטלעכע אַנקעטעס, אַן אינסטרוקציע פאַר זאַמלער, און האָט באַוויזן צוצוציען אין אַ קורצער צייט אַ שטאַב פון 100 קאָרעספּאָנדענטן: לערער, אַרבעטער, פאָלקס-מענטשן אין פאַרשידענע ווינקעלעך, וואָס ענטפערן סיסטעמאַטיש אויף די אַנקעטעס. אין אַ קורצער צייט האָט די קאָמיסיע געקריגן ביי 3000 נומערן פאָלקלאָריסטישן מאַטעריאַל, אין דעם — עטלעכע הונדערט ביז איצט נישט-פאַרשריבענע פאָלקס-לידער מיט נאָטן, וואַריאַנטן פון פּורים-שפּילן, פאָלקס-מעשיות א. אַז. וו. איצט שטעלט די קאָמיסיע צונויף די ביבליאָגראַפיע פון דעם יידישן פאָלקלאָר, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט אין צענדליקער זשורנאַלן, זאַמלביכער אין אַלע אייראָפּעישע שפּראַכן. אַן ענלעכע אַרבעט זאָל זיך אָנהייבן אין די אָפּטיילן און שטיץ-גרופּעס פון דעם אינסטיטוט אין אַנדערע לענדער.

די טערמינאָלאָגישע קאָמיסיע האָט זיך צעטיילט אין עטלעכע סוב-קאָמיסיעס: פאַר נאַטור-וויסן, פאַר מעדיצין און היגיענע, פאַר פאַרשידענע בראַנזשעס פון טעכניק, מלאכה און ערד-אַרבעט א. אַז. וו., האָט גענומען זאַמלען דעם פאַראַנענעם מאַטעריאַל (אין לערנביכער, אין דער יידישער פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור וכדומה), האָט אויסגעאַרבעט אַנקעטעס, אַן אינסטרוקציע פאַר זאַמלער, און האָט שוין איצט פון אייגענע זאַמלונגען און פון קאָרעספּאָנדענטן אַ היבשן טערמינאָלאָגישן און פראַזעאָלאָגישן מאַטעריאַל פון פאַרשידענע פאַכן מיט די נייטיקע דערקלערונגען, צייכענונגען. דער דאָזיקער מאַטעריאַל זאָל מיט דער צייט קאָנטראָלירט, געלייטערט און פאַרעפנטלעכט ווערן.

די פילאָלאָגישע סעקציע קאָנצענטרירט שוין איצט אַרום זיך די אָנגעזעענסטע פאַכלייט, האָט געשטיצט די אויסגאַבע פון דעם לעצטן נומער (4—6) „יידישע פילאָלאָגיע" און גיט אַרויס דעם ערשטן באַנד „שריפטן פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט".

אַ גרויסן פּילאָלאָגישן זאַמלבוך פון 40 דרוקבויגן, וואָס דרוקט זיך שוין און זאָל אַרויס אין אַפּריל 1926.

נישט אַזוי מזלדיק זענען געווען די איבעריקע סעקציעס. ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז נישט וואַרשע, נישט ווילנע קאָן נישט איבער־נעמען די פּעדאַגאָגישע סעקציע צו זיך: די עטלעכע געבילדעטע פּעדאַגאָגן זענען פאַרטאָן איבערן קאָפּ מיט אַלטעגלעכער פּראַקטישער שול־אַרבעט. דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון אינסטיטוט איז נישט אים־שטאַנד געווען צו באַצאָלן די אַרבעט פון אַ סעקרעטאַר. אַ פּעדאַגאָגישע קאָמיסיע איז געגרינדעט געוואָרן אין בערלין, וואָס האָט זיך געשטעלט אַ באַשיידענעם צוועק: אויסצוהעלפן לערער מיט אינפאָרמאַציע וועגן דער פּעדאַגאָגישער ליטעראַטור, מיט מעטאָדישע אָנווייזן וכדומה. לעצטנס האָט י. רובין געגרינדעט אין יענא און אין אַנדערע אוניווערזיטעט־שטעט רעפערענטן־גרופּעס צו רעפערירן פאַר לערער סיסטעמאַ־טיש וועגן דער נייער פּעדאַגאָגישער ליטעראַטור אין אייראָפּעישע שפּראַכן.

די היסטאָרישע סעקציע האָט זיך געגרינדעט אין בער־לין נאָך אין נאָוועמבער 1925. די סעקציע האָט אָנגעמערקט אַ ברייטן אַרבעטס-פּלאַן: צונויפשטעלן די היסטאָרישע ביבליאָגראַפיע פאַר די לעצטע יאָרן, שאַפן אַן אַרכיוו און באַשרייבונגען פון די פאַראַנענע פּריוואַט-אַרכיוון, אַרויסגעבן די היסטאָרישע סעריע פון דעם אינסטיטוט „שריפטן“, מאַכן עפנטלעכע וויסנשאַפטלעכע רעפעראַטן א. אַז. וו. די סעקציע האָט געקריגן זייער וויכטיקע פאָרשלאָגן פון יינגע יידישע היס־טאָריקער. דער געלט־מאַנגל האָט דאָ אויך געשטערט די בעסטע כוונות, און ערשט גאָר די לעצטע צייט, איז די סעקציע צוגעטרעטן צום ערשטן היסטאָרישן זאַמלבוך. דער מאַטעריאַל (אין דעם כלל אויך זייער אינטערעסאַנטער ניי־געפונענער אַרכיוו-מאַטעריאַל) פאַר דעם זאַמל־בוך איז געזיכערט און געוויסע מיטלען אויף אַרויסצוגעבן דעם זאַמל־בוך אויך. דער זאַמל-בוך זאָל אַרויס נאָך דאָס יאָר 1926.

דער זעלבער געלט-מאַנגל האָט אויך געשטערט דער אַרבעט פון דער עקאָנאָמיש-סטאַטיסטישער סעקציע (בערלין). איצט איז שוין די סעקציע אַ רעאַלע זאַך, זי האָט אויסגעאַרבעט איר פּראָגראַם: זאַמלען, באַאַרבעטן און פאַרעפנטלעכן די עקאָנאָמישע און סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן פון מלוכהשע, קאָמונאַלע און אַנדערע אויסגאַבעס, שאַפן

זיך אייגענעם מאטעריאל דורך ספעציעלע קארעספאנדענטן, ארגאניזירן א סטאטיסטיש - אינפארמאטיוון אפטייל פאר געלערנטע, געזעלשאפטן וכדומה, אויסארבעטן אנקעטעס, ביבליאגראפיע, ארויסגעבן די זאמלביכער פון דער עקאנאמישער סעריע פונם אינסטיטוטס „שריפטן" א. אז. וו. דער ערשטער זאמלבוך זאל ארויס אין הארבסט 1926.

וועגן דער בערלינער ארבעט, ממילא וועגן די סעקציעס, וואס האבן דא געזאלט לויט דעם פלאן געשאפן ווערן (די היסטארישע, עקאנאמישע, אומגעריכט — די פעדאגאגישע קאמיסיע) —, דארף בכלל געזאגט ווערן אזוי: דא אין בערלין האבן זיך געפונען אייניקע קוואליפיצירטע מענטשן, אנגעפארענע פון רוסלאנד, מיט א היפשער וויסנשאפטלעכער און ארגאניזאטארישער דערפארונג, וואס וואלטן אין א לעבעדיקן יידישן קולטור-צענטער געקאנט א סך אויפטאן בכלל, פאר דעם אינסטיטוט בפרט. אבער דא אין בערלין האט געפעלט דאס וויכטיקסטע פאר אזא ארבעט: די געזעלשאפטלעכע, די קולטור - אטמאספער, ממילא די געזעלשאפטלעכע דיסציפלין אויך. הינטער די מענטשן איז איצט קיינער נישט געשטאנען, זיי זענען מיט קיין זאך נישט געווען געבונדן; ממילא האט זיך דא נישט געקענט שאפן קיין שטארקער קאלעקטיוו. יעדער האט געהאנדלט פאר זיך און נישט געפילט די פאראנטווארטונג פאר דאס גאנצע, ווי א שטייגער אין ווילנע, ווו מענטשן זענען געבונדן מיט א שטענדיקער קולטור-ארבעט און מיט א טראדיציע. דערצו קומט נאך צו די אפגעריסנקייט פון דער קולטור-באזע, די שווערע אטמאספער פון אן אכסניה, גייסטיקע און מאטעריעלע ליידן, אומזיכערקייט אין מארגנדיקן טאג. דאס אלץ האט געשטערט צו פארווענדן פאר דעם אינסטיטוט די ענערגיע און געניטשאפט פון מענטשן, וואס ביי זיי האט מען געקאנט א סך מאנען.

א וויכטיקע שטיצע פאר דער ארבעט איז געווען דער ביולעטין „ידיעות פון דעם יידישן וויסנשאפטלעכן איסטיטוט", געדרוקט אין די „ליטעראַרישע בלעטער" (ווארשע), און אין באזונדערע אפצאגן. פונם 17/10 1925 איז ארויס 11 נומערן „ידיעות". אין די „ידיעות" דרוקן זיך די אנקעטעס, פראגראמעס, אינסטרוקציעס, אינפארמאטיווער מאטעריאל א. אז. וו. איצט זאלן די „ידיעות" פראגראמאטיש פארברייטערט ווערן. אכט מען א סך-הכל פון דער גאנצער ארבעט, איז קאן מען זיך

זאָגן: ס'איז צו ווייניק לויט די נויטן, לויט די אָנגעמערקטע פּלענער, לויט די פאַראַנענע וויסנשאַפטלעכע קרעפטן. ס'איז צו פיל לויט די פּאַקטישע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן. לויט דעם שרעקלעכן אינדיפערענטיזם און אומפאַרשטאַנד אין ברייטע יידישע קרייזן פאַר אַ וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז די גאַנצע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן בערך מיט 8—9 הונדערט דאָלאַר פאַר דעם גאַנצן יאָר, און דעם גרעסטן טייל דערפון האָבן איינגעשלונגען דרוק-אַרבעטן: די צוויי פריער דערמאָנטע בראָשורן, דער ערשטער באַנד „שריפטן” און די „יידישע פילאָלאָגיע”. די גאַנצע אַרבעט איז געבויט אויף אידעאַליזם פון מענטשן, וואָס קריגן נישט געצאָלט פאַר אַ שווערער אָרגאַניזיר-אַרבעט, פון וויסנשאַפטלער, וואָס קריגן נישט קיין האָנאָראַר פאַר רעדאַקציע, מיט-אַרבעטערשאַפט א. אַז. וו. אַרויסגעבן דעם ערשטן באַנד „שריפטן” איז מעגלעך געוואָרן אַ דאַנק אַ קאָמבינאַציע מיט אַ פּריוואַט-פאַרלעגער, וואָס קריגט בלויז אַ סובסידיע פון דעם אינסטיטוט. מ'איז נישט אימשטאַנד געווען צו רעאַליזירן די געפּלאַנטע „קולטור-קאָרעספּאָנדענץ”, און די אויסגאַבע פון די „ידיעות” איז אויך מעגלעך געווען בלויז אַ דאַנק דער פריינטלעכקייט פון דער רעדאַקציע „ליטעראַרישע בלעטער”

ס'וואָלט אָבער געווען אומגערעכט און קורצזיכטיק צו שאַצן די אַרבעט פון דעם אינסטיטוט בלויז לויט די קאָנקרעטע רעזולטאַטן, וואָס לאָזן זיך מעסטן און ציילן. נישט ווייניקער וויכטיק איז די אומגעזעענע אַרבעט. דער אינסטיטוט האָט געשטעלט נייע צוועקן פאַר יידישער קולטור בכלל, ער האָט אַרויסגעשלעפּט דאָס גאָרע יידישע קולטור-פאַרמעגן פון אַ צושטאַנד פון בעלעטריסטיק, פון אַן אומוויסנדיקער פּובּליציסטיק, פון אַן עלעמענטאַר שולוועזן, וואָס האָט נישט קיין טיפערן יסוד, פון אַ סאָציאַלער, געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס טאַפּט אין דער בלינד, כאַפּט אין בעסטן פאַל דערפאַרונג פון דער פרעמד, און באַזירט נישט אויף אַן אייגענעם וויסנשאַפטלעכן פונדאַמענט. ער האָט געוויזן די וועגן, ווי אַזוי די נייע צוועקן צו פאַרווירקלעכן, האָט אַריינגעגאָסן אין דער „יידישער קולטור־אַרבעט אַ נייעם שטראָם מוט און ענערגיע; אַדעאַליזם און באַגייסטערונג אין דער אַרבעטס-אינטעליגענץ, אין די פירנדיקע טיילן פון דער יידישער מאַס־

דער אינסטיטוט האָט **דערמונטערט די וויסנשאַפטלעכע אַרבעטער**, וואָס האָבן געשמאַכט אין פּיין און אין עלנד פון אַרומיקן אינדיפערענטיזם און אין אייגענער אומבאַהאָלפנקייט, האָט זיי געגעבן אַ צוועק און אַ האָפענונג, געשטעלט פאַר זייער אַרבעט נייע אויסזיכטן און פּראָבלעמעס. דער אינסטיטוט וועקט אויך צו אַרבעט **נייע יינגע קרעפטן**: רעפערענטן-קרייזן פאַר יידישער פּעדאַגאָגיק, די ווענדונג פון דעם היסטאָרישן סעמינאַר פון די יידישע שטודירנדיקע אין פּוילן מיטצואַרבעטן מיט דעם אינסטיטוט —, דאָס איז שוין אַן ערנסטער אָנזאָג, אַז ס'איז מעגלעך **אַ רעזערוו**, וואָס וועט בכוח זיין ווייטער צו פירן און פאַרפיינערן די יידישע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט לויט די נייע צוועקן און מעטאָדעס, וואָס אַזאַ אַרבעט דאַרף זיך שטעלן.

אַ יאָר אַרבעט פאַר דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט האָט געגעבן אַ היפּשע דערפאַרונג. קורץ לאָזט זיך צו פאָרמולירן אַזוי:

1) ס'איז פאַראַן **אַ געזונטער וויסנשאַפטלעכער אַקטיוו**, וואָס האָט דעם ווילן צו דינען דער יידישער מאַסע און איז פעיק אַרויסצופירן די יידישע וויסנשאַפט אויף נייע וועגן. דער דאָזיקער אַקטיוו האָט אַ טענדענץ צו וואַקסן, אַריינציען נייע קרעפטן פון דער שטודירנדיקער יוגנט, וואָס שטאַמט פון דער מאַסע.

2) מיט זיין אַרבעט האָט דער אינסטיטוט שוין איצט זיך פאַרוואָרבן **אויטאָריטעט** אין יידישע קולטור-קרייזן, אינטערעס אין געוויסע וויסנשאַפטלעכע קרייזן בכלל.

3) מיט אַ געזונטן חוש און אַן אמתן קולטור-דורשט האָבן די פירנדיקע טיילן פון דער יידישער מאַסע פון דער ערשטער מינוט אָן **אַקצעפּטירט** דעם אינסטיטוט, און זענען גרייט אים צו מאַכן פאַר זייער זאַך.

4) אויב מ'האָט זיך נאָך נישט פריער לעצט-מיאוש געווען אין די יידישע פאַרמעגלעכע און געבילדעטע גרופּעס און זייערע פאַרטייען, און צום טייל מחמת דעם געזען צו פאַרמיידן אָפענע קאָנפליקטן, פאַרגלעטן די שאַרפע אויסטייטשונגען, איז שוין איצט קלאָר, אַז די דאָזיקע גרופּעס זענען אין בעסטן פאַל פאַרפאַלן—אינדיפערענט צו אַ יידישן אינסטיטוט, אין ערגסטן פאַל פיינטלעך. און קיין קאָנפליקטן איז נישט אויסצומיידן.

5) די אָרעמקייט פון דער יידישער וויסנשאַפט און פון דעם אינסטיטוט איז די אָרעמקייט און די פאַרקנעכטקייט פון דער יידישער מאַסע. דער וועג צו הייבן די יידישע וויסנשאַפט ליגט אויף דער זעלבער ליניע, וואָס די עקאָנאָמישע סאָציאַלע אויסלייזונג פון דער מאַסע.

פון דער דאָזיקער דערפאַרונג קאָן מען זיך עפּעס אָפּלערנען פאַר דער פּראַקטיק.

בערלין 24 מערץ 1926.

דר. א. גליקסמאַן

# פרויד און זיין שיטה אין ליכט פון יידישער פסיכיק

/ צו דער אָפּשאַצונג פון דער פסיכאָאַנאַליטישער לערע /

ג)

## פרויד דער ייד

פּראָפ. זיגמונט פרוידן איז אין פלוג פרעמד אַלדאָס נאַציאָנאַלע. רעליגיעז איז פרויד עד היום אַ גרויסער כופר. ביי אַלע זיינע מיסטיש־קלינגנדיקע „מעטאַפּסיכישע״ געדאַנקען איבער אַן אומבאַוואוסט בענקעניש פונם מענטש נאָכן טויט פונם „איך״ און דעם גלויבן אין אַן אייביק לעבן פונם „עס״, האַלט פרויד, אַז די רעליגיעס פון די פאַרשידענע מענטשלעכע קבוצים זענען, ווי זייערע אַבערגלויבנס, באַגרינדעט אויף רייז פּסיכאָלאָגישע מאַניפעסטירונגען („פּראָאיצירטע פּסיכאָלאָגיע״).

עס וואָלט אָבער פאַלש געווען צו מיינען, אַז פרויד און זיין שיטה האָבן דערפאַר קיין שום שייכות נישט מיט יידן און יידנטום. דער שעפער פונם פּסיכאָאַנאַליז, וואָס האָט שטענדיק צו ערשט אָנגעווענדט זיין מעטאָד אויף זיך אַליין, וואָס האָט געהאַט מער מוט נאָך פון רוסאָן אין זיין צייט אויפצודעקן פאַר אַ גאַנצער וועלט דעם פאַרבאָרגנסטן שלעכטן יצר פון זיין נשמה, צו זיין, — ווי ער זאָגט אַליין וועגן זיך, — אַ ליידאַק צווישן בלויז חוילע און אויסגעצייכנטע מענטשן אַרום אים. דער דאָזיקער ערלעכער פאָרשער האָט נישט געקאָנט אָפּלייקענען פאַר זיך און פאַר אַ וועלט זיין אינעווייניקסטן תוך, נישט זען, אָדער נישט וועלן זען, דאָס יידישע אין זיך, ווי דאָס רוב יידישע געלערטע אין מערב־אייראָפּע.

אין די פּסיכאָאַנאַליטישע טעאָריעס שפּילט, ווי באַקאַנט, אַ גרויסע ראָלע דער געדאַנק, אַז דער מענטש האָט גייסטיק פיל דערפון צו ליידן, וואָס ער פילט זיך מינדערווערטיק און זוכט שטענדיק אַ סאַטיספאַקציע אָדער אַ תיקון פאַרן פגם פון זיין נפש אין זיין געזונטן, נאָך מער אין זיין קראַנקן, גייסטיקן לעבן. צו דער דאָזיקער טעאָריע פונם „מינדערווערטיקייטס־קאָמפּלעקס״, וואָס שטאַמט פון פרוידס באַריכטן יידישן תלמיד אַדלער, איז זיין רבי אַליין מסכים אין אַ געוויסער מאָס.

פרויד זוכט אַ מקלט פאַרן מינדערווערטיקייטס־געפיל פונם מענטש, וואָס פירט צו גייסטיקע קראַנקהייטן, אין דער שעצונג פון עלטערן. דאָס יידישע עשרת־הדברות־געבאָט: „ער דיין פאָטער און דיין מוטער, כדי דיינע יאָרן זאָלן זיך פאַרלענגערן", איז אייגנטלעך פאַר פרוידן אַ גרונט־געזעץ פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג. אַ סך מעלות פונם מענטש שטאַמען לויט פרוידן פון זיין שטרעבן ענלעך צו זיין צו זיינע עלטערן. פון דאַנען אַרויס, פון מינדערווערטיקייטס־קאָמפּלעקס, זוכט פרויד און געפינט, ווי עס ווייזט אויס, אַ פּאָזיטיווע באַציונג צו זיין יידנטום. די אונטערדריקטע יידן, הייסט עס, וואָס האָבן כסדר צו ליידן פון דער מינדערווערטיקייט, וואָס איז זיי אויפגעשטעמפּלט געוואָרן דורך די אַרומיקע שכנים־פעלקער, קאָנען זיך נאָר ראַטעווען פון זייער גייסטיקער נויט, האַלטנדיק זיך שטאָלץ אָן זייער אָפּשטאַמונג.

אמת, פרויד רעט, ווי אַנדערע מערב־אייראָפּעישע יידן, די דער ציוניסט פראַנץ אָפּענהיימער אפילו, בלויז פון אַ יידיש „אָפּשטאַמונגס־באַוווסטזיין" און באַצייכנט יידן גיכער אַלס „פאָלקסטום": עס זעט אָבער פאָרט אַזוי אויס, חי פרויד וואָלט אין דער לעצטער צייט געמאַכט יידן קאָנצעסיעס אויף נאַציאָנאַליזם.

זייט פיל יאָרן איז פרויד אַן איבערגעגעבענער מיטגליד פון דער יידישער לאָזשע „בני ברית", אין די חשובסטע שטעלן פון זיינע וויסנ־שאַפטלעכע ביכער און פאַרלעזונגען רעט ער מיט ליבע און פיעטעט פון דעם „פאַרוואָרלאָזטן פעיקן פאָלקסטום", צו וועלכן ער געהער. טיילמאָל דערמאָנט ער מיט פאַרביטערונג, אָבער מיט ווירדע און מיט אַ פּול באַוווסטזיין פון זיין באַדייטונג, די רדיפות, וואָס ער האָט אויס־צושטיין אַלס ייד, ווי זיינע טעאָריעס ווערן אָפּט צוליב זיין יידנטום באַקעמפּט און זענען עד היום נישט אָנערקענט פון דער אָפיציעלער אוניווערזיטעטס־וויסנשאַפט. ער, דער באַן־ברעכער אין פיל וויסנשאַפטן, „דער קאָפּערניק פון דער נייער פּסיכאָפּאַטאָלאָגיע", דער טאַטע פון אַ וויסנשאַפטלעכער שול, וואָס האָט פיל טויזנטער אָנהענגער צווישן גע־לערנטע, — האָט צוליב זיין יידישער אָפּשטאַמונג ביז איצט אפילו נישט די זכיה געהאַט צו ווערן אַן אָרדענטלעכער פּראָפעסאָר. „עס איז נישט בחנם געווען דער גורל פון אַ ייד, — ערקלערט פרויד, — צו שאַפן די שיטה פון

פסיכאָאַנאַליז, דען נאָר אַ ייד קאָן דערטראָ... ל בטול און אַזאַ איזאָלירונג״*)

פרוידס תּלמיד וויטעלס דערציילט אונז**), ווי פרויד איז אַ מאָל צו דער גרעסטער איבערראַשונג פון זיינע תּלמידים דערשינען אויף זייערס אַ זיצונג אין אַ האָטעל אין נירעבערג, ווו זיי האָבן זיך באַראַטן איבער פסיכאָאַנאַליטישע פראָפּאַגאַנדע-פראַגן און האָט צו זיי געשריגן: „איר זענט אַלע יידן און עס איז דערפאַר נישט פאַסיק, אַז איר זאָלט אָנפירן מיט דער באַוועגונג. דער יידישער גורל איז צו זיין אַ מיסטיגונגס־מיטל. איך בין אַלט, כ׳בין שוין גענוג פאַרשוויגן געוואָרן. עס איז שוין צייט, אַז איך זאָל ענדלעך אָנערקענט ווערן און געפינען אַן אָנשלוס צו דער וויסנשאַפט״. פרויד איז געווען איבערצייגט, אַז דאָס, וואָס יידן שטייען אָן דער שפּיץ פון דער פסיכאָאַנאַליטישער באַוועגונג וועט שאָדן דער יינגער וויסנשאַפט. און ער האָט דעמאָלט פאַרלאַנגט, אַז זיינע שווייצאַרישע תּלמידים, וואָס זענען קריסטן, זאָלן איבערנעמען די אָנפירונג. „אַז נישט — זענען מיר אַלע מיט אונזער שיטה פאַרלוירן״, — האָט ער דעמאָלט אויסגערופן.

אַלע פרושים צו דעם דאָזיקן טראַגישן פאָרפאַל זענען, דאַכט זיך, איבעריק. דאָס דאָזיקע גיין זוכן אַ גוישע מאַרקע פאַר יידישער סחורה איז אַ פראָדוקט פון... יידן־באָיקאָט...

אין דער לעצטער צייט לעזן מיר שוין אין די צייטונגען, ווי פרויד רעט אָפט מיט סימפּאַטיע פון יידיש־נאַציאָנאַלע ענינים, אפילו פונם ציוניזם, איז מנדב פאַרן קרן־היסוד, טרעט אַריין אין אַ קאָמיטעט פאַר דער ארץ־ישראל־אוניווערזיטעט א. אַז. וו. אויף די דאָזיקע צייטונגס-כראָניק־ידיעות איבער פרוידן קומט עס אונז דאָ אוודאי נישט אָן. דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן ביז איצט איבערגעגעבן וועגן דער פערזענלעכער, אַזוי צו זאָגן, יידישער אָריענטאַציע פון פרוידן, קאָן פאַרשטאַרקן אונזער פּאָזיציע ביים ווערן דאָ באַטראַכטן פרוידס אַלגעמיין־מענטשלעכע לערע אַלס אויסדרוק פון יידישער פסיכיק און אין צוזאַמענהאַנג מיטן יידנטום

* *
*

---

*) Revue jufve, 1926, העפט 2

**) Fritz Wittels „S. Freud“. 1924.

**ייִדישע ראַציאָנאַליזירונג פונם איראַציאָנאַלן.**

מיר קענען קלערן איבערן מהות און דעם ווערט פונם ייִדישן גייסטיקן שאַפן, וואָס מיר ווילן, מיר האָבן אַ ברירה בכלל צו לייקענען דערין, אַז דאָס גייסטיקע שאַפן פון יחידים זאָל זיין פאַראַנקערט אין כאַראַקטער פון פאָלק, צו וועלכן זיי געהערן; מיר האָבן בפרט אַ רעכט אָפּצעווישן אַלע נאַציאָנאַלע גרענעצן אין דער וויסנשאַפט, וואָס שטרעבט, אויפן וועג צו דער אַלגעמיין־גילטיקייט פון אירע זאַצן, מבטל צו מאַכן אַל־דאָס פערזענלעכע און אינדיווידועלע אין דער מענטשלעכער מחשבה. צו איין טיפּישער ערשיינונג אינם גייסטיקן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער מענטשהייט מוזן מיר פונדעסטוועגן מודה זיין: ייִדן האָבן געהאַט אַ געוואַלטיקע השפּעה אויף דער ראַציאָנאַליזירונג פונם איראַציאָנאַלן אין מענטש.

אומעטום, ווו ייִדן האָבן זיך באַטייליקט אינם גייסטיקן שאַפן פון דער וועלט, האָבן זיי דאָס אינסטינקטיווע און אינטויִטיווע ביי יחידים און פעלקער פאַרשכלט און ווי ווייט־מעגלעך באַוווּסטזיניק געמאַכט דאָס אומבאַוווּסטע, אונטערבאַוווּסטע, פאָרבאַוווּסטע, איבערבאַוווּסטע, און ווי די אַלע אַרטן פון אונדעפינירבאַרן דערקענען הייסן אַלץ.

פיל אומלאָגישעס, אומקלאָרעס, פאַרחלומטס, וואָס האָט געדרימלט אין די טיפענישן פון זייערע אייגענע נשמות און אין די נשמות פון די אַרומיקע פעלקער בבחינת „העני־דע״, האָבן ייִדן אַזוי דערפירט צו דער מדרגה פונם „וואַכעדיקן״. פיל פונם אינערלעכסטן און העכסט אינדיווידועלן אינם לעבן פון פעלקער איז אַזוי דורך ייִדיש שאַפן, אַ דאַנק ייִדיש באַנעמען, געוואָרן אוניווערסאַל און אינטערנאַציאָנאַל.

**א) אין דער ייִדישער רעליגיע.**

דער באַוווּסטער דייטשער סאָציאָלאָג מאַקס וועבער האָט ערשט נישט לאַנג (אין זיינע „געזאַמלטע אויפזאַצן צו דער סאָציאָלאָגיע פון רעליגיעס״, טיבינגען, 1920) געפּרוּווט צו באַווייזן, ווי ייִדן האָבן באַפרייט די רעליגיע פון מאַגיק און מאַנטיק, וואָס אונטער זייער השפּעה האָט זי זיך געפונען ביי די מזרח־פעלקער, און ווי אַזוי זיי, די ייִדן, האָבן זי דערפירט, ווען אפילו נישט דאַדורך דערהויבן, צו דער מדרגה פון אַ טעאָדיצייע און צו אַ שכלדיק־פּראַקטישער עטיק, וואָס האָט געקאָנט אָנגענומען ווערן דורך

אַ גרויסן טייל פון דער מענטשהייט. נאָר אַ דאַנק דעם דאָזיקן פאַרשכלטן, — שכל איז אוניווערסאַל, — לאָזט זיך עס דערקלערן, פאַרוואָס די יידישע רעליגיע, באַזונדערס אין איר רעפאָרמירט־קריסטלעכע געשטאַלטן, איז געוואָרן די רעליגיע פון דער קולטור־מענטשהייט.

ווען מיר װעלן אפילו מודה זיין דערצו, אַז די יסודות פון אונזער רעליגיע ווורצלען אין די רעליגיעזע פאָרשטעלונגען פון אַנדערע אָריענטאַלישע פעלקער, איז עס פאָרט זיכער, אַז נאָר די יידן האָבן דאָס אומבאַוווסטע, וואָס האָט געלעבט אין דער אָריענטאַלישער נשמה דער מענטשהייט באַוווסט געמאַכט. ווען מיר וועלן אפילו מסכים זיין צו דער מיינונג, אַז די געדאַנקען פון „לאָגאָס", פון גאָטסזונשאַפט, זענען לכתחילה נישט געווען יידישע, איז עס פאָרט זיכער, אַז נאָר אַ דאַנק יידישע שלוחים איז עס געלונגען „גאָטס זון" צו פאַרשכלען און אויסצושפרייטן זיין הערשאַפט דורך אַ פראַקטישער מאָראַל.

מיט דעמזעלבן כח צו באַלייכטן דורך שכל און צו ראַציאָנאַליזירן אַלדאָס באַוווסטע אינם מענטש, האָבן זיך יידן אויך אויסגעצייכנט אין די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער, און אַזוי אַרום געשפּילט די גרעסטע ראָל אין ציוויליזאַטאָרישן פּראָצעס פון מערב־אייראָפּע, דען וואָס איז סוף כל סוף ציוויליזאַציע, אויב נישט ראַציאָנאַליזירונג פון אינסטינקטן?

**ב) ביי שפינאָזאַן** ראַציאָנאַליזירן דאָס אומבאַוווסטע — איז געווען דער גורל פון אַלע אונזערע גרויסע מענטשן. פאַנטעאיזם און מיסטיציזם זענען געוויס שוין געווען אין אַלטערטום, ווי אויך אין דעם איסלאַם און קריסטנטום פון מיטלאַלטער, עס איז אָבער געווען די אויפגאַבע פון אַ ייד, פון שפינאָזאַן, צו באַפרייען די דאָזיקע פאָרמען פון װעלט־געפיל פון זייער פאַנטאַסטיק און זיי צו דערהייבן צו דער מדרגה פון טעאָרעטישער באַגרינדונג. ליבע צו גאָט, פאַרבונדן מיט אַ בענקשאַפט זיך מיט אים צו פאַראייניקן, — וו און ווען איז די דאָזיקע ליבע אַלץ נישט געווען אַ באַשטאַנדטייל פון די אמונות? ערשט דער ייד שפינאָזאַ האָט די ליבע דערהויבן צו אַ טייל פון „דער געטלעכער ליבע, מיט וועלכער גאָט ליבט זיך אַליין", צו אַ שכלדיקער ליבע — מכלומרשט צו דער מדרגה פון מאַטעמאַטיק.

ווי די יידישע נביאים פון איין זייט, ישו הנוצרי — פון דער צווייטער זייט, האָט שפינאָזאַ פאַראייביקט גאָט און וועלט דורך אַ שכל־דיקער עטיק, וואָס האָט געקאָנט ווערן אַ שטיק אייראָפּעישע רעליגיע. גאַנץ יידיש האָט ביי אים דער שכל ליבעפול אַרומגענומען דאָס געטלעכע און דאָס געטלעכע האָט ליבעפול אַרומגענומען דעם שכל.

ג) ביי מארקסן. דעמזעלבן וועג פון יידישן גייסט באַמערקן מיר ביי קאַרל מאַרקסן. סאָציאַליזם — ווו איז ער, נאָך פיל פריער פאַר מאַרקסן, אַלץ נישט פאַראַן געווען? דער ייד אין מאַרקסן האָט אָבער דעם סאָציאַליזם באַפרייט פון אַלע האַרץ־ און סענטימענט־אוּטאָפּיעס (מינדסטנס האָט מאַרקס אַזוי געוואָלט!). מיטן שאַרפסטן יידישן גמרא־קאָפּ האָט מאַרקס ערקלערט און באַלויכטן דעם מהות פון דעם איראַציאָנאַלן און אומבאַוווּסטן, באַוויזן דעם שכלדיקן וועג פונם נישט־שכלדיקן, און ווי אַזוי דוקא די פינצטערע אינסטינקטן פון די מאַסן פירן צום העכסטן אידעאַל.

אַ דאַנק מאַרקסנס פאַרשכלען פון די אינסטינקטיווע פּאָטענצ איז דער סאָציאַליזם געוואָרן אַ וויסנשאַפט און גלייכצייטיק אַ פּראַק־טישע עטיק און רעליגיע פון די היינטיקע מאַסן.

ווי די יידישע תורה האָט באַהאַלטן איר מאָראַל הינטער רעלי־גיעזע דינים, ווי שפינאָזאַ האָט צניעותדיק פאַרבאָרגן זיין עטיק הינטער געאָמעטרישע אַקסיאָמען, אַזוי האָט מאַרקס צניעותדיק באַהאַלטן זיין סאָציאַליסטישע עטיק הינטער עקאָנאָמישע געזעצן. מיט דעמזעלבן רעכטן וואָס שפינאָזאַ, האָט אויך מאַרקס געקאָנט אָנרופן זיין הויפּטווערקן „עטיק", ווייל אויך מאַרקסנס „קאַפּיטאַל" פירט אונז שכלדיק, „מאַטע־מאַטיש" צו דער העכסטער מדרגה פון ליבע, צו דער ליבע פון דער־מענטשהייט — „סוב ספּעציע עטערניטאַטיס", דורך אַן אַריינבליק אין מהות פון דער וועלט און אַלע אירע סיבות־פאַרפלעכטונגען.

ד) ביי בערגסאָנען. דעמזעלבן יידישן געדאַנקן־שניט קאָנסטאַטירן מיר דערגלייכן ביי בערגסאָנען. די הויכע ווערטונג פונם אינסטינקטיוון און אינטואיטיוון אין מענטש קאָן מען געוויס שוין גע־

פינען ביי פיל דענקער פאַר בערגסאָנען: ביי יומען, דאַרווינען, ספּענ-סערן, גימשען אין דער ראָמאַנטיק א. אַז. וו.

אָבער ערשט בערגסאָן האָט מיטן שאַרפסטן יידישן שכל באַלויכטן דעם מהות פונם אומבאַוווסטזיין, וואָס פירט דוקא צו דער העכסטער דערקענטעניש — מאַטעמאַטיש-אינפעניטעסימאַל צו גאָט (בערגסאָן איז דער עיקר אַ מאַטעמאַטיקער, און מיר קענען שוין די דאָזיקע קאַלטע „יידישע מאַטעמאַטיק״ פון קבלה-צאָלו, שפינאַזאַס „געאָמעטריע״, מאַרקסנס „סטאַטיסטיק״ א. אַז. וו.)

ה) ביי פרוידן. דערזעלבער דרך פון אַלע יידישע גרויסע מענטשן תּופס צו זיין דאָס מאַגישע, אינסטינקטיווע, אינטואיטיווע, אומ-באַוווסטע אין מענטש און עס באַוווסט מאַכן דורך שאַרפן שכל, צו פאַראייניקן זיך דורך שכל מיט דער סובסטאַנץ פון „עס״, מיטן „בלינדן״ ווילן, מיטן „élan vital״ צו דערגיין דורך שכל צו דער העכסטער ליבע, דערזעלבער מערקווירדיקער יידישער גלויבן אין דער פאַרשטענד-לעכקייט פונם אומפאַרשטענדלעכן, האָט איצט געפינען, מיין איך, זיין העכסטן אויסדרוק אין פרוידס פסיכאָאַנאַליטישער שיטה בנוגע איר דורכדרינגען דאָס סעקסועלע.

שפינאָזאַ, מאַרקס, בערגסאָן און פרויד, ווי ווייט זיי זענען נישט פון אַנאַנדער, זענען זיי אַלע דאָך קרובים אין זייער יידישן באַנעמען: אַלע זענען זיי אויף אַ מערקווירדיקן אופן — פסיכאָאַנאַליטיקער

שפינאזא און פרויד. שפינאָזאַ און פרויד — ביידע זענען זיי איבערצייגט, אַז דאָס גייסטיקע לעבן פון מענטש איז, גלייך ווי דאָס נאַטירלעכע, דעטערמינירט און אומפריי. ביידע מיינען אָבער, אַז דער מענטש ווערט פריי, ווען עס ווערט אים באַוווסט זיין אומבאַ-וווסטעס.

פ ר ו י ד זעט, אינגאַנצן ווי שפינאָזאַ, די אמתע רפואת-הנפש פאַרן מענטש אינם באַלייכטן און באַגרייפן די אומבאַוווסטע תאוות, וואָס ווירקן אין אים. ווי שפינאָזאַ, מיינט פרויד, אַז דער „אַפעקט״ ווערט בטל און פאַרלירט זיין שעדלעכן, גייסטיק-קראַנקמאַכנדיקן כח, ווען מען „באַגרייפט״ זיינע סיבות, אַז ווען דער מענטש גיט זיך אָפּ אַ חשבון פון זיין אינע-ווייניקסטער וועלט — הערט אין אים אויף צו ברויזן דער קאָנפליקט

פון „עס״ מיטן „איך״. מען האָט פרוידן אָפט פאָרגעוואָרפן, אז ער פאַר־טיידיקט דאָס סעקסועלע אויסלעבן זיך. די דאָזיקע מיינונג איז לגמרי פאַלש. פרוידס וועג איז דער שפינאָציסטיש־יידישער כבוש־היצר, און דאָס אונטערטעניק זיין דעם יצר נאָר דאָרט, וווּ ער איז אין הסכם מיטן גרויסן שכל פין גאָט — נאַטור.

דער מכלומרשטער פעסימיסט פרויד מיינט אויך, ווידעראַמאָל ווי שפינאָזאַ, אַז דער מענטש ברויך זיך נישט צו פרייען אָדער זיך מצער צו זיין. מען מוז אַלץ פאַרשטיין אין זיין נויטווענדיקייט. נאָר דאָס פאַרשטיין די תאוות און זייערע סיבות פירט צו דער רויקייט פון דער נשמה. עס זענען נאָך פאַראַן פיל אַנדערע ענלעכקייטן צווישן פרוידיזם און שפינאָזיזם. אַזוי, למשל, בנוגע פאַראַלעליזם, אינדעטערמיניזם, „אַמ־ביוואָלענץ״ א. אז. וו.

**מארקס און פרויד.** פסיכאָאַנאַליטיש בעצם — אַ געניאַל אָנווענדן פונם פסיכאָאַנאַליז אויף דער געזעלשאַפט — איז אויך געווען מאַרקסנס שיטה. מען שטעלט אָפט דעם מאַרקסיזם די באַרימטע קלאָץ־קשיא: ווען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטס־אָרדנונג וועט פון זיך אַליין קומען, דורך אַ היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישער נויטווענדיקייט, — וואָס קאָן דאַ העלפן דער קאַמף פון אַרבעטער־קלאַס?

מען ברויך נאָר צו באַגרייפן דעם פסיכאָאַנאַליטישן גרונט־געדאַנק פון מאַרקסן, כדי די דאָזיקע קשיא נישט מער צו פרעגן.

פאַר מאַרקסן איז, ווי פאַר שפינאָזאַן און פרוידן, דער עיקר דאָס באַוווּסט ווערן פונם אומבאַוווּסטזיין. דער וויסנשאַפטלעכער מאַרקסיסטישער סאָציאַליזם האָט נאָר, אַזוי צו זאָגן, אַ פסיכאָאַנאַליטישע אויפגאַבע, דאָס הייסט: אויפצודעקן די אומבאַוווּסטע, פאַרבאַהאַלטענע, דורך קולטור, דורכן קאַפּיטאַליסטישן פּראָצעס איצט־פאַרדרענגטע ווונש־אינסטינקטן פון די מאַסן, וואָס דרענגען זיך אייגנטלעך אַליין צום באַוווּסטזיין. נאָר דורך אַ באַוווּסט ווערן פון די אינסטינקט־טענדענצן, מיינט מאַרקס, קאָן די געזעלשאַפט געפינען איר ריכטיקן וועג, איבערנעמען די ליטונג און געהיילט ווערן פון אירע אינערלעכע סתירות און קאָנפליקטן.

מאַרקס מיינט אייגנטלעך, ווי שפינאָזאַ, אַז דער מענטש ברויך

נישט צו ווערטן נאָר צו באַגרייפן, — אַז דאָס פאַרשטיין אַליין פירט צו דער לעזונג פון אַלע קאָנפליקטן פונם „איך״ מיטן „עס״... די געזעלשאַפט מוז אָבער אויך וועלן פאַרשטיין און זיך באַפרייען פונם „ווידער־שטאַנד״.

ווי באַקאַנט, האָט מאַרקס זייער ווייניק געהאַלטן פון אַלע אידע־אַלן, רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען און שלאָגווערטער... גאַנץ פרוידיסטיש האָט אָבער מאַרקס געזען אין די סאָציאַלע אוטאָפּיעס און פּראָגראַמען אַן אַרט חלומות און פאַנטאַזיעס, וואָס דערהייבן זיך פון אַ דערשטיקטן און אומבאַוווסטן קאָמפּלעקס — חלומות, וואָס דערלייכטערן דורך אַן אַנאַליז די רפואה.

**בערגסאָן און פרויד.** אַלס פּסיכאָאַנאַליטיש בעצם קאָן מען אויך באַצייכענען בערגסאָנס שיטה. אויך לויט בערגסאָנען קומט דער מענטש צו זיין דערקענטעניש דורכן באַגרייפן פונם אומבאַוווסטן, אינטויִציע, וואָס וווינט אין אים. אויך לויט בערגסאָנען איז אינם שכל פאַראַן אַ „צענזור״, וואָס דערלאָזט נאָר צום באַוווסטזיין דאָס, וואָס איז אין הסכם מיטן „איך״ א. אַז. וו.

מאַרקס, בערגסאָן און פרויד די גרעסטע מבטלים פון שכל מכלומרשט, פאַרקינדיקן אַלע, ווי מערקווירדיק דאָס זאָל נישט זיין — גאַנץ יידיש, ווי שפינאָזאַ, דאָס אַבסאָלוטע מלכות פון שכל, וואָס באַהערשט אפילו דאָס אומבאַוווסטע, און דערגרייכט צו דער געטלעכער, אַלמענטשלעכער און סעקסועלער ליבע, און אפילו צו דער ליבע פון די קינפטיקע דורות אין דער אייביקער „דויער״ — צום „elan vital“

**די ראַציאָנאַליזירונגס־טענדענץ אינם יידישן פאָלקס־כאַראַקטער.** נישט נאָר ביי יידישע גאונים, נאָר אינם יידישן פאָלקס־כאַראַקטער בכלל לאָזט זיך, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, קאָנסטאַטירן די דאָזיקע טענדענץ צו ראַציאָנאַליזירן דאָס אומבאַוווסטע. יידן פאַר־שטיין, אָדער ווילן פאַרשטיין דאָס, וואָס דאַרף נישט און טאָר אפילו אָפט נישט פאַרשטאַנען ווערן: די אמונה, די קונסט און אפילו די ליבע. זשיטלאָווסקי רעכט ערגעץ דערפון, ווי יידישער מוט, און אפילו העלדיש־קייט פון אַ יידישן זעלנער שטאַמען פון שכל. עס איז אויך קיין סוד

נישט פאַר פאַכלייט, אַז די גרויסע נצחונות פון יידן אין דער לעצטער צייט אויפן געביט פון ספאָרט שטאַמען מער פון אינטעלעקט, ווי פון „הכח״. א יידישער אַנעקדאָט דערציילט וועגן, ווי א מלמד האָט זיך אַמאָל שטאַרק באַגייסטערט פאַר שווימען. ווען מען האָט אָבער דעם מלמד געפרעגט: „און איר אַליין קענט דען שווימען?״, האָט ער געענט-פערט: „ניין, שווימען קאָן איך נישט, נאָר איך פאַרשטיי דעם שכל פון שווימען״.

מען דערציילט זיך דעסגלייכן ביי יידן פון אַ בית־מדרש־בחור, וואָס זאָל האָבן אַמאָל געזאָגט, אַז ווען עס וואָלט בכלל נישט געווען אין דער טבע פון אַ מענטש צו עסן, וואָלט ער אויפגעטון מצד הסברא, אַז קליסקעלעך מיט באָרשטש איז אַ גוטער מאכל.

אַ דאַנק דער דאָזיקער געבוירענער טענדענץ צו וועלן פאַרשטיין דאָס אומנאַטירלעכע און אומבאַגרייפלעכע, זענען יידן שטענדיק געווען פון די ערשטע צו פאַרשטיין אַלע מאָדערנע, נאָך נישט דעפינירטע דרכים אינם לעבן און אינם גייסטיקן שאַפן פון די פעלקער. דער דאָזיקער פסיכישער טענדענץ האָבן יידן אויך צו פאַרדאַנקען זייערע ספּעציפישע פעיקייטן אַלס דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, זשורנאַליסטן, שוישפּילער, — אַלץ געביטן, ווו עס גייט קודם-כל אין פאַרשטיין פרעמדע לאַגעס און נאַטורן, — און אפשר אויך זייער גוט צוזאַמענלעבן מיט די פעלקער. קיין שום פאָלק וואָלט נישט אימשטאַנד געווען אַזוי גוט אַדורכצוקומען מיט די פאַרשידנסטע שכנים-פעלקער, ווי יידן. קיין שום נאַציאָנאַלע מינדערהייט האָט ביז איצט נישט באַוויזן אַזוי לאַנג צו דערהאַלטן איר באַזונדערן כאַראַקטער (און וואָס פאַר א באַזונדערן כאַראַקטער!), לעבנ-דיק צווישן פרעמדע שטאַרקע אומות, און וואָלט עס אַ פאָלק אַדורכגע-זעצט — וואָלט זיין גורל געווים, — לויט די קאַמף-געזעצן, וואָס הערשן עד היום צווישן די אומות, — געווען פיל ערגער ווי דער יידישער.

זייער קיום האָבן, אַלזאָ, יידן צו פאַרדאַנקען דער שטאַרקער ראַ-ציאָנאַליזירונגס-טענדענץ. אַ יינג קאָכעדיק פאָלק וואָלט געוויס נישט גע-קאָנט אַזוי לאַווירן מיט חכמה צווישן שונאים און וואָלט שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען אין בלוטיקע קאַמפן.

ווען יידן האָבן אַריינגעדרונגען אין אייראָפּע איז שוין זייער

לעבן, ווימיר האָבן אויבן דערמאָנט, גע. ס. גאַליזירט דורך זייער רעליגיאָנס-עטיק. דאָס לעבן צווישן די אומות האָט דאָס ראַציאָנאַלע עלעמענט אין זיי נאָך מער פאַרשטאַרקט. נישט ווערצלענדיק אינם לעבן פון די פעלקער, אַ חוץ מיטן שכל, האָבן יידן אומעטום געקאָנט זיין די צופאַסונגס-פעיקסטע און אָביעקטיווסטע. דער קלאָרער שכל האָט די יידן געפירט דערצו, זיי זאָלן אַלץ פאַרשטיין אין לעבן פון די פעלקער און אַלץ מוחל זיין. אין יעדער אומה זענען די יידן דערפאַר געווען די אָביעקטיווסטע אָפּשאַצער פון אַלעם, וואָס געשעט — און גלייכצייטיק די פאַרטרעטער פונם שכלדיקן אידעאַל, וואָס דערהייבט זיך איבערן לעבן. אומעטום, ווו יידן זענען אַריינגעדרונגען, האָבן זיי דאָס אינדיווידועלע פונם פאָלק, צווישן וועלכן עס איז זיי אויסגעקומען צו לעבן, אַנטדעקט, דעפינירט, דערקלערט און אַזוי אַרום אוניווערסאַל געמאַכט. יידן האָבן אויף אַזאַ אופן שטענדיק געבויט בריקן צווישן פעלקער, דערנענטערט יחידים צום כלל, דעם כלל צו יחידים, פאַרייניקט צפונדיקס און דרום־דיקס (בראַנדעס!), מזרחדיקס און מערבדיקס (אינם גאַנצן מיטלאַלטער!) און צעמענטירט, אַזוי צו זאָגן, די צעוואָרפענע גלידער פון דער וועלט...

דעריבער זענען אויך יידן, אַ דאַנק דעם, וואָס נאָר זיי קאָנען ברענגען צום קלאָרן אויסדרוק דעם פאָלקס-גייסט, די פלאַטאָנישע „אידעע" פונם פאָלק, צווישן וועלכן זיי לעבן, אָפּטמאָל די בעסטע רעפּרעזענטאַנטן פון די פעלקער כלפי־חוץ (ראַטענוי פאַר דייטשלאַנד, ביקאָנס-פילד און לאָרד רידינג פאַר ענגלאַנד, לוצאַטי פאַר איטאַליען, בערגסאָן פאַר פראַנקרייך, אשכנזי פאַר פוילן א. אַז. א.

ידן זענען אויך עד היום די בעסטע רעפּרעזענטאַנטן פון שטעטישע קולטור־צענטרען און זייער „לאָקאַלן געניוס" (האַרדען, הערמאַן, דער גאַליצישער ייד ריינהאַרדט — פאַר בערלין, סאַראַ בערנאַרד, אַנרי בערנשטיין א. אַנד. — פאַר פּאַריז א. אַז. וו.)

באַזונדערס איז עס יידן געלונגען צו ברענגען צום אויסדרוק דאָס נשמהדיק־האַרציקע פון ווין, צו עקספּאָרטירן און אינטערנאַציאָנאַל צו מאַכן ווינס באַזונדערן חנעוודיק־קאָקעטן לעבנס נוסח.

נישטאָ קיין קולטור-צענטר, וואָס זאָל זיין אַזוי אַדורכגעזאַפּט מיט אומבאַפרידיקטער פאַרבענקטער ליבע, וואָס שטרעבט דורך פאַרשידענע

פאַרקליידונגען באַוווסט צו ווערן, ווי ווין (פאַריז זעטיקט!). די דאָזיקע בענקשאַפט קומט צום אויסדרוק אינם גאַנצן ווינער לעבנס- און שאַפנס-נוסח: אין ווינער וואַלץ, אינם פאָלקס-געזאַנג, אין דער אָפּערעטע, אין פעליעטאָן א. אַז. וו. מען פאַרגלייכט אפילו אָפט גאַנץ פרוידיש דאָס טאָפּאָגראַפישע אויסזען פון דער שטאָט ווין צו אַ פרויען-קערפּער, ווו דער קאַהלענבערג און לעאָפּאָלדסבערג זענען די צוויי ברוסטן. נאָר ווין האָט זוכה געווען צו אַ פרויען-מאָלער, ווי קלימט!

פון ווין קומען אויך טאַקע צו אונז כסדר די מאָדערנסטע וויסנ-שאַפטלעכע חקירות איבער פרויען-מהות און די באַציונגען פון די גע-שלעכטער צו אַנאַנדער.

דעם דאָזיקן עראָטיש-פאַרבענקטן כאַראַקטער, דעם ווינער „קאָמ-פּלעקס״, וואָס שטרעבט באַוווסט צו ווערן, האָבן יידן געבראַכט צום באַ-וווסטזיניק־העכסטן אויסדרוק אין דער קונסט: אַלטענבערג, שניצלער, האָפמאַנסטאַל. לעהאַר א. אַנד. אין דער וויסנשאַפט: ווייניגער און פרויד.

ווייניגער און פרויד. ווייניגער און פרויד — ביידע האָבן געשטעלט דאָס עראָטישע אין מיטלפונקט פון זייער וועלט-אַנשויונג, ביידע גלייבן אין דער ביסעקסואַליטעט און אין אַן אַלגעמיי-נעם „ליבידאָ״ פונם מענטש (דעם געדאַנק פון דער ביסעקסואַליטעט זאָל ווייניגער האָבן באַקומען פון פרוידן דורך אַן אומדיסקרעציע פון אַ תלמיד).

ביידע גלייבן דעריך, אַז דאָס פאַרדרענגטע סעקסועלע טראָגט זיך איבער אויף אַלע גייסטיקע געביטן, ביידע מיינען גאַנץ יידיש, אַז מען קאָן דעם יצר הרע כובש זיין דורך באַוווסטזיין. ביידע גלייבן, אַז אין „איך״ איז פאַראַן אַ סתירה צום סעקסועלן... בעת ווייניגער מיינט אָבער, ווי קריסטוס, אַז עס לעבט אינם מענטש אַ העכער געזעץ, וואָס איז לגמרי מבטל דאָס נאַטירלעכע, מיינט פרויד דער נאַטור-פאָרשער, אַז דער מענטש, דאָס „איך״, ברויך נישט צו באַקעמפן דאָס נאַטירלעכע נאָר עס באַגרייפן אין זיין נויטווענדיקייט, ווייל דאָס דאָזיקע באַגרייפן לייזט־אויס און באַרויקט.

* * *

דער תמצית פון פרוידס שיטה. איצט וועלן מיר איבערגיין צו דער געגויערער רעוויזיע פונם פרוידישן וועלט־באַנעם.

הגם פרוידס ביכער זענען נאָך נישטאָ אין אַ יידישער איבערזעצונג, מוז איך אין מיין איצטיקער אָפּהאַנדלונג פּאָרויס־זעצן ביים לעזער די באַקאַנטשאַפט מיטן פרוידיזם, וואָרום פאַר אַ בלויזן געגויען איבערגעבן פון פרוידס געדאַנקען וואָלט זיך געפאָדערט אַ פיל גרעסערע אַרבעט, ווי די דאָזיקע. כדי אָבער דאָך קלאָרער צו רעפּע־רירן איבער די איינצלנע לערעס פון פרוידן אין אַ צוזאַמענהאַנג מיטן יידנטום, באַטראַכט איך עס פאַר נייטיק דאָ איבערצוגעבן, מיטן גרעסטן קיצור, באַדינגענדיק זיך בלויז מיט שטיכווערטער, עטלעכע עיקרים פון פרוידס שיטה.

לויט פרוידן וווּרצלט דאָס גאַנצע גייסטיקע לעבן פונם מענטש אין זיין אומבאַוווּסטן. דאָס מענטשלעכע באַוווּסטזיין, מיינט ער, זאָפּט נאָר איין אַזעלכע טיילן פונם אומבאַוווּסטן, וואָס זענען צוגעפּאַסט צום קולטורעלן „איך“, וועלכער האָט גאַנץ אַנדערע לעבנס־ווונטשן און געפינט זיך אין אַ כסדרדיקן קאַמף מיטן אומבאַוווּסטן.

עס בלייבן אַזוי ווינען אינם טונקעלן אומבאַוווּסטן פונם מענטש אַזעלכע תאוות און ווונטשן, וואָס ווערן צוליב קולטור־כחות, צוליב בושה, מאָראַל, רעליגיע, צניעות, דערציִונג א. אַז. וו. דורך דער צענזור פונם „איך“ נישט צוגעלאָזט צום באַוווּסטזיין.

די דאָזיקע פאַרשטויסענע („פאַרדרענגטע“) ווונטשן, וואָס זענען, ווי פרויד וויל זיך האָבן איבערצייגט, כמעט שטענדיק סעקסועלע און שטאַמען על־פּי־רוב פון די קינדער־יאָרן אָדער גאָר פון דער קינד־הייט פון דער מענטשהייט, וועלכע ווערט פון אונז אַלע אין דער קינד־הייט פסיכאָגענעטיש איבערגעלעבט („נאַרציזם“, „עדיפּוס־קאָמפּלעקס“, „קאַסטראַציע־קאָמפּלעקס“ א. אַז. וו.), האָבן אַן איינפלוס אויפן גאַנצן גייסטיקן גורל פונם מענטש. די פאַרשטויסענע, פאַרשטיקטע ווונטשן שטאַרבן נישט אָפּ דערדורך, וואָס זיי זענען מכלומרשט פונם מענטש פאַרגעסן און ווערן אים נישט באַוווּסט, נאָר זיי גראָבן זיך אונטער און פאַרפעסטיקן זיך אינם אומבאַוווּסטן, הינטער דער גאַנצער גייסטיקער עקזיסטענץ פונם מענטש. כדי צו קאָנען אַריינדרינגען אין דאָס מענטש־לעכע באַוווּסטזיין און זיך ווי עס איז גייסטיק אויסצולעבן, פאַרמאַסקירן

זיך די פאַרדרעגגטע ווונטשן אין פאַרשידענע לבושים, בחינות און סימ־באָלן. א מאָל געלינגט עס די דאָזיקע חונטשן זיך אַדורכצוגליטשן דורך דער צענזור פונם איך אין דער געשטאַלט פון קליינע, נישטיקע, אומשולדיקע טעותימלעך, אַן אַנדערש מאָל — אונטער דער מאַסקע פון וויצן, אַ דריט מאָל איינגעהילט אין רייכע קליידער פון פאַנטאַזיע, אין דער פאָרם פון חלומות א. אַז. וו.

ביי מענטשן, וואָס האָבן טאַלענט און פעיקייטן דערצו, מאַניפעס־טירן זיך די דאָזיקע ווונטשן דעסגלייכן אין קינסטלערישע שאַפונגען, רעליגיעזע פאָרשטעלונגען, וויסנשאַפטלעכע חקירות. אָפט אָבער „קאָנ־ווערטירט זיך", פאַרוואַנדלט זיך די ענערגיע פון די ווונטשן־קאָמפּלעקסן, נאַטירלעך אויך נאָר, ווען זי געפינט ביים מענטש די דיספּאָזיציע דערצו, אין אַן אַרט שטיקנדיקע גאַזן. דאָס זענען די נערוון־קראַנקהייטן מיט זייערע אַלע מכלומרשט משוגעדיקע פאָרשטעלונגען און אין פלוג אומ־פאַרשטענדלעכע סימבאָלן.

די נערוואָזן זענען, לויט פרוידן, ווי די חלומות און וויצן, ווי די קונסט, נאָר אַן ערזאַץ, אַ „דעק־ערינערונג", אַזוי צו זאָגן, אַ מצבה, וואָס דער מענטש שטעלט אויף אינם באַוווּסטזיניקן זכרון פאַר זיינע באַגראָ־בענע ווונטשן.

דער היילונגס־מעטאָד פון פרוידן באַשטייט אין אויפדעקן די אומ־באַוווּסטע, „פאַרדרעגגטע" ווונטשן, אינם קומען דורך אַן אַנאַליז פון דער פסיכיק, דורך אַלע לבושים פון אַסאָציאַציעס, טעותים, חלומות א. אַז. וו., צום פאַרדרענגטן קאָמפּלעקס, צו די קראַנקמאַכנדיקע באַגערן, וואָס ווערן דורך די סימפּטאָם־לבושים רעפּרעזענטירט.

ווען עס ווערט דעם מענטש באַוווּסט זיין אומבאַוווּסטעס, — מיינט פרויד, — ווערט ער זיכער געהיילט.

1) דער מענטש ווערט דעמאָלט איינהייטלעך, זיין גאַנץ לעבן ווערט אים קלאָר און עס הערט אין אים אויף צו ווירקן דער קאָנפליקט פון באַוווּסטן מיטן אומבאַוווּסטן. זיין שרעק און מורא, זיינע קרענקלעכע פאַנטאַזיעס פאַרשווינדן דעמאָלט, אַזוי ווי עס פאַרשווינדט ביינאַכט די מורא פון אַ קינד פאַר שדים, ווען מען צינדט אָן אַ ליכט.

2) ווען דער מענטש גיט זיך אָפּ אַ חשבון פון זיינע תאוות —

באקומט ער די ברירה, וועלכע ער האָט אזוי לאַנג ווי זיי זענען געווען אומבאַוווסט נישט געהאַט, אָנצונעמען אָדער צו באַהערשן די תאוות לויט דעם אמתן באַדערפעניש פון זיין לעבן.

3) עס איז דעמאָלט פאַראַן אַ וועג צו „סובלימירן", אויסצואיידלען די תאוות, איבערצוטראָגן די ענערגיע פון די פאַרבאָרגענע ווונטשן, וואָס האָבן ביז איצט נאָר געהאַמעוועט דאָס גייסטיקע לעבן, אויף אַנדערע העכערע ווונטשן, אויף פאַרשידענע גייסטיקע קנינים, אויף קונסט, וויסנשאַפט א. אַז. וו.

* * *

די יידישע גענעזיס פון פסיכאאנאליז. באַטראַכטן מיר איצט דעסגלייכן פון אַ פסיכאָאַנאַליטישן שטאַנדפונקט — ווען אפילו נישט אַ פרוידיסטישן — די וויכטיקסטע פונקטן פון די דערמאָנטע לערעס.

צו ערשט דעם אויסגאַנגס־פונקט: די „פאַרדרענגונג" אינם אומבאַוווסטן. צי איז עס אַ חידוש, וואָס פרויד זעט דעם יסוד פונם גאַנצן גייסטיקן לעבן אינם אומבאַוווסטן? צי איז דאָס כסדרדיקע פאַרדרענגען פון ווונטשן דען נישט געווען דער ספּעציפישער גורל פון זיין אומה?

טויזנטער יאָרן האָבן יידן געמוזט באַהאַלטן בחדרי־חדרים פון דער נשמה זייערע הייסטע אָריענטאַלישע ווונטשן, אונטערדריקן זייערע אינסטינקטן, זייערע נקמה־געפילן, זייער אַרט לעבן און גייסטיק באַנעמען.

טויזנטער יאָרן האָבן יידן געמוזט לייַדן כלערליי רדיפות פון זייערע שכנים, אַראָפּשלינגען אַלע זייערע באַליידיגונגען און שווייגן, „זיך נישט וויסנדיק מאַכן". צי איז אַ יידישן פאָרשער, וואָס האָט איבריקנס דאָס אַלץ אויף זיך אַליין איבערגעלעבט, דאָ נישט נאָענט געוואָרן דער געדאַנק, אַז נאָר אינם אומבאַוווסטן, אין די דערשטיקטע ליידנשאַפטן און צוגעדושעטע אינסטינקטן, איז פאַרבאָרגן דאָס חשובסטע פונם גייסטיקן לעבן און אַז נאָר אינם אומבאַוווסטן קאָן שטעקן דער שורש פון אַלע גייסטיקע ליידן און קראַנקהייטן?

אין זיין בוך „פתרון חלומות״ גיט אונז, לויט מיין מיינונג, פ ר ו י ד דעם בעסטן שליסל צו דער גענעזיס פונם פסיכאָאַנאַליז.

„כ׳האָב געקאָנט אַלט זיין, — שרייבט פרויד, — 10—12 יאָר, ווען מיין פאָטער פלעגט מיך מיטנעמען אויף זיינע שפּאַציר-גענג און מיט מיר אָפּט אַרומשמועסן זיינע אָנשויוּנגען איבער פאַרשידענע חשובע וועלטלעכע ענינים.

אַזוי האָט ער מיר אויך אַמאָל, כדי מיר צו באַווייזן, אַז איך װאַקס אויף אין אַ בעסערער צייט ווי ער, דערציילט: „ווען כ׳בין נאָך געווען אַ ייִנגערמאַן, בין איך אין דיין געבורטס-שטעטל אַמאָל אין אַ שבת געגאַנגען שפּאַצירן איבערן גאַס, שיין געקליידט און אין אַ ניי פעלץ-היטל. פּלוצלינג איז צו מיר צוגעלאָפן אַ יינגער קריסט און האָט מיר מיט אַ זעץ איבערן קאָפּ אַראָפּגעוואָרפן דאָס היטל אין דער בלאָטע אַריין און אַ געשריי געטון: „ייד, אַראָפּ פונם טראָטואַר״! — „און וואָס האָסטו געטון?״ — האָב איך דעמאָלט געפרעגט מיין פאָטער. — „איך בין מיר געגאַנגען און האָב אויפגעהויבן דאָס היטל״. — איז געווען דער רויקער ענטפער.

דאָס איז לויט מיינע השגות נישט געווען העלדיש פאַרן גרויסן מאַן, וואָס האָט מיך געפירט ביי דער האַנט.

איך האָב דער דאָזיקער סיטואַציע, וואָס האָט מיך נישט באַפרי-דיקט, אַנטקעגנגעשטעלט אַן אַנדערע, וואָס איז גיכער געווען צוגעפּאַסט צו מיינע ווונטשן: די סצענע, ווי האַניבאַלס פאָטער באַשווערט זיין זון פאַרן משפחה-מזבח זיך נוקם צו זיין אָן די רוימער. פון דעמאָלט אָן — פאַרענדיקט פרויד דעם דאָזיקן עפּיזאָד, — האָט האַניבאַל געשפּילט אַ חשובע ראָלע אין מיינע אַסאָציאַציעס און פאַנטאַזיעס״

האַניבאַל, דער גרויסער פעלד-הער פון מזרח, וואָס איז זיך נוקם אָן רוים פאַרן כבוד פון זיינע אבות! צי איז נישטאָ אינם דאָזיקן יוגנטלעכן נקמה-ווונטש פאַרן באַליידיקטן טאַטן און גלייכצייטיק פאַרן באַליידיקטן יידישן כבוד, וואָס האָט נישט מער געקאָנט דועלירט ווערן, אינם דאָזיקן, פרוידיש צו זאָגן, „האַניבאַל-קאָמפּלעקס״ — צי איז נישט דאָ צו זוכן די געבורט פון פסיכאָאַנאַליז?

איך מיין, אַז דעמאָלט, נאָכן געשפּרעך מיטן פאָטער, האָט גע-שלאָגן די שעה פאַר פרוידס שיטה... אַזוי ווי עס האָט געשלאָגן די

שעה פאַר לאַסאַלס סאָציאַליזם, וועז ער האָט אַלס יינגל געלייענט פונם פּאָגראָם אין דמשק.

צוליב וואס יידן זענען וויציק. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ספּעציפיש-יידישער וווּנטש-פאַרדרענגונג ווערט אונז אויך קלערער פרוידס מיינונג איבערן מהות פונם וויץ.

דער וויץ האָט, לויט פרוידן, זיין מקור דערין, וואָס דאָס פאַר־דרענגטע אומבאַוווּסטע אין דער מענטשלעכער פּסיכיק, אַמייסטנס דאָס אַנטי-קולטורעלע, דאָס בייזע, שלעכטע, קינדלעך-שעלמישע, פּערווערז-סעקסועלע פון די קינדער-יאָרן, דאָס לעסטערדיק-אפּיקורסישע א. אַז. וו. וואָס ווערט נישט דערלאָזט צום באַוווּסטזיין, האָט אַ טבע אָפּצונאַרן דעם צענזאָר און זיך אַדורכצוגליטשן אין באַוווּסטזיין אַריין אין אַ מאַסקן-קאָסטיום אָדער אין אַ מער סאַלאָן-פעיִקער קליידונג. די הנאה, וואָס דער מענטש האָט פונם וויץ, שטאַמט, לויט פרוידן, — ווי די הנאה פון קונסט בכלל, — דערפון, וואָס געבונדענע, אינם מענטש אינעווייניק צוריקגעהאַלטענע כחות, גנבענען זיך אַרויס דורך פאַרקליידונג פון זייער תפיסה און ווערן פריי און ממילא איבערמוטיק. די ענערגיע פון די באַ־פרייטע כחות פאַרוואַנדלט זיך אין נחת.

צי ווערט נישט קלאָר לויט דער דאָזיקער מיינונג, אַז די באַזונ־דערע יידישע פעיקייטן פאַר וויץ און סאַטירע — יידישע וויצן זענען בכלל די באַרימטסטע אין דער וועלט — שטאַמען דערפון, וואָס יידן, אַלס שטענדיק אונטערדריקטע, האָבן אייביק געמוזט אַראָפּשלינגען זייער כעס, זייער בטול פאַר די שטאַרקערע קעגנער, זייער אומגלייבן אין די ווערטן פון די אַרומיקע פעלקער און בראָש זייער ענטפער אויף כל־המינים באַליידיגונגען?!

יידן האָבן זיך דערפאַר גאָר געקאָנט אויסדריקן („זיך אַראָפּרעדן פונם האַרץ״) אין אַ פאַרקליידעטער פאָרם, אין אַ לשון סגי-נהור.

עס איז כאַראַקטעריסטיש אין דער הינזיכט און עס באַשטעטיקט דעם יידישן אורשפּרינג פונם פּסיכאָאַנאַליז דער פאַקט, וואָס פרויד באַנוצט זיך אין זיין בוך „דער וויץ״ כסדר מיט ראיות פון יידישע וויצן, צומייסט פון שדכנים, שנאָרערס, פון די געפּלאָגטסטע

צווישן די געפלאָגטע, וואָס קעמפן מיט אַזויפיל גייסטרייכקייט קעגן זייער טרויעריקן גורל.

* * *

די װערטונג פונם סעקסועלן אינם אנטיקן יידנטום

פרויד וואָלט זיך געוויס פאַרשפאָרט פיל קעגנער, ווען ער וואָלט דאָס סעקסועלע נישט אַזוי שטאַרק באַטאָנט, און זיין שיטה וואָלט דאַדורך נישט פיל פאַרלוירן. פרויד ערקלערט אונז אָבער, אַז ער האָט זיך דערפון אינם לעבן איבערצייגט, און עס פרעגט זיך, צי האַט דאָ נישט געווירקט דאָס יידנטום?

שוין אין שיר-השירים געפינען מיר דאָס בעסטע מאָטאָ צו פרוידס ווערק: „שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבע, מעכטיק ווי דער שאול — די אייפערזוכט, אירע פונקען זענען פייער-פונקען פון געטלעכן פלאַם, פיל וואַסערן קאָנען נישט לעשן די ליבע, און טייכן זענען נישט אימשטאַנד זי צו פאַרפלייצן״. אויך באַווייזן פאַר דער באַדייטונג פון סעקסועלע פערווערזיטעטן, אינצעסט א. אז. וו. אינם אַמאָליקן לעבן פון די פעלקער האָט פרויד אַלס ייד נישט געהאַט ווייט צו זוכן: ער האָט זיך נאָר געברויכט צו דערמאָנען אָן מאַנכע חומש-מעשיות, — חומש האָט ער געלערנט אין דער יוגנט — אָן פאַרשידענע עריות-פאַרבאָטן א. אז. וו.

די פאַרדרענגונג פונם סעקסועלן אינם שפעטערן יידנטום.

פון דער אַנדערער זייט ווידער, — די פאַרדרענגונג פונם סעקסועלן אין שפעטערן יידנטום! — צי האָט פרויד שליסלעך זיינע טעאָריעס נישט געפינען דוקא באַשטעטיקט אינם לעבן פונם יידישן פאָלק?.. ער האָט נאָר געברויכט צו באַטראַכטן דאָס לעבן פון זיין סביבה איבערצוציינן זיך אין דער ריכטיקייט פון זיין שיטה. קיין שום פאָלק, האָט זיך פרויד געקאָנט זאָגן, האָט נישט אַזוי אונטערדריקט, ראַציאָנאַליזירט די תאוות, ווי דאָס יידישע.

און דער פועל-יוצא דערפון? פון איין זייט איז זי י באַקעמפטע נאַטור נוקם, און די ענערגיע פון די ליידנשאַפטן פאַרוואַנדלט זיך אין

נעווראָזן, וואָס זענען ביי יידן מער פאַרשפּרייט ווי ביי אַנדערע פעל-קער, פון דער אַנדערער זייט ווידער סובלימירן זיך ביי יידן די תאוות און קומען צום אויסדרוק אין אַ פאַרעקשנט רעליגיעזן לעבן מיט אָן אַ שיעור דינים, מצוות און פּלפּולים, וואָס סימבאָליזירן דאָס פאַרדרענגטע (אגב, פאַרגלייכט צום באַווייז דאָס פאַרפּלפּולטע, רעליגיעזע אין דער מיטלאַלטערלעכער סכאָלאַסטיק, וואָס האָט דעסגלייכן באַקעמפט די תאוות!) אין אַ שעצונג פון חכמה, אין אַ סאָציאַלער רעוואָלוציאָנערישקייט אין אַ העכערער מדרגה ווי אַנדערע אומות, און נישט צו לעצט אפשר אין יידישן קאַפּיטאַליזם.

זאָמבאַרט קומט אין זיין באַקאַנט „יודענבוך" צו שמועסן פון דער יידישער אַנטהאַלטזאַמקייט. ער שטעלט זיך אָבער נאָר אָפּ ביי דער יידישער שעצונג פון „חכמה" און נוצט לגמרי נישט אויס דעם מאָמענט פון תאוה־„פאַרדרענגונג" פאַר אַן ערקלערונג פון דער גענעזיס פונם יידישן קאַפּיטאַליזם. להיפּוך: ער באַמיט זיך אָפּצו אין זיינע איבריקע ביכער צו באַווייזן דוקא ווי זנות פאַרבונדן מיט אַ שטרעבן צו לוקסוס האָבן דערוועקט דעם קאַפּיטאַליסטישן גייסט. די דאָזיקע מיינונג געפינט זיך אָבער אין סתירה מיט וועבערס, און צום גרויסן טייל, מיט זיין אייגענעם גרונט־געדאַנק, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז אַנטשטאַנען אַ דאַנק דער רעליגיעזער ראַציאָנאַליזירונג פון אינסטינקטן... וואָס האָט געפירט צו עקאָנאָמישע אָפּשפּאָרונגען און צו אַן אָנזאַמלונג פון רייכטום נישט פאַר פאַרשווענדונג, נאָר פאַר פּראָדוקציע און שאַפונג פון נייע רייכטי-מער... נאָר דער דאָזיקער פאַרדרענגונג און ראַציאָנאַליזירונג האָבן אויך יידן געוויס געהאַט צו פאַרדאַנקען זייער באַרימט פאַמיליען־לעבן, וואָס האָט, ווי זאָמבאַרט מיינט, דעסגלייכן זיי געפירט אָנצוזאַמלען רייכטום.

פאַרפריטע סעקסועלע אַנטוויקלונג ביי יידן. שווער איז מסכים צו זיין צו פרוידס מיינונג, אַז דער גייסטיקער גורל פון מענטש ווערט באַשטימט דורך דער סעקסואַליטעט פון די קינדער־יאָרן. אָבער צי זענען מיר יידן נישט אָריענטאַלן, ביי וועלכע די סעקסואַליטעט אַנט-וויקלט זיך פריער? צי לערנען מיר נישט נדה, סוטה, כתובות, גטין, קדושין שוין אַלס קליינע יינגלעך? צי האָט מען אונזערע עלטערן נישט חתונה געמאַכט אַלס קינדער?

שוין אין דער ביבעל געפינען מיר אייגנטלעך פרוידס אַ גרונט־זאַץ: „כי יצר לב האדם רע מנעוריו״, און אין תּלמוד געפינען מיר אָפּט נאָך מער פרוידישע ערקלערונגען דערצו, אַז דער יצר־הרע באַגלייט דעם מענטש פון דער געבורט און דער יצר־טוב ערשט פון 13 יאָר אָן, פון דער פובערטעט.

איבעריקנס, איז עס גאַנץ פאַלש צו מיינען, אַז פרויד זעט דאָס גאַנצע גייסטיקע מהות פונם מענטש בלויז פאַראַנקערט אינם סעקסועלן. פרויד אַליין ווערט זיך אָפּט דאַקעגן און מיט רעכט.

יידישע ראַציאָנאַליזירונג פונם סעקסועלן. פרוידס וועלט־אָנשויונג וואָרצלט אין אַ דואַליזם: דעם „זינדיקן״ סעקסועלן אומבאַוווסטן „עס״ שטעלט זיך לויט אים שטענדיק אַנטקעגן דער באַוווסטער קולטורעלער „איך״. גאַנץ יידישלעך גלייבט, אַלזאָ, פרויד אין אַ מין „יצר־טוב״, וואָס באַקעמפט דעם „יצר־הרע״. גאַנץ יידיש גלייבט פרויד דערין, אַז דער יצר־הרע מוז באַקעמפט ווערן מיטן שכל דאָרט, וווּ ער איז שעדלעך, און אָנערקענט ווערן דאָרט, וווּ ער איז אין הסכם מיטן לעבן. ווי יידיש איז דאָס דאָזיקע פאַרשכלען פונם יצר אינם קעגנזאַץ צום קריסטלעכן אַס־קעז, וואָס האָט אים נעגירט.

פון פיל תּלמודישע שטעלן וויל איך נאָר דערמאָנען די הערלעכע תּלמודישע אגדתא, ווי די חכמים האָבן געוואָלט אומברענגען דעם יצר־הרע און איינגעזען, אַז די וועלט קאָן אָן אים נישט באַשטיין... דעס־גלייכן דעם זאַץ: „יצר, תּינוק ואשה — תּהא שמאל דוחה וימין מקרבת״ (סוטה מ״ו).

נישט זיך געשלעכטלעך אויסלעבן, ווי מען מיינט, פאָדערט פרויד, נאָר ראַציאָנאַליזירטע ליבע! צי האָבן יידן נישט אַלס פאָלק שטענדיק מער פון אַלע פעלקער ראַציאָנאַליזירט די ליבע דורך טויזנטער דינים פון כּתובות, גטין, מעין־טהורס, שדכנים, חתונות צווישן זיך, ריקזיכטן אויף יחוס און נדן א. אַז. וו. צי איז אַ חידוש, אַז פרויד דער ייד לייגט אריין אַזויפיל שכל אין ליבע־ענינים?

צי קאָן דען פרויד עפּעס אַנדערש פאַרלאַנגען פון מענטש ווי צו

ראַציאָנאַליזירן די ליבע זייענדיק אַ זון פונם פאָלק, וואָס האָט געגערידער וועלט דעם פילאָזאָף פון amor dei intellectualis.

**סובלימירונג אין דער אלטער יידישער ליטעראטור**

און, ענדלעך, צי איז אין פרוידס שיטה נישט דוקא דער עיקר די ס ו ב ל י מ י ר ו נ ג, דאָס אויסאיידלען פון די ליבעס־געפילן און איבערטראָגן זיי אויף קינסטלערישעס, וויסנשאַפטלעכעס א. אז. וו. דורכן געדאַנק פון סובלימירונג אַליין דערהייבט זיך פרוידס באַגריף פון דער סעקסואַליטעט צו דער מדרגה פון פלאַטאָנס עראָס. צי איז אָבער די דאָזיקע סובלימירונג נישט גלייכצייטיק אויך אַ גרונט־טענדענץ, וואָס קומט צום אויסדרוק אינם גאַנצן יידישן שאַפן? צי איז די סובלימירונג נישט איינע פון די חשובסטע באַשטאַנד־טיילן פון דער תלמודישער ליטעראַטור און נאָך מער פון קבלה און חסידות?

טויזנטער יאָרן האָבן יידן יעדע עראָטישע שטעל אין דער ביבעל אויסגעטייטשט מיט ע׳ פנים, און איבערגעטראָגן אויף גײַסטיקע ענינים. שיר־השירים איז פאַר יידן געוואָרן אַ ליבעס־דיאַלאָג צווישן כנסת ישראל און דער שכינה, ווי די ביידע בריסטן פון דער געליבטער האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין משה ואהרן, הייגט דערמאָנט אייך ערשט אָן טויזנטער סובלימירטע פאַנטאַזיעס אין קבלה און חסידות, די סודות פון דוכרא ונוקבא, אָן דעם זיווג פון קב״ה מיט דער שכינה, דאָס חסידישע פאַרגלייכן פונם דאַווגען פאַר אַ זיווג מיט גאָט און טויזנטער ענלעכע שטעלן (אויך דער פרוידישער וועג צוריק, דורך אויסטייטשן פון נישט־סעקסועלן צו קומען צום סעקסועלן, איז אָפט פאַראַן אין תלמודישע ספעקולאַציעס, ווי למשל: „ז׳ בעילות בעל אותו רשע״ (סוטה ק״ב), ווו דער תלמוד טייטשט־אויס די ווערטער פון תנ״ך ווי „ער האָט געקניט״, „ער איז געלעגן״, „ער איז געפאַלן״ א. אַז. וו. אַלס בעילות).

דאַן די באַוווּסטע סובלימירונג אַלס הייל־מיטל פאַר דער נשמה, צי געפינען מיר זי נישט אויף שריט און טריט אינם יידנטום?

שוין אינם תלמוד געפינען מיר דעם זאַץ „ווען עס באַגעגנט דיך („דער מנוול״) דער יצר־הרע, שלעפּ אים אין בית־המדרש אַריין״ (סוכה נ״ב). און די העכסטע מדרגה פון סובלימירונג, וואָס דערגייט

ביז צום געדאַנק, אַז מען קאָן גאָט ליבן מיטן יצר־טוב און מיטן יצר־הרע. אין דער קבלה שפּילט דער לעצטער געדאַנק ערשט רעכט אַ חשובע ראָל. לויט דער קבלה קאָן מען די פונקען, וואָס שטעקן אין דער עברה (פונם „אדם קדמין״ ווי פרוידיש!) זאַמלען און צוריקפירן צו זייער געטלעכן שורש („העטאת הנציצית״). אַנ־סקי לייגט, געשטיצט דערויף, טאַקע דעם מקובל חנן אין מויל אַריין דעם געדאַנק, אַז די ליבע צו אַ פרוי קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין אַ שיר־השירים (מיר פאַרשטייען נאָר נישט, פאַרוואָס דער גאַנצער בית־מדרש דערשרעקט זיך אַזש ביי אַנ־סקין פאַר דער דאָזיקער רעוואָלוציאָנערישקייט... בעת די דאָזיקע מיינונג איז דעם יידנטום שטענדיק נישט פרעמד געווען).

צי איז עס אַ חידוש, אַז פרויד, דאָס לומדישע אייניקל, האָט די דאָזיקע אייביקע געדאַנקען פון זיין ראַסע מאָדערניזירט?

איבעריקנס, צי געפינען מיר דעם סובלימירונגס-געדאַנק נאָר אין אונזער רעליגיעזער ליטעראַטור און נישט אויך ביי איינעם פון אונזערע גרעסטע וועלטלעכע דענקער?

מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן אויף אַ יידיש גייסטיקע ענלעכקייט צווישן פרוידן און מאַרקסן. צי איז די סובלימירונג נישט אויך דער חשובסטער באַשטאַנדטייל פון מאַרקסנס „מאַטעריאַליזם״? הונגער און ליבע זענען, לויטן אַן אַלטן שפּרוך, די טרייב־רעדער פונם לעבן. בעת מאַרקס האָט אונז געוויזן ווי די פאַרשידנסטע מדרגות פון הונגער סובלימירן זיך און ווערן איבערגעטראָגן אויף רעכט, רעליגיע א. אַז. וו., טוט פרויד דאָסזעלבע פאַר די פאַרשידענע מדרגות פון סעקסועלע ליבע. פאַרוואָס זאָל דער אינסטינקט, וואָס שאַפט מענטשן, מיינט ער, באַזיצן ווייניקער גייסטיקן כח, ווי דער אינסטינקט, וואָס דערהאַלט זיי? סיי מאַרקס, סיי פרויד באַלעבן גייסטיק די אינסטינקטן און געבן דעם עולם העשיה אַן אָנטייל אין עולם האצילות.

**חלומות און משיח־באוועגונגען.**

דאָן פרוידס פּאָפּולערסטע לערע פון חלומות. לויט פרוידן קומט אין חלום צום אויסדרוק אַן אַ פאַרקליידעטער פאָרם די פאַרדרענגטע ווונטשן פונם מענטש. דורך פתרון חלומות וויל פרויד אויפדעקן און באַוווסטמאַכן די דאָזיקע ווונטשן און אַזוי דעם מענטש היילן.

היילן דורך חלומות, ווי אָריענטאַליש און ווי יידיש קלינגט שוין
דאָס אַליין? און וואָס איז שליסלעך אַ ייד נענטער פונם חלום? צי
איז נישט דער גרעסטער טייל פון אונזער לעבן פאַרדרענגט געוואָרן
אין חלום אַריין? (לויט פרוידן האָבן אויך פאַנטאַזיעס, „טאָג־חלומות״
דיזעלבע באַדייטונג, וואָס נאַכט־חלומות!) צי איז דער חלום נישט די
העכסטע יידישע ווירקלעכקייט? פרויד גלייבט דערין, אַז דער חלום
אַנטהאַלט נישט בלויז דאָס, וואָס דער יחיד האָט דערלעבט און זיך
געווונטשן, נאָר אויך פילאָגענעטיש די קאָלעקטיווע ווונטשן פון פיל
פריערדיקע דורות, ווונטשן פון גאַנצע קבוצים, וואָס זענען פאַרדרענגט
געוואָרן אינם משך פון אַ לאַנגער קולטור־אַנטוויקלונג. דער חלום איז
אַזוי אַ „רעגרעסיע״ נישט בלויז צו דער אייגענער קינדהייט, נאָר צו
דער קינדהייט פון דער מענטשהייט. צי באַשטעטיקט זיך דאָס נישט
אין אונזערע טאָג־חלומות? צי באַפרייט זיך דער ייד נישט כּסדר פון
זיינע גלות־קייטן דורך רעגרעסיעס, שעפנדיק פונם קוואַל פון טויזנט־
יעריקע פאַרדרענגטע ווונטשן, פון דער קינדהייט פון זיין אומה? צי
קומען נישט פון דאָ אונזערע משיחים און וועלט־באַגליקער — צי זע־
נען נישט אַלע אונזערע משיח־באַוועגונגען אַ רוב פון אונזער סאָציאַלע
אידעאַלן, געווען, ווי פרוידס טאָג־חלומות, „ווונטש־דערפילונגען״
פון אונזער קינדהייט און פון דער קינדהייט פון אונזער אומה? אין
אַלע געהויבענע מאָמענטן אינם לעבן ווערן יחידים און פעלקער צוריק
קינדער און לעבן אינם אומבאַוווסטן — מיר ווערן משיחיש. צי זענען
נישט די משיח־חלומות „די via regia צום אומבאַוווסטן״ אינעווייניקסטן
לעבן פון אונזער אומה? (אַש, מאַקס בראָד, וואַסערמאַן, גליצנשטיין און
אַנדערע יידישע קינסטלער גלייבן עס איצט!) צי קאָן מען נישט
אפשר פרוידיש פון אונזערע חלומות זוכן פאַר אונז די
רפואה? צי זוכט זי שליסלעך דאָרט נישט דער ציוניזם? (אפשר צו
ווייניק).

פאַנטאַסטיק און ניכטערקייט.

וואָס מיר האָבן ביז איצט געזאָגט לאָזט זיך נאָך אין
אַ געוויסער מאָס אויך אָנווענדן אויף חלומות, אידעאַלן און
מעסיאַנישע באַוועגונגען פון אַנדערע אונטערדריקטע פעל־
קער... ווי ספּעציפיש־יידיש איז אָבער פרוידס מעטאָד פון אויסטייטשן חלומות!

עלויש זוכן שכל אין חלומות... פרעגן קשיות אויף מעשיות מיטן שאַרפכטן חריפות, דאָס קאָן נאָר באמת אַ יידישער למדן! ערשט נישט לאַנג האָט מאַקס בראָד אָנגעוויזן אויף דעם צוזאַמענווירקן פון שאַרפקייט פון פאַרשטאַנד מיט קינדיש-נאַיווע פאַנטאַזיע אַלס דעם כאַראַקטעריסטישן שטריך פאַרן תלמוד, ווו מיר געפינען די שאַרפסטע הלכות און דיני ממונות אַריינגעפלאָכטן אין נאַיווע אגדתות און קינדיש-האַרציקע מעשיות פאַרמישט מיט פלפול. די דאָזיקע מישונג פון לומדות, וויסנשאַפט מיט אָריענטאַלישע פאַנטאַסטיק, פון נאַיוויטעט מיט פלפול און חריפות, פון דער גרעסטער ניכטערקייט פון צאָלן מיט פאַנטאַסטישע צאָלן (דוקא צאָלן!) פון ישועות און נחמות איז כאַראַקטעריסטיש נישט בלויז פאַרן תלמוד, נאָר פאַרן גאַנצן יידישן גייסטיקן מהות

פון אונזערע „גאונים” און „געטאָ־חלומערס”, פון אונזערע ניכטערסטע דענקער, פון שפינאָזאַן, מאַרקסן און לאַסאַלן אפילו, ביז צו אונזערע איצטיקע רעוואָלוציאָנערע וועלט-באַגליקערס, „מנחם-מענדלס” און קאַפעהויז-משיחים (וויפיל מנחם-מענדעליזם איז אַנטהאַלטן געווען אין לאַסאַלן!). צי קענען מיר נישט אַלע יידן סוחרים, ניכטערע מענטשן, מיטן געזונטסטן חוש פאַרווירקלעכקייט, וואָס דערציילן כסדר נסים פונם רבין און וואַרטן טעגלעך אויף משיחן?

פרוידס פרד״ס מעטאד.

פרויד האָט מערקווירדיק באַוויזן זיין גרעסטן שאַרפזין און געלערנטקייט אין „פתרון חלומות”! זיינע פתרונות דערמאָנען, אַ חוץ זייער וויסנשאַפטלעכער באַגרינדונג, יעדן פון ... גאַנז לגמרי אָן די יידישע אויסטייטשונגען פון נאַיווער תורה — מיטן על פי פרוש, רמז, דרש, סוד — אין פרוידס שפּראַך הייסט עס „פערשיעבונג”, „אַנשפּילונג, „פערדיכטונג” און „סימבאָליזירונג” — אָן די חומשים מיט ל״ב פרושים און די ע׳ פנים לתורה

פסיכאאנאליז פונם יידישן פאלקלאר.

הערנדיק מאַנכע פון פרוידס פתרונים קומט אונז אין זין אריין אַ באַקאַנט יידיש ווערטל: „אַ מיידל טאָר נישט רעדן פון אַ דרייער, ווייל אַ דרייער איז פון קופּער, און פון קופער מאַכט מען ראָנדלעס, און אין ראָנדלעס קאָכט מען פיש און פיש קאָכט מען אויף אַ חתונה... און היתכן, אַ מיידל

זאָל רעדן פון איר חתונהזי". דאָס דאָזיקע ווערטל, וואָס האָט אייגנט־לעך נישט זיין גלייכן ביי די אומות העולם, אַנטהאַלט, ווען איר ווילט, אַ גוט שטיק פרוידיזם... אַלס פאָלקלאָר.

פרויד שעצט זייער הויך די פאָלקס-מיינונג אין פאָלקלאָר און אין די פאַרשידנסטע פאָלקס־שאַפונגען.

צי זענען זיינע טעאָריעס נישט דעסגלייכן פילאָגענעטיש באַגרינ־דעט אין דער יידישער פאָלקס-אָנשויונג — „פּראָאיצירטע פּסיכאָ־לאָגיע"?

חלומות און סימבאָלן אינם תלמוד. פאַראַן אין תלמוד אַ גאַנצע רייע שטעלן, וואָס אַנטהאַלטן ענלעכע אָנשויונגען ווי פרוידס בנוגע חלו־מות. אַזוי, למשל, געפינען מיר אינם תלמוד, אַז אין חלום „ווייזט מען דעם מענטש נאָר די ווונטשן פון זיין האַרץ" (ברכות נ"ה), אַז „ווער עס שלאָפט זיבן נעכט אָן חלום ווערט אָנגע־רופן אַ שלעכטער" (יומא ב'). דעסגלייכן געפינען מיר אין תלמוד אַ זייער רייך מאַטעריאַל פאַר פּתרון חלומות און שפּראַך־סימבאָליק. פרויד ציטירט אין זיינע ווערק נאָר עטלעכע סימבאָלן אויסן תלמוד. עס זענען אָבער אין תלמוד פאַראַן אָן אַ שיעור אַזעלכע סימבאָלן, וואָס באַשטע־טיקן פרוידס פּתרונים. איך וויל דאָ, למשל, נאָר דערמאָנען דעם פאַר־גלייך פון אַ פרוי מיט אַ הויז און מיט אַ טאָפּ, און פונם געשלעכט־לעכן פאַרקער מיט קאָכן (ביתו זה אשתו. סוטה מ"ו. אל תבשל בקדרה שבשל בה חברך. פסחים קי"ב).

אויף אַזעלכע פּרטים, ווי אינטערעסאַנט זיי זאָלן נישט זיין — זיי פאַרדינען זיכער באַזונדערע וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען — קאָן איך מיך אָבער דאָ נישט אָפּשטעלן. אין דער דאָזיקער אַרבעט קומט עס אָן אויפן יידישן גייסט, וואָס באַלעבט דעם פרוידיזם בכלל. און אין דער הינזיכט עפנט זיך פאַר אונז פון פרוידס פּתרון חלומות אַ נייער האָריזאָנט.

סימבאָליק פון דער העברעישער שפּראַך. פרויד באַטראַכט דעם חלום און זיין סימבאָליק אַלס אַ שטיק אורשפּראַך פון דער מענטשהייט. אין אונ־זער אומבאַוווּסטן גייסטיקן לעבן, מיינט ער, אין חלומות, אין דער קונסט, אין פאָלקלאָר א. אַז. וו., רעדן מיר נאָך

אָפּט אין דער זעלבער שפּראַך, ווי עס האָבן גערעט אונזערע ווילדע זיידעס פֿאַר פיל טויזנטער יאָרן און איבערלעבן אפילו זייערע ווונטשן.

אָן פרוידס תקירות איבער חלומות קניפּט אָן א גאַנצע רייע וויסנשאַפטן און עס וואַרפט זיך פון דאָ אַ ניי ליכט אויפן אינסטינקטיוון און קאָלעקטיוון סימבאָליזם אין שפּראַכן, מיטאָס, רעליגיעס א. אַז. וו. פון דאָ אויס קאָנען מיר נישט נאָר זוכן אַ באַשייד פאַר די ביבלישע מיטן (פון אדם און חוהן, פון גן־עדן, דער ערשטער זינד, דער אומשטערבלעכקייט א. אז. וו.), ביבלישע סימבאָלן (פון דער שלאַנג, פונם אָקס, די כרובים, די חיות הקדש א. אז וו.) און פאַר די טויזנטער יידישע דינים און מנהגים, וואָס וורצלען אין אַן אומבאַוווסטער סימבאָליק, ווי חלומות, נאָר אויך געפינען די via regia, וואָס פירט איבערן גייסט פון דער העברעישער שפּראַך צו דער קבלה און פון דער קבלה צוריק צו פרוידן...

מאַנכע פאָרשער האָבן אין דער לעצטער צייט געפּרוווט צו באַווייזן*), אז אין דער העברעישער שפּראַך זענען די ווערטער צוזאַמענגעזעצט פון צורות — סימבאָלן פון די איינצלנע אותיות, און אַז די העברעישע שפּראַך ווייזט דאָ אויף אַן ענלעכקייט מיט די היראָגליפן פון אונזערע אַמאָליקע שכנים. אַזוי איז, למשל, אונזער אלף, לויט זיין צורה, א סימבאָל פונם מענטש. איין האַנט אויסגעשטרעקט צום הימל, די צווייטע צו דער ערד און רעפּרעזענטירט די מענלעכע מאַכט, וואָס באַהערשט די וועלט. דער מם רעפּרעזענטירט די פרוי און אַלץ, וואָס איז פרוכטבאַר און שאַפט א. אז. וו. אין צוזאַמענהאַנג מיטן פרוידיזם זעען מיר פון דאָ אויס דעם אור־שורש פון אַן אַלגעמיינע וועלט־סימבאָליק אינם גייסט פון אונזער שפּראַך — אין אונזער מהות...

פרויד אין די קבלה.

עס ווערט אָבער אין דער דאָזיקער מיינונג נישט אזוי געשטיצט פרוידס השערה איבערן אורשפּרונג פון שפּראַכן, ווי דער קבלהיסטישער מעטאָד אויסצוטייטשן העברעישע ווערטער.

*) Fabre d'Olivet. La langue hebraiqe restituée

די קבלה באטראכט, ווי באקאנט, אז אלץ איז באשאפן געווארן דורכן סוד פון די אותיות („ברזא דאתון״). די העברעישע ווערטער און אותיות זענען פאר דער קבלה נישט ווערטער און אותיות, נאר סימבאלן, וואס זענען מוליד דורך צריפים, הייליקע צאלן, ספירות א. אז. וו. דעם אינהאלט פון דער וועלט.

איך באזיץ ליידער נישט דאס נייטיקע וויסן, כדי צו קאנען אריינדרינגען אין די קבלה־עולמית. אבער שוין אויפן ערשטן בליק ווארפט זיך — פאר א מענטש, וואס האט אמאל געהאלטן א קבלה־ספר אין האנט — אין די אויגן אריין די גרוואלטיקע ענלעכקייט, וועלכע מיר האבן שוין עטלעכע מאל קאנסטאטירט, צווישן פרוידיזם און קבלה. איך וועל נאר למשל דערמאנען:

לויט דעם ספר יצירה זענען פאראן מענלעכע און ווייבלעכע אותיות, וואס זענען אלץ מוליד. די געטלעכע היפאסטאזן, „ספירות״, זענען לויט קבלה מענלעכע און ווייבלעכע. די צאלן פארוואנדלען זיך כסדר אין ווערטער און די ווערטער אין צאלן. און עס שפילט א גרויסע ראלע די צאל דריי, א מין יידישע „טריניטעט״. ביים אר״י געפינען מיר דעם באריסטן „סוד העובר״ פון דער פארייניגונג פון נשמות, וואס איינע ווערט א „מאמע״. צווישן די „הייליקע מדרגות״ אין אר״י געפינען מיר די „פרצופים״ און עס ווערט כמעט אין א פרוידישן נוסח אונטערשיידט צווישן פרצוף אבא, פרצוף אמא, פרצוף נוקבא א. אז. וו.

דאס אלץ קלינגט שוין גענוג פרוידיש. היינט ווען עס קומט נאך דערצו די שוין אויבנדערמאנטע געוואלטיקע סעקסועלע פאנטאסטיק פון יחודים, הזדווגותן פון שכינה, קב״ה, תורה א. אז. וו. אין ווייטלויפיקסטע סובלימירונגען!

אבער נישט נאר די סימבאליק, נאר די גאנצע וועלט-אנשויונג פרוידס ווייזט אויף אן ענלעכקייט מיט דער קבלה. אזוי דער גאנצער דואליזם, „די אמביוואלענץ״ פון א „סטרא דא״ און „סטרא אחרא״, דאס אנטייל האבן אין א באוווסטע וועלט פון „איך״ און אין אן אומבאוווסטע פונם „עס״ דורך סימבאלן, וואס דערמאנט די לערע פון די ספירות א. אז. וו.

ווי געזאגט, בין איך, ליידער, נישט אימשטאנד די דאזיקע גע־

דאַנקען צו פּאַרטיפן. עס איז אָבער זיכער, אַז פון דער קבלה קאָן פאַלן אַ נײַ ליכט אויפן פּרוידיזם אַזוי גוט פון פּרוידיזם אויף דער קבלה.

מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט די ענלעכקייט צווישן פּרוידן און שפּינאָזאַן... אַזוי ווי די קבלה גיט אונז אַ שליסל צו שפּינאָזאַן, וואָס האָט זיך כסדר פון איר אָפּגעשאָקלט, אַזוי פירט זי אונז צום פאַרשטענדעניש פון פּרוידן, חגם פּרויד האָט געוויס קיין קבלה נישט געלערנט, קאָן מען לויט זײַן אייגענע מיינונג גלייבן, אַז איר סימבאָליק האָט פילאָגענעטיש אין אים געלעבט.

בײדע גרויסע יידישע אפּיקורסים ווורצלען אין דער יידישער מיסטיק (און מי יודע אויב נישט אויך בערגסאָן׳

אין דעם דערקענען מיר די אָרגאַנישע שטאַרקייט פון דער יידישער ליטעראַטור, איר אינערלעכע לעבנס-קראַפט, וואָס זי האָט באַלד נאָך איר עפּיזאָדישער „אויפלעבונג", נאָך דעם חורבן פון איר פאָרם, ווידער געפונען דעם וועג צו דער שעפערישער באַשטענדיקייט, צו דער קינסטלערישער געשטאַלט. וואָרום די גייסטיקע נויט, וואָס איז איבער־געבליבן דער יידישער ליטעראַטור בירושה פון דעם לעצטן „אויפבלי־פעריאָד — דאָס איז איר אָרעמקייט אין קינסטלערישע געשטאַלטן. אויף זייער אָרט זענען פאַרבליבן אין דער ליטעראַטור — אומזיסטיקע — חבלי לידה, יענע פייערלעכע איינרייסעניש, וואָס מיט זייער פּאַטעטיש קלאָגעדיקן ניגון האָט זיך אַסאָצירט ביי אונז די פאָרשטעלונג וועגן אַ געהויבענעם יום-טוב אין דער ליטעראַטור. היינט גייט, דאַכט זיך, די ליטעראַטור ווידער דעם וועג פון קודש צו חול, פון דער רייכער גע־הויבנקייט, וואָס האָט זיך געפּראַוועט אָן אַ פאַרוואָס אין דער יידישער ליריק, צו דער אָרעמער וואָכעדיקער וואָר פון דער יידישער רעאַליטעט, צו דעם טרוקענעם און שיינעם אמת פון דער נייער יידישער פּראָזע.

עס חזרט זיך איבער אין דער היינטיקער יידישער ליטעראַטור דער אייביקער ווידעראַנאַנד צווישן דעם גרויסן פּאַטאָס פון דער ראָ־מאַנטיש-גלאַנצפולער אומווירקלעכקייט און צווישן דער קאָנקורענץ־שוואַ־כער ערד־געבונדנקייט מיט איר שטילן, באַהאַלטענעם פּאַטאָס, וואָס גליט אין דעם קליינעם לעבן, מיט דער הייליקער אָרעמקייט פון יענע פּראָסטע זאַכן, וואָס מ'קאָן פון זיי קיין „אייביקן שבת" נישט מאַכן. עס ציט זיך אַ גאָלדענע קייט מיט די שענסטע אידעישע טעותים פון דעם דעקלאַמאַטאָרישן טעאַטער־פּאַטאָס, וואָס פרץ האָט אַריינגעלייגט אין די ברייט צעפאָרענע נשמה יתירהס פון זיינע אַטלאַסענע אויבער־יידן, יענער ערשטער פאַרפירערישער מעטאַפער אין דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט זי מיט כשוף אַוועקגעצויגן פון איר אייגענעם ווערט און איר אונטערגעגעבן חשק צו אַלערליי אַנדערע גייס־טיקע אַוואַנטורעס — ביז צו דעם אויפגעבלאָזענעם וועלט־פּאַטאָס פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע.

דאָס גרויסע ליטעראַטור־פּאַטאָס פון דעם מבול און איבערברוך האָט דערפאַר נישט דערגרייכט אין דער יידישער ליריק קיין שאַפערישע קראַפט, ווייל זיי זענען אַריינגעקומען אין דער ליטעראַטור אַריין נישט

מיט דעם געוויכט פון דער אומגעקומענער רעאַליטעט, נאָר מיט דעם גלאַנץ פון דער מעטאַפער: זיי זענען אין דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע נישט דערוואַקסן צו דער קינסטלערישער גע־שטאַלט פון דער צעבראָכענער וועלט, נאָר זענען געבליבן איר שפּראַכלעכער אָפּקלאַנג — און די האַרטע טריט פון די „אייזערנע באַטאַליאָנען", וואָס האָבן געהילכט אַזוי מעכטיק אין דער רעוואָלוציע, זענען דאָ — אין איר שפּראַכלעכער עקספּאָזיטור — מאַרקירט געוואָרן פון די שוואַכע פּערזנפּיס פון יענער לויזער ליריק, וואָס האָט געמאַכט דעם פּאָעטישן „האַ!" צו די כוואַליעס, וואָס האָבן זיך אייגנטלעך שוין געריסן אויך אָן איר.

אַנדערש אין דער פּראָזע. בערגעלסאָן און זינגער, פוקס און מאַרשאַווסקי — זיי קומען דאָס אומגליק נישט אָפּ מיט יענע יום־טוב־דיקע קינות, וואָס פאַרזיסן דעם בראָך מיט זייער מעלאָדישער קלאָג, מיט דער טיפער לוסט פון דעם וואַקלאַנאַלישן געוויין, וואָס צעוואַקסט זיך, הויך איבער דער חירקלעכקייט, אַלץ רייכער און ספּאַזמאַטישער און גיסט זיך אויס אין אַן אָרגיע פון פאַרשכורנדיקער טרייסטלאָזיקייט, פון אַזאַ געשמאַקן יאוש, ווו מען איז שוין פּטור פון אַלץ און ווו מען קאָן ערשט אויף דעם אמתן אופן הנאה האָבן פון דער אייגענער גייסטיקער אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט. זיי, די פּראָזאַיקער, זענען נישט פריי פון דער ווירקלעכקייט,—און אַוודאי נישט פריי פון דער חרוב געוואָרענער ווירקלעכקייט, וואָס וואַרט אויף איר תּקון אין דער קינסטלערישער גע־שטאַלט. דער פּראָזאַיקער קאָן זיך נישט פאַרגינען דאָס זיסע אויסגעלאַסענע שכרות פון פאַרצווייפלונג. וואָרום איר אומענדלעכע אויסגיסונג ווערט אויפגעהאַלטן פון דער רעאַליטעט, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרזינגען. דער חורבן, וואָס שטייט אין דער נייער יידישער פּראָזע, ער שטייט דאָ נישט צוליב זיין שיינעם פּאַטאָס, נאָר צוליב דעם טרוקענעם, ניכטערן אמת פון זיין שרעקיקער געשטאַלט. דער מענטש אין זיין צעבראָכנקייט, אין זיין נאַקעטער אָרעמקייט, וואָס איז איצט געוואָרן נאָך שווערער און פינצטערער ווי תּמיד, די לאַנדשאַפט מיט דעם גרויל פון אירע פאַר־גליווערטע זעונגען — דאָס איז די רעאַליטעט פונם חורבן, די צענטראַ־לע איבערלעבונג פון דער נייער יידישער פּראָזע.

דערמיט איז נאַטירלעך נישט געמיינט, אַז דער חורבן־מאָטיוו אי־

דאָס איינציקע לעגיטימע אין דער נייער יידישער פּראָזע — און אז אַ בעלעטריסט מיט שטאַרקער קינסטלערישער קראַפט, ווי למשל אָפּאַטאָשו, זאָל דערפאַר נישט קאָנען צוגערעכנט ווערן צו דער נייער יידישער פּראָזע, ווייל ער שרייבט היינט היסטאָרישע ראָמאַנען. איך מיין נאָר, אז דאָס גרויסע אומגליק, וואָס האָט אַזוי האַרט דערשלאָגן און פאַרפינצטערט אונזער לעבן און אין אים אַריינגעלייגט דעם ביטערן טעם פון שווערער מענטש/עכער געפּרוּווטקייט, האָט אויך געמוזט איבערגעבן פון זיין שאַרפקייט, פון דער פּאַרביסנקייט פון דעם אָנגעזאַמלטן צער — דעם סטיל פון דער יידישער ליטעראַטור. מיר שטייען ווידער אין סאַמע מיטן פון אַ גרויסער נאַציאָנאַלער איבערלעבונג און זי וועט געבן דער יידישער ליטעראַטור נייע שאַפערישע קראַפט. דער פּאַטאָס פון דער פאַרצווייפלונג איבער דעם חרוב געוואָרענעם לעבן וועט אָפּטיילן פון זיין קראַפט דער יידישער ליטעראַטור אפילו דאָרט, ווו זי לעבט טעמאַטיש אין אַן אַנדער וועלט, אין אַ וועלט, וואָס איז פאַרהילט מיט דעם גאָלדענעם שטויב פון ראָמאַנטיק. די ראָמאַנטישע „שיינקייט" וועט אויך ביי אָפּאַטאָשון מוזן אָפּגעבן אַן אָרט דער רעאַליסטישער ברוטאַליטעט.

פון דער שותפותדיקייט פון אָט דער גרויסער טראַגישער איבערלעבונג אין דעם אומגליק פון מלחמות, פּאָגראָמען און רעוואָלוציעס האָט זיך אין דער יידישער פּראָזע אַרויסקריסטאַליזירט דאָס באַנייטע כלל־געפיל, וועלכעס האָט מיט דער קראַפט פון דער עלעמענטאַרער נויט צונויפגעגאָסן אין איין גאַנצקייט די איינצלנע פאַרלוירענע נפשות און זיי געגעבן ווידער דעם כאַראַקטער פון אַ שאַפערישער געזעלשאַפט. אין דעם אַליין באַווייזט זיך דער אויפבויערישער ווילן פון דער נייער יידישער פּראָזע און איר קראַפט. זי האָט אין דער פאַרלאָזנקייט פון אונזער וועלט אויפגעבויט אַזויצוזאָגן אַ גייסטיקע נויט־געזעלשאַפט אויף די חורבות פון דער אַלטער. זי האָט געשאַפן אַ דערוויילעקע היים פאַר דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז געווען נע־ונד די לעצטע יאָרן — אַ היים, אַ נישט פאַרטיקע, ווו עס פייפט נאָך דער ווינט אין אַלע לעכער, ווו עס שמעקט נאָך מיט דעם אָפּגעשטאַנענעם רויך פון דער איבערגעלעבטער שרפה, ווו עס פילט זיך אָבער אויך שוין דער שאַרפער, האַרבער ריח פון דעם פרישן, שטאַרקן געהילץ, וואָס פאָדערט

שווערע אַרבעט, פאַרטאָפּלטע אָנשטרענגונג, וואָס זאָגט אָבער אויך צו: געטריישאַפט און דויערהאַפטיקייט. די ווירקלעכקייט, וואָס האָט אין פריער־ריקע, רויקע צייטן סובסטאַנצירט די יידישע ליטעראַטור מיט איר אי־דילישן לעבנס־שטייגער, האָט איצט באַקומען אַ שטאַרקערן — טראַגישן — אַקצענט. זי איז געוואָרן נאָך ווירקלעכער, רויער ברענענדיקער און פאָרם־דורשטיקער.

דאָס, וואָס אונטערשיידט די נייע פּראָזע פון דער עלטערער, איז נישט די „נייקייט" פון איר סטיל, נאָר זיין ראַדיקאַליזירונג, זיין עקאָ־נאָמישסטע אויסנוצונג. דאָס קינסטלערישע וואָרט און זיין שאַפערישקייט האָבן היינט ווידער באַקומען דעם אורשפּרינגלעכן, איך וואָלט געזאָגט אפילו: מיטאָלאָגישן זין, לויט וועלכן שאַפן הייסט אַלעמאָל: בויען, פאָרמען, מיט שטאַרקער האַנט, מיט אָפענע חושים צו דער וועלט, מיט דעם שאַרפזין פון באַשעפער. דאָס וואָרט צו וועלכן מען האָט זיך אין די לעצטע יאָרן פון ליטעראַרישער שפּע באַצויגן מיט ביטול, וועלכעס האָט זיך אַרומגעטלעפּעט ווי אַ פרעמדער אָפּגענוצטער לעפישער „לבוש־צווישן די בילדער און באַגריפן, וואָס מ'האָט אים נישט געגעבן קיין קיין כוח זיי אויסצודריקן — דאָס וואָרט איז אין דער נייער יידישער פּראָזע ווידער געוואָרן אַן עלעמענט פון קינסטלערישער שאַפונג. עס עס איצט געוואָרן אַגרעסיווער, אָפענער, שאַרפער און דערמיט האָט איז אויך באַקומען די קראַפט צו דער ראַדיקאַלער אויסשעפּונג פונם חורבן, וואָס לאָזט נישט איבער נאָך זיך גאָרנישט. אַזוי ליקווידירט דער דיכטער דאָס מענטשלעכע אומגליק. ער שאַפט ליכט דערמיט, וואָס ער זאַמלט די פינצטערקייט אין איר געשטאַלט, וואָס ער האַלט זי פעסט אין איר פאָרם, אין דעם קינסטלערישן וואָרט.

אַלץ, וואָס קומט היינט פאָר אין אונזער לעבן, האָט באַקומען אַ נייעם האַרבן ניואַנס פון יענעם גרויסן ווייטאָג, וואָס איז געבליבן שטיין אין דער וועלט ווי אַ שרעק־צייכן אויף אייביקע דורות. מענטשן, אין סאַמע מיטן פון זייער קליינעם אידילישן לעבן, האָבן פּלוצים דערזען מיט זייערע אייגענע אויגן דעם טויט אין אַלע זיינע בילדער פון שרעק, זיי האָבן דערפילט אין זייער נפש שאַנד און פּיין און צינישע אכזריות — און די דאָזיקע גרונט־איבערלעבונג פון דער צייט האָט זיך אָפּגע־זעצט ווי אַ שווערער שטיין אויפן דנאָ פון זייערע נשמות. זייער לעבן

איז אָנגעפּרירט געוואָרן פון דער האַרטער, בייזער מאַכט, פון דעם מענטש־לעכן גורל און דערפון זענען זיי אַליין געוואָרן האַרטער, רויער, נאַטור-נענטער.

„אין דער שטומער פוסטער שטוב האָט מען שטאַרקער און באַשטימטער ווי תמיד געפילט נאָגן די אָרימקייט, די שווערע און אומדערבאַרעמדיקע, דעם הונגער, וואָס האָט גענומען פּאַוואָליע אין די פאַרומערטע מענטשן איינדאַרן די לעבנס-אָדערן, פּאַרוויאַנען זייערע מידע רייד, שאַרפן די שפּיציקע שטעכווערטלעך, פינצטערן אין די שטומפיקע, בייזע בליקן, וואָס האָבן געמאָנט רחמנות און הילף ווי די פאַרוואָגלטע הונגעריקע הינט: אַ שטיקל ברויט, אַ שטיקל ברויט! — — — !

— — — די זאַט־אָנגעפּעלצטע, גוט באַקאַנטע גויים האָבן אויפֿהייבנדיק אַ ווייסלעך אָנגעפּרוירענע וואָנצע מיט בייזע שנאהדיקע בליקן געקוקט אויף די פרעמדע, שוואַרצלעכע, אָרימע יידישע געשטאַלטן, וואָס מען האָט באַגעגנט אין דרויסן דורכלויפן איינגעהויקערטע, די הענט אַריינגעשטעקטן אין די אַרבל, ווי דערשראָקענע מייז, וואָס לויפן נישטערנדיק זוכן אַ ווינקל, אַ לאָך צו באַהאַלטן זיך. — — — און ס'האָט זיך זיי געגלוסט, די גויים נאָכצולויפן דעם שוואַרצלעכן יידן ביז אין שטוב אַריין און אַ כאַפּ צו טאָן אים מיט דער האַנט פאַרן גאָרגל. — — —

א. מ. פוקס: „דער גאַלדענער האָן"

און אַזוי האָט די לאַנדשאַפט באַקומען אָט דעם נייעם ניואַנס פון שרעק, פון אומדערבאַרמדיקייט, פון בייזער פרעמדקייט. אין איר זענען פאַרשטאַרקט געוואָרן די שוידערלעכע בילדער פון אומגליק, פון פאַרלאָזנקייט, פון שניידיקער טרויער, וועלכע האָבן פאַריאָגט פון דער נאָמור די בונטע שפּילעוודיקייט, דאָס לייכטע, מילדע געפלוידער פון אירע פּאָעטישע טייכן- און- וועלדער — און זי געמאַכט שטייפער, שווייגנדיקער, איינזאַמער.

„אין פאַרשנייטן קאַמינאָ-בראָדער הויף — אַ קיילעכדיקער הויף פון אַ געוועזענעם מאָנאַסטיר אין פוסטן פעלד — אין מיטן הויף: אַ סלופּ מיט אַן אייביק אויסגעלאָשענער לאַמטערן. אַרום לאַמ־

טערן דרייט זיך אַן אייביקער רוח — אַ חינט; ער קלאַפּט מיט די געבליבענע שטיקער פון די געפּלאַצטע שויבן, און אַרום סלופּ ליידן דריי אָנגעזאָטלטע פערד פונם ביינאַכטיקן פעלד־שטורם; קאַלטע דראָטן פּאַטשן און שטעכן זייערע לייבער. אַרום זיי שטויבט און לופטערט זיך דער שניי. ער קומט פונם ווינקל, ווו אַ גרופּע אויסגעקרומטע קלויסטער־שפּיצן מיט פּאַרבראָכענע צלמים שטייט פאַרכמורעט און וויסט — אַ גרופּע צלמים אָקעגן וועלכער קיינער צלמט זיך נישט מער. — — —"

דוד בערגעלסאָן: „מידת הדין".

מיט דער געוואַלטיקער קראַפט פון פּאַרצווייפלונג, וואָס ברענט אין יעדן נפש, מענטש און בהמה, אין זייער טרויעריקער פאַרשניטנקייט, אין דער צעבראָכנקייט פון יעדער זאַך, וואָס דער חורבן האָט אָנגערירט — האָט דער דיכטער געשאַפן די איבערדימענסיאָנאַלע געשטאַלט פון דעם אומגליק, דעם איינציקן גילטיקן סימבאָל אין דער נייער יידישער ליטעראַטור. און דאָרט, ווו די ליריק קומט אויס מיט דעם אַבסטראַקטן באַגריף „לייד פון דער קרעאַטור", אַזויצוזאָגן מיט דעם אַלגעמיינעם טרויער-פּרינציפּ אין דער וועלט, וואָס פאַרפליכטעט נישט צו קיין איבערלעבונג, וואָס מאָנט נישט קיין פערזענלעכע באַציונג, גאָר נעפּלט ערגעץ טונקל און נישט געגוג דערקענט אין דער פאַנטאַזיע, אין אין דעם דיכטערישן חלום, האָט אונז בערגעלסאָן געוויזן קלאָר און שאַרף די פאַנטאַסטישע געשטאַלט פון דער וואָר.

און זיין וואָרט איז אַזוי קאַרג און טרוקן, אַזוי אומדערבאַרעמדיק אָפּן און אַרויסזאָגעריש ביזן טיפסטן גרונט, אַזוי ווי די אומדערבאַרעמדיקע נאַקעטע אָרעמקייט פון דער וועלט, אויף וועלכער עס באַציט זיך. דאָס לעבן איז שווער און פינצטער — און דער קינסטלער, וואָס וויל זיך דערביוון צו זיין געשטאַלט, מוז הייגט זיין מיט זיינע מיטלען מער עקאָנאָמיש ווי תמיד, מער ניכטער און אויסגערעכנט אויפן ציל. ער טאָר נישט אַרומשאַסטען מיט זיין וואָרט, מיט זיין בילד און געדאַנק גלאַט אַזוי, פון שפע וועגן, פאַרטרויענדיק דערויף, אַז זיי וועלן שוין מן הסתם, פריער אָדער שפּעטער, אָנשלאָגן יאַקאָש דאָרט, ווו מ'דאַרף, און אַז זיי וועלן דערוויל — אין זייער אונטערוועגישער בלאָנדזעניש— פאַר זיך אַליין אויך זיין „שיין" און „אינטערעסאַנט"

די דאָזיקע שײנקײט און אינטערעסאַנטקייט פון דער בלאָנדזעניש, דאָס דיכטערישע אַרומוואָגלען צווישן בילדער און געדאַנקען, אָן דעם ווילן און קראַפט צום גייסטיקן ציל, צו דער געשטאַלט — דאָס איז די ערפינדונג פון דעם ליטעראַט, דעם ציניקער פון אידעאַליזם, וועלכער קאָן אַמאָל באַשטיין, מען זאָל נישט דערגרייכן גאָרנישט, מען זאָל גלאַט אַזוי אַרומדראַלען אַ ביסל אין דער „אומענדלעכקייט", און אַמליבסטן אָנהייבן אַלעמאָל פון אָנהייב. דער ליטעראַט האָט אייביק צייט און ער קאָן זיך טאַקע דערפאַר פאַרגינען צו זיין ראָמאַנטיש און ראַדיקאַל, אָן פשרות. די עקסטרעמסטע, ראַדיקאַלסטע גרופּע אין רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד — נישט נאָר אין דער ליטעראַטור, נאָר אויך אין לעבן און „בכלל" — זענען, ווי טראָצקי דערציילט, די טעאַטער־רעצענזענטן. פונקט זיי! זיי זענען מענטשן פון טעאַטער, ווו מען האָט געוויינטלעך אַ ברייט האַרץ, אַ העראָאישס — צוליב דער ראָלע — און ווו מען זשאַלעוועט קיינמאָל נישט דאָס ביסל קאַטאַסטראָפע און אומגליק, וועלכעס מען פאַבריצירט דאָך דאָ אין אייגענער רעזשי און — אויף קאַטאָוועס!

דער קינסטלער אָבער, וואָס שאַפט אויף אַ רעכטן אמת, וואָס בויט אויף זיין גייסטיקע וועלט פון דער טרוקענער, פּראָזאַישער אָרעמקייט פון אונזער לעבן, פון דער הייליקער אָרעמער ממשות, וואָס לעבט מיט דעם געטלעכן כח פון איר נאַטור און פאַראַכטעט דעם פאַלשן גלאַנץ פון דער בונטער מעטאַפער, פון דער איינגערעדטער אידעע, וואָס מ'קאָן זיי צו יעדער צייט מיט ביליקע מיטלען איבערפאַרבן און אויספּוצן „ווי נײ" — ער מוז האַלטן שטרענגע גייסטיקע באַלעבאַטישקייט אין דער קנאַפּער קאַרגשאַפט פון דער וועלט. און איך באַנוץ מיך מיט דעם דאָזיקן וואָרט, נישט קוקנדיק אויף די סקאַרבאָווע גענוצטע פיסלעך, וואָס דריגן דאָ זייער שלאַפע רעוואָלוציאָנערע איראָניע. וואָרום גייסטיקע עקאָנאָמיע, שפּאָרעוודיקייט, הייסט: דער ווילן צו שאַנעווען מיט ליבשאַפט דעם לעבעדיקן אינווענטאַר פון דער ליטעראַטור — דאָס קינסטלערישע וואָרט — וואָס איז אַזוי צעשעדיקט געוואָרן אין דער צייט פון גייסטיקן הפקר, פון „אויפלעבונג".

דער קאָנצענטרירטער געשטאַלטערישער ווילן פונם קינסטלער, זיין גייסטיקע עבודה אַרום דער קינסטלערישער פאָרם — זי אַליין איז די

מאָראַלישע באַרעכטיקונג צו זיין אויסטערלישער מלאכה, צו זיין אַנטי-סאָציאַלער התבודדות, אין אַן אויסגעטראַכטער, פיקטיווער וועלט. וואָרום עס איז קלאָר פאַר אַלעמען, אַז די קינסטלערישע מלאכה פאַר זיך, ד. ה. די מאַנקאָליע צו באַשרייבן „שיין" מיט געכתיבהטע פּאָעטישע שורות און מיט „שילדערונג" פּראָסטע זאַכן פונם לעבן אָדער געפילן אַזעלכע, וואָס שטייען נאָר אין ביכל און טוען קיינעם נישט ווי — די דאָזיקע פעיקייט זיך צו שפּילן מיט דעם חומר, גיט דעם דיכטער נאָך נישט דאָס רעכט צו דערקוטשען דער וועלט מיט זיינע בעלעטריסטישע איינפאַלן און נאָך דערצו מיט אַזאַ אָנגעצויגענעם יום-טובדיקן טראָפּ, אין וועלכן עס ליגט אָן אַ ספק טיפער ביטול צו דעם אמתדיקן, עמפּי-רישן אומגליק פונם מענטש. ערשט מיט דער דערנענטערונג פון זיין פיקטיווער וועלט צו קינסטלערישער רעאַליטעט, ערשט מיט דעם ריינעם פאָרמעלן גלאַנץ, וואָס לייטערט זיך אויס פון דעם פינצטערן חומר מיט דער הילף פון דער שעפערישער סימפּאַטיע, פון דער דיכטערישער מסירת-נפש — ערשט דערמיט באַקומט זיין מלאכה אַ סאָציאַלן ווערט.

די ריינקייט פון דער קינסטלערישער פאָרם איז נישט קיין „עס-טעטישער" קאַפּריז. זי איז דער העכסטער שעפערישער ציל פונם דיכטער. וואָרום אין איר אַליין ווערט פאַרווירקלעכט זיין באַשעפער-אידיי, זיין וועלט-בויענדיקע ליבשאַפט. און ממילא: דאָרט, ווו עס רייסט זיך אַריין פאָרמלאָזיקייט, ווו עס ווערט צעקאַליעטשעט די קינסטלערישע געשטאַלט איז געשען אַ זינד קעגן דעם שעפערישן גייסט! פון דאַנען קומט עס טאַקע, וואָס די קריטיק גייט צו צום קינסטלער מיט אַזאַ שטרענגער מאָס, וואָס די אינערלעכע שוואַכקייט פון אַ קינסטלערישער אַרבעט באַליידיקט אַזוי טיף אונזער געפיל, בשעת מיר שטייען אָפט גלייכגילטיק ביי דער ווערטלאָזער שרייבעכץ פונם גראַפאָמאַן. וואָרום אין דעם עס-טעטישן דעפעקט פון דער קינסטלערישער אַרבעט אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז צוגלייך אויך אַ מאָראַלישער דעפעקט פון דער שאַפערישער פער-זענלעכקייט, אַזוי, אַז מיר האָבן אין דעם פאַל אויסצושטיין אַ טאָפּלטן אַטאַק: אַן עסטעטישן און אַן עטישן.

וועגן דעם סאָציאַלן כאַראַקטער פון דער ליטעראַטור רעד איך דאָ נישט אין דעם זין פון אַ פּאָזיטיוון סאָציאַלן אידעאַל, נאָר אין דעם זין פון איר לעבנסווערט אין דער סאָציאַלער געמיינשאַפט פון דער

קונסט. פּונקט אַזוי ווי מיר רעדן װעגן דער עסטעטישקייט פון אַ קונסט ווערק נישט דעמאָלט, ווען עס זענען דאָרט אַראַנזשירט בלומען און לבנה-נעכט און אַנדערע עסטעטישע זאַכן, נאָר אפילו ווען די מיאוסקייט פון זיין שטאָף דערוועקט אין אונז אַ פרייד פון הנאה צוליב דער אויסבעקריצטקייט פון איר געשטאַלט, צוליב דעם כאַראַקטער, וואָס דער קינסטלער האָט איר געגעבן. עס איז די פרייד איבער דעם קלוגן דיכטערישן געדאַנק, איבער זיין מוטיקן שאַפערישן אויפטו אין דער שטאָפלעכער מיאוסקייט.

דער אַלטער שפּילריין אין י. י. ז י נ ג ע ר ס דערציילונג „פּערל" איז אַן אַבסאָלוט אומסאָציאַלער כאַראַקטער. ער איז אַן אויסטערלישער און איינזאַמער מענטש, פול מיט פאַראַכטונג צו דער וועלט, צו וועלכער ער האָט אַן אויסגעשפּראָכן-צינישע, געזעלשאַפט-פיינטלעכע באַציונג. ער האָט נישט ליב קיינעם און מיט זיין פאַנאַטישער עקשנות צום לעבן האָט ער נישט אין זין קיינעם און גאָרנישט, אַ חוץ זיין אייגן ביסל צעבראָכנקייט, וועלכע איז פאַר אים דער העכסטער ציל אויף דער וועלט. זיין לעבן איז אַנטי-סאָציאַל אין עטישן פּרט. ער פאַרמינערט דעם עטישן אינהאַלט פונם לעבן מיט זיין אייגענער עקזיסטענץ, מיט זיין עטישן מינוס. זיין ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע געשטאַלט אָבער, ווי זינגער האָט זי געזען און באַשאַפן, פאַרגרעסערט און פאַרשטאַרקט מיט איר אָנגעזאַמלטער קינסטלערישער ענערגיע, מיט איר פלוס פון שעפערישערווירקלעכקייט, מיט איר רעלאַטיווער פולקאָמענהייט, די העכערע געמיינשאַפט פון דער קונסט. אין ד ע ר ספערע דערפילט זי אינגאַנצן איר סאָציאַלע פונקציע.

און דאָסזעלבע קאָן געזאָגט ווערן אין אַן אַנדערן פּרט, — אין דעם עסטעטישן. אין די דערציילונגען פון א. מ. פ ו ק ס, למשל, האָבן געשווירענע עסטעטיקער אַנטפּלעקט אַן איבערפלוס פון מענטשלעכער און זאַכלעכער מיאוסקייט און רויקייט. מען רעדט דאָרט, „אויפן בערגל", פּאַסקודנע רייד, מען טאַלאַפּעט אַרום דאָס גאַנצע לעבן און אַ לאַנדשאַפט פון פּעטע, אורוועלטלעכע בלאָטעס, וואָס פאַרשוואַרצן די „העלדן" דאָס לעבן אויף אייביק, מען גנבעט דאָרט פריינטלעך אין בנעימותדיק און גייט אידיליש איינערביים אַנדערן אין די הייזער — מיט ווייניק „שיינקייט". און דאָך איז פוקס „אויפן בערגל", די דאָזיקע

אידיליע פונם מיאוסן לעבן, איינע פון די שענסטע דערציילונגען אין דער יידישער ליטעראַטור און אָן אַ שום ספק שענער און דעם עס־טעטישן אידעאַל אַ סך נענטער, איידער די אויסגעסטראָיעטע ליטעראַרישע פאַלשקייטן, וואָס האָבן אַרום זיך שיינקייט און גוטסקייט און הערצישע הייליקייט לרוב און וואָס פאַרשטעלן מיט די דאָזיקע שפּראַכלעכע אָרנאַמענטן די ריינע קינסטלערישע געשטאַלט.

דאָ, אין דעם דאָזיקן קליינעם צעקראָכענעם לעבן, ווו די פּאַרשוינען פלאָדזען זיך ווי מייז אויף די מיסטן — דאָ איז „ליטעראַטור״ קיין סחורה נישט. מען לאָזט זיך דאָ נישט אָפּטרחנען מיט עסטעטישער מלאָיעווקע, מען קלאַמערט זיך מיט געוואַלטיקער אָנשטרענגונג אין דעם ביסל אָרעמקייט, מען רייסט זיך פאַרצווייפלט צו דער רעאַלער פאָרם, פּונקט אַזוי ווי דער זיידע, דער טויבער, לאָזט זיך נישט אָפּבאַרען מיט די האַרציקע פרומע מעשיות פונם רבי ר׳ מאירל, נאָר טאַפּט אָן אַלעמאָל אויפסניי מיט די דאַרע פינגער, אין סאַמע מיטן פון דער „פּאָעזיע״, דאָס האַרטע בייטעלע אין כאַליעווע. ער פאַרגעסט נישט דעם עיקר. דעם דאָזיקן לעבנס-עיקר טראָגן זיי אַלע אין זיך, פּוקס פאַרשוינען. דאָס איז די יאָדרע, אַרום וועלכער עס פאָרמט זיך אויס די קינסט׳ערישע געשטאַלט פון זייערע מיזערנע לעבנס. זיינע יידלעך זענען אַזוי ווי די קליינע טערעפקע כּל־נדרי-באַרלעך פונם זיידנס „סאָד״: האַרט און פאַרבלאָטיקט און פיל מיט האַרבן, וויניקן זאַפט.

אַזוי שטייט די קינסטלערישע געשטאַלט שטענדיק אויף יענער זייט פון גוט און שלעכט, שיין און מיאוס — און איר מאָראַלישער כאַראַקטער איז אַלעמאָל אידענטיש מיט איר קינסטלערישן ווערט. וואָרום איר סאָציאַלער באַטייט ליגט נישט אויף דער ליניע פון פולקאָמענעם טאָן, נאָר אין דער ספערע פון פולקאָמענעם זיין. דערמיט אַליין דערפילט זי איר באַשטימונג אַקעגן דעם אומזיכטבאַרן פיינט, דעם כאַאָס. די שאַפערישע מאָראַל פונם קינסטלער ווערט נישט געוואויגן מיט דעם געחיכט פון זיינע מאָראַלישע אידעען, פון דער גוטסקייט, וואָס ער פאָסטולירט אין שלעכטע לידער אָדער ראָמאַנען. זי באַשטייט קודם-כּל אין דער שטאַרקער גייסטיקער דיסציפּלין, מיט וועלכער ער וואַרפט זיך אונטער, אין ריינער שאַפערישער הכנעה, אונטער די געזעצן פון דער פאָרם, מיט וועלכער ער מאַניפעסטירט אין זיין ווערק, אין ז[...]

עקזעמפּלאַרישער גאַנצקייט, דאָס בעטלערכע געזעץ פון האַרמאָניע.

אין דעם זע איך די גרויסע אויפבויערישע אידעע פון דער היינטיקער יידישער פּראָזע און איר טיפן סאָציאַלן זין: זי האָט ווידער אריינגענומען אין איר שאַפערישער ספערע דעם מענטש, די זאַך, די קינסטלערישע געשטאַלט — און אָפּגעזאָגט ענטגילטיק דער אַנטי־סאָציאַלער אַבסטראַקטער אידעע, וועלכע האָט זיך באַזונדערס איידל איין איבערנעמעריש געפעסטעט אין דער מאָדערנער יידישער ליריק און דערקוטשעט דער ליטעראַטור אָן אַ פּאַרוואָס. וואָרום דער ליריקער איז אין דעם סוועוערענעם אומעט פון זיין סאָציאַלער התבודדות שטענדיק דיספּאָנירט צו אַלערליי אידעישע מאַנקאָליעס און געפיל־אַוואַנטורעס. ער פאַרלאָזט זיך צופיל אויף דער אַבסאָלוטער רוחניות פון זיין קאַפּריזנער נשמה, וואָס גיט אים אַלץ נאָר צו פילן און צו ליידן אַזעלכע בלאַסע, ספערישע אָפּשטראַלונגען פון יענער שטאַרקער און מילדער ווירקלעכקייט, וואָס גיט דעם פּראָזאַיקער כח צו זיין השגה, וואָס קומט אַקעגן זיין שאַפערישן ווילן מיט איר רייכן לעבן.

אָט די רוחניותדיקע איבערלעבונג־דיעט פונם ליריקער, זיין אָפּגעהיטנקייט פון גראָבע זאַכן פאַרטיפט אַלץ מער די פרושיקע בלייכקייט פון זיין פּאָעטישער צורה, וואָס פאַרפליכטעט צו גראַציעזער מרה־שחורה, צו לירישער ראשי תיבותדיקייט, וואָס גיט אייביק נאָר אַ שוואַכע אָנצוהערעניש, וואָס צערייצט נאָר שטענדיק מיט איר איידעלן רמז אויף אַן איבערלעבונג און לאָזט קיינמאָל נישט קומען צו רו אין דער פולער האַרמאָנישער גאַנצקייט פון דער קינסטלערישער געשטאַלט, צו וועלכער עס שטרעבט די סאָציאַל־געבונדענע קונסט פון דעם פּראָזאַיקער. דערפאַר האָט אויך די נייע יידישע ליריק אָפּגעגעבן אַזאַ ברייטן רוים פאַר די פאַרשידענע אידעען פון דער צייט, פאַר מיסטיק און משיחות, ווייל זי איז לויט איר מהות, אַנטי־סאָציאַל און ממילא עקספּערימענטן־לוסטיק און ווייל אין איר ראָמאַנטישער אָפּגעזונדערטקייט און פרייקייט ליגט די אינערלעכע מעגלעכקייט סיי פאַר דער אָריגינעלער, איבעראַשנדיקער שיינקייט פונם ליד, סיי פאַר יענער אָריגינעלער און אינטערעסאַנטער מיאוסקייט, מיט וועלכער דער רעוואָלוציאָנערער פּאָעט האָט פאַרשענערט די ליטעראַטור.

די אַנאַרכאָ־ראָמאַנטישע אויסטערלישקייט פונם ליריקער, וואָס די

קורצע איינזאַמע שורות פון זיין ליד זענען שוין פאַר זיך אַליין אַזוי צוזאָגן דער סימבאָל פון זיין סאָציאַלן אויסנעם און ממילא אויך פון זיין דיכטערישער באַזונדערקייט, האָט דערפאַר אויך גיכער ראוי געמאַכט דעם לידיקער צו דעם ליטעראַרישן כּיבוד פון „זשעניאַליטעט", וואָס די „צייט" — און באַזונדערס ברייטהאַרציק: די יידישע — האָט פאַרטיילט, איידער דעם פּראָזאַיקער, דעם קינסטלערישן בעל מלאכה, וואָס באַציט זיין שאַפערישע קראַפט פון דער רעאַליטעט, מיט וועלכער ער איז פאַרבונדן אויף אַ וואונדערלעכן אופן און וועלכער ער מוז אָפּגעבן אַ גרויסן חלק פון זיין קינסטלערישן אויפטו, אַזוי אַז אויף זיין אייגענעם פּערזענלעכן חשבון בלייבט קיינמאָל נישט אַזוי פיל גאָט-געבענטשטע זשעניאַליטעט, ווי ביים לידיקער, וואָס שעפּט אייביק נאָר פון זיין אינערלעכן קוואַל, פון זיין נשמה.

אין אגב: אפשר איז זיין אַנטי-סאָציאַלע התבודדות, זיין אָפּגעריסנקייט, אויך די דערקלערונג פון דעם הומאָר-מאַנגל, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם מאָדערנעם אינדיווידואַליסטישן לידיקער. וואָרום הומאָר האָט, לויט בערגסאָן, די פונקציע פון אָרגאַנישער אייַנאָרדנונג פון יעדער פאַרקרומטקייט און אויסטערלישקייט, ער איז די רעהאַביליטירונג פונם סאָציאַלן כּלל קעגן דעם אָריגינעלן קאַפּריר — דער לידיקער אָבער איז דער גייסטיקער יוצא מן הכּלל. ער איז דער איינער און איינזאַמער. און דערפאַר איז ווידער די מאָדערנע רעאַליסטישע עפּיק נישט געמאָלט אָן הומאָר, אָן זיין אויסגלייכנדיקער גערעכטיקייט, וועלכע וואַקסט אַרויס נאַטירלעך פון דער ברייטער אויספירלעכקייט און אַלזייטיקייט פון דער שילדערונג, פון דער פּלאַסטישער גאַנצקייט, ווו דער מענטש שטייט אין מיטן זיין סביבה, וואָס גיט אים כּוח צו זיין גייסטיקער עקזיסטענץ, און ווו ער איז באַוואָרנט פון דער פאַרשניטנקייט פון דער „סקיצע" פון דעם געכאַפּטן ליטעראַרישן קיצור, ווו ער טוט אַ לעב אויף אַ רגע, אָן אַ סאָציאַלן פונדאַמענט, אָן לעבנס-ספערע, און ווערט באַלד ווידער פאַרלוירן. ער איז געשאַפן געוואָרן לבטלה.

די נייע יידישע פּראָזע שטרעבט צו דער דערפילונג אין דער קינסטלערישער געשטאַלט — און דערמיט האָט זי אויך שוין געוויזן דעם וועג, ווי אַזוי גובר צו זיין דעם גייסטיקן קריזיס, וועגן וועלכן מען רעדט לעצטנס אַזויפיל אין דער יידישער ליטעראַטור. וואָרום דער

קריזיס טאָר נישט פאַרשטאַנען ווערן אַזוי, אַז דעם יידישן עולם איז גאָר פּלוצים און אָן אַ פאַרוואָס גמאס געוואָרן די יידישע ליטעראַטור. דער קריזיס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די ליטעראַטור איז די לעצטע יאָרן ביסלעכווייז אויסגעליידיקט געוואָרן פון קינסטלערישע געשטאַלטן, וואָס זי האָט געלעבט פון די צ ו ז אָ ג ן פון דער אידעע, פון איר גרויסן פאַרנעם, און וואָס זי האָט זעלטן ווען זוכה געווען צו דער קינסטלערישער דערפילונג, צו דעם ווערק.

דאָס אַלטע, איינגעפונדעוועטע יידישע לעבן, אויף וועלכן עס איז אויסגעוואַקסן די מאָדערנע יידישע בעלעטריסטיק, פון מענדעלע און שלום עליכם איבער אַש און רייזין און וויסענבערג ביז צו די יינגערע פון היינט, האָט זיך פון אויבן-אויף קינסטלעריש אויסגעשעפּט — און אויף צו שעפּן טיפער, מיט נייע, שטאַרקערע כלים טאַקע אין אָט דעם אַלטן לעבן, וואָס דאָס וועט אוודאי און נאָך געשען, דערצו האָט דערווייל געפעלט די אינערלעך געזאַמלטע עפּישע רויקייט, דער קינסטלערישער מוס. אַזוי איז די סכנה געוואָרן וואָס אַמאָל נענטער — און די נייע געשטאַלט, די ניי-געזעענע לאַנדשאַפט, די נייע יידישע דערציילונג, אָן וועלכער די ליטעראַטור האָט געמוזט איבערלעבן טיפע ירידה-שטימונג אין סאַמע מיטן פון דעם לירישן יום טוב -- זי איז נישט צוגעקומען, אָדער ריכטיקער: זי איז נישט געוואָרן יענע צענטראַלע קראַפט, וואָס זאָל קאָנען משפיע זיין אויף דער גאַנצער ליטעראַטור.

היינט ווייזן זיך די ערשטע שטאַרקע קאָנטורן פון דער נייער יידישער געשטאַלט און זיי זענען דער בולטסטער סימן פון דער אויפגעלעבטער שאַפערישער קראַפט אין דער יידישער ליטעראַטור. און ווען איך וואָלט נישט מורא געהאַט פאַר „עפּאָכן", וואָלט איך געזאָגט, אַז די נייע עפּאָכע, וואָס האָט זיך אָפיציעל אייגנטלעך שוין געענדיקט, הויבט זיך אין אמתן אָן ערשט איצט, און אַז זי איז בעיקר כאַראַקטעריזירט דורך דעם גוואַלטיק פּאָטענצירטן קינסטלערישן פאָרם-ווילן, וואָס באַהערשט היינט די יידישע פּראָזע. און זי אונטערשיידט זיך אין תּוך פון דעם, וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן „געמאַכט עפּאָכע" אין דער ליטעראַטור, ווייל זי שטעלט פאָר מיט איר נייקייט דעם אָרגאַנישן המשך פון דער שעפערישער טראַדיציע אין דער יידישער ליטעראַטור און ווייל זי באַטייט ווידער, גייציהייט, די ראַדיקאַלע ליקווידאַציע פון דעם תּרגום

לשון, וואָס האָט מיט זיין פּרעפּדער רויקייט פּאַרגחאַלטיקט דעם יידישן סטיל און דערדריקט דעם א מ ת אין דער יידישער ליטעראַטור, דעם אמת פון איר קינסטלערישער עניוות, פון איר ריינער אָרעמקייט, וואָס האָט זיך אויסגעסטראַיעט מיט אַנטליגענעם פאַלשן גלאַנץ.

אין דער טיפער, אין בלויז איינגעגעסענער אָרעמקייט פון אונזער לעבן אין אַלע צייטן, וואָס קלעמט אָבער איצט ביים האַרצן נאָך ברוטאַלער, אומדערבאַרעמדיקער ווי תמיד, אין איר אַליין איז אויף אַ וווּנדערלעכן אופן באַגרינדעט די נאַטירלעכע קאַרגשאַפט פונם יידישן קינסטלער אויף יעדער ווינציקסטער זאַך, אויף יעדן וואָרט און יעדער תנועה, פון וועלכער דער דיכטער קאָמפּאָנירט זיין ווערק. אַזוי האָבן מיר עס געזען ביי אונזערע זיידעס אין ל ע ב ן און אַזוי זעען מיר דאָס אויך ביים „זיידן" פון דער יידישער ל י ט ע ר אַ ט ו ר. מענדעלי מוכר ספרים איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אין זיין קינסטלערישער רעאַליטעט איינגעפּירט די שטרענגע עקאָנאָמישע שפּאָרעוודיקייט, וואָס ער האָט געזען אין דער האַרטער אָרעמקייט פונם יידישן לעבן. מיט דער אמתער יידישער קמצנות, וואָס קלערט אייביק נאָר אויף אַ תכלית, האָט ער שווער געהאָרעוועט אויף זיין ווערק, צוגויפגעלייגט וואָרט ביי וואָרט און בילד ביי בילד און מיט זיי פאַרפונדעוועט זיין סטיל. ווי די פּערל האָט ער זיינע ווערטער געציילט און מיט זיין שאַרפן קינסטלער-אויג טויזנט מאָל באַטראַכט פון אַלע זייטן, מיט אַלע ניואַנסן, איידער ער האָט זיך צעשיידט מיט זיי.

וואָרים דאָס וואָרט איז דאָס געליבטע באַשעפעניש פונם דיכטער און דערפאַר ציטערט אין יעדן אמתן דיכטערישן וואָרט, וואָס ווערט אַ ר ו י ס געזאָגט, וואָס טיילט זיך אָפּ פונם דיכטער, דער עלעמענטאַרער ווייטאָג פונם אָפּשייד. וואָס ריינער און איבערגעגעבענער ס'איז דעם דיכטערס ליבשאַפט צום וואָרט, אַלץ שענער, גילטיקער קומט אַרויס דער זאַץ, דאָס בילד, אַלץ שטאַרקער איז די סאָציאַלע פּאָזיציע פון זיין ווערק אין דער גייסטיקער געמיינשאַפט פון דער קונסט. דאָס הייסט נאַטירלעך נישט, אַז דער דיכטער דאַרף זיך צאַצקען מיט „שיינע", בלומיקע מליצות פונם אַלטן אָדער נייעם סטיל, נאָר דאָס הייסט, אַז זיינע ווערטער מוזן האָבן אין זיך שאַפערישע פּאָטענץ, ציל-זיכערקייט און אַ זיי מוזן ד ע ר ג ר ײ כ ן דאָס, וואָס זיי מיינען, אויב זיי ווילן

זיך נישט לאָזן באַגניגן מיט דעם — טראַגישן — גורל פונם העראָישן שלימזל, פון רייסן זיך צו דעם, וואָס איז העכער פון דעם אייגענעם כוח, אויב זיי ווילן נישט נעמען אויף זיך די ברענענדיקע בושה פון נישט קאָנען — פונקט דאָרט, וו מען דאַרף.

אַזעלכע זשעניאַלע רייסענישן האָבן נישט אויסגעפעלט אין דער נייער יידישער ליטעראַטור. דער דראַנג, אַרומצונעמען טאַקע דווקא „דאָס גאַנצע", וואָס מ'קאָן נישט דערגרייכן און צו זאָגן דאָס סאַמע לעצטע וואָרט, האָט נישט פאַרשוינט ביי אונז אויך אַזעלכע דיכטער ווי ה. לייוויק און מלך ראַוויטש און האָט זיי שיר נישט געבראַכט צו דער סכנה, אַז זיי וועלן בידים, און יעדער לויט זיין רוח, אַ תל מאַכן פון זייער שאַפערישן כוח, מיט דער זעלבער קראַפט, מיט וועלכן לייוויק למשל וואָלט געוועזן אין אַלע צייטן אַ שטאַרקער דיכטערישער טאַלאַנט, האָט ער געמוזט ווערן אַ זוכנדיקער נישט פאַרענדיקטער זשעני אין דער צייט פון גייסטיקן אומרו, וואָס האָט געלעבט מיט דעם טעות, אַז אַ ליטעראַטור מוז האָבן זשעניס צו יעדער צייט און אַז זי קאָן זיי פאַר אַ נויט איבערמאַכן פון די טאַלאַנטן;

די מאָנערישע צייט, די קטלנית, האָט פאַרמוטשעט זייער דיכטערישן טאַלאַנט, האָט אים מיט געוואַלט אויסגעצויגן אויף אַ גרעסערן גייסטיקן שטח, ווי ער האָט געקאָנט אויספילן — און דאָס דאָזיקע נישט דערפילן, דאָס נישט דערגעבן, איז פראָקלאַמירט געוואָרן ווי דאָס גע־היימניספולע זשעניאַלע. נישט מיט דער מאָס פון זייערע שייגע, פאָרם־שטאַרקע לידער ווערט געמאָסטן דער דיכטערישער ווערט פון ראַוויטש אָדער לייוויק, נאָר מיט דעם, וואָס יענער האָט נישט דערפילט אין זיינע קאָסמישע אידעען און דער נישט דערזאָגט אין „גולם". און טאַקע דאָס דאָזיקע נישט דערזאָגן האָט איבערגעלאָזט אין דער יידישער לי־טעראַטור אַזאַ ביטערן נאָך־טעם, האָט אַריינגעבראַכט אין איר כמעט דעם עלעמענט פון נישט־באַפרידיגונג, פון אונטערהונגערן, פון גייסטיקן דלות אין סאַמע מיטן פון דער אידעישער שפע.

וואָרום יעדע אידעע בלייבט אין דער דיכטונג אַזוי לאַנג אַן אינדיווידואַליסטישער קאַפריז, אַן אַנטי־סאָציאַלע, אומשאַפערישע מאַנ־קאָליע, ווי לאַנג זי בלייבט דאָ אַ גייסטיקער פאָסטולאַט, ווי לאַנג איבער איר איז שולט דער יחידישער ווילן פונם דיכטער און נישט זיין

קאַנען, וואָס איז שוין בעצם אַ פּלוראַלער פּלעמענט, וואָס שטעלט מיט זיך פאַר דעם רעזולטאַט פון אַלע גלייכגעצילטע ווילנס פונם גאַנצ כּלל, וועלכע זאַמלען זיך ווי אַ צענטראַלע קראַפט אין זיין רעפּרעזענ-טאַציוון מיטלפּונקט, דעם דיכטער.

אָבער נאָך אין אַן אַנדערן זין האַלט איך דעם „גולם" פאַר אַן אַנטיסאָציאַלע דיכטונג, ווייל זיין משלדיקייט איז לחלוטין אַן איבעריקע באַלעסטיגונג פאַר דעם נמשל. דער אויפטו, אַריינצוצווינגען די שווערע טעמפּע געוואַלטיקייט פון דער בלינדער רויער מאַסע אין דעם אויסגע-חייטיקטן דיכטערישן משל פונם ליימענעם גולם, איז דערפאַר אַליין קעגן דעם לעבעדיקן געזעץ פון דער דיכטונג, ווייל די דאָזיקע בלינדע און רויע מאַסע קאָן ריינער און אויף אַ קורצערן וועג סימבאָליזירט ווערן טאַקע דורך זיך גופא — און ווייל יעדע אַלעגאָרישע אומווירק-לעכקייט אין דער פּאָעזיע מאַכט נאָך ענגער די עמפּירישע ענגשאַפט איז אין תּוך אַן איבעריקע צוטשעפּעניש צו דער שווערקייט און פינצ-טערקייט פונם לעבן, וואָס קאָן נאָר דערקלערט ווערן, פאַרגליווערט און באַלויכטן ווערן פון זיך אַליין, מיט דעם אינערלעכן ליכט, וואָס דער דיכטער אַנטפּלעקט און צינדט אָן אין אים.

און פּונקט אַזוי, ווי מיר זענען היינט ווייט דערפון, צו לאָזן גילטן אין דער ליטעראַטור יענע פּאָעטישע הכמות און חנדלעך, דעם צינישן הפקר פון עסטעטיזירנדיקע ליטעראַטן, וואָס מאַכן מיט זייער טאַלאַנט די נאַרישסטע גראַציעזע קונצן, און וואָס זייער פּיקאַנטע לאַנגווייליקייט, וואַקסט פּראָפּאָרציאָנאַל מיט דער ווירטואָזיטעט, וואָס טראַכט זיי אויס, פּונקט אַזוי מוזן מיר פון דער אַנדערער זייט אויך פאַרלייקענען דעם פרומען ציניזם פון עטיזירנדיקע דיכטער, וואָס פירן אַראָפּ — אויף אַן אַנדערן וועג — פונם דיכטערישן ציל, דעם קונסטווערק, און וואָס זייער איבערפלוס אין עטישע אידעען שטעלט מיט זיך פאָר פּונקט אַזאַ גרויסן עטישן מינוס אויף דער זייט פון דער קינסטלערישער מאָראַל.

וואָרום די מאָראַלישע אויפגאַבע פונם קינסטלער באַשטייט אין דעם, וואָס ער געשטאַלטיקט זיין אייגן לעבן און דאָס לעבן פון אַרום מיט אַזאַ שטאַרקער געלייטערטער קראַפט, אַז דער נמשל, די רויע און שווערע ווירקלעכקייט, ווערט מיט זיין פאָרם-ווילן דערהויבן ביז צו דער

מדרגה פונם דיכטערישן משל, אַז זי באַקומט ביי אים סימבאָלישן באַטייט. נאָר אַזוי פאַרדינט ער זיך דעם געטלעכן אַטריבוט: ב״ז פּער.

אַז *שלום-עליכם* האָט געוואָלט געבן דעם ענדגילטיקן משל צו דער פאַנטאַסטישער אומווירקלעכקייט פונם יידישן לעבן, צו דעם גראָטעסקן קאַפּויער פון אונזערע מענטשן, האָט ער אים נישט אילוסטרירט מיט קיין אויסגעטראַכטער אַלעגאָריע, נאָר ער האָט אונז באַלויכטן מיט זיין ליכטיקן בליק טאַקע דעם קאַפּויער אַליין, ער האָט געשאַפן מנחם מענדלען, וועלכער האָט מיט שלום-עליכמס זשעניאַליטעט באַקומען פּאַראַדיגמאַטישע קראַפט. אין דער וועלטלויפיקער פּאַרפּלאָנטערטקייט פון אונזער עמפּירישער עקזיסטענץ האָט שלום-עליכם, ווי דער אמתער דיכטער, זוכה געווען צו קפיצת הדרך. די ריזיקע קאָמפּליצירטע מאַסע פון מענטשלעכער אומגעלומפּערטקייט, פאַרדרייטקייט האָט זיין סינטעטיש אויג קאָנצענטרירט אין איין איינציקן ברען-פונקט, אין איין שטראַלנדיקן ליכט-פונקט, אין דער קינסטלערישער געשטאַלט.

עס איז פאַראַן אַ פאַרקערטע פּראָפּאָרציע צווישן דעם שטאָפלעכן *רוים* פון אַ קונסטווערק און דער *צייט* פון זיין גילטיקייט. וואָס מער קאָנצענטרירט, *געדיכטער* עס איז דאָס דיכטערישע ווערק, ד. ה. וואָס *וויניקער רוים* עס פאַרנעמט אין אים דער פאָרמלאָזער חומר וואָס שטאַרקער און געשטאַלטיקער עס איז דער קינסטלערישער תמצית, וואָס דער דיכטער האָט אַרויסקריסטאַליזירט פון דעם שטאָפלעכן פּלאָנטער, אַלץ *גרעסער* איז זיין *צייט*, אַלץ שטאַרקער איז זיין אינערלעכע לעבנס-קראַפט, זיין אייביקייט.

דאָס איז אַ כלל גדול אין דער ליטעראַטור — און אין דער *יידישער* ליטעראַטור געפינען מיר זיין פאַרווירקלעכונג, אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס, דער עיקר אין דער פּראָזע: פון מענדעלי און שלום-עליכם ביז אויפן היינטיקן טאָג. דער אייגנטלעכער יוצא מן הכלל איז געווען ביי אונז די רעוואָלוציאָנערע ליריק פון דעם לעצטן פּעריאָד. און עס איז געווען, מיין איך, אַ מאָדנער אומגליקלעכער צופאַל פון דער היסטאָריע, וואָס גראָד אין דער זעלבער צייט, ווען די ליטעראַרישע איבערקערעניש האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן צו ווערן אַקטועל,

האָט די יידישע ליטעראַטור פאַרלוירן מיט איינמאָל אירע שטאַרקסטע זיילן — מענדעלי, שלום-עליכם — און עס איז, נאָך זייער טויט איבערגעבליבן ביי אונז יענע טרויעריק-הפקרדיקע יתומים-שטימונג, וואָס שפיגלט זיך פיעטעטשעדיק אין דעם אייגענעם אויסטערלישן אומגליק, צו וועלכן מען האָט זוכה געווען און פון וועלכן מען וויל כאָטש הנאה האָבן ווי געהעריק.

און אַזוי ווי די קוויטשעדיקע קדישים פון פאַריתומטן קליינהאַרג, קנאַקן אַזוי פריילעך און מיט שלעכטער געכאַפּטער עברי נאָך צו פרי געשטאָרבענע טאַטעס און וואָס פאַרטאַמלען אַ רגע דאָס גאַנצע בערדיקע בית-המדרש מיט זייער צער און צעלאָזנקייט — אַזוי האָבן געקלינגען די צעהוליעטע חורבן-לידער פון אונזערע רעוואָלוציאָנערע „יינגסטע". זיי זענען צו פרי געבליבן אַליין אויף אַזאַ גרויסער „צייט", אַ ווילדער — און די מיסיע, צו וועלכער זייער נישט דערוואַקסנקייט איז געצוווּנגען געוואָרן פאַר דער צייט, האָט זיי צוגעגעבן אַ מאָדנע געגלייווערטע הנעוודיקייט, אַזאַ שיינע אומבאַהאָלפנקייט, וואָס איר פיקאַנטער נעגאַטיוו האָט אויף קיין פאַל נישט געקאָנט אויספילן אויף שטענדיק דאָס אָרט פון דעם שאַפערישן פאָזיטיוו, פון וועלכן אַ ליטעראַטור ווערט אויפגעבויט.

און עס ליגט געוויס אויף דער ליניע פון דער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור, פון איר אַנטוויקלונג צו שטאַרקער קינסטלערישער פראָזע, וואָס אויך די ליריקער פרוּוון זיך היינט וואָס אַמאָל מוטיקער און זיכערער, זיך דערנענטערן צום צענטער פון דער יידישער ליטעראַטור, צו דער פראָזע. מלך ראַוויטש מיט זיין שטאַרקן חוש פאַר פלאַסטיק, וועלכער האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונז אויך אין אַ סך פון זיינע לידער, גייט אַהער אויף דעם וועג פון דער רעאַליסטישער דראַמע. ראובן אייזלאַנד האָט אין זיין ראָמאַן „גוסטאַוו גילדנער" אַרויסגעוויזן איבערראַשנדיק-שיינע בעלעטריסטישע מעלות, שאַרפע אָבסערוואַציע, קלאָרקייט און אויפריכטיקייט — און אויף דעם וועג צו דער רעאַליסטישער פראָזע גייען אויך מאַנכע פון די יידישע דיכטער אין רוסלאַנד.

דאָס איז אַוודאי נישט קיין עפּיזאָד. וואָרום די שטאַרקסטע גייסטיקע רעאַליטעט פון דער יידישער ליטעראַטור, פונם אַנהויב ביז אויפן

היינטיקן טאָג, איז די בעלעטריסטישע פּראָזע, ווי עס איז אויסגעוואַקסן די נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט פון אונזער ליטעראַטור, איר סטיל. מען קאָן נישט ריידן וועגן דער יידישקייט פון אונזער ליריק אין דעם זין פון נאַציאָנאַלן סטיל. אָבער מען קאָן אָן א ספק נאָכווייזן נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט אין די ווערק פון מענדעלי, שלום עליכם, פּרץ, אַש, בערגעלסאָן, אָפּאַטאָשו, זינגער, פוקס און די אַנדערע בעלעטריסטן. ביי אַלע כמעט חזרט זיך איבער אויף א וואונדערלעכן אופן איין איינציקער צענטראַלער עלעמענט — דער הומאָר — וואָס נאָר דורך אים אַליין האָבן זיי אַלע, לויט זייער קינסטלערישער מאָס, זוכה געווען צו דער ריינער שאַפערישער סוווערעניטעט, צו דעם אָפענעם בליק אויף דער וועלט.

די נאַיווע פריילעכקייט און לעבנס-פרישקייט אין שלום עליכמס פאַנטאַסטישן רעאַליזם, מענדעלעס סאַטירישע שאַרפקייט, די דינע, ליריש-סובטילע איראָניע ביי בערגעלסאָנען, וואָס פאַרנעמט זיך, אַזוי צו זאָגן, הינטערוויילעכץ אויף זיינע פאַרשוינען, מיט שטילע ריידעלעך, פיינע און שפּיציקע, און האַלט זיי דערנאָך פעסט אין זיין קינסטלערי-שער האַנט, די אידילישע ליכטיקייט אין מאַנכע פון זינגערס דערציי-לונגען, דאָס ברוטאַלע אָפענע געלעכטער איבער מענטשלעכע טפשות און מיאוסקייט, ווי עס הילכט צומאָל אין די דערציילונגען פון פוקס און אָפּאַטאָשו — דאָס זענען אַלץ קאַטעגאָריעס פון דעם הומאָר, דעם נאַציאָנאַלן סטיל פון דער יידישער ליטעראַטור. אין ערגעץ איז נישט געמאָלט, אַז ער זאָל אינגאַנצן פעלן. אפילו ווען מיר גייען צוריק גאָר ווייט, ביז צום סאַמע אָנהויב פון דער יידישער ליטעראַטור, געפינען מיר אויך די שפּורן פון דעם דאָזיקן לעבעדיקן קוואַל אין די אַנאָנימע יידישע מעשה-ביכלעך, פאָלקס-לעגענדעס, משלים און הלצות און אין די פאָלקסטימלעכע חסידישע מעשיות.

אָבער הומאָר איז נאָר געמאָלט אין דער ספערע פון לעבן, פון רעאַליטעט, נישט פון אויסגעטראַכטע הזריות — און דערפאַר דאָמינירט טאַקע אין דער גאַנצער יידישער בעלעטריסטיק, אויף וויפיל זי האָט קינסטלערישן ווערט, די אידעע פון דער הייליקייט פונם לעבן, די טיפע כמעט רעליגיעזע ליבשאַפט צו דער ווירקלעכקייט, צו דעם לעבעדיקן באַשעפעניש, וועלכעס די יידישע פּראָזע שטרעבט צו דערגרייכן מיט

דער ריינער שאַפערישער **סימפּאַטיע**, וואָס באַהאַלט זיך **צניעות**־**דיק** אונטער דעם הומאָר. דאָס איז דער טיפער זין פון דעם יידישן רעאַליזם, פון דעם יידישן הומאָר, פון די צוויי, וואָס זענען איינס, פון דער קינסטלערישער האַרמאָניע, וואָס קאָן נאָר דערגרייכט ווערן דורך יענער אַנדערער אידענטיטעט צווישן דעם וואָרט און דער זאַך, צווישן דעם קינסטלערישן בילד און זיין אורבילד אין דער לעבעדיקער וועלט.

מ. וואַנוויילד

# פאַריידישט אָדער יידיש?

/ דער טורנע אייראָפּע־אמעריקע פון „הבימה" /

אויפן טורנע איירָאפּע—אַמעריקע באַווייזט זיך „הבימה״ פאַרן פּובליקום מיט פינף אויפפירונגען פון טעאַטער־שטיק, וועלכע זענען שטאַרק ענלעך צו זיך נישט בלויז דערמיט אַליין וואָס דער אינהאַלט זייערער איז אַן אומגעוויינטלעכער, נאָר פיל מער נאָך דערמיט, וואָס דער עיקר איז אין זיי דער סוזשעט, דער ספור המעשה, דער שטאָף, דאָס געדאַנקלעכע, די שטימונג, אָבער נישט די מענטשן, נישט דער העלד מיט זיין כאַראַקטער און האַנדלונג. די פראַגן פונם לעבן פאַרנעמען דאָרט מער אָרט ווי דאָס לעבן גופא. די מעשים אויף דער בינע וואַקסן אויס אין זייער וויכטיקייט נאָר אַ דאַנק די מאָטיוון, וואָס ברענגען צו זיי, און נאָר אַ דאַנק די אויספירונגען, צו וועלכע זיי ברענגען. דעריבער שפּילן דאָרט אַזאַ קנאַפּע ראָלע די ליידנשאַפטן. עס איז אַ שפּיל פון ליידן, גייסטיקן אומרו, נשמה־פיין, דאָס שפּיל פון ווילן, געדאַנקען־שפּיל.

דערפאַר שטעלט די „הבימה״ דעם טראָפּ אויף די אין די אויגן פאַלנדיקע, דורך בולטע פלעקן און פלעכן גענוי מאַרקירטע, קאַנטיקע פאָרמען פון דעקאָראַציעס, קאָסטיומען און מאַסקעס; דערפאַר ווערן ביי די „הבימה״־שפּילער אַלע מיטלען עלעמענטאַר פאַריינפאַכט. אַלץ דינט אונטערצושטרייכן דעם אינהאַלט. דער פּאָזענהאַפט־שטייפער זשעסט, די גרימאַסן־שאַרפע מינע, — דאָס איז ביי זיי נישט קיין צופאַל, נישט קיין קאַפּריז, נישט בלויז אַ קאָנצעסיע דעם אָפּגאָט פון דער מאָדע. די רעזשי פון דער „הבימה״ אַרבעט דאָ מיט גרויס ישוב־הדעת. געזאַנג און טאַנץ און בילדהאַפטע גרופּירונג זענען ביי איר מער ווי אַ מיטל רייכער, שנויימדיקער, פאַרשידנאַרטיקער צו מאַכן די סצענישע אַקציע, וועלכע ליידט פון אָרעמקייט אין עמאָציעס. מיט די מאָלערישע, פּלאַסטישע און מוזיקאַלישע עלעמענטן ווערן געמאַכט אָנשטרענגונגען בעסער צו דערגרייכן די פאַרווירקלעכונג פון אַ קאָנצענטרירטן אויסדרוק.

באַשטייט דאָך בכלל די אויפגאַבע פון דער סצענישער קונסט צו געבן אויף דעם וועג פון אָפּטישער און אַקוסטישער פאַרמיטלונג דעם פולקאָמענסטן אויסדרוק פאַר דעם לעבן פונם דיכטערס ווערק. קונסט— דאָס איז פולקאָמענקייט. דער ווירקלעכסטער אינהאַלט אין דער ווירקלעכסטער פאָרם. אַזאַ פולקאָמענעם אויסדרוק האָט „הבימה״ דערגרייכט בלויז אינם מיטלמעסיקן „דבוק״ פונם דורכשניטלעכן אַנ—סקי. אפילו

דער דריטער אַקט, װעלכער מאַכט בײַ איר דעם שװאַכסטן אײַנדרוק, צײכנט זיך אױס מיט עטלעכע שטאַרקע מאָמענטן. ניט צום פאַרגעסן איז אין אָט דעם „הבימה"־שען שװאַכן דריטן אַקט, למשל, די מערק־װירדיקע סצענע צװישן לאהן און דעם מיראַקלער צדיק, װען לאה װאַרפט זיך אַקײגן אים, מאַכט אַ פּאָר שריט אַרום זיך אַלײן, אַזױ װי די װאָלט זיך באַמיט אַרױסצורײַסן פון אַן אײַנגעשלאָסענעם באַשװירענעם עיגול, פון אַ פאַרכשופטן ראָד. חנה ראָװין איז דעמאָלט באמת אומגעװײנלעך.

קײן אײנע פון די איבעריקע טעאַטער־שטיק, װאָס „הבימה" פירט אױף, פאַרמאָגט ניט אַזױפיל גליקלעכע אײַנפאַלן און אַזױפיל ענטצי־קנדע מיטלען, װי די אױפפירונג פון דעם „דבוק". אָנגעהױבן פון דער באַלײַכטונג, װעלכע איז אַזױ געניט און אַזױ זיכער קאָמבינירט, פונקט אַזױפיל ליכט און פונקט אַזױפיל שאָטן װיפיל דאָס איז נײטיק, און פונקט דעמאָלט, װען דאָס איז נײטיק, און פונקט דאָרט װו דאָס איז נײטיק, אָנגעהױבן פון די כאָרעאָגראַפישע קאָמפּאָ־זיציעס און די קאָמפּאָזיציעס פון דער מוזיק ביז צו דער קאָנ־צעפּציע פון דער אױסשטאַטונג, ביז צו דער אײַנאָרדנונג פון יעדער פיגור, יעדער גרופּע און יעדער באַװעגונג אױף דער סצענע, איז אַלץ־דינג מאַטעמאַטיש־פּינקטלעך דורכגעטראַכט, פּלאַנמעסיק דורכגעפירט, צװינגענד באַהערשט און האַרמאָניש סטיליזירט. דער צופאַל איז דאָ לחלו־טין אױסגעשלאָסן געװאָרן.

די קינסטלערישע װירקונג איז אַ מעכטיקע.

אין דעם פיל װײניקער װי מיטלמעסיקן „אײביקן ייד" פּינסקיס איז פון ענלעכער קראַפט די װירקונג פון דעם מאַסן־געװײן, װאָס עס ברעכט אױס בײַם עולם אױפן מאַרק־פּלאַץ פון שטעטל בירת ארבע, בשעת עס לױפן־אָן די שטאַפעטן מיט דער בשורה, אַז דאָס בית־המקדש איז טאַקע װײ־געשעען חרוב געװאָרן. אױסער דעם זענען אין „אײביקן ייד" פון גרױסן בלײַבנדיקן װערט אַזעלכע סצענישע געשטאַלטן, װי עס גיט זײ „הבימה", למשל, דער בלינדער, דער נביא, די צדיקים, די מו־טער פון חזקיהו (יונגע פּרוי).

גאָר װײניק האָט זיך דער „הבימה" אײַנגעגעבן לײװיקס „גולם", נאָך „יעקבס חלום", דאָס בעסטע װערק פון איר רעפּערטואַר. זי האָט ניט געפינען דעם כח צו קאָנען אָביעקטיװירן מיט דער געהעריקער סוגעס־

טיע אַזאַ מין אינהאַלט אויף דער בינע. די אָביעקטיווירונג אויף דער בינע האָט אָרעמער געמאַכט די פאַנטאַסטיק פון דער לעגענדע. עס האָבן זיך באַקומען איינצעלנע סצענעס אָנשטאָט אַן איינהייטלעך בילד, איינצעלנע בילדער אָנשטאָט אַן איינהייטלעך ווערק.

אָן פאָרוואורף שפילט „הבימה״ „יעקבס חלום״ פון בער-האָפמאַן. דאָ גייט נישט דורך גלייכגילטיק קיין איין אויגנבליק. מען זעט אַ גאַנצע ליניע. די ליניע ווערט נישט דורכגעבראָכן אפילו דורך דעם אָפּערע-מעסיקן צווייטן בילד מיטן געזאַנג פון די מלאכים. און אויך דאָ גיבן די „שוישפילער״ פון „הבימה״ אין די ראָלן פון עשו, סמאל (שטן)׳ יעקב, סצענישע געשטאַלטן פון אומגעוויינלעכן ווערט.

אָבער די רעזשי דערגרייכט דאָ נישט צו דער פולקאָמענקייט פונם „דבוק״. עס פעלן די סצענישע אַקצענטן; עס פעלט די גייסטרייכע טעכניק פון האַרמאָנישער פאָרם-רייפקייט, פון מיטרייסנדיקער סצענישער שטייגערונג. די איבעררעשענדע קאָנטראַסטירונג, דאָס תהלים זאָגן פון די בטלנים, זייערע נגונים און זייערע רקודימלעך, דאָס געבעט פון דער וויינענדיקער פרוי, דער קבצנים-באַלעט מיט די מחותנתטעס ביי דער זייט. אַ יענע סצענישע אַקצענטן. געוואַלטיק! ווונדערבאר! דאָס זענען ווירקונגען, וואָס רודערן אויף דעם צושויער ביז גרונד פון זיין וועזן.

ביי „הבימה״ ווערט דאָס ווערק פון מחבר דאָס ווערק פון רעזשיסער. דער גאַנצער אויסערלעכער אַפּאַראַט דאַרף מיטהעלפן צו פאַרטיפן, צו פאַרינערלעכן די טענדענץ, די אויסדרוקס-מעגלעכקייטן, די אידעען פון דעם רעזשיסער, וועלכער האָט אפשר נאָר צוליב דעריין אויסגעקליבן פאַר דער אינסצעניזירונג גראָד אַזעלכע ליטעראַרישע ווערק, ווו ער האָט אַ גוטע געלעגנהייט דורכצופירן זיינע עקספּערימענטן.

מחמת דעם קאָן דאָ נישט זיין בשום אופן קיין רייד פון יידישער פאָרם, פון אַן אַנטפּלעקונג פון יידישן גייסט אָדער פון אַ יידישן סטיל, ווייל די תלמידים פון באַרימטן סטאַניסלאַווסקי, די רוסן מטשעדלאָוו, סושקעוויטש, דער אַרמעניער וואַכטאַנגאָוו, זיין תלמיד ווערשילאָוו, די רעזשיסערן פון „הבימה״, זיי קאָנען נישט אַפילו ביי זייער בעסטן ווילן באַווייזן אַזוינע מופתים. דער רעזשיסער גיט דאָ קודם כל זיך אַליין. עס קומט צום אויסדרוק זיין אינדיווידואַליטעט, זיין שטאַם, זיין נאַציאָנאַלער כאַראַקטער.

יידישער סטיל? דערווייל איז אין „הבימה“ בכלל נישטאָ קיין באַשטימטער סטיל. די געשטאַלטן און סצענעס זענען אַ געמיש פון טעכנישן פּרימיטיוו, המצאהדיקע ראַפינירטקייט, בורלעסקע פרייקייט און פייערלעכע רעטאָריק. אַ פּשוטער קאָנגלאָמעראַט פון אַ דעקלאַמאַציע אין ערנסטן טאָן פון דער קלאַסישער טראַגעדיע מיט אַן אויפטו פון געווײנלעכן זשאַנר, אַ נומער ווי מען זעט אים אָפט אין יעדן בעסערן וואַריעטע. האָלצשניט - פיגורן, מאַריאָנעטישע באַוועגונג, שטעלונגען אויפן אַקראָבאַטישן שטייגער, און צוזאַמען דערמיט קעניגלעכע פיזיאָנאָמיעס, כאַראַקטער-קעפּ, פּריסטערלעכער ערנסט, לעבעדיקע קאָפּיעס פון אַלטע מייסטער, פון רעמבראַנדט, פון ראַפאַעל, ווי למשל, אידניבעל אין „יעקבס חלום“, די יונגע פרוי אין „אייביקן ייד“. פון איין זייט מאָנומענטאַלע טיפּן, בנימין צמחס שטן, חנה ראָווינס לאה, און פון דער אַנדערער זייט שפּילצייג-מענטשעלעך.

עס וואָלט נישט געשאַדט צו געדענקען, אַז סטיל איז נישט אַ אַ זאַך, וואָס לאָזט זיך אויסקאָמבינירן און מען קאָן אים צוגרייטן אויף באַשטעלונג, אַז סטיל איז אַ מין פאַבריקאַט, אַ מין רעצעפּט, אַ זאַך פון פרייען אויסוואַל. סטיל איז ממילאדיקייט. דאָס איז דער צייכן פון אַן אידעאַלער אייגנהייטלעכקייט. ער איז נישט אָפּהענגיק פון אונזער ווילן פונקט אַזוי ווי די יידישע אייגנאַרט איז נישט אָפּהענגיק פון אונזער ווילן. אויך יידיש איז ממילאדיקייט. ס'איז נישט אַ זאַך, וואָס לאָזט זיך מאַכן. „הבימה“ וויל אָבער דוקא זיין געיידישט. טעאַטער איז ווינציק. מען זוכט דאָס יידישלעכע. דאָס טעאַטער במקום יידישקייט. פרעמדע קונסט-פּראָדוקטן טאָר מען נישט טועם-טעם זיין כל זמן זיי ווערן נישט פריער סערווירט אין אייגענעם סאָוס. אין דעם מעין [הנובע פון דער יידישער מיסטיק הייליקט מען די גויישע טעאַטער-תורה, די גויישע טעאַטער-טעכניק. דער עיקר איז דער אינהאַלט. מען זוכט אויך דוקא יידישע טעאַטער-שטיק. מיטן רעפּערטואַר פון יידישע מחברים געלינגט טיילווייז צו מאַסקירן די טעאַטער-קולטור פון דער גויישער רעזשי. אַ רקודל, סקאַרבאָווע נגונים, בטול היש תנועות, יידישלעכע עקזאַלטאַציע, די גאַנצע שפע פון אייגנאַרט-סחורה נעמט מען צוהילף קייגן דעם פרעמדן איינפלוס. און אַן איידל מאָס-געפיל צוזאַמען מיט אַ קלוגן קינסטלערישן טאַקט שאַפן די אילוזיע פון אומגעפעלשטער אָריגינאַליטעט.

העכסט נאַיוו זעען אויס אַזעלכע מעטאָדן פון אָריגינאַליטעט, אויב די אַנווענדונג זייערע געשעט מעכאַניש, אַלס אוניווערסאַל הייל-מיטל צו אַלע שוואַכקייטן, ווי למשל, אין דעם פאַל, ווען די „הבימה" מיינט צו פאַריידישן דעם אַלגעמיינעם אינהאַלט פון בערגערס „מבול" דערמיט, וואָס די שוישפּילער זינגען אַ חסידיש זמרל און דבקנען זיך מיט אַ יידישלעכע פרומקייט. אגב באַמערקט, שפּילן זיי דעם „מבול" צו ערנסט און ווי עס זעט אויס איז זיי שווער צו געפינען דעם טאָן פאַר אַ קאָמעדיע.

די טעאַטער-קולטור פון „הבימה" איז נישט קיין אָריגינעלע. זי איז נישט אויף אונזער מיסט געוואַקסן. אַ פּראָדוקט פון מאָסקווער קינסט-טעאַטער איז זי דער גליקלעכער יורש פון איינע פון די פרוכטבאַרסטע תקופות אין דער געשיכטע פון מאָדערנעם טעאַטער, די תקופה פון די „מייניגער". ווען ס'האָט אַ,ן סאַמע סוף פון דריטן פערטל פון ניינצענטן יאָרהונדערט דער געניאַלער רעזשיסער דער הערצאָג געאָרג פון מייניגען זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער וועלט מיט זיין טעאַטער, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע דאַטע אין דער רעפאָרם-באַוועגונג פון אייראָפּעישן טעאַטער-לעבן. דאָס יאָר 1874 איז אַ ווענד-פונקט. אַ נייער וועג. דער הערצאָג געאָרג האָט געווינען אָנערקענונג פאַרן רעזשיסער און אים געגעבן דעם פּלאַץ אויבן-אָן. דאָס אַנסאַמבל-טעאַטער איז זיין אידעע. אין זיין טעאַטער-שול ווערט אָרגאַניזירט מיט דער הילף פון אַ מיליטעריש-שטרענגער דיסציפּלין אַ קונסט-דינסט, ווערט דערגרייכט אַ קונסט-דרעסור, ווערט געמאַכט אַ לאַבאָראַטאָרישע הכשרה, וואָס טוט אויף וווּנדער.

און ס'איז אַ טעות צו גלייבן, אַז די אַנסאַמבל-רעזשי איז מבטל דעם שוישפּילער און לאָזט אים דעם קאָפּ נישט אויפהויבן, אַז דער שוישפּילער טאָר נישט באַווייזן זיינע כחות, זיין פּערזענלעכקייטס-ווערט, זיין גרויסקייט, אַז דער שוישפּילער מוז זיך אָפּזאָגן פון זיין אייגענעם קינסטלערישן ווילן. אין דער ווירקלעכקייט גיט גראָד דער אַנסאַמבל די בעסטע באַדינגונגען פאַר די שוישפּילער אויסצונוצן אַלע זייערע קינסט-לערישע מעגלעכקייטן. די אינדיווידואַליטעט פאַרלירט זיך נישט, בלייבט נישט אין שאָטן, להיפּך — זי שטראַלט זיך אויס מיט דעם גאַנצן גלאַנץ פון איר טאַלענט. נישט נאָר דער גרויסער שוישפּילער געווינט דעם געהעריקן רעזאָנאַנס, אפילו א דורכשניטלעך טאַלענט וואַקסט אויס דורכן אַנסאַמבל. האָבן מיר דאָך געזען אויך ביי „הבימה", ווי עפּיזאָדישע

ראָלן זענען געוואַלטיק אויסגעוואַקסן. א שטייגער: דער משולח, תנחום.

דעם חסרון פון אָ־יגינאַליטעט דאַרף פאַר א „הבימה" ממלא זיין די העברעישע שפראַך. ווי עס פאַרזיכערט דער פירער פון „הבימה", נחום צמח, איז פאַר אים און זיינע חברים העברעיש נישט קיין ציל פון פראָפּאַגאַנדע. זיי האָבן אויסגעקליבן העברעיש צוליב ריין קינסטלעריש טעמים. און דאָס איז זייער ריכטיק. ס'איז דער טעם פון אָריגינאַליטעט. העברעיש קאָן באמת אויסגענוצט ווערן אַלס טעאַטראַלישער עלעמענט. כאָטש אין העברעישן איז מען מיט יעדן אויף דו, פעלט איר די וואָכעדיקע אינטימקייט, ווי בכלל די וואָכעדיקייט. איר קינסטלעכקייט רייצט צום באַוווּנדערן. עפּעס איז זי ווייט, אומפאַרשטענדלעך, אוראַלט בכבודיק, עמפּאַטיש. זי פאַרמאָגט אַלע טענער פון הויכן פּאַטאָס, זי קלינגט יום־טובדיק, דערהויבן.

אין דעם זין איז נאָך יידיש נישט טעאַטער־פעיק. דאָס זעלבע, וואָס פרץ האָט געמאַכט פון יידיש פאַר דער יידישער ליטעראַטור, מוז ערשט דער שוישפּילער מאַכן פאַרן טעאַטער. ער האָט די גרויסע אויפגאַבע צו לייטערן דעם קלאַנג פון יידישן וואָרט, אַרויסצובאַקומען דעם ריינסטן טאָן זיינעם. אויף אים ליגט דער חוב צו אַנטוויקלען דייטלעכע, סטאַבילע, ריינע און באַשטימטע אויסדרוקס־פאָרמען פון יידיש, וואָס אין זיי זאָל זיך קריסטאַליזירן אַלע אונטערשיידונגען פון דעם היימישן, פּראָסטן, גשמיותדיקן, געמיינעם, פּלוידערדיקן, המונישן, געמיטלעכן, און דעם פאָרנעמען, דעם ערנסטן, דעם געאַדלטן, דעם פייערלעכן, דעם אומגעוויינלעכן, דעם געטלעכן. יידיש פאַרמאָגט א קראַפט פון אויסדרוק, וועלכע דאַרף ערשט באַהערשט ווערן. אין יידיש ברענט דאָס פייער פון א יונג לעבן. זאָל דאָך ענדלעך א מאָל דאָס גאָלד פונם יידישן שפּראַך־מאַטעריאַל געמינצט ווערן אויך מיט דער הילף פון יידישן שוישפּילער. דאָס יידישע טעאַטער האָט אונז צו געבן די שיינקייט און די עלעגאַנץ פון דער יידישער שפּראַך.

אין העברעישן איז אַלץ שוין פאַרטיק. פון דאָרט נעמט מען אַלצדינג גרייטערהייט.

דאָס קומען צום גרייטן איז טאַקע איינער פון די גרעסטע חסרונות פון „הבימה". נחום צמח, דער גרינדער און אָרגאַניזאַטאָר פון „הבימה", אפשר באַוואוסט דערפון, וואָס די שפּראַך פון די נביאים איז נישט

גענוג ממלא צו זיין דעם חסרון פון אָריגינאַליטעט, זוכט תחבולות דער־צו. די מיסיע פון „הבימה" ענדיקט זיך נישט מיטן שפּילן אויף העב־ברעיש. ס'איז זיין חלום אויפצובויען אין ירושלים אַ „בית הבימה", אַ טעאַטער־צענטר, לויטן מוסטער פון אחד העמס „גייסטיקן צענטר", ד. ה. דאָס „בית הבימה" דאַרף פאַר די יידן פון דער גאַנצער וועלט שפּילן די זעלבע ראָלע, וואָס אחד העמס „גייסטיקער צענטר" דאַרף שפּילן. עס זענען שוין, דאַכט זיך, געמאַכט געהאָרן פּראַקטישע שריט דאָס צו פאַר.

ווירקלעכקייט וואָרשע האָט זיך געגרינדעט אַ ספּעציעלער קרייז „למען הבימה", וועלכער זאַמלט מיט אַ געוויסן ערפאָלג געלטער אויף דעם צוועק. אַזוי ווי נחום צמח איז אַ מענטש, וואָס אויסער איניציאַטיוו האָט ער נאָך דעם נייטיקן עקשנות און די נייטיקע ענערגיע דערויף, איז צו האָפן, אַז ער וועט נישט רוען אין דאָס „בית הבימה" וועט פריער אָדער שפּעטער אויסגעבויט ווערן אין ירושלים.

און אויך מיט זיין נייער מיסיע איז ער נישט אָריגינעל. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם אַלטן „ביירויטער געדאַנק" פון גרויסן רעפאָר־מאַטאָר ריכאַרד וואַגנער, וועלכער האָט מיט פופציק יאָר צוריק אין דעם קליינעם בייערישן שטעטל ביירויט רעאַליזירט אין לעבן די געוואַלטיקע אידעע זיינע פון די אַזויגערופענע „פעסטשפּילן". וואַגנער האָט אָנגע־הויבן דעם קאַמף מיט דער אָפּגעלעבטער, פוסטער, מעכאַנישער טעאַט־ראַלישקייט פון דער אָפּערע, דעם קאַמף קייגן דעם אַמוזירנדיקן, קיצל־דיקן אויסערלעכן גלאַנץ פון טעאַטער מיט די עפעקטן און קאָמפּראָמיסן אויפן חשבון פון דיכטער. וואַגנערס „פעסטשפּיל"־טעאַטער וויל נישט דינען דעם פובליקום; זיין טעאַטער דינט דער מוזיק און דער דיכטונג. אַלצדינג וואָס ציט אָפּ די אויפמערקזאַמקייט און שטערט דעם ריינעם טאָן פון דער מוזיק און דעם קלאָרן זין פון דער דיכטונג, ווערט בא־זייטיקט. אַהין צו יענע „פעסטשפּילן" קומט נישט דער צושויער כדי זיך צוצעשטרייען. דאָרט גייט עס צו אַנדערש. פריער רוט מען זיך גוט אויס און מען צעשטרייט זיך, כדי מען זאָל דערנאָך אימשטאַנד זיין אויפצונעמען די ערנסטע שטימונג. מען קאָנצענטרירט זיך, כדי מקבל צו זיין דעם יום־טוב.

וואַגנער האָט דורך אָט דער רעפאָרם געמיינט צו מאַניפעסטירן דעם דייטשן גייסט, דעם אינערלעכסטן קערן, דאָס וועזנטלעכסטע פונם

דייטשנטום. „בית הבימה" איז אָבער נישט מער ווי אַ געבאָרגטע אידעע, ווייל נישט זי קומט מיטן קעמפנדיקן טעמפעראַמענט, נישט מיטן גייסט פון רעפאָרם.

דער ערפאָלג פון „הבימה" קאָן אָפּנאַרן. דערזעלבער נחום צמח האָט זיך סאָך אין וואַנד געשלאָגן און קוים מיט צרות צונויפגעשלעפּט די מיטלען און אַראָפּגעבראַכט אין דעם יאָר 1913 זיין „הבימה" קיין ווין אויפן עלפטן ציוניסטישן קאָנגרעס, כּדי צו רעפּרעזענטירן פאַר דער אַלוועלטלעכער יידענשאַפט דאָס העברעישע טעאַטער, און פאַרבעטן דעם גאַנצן קאָנגרעס צו זיך אויף דער פאָרשטעלונג פון זיין טרופּע — איז אָבער קיינער נישט געקומען און מען האָט געשפּילט פאַר די ליידיקע שטולן. ער איז נעבעך דעמאָלט געבליבן שטעקן אין חובות און נישט געהאַט מיט וואָס אַוועקצופאָרן פון ווין. נאָר פּונקט ווי דער פיאַסקאָ איז דאַן געווען צופעליק, (קאָנקורענץ פון יוליוס אַדלער!) פּונקט אַזוי קאָן זיין היינט צופעליק (סענסאַציע פון העברעיש אין ראַטן-רוסלאַנד, זיגרייכער קאַמף מיט דער יעווסעקציע, דאָס נושא-חן זיין ביי די ערלים.) דער ערפאָלג.

דער ערפאָלג קאָן אָפּנאַרן. דאָ טאָר מען זיך נישט שטיצן אויף דער פּראָווינציעלער פּראַזנהאַפטיקייט און דעם פּראָגראַם-מעסיקן ענטוזיאַזם, וואָרים אין דער אמתן האָט דאָס קינסטלעכע העברעיש געלאָזט קאַלט. אַ טעאַטער אויף יידיש, אויף אַזאַ ניוואָ ווי די „הבימה", וואָלט מען גאָרנישט מיד געוואָרן עס צו וועלן זען. דער ערפאָלג האָט דעמאָלט געקאָנט זיין אָן אַ פאַרגלייך גרעסער, ווירקלעכער, אויפריכטיקער, אָנרעגנדער, רעזולטאַט-רייכער. נישט בלויז די פראַגע פון אַ קאָנטאַקט מיט דעם פּובליקום קומט דאָ אין באַטראַכט. קינסטלעכע ערשיינונגען זענען דערהויפּט שעדלעך צוליב דעם, וואָס זיי שאַפן פאַלשע באַציונגען: זיי נעמען זיך נישט פון אַן איגערלעך באַדערפעניש. עס געשעט פון יוצא וועגן. לכל הפחות איז דאָס דער פאַל ביים גרעסטן רוב פון פּובליקום. דער רום סוגערירט. דאָס פּובליקום פאַרלאָזט זיך אויף דעם אויטאָריטעט פון אַזעלכע גדולים ווי סטאַניסלאַווסקי, גאָרקי, קוגעל, וואָלינסקי, שאַליאַפּין, — וועלט-באַרימטע נעמען — און פאַרגינט זיך דאָס פאַרגעניגן צו זיין באַגייסטערט. יענע גדולים זעען אָבער דעם הויפּטרייץ אין דעם צוגעטראַכטן יידישקייט; דאָס פאַריידישטע איז פאַר זיי

יידיש. און בכלל נעמט אויס ביים עכטן קינסטלער דוקא אין דעם פּראָלעטאַרישן רוסלאַנד דער יחוס פון העברעיש, די אַריסטאָקראַטישע הייליקייטן, צו להכעיס דעם מאַטעריאַליסטישן רעזשים. פאַר אונז אָבער איז דאָס פאַרייידישטע אומנאַטורלעך, ווייל יידיש איז פאַר אונז נאַטור.

אויפן וועג צום יידישן טעאַטער איז „הבימה“ אַ נס, אַ גליקלעכער שפּאַל און אָרגאַניש אויסער דער ליניע פון זיין אַנטוויקלונג.

ער גרויסער נס פון „הבימה“ לערנט אונז אָבער, אַז פּונקט ווי „הבימה“, קאָן דאָס יידישע טעאַטער נישט געבויט ווערן אָן מסירת נפש און אָן קרבנות. זאָל נאָר זיך באַווייזן דער אמתער פירער מיטן עכטן טעאַטער-גייסט, דער מענטש מיט געשמאַק און פאַנטאַזיע, וועלכער וועט נישט קאָנען גיין אויף קיין קאָמפּראָמיס, דער קינסטלער מיט לעבעדיקע אידעען און מיט גענוג אויסדויער זיי צו רעאַליזירן, זאָל ער זיך נאָר באַווייזן — האָבן מיר אַ יידיש טעאַטער. נישט קיין פאַרייידישסט. דאָס מאַטעריאַל איז פאַראַן, דער באָדן איז פאַראַן, דאָס באַדערפעניש איז פאַראַן, עס פעלט נאָר דער בויער, דער פירער.

זאָל ער קומען

קודם כל: „פּאַריז‟ מיינט דאָ נישט די הויפּטשטאָט פון פראַנקרייך, און „וויענע‟ איז דאָ נישט דער פּראָנצויזישער נאָמען פון ווין. ס׳זענען פּשוט צוויי פּרט-נעמען; פּאַריז איז דער העלד און וויענע די העלדין פון אונזער ראָמאַן.

ד״ר יעקב שאַצקי האָט שוין אין דעם „לאַנדוי־בוך‟*) דערציילט וועגן דעם מערקווערדיקן גורל פון דעם דאָזיקן ווערק. ס׳איז געווען איינס פון די באַליבטסטע ביכער צום סוף מיטלעלטער און צום אָנהייב פון דער נייער צייט. די ערשטע רעדאַקציע איז אַ פּראָוואַנצאַלישע און שטאַמט פון יאָר 1364; דערנאָך איז זי אין משך פון די יאָרהונדערטער איבערגעזעצט געוואָרן אין 9 שפּראַכן, אין וועלכע ס׳זענען באַוווסט 59 געדרוקטע אויסגאַבעס און 12 מאַנוסקריפּטן. אין איטאַליע אַליין איז דאָס בוך אַרויסגעגעבן געוואָרן העכער 20 מאָל, און פון איטאַליעניש איז עס אויך איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש. דער דאָזיקער דרוק (וועראָנע, 1594) איז פאַרצייכנט אין יאָר 1880 אין בן־יעקבס „אוצר הספרים‟, ז. 455, נומ. 10.

פון בן־יעקבס פאַרצייכענונג איז אָבער צו זען, אַז ער אַליין האָט דאָס בוך נישט געהאַט פאַר די אויגן. ער ברענגט אפילו גאַנץ גענויע ידיעות: „ספר מעשה יפה בחרוזים, י׳ חלקים עם ציורים, נעתק מלשון רומי ללשון אשכנז ע״י ה״ר אליהו בעהר (בחור?)‟, אָבער ער פאַררופט זיך דערביי אויף שטיינשניידערן, וועלכער האָט אים בכלל שטאַרק געהאָלפן ביים אויפשטעלן זיין ביבליאָגראַפיע. שטיינשניידער ווידער האָט נאָך אין 1894 געשריבן אין זיין סופּלעמענט צום באָדלעיאַנא-קאַטאַלאָג, אַז קיין איין עקזעמפּלאַר פון דעם ראָמאַן איז ביי היינטיקן טאָג נישט באַוווסט. עס איז דעריבער אַ קשיא, פון וואַנען האָט ש״ש געוווסט צו געבן בן־יעקבן אינפאָרמאַציעס וועגן אַ בוך, וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן ביזן לעצטן עקזעמפּלאַר. דערויף האָט זיך פּריינט שאַצקי אָפּגעשטעלט אין זיין אַרבעט באריכות, אַזוי אַז איך קאָן זיך באַנוגענען מיט אָפּשיקן דעם לייענער צום לאַנדוי־בוך.

שאַצקי האָט אָבער אויפגעטון נאָך מער: ער האָט געבראַכט ווי-

*) שריפטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, ערשטער באַנד: לאַנדוי־בוך. ווילנע, 1926. ז״ז 187—196.

אַ צוגאָב צו זײַן אַרטיקל אַ פֿאַקסימיליע פֿון צוויי זײַטן (איין בלאַט) פֿון דעם ראָמאַן, וואָס עס האָט זיך אים אײַנגעגעבן צו געפֿינען אין אַן אַמעריקאַנער ביבליאָטעק, וווּהין דער יקר־המציאות איז אַרײַנגעפֿאַלן פֿון פּראָפֿעסאָר א. פֿרײמאַנס (פֿראַנקפֿורט־מאַין) פּריוואַטע זאַמלונגען. אמת, דאָס בלעטל איז צעשעדיקט, ס׳פֿעלט די גאַנצע אונטערשטע העלפֿט, אָבער אין דעם איז שוין נישט שאַצקיס שולדיק; איז לי איז דער בעסטער תּירוץ׳

אין דעם דאָזיקן אַרטיקל מײַנעם וויל איך געבן אַ ביסל צושטײַער צו דער קענטעניש פֿון דעם ראָמאַן, וואָס איז אַזוי לאַנג געווען פֿאַרגעסן; ווײַל מיר האָט געדינט דאָס מזל און איך האָב אויף מײַן שטודיר־רײַזע קײַן ענגלאַנד אין פֿרילינג 1926 זוכה געווען אויסצוגעפֿינען, צו זען און צו לייענען דעם דאָזיקן אוצר פֿון דער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור׳

ד״ר שאַצקי האָט זיך שוין אַליין אויך געכאַפּט נאָכן ענדיקן זײַן אַרבעט, אַז איין עקזעמפּלאַר פֿון „פּאַריז און וויענה״ (אַזוי איז די שרײַבונג אין אָריגינאַל) איז י אַ בנמצא. ד״ר מ. גאַסטער, דער איבערגעגעבענער פֿרײַנט פֿון אַלט־ייִדיש, האָט אים געפֿונען אין דער ביבליאָטעק פֿון פּראָפֿ. אַלדיס רײַט אין קעימברידזש און האָט דערצײלט וועגן דעם דעם באַוווּסטן פֿאָרשער פֿון אונזער אַלטער ליטעראַטור, ד״ר ל. לאַנדוי אין לאָנדאָן. דער לעצטער שרײַבט אין אַן אָנמערקונג אויף ז׳ XXIX פֿון זײַן בוך וועגן דעם ייִדישן אַרטוס־ראָמאַן*), אַז ער האָט געלאָזט מאַכן אַ פֿולע פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון דעם גאַנצן ביכל „מיטן געדאַנק דאָס שפּעטער אַרויסצוגעבן״. אָבער דאָס איז געשריבן געוואָרן אין 1912, און ביז הײַנט האָט נאָך ליידער ד״ר לאַנדוי נישט געהאַט קײַן מעגלעכקייט צו פֿאַרווירקלעכן זײַן פּלאַן.

פֿון ה׳ הערבערט לאָוע, לעקטאָר פֿון העברעיש און אַראַביש אין אָקספֿאָרד און קעימברידזש, בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז פּראָפֿ. רײַטס גאַנצע ביבליאָטעק איז נאָך זײַן טויט אַריבער צום טריניטי־קאָלעדזש אין קעימברידזש, וווּ אָט דער פֿילזײַטיקער געלערנטער איז געווען וויצע־מאַגיסטער (וויס־מאַסטער). דער ביבליאָטעקאַר פֿון טריניטי, כ׳ר.

*) Arthurian Legends, לײַפּציק 1912 (פּגל׳ מײַנע „שטאַפּלען״, ז״ז 42 און 48).

אַדאַמס, װאָס מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט דעם בוך*), און איך איך וויל זיך דאָ צו געבן דעם לייענער אַ ביסל אַ געוויערן געמעל פון דעם ווערק, איידער דאָס איז געווען מעגלעך ביז אַהער.

*

דער קעימברידזשער עקזעמפּלאַר איז אויך נישט קיין פולשטענדיקער, עס פעלן אין אים די ערשטע 24 בלעטער; אָבער דערפאַר זענען די פאַראַנענע אויסגעצייכנט אויפגעהיט און דערגייען שוין ביזן סאַמע סוף. דאָס לעצטע בלאַט איז 72, און דאָרט שטייען יענע שורות װעגן דעם דרוקאָרט און װעגן דער שטאָט בערן (װעראָנע), װעלכע זענען געבראַכט אין שאַצקיס אַרטיקל. דער טעקסט ענדיקט זיך אויף בלאַט עא a. היות דער ראָמאַן איז אַן איבערגעזעצטער (הגם נישט מעכאַניש, װי מיר װעלן זען), קען מען דעם פעלנדיקן טייל פון סיזשעט גרינג דערגאַנצן.

ביים קיניג דולפין װאַקסט אַ װוּנדערשיינע טאָכטער, װיענע. אין איר פאַרליבט זיך אַ יונגער ריטער, פּאַריז, װאָס דינט ביים קיניג. װיענע האָט אים אויך ליב, אָבער װעגן אַ פאַרייניקונג פון די צװיי קען גאָר קיין רייד נישט זיין: דער קיניג איז שטאָלץ און קלערט נאָר װעגן געלט און יחוס, ער װעט קיינמאָל נישט געבן זיין טאָכטער צו אַן אָרעמען ריטער. װען פּאַריז זעט, אַז זיין האָפענונג איז אומזיסט, פאַרלאָזט ער דולפינס הויף. דער קיניג שלאָגט זיך מיט דער דעה,

*) ביידע הערן זאג איך דא ארויס מיין הארציקסטן דאנק. — ביי דער געלעגנהייט וויל איך פארנאטירן, אז עס איז אקארשט ארויס פון דרוק א קאטאלאג פון אלע מאנוסקריפטן פון דער אלדיס-רייט-קאלעקציע, צונויפגעשטעלט דורך. מר. לאוע. צווישן די 159 נומערן „מיט העברעישע אותיות" זענען אויך פאראן 5 יידישע און נאך 4, ווו עס באגעגענען זיך איינציקע יידישע זאצן. אט איז דער טיטול פון דעם קאטאלאג: Catalogue of the Manuscripts in the Hebrew Character Collected and Bequeathed to Trinity College Library by the Late Dr. William Aldis Wright, Vice-Master of Trinity College by Herbert LOEWE, M. A., Cambridge, 1926.

מיט וועמען זאָל ער טון דעם חיתון: צי מיטן קיניג פֿון ענגלאַנד, צי מיטן קיניג פֿון פֿראַנקרײַך; אָבער סוף־כּל־סוף בלײַבט, אַז מען זאָל וויענען חתונה מאַכן מיטן יונגן הערצאָג פֿון בורגנלאַנד. מען פֿאַרבעט דעם חתן און מ׳נעמט זיך גרייטן צום קבלת־פּנים.

אָבער דאָ האָט זיך אײַנגעשפּאַרט וויענע: ניין און ניין. דער פֿאָטער האָט אָנגעהויבן צערנען, און ווען עס האָבן נישט געהאָלפֿן גוטע רייד, האָט מען זי פֿאַרשפּאַרט אין אַ תּפֿיסה. איר דינערין און חמרטע איזאַבעלע האָט געפּרוווט זי איבעררעדן, אָבער אומזיסט. וויענע האָט נישט געוואָלט הערן וועגן דעם שידוך און האָט זיך אפֿילו אָפּגעזאָגט צו נעמען עסן.

דערווײַל איז געקומען צו רייטן דער חתן, און מען האָט אים פֿיין צוגענומען, הגם מיט אַ ווייטאָג אין האַרצן. עס איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג און די כּלה האָט זיך אַלץ נישט געוויזן. פֿרעגן האָט זיך דער יונגער הערצאָג געשעמט; פֿלעגט ער אַלץ גיין אַרום שטוב און זוכן זײַן באַשערטע, אפֿשר וועט ער זי ערגעץ דערזען. ענדלעך האָט דער קיניג שוין נישט געקאָנט מער דאָס צוזען, האָט ער אים דערציילט אַלצדינג: ווי וויענע וויל נישט ברעכן איר ווילן, ווי שווער ער האָט זי באַשטראָפֿט, און עס העלפֿט אַלץ נישט. דער יונגער הערצאָג איז געווען זייער צעטראָגן, אָבער ער האָט געזאָגט: זיווגים קומען פֿון גאָט. נאָר איין גנאָד האָט ער זיך אויסגעבעטן: מען זאָל אים איינמאָל לאָזן זיך זען, בײַ עדות געווײַנטלעך, מיט וויענען. דער פֿאָטער האָט געגעבן זײַן הסכּם, און באַלד איז איזאַבעלע אַוועק צו וויענען מיט דער בשורה.

וויענע האָט אײַנגעשטימט צוצונעמען דעם גאַסט און זיך אויסצופּוצן לכּבוד אים, אָבער ערשט אין דריי טעג אַרום. מען האָט געמיינט, אַז איר ווידערשטאַנד איז געבראָכן. אין דער אמתן האָט זי גאָר צוגעקלערט אַ שפּיצל, כּדי ענדגילטיק צו פֿאַרטרייבן דעם „חתן“. זי האָט גענומען איינס פֿון די געבראָטענע הינדעלעך, וואָס מען האָט איר געבראַכט, און עס צוגעבונדן אונטערן אָרעם. די הון האָט גענומען פֿוילן, און ווען דער גאַסט איז אין באַשטימטן טאָג אַרײַן אין דער תּפֿיסה, האָט ער דערהערט אַ שרעקלעכן ריח. נאָך איידער ער האָט צײַט געהאַט אַ קלער צו טון וועגן דער סיבה, האָט אים וויענע דער-

ציילט, אַז זי איז קראַנק אויף אַ קראַנקהייט נישט אויסצוהיילן, און דע-
ריבער זאָל ער אוועקוואַרפן צו טראַכטן וועגן איר. עס האָט איר אָפּ־
בעגאָלטן, און דער יונגער הערצאָג איז מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ אוועק
אַהיים.

פאַריז האָט דערווייל געוואַנדערט איבער דער וועלט, געווען ביים
סולטאַן, ווו ער האָט אויסגעהיילט אַ קראַנקן פויגל, און איז ענדלעך אָן
איבערגעטונענער אין טערקישע בגדים געקומען צוריק צו דולפינס הויף.
ער האָט געראַטעוועט דעם קעניג פון אַ שווערער סכנה און באַקומען
דערפאַר דעם צוזאָג, אַז ער וועט ירשענען דעם טראָן און נעמען די
פרינצעסין פאַר אַ פרוי. אָבער וויענע וויל נישט נעמען קיין מאַן אַ חוץ
פאַריזן. ווידער האָט דער פרעטענדענט אויף איר האַנט אויסגעבעטן, מען
זאָל אים צולאָזן צו איר, און ווידער האָט וויענע מסכים געווען, כּדי
אים אָפּצוטרייבן. פאַריז איז געקומען (אָן איבערגעטונענער און אַ נישט-
דערקענטער) און געבעטן וויענען, אַז אויב זי וויל אים נישט נעמען
פאַר אַ מאַן, זאָל זי כאָטש צונעמען פון אים פאַר אַ מתּנה דאָס פינ-
גערל, וואָס ער האָט אַמאָל באַקומען פון אַ טאָטער. זי האָט אין דער
ערשטער רגע אָפּגעצויגן איר האַנט, נאָר דערנאָך האָט זי באַקלערט,
אַז אפשר וועט זי דורך דעם פון אים פּטור ווערן. אָבער ווי נאָר זי
האָט דאָס פינגערל אַריינגענומען אין האַנט, איז זי בלאַס געוואָרן: זי
האָט דערקענט, אַז עס געהער צו פאַריזן. זי האָט גערופן איזאַבעלען,
יענע האָט אויך דערקענט די סימנים, און חי וויענע האָט נאָך אַ מאָל
אָנגעקוקט דעם כּלומרשטן טערק, האָט זי דערקענט, אַז דאָס איז איר
געליבטער. זיי האָבן זיך לאַנג געהאַלזט און געקושט, דערנאָך זענען זיי
אוועק צום קיניג.

פאַריז האָט געזאָגט צו דולפינען: בעט איר אַליין אייער טאָכטער,
זי זאָל מיך נעמען פאַר אַ מאַן. דולפין האָט דאָס געטון, און צו זיין
פאַרוואונדערונג האָט וויענע איצט נאָכגעגעבן. דאָ האָט זיך פאַריז גע־
געבן צו דערקענען, עס איז געוואָרן אַ גרויסע שמחה ביים הויף, מען
האָט גערופן זיינע עלטערן, וועלכע האָבן אים שוין געהאַט באַוויינט,
און זיין געטרייען פריינט אָדאַרדאָ. פאַריז האָט באַלד אויפן אָרט
„אַנטשפּויזט״ וויענען, און דעם זעלביקן טאָג איז געווען די חתונה.
זיי האָבן אָפּגעלעבט אַ לאַנגן לעבן און האָבן זיך זייער ליב געהאַט,

און װען דולפֿין איז געשטאָרבן האָט פּאַריז געירשנט זײַן גאַנצע מלוכה.

*

אָט דאָס איז דער סיפּור־המעשה פֿון דעם ראָמאַן. פֿאַרשטײט זיך, אַז אין אַזאַ מין קיצורדיקער איבערדערצײלונג זעט זיך נישט אַרויס דער עיקר פֿון אַ װערק: װי אַזוי דער שטאָף איז איבערגעגעבן געװאָרן. דאַרף געזאָגט װערן: „פּאַריז און װיענע" איז פֿון די שענסטע װערק אין דער אַלט־ייִדישער עפּישער ליטעראַטור, און אפשר דאָס שענסטע: אין פּרט פֿון לעבעדיקײט און בילדערישקײט איז עס געגליכן צום בבא־בוך, אין פּרט פֿון אײדלקײט און צאַרטקײט שטײט עס העכער װי יענץ.

בכדי דאָס צו באַשטעטיקן װעל איך ברענגען אויסצוגן. פֿאַקטן זענען די בעסטע ראיה. איך מוז נאָר באַמערקן, אַז אָן אַ געװיסער צוגרײטונג איז אוממיגלעך אַרײַנצודרינגען אין גײַסט פֿון דער אַלט־ייִדישער שפּראַך. גאַנצע דרײַ שװעריקײטן שטעלן זיך אַװעק פֿאַרן הדיוט:

א) די שריפֿט. אונזער טעקסט איז גראָד געדרוקט מיט רש״י־כּתב, צום װײַט־גרעסטן טײל האָט די אַלטע ליטעראַטור אונזערע גענוצט דעם װײַבערטײַטש־שריפֿט; בײדע מינים דרוק זענען פֿרעמד אַ הײַנטיקן לײענער.

ב) דער אויסלײג. פֿאַרצײַטנס האָבן ייִדן געשריבן ייִדיש נישט אַזוי װי הײַנט, און די אונטערשײדן מוז מען קענען. דאָ קען איך נישט אַרײַנגײן אין פּרטים*), אָבער זאָל כאָטש אײן באַזונדערקײט דערמאָנט װערן: אין 16־טן י״ה האָט אונזער שפּראַך נאָך געהאַט, און אויך באַצײכנט בכּתב, דעם איבערקלאַנג; דהײנו: ö און ü זענען געװען באַצײכנט דורך „וי", eu דורך „ויי" (און אַ מאָל אויך דורך „וי").

ג) די שפּראַך בעצם, ד״ה די פֿאָרמען און דער װערטער־באַשטאַנד.

---

*) פֿגל׳ װעגן דעם אַלט־ייִדישן אויסלײג מײַנע „שטאַפּלען", ז״ז 108—114 און ב״ן נאָטיץ אין דער „ייִדישער פֿילאָלאָגיע" 1, ז״ז 94—95.

בכדי צו פארלייכטערן די זאַך פאַרן לייענער, ברענג איך דאָ די אויסצוגן מיטן היינטיקן שריפט און ווי ווייט מעגלעך דער־נענטערט צום היינטיקן אויסלייג. ממילא וועט בלייבן בלויז איין מניעה: די שפּראַך גופא. די לעצטע צוויי סטראָפעס דרוק איך מיטן פינקטלעכן אויסלייג פון אָריגינאַל. ווער עס וויל אויספרווון דעם טעם פון אַלע דריי שוועריקייטן, דער זאָל נעמען לייענען די פאַקסי־מיליע פון ז׳ 0חa און 0חb, וואָס איז צוגעגעבן צום אַרטיקל.

•

מיט דעם חתן פון בורגן־לאַנד איז אַלץ אָפּגערעדט, און ער וואַרט אויף אַ ידיעה. אָבער עס גייט אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, קיין בריוו קומט נישט, און אים ציט צו וויענען. נעמט ער זיך איינמאָל צוועלף געזעלן און קומט מיט זיי צו רייטן צו דולפינס הויף.

„ער קאם[1] צו רייטן אַזאָ אויפּס הײמס דאַר
אַז קעם ער עבן צו דען זיינען.
גאָר ליבלעך ער אַנטפאַנגען וואָר,
ווי וואָל די הערץ וואָלטן צעקיינען[2].
די טריי די וויז מען אים אומס גאָר,
דערוואָרטן דאָס[3] עס ניט זאָלט שיינען.
נון וואַר אים נאָך וויענע זייער און זער אַנדן[4],
אוז טאָרשט[5] ניט אויף זי פראָגן[6] פאַר שאַנדן.

נאָרט אימטער[7] גינג ער אום אים הוי
און קוקט דורך פענסטער און טירן;
גלייך אַז די קאַץ שפּירט נאָך דער מויז,
אַזאָ וואָר ער נאָך איר שפּירן.
דער קיניג זאַך, דאָס עס וואָר אויס,
דאָס ער אין ניט מיין קאָנט אומפירן, —
דרום פירט ער אין איינען דער קעמערלעך
און הוב אים אָן צו זאָגן די שמועה יעמערלעך.

1) די אַלט־יידישע שפּראַך האט נאך געהאט דעם אימפּערפעקט. 2) פלאצן. 3) כדי אז. 4) בענקען. 5) האט ניט געטארט. 6) =פרעגן. 7) =אימער, תמיד.

ער זאָגט אים די שמועה
מיט זיינען אָגן[8]) פול מיט טרער:
ווי ער וואָז קומען אין דען טאַנץ,
דאָס ער מיינעט צו זיין זיין שווער,
און ווי אים געבראָכן וואָר די שאַנץ,
דאָס ער דערבייַ ניט קאָנט זיין נער;
ווי אל זיין פרייד וואורד הינטער זיך געצאָגן[9]),
דאָ ער די ליידיק[10]) טאָכטער דרום וואָז פראָגן.

און ווי זי העט געזאָגט באַלד: ניין,
זי וואָלט קיין מאַן נעמען נאָך האָבן,
און דרויף ווער זי הערטער אַז איין שטיין;
און דערדורך (דאָ מעכט ער׳ס גלאָבן), —
ער העט זי דרום טון לייגן איין
אָין איינען טורן[11]) טיף געגראָבן
און מאַכט זי פיל נאָט און מארטער ליידן,
דערוואָרטן דאָס זי זאָלט איר דעה מיידן.

„דרום וויס, שפראָך ער, מיין ליבער זון
דאָס עס אָן מיר נישט איז אָפּגאַנגען,
און גאָט דער וויס אין הימל טראָן,
ווי מיר מיין הערץ דרום טוט באַנגען...

דרום, ליבער זון, אַהיימען ציך[12]),
איך וויל דיך ניט לענגער אויפהאַלטן.
איך בעט דיך דרום, פאַרענטפער מיך
גייגן דיינעם פאָטער דעם אלטן;
און אַזודער[13]) אך בעט איך נון דיך,
דו זאָלסט אלדינג גאָט לאָזן וואַלטן;
פאַרמאָג איך זיסט, זאָ זייט אויף מיך שאַפן".
זיסט וואָר ער אַנדער דינג פיל מיט אים קלאַפן[14]).

8) = אויגן. 9) איז פארפאלן געווארן. 10) די בייזע. 11) = טורעם, טורמע.
12) צי, פאָר. 13) באזונדער. 14) שמועסן.

דאָ דאָס דערהערט דער איידל יונג,
פאַר גראָסן שרעקן גלייך דערשטונד ער
און בראָך אים דאָ זיין הערץ און לונג
(דאָ נעמט עס מיך פריילעך[15] ניט ווּנדער!).
דאָך הוב ער אויף די האָניק-צונג
און שפראָך: „איך ווייס וואָל דאָס באַזונדער:
וואָס אָנגעבירט[16] צו נעמען מאַנען און ווייבער,
דאָס קומט פון הימל, דאָרט איז דער שרייבער.

און ווער דאָס אָך[17] פון גאָט באַשערט,
דאָ קענט עס דאָך קיין מענטש ניט ווענדן...

איך בעט אייך בייערט איין גענאָד
נישט מער וויל איך פון אייך באַגערן:
דאָס איך מיך וויענע זען לאָט[18]
און מיט איר ריידן אין צוכט און ערן...״

מען גיט איבער וויענען וועגן דעם פאַרלאַנג; זי איז מסכּים: „נון חיל איך הערן יאָ, וואָס ער וויל זאָגן; אָבער איך חיל האָבן ציל פאָראָן[18] דריי טאָגן״.

„און דאָס ערלעך צוגיי די זאַך,
וויל איך, דער בישאָף זאָל מיטקומען״.
די וואָרט וויענע איצונד שפּראַך.
און דאָ זיי איזאַבעלע האָט פאַרנומען,
דאָ אַנטבאָט[20] מען עס דעם חתן אָך,
דען דוכט, עס זיין ראָזן און בלומען;
דאָס ער זי זעך[21] און מיט איר קענט ריידן,
דוכט אין, ער קעם גלייך אין דאָס גן-עדן״.

*

15) טאקע. 16) וואס עס איז שייך. 17) == אויך. 18) == לאזט. 19) פריער.
20) מען האט עס אנטבאטן, איבערגעגעבן. 21) אז ער זאל זי זען (קאניונקטיוו).

די סצענע, ווו פּאַריז גיט זיך צו דערקענען דעם קעניג און דול-
ין גיט אים זיין טאָכטער:

„דער קיניג וואָלט'ס גאָר און גרינג
ריכטן דאָרט אויס אויף יענעם זיצן
און שיקט האַלן[22]) איין גילדן רינג
און ליס באַלד מזל־טוב דרויף קריצן;
און אָן געפלעכט[23]) און אָן געזינג
קיין רב, קיין גראַף[24]) הערט מען ניט גיצן[25]),
אָן האַרפן און אָן לויט[26]) און אָן באַלדוויזן[27])
מאַכט ער פּאַריז וויענע גלייך אַנטשפּויזן[28]).

און אַז באַלד ער זיי'ם טרומבייטער[29]) באַט
זיי זאָלטן אומעטום אויסשרייען,
ווי ער זיין טאָכטער אויסגעבן האָט
און ווי און ועם' — גאַנץ די הוויה[30]).
און אום די פרייד און בעטנבראַט[31])
וואָר ער היימיש און פרעמד אל פרייען[32]):
דער האָף זאָלט אָפן זיין איין מאָנעט גאַנצן
צו עסן, טרינקען, שפּילן און צו טאַנצן.

— — — — — — — — — — — —

אין דיזן פּאַלאַץ און אין דעם האָף
וורד בי געזען זעלך געדראַנגען
פון בירגערלייט, ריטער און פון גראָף:
אידערמאַן וואָלט פּאַריז אַנטפּאַנגען.

22) ברענגען. 23) שהיות. 24) = גראַף. 25) פלאַפּלען. 26) אַ סטרונע־אינסטרו-
מענט; אין אַלע אייראָפּעישע שפּראַכן (פגל. פראַנצויזיש luth, פּויליש lutnia, דײַטש Laute) פון אַראַביש al'ud. 27) טרומייטערן? 28) דאָס געווייענטלעכע טייטשוואָרט פאַר העברעיש „ארש". 29) = טרומייטער. 30) פון לשון „הוה": די פאַקטן, ווי זיי זענען געשען. אַ גוט וואָרט פאַר אונזער הײַנטיקער שפּראַך ! 31) בשורה. פגל' מיין נאָטיץ אין לאַנירוי-בוך, ז"ז 50—56. 32) פאַרבעטן.

דאָס שלום־עליכם און דאָס מזל־טוב
דאָס וואָלט ניט האָבן איין אויסגאַנגען;
דאָס חעזן און די פרייד די מען וואָס טרייבן[33],
די שטייט מיר ניט צו זאָגן נאָך צו שרייבן".

•

דער אויטאָר פון אונזער ראָמאַן באַנוגנט זיך אָבער נישט מיט שילדערן די ליבע־געשיכטע: אַזוי ווי ער איז גערן וועגן די באַציונגען פון די קריסטלעכע העלדן פּאַריז און וויענע צו דערציילן אויף אַ יידישלעכן שטייגער, אַזוי האָט ער ליב פון צייט צו צייט גלאַט אָפּצוטרעטן פון זיין טעמע און צו פאַרענטפערן זיך אין וואָס עס איז פאַר זיינע לייענער, אָדער אַרויסצוזאָגן אַלגעמיינע סענטענצן. ער באַמערקט אַ שטייגער, אַז ווער עס האָט געלייענט דאָס בוך אויף איטאַליעניש (אויף „וועלש"), דער קאָן נאָך האָבן טענות, וואָס טייל ערטער זענען געקירצט; אָבער ער האָט נישט געוואָלט ציען אַזוי לאַנג. דעם פערטן טייל לאָזט ער אויס מיט אַ ווילי־ונגערישן אָנצוהערעניש, וואָס איז אַזוי באַליבט געווען ביי די וואַנדערנדיקע זינגער פון יענער צייט:

„און וואָלט איר ווייטער הערן פון דען פירן[34],
זאָ וואַרט, איך מוז מיר פאָר[35]) די קעל שמירן".

צום סוף פון פינפטן טייל פלעגט אפשר געמאַכט ווערן אַ הפסקה אין רעציטירן[36], ווייל מיר לייענען דאָ:

„...פון דעם איך ניט מיין[37]) זינגען מאָג,
ווען[38]) איך מיך איבער אים דערבאַרים;
דרום וויל איך מיין געזעץ[39]) דאָ לאָזן נידער.
און וואָלט איר הערן מיין, זאָ קומט דען ווידער!"

דער זעקסטער טייל הייבט זיך אָן:

„איך בעט דיך, גאָט, דאָס דו מיין הערץ דערוועקסט,
דאָס איך מאַך דאָס דאָזיק טייל דאָס זעקסט".

---

33) מען האָט געטריבן. 34) וועגן די פיר. 35) פריער. 36) וועגן די זינגער אויף פירלייענער פגל. מ. עריק, וועגן אַלט־יידישן ראָמאַן און נאָוועלע, ווארשע, 1926 און מיין ארטיקל: „יידישע זינגער, אַקטיאָרן און פאָרלעזער אַמאָליקע צייטן" אין „פאָרווערטס" 1926, מאַי 16. 37) מער. 38) דען, ווייל, ווארים פגל' נ. שטיף אין לאַנדוי־בוך ז"ז 95—128. 39) סטראָפע.

וּף פון זיבעטן טײל לײענען מיר

„דאָ טוט דאָס זיבעטע טײל באַשליסן,
גאָט זאָל אונז זכות אבות לאָזן געניסן״.

און דאָס גאַנצע בוך (אַלזאָ דער צענטער טײל) ענדיקט זיך מיט דעם געװײנטלעכן נוסח פון אונזערע אַלטע ספרים: גאָט זאָל שיקן משיחן. אָבער װי שײן, איך װאָלט געזאָגט: װי גראַציעז איז דאָס אױסגעדריקט:

„דער בלבול[40]) און די האָפנונג מײן,
איז, דאָס אײנער זאָל קומען צו רײטן
אויף אײנעם גרויען באָק מיט לאַנגע אָרן
און זאָל אָנבלאָזן נאָר אײן שײצלעך[41]) האָרן

און זאָל אונז ברענגען אין די שטאָט
די גאָט פאַר לאַנגסט[42]) האָט טון דערװײלן
דאַמיט דאָס דאָ זאָל זײן באַשטאַט
אַל אונזער לײב און אונזער זײלן.
דאָרט װעלן מיר זיך רײדן זאַט
און גאָטס הילף װעלן מיר דערצײלן
און ניט פון פאַריז נאָך װיענע נאָך איזאַבעלע:
דאָס זײ װאָר אין גאָטס נאָמען, אמן סלה״.

מיר באַגעגענען אויך גרעסערע אָפּװײכונגען, װו דער מחבר אנטװיקלט אַלגעמײנע אידעען. מיר װעלן ברענגען אַלס אילוסטראַציע דעם אָנהײב פון זעקסטן טײל, װו עס װערט באַהאַנדלט די פּראָבלעם פון געלט און יחוס אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, װאָס דולפין װאַרפט אָפּ פּאַריזן.

40) דא מסתמא (לויטן ערשטן פשט: „צוטשעפעניש״): אנשפאר, אנהאלט
41) געמיינט איז פונקט דער היפוך. 42) פאר לאנגע צייטן.

„פאַרפלוכט מוז זײַן דאָס געלט און גוט,
און אַך ווער דאָ האָט דראָן זײַן גלאָבן!
דער מענטש דרום טאָג נאָך נאַכט ניט רוט,
און אָפּט מיט רעכט און אָפּט מיט ראָבן[43];
און אָפּט פאַרקױפט מען פלײש און בלוט
נאָר דאָס מען אײן האָכן שאַץ ווײל האָבן.
דער טײוול פירט׳ס הין אַז פײער שוועבל[44]
און אַז אײן גראָסער ווינט פירט דען נעבל.

ווײל אײנער זײַנער טאָכטער געבן אײן מאַן
אָדער זײַן זינען[45] געבן ווײַבער,
מען פרעגט ניט, אָב ער אײן מזל[46] קאָן,
אָב ער איז אײן לערנער אָדער שרײַבער;
נאָרט אויף דאָס געלט דאָ טרעפט דער צאָן,
און ווען ער ווער אײן אײזלס-טרײַבער,
אײן צווערג, אײן נאַר, אײן שטונף[47], אײן לאַפּן[48])
האָט ער נאָרט[49] געלט, דאָ איז מען נאָך אים שנאַפּן.

אײן קנאַב, אײן מײד, גײ הין און שניץ
און זײ דיך דרויף מיט אײ׳ם באַראָטן.
זײַן ערשטע פראָג, זײַן ערשטער גיך[50]:
„האָט זי פיל געלט?“ „האָט ער דוקאָטן?[51]“
מען פרעגט ניט מײן אויף זין נאָך וויך[52],
אויף פרומקײט נאָך אויף וואָל געראָטן.
דאָס געלט דעקט אײן איטלעכע בײזע מידה,
ווען ער שאָן ווער אײן ממזר בן הנידה!

זיך, איז אײן טרופּף[53] נוײרט גיקערבט[54])
אן זײַן זעלבש לײב אודר גישלעכטן

43) =רויבן. 44) אזוי ווי פײער (פירט אוועק) שוועבל. 45) זײנע זין (רעטיח).
46) צו מיטן פשט: פּראָפּעסיע. 47) בערך: אַ טעמפּער קאָפּ. 48) אַ גאָרנישט. 49) =נאָר.
50) פשט: דאָס ערשטע, וואָס ער ברענגט אַרויס פון מויל. 51) רענדלעך. 52) שכל.
53) = טראָפּ, נאַר. 54) קאַרבן, מאַכן אײנשניטן; אַ געקאַרבטער — אַן אָדלמאַן

הוט ערשט בון אַלטר שוין גיערבט  
איין איטליכש דינג נעכון[55] בור שוועכטן[56])  
זיין קוינן[57]) אַלז דו מיט בור דערבט  
קיין לוב קיין גוטש, קאן אימש צו טרעכטן[58])  
הוט דען דער רייך איין ברוך[59]) ויר[60]) שפּאַנן דיקר[61])  
זו איז דיאַ שאַנד נישט אונש געלט דער עקר:

איין אַלטר מאַן אין דער וועלט  
הוט אופט וואז דו זולט האָבן איין יונגר  
אונ' נורט דרום דש ער הוט געלט  
איין יונגי דירן[62]) אים[63]) ביצווונגר[64])  
דער נאך ער זיא בייא נאַכט דרקעלט[65])  
און אין זיין אַרמן שטירבט זי הונגר  
אונזר וויזן[66]) האבן עז וואל בור[67] בויר בוטן[68]  
חען[69]) יונג מיט אַלט קאן נוימר מין[70]) רעכט הוטן[71]):״

*

בן-יעקב האָט משער געווען, אז דער אליהו בעהר, וועלכן ער האָט אַרויסגענומען פון אַן אומבאַקאַנטן מקור, איז אליהו בחור. פון אָפּגעהיטקייט וועגן האָט ער צוגעשטעלט אַ פרעגצייכן, הייל ס'איז געווען ביי אים נישט מער ווי אַן אַבסטראַקטע סברא. צי קאָן אָבער ביי דעם, ווער עס האָט איבערגעלייענט דעם דאָזיקן אַרטיקל, בלייבן נאָך אַ ברעקל ספק וועגן דעם מחבר? געוויס איז דער שרייבער פון „פּאַריז און וויענע" ר' אליהו בחור, דאָס קאָן מען זאָגן מיט הונדערט פּראָצענט זיכערקייט. און נישט דערפאַר, ווייל „אליהו בחור איז דער איינ-

---

55) = נעבעך. 56) פּשט: אין יעטוועדער פּרט איז ער שוואַך. 57) = קענען. 58) = צוטראַכטן. 59) בראַך, שבר. 60) =פיר. 61) פּשט: פיר שפּאַן די דיק (די גרעב). 62) מיידל. 63) זיך. 64) = באַצוווּנגען ער, האָט ער באַצוווּנגען. 65) דערקעלטן—פאַרקילן. 66) חכמים. 67) פריער, פאַרצייטנס. 68) = פאַרבאָטן. 69) דען, חייל. 70) =נימער מיין בשום אופן נישט. 71) האַטן — גיין צוזאַמען.

ציקער יידישער שרייבער צו יענער צייט, וועלכער האָט זיך אינטערע־
סירט מיט דער וועלטלעכער ליטעראַטור", ווי עס שרייבט שאַצקי ז' 195.
ווען מיר זאָלן אָפּפירן בלויז מיט אַזוינע פאָרמעלע אַרגומענטן, וואָלט
מען געקאָנט ענטפערן: אליהו בחור איז איינער, און דער איקס, וואָס
האָט פאַרפאַסט אונזער „פּאַריז און וויענע", איז דער אַנדערער. מען
קאָן אויך נישט דרינגען, אַזוי ווי דאָס האָט געטאָן ד"ר ל. לאַנדוי אין
זיין אויבנדערמאָנטן ווערק, אַז ווייל עס איז פון יענער צייט נישט באַ־
וווּסט קיין צווייטער דיכטער אין יידיש, וואָס זאָל נוצן דעם „אַכט־געזעץ"
(סטראָפע פון אַכט שורות, אָטטאַווע־רימע, סטאַנסן), דאַרף מען אליהו
בחור באַטראַכטן סיי פאַרן מחבר פון „פּאַריז און וויענע", סיי פאַרן באַ־
אַרבעטער פון אַרטוס־הויף אין דעם דאָזיקן משקל. אין אַזאַ פאַל דאַרף
מען משפטן נישט לויט אויסנווייניקסטע סימנים, נאָר לויט זאַכלעכע,
אינעווייניקע. און דאָ קומען מיר צום באַשלוס:

אין „פּאַריז און וויענע" קומט צום אויסדרוק
אַזאַ מין בולטע שרייבערשע אינדיווידואַליטעט,
אַז מען קאָן דעם מחבר דערקענען אויף אַ מייל.
מיר האָבן דאָ די אייגענע גענג, די אייגענע איינפאַלן, די אייגענע וויצן,
ווי אין בבא־בוך. עס איז אוממעגלעך, אַז די פאַרפאַסער פון „בבא־
בוך" און פון „פּאַריז און וויענע" זאָלן נישט זיין אידענטיש. און היות
אין בבא־בוך איז דער מחבר אָנגעוויזן בפירוש און עס איז וועגן אים
נישטאָ קיין שום ספק, מעגן מיר זאָגן: „פּאַריז און וויענע" איז אליהו
בחורס צווייטער ראָמאַן. דערמיט מיין איך נישט, פאַרשטייט זיך, צו
פּסקענען, וועלכע פון די צוויי זאַכן ער האָט געשריבן פריער. אויב די
פראַגע וועט זיך בכלל לאָזן פאַרענטפערן, איז יעדנפאַלס נאָר דורך אַ
בפּרטיותדיקן אַנאַליז.

און אַז עס איז שוין געקומען צו רייד וועגן דער סטאַנסן־באַאַר־
בעטונג פון אַרטוס־ראָמאַן*), וועל איך אויפשטעלן נאָך אַ זאַך, וואָס איך
נעם זיך אונטער צו דערווייזן: די סברא וועגן אליהו בחורס מחברשאַפט

*) דער איינציקער עקזעמפּלאַר, וואָס האָט זיך אויפגעהיט (אין אָקספאָרד), איז
געדרוקט אין פּראָג בערך 1652—1679; נאָר לויט דער שפּראַך איז אַ סברא, אַז
ס'איז אַ ווערק פון 16־טן י"ה.

פון דעם דאָזיקן ראָמאַן, וואָס איז ארויסגעזאָגט געוואָרן דורך ל. לאַנדוי און באַנייט געוואָרן דורך מ. עריקן, איז אַ פּאַלשע. די שפּראַך, דער סטיל, די שילדערונגען זענען אויף אַזויפיל אַנדערש, אַז אַ טעות קאָן דאָ גאָרנישט געמאָלט זײַן. כּל זמן מיר האָבן געקענט בלויז דאָס בבא־בוך, האָט מען זיך נאָך געמעגט אפשר שלאָגן מיט דער דעה. אָבער איצט, ווען מיר האָבן דעם פאַרגלײַך־מאַטעריאַל פון צוויי אַזוינע בולטע ווערק, מעגן מיר די היפּאָטעזע וועגן אליהו בחורס מחברשאַפט פון דעם סטאַנסן־אַרטוס מיט אַ ריינעם געוויסן אויסשליסן פון אונזער ליטעראַרישן באַגאַזש.

# I

די נע וגעדע יידישע קונסט האָט ליב זיך אָפּצושטעלן אויף די ברייטע וועגן פון דעם אַלטוועלעכן שאַפן.

מיר קומען מיט גליענדע פונקען און שטעלן זיך אַוועק אויף דער ברייטער שוועל פון דער גרויסער וועלט־קונסט.

מיר דערמאָנען אַז עס איז פאַראַן אויך אַ דריטע זייט פונם קונסט־מעדאַל...

מיר פאַרמעסטן זיך מיט בירגער, וואָס זענען ערצויגן געוואָרן אויף אַ פעסטן היימישן באָדן. מיר שטעלן זיך אַנטקייגן די נאַטירלעכע, ראַציאָנעלע שפּראָצונגען פון אַ טיף און ברייט איינגעוואָרצלטן שורש.

מיר, גע ונעדע, קומען ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלענע באַגייסטערונגען. נישט מיר ווייסן פון וואַנען עס נעמט זיך, נישט מיר שטרעבן צו קולטווירן דעם וואַרעמען פונק פון אונזער שאַפן.

אַמאָל האָבן מיר זיך גישט אָפּגעשטעלט אויף די שוועלן, אַמאָל זענען מיר מיטגעגאַנגען מאַכטלאָז מיטן שטראָם — ביז מיר זענען אַרויף אויף די ברייטע וועלט־וועגן און דאָרט זיך פאַרלוירן צווישן דער ברייטער מענטשלעכער מחנה.

מיר זענען דעמאָלט אומפאַראַנטוואָרטלעך געווען. עס האָבן אונז געבייצט די ווייטע ליכטיקע פּערספּעקטיוון. דאָס איז געווען אַמאָל.

עס זענען אָנגעקומען רעפלעקסן. מען האָט זיך דערזען אָפּגעשפּיגלטע צווישן צוויי זייטן פונם מעדעל. עס איז אויסגעקומען אָפּצוגעבן זיך פון דעם אַ דין וחשבון.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין אַז מען קען נישט בלייבן אומפאַרזענלעך. אויף די ברייטע וועגן פון דער קונסט קען מען נישט שפּרייזן גלייכגילטיק. ווייל קונסט איז אַ בלוט ענין — אַ מיסטעריע, וואָס שטראַלט אַרויס פון אַ ראַסן־גייסט. איז טאַקע צווישן צוויי זייטן פון דעם מעדאַל אַנטשטאַנען דאָס דריטע — Arte Judaica (יידן־קונסט) וועט זאָגן דער געלערנטער וואָס וויל אַלץ אָנרופן מיט אַ פאַרשטענדלעכן טערמין. אַ באַצייכנונג וואָס קלינגט גענוג אַבסטראַקט. דאָס זאָל

באַדייטן נישט מער און נישט ווייניקער ווי נע ונעדע קונסט. ווייל אומבאַקאַנט איז דאָס לאַנד און מער ווי באַקאַנט די ראַסן וואָס האָבן אַזאַ קונסט ערנערט. ווייל צווישן אַלע פעלקער און לענדער, צווישן אַלע ראַסן און נאַציאָנען קען מען דעם שורש פון „אַרטע יודאַיקאַ״ געפינען. אוראַלטע און אויך מאָדערנע פעלקער האָבן ערצויגן און ערנערט אויפן שמאָלן ראַנד צווישן די צוויי זייטן פונם מעדאַל אַ נע־ונעדע קונסט. די דריטע זייט שלענגלט זיך אויף די גרענעצן אין שכנות מיט דער גאָרער וועלט.

נע־ונעד און עלענד איז די יידישע קונסט, ווייל פאַרנעפלט זענען די האָריזאָנטן און אומאַוווסט די פערספעקטיוון.

אַ קונסט וואָס וואָגלט זיך דורך דור־דורות אויף אַלע אַלוועלט־לעכע וועגן און שוועבט אין די אַלע זיבן הימלען האָט נישט געקענט געפינען קיין בעסער אָרט ווי שלענגלען זיך צווישן שאַרף־אויסגעשפראָכענע זייטן פונם מעדאַל.

II

יידן, יידישקייט, יידישע קונסט...

עס וואָלט גאָרנישט געשאַדט אָפּצושטעלן זיך אויף אַ רגע, אָפּ־אָטעמען, אום צו קענען זיך עטוואָס אָריענטירן אין דער פראַגע פון קונסט איבערהויפט ווי אויך אין דער ספעציפיש יידישע קונסט.

---

דער אַלטער אהאַסווער, דער לעגענדאַרער ייד־אייביקער־וואַנדערער איז גאָרנישט אַזאַ טראַגישע ערשיינונג. אַ סימבאָל וואָס מאַכט געשיכטע. אַ סימבאָל וואָס איז נאָך ביז איצט אין טראַקט פון זיין נסיעה. אַן ערשיינונג וואָס שליידערט זיך אַריבער פון איין יאָרהונדערט אינם צווייטן. פון איין לאַנד אין אַן אַנדערס. און זעלבסטפאַרשטענדלעך: פון איין עקסטרעם צו אַ צווייטן — אַזוי וואַקסט מען איבערגעפלאַנצטע אויף פאַרשידענע באָדנס. נישט טיף איינגעוואָרצלטע, נישט פאַרפעסטיקטע וואַנדערט מען פון לאַנד צו לאַנד. אַלץ איז ליב, אַמשטאַרקסטן דער גלות.

# III

דעם אמת געזאָגט, עס איז גאָרנישט פאַראַן קיין אונטערשיד צווישן די היינטיקע און אַמאָליקע יידישע קינסטלער.

רעדנדיק וועגן די אַמאָליקע מיינט מען נישט קיין לאַנג פאַרשטאָרבענע קלאַסיקער. אונזערע קלאַסיקער זענען די נעכטיקע שילער פון די רוסישע און דייטשע אַקאַדעמיעס.

אונזערע קלאַסיקער זענען די פרעמירטע פלייסיקע און געהאָרכזאַמע אַקאַדעמיקער. צווישן דעם אַלעם פעלט נישט קיין צומיש פון אַ געוויסע דאָזע דילעטאַנטיזם. צום גוטן זאָל עס זיין געזאָגט. אונזער קלאַסיקער איז גענוג ווייט פון אַ מייסטערהאַפטע פאַכמענערישקייט. אונזער קלאַסיקער איז אָנגעשטאָפּט מיט אידעען, אידעאַלן און ענלעכע גייסטרייכקייטן.

נישט זייענדיק אַליין פונדאַמענטאַל האָבן אונזערע קלאַסיקער געשאַפן דעם באָדן. זיי האָבן דערוועקט און אויפגעמונטערט אַ דור, אַ פיינדלעכן צו זיך דור פון אָפּלייקנער און ווייט-שפּרייזנדע אַספּיראַנטן.

דער נייער דור יידישע קינסטלער איז פּונקט אַזוי אָפּהענגיק פון זייער סביבה און צייטמעסיקע אידעען ווי עס זענען אין זייער צייט אויך אָפּהענגיק און באַאיינפלוסט געווען די אַמאָליקע. עס איז גענוג שווער צו זאָגן פאַר וואָס דער ייד האַלט זיך פאַר אַ נאָוואַטאָר, פאַר אַ וועקער, פאַר אַ אָנזאָגער —

אפשר דערפאַר ווייל די אידעען און פּראָבלעמען פון אונזערע נישט-יידישע שכנים ווערן מיט דער צייט גענוג יידישלעך אַז מיר זאָלן קענען שטאָלצירן מיט אונזער אָריגינעלן, נאַציאָנאַלן שאַפן.

ביישפּילן דאַרף מען נישט ווייט זוכן. גענוג צו נעמען אין אָנבאַטראַכט די סטילן פון יידן אין פאַרשידענע לענדער, ווו די אַבסאָלוטע איינהייט איז אויסגעשלאָסן — שכנים באַאיינפלוסן און ווירקן נישט נאָר אויפן געמיט, נאָר אויך אויפן אינטעלעקט.

צי דאַרפן מיר זיך דען וווּנדערן אַז אין יעדן לאַנד, צוליב פאַרשידענע שכנים, קומט אונז אויס צו זיין אַזוי פאַרשידנאַרטיק —

דאַרפן מיר זיך וווּנדערן אַז אונזערע עמבלעמען זענען פאַרפלאָכטן מיט אַזאַ פרעמדע העראַלדישע סימבאָליק — אונזער רעליגיעזע פאַראַ־

פערנעליעס זענען אָפּהענגיק פונם לאַנד און שכנים צווישן וועלכע עס קומט אונז אויס צו לעבן.

עמבלעמען וואָלטן געדאַרפט זיין העכסט אָריגינעל און פאַרמאָגן דעם איינהייטלעכן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. די מנורה, דער עכט־יידישער אַנטיק איז אויך געוואָרן נישט זעלטן פאַרשידנאַרטיק מאָדיפיצירט.

אַזוי איז עס שוין, און נישט נאָר ביי אונז יידן. דער צלם, דער קריסטלעכער סימבאָל פון קרייציגונג איז געוואָרן פילפאַכיק פאַרענדערט — לויט דער פאַרשידענער לאָקאַלער אָרנאַמענטיק — רוימיש, קאָפּטיש, ביזאַנטיש, גאָטיש...

דער וועג פון קונסט טיילט זיך אויף געוויסע אויסגעשפּראָכענע עטאַפּן. קאָלעקציעס פון גרויסע קונסט־גאַלעריעס און מוזעאומס אילוס־טרירן דאָס גענוג בולט. דאָס אַמאָליקע, די אַרכאַישע, די פאַרשווינדענע עפּאָכן ווערן נישט זעלטן אינטערפּרעטירט מיט גרויס פאַרגעניגן און פרייד פון אונזערע איצטיקע ראַדיקאַלסטע מאָדערנע עקסטרעמיסטן. די איינפאַכע, נישט זעלטן אומבאַהאָלפנסטע אויספירונג — די אויפריכטי־קייט און אוממיטלבאַרקייט דינען זייער עפּס אַלס סווינטעסענץ פאַר מאָדערנסטע הייַנטיקע ריכטונגען.

אַמאָליקער פּיעסעט ווירקט רייצנד אויף סובטעלסטע קינסטלער פון היינט. יידן פאַרייניקן גענוג אָפט דאָס אַמאָליקע מיטן איצטיקן. יידישע קינסטלער האָבן געוויסע נייגונגען און סימפּאַטיעס צו אַמאָליקע פאָר־מען. ספּעציעל פאַר דער לעצטער צייט האָט זיך געמערקט אַ דראַנג, אויב נישט צום אַרכאַיזם, איז יעדנפאַלס צום אוממיטלבאַרן פּרימיטי־וויזם. אַ דראַנג צו דער איינפאַכער נאַיוויטעט. דאָס האָט אפשר גאָר־נישט צו טאָן מיט דער אויפלעבונג פונם פאַלקלאָר. דאָס איז אַ פאָר־שריטלעכע ווענדונג צו נייע פאָרמען —

אַמאָל האָבן מיר גאָרנישט געשעצט די שעפערישע עלעמענטן וואָס דרימלען אינם פאָלק. מיר האָבן קיינמאָל נישט געשעצט די קינ־סטלערישע נייגונגען פונם פשוטן מענטשן. עס האָט געדאַרפט קומען דער איבעררעפינירטער, דער מיד־געוואָרענער עסטעט וועלכער האָט דערזען מיט זיינע אָפענע אויגן די שיינהייט פון דער איינפאַכער, נאַי־ווער פאָלקס־שאַפונג. אָנגעהויבן האָט עס זיך ביי אונז נאָך ביז צו דער

בצלאל־שולע, וועלכע איז א פראָדוקט פון אָט דער ווענדונג: צוריק צו דער פאָלקס-קונסט —

שלעכט האָט פאַרשטאַנען די בצלאל־שולע אָט דעם וועג צום נייעם יידישן רענעסאַנס. די שולע איז נישט אַרויף אויף דעם סינטעטישן וועג. די בצלאל־שולע האָט נישט איניצירט קיין יידישע קונסט־ווענדונג. די בצלאל־אינסטיטוציע האָט בלויז אַריינגעבראַכט א געוויסן אָריענטאַלן סוראָגאַט — נישט באַרייכערט, בלויז פאַרשוועכט דעם וועג פון אונזער בענקשאַפט צו נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט. די דריטע זייט פונם מעדאַל איז שטענדיק אין דער פאַרלעגנהייט צו ווערן באַאיינפלוסט —

נישט אין דער אָריענטאַלער עקזאָטיק איז פאַרבאָרגן די דעפיניציע פון יידישע קונסט. נישט אין דער אַראַבעסק־אָרנאַמענטאַציע געפינען מיר אונזערן יידישן אויסדרוק. נישט די סטיליזירט־באַצירטע מנורה און מגן-דוד ווען כאַראַקטעריזירן דעם יידישן סטיל. מעגלעך אַז דאָס זענען פאַסיקע העראַלדישע עמבלעמען פאַרן צוקונפטיקן ציוניסטישן אַדעל און ארץ-ישראל־מאַגנאַטן — אונזערע אַמאָליקע סימבאָליסטן האָבן נישט נור באַנוצט — זייער אָפט פילפאַכיק איבערגעניצעוועט אָט די נאָבעלע מנורה און מגן־דוד-סימבאָלן פאַר זייערע אַלעגאָרישע אַפּאָטעאָזן.

אויב דער איצטיקער יידישער קינסטלער קען זיך נאָך נישט באַגיין אָן אַזעלכע דעקאָראַטיווע פיינקייטן, קען זיין מער ווי זיכער אַז דער צוקונפטיקער נאַציאָנאַל־יידישער פלאַסטיקער וועט עס באַטראַכטן אַלס מאַטעריאַל פון אונזער אומבאַהאָלפנקייט און באַגרענעצטקייט פון דער גלות-פאַנטאַזיע.

ווי שיין און פרעציעז די מנורה זאָל נישט זיין, ווי איינפאַך דער מגן־דוד זאָל נישט פרעזענטירן — קענען זיי אַלץ נישט דינען פאַר אויסשליסלעך אַבסאָלוטע מאַטיוון מיט וועלכע מיר דאַרפן אונטערשטרייכן דעם כאַראַקטער פונם יידישן סטיל.

## IV

יידישער סטיל — די דריטע זייט פונם מעדאַל...

א סטיל וואָס שוועבט צווישן פאַרשידענע לענדער און פעלקער.

אַ סטיל וואָס קען זיך נישט פאַראַנקערן אין קיין האַפן. אַ לעבנס־לוסטיקער סטיל.

די צוויי זייטן פונם מעדאַל פרעסן און באַאיינפלוסן די דריטע זייט וואָס שלענגלט זיך אונענדלעך און זאַפט אין זיך איין דאָס בעסטע און דאָס ערגסטע, דאָס שטאַרקסטע און דאָס שוואַכסטע.

עס איז אויך נישט מערקווירדיק אַז די דריטע זייט באַאיינפלוסט — עס זענען פאַראַן פאַקטן וועלכע כאַראַקטעריזירן דאָס זייער בולט: פון בצלאל בן אורי ביז פּראָפעסאָר באָריס שאַץ. פון מאַקס ליבער־מאַן ביז מאַרק שאַגאַל. נישט רעדנדיק שוין וועגן יצחק לעוויטאַן, יאָ־זעף איזראַעלס, לעאָ באַקסט, יעקב עפּשטיין, מאַדיליאַני... און נאָך און נאָך גייסטרייכע יידישע קינסטלער אויף וועלכע עס האָט געווירקט די ברייטע וועלט און וועלכע האָבן געווירקט אויך אויף אַלע אַנדערע —

מ׳קען נישט זאָגן אַז פּראָפעסאָר באָריס שאַץ האָט דערגענצט אָדער דערווייטערט דעם אָנהייב פון בצלאל בן אורי. אָבער אַז מאַקס ליבער־מאַן האָט אַריינגעבראַכט נייע עלעמענטן און פאַרגענציקט די פּרעכטי־קע אימפּרעסיאָניסטישע מאַלעריי אין דייטשלאַנד, דאָס איז אַ פאַקט. די דייטשע מאַלעריי קען שטאָלצירן מיט ליבערמאַנס דערגרייכונגען פונקט ווי דער עקספּרעסיאָניזם מיט שאַגאַלס אויסגעשפּראָכענע אוממיטל־באַרקייטן.

מאַקס ליבערמאַן האָט בייגעטראָגן צו דעם שטרענגן דייטשן אַקאַדעמישן ראָמאַנטיזם זיין כמעט נאַטוראַליסטיש־אימפּרעסיאָניסטישן רעאַליזם.

מאַרק שאַגאַל האָט באַצויבערט די וועלט מיט אַ וויזיע וואָס איז אַנטשטאַנען אינם גייסטרייכן אוממיטלבאַרן רוכלאַנד, אַ וויזיע וואָס האָט זיך אָפּגעשליפן מיט גענוג גרויסן פאַרלוסט פון געוויסע גראָבע פיינ־קייטן אַ דאַנק דעם אייראָפּעישן און ספּעציעל פּאַריזער פילטער. דאָס איז צום גוטן אָדער צום שלעכטן, אַן אומגעהייער רייצנדער סינטעז אפשר דער יידישיסטישער צווישן די צוויי זייטן פונם מעדאַל.

די דריטע זייט איז נישט גיגאַנטיש קאָלאָסאַל, אויך נישט אָרעמזעליק פּרע־טענציעז — עס איז ליידנשאַפטלעך פאַרביסן, פיבערהאַפט אומרויק, סטיכיש אויסגערעכנט ווי דאָס יידישע שאַפן. דאָס יידישע שאַפן — לויט דער טראַדיציע, צוזייט און צושפּרייט.

דאָס יידישע שאַפן איז קאָמפּליצירט. מען וויל עס זאָגאַר נישט אָנערקענען פאַר אַ שאַפן און יידן נישט פאַר קיין שעפער. פאַרמיט־לער זענען מיר, די בירגער פון דער דריטער זייט פונם מעדאַל.

מען וויל אונז דיסקרעדיטירן אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכן שאַפן. פאַר רעפּראָדוצירער, פאַר אינטערפּרעטאַטאָרן און ענלעכעס צו דעם האַלט מען אונז דאָך.

מען קרעדיטירט אונז מיט קינאָ און טעאַטער־פעיקייטן. זייער אינטערעסאַנט. —

טעאַטער־שפּיל איז זייער קאָמפּליצירט. שוין דערמיט וואָס עס איז אַן אַנסאַמבל פון פאַרשידענע וואָקאַלע און פּלאַסטישע עלעמענטן. קלאַנג, באַוועגונג, אַרכיטעקטור און מאַלעריי זענען אויף דער בינע אומאָפּטיילבאַר. זיי שאַפן אַ גראַנדיעזע גאַנצקייט, ווייל בינע האָט אַ פּראַכטפולע אויפגאַבע צו פאַרשאַפן אַ ספּעקטאַקל. דאָס מיסטישע באַקומט קאָנקרעטע פּלאַסטישע פאָרם אַ דאַנק דער פילזייטיקער קאָנצעפּציע.

טעאַטער אין אַלגעמיין אָפּערירט מיט געניג באַגרענעצטע מיט־לען. קינאָ איז גליקלעכער. דערפאַר האָט דאָס מאָדערנע טעאַטער אַזאַ נייגונג צו דעם קינאָ־אַרטיקן. עס ווערט וואָס אַמאָל זיכערער אַז מען דאַרף שוין נישט קיין שפּראַך, עס זענען געניג קלאַנגען. מען דאַרף אויך שוין נישט מער קיין אילוסטראַטיווע דעקאָראַציעס — אַ געוויסע קאָנסטרוקטיווע קאָנצעפּציע אינטערפּרעטירט פולקאָמער. ריינהאַרד האָט דאָס פאַרשטאַנען. און נאָך אַנדערע יידן האָבן דאָס פאַרשטאַנען. ריינ־האַרד און די אַנדערע יידן האָבן צוועקגעשטעלט דאָס מאָדערנע טעאַ־טער אויף אַ געהעריקע הויך. דאַרף מען זיך טאַקע נישט ווונדערן וואָס מען קרעדיטירט אונז מיט דעם. —

אויף די אינטערנאַציאָנאַלע טעאַטער־אויסשטעלונגען האָט מען זיך געקענט איבערצייגן וואָס פאַר אַ ראָלע עס שפּילן יידן אין דער טעאַטער־קונסט. דאָס וואָס עס מערקט זיך נישט אויף דער בינע, טרעט אַרויס זייער בולט פון די עקספּאָנאַטן אויף אַז אינטערנאַציאָנאַלע אויסשטעלונג —

דאָרט איז געווען כמעט אַלץ וואָס דאָס מאָדערנע

טעאַטער פאַרמאָגט. אַלע ריכטונגען און נאַציאָנען זענען גע-
וועז רעפּרעזענטירט, אויכער דער יידישער. אויב דאָס יידישע
טעאַטער איז אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער טעאַטער-אויסשטע-
לונג נישט געווען רעפּרעזענטירט, הייסט עס נאָך נישט, אַז יידן האָבן
דאָרט נישט געשפּילט קיין ראָלע. עס וועט געניג זיין צו דערמאָנען צוויי
נעמען:

ריינהאַרד און באַקסט.

V

עס דאַכט זיך, אַז מיר זענען שוין גענוג ווייט אַוועק פון דער
צייט ווען מיר האָבן באַהאַנדלט אונזערע רעליגיעזע עמבלעמען און סי-
נאַגאָגאַלע באַצירונגען אַלס אויסדרוק פונם יידישן סטיל.

טלית און תפילין, באָרד און פאות, בעקעשע און ספּאָדיק זענען
זייער דעקאָראַטיוו. דער ארון-קודש און ספר־תורה־פּרוכת — אויך דאָס
אַלץ אין און אַרום דער שול אָדער בית-המדרש פאַרמאָגט אַ געוויס;
שטימונגס־פולן סטיל. אויב מען וויל — אַ גענוג גלותדיקן. יעדנפאַלס
איז דאָס אַ מין סטיל, אַ נישט זייער אויסגעהאַלטענער — דאָך אַ סטיל.
נישט אַן אַלגעמיין־יידישער, אַ סטיל אַ לאָקאַלער. כאַראַקטעריסטיש
פאַר געוויסע געגנדן.

מיט וואָס זענען מיר ערגער אָדער בעסער פון אַנדערע. אַלע
פעלקער און נאַציאָנען האָבן דאָך זייערע כאַראַקטעריסטישע לאָקאַלע
שטריכן וועלכע ווערן באַטראַכט אַלס זייערע אייגנאַרטיקע סטילן.

ווי געזאָגט, מיר זענען אָפּהענגיק פון אונזערע שכנים. דער קאָמ-
פּעטענטער פאָרשער, דער היסטאָריקער קען דאָס זייער לייכט באַווייזן.

צי האָט מען דען נישט באַוויזן די ענלעכקייט פונם טלית צו
דער אַראַבישער שוואַרץ־ווייסער וואָלענע אַבאַיע, דעם מאַנטל פונם
ארץ־ישראל איינוווינער? דאָס האָט אָבער ווייניק וואָס צו זאָגן וועגן
יידישן סטיל, פּונקט אַזוי ווי די מאַורישע אַרכיטעקטור כאַראַקטעריזירט
נישט פולקאָם די יידישקייט פון דער סינאַגאָגע.

דער מזרח־סטיל איז כאַראַקטעריסטיש, אָבער נישט מאַסגעבנד פֿאַר יידן אין אייראָפּע.

די ווייכקייט פֿונם אָריענט איז אונז אפשר מער צום האַרצן. די קאָנטורן פֿון דער מאַוריטאַנישער אַרכיטעקטור איז אונז נענטער פֿון גאָטישע אָדער ראָמאַנישע. אין דער היגזיכט הערשט ביי אונז אַ מיש־מאַש. נישט זעלטן באַגעגנען מיר זיך מיט גריכישע פֿאַסאַדן און פּאַגאָדע־דעכער צווישן אינזערע נאָך פֿון אַמאָל געבליבענע שולן. עס איז אויך נישט אויסגעשלאָסן אז ערגעץ־ווו זאָל אַ יידיש־שטעטל נאָך איצט אויפֿבויען עפּעס ענלעכעס.

צוליב אונזער סטיללאָזיקייט ברענגען מיר אַריין נישט ווילנדיק אַ געוויסע קוריאָזע עקזאָטיק אין די אייראָפּעישע שטעט און שטעטלעך — פּונקט ווי מיר האָבן אָריענטאַליזירט אונזער געטאָ מיט פּילפּאַרבי־קע בעקעשעס, פּיינגעקרייזלטע בערד און פּאות, נישט פֿאַרגעסנדיק אויך ־עגן דער באָבעס ירושה.

אונזערע באָבעס האָבן שוין יאָ אַמאָל געהאַט סטיל. דעם אוני־ווערסאַל־ווייבערישן. די יידישע פֿרוי איז ענלעך צו איר באָבע. די יידי־שע פֿרוי איז אויסגעהאַלטן. ביז היינט נאָך זאָגט זי זיך נישט אָפּ פֿון דער באָבעס ירושה, פֿון די בונטע טערקישע אין אַלט־פֿרענקישע שאַלן, פֿון די בייטשלעך קרעלן, שנירלעך פּערל און פֿאַרשידנערליי אַלט־יידי־שע פֿון דור־דורות פֿאַרבליבענע צירונג.

צירונג איז אַ יידישע זאַך. באַטראַכט זיך דען נישט דער ייד פֿאַר אַ צירונג אויף גאָטס וועלט? האַלט ער דען נישט דעם שבת פֿאַר אַ צירונג פֿון דער יידישער וואָך און די ימים־טובים פֿאַר אַ צירונג פֿונם יידישן יאָר?

דאָ אָט אין צוזאַמענהאַנג מיט די פֿייערלעכקייטן באַגעגנט מען זיך אַמנאָנסטן מיט דאָס יידישע, מיט דורכויס יידישן סימבאָל פֿון אַ מיסטישן סטיל.

אַ סטיל איז אַ נשמה־אויסגוס. דאָס איז אַ מין ענטוזיאַזם פֿון אַ פֿאָלק. פּשוט געזאָגט: סטיל מיינט פּנים. דערפֿאַר איז דער יידישער סטיל אַזוי פֿאַרשידנאַרטיק —

דערפאַר האָבן מיר נישט נאָר איין סטיל, מיר פאַרמאָגן פאַר־שידנאַרטיקע — לויט אונזערע פילפאַכיקע פנימער.

מיר זענען דאָך אוניווערסאַל, אָבער נישט אין אונזער סטיל. מיר פאַרמאָגן נישט די גראַנדיאָזיטעט, די ברייטע אומבאַגרענעצטקייט — אַלוועלטלעכקייט: מיר זענען צעגלידערט אויף די שמאָלע זיגזאַגמעסי־קע אַלוועלטלעכע וועגן פון די פאַרשידנאַרטיקע פעלקער־סטילן.

מיר די מיסיאָנערן, די קולטור־טרעגער פון געניוג אַלטע צייטן.

אַ סך גענומען, נישט ווייניק געגעבן. עטוואָס באַשאַפן און נישט זעלטן איינגעשליגגען געוואָרן פון אַנדערע נישט פיל שטאַרקערע, נישט אַ סך עלטערע און זייער אָפט יונגערע פון אונז.

אַ סטיל, פונקט ווי קונסט, איז אַ בלוט־ענין. מען האַלט דאָך אונז פאַר סאַנגוויניקער אויף געוויסע לעבנס־וועגן.

אויפן געביט פון קונסט זענען מיר גענוג אַנעמיש. מיר האָבן נישט זעלטן געמוזט לייען אַ געוויסע דאָזע פונם רויטן שכנישן בלוט. מיר מיט אונזערן היציקן טעמפּעראַמענט האָבן זיך געקענט ערלויבן אויף אַזאַ לוקסוס ווי צו לייען זאָגאַר ביי די קאַלטבלוטיקסטע שכנים עפּעס פון זייער פולסירנדע קרעאַטיווע קראַפט אום צו שאַפן אייגנ־אַרטיקע נאַציאָנאַל־יידישע ווערטן.

אונזער יידישער סטיל האָט זיך אַמבעסטן קריסטאַליזירט צווישן די שכנים, ווו עס האָט זיך אַמשטאַרקסטן אַנטוויקלט זייער אייגענער כאַראַקטעריסטישער נאַציאָנאַלער סטיל. דאָרט ווו מיר האָבן געהאַט שוין פאַרטיקע ביישפּילן, ווו מיר האָבן געקענט בייטראָגן אַ יידישן קעגנזאַץ אַלץ קאָנטראַסט.

מזרח־אייראָפּע און דער אָריענט קענען דינען אַלס די בעסטע ביישפּילן.

אַז מיר זענען עפּיגאָניש געשטימט אין צו דער זעלבער צייט נאָוואַטאָריש געשטימט — וועגן דעם איז שוין נישט וואָס צו רעדן. דער בעסטער באַווייז, אונזער נייגונג פון איין זייט צו דער קאָנאָניזירטער קאָנסערוואַטיווער ווענדונג, פון דער צווייטער — צו די ראַדיקאַלסטע מאָדערנע ריכטונגען.

מיר זענען דאָך אַזוי נישט מיטלמעסיק. עקסטרעמסטע עקסטרע־
מיסטן קענען עס נישט זיין.

ווילנדיק דעפינירן דעם יידישן סטיל מוז מען קומען צו אַ מערק־
ווירדיקע קאָנקלוזיע —

אַ פאָלק וואָס האַלט אין איין שטענדיקן אויפלעבן, אין איין ווי־
דערגעבורט —

אַ פאָלק וואָס שטייט שטענדיק אויף דער שוועל פון איי נאַרטיקן
נאַציאָנאַלן שאַפן.

אַ פאָלק וואָס האַלט אין איין חלומען וועגן רענעסאַנס —
אַזאַ ערשיינונג איז אַליין פאַר זיך אַ סטיל.

אברהם מאָרעווסקי

# טעאַטער-הימלען

/ געדאַנקען און פּראָגנאָזן /

„און נאָר אזוי דורך אנדערש זיין גע־
זיכערט אין די אייביקע באוועגונג".
ק. גוצקאָוו / „אוריאל אקאסטא".

אַנטיפּאָד, קעגנזאַץ, היפּך —
דאָס איז דער ווייטער האַריזאָנט פון מענטשלעכער שטרעבונג,
ווו דער היפּך איז פון אויג פאַרשווונדן, דאָ הערט אויף דאָס באַגייס־
טערטע, נשמהדיקע לעבן און ס'הויבט זיך אָן — ווּהשע עקזיסטענץ.
און קאָמפּראָמיס איז נישט קיין סימן און אוודאי נישט קיין
סינאָנים פון טויט, נייערט פאַרקערט — קאָמפּראָמיס איז לעבן.
בתנאי! —
אַז די שטאַנדאַרטן פון גאַטירלעך־אידעישן זאָלן נישט ווערן צו־
נויפגעוויקלט און פאַרגעסן, נייערט זיי זאָלן בלייבן הענגען אין דער
הייך.
און רופן, און וועקן, און דערמאָנען —
דער קאָמפּראָמיס זאָל דעם אידעאַל נישט אָפּלייקענען!

* *

די בירגערלעכע וועלט האָט צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע ליגנס
אויסגעטראַכט איינעם זייער אַ נאַרישן:
— „געזעצן".
נישטאָ קיין געזעצן, ס'איז דאָ שכל און געוויסן פונם מאַכטהאָ־
בער. ס'איז דאָ די קונסט פון קאָמפּראָמיס — ביים הערשער.
— „הערשן הייסט פּאָרויסזען", האָט געזאָגט מיראַבאָ אויפן שוועל
פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. פּאָרויסזען הייסט גע־
דענקען און פאַרשטיין —
דעם אַנטיפּאָד, דעם קעגנזאַץ. דעם היפּך.
אין דער קונסט זענען די צוויי עקסטרעמע גרענעצן פון איר
לעבן און עקזיסטענץ.
אינהאַלט און פאָרם.
ווי טאָג און נאַכט באַשאַפט צוזאַמען צייט.
ווי פאָטער און מוטער בילדן — קינד.
ווי לאַנג און ברייט — שטח —

אַזוי באַשטייט קונסט פון אינהאַלט און פאָרם.

און צווישן זיך זענען די דאָזיקע אַנטיפאָדן אין אייביקן און פאַרעקשנטן קאַמף. אָבער וואָס העפטיקער זיי קעמפן, אַלץ מעכטיקער איז זייער קאָמפּראָמיס — דאָס ווערק פון קונסט.

און אַלץ בלאַסער און ווערטלאָזער איז דאָס ווערק פון קונסט, וואָס איינער פון זיינע אַנטיפאָדן איז מער דערשטיקט.

* *
*

מיר וועלן נישט רעדן וועגן די „אויפגאַבן" פון קונסט.

„אויפגאַבן" האָבן געדונגענע משרתים, קאָאָפּטירטע „ספּעצן", פאַרן קאָלנער צוגעצויגענע באַאַמטע אינם האַרמאָניש-כאַאָטישן פּראָצעס פון מענטשלעכן שאַפן.

כוחות שעפערישע; כחות, וועלכע שפּראָצן פון ערד צום היכל; כחות וועלכע זענען פאַרזייט אין די טיפענישן פון דער אייביקייט און בליען מיט די קנאָספּן פון זייערע צייטן —

אַזעלכע כחות האָבן נישט קיין פאָרויסבאַשטימטע „אויפגאַבן" — זיי האָבן נאָר זייער טבע.

און קונסט בטבע איז די נאַטור, געזען אין שפּיגל פון דער צייטווייליקייט.

די „נאַטור" אָבער איז קאָנסערוואַטיוו, אייביק, געזעצלעך.

די „צייטווייליקייט" איז — פאַרקערט: בונטאַריש, דורכלויפנ-דיק, פלאַך און דער קאָמפּראָמיס פון ביידע אַנטיפאָדן אינם קינסט-לערס ווילן — איז דאָס קונסטווערק אין אַלע פעריאָדן פון איבער-גאַנג — מיר לעבן אין סוף פון אַזאַ פעריאָד — הויבט אָן די פאָרם צו שטיקן דעם אינהאַלט.

און — להיפך: דער אינהאַלט דאָמינירט איבער דער פאָרם אין פעריאָדן פון פעסטער — מיר וואָלטן זיך אויסדריקן: „פיליסטערישער"— וועלטבאַנעמונג.

לאָמיר זעמען מאַלעריי, אין וועלכער איך וועל זיך שטיצן — נישט זייענדיק קיין קענער — אויף מיינע נישט עקזאַקטע, — ווייל אינטואיטיווע — באַאָבאַכטונגען, בעת אַ מיטלמעסיקער תלמיד פון באַ-רימטן מייסטער — אַ ווייניק באַקאַנטער נאָמען פון XVII, XVIII יאָר-

הונדערט — מאָלט זיין טעמע לויט די פעסטגעשטעלטע פרינציפּן פון זיין גרויסן לערערס שיטה, —

דערזעען מיר, די צוקוקער, תיכף זיין טעמע, און מיר דערקענען נישט זיין פּענזל.

— „אַ אָונט שטימונג" זאָגט יעדער: „אַן אַלטע פּרוי", „אַן עפּלבוים" — פון XVIII יאָר-הונדערט, וועט צוגעבן אַ מער באַהאַוונטער און דאָס איז שוין „וויסנשאַפט" — ס'איז געווען אַ צייט נישט פון „זוכן", גייערט פון „פּרו ורבו" — דאָס אָנגענומענע, דאָס פעסטגעשטעלטע, — און דער קינסטלער האָט געדינט דער נאַטור, דעם אינהאַלט. זיינע פאָרמען, — זיין „ווי אַזוי ער זעט" — בלייבט דאָ פּאַרוויִשט.

* * *

נעמט אַ בילד פון אַ מאָדערנער קונסטלמעסיקייט.

דער דורכשניט-מענטש שטייט ווי אַ תם און ווייסט לגמרי נישט וואָס מען וויל האָבן פון זיין אויג.

דער „באַהאַוונטער" וועט באַשטימען: עקספּרעסיאָניסטיש, פאָרמיסטיש, קוביסטיש א. אַז. וו.

— וואָס שפּיגלט אָפּ דער לייוונט?

„אין שפּיגל פון דער צייטווייליקייט" — וועלכער פינטל פון דער „אייביקייט" שפּילט פאַרן צוקוקער?

דאָס ווייס נאָר דער קינסטלער אַליין: „זוכט אין קאַטאַלאָג. און בעת איר געפינט שוין דאָס „קעפּל", מוזט איר ערשט אין זיך זוכן דעם סינטעז פון קינסטלערס שיטה מיט דער אָביעקטיווער נאַטור: די פאָרם האָט דעם אינהאַלט דערשטיקט. ס'איז די „קונסט" פון איבערגאַנגס-צייטן.

אויף אַלע געביטן פון קונסט איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט גאַנץ פינקטלעך אָפּצוטיילן „קונסט" פון „לעבן" (לאָמיר זאָגן „לעבן" פון „עקזיסטענץ"...)

קונסט הויבט זיך אָן דאָ, וווּ עס האָט אויפגעהערט די פיזיאָלאָגישע פונקציע פון איר אָביעקט (אינהאַלט!).

אַ לעבעדיקע קו וואָס „בעט נישט עסן״, איז אַ קונסטווערק.
אַ „וואַלד״, וועמענס שאָטנס עס קילן נישט, מיט וועמענס געהילץ עס הייצט זיך נישט — איז אַ קונסטווערק.

אַ קונסטווערק איז יענץ שטיק נאַטור, ווו דער איינדרוק האָט פאַרביטן דעם פּראַקטישן ווערט פון געגנשטאַנד.

מוזיק אַ שטייגער, איז דורכאויס קונסט.

און דורכויס קונסט — איז מאָלעריי.

און קונסט איז אַלץ, וואָס איז געשניצט פון האָלץ, געקריצט אין שטיין, געקלעפּט פון ליים —

אויב נאָר דער ווערט דערפון איז דער איינדרוק פונם אינהאַלט.

עס איז נישט קיין קונסט־ווערק, נייערט אַן אָביעקט פון וויסל־שאַפטלעכער אויספאָרשונג, —

אויב דער איינדרוק פונם אינהאַלט פעלט, און ס׳איז פאַרבליבן די פאָרם פון געוויסער צייט.

און עס איז סתם אַ שטיק ליים, אַדער גאָלד, אָדער בראָנז — אויב מען זעט דאָרט נישט קיין אינהאַלט און נישט קיין פאָרם. —

ס׳איז לעבן, נישט קונסט: דער איינדרוק איז פאַרלוירן, די פאָרם איז פאַרשוווּנדן.

*
*

די דאָזיקע פעסטע באַשטימונגען דאַרף מען מיט פאָרזיכט צופּאַסן די קונסט פון וואָרט: ליטעראַטור.

און דאָ קלעפּט זיך לחלוטין נישט די קונסט פון נפש: טעאַטער!!

מער פון אַלע אַנדערע קונסטגעביטן האָט ליטעראַטור באַשאַפן אַרום זיך לאַבירינטן פון „אויפגאַבן״ און דערמיט פאַרווישט די איינגע־שאַפטן פון איר קינסטלערישער טבע.

לעבנסגעברויכער האָבן איינגעשפּאַנט אַלע איידעלע קונסטן אין די יאָכן פון זייערע דינסטן.

אָבער קיין איין קונסט איז נישט אַוועק אין שפּאַן אַזוי הכנעהדיק און צוגעפּאַסט ווי ליטעראַטור.

דער איבנגעשילדערטער קאַמף צווישן אינהאַלט און פאָרם קומט אין ליטעראַטור נישט אין באַטראַכט.

דאָ קאָן נאָר געמאָלט זיין דער איינדרוק אָנשטאָט דעם פּראַקטישן ווערט.

אין ליטעראַטור איז קונסט — דאָ, וו מיר האָבן דעם איינדרוק...

און עקזיסטענץ — דאָ, וו מיר פילן די „אויפגאַבע", די טענדענץ, די טעזע. און אין ביידע פאַלן איז עס לעבן. דאָס וואָרט דאָס קאָנקרעטע לעבעדיקע וואָרט דאָמינירט דאָ איבער דעם חילוק פון כל ערליי ליטעראַרישע פאָרמען.

צווישן שעקספּירן און אַן ערשטן בעסטן פעליעטאָניסט איז אין זין פון ווערטערשטאָף — (דאָס אָביעקטיווע) — נישטאָ קיין חילוק ביידע — אין פלוג — שרייבער.

סטיל — בלויז סטיל (דאָס סוביעקטיווע) — טיילט אָפּ איינע פון: דער צווייטער, די ליטעראַרישע שיטות (דאָס איז שוין חיסנשאַפטלעכע פאָרשונג), אָבער „קונסט" פון „לעבן" אָפּצוטיילן איז דאָ נישט מעגלעך, ווייל ליטעראַטור — שטאָפלעך גענומען — איז „האַמלעט" און ליטעראַטור איז אַ צוואה, און ליטעראַטור איז אַ פּראָטאָקאָל וועגן אַ געהיימניספולן מאָרד אין אַ פינסטערער נאַכט.

ווי אַזוי קאָן ווער אָפּטיילן אַזאַ פּראָטאָקאָל אין אַ קרימינעלן ראָמאַן, אָדער ביי דאָסטאָיעווסקין — (איינדרוק! קונסט) — פון אַזאַ פּראָטאָקאָל, געפונען אין פּאָליציי־אַרכיוו (פּראַקטישער ווערט! לעבן)??

איינדרוק — און נישט פונקציע — אומעטום דאָ: סוביעקטיווע.

און אומעטום — „אויפגאַבע"... וו איז דאָ די עצם טבע? דאָס אָביעקטיווע? די נאַטור

און טעאַטער?—

„די קונסט פון נפש" —

„פונקציע" קאָן דאָ נישט אויפהערן: דער „נפש" אָטעמט, הוסט בייזערט זיך, לייגט —

פונקציאָנירט קערפּערלעך און גייסטיק: עקזיסטענץ. לעבן!!

ווו זשע איז — „קונסט״?

אפשר דאָ, וווּ מען דערפילט (להיפך פון ליטעראַטור!) די א ו יפ־ג אַ ב ע הינטער דער עקזיסטענץ??

אפשר איז אַ סברא צו זאָגן, אַז אין טעאַטער הויבט זיך אָן די קונסט דאָ, ווו דער צוקוקער פארגעסט אָן דעם שפעטער און ווערט אריינגעטאָן אין דעם פראָבלעם פונם קונסטווערק??

אפשר איז אַ סברא, אַז דער לעבעדיקער שפילער מיט זיין עק־זיסטענץ — פון וועלכן קיין שיטה וועט אים אויף די 3 שעה פון ספעק־טאַקל נישט ארויסשטופן — איז נאָר די פאָרם? און דער אינהאַלט איז דאָס פראָבלעם? די אויפגאַבע? דער איינדרוק?

אפשר גראָד פארקערט ווי אויף אַלע אַנדערע געביטן?? דאָס איז יענער לאַבירינט פון 1001 באגריפן, אין וועלכן דאָס מאָדערנע טעאַטער בלאָנדזשעט ארום און וועט קיינמאָל אויפן דרך הישר פון טעאַטער און קונסט נישט ארויסקריכן אזוי לאַנג ווי עס וועט נישט רעסטאַווירן אין זיין אַבסאָלוטער דיקטאַטור איבער אַלץ די פערזאָן פון אַקטיאָר — „דעם נפש״!

*

*

מיר וואָלטן וועלן אויסמיידן אין דאָזיקן ארטיקל דעם שטעג פון היסטאָרישער פאָרשונג.

אָבער יעדער איינער ווייס — אָן „באַווייזן״ פון וויסנשאַפט — אַז די טבע פון טעאַטער, זיין תוך, זיין אינהאַלט, זיין נאַטירלעכער יסוד איז —

מענטשלעכער עקסטאַז,
התלהבות, יום־טובדיקייט.
דערהויבנקייט,
העלדישקייט —
געטלעכקייט,

נישט יענע „געטלעכקייט", וועלכע באַזאַלבט די מושלים מיטן רעכט
אויף הפקר איבער די אונטערטאַנער.

נאָר יענע געטלעכקייט, וועלכע שטעקט אין יעדן לעצטן פון די
אונטערטאַנער און צינדט אָן אין זיינע אויגן דאָס העליש פייער פון
פרעכטיקער גרייטקייט צום קאַמף פאַר הויכע אידעאַלן.

נאָר יענע געטלעכקייט׳ וועלכע מאַכט אַ סוף צו דער חיהשער
אָפּשטאַמונג פון מענטשנסקינד און לייגט דעם ערשטען שטיין אין דער
שטראַלנדיקער מלוכה פון גליקלעכע און גלייכע.

יענע געטלעכקייט, וועלכע מאַכט מעגלעך צו גלויבן, אַז

„homo homini lupus est"

איז נישט מער ווי אַ בייזער שאָטן פון פינסטערן עבר און אַז די צו-
קונפט קאָן זיין אַן אַנדערע,

ווייל אַ מענש איז נ י ש ט קיין חיה,

ווייל די שטראַלן פון זיין שכל שאַפן אים דעם ליבן מענטשלעכן
שמייכל אויף די ליפן זיינע

און פון שטאָלצן שכל, און פון ליבן שמייכל אַ באַשטראַלטער פירט
ער נאָך זיך זיינע גלייכע צווישן זיי דער ערשטער. —

און איז הימליש און איז שטראַלנדיק

און איז געטלעך

און נאָר דאָרטן איז טעאַטער – זיין טבע, זיין אינהאַלט — וואו
עס לעבט און ווירקט און שאַפט און פונקציאָנירט דער דאָזיקער באַ-
שטראַלטער נפש —

דער אַקטיאָר

און נישט זיין שולד איז עס, אויב אין די קרומע און פינסטערע
קאָרידאָרן פון די יאָרטויזנטן האָבן פאַרשיידענע מושלים אָנגעבונדן זיין
היכל און היים כל ערליי אויפגאַבן און מען האָט סוף כל סוף
אַוועקגעשטעלט אים אויפן קאָפּ.

דער טעאַטער פון היינטיקן טאָג פאַרשפרייט אַרום זיך גיפט —
און זייט מתים.

מתים, מתים זענען די הונדערטער און טויזנטער פאַלייט פון
היינטיקן אייראָפּעישן „טעאַטער", וועלכע גייען אויס פון הונגער און
פּלאַצן פון קנאה צוליב דעם, וואָס „ע ר" און נישט „א י ך" האָט

דעם אנגאַשזעמענט און סמ'ען די לופט מיט אינטריגע, העצע, חניפה, בלבול — ווייל טעאַטער איז דאָך די בערזע פון די הונגעריקסטע צווישן אַלע מענטשנוועלף פון דער היינטיקער געזעלשאַפט.

נישט מער ווי צביעות אָדער פשוטער אידיאָטיזם איז עס, וואָס די מאָדערנע מדריכים — די פיגמעיען, די פראַזאַיִקער מיט זייערע שפּיציקע מוחות און תאוה'דיקן ליפּן, מיט זייערע מאַניקירטע נעגל פון די פאַרשוויצטע פינגער —

די מדריכים „פאַרשן“ דעם מצב און „זוכן“ די וועגן און שאַפן „נייע פאָרמען“

און אַרום זיי מאַכט מען אַנקעטעס און מען פרעגט מיט ריזיקע אותיות! — לעבט דאָס טעאַטער??

צבועקעס!

טעאַטער לעבט אַזוי ווי אין מענטשנס האַרץ לעבט אמונה אין ציַיטן פון גליק.

טעאַטער לעבט אַזוי ווי עס שטראַלן דעם מענטשנס אויגן דורך די ליכטן פון דרייסטע האָפנונגען.

טעאַטער לעבט אַזוי ווי עס בליען אידעאַלן און העלפן צו טראָגן די יאכן פון אינטערעסן

און טעאַטער איז דער אינהאַלט פון מענטשלעכער באַגייסטערונג.

אָבער וואָס האָבן זיי די קויפער און פאַרקויפער פון שיינקייט און פון שכינה, אין טעאַטער פאַרפלאַנצט?? —

בלויזע פאָרמען!!

רויזן פון זיידנס, ליליען פון לייוונט, איינדרוק פון שאָטנס — און — „קונסט“ פון רעזשי!

טעאַטער איז עס???

תפלה? ליטורגיע? עקסטאַז?

— ס'איז אַ קאָמבינאַציע פון 137 נאַרקאָזן פאַרן מידן געוויסן און טעמפּן מח פון היינטיקן איבערזעטיקטן צוקוקער, ווען ס'האָט דערעסן אַלץ אויף דער וועלט ביז זיין אייגענעם פנים אינקלוזיוו.

און ער קרומט אים און דרייט אים כדי אַרויסצובאַקומען אַ שמייכל אויף זיין פאַרפרעסענעם, פאַרזויפענעם, פאַרתאוהט געשטאַלט און פאַר-

מען מאָדערנע זענען די קרומע שפּיגלען פון זיצטיקער צייטוויילִיקייט—
פון ערעכטיקן טעאַטער-אינהאַלט, דעם אייביקן —
ווי פּריש און אייביק עס איז מענטש און גאָט —
פון לויטערן קוואַל פון מענטשלעכער שכינה איז אין היינטיקן טע-
אַטער נישטאָ קיין שום ווייטער און מינדסטער שפּור...
דאָס איז נישט קיין מאַסנעקסטאַז — ווי אין גריכישן טעמפּל, און
נישט קיין אינדיווידועלע התלהבות, ווי ביים שעקספּיר-גאון —
ס'איז קליינער בירגערלעכער עסטעטיזם
קונציק, אָבער נישט קינסטלעריש,
ראַפינירט, אָבער נישט איידל!
דאָס טעאַטער פון מאָרגן, דאָס טעאַטער פון אייביק קאָן דאָ
קיין זוימען פאַר זיינע פּרות נישט זוכן. טעאַטער האָט איין ריכ-
טונג, איין פּראָגראַם, איין אינהאַלט און איין פאָרמע —
דעם לעבעדיקן נפש פון אַקטיאָר.
ווער איז אַן אַקטיאָר?
ווידער נישט וועגן „אויפגאַבע", נייערט וועגן טבע.
אַן אַקטיאָר קאָן קיין אויפגאַבע נישט האָבן, ווי עס האָט זי נישט אַ
פויגל, און ווי עס האָט זי נישט דער ווינט און דער ים.
אַן אַקטיאָר איז און זיין זיין איז טעאַטער.
און קודם איז עס אַ באַזונדער מין מענטשלעכע בריאה

* *

*

ביי דערשיינונגען קאָנדיציאָנעלע, אויסגעטראַכטע, מעכאַניש-באַ-
שטימטע, קאָן מען קלאָר און דייטלעך אָנווייזן, וואו זיי הויבן זיך אָן
און ענדיקען זיך —
אַ פּרעזעס, אַ דירעקטאָר א דעפּוטאַט, אַ מיטגליד פון פּאַכ-
פאַריין — אַלע קלאָרע ברואים.
אָבער וואו הויבט זיך אָן — „רויך" אדער „ווינט"?
און וואו ענדיקט זיך — „ערד" און הויבט זיך אָן „הימל"?
און וואָס איז אזוינס „קעלט", „היץ", „טומל" „שטילקייט"?

און וואָס איז אַזוינס — „אַ זינגער"? קאָן נישט הייסן „זמירה" דאָס האַלבהייזעריקע ברומען פון אַ נשמהדיקן מנגן, וואו אין שטילע זיפצנקלאַנגען הילכט אָפּ פון דורות אַ מענטש-ווייטאָג? און מעג זיך רופן „זינגער" אַ שוטה מיט אַלע אַנאַטאָמישע פרטים צו דעם אין זיין האַלז און מיטן אויער פון אַ האַרצזינגער און מיט דער נשמה פון אַ טשעמפיאָן? און וואָס איז אַזוינס סתם „טאַלענט"?

אויף אַלע אַנדערע געביטן פון קינסטלערישער פּראָדוקציע איז אַ „טאַלענט" סוף כּל סוף אין ערשטער ליניע אַ סכום פון ריין מעכאַנישע פעיקייטן...

אָבער „אַקטיאָר"? וואָס איז „אַקטיאָר?"

שפּילן טעאַטער, זיך מאַכן פאַר אַן אַקטיאָר קאָן מען אויסלערנען וועמען איר ווילט, אפילו אַ פּשוטע פּירפּיסיקע בהמה און אַפילו — אַ פיש אויך...

דאָס זענען אָבער אַלץ עקספּערימענטן אויף דעם געביט פון ווייִלונגס-פּראָצעסן

דאָס זענען כּל ערליי פאָרמען און איינפאַלן —

וואָס איז אָבער מיטן אינהאַלט פון טעאַטער? וואָס איז מיטן טרעגער פון עקסטאַטישן באַגאַזש?

וואו הויבט זיך אָן דער באַגריף: „אַקטיאָר"?

קלאָר, אַז קיין גרעניץ — ווי „קיסר" אָדער „גענעראַל" — האָט עס נישט. און אַקטיאָר זיצט אין יעדן טוער אויף אַלע גייסטיקע געביטן. דער ברען פון הויכער באַגייסטערונג ווערט אַרייַנגעטראָגן אין יעדן פּראָצעס וואו דאָס שאַפנדיקע מענטשלעכע „איך" ווערט באַהעפט מיטן צבור און שטרעבט אים צו באַהערשן.

אָבער דער חילוק צווישן אַלע אַנדערע טוער און דעם אַקטיאָר באַשטייט אין דעם, וואָס הינטער אַלעמענס „ברען" שטעקט אַ פּראַקטישער ווערט, צוליב וועלכן זיי זענען באַגייסטערט.

און אַן אַקטיאָר איז פּראַקטיש — גאָרנישט: ער שאַפט נאָר איינדרוק...

און איינדרוק אָן פּראַקטישן ווערט פון געגנשטאַנד איז קונסט.

דער אינהאַלט איז דאָ, ווי אומעטום די נאַטור.

און די נאַטור איז דאָ — דער מענטש.

אָבער אַזוי ווי דאָס פונקציאָנעלע קאָן דאָ נישט אויפהערן, מוז עס ווערן דראַפּירט אין אַרומיקע פאָרמען.

אָבער זאָלן די פאָרמען דראַפּירן! זאָלן זיי דערבײַ נישט לעשן דעם פייער פון אינהאַלט! —



אַן עקסטאַטיקער אָן דעם לעבנסווילן דורכצווזעצן וואָס עס איז אויסער זיין עקסטאַז — דאָס איז אַ שוישפּילער.

און ס'איז ביז קאַמישן פאַלש, ווען מען רופט אָן דעם שפּילנדיקן דיפּלאָמאַט — „אַקטיאָר", דעם קאָקעטירנדיקן וואַל־רעדנער — „אַקטיאָר", דעם געשייטן פאַרמיטלער — „אַקטיאָר"... אַלע, וועלכע טוען אָן מאַסקעס אויף זייערע פּנימער צו באַהאַלטן זייערע כּוונות, זענען געמלעך מענטשן פון קאָנקרעטן לעבן, פּלינקע, געשיקטע, ס'רוב צופרידענע און זאַטע און באַוואָרנטע. און דער אַבּסאָלוטער היפּך דערפון איז אַן א:חער, פון גאָטס גנאָד, אַקטיאָר —

תּמיד אומצופרידן, אין לעבן דורכאויס הילפלאָז, ווי יעדער דענקער און קינסטלער צינדט זיך אָן, ווי פולווער, אַבּסאָלוט אויפריכטיק...

און קודם כּל און קודם כּל —

אַ קאָנגלאָמעראַט פון 1000־טער סתּירות; אַ נשמה וואָס קלינגט אָם מיט גלייכער גרייטקייט צו פילן, צו ברענען, צו בענטשן, צו פלוכן —

אויף אַלע קעגנזאַצן פון דער קאָסמישער מענטשנמשפּחה...

און לעבנסדורשט'ק איז ער,
און פאַרחלומט איז ער,
און אַלע ווייבער ליבט ער,
און יעדערער פון זיי איז ער טריי,
און תּמיד זאָגט ער נאָר דעם אמת,
און פון 1000 גלויבן אים נישט 999
און מיטן כּוס אין האַנט, און מיטן פּרעס אין מויל — פאַרגעסן

קאָן ער וואו ער איז אין זיך צעווייגען מיט די צאַרטסטע טרערן פון דער אַלוועלט — איבער קעניג ליר׳ס פאַרשוואַרצטער זקנה.
איבער האמלעטס יאוש.
איבער שיילאָקס רוגזה.
און ס׳ברענען זיינע אויגן מיט פראָטעסט קעגן מאַכטהאָבער.
און ס׳ציטערן די זיילן אין זיין משכן פון די פויסטן זיינע —
איבער הפקר, איבער אומרעכט, איבער הונגער, איבער נויט.
און ער כאַפט זיך, אַז ער האָט אַריבערגעכאַפט די מאָס, פאַרגעסן אָרט און צייט און ער איז גרייט צו פאַלן כורעים חי אַ קנעכט און קושן די הענט —
מען זאָל אים מוחל זיין

*

*

אַ מטורף? אַ שטאָט-משוגענער? אַ ווילדע בריאה? אַ פרא-אדם?— ניין, — אַ קינסטלער פון טעאַטער!!!
אַ נפש פון דער העכסטער פון די קונסטן אויף די שטרעקן פון די צייטן — אַ מענטש, וואָס פונקציאָנירט אין ברען פון שפּילנדיקן מענטשנגייסט.
אַן אינסטרומענט, וואָס שאַפט איינדרוק.
חזרט איבער די נאַטור אין דער צייטווייליקייט פון זיין אייגענעם לעבן און האָט דעם ווערט פון הונדערט קונסטווערק כל זמן ער שפּילט.
און קיין שום ווערט נישט — אַפילו נישט ווי „בראַנזשע״ — בעת ער לעבט׳ נישט שפּילנדיק.
„אַן אַקטיאָר — אין קאָפּ צו שיסן״...

*

ב

טעאַטער האָט זיך צינדערט אויסגעלעבט ביזן טויט אין די פּאַראַמען פון איבערגאַנגס-צייטן, וואו דער אינהאַלט איז דערשטיקט און פּאַר-

ווישט. אין איבערגאַנג־צייטן איז, פאַרשטייט זיך, זייער שווער צו באַ־
שטימען וואו זענען די לעצטע פון נעכטן און די ערשטע – פון מאָרגן׳

אין פייער און אין רויך פון די נייע וועלט־געבורטן קאָן קיין שום אויג נישט אָפּטיילן דעם תּלין פונם קרבן, דעם רויבער פון באַרויבטן, דעם נייעם פונם אלטן.

און דאָס מאָדערנע טעאַטער מיט אַלע זיינע ראַפינירטע פאָרמען–עקספּרעסיאָניזם, קאָנסטרוקטיוויזם א. א. וו., א. א. וו. —

- וואָס איז עס?

– טעאַטער פון דער רעוואָלוציע?

— אָ! —

ווייל מייערכאָלד און טאַיראָוו און גראַנאָווסקי האָבן פון די ברעטער פאַרטריבן די צייטווייליקייט פון בירגערלעכער פאָרם און אריינגעהויכט די לופט פון איבערגאַנגס־צייט.

אָבער גלייכצייטיק האָבן זיי נאָך ווייטער, ווי פאַר זייער אָנקומען, ראַפינירט די פאָרם אויפן חשבון פון אינהאַלט.

זיי קעמפן מיטן „אַקטיאָר" פון אַלטעגלעכער שיטה—און פאַרבייטן אים מיטן „אַקטיאָר" פון זייערע שיטות.

און דאָס איז דער זעלביקער טאַנץ מיטן הינטן פאָרויס,

ווייל אַן אַקטיאָר טראָגט אין זיך אַלע שיטות —

אַן אַקטיאָר — נישט קיין הומר ביד היוצר, נישט קיין „פּאַבּמאַן", קיין מיטלמעסיקייט, נייערט אַן עקסטאַטישער ווירטואָז — פאַרמאָגט אַלע פאַרבן און געברויכט יענע, וועלכע עס רופן אַרויס די אויפגאַבן פון דעם אָדער יענעם ווערק, די ליניען פון פּראָבלעם — די מוזע פונם דיכטערס טעזע.

אין היינטיקן טעאַטער איז דער דיכטער פאַרטריבן און דער אַק־טיאָר פאַרשקלאַפט. –

ס'איז דאָס טעאַטער פון דער געזעלשאַפט, וואָס איז צופוילט ביזן גרונט.

און ס'מוז שטאַרבן!

און רעוואָלוציע איז נישט די נייע וועלט, רעוואָלוציע איז די גסיסה און די קבורה און די לויה פון די וועלטן די אַלטע.

און די היינטיקע ריכטונגען פון טעאַטער אין רוסלאַנד זענען די קאָמפּראָמיסן פון טויט מיט לעבן —

די פאָרמען פון איבערגאַנג-צייט.

עס קאָנען זיין טיפע ספקות איבער די סאָציאַלע טעאָריעס, אין וועלכע די וועלט פון אַרבעט איז אויסגעבויט פון טויזנטער פּרטים און סתירות.

עס מוזן זיין טויזנטער מיינונגען איבער די עקן און קנופּן פון די וועגן וועלכע פירן צו דער צוקונפט.

אָבער דורך אַלע ספקות און פּרטים און סתירות און גפלען מוז דורכשטראַלן דער פעסטער בטחון, אַז דער סדר פון היינטיקער געזעלשאַפט האָט מיאוס באַנקראָטירט און אַנדערש וועט אויסזען די סטרוקטור פון מדינה און ערד אין דער צוקונפט.

מיר מיינען, אַז דער גרונטשטיין פון אַ געזונטערער מענטשן-משפחה איז די סאַניִרונג פון מענטשלעכן ע ג אָ י ז ם.—

איז עס דאָס מ י ט ל צו דערגרייכן אַ געזונטערע געזעלשאַפט?

אָדער איז עס דער ציל פון אַלע דערשיטערונגען אויפן וועג? —

נאָר אין בראָשורן איז מיטל פון ציל — „טאַקטיק״ פון „פּראָגראַם״ — אַזוי אָפּגעטיילט —

אין לעבן איז עס אַלץ ווי אַנטיפּאָדן אויפגעקנוילט אין איין גרויסן פּראָצעס.

און דער קלאָרער גלאַטער שכל-שפּיל פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם צוזאַמען מיט די פייערפונקען פון שטראַלנדיקן אידעאַליזם — זענען אויך אַנטיפּאָדן פון זעלביקן פּראָצעס.



דער היינטיקער מענטש איז קרענקלעך, אומנאָרמאַל, עגאָאיסטיש און קאָן נישט אַנדערש זיין —

איז ער נ י ש ט באַוואָפנט מיט אַ ברוטאַלן עגאָאיזם, וועט ער נישט פאַרנעמען קיין אָרט אין היינטיקער געזעלשאַפט און וועט ווערן

פון איר אַרויסגעשטויסן און פאַרמשפּט אויף איינזאַמקייט, אויף הונ־גערטויט.

אויב אַזוי „מוז בלייבן" איז די וועלט שוין געענדיקט און נישט ווייט איז איר ענדגילטיקער סוף.

אויפן רייטוואָגן פון זיינע טעכנישע פאָרטשריטן וועט דער מענטש־אינערלך צעריסן און צעפוילט — אין משך פון יאָרצענדליקן דערלאַנ־צום אָפּגרונט.

ביים אָפּגרונט שטייען שוין אַלע היינטיקע פאָרמען פון מענטש־לעכן צוזאַמענלעבן.

שטעכיקע דראָטן און וועלפנגריבער שפּרייטן זיך היינט צווישן מדינות, צווישן שכנים, צווישן ברידער צווישן פאָטער און מוטער פון איין קינד.

און צום תהום ציט זיך דער בן־אדם אַליין, פאַרפּלאָנטערט אין נעץ פון זיינע אמונות און ליגנס —

איז עס נישט אַ טויט־געפאַר?

קאָן עס אַזוי בלייבן?

עס גייט אונז נישט אין דער שאלה „ווי אַזוי?"

דאָ האַנדלט זיך וועגן דעם בטחון — וועגן דער אמונה! — אַז דאָס מוז אַנדערש ווערן.

און אין די פּראָצעסן פון סאָציאַלן אויפבוי מוז ווערן געבוירן אַן אַנדערער מענטש.

א מענש, וואָס זאָל נישט זיין געצוואונגען צו שיצן זיך דורך אָנגריף; צו באַהאַלטן זיינע גליקן פון בייזע בליקן; צו בויען זיין היינט און מאָרגן אין דער איבערצייגונג אַז „אם אין אני לי מי לי" — ווייל די מלוכה זאָרגט נישט פאַר אים, ווייל זי איז אויסגעבויט דורך עגאָ־איסטן —; אַ מענטש אַ פרייער פון פאַלשע אַמביציעס, פון האָפנונגען צעטראָטענע און נישט באַרעכטיקטע, פון שטרעבונגען פאַרהינדערטע; פון פאַרצווייפלונגען פון ספקות, פון גאַל און פון פאַרביסענעם גע־וויסנווייטיק אַ מענטש אין פאָרם פון זיין גאָט!

אַ מענטש מיט אויגן, אָפענע צו קוקן דעם הימל אין פנים אַריין; אַ מענטש, וואָס לעבט ביים שיין פון טאָג און קאָן זאָרגלאָז גיין אַנטקעגן די שטילע שאָטנס פונם אוונט, דער שוואַרצער חופה פון דער נאַכט.

און יענער מענטש וועט אָפּריכטן די תּפלות זיינע אין היכלות פון דער קונסט.

אמונה וועט דעמאָלט נישט דאַרפן שטיין אין דינסט, — נישט דאַרפן גיין אין שפּאַן — פון איבערגעזעטיקטע געברויכער.

און נישט זוכן צו פאַרבלענדן און פאַרטויבן דעם יאוש און די רוגזה פון באַעולה׳טע, פאַרנאַרישטע, פאַרשטויסענע, באַשטראָפטע.

דאָ הויבט זיך אָן „אמונה״, ווי עס הערן אויף די חושים, און עס פינקלען אויף די ווייטע פייערלעך פון נישט פאַרשטאַנענעם, פון נישט באַגרייפלעכן —

נאָך נאָנעטן, געגאַרטן, נישט דערגרייכטן.

דאָ הויבט זיך אָן „אמונה״, וואו ס׳הערט אויף דאָס פּראַקטישע, אַלטעגלעכע, דער דורכשניט.

און עס שטראַלט דאָס פאַרביקע, דאָס פעסטלעכע, דערוויילטע.

דאָ הויבט זיך אָן „אמונה״ — וואו דער גוף אין פייער פון דער שכינה שפּילט און זינגט פאַר היימען פון דער ערד —

פון די וועלטן די פאַרצויבערטע.

און עס לויכטן טעג און שיין פון מענטשלעכקייט און געטלעכקייט —

די לידער און די טרייסטן פון די הימלען.

און עס פאַרשווינדן אין די שטראַלן פון אמונה אַלע ווייטיקן און שרעק פון אַרום —

און ס׳לויכטן טאָג אין שיין פון צוטרוי צו אַלץ, וואָס מענטשלעך איז און געטלעך ווערט דער מענש אין שטראַלן פון אמונה.

* *

*

געשריבן שטייט, אַז אין דער ווייטקייט פון די טעג, וואָס וועלן קומען, וועלן אומות קומען — ללמוד תורה מישראל.

עס מוז פאַרשאָטן ווערן דער אָפּגרונט צווישן עסטעטיזם פון דער אַלטער פאַרקריסטלעכער וועלט און די גרונטשטיינער פון יידישער וועלטבאַנעמונג

אונזער „ואהבת״ מוז ווערן זייער אינהאַלט.

די אַלטגריכישע ליטורגיע מוז הערן אונזער פאָרם —

און סון אָט־די אַנטיפּאָדן מוז ווערן געבוירן די תורה פון טעאַטער־קונסט להבא. ציגד איז קיין יידיש טעאַטער נישטאָ. עס הערשט נאָך דער אַלטער עקל אין די טיפע שיכטן פון אונזער פאָלק.

און אין דער היינטיקער טעאַטער־פּראַקטיק בכלל איז „יידיש טעאַטער" דאָס שמוציקסטע בלעטל פון אַלטאָג.

פונקט ווי די יידישע גאַס איז די פאַרוואָגלטסטע און אָרימסטע אין היינטיקער שטאָט — אין קעסל־גרוב פון דהיינטיקער רויב און אַכזריות.

דאָס אַלץ וועט דאָך נישט בלייבן. דאָס אַלץ וועט מוזן ווערן אַנדערש.

און קיינער, קיינער וועט דעם מענטשן נישט שענקען די פריידן פון טיפער אמונה אַזוי ווי דער שוישפּילער.

און קיינער וועט נישט וועקן ביי דעם מענטשן דעם בטחון, אַז צו גאָט — און נישט צו חיה — איז געגליכן זיין געשטאַלט — ווי נאָר דער אים ענלעכער עקסטאַטיקער.

אַן אומזין איז צו רעדן מיט אופנים פון אַ פּאַכמאַן וועגן די פאָרמען פון קונסט בכלל און טעאַטער בפרט אין דער אויסגעלייטערטער מענטשנוועלט — פון ליכטיקער צוקונפט.

און דורך אַלע ספקות און סברות קאָן איין זאַך ווערן פעסט אָנגענומען —

נישט ענלעך אויף נעכטן מוז אין טעאַטער פון דער צוקונפט זיין קודם כל דער צוקוקער.

דער אייגנטלעכער סוביעקט פון טעאַטער — דער שוישפּילער— קאָן זיך נישט „ענדערן"—

ער איז היינט נעמלעך דאָס, צו וואָס עס טרייבט דאָס לעבן אין טייוולטאַנץ פון איבערקערעניש —

ער איז „דער לעצטער, וואָס דאַרף ווערן אַן ערשטער"
ער איז פאַרשטויסן און פאַרצווייפלט.
און וואַרט אויפן טאָג פון יובל און ליד.
ער וועט אויפלעבן, זיך צעבליען, אָבער נישט ענדערן זיך.

עס וועלן זיך ענדערן — ווי ס'ענדערן זיך אַלע טאָג — די אויסדרוקן פון דער צייטווייליקייט —

די פאָרמען —

ווייל אַנדערש מוז אויסזען דער עולם,

און מיר שיינט, אין ליכט פון מיינע באָאָבאַכטונגען,

און מיר שוועבט פאַר די אויגן אין פיל פאַרביקן נעפל פון מיין גלויבן —

אַז טעאַטער וועט אויסהערן צו זיין אַ פאַך, אַ פּראָפעסיע, אַ פרנסה.

דער יחיד מוז — אויב די וועלט וועט נישט בלייבן אין תהום פון היינטיקע שקרים-ווערן פריי אין זיינע האַנדלונגען און התחייבותן.

און פריי פון צוואַנג און פון סכנות וועט ווערן קלאָרער און ריינער דאָס מענטשלעכע שטרעבן צום מזרח-וואַנט אין כנסת פון זיינסגלייכן. אַמביציע, באַפרייט פון הונגער און נויטגעפאַר, מוז קעמפן פאַר זיך אַנדערש, ווי עס קעמפן היינט די צדדים אויף אַלע געביטן פון לעבנס-קאָנקורענץ.

און אַנדערש וועט אין יענעם ליכט אויסזען דער קאַמף פאַרן אויבנאָן אין היכל פון טעאַטער-קונסט.

איך מיין, אַז „אַנסאַמבל" איז אַ מיטל צו שאַפן דאָס מיליע אַ מעכאַנישע אייגנשאַפט אין ספעקטאקל, אַ פאַן, אַ פרט, איינע פון די הילעס צו דראַפירן דאָס פונקציאָנעלע פון שוישפילער —

אַנסאַמבל איז אַ לעבעדיקע דעקאָראַציע.

עס דאַרף זיין זאַט און גליקלעך אויף גאָטס וועלט.

עס דאַרף נישט זיין פאַרוואָגלט, ווי פאַרוואָגלט עס זענען היינט די הונדערטער אונטער די בייטשן פון יחידים — דורך צעטלעך געוויילטע, דורך שווערדן געקרוינטע, — דורך ליגנס דערהויבענע.

עס דאַרף זיין זאַט און רויק און צופרידן.

אָבער צום עקסטאַז און זיינע הויכן, צום פנים פון דער שכינה טאָרן די הונדערטער נישט שטרעבן, ווי עס שטרעבן די יחידי-סגולה פון טעאַטער —

אין בײַערישן דאָרף אָבעראַמערגאַאו אויף די פֿאָרשטעלונגען פֿון מיטלאַלטערלעכער מיסטעריע — אַלס צוקוקער.

אין יידישע שטעטלעך אויף צופעליקע אויפפירונגען פון „דבוק" — אַלס מיטשפּילער —

בין איך געקומען צו דער טיפער, יאָרנלאַנג־אויסגעטראָגענער, איבערצייגונג. —

אַז צענדליקער און הונדערטער „פּאַכלייט" אין טעאַטער איז אַ מחנה פון היינטיקער אומגעלומפּערטער װעלט־אָרדנונג.

אַנסאַמבל קאָן — און מוז געשאַפן װערן פון ליבהאָבער, פאַר װעמען אַ ספּעקטאַקל איז אַ יומא־דפגרא... מען גרייט זיך צו אים ווי צו דער הייליקסטער עבודה. מען שעפּט פון אים מנוחה אויף חדשים און יאָרן דערנאָך. מען לעבט פאַר אים און אַרום אים מיט דער הייליקער ליבע צום שבת קדש.

און רעזשיסער, און מאָלער, און מוזיקער און בוי־קינסטלער — דאָס זענען אַלץ די שעפער פון דעם הערלעכן בנין פון ספּעקטאַקל, אָבער איבער דעם שוועבט, אין רוח הקדש פאַרטרונקען, דער עקסטאַטיקער. —

דער סוביעקט וואָס איז אין דעם פאַל אויך אָביעקט.
דער אַקטיאָר.
אָט דאָס איז טעאַטער פון צוקונפט.

* *
*

ווי פיל מיניסטאָרן האָט אַ פאָלק?
ווי פיל פּרעזידענטן?
כהנים גדולים קאָן עס נישט האָבן קיין סך.
און ווי אַזוי וועלן זיך שפּרייטן אין די הימלען פון דער צוקונפט די וועגן צום מזבח?
ווער וועט זוכן דער אָנגענומענער?
ווי אַזוי וועט מען אים זאַלבן?
— נאַריש איז אויף דעם צו געבן תשובות אַצינדערט.

פריער מוז דער מענטשלעכער עגאָיזם פאַרלירן דעם שמוץ פון די היינטיקע פינגער.

פריער מוזן בלויע, גרויסע אייגן ווערן אויסגעהערט ווי מען הערט היינט דעם געטומל פון האַרמאַטן.

פריער מוזן נשמות האָבן דעם צוטריט צום האַרצן פון עולם, דעם טויזנטקעפּיקן גאָט, אין וועמענס צלם באַשאַפן איז דער אויס־דערוויילטער.

און י ע מ אָ ל ט וועט זיין —
טעאַטער !!

און יעמאָלט וועט הערשן איבער דורות גליקלעכע און פרייע –
— דער באַשטראַלטער.
— דער געזאַלבטער.
— דער געפייערטער.

קיין אַנדער טעאַטער איז נישטאָ. וואָס דאָ איז, איז זיין היפּוך, זיין חיה׳שע עקזיסטענץ.

עס זאָל נישט זיין! עס וועט נישט זיין!

.1926

קרוב צו 25 יאָר האָט י. ל. פרץ אַוועקגעגעבן דער קאַנצעלאַריע־אַרבעט אין דער וואַרשעווער יידישער גמינע. אַ זיבן טויזנט טעג, פון 9 ביז 3, האָט ערלעך ערלעדיקט די קאַנצעלאַריע-ענינים אין די גמינע-ווענט אויף גזשיבאָווסקע 26, אָנגעהויבן אַלס קלענערער אָנגעשטעלטער, ביז ער האָט זיך דערדינט צו אַ „טשין" פון אַ העכערן באַאַמטן. „פרץ איז אַ גרויסער מענטש — האָט אַמאָל ערנסט געזאָגט איינער פון די אָנגעזעענסטע גמינע־לייט, — די גאַנצע צייט האָט ער קיינמאָל נישט פאַרשפּעטיקט אויף דער אַרבעט!" אָט די ביוראָקראַטיש-נודנע גמינע־אַרבעט איז אַזוי נישט צוגעפּאַסט צו דעם ברויזנדן כאַראַקטער פון פרצן, און עס איז באמת צום באַוווּנדערן, ווי האָט עס דער לעבנסלוסטיקער, שטאָלצער און גייסטרייכער פרץ אויסגעהאַלטן גאַנצע 25 יאָר און נישט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שווערן עול-הפרנסה, וועלכער האָט אים צייטנווייז אַזוי שטאַרק בעדריקט און פאַרשאַפט עגמת-נפש.

אין די פאַרשיידענע ערינערונגען פון פרצס מקורבים געפינען מיר זייער ווייניק מאַטעריאַלן וועגן דעם אָרט, וואָס די גמינע־אַרבעט האָט פאַרנומען אין פרצס לעבן. מיין דאָזיקע אָפּהאַנדלונג איז אַ פּרווו צו שאַפן אַ בילד וועגן פרצן און זיין אַרבעט אין דער גמינע. זאָלן קומען אַנדערע און דערגאַנצן דאָס בילד און צוגעבן נאָך שטריכן.

פרץ איז אָנגעקומען אין דער גמינע, ווען ער איז אַלט געווען 40 יאָר. ער האָט שוין ביז אָט דער צייט אַדורכגעמאַכט אַ רייך פערזענלעך לעבן. חתונה געהאַט צו 18 יאָר מיט גבריאל יהודה ליכטענ־פעלדס טאָכטער, געהאַט (צו 20 יאָר) מיט איר אַ זון לייזער (לוציאַן), זיך צוגאַנגען מיט דער פרוי, געווען אַ לערער פון העברעיש אין וואַר־שע (ארום 1877), אויסגעהאַלטן עקזאַמען אַלס אַ פּריוואַט־אַדוואָקאַט, חתונה געהאַט מיט דער צווייטער פרוי נחמה רחל (העלענאַ) רינגעל־היים פון לענטשנא (אין 1878), געלעבט ביז 1889 אין זאַמאָשטש, זיך פאַרנומען מיט אַדוואָקאַטור און געלעבט אין הרחבה; דערנאָך צוליב אַ מסירה, פאַרלירט ער דאָס רעכט אַרויסצוטרעטן אין געריכט און פאָרט אַריבער קיין וואַרשע צו זוכן אַ באַשעפטיקונג. צו יענער צייט איז שוין פרץ געווען באַקאַנט אין די העברעיש־יידישע ליטעראַרישע קרייזן. ער האָט שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט צוזאַמען מיט זיין שווער גבריאל יהודה ליכטענפעלד אַ ביכל שירים אין העברעיש („ספּורים בשיר ושירים שונים"

וואַרשע 1877), געדרוקט לידער און נאָוועלן — העברעישע (אין „השחר", „הבוקר-אור", „האסיף", „כנסת־ישראל", „הצפירה"), יידישע (אין שלום-עליכמס „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק", אין אָדעסער זאַמלבוך „דער קליינער וועקער) און אַרויסגעלאָזט אַ ביכל נאָוועלן („בעקענטע בילדער", וואַרשע 1890). דערצו איז פרץ געווען באַליבט און געאַכט ביי דער וואַרשעווער יידישער אינטעליגענץ און געווען ביי זיי שטענדיק אַן אָנגעלעגטער גאַסט. ווען פרץ איז פאַרבליבן אָן אַ באַשעפטיקונג און געקומען קיין וואַרשע זוכן אַרבעט, האָבן אים די גוטע פריינט איינגעאָרדנט אין דער באַקאַנטער בלאָך־עקספּעדיציע און דערנאָך אָנגענומען מיטלען, אַז פרץ זאָל אָנגענומען ווערן אַלס באַאַמטער אין דער גמינע.

א. פאָדלישעווסקי דערציילט אין זיינע זכרונות*), ווי ער האָט דאַן געטראָפן פרצן ביים אַדוואָקאַט קליינערמאַן אין שטוב. פרץ האָט דאַן געלייענט פאַר זיי זיין „באָנצע שוויג", וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען. נאָך דעם אָוונט-ברויט האָט מען גענומען שמועסן וועגן אַ שטענדיקער אַרבעט פאַר פרצן אין דער גמינע. פרץ האָט געזאָגט: „וואַרשע איז אַ שיינע יידישע שטאָט, נאָר די גמינע איז אַ בית־עלמין". און „ס'איז פאַטאַל דער פאַקט, — שרייבט א. פאָדלישעווסקי — וואָס פרצן איז גראָד אויסגעקומען צו אַרבעטן אין דער גמינע און גראָד אין דער בית־עלמין אָפּטיילונג".

ווען איז פרץ אַריינגעטראָטן אין דער גמינע?

אין די אַרכיוון פון דער גמינע האָב איך אַרויסבאַקומען פאָלגנדיקן דאָקומענט וועגן פרצעס אַריינטרעטן אַהין.

דאָס איז די ביטע פון פרצן צו דער גמינע, זי איז געשריבן אין רוסישן, אויף אַ גרויסן „ביטע-בויגן", מיט דעם באַקאַנטן אַלט-רוסישן „פּראָשעניע"-נוסח. איך זעץ איבער ווערטלעך:

„צו דער וואַרשעווער יידישער גמינע-פאַרוואַלטונג,

פון דעם איינוואוינער פון דער שטאָט זאַמאָשץ

לוואַ יודאָוויטשאַ פּערעצאַ

„דאָקלאַדנאַיאַ זאַפּיסקאַ"

דערוויסנדיק זיך וועגן אַ וואַקאַנטן אָרט אין דער קאַנצעלאַריע

*) אין וואַרשעווער „היום", 1925, כ' ניסן תרפ"ה „פגישתי הראשונה עם י. ל. פרץ."

פ׳ן דער פאַרוואַלטונג, האָב איך דעם כבוד הכנעהדיק צו בעטן די פאַרוואַלטונג (אין רוסיש — „אָנאָיע אופּראַוולעניע״) איבערגעבן מיר די שטעלע.

איך גיב צו (אין רוסיש — „פּריסאָוואָקופּליאַיו״), אַז איך בין געבוירן אין יאָר 1852*) און בין פאַרשריבן אין זאַמאָשץ, 10 יאָר בין איך געווען אַ פּריוואַט-אַדוואָקאַט**) („טשאַסטני פּאָווערענני״) אין פאַרלאָזט די אַרבעט צוריק מיט צוויי יאָר, זיך פאַרנומען ביז איצט מיט ליטעראַטור״.

די ביטע איז דערלאַנגט געוואָרן דעם 30 דעצעמבער 1890. משמעות, אַז די בקשה איז דערלאַנגט געוואָרן נאָך דעם, ווי מ׳האָט שוין כּריער געהאַט אָפּגעשמועסט צונעמען פּרצן אויף דער שטעלע, — ווייל שוין פון 1-טן יאַנואַר 1891 האָט פּרץ אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין דער גמינע;

לכתחילה האָט פּרץ פאַרנומען אַן אַמט פון אַ חשבון-פירער (ראַכמיסטער), מיט אַ געהאַלט פון 500 רובל אַ יאָר (העכער 41 רובל אַ חודש). פאַר פּרצן איז עס געווען דאַן זייער אַ נידעריקער געהאַלט. ווי פרוי העלענא פּרץ האָט מיר דערציילט, האָבן זיי אין זאַמאָשץ די לעצטע יאָרן פון זייער חוינען דאָרט, פאַרדינט און פאַרלעבט ביז 3000 רובל אַ יאָר, און די קליינע גמינע-שכירות האָבן חייט נישט געקלעקט צו לעבן אפילו בצמצום. ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום זענען די שכירות צוביסלעך געהעכערט געוואָרן.

פּרץ איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם וואַרשעווער מאַגיסטראַט דעם 31 אויגוסט 1892. די מעלדונג פון מאַגיסטראַט געפינט זיך צווישן די פּאַפּירן אין גמינע-אַרכיוו.

וועגן די העכערונגען פון פּרצעס שכירות אין דער גמינע האָב מיר געגויע ידיעות איז די „פאָרמולאַרע רשימות פון דינסט״. ווי אַלע

*) עס איז נישט ריכטיק, — פּרץ איז געבוירן, ווי באַוווסט, אין יאר 1851, דעם 25 מאי. נ. מ.

**) אט די באַשטעטיקונג פון דער צייט, וויפיל פּרץ האט זיך פארנומען מיט אדוואקאטור איז זייער וויכטיק, ווייל דוד פינסקי, למשל, אין זיין פארווארט צו דער אמעריקאנער אויסגאבע פון אלע פּרצס ווערק, ניו-יארק, 1920, שרייבט, אז 18 יאר איז פּרץ געווען באשטעטיקט מיט אדוואקאטור. נ. מ.

באַאמטע, האָט אויך פרץ געהאַט אַזאַ מין „פאָרמולאַרני ספּיסאָק אַ סלוזשביע״. (אין רוסיש). דאָרט דערוויסן מיר זיך, אַז אין מאַי 1895 איז פרצעס יערלעכער געהאַלט געהעכערט געוואָרן ביז 800 רובל, אין מערץ 1898 — ביז 1400 ר׳, אין יאַנואַר 1909 — ביז 1800, אין יאַנואַר 1910 — 2000, אין יאַנואַר 1911 געהעכערט ביז 2400 רובל אַ יאָר.

אין אַ העברעישן בריוו צו י. דינעזאָן (פון 15.XI 1893) קלאָגט זיך פרץ, אַז „האַלב פון מיינע יאָרן פטר איך אין דעם גמינע-הויז, דערנאָך בין איך אַן אַנגעשטעלטער אין קאָמיטעט, וואָס קעמפט מיטן ווינט, כ׳האָב געוואָלט זאָגן מיט דער כאָלערע, און דערנאָך בין איך אַ יידישער שרייבער... די איבעריקע צייט עס איך און טרינק און שלאָף. און אַז עס דערעסט מיר בזין טויט — דריי איך איבער דעם סדר און איך טרינק, עס און שלאָף; שלאָף, טרינק און עס א. אַ. וו., אַזוי ווי די צאָל ענדערונגען פון „מכשפה לא תחיה״. איך האָב נאָך ביז איצט נישט געהונגערט און חלל הונגערן מאָרגן אָדער איבערמאָרגן... אין משך פון דער צייט, וואָס מיר האָבן איינער דעם צווייטן נישט געזען, איז אויף מיר אָנגעקומען די עלטער — מיין שטערן איז צעקנייטשט געוואָרן (פרץ איז דאַן אַלט געווען 43 יאָר — ג. מ.), מייגע אויגן שווינדלען מיר, און מיינע האָר הויבן אָן גרוי צו ווערן... די ליטעראַטור איז פאַר מיר אַן עיר-מקלט, אַן אָרט צום אַנטרונען, דער כוס פון מיין שכרות און שכחה...״

אין אַ צווייטן העברעישן בריוו צו י. דינעזאָן שרייבט פרץ, אַז נאָך מיטאָג „איז ער פריי און האָט קיין שום אַרבעט נישט. עטלעכע טעג איז ער פאַרנומען מיט עפּעס אַ קליינער און לייכטער אַרבעט, אָבער באַלד ווערט ער פון דריי אַ זייגער ביז אין אָוונט זיין פריי, ווי אַ פויגל, אַרויסצוגיין און קוקן אויף די מיידלעך אין גאָרטן און אין די גאַסן״.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס פרץ האָט אויף זיך אַרויפגענומען די לאַסט פון זיין גמינע-שטעלע און געפועלט ביי זיך געדולדיק טראָגן זי, פלעגט אים די אַרבעט ווערן דערווידער און ער האָט געהאַט אָפּט דעם פאַרלאַנג פטור צו ווערן פון איר. אָבער זיינע פריינד, וועלכע האָבן גוט געוווסט זיין מאַטעריעלע לאַגע, האָבן נישט צוגעלאָזט צו דעם. אַט דערציילט ד״ר. ג. לעווין, אַז „איינמאָל איז ער צוגעקומען צו מיר

זײער אױפגערעגט. ער מוז אַרױס פֿון דער גמינע,—האָט ער געזאָגט,— לענגער קאָן ער שױן נישט אױסהאַלטן"... די פֿרײנד האָבן אָבער אים אָפּגערעדט, װײל אַפֿילו מיט דעם גמינע-געהאַלט איז פּרץ קױם-קױם אױסגעקומען. אין אַט דערציילט װײטער ד"ר ג. לעװין: „יעדעס מאָל, װען איך בין צו אים אַרײַנגעפֿאַלן אין דער גמינע, פֿלעגט ער מיר װײזן אױף געװיסע פֿאַרשױנגען, װעלכע ער האָט נישט געקאָנט ליידן און האָט געזאָגט איראָניש: „אַט דאָס זענען מײנע בעלי-בתים". (ד"ר ג. לעװין — „פּרץ" ז. 47—48).

עטלעכע יאָר האָט פּרץ געאַרבעט אין דער גמינע אָן קײן שום הפסק און אָן קײן שום אורלױב.

די ערשטע ביטע אױף אַ חודש-אורלױב געפֿינען מיר ערשט פֿון דעם 23-טן יולי 1901. די ביטע איז געשריבן דורך פּרצן אין פּױליש ביז אַט דער צײט האָט, װײזט אױס, פּרץ קײן אורלױב נישט באַקומען אױף זײן אַרבעט. אין יענער צײט איז נאָך נישט געװען דער אורלױב אַן אָבליגאַטאָרישע זאַך, און יעדן יאָר האָט מען געמוזט דערלאַנגען אַ ספּעציעלע ביטע װעגן אורלױב און אָנװײזן די סיבות אױפֿן שלעכטן געזונט א. אַ. װ. אַזעלכע מיני ביטעס געפֿינען מיר עטלעכע צװישן די פּאַפּירן אין אַרכיװ.

בכלל איז געװען אַ שטרענגער רעזשים פֿון אַרבעט אין דער גמינע, — װעגן דעם דערציילט, למשל, פּרצעס אַ בריװ אין דער גמינע (פֿון 17-דעצעמבער 1905) אין פּױלישן, אַז צוליב דער אינפֿלוענציע, קאָן ער דעם טאָג, זונטאָג, נישט קומען צו דער אַרבעט. אין 1905 האָט פּרץ געבעטן אַן אורלױב אױף 6 װאָכן, און אױך באַקומען 100 רובל אַלס שטיצע. אין אַ יאָר אַרום װענדט זיך פּרץ מיט אַ ביטע װעגן אורלױב, װו ער שרײבט, אַז די דאָקטױרים באַפֿױלן אים זיך אָפּרוען און אַז צוליב דער פּאָליטישער סיטואַציע קאָן ער נישט פֿאַרדינען פֿון ליטעראַרישער אַרבעט און בעט דעריבער אַ סובסידיע.

אין די אורלױב-צײטן איז פּרץ על-פּי רוב אַרױסגעפֿאָרן קײן אױס-לאַנד. פֿון די בריװ צו זײנע װאַרשעװער פֿרײנט, איבערהױפּט פֿון פּרצעס בריװ צו י. דינעזאָנען, זעען מיר, אַז פּרץ איז אַרױסגעפֿאָרן קײן אױס-לאַנד אין די זומער-חדשים יולי-אױגוסט אין די יאָרן 1903, 1906, 1907, 1909, 1910, 1911 און 1912

פון אָט די אויסלענדישע בריוו און בריוולעך דערוויסן מיר זיך, אַז פרץ פלעגט שטאַרק אָפּלעבן צווישן די פּרעכטיקע לאַנדשאַפטן אין אויסלאַנד, און יעדעס מאָל ווען ס'פלעגט זיך ענדיקן זיין אורלויב, פלעגט ער מיט האַרץ־ציטער זיך דערמאָנען, אַז ער דאַרף זיך צוריק אומקערן צו דער איינטאָניקער, לאַנגווייליקער באַמטן־אַרבעט אין גמינע.

אָט שרייבט פרץ אַ בריוול פון גרינוואַלד צום ד״ר גרשון לעווין (3 אויגוסט 1906):

„אַראָפּגעקומען פון טורם.
ווו געזען אַ וועלט,
(פאַר 10 פעניג געלט)
זיך מיר איבער אַ ווילדע טויב,
(די זון פאַרגאָלדט די שויב)
און טראַכט מיט שרעק,
אַז אַלץ מוז האָבן אַן עק,
עס ווערט אויפן האַרץ פּאַסקינע,
ציטונג, פּאָליטיק, גמינע — —
— — — — — — — — — — — — —“

אין דער זעלבער שטימונג איז געשריבן אַ צווייט בריוול אויף מאָרגן (4 אויגוסט):

„דער זייגער קלינגט,
דער לוח ווערט געריסן, —
עס בלייבט אַמאָל שטיין אין האַלז דער ביסן,
און ביטער ווערט דער זיסער שליק,
און אַלץ אַרום טרייבט: צוריק, צוריק!
— — — — — — — — — — — — —“

און אָט שרייבט פרץ צו י. דינעזאָן (דעם 15־טן אויגוסט 1906):

„— — — — — — — — — — — — —
חייט און ברייט עס פאַרנעמט די אויגן,
די נשמה וואָלט נאָך ווייסער, נאָך ווייטער געפלויגן,
עס ווערט אָבער וואָס ווייניקער מאַרק

וויי געזונט, זאָל דיר גאָט שטאַרקן אין סוידער —
אין אַ פּאָר וואָכן אַרום זעען מיר זיך ווידער,
פון פרייען לעבן קיין שפּור,
מ'וועט רעדן פון — ליטעראַטור!"

אין אַ יאָר אַרום, אין 1907, נאָך אַ רייזע איבער זאַקאָפּאַנע, ווו ער איז געווען באַצויבערט פון די בערג, שרייבט ער אַ פּאָסט-קאַרטל צו י. דינעזאָן: „זונטאָג נאָך עלעם. מאָנטאָג —· צוריק אין בודע אַריין. עס איז זייער טרויעריק". נעכטן געמאַכט דעם לעצטן אויספלוג. אַ סיום געמאַכט. עס איז מיר נאָך קיינמאָל אַזוי שווער נישט געווען אַ היים צו פאָרן"...

די לעצטע יאָרן האָט פּרצן באַזונדערס געצויגן קיין אַמעריקע און ארץ-ישראל. ער האָט מיט פאַרשידענע פרייַנט גערעדט וועגן דעם און געזוכט מעגלעכקייטן און מיטלען פאָרצונעמען אַזאַ מין רייזע, וועלכע איז, אַגב, געווען ביי אים פאַרבינדן מיט פאַרשיידענע ליטעראַרישע און קולטור-פּראָיעקטן.

נאָך אין 1909 שרייבט פּרץ (פון מילאַנוועק, 21 יוני) צו דינעזאָן: „איך האָב גערעכנט אַראָפּצוכאַפּן זיך קיין אַמעריקע, אויסצופירן מיין אַלטן פּראָיעקט, פון וועלכן איך האָב אין טשערנאָוויטש אַזוי פיל גערעדט נעמליך, — צו גרינדן איין אַלגעמיין-יידישע אויסגאַבע פאַר אַלע יידישע גערנוויליקע און נישט-גערנוויליקע געטאָס. דער יידישער שרייבער זאָל אויפהערן צו זיין יידיש-פּויליש ער, יידיש-רוסישער, יידיש-רומענישער, יידיש-גאַליציאַנישער און אַנדערלענדערישער שרייבער. און אומפּאַרטייאיש זאָל די אויסגאַבע זיין. נור, ליטעראַטור און קונסט געווידמעט. נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט צו פאָרן אויף אייגענע הוצאות, האָב איך גערעכנט אויסצושלאָגן זיך די הוצאות דורך פאָרלעזונגען. אַש האָט בייגעשטימט מיטצופאָרן, אונטערגענומען זיך בריוו צו שרייבן. איך האָב באַשטאַנען. די אַמעריקאַנישע אָנגעלעגנהייטן זענען מיר נישט באַקאַנט... איבערגעבן די זאַך אַ פאַרטיי אָדער זיך אַליין אַ ליטעראַריש קרייזל, איז מיר נישט איינגעפאַלן. אַשן געפעלט אויך נישט. מיט מיין גאַנצער סימפּאַטיע צו די ראַדיקאַלע קרייזן, שעם איך מיך נישט מיט כלל-ישראל און אַרבייטן וויל איך פאַר כלל ישראל... און כל זמן דאָס וועט נישט ערקלערט ווערן און אויסגעלייטערט ווערן פאַר אַלע, עס זאָל

דערינען קיין שום ספק נישט זיין, איז גלייכער נישט צו פאָרן. זיצנדיק אין דאָרף, איז מיר אוממעגליך אַלץ צו ערפאָרשן, טו עס דו און שרייב מיר, ווי די זאַך שטייט.

אַמבעסטן וואָלט געווען, אויב עס וועט האַלטן ביי פאָרן, דו זאָלסט מיטפאָרן; פריינט אין אמעריקע וועלן דיר נישט פעלן"...

כידוע, איז פון דער נסיעה קיין אַמעריקע גאָרנישט ניט געוואָרן עס איז אויך גאָרנישט געוואָרן פון פרצעס געפּלאַנטער נסיעה קיין א"י. פרץ האָט פאַרטראַכט צו שרייבן אַ ביבלישן ראָמאַן מיט שלמה המלך אַלס-הויפּט-העלד און צוליב דער דאָזיקער אַרבייט האָט ער געוואָלט באַזוכן ארץ-ישראל.

אָט האָבן מיר אַ קורץ בריוול פון פרצן צו זיין אַלטן חבר און פריינט ד"ר י. געליבטער (פון 10 יולי 1911) אין זאַמאָשץ: „ליבער גע-ליבטער! האָסט געמאַכט זייער אַ אינטערעסאַנטן פאָרשלאַג, איז אָבער לײדער, יעצט נישט די צייט דערצו. אין פּאַלעסטינע איז יעצט די צייט פון גרויסע היצן און געפערלעכע פליגן. פאָרן קאָן מען נור אויף פסח אָבער אויך דאַן איז מיר כמעט אוממעגלעך צו פאָרן. ערשטנס, איז עס נישט קיין אורלויב-צייט, צווייטנס, איז פאַר מיר פיר-פינף וואָכן פאַר פּאַלעסטינע צו ווייניק. אפשר וועט זיך אַמאָל אונזער שטאַל רייניקן און אַ קינפטיקער דאָזאָר וועט פאַרשטיין, אַז מיין רייזע איז עפּעס ווערט נישט נאָר פאַר מיר אַליין... אָדער אַן אַנדער נס וועט געשען—אַ קשיא אויף זיין ליבן נאָמען? דערווייל פאָר אַליין"...

צוליב זיין צוגעבונדקייט צו דער שטעלע פלעגט פרץ קאָנען באַזוכן נאָר די נאָענסטע שטעט און שטעטלעך און דאָס אויך אין די שבת-טעג. פאַר מיר ליגן עטלעכע בריוולעך צו לאַזאַר קאַהאַן אין לאָדז וועגן פאָרלעזונגען פון 1908 אין 1911, און עס האַנדלט זיך אַלץ וועגן שבת-טעג. כדי צו אַרויספאָרן אויף אַ ווייטערער נסיעה, האָט פרץ געמוזט האָבן אַ ספּעציעלע ערלויבניש פון דער גמינע, וואָס ס'איז אָנגעקומען נישט אַזוי גרינג.

אין פעקל פּאַפּירן, וואָס האָבן אַ שייכות צו פרצן אין דער גמינע איז דאָ אַ בריוו פון 14 יולי 1910 פון קיעוו, פון דער יידישער ליטעראַ-רישער געזעלזאַשפט (געשריבן אין פויליש — דעם פאָרזיצר איז דאַן געווען דער באַקאַנטער ציוניסט און טוער מ. נ. סירקין). אין דעם בריוו

געווענדט צו דער גמינע, שטייט געשריבן: „היות ווי די ליטעראַרישע געזעלשאַפט, וואָס ציילט ביז 700 מיטגלידער, וו'ל באַערן דעם גרויסן דיכטער, בעט זי געבן פרצן אורלויב צו קומען קיין קיעוו". אַזאַ מין ער לויבניש איז פרצן געגעבן געוואָרן, און פרץ האָט דאַן באַזוכט קיעוו און בערדיטשעוו, ווו ער איז אויפגעטראָטן מיט פאָרטראָגן און געהאַט דעם גרעסטן ערפאָלג.

נישט אַלע מאָל אָבער האָבן אַזעלכע ווענדונגען צו דער גמינע געהאַט ערפאָלג. מיר האָבן געפינען אַ ביטע פון דער יעקאַטערינאָסלאַווער געזעלשאַפט פון קעגנזייטיקער הילף פאַר יידן (פון 26 אָקטאָבער 1912). די פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט,—שטייט געשריבן (אין רוסישן) — האָט גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו „איינצולאַדן פרצן אויף 1 — 2 לעקציעס און זי ווענדט זיך צו דער גמינע א. אַ. וו." אויף אָט דעם בריוו איז דעם 15-טן נאָוועמבער אָפגעשיקט געוואָרן (אין רוסישן) קיין יעקאַטערינאָסלאַוו אַן אָפזאָג, אז היות „ווי די ארבעטן פון פרצן קאָן מען נישט אָפלעגן — איז זיין אָפפאָר פון וואַרשע אוממעגלעך".

צווישן די אַרכיוו-פאַפירן געפינען מיר אַזאַ מין אָפיציעלע ווענדונג (אין רוסיש) פון וואַרשעווער מאַגיסטראַט, אַדמיניסטראַטיווע אָפטיילונג, פון 29-טן מאי 1910 נומ. 26596|1780. פון אויבן-אָן אויפשריפט „ס ע ק ר ע ט נ א" (געהיים).

„אין דער וואַרשעווער יידישער גמינע-פאַרוואַלטונג.

צוליב דעם וואָס ס'איז פאַראַן אין דעם אַ נויטיקייט, לעגט פאַר דער מאַגיסטראַט פון דער שטאָט וואַרשע די יידישע גמינע-פאַרוואַלטונג מיטטיילן ווי מעגליך שנעל:

1) וואָס פאַר אַ שטעלע פאַרנעמט אין דער פאַרוואַלטונג דער איינוואוינער פון וואַרשע אויף צעגליאַנא—אידעל*)-לייב פרץ.

2) ווי איז זיין פירונג אויף דער שטעלע און בכלל זיינע מאָראַלישע זייטן.

3) אויב ער האָט צוגעשטעלט ערבות-געלט אויף דער שטעלע, איז וועלכע סומע.

*) דער מאגיסטראט הזרט איבער דער אנגענומענעם טעות און רופט פרצן אידל-לייב ... זיין נאָמען איז יצחק לייביש. פידוע האט מען פרצעס פאטער גערופן יהודה—נ. מ

בכלל בעט דער מאַגיסטראַט געבן ווי ווייט-מעגליך אויספירלעכע אָנווייזונגען, וואָס זאָלן באַלויכטן די פּערזאָן פון אָט דעם פּרץ" אויפן פּאַפּיר זענען געחתמעט דער פאַרטרעטער פון דעם „סאָוועטניק" עלטערער ראַטמאַן און אַ געשעפטפירער.

די גמינע האָט זיך נישט צוגעאײַלט מיטן ענטפער און דעם 3־טן יולי איז אָנגעקומען, אויך ג ע ה יי ם, אַן אויפפאָדערונג צו ענטפערן תיכּף אויף דער ווענדונג פון 29־טן מאַי.

דעם 6־טן יולי האָט די גמינע-פאַרוואַלטונג געענטפערט אַ בריוו (אין רוסישן): „מיר האָבן דעם כּבוד מיטצוטיילן, אַז 1) ל. פּרץ פירט אויס די פליכטן פון „אַ"ראַכמיסטער פון קהלה־שטייער און אין דער בית־עלמין-אָפּטיילונג, 2) ער פירט אויס זײַנע פליכטן אינגאַנצן געוויסנהאַפטיק, 3) קיין ערבות־געלט האָט ער נישט צוגעשטעלט, און לסוף — די גמינע האַלט פאַר איר חוב צו באַשטעטיקן, אַז דער דערמאָנטער פּרץ האָט זיך די גאַנצע צײַט אויסגעצייכנט מיט זײַן אויסערגעוויינלעכער ערלעכקייט." עס וואָלט געווען אַ יושר, מ'זאָל נאָכקוקן אין די אַרכיוון פון וואַרשעווער מאַגיסטראַט און דערגיין די סיבה פון אָט דער געהיימער אָנפראַגע מכּח פּרצן.

בכלל איז געווען אַ גוטע באַציונג צו פּרצן מצד די „דאָזאָרעס". אזוי, למשל, שרייבט ד"ר גרשון לעווין, „אַז זיי האָבן פּרצן גוט באַהאַנדלט, נישט דערפאַר ווײַל זיי, די רעפּרעזענטאַנטן פון דער וואַרשעווער יידישער קהלה, האָבן דערמיט געוואָלט אַרויסווײַזן, ווי זיי שעצן פּרצן דעם יידישן שריפטשטעלער, דעם יידישן דיכטער, פּרצן דעם אמתן יידישן כּלל־טוער, חלילה, דאָס נישט!... מ'האָט פּרצן אין דער גמינע גוט באַהאַנדלט גאָר פּשוט דערפאַר, ווײַל ער איז געווען אַן ערלעכער, פּינקטלעכער באַאַמטער, וואָס האָט אויף זיך קיין חטאים נישט געהאַט. און האָט זיך נישט געשעמט צו זאָגן יעדערן דעם אמת אין די אויגן. פאַרן אמת האָט מען דאָך אָפּשיי. בשעת דעם באַקאַנטן סקאַנדאַל מיט איינעם פון די וויכטיקסטע ראשי-הקהל ל., וואָס מ'האָט פון אים אָנגעהויבן צו דערציילן גאַנץ מיאוסע זאַכן, האָט דער ערשטער רעאַגירט דערויף דער ב אַ אַ מ ט ע ר פּרץ, ווי באַלד ער האָט זיך איבערצייגט, אַז אַלץ, וואָס מ'האָט דערציילט איז אמת. ד ע ר ראש־הקהל איז גראָד געווען זייער טעטיק אין דער גמינע און פלעגט שוין כּעלות דאָרט זיצן

בײַ דער אַרבעט. ווען ער איז איינמאָל אינדערפֿרי צוגעגאַנגען צו פּרצן ווי געוויינלעך מיטן „גוט-מאָרגן”, און האָט אים דערלאַנגט די האַנט, איז זי געבליבן אין דער לופֿטן — פּרץ איז געבליבן שטיין קאַלטבלוטיק מיט די הענט אין די קעשענעס. ערשט נאָך דעם אינצידענט האָט דער פּרעזעס געבעטן דעם ראש-הקהל, אַז ער זאָל אויפֿהערן צו קומען אין דער „גמינע”, ביז מען וועט נישט חוקר ודורש זיין דעם גאַנצן ענין.”

„יעדעס מאָל, ווען פּרץ איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפֿן אַרטיקל, אָדער מיט אַ שטאַרקער רעדע קעגן די אַזוי גערופֿענע „אַסימילאַציע”, האָבן זיך די אַסימילאַטאָרן אַפֿילו אָנגעבלאָזן און האָבן געמאַכט אַן „אַסיפֿה” מיט דעם ציל אים צו „באַשטראָפֿן”. ס'האָט זיך אָבער שטענדיק אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט” (ד״ר ג. לעווין, פּרק ז. 51—52).

באַזונדערס איז אינטערעסאַנט פֿאָלגנדיקער דאָקומענט, וואָס געפֿינט זיך אין דער גמינע. דאָס איז אַ „זאַפּיסקע”, געשריבן אין פּויליש אייגנהענטיק דורך פּרצן. די „זאַפּיסקע” איז אַן ענטפֿער אויף דעם בריוו פֿון ה' אַדאָלף פּערעטץ, וועלכער האָט דעם 11-טן נאָוועמבער 1912 געמאַכט אויפֿמערקזאַם די גמינע-פֿאַרוואַלטונג, פֿאַרוואָס אירע אָנגעשטעלטע פֿאַרנעמען זיך מיט פּאָליטישער אַגיטאַציע. דעם 18-טן נאָוועמבער האָט ה. פּערעטץ נאָך אַמאָל זיך געווענדעט אין דער גמינע מיט אַ טענה, פֿאַרוואָס מען נעמט נישט אין אַכט זיין ווענדונג, אין וועלכער ער פֿאַרלאַנגט, אַז: „...די גמינע זאָל אין דער אינסטרוקציע, וואָס פֿאַרפֿליכטעט די באַאַמטע פֿון גמינע-פֿאַרוואַלטונג אַריינפֿירן אַ פֿאַראָרדנונג, וואָס פֿאַרווערט די נאָמינירטע באַאַמטע צו פֿירן אַ פּאַרטייאישע אַגיטאַציע”.

די גמינע-פֿאַרוואַלטונג האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג וועגן אַדאָלף פּערעטצעס בריוו. אויף דעם באַציט זיך י. ל. פּרצעס פּוילישע „זאַפּיסקע”.

אָט איז די גענויע איבערזעצונג פֿון דער ווענדונג:

„צו דער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער גמינע פֿון „סטאַראָזאַקאָנניך
פֿון דעם מיטאַרבעטער פֿון פֿאַרוואַלטונגס-ביוראָ
„זאַפּיסקאַ” י. ל. פּרץ

אין דער צייט פֿונם וואַל-קאַמף, האָט דער „קוריער פּאָראַנני” געשריבן, אַז אין די רייען פֿונם קעמפֿנדן יידישן נאַציאָנאַליזם געפֿינען

זיך צווײ באַאַמטע פֿון דער גמינע־פֿאַרוואַלטונג און צי זײ זוכן פֿאַר זיך שוין אַן אַנדערע באַשעפֿטיקונג.

דאָס פּאַרזייטע קערנדל פֿון בירגערלעכער פֿרײַהייט האָט גע־טראָפֿן אויף אַ גוט־צוגעפּאַסטן באָדן — אויף דער גוטער באַנק־ערד (czarnoziem bankierski) — פֿונם ה׳ אַדאָלף פֿערעטץ און עס האָט אַרויסגעגעבן אַ פּרוכט אין דער פֿאָרם פֿון זײַן בריוו, געשריבן אין נאָמען פֿון נישט־דערמאָנטע פּערזאָנען פֿון דער גמינע פֿאַרוואַלטונג, אין וועלכן עס ווערט פֿאַרלאַנגט אַרויסצוגעבן אַ רעגולאַמין, וואָס פֿאַרווערט די באַאַמטע פֿון דעם ביוראָ אָנטייל צו נעמען אין פּאַרטייאישע פּאָלי־טישע אַרבעטן.

ווײַל — מאָטיווירט דער ה׳ פֿערעטץ זײַן געזעצגעבערישן פֿאָר־שלאָג — זײ וועלן נישט קאָנען זײַן אָביעקטיוו אין דער באַציִונג צו די אינטערעסאַנטן, וואָס ווענדן זיך צו זײ. —

די גמינע־פֿאַרוואַלטונג, וועלכע האָט קיינמאָל נישט פֿאַרווערט אירע אָנגעשטעלטע אויסצופֿירן זייער פּאָליטישע אַרבעט אַלע מיטגלי־דער פֿון קרײַזן, מיטאַרבעטער און רעדאַקטאָרן פֿון צײַטונגען פֿון אַ געוויסער ריכטונג —

די גמינע־פֿאַרוואַלטונג ווײַזנדיק אויסגעצייכנט, אַז ס׳איז נישט פֿאָרגעקומען קיין שום פֿאַל פֿון פּאַרטייאישער אײַנזײַטיקייט און זײַענדיק אײַנגעאַנצן איבערצייגט, אַז אַזאַ פֿאַל וועט קיינמאָל נישט פֿאָרקומען —

האָט דאָך זיך באַראָטן איבער דעם אויבנדערמאָנטן פֿאָרשלאַג. דערבײַ האָט זי אויף דער זיצונג פֿון דער פֿאַרגאַנגענער וואָך, פֿאַר דעם אָפּלייגן פֿון דער זאַך צוליב דעם פֿעלן פֿון דרײַ מיטגלידער פֿון אַ געוויסער פּאַרטײ, מודיע געווען די פּאַרזאַמלטע, אַז דאָ גייט אין אונזער ה׳ פּרק.

אַזוי איז אַנטשידן געוואָרן דעם ה׳ א. פֿערעטצעס כוונה, ווײַל איך געהער נישט צו קיין שום פּאַרטײ, אַזוי ציִלט מען שוין אין מײַן פֿרײַ־הייט אַלס מחבר און קענגן דעם מוז איך פּראָטעסטירן.

נעמענדיק אין אַכט, אַז

מײַן פֿאַרהאַלטעניש צו דער גמינע־פֿאַרוואַלטונג איז אויסשליסלעך נאָר אַ פֿאַרהעלטעניש פֿון אַן אָנגעשטעלטן צו זײַן ברויט־געבער,

אַז אַזאַ פֿאַרהעלטעניש גיט נישט דעם ברויט־געבער קיין שום

רעכט אויף צו באַגרענעצן די רעכט און איבערצייגונגען פונם אַרבעטער אויסער דעם אָרט און צייט פון דער אַרבעט —

אַז ביים שליסן דעם אָפּמאַך — מיט העכער 20 יאָר צוריק — איז פון אַזאַ מין באַגרענעצונג קיין שום רייד נישט געווען —

אַז נאָכן שליסן דעם אָפּמאַך, קאָן נישט זיין מאָדיפיקאַציע אָדער דערגאַנצונג אָפּהענגיק זיין בלויז פונם ווילן פון איין צד —

האָב איך דערמיט דעם כבוד צו דערקלערן דער גמינע-פאַרוואַלטונג, אַז איך האָב נישט בדעה זיך אונטערגעבן קיין שום פון אויבן-אָנגעוואָרפענעם רעגולאַמין.

מיט געהעריקער אַכטונג

2.XII. 1912 י. ל. פּרץ

דער לאַנגאָניקער „ראַכמיסטער" פון דער וואַרשעווער יידישער גמינע י. ל. פּרץ, וועלכער האָט קנאַפּע 25 ערפילט די פליכטן, און לויט דער אַטעסטאַציע פון דער גמינע גופא „די גאַנצע צייט זיך אָויסגעצייכנט מיט זיין אויסערגעוויינלעכער ערלעכקייט", איז געשטאָרבן דעם 21-טן מערץ 1915. צו דער לויה זענען געקומען צענער טויזנטער מענטשן מיט הונדערטער דעלעגאַציעס. „צו דער לויה — שרייבט בשעתו אַ קאָרעספּאָנדענט פון וואַרשע אין ווילנער „די וואָך" — האָבן נישט געפעלט קיין דעלעגאַטן פון קיין איין יידישער חברה און אינסטיטוציע, פון די חסידישסטע ביז די פרייסטע און אַפילו האַלב-אַסימילירטע. אויסער „דער יידישער גמינע און אירע באַאַמטע". די גמינע מיט אירע דאָזאָרעס האָבן נישט געפונען פאַר מעגלעך צו באַטייליקן זיך אין דער לויה פון פּרצן. די זעלבע עקשנות-גלייכגילטיקע באַציונג צו פּרצעס טויט באַמערקט מען אויך אין די ארכיון-פּאַפּירן און אין די פּראָטאָקאָלן פון דער גמינע אין יענער צייט. די נאַרישע ביוראָקראַטיע איז דאָ דערפירט ביז לעכערלעכקייט: אין פּראָטאָקאָל-בוך פון די פאַרוואַלטונגס-זיצונגען (געווען געפירט אין רוסיש) געפינט זיך צווישן אַנדערע לויפנדיקע ענינים אַ קורצע קאַלטע נאָטירונג וועגן טויט „פון דעם שריפטפירער" („דיעלאָפּראָאיזוואָדיטעל") פון דער שטייער-אָפּטיילונג אין דער גמינע י. ל. פּרץ, און דערביי איז באַשטימט געוואָרן אויסצופּועלן פאַר דער אַלמנה פון דעם פאַרשטאָרבענעם „שריפטפירער" אַן עמעריטור אין גרויס פון אַן אַכטל פענסיע. און דאָס גאָר! די זיצונג איז אָרגעקומען דעם 30

מערץ 1915 (דאָס הייסט אַ וואָך נאָך דער לויה), אין דער זיצונג האָבן זיך באַטייליקט מ. בערגסאָן (פאָרזיצער), ס. דיקשטיין, ל. דאווידזאָן יוליאַן קאַן, וואָלף קליין, בראָניסלאַוו גאָלדפעדער, זלמן געלבלום, סט. נאַטאַנסאָן, אינזש. א. ווייסבלאַט, ה. גראָמאַן, ס. מאָרגענשטערן. אַז דער פאָרשטאָרבענער „ראַכמיסטער" האָט געהאַט עפּעס אַ שייכות צו דעם גרויסן יידישן שרייבער—וועגן דעם האָבן די הערן, „די יידישער פאָרשטייער", נישט געוואָלט וויסן. די עמעריטור איז דורך דער קאַנצעלאַריע פון וואַרשעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר דעם 2 יולי 1915 באַשטעטיקט געוואָרן, און ס'איז באַשטימט געוואָרן פאַר דעם אַלמנה אַ חודש-סטיפּענדיע. —

עס זענען אַוועקגעגאַנגען 10 יאָר, און די וואַרשעווער יידישע גמינע האָט זיך כּלל נ שט געקימערט, וואָס פּרצעס קבר איז די גאַנצע צייט געווען אָן אַ מצבה. נאָר ווען דער פּרץ-קאָמיטעט בראש פון ליטעראַטן-פאַריין האָט אין 1925, צום צענטן יאָרצייט, זיך געווענדט מיט אַ ביטע צו דער גמינע (דאָס איז דער איינציקער יידישער דאָקומענט אין דעם פּעקל אַרכיוו-מאַטעריאַלן!) מיטצוהעלפן צו פאַרענדיקן דעם אוהל-פּרץ, האָט די יידישע וואַרשעווער גמינע באַוויליקט צו באַשטימען 2000 גילדן און אויך באַשלאָסן אַנטייל צו נעמען אין דער פייערונג פון צענטן יאָרצייט.

דאָס אייז איז סוף כּל סוף דורכגעבראָכן געוואָרן. דאָס, וואָס ס'איז געווען אוממעגליך אין 1915, איז געוואָרן מעגלעך אין 1925. פאַר די 10 יאָר האָט זיך דאָך עפּעס געביטן אין יידישן לעבן, און די וואַרשעווער יידישע גמינע האָט געמוזט „נאָכגעבן" און צושטיין צו דער אַלגעמיינער באַערונג פון דעם גרויסן יידישן דיכטער, וועמען ס'איז באַשערט געווען זיינע בעסטע יאָרן צו פּטרן אַלס קאַנצעלאַריע-באַאַמטער אין די טרויעריקע ווענט פון דער יידישער גמינע *).

---

*) איך געפין פאַר מיין חוב אויסצודריקן מיין דאַנק די אָנגעשטעלטע פון דער איצטיקער גמינע די ח"ח ישראל פּאָפּאָווער און חאָלף בלייברודער פאַר דעם אויסזוכן און צושטעלן מיר די אַרכיוו-מאַטעריאַלן, ווי אויך דעם ח' מענדל גלובענטאַל פאַר זיין העלפן מיר אין מיין דאָזיקער אַרבעט.—נ. מייזיל.

י. מ. נײמאַן

# פּיאָנערן פון ייִדישער פּלאַסטיק

/ פון מײַן ווערק: „דאָס בוך פון ייִדישער קונסט" /

אין יעדן מוזעום פאַר פעלקער-קונד פעלט דער ייד. אין די פאַר ביכער איבער קונסט פעלט דער באַגריף: יידישע קונסט.

איז ווירקלעך קיין יידישע קונסט נישט פאַראַן?

ביז איצט האָט מען זיך געשראָקן פאַרן באַגריף יידישע נאַציע, אָבער די נאַציע איז געווען, הגם זי איז נישט געווען רעגיסטרירט אין פּאָליטישן ווערטער-בוך, עס האָט געפעלט דער נאָמען. דאָס זעלבע איז מיט דער יידישער קונסט

לאָמיר נעמען גלייך פון לעבן. מיר האָבן איצט אַ גאַנצע ריי קינסטלער, וואָס פאַרנעמען אַן אויבן-אָן. זיי זענען נישט בלויז יידן לויט אָפּשטאַמונג, נאָר זיי באַקענען זיך אָפן אַלס אָנגעהעריקע צום יידישן פאָלק. זיי שעפן פון אַרכאַיִש-סעמיטישן אור-קוואַל און צוגלייך פון יידישן פאָלקס-פּרימיטיוו. איך קאָן אָנרופן אייניקע נעמען: יעקב עפּשטיין (דאָס קינד פון ניו-יאָרקער יידישן געטאָ) אין לאָנדאָן; מאַרק שאַגאַל אין רוסלאַנד; חנוך גליצענשטיין אין איטאַליען; מאַרק שוואַרץ אין פּוילן. ביי מיין גאַנצער נייגונג צו מעטאַפיזיק, מוז איך מודה זיין, אַז זיי זענען נישט אַראָפּגעפאַלן פון הימל צופעליק. זיי זענען אַ רעזולטאַט. זיי זענען אַרויסגעוואַקסן פון אַ באָדן, זענען פאַרבונדן מיט אַ סביבה, האָבן טראַדיציע.

די ערשטע, וואָס האָבן אויפמערקזאַם געמאַכט אויף יידישער קונסט, זענען געווען קריסטן

דאָס איז געווען מיט אַן ערך 50 יאָר צוריק.

אין יאָר 1878 איז אין פּאַריז געווען אַ וועלט-אויסשטעלונג, און אַ דאַנק די באַמיִונגען פון אַמעריקאַנער ייד שטראַוס האָט מען צונויפגעזאַמלט אַ גאַנצע ריי זאַכן פון רעליגיעזן געברויך: די יידישע אָפּטיילונג, די ערשטע אין איר אַרט, האָט געשאַפן אויפזען. דער רוס סטאַסאָוו איז באַגייסטערט געוואָרן. ער האָט וועגן די קונסט־זאַכן געשריבן, אַז זיי זענען נישט איטאַליעניש און נישט פראַנצויזיש, נאָר ריין יידיש. ער האָט אַפּעלירט, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל זיך באַפרייען פון פרעמדן אָנוווקס און פלעגן זיין אייגנאַרט. צו יענער צייט איז אויפגעשטאַנען דער ערשטער יידישער סקולפּטאָר פון געטאָ: אַנטאָקאָלסקי. סטאַסאָוו מאַכט אים פאָרווורפן, פאַרוואָס ער מאַדולירט

רוסישע קייזערס און נישט קיין יידן. סטאַסאָוו מאַכט אויך פאָרוורפן סאַראַ בערנאַר, וואָס זי פאַרקערפערט נישט די ביבל.

דאָס איז געווען דער ערשטער אַפּעל, דער דרייסטער און ברייט-האַרציקער, צו וועלכן נאָר רוסן זענען פעיק.

סטאַסאָוו צוזאַמען מיט באַראָן גינצבורג גראָבן אין די קייזער-לעכע אַרכיוון אין פעטערבורג און אַנטדעקן יידיש-ביזאַנטינישע אָרנאַמענטן; זייער אַלבאָם: „אָרנאַמענט העברעיק" איז ביז צום היינטיקן טאָג אַ וויכטיקער בייטראָג.

דערנאָך קומט אַ יידישע אויסשטעלונג אין לאָנדאָן מיט אַן אי-לוסטרירטן ליקסוס-קאַטאַלאָג (לוסיען וואָלף און דזשעיקאָבּ). דערנאָך אַ יידישע אָפּטיילונג ביים וואַשינגטאָנער מוזיי מיט אַ קאַטאַלאָג (אַרויס-געגעבער: סייררוס אַדלער). ד"ר מ. גאַסטער פאַ-עפנטלעכט ביבל-אילומינאַ-ציעס פון 9-טן און 10-טן י"ה. עס ווערן געגרינדעט יידישע מוזעאומס; מוזיי קלוני אין פאַריז, וואָס האָט אַ ווערטפולע יידישע אָפּטיילונג. איינצעלנע זאַמלונגען געפינען זיך ביי די יידישע געמיינדעס אין ווין, וואַרשע, פראַנקפורט אַם-מיין, שטראַסבורג, באַזעל, פראָג, אויסער אַ ריי קונסט-זאַכן, וואָס זענען אין פריוואַט-באַזיץ, ווי: קירכשטיין אין בערלין; קאָך אין פראַנקפורט אַם-מיין, ראָטשילד אין פאַריז, זולצבערגער אין ניו-יאָרק און אומצייליקע אוצרות ביי ספרדישע יידן אין באַגדאַד, דמשק, טריפּאָליס.

מען שטויסט זיך אָפט אָן אויף איבערראַשונגען. מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק איז געשען אַן עפּאָכע-מאַכנדע אַנטדעקונג אויפן געביט פון יידישער קונסט-פאָרשונג: אין סאַראַיעוואָ, אין באָסניען, געפינט מען דורך אַ צופאַל אַ יידישע אילומינירטע הגדה פון שפּאַניען פון 14-טן יאָרהונדערט. די פאָרשער מילער, שלאָסער, אין פאַרבינדונג מיט דוד קאַופמאַן, גיבן אַרויס אַ בוך: „די סאַראַיעווער הגדה". דאָרט ווערט געגעבן אַן אומפאַסענדער איבערבליק איבער יידישע איל-מינאַציעס פון שפּאַניען, פראַנקרייך, איטאַליען און דייטשלאַנד.

אין איניקע יאָר שפּעטער קומט אַרכיטעקט פראַובערגער אין דיסעלדאָרף און פאַרעפנטלעכט אַ ריי העפטן איבער יידישער אַרכיטעק-טור: גראָטע פאַרפאָלקאָמט עס מיט ביישפּילן פון בעמישע שולן, אָנ-הייבנדיק פון 14-טן י"ה.

מ אַ ט י אַ ס ב ע ר ס אָ ן אין וואַרשע פֿאָרשט די יידישע האָלץ־שול אין פּוילן, וואָס שטייען שוין ווי דורך אַ וואונדער אַן ערך 400 יאָר און זענען פֿון אויסערגעוויינלעכער שיינקייט.

אין לעצטן האַלבן יאָרהונדערט ווערן אַנטפּלעקט די אוצרות פֿון מזרח בכלל. האַנד ביי האַנד געפֿינט מען יידישע זאַכן פֿון אור־אַלט, מען גראָבט אויס יידישע סינאַגאָגן אין ג ל י ל. (קאָהל און וואַטצינגער). עס ווערן אויסגעפֿאָרשט העברעישע אַלטערטימער אין דער תּלמודישער עפּאָכע (פּראָפֿ. קראַוז פֿון ווין). מען געפֿינט אַלטע סינאַגאָגן אין צפֿון־אַפֿריקאַ, וואונדערלעכע מאָזאַיקס אין נ אַ ר אָ, הערלעכע אָרנאַמענטן, גאָלד־גלעזער. און די אַרכעאָלאָגן באַשטעטיקן די השערה פֿון די אייניקע עקסטאַטיקער: אין אַלטערטום, מיט 2000 יאָר צוריק, האָבן יידן געפֿאָרמט אָריגינעלע שענקייט.

אין ווין גלאַנצט אויף דער רום פֿון ס ט ש י ג אָ וו ס ק י. ער לענקט די קונסט־פֿאָרשונג אויף נייע וועגן. ער באַטאָנט דעם אָריענט־אורשפּרונג פֿון דער קונסט. ער ווייזט אָן, ווי אויף אַ זיכערן פֿאַקט, אַז די קירכן האָבן זייער בוי־אַרט איבערגענומען פֿון די סינאַגאָגעס, און די יידישע סינאַגאָגעס שטאַמען פֿון די היידן־באַזיליקן. די יידן האָבן אַזוי אַרום געשפּילט אַ פֿאַרמיטלער־ראָלע. אַ סך אילומינאַציעס האָבן, לויט דער מיינונג פֿון סטזשיגאָווסקי, זייער אַנטשטייונג צו פֿאַרדאַנקען דעם איינפֿלוס פֿון דער יידיש־אַלעקסאַנדרינישער שולע.

איצט האָבן מיר אַ ריי יונגע יידישע פֿאָרשער: ע ר נ ס ט ק אָ ה ן, וו י נ ע ר, ד"ר מ. ג אַ ס ט ע ר, ק י ר כ ש ט י י ן, (זייער ווערטפֿול איז זיין בוך איבער יידישער גראַפֿיק), ר ח ל ב ע ר נ ש ט י י ן ־ וו י ש נ י צ ע ר (רע־דאַקטאָר פֿון „מילגרוים") ב אַ ל אַ ב אַ ן, ש י פֿ ע ר, ע ג אָ ן ט ע פּ ל י ץ, לעאָ קעניג, ליסיצקי, לאַזאָוויק און אַנדערע.

און מענטשן מיט אַ ברייטן בליק זעען שוין איין, אַז די אַרבעט לוינט.

אָ ס וו אַ ל ד ש פּ ע נ ג ל ע ר, אין זיין „אונטערגאַנג פֿון אַבענדלאַנד" גיט אַ פֿיינעם אינטויטיוון ענטוואורף וועגן דער אַנטוויקלונג פֿון די יידישע בוי־דענקמעלער. ער לעגט פֿאָר אויסצופֿאָרשן די יידישע בוי־קונסט, נאָכ־פֿאָלגנדיק דעם מאַרש פֿון די יידן פֿון פּערסיען קיין צפֿון־אַפֿריקע און פֿון דאָרט קיין שפּאַניען, ווו זיי האָבן צוזאַמען מיט די אַראַבער גע

שאַפן דעם מאַוריטאַנישן סטיל. (פאַך־לייט ערקלערן אָפען, אַז דאָס וואָס מען רופט אַראַביש, קאָן דרייסט אָנגערופן ווערן יידיש־אַראַביש).

נאָך שלאָסער, דער פאַרוואַלטער פון הויף־מוזיי אין ווין, האָט אָנגעוויזן, אַז ווען מען וועט פאָרשן די יידישע קונסט, וועט דאָס געבן העלע אויסבליקן איבער דער גאַנצער קולטור פון דער מענטשהייט. מען קומט אָפט צו מערקווירדיקע ערשיינונגען. אין סורינאַם אין וועסט־אינדיען, — דערציילט אַ האָלענדישער געלערטער, — איז די אַרכיטעקטור אַריבערגעפלאַנצט געוואָרן דורך פאָרטוגעזישע יידן, פאַרטריבענע פון דער אינקוויזיציע. גלויבט נישט, אַז יידן האָבן זיך מיט קיין קונסט נישט פאַרנומען: דער בעסטער באַווייז איז דאָס, וואָס מען האָט אויף איר געגרייט אַטענטאַטן און באַגרענעצונגען. קעניגן איזאַבעל האָט זאָגאַר געשאַפן אַ ספּעציעלן אַמט פון צענזאָר־אינקוויזיטאָר, וואָס זאָל אַכטונג געבן, אַז די יידן זאָלן נישט מאָלן קיין בילדער פאַר דער שפּאַנישער קירכע. אַ שענע לעגענדע ווערט דערציילט וועגן אַ יידישן מאָלער אין מעקסיקאַ. זייענדיק פאַרשפּאַרט דורך דער אינקוויזיציע (אין 17־טן יאָרהונדערט) האָט ער אויסגעמאָלן אַ מאַדאָנע, וואָס הענגט אויף דער טיר פון דער קירכע. דער מאָלער איז פאַרברענט געוואָרן אויפן אויטאָ־דע־פע, און זיין בילד האָט וואונדער באַוויזן און נוקם געווען די נקמה פון זיין באַשעפער.

איך וויל פּרוּוון געבן אייניקע כאַראַקטעריסטישע סימנים פון יידישער קונסט.

אין אָנהייב — נאָמאַדן־פאָלק. וואַנדערונג. די געצן שטייען, מיט אַ בלייערנע שווערקייט מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס, און מען איז מקריב צו זיי לעבעדיקע מענטשן. דאָס יידישע פאָלק צושמעטערט דעם געץ, ווי אַ קינד, וואָס שלאָגט דעם טיש, אָן וועלכן ער פאַלט.

דער געץ (ער קאָן זיך יעצט אונז אויסווייזן פון קינסטלערישן שטאַנדפונקט העררלעך) ווערט דורכן ייד אויסגעראָטן, דערביי ווערט אַ ספּעציעלע תּפילה געזאָגט. מען איז דערביי ריקזיכטלאָז. מען טאָר אפילו נישט לויטן תּלמוד, צושטויבן אַ געץ אויף שטויב, ווייל פון שטויב קאָן ווערן מיסט, און פון מיסט זאַנגען אין פעלד, ווען אויסקומען אַז מען געניסט פונם געץ, און דאָס איז פאַרווערט. דער דיינע קטד ביזן וואָרצל פון

צדאַנק. דער גאַנצער טעמפּל מוז פאַרווייט ווערן אין ים, אום עס זאָל קיין איבער־בלייבניש נישט בלייבן.

אָבער ווי נאָר די פּלאַסטיק הערט אויף צו זיין עבודה־זרה, ווערט זי ערלויבט.

אַזוי האָט מען אין פּערסיען, וואו עס איז נישט געווען קיין פענטשלעכער בילדער־קולט, ערלויבט דעם ביוסט פון דריוש אין שול.

דער בית־המקדש האָט געהאַט כ ר ו ב י ם. אין ערשטן בית־מקדש געשניצטע, אין צווייטן — אויסגעמאָלטע. אויס דאַנקבאַרקייט צו פּערסיען האָט מען אויפן טויער אויסגעמאָלן די שטאָט שושן (סוזא).

דעם רוימישן אָדלער האָט מען אַראָפּגעריסן פון טויער פון בית־מקדש נישט דערפאַר, ווייל מען איז געווען קעגן סקולפּטור, נאָר צוליב פּאָליטישע טעמים.

און שוין אין די צייטן פון צווייטן בית־מקדש זענען יידן געווען וועבער, טעפּיך־שטריקער, גאָלד־שמידן, אילומינאַטאָרן.

אין דער באַזיליקאַ פון אַלעקסאַנדריע, — דערציילט דער תּלמוד— איז יעדער פאַך געזעסן באַזונדער אין שול, וואָס עס שליסט נישט אויס, אַז די קונסט - געווערבלער זענען געווען פאַרייניקט אין באַזונדערע צעכן.

ווען אין בית־מקדש איז עפּעס קאַליע געוואָרן, האָט מען אַריבער־געברענגט יידישע גאָלדשמידן פון אַלעקסאַנדריע צורעכטצומאַכן.

פּראָפ. קליין ברענגט אין די נאָר וואָס ערשינענע סקריפּטן פו דער ירושלימער אוניווערזיטעט, וו ער אונטערריכטעט, אַ פאַרצייכניש פון יידישע אַרכיטעקטן־גענעראַציעס פון צווייטן בית־מקדש אָן.

אין גריכנלאַנד איז באַקאַנט אין אַלטערטום אַ שטאָט, וו דער גאַנצער וועב־פאַך איז געווען אין יידישע הענט.

די זייד־אינדוסטריע אין גריכנלאַנד און איטאַליען איז געשאַפן געוואָרן דורך יידן. די גאָלד־שמידערייען האָבן זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן יידישן אָנטייל. (די שווערד פון באָרדזשאָ איז געשאַפן געוואָרן דורך אַ יידישן מייסטער).

אין שפּאַניען איז די געווער־קונסט געווען אין יידישע הענט.
יידן האָבן וווּנדערפולעס באַוויזן אין דער אייַנבינדערייַ און עס

דערהויבן צו אַ קונסט. (נאָר וואָס איז ערשינען וועגן דעם אַ בוך פון מאַרטין באָללערט, דירעקטאָר פון דער דרעזדענער הויפּט-ביבליאָטעק).

נאָך היינטצוטאָג באַגעגנט מען אין די פּוילישע קלויסטערס פּראַכט-פולע לאַטיינישע פּאָליאַנטן, ווו דער יידישער איינבינדער האָט זיין העברעישן איניציאַל אַריינגעשניטן.

די יידן אַלס גראַווירער אין מטבע-קריצער אין די קעניגליכע הויפן זענען געניג באַקאַנט. גענוג צו דערמאָנען: אין שוועדן האָט מען קיין יידן נישט אַריינגעלאָזן. ווען אַ שיף איז אָנגעקומען צו די שוועדישע ברעגן, און אויף איר האָט זיך געפונען איין ייד, האָט מען די גאַנצע שיף צוריקגעשיקט. ע״שט אַ דאַנק אַ יידישן מטבע-קריצער, אין וועלכן עס האָט זיך געניי׳טיקט דער שוועדישער הויף, האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן אַ יידישער ישוב. (דער דאָזיקער קינסטלער אהרן אייזיק דערציילט וועגן דעם מיט פיל הומאָר אין זיינע מעמוארן).

דער ייד ברענגט אַריין אַ געוויסע גייסטיקייט, פּאַטאָס, פאַנטאַס-טיק אין זיין שאַפן.

קנעכט זענען מיר געווען, ווען מיר האָבן געבויט די פּיראַמידן און קאָלאָסעום. קנעכט, בלינדע אויספירער. און די בוי-אַרבעט האָט אונז געשראָקן. מיר זענען אַנטלאָפן פאַר ליים און ציגל, ווי אַן אָפּגע-בריטער פאַר הייס וואַסער... דער פאַרקנעכטעטער נעמט טרוימען און רעוואָלטירן: דאָס שאַפט די ביבל.

דאָס בוך ווערט אַ פאַנטאַזיע־קוואַל. עס באַפּיגלט אין פאַר-לויף פון דורות די נישט-יידישע מייסטערס, די אַנדזשעלאָס און די רעמבראַנדטס. דער ייד ווערט פון בלינדן קנעכטישן אויספירער — אָנרעגער. אייביקער אָנרעגער. רעוואָלוציאָניזירער. זיין דינאַמישע נאַ־טור צעשטערט אַלץ, וואָס איז פאַרשטאַרט און דאָגמאַטיש.

אויב מען וויל זיין אָפנהאַרציק, מוז מען ביי דער גאַנצער קונסט־אַפּאָלאָגעטיק אָנערקענען, אַז יידן האָבן ווייניק געבויט. מען איז צו ווייניק הערשער-פאָלק געווען און צו ווייניק שקלאַפן געהאַט אין אייגענעם רשות, אום צו בויען גראַנדיעזעס. דאָס איינציקע, וואָס מיר האָבןווירקלעך געבויט, — דאָס זענען באַריקאַדן. איר וועט מיר אַנט־שולדיקן: אַביסל לעכערלעך וועט זיין יענער, וואָס וועט דעם באַריקאַדן-בוי באַהאַנדלען פון אַרכיטעקטאָנישן שטאַנדפונקט... מיר האָבן מיט

ברוסטן־שטיינער פארשטעלט. דאָס איז אונזער איינציקער בוי. די איבּ־ריקע בּניינים זענען פאַר אונז סעקונדער. אָבער, — דאָס ביסל, וואָס איז דאָ יידישעס אין דער אַרכיטעקטור, אין דער פּלאַסטיק, טאָר מען נישט לאָזן פאַרלייקענען. די מעכטיקע דאַרפן נישט צוּרויבּן דאָס איינ־ציק־פאַרבּליבּענע שעפעלע.

אַ קוריאָז: אין פּוילן זענען, ווי דערמאָנט, פאַראַן יידישע האָלץ־שולן, וואָס שטייען שוין הונדערטער יאָרן. אין דער רוסישער קונסט־געשיכטע זענען די שולן באַצייכנט געוואָרן אַלס ריין־רוסישע; בּעת דער דייטשער אָקופּאַציע — אַלס ריין־דייטשע, און איצט, נאָך פּוילנס באַפרייונג — אַלס ריין־פּוילישע. מ׳פאַרשפּרייט אַ שם־רע אויף יידן, אַז זיי זענען בּכלל נישט פעיק צו קונסט־האַנטווערק. דאָס איז דאָס פיינ־לעכע און דאָס לעכערלעכע פון דער געשיכטע.

עס איז פעסטגעשטעלט: אין די יידישע ווערק, אין די בּנינים, שניצערייען, גראַווירן, גאָלדוואַרג, אילומינאַציעס, שטיקערייען, האַפטע־רייען איז דאָ אַזוינס, וואָס שיידט זיי אויס. עס איז דאָ אַ ספּעציפי־שער ניואַנס, וואָס מאַכט זיי פאַר יידיש.

דער דייטש־יידישער פאָרשער אַ ל ב ע ר ט וואָ ל ף האָט באַצייכנט דעם ניואַנס אַלס יידישן „ק ו נ ס ט - ז ש אַ ר ג אָ ן״. אָט אַזוי, ווי די יידן האָבּן צום דייטש צוגעמישט העבּרעישע און סלאַווישע עלעמענטן און געשאַפן אַ „זשאַרגאָן״, — דאָסזעלבּע האָבּן זיי געמאַכט מיט דער קונסט. אָבער, — אין פאַרלויף פון אַ פערטל יאָרהונדערט באַוווסטזי־ניקער אַרבּעט איז פון אַ זשאַרגאָן־שפּראַך געוואָרן אַ קולטור־שפּראַך י י ד י ש, מיט אייגענע דיכטער, פּראָסע און ווערטפולע טעאַטערן, — דאָסזעלבּע וועט געשעען מיט דעם קונסט־זשאַרגאָן. מער באַוווסטזיין, מער פאָרשונג, מער איידעלע באַציונג, — און דאָס וועט זיך אויסליי־טערן צו אַן אייגענעם חותם.

די יידישע קונסט איז געבּויט אויף די זעלבּע פּרינציפּן, ווי די נישט־יידישע. דער מאַסשטאַב איז נאָר קלענער.

די קליינע האָלץ־שול איז פונקט, ווי די טעמפּלען אין אור־צייטן, די ר אַ ם, וווּ אַ גאַנץ לעבּן לעבּט זיך אויס.

אין דער האָלץ־שול אין פּוילן פלעגט מען דאָס קינד פירן צום מל זיין, שפּעטער צו דער בּר־מצוה, צו דער חתונה, צו דער לויה.

דאָרט פלעגט מען אויך בענטשן און אין חרם לייגן — מיט איין וואָרט: אַ ראַם, אין וועלכער די הויפּט־געשעענישן פון מענטשלעכן לעבן האָבן זיך אָפּגעשפּילט.

די אַמאָליקע געבײַדעס אין אָריענט האָבן געהאַט אַן אַ ס ט ר אַ ־ לישע באַדײַטונג. דאָסזעלבע איז (ביז הײַנט) מיט מאַנכע שולן אין פּוילן. לויטן זוהר, דער מקור פון קבלה, דאַרף אַ שול האָבן 7 פענ־ סטער, לויט די 7 טעג פון דער וואָך, און טיילמאָל ווערט דאָס אָפּ געהיטן.

די ווענט האָבן אין זיך אַ הייליקע קראַפט. זיי שליידערן צוריק, לויט דער לעגענדע, ווען עס דערנענטערט זיך צו זיי אַן אומרייגער. דער ארון־קודש העלפט אויס אין אַ נויט, ווי אין בבל, ווען מען האָט מיטן ארון־קודש כ ש ו ף ג ע פ י ר ט... ווי ווייניק דער מענטש ענדערט זיך: דער אייזן־בעטאָן האָט נאָך נישט אויסגעראָט די אַבערגלויבנס, וואָס זענען, ווי שפּינוועבס, אין די ווינקלען פון אונזערע שטובן.

די מאָלערייען אין שול (אָפט מיט מענטשלעכע פּנימער) זענען אויסגעפירט דורך די מיטלען פון יידישע צעכן: חברה שניידער, שוס־ טער, פליישער. מיט איין וואָרט: לויטן זעלבן געזעלשאַפטלעכן פּרינ־ ציפּ, ווי מען האָט געבויט די אַלטאַרן אין די קירכן.

די מאָלעריי, די יידישע, איז פּרימיטיוו, אַראַבעסקן־אַרטיק, אייגנטימלעך. מייסטנס ווערן באַנוצט לייבן, פיש און טויבן. אין קאָלאָ־ ריט—גאָלד און בלוי. עס איז כאַראַקטעריסטיש: די זיידעס און פעטערס פון עפּשטיין, שאַגאַל און גליצענשטיין זענען געווען פּרימיטיווע מאָלער פון האָלץ־שולן.

די פּרימיטיווע יידישע פאָלקס־מאָלעריי איז אָפטמאָל ב ו כ ש ט ע ב ־ ל ע ך. פון וואָרט ווערט בילד און פון בילד ווערט וואָרט. ביידע זענען פאַרוואַנדט. עס איז דאָ געשטאַלטונג.

אין אַ פּויליש שטעטל האָב איך אין אַ שול געזען אויסגעמאָלן ת ה ל י ם: „אויף די טייכן פון בבל... האָבן מיר אויפגעהאָנגען אונזערע פידלען״... זענען אויסגעמאָלט טייכן מיט ווערבעס, און אויף די ווער־ בעס הענגען, ווי פרוכטן, פאַרשידענע טרומייטערס און פידלען. דאָס בילד דירעקט גראָטעסק. אָבער עס דערמאָנט מיך אָן טיראָלער בילדער, וואָס איך האָב געזען אין אינסבּרוק. דאָרט איז אויסגעמאָלן דער שטאָט

בוים פון אַ הייליקן. זעט מען אַ מענטש און פון זיין בויך וואָרצלט אַרויס אַ בוים, און אויפן דאָזיקן שטאַם-בוים הענגען די קינדער... עס איז אַ גראָטעסקע בוכשטעבלעכקייט.

*

די יידישע קונסט איז אין איר וועזן אַנאָנים. ווי די מייסטער פון דער גאָטיק. אַנאָנים בלייבן הייסט אפילו דער רבנישער געזעץ.

עס האָט געטראָפן: אַ יידישער קינסטלער האָט אויף אַן ארון-קודש אויסגעקריצט זיין נאָמען, דאָבן דאָס די רבנים פאַרווערט, ווייל דער נאָמען קאָן אָבלענקען די קאָנצענטרירונג בעתן געבעט.

אַ רייכער ייד האָט אַ מאָל אין איטאַליען, אין דער רענעסאַנס-צייט, אויסגענייט זיין טלית מיט אַ תפלה, האָבן דאָס די רבנים פאַר־ווערט כדי נישט צו פאַרשעמען די אָרעמע.

אַ יידישער סופר אין אַלטערטום האָט אַמאָל אויף אַ פּאַרמעט אויפגעשריבן דעם נאָמען פון גאָט מיט גאָלדענע אותיות, האָבן עס די רבנים פאַרווערט. גאָט האָט אויסגעקליבן דעם דאָרן-בוים, אום צו פלאַ־קערן דאָרט, אַלס סימן פון הכנעה און נידריקייט, און מען דאַרף אים אויך דינען אין באַשיידנקייט.

די יידישע קונסט האָט אין אַלעם זיך אַרויסגעוויזן בלויז אַזוי־פיל, ווי דאָס געזעץ האָט עס ערלויבט.

באַלד ביים אָנהייב פון דער וויטראַזשן־מאָלעריי (אין 11־טן י. ה.) האָבן דייטשע יידן אויסגעצירט זייער שול אין קעלן מיט פאַרביקע פענסטער-שויבן: שלאַנגען, לייבן, פיש. יידישע וויטראַזשן ווערן אויך באַטירט אין פוילן אין 14־טן י. ה., אַ זאַך, וואָס איז געגנצלעך אומ-באַקאַנט אפילו די פאַך־פאָרשער. נישטאָ קיין ווינקל, קיין צווייג, וואָס דער יידישער געניוס האָט עס נישט באַרירט. נאָר עס איז פאַנאַנדער־געוואָרפן. עס מוז ערשט אויפגעראָבן, געזאַמלט און פאַריינהייטלעכט ווערן.

יידן גלייבן, — עס איז איבערגעגאַנגען צו אונז פון דור צו דור,— אַז די בית־מקדש־זאַכן וועלן אויך נאָך געפינען ווערן. מען דערציילט: ווען טיטוס האָט די יידישע געפאַנגענע קיין רוים געפירט, איז די גאָלדענע מנורה אריינגעפאַלן אין טיבר-טייך און צעפלאָסן געוואָרן, און

אַז משיח וועט קומען, וועט די מנורה, די גאָלדענע, ווידער אַרויס־שווימען גאַנץ.

דאָס יידישע פּלאַסטישע שאַפן איז אין זיין וועזן רעליגיעז. שטענדיק האָט געשוועבט פאַר די אויגן אַ וויזיע: דאָס בית־מקדש, פּונקט ווי די מזרח־אַרכיטעקטן, וואָס האָבן, בויענדיק אַ בנין, תּמיד אין זין געהאַט: גן־עדן.

יעדע שול ווערט אָנגערופן: מקדש מעט.

לויטן תּלמוד, איז לייענען די וויזיע פון יחזקאל וועגן בית־מקדש גלייכגעשטעלט פאַר גאָרנישט, ווי מען וואָלט אַליין געדינט און געזונגען מיט די לויים פון בית־מקדש.

איך קען אַ רבין אין פּוילן, איז ער אַ כּהן, טרינקט ער קיין וויין נישט. דער רבי גלייבט: יעדן טאָג קאָן שאַלן דער שופר פון משיח, און דאָס בית־מקדש ווערט אויפגעבויט און ער ווערט גערופן צו דינען דאָרט. ווי אַזוי וועט ער דינען, אַז ער וועט זיין באַטרונקען?

איך האָב געהערט: מען האָט געפּלאַנט אויף דער וועלט־אויס־שטעלונג אין פילאַדעלפיאַ אויפצובויען, אין נאַטירלעכער גרויס, אַ בית־מקדש, אַלס אַטראַקציע, און מען האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפון. רעכט אַזוי. דער געהייליקטער סימבאָל דאַרף נישט אויסגענוצט ווערן אַלס פאַרוויילונג. דער קאָלאָסעום און דער אַקראָפּאָליס זענען זעענסוויר־דיקייטן. די פאַרבליבענע וואַנט פון בית־מקדש ווערט אין פאַרלויף פון יאָר־טויזנטער אומאויפהערלעך באַוויינט דורך מיליאָנען גלויביקע יידן. עס איז פאַר די מענטשן מער ווי אַן אַרכעאָלאָגיש איבערבלייבעניש.

דאָס כאַראַקטעריסטישע אין יידישן שאַפן איז דאָס, וואָס עס איז איבערגעבריקט די גרענעץ פון די זייט און יענזייט, פון איצט און שפּעטער, פון קערפּער און גייסט.

עס וואָרצלט אין דער אומבאַגרענעצטער צייטלאָזיקייט.

ווי גאָט.

היה הוה ויהיה."

איבער רוים און צייט, — עטוואָס שוועבנדעס, אייביקעס, ריין־מעלאָדישעס, פון מאַטעריעלן אויסגעליידיקט (התפשטות הגשמיות), פאַר־גייסטיגונג — דאָס איז דער הויפּט־סימן פון יידישער שאַפונג. אפילו אויפן פּלאַסטישן געביט.

אין אַ קליין שטעטל אין פּוילן האָב איך געטראָפן ביי אַ יידישן פּרימיטיוון קינסטלער אַ זייל. נישט קיין קאָרינטישע, נישט קיין דאָרישע, — אַ דורכויס יידישע. אַלס קאַפּיטעל איז געווען אויסגעשניצט אַ כּ ר ו ב, — דער באַפליגלטער פויגל, דער אור-סימבאָל, דער יידישער, נאָך אין דער מדבר.

פאַר מיר איז דער דאָזיקער כּ ר ו ב געווען אַן אַנטפּלעקונג.

אין דערזעלבער שול האָב איך אויך געפונען געמעלן: לויתנס, לייבן, שור־הבר. דעמאָנישע היות, באַפליגלטע, וואָס האָבן מיך דערמאָנט אָן אַסירישע געמעלן.

עס איז מערקווירדיק, ביז צום שטוינען, די ענלעכקייט פון מאַנכע פּרימיטיווע יידישע מאָלערייען אין פּוילן צו די בילדער, וואָס מען געפינט אין די אויסגעגראָבענע פּאַלאַצן אין אָריענט.

שטוינט נישט: היינטיקע קינדער־צייכענונגען זענען אָפטמאָל ענלעך צו קריצערייען, וואס מען געפינט אין פעלזן פון 40 טויזנט יאָרצוריק.

*

דאָס אינטערעסאַנטסטע אינם ייד איז, וואָס ער איז צוגלייך דער נייסטער און דער עלטסטער.

נאָר... נאָר אַליין וועלן יידן נישט דערציִיגן ווערן צו פולער קונסט־פאַרשטענדעניש.

עס איז, ליידער, זייער פיל פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן ביי אונז אויף דעם געביט.

עס איז דאָ אַן אַנטשולדיגונג: געזעצן, פון אינעווייניק און פון דרויסן. אין געטאָ האָט מען יידן פאַרווערט צו פאַרפלאַנצן אַ בלום אויפן פענסטער. אין דרעזדן, למשל, איז געווען אַן אויסדריקלעכער געזעץ: קיין ייד טאָר נישט באַזוכן די בילדער־גאַלעריע. די יידישע אַנטוויקלונג איז געגאַנגען איינזייטיק. ס'רוב יידישע קינסטלער, די מיניאַטוריסטן, גראַווירער און גאָלדשמידן, האָבן געזוכט שוץ און שטיצע אין די קעניגלעכע הויפן. דאָס האָט פאַטאַל געווירקט אויף דער יידישער קונסט. עס האָט געבראַכט צו זעלבסט־פאַרלייקענונג און פאַרלירונג פון דער אינדיווידואַליטעט. עס כאַפּט אָן אַ צאָרן! די באַרימטע מאָלער ע ל ג ר ע ק אָ און ר ע מ ב ר אַ נ ד ט האָבן געוווינט אין געטאָ, צווישן אָרעמע יידן, בעת די יידן אַליין האָבן זיך געריסן פון געטאָ. פון

ריינעם באַשיידענעם רעליגיעזן געפיל איז געוואָרן אויסערלעכער גלאַנץ און פון גלאַנץ — הויכמוט, און פון הויכמוט — מאַניער. און דאָס דויערט ביז צום היינטיקן טאָג.

יידיש האָב און גוטס, איבערבלייבענישן פון יידישער שאַפונג, איז צעוואָרפן איבער אַלע ווינקלען פון דער וועלט. עס איז צעשטיקלט, ווי דאָס לעבעדיקע פאָלק.

אין ארץ-ישראל, למשל, ווערט דערווייל דורך יידן פיל פאַרנאַכלעסיקט אויף דעם געביט..: נישטאָ נאָך, ווייזט אויס, דאָס פאַרשטענדניש.

די רעשטלעך פון יידישער קונסט: עמבלעמען, סימבאָלן, בלומען-פלעכטן, אָרנאַמענטן, ציר-אַרטן, — דאָס איז באַהאַלטן אין מאָזאַיקס פון חרובע שולן, אין פאַרמעטן, אין האַפטערייען, אין גאָלד- און זילבערוואַרג, — און דאָס וויכטיקסטע: אין דער פאַנטאַזיע פון לעבעדיקן ייד אין מזרח, אין וועמען עס לעבן נאָך די זכרונות פון אור-אור עלטערן.

וואַרשע, סוף יאַנואַר 1926.

לעאָ פינקעלשטיין

# אויף די וועגן פון יידישן רעאַליזם

די קונסט, וואָס רייסט אונז אָפּ פון דער אויגנשיינלעכער ווירקלעכקייט און שאַפט ג׳ייכצייטיק אַן אילוזיע פון דער זעלביקער „ווירקלעכקייט״, אויפלעבנדיק זי אויף אַן אינדיווידועלן שטייגער אין אונזער דמיון, אַנטפלעקט זיך דעם מענטשלעכן באַוווסטזיין דורך פאַרשידענע שטעגן און אין פילפאַרביקע געשטאַלטן. די התגלות קאָן גרייכן גולד ווערן אין מעטאַפיזישע וועגן, דורך דאָס נישט־דערזאָגטע, וואָס זוכט אַ תיקון אין דעם אַלץ־אַרומנעמענדן, תמיד־רעטועלהאַפטן און נישט דערפאָרשטן סימבאָלישן איקס. דער אַנטפלעקונגס־אַקט קאָן אָבער אויך געמאָלט זיין אין דער זינלעכער עמפּינדונג און זיך אויסשיילן פון דעם, וואָס לאָזט זיך אויף אַן אָנזעעוודיקן אופן באַנעמען מיט די מענשלעכע חושים, אָן דעם מעטאַפיזישן שווונג און איבערערדישע פליערײ.

דער דאָזיקער אַנדערער התגלות־פּראָצעס האָט אויף זיינע לוחות אויסגעקריצט אַן איין־און־איינציק געבאָט: זוך דאָס לעבן אלס עצם און אלס שטענדיקן זעלבסטצוועק! אָט דער מין „באַנעמען״ פון דער ווירקלעכקייט נעמט אָן אַ טאָפּל־פאָרם: אַ פאָרם פון אַנאַליז, פון שאַרף־קאַלטער גריבלעניש, און די פאָרם פון אַ מער העל־פאַרביקן, מער ליכטיקן אופן פון פאַרדויערהאַפטיקן דעם גרויסן צוג פון געשעענישן, פון וועלכן עס שיילט זיך לסוף אַרויס אַ קוים־אָנזעעוודיקער טורם, וואָס פאַרלירט דעם שפּיץ ערגעץ אין דעם ציטערדיקן נעפּל.

דאָס ערשטע געשטאַלט טיילט זיך אויס אין אַ באַזונדערער ליטעראַטור־ריכטונג — נאַטוראַליזם. פאַר דעם נאַטוראַליזם שטייט די עיקר־אויפגאַבע פון דערקענען און אויפנעמען די שוואַרץ־נאַקעטקייט פון לעבן מיט אַלע זיינע טריבע, אָפּט אויך גרויזאַמע, געשעענישן. די נאַטוראַליסטישע פּראָדוקציעס זענען אַ פועל יוצא פון דאָקומענטאַלער אָבסערוואַציע, — און אויב שוין טיפער — אַן אַנאַליז פון דער מענטשלעכער נשמה. די טענדענץ, אַלס מיט־פאַקטאָר אינם שאַפן, מוז דאָ לגמרי אויסגעטיילט ווערן. אַלץ דאַרף אונטערגעוואָרפן ווערן, אַקוראַט ווי אַן אָרגאַניש וועזן, די פיזישע געזעצן פון אָרט, צייט און סביבה. דאָ קומט צום אויסדרוק דאָס הוילע לעבן אין זיינע אויסערלעכע דערשיינונגען לויט אַן אָביעקטיווער שילדערונג פון פאַסירונגען. דער ספּור המעשה מוז האָבן זיין באַשטימטן נאָרמאַלן וועג פון לעבעדיקן אמת

און נישט לאָזן זיך כשופן דורך דעם אויטאָרס פאַנטאַזיע. אויף דעם אַרט שילדערן מוז אָבער זיין אויסגעפּרעסט דעם מחברס קינסטלערישע אייגנאַרטיקייט, וואָס דאַרף זיך שפּירן אין דעם אַרט מסדר זיין די פּרטים און אין דעם אופן פון זייער שפּעטערדיקער צונויפגיסונג אין איין קינסטלערישער גאַנצקייט.

דאָס צווייטע געשטאַלט איז אַ טיילווייזער גלגול פונם ערשטן — רעאַליזם. אויך דער רעאַליסט טרעט נישט איבער דעם גדר פון דערווירקלעכקייט, ער באַנוגנט זיך אָבער נישט מיט דער הוילקייט פונם נאַקעטן אמת. דער רעאַליסט איז אייגנטלעך אַ נאַטוראַליסט, וואָס האָט שוין פאַרזוכט דעם טעם פון עץ־הדעת און האָט פּלוצים זיך פאַרשעמט פאַר דער אייגענער נאַקעטקייט און דעריבער זיך געבראווט צו באַקליידן מיט אַ פייגנבלאַט פון סטיליזאַציע. אמת, ער נעמט אַלס יסוד די קאָנקרעטע ווירקלעכקייט, אָבער זי דינט אים קוים אַלס רוי ליים, פון וועלכן ער קנעט ביסלעכווייז אויס אַ פיגור און הויכט אין איר אַריין אַ רוח־חיים. די נאַטוראַליסטישע קלאָרקייט ווערט דאָ אַביסל פאַרנעפּלט דורך אַ געוויסן ריטם, וואָס דער קינסטלער ברענגט אַריין לויט דער אייגנוויליקער אָנווענדונג פון ליכט און שאָטן. וואָס טיפער ס'איז די אינדיווידואַליטעט פונם רעאַליסט, אַלץ מער האַרמאָניע ברענגט ער אַריין אין דער אייגנאַרטיקער קאָלאָראַטור דורך בילדלעכע מעטאַפאָרן, פיגורלעכקייט און פאַרגלייכונגען, מיט וועלכע ער באַזוימט דעם לויף פון די רעאַלע געשעענישן. דער רעאַליסטישער שטאָף איז נישט באַלעבט מיט אַ ספּעציפיש־אַבסטראַקטער אידעע, וואָס זאָל זיך קאָנסעקווענט דורכשלענגלען איבער דעם סיזשעט, אָבער ס'שפּינט זיך דאָך אויס אַ זעלבסטשטענדיקער סינטעז, וואָס שלאָגט אומגעריכט אַרויס פון דעם ווערק אַלס גאַנצעס. מיט איין וואָרט — אויף דער קאַנווע פון דער אויסערלעכער ווירקלעכקייט העפט־אויס דער רעאַליסט אַן אייגן בילד.

ס'קאָן אָבער אויך גריילעך געמאָלט זיין אַ ריין אויסערלעכער רעאַליזם, ווו דער צוגאַנג און מעטאָד זענען רעאַליסטיש, אָבער דער אינעווייניקסטער תוכן, די אינערלעכע כונה פונם ווערק, איז דורכויס ראָמאַנטיש און אפילו סימבאָליש.

* * *

דער ערשטער קינסטלער אין דער יידישער ליטעראַטור — מענדעלע מוכר ספרים. זיין „קליאַטשע“, זיין „ספר הבהמות“ זאָגן קלאָר עדות וועגן זיין אומגעהייערער נייגונג צום אַלעגאָריזם, פון וועלכן ס'ווערט שפּעטער אַרויסגעפּירט אַן אַבסטראַקטער מוסר־השכל. די כאַראַקטעריסטישע משלים און נמשלים, וועלכע פלעכטן זיך דורך דורך דער גאַנצער נעץ פון זיין שאַפן, ברענגען אַריין אַ געוויסן פּובליציסטישן טאָן. הן דער אַלעגאָריזם, הן דער פּובליציסטישער נערוו פון אַ באַשטימטער טענדענץ זענען ווייט נישט גורם צו קיין נאַטוראַליזם, אַ פשיטא שוין צו קיין רעאַליזם.

נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, נישט קוקנדיק אויך אויף זיין עטנאָגראַפיש־נאַטוראַליסטישן אופן פון שילדערן דאָס אַלטפּרענקישע, איז מענדעלע אַ רעאַליסט, און נאָך אַזעלכער, וואָס פאַרמאָגט אומבאַדינגט אַן אייגן אויג פאַר דעם פּראָווינציאַליסטישן לעבנס־שטייגער מיט זיינע אומפאַרוויקלטע לעבנס־בילדער. זיין רויק־עפּישער טאָן איז פול מיט אייגענער פאַרב און איז דערביי דורכגעזאַפּט מיט שטילן באַהאַרצטן ליריזם. די פאָלקס־ווירקלעכקייט מיט אירע אַלע אָנשטעלן און תנועות איז דאָ באַזוימט מיט אַן אייגן געמעל.

שלום עליכם — דאַכט זיך, דער געטרייסטער שילדערער פונם אַלטפּעטערישן לעבן, אַ פּינקטלעכער דערציילער וועגן די כתריאלעווקער אַלטגעזעסענע מיט זייערע דריבנע השגות, אָבער דערביי איז אין די „באַשרייבונגען“ פאַראַן דעם קינסטלערס אינעווייניקסטע באַציִונג צום שטאָף, וואָס קומט צום אויסדרוק סיי אין זיין באַזונדערס־רייכן סטיל, סיי אין זיין אומפאַרגלייכלעכן הומאָר. און פון אָט דער „באַציִונג“ פּיקט זיך אַרויס זיין אויסדרוקפולער רעאַליזם.

צי דאַרף מען אַ מער ניכטערן שרייבער, ווי ס'איז ה. ד. נאָמבערג, וועלכער דערציילט תמיד וועגן דעם מידן לעבן פון די צעבראָכענע און עלנדע? ער, וואָס שרייבט גיט אַ קיל־געלאַסענעם טאָן, אָן דעם מינדסטן צאַפּל, אפילו דער דאָזיקער אינטעלעקטואַליסט קאָן זיך אין זיין לעבנס־טרייען אַרט שרייבן נישט אַראָפּלאָזן צו דער ראָל פון גלאַט אַ נאַטוראַליסטישן דערציילער, נאָר פלעכט דורך די פּאַבולע מיט אַ מאַטן ליריזם.

צווישן די שפּעטערע רעאַליסטן געהערט י. מ. ווייסענבערג

צו די סאַמע גאַנצסטע. ער איז פיל געזונטער און אויך פיל פּרימיטי־ווער פון נאָמבערגן און האָט דערביי אַ פאַרביק־פּלאַסטישן דערציילונגס־אופן. זיין בילד איז רוי, אָבער באַהויכט מיט דורכזיכטיקע לירישע שטימונגען. אין תוך גענומען איז ווייסענבערג דער פּאַרענדיקטער בולטער רעאַליסט מיט אַן אויסגעשפּראָכענער פיזיאָנאָמיע. ער העלפט זיך קיינמאָל נישט אַרויס מיט קאָפּשטיק אָדער געבאָרגטע „שטריכן"; ער שטייט מיט ביידע פיס אויף אַ באַשטימט אָרט.

דערפאַר געפינט זיך, למשל, א ב ר ה ם ר יי ז ע ן, אַלס נאָוועליסט, אויף דעם גרעניק־פּאַס צווישן נאַטוראַליזם און רעאַליזם. עד היום איז נאָך שווער אויף געזוי צו באַשטימען, צו וועלכן לאַגער ער געהערט איז זיין גאַנצן פאַרנעם.

און שלום אש? ער שטייט מיט איין פוס אין דער געגנוואַרט און מיט דעם אַנדערן אין דער צוקונפט. זיין רעאַליזם איז מער אַן אוי־סערלעך־מעטאָדישער, דאָס אינווייניקסטע איז ביי אים אָבער אין גרעסטן טייל ראָמאַנטיש. אַלץ עטעמט ביי אים מיט אַ צאַרטקייט און מיט אַ לירישער באַחנטקייט, מיט וועלכער ער רייפט אַרום דאָס גרויסע שטעטל־דיקע לעבן, דערהויבנדיק זיין וואָכעדיקייט ביז צו דער מדרגה פון אַ נביאיש־ערדישן מיטאָס.

דאָס זענען — פיל־ווייניק די גרונט־שטריכן פונם ערשטלינגס־רעאַליזם אין דער יידישער ליטעראַטור, וועלכער האָט זיך, לויט זיין אינווייניקסטער טבע, אָקעגנגעשטעלט דער דורות־לאַנג געפלעגטער גייסט־קולטור מיט איר אוראַלטע שאָטנס.

דער ליטעראַטור־רעאַליזם איז ביי אונז אַנטשטאַנען אַלס קרעפטי־קער פּראָטעסט קעגן דער אַבסטראַהירטקייט.

פון דער אַנדערער זייט איז דאָס געווען דער איינציקער קוואַל, פונוואַנען די שפּעטערדיקע, די יינגערע און סאַמע יינגסטע רעאַליסטן, האָבן געשעפּט זייער שאַפונגס־קראַפט דורך אומיטלבאַרער השפּעה פון שטאָף, שפּראַך און פאָרם.

דאָך האָט דער רעאַליסטישער אָנהייב אין דער יידישער ליטע־ראַטור אין די פעלדן פון זיינע קליידער געטראָגן דעם ירושה־ריח פון דער פאַרגאַנגענקייט, פון דורות לומדים מיט הויכע גמרא־שטערנס. דער רעאַליזם פון מענדעלי און שלום עליכם איז ווייט פון דעם אייראָפּיי־

אישן רעאַליזם, וועלכער איז פיל טריוויאַלער און אפילו אָרדינערער פון אים. מעטאַפאָרע, בילד און פאַרגלייך, און זאָגאַר ריטם און פאָרם, זענען ביי די יידישע קלאַסיקער אַרויסגעקומען צו איידל און תּלמיד־חכמדיק, אָפּגעהיט פון אַ גראָב וואָרט אָדער גראָבער סיטואַציע; ס׳פילט זיך סוף־כּל־סוף אַ דוחק אין ענגער צונויפגעוואַקסנקייט מיט דעם לעבן אין זיין פולער רויקייט. ס׳איז תּמיד פאַראַן אַן איינדרוק פון אַ מחיצה־שטרייף.

פון אָט די אייגנשאַפטן זענען אויך נישט פריי דער שפּיציק־קלוגער נאָמבערג און דער סענטימענטאַלער אַש. אַן אויסנאַם מוז געמאַכט ווערן פאַר וויסענבערגן, וועלכער האָט קיינמאָל נישט געטראָגן אויף זיין רוקן קיין ירושה־לאַסטן.

אָט די אַלע שטראָמען פונם עלטערן יידישן רעאַליזם האָבן זיך געקניפּט און געקרייציקט, דערביי אָפּט צוגענומען פרעמדן צופלוס און געביטן די קאָלירן... פון די אָפּגעבראָכענע אויסענווייניקסטע איינפלוסן און אינווייניקסטע עוואָלוציעס האָבן זיך ביי אונז מיט דער צייט אויסגעטיילט צוויי עקסטרעמע ריכטונגען: א) *אויסערלעכער רעאַליזם*, וואָס האָט אין זיך אַלע סמנים פון זוכן מענטשלעכן אמת אויף דעם וועג — פון אַזוי צו זאָגן — אַנאַטאָמישער און *פיזיאָלאָגישער* צעגלידערונג, און ב) *אינווייניקסטער רעאַליזם*, וואָס זוכט דעם *פּסיכאָלאָגישן* אמת אויף דעם וועג פון דערגראָבן זיך צו דער פאַרהוילענער אינווייניקסטער *קלאָרקייט*, וואָס מוז ערגיץ וואָרצלען און זיך באַהאַלטן אין דעם מעכאַניזם פון די פאַרשידענע לעבנס־פּראָצעסן.

די ערשטע ריכטונג פליסט אַרויס פון יענעם רעאַליסטישן שטראָם ביי אונז, וועלכער האָט זיך באַמיט מער צו שילדערן דעם אויגנשיינלעבן, זינלעכן לויף פון די געשעענישן ביי דעם *מיטקלאַנג* פון דער סביבה, ס׳רוב — אונטערוועלט און אָפּגרונט. אָט דער מין רעאַליזם האָט אין דער נייער יידישער ליטעראַטור באַקומען דעם העכסטן קונסט־אויסדרוק ביי *יוסף אָפּאַטאָשו*. די *צווייטע* ריכטונג איז אַן אויסגאַנג פון יענעם מענדעלע־שטראָם אין דער יידישער פּראָזע, וועלכער האָט זיך פאַרנומען צו מעסטן די געשעענישן בלויז ביי דעם *אָפּהילך* פון דער סביבה, ווידמענדיק פיל אויפמערקזאַמקייט די איבער־

עבענישן פון יחיד. צו דער בולטסטער אויסדרוקפולקייט איז די דאָזיקע ריכטונג דערגאַנגען ביי ד ו ד ב ע ר ג ע ל ס אָ נ ע ן.

אָ פּ אַ ט אָ ש ו, אַלס פירשפּרעכער פון דעם „אַנאַטאָמישן" רעאַליזם, באַקענט זיך אָפן אַלס שלום אַשס אַ תלמיד, אָבער — דאָס מוז געזאָגט ווערן — אַ תלמיד, וואָס האָט זיך טיילווייז צוגעפּאַסט בלויז אַשס אויסנווייניקסטן ריטם און דערצו נאָך פון זיין ערשטן שאַפונגס־פּעריאָד. ווייטער איז שוין אָפּאַטאָשו געגאַנגען כסדר מיט זיין א י י ג ע נ ע ם וועג.

ין דער אויסוואַל פון מאָטיוון, ס'רוב געשעפּט פון דעם אָפּגרונט, זאָגט עדות וועגן אָפּאַטאָשוס שטאַרקע נאַטוראַליסטישע נייגונגען, און דאָס ווערט נאָך אויף פיל ערטער פאַרשטאַרקט דורך זיין געניטן אופן פון דערציילן און אַנטוויקלען אַ וועלכע ס'איז אַקציע.

געפינענדיק זיך אין אַמעריקע, ווייט פונם שטעטלדיקן שטייגער, האָט ער דאָך געשעפּט שטאָף פון דער „אַלטער היים", אָבער נישט פון דער בית־המדרש־היים, וואָס ווימלט מיט שלום־עליכמס „פריענדיקע האָלענדערס" מיט זייער אייגנאַרטיקן יידישלעכן אַנעמישן לעבנס־טריב, נאָר דווקא פון דעם געזונטסטן, וואָס איז פאַראַן אין דעם יידישן געטאָ. ס'איז אָפּאַטאָשון נמאס געוואָרן דער אַלטער ספּעציפיש־יידישלעכער לעבנס־שטייגער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין חוש פאַר דעם אוממיטעלבאַרן עמפּפינדן. ס'האָט אים געצויגן צום אומגעפּענטעטן, פרייען אינסטינקטן־לעבן, וואָס ער האָט נישט געקאָנט געפינען אין דעם מיטלפּונקט פון דער יידישער עדה, וואָס האָט נאָרמירט איר לעבנס־שטייגער דורך מצוות און דינים. אָפּאַטאָשו האָט געהערט צו די, וואָס האָבן זייער בליק געווענדט צום תהום־ראַנד פון דער יידישער געזעלשאַפט, וווּ ס'לעבן מענטשן, וואָס לאָזן זיך פירן פון אינסטינקטן און זאַפטיקער רויקייט. נאָר אין דעם קרייז פון די „הפקרדיקע" און טיילווייז מחוץ־למחנהדיקע פיגורן איז געווען פאַרשטענדיש פאַר געמיט, פרייד און ליבע, און בעיקר—זיי האָבן געשפּרודלט מיט קוואַליק לעבן, געאָטעמט מיט יינגער קראַפט. אָט די אַלע בעלי־עגלות, שמייסער, פערד־גנבים, קאַטעריניאַזשעס, קונצנמאַכער א. ד. גל. דער בונטער טיפּען־בוקעט פון אָפּאַטאָשוס ערשטן שאַפונגס־פּעריאָד.

אָפּאַטאָשו איז פון יענע פויליש־אַמעריקאַנער שרייבער, וועלכע

האָבן איבער דעם מהלך פונם צעבושעוועטן ים געזצן דאָס ווײַן־מענטשלעכע פון דעם אַלטן היים־לעבן. זײַנע העלדן זענען גענומען פון דער ייִדישער סביבה, אָבער דרוקן נישט ספּעציעל אויס דאָס אייגנטימלעך־ייִדישע. נישט קיין דבקותדיקע „של־ראש"־פּנימער, נאָר פון דער זון אָנגעבראָנזטע פּרצופים, מענטשן, וואָס עטעמען אַריין די לופט פון דער וועלט מיט ביידע נאָזלעכער.

שוין זײַן ערשטע נאָוועלע „אויף יענער זײַט בריק" פירט אַרײַן דעם לייענער אין אַ תהום פון טיפן, וועלכע ווייניק פון אונז האָבן געהאַט די מעגליכקייט ווען עס איז צו אָבסערווירן. די פיגורן: שמשון קונצנמאַכער, ביילע, וועלוול קאַטערינקעשפּילער, די אָנגעפּודערטע רוזשקאַ, די קאָרטנלייגערין, די מומע גאָלדע און אַפילו דער גוי יאַן, וועלכער איז ביי שמשונען אַ היימישער, די אַלע מיט זייער אומגעבונדן לעבן זענען געשטאַלטן, וואָס געפינען זיך אויף דער פּ ע ר י פ ע ר י ע פון שטעטלדיק־ייִדישן לעבנס־שטייגער.

ס'זאָל נאָר נישט זײַן אַרויסגעזאָגט אין אַ בייזער שעה, אָבער די אומגעהייערע רייפקייט פון אָפּאַטאָשוס סטיל זאָגט אפשר עדות וועגן אַ געוויסן איבערגעוויכט פון אינטעלעקט צום שאָדן פאַר דער שאַפנדער אינטויציע, און דאָס פאַרפאָלגט אַביסל ביים לייענען אָפּאַטאָשוס אַ נאָוועלע. דער חשד ווערט נאָך מער פאַרשטאַרקט, בעתן באַקענען זיך מיט אַזוינע נאָוועלן ווי: לייבקע מזיק", „ציגיינער", „קאָנטראַבאַנדיסטן" און דער עיקרשט „אַ ראָמאַן פון אַ פערדס־גנב". דער „ראָמאַן" פאַרמאָגט פאַרהעלטניסמעסיק אַ גוטע קאָנסטרוקציע, אָבער דערפאַר אַ דוחק אין בילדלעכקייט. דער מאָטיוו איז נישט קיין אָריגינעלער, דערמאָנט שטאַרק אָן אַשס „יאַטישע טאָכטער", אָבער ביי אָפּאַטאָשו איז ער דערפירט צו אַ זעלבסטענדיקן פאַרנעם, אָן דער אַשישער צעוואַסערונג, נאָר פאַרקערט אין אַ שטאַרק קאָנדענסירטער האַנדלונג.

בעתן בלעטערן דעם „פערדס־גנב" באַוואונדערט מען די דינאַמיק; די אַקציע רודערט זיך, גייט, שפּרייזט און לויפט, דער שטח ווערט פשוט פאַרשלינגען. דער ספּור המעשה פאַר זיך איז זייער „טשעקאַווע", און דער לעזער שפּרייזט, ריכטיקער, לויפט צוזאַמען מיטן אויטאָר, וועלכער דעמאָנסטרירט זײַן לענטע מיט אַ פילם־גיכקייט. ערטערווייז פאַרהאַלט זיך די קייקלענדיקע קויל און דאָ גלעלינגט אָפּאַטאָשון צו

געבן אַ פּאָר איבערצייגענדע בילדער, אָבער אַויגנבליקליך טוישט זיך די לאַגע און מען שפּרייזט שוין ווייטער.

אויף אַזאַ דינאַמיק קאָן זיך דערלויבן נאָר אַ דאָסטאָיעווסקי, ווייל דער קאָמפּלעקס פון איבערלעבענישן הענגט ווי אַ שווערע משא איבער די קעפּ פון זיינע העלדן, וואָס גריבלען זיך טריבערהייט אין די געוועלבן פון דער אייגענער צעריסענער נשמה. אָבער דאָ, ווו דער סכום איבערלעבענישן פון אַ זאַנוול גנב, למשל, איז — אין תוך גענומען — אַ גאַנץ פּשוטער און טאָג-טעגליכער נויטיקן זיך די געשטאַלטן לגמרי נישט אין אַזאַ אימפּעט. פאַרקערט, אין ריינער בילדלעכקייט וואָלטן זיי ערשט באַקומען אַ תיקון.

אָבער דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן וועגן דער ערשטער תקופה פון אָפּאַטאָשוס שאַפן. מיט דער צייט זענען די היימבילדער ביסלעכווייז אויסגעלאָשן געוואָרן און דער קאָנטאַקט מיט דער „אַלטער“ וועלט האָט אַמאָל לויזער. בפרט אַז די „רויע יינגען“, בילדן סוף כל סוף אין דער יידישער געזעלשאַפט אַ גאַנץ דינעם שיכט, מיט וועלכן דער מקובל ר׳ דוד אָפּאַטאָווסקי האָט מן הסתם נישט דערלויבט זיין יינגן זון יוסף אַ סך צו פאַרקערן. און אָפּאַטאָשו וואַרפט זיך איבער אויף דער אַמעריקאַנערווירקלעכקייט, פון וועלכער ער שעפּט אוממיטלבאַר. אָבער אויך דאָ מיידט ער אויס דעם צענטער, דעם מיטן און מיטלשטאַנד, נאָר צייכנט ס׳רוב פיגורן, וואָס געפינען זיך אויף „יענער זייט בריק“.

אינהאַלטלעך גענומען איז דאָ פאַראַן אַ קאָלאָסאַלער אונטערשייד, וואָרים די פּוילישע אונטערוועלט איז נישט אַזוי שטאַרק פאַרדאָרבן ווי די אַמעריקאַנער, וועלכע איז אינגאַנצן דורכגענומען מיט גראָבן ציניזם. דאָ פּונקט ווי אין דערהיים, פיבערן זיינע העלדן מיט אַ היציק לעבן, דאָס בלוט זידט, דער מענטש פלאַטערט פון אינעווייניקסטן דראַנג און טרעט האַרטנעקיק פאָראויס. אָפּאַטאָשו פילט זיך היימיש ווען זיינע העלדן איילן און לויפן, שטרעבן זיך אָן עטוואָס צו דערגרייכן, ווייל אין דער קינעטישקייט איז פאַרהוילן זיין צויבער. קוים פּרוווט ער אָבער שילדערן דעגענערירטע געשטאַלטן און פּרוווט זיך פאַרהאַלטן אין אַביסל סטאַטישער צעצויגנקייט, פאַרלירט ער זיין מאַכט און זוכט שוין ווידער דעם פריערדיקן וועג פון אימפּעט.

נעמט, למשל, „מאָריס און זיין זון פיליפּ“. ס׳ציען דורך: דער

געוועזענער וואָדעוויל־אַקטיאָר מאָריס מיט זיין פּאַר דער צייט רייפן פּי-ליפ, מיסעס סאָלאָמאָן, די ליטוואַטשקע רבקה מיט איר אָפּגעגנאַרטן בלינדן מאַן זרח. שקר, אינטריגע, שכרות און זנות. די דערציילונג איז פיין אויפגעבויט און געשריבן מיט פיל דיכטערישער קולטור, אָבער דער לעצטער איינדרוק בלייבט, אַז אין הינטערגרונד פון דער אַקציע שלענגלט זיך אַ ספּעקולאַטווע שרייפּל.

נעמט „פון ניו-יאָרקער געטאָ" — אַ געזעמעל מענטשן, וואָס לעבן מיט די ליידנשאַפטן און רעאַגירן מיט די פויסטן, וואָרום אין זייערע אָדערן פליסט, „היינטיש בלוט". זייער לעבן איז זאָרגלאָז און קאַמפּס-לוסטיק. אַלץ גאָרט נאָך שטאַרקע איינדרוקן. די טעמפּעראַמענטפולע און גראַציעז־רייצנדע פּאָלי פּירט אום ביי דער נאָז אַ גאַנצע כאָפּטע געזונטע ברייטפּלייציקע בחורים, וועמענס אָפּגאָט עס איז אַ „באָל" און „מווינג-פּיקטשערס". אָנגעצויגענע מוסקולן, וואָס זוכן אַן אויסליידיגונג פון ענערגיע. ביי דער ערשטער געלעגנהייט ווערן די אויגן אָנגעלאָפן מיט בלוט, מען דורסט איינער דעם אַנדערן. דערביי ווערט אָפּגעווישט די שאַנד-מחיצה צווישן מאַנסביל און פרוי, מאַמע און טאָכטער. בלוט, זינדיק בלוט.

אין דער דאָזיקער דערציילונג זעַנען — צוליב דער לייכטשבי-לעוודיקייט פון די געשעענישן — שוואַך אונטערגעשטראָכן געוואָרן די פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן. דערפאַר זענען די געשטאַלטן גופא אַרויסגע-קומען בולט, מיט קינסטלערישער אויסדריקלעכקייט. ס'איז אַ שטיק לעבן, אַרויסגעריסן פון דער לויפנדער ווירקלעכקייט און קאָכעדיקער-הייט פאַרפּיקסירט אין אַ באַשטימטן ריטם. אַרויסגעקומען האַרבלעך און אין שטאַרק געדיכטע דאָזעס, וואָס מאַכן אַביסל מיד בעתן לייענען. אָפּאַטאָשו מאָלט ווייניק, נאָר שניצט בעיקר. די פיגורן לאָזן זיך ממש אָנטאַפּן; מ'קאָן פיל מאָל אויסקומען אָן די אויגן און זיך אַרויסהעלפן מיט די „הענט".

אָפּאַטאָשו פאַרמאָגט אַ סך זין פאַר גאַנצקייט פון געבוי. למשל, אין דער דערציילונג „פון ניו-יאָרקער געטאָ" זענען פאַראַן זעקס קאָמפּאָזיציע-פעדעם: 1) אויסדריקלעך ראָמאַנטישער, 2) זיטן-באַשרייבער, 3) געשיכטע פון סעם, 4) ליבע-גלגולים פון פּאָלי, 5) פּעריי-עטיען פון מיסעס ריטש, און 6) איבערלעבענישן פון מיסטער פּאָלאַק

און אַלטן משה. די אַלע פעדים ציִען זיך איבער פאַרשידענע ריכטונגען, אַמאָל פּאַראַלעל, אַמאָל ווידער קעגנזעצלעך, סוף־כּל־סוף פלעכטן זיי זיך האַרמאָניש צונויף אין איין קיילעכל.

מיט זיין שאַרפקייט פון אויסדרוק און אַרכיטעקטאָנישע געמאָסטנקייט איז אים ענדלעך ענג געוואָרן אין די ד׳ אמות פון געטאָ־נאַטוראַליזם, ווו ס'איז נישט געווען קיין אָרט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם גראַציעזישן. אָפּאַטאָשו האָט זיך אָנגעהויבן שטיקן אין דער אַטמאָספער פון דער אונטערוועלט און אונטערבאַוווסטזיניק זיך אָנגעהויבן איבערצוחזרן אין די מאָטיוון. אין „לילי״, פילן זיך שטאַרקע רעמינעסצענצען פון „יענער זייט בריק״, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט פינף יאָר פריער, און איןביידע פילט זיך דער ריח פון „מאָריס און זיין זון פיליפּ״. ביז עס זענען אָפּאַטאָשון דערעסן געוואָרן די רויע יינגען מיט די אָנגעצויגענע אָדערן, אויסגעלאַסענע „נקבות״ און דעגענערירטע נואפים. ער האָט דערפילט אַ באַדערפעניש עפּעס דער וועלט צו זאָגן, אָדער ריכטיקער — ווייזן. ער האָט אָנגעהויבן זוכן די שטאַרקע פּערזענלעכקייט, וועלכער זאָל אין איר קינסטלערישער אויסגעשניטנקייט, קאָנען פאַסצינירן.

דעמאָלט האָט ער געווענדעט זיין בליק צו דער נאָנטער פאַרגאַנגענהייט, געפּרוווט נישטערן און אויסגעפונען די עפּאָפּייאישקייט פון דעם גוסטדיקן שטייגער, נישט בלויז אין זיין וואָכעדיקער חי־וקימדיקייט, נאָר אויך אין זיין שבתדיקער נשמה־יתירהדיקייט. דאָס חסידות אַלס מעכטיקער ריטם פון דיכטונג און פרייד, די צדיקים אַלס פירער און רעוואָלוציאָנערן, הייסע נאָכפאָלגער אַלס געפערלעך־פאַנאַטישע אַפּאָסטאָלן, די שכּנותדיקע קולטור אַלס אָנרעגונג צום טאַט און אויך פאַרדאַמונג, סעקסועלע אָרגיעס אַלס אויסדרוק פון סטרא־אחראדיקער רעליגיעזישקייט, דאָס אַלץ האָט זיך האַרמאָניש צונויפגעגאָסן אין איין מעכטיקן שטראָם, וועלכער האָט אין אָפּאַטאָשוס שאַפונגס־וועג געמאַכט אַן איבערברוך און אים אַוועקגעפירט אין — „די פוילישע וועלדער״.

גאָר אַנדערש איז דער אַנטוויקלונגס־וועג פון דוד בערגעלסאָנען. ער רייסט זיך פון דער אַלט געזעסענער יידישער סביבה, ווייל די לופט שטיקט אים דאָרט, ער בלייבט אָבער אינעווייניק, ווייל די שאָטנס צויבערן אים; זיין האַרץ פלאַטערט צו דעם נעפּלהאַפטן „מאָרגן״, אָבער

דאָס געשפּענסט פון דעם נעכטיקן „היינט״ האַלט אים פעסט. אַריינגע־זאַפּט אין זיך די קאַנאָניזירטע מענדעלישע פאָרם, דורכגעדרונגען מיט דער שפּרודלדיקער באַוועגלעכקייט פון שלום עליכמן און מיטגעריסן מיט דעם פּרציש׳ן בענקשאַפט־דראַנג צו דעם ווי זי אָ נ ע ר י ש - אַ ק - ט י וו ן, שאַפט ער דאָך אַ נ יי ע ם נ ו ס ח.

בערגעלסאָנס נוסח איז אַ דורכאויס אָריגינעלער. נישטאָ ביי אים מענדעלעס מדרש־באַלערנטקייט („אָמר ר׳ מנדלי מוכר ספרים״...), שלום עליכמס זאָגעכץ־באַרעדעוודיקייט און פּרצס סטיליזאַציע. דער אַלטער נוסח האָט געקאָנט גילטן אַזוי לאַנג, ווי דאָס שטעטל האָט געהאַט אונטער זיך באָדן, נאָר געשאָטנט זיך מיט זיינע לופט־סוחרים און שנאָ־רערס און שעמערירט מיט דעם שבת־גלאַנץ פון דער חסידיש־נגידישער אַריסטאָק־אַטיע. נאָכן קראַך קומט די שקיעה, וועלכע פאַרכאַפּט דעם קינסט־לער מיט אירע אויסלעשונגס־מאָמענטן, בעת וועלכע דער כּלל פאַרלירט זיך מיט זיין גרויקייט אין דעם שאָטן פון די אויסגעשיילטע קרעפּטיקע יחידים, וואָס, בשעת ירידה, טראָגן זיי אין זיך גאַנצע אוצרות פון אי־בערלעבענישן. און דעריבער איז אויך בערגעלסאָנס אַרט שילדערן אַ בין־השמשותדיקער. די בילדער זענען אָפּגעשליפענע מיט פּאַרשפּיצטע צויטן, וואָס שווימען אַרויס, ווי געשפּענסטער ביי יעדער ביסלעכווייז־דיקן אויסלעש פון אַ זונען־שטראַל.

זיין שרייבן — ווערטער־קמצנות, וואָס סיגנאַליזירט אַ שפּע פון אינעווייניקסטער רייכקייט. ס׳פּליסט נישט ביי אים ווי פון אַ טייך. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי ס׳וואָלט אַלץ געווען אויסגעהאַקט פון אַ פעלזן־שטיין. אַ גרופּע בינדיקע זאַצן, וואָס שאַפן אָפּגעהאַקטע שטעלן; איין שטעל לגבי דער צווייטער איז אַן אָפּגעריסן בילד, וואָס העפט זיך שפּעטער (נישט ביים אויטאָר, נאָר אין לעזערס פאַנטאַזיע) צונויף אין אַ גאַנץ געמעל.

תּמיד, ווען מ׳טראַכט וועגן בערגעלסאָנען, שווימט אויף דאָס בילד פון זון־אונטערגאַנג. אַ לעבנס־שטייגער גוססט. ס׳זענען נאָך נישטאָ די געבורט־ווייען פון אַ ניי לעבן און דעריבער שאַפט זיך אַ האַרצנאָגדי־קע בענקשאַפט נאָך עפּעס, וואָס זאָל אויספילן די ליידיקייט. אַליין פון אַ שטעטל אין קיעווער גובערניע, ווו יידן האַנדלען מיט תּבואה און שטעלן בוראַקעס אין די צוקער־פאַבריקן, דערציילט ער דאָך נישט פון

דעם שטעטלס בלי-צייט און שטייגער, נאָר שאַרט זיך אַוועק אין אַ ווייטן ווינקל, אַזש ביים וואָקזאַל, וווּ דער לאָקאָמאָטיוו-פייף איז מבשר דעם פאַרשלאָפענעם שטעטל, אַז ס׳איז ערגעץ פאַראַן אַ ברייטע, ווייטע וועלט, אין וועלכן דאָס לעבן הוידעט זיך, מענטשן האָבן פרנסה, ווילטאָג און עולם-הזה.

דאָס לעבן פון די בערגעלסאָנישע געשטאַלטן לענקט זיך אין שטילע פאַרטראַכטונגען, אַקוראַט ווי אַ שפּין וואָלט געצויגן איבער זייערע נשמות. זיי ווערן דערדריקט פון די דערשיינונגען און פילן זיך איינזאַם, הילפלאָז און אויסגעלאַכט. אַלץ שרעקט זיי. יעדער שאָרך שלאָגט זיך אויף זיי אָפּ מיט אַ לייב-ציטער.

בכלל איז ביי בערגעלסאָנען פאַראַן אַ נטיה צו דערציילן וועגן אָדלערס מיט אָפּגעהאַקטע פליגל. אין דער פּאַטענץ — אַ הימלגרייכנדיקער פלי, אין דער ווירקלעכקייט — אַ פאַרשלאָסן מויל. די געפילן און געדאַנקען ברויזן אַזוי שומיק, אַז די צונג מוז זיך פשוט וואַרגן אין איר שפּראַך-אָרעמקייט. „ירידה", דאָס וואָלט אפשר געווען דאָס פאַסיקסטע וואָרט צו באַצייכענען די פעריפעטיען פון די בערגלסאָנישע פיגורן, איבער וועלכע ס׳הענגט די קללה פון פאַטאַליזם. מענטשן, וואָס זינקען מיט די געדאַנקען אין זיך אַליין, ראַנגלען זיך מיט די שאָטנס פון דעם לאַנג-לאַנג-צעצויגענעם טאָג, וואָס איז גיכער ענלעך אויף אַ שלאַפלאָזער ווינטער-נאַכט.

אַ שטום אַרויספילן די ענדלאָזיקייט פון דער צייט, וועלכע יאָגט אָן אַ פחדנותדיקע שטימונג פון מורא פאַר זיך אַליין. פון איין זייט — מענטשן, וואָס דער מוח ווערט ביי זיי פאַרמאַטערט פון טראַכטעניש, פון איבערקלערונג; פון דער אַנדערער זייט — מענטשן, וואָס דער צעצויגענער טאָג שרעקט זיי מיט זיין לאַנגווייליקער ליידיקייט. אין דער אמתן ווייסן מיר פונם מענטשנס אינערלעכקייט זייער ווייניק. דער מענטש איז ווי אַ הבדלה, געפלאָכטן מיט אַ צונויפגעפּרעסטקייט פון ברען-שטאָף, דאָס פלעמל איז קוים אַ בלאַסער רמז פון דעם „אינעווייניק". בכדי בולטער צו מאַכן דעם מענטשנס אינעווייניקסטע פאַרזיגלטקייטס-עשירות, שילדערט בערגלסאָן אָפט קאַליקעס. גראָד אַ בעל-מום, וואָס פאַרמאָגט ווינציקער מיט אַ חוש, איז דאָ דער בעסטער עדות.

— „יורדים", „נאָך אַלעמען", „אָפּגאַנג" — ווי סימפּטאָמאַטיש

זענען די דאָזיקע נעמען פאַר בערגעלסאָנען. ער האָט תּמיד פאַר די־אויגן אַן אַלטן בנין, וואָס האַלט אין שטופּנווייזן זינקען און ביסלעכווייזן צעקרישלען זיך. מיט איינגעגעסנקייט באַצייכנט ער אַלץ, וואָס איז משופּע, מיט דעם אויסדרוק „ירידה”... „פאַרשמאַכט ווי אַ יורד, וואָס גייט צו פּוס, לאָזט ער זיך אַראָפּ אין פוסטן טאָל”... „...און פּלוצלינג לאָזט זי אַראָפּ דעם קאָפּ און דערנענטערט זיך צו זיי מיט אַראָפּגעלאָ. זענע אויגן און מיט אַזעלכע פאַמעלעכע יורדישע אונטערטעניקע טריט”. „...געהאַט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ מיט יורדישע געדאַנקען” א. אַז. וו.

מ׳לייענט און מ׳פאַרגעסט, אַז מ׳האָט פאַר זיך אַ בוך, געשריבן דורך אַ ייד אין אַ יידישער שפּראַך און פון יידישן לעבן. ס׳באַקומט זיך דער טאָן פון אַן אַלגעמיין־מענטשלעכן שרייבער, וואָס באַמיט זיך אויסצוגעפינען די סובטעלע האַר־דינע ציטערן פון דער מענטשלעכער פנימיות, כדי טיפער צו פאַרשטיין דעם וועלט־וויי.

אַזוינע געשטאַלטן, ווי ביי בערגעלסאָנען האָט מען פון די פרי־ערדיקע יידישע שרייבער נישט געקאָנט דערוואַרטן, ווייל זיי האָט מער פאַרינטערעסירט דער מיטלפּונקט פון יידישן לעבן, בעת ער איז נאָך געווען אין גלאַנץ פון דער טראַדיציע. בערגעלסאָנען האָבן מער פאַרינטערעסירט די פיגורן, וועלכע זענען שוין געשטאַנען אויפן ראַנד פון אַלטן שטיי־גער, די, וועלכע די אַלטע סביבה האָט אויסגעשפּיגן. די עלטערע שריי־בער, זייענדיק פאַרנומען מיטן אַלגעמיינעם, האָבן פאַרזעען דאָס אינדי־ווידועלע און דעריבער אויך דאָס ספּעציפישע פון יחיד מיט זיין קאָמ־פּלעקס געפילן, וואָס פאַרלאַנגט אַן ערנסט אַריינטוען זיך אין זיי. דאָס איז אָבער מעגלעך פאַרן קינסטלער פונם אינדיווידועל־פּסיכאָלאָגישן זשאַנד, וואָס האָט אַ געהער פאַר יעדן ציטער פון דער מענטשלעכער נשמה. בערגעלסאָנס אַרט פאַרטיפן זיך אין דער מענטשלעכער פּסיכיק איז פון גאָטס גענאָד. די אויסערלעכע באַשרייבונג איז ביי אים אַ באַגרענעצטע.

בערגעלסאָן, איז ווי געזאָגט, אין אונזער ליטעראַטור דער קאַרגס־טער אויף אַ וואָרט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז אין מבול פון ווער־טער זאָלן נישט אָפּגעשוואַכט ווערן די פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן, וועלכע ער וויל פאַר אונז בולט מאַכן. ער רעדט ווי ר׳וואָלט געווען אַ כבר פּה. מיט אַ טעלעגראַמען־סטיל; אַ רענדל אַ וואָרט: זיינע דיאַלאָגן זע־

נען בינדיקע דאָס סאַמע נייטיקסטע און דערביי דאָס צומערסטן זאָגענדיקע. די הערצער פילן זיך מער מיט דעם אָפּקלאַנג איידער מיט דעם קלאַנג גופא, מער מיט דעם אָפּשיין איידער מיט דעם שיין. אויף זיין פאַרבן-ברעט דאָמינירט די גרויקייט. גרוי, גרוי און גרוי! די העלדן וויקלען זיך אין אַ נעפּל, און ס'איז אַביסל שווערלעך קלאָר צו זען דעם פּרצוף. דער בערגעלסאָנישער לייענער קאָן נישט זיין בלויז אַן אָביעקט פון איינזאַפּן אין זיך באַשטימטע איינדרוקן, פלומרשט „עסן פון גרייטן" און באַקומען פאַרטיקע שטימונגען. דאָ לייגט זיך נישט גלאַט, נאָר ס'אַרבעט און שאַפט זיך צוזאַמען מיטן מחבר, וואָרום עס באַקומען זיך אָנרעגונגען און אָנדייטונגען, דאָס איבעריקע קאָכן מיר שוין ווייטער אַליין איבער און וועבן זיך צו, יעדער אויף אַ באַזונדער שטייגער. אַ שטיין, געוואָרפן אין וואַסער, מאַכט אַ ראָד און די שפּעטערדיקע רעדער מערן זיך שוין אַליין. די אָפּגעהאַקטע זאַצן און קצור-הסגנונדיקע שטעלן זענען בלויז זוימען. וואָס מ'פאַרפלאַנצט אין לייענערס אינטעלעקט, בכדי זיי זאָלן שפּעטער אויפגיין מיט געבענטשטער שפע.

בערגעלסאָנס אָנקומען אין דער יידישער ליטעראַטור איז נישט געווען אין אַ צייט פון דראַנג און איבערקערעניש, קיין שפּור פון שוימענדיקע כוואַליעס און שטורם-ווינטן ר'איז געקומען דעמאָלט ווען דער שולהויף איז שוין געווען ליידיק און מ'האָט שוין אָנגעהויבן לעבן מיט זכרונות. ס'איז פאַרשווונדן דער קגויל פון ברויזנדיקע געפילן און צוזאַמען מיט אים איז אויך אַוועק דאָס רוישיקע. פון דעם אַמאָליקן פאַרפלאָנטערטן קניפּ טיילן זיך איצטער אויס איינצלנע פעדים, וועלכע מ'דאַרף ציען פאָרזיכטיק און פאַמעלעך, בכדי זיי זאָלן זיך, מחמת דינקייט, נישט איבעררייסן. שלענגלען זיך די איינצלנע פעדים לאַנגזאַם און הייבן זיך אַן ביסלעכווייז קניפּן און פלאָנטערן. אויסגערייכערטע קוימענס פון וועלכע ס'ציען זיך איבערגעבליבענע געלגרויע שטרייפן. מאַט-מידע אויגן, וואָס דערציילן וועגן אַמאָליקן גלאַנץ און לייכטע גרוילן, וואָס זענען אַ בלויזער זכר פון אַמאָליקן פיבער. דער קשר איז לויז געוואָרן, דער עולם איז זיך פונאַנדערגעלאָפן, געבליבן זענען נאָר איינציקע, וועלכע זענען צום איצטיקן לעבנס-מעמד נישט צוגעפּאַסט. דרייען זיך אַרום די איבערגעבליבענע מיט אַ שטיין אין האַרצן און פילן זיך איבעריק אויף

דער וועלט. „איבעריק“ — אָ וואָס פאַר אַ ביטער געפיל איז דאָס! וואָס פאַר אַ בייזע און וויסטע קעלט בלאָזט פון אים!

פונדאַנען איז קלאָר, פאַרוואָס זיין טאָן איז עלעגיש. דאָס טעמפּאָ שנירלט זיך מיט אַ באַהאַרצטער בענקשאַפט אין דער ווייט פון דער שטילקייט; אַ וואָרעם נאָגט אינעווייניק... מיט דאַרע, בולט-באַאָדערטע הענט כאַפּט אַרום דער מענטש דעם דעמב פון לעבן און נעגעלט קוים אַרויס איינצלנע טיילן, וואָס זענען דאָך באַזאַפּט מיט דעם קערענד ק־אינעווייניקסטן. סאָציאַלע שטריכן, אָפּגעקילטע רעליגיעזישע שטראַלן, נישט דערוועבטע ליבע, דורכגעווייטאָקטע קנאה, דאָס אַלץ באַקומט אַן אָפּשיין אין דעם בלאַסן פּלעמל, וואָס שלייכט זיך איבער דעם טראַקט פון דערווירקלעכקייט און וואַקסט ביי אים אויס אין אַ סימבאָל.

„אָפּגאַנג“ — דאָס איז דער „קדיש“, וואָס בערגעלסאָן זאָגט נאָך דעם שטעטל-שטייגער, וואָס האָט במשך פון יאָרן אויסגעפילט דאָס לעבן פון אונזערע זיידעס און עלטער־זיידעס. ער פעדימט צוריק אָן דעם פאַרלוירענעם טאָן און ציט ווייטער זיין פאַרנעפּלטע ליניע פון אַרויסבאַקומען דאָס ריין אינעווייניקסטע פון מענטשלעכן וועזן. אַ שטימונגס-פולע פּאָעמע, באַהאַרצט מיט ליריזם, וואָס שפּרייט פונאַנדער די פליגלען פון טריבער מעלאַנכאָליע. באַלד אין אָנהייב ווערט דערציילט וועגן אַ לויה פון אַ זעלבסטמערדער, פון אַ פאַרטראַכטן, וואָס האָט מיט זיין אַוועקגיין געוואָלט אויסדריקן אַ שטילן פּראָטעסט. ווייטער וויקלען זיך פראַגמענטאַרישע „שילדערונגען“ פון דער מענטשלעכער אָפּגעשלאָסנקייט. ראַקיטנע ווערט פאַרטונקלט דורך די „לעפּישע שאָטנס“ פון כרך און ווערט דערפירט צו גסיסה. מענטשן ווי שאָטנס מיט פאַרבאָרגענע געדאַנקען און פאַרהוילענע פאַרלאַנגען, אַ קאַץ און מויז-שפּיל צווישן פרעגער, חיים משה, חוה פויזנער און חוקען. די העלדן שלייכן זיך שווייגנדיק — קיטש שטיל! אַלץ איז אַדורכגעוועבט מיט אַ פאַרקלומטקייט, כמעט יע־דער הערט דאָס שלאָגן פון אייגן האַרץ.

חוה פויזנער ווערט פאַרקנסט מיטן אינזשעניער דעסלער פון בעריזשינעץ, דאָס שטעטל בוקט זיך פאַרן אָפּגאָט פון גרויס־שטאָטישן געפילדער. דאָס אייגענע לעבן ווערט צוקרישלט און צעבלאָזן, ס'איז נאָר פאַרבליבן אַ דורכגעפוילטער בעליק, אַלס שטומער עדות פון דעם אויסגעהויכטן און פאַרגאַנגענעם. ס'איז כאַראַקטעריסטיש דער מאָטאָ, וואָס

בערגעלסאָן האָט אָוועקגעשטעלט ביי דעם טירל פון „אָפּגאַנג“, דאָס זענען די ווערטער פון נביא: „ואראה והנה חר-אחד בקיר... ואחתר... והנה פתח אחד“.

בערגעלסאָן איז דערווייל דער בולטסטער סימן פון רייפקייט אין אונזער ליטעראַטור. ער ברויך האָבן גאָר אַ באַזונדערן מין לייענער, וואָס זאָל זיין עמפּינדלעך אויף סובטעלע שניצעריי. ביז אים האָט קיינער זיך נישט דערהויבן אַזוי צו דער מדרגה פון גישטערן אין די פאַרהוילנסטע קעמערלעך פון דעם יחידס נשמה און אַרויסבאַקומען די פאַרבאָרגנסטע האַרץ-צאַפּלעניש.

דער מקור פון בערגעלסאָנס שאַפן איז דעם מענטשנס אינעווייניקסטע וועלט, וואָס שטויסט זיך אָן אויף קאָליזיעס מיט דער אויסערלעכקייט

בערגעלסאָן לעבט נישט דירעקט מיט דער סביבה, נאָר מיט איר אָפּהילך, דערפאַר איז זיין רעאַליזם על פּי רוב נאָר אַן אויסערלעך-מעטאָדישער, הגם ס׳פילט זיך אומעטום אַ שטח פון אַ רעאַלער מיליע.

אַ אָנדייטונג פון אַ מער בולטן רעאַליזם אין שוין פאַראַן אין דעם אָנהייב פון זיין נייעם ראָמאַן „מידת הדין“, ווו די שלעפּערדיקע אַקציע באַוועגט זיך אין אַן עטוואָס ווירקלעכערער און קאָנקרעטערער אַט־מאָספער. דער גרונט-טאָן איז אָבער אויף ווייטער פאַרבליבן אַ ריין בערגעלסאָנישער.

דער סך־הכל — שטימונגס־רעאַליזם

די איבעריקע יידישע רעאַליסטן, ווי זעלבסטשטענדיק זייערע טאַלאַנטן זאָלן נישט זיין, גייען זיי דאָך איבער אויסגעטראָטענע וועגן. אונטערבאַוווסטזיניק קלאַמערט זיך זייער שאַפן אָן דעם פאַראַנענעם. עס שיילן זיך אַרויס אייניקע קרעפטיקערע טאַלאַנטן, וועלכע ברענגען אַריין אין דער ליטעראַטור אַ נייעם טאָן און אַביסל אייגן בילדלעכקייט, אָבער דער סטיל און טיילוויז אויך די פאָרם איז קנאַפּ וואָס אָריגינעל.

בנוגע סטיל, קאָן זיך עס אפשר אויסווייזן וווּנדערליך, ס׳איז אָבער פאָרט אַזוי. אין דער ליטעראַטור קאָן זיך זעלטן ווער דערהויבן צו דער מדרגה פון אַן אייגענעם סטיל און אין דער יידישער ליטעראַטור קאָנען זיך דערמיט באַרימען בלויז געציילטע יחידים. פאַראַן ביי אונז אַ פּלעיאַדע יונגע און באמת טאַלאַנטירטע שרייבער, וועלכע דיספּאָנירן

מיט היפשע שאַפונגס־מיטלען, אָבער ביי דעם אַלעם קרייזן זיי זיך אַרום אַ געבאָרגטן סטיל.

אָפּאַטאָשו, למשל, איז אַ ראש המדברים פון יידישן רעאַליזם אָבער ביי זיין גאַנצן קינסטלערישן פאַרנעם קאָן ער דאָך נישט שטאָלצירן מיט קיין אייגן־געכאָוועטן און מצד פרעמדע ווינטן באַפּאַנצערטן סטיל, מיט וואָס, למשל, ס'קאָן זיך אין דער פולער מאָס יאָ באַרימען שלום־עליכם. בערגעלסאָנס סטיל איז אין דער יידישער ליטעראַטור אַ דורכאויס נייער, אָבער אַ לייענער פון דער סקאַנדינאַווישער ליטעראַטור קאָן לייכט אויסגעפינען דעם האַמסונישן ריטם און די ספּעציפיש־סקאַנדינאַווישע סיטואַציע־פאַרנעפּלטקייט.

ביי דעם אַקאָמפּאַניאַמענט פון זייטיקע איינפלוסן זענען אין דער יידישער ליטעראַטור אויך אָנגעקומען די דריי באַדיינדטע נאָוועליסטן פון היינטיקן טאָג (ס'וועלן דאָ בכיון אויסגעמיטן וואַרשאַווסקי און האָראָנטשיק, וועלכע פאַרמאָגן אייגענע אויסדרוקספולקייט, אָבער לויט דער ריכטונג זענען זיי עפּיגאָנען פונם אַזוי גערופענעם „ווייסענבערגיזם"): יהושע פּערלע, א. מ. פוקס. און י. י. זינגער.

צווישן די דריי יונגע איז פּ ע ר ל ע אַן אויסנאַם. ער שרייבט שוין איבער פופצן יאָר, אַזוי, אַז פּאַקטיש שטייט ער אויף דער גרענעץ פון דער אַלטער און נייער תקופה. זיין שאַפן פאַלט דאַריבער פונאַנדער אויף צוויי ריכטונגען. בעת דער ערשטער איז ער אַן עפּיגאָן פון דעם אַש־ווייסענבערג שטראָם מיט דער ספּעציפישער חתימה פונם שוין קאַנאָניזירטן פוילישן שטעטל־שטייגער אין אַן עטוואָס אויפגעפרישטער פאָרם. כמעט דערזעלבער טיפּן־מאַטעריאַל מיט די אונז שוין אַזוי גוט באַקאַנטע אָנשטעלן און תנועות. ער באַנוגנט זיך אָבער נישט בלויז מיט דער שטעטלדיקער איינגעזעסנקייט, נאָר פירט שוין זיינע העלדן, וועלכע באַלאַנגען ס'רוב צום מיטלשטאַנד, איבער דעם גרויסן כּרך, שילדערנדיק אויף אַ טשעקאָוון אופן זייערע שוואַכקייטן. אַלץ ציט זיך מיט אַ מילדן טעמפּאָ אָן ספּעציעלע לעבנס־אויפברויזן. די געשילדערטע סיטואַציעס זענען באַצויגן מיט אַ דין הייטל פון קוים אָנזעבאַרער אייגנאַרטיקייט הן אין סטיל, הן אין דער פּלאַסטיק, ביי׳אַ שוואַכער אויסערליכער טעכניק און קנאַפּע אינעווייניקסטע סטרוקטור. די עיקרסטע

פערלעס מעלה איז דאָן, אין דער ערשטער תּקופה — באַחנטע בילד־לעכקייט און זאַפטיק־צייטיקע שפּראַך.

בעת דער צווייטער ריכטונג האָט פּערלע אָנגענומען אַן איבער־ראַשנד נייע ווענדונג. ס׳דאַכט זיך, ווי דער אַמאָליקער פּערלע וואָלט מגולגל געוואָרן אין אַ גאָר נייעם.

פּערלעס ביז־איצטיקע נאָוועלן, ד. ה. ביז דער נייער ווענדונג, מאַכן ס׳רוב דעם איינדרוק פון אומאויפהערליכע, פּיל־ווייניק געלונגענע פּרוון, וואָס שווימען אַרויס פון פאַרשיידענע איינפלוס־קאַנאַלן. ס׳פעלט זיי דאָס ספּעציפיש־איינהייטלעכע, וואָס מוז און דאַרף זיין דער סימן־מובהק פון אַ רייפן שרייבער: דעריבער איז פאַרשטענדלעך פּערלעס „אי־דילישע" בלאָנדזשענישן סיי אין דעם מאָטיוון־אויסוואַל, סיי אין דער קינסטלערישער באַאַרבעטונג.

דער ערשטער צייכן פון פּערלעס „איבערוואַנדלונג" איז דער ענין פון פּ ר אָ פּ אָ ר צ י ע, אָדער ג ל ײ כ ג ע װ י כ ט. בלאָנדזשענדיקע שרייבער ליידן ס׳רוב אויף אַן איבערפלוס פון אַ באַשטימטן עלעמענט, און פון דאַנען שטאַמט די א י נ ז ײ ט י ק ײ ט. ס׳קאָן, למשל, אַרויס קומען אַן איבערוואָג פון פּייזאַזש צום שאָדן פאַר דער אַקציע, אָדער אַן איבערפלוס פון דיאַלאָג צום שאָדן פון דער באַשרייבלעכקייט. פאַר לעם פריערקע נאָוועלן, און בעיקר די גרעסער׳ע דערציילונגען, האָבן ס׳רוב געליטן אויף ד י ס פּ ר אָ פּ אָ ר צ י ע. אַ גענויע באַשרייבונג פון פּרטים ביי דער איינשרומפּונג פון דעם אַנטוויקלונגס־לויף פון די גע־שעענישן, אָדער אַן אויספירליכע פאַרבילדליכונג פון צופעליקייטן מיט היזק פאַר דעם פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז. זיין היינטיקע נאָוועלע פאַרמאָגט שוין חוש פאַר גלייכגעוויכט און דעריבער איז שוין איר קאָנסטרוקציע גאַנצער און האַרמאַנישער.

די דאָזיקע רייפקייט ברענגט אַריין וויזענטליכע ענדערונגען אין זיין שאַפן — ער דער־נענטערט זיך צום נ אַ ט ו ר אַ ל י ז ם. דאָס גע־שעט נישט דווקא אין דעם ספּעציעלן אויסוואַל פון דער טעמע (הגם אינם גאַנג פונם באַשרייבן ווערן די דאָזיקע מאָמענטן אויך באַריקזיכטיקט), נאָר פּשוט אין דעם אָרט פון שילדערן. ס׳פאַרשווינדט לגמרי די שוואַכ־קייט צו פאַרבילדלעכן די זייטיק־צופעליקע מאָמענטן אין זייער ביז־איצטיק־נאַאיווער אויספּאַסונג. פּערלע באַפרייט זיך פון דער אייגנוויגיל

קאַפּריזער אָנווענדונג פון ליכט און שאָטן ביים פּאַרקערפּערן מענטש. ליכע שוואַכקייטן און לאָזט זיך שוין נישט אַזוי לייכט באַאיינפלוסן פון כלאחר-יד-שטימונגען. ער נעמט שוין צונויף די צעזייטע אַנטקעגנזעצטע לעבנסדערשיינונגען און שמעלצט זיי צונויף אין זייער הוילער נאַקעט־קייט, איינפּרעסנדיק זיי אין דעם סטיכישן טריב פונם טאָג-טעגלעכן לעבן. ס׳נעמט ביי אים אַ סוף צו דער ווייכבויגעוודיקייט, ער באַקומט אַ חוט-השדרה, אַ באַשטימטן מיטלפּונקט, אַ מין „coincidentia oppositorum" — אַ צענויפשמעלצונג פון די קאָנטראַסטן.

אויפפאַלנדיק, וואָס זיין טאָן ווערט אַ סך קילער און געלאַסענער, די אַקציע באַוועגט זיך אַביסל אויסגעצויגן, פּאַמעלעך, מיט שילדקרוי-טישע טריט, אַקוראַט ווי דאָס געלעגערט-צעצויגענע לעבן פון זיין שטויב-העלד — פאַן ווינקלער, וואָס לעבנסלאַנג טובלט ער זיינע מידע אויגן אין דעם ים פון מאַטע בילאַנס-ציפערן. די ציפערן טאַנצן פאַר אים ווי געשפּענסטער און פאַרהוילן דאָס רעטעניש פון לעבן, וואָס באַקומט ביי אים אַ דערוויילן תיקון אין דעם אומאויפהערליכן חלום וועגן אַ „הוספה"...

געזעצט און מיט ישוב הדעת דערציילט פּערלע וועגן זיין העלדס לעבנס-פּעריפּעטיען, וועגן אַלע זיינע שוואַכקייטן אין דער היים, אין ביוראָ, ביי דער אַרבעט, אויפן שפּאַציר... אַלץ אַזוי באַשיינפּערלעך, בענוי און געטריי, אין נאַטוראַליסטישן פאַרנעם. די געשעענישן קומען אַרויס בולט, אָן שום שפּרונגען פון אַ וועלכער עס איז — אַפילו רעאַ-ליסטישער — סינטעזז. די פּינקטלעכקייט אַליין.

ס׳איז קענטיק אַ סך ראַפינירטקייט און איבערלייגונג ביים שפּינען די סיטואַציע, דערביי שפּירט זיך אָבער דער אָטעם פון לעבן, וואָס באַהעפט זיך מיט די געשעענישן אוממיטלבאַר.

די שפּראַך איז דאָ, פּונקט ווי פריער, קערנדיק אָבער שוין שטיי-פער, קאָנדענסירטער און וואָכעדיקער, אָן די ביז איצטיקע פאַרביקע מליצות.

אין פאַרגלייך מיט א. מ. פוקסן איז פּערלעס פּסיכאָלאָגישע באַ־ציונג צום באַהאַנדלטן שטאָף אַ לייכטזיניקער און כמעט זאָרגלאָזער. איבער די שווערסטע לעבנס־מאָמענטן פון זיין טראַגישן פאַן ווינקלער גייט פּערלע דורך „אומבאַשעדיקט". מיט אַ לייכט-געמיטלעכן שמייכל

קוקט ער דורך זייטיקע לעכלעך און דערזעט קאָמיש-טראַגישע שוואַכקייטן, וועלכע ער פאַרטיפט אָבער נישט, נאָר מאַרשירט איבער זיי חיי־טער אַלס גוטמוטיקער באַאָבאַכטער מן הצד. דערביי קומען אַפילו די באַדייטנדסטע מאָמענטן אַרויס אַביסל שיטערלעך. פוקסנס פסיכאָלאָגישער צוגאַנג צו זיינע העלדנס-איבערלעבענישן איז אַ פיל טיפערער און ערנסטערער. ווען מ׳נעמט אַפילו דעם פשוטסטן און צופעליגסטן מאָטיוו, וואָס איז שוין דורך אַלעמען פיל מאָל געדראָשן געוואָרן, פילט מען באַלד, אַז דאָ דערציילט אַ מענטש, וועלכער קוקט מיט אייגענע אויגן און דערבליקט דאָס, וואָס קיינער האָט ביז אים נישט געזען אין אַזאַ פאָרם און פאַרב ווי ער

טעמאַטיש איז פערלע אַ רעאַליסט, קינסטלעריש — די לעצטע צייט ספּעציעל — אַ נאַטוראַליסט. ביי פוקסן איז גראָד אומגעקערט — זיין שטאָף איז געשעפּט פון נאַקעטן לעבן, וואָס ברויזט מיט רויקייט, דערפאַר די קינסטלערישע „באַאַרבעטונג“ איז טיף רעאַליסטיש (אַ חוץ אין געוויסע פאַלן), לעצטנס אַפילו בערגעלסאָניש („טונקלקייט“).

אמת, ס׳איז ביי פוקסן פאַראַן גענוג אויספּירלעכקייט, דעטאַילקייט און אַזוי-צו-זאָגן אָביעקטיוויטעט, אָבער ביי דעם אַלעם איז נישט דער עיקר די אויסגעוויניקטע סקרופּולעזקייט מיט אירע שטיקנדיקע אויסדעמפונגען. ס׳ערשטע וואָס וואַרפט זיך דאָ אין די אויגן אַריין, איז די אוממיטלבאַרקייט, וואָס שלאָגט פון איבערלעבענישן, וועלכע הויכן אויף טריט און שריט מיט לעבנס-צאַפּל. מ׳זעט באַשיינפּערלעך, אַז קיין שום סיטואַציע איז נישט צוגעטראַכט, נאָר דריגגט אַרויס פון אַ באַשטימטן לויף פון געשעענישן. פון דער דאָזיקער וואָרהאַפטיקייט איז שוין פאַרשטענדלעך, וואָס פוקסנס בילדלעכקייט איז אייגנאַרטיק און ממילא אויך איבערצייגנד. ווי אַ מעסער שניידן זיך די בילדער איין אין זכרון און ווערן נאָכדעם פאַרדויערהאַפטיקט און שפּעטער ווידער געוועקט דורך פאַרשידענע אַסאָציאַציעס.

פוקסנס וואָרט איז וואָגיק, ווייל בכלל איז קענטיק ביי אים אַ געדיכטע צענויפגעפּרעסטקייט; דורך אַ טייל נאָוועלן דאַרף מען זיך פשוט אַדורכקאַראַטשען. אַ שפע פון קאָלירן, אַ געדיכטפאַרביקייט, וואָס שאַפט דעם איינדרוק פון אַ כמעט הוילער עסענץ אָן דעם דערצו נויטיקן פליסיקן שטאָף, וואָס זאָל אַריינברענגען אַביסל דורכזיכדיקייט. דאָס אַפטע

דורכפלעכטן דעם ספור-המעשה מיט אַזוי פיל קאָמפּליצירטע פאַרבן, ווי: „גאָלד-בלאָנדע", „גאָלד-געלע", „טריב־טונקל", „גרין-אָפּגעריבן", „ציגל-שטויב-פלעקן" א. אַ. וו. מאַכן מיד דאָס אויג און דאָס ליינען ווערט פשוט האַרבלעך.

צוליב דערזעלביקער געדיכטפאַרביקייט דאָמינירט ביי פוקסן אַ געוויסע א ײ נ ז ײ ט י ק ײ ט, און צוליב דער שוין אויבנגעזאָגטער אוממיטלבאַרקייט ווערט דאָ פאַרלוירן דער מינימום פון דער נויטיקער ראַפינירטקייט, צוליב וואָס די קאָנסטרוקציע הינקט אָפּט אונטער און ס'פעלט די האַרמאָנישע גאַנצקייט פון אַן אָרגאַנישער קאָנטינויטעט.

ביי דעם אַלעם געהערט דאָך א. מ. פוקס צו די אָריגינעלסטע און שעפערישסטע יונגע יידישע פּראָזאַיקער און כמעט ביי זיין יעדער נייער נאָוועלע איז אָנזעעוודיק זיין כסדרדיקע אַנטוויקלונג. ער האַלט אין אומאויפהערלעכן וואַקסן, אַזוי, אַז ס'איז פשוט שווער זיך ברייטלעך וועגן אים אַרויסצוזאָגן, ווייל במשך פון אַ גאַר קורצער צייט וועט עס נישט אַנטשפּרעכן זיין פאַקטישער פיזיאָנאָמיע, וועלכע האַלט זיך אין שטענדיקן בייטן.

להיפך צו פוקסן פאַרמאָגט י. י. ז י נ ג ע ר א פאַרהעלטניסמעסיק גוטע קאָנסטרוקציע, לכתחילה געקומען אַ פאַרטיקער. פון די „ליים-גרובן" ביז „שפּינוועבס" איז אומעטום קענטיק אַ רונדיקע פאַרענדיקט-קייט פון אַ גאָר צייטיקן טאַלאַנט. זינגער איז זייער באַאָבאַכטעריש אָבער ער זינדיקט נישט אין דעם פאַל מיט קיין איבערפליסיקייט ווי אַ סך אַנדערע, וואָס פאַרפלייצן דעם עיקר מיט אַ מבול פון אָבסערוואַציע-פּרטים. אומעטום פילט זיך הויש פאַר מאָס. דאָס זעלביקע לאָזט זיך אויך זאָגן וועגן זינגערס בילדלעכקייט, וועלכע איז קיינמאָל נישט איבערגע-טריבן. זינגער האָט אין זיך עפּעס פון אָפּאַטאָשו. און נאָך: פון צווישן די שורות אפער בליקט ביי אים תמיד אַרויס אַ בייסיק שמייכעלע, וואָס האַלט מלחמה מיט די פאַרשריבענע בלעטלעך. ס'וואָלט אַבסאָלוט פאַלש געווען די באַהויפּטונג, אַז ס'איז פאַראַן אַ קשר צווישן זינגערן, פוקסן און פּערלע. די ענלעכקייט איז אַ מינימאַלע, ווייל זינגער וועגט זיי ביידן איבער מיט דער ראַפינירטקייט.

י. י. זינגער איז אַ דינאַמישע נאַטור, וואָס איז ביכולת זיך צוצו-פּאַסן צו כלערליי געשאַפענע קאָניוקטורן, וואָס וואַרפן אים איבער אין

פֿאַרשידענע סביבות, מיט וועלכע ער לעבט זיך קינסטלעריש גיך צונויף. מיטן זעלבן דערפֿאָלג דערציילט ער אין „פּערל" וועגן דעם שווינדזיכטיקן מאָריץ שפּילריין מיט זיין לייענען די נעקראָלאָגן, שפּאַצירן איבער דער „קרולעווסקער אַלייע" שמועסן מיט איזאַקן און די לאָקאַטאָרן א. א. ח. ווי אין „מאַגדאַ" — וועגן דער פּולבלוטיקער דאָרפֿישער שיקסע, וואָס געפֿינט זיך אונטער דעם יאָך פֿון דעם קרענקלעך פֿאַרעקשנטן פֿאָטער, און ווי אין „שפּינוועבס" — וועגן דעם כיטרן בעל-תאוהדיקן רייצעס, וועלכער וווינט אין „מקום", האַנדלט מיט געפֿעלשטע אַנטיקן, פּייניקט סאַדיסטיש חיות און הוליעט זונטאָק מיט שיקסעס. אין אַלע פֿאַלן שפּירט זיך קראַפֿט און קענטעניש פֿונם מיליע.

די געשטאַלטן, וואָס זינגער פֿירט אַרויס, לעבן כמעט נישט איבער קיין שום ראַנגלענישן. אַלץ אַנטוויקלט זיך ביי זיי פּסיכאָלאָגיש גראָדוויריק, ביי א פֿלאַכן גייסטיגן ניוואָ.

זינגער פֿאַרמאָגט א שטייפֿע אַרכיטעקטאָניק, צונויפֿגעשטעלט מיט א כמעט מאַטעמאַטישער פּלאַנמעסיקייט. די איבערלעבונגען שלאָגן נישט מיט קיין שוימיקער אומגעצוימטקייט, לכל הפּחות שטראָמט עס נישט אַזוי האַסטיק ווי ביי א. מ. פֿוקסן.

כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין פֿיל זינגערס נאָוועלן, פּונקט ווי ביי בערגעלסאָנען, איז נישט פֿאַראַן די ספּעציפֿיש-יידישע חתימה. זיי פֿאַרמאָגן אַלגעמיין-מענטשלעכע ווערטן און לאָזן זיך לייכט איבערגיסן אין אַן אַנדערע שפּראַך. ווער שמועסט „מאַגדאַ", ווען מ'זאָל די דאָזיקע נאָוועלע איבערזעצן אויף א גוטן פּויליש און אָן דעם אונטערשריפֿט פֿון אויטאָר עס דערלאַנגען אַפֿילו דעם ריין-בלוטיקסן פּאָליאַק, וואָלט ער עס גאַנץ זיכער אָנגענומען אַלס קערענדיק-פּוילישע זאַך. „שפּינוועבס", למשל, קען זיין אַן אָנגעלייגטער גאַסט אין יעדער שפּראַך און ליטעראַטור

* . *

זינגער, פֿוקס און פּערלע זענען געשווירענע ריאַלע טאַלענטן, זיי שוועבן נישט איבער די וואָלקנס, נאָר באַוועגן זיך אויף דער ערד. אויב ס'זענען אמת די ווערטער פֿון ז ש אָ ר ז ש ז אַ נ ד, אַז דער אונטערשיד צווישן ריאַליסטן און ראָמאַנטיקער באַשטייט אין דעם, וואָס

„די רעאַליסטן שפּירן נאָך דעם מענטשן אַזעלכן, ווי ער אַנטפּלעקט זיך פאַר זייערע אויגן, און די ראָמאַנטיקער פילן אַן אינעווייניקסטן דראַנג צו שילדערן דעם מענטשן אַזעלכן, ווי זיי וואָלטן גערן זען", וואָלט געווען דאָך אַ סך צו דערוואַרטן פון די רעאַליסטן. אויב ס'איז זיי נישט באַשערט צו פליען הויך, דאַרפן זיי צו ווייניקסטנס גראָבן טיף... אויב ס'איז זיי פרעמד די מיסטישע איבערלעבונג מיט אירע טראַנסצענדענטע געביטן, ווו דער מענטש — און מיט אים די קונסט — חילן דערגיין דעם אַבסאָלוט, דאַרפן אָבער די דערשיינונגען דערפאָרשט ווערן, ווען אַפילו אויף אַ רעלאַטיוון שטייגער און דורך פּאָזיטיוויסטישע וועגן,— לויט אַ טיפערן קריטעריום, ווי איצט. ס'איז גאָר קיין שאָדן נישט פאַר דער „ריינער קונסט", ווען ס'איז דאָ דערביי אַן אידעע.

ווען מ'דערמאָנט זיך אָן דעם רעאַליסט שברעאַליסט — אָנאָרע באַלזאַק, — שווימט תיכף אויף אין זכרון דער אמת פון זיין טיפן צוגאַנג צו דער מענטשלעכער פּסיכיק. ער האָט זיך אויף אַ רעאַליסטישן שטייגער געגריבלט טיף אין דעם סוד פון לעבן, דערקענט די עלנטקייט פון בר נש, און נאָכדעם געזוכט פאַרגעסנקייט אין האַשיש. זיין אידעישער אונטערשלאָג באַקומט אַ בילדלעכע סימבאָליזירונג אין דעם „שאַגרען-פעל".

ס'איז דאָ נישט קיין רייד פון פאַרגלייכונגען, אָבער ווען ס'רעדט זיך שוין וועגן אומדורכשניטלעך באַגאַבטע רעאַל-טאַלענטן, ווי זינגער, פּערלע און פוקס, שרייבער פאַר וועמענס ווערק מיר האָבן פולע אָנערקענונג, אָבער שרייבער, וואָס געפינען זיך אין דער גליקלעכער לאַגע, וואָס זיי האָבן שוין אין דער יידישער ליטעראַטור געהאַט פאַר זיך אַ שולע, איז כלל נישט פון דער זייט, ווען מ'זוכט אין זייערע שריפטן אויך אַ טיפערן צוגאַנג צום מענטשלעכן לעבן און אויך.. אַן התחלה פון אַ וועלכער ס'איז אידעע...

ליידער, האָבן מיר דאָס דערווייל ביי זיי נישט געפונען.

אהרן צייטלין

# דער קולט פון גארנישט און די קונסט ווי זי דארף זיין

/ פראָטעסט און אני־מאמין /

וואָס איז קונסט?

אַזוי פרעגט אָפּט דער ליטעראַטור-מעקלער, וואָס שפּילט זיך אין קונסט-אַקציעס און נאָטירט אויף זיין שוואַרץ-געהרגעטער בערזע פּאַפּי-רענע ליטעראַטור-קולטור-מאַקולאַטור-ווערטן. קומט אַ ניי מעקלערל אויפן געדיכט-באַזעצטן ליטעראַטור-מאַרק, גייט ער צו צום ריזיקן וואָגן היי, צופּט ער אַרויס אַ הייעלע, דערלאַנגט דערמיט אַ דרייעלע, זאָגט אַ דעה'לע און טוט אַ פרעג צום מיליאָן-מיליאָנטן מאָל:

—אַכ'מע... וואָס איז קונסט?

און ער פסקנט: קונסט איז — און אַזוי ווייטער. מאַלע, וואָס קונסט איז נישט אַלץ!

אים אָבער, דעם קינסטלער גופא, דאַרף לחלוטין נישט אָנגיין, וואָס קונסט איז. אים זאָל אָרן, וואָס קונסט דאַרף זיין, וואָס קונסט מוז זיין, וואָס קונסט וועט זיין.

דעם מבינות-קרייער און שטעמפּל-לייגער זאָל ער זאָגן אַזוי:

— וואויל. איך בין גרייט אָנצונעמען אַז דו, קונסט-באַאַמטער, ביזט גערעכט, און דיין משפט איז גערעכט, און דיין קונסט איז גערעכט, און דאָס וואָס דו האָסט אין דיין גרויס קורצזיכטיקייט געפּסקנט, אַז דאָס איז קונסט — איז טאַקע די אמת'ע, אמתע קונסט אַליין, ווי זי גייט און שטייט און קונסטעוועט זיך. נאָר אויב אַזוי — פּאַרוואָסזשע זאָל קונסט, אַ שטייגער, נישט ברעכן האַלדז און נאַקן? ווער דאַרף דאָס אַזאַ מין פּורעניות?! אויב דאָס איז קונסט — צי דאַרף מען נישט אין לעבן אַריין שאַפן אַ קונסט אַן אַנדערע, אַ קונסט מיט אַן אַנדער פּנים, אַנדערע אויגן, אַנדערע רייד, קונסט פון מאָרגן, פון איבערמאָרגן, פון איבער איבערמאָרגן? אַבי נישט אַזאַ קונסט, אַבי נישט אַזאַ!

II

ברחל בתך הקטנה: אָדער קונסט וויל, וועט און קען פאַר-נעמען דאָס אָרט פון דאָגמאַטישן רעליגיאָניזם, שאַפנדיק

עסטעטישע רעליגיע פאַר אַלע, אָדער קונסט איז – דאָס וואָס מיר מיינען: שפּיגלעניש פון גאָרנישט אין דעם אייגענעם גאָרנישט.

ברוטאַלער: אַ פלוי, וואָס בייסט זיך אַליין.

פון איבער און ווידער: aut—aut.

קיין שיסל-וועגן – נישטאָ!

אַלע צעטעטיזמען אייערע – פאַר די הינט!

אָדער קונסט איז אויסדרוק, סיני, מאַניפעסטירונג, אָדער קונסט איז אָנאָנים.

III

פּאַרשפּעטיקטע טעאָריעלעך, אָנגעטון אין נייע תכריכימלעך, קומען רעהאַביליטירן דאָס גאָרנישט ווילנדיקע, פרוכטלאָז אָנאַניזירנדיקע, און היפּל מאָל מען זאָל דעם קריטיקאַנישן פּעבל נישט האַמערן אין קאָפּ אַריין: „קונסט קען נישט עקזיסטירן לשם זיך אַליין, מחמת קיין שום לעבעדיקס לעבט נישט לשם זיך אַליין און ווייל העכסטע פרייד פון שאַפן איז — ב ר י ק צ ו ז יי ן״; וויפיל מען זאָל דעם ביכער-לע-זנדיקן, מאמרים-שרייבנדיקן פּלעבס נישט אָנווייזן אויף דעם אייזלשן קבר הינטערן פּאַרקאַן, וואו ס׳ליגט די לעולם-ועד געפּגרטע „קונסט לשם קונסט״ –

מיט כלערליי אויסריידענישן און באַוואָרענישן פּרוּווט די אומ-שטערבלעכע באַנאַליטעט אויסצוקעמפן איר רעכט אויף טפשות און מעלה גרה׳עכץ.

פון איר אייזלשער קבורה הינטערן פּאַרקאַן שיקט קונסט לשם קונסט אירע איבערגעטונענע שטאַפּעטן איבער דער וועלט צו פּאַר-שפּרייטן דעם מתים-קולט פון מעלה-גרה׳ניש, פון אָפּשפּיגלען בלאָטע אין שפּיגל פון בלאָטע.

און דאַרף מען — רופט מען צו-הילף אַזאַ בכבודיקן אידיאָט, ווי – שכל-הישר, פּכלט מען אין נאָמען פון אַזאַ בעצם א ו מ-ק ל אָ ר ע ר, אַזאַ רעלאַטיוו-שברעלאַטיווער זאַך, ווי „קלאָרקייט״ — דאָס וואָרט!

ווייל מען וויל נישט דאָס וואָרט, נאָר מען וויל די ווערטער.

## IV

פון טאָגבוך:

„פון אַלע שרייבער, וואָס איך האָב ווען עס איז געלייענט, קען איך נאָר איינעם אַ קלוגן — שעסטאָוו. אָט דער איינציק־קלוגער איז אָבער גראָד דער טיפסטער שונא פונם שכל.

„ווען אַזאַ איינער איז נישט פילאָזאָף, נאָר קינסטלער — וואָס פאַר אַ וואונדערלעכע זאַכן וואָלט דער מענטש געשאַפן!

„אָרעמע מאַמינים אין קלאָרקייט, בלינדע פליגן אַרום דער לאָמפּ פון געהיימניש, — ווי קענען אַזוינע שאַפן קונסט? דאַרפן אַזוינע שאַפן קונסט?

וואָס מער איך לעב — מער זע איך, ווי פיקטיוו דאָס איז, אָט דאָס, וואָס מענטשן האָבן אַ נאָמען געגעבן שכל, און ווי אומקלאָר עס איז די קלאָרקייט, און ווי נישט־פּשוט עס איז די פּשוטקייט פון דער וועלט. אין מיין לעבן — און איך גלויב: אויך אין לעבן פון אַנדערע — איז קיינמאָל נישט געשען אַ זאַך, וואָס זאָל נישט אָנקלאַפּן מיטן קאָפּ אין די טירן פון אומבאַקאַנטן און וואָס איר לעצטע ליניע זאָל זיך נישט געפינען אויף דעם שטח פון אַנדערע אומלאָגישע גרעניצן. וואָס צייטיקער עס ווערט אַ מענטש — מער דערקענט ער דאָס. זיין שכל ווערט אים נאָר אַ געצייג, צו דערקענען דורך אים, אַז שכל איז נישטיק, און זיין נייע, העכערע קלאָרקייט דינט אים נאָר אויף צו דערקענען, דאָס איטלעכע קלאָרקייט איז אַ מאַסקע אויף אַן אומבאַקאַנט געזיכט. ביי אַזאַ מין שכל און ביי אַזאַ מין קלאָרקייט, איז אָדער דער מענטש בלייבט שטיין דערשראָקן, אָדער ער לאָזט זיך גיין ווייטער און הויבט אַ פּאָרהאַנג. קונסט — אויף וויפל קונסט האָט אַ ווערט — זאָל שאַפן נאָר דער צייטיקער. קונסט דאַרף דעריבער און קען דעריבער זיין: 1) דאָס דערשראָקענע שטיין בלייבן פאַרן טויער (קונסט פון דער אַנונג), אָדער: 2) דאָס אויסזאָגן געזעענס (קונסט פון דער זעאונג). אַלדאָס אי־

בעריקע א ז — ליטעראַטור פון ליטעראַטן פאַר ליטעראַטן, קונסט־שמונצט־מאַך מיר אַ לעטניק".

V

מיצקעוויטשעס צוויי שורות:

Tam sięgaj, gdzie wzrok nie sięga!
Łam, czego rozum nie złamie!

אויף יידיש:

גרייך אַהין, וואוהין סגרייכן נישט בליקן!
ברעך, וואָס פאַרשטאַנד קען נישט ברעכן!

גוואַלדיקע שורות! לוחות!

קעניגלעכער דעקרעט צום מענטש — קעניגלעכער דעקרעט צום קינסטלער!

VI

מיר, יהודים, זענען אַ טויט פאָלק, און אַ פאַרגעסלעך פאָלק, און סתם קיין פאָלק נישט. האָבן מיר ערגעץ געבוירן אַ זוהר — וואַלגערט ער זיך אויף אונזער דורות־בוידעם צווישן טויזנטער נישט־אויסגעפּאַקטע ירושה־קאַסטנס און צירונג איבער צירונגען גלאַנצט פאַר מייז און רייכסטע איבער רייכע זענען די קרעצבאַשלאָגנסטע צווישן בעטלער, לעבנס־פאַריער און ממילא קונסט־פאַריער.

מיר האָבן אייגענע יידישע פּלאַסטיק. נישט פון נעכטן, נישט פון אַנטאָקאָלסקיס ווילנער יחוס, נישט פון ליליענס טאַלענטלאָזער גנאַד און נישט אַפילו פון שאַגאַלס פאַרדינטן רום — יידישע קונסט איז פאַרפאַקט אין ירושה־קאַסטן דעם פאַרחתמעטן פון דער קבלה.

קבלה־בילד! קבלה־פּלאַסטיק! יידישסטע, צוגלייך קאָסמישסטע קונסט!

האָט ווער געקלערט וועגן דעם? אַ שטאַם פון קליינע קונסט־גנבים

זענען מיר, וואָס גנבענען פּלאַסטיק פון פרעמדע קעשענעס אַרויס. מיר שטיקן זיך אין דער־ ערגסטער פאָרם־קבצנות, מיר, וואָס אונזער פאָרם איז דאָס אַבסטראַקטע, אונזער פּלאַסטיק – די זעאונג.

אַ לאַנד מוז אָבער האָבן אויסגאַנג צום ים!

אַ ליטעראַטור מוז האָבן דאָס אייגענע–אַן אויסגאַנג צו וועלט, צו וועלט־רעזאָנאַנס. סתם קונסט אויף יידיש דאַרף נישט די וועלט.

צו וואָס איבערזעצן אַ קונסט, וואָס איז לכתחילה איבער־זעצונג? יידישע קונסט גיט איר, דער מאַמע וועלט, אייערס גיט איר!

און ווידעראַמאָל: נישט דאָס, וואָס קונסט איז ביי אונדז, נאָר דאָס, וואָס קונסט דאַרף זיין ביי אונדז.

מען האָט איצט אָנגעהויבן צו פּאַרסירן ביי אונדז לאַנגע שמו־עסן מכּוח „ווירקלעכקייט“ (וואָס איז דער טייטש: „ווירקלעכקייט“? וואו הויבט זיך עס אָן? וואו ענדיקט זיך עס?), מען באַלעקט זיך אַזש פון „אמת׳ער“, קנאַפּ־ווערטערדיקער, „שטרענגער“ שילדערונג להיפוך פון דער „אומקלאָרער“ דיכטונג, מען פּרעדיקט „רעאַלקייט“ און קיינעם פאַלט נישט איין צו פרעגן: גוט! אָבער צו וואס דאַרף מען עס?

דאָרט, ביי זיי, האָט מען געשטעלט די פראַגע נישט איין־מאָל. געפרעגט האָט מיט לייבן־בריל טאָלסטאָי. געפרעגט האָבן אַנ־דערע און מען פרעגט ביז איצט.

ביי אונדז פרעגט מען נישט. ווייל מיר זענען געוואָרן אומשע־פעריש. ווייל השכלה׳וואַטע, טרוקן־בייניקע רעזאָנעריי קריכט ווי אַ שפין איבער דעם ענין קונסט ביי אונדז

מיר, דאָס פאָלק פון שיר־השירים־פּאָעמעס און זוהר־פּלאַסטישע וועלט־זעאונגען, זענען איצט די אומקינסטלערישסטע, ווייל מיר שטעקן אין קונסט־רעפלעקס און האָבן פאַרלוירן דעם איראַציאָנעלן בטבע און איררעאַלן בטבע קונסט־אינסטינקט.

אָט מיט וואָס איך דערקלער אַזאַ אַנאַכראָניזם ביי אונדז, ווי דאָס פאַרשפּעטיקטע זשאָנגלירן מיט באַגריפן אַלאַ „ווירקלעכקייט“, „אמת פון לעבן“, „רעאַלקייט“ א. ד. גל.

## VII

די, וואָס ביי זיי ביזטו אַן ענין, די אַזויגערופענער „אמת פון לעבן", די, וואָס גלויבן נאָך אין דיין עקזיסטענץ, אָ „רעאַלקייט", די, וואָס האַלטן זיך נאָך פעסט אָן דיינע פּאָלעס, „ווירקלעכקייט"— צי האָבן זיי געקלערט אַמאָל וועגן דעם, אַז דער אַמרעאַלסטן געבילדערמער הענג־לייכטער איז נישט מער ווי אַ פאַרשטעלונג און נישט מער ווי אַ פאַרשטעלונג?..

## VIII

קונסט, וואָס טיפיזירט — דאָס איז די קונסט די ווערייסטישע (נאַטוראַליסטישע, רעאַליסטישע אָדער ווי נאָך זי הייסט דאָרט על־פי־רוב איז זי ביאָ־פיזיאָ־סאָציאָלאָגיש.

איך זאָג נישט: דאָס איז קיין קונסט נישט. איך זאָג נאָר: אַזאַ קונסט זאָל נישט זיין!

קונסט דאַרף שטרעבן צו סינטעז. סינטעז פּאָסטולירט פאַראַל־געמיינערונג. העכסטע פאַראַלגעמיינערונג איז — דאָס אַבסטראַקטע בילד.

דאָס אַבסטראַקטע בילד איז אָבער גלייכצייטיק — אויך דאָס בילדלעכסטע בילד.

שלא כמרת יענטע

נישט ווי דער ליטעראַצקער פלעגט האָט זיך איינגעשמועסט, אַז אַבסטראַקציע איז בעצם — אומבילדלעכקייט, נאָר גראָד פאַרקערט.

נישטאָ נאָך אַזאַ בילד, ווי אַן אַבסטראַקט בילד. דאָס איז פּלאַסטיק אין העכסטער קאָנדענסירונג.

טיפּיזירטע פּלאַסטיק איז גראָד אַ מדרגה אַ נידעריקערע, אַ מדרגה, איבער וועלכער מען דאַרף זיך דערהויבן.

## IX

ש. ניגער — דער איינציקער שעפערישער אַרויסשפּילער פון קונסט אויף דעם גאַנצן וויסטן שטח פון יידישער קריטיק — ווי פיל האָט ער מי און שעפערישקייט אַריינגעלייגט אין זיין אַרבעט, למשל, איבער וויסנבערגן, איבער דאָס פּלאַסטישע ביי וויסנבערגן.

און דאָך איז וויסנבערגישע פּלאַסטיק — אַ זאַך, וואָס מוז אי־בערגעוואונדן ווערן. און לחלוטין טאַקע.

געפערלעך איז איר באַנייאונג.

ווייל קונסט זאָל אגדערש זיין.

דערהויבן זאָל אונדז קונסט — און כדי צו דערהויבן זאָל זי פריער דערהויבן ווערן אַליין.

פאַלש רעדט מען וועגן דעם, אַז קונסט, וואָס קולטיווירט בלאָ־טע, דערהויבט און לייטערט.

נישטאָ קיין טהרה, נישטאָ קיין „קאַטאַרזיס" דאָרט, וואו אומ־זין לאָזט זיך אָפּשפּיגלען אין טויזנטער שפּיגלען פון אומזין.

טויזנט מאָל זעראָ — בלייבט זעראָ פּאָרט, בלייבט זעראָ שטענ־דיק.

און זאָגט איר: קונסט איז אונטערהאַלטונג (אָך, דאָס דאָזיקע אייביקע: „קונסט א י ז") — ענטפער איך:

אפשר יאָ.

אָבער זי זאָל עס נישט זיין, די קונסט.

נישט דאָס, וואָס איז, אינטערעסיר־ט.

קונסט זאָל נישט ז י י ן, נאָר ו ו ע ר ן!

## X

יידישע קונסט! געקאָנט וואָלט זי ווערן דער משיח פון קונסט. אָבער ק ו נ ס ט א ו י ף י י ד י ש טרייבט י י ד י ש ע ק ו נ ס ט אין גלות אַריין.

— דו, חלום־יונג, וואָס איז דאָס אַזוינס און וואָס מיינט דאָס אַזעלכעס יירישע קונסט, וואָס דו רעדסט וועגן דעם?

— יידישע קונסט, וואָס איך רייד וועגן דעם, יידישע קונסט, וואָס איך חלום פון דעם, איז די קונסט, וואָס גאַלאַוואַניזירט זשאַבעס. די קונסט, וואָס פאַרייניקט — ווי יעקבס לייטער — ערדישע שטיינער מיט אייבערשטע שוועלן. די קונסט, וואָס פאַראַלגעמיינערט ביז צום שורש־השרשים. די קונסט, וואָס שפּונזעוועט־אָפּ פעסער ווייַן מיט הענט אַזוינע הויכע און אַזוינע לייכטע ווי וואָלקנס.

ס'איז די קונסט, וואָס דאַרף קומען און אויסברעכן ווי אַ וועלט־מלחמה, ווי אַ נייע וועלט־מלחמה, ווי אַ וועלט־מלחמה אין גייסט!

דאָס איז קונסט, וואָס איז נישט אונטערהאַלטונג, נישט שכל־שפּיל, נישט אָבסערוואַציע־גימנאַסטיק, — נישט שילדערעכץ־בילדערעכץ, נישט קאָנטורן־באַשרייבעכץ, נישט געווס־פאַרשאַפעכץ פאַר געווס־געברויכער.

איך וואַרט אויף אַ קונסט, וואָס זאָל נישט זיין בלויזע מאַניפעסטירונג פון טאַלאַנט, כדרך־הדם און קאָנקורענץ־לוסט.

איך וואַרט אויף אַ קונסט, וואָס זאָל מאַניפעסטירונג זיין פון מ ע נ ט ש, פון יענעם מענטש, וואָס זיין פנים איז געקריצט אין וועלטן אַלע, איז געקריצט איבערן כסא־כבוד!

איך וואַרט אויף אַ קונסט, וואָס זאָל איינגעמען יריחו, וואָס זאָל צינדן דעם קנויט פון לעצטן נר־תמיד און זאָל פירן אַלע הינקענדיקע שאָף פון די תאוות צום איינציקן ברונעם פון דערפילונג.

I

די יידישע פּלאַסטיק איז לפי ערך אַזוי יינג, ווי די יידישע ליטעראַטור, און האָט אויך דורכגעמאַכט כמעט דעם זעלבן קרייז פון אידעאישע און קינסטלערישע רעוואָלוציעס.

די ערשטע יידישע בילד-קינסטלער, פּונקט ווי די ערשטע יידישע וואָרט-קינסטלער, זענען געווען משכּילים. דער דראַנג זיך צו בילדן און דאָס פאָלק צו בילדן האָט אַרויסגערופן די נייע יידישע ליטעראַטור און די יידישע פּלאַסטיק.

אַנטאָקאָלסקי איז געווען מער משכּיל ווי קינסטלער. אגב, זענען די רוסישע „פּערעדוויזשניקעס" אויך געווען משכּילים. זייער קינסטלערישער אידעאַל איז געווען צו בילדן דאָס רוסישע פאָלק, שילדערנדיק זייער לעבן, „באַלייכטנדיק זיי דורך קונסט און שענקייט". אין די „פּערעדוויזשניקעס" האָט געלעבט דער גייסט פון די רוסישע „נאַראָדניקעס" וועלכע זענען געגאַנגען אין פאָלק. די „פּערעדוויזשניקעס" זענען געווען בשעתּם ראַדיקאַלן, אויף וועלכע דאָס דאַמאָלטיקע אָפיציעלע רוסלאַנד האָט געקוקט קרום. און אַנטאָקאָלסקי, וועלכער האָט צוזאַמען מיט רעפּינען אָנגעפירט די באַוועגונג, איז געווען אפשר דער גרעסטער משכּיל צווישן זיינע רוסישע חברים-קינסטלער פון יענער צייט, ווי צווישן די אַלע יידישע פּלאַסטיקער, וועלכע האָבן זיך שפּעטער געוואַרעמט אין זיין רום.

יעדע סקולפּטור, וואָס ער האָט געשאַפן, איז געווען מיט דער כּוונה צו בילדן דאָס פאָלק. פאַרשטייט זיך, מיט דעם מתנגדישן סגאַביזם, מיט דער מלמדותדיקער קפּדנות, מיט וועלכע ס'האָבן זיך אויסגעצייכנט די ערשטע גרויסע משכּילים.

די רוסישע „פּערעדוויזשניטשעסטוואָ" איז אָבער נישט געווען קיין ריין סלאַווישע קונסט-ריכטונג. פּונקט ווי די רוסישע נאַראָדניקעס זענען באַאיינפלוסט געוואָרן פון די אידעען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אַזוי זענען די רוסישע „פּערעדוויזשניקעס" אומדירעקט אפשר באַאיינפלוסט געוואָרן פון דעם רעאַליזם, וועלכער האָט צו יענער צייט אַזוי רעוואָלוציאָנער זיך באַוויזן אין דער אייראָפּעאישער מאָלעריי. אין פראַנקרייך — קורבע, קאָרא, מילע. אין דייטשלאַנד — מענצעל. אי-

האָלאַנד — יוסף איזראַעלס. עס האָט זיך פאַרפונדעוועט אין אייראָפּאַ אַ האַלב דעמאָקראַטישע בורזשואַזיע, וועלכע האָט זיך נישט געקאָנט שוין קוויקן מיט דעם אַקאַדעמישן קלאַסיציזם. דער בורזשוא האָט גע-וואָלט זען פאַרטרעטירט זיך און דאָס לעבן וואָס ער קען, — נישט די מיטאָלאָגיע, — און ס'איז אַנטשטאַנען דער רעאַליזם אין דער אייראָ-פּעאישער קונסט.

אין פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט — ראַציאָנאַליזם; אין קונסט — רעאַליזם. דער רעאַליזם האָט געדינט אַ פּאָפּולערערן און לעבעדיקערן געשמאַק, ווי דער פאַלשער קלאַסיציזם ביז אים. די רוסישע „פּערעד-וויזשניקעס" זענען, הייסט עס, אין דער אמתן געווען מערב־לייט, „זאַ-פּאַדניקעס": דעם רעאַליזם האָבן זיי פון אייראָפּא איבערגעפלאַנצט אויפן רוסישן באָדן. דער אייראָפּעאישער רעאַליזם איז פיל קינסטלערישער, ווערטפולער פון דער רוסישער „פּערעדוויזשניטשעסטוואָ", ווייל דער איי-ראָפּעאישער רעאַליסט האָט געהאַט אָן אַן ערך גרעסערע קינסטלערישע קולטור און שולונג. אין רוסלאַנד האָט די פּלאַסטיק אין יענער צייט נאָך קיין קולטור און טראַדיציעס נישט געהאַט. דערפאַר איז אויך יוסף איזראַעלס אַ סך ווערטפולער פאַר אַנטאָקאָלסקין, כאָטש זיי זענען ביידע געווען רעאַליסטן און משכּילים (נישט אינם ענגן זין פון וואָרט). יוסף איזראַעלס איז געווען אַ גרויסער פּאַעט-מאָלער; אַנטאָקאָלסקי — בלויז משכּיל און דערצו בטבע אַ טרוקענער מתנגד. זיינע סקולפּטורן זענען פּובליציסטישע מאמרים.

## II

אָבער אין דער השכּלה גופא זענען שוין געווען באַהאַלטן די זוימען פון דער נאַציאָנאַלער ראָמאַנטיק, וועלכע האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דער השכּלה סיי אין דער יידישער ליטעראַטור, סיי אין אונ-זער פּלאַסטיק. מען איז געוואוינט ביי אונז צו זאָגן, אַז די נאַציאָנאַל-ראָמאַנטישע אידעען און באַוועגונגען זענען ביי אונז אַנטשטאַנען דער-פאַר, ווייל די השכּלה און די עמאַנציפּאַציע האָבן אָפּגעגאַרט; מען זאָגט: די פּאָגראָמען, אַנטיסעמיטיזם א. אַז. וו. אָבער אין דער אמתן וואָלט די נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיק אויפגעבליט אַז אַט די אויסערלעכע

סבות, הגם די לעצטע האָבן געהאַט זייער גרויסע ווירקונג אויך. וואָ־רים פון נעגאַציע קומט מען אָפט צו אידעאַליזאַציע; פון „שלא לשמה" — „לשמה": די משכילים האָבן געלאַכט, „קריטיקירט" זייער פאָלק, דאָס פשוטע פאָלק, ביז זיי האָבן זיך פאַרליבט אינם פאָלק.

אויך פון זיך, אָן די דערמאָנטע אויסערליכע פאַקטאָרן, וואָלט דער איבערגאַנג פאָרגעקומען. (דער פּראָצעס איז דאָך, אגב, אויך פאָרגעקומען מיט יידיש: פון מיטל צו ציל; פון פאַראַכטונג צו ליבע.)

אפילו ביי די משכילים אונזערע, וועלכע זענען געבליבן משכילים, באַמערקט זיך דער נאַטירלעכער איבערגאַנג. איר באַמערקט עס, למשל, ביי מענדעלען: אין זיינע ערשטע ווערק איז ער בלויז משכיליש־סאַ־טיריש־קריטיש; אין זיינע לעצטערע זינגט ער — שוין אָפט — נישט־ווילנדיק... אַנטאָקאָלסקי חלומט צום סוף פון זיינע יאָרן אָן „אינקוויזי־ציע־ צו מאָדעלירן...

אין פרצן און אַשן דערגרייכט די נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיק אין דער יידישער ליטעראַטור די העכסטע טענער.

אין דער יידישער פּלאַסטיק — מאַריץ גאָטליב, שמואל הירשנ־בערג, דער סקולפּטור גליצענשטיין, ליליען און צענדליקער אנדערע. טעכניש געהערן די לעצטע קינסטלער אפשר צו פאַרשידענע קינסט־לערישע שולן און ריכטונגען; לויטן טעמפּעראַמענט און לויט די סע־יקייטן זענען זיי אויך פאַרשידן אָבער הצד השוה שבהם — זיי זענען אַלע נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיקער. די נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיק, וועלכע האָט דאָס גאַנצע יידישע לעבן באַהערשט, האָט נישט אויסגעמיטן אפילו די יידישע פּלאַסטיקער, וועלכע זענען צוליב פאַרשידענע סיבות אָפט גע־בליבן אויסער אונזער נאַציאָנאַלן תחום. זיי האָבן עס געמוזט טון, ווייל גאַנץ איירָאָפּע איז שוין געווען נאַציאָנאַליסטיש. און דער צייט־גייסט רעדט פון זייערע ווערק. ווילנדיק, נישט־ווילנדיק — יידיש, יידישע טעמעס. דעם יידישן עפּאָס, דעם יידישן צער און די יידישע האָפענונגען האָבן זיי באַזונגען.

איינער בעסער, איינער ערגער. איינער קינסטלערישער, דער אַנ־דערער — אילוסטראַטיווער. קרבנות פונם צייט־גייסט אָדער זיינע באַ־

הערשער. אַ פֿאַקט אָבער איז, אַז אויפֿן געביט פֿון בילדנדיקער קונסט האָבן זיי געשאַפֿן אַ באַזונדערן סטיל, אַריינגעטראָגן באַזונדערע ניואַנסן און — ווי זאָגט מען עס — געשאַפֿן אַן „עפּאָכע".

## III

דערנאָך זענען געקומען די פֿאָרמיסטן. מיטן נאָמען פֿאָרמיסטן וועל איך זיך ערלויבן פֿון באַקוועמלעכקייט וועגן אָנרופֿן די אַלע קינסטלער, וועלכע האָבן קיין שום טענדענצן נישט געהאַט אַ חוץ די אַזויגערופֿענע „ריין־קינסטלערישע", אָנהייבנדיק פֿונעם דעקאַדענטישן, ווילדערישן עסטעטיזם און געזונטערן פּראַנצויזישן אימפּרעסיאָניזם און ענדיקנדיק מיטן פֿוטוריזם, עקספּרעסיאָניזם א. אַז. וו.

אָט די אַלע ריין־קינסטלערישע שולן און ריכטונגען קאָן מען באַצייכענען מיטן באַגריף *פֿאָרמיזם*. קונסט לשם קונסט; פֿאָרם לשם פֿאָרם. דאָס זענען געווען די לאָזונגען, וואָס האָבן געהערשט צווישן די יונגערע יידישע קינסטלער און דיכטער אין די לעצטע פֿופֿצן יאָר. אָנגעהויבן, — מער באַוווּסטזיניק ווי ערגעץ אַנדערש, דאַכט זיך, — האָט זיך דער פֿאָרמיזם אין אונזער ליטעראַטור אין אַמעריקע, ווען די ראָמאַנטיקע „יונגע" האָבן זיך גענומען גרופּירן אַרום זייערע ערשטע זאַמלביכער.

געוויינלעך, האָבן זיך אַ סך פֿון זיי דאַמאָלט — און נאָך איצט — נישט באַפֿרייט פֿון דער שוין אַלט ווערנדיקער נאַציאָנאַלער ראָמאַנטיק. אָבער דער עיקר האָבן זיי געזוכט און געהיטן די פֿאָרם. און דאָס אייגענע איז געשען אין די אַנדערע יידישע ליטעראַרישע צענטערן. *דער יידישער שרייבער איז געוואָרן — דער יידישער קינסטלער.* און אַ סך אמתע מייסטער־ווערק זענען געשאַפֿן געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור אין דעם לעצטן פֿאָרמיסטישן פּעריאָד. קינסטלעריש געשולט איז דער יידישער שרייבער קיינמאָל נישט געווען אַזוי ווי לעצטנס. אַזעלכע פֿאָרם־פֿולקומענע דערציילונגען און לידער, ווי אונזערע פֿאָרמיסטן שרייבן, האָבן אונזערע קלאַסיקער נישט געקאָנט. אָבער דאָס איז דרך אגב.

אָבער נאָך פֿיל גרעסער אין צאָל (און אין איכות) זענען אונזערע

פלאַסטיקער-פּאַרמיסטן, צו וועלכער שול אָדער ריכטונג זיי זאָלן נישט געהערן.

נישט רעדנדיק שוין פון די פּאָר גלענצנדע און באמת גרויסע אימפּרעסיאָניסטן, וואָס מיר האָבן (די אימפּרעסיאָניסטישע איז דאָך גע־ווען די ערשטע „ריין-קינסטלערישע" שול אין דער קונסט פון די מאָ־דערנע צייטן), ווי דער פראַנצויזישער ייד קאַמעל פּיסאַראָ און דער דייטשער ייד מאַקס ליבערמאַן, שוויבלען דאָך ממש די גרויסע צענטערן פון איירעפּע און אַמעריקע מיט צענדליקער יידן־קינסטלער (אַ טייל פון זיי זענען אַקטיוו אויך צווישן יידן), וועמענס קינסטלע־רישע קולטור איז באמת הויך און וועלכע באַצירן זייערע ווערק די בעסטע פון די איירעפּעישע קונסט־אויסשטעלונגען.

ס'איז אפשר איצט אויפן אָרט צו דערמאָנען נאָך אַמאָל דעם חוב, וואָס די יידישע וועלט איז זיך אַליין שולדיק, זיך צו באַקענען אַביסל כאָטש נענטער מיט אונזער אייגענעם דור יידישע פלאַסטיקער, וועלכער געפינט זיך אין די אַוואַנגאַרד־רייען פון דער מאָדערנער קונסט. מיר ווייסן אפילו נישט זייער צאָל. און ס'איז שווער זיך אפילו משער צו זיין די געוואַלטיק גרויסע סומע פאָלקס־ענערגיע און גרויסע קינסט־לערישע קולטור, וואָס וואָלט זיך פּאַר אונז באַוויזן, ווען מיר וואָלטן דורך אַ נס געקאָנט צוזאַמענגעמען די ווערק פון די צענדליקער אַלט־מאַנס, קיזלינגס און עפשטיינס אין איין מוזעום אָדער אויף איין קאָ־לעקטיווער אויסשטעלונג.

## IV

די לעצטע פּאָר צענדליק יאָר זענען די אינטערעסאַנטסטע אפשר אין דער קונסט־געשיכטע בכלל. צי די נייע פאָרמען, וואָס מען האָט געזוכט, זענען געפונען געוואָרן, צי נישט — אָבער קיינמאָל נאָך אין דער געשיכטע האָט דער קינסטלער אַזוי פיל נישט עקספּערימענטירט און געלערנט, און דער נייער דור יידישע פלאַסטיקער האָט דורכגעמאַכט די אַלע עקספּערימענטן

וואָס-זשע ווייטער? — דערווייל זעט אויס, ווי די איירעפּעישע קונסט איז מיד געוואָרן פון זוכן און עקספּערימענטירן. איז דאָס פּשוט

מידקייט? איז דאָס אַ צייטווייליקער, מאָמענטאַלער שטילשטאַנד? אָדער איז עס אפשר אַן אנטוישונג: דאָס לעבן לאָזט אויף זיך נישט אַרויפ־צווינגען קיין שום טעאָרעטישע נייע קונסט־פאָרמולעס.

וואַקסן נייע קונסט־אויסדריקן, וועלכע וועלן פאַרבייטן די אַלטע, ווי, למשל, דער קינעמאַטאָגראַף? אָדער זענען גערעכט די נביאים, וועלכע זאָגן פאָרויס, אַז גאָר אין גיכן וועט די וויסנשאַפט אינגאַנצן אַרויסשטויסן די קונסטן און דער דיכטער וועט שרייבן „לידער" וועגן כעמישע שטאָפן און פאָרמולעס אָדער בויען העגגענדיקע בריקן? ווי עס זאָל נישט זיין — אַ שטילשטאַנד איז געקומען: דאָס נייע לעבן איז נאָך נישטאָ; דאָס אַלטע איז נאָך דאָ. רוען זיך דערווייל פיקאַסאָ און זיין הבריא אָפּ אויפן קלאַסיציזם, — אויף ענגערס, וועלכן מען האָט צוריק מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר געוואָלט פאַרברענען פון שנאה.

צוריק? האָט זיך דער עוואָלוציע־קרייז געענדיקט. באַגעגנענדיק זיך מיטן אָנפאַנג?... —

נאָר איין נייער לאָזונג הערט זיך יאָ. פון רוסלאַנד. פון אייביק ווידערשפּענעדיקן רוסלאַנד. „פּראָלעט־קולט". דאָס הייסט: צוריק צום פאָלק. צו די האָרעפּאַשניקעס. און מען וויל, הייסט עס, ווידער השכלה. פּראָלעטאַרישע השכלה. קלאַסן־באַוווסטע השכלה. נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז געקומען אַ בורזשואַז־פלאַטאָנישע השכלה: איצט, נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע — אַ קלאַסן־באַוווסטע פּראָלעט־השכלה...

וועט אייראָפּע פאָלגן רוסלאַנד, ווי רוסלאַנד האָט אַ מאָל געפאָלגט אייראָפּע? דאָס וועט מען זען. נאָר אין דער יידישער ליטעראַטור און קונסט האָט דער נייער לאָזונג געפונען, דאַכט זיך, שוין אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג.

דעם חדר געענדיקט! און די געטשקע: „ריינע קונסט, אַבסאָלוטע פאָרמען" איז מען שוין, דאַכט זיך, גרייט צו צעברעכן. דינען, דינען די מאַסן! מען מעג! מען מעג! מען מעג שוין אפילו זיין — ליטעראַריש. אָט איז ש אַ ג א ל ליטעראַריש, פאָלקסטימלעך און דערציילעריש, און איז אַ גרויסער קינסטלער! אָט איז ש ל ו ם ע ל י כ ם ליטעראַריש, פאָלקסטימלעך און דערציילעריש און איז דער גרעסטער. זענען ד אָ מ י ע, ג אָ י אַ און ג ר ע ק אָ נישט געווען ליטעראַריש?

דינען! דער אמתער קינסטלער ווינט נישט אויפן פאַרנאַס, נאָר

זינם שוואַרצאַפּל פונם לעבן. מען מוז זיין געקניפּט צו מאַסע און צו באָדן, פון חאַנען מען וואַקסט. אָפּגעריסענערהייט וואַקסט מען נישט, נאָר מען וויאַנעט אין אַ בורזשואַזער סאַלאָן־וואַזע.

די נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיק, וועלכע האָט באַנקראָטירט בכלל, איז געקומען צו שפּעט און אָן מאַכט צו אונז. די אַלטע בורזשואַזע השכלה האָט נישט געטויגט. אפשר וועט די נייע פּראָלעט־השכלה אין דער קונסט צו עפּעס ברענגען? עס זאָל נאָר נישט געשען אויפן חשבון פון אונזער אייגנאַרטיקייט.

פון השכלה האָט זיך עס אָנגעהויבן. צו השכלה קערט זיך עס אום צוריק. צו פּראָלעט־השכלה...

די ראָד האָט זיך פאַרקייַלעכיקט.

## I

# דער לעזער און דער קריטיקער

דער דיכטער, אָט דער מענטש, וועלכער אין משך פון זיין לענגערן אָדער, אָפט, פון זיין קורצערן לעבן איז פאַרמשפּט טראָפּנווייז, שטיקערווייז צו פאַרבּרענען זיינע נערוון און זיין מאַרך ביים שפּירן און דורכשפּירן, ביים דענקען און אויסדענקען מאָטיוון און קאָנסטרוקציעס, שטאָפן און אָרנאַמענטן, — ער, משמעות, האָט שוין געבּראַכט מיט זיך אויף דער וועלט אַזאַ גורל, אַז ער זאָל אייבּיק מוזן טראַכטן

בּשעתן שאַפן קלערט מען וועגן פאַרזאַמלען דעם חומר און מען טרוימט וועגן דער צורה פון דעם ווערק. און האָט מען שוין מיט מזל די שאַפונג געענדיקט, מוז מען ווידער נעמען טראַכטן, אָבּער שוין וועגן אַ סביבה אַ נייע, אַן אויסערלעכע. איצט האָט מען ווידער פאַר זיך געשטאַלטן. נישט קיין אייגענע, נישט קיין אויסגעהלומטע, נאָר פרעמדע, זייטיקע, צוגעקומענע אַבּער באַדערפטיקע.

און זיי שפּירן זיך היימיש די דאָזיקע געשטאַלטן, זיי ווייסן, אַז זיי זענען נייטיק, און זיי קומען־צו דרייסט, נאָנט, שטעלן זיך האַרט נעבּן שעפער, נעמען אים אָן פאַר בּיידע הענט. פון איין זייט דער לעזער, פון דער צווייטער — דער קריטיקער.

נעמט דער דיכטער און צעשפּרייט די הענט. ווערט צווישן זיי אַ בּרייטער הבדל. דעם לעזער נעמט ער אויף מיטוואָך, ווען עס עקזיסטירן מאַטעריעלע דאגות, דעם קריטיקער בּאַהאַלט ער אויף שבּת, ווען מען קען זיך אָפּרוען, געניסן פון כל טוב און הערן זינגען „זמירות״... פון לעזער וויל ער ציען חיונה, דעם קריטיקער שענקט ער אַ בּוך אומזיסט און נאָך מיט אַ דעדיקאַציע... זיי בּילדן אייגנטלעך בּיידע איין גאַנצן, איין נייעם אָרגאַניזם, נאָר דאַרף דאָס דער ערשטער זיין דער גוף און דער צווייטער — די נשמה.

אָבּער צי איז טאַקע פאַראַן צווישן זיי אַזאַ ווייטער מהלך? צי איז איינער ווירקלעך אויף אַזוי פיל העכער פון צווייטן? וועגן דעם לוינט אויך אַבּיסעלע אַ טראַכט צו געבּן.

מיט וועלכן אינטעלעקטועלן זאַפּאַס קומען זיי צום בּוך? נאָך מיין מיינונג בּרענגען זיי בּיידע —: פּקחות.

נאָר זענען פאַראַנען צווייערליי קלוגשאַפטן אויף דער וועלט. ביי־דע דערגרייכן נאָכנישט דעם שענסטן פּונקט אין דער אויפפּאַסונג פון ווערטן און פּאַסירונגען. אָבער צווישן זיי גופא איז שוין פאַראַן אַ גרויסער חלוק. די ערשטע איז מגושמדיק און פּרימיטיוו, די צווייטע — שוין דערהויבענער, איידעלער, כאָטש איר פעלט נאָך אויך אַ סך ביז דעם העכסטן שטאַפּל. דער אונטערשייד צווישן זיי איז דער וואָס די ערשטע האַלט זיך פאַר קלוג, ווייל זי טראַכט נישט פון קיין שום אַנדער דאַזיין אַ חוץ פון זיך אַליין: די צווייטע איז קלוג, ווייל זי ווייסט, אַז מען קען זיין נאָך קליגער...

איך וויל זיין דייטלעכער. פאַראַן אַ קלוגשאַפט וואָס זעט נאָר דאָס, וואָס מען קען מיטן ערשטן בליק דערזען, הערט נאָר דאָס, וואָס מען קען גלייך דערהערן. זי קען זיין פול מיט ענערגיע, רייך אין איניציאַטיוו. נאָר איז איר ענערגיע אין אַ גרויסער מאָס היהש, און איר קאַמף האָט אין זיך די לוסטיקייט פון צעבושעוועטע אָקסן. מענטשן וואָס באַזיצן אָט דעם סאָרט פאַרשטאַנד האַלטן זיך פאַר גרויסע חכמים ווען עס גיט זיך זיי עפּעס איין. עס געלינגט זיי איינצואָרדנען זייער וועלטל באַקוועם און צופרידן. זיי לעבן זיך זייער גוט. זייער לעבן כאַפּט פון אַלץ וואָס ליגט אויבן־אויף. מען קלערט נישט פון וואַנען און צוליב וואָס. אַלץ ווערט אַ ציל פאַר זיך. האָט טאַקע פאַר זיי געלט, למשל, אַ דאָפּלטן ווערט. ערשטנס דערפאַר וואָס עס איז געלט, און צווייטנס דערפאַר, וואָס עס איז „זייער“ געלט. און אַזוי מיט אַלע זאַכן.

פאַראַן נאָך אַ מין קלוגשאַפט, וועלכע קוקט נישט אויף אָביעקטן און געשעענישן פאַנאַנדערגעריסן און צעשאָטן. זי באַגעגנט זיי שוין צונויפגענעגלטע, געקייטלטע. זי נעמט נאָך נישט אַרום די גאַנצע קייט פון פּראָצעסן, אָבער זי זוכט שוין דעם געזעץ פון די זאַכן. פאַר אַזעלכע מענטשן הייבט אָן שטילערהייד, כמעט צופעליק נתגלה צו ווערן דער זינען וואָס איז באַהאַלטן אין יעדן עצם. זייער פאַרגעניגן איז שוין נישט קיין תכלית פאַר זיך זייער פרייד איז נישט דאָס איי־גענע וואָס אַ שטיק פלייש פאַר אַ הונט. ווען אַזעלכע געניסן, איז דער גענוס שוין גערייניקטער, געאיידלטער ווייל גלייכצייטיק געלינגט עס זיי אַרויסצובאַקומען, אויב נישט אַלע, איז על כל פּנים אייניקע פון די סיבות, אָדער אייניקע פון די רעזולטאַטן פון דעם דאָזיקן גענוס.

דאָס איז נאָך נישט דער גרויסער שכל, וואָס עגבערט דורך און־
פאַרמעסט זיך צו דערגרונטעווען די טיפעניישן פון דעם וועלט־אַל. עס־
קען בלויז זיין דאָס וואָס מען רופט אָן געוויינלעך: לעבנס־חכמה. אָבער־
אַ מדרגה איז עס שוין

דער ייד וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג געשאַכערט־געמאַכערט און־
פאַרנאַכט, ווען דער מאַרק ווערט אָפּגעליידיקט, שטייט ער ביי די טירן־
שויבן פון זיין געוועלב און קוקט אַרויס ווי כלבים לעקן די זאַלץ־
שיריים וואָס איז געבליבן נאָך די מאַרק־שטייערינס, ווי שאָטנס באַקלאַ-
בערן די הויכע, שווייגנדיקע מויערן, — און עס ווערט אים דעם דאָ־
זיקן קרעמער עפּעס אַזוי מאָדנע נישט־פאַרשטענדלעך־ביטערלעך אונטערן
האַרץ־ברעטל; די יידענע וואָס אין פלוג שטייט זי גאַנץ גלייכגילטיק,
קוקט און הערט ווי דער שוחט מאַכט אַ ברכה איבער דער הון. און
מיט איין מאָל, אַליין נישט וויסנדיק פאַרוואָס, מוז זי צומאַכן די אויגן, און שפּע-
טער אַז זי גייט אַהיים מיטן געקוילעטן עוף אין פאַרטוך, גייט זי און קרעכצט
עפּעס און קרעכצט, כאָטש אייגנטלעך איז דאָ גאָרנישט געשען...; דער אַר-
בעטער, וועלכער זיצנדיק היינט ביי דער אַרבעט איז מיר־נישט דיר־
נישט פּלוצלינג געוואָרן פאַרכמורעטער און פאַרעקשנטער ווי אַלע מאָל.
ער זיצט דאָך שוין דאָ ביי דער מאַשין אַ שפּאָר ביסל טעג. נאָר היינט
בייטאָג האָט איינער אַ נישט-געזעענער אים אָנגענומען ביי דער האַנט
און זי צונויפגעלייגט אין אַ פויסט, און די צווייטער האַנט זיינע האָט
מיט אַ ירגזון אַ שליידער געטון אַ שטיק געוואַנט אויף דער ערד. —

אָט די אַלע מענטשן זענען אוממיטלבאַרע, כאָטש בלויז התחלה'־
דיקע פילאָזאָפן. זייער דענקען דערגייט נישט ביז גאָר ווייטע פעריי־
פעריעס. אָבער זיי האָבן שוין אָנגעהויבן לייענען די ערשטע אותיות
פון יענעם אלף בית, ווו אַלע געגנשטאַנדן און צופאַלן זענען געצייכנט אַלס
סימבאָלן. דאָ איז שוין דאָ פאַרטראַכטונג ווענן די אורשפּרונגס און
פועל יוצאס פון די לעבנס־שטיקער, וואָס רינגלען אונז אַרום. פ אַ ר-
ט ר אַ כ ט ו נ ג, אָבער נישט ד ע ר ט ר אַ כ ט ו נ ג. זייער געדאַנק דערגייט
נישט צום ענד־ציל

דאָס לעצטע געהערט שוין צו דער דריטער קאַטעגאָריע פון פאַר־
שטאַנד, צו יענעם הויכן שכל, וועלכער לאָזט נישט איבער קיין לייזיקן
פלאַץ, נאָר וועלכער לאָזט זיך אַוועק ברייט און וייט און נעמט אונטער־

זיין ממשלה אַלע פראַגן וועלכע פּייניקן דעם באַוווּסטזיין פונם מענטשן און זיין עמפּינדונג.

איך האָב זיך אַזוי פיל וועגן דעם צעשפּרייט, ווייל איך האַלט, אַז אונזער יידישע אָפיציעלע קריטיק האָט נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט דערגרייכט צו אָט דעם דריטן סוג פאַרשטאַנד. אונזערע קריטיקער (איך נעם אַרויס פון כּלל ש. ניגערן, וועגן וועלכן מיר וועט נאָך אויסקומען צו רעדן באַזונדער), האַלטן זיך כּסדר ביי דער דערמאָנטער צווייטער חכמה

פונקט ווי אין לעבן, אַזוי שפּילן זיך אָפּ די ערשטע צוויי מדרגות אויך אין דער דיכטונג. נאַטירלעך, קומט עס דאָ פאָר אין אַ העכערן מאַסשטאַב, אין אַ ריינערער אַטמאָספערע, אָבער די מאָרם פון די גראַדאַציעס איז די אייגענע. און זייער פּלאַץ פאַרנעמען זיי ביי אונזערע לעזער און אונזערע קריטיקער.

דער לעזער, אַפילו דער בעסערער, איז כּלל נישט מחויב זיך צו גריבלען און אַרויסגעפינען די פּסיכישע פאַקטאָרן, וועלכע זענען גורם צו דער פּראָדוצירונג פון ליטעראַרישע ווערטן. און ער טוט טאַקע אַזוי. ער זעט נישט דעם לאַנגן אונענדלעכן טיולענעם באַנד, וואָס הילט איין אַלע קונסט-אַנטפּלעקונגען און מאַכט פון זיי איין גאַנצעס. וואָס גייט עס אים אָן? ער נעמט אָפּגעטיילט, פונאַנדערגערוקט. יעדעס בוך איז פאַר זיך, יעדער שרייבער — אַן אַנדערער. ער נעמט זיי אַזוי ווי זיי זענען. ער האָט געניג צו טראַכטן וועגן דעם וואָס אין דעם בוך; זיך חקרנען וועגן דעם בוך — דאָס גייט שוין אַרויס פון דעם גדר לעזער. און פונקט ווי יענע „קלוגע" וויסן נאָר איינס צריינצוכאַפּן וואָס מער פאַרמעגן, אַזוי שלינגט דער לעזער אויך אַריין וואָס מער ראָמאַנען, וואָס מער דראַמען. מאַכט זיך דאָך אָפּט אַז אין אַ שמועס מיט גענוג אינטעליגענטע מענטשן, דערציילן זיי אייך מיט אַ צושטראַלטן פּנים: „אָ, אין דער לעצטער צייט בין איך דורכגעגאַנגען עטליכע ווערק זשעראָמסקיס". „אָ, כ'האָב איבערגעלייענט די לעצטע וואָכן אָפּאַטאָשוס אַ פּאָר בענדער". און דער „אָ" ווערט אַרויסגעזאָגט אַזוי הרחבת הדעתדיק, אַזוי נחת-רוחדיק, אַז איר דערקענט גלייך: דאָס סאַמע „דורכגיין", דאָס „איבערלייענען" גופא איז פאַר זיי אַ גרויסע באַלוינונג. דאָ קומט פאָר דאָס אייגענע וואָס דאָרט אין דער וועלט בנוגע מאַטעריעלע עצמס. דאָרט

האָט דער רייך-געוואָרענער אַ צווייענדיקע פרייד. ערשטנס, עס איז דאָך עפּעס געלד.. און צווייטנס, איז דאָס געלד מיינס. דאָ איז אויך דער גענוס אַ דאָפּלטער. מען טראַכט זיך: ערשטנס, איז דאָך עס עפּעס ליטעראַטור, און צווייטנס, האָב איך די דאָזיקע ליטעראַרישע שאַפונגען אין מיר אַריינגעזופּט.. צי וואָס זיך פּלפּולען וועגן מחבר, ווען דער גאַנצער ענין איז שוין איבערגעגאַנגען אין זייער רשות? דער שרייבער ווערט אָפּגערוקט אין הינטערגרונד. דעם הויפּט־פּלאַץ פאַרנעמט יענע פּערזאָן, וועלכע דער לעזער האָט צו זיך אַריינגעקריגן, — דער העלד פון בוך. שטענדיק ווען איך הער ווי לעזערינס — אַפילו גאָר פיינע לעזערינס — רעדן מיט התפעלות, מיט בליצן אין די אויגן וועגן פרויענטיפּן אין דער בעלעטריסטיק, בלייבט ביי מיר נישט קיין שום ספק, אַז מיין מיינונג איז אַ ריכטיקע. עס ווערט מיר קלאָר, אַז די דאָזיקע מענטשן, הגם אַ דיכטער איז ביי זיי אַ וואַזשנער יחוס, פונדעסטוועגן האָט „מערי״ פאַר זייערטוועגן הונדערט מאָל מער ווערט און באַדייטונג פון שלום אַשן... נאַטירלעך, ווען זיי וועלן טרעפן דוד בערגעלסאָנען אין גאַס וועלן זיי אים נאָכקוקן, וועלן גוט אַכטונג געבן ביי וועלכע שויפּענסטער ער שטעלט זיך אָפּ און ווי אַזוי ער זעצט זיך אַריין אין אַ דראָזשקע. האָט אָבער נאָר דער פורמאַן אַ שמיץ געטון דאָס פערדל — איז בערגעלסאָן אַוועק. נישטאָ אים. אָבער „מירעלע״? דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. וועגן „נאָך אַלעמען״ חלומט מען חדשים לאַנגע, יאָרן גאַנצע. נישט ווילנדיק, פון זיך אַליין נעמט זיך עפּעס קלערן, קאַלקולירן. אַ פאַנטאַזיע-נאָדל לויפט אַרום אין בלוט: ווי וואָלט עס טאַקע אויסגעזען ווען מען איז אַליין אַ ווייב פון אַזאַ יונגנמאַן זיידענאָווסקי און מען האָט אַזאַ שוויגער... און צו דעם נאָך אַ הוספה ביי דער זייט אַ פּאָר געליבטע, וואָס זענען אַזוי פאַרנאַכטיק־שטיל, אַזוי ווייטאָקדיק-דיסקרעט, אַזוי פאַטאַל-אויפריכטיק.

וועגן אויטאָר דערמאָנט מען זיך אין אַ אויסערגעוויינלעכן פאַל. ביים שטאַרבן, ביי אַ יובל, אָדער גאָר ווען אַ קאָלעזשאַנקע דערציילט, אַז זי קען זיך מיט אים „פּערזענלעך״. אָבער אויפן נאָרמאַלן וועג לעבט דער לעזער בלויז מיט די געגעבענע געשטאַלטן.

און דער שעפער אַליין? בנוגע זיינע סבות און ווירקונגען, זיין פאָרנעם און קאָנסטרוקציע, זיין גלאַנץ און דורכפאַל, זיין ווילן און פאָר

שטעלונג, זיינע ווענן און ביי-וועגן זיינע מיטלען און געבן-מיטלען, — דאָס געהערט שוין צו דעם צווייטן, צו דעם העכערן סאָרט פּקחות, — צו דער קריטיק.

זי, די קריטיק באַנוגנט זיך נישט מיט אַריינקריגן צו זיך וואָס מער ליטעראַטור. זי גענימט נישט פּאַראייניצעלט און צעשאָטן. זי נעמט שוין פאַרלייגן די קוזשניע ווו עס זאָל ווערן אויסגעשמידט די רייף, וואָס דאַרף אַרומנעמען און פאַרייניקן. יעדער אקט, יעדער העלד איז נישט קיין אָפּגעשלאָסנקייט פאַר זיך, נאָר אַ חלק פון אַ פאָרגעשטעלטער גאַנצקייט. אַלץ וואָס קריטיקער לייענען ווערט פאַרוואַנדלט אין שטאָף זיי אויפצובויען, זיי צו באַווענן. דאָס וואָלט מען געקענט אָנרופן ליטעראַטור-חכמה אין פּאַראַלעל מיט יענער לעבנס-חכמה. די קריטיקער זענען די פיינע געמיטער וואָס קענען נישט פאַרבייגיין גלייכגילטיק קיין זאַכן, כאָטש זיי גייען ליידער סיי-ווי פאַרביי, כאָטש זייערע הענט זענען סוף כל סוף צו שוואַך אַרויסצושפּאַדלען די אַלע בליאַסקעדיקע גרודעס פון זיי גאָלד-גריבער אין דער קונסט.

דער חילוק צווישן לעזער און קריטיקער איז דער זעלביקער וואָס צווישן צוויי מענטשן וועלכע טרעפן אַן אָרימאַן אין גאַס און לייגן אים אַריין אין האַנט אַ מטבע: ביידע האָבן עפּעס געטון. אין דעם פאַל האָבן ביידע גראָד אַ גוטע טאַט אויסגעפירט: בשעת מעשה האָבן אפשר אויך ביידע געטראַכט. נאָר דעם ערשטנס געדאַנק האָט זיך געדרייט אַרום דעם, אַז מען דאַרף געבן און גלייך דערנאָך איז ער אַריינגעשפּרונגען אין טראַמוויי און אַרויסגעצויגן דעם נאָטיץ-ביכל נאָכצוקוקן אַ נומער טעלעפאָן און ער האָט די גאַנצע געשעעניש פאַרגעסן, כאָטש מאָרגן וועט ער ווידער געבן און איבערמאָרגן אויך, ער וועט שטענדיק געבן. דעם צווייטן האָט עס געבראַכט צו אַ שטיקל חשבון-הנפש. צו קיין הויכע ענינים וועגן לעזן דעם סוד פון מענטשישן שיקזאַל אָדער סאָציאַלע גערעכטיקייטן — וועלן זיי ביידע נישט דערגיין. אָבער אַן אונטערשייד איז שוין פאַראַן. די קריטיק איז שוין איינגעשפּאַנט אין טראַכטן.

יאָ, זי פאַרטראַכט זיך, אָבער צי דערטראַכט זי זיך צו עפּעס זמשיתדיקס, קאָנצענטרירטס, דורכגראָבנדיקס? צי האָט איר געדאַנק אַ נאָמער זיך שטיל זיך ציענדיקע אייביק-געזונטע ערד, און איבער זיך—

פירמאַמענט און זוז-אויפגייענדיקן שוונג? דאָס וועלן מיר זען אין צווייטן קאַפּיטל.

II

## דער קריטיקער און דער דיכטער

דער קריטיקער איז מיט פיל פּראָצענטער קולטורעלער און עמ- פינדלעכער פאַר דעם סתם לעזער. ער קען זיך שאַפן דיסטאַנץ. ער קען אָבסערווירן און תופס זיין אויסגעפּלאַסטישטע פערזאָנען, אויסגע- דיכטעטע אינטריגעס. און וואָס-נישט-איז דערזעט ער, וואָס-נישט-איז ווערט ער געוואָר וועגן דעם צושטאַנד, אין וועלכן עס געפינט זיך אַ שרייבער איידער ער איז, בשעת ער איז און נאָכדעם ווי ער איז קינסט- לער. אָבער צי ווערן פון דעם קריטיקערס איינדריקן און באַנעמונגען יענע שטיינער, ציגל און ליים, וואָס שמעלצן זיך צונויף, לייגן זיך צוזאַמען און בויען אויס פון זיך אַ ריזיקן, הערליכן טעמפּל, ווו דיכ- טער און שעפער זאָלן קאָנען צוזאַמענקומען און דאָרט געפינען אַ ווירק- לעכע לינדערונג, אַן אמתע אָפּרו פון זייער כסדרדיקער, אָנגעשטרענג- טער, מאַרטיראָלאָגישער מאַרך־און בלוט-טעטיקייט? צי פאַרמאָגט אונזער קריטיק דעם געשליפענעם שפּיגל, ווו אַ שרייבער זאָל זיך זען מיט זיין גאַנצער יונגשאַפט און מילך-קלאָרקייט, אָדער פאַרקערט, מיט אַלע זיינע קנייטשן און אָפּגעלעבטקייט? — — צי שווימט נישט דעם קרי- טיקערס פעדער אויבן־אויף, אַזוי, אַז קוים וואָס זי וואַגט אָנצורירן דאָס נישט-מאַטעריעלע אָבער חשיבותדיק גייסטיקע, דאָס וואָס איז שווערלעך ביים ערשטן בליק צו דערזען, אָבער וואָס איז שטאַרק דורכגעליטן ביי דעם בעלעטריסט?

איך געהער לחלוטין נישט צו יענע, וואָס די קריטיק האָט זיי אַמאָל אָנגעטרעטן אויפן הינער-אויג, קענען זיי איר נישט שענקען און האָבן כסדר צו איר תרעומות, איך בין גאַנץ ווייט פון יענע וואָס מאַכן אַוועק מיט דער האַנט און האַלטן בכלל דעם קריטיקער פאַר אַ שעדליך און איבעריק באַשעפעניש אויף דער וועלט, ווי שדים, למשל, וועלכע גאָט האָט באַשאַפן ערב שבת בין השמשות... ניין, קרי- טיק דאַרף זיין און מוז זיין, און איך בין לגמרי נישט אויסן אָפּצולייי-

קענען, אַז אויך אונזער אָפּיציעלע מבינות האָט באַשטימט פאַרדינסטן, אָבער מיר מוזן זיך לײדער מודה זײן, אַז די פאַרדינסטן זענען לײכטע, װײל די מיטלען זענען לײכטע.

זי שטרענגט זיך נישט צו פיל אָן, זי באַקעמפט נישט מיט קײן געװאַלדיקן מסירת-נפש דאָס װאָס עס איז שעדליך פאַר אונזער שריפט-טום און דאָך איז עס דאָ. און בנוגע דאָס װאָס איז נאָך נישטאָ לױפט זי נישט פאָרױס, הערט איר זי נישט קומען מיט אַ בשׂורה אין מױל אַז דאָס און דאָס װעט און מוז קומען. אױב עס איז אַמאָל געשען, אַז צוליב אירע באַמיונגען איז עפּעס נישט-געװונטשענעס בטל געװאָרן און אונטערגעגאַנגען, זענען עס כמעט שטענדיק געװען אַזעלכע ער-שײנונגען, װאָס אַ גרינג װינטל האָט זײ געקענט צװעקבלאָזן. אָבער צי איז איר געלונגען אױסצורײסן דאָס, װאָס האָט שױן געקריגן בײ אונז, על פּי טעות, װעלכן עס איז באָדן, דאָס װאָס איז שױן געװאָרן, נישט צו אונזער גונסטן, כאָטש מער װעניק אײנגעװאָרצלט?

אדרבה, גיט אַ קוק. זינט איר אַנטשטײונג האָט די יידישע לי-טעראַטור שױן דורכגעמאַכט אַ כך עטאַפּן: אָבער צי קענט איר אין זײער אַנטװיקלונג אָנװײזן די האַנט פון דעם מבין אונזערן? נײן, ער איז שטענדיק געקומען נאָך אַלעמען. װען אַלץ איז שױן פאַרטיק. און דער פאַרדינסט גײט דאַריבער אױף דער קאָנטאָ פון די קינסטלער אַלײן.

די קאַריקאַטוריזירטע רבנים- און חסידים-טיפּן פון דער השׂכּלה-בעלעטריסטיק זענען געװאָרן אָפּגעשװײנקט נישט אַ דאַנק דער קריטיק, נאָר אַ דאַנק פּרצן.

שמרן האָט אָװעקגעהרגעט נישט די קריטיק, נאָר שלום-עליכם.

דעם אָנזאָג פון נײע פאָרמען און מאָדערנע ריכטונגען האָט גע-בראַכט נישט די קריטיק (װאָס דאָס װאָלט אײגנטלעך געדאַרפט זײן די אױפגאַבע פון איר, װעלכע פּרעטענדירט דאָך תּמיד אױף קולטור און אײראָפּעישקײט.), נאָר די יונגע דיכטער אַלײן.

אװדאי, בלעטערנדיק אַ קריטיקער געפינען מיר, אַז ער זאָגט עפּעס, פאָרמולירט עפּעס, קאָריגירט, צײכנט אָן גרענעצן. זײן ליטעראַ-טור-חכמה דיקטירט אים, אַז מען טאָר נישט װערן היפּנאָטיזירט און מיטגעריסן פון אַן אַקציע, אַ טיפּ, אַ פּײזאַזש, אַז מען מוז געדענקען,

אַז זיי זענען נאָר צייכנס פון עפּעס אַלגעמיינערעס, ברייטערס. און צום קעגנזאַץ פון געוויינלעכן לעזער געניסט ער נישט בלויז די פּאָעזיע, נאָר ער גיט זיך אָפּ אַ גייסטיקן הרהור, אַ חשבון הנפש אויף חעגן פּאָעט.

אָבער צי ווערט דער פּאָעט דערפון געהאָלפן? צי פילט ער אין דעם פּאַכמאַן, אין דעם זאַכקענער אַ לייבלעך נאָנטן מענטשן? צי שפּירט ער אין אים אַ פּערזאָן, וועלכער איז גרייט זיך אין געפאַר צו שטעלן און אים צו באַגלייטן אויף דעם גאַנצן וועג פון זיין יצירה, אויף דעם אומגעהויער ריזיקאַליש-שווערן טראַקט, וועלכער ציט זיך איבער אַזוי פיל באַגריבערטע און באַשטיינערטע סטעזשקעס? צי דערקענט ער אין אים אַ מענטשן, וועלכער פּרעגלט זיך אויך אין די גיהנומס פון שלאָפלאָזע גליענדיקע נעכט און האָט אויך פּאַרוואָגלטע, אומרויקע אָבער באַגייסטערטע טעג? אָדער אפשר זעט דער שעפער אין דעם מבין אַ מענטשן, וואָס שפּרייזט צו אים פונדערווייטן מיט באָרוויסע פיס, ווייל ער ווייס, אַז דאָס אָרט ווו ער וועט זיך באַלד דאַרפן שטעלן איז הייליק?..

יאָ, דאָס אַלץ האָט געקענט זיין. עס וואָלט אַזוי געווען, ווען אונזער קריטיק וואָלט נישט געבליבן שטיין ביי ליטעראַטור־פּקחות, נאָר וואָלט געגאַנגען ווייטער ביז צו קונסט־שכל. אַזוי וואָלט געחען ווען איר באַטייליגונג אין דעם גרויסן פּראָצעס וואָלט נישט געווען בלויז באַלעבאַטישע אָנגערעגטקייט, שוואַכער רעפלעקס.

אַזוי וואָלט געווען ווען איר פאַרשטענדניש איז נישט בלויז דער אָנהייב פון באַטראַכטן, וואָס בלייבט אומבאַהאָלפן אויף האַלבן וועג. אַזוי וואָלט געווען, ווען זי איז יענער העכערער באַוווסטזיין וועלכער נישטערט, גראָבט, זוכט, פּלאַטערט, ראַנגלט זיך און אין די קאַמערן, וואָס זענען נאָך דערוויל פאַרשטעלט און פאַרלייגט רייסט ער זיך אריין — און איבער דעם וואָס איז שוין יאָ דאָ — רייסט ער זיך אַרויף. און אין דעם דאָזיקן עקסטאַטישן געווירבל שלעפּט ער אַריין דעם קינסטלער און פירט אים אַרום און ווייזט אים אויף וויפיל אויך זיינע, דעם קינסטלערס פליגל האָבן מיטגעהאָלפן אויפצוועקן אָט דעם צעווינטיקטן שאַלנדיקן געראַנגל, און אויף וויפיל עס זענען נאָך פאַראַן

אַנדערע מעכטיקערע שטורעמס, פון וועלכע ער בסך הכל איז נאָר בלויז אַ קלענערער אָדער גרעסערער באַשטאַנד־טייל.

יאָ, אַזוי וואָלט געווען, ווען דער קריטיקער וואָלט נישט געקוקט אין אַ בוך ווי אַ ייד אין מחזור, איבערגעדעקט מיטן טלית, ער זאָל חלילה נישט זען די צען פינגער, און ער הערט בלויז ווי פון דער־ווייטנס דוכנען די כהנים... ווען ער וואָלט נישט בלויז מקיים געווען די מצוה כּון ענטפערן „אמן" נאָך אַ תפילה, אָדער ווערן ברוגז אויפן חזן און נישט ענטפערן...

אַזוי וואָלט געווען, ווען ער וואָלט מיטגעאַרט, מיטגעליטן און באמת געגלויבט, אַז די וועלט דאַרף אַ ברכה. ווען פון יעדן פּלאַסטיש־געשריגענעם „יברכך" וואָלטן זיי פעיק געווען אַרויסצוהאָרכן די שענ־סטע אָבער אויך די גרויזאַמסטע התראה, אַז די אַלגעמיינע מחנה קינסט־לער וועלן אַזוי לאַנג וויינען, בעטן און זינגען ביז זיי וועלן נישט האָבן דערגרייכט זייער דורכגעפּייניקטן, פאַרצערנדיקן חלום, אַז אַלץ זאָל ווערן גערייניקט און פאַרשענערט און דערהויבן און געלייטערט ביז יעדער מענטש זאָל זיין אַ כהן־גדול, און יעדער טאָג — יום כּפּור, און יעדער שפּאַן ערד — אַ קדשי־קדשים. — — —

און ווען עס וואָלט אַזוי געווען, אַ דענסטמאָל, —

אויב האַמסונס וויקטאָריאַ באַגרייפט אין דער צאַרטסטער, אין דער טרויעריקסטער מינוט פון איר לעבן: „איך שרייב דעם בריוו און הינטער מיין רוקן לייעגט אים גאָט". — וואָלטן פּאָעטן דענסטמאָל געקאָנט דאָס אייגענע איבערפראַזירן און זיך טרייסטן: געבאָדן אין איינ־זאַמקייט, געלייטערט דורך טרערן שרייב איך די דראַמע פון מענטש־זיין און הינטער מיין פּלייצע שטייט דער קריטיקער און לייענט עס...

דענסטמאָל וואָלטן נישט בלויז די קריטיקער געמוזט שאַצן די־די דיכטער, נאָר אויך די דיכטער — אָט די דאַנקבאַרסטע מענטשן אויף דער וועלט — וואָלטן געוווּסט ווי זייערע שעצער אָפּצושאַצן..

ווען עס וואָלט אַזוי געווען, אַ דענסטמאָל, —

אָבער דענסטמאָל, רבותי, וואָלט אַלץ אַנדערש געווען: דענסטמאָל וואָלט דעם קריטיקער געווען אַם נאָענטסטן יענער שרייבער, וועלכן עס וועט דערעסן דאָס שליאַמפּערן זיך אין בלאָטע, דאָס בראָדזשען אין זומפּ, נאָר וועלכער מוז זיך אַ ריס טון און אַרויפשוועבן אין דער הייך,

זוהין הונדערטער און טויזנטער זאָלן מוזן פאַררייסן די קעפּ און גע־צוווּנגען זיין אַ ווײַלע אַ קוק צו געבן וואָס איבער זיי קומט פאָר. רענסטמאָל וואָלטן די מבינים אָם געטרייסטן, צאָם קלאָרסטן, אַם טרעפ־ליכסטן געאורטיילט וועגן יענע מייסטער, ביי וועלכע זאַכן און האַנד־לונגען זענען נישט בלויז אָנהויבן פון רמזים, נאָר וועלכע טראָגן אין אַלע זייערע נערוון די וועלט אַלס סימבאָל.

זאָל מען מיך נישט שלעכט אויסטייטשן. אויב איך האָב דערמאָנט וועגן סימבאָל, איז עס נישט כדי זיך אָנצונעמען פאַר פאַרשידענע משונהדיקייטן, צוגעטראַכטקייטן און בכיוונדיקע פאַרקנוילטקייטן. ניין, איך בין דאָ נישט אויסן צו פאַרטיידיקן אַלערליי קונצנמאַכערישע אי־בערמענטשישקייטן.

אויב איך רעד דאָ, מיין איך צו זאָגן, אַז ווען דער מהות פון דעם קריטיקער וואָלט געווען אַן אַנדערער, וואָלטן אים צאָם נאָנטסטן געווען יענע, וועלכע האָבן נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון דער שווע־רער קללה, פון דעם גאַנצן ריזיגן פלאַנעטער, מיט וועלכן עס זענען אַרומגעוועבט אַלע אונזערע מעת־לעתן און פונדעסטוועגן זענען זיי געבליבן לויטערע, אויפשיינענדיקע קינסטלער.

ווען די קריטיק וואָלט געגאַנגען אויף שענערע וועגן, וואָלט זי אָם געניסטן, צאָם גרינטלעכסטן געאורטיילט וועגן יענע שרייבער, וועלכע נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי האָבן אין זייערע איידעלערע שעהן איגנאָרירט יעדע אויבנאויפיקייט, וואָס זיי האָבן נישט אָנערקענט קיין אויף־אַלע־פיר־ביי־דער ערד־שפּאַנענדיקייט, וואָס אין יעדן פעלד, אין יעדער גאַס, אין יעדער וואַנט האָבן זיי נישט געזען קיין פּרוזדור, נאָר היכל, ווו עס רוען שטילערהייט אַזוי פיל באַהאַלטענע קלאָרע נישט־קלאָרקייטן און מען מוז פרעגן כדי צו באַקומען אַן ענטפער פון יע־נעם, וועלכער איז דער סוד פון אַלע חידות — נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען, האָבן זיי זיך צוגעפּאַסט צום הכרח פון אַרטיזם, נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען האָבן זיי געוווּסט, אַז דאָך מוז מען קינסטלעריש שפּרייזן טריט ביי טריט, כדי ביים סוף צו דערגרייכן צו יענעם אויס־געפּלאַסטישטן לפני ולפנים ווו מען ווערט דערשווידערט בלייבנדיק שטיין בליק קעגן בליק מיט דער באַפרייטער וועלט־נשמה, וועלכע האָט מיט דעם קינסטלערס הילף פון זיך אַראָפּגעשיילט דעם קאַלך פון די ווייסע

טעג, וועלכע האָט פון זיך אראָפּגעשליידערט די פינצטערע פלאַכטעס פון די נעכט...

ווען די קריטיק וואָלט געווען אַ חשיבותדיקע, אַ מער תּמציתדיקע, וואָלט זי דענסטמאָל נאָר די דאָזיקע מייסטער געווידמעט אַלע אירע חושים. און דאַריבער זאָג איך טאַקע, אַז דענסטמאָל וואָלטן מיר נישט געווען קיין עדות פון אַ פאַקט — אַ פאַקט וואָס דערציילט אונז עפּעס — אַז בעל־מחשבותעס שוואַכסטע, בלייכסטע אַרבעט איז (אַ נו, טרעפט וועגן וועמען?) וועגן י. ל. פּרץ — — —

מיט שלום עליכמען איז עפּעס געשען נסים, וואָס צוזאַמען מיט זיין מייסטערשאַפט האָט גאָט אים געשאָנקען כּוחות און געדולד זיך צו קענען באַגרענעצן, איינצוהאַלטן דעם טריט און זיך נישט אריינלאָזן אין לאַבירינטן. און אָט דאָס קענען שפּאַצירן אויבן־אויף, אָט דאָס אויסמיידן אינערליכע פּסיכישע קאָמפּליצירטקייטן האָט אים אַביסל געטון אַ טובה. די קריטיק, וועלכע האָט ליב אַלץ זאָל איר אָנקומען לייכט, האָט זיך צו אים צוגעכאַפּט. האָט אים געגומען קייען, איבערקייען און איינקייען. און הגם אין איר אַרומנעמען אים קען מען אויך דאָ און דאָרט נאָך באַמערקן אַ געניגן חלל, דאָך אָבער מוז מען מודה זיין, אַז שלום עליכמען האָט אונזער קריטיק אַם בעסטן תּופס געווען.

אָבער נישט אַלע זענען אַזעלכע בר מזלס. נישט אַלע קינסטלער זענען אַזוי ציטעריק ביי גאָט, ער זאָל זיי אָננעמען פאַר די הענט און אַרומפירן אויף לייכטע, גלייכע, לאַכעדיקע סטעזשקעלעך. דאָס טרעפט זער זעלטן. על פּי רוב איז פאַרקערט. די קונסט איז אַ אומרויקע קראַמפּהאַפטע באַוועגונג.

און באַגעגנט מען אין לעבן פּאָלירטקייטן, גלאַטקייטן, זענען די דיכטער מערסטנטיילס געבענטשט אָדער פאַרשאָלטן מיט שאַרפע, מיט רימענס־שאַרפע בליקן און אין די שויבן פון ערשיינונגען ווערן לעכער, תּערן וווּנדן...

און פייגע חכמהלעך, קלוגע ווערטלעך, שענע וויצן — דאָס אַלץ ווערט על פּי רוב ביי קינסטלער פאַרוואַנדלט אין אַ וויטן אונהיימלעכן געמורמל פון אונטערערדישע וואַסערן...

וואָרום לאָמיר אונז נישט גענאַרן. דער אמת איז דאָך, אַז אַפילו ענע אַלע וועלכע גייען נישט אויף די וועגן פון עדגאַר פּאָ, מוזן דאָך

מודה זיין, אַז זיי האָבן אָפּט איבערגעלעבט מאָמענטן, ווען זיי וואָלטן געקענט דערציילן פּונקט ווי פּאָ.

„הער זיך איין — האָט געזאָגט דער טייוול צרויפליינגדיק מיר די האַנט אויפן קאָפּ — דאָס לאַנד, וועגן וועלכן איך רעד, איז מדברשע געגנט... און דאָרט איז קיין רו נישטאָ...״

יאָ, דאָרט איז קיין מנוחה נישטאָ. און יענע קריטיקער, וועלכע קומען מיט דעם אַפּאַראַט פון געמיטלעכער פּקחות, וועלן קיינמאָל דעם דיכטער נישט באַגרייפן, שוין בלויז דערפאַר, וואָס וועלנדיק פאַרשטיין אַ דיכטער, מוז מען גיין אין זיין לאַנד, און אין יענעם לאַנד קען מען מיט בלויזער פּקחות גאָרנישט אויפטון, ווייל דאָרט קומען דעמאָנען און לייגן דעם מענטשן די האַנט אויפן קאָפּ —

### III

## י. ל. פּרץ און די יידישע קריטיק

זאָגט מיר, איך בעט אייך: קענט איר איבערציילן וויפיל מאָל איר האָט שוין געליינט אין אַרטיקלען אָדער געהערט אין רעפעראַטן, אַז „אונדזער גרויסער פּרץ איז נאָך ביז היינט נישט געוואָרן ווי גע־העריק אָפּגעשאַצט און אַז עס מוז ערשט קומען דער...״ און אַזוי וויי־טער און ווייטער מיט דעם ענלעכן נוסח? איז עס טאַקע גאַנץ שיין פון זייער זייט וואָס זיי ברענגען צום אויסדרוק אַ וואָר וואָרט. אָבער נישט בחנם איז דער חותם פון גאָט: אמת. מיט אמתן פּאַסירט דאָס אייגע־נע וואָס מיט אים אַליין. אַזוי אָפּט הערט מען פון אים רעדן און אַזוי זעלטן גלייבט מען אין אים אויף אַ רעכטן „אמת״.

באַטראַכט מען נענטער די אַלע אָכצער און קרעכצער אויף פּרצס כבוד נעבעך, צייגט מען זיך איבער, אַז זיי האַלטן קנאַפּ־וואָס פון זיי־ערע אייגענע דיבורים. וואָרום ווירקלעך, וואָס? האָט מען נאָך ווייניק חעגן אים געשריבן און געדרשנט? איז ער נאָך ווייניק קאָמענטירט גע־וואָרן? און וואָס קען מען נאָך מוסיף זיין? וואָס איז דען נאָך דאָ צו זאָגן? ביי זיך אין האַרץ זענען זיי זיכער אַז ער איז שוין גאַנץ גע־נוג געוואָרן אָפּגעשאַצט. און „אונדזער פּרץ איז נאָך ביז היינט אאַז״וו״ איז גלאַט אַזוי זיך אַ פיין חנוודיק פראַזעלע, וועלכע איז באַשאַפן גע־

װאָרן אַרויסצוװייזן ליבשאַפט און דרך ארץ און מען זאָגט זי אַרויס מיט דערזעלבער אױפּריכטיקײט װי מען זאָגט: „קומט מיט עס"...

און אַ גרױסער שאָד, װאָס די דאָזיקע מײנונג איז בײ אונז אַזױ איבערפֿלעכלעך, אַזױ אָן איבערצײגונג, אַזױ מאָדע-מעסיק. װאָרום זײער חשיבותדיק איז די פֿראַגע: צי דאָס גאַנצע געזאָגטע און באַהאַנדלטע װעגן פּרצן האָט באמת יוצא געװען דעם חוב פֿון ממשותדיקער קריטיק? דאָס װאָס פּרץ איז אַזױ מפֿורסם, אַזױ אַרײנגעשניטן אין אַלע װעלט-טײלן װוּ עס איז נאָר פֿאַראַן מאַרך און פּולס פֿון אַ ײדישן מער-װײניקן אינטעראַטור-פֿרײנט, — צי דאַרף עס גײן אױפֿן חשבון פֿון דער קריטיק? צי איז עס נישט דערפֿאַר, װאָס ער אַלײן איז אַזױ רײך און סוגעסטיװ אַז די חושים פֿון דעם לעזער װערן נישט װילנדיק אױסגעשלײפֿט און בלינדערהײט דערטראָגט זיך צו אים מוזיק, כאָטש פֿון װײטנס, אָבער פֿאַרלאָקנדיק און דערהױבנדיק אים, נישט צום דערגרונטעװען, נישט צום אָנטאַפּן, טיר נעבן טיר, הײל איבער הײל, לאַבירינטנאַרטיק און פֿלוצלינג אָפֿענער טראַקט, שטאָק-חושכניש און באַגײנענדיקס, מעמקים-פֿאַרװיקלטקײטן און גראַציעזע צעטאַנצטקײט, — אַזױ דערשײנט פּרץ פֿאַר דעם אינטעליגענטן לעזער. מיט רמ״ח אברים און שס״ה גידים דערשפּירט ער, אַז דאָ איז דאָס אָרט װוּ עס לעבן זינגער, דאָס לאַנד װוּ פֿאָעזיע איז אַ תּושב. אַ װעלט פֿון װײסע נסים און בלאָע דעכער, און מענטשן זענען שװערפֿעליק און אײנגעװאָרצלט װי הײזער און דאָך גרינג און װינקענדיק און פֿאַלנדיק װי שטערן: אָבער דאָ איז אַן ערבוביה פֿון געררײצטקײטן, אַ קאָשמאַר פֿון מעשהלעך.

אין אַזאַ פֿאַל, װאָס איז די אַלפֿדיקע און תּיודיקע מיסיע פֿון דער קריטיק? מיט לײב און זעל און נעגל זיך אַרײנבײסן אין װערק און אַרױסגראָבן דאָס, װאָס ליגט פֿאַרנורעט אין די אונטערשטע שאַכטן.

װאָס הײסט דען אַ גרױסער קינסטלער? װי אַזױ שאַצט זיך עס? איז דאָך די אײנציקע מאָס זײן יכולת אױסצובױען אַ לײטער, װעלכער הײבט זיך אָן בײ אונזערע קראַנקע קנעכל און ציט זיך אַרױף, כדי צו דערגרײכן נעגטער נענטער צום אור-אַלטן אימת - המלכותדיקן קאָפּ מיט דעם ברײט פֿאַרװאָלקענטן שטערן פֿון אוניװערסום. דער חוב פֿון דעם קריטיקער באַשטײט נישט אין אױסשטרעקן דעם טײט-פֿינגער: קוקט װי הױך! צו דעם דאַרף מען אים נישט. דאָס זעט מען אַלײן. אָבער

דער קינסטלער שאַפנדיק האָט געקעמפט, האָט זיך געשליידערט, גע־ראַנגלט. אין זיין בלוט זענען געווען צונעמענדיקע און אָפּנעמענדיקע כוואַליעס ווי ביים ים. אויף די פון טעג און נעכט אויסגעפלאָכטענע שטריק ביי זיינע אינטואיטיווע רושטאָוואַניעס האָט ער נישט נאָר זיך געצויגן אין דער הייך, אָפטמאָל האָט ער געמוזט צוריק אין דער ני־דער. די נשמה זיינע איז אויף דעם דאָזיקן בנין געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ ווי די מלאכים ביי יעקב אבינו. אָבער ביי דער אָמפערניש, ביי דעם געפיבערטן מאַרשרוט פאַרוואַל גערט זיך עפּעס, לאָזט מען עפּעס איבער. ווער זאָל דאָס אַלץ אַרויסגעפינען, אויפדעקן? און דער מאַר־שרוט גופא? דער געניסער, דער לעזער קומט דאָך שוין נאָך אַלעמען, ווען אַלץ איז שוין פאַרטיק, ווען די חבלי־לידה זענען שוין אָפּגעשריגן. די אויפגאַבע פון דעם קריטיקער דאַרף זיין צו דראַפּען זיך פון שטאַפּל צו שטאַפּל און מיט גאַנצער בלוט-זידעניש, מיט פולסטער אויג-שאַרפ־קייט אויפצוכאַפּן יעדן סימן, יעדן סליאַד פון די פוס-טריט פון דעם אייביקן וואַנדערער — אייביקן שעפער. זיין אַרבעט דאַרף זיין אַרויס־צושאַרן דעם שטראַלן־שטויב וואָס האָט זיך פאַרקליבן ערגעץ אין אַ פאַלד. דאָס וואָס איז געבליבן דרימלען אויף אַן אויסגעקרומטער סטעזש־קע, וואָס איז אויף אַ שווינדל-טרעפּ געבליבן הענגען, — אַלץ, אַרויס־קריגן, אַנטפּלעקן צו דער פרייד פון די וואָס דאַרפן עס, גאַרן און בענקען נאָך דעם;

דאָ איז אַ כאַאָס פון פאַנטאַסטישקייטן? קאָט טאַקע דער מבין וואָס צו טון. קלאַסיפיצירן, סדרן, צוזאַמענשטעלן פליגל מיט פליגל, העלפאַנט מיט העלפאַנט, שימל מיט שימל, שבת מיט שבת, שוואַרץ מיט שוואַרץ און גאָלד מיט גאָלד.

אויב מיר דערזעען ווי אַ גרויסער יידישער דיכטער איז תשבורת־דיק, אויב מיר באַגעגענען ביי אים וואַקלעניש, אויב מיר דערקענען באַהעלטעניש, פאַרנסתרישקייטן, קען טאַקי זיין דער ממשותדיקער פאַר־דינסט פון אַ יידישן קריטיקער אַהער אַריינצוברענגען זיכערקייט, בפרהסיאדיקייט, קלאָרקייט, קלאָרקייט.

און צו קענט איר אָנווייזן אויף אַ קריטישע אַרבעט, וואָס זאָל העלער מאַכן, עפּעס אויסגלייכן? אַן אַרבעט ווו דעם מחבר זאָל גע־לינגען כאָטש האַלב אויפצועפענען דעם סוד: פרץ? דאַכט זיך, ליידער,

אַז נישט. און דער פּשוטער ייד, דער גוטער דאַנקבאַרער ייד האָט ליב אונזער פּענאָמענאַלן מייסטער, פאַרגעטערט אים, אָבער ער שפּירט זיך עפּעס ווי איבערגעלאָזט אויף הפקר, און ווי אַ קליין עלנד קינד שטרעקט ער אויס די הענט און בעט זיך: איר מבינים, איר פאַך-לייט, איר וויסער, לאָזט מיך אויך עפּעס וויסן: ווער איז ער אָט דער גרויס-גייסט?

וועלכער רוס וועט אייך גלייך נישט ענטפערן אויף דער שאלה: מיט וואָס פּושקין טיילט זיך אָפּ פון אַלע אַנדערע פון זיינס גלייכן? וועלכער אַנטוויקעלטער פּאָליאַק וועט אייך נישט געבן אַ טרעפלעכע תשובה מיט וואָס מיצקיעוויטש איז אַנדערש פון די איבעריקע פּוילישע דיכטער? וועלכער מער־ווייניק קולטורעלער דייטש וועט מוזן שטאַמלען ווען איר וועט אים אַ פרעג־טון אין וואָס באַשטייט דער איבערגעוויכט פון געטהע (אגב אויך נישט גאָר איינהייטלעך אין זיין שאַפן) איבער די רעשט וואָרט־קינסטלער פון זיין פאָלק. און ביי אונז? עס איז דאָך מערקווירדיק; כמעט בנוגע יעדערן פון אונזערע שריפטשטעלער זענען פאַראַנען גאַנגבאַרע, אָנגענומענע, בהסכם-כלמדיקע מיינונגען. אויף איינעם ווייסט מען: ער איז אַ סאַטיריקער. אויף אַ צווייטן זאָגט מען: אַ הומאָריסט. אויף אַ דריטן: דער באַזינגער פונם שטעטל. אויף אַ פערטן: דער דיכטער פון קרעפטיקייט און עראָטיק. אַ פינפטן: צע-בראָכנקייט פון איינזאַמען אינטעליגענט. אַ זעקסטן: דער קרעכצער פון אָרעמקייט ביים פּשוטן פאָלק. אַ זיבעטן, אַן אַכטן, אַ ניינטן... ביי יעדן איינעם פון זיי זאָגט זיך עפּעס פעסטעס, געניוערס. לאָמיך אָבער פּרוּוון אַ ליטעראַטור־באַהאַווגטן אָפּשטעלן אין גאַס: זאָגט מיר, רבי פּעטער, נישט לאַנג געבריִעט, נאָר קורץ און שאַרף: ווער איז פּרץ? אַך יאָ... ער וועט זאָגן... אָבער... אָבער... איין קלייניקייט זאָל איך אים אָפּלאָזן: נישט קורץ... און נישט שאַרף... דאָס קען ער נישט. ס'האָט אים קיינער נישט געלערנט.

און וואָס האָט דאָ אויפגעטון די קריטיק? וואָס קענען דאָ העלפן די אַלע אויסרעדענישן, אַז אַנדערש איז אוממעגלעך, מחמת די באַגייסטערונג פון אָט דעם קינסטלער איז צעשוועבט אויף אָן אַ שיעור טראַקטן, מחמת ער איז אַזוי רייכטאָגיק, אַזוי פּרשת-דרכימדיק? נו גוט לאָז זיין אַזוי. אָבער דאָס אַלץ שטאַמט דאָך פון איין קוואַל. ער איז,

דאָך שטענדיק ער. וואָס מיר זאָלן ביי אים נישט לייענען, ווערן מיר דאָך תמיד איבערצייגט, אַז קיין שום אַנדערער פון אונזערע שרייבער הילט עס אַזוי נ י ש ט געשאַפן. אַמאָל אין אַ קלענערער, אַמאָל אין אַ גרעסערער מאָס, אָבער אומעטום קומט ער מיט ז י י ן בריק-לייגן פון פעסימיזם צו גלייבן, מיט ז י י ן וויץ, ז י י ן איינפאַל, זיין שיינעם שאַרף. און אפילו דאָרט ווו דער שכל איז מחייב, אַז מ׳זאָל אים שוין גאָרנישט אַרויסזען, אפילו דאָרט, ווו ער איז אַמשוואַכסטן, אפילו אין זיין באַנד לידער, ווו ער איז אינגאַנצן פאַרהעגריך היינעזירט, דאָרט אפילו, גיט נאָר אַכטונג, וועט איר אויך דערקענען אינדיווידועלן איינקריץ, פערזענלעכקייט.

אָבער ווער איז זי די דאָזיקע אינדיווידואַליטעט? אויף וואָס באַזירן די אַלע שיינקייטן, די אַלע שאַרפקייטן? און פון וואַנען נעמט זיך עס צו אַזאַ סינטעטישע נאַטור ווי פּרץ אָט דער ריס צו כסדרדיקע שינויים, זאָל זיין אפילו בייטענישי איז דער טעמע בלויז, אין דער פאָרם בלויז?

דאָס בעסטע וואָס מיר איז אויסגעקומען וועגן אים צו לייענען איז שוין דאָס, אַז ער איז געווען אַ זוכער. גו, גאַנץ פיין. אַ זוכער. אָבער דאָס איז אַ וואָרט וואָס ווערטלט נישט. מיר בלייבן פונקט אַזוי קלוג ווי פריער. זענען דאָך די שטאַרקסטע פאַרשוינען אין דער וועלט־ליטעראַטור גראָד אַזעלכע, וואָס זייער גבורה באַשטייט אין זייער פונאַנדערגעטיילטקייט. די מענטשלעכסטע מענטשן ביי דאָסטאָיעווסקין געפינען זייער גאַנצקייט דווקא דורך זייער צעבראָכנקייט. וועגן די דאָזיקע אינדיווידוען ווערט דאָרט, וואָס אַן אמת, זייער לאַנג גערעדט. אָבער סוף כל סוף קומען מיר צו אַ טאָלק. אַזוי לאַנג טענהן די ביכער וועגן אָט די פערזאָנען ביז זיי ווערן קלאָר אפילו פאַר יענע וואָס שטייען גאַנץ ווייט פון זיי. ווי פרעמד זענען פאַר אונז יידן אַזעלכע גוישע שכורים און רוצחים־העלדן. אָבער אין משך פון עטלעכע הונדערט זייטלעך פאַרגנבענען זיי זיך צו אונז היִנטערווייַלעכץ, ווערן גוט־ברודער, נאָנט און אַזוי היימיש און איינגעבאַקן ביז עס דאַכט זיך, אַז מיר לייענען אונזערס אַ פסוק: „זיבן מאָל פאַלט דער צדיק און בלייבט שטיין״.. און טאָמער געפינען מיר דאָרט אַ פרוי עפעס נישט זייער קיין אָנשטענדיקע, דערמאָנען מיר זיך אַ געשיכטע מיט אַ „תמר״, מיט אַ „רחב״

און די אונטערשטע שורה: מיר קענען מיט צוויי ווערטער פאַרמוירן א ריזיקן לאַנגן נערווין קאָמפּלעקס. מיר וועלן זאָגן, ראַסקאָלניקאָוו איז אַ מערדער — אַ צדיק, און סאָניאַ מאַרמעלאַדאָווא — אַ הייליקע זונה.

און אויב פּרץ איז געווען אַ „זוכער", איז ער געווען אַ גרויסער זוכער. טאָ וועמער זאָל אים אונז ווייזן? ווער זאָל אים אונז געבן פאַרגאַנצט, פאַרענדיקט, מיט אַ פעסטער רייף אַרומגאַרטלענדיק אַלע זיינע באַשטאַנד־טיילן? אויף וועמען איז מוטל פאַר אונז צו באַשאַפן אַן אמתדיק, אַ פולבלוטיק געשטאַלט פון פּרצס פּערזענלעכקייט? אויף ועמען, אויב נישט אויף דער קריטיק?

אירע פליכטן מוזן גיין פּאַראַלעל מיט די התחייבותן פון דעם קינסטלער: ביידע האָבן דערגרייכט זייער ציל ווען ס'האָט זיך זיי איינגעגעבן אַרויסצושיילן דעם טייל פון דאָס גאַנצע. אָפּצוטיילן, אויסצוקלויבן, אַרויסצושעפן דעם פּרט פון דעם כּלל און פון דעמדאָזיקן פּרט אויסצובילדן אַ נייעם זעלבסטשטענדיקן כּלל: נאָר לאָמיר גיין כּסדר:

אָבער זאָל מיר דערלויבט זיין זיך צו פאַרקירעווען אַ ווײַלע אויף אַ זייטן־וועגל: אַ געוויסע אָפּווייכונג פון דער טעמע איז מיר נויטיק, כּדי עס זאָל ווערן קלאָרער אין וואָס מיר גייט

איך הייב אָן מיט אַ פראַגע: וואָס איז דער צוועק פון דיכטונג? — ... וואָס רעדט איר יונגערמאַן? היינט קומט איר מיט אַזאַ שאלה? שאַט! שאַט! איך ווייס, אַז די דאָזיקע שאלה וועט ביי אַ סך נישט געפונען קיין חן אין די אויגן. באַזונדער אומצופרידן וועלן מסתמא זיין די קאָלעגן דיכטער. אַפילו יענע פון זיי וועלכע פּרעטענדירן שוין אויף וועלט־באַנעמונג, אויף צייט־פּראָבלעמען, אַפילו יענע וואָס האָבן שוין אויס־געטון פון זיך ווי אַן אַלטע פאַרדריפּעטע מאַרינאַרקע, די גאָרנישט זאָגנדיקע און שטאַרק פאַרנעפּלטע פאָרמולקע: „קונסט צוליב קונסט", אַפילו זיי רעגן זיך אויך אויף ווען מען הייבט אָן רעדן וועגן „צוועק" פון דיכטערישן שאַפן. וואָרום סטייטש? ווער ווייס עס נישט? דער איינציקער ציל פון קונסט איז צו שאַפן שענקייט. אמת ויציב. אָבער אַ קליינטשיק ביסעלע געדולד אויף נאָך אַ פראַגע. צי ווייסט איר, אַז די סטאַטיסטיק פון די ווערק וואָס דערשיינען אין פאַרשידענע לענדער איז אַן אומגעהויער גרויסע און אַז פון צייט הערט מען גאָר היפּש אונטערבורמלען, אַז צופיל ביכער פּלאָדיען זיך אויף אונזער ערד־קוגל?

מסתמא ווייסט איר דערפון. וגם אני הקטן אויך. ביי אונז יידן הייבט אָן מקוים ווערן לעצטנס דער פרו ורבו אין דעם ענין פון ביכער-מאַכעריי. און אויב ש. ניגער האָט אַמאָל אַ קרעכץ געטון אונטער דער לאַסט פון „לידער, לידער, לידער", האָבן מיר טאַקע אין פלוג אַ דריי געטון מיט דער נאָז, עס האָט אונז נישט געשמעקט. אָבער אַז מיר האָבן זיך איבערשלאָפנדיק אַביסל בארויקט די נערוון, האָבן מיר זיך ארומגעקוקט אַז דער ערל ווייס וואָס ער דברט. נאָר איינזייטיק אין דעם פרט איז ער געוויס געווען: און דעם פעלער מאַכט נישט נאָר ער און נישט נאָר ביי אונז. דעם פעלער פון אַרויספוואַרפן דעם גאַנצן חטא אויף די פאָעטן. די פראָזאאיקער דאַרף מען נישט האַלטן פאַר קיין ציטעריקע בנים־יחידימלעך, זיי זענען נישט קיין איבעריקע יחסנים. אדרבה, אויב אַ לייריקער האָט אַ שלעכטע זאַך האָט ער געזינדיקט על־פי רוב אויף האַלבער אָדער גאַנצער זייטל. נאָר אויב אַ דערציילער, כ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, האָט זיך פאַרפאַסקודזשעט, האָט עובר געווען אויף לא תרצח פון דרייסיק, פופציק, הונדערט און מערער לעבעדיקע ליכטיקע זייטן פאַפיר?

אָבער ווי די מעשה זאָל נישט זיין, מיר בענקען נישט נאָך ריבוי פון קוואַנטיטעט. און ווירקלעך, אויב מיר קרענקען נישט סתם אויף קול־טור־טועריי, נאָר מיר פאַרפאָלגן ערנסט די שטרענגע עסטעטישע געזעצן, וועלן מיר נישט שעפן קיין נחת און נישט פאַטשן זיך אין בייכל ביים אָנבליק ווי די בוכהאַנדלונג־וויסטאַוועס ווערן וואָס אַמאָל ענגער באַלאַגערט פון שער־בלעטער מיט יידישע אותיות; מיר ווייסן, אַז דער גאַנצער תנ״ך פאַרנעמט אַ ווינקל אויף איין פאָליצע פון אונזער עטאַזשערקע און, אַז דער נייער טעסטאַמענט איז אַזוי קליין און, אַז איין מאַרק קאָסט אין רעקלאַם־פאַרלאַג דער קאָראַן. און נאָר דענסטמאָל וואָלטן מיר מיט דעם שיינדל פון אונזער ליטעראַטור געקענט פאָכן איבער אונזערע וויטאָקדיקע קעפ ווי מיט אַ פאָן אָדער ווי מיט אַ שווערד און באַרימעריש זי דעמאָנסטרירן אויף די פרעמדע ערדן פון די אונד פאַר פרעמדע האַלטנדיקע שכנים, — נאָר דענסטמאָל, ווען אונזער ניי שריפטטום זאָל באַשטיין פון אַ מינימום בענדער און מאַקסימום רוח־הקודש. נאַטירלעך גלייבן מיר נישט, אַז אין אונזערע יאָרן אָדער אין די יאָרן פון אונזערע אייניקלעך זאָל צוקומען אַ נייער יחזקאל אָדער־

אַ נייער עמוס. אָבער מיר גלייבן, אַז דאָס איז דער וועג ווו מיר מוזן, אָפּגעפּרישטע אָדער מידע. שפּרייזן אויב מיר ווילן באמת ערגעץ אָנקומען

איך מיין אַזוי. די כתבי הקודש זענען אַזוי הימל־ווייט פון דער מאָדערנער ליטעראַטור, צווישן זיי איז אַזאַ מהלך־רב, אַז אויפן ערשטן בליק דאַכט זיך, אַז עס איז לגמרי אוממעגלעך צו פאָרמולירן דעם קעגנזאַץ. נאָכן טיפערן אַריינדרינגען אָבער, מיין איך, לאָזט זיך דער אונטערשייד יאָ באַשטימען. דער חלוק צווישן זיי באַשטייט נאָך מיין מיינונג אין דעם, וואָס די כתבי הקודש האָבן צו טון מיט אַלגעמיינהייטן, אין דער צייט ווען ליטעראַטור, אַפילו אין בעסטן פאַל, גיט זיך אָפּ מיט איינצעלהייטן, מיט פראַגמענטן.

אמת „פאַרבּרעכן און שטראָף" האָט אַ סך בלעטער. אָבער די אַלע בלעטער פאַרוויקלען איינאיינציקע פּרי, איינאיינציקע סצענע. יענע סצענע וואָס נאָכן איבערלייענען לויפט זי אַרום צעווילדעוועט אין אונזער בלוט ווי אַ סטאַדע משוגענע הינט. יענע סצענע וואָס איז אויפגעשריבן בסך הכל מיט עטלעכע שורות, אַז דאָ אין דעם אָרעמען שטיבל ביי אַ חלבן ליכטל האָבן זיך צונויפגעטראָפן דער רוצח און די פּראָסטיטוטקע ביים לייענען דאָס אייביקע בוך.

אָבער דאָס אייביקע בוך אַליין שלינגט איין הונדערטער דאָסטאָיעווסקיס. אַ דיכטער, מעג ער זיין ווי ריזיק, איז טאַקע נישט שוואַכער אָבער נישט שטאַרקער ווי אַ דיכטער. ער זעט, אָבער ער זעט נישט מער ווי אַ פּרט, אַן אויסגעריסן שטיק פון דער גאַנצער נאַטור.

די נאַטור אין איר פולן אַרומנעם איז ווייט אין איר שיינקייט און שען אין איר גרענעצלאָזיקייט. אַלץ וואָס זי איז כולל רוקט זיך אָפּ פון אונז, כדי מיר זאָלן זיך פרייען מיט יעדן טריט וואָס מיר דערנענטערן זיך צו איר. מיר ווילן אין זיך אַריינקריגן די דערקענטניש פון איר. נאָר זאָגן מיר: עס איז שווער. זי איז צו ברייט, צופיל מינימדיק. אָבער דער אמת איז אַנדערש. זי איז לגמרי נישט צעזייט און צעשפּרייט ווי ‒ דאַכט זיך אין פלוג. טאַקע דערפאַר וואָס זי איז אַזוי רייך, איז נישטאָ קיין פלאַץ אויף קיין צעוואָרפנקייט. איר עשירות האָט קיום אָרט זיך ענג צונויפצולייגן. און באַהעפט איז אַלץ. עצם,

ליגט נעבן עצם. איין דערשיינונג הענגט אויף דער צווייטער ווי אַ שלאָס אויף אַ טיר. אָבער דער שליסל איז ביי אונז אין האַרץ.

די וועלט ווערט איינגעשרומפּן אָדער מאַכט זיך אויף בלום־בע־כערדיק אָפּהענגיק דערפון צי מיר האַלטן אַראָפּגעלאָזט די ברעמע־אָדער מיר שפּאַצירן מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס ווי מיט אָפענע יובלן געשרייען. אונזער חטא איז אַ מילשטיין וואָס שטייט נישט ליידיק נאָר מאָלט אָן אַ סך מעל און פּאַשעט אויס אונזער שטראָף ווי אַ פּעטש שטשור וועלכע שפּרינגט אַרום אויף די שטיינערנע קני פון די שטעט, אויף די בלעכענע קעפּ פון די הייזער און אַמאָל פּאַקן מיר זי פּלוצ־ליגג אין די אויגן פון מענטשן וואָס זענען זייער העפלעך און ברעגן אונז פריינדלעך: ברודער, וואָס מאַכסטו?

אָבער אונזער גוטסקייט איז אַ לאָרנעטע וואָס פאַרקירצט דעם שטח צווישן אונז און דער אויסערליכקייט. אימיצער האָט די ברעמד־קייט מיט אַ שער צערומגעשניטן. מיר דערשפּירן אויף די שלייפן אַ וויעענדיקן גלעט פון אַ ווייכן אָטעם־צוג. שוין נישט אונהיימליך איז די האַרטע גרויסשטעטישע נאַכט. און דער טראַמוויי וואָס וויקלט זיך פון איין גאַס אין דער צווייטער ווי אַ שלאַנג קימערט אונז גאָרנישט, וואָרום איידער דער מענטש האָט געזינדיקט איז דער שלאַנג געגאַנגען אויף פיר פיס און האָט קיינעם קיין שלעכטס נישט געטון. און אַפילו אַז דער פּאָסט־טרעגער ברענגט אונז צריין אַ בריוו, שרעקן מיר זיך אויך נישט טאָמער איז אין דעם פרישן גלאַטן קאָנווערט צריינגעפאַלן אַ שלעכטע בשורה ווי אַ פליג אין אַ שיינער גלאָז טיי. וועלכע דאגות קענען אויף אונז דריקן? מיט יעדן טויטן געגנשטאַנד און לעבעדיקן באַשעפעניש איז דאָך אונזער נאָמען פרידלעך צענויפגעפלאָכטן ווי אַ פיין־פאַרצירטער מאָנאָגראַם.

די נאַטור אין זיך איז שיין. און ווי יעדע שיינע זאַך, וואַרט זי אויף איר באַוווּנדערער. זי וואַרט אויף דעם שיינעם מענטש. פון אַלע אירע קעמערלעך גייט יעדן טאָג צרויס אַ שטים: וויי צו די מענטשן וואָס פוילן אין זייער העסליכקייט, ווילן מיין פראַכט נישט געניסן, און קענען דערהויבן נישט זיין און מוזן פאַלן און מיט זיי צוזאַמען פאַל איך אויך, ווייל זיי דערוינערן מיך נישט. מיין שפּייז איז זייער אויג!!

ווען מיר קומען צו נענטער צו דער אוניווערסאַלקייט פון אַלע־

עקזיסטענצן איז די שמחה אַ דאָפּלטע. ערשטנס, די אַנטציקונג צוליב דער קרובהשאַפט פון טויזנטער און מיליאָנען שכנים. און צווייטנס, וואָס דורך דער דערנענטערונג ווערן מיר געוווּר ווי ווינציק מיר האָבן פריער געאַנט זייער ווייטקייט און אומענדלעכקייט. ערשט איצט דער־קענען מיר ווי נישט צום דערגרונטעווען זייער געהיימניש איז. אָבער מיר פאַלן ביי זיך נישט אַראָפּ. ביי די טירן פון אָט דעם לאַבירינט בלייבן מיר נישט שטיין ווי אָרימעלייט. גלייכצייטיק מיט דעם גרויסן סוד דערגיין מיר נאָך עפּעס: — אַז איך — מיך און דו — דיך און ער — זיך, קען אויך נישט דערגרונטעווען. ליבהאָבנדיק אַלע, האָבן מיר זיך אַליין נישט פיינט, און באַציענדיק זיך מיט ליבשאַפט און פּיעטעט צו דעם הייליקן צלם וואָס איז אין אונז גופא, באַדויערן מיר נאָר יענע יחידים וואָס מיינען אַז זיי קענען אונז פיינט האָבן. די יצירה איז מעכטיק. דערשיטערנדיק אין איר אומבאַגרייפלעכקייט. און אַז מיר דער־בליקן זי, גיבן מיר אַזאַ העפטיקן צאַפּל, אַז מיר פאַלן אַרויס פון אונ־זער אומרויקייט און נישטיקייט און מיר געפינען זיך ליגן אויף אַ נייער ערד, אויף אַ ערד וווּ אַלץ איז גאַנץ און גלויבנדיק און נאַיוו. מיר זענען איבערראַשט פון דער נייקייט. און אין אַ מאָמענט פון איבער־ראַשונג איז מען קיינמאָל נישט אין כעס, קיינמאָל נישט גיפטיק. מיר געפינען זיך אַרומגערינגלט מיט פּלוצלינגדיקייטן. און יעדע פּלוצלינג־דיקייט איז אַ וווּנדער. און יעדער וווּנדער מאַכט העכער, מאַכט מענטשי־שער, מער מענטשיש, ווייל מער געהיימניספול. מיר זענען דאָך אויך אַ קניפּ צווישן אַלע שיקזאַל־פאַרוויקלטקייטן. אויף וועמען זאָל אונז פאַר־דריסן? וועמען זאָלן מיר באַשולדיקן? אויב אַלץ זענען מיר אַליין, אויב אַלע בייגן זיך צו אונז און בעטן זיך ביי אונז רחמים נישט ווייניקער ווי מיר ביי זיי? מיר זענען נישט בייז. פאַרקערט. מיר זענען שוין נישט איינזאַם. אויף אונזער וועג הערן מיר טריט. דאָרט וווּ אַלע זענען מיר אויך. מיר זענען דאַנקבאַר, ווייל מיר זענען די מאָס פון אַלע זאַכן.

דער קאָרעק פון אַן אויסגעררייכערטן פּאַפּיראָס איז נישט גרעסער פון אונז און אַ זונאונטערגאַנג איז נישט קלענער פון אונז. און נעכטן האָט איר געהאַט פּאַסירונגען. אַ פּאָסלאַניעץ האָט אייך געבראַכט זיטוווקע. אַ באַקאַנטע פרוי שרייבט אייך:

גוטער שלעכטער, גוטער ש׳.-כטער!
איך מוז זיך מיט דיר אומבאַדינגט זען.
אויף אַ שעה, אויף האַלבע, אויף פינף מינוט.
איך ווייס נישט.
נאָר מיין וועלט (אונטערגעשטראָכן) שטייט אויף אַ מאַרמאָרנעם טישל
אין צוקערניע ביים עק פון ** גאַס.
דיינע מער ווי מיינע.
(אונטערשריפט)

דאָס איז געשען אַ זייגער צוועלף. און דריי אַ זייגער האָט זיך דער הימל פאַרצויגן מיט אַ דראָענדיקער הויט און די ערד האָט זיך פאַרצויגן מיט אַ שלאַקס רעגן. און אין האָריזאָנט האָט אַזאַ קלונג געטון און פאַר אייער הויז האָט אַזאַ שטיק פייער אַ שפרונג געטון, ווי גאָט וואָלט אייך געוואָלט אַריינהילכן אין אויער אַ פלאַמיקע געשיכטע.

צוויי געשעענישן אין איין טאָג. פאַר ביידע האָט איר די טיר און די פענצטער פאַרמאַכט. נאָר מאַכט נישט אויס. ביידע וועלן בלייבן אויפגעשריבן אי ביי אייך אין זכרון אי אויפגעקריצט דאָרט ערגעץ אין אַ וואָלקן. און אי דער זכרון אונזערער אי דער וואָלקן, ביידע וועלן שוין היינט ביי דער נאַכט נישט שלאָפן. ליידנדיקע און געלייטערטע וועלן זיי זיך קלאָגן פאַר דעם בוחן-כליות, וועלן זיי ביטערן פאַר דעם באַשאַפער פון אַלע פאַרצווייפלונגען, פון אַלע עלנדן, פון אַלע האָפנונגען, פון אַלע גליקזעליקייטן, פון אַלע אַנטוישונגען און פון אַלע אַנגסטן. און וואָס ער וועט ענטפערן וועט זיין אַ סך רעטזעלהאַפטער פון דעם רעטעניש אויף וועלכן מיר פרעגן. עס וועט אונז גרינגער נישט זיין, מיר וועלן געהאָלפענער נישט ווערן. אָבער מיר וועלן שענער זיין, מיר וועלן גרעסער ווערן. גענוג גרויס, אויף נישט צו זוכן קיין דערלייכטערונגען. מיר וועלן גענוג רייך זיין און וועלן פאַרשפּאָרן זיך אַרומשלעפן מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס און ווי נעכטיקע געקאָכטע קאַרטאָפליעס, ווי דאַרע שטיקלעך ברויט אָנפּאַקן די טאָרבע בעטלעריש מיט פּקחותן, כיטרעקייטן, הינטערפּיסלעך און אַלערליי ערמהלעך. נישט דערמיט וועלן מיר אונזער הונגער זעטיקן. נישט דערמיט וועלן מיר אויפדעקן און אַנטפּלעקן אַלץ וואָס איז נוגע אונזער וועזן.

און צו וואָס זאָלן מיר זיך דען אנטפלעקן? צו וואָס זאָלן מיר זיך דען עפענען? זענען מיר דען אַנדערש ווי די נאַכט, וואָס איז אויף זיבן שלעסער פאַרשלאָסן? האָט איר אַמאָל אויפגעריגלט די טיר פון אַ מענטשישער טרער? איר האָט אַמאָל צעשניטן אַ שמייכל אויף צוויי- ען און געזען ווי ער זעט אויס פון אינעווייניק? און דער זייגער וואָס ליגט ביי אונז אויפן טיש און ווייזט די שעהען, צי איז ער לעי בעדיקער אָדער טויטער פון אונזערע שעהען? און ער שלאָגט און שלאָגט אַזוי הילכיק, צי איז ער נאַרישער אָדער קלוגער פון אונזער בלוט? מיר ווילן זיין גענוג אומגליקלעך, כדי זיך צו פרייען מיט דעם שפּאַצירגאַנג דורך דער וועלט ווי אַ סוד צווישן סודות.

און טאָמער האָט מען מיר דערציילט, אַז פערזאָן א. אָדער פער- זאָן ב., וועלכן איך האָב געהאַלטן פאַר אַ גוטן פריינט איז מיר אין דער אמתן אַ שונא, האָב איך עס אויפגענומען מיט דער אייגענער תמימותדיקער דערשיטערונג און ווייםוטיקער וווּנדערלעכקייט ווי בשעת דאָס פּאָרצעלייען טעצעלע איז מיר אַרויסגעפאַלן פון האַנט און אויף דער פּאָדלאָגע זיך צעבראָכן.

מיר וווּנדערן זיך. אָבער דאָס ליגט שוין אין דעם וועזן פון וווּנדער, אַז זיי דערדריקן נישט, נאָר הייבן אויף, וועקן, רייסן אויף די אויגן, מאַכן שטאָלץ דורך זייער בלויזן געשעען. ווען מיר טרעטן אַרויס פון די ענגע ד׳ אמות, ווו אונזער קערפּער איז אויפגעשטעלט ווי אַ סלופּ ביי אַ גרענעץ, און מיר שפּרייזן אַריבער אויף דער אַנדע- רער זייט ווו עס הייבט זיך אָן דאָס קעניגרייך פון קאָסמאָס, עטעמען מיר אָפּ פרישער, פולער. אַזאַ מרחב עפנט זיך אויף. מיר קענען שווער זאָגן וועלכעס איז ברייטער, דער האָריזאָנט אָדער אונזער ווילן, און נישט עפּעס דריקט אויף אונז, נאָר מיר זענען די לופט וואָס ליגט אויף אַלע זאַכן. נישטאָ קיין געגנשטאַנד וואָס זאָל אונז קענען אויס- מיידן, זיך פון אונז אָפּרוקן. אָבער אויך מיר קענען פון קיין זאַך נישט אַנטלויפן, כאָטש מיר רינגלען זיי אַרום. און יעדע זילבע, יעדע שטים באַקומט אַן אויסדרוק נאָר דורך דעם וואָס זיי באַוועגן אונז, ניבן אונז אַ טרייסל. אָבער אַלע אויסרופן, אַלע געשרייען, אַלע וועקונגען, אַלע קולות רעדן נישט בלויז וועגן זיך, אויך וועגן אונז האָבן זיי עפּעס צו דערציילן.

דער קנאַל פון אַ דונער. דער ראַץ פון אַ מויז. דער ליאַרם פון פויערים גויפן יאַריד. דער שפּריץ-געהילך פון אַ פאָנטאַן. דער פויגל ביי אונזער פענצטער. די האַמער-שלעג פון שמש באַגינען אין שול. דער קלאַפּ פון אַ בוך וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון אַלמער. די צאַנקע־רייען פון אונזערע אַלטע שכנטעס צוליב אַ ווייק־שעפל. דיגאַס אין „פּאַיאַצי". דער ייד מיטן זאַק אויף די פּלייצעס: „האַנדעל, האַנדעל!" דאָס פליוסקען פון וואַסער, ווען אַ פרוי וואַשט זיך איר העלפאַנטביינ-טורם־שלאַנקן האַלז. — אָט די אַלע קלאַנגען פאַרייניקן זיך, גיסן זיך צונויף אין איין רוף, אין איין מעכטיקן שאַלן, אין איין קול השופר, וואָס איז מכריז און פּראָקלאַמירט· געקומען איז דער חג־היובל. אויפ-געוואַכט זאָל זיין ווער ס'איז אין הינערפלעט. ווער ס'האָט פאַרקויפט זיך, מוז אויסגעקויפט ווערן. דער מענטש דאַרף אַרויסגיין פריי פון זיין ווערימדיקייט, פון זיין עלנד, פון זיין עקל, פון זיין צעפּרוכנעטקייט, פון זיין מיסטיקייט און פון זיין חזיר־אויף מיסטיקייט. היינט ווערט דער קנעכט אויס קנעכט. אַלץ געהערט צו יעדן איינעם און יעדער איינער געהערט צו מיר, צו מיר דעם דערלייזער, צו מיר דעם באַפרייער, צו מיר — גאָט.

אַז מיר זענען אַריין אינמיטן רוים פון דער נאַטור, הערן מיר יעדעס עכאָ אַנדערש, זעען מיר איטלעך געשטאַלט אַנדערש.

אַ בוים. אַ קאַץ. אַ פור אויף דער גאַס. אַ רעגנבויגן. די שילדן איבער די געוועלבן, וועלכע רעדן מיט פאַרביקע פראַזן, ווי זיי וואָלטן געווען הענריך היינע. דער יונגערמאַן, וועלכן איך טרעף שוין צוויי וואָכן זיצנדיק איינער אַליין אויף דער זעלביקער באַנק אין זאַקסישן גאָרטן און זיינע אויגן זענען אַזוי פאַרליבט אין עפּעס אַ הידה, גלייך זיי וואָלטן געווען דער אבן עזרא. אַ שיפל וואָס רוקט זיך אויפן טייך אַזוי געמיטלעך, אַזוי בנעימותדיק און באַקוועם, און וויגט זיך און וואַקלט זיך און צווייפלט צי ס'איז כדאי צו קומען נאָך צוריק אויף דער יבשה צי שוין נישט. אַ מחנה זומערדיקע שפּאַצירגייער וואָס מאַכן ווייס אונטן. אַ טשאַטע טויבן וואָס מאַכן שוואַרץ אויבן. אַ פרוי וואָס שטייט אין פרעמדן קאָרידאָר און וואַרט לאַנג אויפן דאָקטאָר, ווייל אין דער היים ליגט דער מאַן מיט צופיל זויערשטאָף אין מאָגן. די שיקסע מיטן קוישל בלומען אויפן טעאַטער-פּלאַץ וואָס וואַרט לאַנג ביז אַ פּאָרל

זאָל זיך דערנענטערן און דער „ער" זאָל פרעגן די „זי": אַ נאַרציז אָדער אַ ליליע? די וועגט ביי אייך אין צימער וואָס ווייסן אַזוי פיל און שווייגן. אייער קינד וואָס האָט מורא פאַר אייך און וואָס איר האָט מורא פאַר אים. — אָט די אַלע פנימער, נישט בחנם ווינקען זיי אַריין אין די אָפענע געמיטער פון די טעג און אין די צוגעמאַכטע הערצער פון די נעכט. ניין. נישט אומזיסט ווינקען זיי אַריין. זייער בליק איז אַ פייערדיקער רמז. סימנים זענען זיי. צייכנס פון אַ גרויסן, פון דעם גרעסטן פּלאַן. דאָ וועט עפּעס ווערן אויסגעבויט. אַלץ וואָס שטייט אויף דער ערד, וועט זיין אַ לייטער וואָס זיין שפּיץ איז אין הימל.

אָבער ווער זאָל דעם לייטער אויסבויען? ווער זאָל אונז פאַר־אצילותן? ווער זאָל אונז לערנען אַ ז ו י אַ ר ו ם הערן קלאַנגען און אַ ז ו י אַ ר ו ם זעען בילדער? ווער, אויב נישט דער דיכטער?

אונזערע אויף קליינגעלט אויסגעביטענע דאגות, אינזערע טאָגטעגלע־כע נויטן ווערן דורך אים אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ און אַריינגעשליידערט אין מרחק. ער ווייזט אונז אָן אַ צאָל העלקייטן און פאַרטונקלקייטן, אויפגעלייזט־קייטן און פאַרוויקלטקייטן. אויסער אונז, אַרום אונז. ער דערציילט אונז ווער איך און דו זענען נישט, ווען מיר זענען בלויז איך און דו און ווער מען קען זיין, דאָס הייסט: ווי מיר ביידע קענען ווערן פאַרביק און אונענד־לעך, ווען ביי אונז אין בלוט וועט זיך כסדר וויקן די איבערצייגונג, אַז קיין אַנדער רשות איז נישט פאַראַן אַ חוץ דער אונענדליכער פאַר־ביקער רשות־הרבים.

אַ דאַנק אמתע דיכטער־ווערק ווערן מיר געוואָר, אַז מיר און נאָך טויזנטער „מירס" זענען דער דינסטער זוים פון אַ פעדערל ביי אַ פליגל פון דעם געהיימנישפולן פויגל: וועלט־אַל. און דערטאַרנדיק דאָס, ווילן מיר איינזאַם נישט זיין, ווילן מיר פאַריתומט נישט זיין, ווילן מיר צו אונזער שטאַם, רייסן מיר זיך צום אורשפּרונג.

און דאָ קומען מיר אַרויף אגב אויף דעם וועג וועגן אַ ציל אין דער דיכטונג. דאָס האָט נישט צו טון מיט דעם וויכוח מכח עטיק און עסטעטיק אין דער ליטעראַטור. לגמרי נישט. עס האַנדלט זיך אין שטרענגע קאָנסעקווענטע קונסט־ווערטן. עס האַנדלט זיך אין דעם מיר זאָלן איינזאַפּן קלאַנגען אין זייער גאַנצער און אינערלעכער ריינקייט. אויפנעמען בילדער אין זייער פולער און דורכדרינגלעכער קלאָרקייט.

אָבער דענסטמאָל איז אוממעגליך, אז מיר אַליין זאָלן נישט ווערן קלאָרער און ריינער און אמתער און גאַנצער. און אָט האָבן מיר אַ תּכלית דווקא דענסטמאָל, ווען די דיכטונג איז עסטעטיק פון דער ערש־טער מדרגה, אַ ציל גאָר אָן דעם ווילן פון די מחברים, אַ ציל, מעג אַפילו זיין, קעגן דער אינטענץ פון די דיכטער.

אוועקגייענדיק פון אַ ממשותדיקן קונסט־ווערק טראָגן מיר שטענדיק אוועק אַ נאָגעניש נאָך באַהעפטונג מיט יענער אור־קראַפט, וועלכע נאָר זי אַליין איז ביכולת אונזער אויפבּרוך צונויפצוקייטלען מיט מיליאָנען ברוך־שטיקער פון אַנדערע, פרעמדע שיקזאַלן. אָבער אויך יענע אַנדערע רייסן זיך, וויסנדיק אָדער נישט וויסנדיק דערפון, צו געפינען אַ דער־גאַנצונג דורך דער זעלביקער אור־קראַפט.

די הייליקע שריפט איז געשריבן פון דער נאַטור אליין. זי איז פול מיט גאָט און דער־פאַר איז דאָרטן דאָ אַזאַ בענקשאַפט צום מענטש. וועלטלעכע דיכטונג איז געשריבן פון מענטשן וואָס ווילן זיך דערנענטערן צו דער נאַטור און דעריבער איז דאַרט פאַראַן אזא בענקעני צו גאָט.

און דעריבער נאָכן קונסט־געניסן — קונסט אין פרימיטיווסטן און גלייכצייטיק גרויזאַמסטן זינען פון וואָרט — זענען מיר איבערפולט מיט אַ ווילן צו דערגרייכן דעם סאַמע סוף פון די אָפּגרונטן, די טיר פון דער לעצטער גערעכטיקייט. אויב דער שלאָף איז אַ זעכציקסט חלק פון טויט איז דער חלום אַ זעכציקסט חלק פון לעבן. און אויב רעאַליטעט איז אַ זעכציקסט חלק פון טייוול איז די דיכטונג אַ זעכציקסט חלק פון קדושה.

ווי אַזוי אָבער געלינגט עס דעם קינסטלער? ווי אַזוי ווירקט ער אויף אונז מיר זאָלן ווערן אַזוי אַלמאַכט־באַגעריק, אַזוי הייליק פאַר־טראַכט?

און דאָ מוזן מיר ווידער נעמען אין באַטראַכט דעם דערמאָנטן אונטערשיד. די מיטלען מיט וועלכע וועלטלעכע שעפער אָפּערירן זעגען להיפוכדיקע פון די אופנים מיט וועלכע עס באַנוצן זיך די כתבי הקודש די לעצטע קומען פון דאָס אַלגעמיינע צו דעם טייל. תּמיד איז די רייד

פון גאַנצקייטן. „לויבט גאָט פון די הימלען, לויבט אים אין די הויכע־נישן, לויבט אים אַלע מלאכים, לויבט אים אַלע חילותן". „זיין כבוד זאָל אָנפילן די גאַנצע ערד". „וועק זיך אויף צפון און קום, דרום". „פון וואַן די זון גייט אויף ביז ווו זי גייט אונטער זאָל גע־ויבט זיין דער נאָמען פון..." דאָ איז שוין גאָר נישטאָ קיין פלאַץ פאַר דער באַגרענעצטקייט פון אונזער מהות. די שטערבלעכקייט רוקט זיך אָפּ אין אַ ווינקל, ווערט איינגעקאָרטשעט. ווי מען וויל איינעם אויסלערנען שווימען און מען גיט אים ראַפּטעם אַ וואָרף אַריין אין וואַסער אַריין, געפינען מיר זיך פּלוצלינג אינמיטן ים און באין ברירה מוזן מיר שליסן אַ כריתות ברית מיט די בלאָעסטע ווייטקייטן און שרייענדיקסטע תהומות. אַלע קלייני־קייטן פאַלן אין פאַרגעסנהייט. ווונדן היילן זיך אָבער נישט אַזוי דורך געטרייסטקייט ווי גיכער דורך פּחדימדיקייט. „לויבט גאָט, איר פון דער ערד, איר פיש און איר אַלע אָפּגרונטן, פייער און האָגל, שניי און רויך און שטורעמווינט". דאָ איז סטיכישע איבער־גבורה. די נאַטור אין איר פונאַנדערגעהוליעטער צעבושעוועטקייט. ווער ווייס? אפשר איז די דיכטונג ביי אַלע פעלקער אַ פּרווו צוצוגיין צום מענטשן גלעטנדיקער, היימישער. מיט אַ וואָרט וואָס איז מ ע ר באַקאַנט און ו ו י י נ י ק ע ר דראָענדיק. ווי די מעשה זאָל נישט זיין, זי רעדט צום מענטשן אויף זיין לשון, אויף פאַנאַנדערגערוקטן, צעטיילטן, פראַגמענטאַרישן לשון.

זי כאַפּט אָן אַן איינצל-וועזן. גייט אים נאָך אַ גרויסן מהלך. אויף גלייכע שאָסייען און גרויליקע וועגן. פירט אים דורך פאַרנאַכטן און דורך באַגינענס. קוקט נאָך אַלע זייגע ראַנגלעניש און גלייכגעוויכטן. אַמאָל זיין צער ווען ער האָט שאָדן און אַמאָל זיין ווייטאָג ווען ער קען נישט פאַרלירן. אויך דעם אָפּשיין, דעם אויסלייז, באַזילבערטער צייט-אָפּשניט וואָס שטעלט זיך אויף זיין געמיט אַמאָל ווי אַ געלעכטער אויף אַ צע־שניטענער באַק און אַמאָל ווי אַ טויב אויף אַ זומערדיקן דאַך. דורך אַלץ וואָס איז מינדערווערטיק, דורך אַלץ וואָס איז חשובדיק באַגלייט די דיכטונג דעם באַזונדערן וועזן. און פּלוצלינג קוקן מיר זיך אַרום: אָט דער יחיד איז פון אַ ג י י ע ר א ו י ף אַ ו ו ע ג געוואָרן אַ ו ו י י־ז ע ר פ ו ן אַ ו ו ע ג. ער איז אַ טאָפּל צווישן טראַקטן. אַ סימן. אַ משל. אַ סימבאָל פון דער כוללדיקער נאַטור, פון וועלכער ער איז גאָר אַן אויסצוג. און דערבליקנדיק אים, טראַכטן מיר: אַ זאַנג. אַן אויפגע־

שפראַצטער, דורך טוי און ליכטיקייט אויפגעהאָדעוועטער אויסגעוואַקסע־נער זאַנג, אָבער נישט מער: און מיר דערמאַנען זיך אָן דאָס גאַנצן פעלד און אין לאַנגע קייטן פון געבענטשטע פרוכטבאַרע פעלדער. דער קינסטלער לערנענדיק אונז זעען, שטעלט פאַר אונז איינציקע מוסטערן. זענען מיר אים דאַנקבאַר פאַר די אָנווייזונגען. אָבער מיר בלייבן נישט שטיין ביי דעם וואָס ער ווייזט אונז. אַלץ און אַלעמען זענען מיר שוין איצט תּופס מיט אַנדערע אויגן.

אַז אַ מוטער לערנט דאָס קינד גיין, באַנוצט זי בלויז די אָנדער־האַלבן אַרשיניקע פּאָדלאָגע. אָבער עס וואָלט געווען זייער טרויעריק ווען דאָס קינד זאָל קיינמאָל נישט קענען גיין מער ווי אויף דעם קליינעם שטח פון דעם דאָזיקן צימער. די מוטער דאַרף ער געדענקען, אָבער זיינע פּיס האָבן שוין פאַר זיך אַ פרייע, אויפגעעפנטע, אָנסוף'דיקע ערד. איטלעך שעפעריש ווערק איז נאָר אַן אָנרעגונג, אַז מיר זאָלן אַלע קערפּערס און אַלע באַגעגענישן האַלטן פאַר קונסט־ווערק.

איך ווייס נישט ווי מיר וואָלטן פריער געקוקט אויף וואַרשע. נאָר היינט, אַז מיר ווייסן פון אַ שעקספּיר באַטראַכטן מיר די פלינק־לויפער און פּאַוואָלי־שפּאַצירער אויף ביעלאַנסקע, מאַרשאַלקאָווסקע, נייע וועלט, אַלייען פאַר גראַנאַט־ און העל־אַנצונדיקע, לאַקירטע, געל־לעדערדיקע, ווייס־ און לייב־קאָליר־זאַקנדיקע טראַגעדיעס און קאָמעדיעס.

און אַז מיר טרעפן מענטשן באַקאַנטע צי אומבאַקאַנטע, וואָס שפּרייזן דורכן חלל העולם, אַזוי שווער און ענטפערן אַזוי ערנסט און לאַכן נישט ווען ביי אַלע איז יום־טוב. און עס דאַכט זיך: די גאַס איז נישט פאַר זיי און דער טראַמוויי איז נישט פאַר זיי. עס דאַכט זיך: אין זייער מאַרך איז אויפגעשריבן: ערגעץ דאָרט אויף פרעמדע אינזלען שרייען איצטער מאַלפּעס. און עס דאַכט זיך: אין זייער פאַרהאַרטעוועטן שווייגן וועט אַמאָל אַריין אַ מעסער און ווי פון אַן אויפגעשפּונדעוועטער פאַס וועט אַרויסשפּריצן — גלייך שטאַרקער ווײַן — אַ געשריי: זון, זון, גיב מיר זון! — פאַרטראַכטן מיר זיך: נו, יאָ... אַוודאי... מיר האָבן עס שוין ערגעץ געהאַט, נישט דייטלעך. אָבער דאָס איז טאַקע גאַנץ גוט וואָס נישט בפירוש, וואָס דאָס איבעריקע האָבן מיר אַליין אויסגעפונען. אָבער אַ ווונק האָבן מיר יאָ געקריגן, אַ רמז אויף דעם איז דאָ ביי איינעם וואָס הייסט הענריך איבסען.

נישט אַלע גייען אויף דעם זעלביקן וועג. אויב איינער איז אומרו, צאַפּל, כּף הקלע קען דער צווייטער זיין פּונקט דער היפּוך. אָבער אַלע מייסטער פאַרשקלאַפן אונז, צווינגען זיך צוצוהערן צו זיי, פאָלגן וואָס זיי הייסן: ת מ י ד  א ו ן  א ו מ ע ט ו ם אויסצוזוכן יענץ ליכט וואָס זיי האָבן אָנגעצונדן אין דעם דאָזיקן אָפּגעטיילטן באַזונדערן פאַל. נאַטירלעך איז דער ברען און דער שיין פון דעם ליכט אומעטום אַן אַנדערער.

מעטערלינגס דראַמען זאָגן גאָר אויס פון חדר, אַז מיט אונזער געפּערלעכער פאַרוואָגלטקייט איז גאָרנישט אַזוי געפערלעך. עס איז דאָ אַ שפּרונג אויף דער פאַרשאָלטנקייט פון צו־ליאַרמענדיקע צו־ווייסע טעג. מציאותן זענען פאַראַן, אַז אַלע לעבנס זאָלן ווערן אַזוי האַלב־חודש־נאַכטיק, אַז מיר זאָלן דערשפּירן שטעכיקן פאַרדרוס וואָס דאָס וואָרט „שווייגן" איז אויך אַ וואָרט און מוז אויך אָנמאַכן אַ שטיקל געראַדער.

און איבערלייענענדיק פּרצן ווערן מיר געוואָר אַ נייעס. אַז נישט אייביק איז די נשמה אין קערפּער. אַמאָל איז פאַרקערט. אַמאָל דער־וואַקסט זיך דער גוף ווער ער איז, פאַלט שטאַרק ביי זיך אַראָפּ, הויקערט זיך איין און פון דער נידער שטרעקט ער אויס די הענט. קומט די נשמה נעמט אים אַריין אין זיך, פאַרהילט אים, וויקלט זיך אַרום אים ווי די ספר תּורה וויקלט אַרום מיט פעסטן פאַרמעט די אויסדערוויילטקייט פון־ישראל. קריגן מיר דעם איינדרוק דורך אַ כך טענות? ניין. דורך קליי־ניקייטן. פּרץ האָט איבערהויפּט פיינט אַ סך־קייט. דראָבנע סקיצן. שאַרף אָפּגעגרענעצטע נאָוועלן. אויסגעקליבענער טיפּ. אַ מקובל. — עסן? ווער רעדט פון אַזעלכע זאַכן? אין דעם קלוב פון נשמות זענען נישטאָ קיין בופעטן. אָבער אויך די גלוסטונג צו עסן איז אַ זינד. וואָרום פאַרברויכט מען דעם אַפּעטיט אויף איינס קען מען דאָס צווייטע נישט געניסן. און אויב עס איז דאָ אַ תשוקה דאַרף זי פאַרוועגדט ווערן אויף עפּעס אַני־דע"ש. געמליך: אין יעדן כזית פליייש פון מענטש, אין יעדן טראָפּן בלוט — די דירה ווו די גלוסטונג וווינט — צו זיין אַזוי תשוקהלאָז, אַז קיין שום באַוועגונג, דער מינדעסטער שאָרך זאָל נישט שטערן די עבודה פון דער שירה־זאַגנדיקער, פון דער ווייסע־טויב־ברומענדיקער, פון דער נשמה.

אָבער אין די שעהען, ווען דער קערפּער קרישלט זיך, גייט אויס

װערט פֿאַרשװונדן, איז דער אומעט נישט אַזױ גרױס. דער גרעסטער װײטיק איז דענסטמאָל װען די נשמה דאַרף זיך אַנטפּלעקן. אין שאַלנדיקע פֿרײד און דראָענדיקע סכּנה זיצן צוזאַמען װי אַ שלאַנג מיט אַ קינד אױף דער ברוסט פֿון ייִנגן מקובל גראָד אין דער גליקלעכסטער מינוט. װײל דענסטמאָל איז באַדױערונג, אַז מען זאָגט אַרױס אַזעלכעס, װאָס מען דאַרף נישט קענען אַרױסזאָגן. און אין דעם אױסגעדריקטן גליק איז שױן פֿאַראַנען װילדע מאַטערניש, װאָס אױף דעם איז נאָך אױסדרוק פֿאַראַנען. דאָס מאַטעריעלע און דאָס רוחניותדיקע, יעדער אײנער פֿון זײ רוקט זיך פֿאָרױס, מאַניפֿעסטירט װי נויטװענדיק ער איז. האָבן זײ אָבער אָנגעטראָפֿן אױף דעם „תלמיד“. ער האָט שױן לאַנג אױסגעקליבן. און — — דער קערפּער פֿאַלט.

אָבער װאָס איז אַזעלכעס גופֿניות און גײסטיקײט? צי איז דאָס נישט דאָס אײגענע װאָס אָפּטײלונג און אַלגעמײנקײט? אונזערע גלידער זענען אין אַ װינקל פֿאַררוקט, אין ענגשאַפֿט פֿאַרזעצט, האָבן אַ תּחום. אָבער אונזער רוח שאָטנט זיך אין יעדן װאַלד, שפּיגלט זיך אין אַלע װאַסערן, איז טאַנצנדיק מיט איטלעכן שטורעם. אַז מיר קומען צו צו דעם פּונקט װוּ דאָס זעעלישע נעמט װערן דאָמינירנדיק, האָבן מיר אָנגעטראָפֿן דעם ברעג פֿון יענעם פֿאָרהאַנג װעלכער באַהאַלט הינטער זיך די עשירות פֿון דער יצירה, דעם קװאַל פֿון אָנצאָליקײט. און דאָס זוכט פּרץ.

נישט פֿאָרם-נײַקײט, נישט סטיל-אױסצײכענונג, נישט מאָטיװ-באַזונדערקײט, נישט חסידות-פֿאַרטײדיקונג, נישט קבלה-אַפּאָטעאָזירונג. זײ אַלע באַקומען זיך ממילא. אָבער דורכגעמאַכטע עטאַפּן בלױז זענען זײ אין דעם באַגער זיך אַרױסצושטאַפּלען ביז יענעם יש װעלכער איז באַגלײבט אױף זיך מעיד צו זײַן: איך בין די גאַנצע װעלט, אַלץ איז נאָר באַשאַפֿן געװאָרן צוליב מיר. און אױב איר װילט, יאָ רבותי, אױב איר װילט דװקא איז דאָס שױן קונסט. דאָ איז שױן דער אָנהײב פֿון עפּעס מער װי קונסט.

גרױסע שרײַבער געדענקענדיק אַז זײ זענען נאָרמאַלע געזעצמעסיקע קינסטלער, שלעפּן דעם מאָדעל איבער זאַמד, שפּענער און בלאָטע. און אַ סך צײַט און אָנשטרענגונג נעמט ביז מען קריגט פֿרײַע לופֿט, פּרוכט-רײַפֿקײט, דופֿטיקײט.

מערקווירדיק: דווקא ביי פאַרנעמערישע מאָנומענטאַ, מייסטער ווייזט זיך אַרויס ווי ריכטיק עס איז יענע מיינונג, אַז פילפאַכיקער האָלט געוועזן דער גענוס ווען ביי שיינע ליטעראַטור זאָל אונז אימצער קענען אויסלייזן און פאַר אונזערטוועגן ליינען דעם בלייכן אָנהייב און די פלאַכקייטן אין מיטן פון ווערק. ביישפילן קענען פיל זיין. לאָמיר אַזוי נישט זוכענדיק אַ כאַפּ טון ביי די מפורסמדיקסטע, די גבורההדיקסטע.

צי וואָלט מיר ביי די ערשטע צענדליק זייטן פון „פאָדראָסטאָק", „ביעסי", „ברידער קאַראַמאַזאָוו" נישט איינגעשלאָפן ווען מיר וואָלטן נישט געוויס פאָרויס, ווער עס האָט זיי אָנגעשריבן? צי איז „וואָינאַ אי מיר" נישט באַזעצט מיט כראָניק און רעטאָריק? און „אין שטיצן פון דער געזעלשאַפט", „בונד פון דער יוגנט", „געשפענסטער" — צי פעלן דאָרט סצענעס, וואָס וואָלטן געקענט אַרויס פון אַ פיל שוואַכערער פען איידער די וואָס האָט זיי פאַרצייכנט? און אַנדערש איז אוממעגלעך.

אויף אַ גאָר ווייטן מהלך מוזן שטרויכלונגען — גרעסערע אָדער קלענערע — פאָרקומען, מוז מען שטויב אויף זיך אַרויפנעמען. אַמאָל קומט אויס אויך דאָרשט צו ליידן. מען וואָלט אפשר געקענט אויסשטעלן אַ טעאָריע, אַז אין אַ גרויסן אמת, אויב מען זאָגט אים נישט ראַשיק, האַסטיק און מ י ט א יי ן מ אָ ל מוז זיך אַריינכאַפּן אַ שפּאָר ביסל צו־געטראַכטקייט, אויסגעקלוגלטקייט. און דאָס מסתמא איז די כוונה פון דער באַקאַנטער פראַזע, אַז „דיכטונג קען נישט זיין אָן ליגן".

דער דיכטער וויל מינדערווערטיקייטן אויסגעאיידלט האָבן, קלייניקייטן דערהויבן, פאַריינזאַמטעס כפלדיק מאַכן. ער איז אָבער אַ מענטש און לאָזט איבער דעם מענטשן זיין נעבעכדיקן מהות. ער האָט נישט די רחמנותדיקע אכזריות פון תנ"ך: „און עס וועט אַנטפלעקט ווערן אין די אויערן פון... צבאות, אויב עס וועט אייך פאַרגעבן ווערן די דאָזיקע זינד ביז איר וועט נישט שטאַרבן". דעם דיכטער איז אַ שאָד די נישטיקייט אומצוברענגען. ער וויל אָבער פאָרט דעם גולם מחיה זיין. טאָ וואָס קומט אַרויס?

עס ליגט אַ קאַלט, שטום, פאַרגליווערט שטיק האָלץ. אויב איר ווילט, קענט איר עס רירעוודיק מאַכן, אין באַוועגונג ברענגען. אָבער דורך דער באַרייכערונג וועט עס מוזן אָרימער ווערן אַלס עצם. איר קענט אויף דעם אָנצינדן אַ פייער. עס וועט ווערן באַהעגלעך, לעבהאַפ-

טיק. אָבער פאַרשפּהט וועט עס ווערן, אין קויל זיך פאַרוואַנדלען. איר קענט עס אפילו איבערלאָזן גאַנץ און דאָך אַריינבלאָזן חיות באַפוצנדיק אים מיט גאָלד אָדער זילבער. אָבער אויך דענסטמאָל פאַרלירט עס. דער מעטאָל וועט בלאַנקען, אָבער דער צוגעדעקטער ווינקל פונם אָב-יעקט וועט זיך נישט אַרויסזען. און אַז איר וועט דעם געגנשטאַנד שטאַרק ליב האָבן און וועלן אים דערהאַלטן אין זיין פולער אורשפּרינג-לעכקייט, וועט איר זיין אויסגעזעצט אויף פאַרשידענע קונץ-שטיק און אומנאַטירלעכקייטן. איר וועט למשל האַלטן דאָס פייער אָפּגערוקט אַזוי, אַז דאָס האָלץ זאָל זיך בלויז אָנכאַפּן און באַלד אויסלעשן. נאָר אויך דענסטמאָל וועט זיין פאַרלוסט. דאָ און דאָרט וועט זיין ווייסע הויט פאַרשוואַרצט זיין. איר וועט, אין פאַל פון אָרגאַמענטירן, כדי אים גופא נישט צו פאַרשטעלן, אַריינזעצן דרעטלעך און אויף זיי אויפהענגען זיל-בער-שטיקער. נאָר וואָס? ס'וועט גארנישט העלפן. געוויסע טיילן פון אים וועלן מוזן פאַרשאָטנט ווערן.

די דיכטער ווילן דעם יחיד אָפּרוקן פון זיך און דאָך אים איבער-לאָזן אין זיין רשות. זיי זענען חס אויף דעם בשר-ודם און דאָך באַ-מיען זיי זיך פלאַסטיש אים אַרויסצוהייבן פון אָפּגעצוימטער בשר-ודמי-קייט. זיי רייסן זיך אַזוי פאַרבענקט יעדן עצם אָוועקצושטעלן אין מיטל-פונקט פון דער וועלט אָבער גלייכצייטיק ציטערן זיי חלילה נישט אָנ-צורירן, נישט שעדיקן זיין תחלתדיקע עצמדיקייט. אָבער דערפאַר טאַקע מוזן זיי נישט זעלטן בלייבן אומבאַפרידיקט. עס איז אוממעגלעך זיי זאָלן פריער אָדער שפּעטער נישט דערזען דעם אומפאַרמיידלעכן דיסאָ-נאַנס, און זיי גייען אָפּט איין אויף קאָמפּראָמיסן. אָבער וואָס ערגער איז, אַז נעמענדיק טיפער באַקומט זיך, אַז זייער מענטשישקייט, זייער פלאַ-טערן איבער דעם אייגענעם מין, זייער מיטלייד האָט סיי-ווי-סיי ווייניק בעפועלט. ענדיקנדיק איבערלייענען אַ נאָוועלע דערקענט איר שוין נישט דעם פריערדיקן טיפ. יעדער העלד פון אַ ראָמאַן איז ביים סוף לגמרי אַן אַנדערער ווי אין אָנהייב. אָדער ער איז פאַרפוילט געוואָרן ווי אַ קערנדל ווערלכן, מ'וואַרפט אַריין אין דער ערד, כדי עס זאָל אויסוואַקסן אַ פרישערעס, געזונטערעס. אָדער אויף אים האָט מען אָנגעצונדן אַ פייער; אַרום און אַרום איז געוואָרן ליכטיק, אָבער פיל שטיקער פון אים גופא זענען פאַרשרפּהט. אָדער דער דיכטער האָט דעם פאַרשוני

זיינעם באַהאָנגען מיט קרעלן און בליאַסקעדיקע שטיינדלעך און די אונטערשטע שורה איז, אַז אונזער אויג ווערט געבלענדט פון דעם צירונג, אָבער דאָס פלייש אונטער אים ווערט סיי־ווי־סיי פארגעסן. געווים, אויב דער קערפער דערהאַלט זיך אין זיין קערפערלעכקייט, דענסטמאָל איז דאָס ווערק פלאַך. און אויב דאָס ווערק איז פאַראַנטוואָרטלעך און ערנסט. דענסטמאָל מוז דאָס פלייש ווי מיט מעסערס געשניטן ווערן. אָדער אין אַ משוגעים־העמדל אָנגעטון אָדער מיט אַ פרוכת פאַרדעקט.

אָבער ווי לאַנג געדויערט עס! ... ת פטרן, וויפיל גאַנג דורך ליים און גרוז. און אַלץ צוליב וואָס? כדי ביים סוף אָנצוכאַפּן פאַר די הערנער דעם אַלטן אמת: „נישט אויף ברויט אַליין לעבט אַ מענטש“.

היינט, אויב מען דאַרף אַרויסשלעפּן אַזויפ׳ מאָל שבעה קבים פּאָמיעס, כדי אַרויסצובאַקומען זיין רביעית ריינקייט, טאָ צי איז נישט גלייכער שנעל, מיט האַסט געבן אַ דריי אויף דעם קראַן און פון אַלע עקן זאָל אַ שפּרודל טון באַגייסטערונג, יעדע טומאה זאָל אַראָפּ און דעם מענטשן אַ געטובלטן אַריינלאָזן לפני ולפנים פון אַלע הייליקייטן?

און פרץ וויל טאַקע מיט אַמאָליקייטן, תיכּפדיקס. גיין בהדרגה? וואַרטן? איז גוט אַז מען קען. ווי איז אָבער אַז „לענגער וואַרטן נישט געקענט“? ווי איז אַז די ליבשאַפט לאָזט נישט פייניקן די מענטשישע ליפּן מיט איינציקע טראָפּנס? מוז מען טאַקע נעמען „דעם בעכער אין דער רעכטער האַנט און מאַכן אַ ברכה איבערן גאַנצן לאַנד“. און אויב פיגורן ביי קינסטלער מוזן געוויינטלעך אַדורך אַלע שבעה מדורי גיהנם כדי געריייניקט צו ווערן, הייבט פרץ באַלד אָן פון... דער „אַכטער אָפּטיילונג אין גיהנום“. קינסטלער פאַרברענגען יאָרן אויף סכעמאַטיזירן, אויף צונויפשטעלן דעם סקעלעט: און נייע יאָרן אַרויפצוציען לייב אויף דעם סקעלעט. נאָכדעם דאַרף מען דאָס אַלץ באַקליידן מיט הויט. און ערשט ביים סוף — — יאָ, אָבער אָט דער סוף איז דער אָנהייב, איז דער טיטול איבער פרצעס אַ נאָוועלע: „וואָס איז נשמה?“

אוודאי קומט דער בן־אדם פון שטויב, זיין פונדאַמענט איז אין דער ערד. אָבער בשעת איינער דערזעט, אז דער דאַך שטעקט אין בראַנד, צי וועט איר אין יענעם אויגנבליק פאַרלאַנגען, אַז ער זאָל נע־

מען באַרעכענען וויפיל ציגל מען האָט דאָ פאַרנוצט און לויט וועלכן פּלאַן דאָס הויז איז אויפגעשטעלט. ווען מיר ווערן פאַרכאַפּט פון דער פראַגע: וואָס איז נשמה, ווען דאָס דאָזיקע פּראָבלעם רייסט אויף די טירן און נעמט אַרומלויפן פון וואַנט צו וואַנט אין אַלע קעמערלעך פון אונזער אינערלעכקייט, דענסטמאָל נעמען איינפאַלן די מחיצות. מיר ווערן פרייער. אונזער פרעמדקייט ווערט היימישער פרעמד צום אין סוף, און דער באַגריף נידריקייט בלייבט אַ באַגריף וואָס עקזיסטירט בלויז פאַר יענע, וועלכע ווייסן שטרענג, אַז דאָס געזעץ פון שווערקייט איז אַ געזעץ. פאַר זיי עקזיסטירט שוין ממילא נאָך אַ געזעץ אַז „דער יצר פון מענטשלעכן האַרץ איז שלעכט פון זיין יוגנט אָן.״ און אויב זיי ווילן געמיינקייט אין איידלקייט מגלגל זיין, וויפיל ווידערשטאַנד טרעפן זיי? נישט אַזוי לייכט לאָזט זיך בייגן און שלייפן און מיטליידער ווערן, און אַ ליבהאָבער ווערן, און האַרציקער ווערן יענער וועלכער האָט זיך אַמאָל געחברט מיטן נחש. ווי שווער איז רויקייט, פאַרשטאַרטקייט, פליישן-קנויל גוט צו מאַכן, הויך צו מאַכן. שוין נישט צו רעדן ווי שווער עס איז אויב מען וויל פון זיי אויסבילדן אויב נישט נאָך בעסער, „אויב נישט נאָך העכער.״

אָבער גיט נאָר אַ קוק ווי פלינק פרצן גיט זיך איין איבערצוהיפּערן אַלע צוימען און גלייך, תיכף-ומידיק אַריינאָטעמען אין דעם לעזער סאַמע יופי. דאָ איז נישט קיין פראַגע פון נעמען בלויז דעם עקסטראַקט. אדרבה. ער רופט אַרויס בייזע כוחות. ער רייצט זיך מיט זיך אַליין. שלעפּט צונויף פאַרשידענע עלעמענטן פון שלעכטס. אויפפאַלנדיקייט. פאַרדאַכט. כיטרע פאַרשטעלטקייט. אַ מין באַהאַלטן זיך וואָס זאָגט נישט עדות אויף גלאַט-כשרדיקייט פון געוויסן. אַ רבי פאַרטאָג אין סערמיענגע פון אַ פויער. אונהיימלעכער וואַלד. אַ שאַרפע האַק אין האַנט. און לייענענדיק די נאָוועלע ווערן מיר געשפּאַנט: אָט אָט וועט אַרויסשפּרינגען דער קאַטעגאָריש-מוראדיקער תוך: כי יצר לב האדם רע מנעריו. נאָך אַ מינוט און עס וועט באַשטעטיקט ווערן דער גזר: דער אדם האָט זיין יסוד אין שטויב און זיין סוף איז שטויב.

אָבער שפּעטער פון פרצס שניט קענען צערייסן דעם גזר-דין. זיי שפּאַלטן אויף די ראַם. גנבענען זיך אַרויס פון דעם געוויינלעכן גדר: ״ינסטלער און זייער מי איז זיך אַריינצורייסן אין דער בחינה פון

צדיק, וועלכער איז אייביק וואכזאם, וועלכער גיט אכטונג און וואָס הקב"ה איז גוזר איז ער מבטל און הקב"ה איז מקיים װאָס ער איז גוזר. און זיין געזעץ איז: נישט קיין וואַקלעניש! אויס צווייפלען! אַלץ איז באַשטאַנד. אַלץ איז גלויבן. און אַז הימלען דראָען מיט גליוועדי־קע באַגינענס איז נאָך געגוג ישועה פאַראַנען. און אַז קראַנקע וועלט קאָרטשעט זיך אין ווייען, זאָל זי ווי יענע יידענע אומגעריכט וואַרעמ־קייט דערשפירן. און נישט נאָר נעמיראָווער, און נישט נאָר ליטוואַק, נאָר יעדער פויגל, יעדער שטיין, בלאָטיקע גאַסן, ברוגזער וואַלד, גויאישער פעלץ, גזלנישע האַק, — אַלץ זאָל זיך טרייסטן: מיר וועלן זיין צוזאַמען. אַלץ זאָל זיך פרייען: גאָט האָט זונז ליב. אַלץ זאָל העלפן און העלפנדיק זינגען דעם ניגון פון סליחות.

אַלע פאַר איינעם און דער אַלע איז ווידער איינער: צעשניטנקייט פאַרשווינדט. אָפּגעזונדערטקייטן פאַרשמידן זיך. שטויביקייטן, געפאַלנקייטן דערפירט ביז אידעאַל. מיט קנאַפּסטע מיטלען ענדציל פון קונסט: פון אַ פרט געשאַפן אַ נייעם זעלבסטשטענדיקן געהייליקטן כלל.

און עפּעס וואַרפט זיך אין די אויגן. פּרץ דער אומרויקסטער, דער לעבעדיקסטער, דער בּרויזנדיקסטער, דער סאַנגווינישסטער, דער רעוואָלוציאָנערסטער פון אַלע אונזערע שרייבער, גראָד ער איז דער רעליגיעזסטער אין אונזער ליטעראַטור. וואָרום רעליגיעזיטעט אין איר ברייטסטן וואָרצל איז רעוואָלוציאָנער. עכטע גאָטספאָרכטיקייט איז שטו־רעמווינטיש. וועג־ברעכעריש. זי צעברעכט אַפילו ריטועלע געזעצן, אויב זיי פאַרשטעלן די פרייהייט צו ענדגילטיקער אַבסאָלוטער רעליגיעזיטעט. קרבנות איז אַ דין אין דער תורה. אַ גאַנצער ספר פון די פינף חומשים איז ספעציעל אויף דעם געווידמעט. אָבער ישעיהו וועלכער האָט גע־וואָלט אַז אין האַרצן פון זיין פאָלק זאָל די זינד ווערן אויסגעסמאַליעט, אויסגעשרפהט אַזוי אוממיטלבאַר ווי די ברענענדיקע קויל, וועלכע דער מלאך האָט צוגעלייגט צו זיינע, ישעיהוס ליפּן. אים האָט געעקלט די משלדיקע, קליינמדרגה־דיקע איבערגעטראָגענע רייניגונג דורך קוילען אַ בהמה. און דער גוטער יוד רבי שלמה ווייס גאַנץ גוט, אַז בפירוש איז געזאָגט געוואָרן: „זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און דעם זיבעטן טאָג זאָלסטו רוען". אָבער די זעקס טעג ווערן צופיל ערדיש. די זעקס טעג ווערן אומנאָרמאַל, ווייל צופיל נאָרמאַלקייט, צופיל באַוועגטקייט, צופיל

שטויב-באַדעקטקייט, צופיל גשמיות באַקלאַבערן דאָס לעבן. וועלנדיק זיין אין די זעקס טעג נאַטירלעך, וועלנדיק אויפבויען און קולטיווירן די נאַטור, האַנדלט מען צופיל, וואַנדלט מען צופיל, מען זייעט, מען אַקערט און מען פלאַנצט צופיל און דורך דעם ווערט מען אומנאַטירלעך. די זעקס טעג ווערן קאַליקעס ווי זעקס פינגער אין אַ האַנט.

און רבי שלמהן ווערט עס דערווידער. ער, די ריינקייט, ער, די שלימות, ער די אוממיטלבאַרקייט, ער דער אָנגעגליטער אייזן וועלכער ווערט, דורך עפּעס אַ וווּנדער, קיינמאָל נישט פאַרטונקלטער, קיינמאָל נישט אָפּגעקילטער, ער וויל די וועלט אין איר אמתדיקייט, אין איר טהרה, אין איר ערשטער פאָלקאָמענהייט. ער וויל מענטשישע בוזעמס זאָלן זיך בייגן ווי קריגלעך און די נאַטור אַ פרישע און שטראָמענדיקע שעפּן פונם אור-קוואַל. טויזנטער יאָרן האָט מען „זעקס טאָג זאָלסטו טון דיין מלאכה" געלייענט שנים מקרא ואחד תרגום. און פונקט ווי אויף אַלע אַנדערע, האָט מסתמא רבי עקיבא אויך אויף די דאָזיקע אותיות געדרעכנט תלי תלים של הלכות. אָבער, דער רעוואָלוציאָנער שמעטערט און צעשטיקלט אין די פאַרזשאַווערטע אי די בלאַנקענדיקע קייטן וועלכע קרעמפּעווען דעם אָטעם און לאָזן נישט מיט פולער ברוסט אַריינכרונקען די ווייטסטע פרייהייט. דער רעוואָלוציאָנער וועלכער וויל נישט, וועלכער קען נישט געטרייסט זיך באַגנוגנען מיט אָפּוואַרטן די ביסלעכווייזדיקע עוואָלוציע פון די פּאַסירונגען. ער קען זיך נישט טרייסטן מיט פרידלעכן האָפן, ווייל טרייסטלאָזיקייטן, טרויערס און יללות רינגלען אים אַרום. און די נויט איז גרויס און די הצלה איז דרינגענדיק.

אָט דער רבי הערט גוט ווי פון יעדן ווינקל קרעכצט. ער ווערט נישט פאַרטויבט פון דעם אַרומיקן האַרמידער. ער איז דער פּרוש אינמיטן דעם צבור. די שטיק מדבר איגמיטן דעם ישוב. אינמיטן דעם טאָג איז ער די נאַכט, די קאָנצענטרירט-שווייגעדיקע, אַלצאויפכאַפּנדיקע אויערברייט-צעעפנטע נאַכט, ווען יעדע קלאָג, איטלעך שלוכצן שלאָגט זיך אָפּ אַ סך-פאַכיק. [און די סכקייט סינטעטיזירט זיך, ווערט פאַראייניקט אין דעם צדיק. פון הונדערט מיניאַטור-ווילנס איין גרויסער רצון. פון אָנגעהויבענע נישט-דערגאַנגענע שטרעבונגען, פאַרענדיקטער, גראַנדיעז-בינדיקער תכלית. און אין זיין שרייען: שבת זאָל זיין, שבת! איז דאָ דער רייף.

געוואָרענער אויסגעוואַקסענער געשריי, וועלכער אַפּטיקט אין אַלע קער־פּערס, דער געשריי: וואָס איז נשמה?

אָבער דאָס איז אויך דער געשריי וועלכן די קונסט פון אַלע צייטן וויל אין זיך אַריינהילכן. נאָר איז ער ביי איר פאַרקלעמט, דערשטיקט, ווי דער זיפץ פון אַ שווערן קראַנקן אונטער אַ הויפן קישנס.

אַמאָל האָט זי אַ ווילן צו ווערן חירותדיק, פולשטענדיק באַפרייט, אָן יעדן עיכוב, אָן שום פאַרקאָן. אַמאָל ווערט זי פאַרביטערט, טרערן שטיקן אין האַלז, זי וויל געבן אַ וויין־אַרויס. און זי נעמט פון זיך אַראָפּוואַרפן אַלע שטיקער בעטגעוואַנד, דעקט אויף די ווונדן, אַנטפּלעקט איר געבּרעכליכע נישט־סימעטרישע נאַקעטקייט. און אָנשטאָט צו זיין נאַטור־דערפרישנדיק, נאַטור־סודותפול, נאַטור־זויבער, נאַטור־מענטשיש נאַטור־געטלעך, ווערט זי נאַטוראַליסטיש־הפקרדיק, יאַטקעדיק־פאַרבלוטיקט, ווערט זי אָפט אַרציבאַשעוויש.

אויך זיי האָבן אַ פּליוס. אויך זיי ווילן לאַנג נישט דולדן קיין צעשאָטנקייט. און פלייסן זיך צו איילן דעם פּראָצעס פון אייגעזאַמלט־קייט. זיי ווילן וואָס שנעלער געפינען כּלליות. און ביי די ערשטע טריט רופן אַזעלכע טיילמאָל אַרויס נישט געוויינלעכע פאַראינטערעסירונג. מחמת אויך ביי זיי ווערט לויט מעגליכקייטן אויסגעמיטן קאָמפּראָמיסן און עס מערקט זיך באַמיונג זיך צו האַלטן ביי עקסטרעמען. נאָר לאַנג קען זיך זייער נצחון נישט האַלטן. זיי מאַכן עס צו חומריותדיק. מוז זיך ווידער שפירן ענגשאַפט. וואָרום יעדער חומר איז באַגרענעצט.

אַזעלכער איז אויך אַמאָל געווען פּרץ. שוין דענסטמאָל האָט ער גע־בענקט צו פאַרגאַנצונג, צו אַרומנעמפולקייט, צו קאַטעגאָרישקייט, צו אמת־דערנענטערונג. אַזעלכער איז ער געווען שרייבנדיק דעם „שטריימל“ מיטן אַנטקעגנשטעלן די צוויי קינדער. איינס וואָס קומט פון שול־הויף, פיר דרענגלעך און אַ חופּה, און דאָ צווייטע וואָס ווערט געבוירן אויף דער פרייער לופט, אונטערן אָפענעם הימל, אויף אַ גרינער לאָנקע. אויך דאָ איז ווילן צו עפּעס ברייטערס, צו מינדער־באַגרענעצטעס. אָבער די מעטאָדן קאָנווענציאָנעלע, גראָבּ־הויטיקע, מעטאָדן פון דורכשניטלעכער קונסט.

און „באָנטשע שווייג“ קען זיך גאַנץ פיין באַגיין אָן דער טרי־וויאַלער סאָציאַלער טענדענץ, וועלכער מען האָט אים צוגעשריבן. פיל

באַרעכטער וועט זיין דאָ צו דערזען אַ כוונה פון איינגעהאַלטענער שטי־לער תמימות, פון נישט אָנגערירטער אומבאַפלעקטער פשטות. אומפּראַק־טישקייט ווי דער בוים וועלכער איז אַזוי נאַיוו, אַזוי נישט קלוג, אַז זיין גאַנץ לעבן לאָזט ער זיך באַגנוגענען מיט עטלעכע וואָרצלען פון אונטן און אַ שטיקל הימל פון אויבן. אומפּראַקטישקייט פון אַ באַשעפע־ניש וואָס איז אַזוי נישט כיטרע, קען זיך אַזוי קיין עצה נישט געבן, איז אַזוי ווייניק קאָמבינאַטאָריש ווי דאָס פעלד וואָס אַפילו אין די גרעסטע היצן און טרוקענישן, ווען קיין טראָפּן רעגן איז נישטאָ, לויפט עס נישט אַוועק צו אַ ים, צו אַ טייך אַ טרונק טון מיטן פולן מויל, נאָר תמיד בלייבט עס אויף זיין אָרט. אומפּראַקטישקייט ווי די שטערן. מעגן וויפיל וואָלקן זיי פאַרדעקן, וועלן זיי זיך נישט אָפּרוקן, נאָר בלייבן אויף זייערע ערטער. און באַנטשע שוויג בלייבט שטענדיק אויף זיין אָרט. ווער איז ער אָט דער נפש? אַ מדבר? אַ בעל-חי? אַ צומח? אַ דומם? ווער ווייס? נאָר אַ נאַטור-פראַגמענט, אַ פּאַס אורשפּרינגלעכקייט איז ער געוויס. אָבער אין דער דערציילונג איז נאָך אויך פאַראַן געגוג נשמיות אין דער באַנעמונג.

און פרץ האָט געמוזט ראַדיקאַל ענדערן די ריכטונג פון זיין שאַפן, כדי צו דערגרייכן ענדגילטיקן דעצידירנדיקן טריומף. און גראָבנדיק און נישטערנדיק און אויסקלויבנדיק און אויסדיכטנדיק מאָטיוו נאָך מאָטיוו איז זיין שטרעבונג געווען געקירעוועט נאָר אויף איינס. אָן זייטיקייטן, אָן אַרומגייענדיקייטן, אָן צופעליקייטן צוצוקומען אַם פלינקסטן, אַם אומ־געזוימסטן צו דעם תמצית פון די גרלות, צו דער ערשטער ריינקייט, צו דעם האַרץ פון דער שיינקייט, צו יענעם האָריזאָנט-אַראָפּפאַל. ווו אָנהייב און סוף באַהעפטן זיך מיט די ליפּן און ד'ערציילן זיך מעשהלעך, מעשה־לעך אַזוי פיל, און אַלע זענען איינס און דאָס זעלביקע, ווייל אַלע זענען באַהויכט מיטן כביכול, וועלכער איז איינס, ווייל אַלע בענקען צו דער אור-נאַטור וועלכע איז איינס.

און פונקט ווי אין משך פון אַ גאַנץ יאָר שיילט זיך אָפּ, ווערט פאַר־שוואונדן טאָג נאָך טאָג, כדי צו ווערן וואָס אַמאָל נענטער און נענטער צו דעם הייליקסטן טאָג, צו יום כפור, אַזוי האָט פרץ געשניטן כזית נאָך כזית און ביסלעכווייז אַראָפּגעשוונדן אַלע קעראָפּערליכקייטן ביז ער האָט ענד־לעך איינמאָל ביינאַכט אַרויסגעפירט אויפן אַלטן מאַרק סאַמע דינקייטן,

סאַמע אויפריכטיקייטן, יענע וועלט שוין גפזען־געהאַטע צעווייטאָקטקייטן, מיט מלאכים שוין צו טון־געהאַטע עלנדקייטן, בלויז נשמות, בלויז נשמות.

איך גיב מיר געניוג אָפּ אַ דין־וחשבון, אַז די אויפגאַבע איז נישט קיין לייכטע. און עס איז קיין וווּנדער נישט, אויב כ׳האָב די טעמע נישט אויסגעשעפּט אינגאַנצן. מיר איז אָבער געגאַנגען אין לייגן עטלעכע שטיינער, וואָס זאָלן אָנווייזן דעם שאָסיי אויף העלכן אונזערע קריטי־קער מוזן גייז, אויב זיי ווילן זיין ווייניקער כאַאָטיש אין דעם פּראָבלעם: פּרץ.

וואָלט די קריטיק זיך געלאָזט אין דער ריכטונג, וואָלט זי גאַנץ אַנדערש צוגעטרעטן צו אונזער גאון. אירע אויפגאַבן מוזן זיך דעקן מיט די טענדענצן פון דעם דיכטער. פּונקט ווי דער לעצטער ציט אַרויס אַן איינצעלהייט פון דער כוללדיקער זאַמלונג דערשיינונגען און איז זיך מיט איר מטפּל און דערהויבט און פאַרשטאַרקט זי און פאַראַסכפּאַכיקט זי, אַזוי באַגייט זיך אויך דער קריטיקער אויסקלויבנדיק איין קינסטלער־טיפּ פון דעם גאַנצן קאָמפּלעקס שעפערישע נאַטורן. פאַרשטייט זיך, אַז ביידע גיבן אָפּ זייער גלויבן, זייער צוקונפט, זייער מי, זייער כח, זייער פאַרליבטקייט, זייער אויסלעבן זיך פאַר יענע אינדיווידוען, וועלכע זענען אַ מער דאַנקבאַרער מאַטעריאַל אויף פאַרט־פונג, אויף אויפגלאַנץ, אויף אויפבוי

שוין בלויז צוליב דעם האָבן מיר געהאַט דאָס רעכט צו דער־וואַרטן, אַז אינם ליכט פון דער יידישער קריטיק וועט פּרץ ווערן אויפ־געקלערטער, מעכטיקער, אַצילותדיקער. אָבער ווען זי לאָזט זיך אויף דעם וועג וואָלט צוגעקומען נאָך עפּעס. זי וואָלט זיך געמוזט אַרומקוקן אַז דאָ קען מען נישט צוגיין מיט דער מאָס פון געוויינלעכער קונסט־אָפּשאַצונג. דאָ איז עפּעס מער

וואָרים כאָטש ווייט ווייט, פאַרשטייט זיך מיט טויזנטער פּראָצענ־טער ווייניקער גבורה־פול, ווייניקער איבעררעשענדיק, כאָטש חייט ווייט־פאַרשטייט זיך מיט טויזנטער פּראָצענטער ווייניקער ניי אין דער ווירקונג, ווייניקער מוראַדיק אין דער איבערצייגונג — נאָר די ליניע פּרצעס איז אור־אַלט־יידיש, איז תנכיש. נישט צופיל צכט געלייגט אויף הלקדי־קייטן און פולע אויפמערקזאַמקייט איינגעשפּאַנט אויף גאַנצקייט; צַן אי, בערפלוס פון פּרטים אָנגעכאַפּט דעם כלל; גוף־איבע־היפּערונג און די־

רעקטער צוטריט צו גייסטיקייטן. און עס איז זינלאָז צו קומען אַהער מיט טענות ומענות וועגן מערער פּלאַסטיש אָדער ווייניקער פּלאַסטיש. דאָרט ווו פרק האָט זיך געפינען, איז יעדע שורה געבילדלעכט, יעדע פראזע אַ געשלאָסענע קאָמפּאָזיציע. יעדעס זייטל אַ פּיראַמידע. ווען די קריטיק וואָלט אים אַזוי תופס געווען, וואָלט זי אונז גלייכצייטיק דערציילט נאָך עפּעס, וואָס איז גאָר וויכטיק. אַז פרק האָט געפינען פאַר מאָדערנעם אינהאַלט יידישן סטיל. און עס וואָלט געווען ריכטיק. אויב מען האָט מענדעלי מוכר ספרים געקריינט מיטן טיטול: „דער שעפער פון נוסח", איז עס טאַקע אין אַ געוויסער מאָס אמת. אָבער אין בעסטן פאַל איז ער דער שעפער פון שאַבלאָנעם קונסט-נוסח. פרץ אָבער איז דער יוצר פון דעם איבערשפּרינגענדיקן, גוף-אויסמיידנדיקן, פאַרצייטיק-יידישן נוסח פאַר דער נייער קונסט, וועלכער הייבט אָבער אָן אַ דאַנק דעם צו ווערן עפּעס מער, עפּעס העכער ווי קונסט.

יאָ. די יידישע קריטיקער האָלטן אונז געקענט פיל, זייער פיל זאָגן. און זיי וועלן נאָך זאָגן. אָבער דערווייל ווען זיי וועלן נישט אָפּערירן בלויז מיט ליטעראַטור-חכמה. אוודאי איז קריטיק באַוווסטזיין, שכלדיקייטן, אָבער ווי פלעגן זאָגן די אַלטע: „נישט דער שכל אַליין בלויז, נאָר דער שכל וואָס ווערט געשפּייזט פון נעקסאַר."

ד"ר יצחק שיפּער

# אויפן וועג צו די אור-בילדער פון דער יידישער נשמה

/ וועגן די גייעסטע יידישע היסטאָרישע ראָמאַנען /

1

אין די לעצטע פּאָר יאָר איז די יידישע ליטעראַטור (אין ברייטן זין פון וואָרט) באַרייכערט געוואָרן מיט אַ היפּש ביסל געשיכטלעכע ראָמאַנען און ערצעלונגען, וואָס האָבן אין פלוג אויסגענומען ווי אַ באַפרידיגונג פון באַהאַלטענע, קינסטלערישע חלומות און ווי אַ דערפילונג פון געוויסע נאַציאָנאַלע בענקשאַפטן.

ס'איז גענוג צו דערמאָנען דעם רושם, וועלכן עס האָבן ביי אונז אַרויסגערופן ש. אַשס „קידוש השם", „די כּישופמאַכערין פון קאַסטיליען" אָדער אָפּאַטאָשוס „פּוילישע וועלדער". איז עס בלויז דער ריין־קינסטלערישער, עסטעטישער מאָמענט, וואָס האָט באַפליגלט סיי די מחברים, סיי די געניסנדע לעזער, ווען זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף דער וואַנדערונג דורך די „בערג און וועלדער" פון אַלטע, לאַנג־פאַרגאַנגענע צייטן? איז עס די „עקזאָטישע טעמע", דער אויסערגעוויינלעכער עפּיזאָד אין אונזער פיל־פאַרביקער געשיכטע, וואָס האָט אָנגעצונדן די פאַנטאַזיע פון דעם קינסטלער־מחבר און משפּיע געווען אויף דעם לעזער? און אפשר האָט זיך דער שטויס צו דער וואַנדערונג גענומען פון אַן עקל צו דער געגנוואַרט, פון אַן עקל, וואָס טרייבט אונז אַוועק פון די געגנוואַרטס־בילדער און וועקט אין אונז דעם פאַרלאַנג, צו פאַרלירן זיך אין „אַלטוואַרג", אין פאַרגאַנגענהייט, וואָס איז ווייט, העט ווייט און קאָן אונז דעריבער נישט מער קרענקען, אויפרודערן, באַאומרויקן...? איז טאַקע די אמתע סיבה פון אונזערע מאָדערנע געשיכטלעכע ראָמאַנען און ערציילונגען: אַ טיפער געגנוואַרטס־פּעסימיזם? אַ מין ברוגז מיטן לעבן, עפּעס אַ ביטער געפיל אַזאַ, וואָס קלינגט ווי דער באַרימטער ענטפער פון דאָסטאָיעווסקי: לעבן, דו האָסט ביי מיר נישט אָנגעפרעגט, צי איך וויל דעם לעבנס־בילעט, שיק איך דיר אים אָפּ!? אַ מין גלוסטינג, צו קאָנסטרוירן פאַנטאַסטישע בילדער לויט סוזשעטן, וואָס געפעלן און באַצויבערן?!

איך האָב אָנגעוואָרפן אָט די דאָזיקע פראַגן, באַנוצנדיק זיך מיטן מעטאָד פון געוויסע מעדיצין־דאָקטוירים, וועלכע קומען צו דעם לעצטן און זיכערן דיאַגנאָז, אָפּשטעלנדיק זיך ביי אַ ריי סיבות, וואָס האָבן געקאָנט אַרויסרופן אַ באַשטימטע ערשיינונג אינם אָרגאַניזם: עס ווערן

דאַן נאָכאַנאַנדער אַנאַליזירט די „סיבּות״, איינע נאָך דער צווייטע ווערט צעקלאַפּט מיט קעגן־אַרגומענטן, בּיז עס בּלייבּן איינע צוויי, דריי אַזעלכע „סיבּות״, קעגן וועלכע ס׳לאָזן זיך נישט מער אויסטראַכטן קיין שום קעגן־אַרגומענטן. — און אָט די דאָזיקע נישט וואַקלדיקע „סיבּות״ ווערן לסוף בּאַצייכנט אַלס אייגנטלעכע, אמתע סיבּות (שוין אָן גענזנפיסלעך!)

ענלעך האָבּ אויך איך אָנגעוואָרפן אַ רייע „סיבּות״, וואָס האָבּן געקאָנט בּאַפרוכפּערן דעם מאָדערנעם געשיכטלעכן ראָמאַן, וועלכן מיר געפינען אין אונזער ליטעראַטור. און איך מוז גלייך דערקלערן, אַז איך האַלט זיי אַלע, די נאָר וואָס דערמאָנטע סיבּות פאַר „סיבּות״ (אין גענזנפיסלעך!). נישט קיין „עסטעטישע פיינשמעקעריי״ און אויך נישט קיין קעגנוואַרטס־פּעסימיזם, נישט קיין סתם קאָנסטרוקטיוויסטישע שפּילערייען און אויך נישט קיין ראָמאַנטישע חלומות — נישט דאָס זענען די קוואַלן, פון וועלכע עס שעפּט דער מאָדערנער יידישער שרייבּער דעם אינטערעס פאַר געשיכטלעכע טעמעס, און עס זענען דאָס אויך נישט די מאָטיוון, וועלכע בּאַשטימען די פאַרינטערעסירונג פון אונזער לעזער מיט געשיכטלעכע ערציילונגען און ראָמאַנען. דער יידישער געשיכטלעכער ראָמאַן, וואָס האָט זיך בּאַוויזן אין די לעצטע יאָרן, איז אַ יינגע פלאַנצונג, וואָס וואַקסט־אַרויס פון אַ גאַנץ אַנדערן בּאָדן. ער מאַכט אויף אונז אַזאַ רושם צוליבּ גאַנץ אַנדערע טעמים. ער איז אַ געשיכטלעכער ראָמאַן, בּלויז אויסערלעך, לויט דעם קינסטלערישן כּלי זין, מיט וועלכן ער בּאַנוצט זיך. אָבּער אינערלעך איז ער די סאַמע היינטיקסטע קעגנוואַרט אין ווי אַ מאָל בּאַרירט ער מיט זיין „געשיכטלעכער טעמע״ פראַגן פון אונזער צוקונפט, די סאַמע אַקטועלסטע פראַגן פון אונזער צוקונפט. די מחבּרים פון דעם מין געשיכטלעכן ראָמאַן זוכן נישט אַ וועג, ווי זיך צו פאַרגעסן, צו פאַרלירן אין די טויזנטער פּרטים פון פאַרגאַנגענע, נישט מער אַקטועלע לעבּנס־עפּיזאָדן. פונקט פאַרקערט: זיי אַקטואַליזירן דאָס פאַרגאַנגענע, בּינדן צונויף די פעדים צווישן „נעכטן״ און „היינט״, שאַפן פאַר דער פאַרגאַנגענהייט אָן עכאָ, אַ לעבּעדיקן אָפּקלאַנג אין דער געגנוואַרט און פאַר דער געגנוואַרט דעם יחוס־בּריוו פון „נעכטן״. און אָט דער דאָזיקער לעבּעדיקער צוזאַמענהאַנג צווישן „נעכטן״ און „היינט״, וואָס פילט

זיך אַרויס פון די דערמאָנטע ראָמאַנען, ווירקט, אַז דו באַגעגנסט די העלדן, די ראָמאַן־פיגורן, זייערע לעבנס־סיטואַציעס, פּראָבלעמען און ראַנגלענישן, ווי די פּראָבלעמען און קאַמפן פון דיין אייגענער צייט. מאַך בלויז צו די אויגן, פאַרגעס אַ ווײַלע אָן דעם דעקאָראַטיוון עלעמענט אין די דאָזיקע געשיכטלעכע ראָמאַנען, אָן די מלבושים, מיט וועלכע עס זענען באַקליידט די ראָמאַן־„העלדן״, פאַרגעס אין דאָס ביסל צייטלעך־פאַרגענגלעכע, מיט וועלכן זיי זענען באַהאָפטן, נעם זיי מוטער־נאַקעט, אַזוי ווי זיי זענען אינערלעך מיט זייערע לײַדנשאַפטן, געדאַנקען, זאָרגן און האָפנונגען און דו וועסט פּלוצלינג דערבליקן זיך אַליין, דײַנע אייגענע טיפענישן און פלאַכקייטן, זיך אַליין און די מענטשן, וואָס לעבן מיט דיר, נעבן דיר אָדער קעגן דיר... דו זעסט דאָס אַלץ ווי אין אַ פאַרגרעסערונגס־שפּיגל, בולט, מיט שאַרפע קאָנטורן, דערפירט צו אַ גראַנדיאָזער, ווי אַ מאָל געשפּענסטישער מאָנומענטאַלישקייט. עס פאַלן די מחיצות, וואָס האָבן אָפּגעשיידט דיך און דײַנע מיט־מענטשן פון דײַנע און זייערע זיידעס און עלטער־זיידעס, עס באַווייזט זי די אָרגאַנישע קייט פון דורות און דו ווונדערסט זיך ווי ווייניק עס האָט זיך געענדערט דער מוטער נאַקעטער מענטש, דו וווּנדערסט זיך, ווי שנעל עס לויפט די צייט און ווי לאַנגזאַם, שנעקיש־לאַנגזאַם עס בייט זיך די מוטער-נאַקעטע מענטשלעכע פּסיכאָלאָגיע... און דו ווערסט בײַ זיך געלאַסענער, רויקער און מילד. דו וואַנדערסט צווישן די גוף־בילדער פון דײַן אייגענער נשמה; דו זעסט דײַנע מעגלעכקייטן און באַגרענעצונגען, דײַנע צײַטלעכקייטן — צופעליקייטן און יענע טיף פאַרוואָרצלטע, דורך געשיכטלעכע איבערלעבונגען אײַנגעפלאַנצטע אייגנשאַפטן, וואָס זענען דײַן גליק און אומגליק. עס באַרײַכערט זיך דײַן באַוווּסטזיין מיט אַ נייער דערקענטניש: דו האָסט פריער געהאַלטן דײַן „איך״ פאַר עפּעס זעלבסשטענדיקעס, אײַנמאָליקעס, אייגנאַרטיקעס — און איצט זעסטו, אַז דו ביסט אַ צווייג פון אַ גרויסן, אור-אַלטן בוים מיט טויזנטער און איבערטויזנטער צווייגן, אַז דו ביסט אַ פאָדעם, וואָס איז אײַנגעפעדעמט אין אַלטע, אור־אַלטע פּרוכתן... דו האָסט פריער געזוכט דעם אָריגינעלן, נייעם שטריך אין דײַן קעגנוואַרט, איצט זעסטו, אַז דאָס „אָריגינעלע״, „נייע״ איז צײַטלעך־פאַרגענגלעך און אָן אַ גרעסערע באַדײַטונג פאַר דײַן קיום. וואַנדערט איצט דײַן בליק פון

צווייג צו בוים, פון גליד צו אָרגאַניזם, פון פרט צו כלל, פון פאַר־בענגלעכקייט צו דויערהאַפטיקייט, צו... געשיכטלעכקייט.

אַזוי באַנעם איך דעם מאָדערנעם געשיכטלעכן ראָמאַן אין אונזער ליטעראַטור, דאָס זענען לויט מיין מיינונג די מאָטיוון, וועלכע האָבן געשטויסן אונזערע מחברים אויפן דאָזיקן ביז איצט פאַרוואָרלאָזטן געביט פון שאַפן. דאָס איז נישט קיין אַנטלויפן פון דער קעגנוואַרט, נאָר אַ פאַרטיפן זיך אין אירע פּראָבלעמען, אַ וואַנדער־וועג צו די וואָרצלען.

2

די יידיש-געשיכטלעכע טעמעס פון די מאָדערנע ראָמאַנען זענען נישט קיין צופעליקע, צופעליק אויסגעקליבענע, נאָר טיף צוגעטראַכטע און געוועלטע. דער מחבר קלויבט זיי שטייענדיק אונטער דער השפעה פון דער געגנוואַרט און אירע אָנגעווייטאָגטע פראַגן. די געגנוואַרטס־פּראָבלעמען זענען דער אויסגאַנגס-פונקט, פון וועלכן ער הויבט-אָן זיין וואַנדערונג איבער די געשיכטלעכע פּייזאַזשן.

לאָמיר זיך אָפּשטעלן ביי אַ פּאָר ביישפּילן: אָפּאַטאָשוס „פּוילישע וועלדער" זענען באַפליגלט פון דעם דורכויס לעבעדיקן פּראָבלעם וועגן די צוזאַמענהאַנגען צווישן דעם פּוילישן פיזישן און גייסטיקן פּייזאַזש פון איין זייט און די גייסטיקע פיזיאָנאָמיע פונם פּוילישן ייד פון דער אַנדערער זייט.

אין אַשס „קידוש השם" ווערן אַנטשלייערט די וואָרצלען פונם „שטעטל", די וואָרצלען פון יענעם פּאַטאָס, וואָס האָט פּאָרמירט דאָס „שטעטל", סיי זיין אידיליע, סיי זיין טראַגישע העלדישקייט.

דעמזעלביקן וועג צו די שענקייטן און טראַגישע העלדישקייטן פונם אַלט־ניימן שטעטל געפינען מיר אויך אין אַשס „כישופמאַכערין פון קאַסטיליען"

פונקט אַזוי בולט אַנטפּלעקט זיך דער צוזאַמענהאַנג צווישן געגנוואַרט און פאַרגאַנגענהייט אין די געשיכטלעכע ראָמאַנען, מיט וועלכע עס האָבן אונז אין דער לעצטער צייט באַרייכערט די טיף-יידישע מחברים, וואָס שרייבן אָבער דייטש, ווי מאַקס בראָד און ליאָן פּייכטוואַנגער. מאַקס בראָד גיט אונז אין זיין גרויסן ראָמאַן „דוד ראובני, דער פירשט פון יידן" — דעם העלדן-עפּאָס פונם מאָ־

דערנעם ציוניזם. ליאָן פייכטוואַנגער פרווט אין זיין גראַנדיאָזן ראָמאַן „ייד־זיס״ (=אָפּענהיימער) צו אַנטשלייערן דעם סוד פון דער יידישער נשמה, אַזוי ווי זי איז פאָרמירט געוואָרן אין משך פון דער טויזנטיאָריקער געשיכטע.

מיר האָבן אויבן אין אונזער איבערבליק באַרירט די פאַמע בעסטע און וויכטיקסטע געשיכטלעכע ראָמאַנען, מיט וועלכע עס האָט אונז באַשאָנקען אין די לעצטע פאָר יאָר דער יידישער, שאַפערישער גייסט. און עס איז כדאי אין די ראַמען פון אונזער איצטיקער, אַלגעמיינער באַטראַכטונג, נאָך אָנצומערקן איינעם, אַ זער כאַראַקטעריסטישן שטריך פון די דאָזיקע ראָמאַנען. שוין פון די אויסגערעכנטע טיטלען איז צו זען, אַז אונזערע ראָמאַנען־שרייבער דערוויטערן זיך פון ביבלישע טעמעס און שטעלן זיך אָפּ ביי עפּיזאָדן פון אונזער געשיכטלעכן גלות־לעבן, מערסטענטיילס ביי עפּיזאָדן זינט דעם אָנהויב פונם 16-טן י״ה. מאַקס בראָד און אַש (כשוף-מאַכערין פון קאַסטיליען) באַהעפטן זייער שאַפע־ישן בליק מיטן יידישן לעבן בעת דער שטורמישער צייט פון רעפאָרמאַציע און רענעסאַנס (סוף 15-טן — אָנהייב 16־טן י״ה.) אַש מאַכט אויך אַ וואַנדערונג איבער די יידישע קיבוצים אין אוקראַינע בעת דער ערשטער העלפט פון 17-טן י. ה. ביז צו דער קאַטאַסטראָפע אינם יאָר 1643 („קדוש השם״). ליאָן פייכטוואַנגער באַהאַנדלט אַ טעמע פון 18-טן י״ה אַם מערסטן דערנענטערט זיך צו אונזער צייט אָפּאַטאָשו, וועלכע באַהאַנדלט אין זיינע „פוילישע וועלדער״ אין זיין „יאָר 1863״ דאָס יידישע לעבן אין דער צייט פון די לעצטע צוויי פוילישע אויפשטאַנדן (1831 און 1863).

דער פעסטגעשטעלטער פאַקט איז נישט קיין צופאַל, ער איז טיף באַגרינדעט אין דער גייסטיקער אַטמאָספערע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך אונזער אויסגערייפטער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

אין דער יוגנט-צייט פון אונזער נאַציאָנאַלער באַוועגונג האָט אונזער ראָמאַן - ליטעראַטור געהאַט צוויי הויפט-אַקאָרדן: אַ נעגאַטיווע באַציונג צו דער יידישער, גלותדיקער געגנוואַרט (מענדעלע!) און אַ ראָמאַנטישן פלוג צו די צייטן פון יידישער, מלוכהשער זעלבסטשטענדיקייט (מאַפּוס „אהבת ציון״!).

דאָס צווייטוויזנס יאָריקע וואַנדערלעבן מוז אויסגעמעקט ווערן פון אונזער נשמה, די באַנייונג איז ציון, דאָרט אַהין ציט זיך אונזער ליבע אונזער האָפן! ביי פּיאָנערן - פּראָפּאַגאַנדיסטן מיט זייער ליידנשאַפט־לעכקייט און גלויביקער נאַיווקייט איז אַזאַ שפּרונג פון גלות צו די גראַניטענע שיכטן פון יידישן גייסט, צו ציון — אַ פאַרשטענדלעכע און נאַטירלעכע ערשיינונג. אויף די פליגלען פון באַגייסטערונג און גלויבן פליט דער פּיאָנער איבער תהומות פון צווייטוויזנט-יאָריקער געשיכטע; ער זעט נישט, אַז אויף די גראַניטענע שיכטן פון דעם ביבלישן גייסט זענען בעת דעם געשיכטלעכן גלות אָנגעוואָרפן געוואָרן נייע שיכטן, קאַלך־שיכטן און ליים־שיכטן, ער וויל נישט זען און זעט נישט די פאַר־ענדערונגען און נייע ווערטן, וואָס זענען צוגעקומען מיט דער צייט, ער שטורעמט מיט אימפּעט פאָרווערטס, ער שטורעמט — פאַרשטייט זיך — בלויז אין דער וועלט פון געדאַנקען, ער שטייט נאָך נישט פאַר פראַגן פון פאַרווירקלעכונג און אחריות. קאָן ער טאַקע לייכט שפּרינגען און איבערשפּרינגען די טויזנטער פּרטים, וואָס געפינען זיך אויפן וועג פון געדאַנקען און חלומות צו פאַראַנטוואָרטלעכע מעשים.

אין אַ גאַנץ אַנדערע סיטואַציע געפינט זיך דער איצטיקער יידי־שער קינסטלער. די נאַציאָנאַלע באַוועגונג האָט שוין לאַנג הינטער זיך איר „שטורם און דראַנג", זי איז אויסגעוואַקסן און אַריינגעטרעטן אין דער תקופה פון פאַרווירקלעכונג, פון מעשים. אַלץ מער און מער שטויסט זיך אָן די באַוועגונג אָן די שווערקייטן פונם יידישן מענטש, וועמענס גורל זי טראָגט מיט אירע כוואַליעס. אין די קינדער-יאָרן פון דער באַ־וועגונג האָט מען געהאַט אין אַ געוויסן זין אַ מ ע כ אַ נ י ש ע באַציונג צו דעם יידישן מענטש: דער נאַציאָנאַלער געדאַנק האָט אָפּערירט מיט מליצות, פּראָגראַמען און עס האָט זיך געדוכט, אַז די לאָזונג, דאָס „נייע וואָרט" קאָן ווירקן ווי אַ כשוף, אַז עס קלעקט, למשל, אַרויסצוזאָגן דאָס וווּנדער-וואָרט „ציון" און דער יידישער מענטש מיט זיין צווייטוויזנט־יאָריקער גלות-געשיכטע וועט מיט אַ מאָל מגולגל ווערן אין אַ מענטש פונם ביבלישן אַלטערטום. זענען אָבער קיין נסים נישט געשען! דער געשיכטלעך אויסגערייפטער מענטש — און אַזאַ מענטש איז דער ייד — קאָן נישט צוריק צו זיין פּסיכאָלאָגיע פון פאַר צווייטוויזנט יאָרן! די מענטשלעכ מעהגשאיז נישט קיין טאָוול, ווו דו קאָנסט יעדעס מלא

אויסמעקן דאָס אָנגעשריבענע וואָרט און אַריינשרייבן אַ ניי וואָרט, נייע חלומות און געדאַנגען. מיר זענען נישט קיין tabula rasa, אַ ריין בלאַט פּאַר שפּאָגל-נייע פאַרשרייבונגען. די מענטשלעכע נשמה — אַ tabula rasa! — אַזוי האָט מען געהאַלטן אין דער יוגנט-צייט פון אייראָפּעישן ראַציאָנאַליזם, אַזוי איז געווען די אויפפאַסונג אויך אין אונזער ראַציאָנאַליסטישער תקופה, אין דער צייט פון דער השכלה, וואָס האָט באַרירט מיט אירע פליגלען דאָס וויגעלע פון אונזער מאָדערנער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. די דאָזיקע אויפפאַסונג האָט אָבער באַנקראָטירט אויף דער גאַנצער ליניע און איר באַנקראָט האָט זיך געמוזט אַנטפּלעקן אויך ביי אונז יידן. עס איז אַלץ קלאָרער געוואָרן, אַז די מענטשלעכע נשמה איז אַ געשיכטלעך פאַרמירטער פּראָדוקט, וואָס האָט זיינע געשיכט־לעך באַשטימטע מעגלעכקייט און אוממעגלעכקייטן. וואָס מערער מיר האָבן זיך באַפרייט פון דער משכּילישער מליצה (וואָס האָט געשטעקט אין אונזער יונגן נאַציאָנאַליזם), אַלץ מערער איז געוואַקסן אונזער פאַרשטענדניש פאַר אָ ר ג אַ נ י ש ע צוזאַמענהאַנגען, פאַר געשיכטע! וואָרים איז דען געשיכטע עפּעס אַנדערש, ווי דאָס זוכן און אַרויסגעפינען די לעבעדיקע בלוט-שטראָמען פון „נעכטן", וואָס פליסן און צעגיסן זיך אין די אָדערן פונם „היינט"? ! אַזוי איז געשאַפן געוואָרן פאַר דעם היינטיקן יידישן קינסטלער-ליטעראַט אַ נייער צוגאַנג צו די פּראָבלעמען פון דער יידישער נשמה. די גרינגשעצונג, אויב נישט פאַראַכטונג, מיט וועלכער עס האָט זיך אַ מאָל דער משכּילישער ליטעראַט באַצויגן צום „נעכטן", האָט זיך איבערגעביטן אין אַכטונג און פאַרשטענדניש. ווילנדיק געפינען אַ ריכ־טיקע דערקלערונג פאַר דעם נאַציאָנאַלן „היינט", פאַר זיין אייגענעם באַוווסטזיין אָדער אונטערבאַוווסטזיין, האָט דער קינסטלער אויפגעריסן די ענגע רעמלעך פון זיין צופעליקן „איך" און געזוכט זיין נאַציאָנאַלן „איך", וואָס איז אַ רינג אין דער גאָלדענער קייט פון דורות. דערמיט איז ער געוואָרן דער ריכטיקער באַגלייטער און ווי אַ מאָל אויך דער פאָרויסלויפער פון דער אָרגאַניש-אויפגעפאַסטער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

פון אַזאַ באַוווסטזיין איז אַרויסגעוואַקסן דער מאָדערנער יידישער היסטאָרישער ראָמאַן. איז טאַקע נישט קיין חידוש, וואָס דער מאָדערנער ראָמאַן-שרייבער, אויב ער האָט זיך געווענדט צו געשיכטלעכע טעמעס, האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן אין יענע, גלותדיקע קאַלך- און ליים-

שיכטן, וואָס האָבן מיטבאַשטימט די היינטיקע פיזיאָנאָמיע פונם יידישן מענטש, די חלומות זיינע און די מעשים זיינע, מיט וועלכע ער שאַפט זיך די וועגן צו זיין נאַציאָנאַלער באַנייונג און באַפרייונג. גלייכצייטיק ווערט אויך קלאָר דער נייער אופן, אויף וועלכן דער מאָדערנער יידישער ליטעראַט באַשטימט זיין באַציונג צו די לאָזונגען, וואָס קלינגען אין דער יידישער גאַס. דאָס „נייע וואָרט" האָט נישט מער יענע ווירקונג, וועלכע עס האָט אַ מאָל געהאַט אויף דעם משכּילישן שרייבער. דער לעצטער האָט זיך לייכט אָנגעצונדן ביים „נייעם וואָרט", ווייל עס איז געווען ניי און „אַנדערש", ווי די „וואָכעדיקייט" און „אָפּגעשטאַנענקייט" פונם יידישן וועלטל. אויף דעם מאָדערנעם שרייבער איז דאָס „נייע וואָרט" משפּיע ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט עס באַנומען ווי אַן „אַלט־ניי וואָרט", ווי אַ לאָזונג, וואָס אינהאַלטלעך האָט זי געלעבט אויך אין די אַ מאָליקע דורות און וואָס האָט זיך געביטן ביים היינטיקן דור בלויז לויט דער פאָרם, לויט דעם אויסדרוק.

דאָס „נייע" ווערט באַרעכטיקט נאָר דעמאָלט, ווען עס איז פאַרוואָרצלט אינם „אַלטן", ווען עס איז אָרגאַניש פאַרוועבט מיט די „אייביקע ווערטן" פון דער יידישער נשמה. דעם דאָזיקן וועג האָט אין אונזער ליטעראַטור, אַלס ערשטער באַטרעטן י. ל. פּרץ („חסידות", „פאָלקסטימלעכע געשיכטן"), אונזער ערשטער גרויסער קינסטלער, וואָס האָט גובר געווען די השכּלה.

אויפן דאָזיקן וועג געפינען מיר איצט די בעסטע דיכטער אונזערע.



# מעמאריאל

## וועגן דעם אַריינגעמען די יידישע שריפטשטעלער אין דעם אַלוועלטלעכן פּ. ע. נ. - פאַרבאַנד

(פאַרגעלייגט דעם אַלוועלטלעכן פּ. ע. נ.-קאָנגרעס — בערלין 16—20 מאַי 1926)



# מעמאָריאַל

## וועגן דעם אריינעמען די יידישע שריפטשטעלער אין דעם אלוועלטלעכן פ. ע. נ.־פאַרבאַנד.

(פאַרגעלייגט דעם אלוועלטלעכן פ. ע. נ.־קאָנגרעס — בערלין 16—20 מאַי 1926)

לויט ידיעות, וואָס מיר האָבן באַקומען, האָט דער עקזעקוטיוו פון דעם פ. ע. נ.־פאַרבאַנד באַשלאָסן צו שטעלן אויף דעם סדר־היום פון דעם פאַרבאַנדס־קאָנגרעס די פראַגע וועגן דעם אופן פון אריינגע־מען די יידישע שריפטשטעלער אין דעם אַלוועלטלעכן פ. ע. נ.־פאַר־באַנד. מיר נוצן אויס דעריבער די געלעגנהייט, כדי צו באַגרינדן די שטעלונג פון די דירעקט פאַראינטערעסירטע יידישע שריפטשטעלער בנוגע דער דאָזיקער פראַגע.

כדי גלייך אין אָנהויב אויסצומיידן מיספאַרשטענדנישן, שטעלן מיר פעסט, אַז אונטער דער באַצייכנונג „יידישע שריפטשטעלער" זענען מיר נישט אויסן די יעניקע שרייבער פון יידישער ראַסע, וועלכע באַ־נוצן זיך מיט שפראַכן, ווי א שטייגער: ענגליש, פראַנצויזיש, דייטש, פויליש א. ד. גל., אויף וועלכע עס עקזיסטירן שוין קריסטאַליזירטע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן, נאָר יענע פון זיי, וואָס שאַפן אויף דער יידישער און העברעישער שפראַך, אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק די מאָדערנע יידישע רענעסאַנס־באַוועגונג.

די יידישע שרייבער לעבן און שאַפן אין די אַלע לענדער, וווּ עס זענען פאַראַן גרויסע יידישע קבוצים, דער עיקרשט אין מזרח־אייראָפּע, פאַרייניקטע־שטאַטן פון אַמעריקע און אין ארץ־ישראל.

דער דאָזיקער מאָמענט קאָמפּליצירט די פראַגע וועגן דעם שטיי־גער פון אַריינעמען די יידישע שריפטשטעלער אין דעם פ. ע. נ.־פאַר־באַנד, וועלכער פלעגט זיך ביז איצט ביים אויפנעמען ליטעראַטור־פאָר־שטייערשאַפטן האַלטן ביים טעריטאָריאַלן פּרינציפּ, וואָס איז פּאַקטיש אויך זייער צוגעפּאַסט צו דעם רוב מאָדערנע ליטעראַטורן, וועמענס פאָרשטייער עס זענען נישט צושפּרייט איבער דער גאָרער וועלט, נאָר לעבן און שאַפן אויף די באַשטימטע נאַציאָנאַלע טעריטאָריעס.

די יידישע שרייבער שטייען אויפן שטאַנדפונקט, אַז דער דערמאָנטער טעריטאָריאַלער פּרינציפּ קען נישט אָנגעווענדט ווערן לגבי דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. דער דאָזיקער פּרינציפּ וואָלט געמוזט קאָנסעקווענט ברענגען צו דער צעשפּליטערונג פון דעם פּאַקטיש עקזיסטירענדיקן צוזאַמענהאַנג צווישן די יידישע ליטעראַרישע אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשידענע לענדער, צוליב דעם, וואָס די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס וואָלטן געמוזט אויפגענומען ווערן אין דעם אַלגעמיינעם פּ. ע. נ.-פאַרבאַנד נישט דירעקט, נאָר אומדירעקט, אין דער פאָרם פון יידישע סעקציעס ביי די באַזונדערע לאַנד־אָרגאַניזאַציעס. אַזאַ צושטאַנד וואָלט אָבער נישט באַפרידיקט דאָס פּאַקטישע און באַרעכטיקטע באַדערפעניש פון די יידישע שרייבער אַרויסצוטרעטן אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע ווי אַן איינהייטלעכע קערפּערשאַפט, און ער וואָלט אויך נישט געווען אין הסכם מיט דעם איינהייטלעכן כאַראַקטער פון דער יידישער ליטעראַטור.

צוליב די טעמים רוקן מיר אַרויס אַלס קריטעריום, לויט וועלכן מען דאַרף אַריינעמען אין דעם פּ. ע. נ.־פאַרבאַנד ליטעראַרישע קערפּערשאַפטן פון אָנמלוכהדיקע פעלקער, ווי עס איז דער פאַל מיט אונז, דעם פּרינציפּ פון פּערסאָנאַליטעט. קאָנקרעט שטעלן מיר זיך עס פאָר אָט-ווי: אונזערע ליטעראַטן־אָרגאַניזאַציעס, וואָס געפינען זיך אין פאַרשידענע לענדער, אָרגאַניזירן אַ צוזאַמענפאָר פון זייערע פאַרטרעטער, און אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר ווערט באַשטימט אַן איינהייטלעכע פאָרשטייערשאַפט און גלייכצייטיק אויך — דער שטענדיקער זיץ־אָרט פון דער דאָזיקער פאָרשטייערשאַפט. די אַזוי אַרום געשאַפענע פאָרשטייערשאַפט ווערט דאַן אויף אַ דירעקטן וועג אָנערקענט און אויפגענומען אַלס פולבארעכטיקטער מיטגליד פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּ. ע. נ.-פאַרבאַנד. מיט דער באַשטימונג פון אַ שטענדיקן זיץ־אָרט פון דער דערמאָנטער פאָרשטייערשאַפט ווערן אויך ממילא באַזייטיקט אַלע די ביזאיצטיקע אָרגאַניזאַטאָרישע מניעות, וועלכע שטערן דאָס אוממיטלבאַרע אַריינעמען אונז אין דער אַלוועלטלעכער אָרגאַניזאַציע

כדי צו באַזייטיקן יעדן ספק וועגן דעם איינהייטלעכן כאַראַקטער פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס עקזיסטירט פּאַקטיש, נישט קוקנדיק אויף איר טעריטאָריאַלער צעשפּליטערונג, דערלויבן מיר זיך אין

אונזערע ווייטערדיקע אויספירונגען צו געבן אַ קורצן איבערבליק ועגן איר אַנטוויקלונגס־גאַנג איי .י לעצטע 160—150 יאָר.

---

מיט פולן באַוווסטזיין אַבסטראַהירן מיר פון דער גרויסער גלענ־צנדער פאַרגאַנגענהייט פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז אין אַ גרויסער מאָס געוואָרן דאָס אייגנטום פון דער גאַנצער וועלט־קולטור. מיר דערמאָנען נישט די ביבל און די נביאים און אויך נישט די גאָלדענע תקופה פון דער העברעישער פּאָעזיע אין מיטלאַלטערלעכן שפּאַניע, און אין איטאַליע בעת דער רענעסאַנס־צייט.

מיר שטעלן זיך אויך נישט אָפּ אויף די גראַנדיעזע שאַפונגען פון די יידישע מיסטיקער; מיר רעדן נישט וועגן די באַדייטנדע ווערק פון אַזעלכע העברעישע דיכטער פון 17־טן און 18־טן י״ה, ווי: יוסף פינטו, משה חיים לוצאַטו, א. אַנד.; מיר לאָזן אויך אָן א זייט די ריי־כע פאָלקס־ליטעראַטור אויף דער יידישער שפּראַך, וואָס אַנטוויקלט זיך זינט דעם 14־טן י״ה און פאַרמאָגט צווישן אירע אוצרות גרויסע פאָלקס־עפּאָסן (דער „שמואל־בוך״, ביבלישע דראַמעס, רייכע בעלעטריס־טיק מיט רעליגיעז־דידאַקטישע טענדענצן — דאָס „מעשה־בוך״, „צאינה וראינה״ א. א. וו.)

מיר הויבן גלייך אָן פון יענער צייט, ווען עס ווייזן זיך אין יידישן לעבן אונטער דער ווירקונג פון דעם אייראָפּעישן ראַציאָנאַליזם די ערשטע אָנזאָגן פון יענעם פאַרוועלטלעכונגס־פּראָצעס, וואָס צוזאַמען מיט דעם נאַציאָנאַלן יידישן געדאַנק שאַפט ער די הויפּט־יסודות פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור

אונטער דעם לאָזונג פון דער פאַרוועלטלעכונגס־אידעע אַנטוויק־לען אין דער צווייטער העלפט פון 18־טן ביז צו די 60־ער יאָרן פון 19־טן י״ה אַ פאַרביקע און רייכע ליטעראַרישע טעטיקייט אַ גאַנצע ריי יידישע שריפטשטעלער, וועלכע, שאַפנדיק איןביידע שפּראַכן, יידיש און העברעיש, בילדן צוזאמען די עלטערע תקופה פון דעם יידישן הו־מאַניזם, וואָס איז באַוווסט אין דער יידישער קולטור-געשיכטע אונטערן נאָמען: השכלה (אויפקלערונג). אין משך פון דער דאָזיקער גאַנצער תקופה רוקן זיך אַרויס אויפן פאָדערגרונט פאָלגנדיקע באַדייטנדיקע שריפטשטעלער אין ביידע שפּראַכן: אויפן געביט פון ליריק—שלמה לע־וויזאָן, שלום הכהן, דערנאָך — אד״ם הכהן לעבענזאָן, מיכה יוסף לע־בענזאָן (מיכל), א. ב. גאָטלאָבער א. אַנד.; אויפן געביט פון דראַמע — יוסף האפרתי, אהרן וואָלפזאָן, שלמה עטינגער, ישראל אַקסנפעלד א. אַנד.; אופן געביט פון עפּאָס — נפתלי הירץ ווייזל, שלום הכהן; אויפן געביט פון סאַטירישער שאַפונג (פּאָעזיע און פּראָזע): מענדל לעפין,

יצחק ערטער, יוסף פערל, די פאָלקס-דיכטער בערל בראָדער און וועלוול זבאַראַזשער א. אנד. די הויפט־פאַרדינסטן פון די דערמאָנטע שריפטשטעלער באַשטייען אין אָט וואָס: זיי פאַרוואַנדלען דעם יידישן און העברעישן ספר פון אַ רעליגיעז־סטימולירטער שאַפונג אין אַ וועלטלעכן לייען־בוך; זיי פירן איין אייראָפעיש־ליטעראַרישע פאָרמען; זיי באַנייען פון איין זייט די העברעישע שפּראַך, צופּאַסנדיק זי צו מאָדערנע באַגריפן, און פון דער צווייטער זייט דערהויבן זיי די יידישע פאָלקס־שפּראַך צו דער מדרגה פון אַ קולטיווירטער ליטעראַטור-שפּראַך. די הויפּט־אידעע, וואָס האָט באַפליגלט די שאַפונגען פון די דאָזיקע ערשטע טרעגער פון יידישער וועלטלעכער קולטור, איז געווען דאָס שטרעבן צו צעשטערן די גייסטיקע גהעטאָ פון די יידישע מאַסן און דאָס אַרויספירן זיי אויף די ברייטע טראַקטן פון דער אייראָפעישער קולטור. דעריבער איז אויך דער עיקר־שטריך פון יענער ליטעראַטור געווען דאָס אוניווערסאַליסטישע. צוליב דעם קעמפערישן כאַראַקטער פון די דאָזיקע שרייבער־הומאַניסטן האָט זיך אין דער דאָזיקער ליטעראַטור אַמשטאַרקסטן אַנטוויקלט די סאַטירע.

ווי אַ זייטיקער שליאַך, וואָס האָט זיך נאָכגעצויגן פון דעם אַלט־יידישן רעליגיעזן לעבן און וועלכער וועט שפּעטער אויך פירן צו דער פאַרטיפונג פון דער נאַציאָנאַלער יידישער קונסט, נעמט־אויס אין יענער תקופה די שאַפונג פון די ערשטע חסידים. פון צווישן די פאַרשידענע לעגענדן־ציקלען, וואָס זענען אַנטשטאַנען אַ דאַנק דעם חסידות, צייכנען זיך אויס מיט זייער טיפן אינהאַלט און הויכן קינסטלערישן פאַרנעם די מעשיות וועגן דעם בעל־שם־טוב, ווי אויך די מיסטישע דערציילונגען פון ר׳ נחמן ברעסלאַווער (די לעצטע זענען אַ דאַנק די גלענצענדע דייטשע איבערזעצונגען פון מ אַ ר ט י ן  ב ו ב ע ר באַקאַנט געוואָרן און מיט גרויסן אינטערעס אויפגענומען געוואָרן אין מערב־אייראָפּע.)

אויב די שרייבער פון דער עלטערער השכלה־תקופה (וועלכע גרייכט ביז אין ערך 1860) האָבן נאָך נישט געהאַט פאַר זיך אַ קלאָרן און אויסגעהאַלטענעם פּראָגראַם בנוגע די ברענענדיקע פּראָבלעמען פונם יידישן לעבן און זייער טעטיקייט כאַראַקטעריזירט דער עיקרשט אַ צעשוומענער ענטוזיאַזם פאַר אַבסטראַקטער אויפקלערונג, שטויסט זיך אָן דער שפּעטערדיקער שריפטשטעלער־דור, וואָס טרעט אַרויס אין די יאָרן 1860 — 1881, אויף אַזוינע רעזולטאַטן פון דער השכלה-באַוועגונג, וואָס דראָען אונטערצוגראָבן די יסודות פונם אייגנאַרטיק־יידישן, קאָלעקטיוון לעבן (אַסימילאַציע מיט אַנדערע קולטורן, זעלבסט־פאַרלייקענונג). עס וועקט זיך אַ טיפערער חוש פאַר דער יידישער ווירקליכקייט און ס׳שיילט זיך

אויס אַ נ״ע ווענדונג אין דער ליטעראַטור. גרויסע יידישע רעליגיעז-און געשיכטע-פאָרשער, ווי אַ שטייגער ר׳ נחמן קראָכמאַל, ש. י. ראַפּאָפּאָרט א. אנד. זוכן צו געפינען אַ סינטעז צווישן הומאַניזם און דער אייגנ-אַרטיקער יידישער קולטור און געשיכטע. אַ פּאַראַלעלע דערשיינונג אַנטפּלעקט זיך אויך אויפן געביט פון דער שיינער ליטעראַטור. א. מאַפּו טראָגט אַריין אין דעם ראַציאָנאַליזם פון דער דעמאָלטיקער ליטעראַטור ראָמאַנטישע טענער, שאַפנדיק הויך-קינסטלערישע ראָמאַנען פון דער ביבלישער פאַרגאַנגענהייט. י. ל. גאָרדאָן, איינער פון די שטאַרקסטע און באַדייטנדסטע דיכטער און שאַפער פון ניי־העברעישן סטיל, גיט אין זיין ליריק און סאַטירישער פּאָעזיע דעם פולן אויסדרוק די ראַנגלענישן פון דעם דעמאָלסטיקן משכיל, וואָס לעבט איבער די ערשטע אַנטוישונ-גען אין זיין השכלה-אידעאַל און זוכט אַ נייעם אמת. אַמשטאַרקסטן ווירקט אין דער דאָזיקער איבערגאַנגס-תקופה פּרץ סמאָלענסקין מיט זיין פּובליציסטיק און זיינע ראָמאַנען. ער גיט דעם טויט-קלאַפּ דער אַסימילאַטאָרישער טענדענץ פון דער השכלה (לויט וועלכער „די יידן זענען נישט קיין נאַציע, נאָר אַ רעליגיעזע גרופּע״) און באַגרינדט דער ערשטער די אידעע פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, ווייזנדיק די משכילים, וועלכע האָבן געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציונג צו דער יידישער ווירקלעכקייט, דעם וועג צו אַ נייעם, פּאָזיטיוון אידעאַל. אויפן דאָזיקן וועג טרעפן מיר מ. ל. ליליענבלום, וועלכער שאַפט דעם איבערגאַנג פון דער השכלה צו דער פּאַלעסטינע-אידעע. אין דער זעלבער צייט ווירקט נ הלל, וועלכער פּרווט אין זיין דעב־עישער פּאָ-עזיע דערפירן די הומאַניסטישע טענדענץ פון דער השכלה צו סאָציאַ-ליסטישע אידעען.

אין קאַמף מיט די אָפּגעשטאַנענע פאָרמען פונם יידישן לעבן פון איין זייט, ווי אויך אין דעם שטרעבן צו נ״ע קולטור־ווערטן גייט האַנט אין האַנט מיט דער אויבן-כאַראַקטעריזירטער העברעישער שאַפונג — די אַלץ מער און מער אויפבליענדיקע ליטעראַטור אין דער יידישער שפּראַך. ש. י. אבראַמאָוויטש, וואָס האָט אין זיין העברעישן יוגנט-ראָמאַן „האבות והבנים״ געגעבן אַן אויסדרוק דעם דאַמאָלסטיקן אידעישן קאָנפליקט צווישן „פאָטערס און זין״, גייט אריבער אין זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג צו דער יידישער שפּראַך און גיט אין איר אַ ריי קלאַסישע שילדערונגען פונם יידישן מאַסן-לעבן, וואָס צייכנען זיך אויס מיט אַ גלענצנדיקער כאַראַקטעריסטיק פון יידישע טיפּן און בכלל מיט אַ שאַרפן רעאַליזם („קליאַטשע״ „טאַקסע״). דער איבערגאַנג פון דער פריערדיקער השכלה-רעטאָריק צו אַ זאַפטיקן רעאַליזם אַנטפּלעקט זיך אויך אין די עפּישע שאַפונגען פון א. מ. דיק, י. אַקסנפעלד און דער עיקר פון יצחק

יואל לינעצקי, דעם מחבר פון א גלענצנדן ראָמאַן פונם חסידישן לעבן („דאָס פוילישע יינגל"). צו דערמאָנען זענען אויך פון דערזועלבער איבערגאַנגס-תקופה אייניקע יידישע פאָלקס-דיכטער, פון וועלכע ס'צייכנען זיך אויס אַממערסטן מיכל גאָרדאָן און אברהם גאָלדפאַדען. דער לעצטער גייט אין די 70-קער יאָרן אַריבער פון זיין לירישער שאַפונג צו דראַמאַטיק און ווערט דער שאַפער פונם מאָדערנעם יידישן טעאטער, פאַר וועלכן ער שרייבט אַן א ריי געלונגענע פאָלקס-קאָמעדיעס און היסטאָרישע זינגשפילן.

אַן אַנטשיידנדיקע ווענדונג נעמט אָן די ליטעראַטור זינט די טרויעריק־באַרימטע יאָרן 1881—1882, ווען דאָס מזרח־אייראָפּעישע יידנטום ווערט אויפגעטרייסלט דורך דער פּאָגראָם־כוואַליע אינם צאַרישן רוסלאַנד.

די דאָזיקע געשעענישן איילן צו דעם באַנקראָט פון די אַבסט־ראַקטע השכּלה־חלומות און ברענגען צו אַן אויפבלי די קערנדלעך פון נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן באַוווסטזיין, וואָס זענען געלעגן פאַרבאָרגן שוין אין דער פריערדיקער איבערגאַנגס־תקופה. פאַר דער צייט פון 1882 ביז אַן ערך דעם אָנהויב פון 20-טן י"ה איז כאַראַקטעריסטיש דער אויפקום פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און די ערשטע סאָציאַ־ליסטישע גרופּירונגען, עס אַרבעטן זיך אויס קאָנקרעטע געזעלשאַפט־לעכע און פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס, עס פאַרטיפט זיך פון איין זייט דער קלאַסן־באַוווסטזיין און פון דער אַנדערער זייט די נאַציאָנאַלע אידעע.

פון דער דאָזיקער נייער געזעלשאַפטלעכער דינאַמיק ווערט אויך פאַרכאַפּט די ליטעראַטור. דער אַממייסטן כאַראַקטעריסטישער באַרד פון דער דאָזיקער אויפלעבונגס-תקופה איז ח. נ. ביאַליק, דער עד-היום גרעסטער ניי־העברעישער דיכטער (זיינע שאַפונגען זענען איבערזעצט אין א גאַנצער ריי שפּראַכן, ווי ענגליש, פראַנצויזיש, איטאַליעניש, דייטש, רוסיש, פויליש א. אַ. וו.) וועלכער דריקט אויס אין דעם דאָמאָלסטיקן פעריאָד פון זיין שאַפן מיט ברויזנדיקן דיכטערישן טעמפּעראַמענט די בענקשאַפט פון דעם מאָדערנעם ייד נאָך ערד-פאַרוואָרצלטקייט און זיין שטרעבונג צו לעבנספולקייט. נאָך פאַר אים לאָזן זיך הערן אין דער העברעישער דיכטונג די דאָזיקע בענקשאַפט־קלאַנגען אין דער ליריק פון מ. צ. מאַנה („משאת נפשי"), מ. מ. דאָליצק (א. אַנד.

צום אונטערשייד פון דער ליריק, וואָס שפּיגלט אָפּ די נייע שטימונגען, נעמען אויס די באַדייטנדיקסטע העברעישע פּראָזאַאיקער פון יענער צייט (בראַנדשטעטער און ברוידעס) ווי עפּיגאָנען פון דער פרי־ערדיקער איבערגאַנגס־תקופה.

אין דער ליטעראַטור, וואָס שפּינט זיך אין דער יידישער שפּראַך, געפינט דער אויפגעוואַכטער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין זיין הויפּטטרעגער אינם דיכטער ש. ש. פ ר ו ג, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט אַ פרישע מוזיקאַלישקייט אין דער יידישער פּאָעזיע און האָט געבראַכט דעם יידישן פערז צו מייסטערהאַפטע פאָרמען. אין די 90-ער יאָרן באַווייזט זיך דער ערשטער גרויסער דיכטער פון דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס מ אָ ר י ס ר אָ ז נ פ ע ל ד, וועלכער גיט איבער דעם סאָציאַלן פּראָטעסט פון די יידישע מאַסן אין פולבלוטיקע, גליענדיקע פערזן און דערפירט צו גראַנדיעזן פּאַטאָס די סאָציאַלע ליריק, וואָס האָט דאַמאָלט שוין פאַרמאָגט די שאַפונגען פון ווינטשעווסקי, עדלשטאַט, באָוושאָווער א. אנד. אין זיין פּאָעזיע שפּיגלט זיך אויך אָפּ די וואַנדער-באַוועגונג פון די יידישע מאַסן, וועלכע האָט געבראַכט צו דער אנטשטייאונג פון דעם גרויסן יידישן קיבוץ אין אַמעריקע. צוזאַמען מיט ווינטשעווסקין א. אַנד. פאַרזייט מ. ראָזנפעלד די ערשטע קערנדלעך פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע אויף דער אַמעריקאַנער ערד (ראָזנפעלדס פּאָעזיע איז איבערגעזעצט אין א ריי אייראָפּעישע שפּראַכן און האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין דער נישט־יידישער וועלט).

די יידישע פּראָזע דערגרייכט אין דער באַהאנדלטער תקופה די העכסטע מדרגה פון אַנטוויקלונג א דאַנק די שאַפונגען פון די דריי קלאַסיקער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור: ש. י. א ב ר א מ אָ ו י ט ש (מענדעלי־מוכר־ספרים), וואָס שרייבט דעמאָלט אָן זיינע מייסטערווערק „דאָס ווינשפינגערל” און „פישקע דער קרומער”, און די צוויי פריש־צוגעקומענע ערשטראַנגיקע קינסטלער — ש ל ו ם ע ל י כ ם (ראַבינאָוויטש) און י. ל. פ ר ץ. א ב ר אַ מ אָ ו י ט ש גיט איבער אין די דערמאָנטע צוויי מייסטערווערק דעם עפּאָס פונם אַלט־יידישן לעבן ערב זיין פונאַנדערפאַל. ש ל ו ם ע ל י כ ם טראָגט אַריין אין דער ליטעראַטור אַ פרישן אָפּטימיזם און אַ מעכטיקן שטראָם פון לעבעדיקן, פרייען און באַפרייענדיקן פאָלקס־הומאָר, ווערנדיק דער יידישער מאַרק טווען. י. ל. פ ר ץ, וועמענס הויפּט־שאַפונגען געהערן דעם אָנהייב פון 20-טן י״ה, איז שוין דעמאָלט דער מייסטער פון דער מאָדערנער יידישער נאָוועלע. די דריי דערמאָנטע שאַפער באַרייכערן די ליטעראַטור מיט ווערק, וואָס זענען ביז איצט איינציק אין זייער אַרט לויט דעם טיפן פסיכאָלאָגישן אַנאַליז פון דעם יידישן מאַסן־לעבן. אין דער שילדערונג פון דער יידישערווירקלעכקייט צייכענען זיך אויך אויס: י ע ק ב ד י נ ע ז אָ ן, דער מייסטער פון יידישן סענטימענטאַלן ראָמאַן, מ. ס פ ע ק ט אָ ר א. אַנד.

מיטן אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט ביז אַן ערך דער וועלט־

מלחמה באַקומט די ליטעראַטור אַ גראַנדיעזן קינסטלערישן פאַרנעם, אַ דאַנק אַ גאַנצער ריי שטאַרקע און זאַפטיקע טאַלאַנטן, וואָס האָבן רייך אויפגעבליט אויף דעם באָדן, וועלכער איז פריער צוגעגרייט גע־וואָרן דורך די דערמאָנטע קלאַסיקער, און האָבן אַריינגעפירט אין דער פּראָזע און פּאָעזיע, אַ חוץ נייע אינטערעסאַנטע פאָרמען, אויך אַ פרישן אוצר פון מאָטיוון און אידעען. אין אַלגעמיינע שטריכן לאָזן זיך פון צווישן דער ריי ריכטונגען, וואָס קומען אויף אין יענער צייט, אויסטיילן צוויי אידעען־ליניעס: פון איין זייט — קינסטלערישער אינדיווידואַליזם, אַ פּועל־יוצא פון אַן אינטעליגענטישן זוכן און צווייפלען, און פון דער צווייטער זייט — די פאַרטיפונג פון די פּאָזיטיווע יידישע קולטור־ווערטן דורך נעאָ־ראָמאַנטישער באַגייסטערונג פאַר אידעען און פאָרמען פון פריערדיקן יידישן לעבן, וואָס זענען דורך די השכלה־פּאָר־שטייער נעגירט געוואָרן (חסידות, דאָס אידילישע פונם שטעטל, פאָלקס־טימלעכקייט א. ד. גל.)

דער אָנזאָגער פון דער ערשטער ריכטונג איז אין דער העברעי־שער ליטעראַטור געווען מ: ז. פייערבערג, וואָס האָט אין זיין הויפּט־ווערק „לְאָן" געגעבן אַן אויסדרוק פאַר דעם אינערלעכן אי־בערברוך פון דעם יידישן אינטעליגענט, וואָס רייסט זיך צו דער וועלט און קאָן נישט געפינען דעם סינטעז צווישן יידישער און אַלוועלטלעכער קולטור. די אינדיווידועלע ראַנגלעניש באַקומט אַ טראַגישן פּאַטאָס אין די ווערק פון דעם טיפזיניקן בעלעטריסט י. ח. ברענער, דעם שפּעטערדיקן העלדישן מאַרטירער פון נייעם ארץ־ישראל. דעם ריין אינדיווידועל־פּסי־כאָלאָגישן אַנאַליז דערפירט צו דער העכסטער מדרגה פון קינסט־ערי־שער אויספיינערונג ג. שאָפּמאַן, דער מייסטער פון דער מאָדערנער העברעישער נאָוועליסטיק. אין דיזעלבע דרכים גייט אויך א. נ. גנעסין, דער דיכטער פון „מידע נשמות", וועלכער געהערט אויך צו די אינטע־רעסאַנטסטע פאָרם־קינסטלער פון נייעם שרייבער־דור. אין דער העב־רעישער ליריק שטייט אויך ווייטער אויבנאָן ח. נ. ביאַליק, וועלכער געפינט אין הערלעכע נאַטור־שילדערונגען און ליבע־לידער אַ ציטווי־ליקע באַרויקונג פאַר זיינע טראַגישע איבערלעבונגען אַלס נאַציאָנאַלער ייד, ביז די שוידערלעכע פּאָגראָם־כוואַליע אין יאָר 1905 וועט פון זיין האַרץ אַרויסרייסן טענער פון נביאישן צאָרן און נאַציאָנאַלן פּראָטעסט. אונטער דעם מעכטיקן איינפלוס פון דעם דאָזיקן קאָריפיי קומען אויף: די שטורמישע פּאָעזיע פון ז. שניאור, די שטאָלצע עגאָטישע דיכ־טונג פון יעקב שטיינבערג און די טרוימעריש־ווייכע שאַפונג פון יעקב כהן. דער אויסגעפיינערטער אינדיווידואַליסטישער שטריך כאַ־ראַקטעריזירט אויך דאָס פילזייטיקע שאַפן פון דוד פרישמאַן, דעם

גלענצנדסטן העברעישן עסייאיסט און סטיליסט, וואָס טרעט אַרויס אויף דער ליטעראַרישער אַרענע נאָך צום סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, וועמענס הויפּט-טעטיקייט עס פאַלט אַבער אויס אין די ערשטע צוויי יאָרצענדליקער פון 20־טן י״ה.

אין דער ליטעראַטור אויף דער יידישער שפּראַך טרעפן מיר אין יענער צייט אויף די שליאַכן פון אינדיווידואַליסטישער שאַפונג דעם צאַרטן ליריקער דוד איינהאָרן, וועלכער זוכט אַן אויסגאַנג פאַר זיין טרויער אין שטילער רעזיגנאַציע („מיינע לידער״), דעם פּאַטעטישן מנחם, וואָס גייט שפּעטער אַריבער צו עפּישער דיכטונג („זאַוול רי־מער״), דעם פאָרם-רייכן ש. י. אימבער („אסתּרקע״ א. אַנד.), דעם סאָנעטן-דיכטער דוד קעניגסבערג, דעם געפילפולן לייב ניידוס א. אַנד. אין דער פּראָזע פאַרטרעטן מער־ווייניק די דאָזיקע ריכטונג: דער טאַלענטפולער נאָוועליסט ה. ד. נאָמבערג, וועלכער איז אויך איינער פון די שאַרפזיניקסטע יידישע עסייאיסטן און פּובליציסטן, דער באַגאַבטער ל. שאַפּיראָ, וועלכער האָט גע־געבן אַן אויסדרוק דער פערזענלעכער טראַגעדיע פונם יידישן יחיד אויפן פאָן פון די פּאָגראָמען אין יאָר 1905, דער פיינער שילדערער פון פּאַטאָלאָגישע איבערלעבונגען יונה ראָזענפעלד, דער שאַ־פער פון מאָדערנעם פּסיכאָלאָגישן ראָמאַן, דער בעסטער שילדערער פון דעם יידישן קליינבירגערטום און יידישער אינטעליגענץ — דוד בער־געלסאָן, דאַן יואל מאַסטבוים, ש. גילבערט א. אנד.

אויף דעם דראַמאַטישן געביט, וואָס ווערט אַ דאַנק דער פּרוכט־באַרער אַרבעט פון די דראַמאַטורגן: יעקב גאָרדין, ל. קאָב־רין, ז. ליבין, באַרייכערט מיט דעם ערשטן רעפּערטואַר פון רעאַליסטישע דראַמעס, באַווייזן זיך איצט פיר שטאַרקע דראַמאַטישע טאַלענטן: דוד פּינסקי, וועלכער ווייזט אונז צום ערשטן מאָל די אינדיווידואַליטעט, וואָס שיילט זיך אויס אויפן פאָן פונם יידישן אַר־בעטער־לעבן („אייזיק שעפטל״) און פלאַנצט איבער די העבעלשע און סטרינדבערגישע געשלעכטס-מעטאַפיזיק אויף דער יידישער בינע;

שלום אַש, איינער פון די גרעסטע דיכטער פון דער מאָדער־נער יידישער ליטעראַטור, וועמענס דראַמען פון יענער צייט: „מיטן שטראָם״, „גאָט פון נקמה״, „שבתי צבי״, א. א. וו. טראָגן דעם חותם פון אינדיווידועלע קאָנפליקטן און טראַגישע צוזאַמענברוכן; פּרץ הירשביין, דער שאַפער פון די ערשטע סימבאָלישע דראַמען; א. ווייטער, דער טיפסטער אויסדריקער פון דעם אינדיווידועלן טראַגיזם פון דעם מאָדערנעם ייד („פאַרטאָג״, „אין פייער״, „דער שטומער״).

די צווייטע ריכטונג, וועלכע קען באַצייכנט ווערן אַלס נעאָרע־

מאַנטישע, איז כאַראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס אירע פּאָרשטייער, זוכנדיק אַ קוואַל פון האַרמאָניע און גאַנצקייט, ווענדן זיך אָדער צו די ראָמאַנטישע אוצרות פון יידישן עבר, אָדער צו דער פאָלקס־שאַפונג פון די יידישע מאַסן, אָדער זיי אידעאַליזירן דאָס לעבן פון די קליינע יידישע קיבוצים, וואָס שטייען ווייט פון דעם רוישיקן וועלט-שטראָם. אַלס וועגווייזער פון דעם דאָזיקן נעאָראָמאַנטיזם רוקט זיך אַרויס דער פילזייטיקער מייסטער י. ל. פּ ר ץ, וואָס שאַפט אין זיינע הסידישע מעשיות, פאָלקסטימליכע געשיכטן, ווי אויך אין אייניקע דראַמעס פון חסידישן לעבן דעם אפּאָטעאָז פון דער יידישער גייסטיקייט, פון דעם אייגנאַרטיקן יידישן אוניווערסאַליזם, וואָס קומט אַמבולטסטן צום אויסדרוק אין דער הסידישער טעאָזאָפיע און אין דעם יידישן פאָלקס־פרימיטיוו. מ. י. ב ע ר ד י ט ש ע וו ס ק י, איינער פון די באַדייטנדסטע העברעיש-יידישע קינסטלער און דענקער (באַוווסט אין דייטשלאַנד אַלס צונויפשטעלער פון יידישע לעגענדן-זאַמלונגען „Born Judas") זוכט צו פאַראייניקן די חסידישע וועלט־אויפפאַסונג מיט די יסודות פון ניטשעאַניזם. אויך דער זייער פרוכטבאַרער י ה ו ד ה ש ט יי נ ב ע ר ג געהערט אין אַ געוויסן פעריאָד פון זיין שאַפן צו דער „חסידישער שול". י ה ו א ש, איינער פון די באַגאַבטסטע יידישע פּאָעטן אין אַמעריקע, שליסט זיך אויך אָן צו דער נעאָ־ראָמאַנטישער ריכטונג. אויף וויפיל ער שטרעבט צו די אַלט-ביבלישע קוואַלן. דאַן קומען נאָך: ז. י. א נ כ י, דער מחבר פון אַן אינטערעסאַנטן ציקל פון חסידישן לעבן „ר' אבא" און פיל אַנדערע. פון דעם, דורך פרצן אָנגעוויזצגעם קוואַל פון יידישן פאָלקס-פרימיטיוו שעפן: דער שוין דערמאָנטער דראַמאַטורג פרץ הירשביין („פּוסטע קרעטשמע"), דער זייער פּאָפּולערער א ב ר ה ם ר יי ז ע ן, דער מייסטער פון האַרציק פאָלקסטימלעכן מאָטיוו אין דער יידישער ליריק, און אין אַ גרויסער מאָס אויך ש. אַ נ - ס ק י, דער שאַפער פון פאָלקסטימלעכע פּאָעמען („דער לייוועגטענער צדיק"), שפּעטער וועלט־באַרימט דורך זיין חסידיש־פאָלקסטימלעכער דראַמע „דער דבוק".

אין דער נעאָ-ראָמאַנטישער באַהאַנדלונג פונם יידישן קליינשטעטל צייכנט זיך אויס דער באַרימטער דיכטער ש ל ו ם אַ ש („דאָס שטעטל") וועמענס ווערק עס זענען איבערגעזעצט אויף אַ גאַנצער ריי שפּראַכן און וועלכער האָט באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור מיט ערשט-ראַנגיקע ווערטן אויף כמעט אַלע ליטעראַרישע געביטן. אויך דער טאַלאַנטירטער פּולבלוטיקער י. מ. וו יי ס ע נ ב ע ר ג געהערט צו די קלאַסישע שילדערער פונם יידישן שטעטל-לעבן.

אַ באַזונדערן אָרט, וואָס לאָזט זיך נישט אַריינפּרעסן אין די גרעניצן פון אַ סכעמע, פאַרנעמען: אין דער העברעיִשער פּאַעזיע —

**שאול טשערניכאָווסקי,** וועלכער פאַרהערלעכט דעם אַפּאָלינישן עלעמענט אין נאַטור און געשיכטע און גיט אין זיין שאַפונג אַ מעכטיקן דיכטערישן אויסדרוק זיין סטיכישן דראַנג נאָך ערד־לעבן און דעם פּראָטעסט קעגן דער יידישער גייסטיקער היפּערטראָפּיע; אין דער יידישער שאַפונג — נסתר, אין געוויסע הינזיכטן דער אידעאישער היפוך פון טשערניכאָווסקין, וועלכער רוקט אַרויס דאָס סימבאָליש־מיסטישע פונס יידישן גייסט און גיט אים אַ העכסט־ראַפינירטן פאָרם־אויסדרוק.

די וועלט־מלחמה און די שווערע איבערלעבונגען פון דעם מזרח־יידנטום בשעת די צייטן פון קריג און רעוואָלוציעס האָבן געלייגט זייער שטעמפּל אויף דער נייסטער ליטעראַטור (1914—1926). אַלס די כאַראַקטעריסטישסטע סמנים פון דער לעצטער תקופה קאָנען באַטראַכט ווערן די ערנסטע פּרוון גובר צו זיין דעם אינדיווידואַליזם און זיינע עקסטרעמע ריכטונגען דורך אוניווערסאַליטישן וועלט־באַנעם פון איין זייט און דורך אָרגאַנישער אויפפאַסונג פון דעם יידישן געשיכטלעכן לעבן — פון דער צווייטער זייט.

די אוניווערסאַליסטישע ליניע צייכנט זיך דער עיקרשט אָן אין דער רייך אויפגעבליטער נייער פּאָעזיע (ה. לייוויק, מאַרקיש, גרינבערג, אהרן צייטלין) און אין דער דראַמע: לייוויקס „גולם“, ביינוש שטיימאַנס מעסיאַניסטישע דראַמעס א. אַנד. אַ ספּעציעלן אָרט פאַרנעמט אין דער דאָזיקער ריכטונג די אַזויגערופענע „אוקראַינישע“ גרופּע: א. שוואַרצמאַן, ל. קוויטקאָ, ד. האָפשטיין א. אַנד.

ה. לייוויקס דראַמאַטישע פּאָעמע „דער גולם“, וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין דער יידישער ליטעראַטור, גיט אַ טיפזיניקע דיכטערישע אָפּשפּיגלונג פון די גרויסע וועלט־פּראָבלעמען פון דער איצטיקער צייט מיט אירע סאָציאַלע איבערקערענישן און גראַנדיעזע דערוואַרטונגען. עס דאַרף דערביי באַמערקט ווערן, אַז לייוויק, וועלכער געהערט צו די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע, האָט שוין פריער אין זיינע לידער פון סיביר און סיבירער קאַטאָרגע אַריינגעבראַכט דעם סאָציאַלן מאָמענט, וועלכער איז בכלל אָן אָפּטער און באַליבטער מאָטיוו אין דער נייער יידישער ליטעראַטור, וועמענס פאָרשטייער עס זענען באַזונדערס נאָענט צום האַרצן די פּראָבלעמען פון דעם איבערבוי פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמט אין דער מאָדערנער יידישער פּראָזע משה נאדיר, דער גייסטרייכער עסייאיסט און הומאָריסט.

דער דראַנג צום אָרגאַנישן באַנעמען דאָס יידישע לעבן פון הי־ 3

סטאָרישע פּערספּעקטיוון דריקט זיך אויס אין דעם אויפקום פון דעם היסטאָרישן ראָמאַן, וועלכער געפינט זיינע בעסטע פאַרטרעטער אין דעם אייביק־יונגן שלום אַש („קידוש השם", „כישוף־מאַכערין פון קאַסטיליען") און אין דעם אַלגעמיין אָנערקענטן דיכטער יוסף אָפּאַטאָשו, וועלכער גיט אונז אין די צוויי באַדייטנדיקסטע ראָמאַנען זיינע, „פּוילישע וועלדער" און „1863", די עפּאָפּעע פונם פּוילישן יידנטום.

ין די דרכים פון אינדיווידואַליסטישער שאַפונג גייען אַ ריי באַגאַבטע דיכטער, דערהויפּט די אַמעריקאַנער ליריקער: מאַני לייב, ז. לאַנדוי, מ. ל. האַלפּערן, א. לעיעלעס א. אַנד. ווי אויך די פּויליש־יידישע ליריקער: מ. קולבאַק, משה בראָדערזאָן, ישראל שטערן. זיי אַלע ברענגען אַריין מאָדערניסטישע פאָרמען אין דער יידישער פּאָעזיע.

ווייניקער אוניווערסאַליסטיש און מער אינדיווידואַליסטיש באַפאַרבט איז די מאָדערנע פאָרם־רייכע העברעישע דיכטונג, וועלכע ציילט איצט אין אירע רייען אַזעלכע טאַלענטירטע פאָרשטייער, ווי דוד שמעונוביץ, יעקב פיכמאַן, אביגדור המאירי, יצחק קצנלסון א. אנד. פון די יינגסטע דאַרפן דערמאָנט ווערן: א. שלונסקי, י. למדן א. אַנד.

אַ גאַנץ באַזונדערן אויפשוווּנג באַקומט די רעאַליסטישע און נאַטוראַליסטישע פּראָזע אין ביידע שפּראַכן. אין יידיש צייכענען זיך אויס אויף דעם געביט: דער פּאָפּולערער ראָמאַן־שרייבער ז. סעגאַלאָוויטש, וואָס איז אויך באַוווּסט אַלס אויטאָר פון צאַרטע און מעלאָדישע לידער און פּאָעמעס; די גרופּע נעאָ־נאַטוראַליסטן: עוזר וואַרשאַווסקי, י. י. זינגער, א. מ. פוקס, פּ. בימקאָ, ש. האָראָנטשיק, ווי אויך די נאָוועליסטן און ראָמאַניסטן: ברוך גלאַזמאַן, זשיטניצקי, קאַציזנע, י. פּערלע, ראַבאָי, איגנאַטאָוו א. אַנד.

אין דער איצטיקער העברעישער פּראָזע, וואָס איז, אויסער קליינע אויסנאַמען (ווי, למשל: ש. בן־ציון, דער אויסגעצייכנטער אידיליקער, וואָס געהערט צום עלטערן דור פּראָזאַיקער; ש. י. עגנון, דער גייסטרייכער סטיליזאַטאָר און ראָמאַנטיקער, און דער יינגער עקספּרעסיאָניסט ח. הזז), באַהערשט פון דעם רעאַליסטישן גייסט, צייכענען זיך אויס: די ראָמאַניסטן — אַ. שטיינמאַן, א. ראובני, ד. קמחי, י. בורלא, די נאָוועליסטן: אשר באַראַש, יעקב ראַבינאָוויטש א. אַנד. אַלס דורכאויס נייע דערשיינונג דאַרף באַצייכנט ווערן דער ראָמאַן פון מאָדערנעם יידישן לעבן אין ארץ־ישראל, וועלכער ווערט געשאַפן דורך

ווי אַ נאַטירלעכע באַגלייט-דערשיינונג פון דער אויפגעלעבטער און ברייט-פאַרצווייגטער ניי-יידישער און ניי-העברעישער ליטעראַטור אַנטשטייען נייע צווייגן פון דער יידישער פאָרשונג און אַ רייכע ליטעראַרישע קריטיק. אין דער לעצטער צייכענען זיך אויס: פון די עלטערע — דוד פרישמאַן, ראובן ברײנין, בעל-מחשבות, הלל צייטלין, פון די ייִנגערע — ש. ניגער, בעל-דמיון, ש. גאָרעליק, י. דאָברושין, ד"ר מ. ווייכערט א. אַנד. אויפן געביט פון יידישער עטנאָלאָגיע און העברעיש-יידישער פילאָלאָגיע צייכענען זיך אויס מיט זייער זאַמל-אַרבעט און וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג: בן-יהודה (וויסנשאַפטלעכער העברעישער ווערטערבוך), ש. אַנ-סקי (פאָלקלאָריסטישע זאַמלונגען), נח פרילוצקי (פאָלקלאָר און יידישע פילאָלאָגיע), זלמן רייזען (לעקסיקאָגראַפיע און פילאָלאָגיע), ד"ר ווײַנרייך (פילאָלאָגיע און ליטעראַטור-געשיכטע), ד"ר י. שיפער (טעאַטער-פאָרשונג און קולטור-געשיכטע), מ. עריק (ליטעראַטור-געשיכטע), ב. גאָרין (טעאַטער-געשיכטע), ל. קאָברין (דאַסזעלבע), א. אַנד.

---

פון דעם געגעבענעם איבערבליק איבער דעם אַנטוויקלונגס-גאַנג פון דער יידישער ליטעראַטור לאָזט זיך אַרויסזעען איר באַזונדערע פיזיאָגנאָמיע און איינהייטלעכער כאַראַקטער, וואָס איז סטימולירט דורך די אייגנטימלעכקייטן פון יידישן לעבן. די ליטעראַטור האָבן געשאַפן שריפטשטעלער, וועלכע האָבן תמיד געהאַט פאַר זייערע אויגן די נויטן און קאָנפליקטן פונם יידישן לעבן, און אַפילו דער אוניווערסאַליסטישער שטריך, וואָס מערקט זיך אין דער לעצטער תקופה, איז אויך פאַרוואָרצלט אין די אייגנאַרטיקע יידישע משיח- און גאולה-פאָרשטעלונגען.

אַרויסרוקנדיק דעם פרינציפ פון פערסאָנאַליטעט בנוגע דעם אָנגעמען די יידישע שרייבער אין דער שריפטשטעלערישער וועלט-משפחה, הילן מיר, אַז אונזער באַזונדערע פיזיאָגנאָמיע זאָל נישט פאַרווישט ווערן, נאָר קומען בולט און אָפן צום אויסדרוק.

מיר האָפן, אַז אונזערע גערעכטע פאָסטולאַטן וועלן אָנערקענט ווערן דורך די פאָרשטייערשאַפטן פונם פ. ע. נ.-פאַרבאַנד.

ליטעראַטן-קלוב ביים פאַריין פון יידישע
ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין וואַרשע

וואַרשע, מאַי 1926.

מיר רופן די דאָזיקע עטלעכע שורות „נאָטיצן פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע" פשוט דערפאַר ווייל מיר געפינען נישט קיין אַנדער וואָרט אויף דעם אָרט פון „רעדאַקציע". אין דער אמתן זענען מיר קיין רעדאַקציע נישט געווען און האָבן דאָס גאָר נישט געוואָלט זיין. די „וואַרשעווער שריפטן" זענען אַן אויסשטעלונג, וואָס איר זשורי האָט געוואָלט האָבן איין קריטעריום: טאַלענטפולע ליטעראַטור ביי אָנפאַנגער און פאַראַנטוואָרטלעכער גאָמען ביי עלטערע שרייבער. אָט דאָס איז געווען דאָס קריטעריום און דעריבער גיבן מיר איבער מיט אַ ריינעם געוויסן דאָס דאָזיקע טויזנטזייטיקע, קוואַנטיטאַטיוו גרעסטע, יידישע זאַמלבוך דער יידישער עפּעגטלעכקייט.

מיר האָבן זיך געמיט צו שאַפן אין די וואַרשעווער שריפטן אַ מין אַ נ ט אָ ל אָ ג י ע פון דעם לעצטן טאָג פון דער יודישער ליטעראַטור אין אייראָפּע. מיר האָבן איינגעלאַדן אַלע בעסטע יידישע שרייבער פון אייראָפּע. דער גרעסטער רוב האָט זיך אָפּגערופן, בלויז אייניקע, געציילטע האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָדער נישט געענטפערט. מיר האָבן, כמעט מיט אַ כיוון, נישט איינגעלאַדן אונזערע חברים, די יידישע שרייבער פון רוסלאַנד, ווייל זיי וואָלטן זיך סיי ווי סיי צוליב זייערע פּרינציפּיעלע טעמים נישט באַטייליקט, און די אייניקע, וואָס וואָלטן זיך אפשר יאָ אָפּגערופן וואָלטן נאָר בייגעטראָגן צו דער פאַרווירונג פון דעם

בילד פון דער יידישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד און גייסט צו זיין אויפקלערונג. אַן אויסנאַם האָבן מיר געמאַכט פאַר מנחם באָריישאַ צוליב דער פוילישקייט פון דער טעמע פון זיין ווערק און צוליב דעם, ווייל ער איז אין די חדשים פון צוזאַמענשטעלן די „וואַרשעווער שריפטן" געווען אונזער גאַסט.

י. י. זינגער האָט לעצטנס געאַרבעט אויף אַ גרויסן ראָמאַן. דעם דאָזיקן ראָמאַן האָט ער, צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים, ליידער נישט געקאָנט שטעלן צו אונזער דיספּאָזיציע.

באַטראַכטנדיק די „וואַרשעווער שריפטן" פאַר אַן אַנטאָלאָגיע, און וועלנדיק זי טעכניש צוזאַמענשטעלן אויף אַ מעכאַנישן אופן, האָבן מיר איינגעפונען דעם אלף־בית־סדר פאַר דעם פּאַסיקסטן.

די „וואַרשעווער שריפטן" האָבן זיך געקליבן, געזעצט און געדרוקט אַן ערך אַכט חדשים, און אין דער צייט זענען איינציקע זאַכן געוואָרן אויך אַנדערשוואו אָפּגעדרוקט. מיר האָבן דאָס נישט באַטראַכט פאַר אַ גענוגנדיקן גרונט די דאָזיקע זאַכן אין דער לעצטער רגע פון זאַמלבוך אַרויסצונעמען.

זעקס פון די געדרוקטע זאַכן זענען פראַגמענטן פון גרעסערע ווערק. דאָס זענען די זאַכן פון: אש, האָראָנטשיק, וואַרשאַווסקי, נאָמבערג, באָריישאַ, קאַציזנע.

דער „מעמאָריאַל צום קאָנגרעס פון די פּ. ע. נ.־קלובן", וואָס איז אָפּגעדרוקט צום שלוס פון די וואַרשעווער שריפטן איז, צוליב די באַוואוסטע וואַרשעווער געשעענישן פון מיטן מאַי 1926 נישט דערלאַנגט געוואָרן. ער וועט איבערגעגעבן ווערן דעם קאָנגרעס פון די פּ. ע. נ.־קלובן אין יאָר 1927. מיר געפינען פאַר נויטיק אָפּצודרוקן דעם דאָזיקן וויכטיקן דאָקומענט פון אונזער „ליטעראַטן־קלוב" ביים פאַריין פון די יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין וואַרשע אין דעם זאַמלבוך פון קלוב.

די „וואַרשעווער שריפטן" דערשיינען אַדאַנק דער מאַטעריעלער הילף פון ד. ד. ק. פאַר דער דאָזיקער הילף דאַנקען מיר, ביי

דער געלעגנהייט, דעם פֿאָרטרעטער פֿון ד. ד. ק. אין איראָפּע
הער ד ר. ב ע ר נ אַ ר ד ק אַ ה אַ ן אין בערלין.

מיר האָבן אַ טייל פֿון דעם געלט וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין אונזער רשות, אויסגעגעבן אויף תיכפּדיקער הילף פֿאַר נויט־ליידנדיקע חברים. דאָס איבעריקע איז פֿאַרנוצט געוואָרן אויף די דאָזיקע שריפֿטן. האָנאָראַר פֿאַר זייערע אַרבעטן האָבן נאָר יענע חברים גענומען, וואָס האָבן זיך געגויטיקט. אויף כמעט אַ העלפֿט פֿון די אַרבעטן, וואָס זענען אָפּגעדרוקט אין די „וואַרשעווער שריפֿטן" האָבן די מחברים אַליין מוותר געווען אויף זייער האָנאָראַר. אַלע די חברים דריקן מיר אויס אויף דעם אָרט אונזער דאַנק. זיי האָבן, אין אַ גרויסער מאָס, בייגעטראָגן דערצו, אַז אונזער בוך זאָל זיין אַזוי גרויס, ווי עס איז.

צום שלוס ווילן מיר זיך נאָך אַנטשולדיקן פֿאַר די מחברים און די לעזער פֿאַר אַ היפּשער צאָל דרוקגרייזן, וואָס האָט זיך, ליידער, אַריינגעכאַפּט אין אונזער זאַמלבוך. דאָס איז דערפֿאַר, ווייל מיר האָבן ביי אַלע אַרבעטן אַרום דעם בוך באַשעפֿטיקט אַרבעטסלאָזע חברים, וואָס זענען גראָד נישט די בעסטע קאָרעקטאָרן.

די וואַרשעווער שריפֿטן וועלן יערלעך ווערן פֿאָרגעזעצט אַלס שטענדיקע אויסגאַבע פֿון „ליטעראַטן־קלוב" ביים פֿאַריין פֿון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין וואַרשע.

**די רעדאַקציע־קאָלעגיע**

וואַרשע, דעם 15־טן דעצעמבער 1926